# צווישען רוים און ירושלים

## היסטאָרישער ראָמאַן

פון דער צייט פון חורבן פון דעם צווייטען בית המקדש.

פון שאול ספיר

מחבר פון „דער קאליף פון קאָרדאָווא“.



# Between Rome and Jerusalem

## HISTORICAL ROMANCE

*By* SAUL SAPHIRE

*Author of The Caliph of Cordova*

77 Bowery

New York

1929.

ערשטער קאַפּיטעל

# אָהן אַ נאָז

אין דער גרויסאַרטיגער וואוינונג פון דעם רייכען יוליוס ווערנוס, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ בערגעל אין דער שטאָדט גמזו, נישט ווייט פון ירושלים, איז פאָרגעקומען אַ גרויסע שמחה. מען האָט געפייערט אַ גלענצינדען וועג פון טיטוס'ן, דעם רוימישען קעניג, איבער נאָך אַ קליין לאַנד אין מזרח.

וואָס איז אייגענטליך געווען די שמחה פון דעם רייכען אידען פון גמזו, אַז טיטוס האָט געזיעגט? האָט נישט דער זעלבער טיטוס חרוב געמאַכט ירושלים און פאַרברענט דעם בית המקדש?... האָט נישט דער זעלבער טיטוס אויסגע־הרג'עט הונדערטע טויזענדע פון זיינע ברידער, און טויזענדער געפאַנגענע האָט ער פאַר שקלאַפען פאַרקויפט, און די געזונטע, שעהנע יונגען פון יהודה האָט ער דען נישט איבערגעלאָזט צו ראַנגלען זיך מיט די ווילדע חיות אין די רוימישע צירקען?

אָבער אויב שוין יאָ פרעגען, טו פאַר וואָס האָט דער רייכער יונתן בן אבים איבערגעביטען זיין נאָמען אויף יוליוס ווערנוס? איז דען זיין אידישער נאָמען יונתן נישט אַזוי שעהן ווי יוליוס? אין נישט זיין זוהן'ס נאָמען עמאַנועל אַזוי קלינגענד ווי מאַנילוס? און זיינע שעהנע רייצענדע טאָכטער'ס נאָמען אסתר, איז דען נישט שעהנער פון אקטאוויא?

יוליוס ווערנוס האָט אָבער וועגען דעם אפילו נישט געטראַכט. ווי שנעל די מרידה געגען די רוימער האָט זיך אָנגעפאַנגען אין ירושלים, האָט ער, ווי פיעלע אַנדערע רייכע לייט, זיך אַרויסגעקליבען פון דאָרטען און זיך בעזעצט אין גמזו. דעם קאַמף מיט די רוימער האָבען געפיהרט די אָרימסטע קלאַסען פון פאָלק, די קנאים (זעלאָטען). די רייכע זיינען געווען פאַר פריעדען מיט רוים; זיי האָבען דעם רוימישען יאָך נישט אַזוי שטאַרק געפיהלט און כאָטש פיעלע רייכע וועלכע האָבען בעלאַנגט צו די פריעדליכע פאַרטיי, זיינען אויסען געווען די טובה פון

זייער פאָלק, ווייל זיי האָבען איינגעזעהן אַז אַ קאַמף געגען די מעכטיגע רוימער וועט רואינירען דאָס גאַנצע אידישע פאָלק אין לאַנד, איז אָבער דער רייכער יוליוס ווערנוס נישט געווען פון די לעצטע. ער איז געווען אַ שטאַרקער אָנהענגער פון די רוימער. זיין הויז איז געווען לויט דעם רוימישען סטיל. זיינע צוויי קינדער, מאנילוס און אקטאוויא, האָט ער געגעבען אַ רוימישע ערציהונג. דאַריבער איז זיין געגנערשאַפט צו דער מרידה געווען זעהר שאַרף און בולט. און ווען ער האָט איינגעזעהען אַז דער אויפשטאַנד האַלט זיך אין צופלאַקערען, האָט ער פאַרקויפט זיינע גיטער פון ירושלים און זיך איבערגעקליבען מיט זיין גאַנצע פאַמיליע אין גמזו. ער האָט אַהין אויך מיטגענומען אַלע זייני קנעכט און דינסטען, זיינע שאָף און רינדער, און איבערגעלאָזען ירושלים מיט איהרע נאַכוועהענישען און צרות הינטער זיך.

יוליוס ווערנוס איז נאָך רייכער געוואָרען אין דער שטאָדט גמזו, ווייל דער רוימישער פערוואַלטער פון גמזו, סעיאַנוס בורוס, האָט איהם בעשטימט אַלס געלד־זאַמלער, אויפצומאָהנען די שטייערען פון די אידישע באַפעלקערונג פון דער שטאָדט.

דיזע אַרבייט האָט יוליוס ווערנוס געטאָהן מיט גרויס איבערגעבענהייט און פינקטליכקייט. ער האָט נישט דורכגעלאָזען קיין איינציגען אידען, ביי וועמען ער האָט נישט אוויפגעמאָהנט דאָס שטייער. און וואו ער האָט געהאַט שוועריגקייטען האָט ער זיך בענוצט מיט די רוימישע סאָלדאַטען, וואָס דער פערוואַלטער האָט איהם מיטגעגעבען...

פינף יאָהר זיינען פאַראיבער זינט טיטוס האָט חרוב געמאַכט ירושלים און פאַרברענט דעם בית המקדש. די אידישע העלדישע מלוכה איז אין גאַנצען אונטערגעגאַנגען. דאָס גאַנצע לאַנד יהודה איז ערקלעהרט געוואָרען אַלס אַ רוימישע פראָווינץ, וואו די רוימער האָבען געטהאָן וואָס זיי האָבען נאָר געוואָלט... דער זיעגרייכער טיטוס האָט דאָס שווערסטע אַריבערגעקומען ; יעצט האָט ער געקענט פיהרען זיינע מלחמות מיט די אַנדערע לענדער אונגעשטערט.

און אָט איז אָנגעקומען אַ ידיעה אין גמזו, אַז טיטוס האָט געהאַט אַ גלענצענדען זיעג איבער זיין שונא. יוליוס ווערנוס האָט בעשלאָסען צו פייערען דעם זיעג פון רוים; ער האָט געמאַכט אַ גרויסען מאָלצייט און איינגעלאַדען פיעלע רוימישע אַריסטאָקראַטען. צווישען די געסט איז אויך געווען דער רומישער פערוואַלטער פון גמזו, סעיאַנוס בורוס מיט זיינע אָפיצירען און בעאַמטע.

די שמחה איז געווען אין פולען גאַנג. האַלב נאַקעטע אידישע או רוימישע מיידלעך האָבען געטאַנצט און געזונגען.

ביים טיש האָבען זיך געזעצט די גאָר געהויבענע רוימישע געסט, און די צעהנע אָקטאוויא האָט זיי באַדיענט.

סעיאַנוס בורוס האָט פון איהר זיינע אויגען נישט אַרונטערגעלאָזען... ער האָט בעטראַכט יעדע באַוועגונג וואָס זי האָט געמאַכט, און ער איז ענטציגט געוואָרען פון איהר שעהנקייט.

— דו ווייסט, — האָט ער זיך שטילערהייד אָפגערופען צום אָפיציער, וועלכער איז געזעסען ביי זיין רעכטער האַנד, — אַז זעלטען קען מען זעהן אַזאַ וואונדערבאַרע שעהנע מיידעל צווישען די רוימישע מיידלעך...

— יא, יא, — האָט דער אָפיציער צוגעגעבען, — איך האָב געקויפט צוויי געפאַנגענע אידישע מיידלעך פאַר דיענסטען, זיינען זיי געווען זעלטענע שעהנ־הייטען... מיין פרוי איז אָבער געווען זעהר אייפערזיכטיג, און זי האָט די אידישע דינסטען אַזוי פיעל געפּייניגט אַז איינע איז געשטאָרבען אין זעהר אַ קורצער צייט און די צווייטע איז שטאַרק קראַנק געוואָרען...

— איך וואָלט שוין אַזאַ נאַר נישט געווען, — האָט סעיאַנוס געלאַכט, — איך וואָלט אַזעלכע שעהנע מיידלעך מיטגענומען מיט זיך און נישט איבערגע־לאָזען פאַר דער ווייב...

— ווען דו, מיין האַר, וואָלסט האָבען אַזאַ ווייב ווי מיינע וואָלסטו אויך געווען הילפלאָז ווי איך, — האָט דער אָפיציער אומעטיג געזאָגט, — אָבער דאָ אין גמזו האָב איך זיך באַקענט מיט אַ זעהר שעהנע אידישע מיידעל, וויל זיך אָבער יענע אויף מיר נישט אומקוקען...

אונטער וועלכע אומשטענדען האָסטו זיך מיט איהר באַקענט?

— יוליוס ווערנוס האָט מיר מיטגענומען איך זאָל איהם מיטהעלפען זאַמלען דעם האַלבען שקל קאָפּ־שטייער פון די אידען, ווייל אייניגע האָבען נישט געוואָלט צאָהלען און איך האָב געמוזט ציהען מיין שווערד איידער מיר האָבען פון זיי דעם שטייער אַרויסגעקראָגען. צוריק־וועגס רופט זיך אָפּ צו מיר יוליוס, אַז ער וועט נאָך אַריינגעהען אויפמאָהנען דעם שטייער ביי דעם ריכסטען אידען פון שטאָדט, כלבא שבוע. איך האָב איהם געזאָגט, דאָס איך וויל מיטגעהן, האָט ער מיר געזאָגט, אַז דאָרטען זיינען קיין צוואַנגס מיטלען נים נויטיג, — פונדעסטווע־גען, — האָב איך איהם געזאָגט, — וויל איך מיט דיר מיטגעהן. ווען מיר זיינען צוגעקומען צו זיין פּאַלאַץ איז אויף דעם באַלקאָן אַרויס אַ וואונדערבאַרע שעהנע מיידעל און געפרעגט וואָס מיר פערלאַנגען.

— מיר זיינען געקומען אויפמאָהנען דעם האַלבען שקל קאָפּ־שטייער, — האָט יוליוס געזאָגט.

מיין פאָטער שלאָפט יעצט, — האָט די שעהנהייט געזאָגט, — אָבער וואַרט דאָ צו אַ וויילע און איך וועל גלייך אַרונטערטראָגען דעם גאַנצען שטייער צו אייך.

מיר האָבען געוואַרט. איך בין געווען אַזוי בעצויבערט פון איהר שעהנקייט אַז איך האָב גאָרנישט באַמערקט ווי זי האָט זיך דערנעהענטערט צו אונז. איהר פּנים איז געווען פערהילט מיט אַ שלייער.

— מיר האָבען הונדערט מיט צעהן בעדיענטע, צוזאַמען מיט די פאַסטו־כער, און איך און מיין פאָטער. דעריבער האָב איך דיר געבראַכט הונדערט מיט צוועלף שקלים קאָפּ־שטייער פאַר אונז אַלעמען.

— פאַר הונדערט מיט צוועלף מענשען, אַ האַלבען שקל פון אַ מענשען קומט דאָך אויס זעקס־און־פופציג שקלים, — האָב איך זיך אַריינגעמישט.

— מיר צאָהלען נים קיין האַלבען שקל, — האָט זי געענטפערט, — מיר צאָהלען אַ גאַנצען שקל. און איידער איך האָב געהאַט די געלעגענהייט מיט איהר אויסצוריידען אַ וואָרט איז זי פאַרשוואונדען געוואָרען.

— און דאָס הייסט ביי דיר זיך באַקענען, — האָט זיך סעיאַנוס בורוס אָפּגערופען.

דער אָפיציער האָט ארונטערגעלאָזען זיין קאָפּ און געשוויגען. ווייל צו זיי איז צוגעגאנגען יוליוס ווערנוס.

— נו, מיין ליעבער גאַסט, — האָט ער זיך אָפּגערופען צו סעיאנוס'ען, — האָסטו שוין פּערזוכט דעם גאָר אַלטען וויין? ניין? אויב אַזוי מוזטו איהם פּערזוכען. אקטאוויע, ברייננג דעם גאַנץ אַלטען וויין פאַר אונזער ליעבען גאַסט.

אקטאוויע איז אוועק ברייננגען דעם וויין און סעיאנוס האָט זיך צו איהם אָפּגערופען:

— זאָג מיר, יוליוס, פאַר וואָס צאָהלט דיר דער רייכער כלבא שבוע אַ גאַנצען שקל קאָפּ־שטייער אנשטאט אַ האַלבען.

— איך האָב זיך אַליין געוואונדערט, — האָט יוליוס געזאָגט, — יעדען מאָל ווען איך קום אויפמאַהנען ביי זיי דעם שטייער גיבען זיי מיר אַ גאַנצען שקל. איך האָב זיי געזאָגט, אַז זיי דאַרפען מעהר ווי אַ האַלבען שקל ניט צאָהלען, אָבער זיי האָבען דערפון נישט געוואָלט הערען, און מיר געצאָהלט אַ גאַנצען שקל קאָפּ־שטייער. יעצט אָבער פאַרשטעה איך די אורזאַכע, — האָט זיך יוליוס פאַנאַנדערגעלאַכט, — איידער דער בית המקדש איז פאַרברענט געוואָרען אין ירושלים, פלעגען אַלע אידען שיקען אַ האַלבען שקל קאָפּ־שטייער פאַר'ן בית המקדש... און דער רייכער כלבא שבוע, וועלכער טרויערט עד היום נאָכ'ן בית המקדש, וויל נישט עס זאָל אויסקומען דאָס ער צאָהלט דעם זעלבען האַלבען שקל פאַר דעם טעמפּעל פון יופּיטער אין רוים.

דערווייל האָט אקטאוויע געבראַכט דעם אַלטען וויין. זי האָט אַליין אָנגעגאָ־סען פאַר סעיאנוס'ן דעם וויין אין אַ גאָלדענעם בעכער און איהם דערלאַנגט.

סעיאנוס האָט אקטאוויאַ'ן אָנגענומען פאַר'ן האַנד און געזאָגט:

— שעהנע ליעבענסווירדיגע מיידעל, לאָמיר ביידע טרינקען פאַר'ן געזונד פון אונזער קעניג טיטוס!

ער האָט פאַר איהר אָנגעגאָסען אַ בעכער וויין און איהר דערלאַנגט. ער האָט זיך אוועקגעשטעלט, האָט זיין בעכער אָנגעריהרט אָן איהרען און אויסגערופען:

— פאַר'ן געזונד פון אונזער קעניג טיטוס!

אַלע געסט וועלכע זיינען געזעסען ארום טיש האָבען זיך באַלד אויפגע־שטעלט און אויסגעשריען:

„לאַנג לעבען זאָל אונזער גוטער קעניג טיטוס“.

סעיאנוס האָט אויסגעטרונקען דעם גאַנצען בעכער וויין, און אקטאוויא האָט דעם וויין צוגעריהרט צו איהרע ליפען און אוועקגעשטעלט דעם בעכער אויף דעם טיש.

יעצט האָט סעיאנוס זיך ווידער אויפגעשטעלט און געזאָגט:

— לאָמיר טרינקען פאַר דעם רוימישען גאָט, יופּיטער!

— איין ווייל'ע, — האָט יוליוס ווערנוס אונטערבראָכען, — איך האָב אָנ־געגרייט אַ גרויסע איבערראַשונג פאַר מיינע רוימישע געסט. דאַריבער וואָלט איך וועלען איהר זאָלט זיך אָפּהאַלטען פון צו טרינקען פאַר דעם רוימישען גאָט יופּיטער, ביז וואַנען איך וועל אייך די איבערראַשונג צייגען...

— גוט! — האָט סעיאנוס בורום צוריקגעשטעלט דעם בעכער וויין, — איך בין זעהר אונגעדולדיג דיין איבערראַשונג צו זעהן.

— איך וועל פריהער אלעס צוגרייטען, און אין א קורצע ווײלע וועל איך פארטיג ווערען, — האט יוליוס געזאגט מיט א שמייכעל.

יוליוס ווערנוס האט זיך געפיהלט זעהר גליקליך. ער וועט באלד קענען איבערצייגען אלע רוימער ווי איבערגעבען און לאיאל ער איז זיי. ער האט אויף דעם טאג לאנג געווארט... ער האט באשטעלט א גריכישען בילד־שניצער (סקולפ־טור (ער זאל פאר איהם מאכען דעם רוימישען אפגאט יופיטער... פיעלע מאנאטען האט דער גריכישער קינסטלער איבער דעם געארבייט. צוואנציג טויזענד שקלים האט ער דעם גריך פאר דעם בעצאהלט. אבער יוליוס איז געווען זעהר צופריעדען, ווייל דער אפגאט יופיטער איז געווען זעהר גוט געמאכט. ער איז געווען זיכער, אז קיין רוימער אין ארץ ישראל האט נישט אזא שעהנעם „יופיטער" ווי ער.. ווי נאר דער גריך איז פארטיג געווארען מיט זיין ארבייט, האט יוליוס געוואלט מאכען א יום טוב און איינלאדען די רוימער צו פייערען די שמחה לכבוד זייער גאט וואס ער האט די עהרע אריינצושטעלען ביי זיך אין הויז. יעצט אבער אז עס האט זיך געמאכט טיטוס'עס זיעג, וועט די שמחה זיין א דאפעלטע און ער וועט זיי קענען מעהר איבערראשען...

יוליוס האט די סטאטוע יופיטער אוועקגעשטעלט אין א בעזונדערען גרויסען צימער. ער האט בעוואונדערט די גרויסע קונסט וואס דער גריכישער קינסטלער האט אין דעם אריינגעטהאן. ער האט באמערקט די אויגען, דעם געטאקטען נאז, די מויל, אלעס לעבט... אלעס איז נאטירליך... א צופריעדענער שמייכעל האט זיך בעוויזען אויף זיינע ליפען... וואס וועלען די רוימער זאגען ווען זיי וועלען עס ביי איהם דערזעהען ?! סעיאנוס בורס וועט ווערען נאך מעהר פריינדליכער צו איהם. און ווען ער וועט מיט זיינע קינדער אפפאהרען נאך רוים וועט מען איהם דארטען זעהר פיין אויפנעהמען... ער האט די סטאטוע באדעקט מיט א זיידענע דעקע.

עטליכע טעג פאר די פייערונג האט ער צוזאמענגערופען אלע זיינע קנעכט און דינסטען און האט מיט זיי איינגעשטודירט אלע צערעמאניעס וואס עס האט געזאלט פארקומען ביים אויפדעקען די סטאטוע בעפאר די רוימישע געסט. ער האט יעדען געגעבען א ליכט אין האנד און זיי אנגעזאגט:

„בעת די צערעמאניע וועט פארקומען, זאלט איהר אנצינדען די ליכט איינער פון צווייטען, און זיך שטעלען אויף די קניע, און ווען איך וועל ארונטערנעהמען די דעקע זאלט איהר אויסשרייען: „הייליג איז יופיטער, דער גאט פון די רוימער!"

מאנילוס און אקטאוויא האבען נאכהער געזאלט ברייגנען א קליינע יונגע לעמעלע פאר א קרבן צו יופיטער.

יוליוס איז אריין אין א צווייטען צימער וואו זיינע קנעכט און דינסטען האבען געווארט. זיי זיינען געווען אנגעטאן אין ספעציעלע קליידער פאר דער פייערונג.

— זייט איהר אלע גרייט פאר די הערליכע פייערונג, — האט יוליוס מיט א באפעהלענדע שטימע געפרעגט:

— יא, אונזער האר, — האבען זיך די קנעכט און דינסטען פארנייגט.

— קיינער פעהלט נישט פון מיינע קנעכט, — האט ער ווידער א פרעג געטהאן.

— עקיבא דער פאסטוך פעהלט, — האט איינער פון די קנעכט געזאגט.

— וואו איז ער דאס ? ! פאר וואס איז ער נישט געקומען ? ! — איז יוליוס אין כעס געווארען.

— ער האט מיר געזאגט, — האט דער קנעכט זיך אפגערופען, — אז דעם היינטיגען טאג איז געווען בעשטימט פאר שערען די וואל פון די שפעסען און דאריבער וועט ער נישט קענען קומען צו דער פייערונג...

— ווי דום און אונוויסענד ער איז, — האט יוליוס א זאג געטאן, — האט ער דען נישט געקענט אפלייגען דאס שערען פון די וואל אויף א צווייטען טאג ? אבער גוט ! איהר אלע וועט קריגען א שעהנעם מאלצייט און מתנות און עקיבא וועט גארנישט קריגען צוליעב זיין נארישקייט !.. יעצט נעהמט די ליכט.

— האט ער א קאמאנדעווע געטהאן, — און שטעלט זיך אוים אין א רייהע.

ער האט אויפגעעפענט די טיהרען, די מוזיק האט אנגעפאנגען שפיעלען א רוימישען מארש. די געסט האבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע פלעצער און נאכגעגאנגען די שפיעלער.

די דינסטען און קנעכט האבען ארומגערינגעלט די צוגערעקטע סטאטוע... דער עלטסטער פון די קנעכט האט מיט זיין ברענענדע ליכט אנגעצונדען די ליכט פון זיין שכן ; דער שכן — דעם צווייטען, און אזוי ביז אלעמענס ליכט האט געברענט...

אלע האבען זיך געשטעלט אויף זייערע קניע, האלטענדיג אויסגעשטרעקט די ברענענדע ליכט.

מאנילוס און זיין שוועסטער אקטאוויא האבען צוגעטראגען די קליינע יונגע לעמעלע..

א שטאלצער איז יוליוס ווערנער צוגעגאנגען צו דער סטאטוע, דעם רוימישען אפגאט יופיטער. ער האט א ציה געטהאן מיט א שטריקעל און די זיידענע דעקע האט זיך אויפגעעפענט...

— „הייליג איז יופיטער, דער גאט פון די רוימער !" — האבען אלע קנעכט אויסגעשריען און זיך געבוקט מיט'ן פנים צו דער ערד...

— וואס ! ? — האט סעיאנוס בורוס א געשריי געטהאן, — דו פארפלוכטער איד, דו וועסט אפלאכען פון אונזער גאט ? !... ער האט ארויסגעצויגען זיין שווערד און האט זיך פערמאסטען אויף יוליוס ווערנוס..

א טויט־בלאסער האט יוליוס אפגעשפרונגען אויף צוריק... ער האט נישט פארשטאנען פאר וואס דער פארוולטער פון גמזו איז פלוצלונג אזוי אויפגע־רעגט געווארען...

— ווי וואגסטו אפצושפאטען פון דעם רוימישען גאט ? ! — האט סעיאנוס אויף איהם געשטורעמט, — א פיינע איבערראשונג האסטו פאר אונז אנגעגרייט, דו אומווירדיגער איד, איך וועל דיין קערפער אויף פאסען צושניידען ! !...

אקטאוויא און מאנילוס האבען דאס לעמעלע אויף דער ערד ארונטער־געווארפען און זיינען צוגעלאפען צו זייער, אויף טויט־דערשראקענעם, פאטער.

— מיין גוטער האר, — האט אקטאוויא זיך ביי איהם גענומען בעטען, פאלענדיג אויף איהרע קניע, — ערבארם זיך דאך איבער מיין פאטער !.. ער איז אומשולדיג, אן אומגליקליכע סיבה האט דא פאסירט.

דאָן האָט יוליוס ווערנוס לאַנגזאַם אומגעדרעהט זיין קאָפּ צו דעם אָפּגעדעקטען יופּיטער, און האָט אַרויסגעשריען:

— אוי, אַן אומגליק האָט דאָ פּאַסירט...

דער נאָז פון דער שעהנער גרויסער סטאַטוע, יופּיטער, איז געווען אָפּגעהאַקט. און אָהן דעם נאָז האָט דער רוימישער אָפּגאָט אויסגעקוקט ווי אַ מין פּאַרזעהעניש...

— ווער האָט אָפּגעהאַקט יופּיטער'ס נאָז? — האָט יוליוס אַ געשריי געטהאָן אויף זיינע דינסטען און קנעכט.

אַ שרעק איז אויף אַלעמען אָנגעפאַלען, יעדער איינער האָט געציטערט... אַ טויט שטילקייט האָט אויף אַ ווײַלע אין צימער געהערשט.

די רוימער האָבען זיך איינער דעם אַנדערען אָנגעקוקט ערשטוינט.

אקטאַוויא איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויף די קניע און איהרע אויגען האָבען געבעטען רחמים ביי דעם אויפגערעגטען סעיאַנוס בורוס...

— מיין גנעדיגער האַר, — האָט יוליוס זיך אָפּגערופען מיט אַ ציטערענדע שטימע, — איך זעה, אַז אַ שונא פון רוים געפינט זיך אין מיין הויז, און דער שונא האָט דיזע שרעקליכע זאַך אָפּגעטהאָן. איך פאַרשפּרעך דיר, מיין ליעבער האַר, צו מאַכען וועגען דעם אַ שטרענגע אויספאָרשונג, און דער שולדיגער וועט בעקומען זיין פאַרדיענטע שטראָף.

סעיאַנוס האָט דעם שווערד צוריק אַריינגעלייגט אין דער שייד, און האָט גענומען אקטאַוויאַ'ן פאַר'ן האַנד און איהר געהאָלפען זיך אויף די פיס צו שטעלען.

— איך נעהם אָן דיין ענטשולדיגונג, — האָט ער געזאָגט צו יוליוס'ן, — אָבער אין גאַנצען מוחל בין איך דיר נישט. שולדיג ביזטו אין דעם וואָס דו האָסט פערנאַכלעסיגט אָבצוהיטען רוים'ס הייליגקייט... ווען דער רוימישער גאָט געפינט זיך ביי דיר אין הויז האָסטו געדאַרפט גוט אַכטונג געבען אַז אַ שונא פון רוים זאָל אַהין קיין צוטריט נישט האָבען. דעריבער מוז איך דיר בעשטראָפען דערמיט אַז דו זאָלסט אַוועקשיקען אַזוי פיעל שקלים פאַר'ן טעמפּעל יופּיטער קאַפּיטאַליום פון רוים, וויפיעל דו האָסט געצאָהלט דעם גריך פאַר'ן אויסשניצען דעם רוימישען גאָט...

— איך האָב פאַר דעם צוואַנציג טויזענד שקלים בעצאָהלט, — האָט יוליוס אַן אומעטיגער געזאָגט, — אָבער אויב דאָס איז דיין באַפעהל, מיין ווירדיגער האַר, וועל איך דיר פאָלגען, און איך שווער ביי יופּיטער, אַז איך וועל דעם רוימישען שונא נאָך אַ האַרבערע שטראָף געבען.

ער איז אַריין אין זיין שאַץ-קאַמער און אָפּגעצעהלט צוואַנציג טויזענד שקלים, און עס איבערגעגעבען סעיאַנוס בורסו'ן, ער זאָל עס אָפּשיקען קיין רוים פאַר'ן טעמפּעל יופּיטער קאַפּיטאַליום.

סעיאַנוס האָט גענומען דאָס געלד און מיט די איבעריגע רוימישע געסט האָט ער פאַרלאָזען דאָס הויז...

יוליוס ווערנוס איז אַ ווײַלע געשטאַנען אַ טרויעריגער מיט אַן אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ... זיין גרויסאַרטיגע שמחה איז איהם פאַרשטערט געוואָרען, צוואַנציג טויזענד שקלים האָט ער פאַרלאָרען און דערצו האָט ער אָנגעוואוירען זיין חן אין די אויגען פון דעם פאַרוואַלטער פון גמזו...

ער האָט זיך אָבער באַלד אויסגעגלייכט און זיך נאָך אַמאָל געווענדעט צו זיינע בעדיענטע:

— ווייס איינער פון אייך, ווער עס האָט דיזע אומווירדיגע טהאַט געטהאָן?! אַלע האָבען געשוויגען.

— דאָס איז אָפּגעטהאָן געוואָרען פון אימיצען, וועלכער איז אין הויז, — האָט יוליוס געזאָגט צו זיין זוהן און טאָכטער, — ווייל לעצטע נאַכט ווען איך האָב איינגעשטודירט מיט די קנעכט און דינסטען, וועלכע נעכטינען נישט אין מיין הויז, האָב איך, נאָכדעם ווען זיי זיינען אַלע אוועק, בעטראַכט דעם יופּיטער און ער איז געווען גאַנץ, גאַרנישט געריהרט...

— פאָטער, — האָט מאַנילוס זיך אָפּגערופען, — איז דער פּאַסטוך וועלכער האָט היינט פאַרפעהלט צו קומען, אויך געווען נעכטען ביינאַכט ביים איינשטודירען.

— מיר דאַכט זיך אַז יאָ.

— איז עקיבא דער פּאַסטוך געווען נעכטען מיט אייך? — האָט זיך יוליוס געווענדעט צו זיינע קנעכט.

— ער איז געווען מיט אונז, — האָבען אַלע געענטפערט.

— איז ער אויך אוועקגעגאַנגען מיט אייך נאָכ׳ן איינשטודירען?

— יאָ, — איז געווען דער ענטפער.

— מיט וועמען שלאָפט עקיבא, — האָט יוליוס ווייטער געפרעגט.

— מיט מיר אין איין שטאַל, — האָט אַ יונגער פּאַסטוך געענטפערט.

— איז ער מיט דיר באַלד נאָך דעם איינשטודירען אוועק שלאָפען? — האָט איהם יוליוס געפרעגט.

— יאָ, מיין האַר, — האָט זיך דער פּאַסטוך פאַרנייגט.

— עס איז ווי איך האָב געזאָגט, מיין זוהן, — האָט זיך דער פאָטער צו איהם אָפּגערופען, — עס איז אַ הויזיגע אַרבייט. דער רוימישער אָפּגאָט איז געווען גאַנץ נאָכדעם ווי אַלע זיינען אוועקגעגאַנגען. די טיהרען פון הויז זיינען פאַרשלאָסען. היינט איז קיינער פון זיי נישט אריין אהין אַליין אָהן מיר. ניין, זיי זיינען אַלע אומשולדיג, — האָט יוליוס בעשלאָסען, און זיך אָפּגערופען:

— איך זעה איין אַז איהר אַלע זייט אומשולדיג, איהר קענט יעצט געהן.

אַלע בעדיענטע זיינען אַרויס פון הויז צופריעדענע וואָס פון זיי איז דער חשד אַרונטער, אָבער ענטוישטע און הונגעריגע, ווייל מען האָט זיי דעם פאַרשפּראָכענעם מאָלצייט נישט געגעבען, און די מתנות האָבען זיי אויך נישט געקראָגען. אין זייערע הערצער האָבען זיי געשאָלטען דעם, וואָס האָט עס אַלעס פאַראורזאַכט.

— יעצט דאַרף מען אויספאָרשען ווער פון די הויזיגע דיענער האָט עס געטהאָן, — האָט יוליוס ווערנוס געזאָגט, — לאָמיר זעהן! די צוויי דיענער זיינען דאָך רוימער, האָבען זיי דאָך געוויס נישט געהטאָן. דער רוימישער ערציהער וועט דאָך אוודאי אַזא זאַך נישט טהאָן, יעצט פון די דריי דינסטען, זיינען צוויי פון זיי שומרונות און מען קען זיי נישט חושד זיין זיי זאָלען האָבען עפּעס צו טהאָן דאָמיט... בלייבט איבער די איינציגע אידישע דיענסט, נחמה, פון איהר וועט מען מוזען דעם אמת אַרויסקריגען...

באלד האָט מען אריינגערופען די אידישע דיענסט, און יוליוס האָט איהר גענומען אויספאָרשען:

— זאָג מיר, נחמה, פאַרלייקען גאַרנישט פון מיר, האָסטו דאָס אָפּגעהאַקט דעם נאָז פון יופּיטער? אַז דו וועסט זיך מודה זיין וועט מען דיר גאָרנישט טהאָן.

נחמה האָט איהם אָנגעקוקט ערשטוינט:

— ניין, מיין האר, ווי קום איך צו טהאָן אַזא זאַך! דיין דיענסט האָט דאָך גאָר קיין צושריט נישט צו יענעם צימער.

—ביזטו אין יענעם צימער נאָך קיינמאָל נישט געווען, א חוץ היינט ביי דער צערעמאָניע?

— קיינמאָל נישט, מיין האר, און אפילו היינט האָב איך נאָר פון וויטען אריינגעקוקט אהין, אָבער אין צימער בין איך נישט אריין.

— קום נאָר אהער נעהענטער, — האָט יוליוס איהר באפוילען, — שטעל זיך אוועק אָט דאָ!

א צושראָקענע און בלאסע האָט זיך נחמה אוועקגעשטעלט נעבען דעם אָפּגאָט יופּיטער.

— הויב אויף דיין האנד אזוי הויך ווי מעגליך.

נחמה האָט אזוי געטהאָן: זי האָט זיך אוועקגעשטעלט אויף איהרע שפּיץ פינגער און אויפגעהויבען איהר האנד וואָס האָט נאָר דערגרייכט ביז די שול־טערען פון יופּיטער.

— העכער קענסטו נישט דערגרייכען?

נחמה האָט אויסגעצויגען איהר האנד מיט איהר גאנצען כח, אָבער מעהר ווי ביז די שולטערען האָט זי נישט דערגרייכט.

— יעצט קענסטו געהן, — האָט איהר יוליוס געזאָגט.

די אידישע דינסט איז ארויסגעגאנגען פון צימער מיט א פאַרקלעמטען הארץ...

— זי איז אויך אומשולדיג, — האָט יוליוס ערקלעהרט זיינע קינדער, — זי האָט עס נישט געקענט דערגרייכען מיט איהרע הענד, און אויף וואָס ארויפ־צוקלעטערען איז אין דיזען צימער ניטאָ. דאָס מוז זיין די ארבייט פון א הויכען און געזונטען פּערזאָן, וועלכער האָט מיט עפּעס אָפּגעהאַקט יופּיטערס נאָז.

— ווער האָט אָבער דאָס פאַרט געטהאָן?

— פאָטער, — האָט זיך אָפּגערופען זיין טאָכטער אקטאַוויא, — ווען מיר זיינען געווען אין ירושלים איידער טיטוס האָט בעלאַגערט די שטאָדט, האָט מיר מיינע א חבר'טע דערצעהלט, אַז זי האָט געלערנט ביי איהר רבי'ן די געשיכטע פון אידישע מלחמות מיט די פלישתים, וואו עס איז פאַרגעקומען אזא סיבה וי ביי אונז... זי האָט מיר דערצעהלט, אַז ווען די פּלישתים האָבען געפאַנגען דעם הייליגען ארון פון די אידען און עס אוועקגעשטעלט אין זעלבען צימער מיט זייער אָפּגאָט דגון, האָבען זיי אויף מאָרגען געפונען זייער אָפּגאָט מיט אַן אָפּגע־האַקטען קאָפּ!... און דאָס האָט דער גאָט פון ישראל געטהאָן, ווייל ער האָט נישט געוואָלט אַז זיין הייליגער ארון זאָל שטעהן נעבען זייער אָפּגאָט... איז דאָך אויך מעגליך, אַז דאָס האָט אונז געשטראָפט דער אידישער גאָט, ווייל ער וויל נישט ליידען דאָס אידען זאָלען אין זייער הויז אריינשטעלען א רוימישען אָפּגאָט...

— חא, חא, חא, — האט מאנילוס געלאכט, — גלויבסטו, מיין שוועס־טער, אין די אלע נארישקייטען.

— איך גלויב אין אלעס וואס איז פארשריבען אין די אלטע ספרים, — האט אקטאוויא געזאגט מיט עטוואס כעס אין איהר שטימע, — דו, מיין ברודער, אבער גלויבסט אין קיין זאך נישט און קיינעם נישט, נאר זיך אליין גלויבסטו.

— ניין, מיין טאכטער, — האט זיך דער פאטער ארייגעמישט, — איך מוז צוגעבען אז דו ביזט אומגערעכט, דעם אידישען גאט ארט גאר נישט וואס די אידען טהוען... ער האט זיך פון זיי אפגעקעהרט און וויל מעהר פון זיי נישט וויסען... ווארום אויב איהם וואלט יא געאארט וועגען זיין פאלק ישראל, וואלט ער דאך נישט דערלאזען אז די רוימער זאלען חרוב מאכען זיין לאנד און פאר־ברענען דעם בית המקדש... אויב ער וואלט נישט געוואלט ליידען די רוימישע אפגעטער, פאר וואס האט ער דערלאזען אז די רוימער זאלען אוועקשטעלען זייער אפגאט יופיטער אין מיטען שטאדט ירושלים. זעסטו, מיין טאכטער, אז אויף דעם פלאץ פון דעם בית המקדש שטעהט שוין עטליכע יאהר דער רוימי־שער אפגאט, יופיטער, און קיין זאך האט מיט איהם נישט פאסירט...

אקטאוויא האט געשוויגען... דער פאטער איז גערעכט, — האט זי געטראכט.

די דריי האבען נאך אמאל בעטראכט די סטאטוע, און זייערע אויגען האבען געפרעגט:

„ווער האט אבער פארט אפגעהאקט יופיטער'ס נאז?"...

## צווייטער קאפיטעל

# כלבא שבוע און זיין טאכטער

אין דער שטאדט גמזו, נישט ווייט פון יוליוס ווערנוס וואהנונג איז גע־שטאנען די פראכטפאלע שעהנע היים פון כלבא שבוע, דעם רייכסטען אידען אין גאנץ ארץ ישראל.

כלבא שבוע איז געווען אין די מיטעלע יאהרען. אבער ער האט אויסגע־זעהן א סך עלטער. זיינע האר זיינען גרוי געווען, זיין פנים פול מיט קנייטשען, האט אויסגעדריקט זיין גרויסען צער און טרויער וואס ער האט דורכגעלעבט אין די לעצטע צעהן יאהר.

נישט נאר איז כלבא שבוע געווען דער רייכסטער מאן אין ירושלים, נאך ער איז אויך געווען געלערענט און פרום. פון זיין גוט־הארציגקייט האבען אלע געוואוסט. זיין הויז איז טאג און נאכט געווען אפען, און ווען איינער איז געווען הונגעריג פלעגט ער אריינגעהן צו כלבא שבוע'ן און פון דארט ארויס א זאטער. א צופרידענער. כלבא שבוע האט אין ירושלים געגרינדעט שוץ־הייזער פאר אלמנות און יתומים, וואו מען האט זיי מפרנס געווען און בעשיצט פון שלעכטע מענשען. דאריבער טאקע האט ער געקראגען זיין נאמען כלבא שבוע, וואס עס מיינט, אז איינער פלעגט קומען צו איהם הונגעריג ווי א הונד (כלבא) פלעגט ארויסגעהן א זאטער (שבוע).

איידער די מרידה נעגען רוים האט זיך אנגעפאנגען אין ירושלים, האט

כלבא שבוע בעלאנגט צו דער „פריעדען פארטיי“. ער האט געוואוסט ווי מעכטיג רוים איז, און אן אויפשטאנד אין דער יעצטיגער צייט וואלט רואינירט דאס גאנצע אידישע פאלק, דאס לאנד און דעם בית המקדש.

— מיר מוזען יעצט ליידען און שווייגען, — האט ער גע'טענה'ט מיט די קנאים, — יעצט איז נישט די צייט פאר א מרידה. מיר מוזען זיך יעצט אונטערווארפען אונזער ביטערען גורל און ווארטען... פיעלייכט וועט גאט רחמנות האבען...

— דו ווילסט בעשיצען דיין פארמעגען, — האבען די פיהרער פון די קנאים געענטפערט כלבא שבוע'ן, — דעריבער זוכסטו שלום מיט די רוימער.

דיזע בעשולדיגונג האט שטארק געקרענקט און געערגערט כלבא שבוע'ן. ווי ווינציג זיינע ברידער פארשטעהען איהם. וואלט ער דען נישט זיין לעבען מקריב געווען פאר דעם וואהלזיין פון זיין פאטערלאנד, פאר דעם בית המקדש? ער זעהט אויף וואס פאר א געפהרליכען וועג די אידישע פיהרער געהן... יא, זיי זיינען פאטריאטען, זיי ווילען באפרייען דאס לאנד פון רוימישען יאך... אבער זעהן זיי דען נישט אז יעצט, אין דער צייט ווען רוים איז געווארען די גרעסטע מאכט אין דער וועלט, דאס זיי שטעלען איין דאס פאלק און לאנד אין דער גרעסטער ·סכנה.

ווען אבער כלבא שבוע האט דערזעהן, אז די מרידה האט זיך אנגעפאנגען, האט ער פערשפראכען זיין הילף.

—איבערהויפט דארף מען זעהן צו באפעסטיגען ירושלים נאך שטארקער ווי פריהער, האט כלבא שבוע געזאגט — און דערווייל דארף מען איינאיבען די יונגוואַרג זיי זאלען וויסען ווי מלחמה צו האלטען מיט דעם שונא.

כלבא שבוע איז געווען א גרויסער תבואה סוחר. ער האט אין ירושלים געהאט טויזענדע שפייכלער פול מיט תבואה פון וואנען ער פלעגט ארויסשיקען געטריידע אין פארשידענע לענדער. דעם יאהר האט ער די תבואה אין ערגעץ נישט ארויסגעשיקט. ער האט צוזאמענגערופען די מנהיגים פון די מרידה און זיין געזאגט:

— מיינע ברידער, איך בין ביז אהער געווען געגען א מלחמה מיט די רוימער, יעצט אבער ווען איך זעה אז די מרידה האט זיך אנגעפאנגען, זאל אונז גאט העלפען און מיר זאלען דעם שונא בעזיעגען. איך גיב איבער אין אייערע הענד אלע מיינע שפייכלערס פון תבואה, אין פאל ווען דער שונא וועט בעלאגערען ירושלים, וועט איהר האבען גענוג ברויט פאר די איינוואהנער פון שטאדט אויף עטליכע יאהר. מיין איינציגער זוהן האט זיך שוין לאנג אנגעשלאסען אין די ארמיי, און זאל דער שומר ישראל אונז געבען זיין ברכה.

די מנהיגים פון די קנאים זיינען אוועק פון כלבא שבוע'ס הויז, און זיך געהאלטען אן עצה מיט די איבריגע קנאים צי זאלען זיי אננעהמען כלבא שבוע'ס פארשלאג.

די מילדערע קנאים האבען זיך אין דעם אנגעכאפט.

— אויב די שטאדט וועט זיין בעזארגט מיט ברויט, — האבען זיי געזאגט, — דאן וועלען מיר קענען לענגער אויסהאלטען די בעלאגערונג פון שונא.

די פארביטערטע קנאים אבער האבען אין דעם געזעהן א גרויסע שטערונג אין זייער קאמף מיט די רוימער.

— ירושלים איז שטארק באפעסטיגט, — האבען זיי געזאגט, — און ווען די באפעלקערונג וועט האבען גענוג ברויט צו עסען, וועלען זיי נישט קעמפען פארביטערט און העלדיש גענוג. אבער ווען זיי וועלען איינזעהן אז זיי וועלען נישט קעמפען וועלען זיי אלץ איינס מוזען שטארבען פון הונגער, דאן וועט אונזער קאמף זיין א קאמף פאר'ן לעבען און טויט. און ווי לייבען וועלען מיר אלע קעמפען געגען אונזער גרויזאמען שונא, רוים, ביז וואנען מיר וועלען איהם פערטריבען פון אונזער הייליגען לאנד.

אין מיטען נאכט, ווען אלע איינוואהנער פון ירושלים זיינען געווען פאר־זונקען אין מיטעל שלאף, האבען די קנאים בעגאסען כלבא שבוע'ס שפייכלערס מיט אייל און זיי אונטערגעצונדען...

און ווען דער פייער האט זיך צופלאקערט און דער ירושלים'ער הימעל איז רויט געווארען, האט זיך כלבא שבוע אויפגעכאפט פון שלאף.. ער האט גלייך פארשטאנען וואס די קנאים האבען געטהאן צו זיינע שפייכלער תבואה, און א קורצע תפלה האט זיך פון זיין מויל ארויסגעריסען: „גאט אין הימעל, בעשיץ דיין פאלק ישראל, פארגיב דיינע בלאנדזשענדע שעפעלאך און העלף זיי אין זייער קאמף".

כלבא שבוע'ס פרוי האט זיך אויך אויפגעכאפט פון שלאף, און ווען זי האט דעם פייער דערעהען, האט זיך איהר געדוכט, אז דער שונא איז אין שטאדט אריין, און ירושלים אונטערגעצונדען, זי איז אין אונמאכט געפאלען, און ווען מען האט איהר אויפגעמונטערט, איז זי שוין געווען פאראליזירט. אין עטליכע טעג ארום איז כלבא שבוע'ס פרוי, און די מוטער פון זיין זוהן דן און טאכטער רחל, געשטארבען.

שפעטער איז זיין זוהן דן געפאלען אויפ'ן שלאכטפעלד אין קאמף מיט די רוימער...

ירושלים איז געפאלען און די געפאנגענע זיינען אדער אויסגעשלאכטעט געווארען, אדער אוועקגעפיהרט געווארען קיין רוים און פערקויפט געווארען פאר שקלאפען. אבער די אלע וועלכע האבען בעלאנגט צו דער „פריעדען פארטיי" האבען די רוימער געלאזט פריי. זיי איז ערלויבט געווען זיך צו באזעצען וואו נאר זיי האבען געוואלט. זייערע רייכטהימער זיינען נישט געריהרט געווארען, און די רוימער האבען זיי נאך מקרב געווען.

דער רייכער כלבא שבוע איז געווען צווישען די צו וועמען די רוימער זיינען געווען גינסטיג, און כאטש כלבא שבוע האט נאכהער זעהר פיעל גע־האלפען די קנאים אין זייער קאמף געגען די שונאים, זיינען די רוימער דאך געווען אונטער'ן איינדרוק אז כלבא שבוע האט אלע מאל בעלאנגט צו דער „פריעדע! פארטיי". זיי האבען איהם אומגעקעהרט אלע זיינע גיטער, און כלבא שבוע האט זיך איבערגעקליבען אין זיין זומער היים, אין גמזו, מיט זיין איין־און־איינציגי טאכטער, רחל.

כלבא שבוע האט זיין טאכטער ליעב געהאט מעהר ווי אלעס אין דער וועלט. זי איז געווען זיין איינציגע טרייסט אין זיין פארביטערטען לעבען; ער האט פארלארען זיין פרוי, זיין איינציגער זוהן איז געפאלען אויפ'ן שלאכט־פעלד. ער האט מיט זיינע אויגען צוגעזעהן דעם גרויסען חורבן פון ירושלים און דאס פארברענען פון דעם בית המקדש... זיין הארץ האט געווייטאגט

זעהענדיג דעם גרויסען אומגליק פון זיין פאלק. יעצט איז רחל זיין איינציגע נחמה. זיין שעהנע, קלוגע טאכטער פערזיסט איהם זיינע עלטערע יאהרען...

רחל איז געווען וואונדערבאר שעהן, זי איז געווען א בליהענדע רויז. איהרע אויגען האבען געלויכטען ווי בריליאנטען און ווען זי האט א שמייכעל געטהאן האבען זיך ארויסגעזעהן איהרע פערלדיגע צייהנער. זי איז זיבעצעהן יאהר אלט געווען, און זי האט שוין דורכגעלעבט אלע גרויזאמען פון לעבען. זי האט געזעהן ווי העלדיש די אידישע גבורים האבען געקעמפט געגען זייער ביטערען שונא פאר זייער פאטערלאנד. זי געדענקט נאך ווי איהר איינציגער ברודער, דן, האט זיך מיט אלעמען אין הויז געזעגענט איידער ער איז צו דעם שלאכטפעלד אוועק... זי איז נאך דאן געווען א קליין קינד, אבער זי געדענקט אלעם אזוי גענוי, ווי דאס וואלט גאר יעצט פאסירט... די מוטער איהרע האט ביטער געוויינט און דעם גאנצען טאג מתפלל געווען אז גאט זאל איהר בן יחיד בעשיצען. און דער פאטער האט זיינע הענד אויף דן'ס קאפ ארויפגעלייגט און איהם דאן געבענשט...

זי האט דאן אין איהר פאטערס אויגען אריינגעקוקט, און וואס פאר א טיעפען טרויער און יאוש זיינע אויגען האבען אויסגעדריקט... און יעדעס מאל ווען זי דערמאהנט זיך אין יענעם מאמענט, ווערט איהר הארץ אנגעפילט מיט אזוי פיעל צער און פיין און א גרויס געפיהל פון ליעבע מיט רחמנות נעהמט איהר ארום...

זי לויפט פלוצלינג צו צו איהר פאטער, פאלט איהם אום'ן האלז און נעהמט איהם בעדעקען מיט קושען...

רחל האט זעהר ליעב איהר פאטער; עס איז געווען איהר גרעסטער פארגע־ניגען צו זיצען נעבען איהם און זיך איינהערען די וואונדערבארע געשיכטע פון דעם אידישען פאלק. ער האט אויך מיט איהר געלערנט די תורה און נביאים. איבערהויפט האט רחל ליעב געהאט צו הערען די מעשיות פון די אידישע גרויסע נביאים, העלדען און געלערנטע.

און ווען כלבא שבוע האט איהר גענומען דערצעהלען וועגען די גרויסע העלדען, וועלכע האבען געקעמפט אזוי העלדיש געגען די רוימער, איז איהר הארץ אנגעפילט געווארען מיט אזוי פיעל שטאלץ, ווירדע און ליעבשאפט צו איהר פאלק. און די האפנונג אז דאס אידישע פאלק ועט אין גיכען ווידער זעלבסטשטענדיג זיין, פלעגט ביי איהר שטארקער ווערען.

— פאטער, — האט זיך רחל אנגערופען, — אזא פאלק וואס האט ארויס־געגעבען אזעלכע נאבעלע מענשען און וואונדערבארע העלדען, וועט קיינמאל נישט אונטערגעהן! איך בין זיכער, אז אין גאר א קורצע צייט, וועלען מיר זיך באפרייען פון דעם רוימישען יאך, און אונזער בית המקדש וועט צוריק אויפ־געבויעט ווערען, און אונזער פאלק וועט ווידער ווערען דער שטאלץ פון נא־ציאנען.

— מיין ליעבע רחל, — האט איהר כלבא שבוע א קוש געטהאן אין קאפ, — דו ביזט א געטרייע און איבערגעבענע טאכטער צו אונזער פאלק, און ווען דאס אידישע פאלק וואלט יעצט געהאט א סך אזוינע קינדער ווי דו, און ווי דיין פארשטארבענער ברודער, דן, וואלט איך אויך געגלויבט אז אונזער ישועה איז נאהענט, אבער צום בעדויערען, ווערען פיעלע פון די אידישע זיהן און

מעכטער ערווייטערט פון אידישקייט. זיי פאנגען אן צו ריידען רוימיש און פיהרען זיך אויף אוימישע און ווערען אסימילירט צווישען די רוימער... עס איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז פיעלע אידען האבען ביי זיך אין הויז אריינגעבראכט דעם רוימישען אפגאט, יופיטער...

— דאס דערמאהנט מיר, — האט רחל געזאגט, — וואס מיין קאמער־מיידעל, פנינה, האט מיר היינט דערצעהלט וועגען יוליוס ווערנוס'ן.

— ווי קומט זי צו יוליוס ווערנוס, דעם רשע? — האט כלבא־שבוע געפרעגט.

— איהרע א פריינדין, א אידישע מיידעל, מיט'ן נאמען נחמה, דיענט ביי איהם, — האט רחל געענטפערט, — האט איהר נחמה דערצעהלט זעהר א פיינע זאך וואס האט פאסירט ביי איהר בעל הבית אין הויז.

— **וואס האט דארטען פאסירט,** — איז כלבא שבוע נייגעריג געווארען.

— יוליוס האט באשטעלט מאכען א רוימישען אפגאט ביי א גריך. ער האט איהם דערפאר בעצאהלט צוואנציג טויזענד שקלים. ווען דער אפגאט איז פארטיג געווארען, האט ער געמאכט א שמחה ביי זיך אין הויז און האט איינ־געלאדען סעיאנוס בורוס, דעם פארוואלטער פון גמזו, מיט נאך איינגע רוימישע געסט... ער האט זיי געוואלט איבערראשען מיט דעם שעהנעם אפגאט, וואס ער האט אריינגעשטעלט ביי זיך אין הויז. ווען אבער ער האט די געסט אריינ־געפיהרט אין צימער וואו יופיטער איז געווען צוגעדעקט, און ער האט אראפ־גענומען די דעקע, האבען אלע באמערקט אז ביי יופיטער'ן איז געווען אפגעהאקט דער נאז...

כלבא שבוע האט א שמייכעל געטהאן און געפרעגט:

— וויים ער ווער עס האט עס געטהאן?

— ניין, — האט רחל געענטפערט, — ער האט פריהער חושד געווען זיין איינציגע אידישע דיענסט, פנינה'ס פריינדין. ער האט זיך באלד אבער איבער־צייגט אין איהר אומשולד.

— זעהסטו, מיין טאכטער — האט כלבא שבוע טרויעריג געזאגט, — ווען מיר האבען יעצט אזעלכע אידען ווי יוליוס, וואס וויל גאר איינפיהרען דעם רוימישען אפגאט אין זיין הויז, און וועלכער ערציהט זיינע קינדער אין דעם רוימישען גייסט, וואס פאר א האפנונג קען איך שוין האבען אויף א בעסערע און גליקליכערע אידישע צוקונפט.

— אבער מיין ליעבער פאטער, — האט רחל מוטהיג געזאגט, — ווען צווישען אידען געפינען זיך נאך אזעלכע בראווע פערזאנען וועלכע שטעלען זייער לעבען אין סכנה, און רייסען ארונטער דעם נאז פון דעם רוימישען יופיטער, איז א סימן אז דאס פאלק ישראל וועט ווידער אויפלעבען.

— עס איז א מערקווירדיגע פאסירונג — האט כלבא שבוע געזאגט, — מיר וואונדערט זיך ווער עס האט געקענט טהאן אזא זאך?

— זאל איהם גאט שטארקען און בענטשען, איך וואלט יענעם פערזאנ'ס הענד געקושט פאר זיין מוטה און בראווקייט. מיט אזעלכע מינשען קענען מיר שטאלצירען, — האט רחל געזאגט.

— יא, מיין קינד, מיר האבען געהאט פיעלע בראווע העלדען, אבער וואו זיינען יעצט? געפאלען ביי דעם שווערד, פאר שקלאפען פארקויפט, און

די איבריגע אמוזירען דעם בלוטדורשטיגען רוימישען עולם אין די צירקען, קעמפענדיג מיט די לייבען און אנדערע ווילדע חיות.

— פאטער, — האט רחל זיך געבעטען, — דערצעהל דאך מיר נאך אמאל וועגען די העלדישקייט פון מיין פארשטארבענעם ברודער.

כלבא שבוע האט א שטארקען זיפץ געטהאן. רחל האט זיך אוועקגעזעצט אויף דעם פוס־בייכקעלע נעבען איהר פאטער, און האט מיט איהרע שעהנע מילדע אויגען געקוקט אויף איהם.. נישט דעם ערשטען מאל הערט רחל איהר פאטער דערצעהלען וועגען איהר בראווען העלדישען ברודער, אבער יעדעס מאל ווען דער פאטער דערצעהלט איהר, ווערט זי ווי צוגעשמידט צו איהר פלאץ. זי שטעלט אן איהרע אויערען און בלייבט זיצען א פארגאפטע. זי ווערט אריבערגעטראגען אין א צויבער וועלט... איהרע בריליאנטענע גרויסע אויגען ווערען נאך גרעסער, און ווערען בעציערט מיט טרעהרען־פערעל...

כלבא שבוע גלעט זיין טאכטער איבער איהרע לאנגע שווארצע לאקען און פאנגט אן דערצעהלען:

— ווען גהעסיוס פלאריוס, דער רוימישער גובערנאטאר אין ירושלים, האט אנגעפאנגען אומ'ברחמנות'דיג דריקען די אידען, ווען ער האט צוגענומען דאס גאנצע געלד פון בית המקדש, און ווען די אידישע פארשטעהער זיינען געקומען איהם בעטען ער זאל זיי נישט בעהאנדלען אזוי גרויזאם, האט ער זיי, אנשטאט אויסהערען, געהייסען אריינווארפען אין געפענגנים, זיינען אלע אידען אזוי אויפגערעגט געווארען פון דער דאזיגער חוצפה, אז זיי האבען גלייך בע־שלאסען מורד צו זיין אין רוים. די מעהר געלאסענע האבען אבער זיך ארום געזעהן, אז דאן איז נישט געווען די צייט פאר א מרידה, און מיר האבען די קנאים געווארענט זיך יעצט נישט אנצופאנגען מיט רוים, און ווארטען געדולדיג ביז די גינסטיגע צייט וועט קומען... אבער עס איז שוין געווען צו שפעט... די מרידה האט זיך אנגעפאנגען... און אין איין שעהנעם פריהמארגען איז דיין ברודער, דן, געקומען אהיים און האט מיר ערקלעהרט אז ער געהט זיך אנשליסען אין דער ארמיי פון די קנאים...

— מיין קינד, — האב איך איהם דאן געזאגט, — דו ביזט דאך אזוי יונג, נאך קיין זעבצעהן יאהר נישט אלט, טו ווי אזוי ווילסטו טהאן אזא גע־פעהרליכען שריט?

— פאטער, — האט ער מיר דאן געזאגט, — מיין בלוט קאכט און זידט אין מיר, צוליעב די רוימישע געוואלדטהאטען צו אונזערע אומגליקליכע ברידער, איך וועל נישט רוהען ביז וואנען איך וועל זיך נוקם זיין אין די שונאים פון מיין פאלק!...

— אט אזוי פאטער, — האט רחל געווישט איהרע אויגען, — אזוי האט גערעדט א זוהן פון די מאקאבעער, אה, וואס פאר א שטאלץ אזעלכע זיהן זיינען צו זייער פאלק!...

— יא, ליעבע טאכטער, דן איז געווען אונזער שטאלץ און פרייד. איך האב אבער געגלויבט אז ער איז נאך צו יונג און וועט פיעל נוצען נישט קענען בריינגען מיט זיין אנשליסען זיך אין דער ארמיי... אבער איך האב געהאט א טעות! ער איז געווען פול מיט בעגייסטערונג און ענערגיע. ער האט געדורשט

נאך נקמה פאר די פארגאסענע אידישע בלוט. אין מיטען נאכט פלעגט ער זיך אויפכאפען מיט די געשרייען: ״א טויט די רוימער, עס לעבע דאס פאלק יהודה!״ און יעדען פריהמארגען פלעגט ער ארויסגעהן אין גארטען מיט פיילען און בויגען און זיך לערנען שיסען... און ווען די מרידה איז געווען אין פולען גאנג, האב איך איהם מיין ברכה געגעבען: ״געה, מיין זוהן, מיט דיזען כח, און העלף דיין פאלק״. דיין מוטער, עליה השלום, האט געוויינט מיט ביטערע טרעהרען ווען ער האט זיך מיט איהר געזעגענט. איהר הארץ האט איהר געזאגט, אז דאס זעהט זי איהם דאס לעצטע מאל...

און דן האט גענומען זיין שווערד, די פיילען און דעם בויגען און ער איז אוועק אין דעם לאגער פון די קנאים. דארטען האט מען איהם בעשטימט צו בעשיצען די פעסטונג... און דן איז אויף דעם מויער געשטאנען און צוריק־געשטויסען די רוימער מיט זיינע פיילען און מיט זיין שווערד. ביז וואנען ער איז א טויטער געפאלען — האט כלבא שבוע געענדיגט מיט טרעהרען.

— פאטער, — האט רחל א וויינענדיגע געזאגט, — פאר וואס האט מען נישט געקענט געפינען זיין קערפער, ווי גליקליך איך וואלט זיך געפיהלט ווען איך וואלט יעצט געקענט געהן צו דעם קבר פון מיין נאבעלען העלדישען ברו־דער, זיך דארט גוט אויסוויינען און מתפלל זיין פאר מיין אומגליקליכעם פאלק.

— דריי טעג האבען מיר זיין קערפער געזוכט צווישען די הרוגים, — האט כלבא שבוע טרויעריג געזאגט, — אבער מיר האבען נישט געקענט געפינען... טויזענדע הרוגים זיינען געלעגען אין די גאסען. שווער איז געווען צו געפינען מיין זוהן'ס קערפער.

לויט ווי איניגע פון זיינע חברים האבען מיר דערצעהלט, האבען איניגע רוימישע סאלדאטען ארויפגעקלעטערט אויף דעם מויער פון ירושלים, און געהאט א האנד אין האנד געפעכט מיט די פערטיידיגער פון מויער, איז אויך מעגליך אז זיי האבען דן'ס קערפער אין זייער לאגער ארונטערגעווארפען, און די רוימער האבען זיין קערפער פארברענט צוזאמען מיט די איבריגע אידישע הרוגים.

רחל האט איהר פנים מיט די הענד פארשטעלט און שטילערהייט געוויינט.

— פאטער, — האט זי זיך נאכהער אפגערופען, — אזא פאלק וואס האט ארויסגעגעבען אזעלכע העלדען, טאר נישט און וועט נישט אונטערגעהן!

— אונזער איינציגע האפנונג, — האט כלבא שבוע געזאגט, — ליגט יעצט אין דער תורה. מיר האבען פארלארען אונזער פאליטישע מאכט, אבער כל זמן די אידען וועלען לערנען אונזער הייליגע תורה, וועלען מיר נישט אונ־טערגעהן... אלע צרות און פורעניות'ן וואס קומען אויף די אידען, איז נאר צוליעב די עמי הארצים, די אונוויסענדע וואס ווילען נישט וויסען פון גאט'ס תורה... און ווער ווייס אויב נישט צוליעב די עמי הארצים איז ירושלים געפאלען און דער בית המקדש חרוב געווארען? יא, איך בין זיכער, מיין טאכטער, אז נאר די עמי הארצים זיינען שולדיג אין אונזער גרויסען אומגליק... ווער האט פארברענט די אוצרות תבואה, אויב נישט די עמי הארצים, וועלכע האבען נישט געוואוסט אז דערמיט זיינען זיי עובר אויף דעם ״לא תשחית״, די הייליגע תורה פארבאט אונז צו פארניכטען דעם שונא'ס בוימער, וועלכע גיבען פרוכט, ווייל עסענווארג טאר מען נישט פארדארבען. און דא קומען די עמי הארצים

און פארברענען אזוי פיעל אוצרות מיט תבואה... עס איז מעגליך דאס ווען די בעלאגערטע וואלטען נישט געדארפט ליידען אזוי פיעל הונגער, וואלטען זיי לייגער עקענט אויסהאלטען די בעלאגערונג און דער שונא וואלט אפשג לייגער געקענט אויסהאלטען די בעלאגערונג און דער שונא וואלט אפשר צוריקגעצויגען זיינע ארמייען פון ירושלים. אבער גאט האט דאס פאלק געשטראפט צוליעב די זינד פון די עמי הארצים, און זיי האבען געמיינט, אז ווען דאס פאלק וועט הונגערען, וועט ער קעמפען מיט מעהר ביטערקייט, אבער אנשטאט דעם האט דער הונגער די קעמפענדע העלדען אפגעשוואכט, און דעם שונא איז אנגעקומען גרינגער איינצונעהמען ירושלים...

— פאטער, — האט זיך רחל אפגערופען, — זיי האבען דאך אבער געמיינט גוט, זיי האבען געוואלט וואס שנעלער פארטרייבען די רוימער פון ירושלים.

— אבער ווען זיי וואלטען געלערנט אונזער הייליגע תורה, וואלטען זיי דאך אזא פארברעכען נישט בעגאנגען. און געבענשט זאל זיין אונזער תנא, ר' יוחנן בן זכאי, וועלכער האט פאראויסגעזעהן אז די אמת'ע אידישע קראפט באשטעהט נישט אין מיליטערישע מאכט, נאר אין דעם גייסט. אין דעם לערנען פון אונזער תורה... ער האט געוואוסט, אז כל זמן די אידען וועלען זיין גייסטליך פאראייניגט, וועלען פארטזעצען דאס לערנען פון דער תורה, וועלען זיי נישט אונטערגעהן, און האט דאריבער אויף א פריעדליכען אופן גע'פועל'ט ביי דעם דאמאלסדיגען רוימישען קריגס־פיהרער, וועספאסיאנוס, ער זאל איהם ערלויבען זיך צו באזעצען מיט זיינע תלמידים אין דער שטאדט יבנה און דארטען גרינדען א ישיבה. יעצט איז די ישיבה אין יבנה פארשטארקט און פארגרעסערט געווארען, און עס איז דא א האפנונג אז די תלמידים פון יבנה'ס ישיבה וועלען פארשפרייטען די אידישע לעהרע און וויסענשאפט צווישען דעם המון און דערמיט ראטעווען דאס פאלק פון אונטערגאנג... אונזער נביא זכריה האט שוין לאנג נביאות געזאגט, אז די אידישע קראפט באשטעהט נישט פון מיליטער און וואפען, נאר פון גייסט, „לא בחיל ולא בכח, כי אם ברוחי”. און דאריבער מוזען זיך יעצט אלע אידען קאנצענטרירען ארום דער תורה.

— אבער ליעבער פאטער, — האט רחל פארוואונדערט געפרעגט, — ווי אזוי קען יעצט ליגען אין זינען דאס לערנען, ווען מיר זיינען אונטערדריקט פון די רוימער. איך גלויב, אז פריהער האט זיך אונזער פאלק געדארפט באפרייען פון דעם רוימישען יאך, און צוריק בויען דעם בית המקדש, און נאכהער וואלט מען געדארפט גרינדען ישיבות.

— מיין טאכטער, ווייסטו דען נישט אז אן אויפשטאנד אין יעצטיגער צייט וואלט געמאכט אן ענדע צו דעם גאנצען אידישען פאלק.

— איך מיין נישט יעצט, — האט רחל געזאגט, — איך מיין, אז מיר אלע דארפען זיין גרייט, און ווען די גינסטיגע צייט וועט קומען, וועלען מיר האבען די מעגליכקייט דאס אויסצונוצען.

— אט דאס זאג איך דאך, מיין טאכטער, כל זמן די אידען וועלען לערנען די תורה, וועט דער רעליגיעזער און נאציאנאלער גייסט זיין זעהר שטארק ביי זיי און ממילא וועלען זיי זיין געגרייט פאר יעדע גינסטיגע געלעגענהייט ארונטערצוווארפען פון זיך דעם רוימישען יאך, אבער ווען מיר הערען אויף לערנען

די תורה, וועט דער עמי הארצות פערשפרייט ווערען צווישען דעם יונגען דור, און אזעלכע אידען ווי יוליוס ווערנוס וועלען זיך פארמעהרען, דאן וועט שוין פאר אונזער פאָלק גאַר קיין האָפנונג נישט זיין...

— יאָ, פאָטער, דו ביזט גערעכט, — האָט רחל איהם געקושט, — איך זעה איין אַז אונזער הייליגע תורה איז אונזער נשמה און אונזער לעבען. און איך וועל זעהן ווי ווייט מעגליך צו ערמוטיגען די אַלע וועלכע לערנען די תורה...

די טהיר פון צימער האָט זיך געעפענט און אַ דיענער איז אַריין און האָט זיך פאַרנייגט.

— וואָס איז דיין פאַרלאַנג? — האָט איהם כלבא שבוע געפרעגט.

— אַ מאַן פון יבנה איז אַהער געקומען און וויל זיך זעהן מיט מיין האַר, — האָט דער דינער געזאָגט.

— שיק איהם אַריין אַהער.

דער דינער איז אַרויס און אַהיינגעשיקט דעם מאַן.

— האָסטו עפּעס גוטעס מיר צו דערצעהלען פון יבנה? — האָט איהם כלבא שבוע געפרעגט.

— צום בעדויערען, מיין האַר, האָב איך נישט קיין פרעהליכע בשורה דיר צו דערצעהלען.

— וואָס האָט פּאַסירט?! — איז כלבא שבוע דערשראָקען געוואָרען.

רחל איז געוואָרען בלאַס און זי האָט מיט גרוים אומגעדולד געוואָלט וויסען וואָס איז געשעהן אין יבנה.

— ר׳ יוחנן בן זכאי, דער גרינדער פון דער גרויסער ישיבה אין יבנה איז זעהר געפעהרליך קראַנק, ער האַלט ביים שטאַרבען, און אויף זיין קראַנקען בעט האָט ער אויסגעשפּראָכען זיין וואונש אַז איידער ער שטאַרבט וואָלט ער זיך וועלען זעהן מיט מיין האַר, כלבא שבוע. מען האָט מיר אויסגעקליבען פאַר דעם שליח. אויפ׳ן וועג האָבען מיך די רוימער אָפּגעהאַלטען, אָבער ווען איך האָב זיי געזאָגט אַז איך בין געשיקט פון רבי יוחנן בן זכאי, הבען זיי מיר אָפּגעלאָזט.

— דער גרויסער תנא ר׳ יוחנן בן זכאי, האַלט ביים שטאַרבען, — האָט כלבא שבוע אויסגערופען, — אַה, ליעבער גאָט, נעהם דאָך נישט אַוועק פון אונז דעם הייליגען מאַן, דעם זייל פון אונזער פאָלק...

ער האָט אָנגעזאָגט דעם דיענער ער זאָל הייסען עם קוטשער גלייך צו־גרייטען זיין עקיפּאַזש.

— ווילסטו מיט מיר מיטפאָהרען, מיין ליעבע טאָכטער? — האָט כלבא שבוע געפרעגט.

— יאָ, מיין ליעבער פאָטער, — האָט רחל איינגעשטימט, — איך וויל זיהר גערן זעהן דעם הייליגען מאַן איידער ער שטאַרבט.

דער עקיפּאַזש, איינגעשפּאַנט צו דריי פערד, איז שוין געשטאַנען גרייט נעבען כלבא שבוע׳ס הויז.

— דו וועסט פאָהרען מיט אונז צוזאַמען, — האָט כלבא שבוע געזאָגט צום שליח.

— איך קען נישט, מיין האַר, איך בין אַהער געקומען צופאָהרען רייטענדיג אויף אַ געליהענעם פערד, און איך וועל מוזען פאָהרען צוריק אויף דעם זעלבען פערד, כדי איהם אָפּצוגעבען צו זיין בעל הבית.

— שפאן אוים איינעם פון די פערד, — האט כלבא שבוע געהייסען זיין קוטשער, — און שפאן איין דעם שליח'ס פערד.

דער קוטשער האט אזוי געטהאן.

— אויף צוריק וועלען מיר זיך דאך נישט איילען, וועלען מיר קענען פאה־רען נור מיט צוויי פערד, — האט כלבא שבוע געזאגט, — און דו ווייסט קענען פאהרען מיט אונז צוזאמען און אויך אפגעבען דיין פערד צום בעל הבית.

אין א קורצע צייט זיינען זיי שוין אלע געווען אויפ'ן וועג צו יבנה.

ווען כלבא שבוע און זיין טאכטער זיינען אריין אין צימער וואו דער קראנקער רבי יוחנן בן זכאי איז געלעגען, האבען די תלמידים, וועלכע זיינען געשטאנען ארום זייער קראנקען רבי'ן, געמאכט פלאץ פאר זיי.

— רבי, — האט זיך איינער פון זיינע תלמידים אפגערופען, — כלבא שבוע איז דא.

— לאזט מיר איבער מיט איהם אליין, — האט דער קראנקער תנא געזאגט מיט א שוואכער שטימע.

אלע תלמידים האבען פארלאזט דעם צימער.

— שלום צו דיר, גרויסער רבי, דאס ליכט פון אונזער פאלק! — האט איהם כלבא שבוע באגריסט.

— שלום צו דיר, מיין זוהן, — האט רבי יוחנן בן זכאי געענטפערט, — געבענשט זאל זיין דיין קומען.

— זעץ זיך מיין קינד נעבען מיר, — האט דער קראנקער איהם געזאגט.

כלבא שבוע האט זיך געזעצט און בעטראכט דעם גרויסען תנא, רבי יוחנן בן זכאי.

— — רבי, — האט כלבא שבוע געזאגט וויינענדיג, — אויף וועמען לאזטו איבער דיינע איינזאמע שעפעלאך?

— מיין זוהן, — האט דער קראנקער ר' יוחנן געענטפערט, — איך שטארב וויגען דעם. די ישיבה פון יבנה האט יעצט גענוג מענשען וועלכע יעצט רוהיג וועגען דעם. די ישיבה פון יבנה האט יעצט גענוג מענשען וועלכע וועלען קענען פארנעהמען מיין פלאץ... אבער איך בין בעזארגט וועגען איין זאך, און צוליעב דעם האב איך געשיקט נאך דיר.

— רבי, איך וועל ערפיהלען אלע דיינע פערלאנגען, — האט כלבא שבוע געזאגט.

— דו ווייסט דאך, מיין זוהן, ווי שווער עס איז מיר אנגעקומען צו גרינדען די ישיבה פון יבנה, — האט דער קראנקער געזאגט, — איך האב געהאט פיעלע שטערונגען, אבער אונזער פאטער אין הימעל האט מיר געהאלפען, איך האב גע־קראגען די ערלויבענים פון דער רוימישער רעגירונג, און די אלע אידישע חכמים האבען געלערענט אין דער ישיבה אונגעשטערט. יעצט אבער איז די לאגע פון דער ישיבה ערגער געווארען. דאס פאלק איז שטארק פארארימט, און די איינציגע רייכע לייט וועלכע האבען ביז אהער אויפגעהאלטען די ישיבה, זיינען שוין מעהר נישט בכח דאס צו טהאן. דאריבער איז דיין פליכט, מיין זוהן, צו שטיצען די ישיבה מיט אלע דיינע מעגליכקייטען. דיר האט אונזער פאטער אין הימעל געבענשט מיט רייכטהום. דו ווערסט פאררעכענט פאר דעם רייכסטען אידען אין ארץ

ישראל. איך געדענק נאך די פיעלע צדקות וואס דו האסט מיט דיין געלד געטהאן אין ירושלים, פאר'ן חורבן, און איך וויל דו זאלסט מיר פארשפרעכען, איידער איך געה אוועק אויפ'ן עולם האמת, אז דו וועסט אונטערשטיצען די ישיבה מיט אלע דיינע מעגליכקייטען, ווייל די ישיבה איז די איינציגע רעטונג פאר אונזער אומגליקליכעם פאלק...

— הייליגער רבי, — האט כלבא שבוע אויסגערופען, — איך פארשפרעך צו שטיצען די ישיבה ווי דו פארלאנגסט עס. איך וועל זעהן, כל זמן איך וועל לעבען און האבען די מעגליכקייט, אז די ישיבה פון יבנה זאל נישט דארפען ליידען פון קיין מאנגעל אין געלד...

— געבענשט זאלסטו זיין, דו געטרייער זוהן פון דיין פאלק, — האט רבי יוחנן בן זכאי ארויפגעלעגט זיינע הענט אויף כלבא שבוע'ס קאפ, — זאל גאט דערלייכגערען דיינע יאהרען און דו זאלסט זוכה זיין צו זעהן די אידישע ישועות.

— רבי — האט כלבא שבוע געזאגט שטילערהייד, — איך בין אהער גע־קומען מיט מיין איין־איינציגע טאכטער רחל.

רבי יוחנן בן זכאי האט גלייך פארשטאנען כלבא שבוע'ס כוונה און האט איהם געזאגט:

— זאל זי ארייננקומען אהער, און איך וועל איהר בענטשען.

רחל איז געשטאנען די גאנצע צייט אין א ווינקעל פון צימער און האט איהרע אויגען נישט ארונטערגענומען פון דעם געטליכען מאן, וועלכער איז געלע־גען א גוסס'ער אין זיין בעט. זי האט געהערט ווי דער גרויסער רבי בעט איהר פאטער צו שטיצען די ישיבה. די שכינה רוהט אויף דעם גרייז־גראהען פא־טריארכישען פנים פון דעם הייליגען צדיק ר' יוחנן בן זכאי. זי איז אזוי גליקליך דאס איהר פאטער האט ערפילט זיין פערלאנג... יא, די איינציגע אידישע רעטונג ליגט נאר אין דעם גייסטיגין בנין. אין איהרע אויגען בעווייזען זיך טרעהרען, ווען זי זעהט, אז אט באלד וועט דאס אידישע פאלק פארלירע איינעם פון זיינע גרעסטע פערזענליכקייטען.

איהרע געדאנקען זיינען אונטערבראכען געווארען ווען איהר פאטער איז צו איהר צוגעגאנגען און געזאגט:

— רחל, קום צו נעהינטער, דער הייליגער רבי וויל דיר בענטשען.

זי איז צוגעגאנגען מיט איהר פאטער צום קראנקענס בעט, און האט זיך אוועקגעשטעלט א טרויעריגע מיט אן ארונטערגעלאזענעם קאפ.

— דאס איז מיין טאכטער רחל, רבי, — האט כלבא שבוע געזאגט.

— זעץ זיך, מיין קינד, — האט רבי יוחנן בען זכאי געזאגט און אויפגעהוי־בען זיינע הענט.

רחל האט ארונטערגעבויגען איהר קאפ אונטער זייני הענד און דער רבי ר' יוחנן בן זכאי האט איהר געבענטשט:

— „ישימך אלקים כרחל וכלאה, און זאל דיין מאן, מיט וועמען דו וועסט חתונה האבען, בעלייכטען דעם גאנצען אידישען פאלק מיט זיין תורה און מעשים טובים"...

נאכדעם ווי ער האט געבענשט רחל'ן, האט זיך רבי יוחנן אפגערופען צו כלבא שבוע'ן:

— איך וויל מיט דיר נאָך ריידען וועגען נאָך אַ וויכטיגע זאַך.

כלבא שבוע האָט זיך ווידער אַוועקגעזעצט נעבען זיין בעטעל און דער קראַנקער האָט אָנגעפאַנגען:

— דו ווייסט דאָך מסתמא, אַז אַ חוץ די ישיבה האָב איך אויך געגרינדעט אין יבנה אַ סנהדרין, אַנשטאַט דעם אונטערגעגאַנגענעם סנהדרין אין ירושלים. די ישיבה איז צו לערנען די תורה און די דינים, דער סנהדרין דאַרף אַכטונג געבען אַז אַלע דינים זאָלען אָפּגעהיט ווערען. דער סנהדרין ברענגט אין אָרדנונג די גייסטיגע ענינים פון די אידען, דאַריבער איז זעהר וויכטיג, אַז דער סנהדרין זאָל אָנגעהאַלטען ווערען צוזאַמען מיט דער ישיבה. יעצט איז מיין בקשה צו דיר, דו זאָלסט זעהן אַז נאָך מיין טויט זאָל דער עלטסטער פון דעם סנהדרין אין יבנה ווערען גמליאל דער צווייטער, דער זוהן פון שמעון דעם צווייטען, וועלכער איז געווען דער לעצטער נשיא פון דעם סנהדרין אין ירושלים. איך האָב גמליאל'ן צוגענומען צו זיך ווען ער איז געווען נאָך גאָר יונג, נאָכדעם ווי זיין פאָטער איז אומגעקומען אין דער צייט פון דער בעלאַגערונג פון ירושלים. איך האָב איהם ערצויגען און צוגעגרייט ער זאָל קענען זיין זיין פאָטערס נאָכפאָלגער. און דער גמליאל צייכענט זיך אויס נישט נאָר מיט זיין טיעפקייט אין לערנען, נאָר אויך אַלס פעהיגער פיהרער. איך האָב געזעהן ער זאָל אויך קענען די רוימישע און גריכישע שפּראַכן, כדי ער זאָל קענען זיין אַ מליץ יושר, ווען עס וועט נויטיג זיין, פאַר'ן כלל ישראל, ווען עס וועט איהם אויסקומען צו ריידען מיט די רוימישע און אַנדערע בעאַמטע. יעצט בעט איך דיר אַז דו זאָלסט אויסאַיבען דיין איינפלוס און זעהן אַז רבי גמליאל דער צווייטער זאָל ווערען דער ראש פון דעם סנהדרין אין יבנה.

כלבא שבוע האָט דאָס אויך פאַרשפּראָכען דעם קראַנקען ר' יוחנן בן זכאי.

— איך וועל יעצט קענען רוהיג שטאַרבען, — האָט ר' יוחנן אויסגערופען, — זאָלען אַריינקומען מיינע תלמידים און חברים, איך וויל זיך מיט זיי געזעגענען.

די פינף תלמידים וועלכע האָבען פון איהם די גאַנצע צייט נישט אָפּגעטראָטען, זיינען אַריין אין דעם צימער. זיי זיינען געווען: רבי אליעזר בן הורקנוס, רבי יהושע בן חנינה, רבי יוסי הכהן, רבי שמעון בן נתנאל, רבי אליעזר בן ערך. נאָכהער איז אויך אַריינגעקומען רבי גמליאל, וועמען רבי יוחנן בן זכאי האָט ערצויגען אַלס אַן אייגען קינד.

— מיינע קינדער, — האָט ר' יוחנן אויסגערופען, — איך געה יעצט אָפּגעבען דין וחשבון פאַר דעם מלך מלכי המלכים, און איך וויל דאָרט איבערגעבען אַז איך האָב זיין תורה איבערגעלאָזען אין גוטע הענט; זאָל אייך גאָט שטאַרקען איהר זאָלט קענען לערנען די הייליגע תורה, און זאָל די מורא פאַר גאָט זיין אויף אייך אַזוי שטאַרק ווי די מורא פאַר מענשען.

רבי יוחנן בן זכאי איז דעם זעלבען טאָג געשטאָרבען.

די גאַנצע שטאָדט יבנה האָט נאָך איהם געטרויערט און מיט יבנה אַלע אידען אין ארץ ישראל ביי וועמען די תורה איז געווען הייליג און טהייער, מיטגעטרויערט.

אין עטליכע טעג אַרום, נאָך דעם טויט פון דעם גרויסען גייסטליכען פיהרער, האָט כלבא שבוע צוזאַמענגערופען די אַלע תלמידים חכמים און האָט זיי איבערגעגעבען אַלעס וואָס ר' יחנן בן זכאי האָט פון איהם פערלאַנגט.

— זאָל לעבען אונזער נשיא רבן גמליאל, — האָבען אַלע אויסגעשריען.
רבן גמליאל איז געוואָרען דער ראש פון דעם סנהדרין.
כלבא שבוע האָט איהם איבערגעגעבען אַ גרויסע סומע געלד פאַר דער ישיבה.
— רבן גמליאל, — האָט איהם כלבא שבוע געזאָגט, — איך פאָהר יעצט אַפּ אהיים. ווען נאָר די ישיבה אָדער דער סנהדרין וועט זיך נויטיגען אין געלד, זאָלסטו מיר גלייך לאָזען וויסען.

כלבא שבוע מיט זיין טאָכטער האָבען זיך געזעגענט מיט די חכמים און זיך אומגעקעהרט צו זייער היים אין גמזו.

## דריטער קאַפּיטעל

# עקיבא

אין אַ פאַרוואָרפענעם ווינקעל פון דער שטאָדט לוד, איז געשטאַנען אַ קליינע חורבה. דאָרט האָט געוואָהנט יוסף דער וואסער־פיהרער מיט זיין פרוי. שווער און ביטער האָט יוסף געאַרבייט און קוים פערדיענט אויף ברויט. ער פלעגט פיהרען וואסער פאַר די רייכע איינוואָהנער פון לוד. לעצטענס אָבער האָבען זיך פאַרמעהרט די וואסער־פיהרער אין שטאָדט, און יוסף׳ס פרנסה איז נאָך מאָגערער געוואָרען...

ווען יוסף׳ס פרוי האָט איהם געבאָרען אַ זוהן, איז ער אוועק אין בית המדרש פון לוד, וואו עס האָבען זיך שוין דאַן, פאַר׳ן חורבן געפונען תלמידי חכמים. ער איז אריין אין בית המדרש און איז געבליבען שטעהן נעבען טהיר.

אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען אויף זיין פּלאַץ באַוועגלאָז... צו זיינע אויערען האָבען דערגרייכט די זיסע נגונים פון די תלמידי חכמים. ער הערט ווי זיי זיינען זיך מתפלפל אין לערנען...

— ווי גליקליך זיי זיינען, — האָט זיך יוסף געטראַכט, — זיי זיינען געלערנטע, זיי פאַרשטעהען גאָט׳ס תורה, זיי ווייסען נישט פון קיין נויט און צער, יאַ גאָט באַלוינט דעם וועלכער גיט זיך אָפּ מיט זיין תורה... אַ געפיהל פון ליעבשאַפט געמישט מיט אַ יראת הכבוד האָט ער געטראָגען ביי זיך אין הארצען צו יענע חכמים וועלכע זיינען געזעסען אויבען אָן און געלערנט.
— ווען זיין נאָר וואָס געבאָרענער זוהן, עקיבא, וועט עלטער ווערען, — האָט ער ביי זיך בעשלאָסען, וועט ער זעהן אָנווענדען אַלע זיינע מעגליכקייטען ער זאָל לערנען די תורה און נישט אויסוואַקסען אומוויסענד ווי ער זיין פאָטער.
ער פיהלט זיך אַזוי קליין, אַזוי נידריג און אונוויכטיג צווישען די אַלע חכמים...

יוסף האָט זיך שוין געוואָלט אומקעהרען צום טהיר און אוועקגעהן, אָבער דאָ האָט איהם איינער פון די חכמים באַמערקט:
— אַ פרעמדער איד וואַרט דאָ שוין אַ היבשע ווײַלע, אפשר איז ער אַ תלמיד חכם פון ירושלים, — האָט ער געזאָגט צו זיינע חברים און אַלע האָבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע פּלעצער און איהם אַנטקעגען געגאַנגען.
— וואָס איז דיין וואונש? — האָט איינער פון די חכמים געפרעגט יוסף׳ן.
יוסף איז גאָר צוטומעלט געוואָרען. ער האָט ארום זיך געזעהן אַזוי פיעל חכמים... ער האָט אַרונטערגעלאָזען זיין קאָפּ פון בושה.

— ביזטו געקומען פון א צווייטער שטאָדט, — האָט איהם דערזועלבער געפרעגט.

— ניין, איך בין א היגער, — האָט יוסף קוים אַרויסגערעדט.

— ווי איז דיין נאָמען, און מיט וואָס באשעפטיגסטו זיך, — האָט איהם א צווייטער געפרעגט.

— מיין נאָמען איז יוסף בן יהושע, און איך בין א וואסער־פיהרער.

— און וואָס איז דיין פערלאַנג, — האָט איהם נאָך איינער געפרעגט.

— איך בין אַן אָרימער וואסער־פיהרער, פרנסה איז יעצט געפאַלען, מיין פאַמיליע איז גרעסער געוואָרען, בין איך געקומען אהער פרעגען פיליכט וועט איהר מיר אָנשטעלען אַלס דער וואסער־פיהרער פון דעם בית־המדרש, וועל איך פערדינען נאָך עטליכע פרוטות א וואָך און דאַמיט פאַרגרינגערען די נויט און דחקות פון מיין הויז־געזינד.

— קענסטו לערנען אונזער תורה, — האָט איהם דער ערשטער ווידער געפרעגט.

— ניין, איך האָב קיינמאָל די תורה נישט געלערנט, — האָט יוסף גע־ענטפערט מיט טרויער.

— קענסטו לכל הפחות לעזען די תפילות?

— איך קען גאָרנישט...

— ניין?! — האָט איינער פון די חכמים געזאָגט, — דו קענסט פאַר אונז קיין וואסער נישט פיהרען, מיר ווילען נישט אונטערשטיצען קיין עם הארץ. מיר ווילען קריגען א וואסער־פיהרער וואָס קען עטוואָס לערנען, אָבער מיט עמי־הארצים ווילען מיר גאָר קיין משא ומתן נישט האָבען.

א פאַרשעהמטער און א דערשלאָגענער האָט זיך יוסף אַרויסגערוקט פון בית המדרש.

— וואָס האָבען מיר געטהאָן?! — האָט זיך איינער פון די תלמידי חכמים אָפּגערופען, — מיר האָבען יעצט פאַרשעהמט א אידען, וועלכער איז געקומען זוכען פרנסה פאַר זיין הויז־געזונד...

— אַן עם הארץ האָט קיין רעכט נישט צו קומען זוכען פרנסה אין בית הבדרש, — האָט נאָך איינער געזאָגט.

— אין אונזער הייליגער תורה שטעהט געשריבען „וכי ימוך אחיך והחזקת בו" (אויב דיין ברודער ווערט אָרים זאָלסטו איהם אונטערשטיצען) און די תורה מאַכט קיין אונטערשיעד צי דער אָרימען קען לערנען אָדער ער איז אַן עם הארץ, — האָט אַן עלטערער תלמיד חכם געזאָגט, — עס קען מעגליך זיין, אַז דער אָרימער וואסער־פיהרער, וועמען מיר האָבען אַזוי גרויזאַם מבזה געווען, הונגערט צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע. ניין, מיר מוזען אומקעהרען דעם אָרימאַן, ביי איהם מחילה בעטען און איהם אָנשטעלען אַלס וואסער־פיהרער פאַר דעם בית המדרש. ער איז שנעל אַרויס פון בית המדרש און געגאַנגען אומקעהרען דעם וואסער־טרעגער, אָבער ער האָט איהם נישט געפונען...

יוסף איז שנעל אַהיים געגאַנגען; זיין כעס האָט אין איהם געברענט אויף די תלמידי חכמים, ווי גרויס זיין ליעבשאַפט איז געווען צו זיי מיט א ווייל׳ע צוריק, איז נאָך גרעסער געוואָרען זיין שנאה צו זיי.

— וואָס ביזטו אַזוי אויפגערעגט, יוסף? — האָט איהם זיין פרוי גע־

פרעגט, ווען ער איז אריין אין די חורבה, וואָס ער האָט געדופען זיין היים.

יוסף האָט דערצעהלט זיין פרוי וואָס מיט איהם האָט פּאַסירט.

— ווען איך בין אריין אין בית המדרש, — האָט יוסף געזאָגט, נעהמענדיג זיין קליין קינד, עקיבא, אויף זיינע הענד, — ווען איך האָב געהערט די תלמידי חכמים לערנען, האָב איך ביי זיך אין הארצען געטראַכט, אז גאָט וועט אונז העלפען און עקיבא וועט אויפוואַקסען וועל איך זעהן טהאָן אַלעס מעגליכעס און ערציהען אונזער זוהן צו זיין א תלמיד חכם... יעצט אָבער טהו איך זיך א נדר דאָס איך וועל איינפלאַנצען אין מיין קינד א שנאה צו אַלע תלמידי חכמים. ווען ער וועט גרעסער ווערען, וועל איך איהם אין ערגעץ נישט שיקען לערנען...

וואָס איז דאָס אומשולדיגע קינד שולדיג, אז איינגע פון די תלמידי חכמים האָבען דיר באַליידיגט, — האָט זיך זיין פרוי צו איהם אָפּגערופען, — פאַר וואָס זאָל ער נישט אויפוואַקסען צו זיין א גוטער און געטרייער איד?

— דו מאַכסט א טעות, מיין פרוי, — האָט יוסף געזאָגט, — מען קען זיין א גוטער און איבערגעבענער איד אַפילו נישט קענענדיג די תורה און נישט זייענדיג קיין תלמיד חכם. איך וועל עקיבא'ן מאַכען פאַר א וואַסער־טרעגער ווי איך, אָדער פאַר א פּאַסטוך, אבי נישט פאַר קיין תלמיד חכם. איך האָב פון היינט אָן אַלע תלמידי חכמים פיינט געקראָגען... זיי מיינען אז די גאַנצע וועלט איז נאָר בעשאַפען געוואָרען צוליעב זיי... דער וואָס קען נישט לערנען איז ביי זיי קיין מענש נישט...

ווען עקיבא איז אַלט געוואָרען צעהן יאָהר האָט איהם זיין פאָטער מיטגענומען ער זאָל איהם העלפען פיהרען וואַסער.

— מיין קינד, — האָט איהם דער פאָטער געזאָגט, — דער מענש איז בעשאַפען געוואָרען צו אַרבייטען און ברייננגען נוצען פאַר דער וועלט, גאָט פערלאַנגט נור פון אונז מיר זאָלען זיין גוטע אידען, מיר זאָלען קיין שלעכטס נישט טהאָן איינער צום צווייטען. אָבער אונזערע תלמידי חכמים גלויבען, אַז ווי באַלד נאָר זיי לערנען תורה, זיינען זיי באַרעכטיגט צו בעליידיגען דעם וועלכער האָט נישט די זכיה די תורה צו לערנען...

אזוי האָט זיך עקיבא אויפגעהאָדעוועט מיט א שטאַרקע שנאה צו די תלמידי חכמים. און כאָטשש יוסף איז געווען א הייסער איד, און וואָלט זיין לעבען אוועקגעגעבען פאַר זיין פאָלק און זיין לאַנד, האָט ער דאָך אָבער קיינמאָל נישט פאַרגעסען די בושה וואָס איינגע פון די חכמים פון לוד, האָבען איהם אָפּגעטהאָן, און זיין פאַראורטהייל געגען די חכמים איז נאָך שטאַרקער געוואָרען אין אָנפאַנג פון די מרידה געגען רוים, ווען ער האָט אויסגעפונען אז די חכמים פרעדיגען נור שלום מיט די רוימער.

דיזען פאַראורטהייל האָט יוסף איינגעפּלאַנצט אין דעם הארץ פון זיין יונגען זוהן עקיבא, וועלכער איז אַליין געווען אומוויסענד און האָט געהאַסט יעדען איינעם וועלכער האָט געקענט לערנען...

ווען יוסף'ס ווייב איז געשטאָרבען איז עקיבא דאַן אַלט געווען פופצעהן יאָהר. ער איז געוואָרען א פּאַסטוך פאַר איינעם פון די איינוואָהנער פון לוד.

און איינמאָל ווען עקיבא האָט זיך צוריקגעקעהרט פון פעלד אהיים, האָט איהם יוסף צוגערופען צו זיך און געזאָגט:

— מיין זוהן, דיין מוטער איז טויט. דו פערדיענסט שוין דיין ברויט און

דארפסט מעהר נישט אָנקומען צו מיין שטיצע... איך האָב בעשלאָסען דיר צו פערלאָזען און אוועקגעהן אין ירושלים...

— פאָטער, נעהם מיר מיט, איך וויל אויך געהן נאָך ירושלים. לאָמיר געהן צוזאַמען, — האָט זיך עקיבא ביי איהם געבעטען.

— ניין, מיין קינד, — האָט איהם יוסף געענטפערט, — דו קענסט מיט מיר יעצט נישט געהן... זעהר אַ שלעכטע צייט איז אויפגעשטאַנען פאַר די אידען. די רוימער אונטערדריקען זיי, זיי ווילען אונז פארשקלאַפען. די אידען זיינען געוואָרען צו שפּאָט און צו שאַנד, און אַפילו די איבריגע געצענדיענער וועלכע וואָהנען ביי אונז אין לאַנד, האָבען אויך אָנגעפאַנגען צו פאַרפאָלגען די אידען, גלויבענדיג אַז דער געזעץ בעשיצט אונז מעהר נישט, און אַז דער איד איז געוואָרען הפקר. יעצט האָט זיך אין ירשלים געגרינדעט אַ פּאַרטיי מיט'ן נאָמען „קנאים“, וועמעס אויפגאַבע איז זיך אָפּצורעכענען מיט'ן שונא און פאַריאָגן איהם פון אונזער הייליג לאַנד. איך האָב דאַריבער בעשלאָסען אוועקצוגעהן אין ירושלים און זיך אָנשליסען אין דער פּאַרטיי פון די קנאים, צו קעמפפען געגען די בלוטדורשטיגע רוימער.

— פאָטער, — האָט עקיבא געזאָגט מיט טרעהרען, — איך בין גענוג שטאַרק און קען ברייגגען פיעל נוצען פאַר אונזער הייליגעם לאַנד, לאָז מיר מיטגעהן מיט דיר, איך וויל אויך העלפען פערטהיידיגען אונזער הייליגע שטאָדט ירושלים.

— מיין זוהן, דו ביזט נאָך יונג, דער וועג איז זעהר אַ געפעהרליכער. דו וועסט מוזען וואַרטען ביז וואַנן דו וועסט עלטער ווערען. דערווייל פערבלייב דאָ און גיב אַכטונג אויף די שאָף פון דיין האַר. ווען דו וועסט אַלט ווערען אַבצעהן יאָהר וועסטו דאַן קומען אין ירושלים. איך האָף נאָר אַז ביז יענער צייט וועט אונז געלינגען אינגאַנצען צו פערטרייבען דעם שונא פון ארץ ישראל.

יוסף האָט געקושט זיין זוהן, ער האָט איהם נאָך אַמאָל אָנגעזאָגט, ער זאָל בלייבען אַ געטרייער איד און זאָל זיך האַלטען פון דערווייטענס פון די חכמים, און איז אוועק נאָך ירושלים...

* * *

עלענד און איינזאַם איז עקיבא געבליבען אין לוד... זיין מוטער איז געשטאָרבען, דער פאָטער איז אוועק אין ירושלים, ווער ווייס צי וועט ער איהם אַמאָל זעהן?

יעדען טאָג, גאַנץ פריה, ווען די זון געהט אויף, פיהרט עקיבא די שאָף פון זיין האַר אין פעלד און פאַרנאַכט ווען די זון פאַרגעהט, ברייגגט ער צוריק די שאָף. און דעם גאַנצען טאָג ווען ער זיצט אין פעלד אונטער דעם שאָטען פון אַ בוים, וועבט ער זיינע גאָלדענע חלומות, וועגען זיין צוקונפט, וועגען דער צוקונפט פון ארץ ישראל. ער חלום'ט נאָך אַמאָל צו זיין אין די וואונדערבאַרע און הייליגע שטאָדט ירושלים, דאָרט וועט ער זעהן דעם פּראַכטפאָלען בית המקדש. דאָרט וועט ער זעהן זיין פאָטער וועלכער קעמפט זייט־ביי־זייט מיט די העלדישע קנאים. ער וועט זיך אַליין אויך אָנשליסען אין דער אידישער אַרמיי און וועט קעמפען ווי אַ לייב געגען די מעכטיגע רוימער...

עקיבא האָט בעשלאָסען צו פערלאָזען זיין געבורטס־שטאָדט לוד און געהן נאָך ירושלים... אָבער ווי קען ער זיך אַרויסלאָזען אויף דעם וועג ווען ער געהט

באַרוועס, און זינט ער אַרבייט אַלס אַ פּאַסטוך, האָט ער נאָך קיין פּאָר שיך נישט געהאַט. ער איז געוועזן צופריעדען אַז זיין האַר האָט איהם געגעבען עסען גענוג. זיינע קליידער זיינען געוועזן צוריסען, און שיך האָט ער אפילו קיין צוריסענע נישט געהאַט...

עקיבא האָט יעצט געגומען טרוימען וועגען אַ פּאָר שיך... ווען ער זאָל יעצט האָבען אַ פּאָר שיך, וואָלט ער זיך גלייך געלאָזט געהן קיין ירושלים. דער וועג פון לוד ביז ירושלים איז לאַנג; ער איז פול מיט שטעכעדיגע דערנער און שטיינער... צו געהן אַהין צו פוס אַ באַרוויסער איז אונמעגליך...

מאָנאַטען זיינען אַוועק און עקיבא האָט זיך נאָך אַלץ נישט געקענט דערשלאָגען צו אַ פּאָר שיך.

איינמאָל פאַרנאַכט, ווען עקיבא האָט זיך צוריקגעקעהרט פון פעלד מיט די שאָף, איז ער, אַנשטאַט צו געהן עסען זיין אָבענד־ברויט צוזאַמען מיט די איבריגע פּאַסטוכער, אַוועק צום שוסטער פון לוד. ער האָט איהם דערצעהלט וועגען זיין פּלאַן און איהם געפרעגט ווי אַזוי ער קען קריגען אַ פּאָר שיך פאַר'ן וועג.

— דו קום אַהער יעדען אָבענד און טהו פאַר מיר אַרבייט פּאַר אַ געוויסע צייט, נאָכהער וועל איך דיר מאַכען אַ פּאָר שטאַרקע שיך, — האָט איהם דער שוסטער געזאָגט.

עקיבא איז פרעהליך געוואָרען; ער וועט באַלד האָבען אַ פּאָר נייע שיך און ער וועט קענען געהן נאָך ירושלים צופוס...

יעדען אָבענד ווי ער איז נאָר פריי געוואָרען פון פּאַשען די שאָף, איז עקיבא אַוועק צום שוסטער אַרבייטען... ער האָט צוהאַקט זיין האָלץ, געבראַכט וואַסער פון ברונעם, ער האָט זיינע וועש געוואַשען און דערצו נאָך איהם צו־געהאָלפען ביים וואַרשטאַט...

דריי חדשים האָט עקיבא געאַרבייט שווער און ביטער פאַר'ן שוסטער.

— יעצט וויל איך האָבען די שיך, — האָט ער געזאָגט דעם שוסטער.

— איך וועל דיר געבען די שיך, — האָט איהם דער שוסטער געזאָגט, — אָבער צו וואָס דאַרפסטו זיך אַוועקלאָזען געהן אין אַזאַ ווייטען סכנות'דיגען וועג. דאָרטען, אין ירושלים איז יעצט טומעלדיג, די שטאָדט איז פול מיט צרות און טרויער. איך זעה אַז דו ביזט אַ וואוילער יונג, און דו ביזט מיר זעהר געפעלען און דאַדורך זאָג איך דיר אַז דו זאָלסט פאַרבלייבען דאָ מיט מיר און איך וועל דיר נאָך עטוואָס צאָהלען פאַר דיין אַרבייט.

— אָה, ניין, — האָט עקיבא געענטפערט, — פאַרהאַלט מיך נישט יעצט ווען מיין חלום האַלט ביים פאַרווירקליכט ווערען, קיין זאַך וועט מיר נישט באַ־וועגען אויפצוגעבען מיין פּלאַן צו קומען אין ירושלים.

— אויב אַזוי, — האָט דער שוסטער געזאָגט, — דערלאַנגענדיג איהם די נייע שיך, געה זיך דיר מיט פריעדען און זאָל דיר דער אויבערשטער מצליח זיין אין דיין וועג...

ווען עקיבא האָט אָנגעטהאָן די שיך איז ער געוועזן העכסט גליקליך... ער האָט דעם שוסטער בעדאַנקט און גלייך אַוועק צו זיין האַר און איהם אָנגעזאָגט אַז מאָרגען וועט ער שוין מעהר נישט געהן פּאַשען די שאָף, ווייל ער געהט אַוועק נאָך ירושלים.

מיט גרויס אומגעדולד האָט עקיבא געוואַרט אויף דעם פריהמאָרגען, און גלייך ווי נאָר די זון איז אויפגעגאַנגען, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזען אין וועג... מיט יעדען טריט וואָס ער איז אָפּגעגאַנגען איז ער אַלץ פרעהליכער געוואָרען... ער האָט געזעהן ירושלים, די שעהנע, די הייליגע. דאָרטען וועט ער געווים באַלד טרעפען זיין פאָטער. עס איז איהם אַזוי גוט, אַזוי וואויל...

ווען ער איז הונגעריג געוואָרען, האָט ער געגעסען פון די פרוכט פון די בוימער וואָס האָבען געוואָקסען ביי די זייטען פון וועג.

פאַרנאַכט איז עקיבא אָנגעקומען אין דער שטאָדט גמזו. אַ מיעדער פון וועג איז ער געווען, האָט ער אויפגעזוכט אַ שטילען פּלאַץ אָן אַ זייט, און האָט זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוהען אונטער אַ בוים. ער האָט באַלד איינגעשלאָפען מיט זיינע זיסע חלומות צו זיין אין ירושלים אין אַ פּאָר טעג אַרום...

אויף מאָרגען ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין שלאָף, האָט ער געזעהן עטליכע מענשען שטעהען אַרום איהם. צווישען זיי איז געווען יוליוס ווערנוס און זיין זוהן מאַנילוס.

— וואָס טהוסטו דאָ? — האָט יוליוס געפרעגט, — דו ווילסט זיך, וואַהרשיינליך אויסבעהאַלטען פון האַלבען שקל קאָפּ־שטייער פאַר די רוימער?

— ניין, מיין האַר, — האָט זיך עקיבא אויפגעשטעלט, — איך קום יעצט פון לוד, און איך געה נאָך ירושלים. מיין פאָטער געפינט זיך יעצט דאָרטען.

— דו געהסט נאָך ירושלים, הא? — האָט יוליוס ווערנוס געזאָגט מיט אַן איראָנישען שמייכעל, — דו קענסט זיך אומקעהרען צוריק אַהיים, ווייל קיינער קען נישט אַרויסגעהן פון דאָרטען, און קיינער קען נישט אַהין אַריין...

עקיבא איז געבליבען שטעהן פאַרגליווערט... ירושלים בעלאַגערט! זיין פאָטער איז דאָרטען... און ער וועט שוין אַהין נישט קענען קומען. איהם האָט זיך עס נישט געקענט גלויבען. נאָר דאָ הערט ער ווי נאָך איינינגע פאַרבייגעהענדע אידען רעדען וועגען דעם אַז טיטוס מיט זיין גרויסע אַרמיי בעלאַגערען די שטאָדט ירושלים... גאָרנישט האָט זיך אויסגעלאָזען פון זיין שעהנעם חלום... ירושלים איז שוין בעלאַגערט, זיין פאָטער קעמפט דאָרטען געגען די רוימער, און ער איז שוין צו שפּעט... ער האָט אַ קוק געטהאָן אויף זיינע שיך... צוויי גרויסע טרעהרען האָבען זיך באַוויזען אין זיינע אויגען...

— מיט וואָס האָסטו זיך בעשעפטיגט אין לוד? — האָט איהם יוליוס ווערנוס געפרעגט.

— איך בין דאָרט געווען אַ פּאַסטוך, — האָט עקיבא טרויעריג געענטפערט.

— גוט, — האָט יוליוס ווערנוס געזאָגט, — איך דאַרף טאַקע יעצט האָבען אַ פּאַסטוך, און אויב דו ווילסט קענסטו בלייבען ביי מיר, דו וועסט ביי מיר קריגען עסען, טרינקען און דיין הלבשה, און דערצו נאָך וועל איך פאַר דיר צאָהלען דיין האַלבען שקל קאָפּ־שטייער...

עקיצא האָט זיך אַ ווייל געקווינקעלט. ער האָט ביי זיך נישט געקענט בעשליסען אינגאַנצען אויפצוגעבען זיין פּלאַן צו געהן נאָך ירושלים... הונגעריג איז ער אָבער געווען, און וואוהין ווייטער צו געהן האָט ער נישט געהאַט, האָט ער איינגעשטימט.

— קום מיט מיר, איך וועל דיר צייגען דיינע שאָף, וועלכע דו וועסט

דארפען פּאַשען, און איינער פון זיינע פּאַסטוכער וועט דיר צייגען די פעלד וואוהין דו זאָלסט זיי פיהרען יעדען טאָג.

עקיבא איז נאָכגעגאַנגען נאָך יוליוס׳ן, וועלכער האָט איהם אַריינגעפיהרט אין אַ שטאַל און אָנגעצייגט אויף די שאָף.

— דו קענסט זיי שוין טרייבען אין פעלד, — האָט יוליוס געזאָגט און איהם איבערגעגעבען אַ לאַנגען שטעקען.

עקיבא איז געבליבען שטעהן אויף זיין פּלאַץ.

— נו, וואָס ריהרוסטו זיך נישט? — האָט עקיבא אַרויסגעשטאַמעלט.

— דו ווילסט שוין ביי מיר עסען איידער דו האָסט אָנגעפאַנגען צו אַרבייטען, — האָט איהם יוליוס געזאָגט, — אָבער זאָל מיינע איבערגעהן דעם מאָל, — האָט ער געזאָגט און זיך געווענדעט צו זיין זוהן מאַנילים:

— ברייננ אַרוים פון הויז אַ שטיקעל ברויט און אַ קריגעלע וואַסער און גיב דאָס דעם נייעם פּאַסטוך.

מאַנילוס האָט געבראַכט ברויט און וואַסער, און עקיבא האָט דערמיט געשטילט זיין הונגער. ער האָט גענומען דעם לאַנגען שטעקען און געטריבען די שאָף פון זיין נייעם האַר, יוליוס ווערנוס, אין פעלד.

אויפ׳ן וועג האָט ער אַרונטערגענומען זיינע שיך פון די פיס, ער האָט זיי נישט געוואָלט אויסטראָגען. ער האָט נאָך אַלץ געהאָפט אויף אַ מעגליכקייט אוועקצוגעהן אין ירושלים...

יעדען טאָג ווען עקיבא איז אַוועק אין פעלד מיט די שאָף, האָט ער מיט זיך גענומען די שיך, זיי געהאַלטען אונטער זיין אָרעם... ער האָט געוואַרט אויף אַ גוטער בשורה, דאָס די רוימער זאָלען צוריקטרעטען פון ירושלים, און דער וועג צו דער הייליגער שטאָדט וועט פריי ווערען, דאַן וועט ער זיך לאָזען ווידער געהן נאָך ירושלים.

עקיבא האָט געפיטערט זיינע שאָף ביי דעם וועג, און דעם גאַנצען טאָג האָבען זיינע אויגען געזוכט אַ דורכגעהענדען וועלכער זאָל איהם אָנזאָגען די גליקליכע בשורה... און ווען זיינע אויגען זיינען מיעד געוואָרען צו קוקען אין דער ווייטקייט, האָט ער זיך אונטער׳ן בוים אַנידערגעזעצט, צוגעמאַכט די אויגען, און אויף די פליגלען פון זיין פאַנטאַזיע איז ער אַוועקגעפלויגען אין די וואונדערבאַרע שעהנע שטאָדט ירושלים. ער זעהט דעם בית המקדש אין זיין פולען פּראַכט און גלאַנץ, די כהנים און די לויים זינגען און שפּיעלען און דאָס גאַנצע אידישע פאָלק איז אַזוי פרעהליך, אַזוי גליקליך... ער זעהט זיין ליעבען פאָטער דאָרטען אָנגעגורט מיט אַ שווערד צו זיינע לענדען ער איז איינער פון די שומרים פון שטאָדט...

— פאָטער, דאָ וועל איך בלייבען מיט דיר אויף אימער, דאָ אין דער הייליגער שטאָדט ירושלים, איך וועל פון דאַנען קיינמאָל ניט אַוועקגעהן...

אַזוי האָט עקיבא געטריומט טאָג איין, טאָג אויס, ווען ער איז אַליין מיט די שאָף אין פעלד געוועזן.

און איינמאָל, אַזוי חלום׳ענדיג, האָט עקיבא זיך פּלוצלינג אויפגעשטעלט ער האָט ערוואַכט פון זיינע זיסע טרוימען... צו זיינע אויערען האָבען דער־

גרייכט משונה'דיגע קולות. זיין האַרץ האָט אָנגעהויבען שטאַרק צו קלאַפּען... אפשר איז דאָס אַ גוטע בשורה, די רוימער האָבען צוריקגעטראָטען!.. ירושלים איז באַפרייט געוואָרען!.. עקיבא האָט שנעל אָנגעטהאָן זיינע שיך און איז געלאָפען צו דעם פּלאַץ פון וואַנען די שטימען האָבען זיך דערהערט. ווען ער האָט זיך דערנעהנטערט, האָט ער באַמערקט עטליכע אידען שטעהן אין אַ גרופּע, מיט געבויגענע קעפּ. אין מיטען שטעהט אַ איד מיט אַ לאַנגע גראָהע באָרד, זיינע קליידער צוריסען, אַ זאַק אויף זיינע לענדען, אַ האַרץ־רייסענדער יאָמערליכער געוויין פילט פּלוצלינג אָן די שטילע לופט פון אַרום.

— וואָס האָט פּאַסירט ? — האָט עקיבא געפרעגט אַ דערשראָקענער.

— אַ גרויסער אומגליק ! גאָט'ס צאָרן האָט זיך אויסגעגאָסען אויף זיין פאָלק יהודה ! אוי וועה !... וואָס איז פון אונז געוואָרען ? !... ירושלים איז חרוב געוואָרען... דער בית המקדש איז פאַרברענט געוואָרען... די קרוין פון אונ־זער קאָפּ איז אַרונטערגענומען געוואָרען...

אַ טויט־בלאַסער איז עקיבא געבליבען שטעהן. זיין קערפּער האָט געציטערט, זיינע אויגען האָבען טרויעריג אָנגעקוקט דעם וועלכער האָט די שרעק־ליכע בשורה דערצעהלט...

— ווי ליבען האָבען אונזערע ברידער, די קנאים, געקעמפט געגען די רוימער, — האָט דער אַלטער ווידער מיט געוויין דערצעהלט, — און איינמאָל האָבען זיי שוין געהאַט דעם שונא פאַריאָגט פון שטאָדט... אָבער דער הונגער אין שטאָדט האָט זיך פאַרשטאַרקט, פערשמאַכטע פון הונגער און דורשט זיינען אונזערע העלדישע קעמפער אָבגעשוואַכט געוואָרין. אוי, וועה ! און דער בלוטג דורשטיגער שונא איז אין שטאָדט אַריינגעדרונגען און האָט אונזער הייליגע שטאָדט צושטערט און דעם בית המקדש, די קרוין פון אונזער קאָפּ, פאַרברענט.

דער גיוויין האָט זיך פאַרשטאַרקט, אַלע אידע אין דער גרופּע האָבען זייערע קליידער צוריסען און געקלאָגט :

„אוי וועה, וואָס פון אונז איז געוואָרען ! חרוב געוואָרען אונזער פּראַכט־פאָלע שטאָדט, אָפּגעווישט איז געוואָרען אונזער שטאָלץ, דאָס הויז פון גאָט איז פאַרברענט געוואָרען, אה, גאָט, פאַר וואָס שיינט נאָך די זון אויף דער וועלט !...”

— ווען האָט עס פּאַסירט, — האָט עקיבא אַביסעל שפּעטער געפרעגט.

— עס האָט פּאַסירט אין דעם זעלבען טרויעריגען און שרעקליכען טאָג ווען אונזער ערשטער בית המקדש איז פאַרברענט געוואָרען. אוי, וועה, אונזער בית המקדש איז יעצט ווידער פאַרברענט געוואָרען אום תשעה באב, דעם זעל־בען טאָג פון אונזער פאָלקס טרויער און בראָך. דער שטן איז דעם שונא גע־קומען צו הילף אין דעם טאָג. מאַכטלאָז זיינען אונזערע העלדען געוואָרען אין דעם ניינטען טאָג אין אב, וועה איז אונז ! דעם שונא'ס שווערד האָט געשניטען אויף רעכטס און אויף לינקס, געשאָכטען און געשטאָכען האָבען די רוימער אומברחמנות'דיג, מוטערס מיט זייערע קינדער, אַלטע און יונגע, אַלעמען, אַלע־מען אויסגעקוילעט !...

— אַלעמען אויסגעקוילעט ! — האָבען ביטער און יאָמערליך די איבריגע געקלאָגט, — אונזערע העלדען זיינען מעהר ניטאָ. אויף וועמען, האַרציגער פאָטער אין הימעל, האָסטו אונז פאַרלאָזען ? !...

— די וועלכע זיינען נישט געפאלען פון שווערד, האבען די רוימער גע־פאנגען גענומען, אום זיי פאר שקלאפען צו פארקויפען, אדער זיי זאלען קעמפען מיט ווילדע חיות אין זייערע צירקען... אוי וועה צו אונז! אונזערע שעהנסטע און בעסטע זיהן און טעכטער וועלען ווערען שקלאפען אין דעם שונא'ס לאנד...

— מיר מוזען לויפען אנזאגען די טרויעריגע בשורה צו אלע איינוואהנער פון שטאדט גמזו — האט דער אלטער געזאגט. און איז מיט די איבריגע אידען שנעל אוועק אין שטאדט.

עקיבא איז געבליבען שטעהן אויף זיין פלאץ באוועגלאז. צוויי גרויסע טרעהרען האבען זיך אראבגעקייקעלט פון זיינע אויגען... און שטילערהייט האבען זיינע ליפען געמורמעלט: מיין ליבער פאטער! ירושלים, בית המקדש... ער האט זיך אוועקגעזעצט אויף דער ערד און אויסגעטהאן זיינע שיך. א ווייל׳ע האט ער זיי בעטראכט און צוגעשאקעלט מיט זיין קאפ. ער האט זיך באלד אויפגעהויבען פון זיין פלאץ און מיט זיין גאנצע קראפט א שלײדער געטהאן זיינע שיך. א בארוויסער האט זיך עקיבא צוריקגעקעהרט צו זיינע שאף...

## פערטער קאפיטעל

# דער אלטער

לאנג האט עקיבא געטרויערט נאך דעם חורבן ירושלים. פון אלע זיינע שעהנע חלומות איז גארנישט געווארען. דער וואונדערבארער פראכטפאלער בית המקדש איז פארברענט... ירושלים פארוויסט... און זיין ליעבער פאטער? ! איז ער געפאלען אין שלאכט־פעלד צוזאמען מיט די איבריגע העלדען? אדער איז ער אין געפאנגענשאפט ביי די רוימער? און אפשר איז ער גאר אנטרונען געווארען און געפינט זיך יעצט אין זיין געבורטס־שטאדט לוד?

עקיבא האט בעשלאסען ביי די ערשטע געלעגענהייט צוריקצוגעהן אין לוד. דארטען האט ער געהאפט צו געפינען זיין פאטער אויב ער לעבט נאר...

דערווייל האט ער ביי יעדען איינעם, וועלכער איז פון ירושלים געקומען, זיך נאכגעפרעגט אויב ער האט זיין פאטער געקענט. און איינמאל, אין־דער־פריה ווען עקיבא האט די שאף אין פעלד געטריבען, האט ער אויפ'ן וועג אן אלטען אידען באגעגענט. אנגעשפארט אין זיין גראבען שטעקען, איז דער אלטער לאנגזאם געגאנגען, מיט דעם גרויען קאפ צו דער ערד געבויגען.

— שלום! — האט איהם עקיבא באגריסט.

דער אלטער האט זיך אפגעשטעלט, און שאקלענדיג מיט זיין קאפ, האט ער שווייגענדיג אויף עקיבא'ן מיט זיינע טרויעריגע אויגען געקוקט...

—שלום! — האט עקיבא ווידערהאלט עטוואס העכער, דענקענדיג אז דער אלטער איז טויבליך.

— ניין, מיין זוהן, ניטא מעהר קיין שלום פאר די אידען. גאט'ס צארן איז אויף אונז אויסגעגאסען געווארען.. צרות... פורעניות, הרוגים... פער־וויסטונג און צושטערונג, אט דאס אלעס האבען מיר אידען, אבער נישט קיין שלום...

— ביזטו, זיידע, אין ירושלים געווען אין דער צייט פון חורבן? — האט עקיבא איהם געפרעגט.

— געווען! מיט מיינע אויגען די שרעקליכסטע בילדער צוגעזעהען... זעקס זיהן האב איך געהאט, אלע העלדען... זיי האבען זיך אין קאמף געגען שונא געווארפען מיט זייער גאנצער יוגענדליכער קראפט, זייערע לעבענס אין גרעסטען געפאהר געשטעלט... אין דער פינסטערניש פון דער נאכט האבען זיי זיך נישט איינמאל שטילערהייד פון שטאדט ארויסגערוקט און האבען א שרעק אין דעם שונא'ס לאגער אנגעווארפען... אונזער פאטער אין הימעל אבער, האט אונז שטראפען געוואלט... גרויס און שרעקליך איז אונזער שטראף!...

— האסטו דיינע אלע זיהן אין שלאכט מיט די רוימער פארלארען? — האט עקיבא איהם געפרעגט.

דער אלטער האט א זיפץ געטהאן, ער האט זיך אויף דעם גראז אנידער־געזעצט און זיין שוויס פון פנים געווישט.

עקיבא האט איהם זיין לאגעל וואסער געגעבען און דער אלטער האט זיין דורשט געשטילט.

— יא, יא, — האט דער אלטער נאך א קליינע פויזע אנגעפאנגען, — זעקס זיהן, געזונטע ווי לייבען... אין זייערע הערצער האט א הייליגעס פייער געברענט... דאס פייער וואס די מאקאבייער האבען אנגעצונדען... אונטער די פיהרערשאפט פון יוחנן פון גוש חלב האבען זיי מיט די רוימער געקעמפט, ווען דער שונא האט זיך אריינגעבראכען אין ירושלים... הונגעריגע זיינען זיי געווען, מידע און נישט אויסגעשלאפענע... אבער זייערע שארפע שווערדען האבען געשניטען אויף רעכטס און אויף לינקס. פאר יעדען טריט וואס די רוימער האבען זיך פארווערטס גערוקט, האבען זיי מיט הונדערטע לעבענס בעצאהלט... טייכען בלוט, געמישט פון די רוימער און אידען, האט אנגעפילט דעם גאנצען וועג צום בית המקדש... דריי פון מיינע זיהן זיינען אין יענער שלאכט געפאלען... די אנדערע דריי זיהן מיט די איבריגע העלדען, האבען זיך באפעסטיגט אין בית המקדש און האבען דעם טמא'דיגען שונא נישט צוגעלאזען צו די קדשי קדשים... דער קאמף האט זיך מיט מעהר היץ און ערביטערונג צופלאקערט. און ווען דער שונא איז שוין נעבען בית המקדש געשטאנען, האט מיין אינגסטער זוהן, וועלכער איז אויפ'ן דאך פון בית המקדש געשטאנען און געווארפען שטיינער און פיילען אין דעם שונא'ס לאגער, פלוצים דערזעהען א רוימישען גענעראל זיצענדיג אויף א פערד, אנצייגענדיג זיינע חיילות ווי אריינצודרינגען אין בית המקדש. מיט דעם שווערד אין זיין האנד, האט מיין יונגסטער זוהן פון הויכען דאך אויף דעם גענעראל ארויפגעשפרונגען און איהם אויף אן ארט געטויטעט... די רוימער האבען אבער מיין קינד'ס קערפער מיט זייערע שפיזען דורכגעלעכערט...

דער אלטער איז א ווײלע שטיל געבליבען, ער האט זייגע טרעהרען אפ־געווישט.

עקיבא האט אויף איהם טרויעריג געקוקט... זיין הארץ האט שטארק וועה געטהאן ווען ער האט די טרעהרען פון אומגליקליכען פאטער געזעהען, און שטילערהייד האט ער געפרעגט:

— וואס איז געווארען מיט דיינע אנדערע צוויי זיהן?

— זייערע כשר'ע נשמות זיינען אויף אין הימעל ארויף. זיי ביידע זיינען אויך געפאלען אין שלאכט פארטיידיגענדיג דעם בית המקדש...

— און וואו ביזטו געווען אין דער צייט פון שלאכט? — האט עקיבא איהם געפרעגט.

— איך און נאך עטליכע עלטערע אידען זיינען געווען בעהאלטען אין א חיהל, נישט ווייט פון בית המקדש... מיר האבען געקענט הערען די געשרייען פון די פערוואונדעטע, די בעטויבענדע קראכען פון די פאלענדע געביידעס, און דעם רעש און קלאנג פון די געוועהר... און ווען מיט אמאל איז אלעס שטיל געווארען, האבען מיר פארשטאנען אז עס איז שוין נאך אלעמען... מיר זיינען פון אונזער הייהל ארויסגעקראכען, מיר זיינען געווען זעהר אבגעשוואכט פון הונגער און שרעק... די גאסען זיינען געווען באדעקט מיט טויטע קערפערס פון די העלדען... יעדער פון אונז האט געהאט זיהן אין די ארמעע פון די קנאים, און מיר האבען זיך צושפרייט זוכען אונזערע אייגענע הרוגים און ברייגנען זיי צו קבר ישראל... פיעלע זיינען געלעגען פער'חלש'טע און א סך האבען גע'גוסס'ט... עס איז געווען פארטאג, אלעס ארום איז געווען טויט־שטיל... דא און דארטען איז די שטילקייט אונטערבראכען געווארען פון א קרעכץ פון א פערוואונדעטען גוסס'ן זעלנער... איך האב געזוכט מיינע זיהן... בין געגאנגען און בעטראכט אלע הרוגים... פלוצלינג דערהער איך ווי מען רופט מיך ביי מיין נאמען... צום ערשטען האב איך געמיינט אז מיר דוכט זיך דאס, אבער איך האב באלד ווידער געהערט א שוואכע שטימע רופענדיג: "ר' אהרן, ר' אהרן..." איך בין געגאנגען צו דעם פלאץ פון וואנען די שטימע איז געקומען און איך האב דערזעהן אונזער בעסטען פריינד, וועלכער האט זיך אויפגעהאלטען אין אונזער הויז דורך דער גאנצער צייט פון די מרידה. ער האט געקעמפט אין דער זעלבער אפטיילונג וואו מיינע זיהן זיינען געווען. און שפעט ביי נאכט פלעגט ער צוזאמען מיט מיינע זיהן, קומען אין מיין הויז אפרוהען אויף עטליכע שטונדען; און ווי נאר דער פריהמארגען האט זיך באוויזען, פלעגט ער שוין מיט מיינע קינדער זיין גרייט מיט די געוועהר ווידער צו קעמפען געגען דעם שונא...

איך בין צוגעגאנגען נעהענטער צו איהם און האב בעמערקט ווי ער ליגט א שטערבליך פערוואונדעטער אויף דער ערד... איך האב איהם געוואלט אויפ־הויבען פון דער ערד, אבער ער האט זיך צו מיר אפגערופען:

— ניין, ר' אהרן, מיינע מינוטען זיינען געצעהלטע... גאט האט דיר צו מיר געשיקט, איך האב צו דיר א בקשה...

— וואס איז געווארען פון מיינע זיהן? — האב איך איהם גלייך געפרעגט.

ער האט מיר מיט זיין שוואכע שטימע דערצעהלט פון יעדען בעזונדער, ווי העלדיש יעדער האט געקעמפט און ווי אזוי יעדער איז געפאלען אין שלאכט... נאכהער האט ער אויסגעשטרעקט זיין האנד און מיר איבערגעגעבען א צו־קנייטשטע שטיקעל פארמעט.

— איך האב א זוהן אין דער שטאדט לוד, און מיין בקשה איז, אז גאט וועט דיר העלפען און דו וועסט פון דאנען בשלום ארויסגעהן, זאלסטו נעהמען געפינען מיין זוהן און איהם איבערגעבען דעם בריעף... דאס האט דיין אינגסטער

זוהן פאר מיר אנגעשריבען א קורצע צייט איידער ער איז פון דאר אויף דעם רוימישען גענעראל געשפרונגען...

— א זוהן אין לוד ? ! ווי האט דער מאן געהייסען, — האט עקיבא זיך אויפגעשטעלט פון פלאץ און מיט נייגעריגקייט געפרעגט :

— יוסף האט ער געהייסען... — האט דער אלטער געענטפערט.

— יוסף ? ! ער איז דאך מיין פאטער ! — האט עקיבא אויסגעשריען. — זאג דאך מיר וואס האט מיט איהם פאסירט ?

— און ווי הייסטו ? — האט דער אלטער געפרעגט.

— מיין נאמען איז עקיבא !...

— יא, מיין קינד, דאס ביזטו, זיין זוהן... געליובט איז גאט וואס ער האט געמאכט איך זאל זיך מיט דיר דא טרעפען... איך בין דאס יעצט געגאנגען נאך לוד, איך האב געוואלט ערפילען דיין פאטער'ס בקשה. א דאנק דעם אייבערשטען, וואס האט מיין וועג פארקירצט... איך בין אלט און שוואך, איך האב מורא געהאט דאס איך וועל נישט קענען דערגעהן ביז לוד...

— זאג דאך מיר, איך בעט דיר, — האט עקיבא געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען, — לעבט נאך מיין פאטער ?

— ניין, מיין קינד ! — האט דער אלטער טרויעריג געשאקעלט מיט'ן קאפ, — נאכדעם ווי ער האט מיר איבערגעגעבען דעם צוקנייטשטען פארמעט איז באלד זיין כשר'ע נשמה אין הימעל ארויף...

עקיבא האט באלד צוריסען זיינע קליידער און האט אנגעהויבען וויינען :

— מיין טהייערער ליעבער פאטער איז טויט ! מיין נאבעלער פאטער איז געשטארבען אויפ'ן שלאכטפעלד פערטיידיגענדיג די הייליגע שטאדט ירושלים און דעם בית המקדש...

— וויין, מיין קינד, וויין ! — האט דער אלטער אליין געיאמערט, — לאמיר ביידע וויינען אויף דעם גרויסען בראך וואס האט געטראפען אונזער פאלק יהודה... לאמיר וויינען אויף דעם שרעקליכען חורבן, לאמיר בעוויינען דעם פראכטפאלען בית המקדש, אונזער שטאלץ, אונזער ציערונג, וואס איז פאר־ברענט געווארען ביז'ן יסוד... לאמיר וויינען איבער'ן גרויסען אומגליק וואס אונז ביידען האט געטראפען... דו האסט דיין פאטער, דעם איינציגען פריינד אין דיין לעבען, פערלארען... און איך... מיינע זעקס זיהן, מיינע זעקס הייליגע קינדער וועלכע האבען זיך מקריב געווען על קדוש השם... זיי זיינען געווען די קרוינען פון מיין קאפ, מיין טרייסט און האפנונג... ניטא שוין מעהר מיינע זעקס יונגע העלדען !... אך, גאט אין הימעל, נעהם ראכע פאר די פארגאסענע בלוט פון מיינע אומשולדיגע הייליגע קינדער...

די שאף האבען זייער פאשע אויפ'ן וועג געפונען ; זיי האבען שטיל און בעשיידען דאס גראז געגעסען. און ביידע, דער אלטער און עקיבא, זיינען אויף דער ערד געזעסען און יאמערליך געוויינט...

לאנג האבען זיי געוויינט, ביז דער קוואל פון טרעהרען איז ביי זיי אויסגעטריקענט געווארען... א קורצע ווייל'ע זיינען ביידע שטיל געבליבען... נאכהער האט דער אלטער ארויסגענומען דעם צוקנייטשטען פארמעט פון בוזים און עס דערלאנגט עקיבא'ן.

און אין דיין צייט קען נאך גאט געבען אז יהוה וועט פון זיך דעם רוימישען יאך ארונטערוואַרפען און ווידער זעלבסטשטענדיג ווערען... איך האָף אז דו וועסט זוכה זיין צו זעהן מיט דיינע אויגען ירושלים צוריק געבויט און דעם בית המקדש אין זיין גאנצען פראכט און גלאנץ. פאָלג, מיין קינד, דיין פאטער'ס פארזאָג אין דעם בריעף וואָס איז געשריבען געוואָרען צו דיר מיט בלוט פון זיין הארצען...

עקיבא האָט דאָס פאַרמעט גענומען און געוואָרפען זיינע טרויעריגע בליקען אויף דעם...

— איך קען דאָס אָבער נישט לעזען, — האָט ער זיך אָפּגערופען צום אלטען, — מען האָט מיר קיין מאָל נישט געלערנט שרייבען און לעזען.

— נעהם, מיין קינד, דיין פאטער'ס בריעף. דו ביזט נאך יונג און קרעפטיג,

— איך פארשטעה מיין קינד, דו האָסט זיך אויפגעהאָדעוועט אליין, אהן א מאמען און אהן א טאטען, דו האָסט אלס קינד געמוזט זיך אליין מפרנס זיין... אוי וועה, צו וואָס פאר א שלעכטע צייט מיר האָבען זיך דערלעבט... גיב מיר דעם בריעף און איך וועל איהם לעזען פאר דיר.

עקיבא האָט איהם צוריקגעגעבען דעם פאַרמעט, און דער אלטער האָט אנגעפאנגען צו לעזען:

"צו דיר מיין זוהן, עקיבא, טהו איך שרייבען דיזע ווערטער. איך וויים נישט אויב איך וועל זיין צווישען די לעבעדיגע ווען דו וועסט מיינע ווערטער לעזען... דער שונא האָט די פעסטונג פון ירושלים צובראָכען און שטעהט שוין אין די טויערען פון שטאָדט... מיר באַפעסטיגען זיך אין בית המקדש... אָבער אונזער האָפנונג איז זעהר קליין דאָס מיר זאָלען זיך קענען רעטען פון דעם שונא. מיר זיינען אויסגעמאַטערט, אָפּגעשוואַכט פון הונגער, דורשט און פון נישט דערשלאָפען... אונזערע מחנות ווערען אלץ קלענער און קלענער... דעם שונא'ס, אָבער, ווערען גרעסער, מען ברייננגט צו יעדען טאג פרישע מחנות מיט גרויסע "טאראנען" (בעלאגערונגס מאשינען). גאָט וויים צי אונז וועט גע־לינגען צו פערשטויסען די רוימער פון בית המקדש... יא, זיי קומען אן... די שומרים האָבען זיי שוין באמערקט... זיי דערנעהנטערען זיך צום חר הבית... מיר איילען זיך, מיין זוהן, מיר נעהמען די געוועהר אין האנד, מיר מוזען ארויף אויף די טויערען און פארטיידיגען דעם בית המקדש... עס קאָן זיין, אז אין א פאָר שטונדען נאכדעם ווי דער בריעף ווערט פאר דיר געשריבען, וועל איך שוין זיין טויט, און אפשר וועל איך גענומען ווערען א געפאנגענער פון די רוימער, וואָס איז נאך פיעל ערגער ווי דער טויט... דאריבער, מיין זוהן, הער זיך צו צו די לעצטע ווערטער פון דיין פאטער יוסף בן יהושע, פון דער שטאָדט לוד, דו זאָלסט בלייבען א געטרייער איד צו דיין פאָלק און לאַנד. דו זאָלסט דיין גאנצען לעבען געדענקען וואָס די רוימער האָבען צו אונז געטהאָן... און ווען, חלילה, די צייט וועט קומען, ווען דו וועסט דאַרפען דיין לעבען מקריב זיין פאר דיין גאָט און פאָלק, זאָלסטו עס טהאָן מיט פרייד, ווי איך, און הונדערטע טויזענדע פון אונזערע ברידער טהוען עס יעצט...

"מיין זוהן, איך האָב געטהאָן א זעהר גרויסען אומרעכט צו דיר, ווען איך האָב אין דיר איינגעפלאַנצט א שנאה צו די תלמידי חכמים... זייענדיג אין ירושלים און קומענדיג אין בעריהרונג מיט פיעלע פון די תלמידי חכמים, האָב

איך זיך איבערצייגט אז מיין פאראורטייל געגען זיי איז אומגערעכט און גרונד־לאז... זייערע ווערטער זיינען הייליג און מיר דארפען זיי שעצען און אכטען, מיר אלע זעהן איין ווי וואויל און גוט עס וואלט געווען פאר אונז אידען, ווען מיר וואלטען די חכמים געפאלגט... ווארצעל אויס, מיין זוהן, דיין שנאה צו די חכמים, ווייל אונזער גאנצע צוקינפטיגע עקזיסטענץ ליגט נאר אין די הענד פון די חכמים...

"איך האב זעהר פיעל געגען דיר געזינדיגט, מיין זוהן, וואס איך האב דיך נישט געלערנט אונזער תורה. יעצט, אויב עס איז שוין צו שפעט פאר דיר אנצופאנגען לערנען, זאלסטו זעהן אם וויינגסטען אונטערשטיצען די אלע וועלכע לערנען אונזער היילינע תורה. זאל דיין גוף און נשמה געהערען צו דיין גאט און פאלק".

דיין פאטער — יוסף בן יהושע".

עקיבא האט גענומען דעם פארמעט פון אלטען און האט עס ווידער בע־טראכט און טרויעריג שאקלענדיג זיין קאפ, האט ער זיך אפגערופען:

— וואס פאר א נוצען קען איך אמאל ברייגגען מיין פאלק, ווען איך בין אזוי אומוויסענד?...

— זאג דאס נישט, מיין קינד, — האט דער אלטער זיין האנד ארויפגע־לייגט אויף עקיבא'ס קאפ, — דיין פאטער איז אויך נישט געווען קיין געלערנטער, פונדעסטוועגען האט ער פיעל, זעהר פיעל אויפגעטהאן פאר זיין פאלק. זיין הארץ איז געווען נאבעל און גוט. ער האט אזוי העלדיש פערטיידיגט ירושלים און דעם בית המקדש.. מיט אזא מסירת נפש געקעמפט פאר ציון'ס כבוד... און איז גע־שטארבען ווי א העלד, ווי א קדוש... און דו, מיין זוהן, ביזט נאך יונג, קריץ איין דיין פאטער'ס ווערטער אין דיין הארצען, און געה אין זיינע וועגען... זאל דיר גאט מצליח זיין אין אלעם וואס דו וועסט טהאן.

דער אלטער האט זיך געזעגענט מיט עקיבא'ן און איז אוועק אין שטאדט.

עקיבא איז געבליבען אליין. ער האט א ווײלע נאכגעקוקט דעם אלטען, און דערנאך צוזאמענגעטריבען די שאף און אוועק פיטערן זיי ווייטער אין פעלד...

עקיבא'ס צער און טרויער איז געווען זעהר גרויס.. יעצט איז ער אזוי עלענד און איינזאם... אלע זיינע חלומות און האפנונגען זיינען פארשוואונדען. די לעצטע האפנונג וואס ער האט געהאט, זיך נאך אמאל צו זעהן מיט זיין פאטער, איז אוועק... זיין פאטער איז טויט, ער איז געפאלען אין שלאכט... ער נעהמט ארויס פון בוזים דעם פארמעט, זיין פאטער'ס בריעף, און קוקט אין דעם אריין. ער בעטראכט עס פון אלע זייטען.. ווי גליקליך ער וואלט געווען, ווען ער קען עס לעזען; ער וואלט דאך געלעזען זיין פאטער'ס ווערטער הונדערטע מאל, און איהם וואלט זיך געדוכט, אז יעדעס מאל ווען ער לעזט דאס, רעדט דאס זיין פאטער צו איהם...

עקיבא האט שוין אויפגעגעבען זיין פלאן ווען עס איז צו געהן נאך ירושלים; ער האט בעשלאסען צו פארבלייבען ביי זיין יעצטיגען בעל הבית, יוליוס ווערנוס, אלס פאסטוך. פינף יאהר האט ער געפיטערט די שאף און האט איהם געטריי געדיענט; עקיבא'ס עהרליכקייט, בעשיידענהייט און געשיקטקייט האבען שטארק

צופרידענגעשטעלט זיין בעל הבית. ער האט איהם בעשטימט אלס דער הויפט־פאסטוך, און איהם פערטרויט דאס שערען פון די וואל.

גאנץ פריה, ווען אלע איבריגע קנעכט און פאסטוכער האבען נאך געשלאפען, איז שוין עקיבא מיט זיינע שאף צו דער פאשע געגאנגען. פארנאכט איז ער דער לעצטער אהיים געקומען.

שטיל און בעשיידען האט ער זיין ברויט געגעסען און מיט וואסער פערטרונקען; ער האט זיך מיט קיינעם נישט געפריינדעט; דער הילכיגער געלעכטער פון זיינע חברים, די פאסטוכער, זייערע וואולגארישע וויצען און בעמערקונגען, האבען אויף איהם קיין רושם נישט געמאכט.. ער פלעגט זיך אין א ווינקעל פון שטאל אוועקזעצען, פון בוזים זיין פאטער'ס פארמעטענעם בריף ארויסנעמען, איהם בעטראכטען, צודריקען צום הארצען, און חלום'ען פון די צייט ווען ער וועט קענען דעם בריעף אליין לעזען...

איינמאל אין אבענד, האט יוליוס ווערנוס צוזאמענגערופען אלע זיינע פאסטוכער און דיענער:

— איך האב אייך וויכטיגעס צו זאגען, — האט יוליוס זיך אפגערופען צו אלעמען, — קומט ארויף צו מיר אין הויז, און דארטען וועל איך אייך אלעס ערקלעהרען.

אלע זיינע דיענער האבען זיך פערזאמעלט אין זייער האר'ס הויז און אומגעדולדיג געווארט צו הערען וואס יוליוס ווערנוס האט זיי צו זאגען.

זיי האבען לאנג נישט געדארפט ווארטען. יוליוס איז באלד צו זיי אריין און זיך אפגערופען:

— מיינע דיענער, איך האב פאר אייך אלעמען אן אנגענעהמע איבערראשונג. וואלט יעדער פון אייך געוואלט האבען א נייעם מלבוש?

אלע האבען צופריעדענע געשאקעלט מיט'ן קאפ אויף יא.

— איך האב באשטעלט מאכען ביי א גריכישען קינסטלער, דעם רוימישען אפגאט יופיטער. די סטאטוע וועט באלד פארטיג ווערען. היינט איז אויך ערהאלטען געווארען א ידיעה אז טיטוס, דער רוימישער קעניג, האט געהאט א גלענצענדען זיעג איבער זיין שונא, דאריבער האב איך בעשלאסען צו פייערען אונזער קעניג'ס זיעג מיט א גרויסארטיגען מאלצייט... איך וועל איינלאדען צום מאלצייט מיין גוטען פריינד, דעם פערוואלטער פון גמזו, סעיאנוס בורוס, און פיעלע אנדערע רוימישע אריסטאקראטען. אויף דעם מאלצייט וועל איך זיי אלעמען איבערראשען מיט די סטאטוע פון דעם רוימישען גאט. איך וויל דאריבער צוגרייטען א שעהנע צערעמאניע לכבוד יופיטער, וואס וועט דארפען פארקומען ביים אויפדעקען די סטאטוע בעפאר די רוימישע געסט. און איהר אלע וועט מוזען אויספיהרען די צערעמאניע. איך וועל פאר יעדען פון אייך קויפען א נייעם מלבוש. איהר זאלט אלע קומען ריינע, ארומגעוואשענע בעת דער צערעמאניע. ווען איך וועל ארייןפיהרען די רוימישע געסט אין צימער, וואו יופיטער שטעהט פארדעקט, זאלט איהר ארומרינגלען די סטאטוע מיט די ליכט אין די הענד. ווען מיין זוהן און טאכטער וועלען צוטראגען די קליינע לעמעלע, א קרבן פאר יופיטער, דאן וועל איך א ציה טהאן מיט א שטריקעל און אויפדעקען די סטאטוע, און ווי איך וועל דאס טהאן, זאלט איהר אלע זיך בוקען מיט'ן פנים צו דער ערד און אויסשרייען:

# פינפטער קאפיטעל

# די נקמה

אויף מארגען אבענד האבען זיך שוין אלע דינער צוגעגרייט צו קומען אין זייער האר'ס הויז איינשטודירען די צערעמאניעס לכבוד יופיטער. די פאסטוכער זיינען פריהער ווי אלע טאג אהיים געקומען. עקיבא, אבער, האט זיך נישט געאיילט; ער האט בכיון זיך דאס מאל לענגער פערזאמט...

ווען אלע דיענער זיינען געווען אין הויז, האט יוליוס באמערקט אז עקיבא פעהלט.

— וואו איז עקיבא, דער פאסטוך? — האט ער געפרעגט.

— ער האט זיך נאך נישט אומגעקערט פון דער פאשע — האט איינער פון די פאסטוכער געענטפערט.

— געה ארונטער, יורם — האט יוליוס געזאגט צום פאסטוך — און ווי נאר ער וועט זיך צוריקקערען פון דער פאשע, זאלסטו איהם גלייך ארויף ברייננגען.

יורם האט זיך פערנייגט און איז ארונטערגעגאנגען. פון וויטען האט ער באמערקט עקיבא'ן אנקומענדיג מיט די שאף. ער איז איהם אנטקעגען געגאנגען און זיך צו איהם אפגערופען:

— עקיבא, וואס געהסטו אזוי פאמעליך, ווייסטו דען נישט אז אונזער האר, יוליוס ווערנוס ווארט יעצט אויף דיין קומען? מיר מוזען דאך איינשטודירען די צערעמאניעס פאר דער פייערונג וואס וועט פארקומען אין עטליכע טעג ארום לכבוד יופיטער...

עקיבא האט אויף איהם געקוקט מיט טריבע אויגען; ער האט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ און פארטגעזעצט צו געהן לאנגזאם.

יורם איז געווען דער איינציגער פאסטוך מיט וועמען עקיבא איז געווען באפריינדעט. די איבעריגע פאסטוכער האבען זיך פון איהם דערווייטערט. זיי האבען נישט געקענט פארטראגען זיין ערנסטקייט, זיין פארטראכטקייט. א חוץ דעם האבען זיי איהם מקנא געווען, וואס ער איז געווארען דער הויפט פאסטוך. יורם אבער, האט איהם זעהר געאכטעט אין הארצען, און פיעלע מאל ווען עקיבא האט זיך פערשפעטיגט צום אבענד ברויט, האט ער פאר איהם בעהאלטען זיין חלק ברויט...

יורם איז געווען דער איינציגער, וועמען עקיבא האט דערצעהלט זיין לעבען אין לוד און וועגען די העלדישקייט פון זיין פאטער, ווי ער איז געפאלען אין שלאכטפעלד, ביים פערטיידיגען דעם בית המקדש.

כאטש יורם איז געווען ווייט פון אידישקייט, ווי די איבעריגע פאסטוכער; איהם האט געפעהלט דער אידישער שטאלץ און ער האט בשום אופן נישט געקענט פארשטעהן פאר וואס די אידען ווילען דוקא זיין אפגעזונדערט פון די רוימער, האט דאך עקיבא אין איהם געפונען א גוטען פריינד.ביידע האבען אין איין שטאל געשלאפען. און ליגענדיג צוזאמען אויף דעם היי פלעגט עקיבא פאר איהם דערצעהלען זיינע חלומות און פאנטאזיעס...

יורם האט געוואוסט אז עקיבא'ן איז נישט צום הארצען, וואס ער וועט דארפען אנטייל נעהמען ביי די צערעמאָניעס לכבוד דעם רוימישען אפגאט, אבער ער האט געוואוסט, אז ווען עקיבא זאל נישט קומען וועט יוליוס זיין שטארק אין כעס, און ער קאן נאך איהם דערפאר פון זיין הויז פארטרייבען...

—עקיבא — האט זיך יורם נאך אמאל צו איהם אפגערופען — דו מוזט זיך צואיילען, ווייל אלע ווארטען אויף דיר און אונזער האר האט מיר געשיקט איך זאל זיך גלייך צוריקקעהרען מיט דיר.

— יורם, ביי דיר איז רעכט צו דינען דעם רוימישען אפגאט צוליעב א נייעם מלבוש און א גוטען מאהלצייט?! — האט איהם עקיבא געפרעגט.

— איך דין דען יופיטער'ן? — האט יורם געענטפערט — איך דין דאך נאר יוליוס ווערנוס'ן, ווייל אזוי פערלאנגט ער. און דו ווייסט דאך, אז אויב אימיצער פון אונז וועט איהם ווידירעשפעניגען און נישט פאלגען, דאן קען ער נאך פארלירען זיין שטיקעל ברויט. קום דאך, עקיבא מיט מיר, און דערצארען נישט אונזער האר!

עקיבא האט זיך א ווײַלע געקווײנקעלט, אבער ער האט זיך באלד ארומגעזעהן, אז עס קען זיך זעהר שלעכט אויסלאזען, זאל ער יעצט נים פאלגען יוליוס ווערנוס'ס באפעהל. ער האט שטילערהייד געזאגט

— איך געה מיט דיר, און זאל אונז גאט מוחל זיין.

ווען זיי זיינען אריין אין הויז, האט זיך יוליוס ווערנוס אפגערופען:

— פאר וואס, עקיבא, האסטו אונז אזוי לאנג געלאזען ווארטען אויף דיר. ווייסטו דען נישט, אז די צייט איז קורץ? און אויב איהר אלע וועט יעצט נישט איינשטודירען די צערעמאָניעס, וועל איך נאך פארשעהמט ווערען בעפאר די רוימער.

עקיבא איז געשטאנען מיט א געבויגענעם קאפ און נישט געענטפערט. יוליוס ווערנוס האט פארטגעזעצט:

— איהר, מיינע קנעכט און דיענסטען, דארפט וויסען, דאס די רוימער האבען מיט אונז געטהאן גרויס גענאד, זיי האבען אונזער האב און גוטס נישט גערירהט, ווייל מיר זיינען געבליבען געטריי צו די רוימישע הערשער. די רוימישע נאציאָן איז די מעכטיגסטע אין דער גאנצער וועלט, און מיר דארפען זיך פיהלען העכסט גליקליך, דאס מיר געפינען זיך אונטער דעם שוץ פון אזא נאבעלע און גרויסמוטיגע נאציאָן ווי רוים איז. מיר דארפען דעריבער זעהן זיך אסימילירען מיט זיי. און אננעהמען אלע זייערע מנהגים און זיטען... מיט זייערע שמחות דארפען מיר זיך פרעהען. זייער צער דארף זיין אונזער טרויער. און כאָטש מיר זיינען אידען, דארפען מיר עהרען זייער גאט יופיטער, וואס ער האט זיין רוימישעס פאלק אזוי ערהויבען און עס געמאכט גרויס, מעכטיג און אונבעזיעגבאר אין אלע מלחמות... יעצט, מיינע קנעכט, אין עטליכע טעג ארום מאך איך א גרויסען מאהלצייט לכבוד דעם רוימישען זיעג. און ווי איך האב אייך שוין נעכטען געזאגט, וועל איך איינלאדען זעהר געהויבענע רוימישע געסט, צווישען זיי וועט אויך זיין אונזער פערוואלטער, סעיאנוס בורוס. קיינער פון זיי וויים נישט, אז איך האב באשטעלט מאכען ביי א גריכישען קינסטלער, דעם רוימישען גאט יופיטער. עס וואונדערט זיך אן אייך, אז מיין איבערראשונג

פאר די רוימער זאל זיין פאלקאם און איינדרוקספאל. קומט אריין אין דעם צימער וואו די סטאטוע פון יופיטער שטעהט, און מיר וועלען איינשטודירען די צערעמאניעם.

די קנעכט האבען נאכגעפאלגט זייער האר און אריין אין דעם צימער פון יופיטער. יוליוס ווערנוס האט זיי אויסגעשטעלט לויט זייער הויך און זיי אנגעזאגט וואס צו טהאן.

ווען די קנעכט האבען זיך געזאלט בוקען פאר יופיטער׳ן און אויסשרייען: ״הייליג איז יופיטער, דער גאט פון די רוימער״, האט זיך עקיבא ענטזאגט דאס צו טהאן...

— דו נידערטרעכטיגער שקלאף! — האט יוליוס זיך אויף איהם צושריען — פארוואס פאלגסטו נישט אויס מיין באפעהל?!

— איך בין א איד, און איך וועל זיך נישט בוקען צום רוימישען אפגאט — האט עקיבא קורץ געענטפערט.

— פאטער, — האט זיך אריינגעמישט זיין טאכטער אקטאוויא, — אויב דער פאסטוך גלויבט, אז דאס איז איהם נישט ערלויבט, פאר וואס זאלסטו איהם צווינגען?... איך אליין בין אויך נ ז...

— נו, טאכטער, דו דארפסט זיך אין די זאכען נישט מישען — האט יוליוס אנגענומען זיין טאכטער פאר׳ן האנד — דו ביזט נאך צו יונג צו זאגען דיין מיינונג וועגען דעם, געה דערווייל אריין אין צווייטען צימער.

אקטאוויא איז פערשעהמטערהייד ארויס פון צימער. מאנילוס האט זיך מיט איהר גערייצט: ״דו קלייבסט זיך דאך פאהרען נאך רוים, א שעהנע רוימערין וועסטו זיין, ווען דו קענסט זיך נישט אפרייסען פון דיין אידישקייט!...

— אויב איך וועל פאהרען אין רוים, וועל איך אהין נישט פאהרען אלס א רוימערין, — האט אקטאוויא שארף געענטפערט איהר ברודער — אבער אלס א אידישע טאכטער.

— פונדעסטוועגען וועסטו אין א פאר טעג ארום צוזאמען מיט מיר מקריב זיין א יונגע לעמעלע, א קרבן פאר יופיטער, דעם רוימישען אפגאט!.. אויב דו ביזט טאקע אזוי צוגעבונדען צו אידישקייט, טו ווי אזוי קומט עס צו דיר דו זאלסט איינשטימען צו טהאן אזא זאך?...

— ערשטענס — האט אקטאוויא געענטפערט — געה איך דאס טהאן צוליעב׳ן פאטער, ווייל ער גלויבט, אז דאס וועט מאכען זעהר א גוטען איינדרוק אויף די רוימער, און איך וויל איהם נישט מצער זיין, דעריבער וועל איך איהם פאלגען... צווייטענס, איך אליין בין נאך נישט איבערצייגט, אז טוענדיג די צערעמאניעם נישט האבענדיג דאביי קיינע כונות, נאר בלויז צופרידענצושטעלען די רוימישע הערשענדע מאכט, וועט דאס פערשוועכען די אידישע רעליגיאן.

— אויב אזוי, טו פארוואס האסטו זיך אנגענומען דעם פאסטוך׳ס קריוודע, ווען דער פאטער האט אויף איהם אנגעשריען? דו אליין זאגסט דאך, אז זיך בוקען פאר יופיטער׳ן וועט די אידישע רעליגיאן נישט שאדען...

— איך זעה, מאנילוס, אז דיר ווילט זיך מאכען שפאס איבער מיר. איך האב דאך דיר געזאגט, אז דאס איז נאר מיין מיינונג, דער פאסטוך, אבער סען דאך האבען אן אנדער מיינונג וועגען דעם. און מיר האבען קיין רעכט נישט איהם צו צווינגען דאס צו טהאן געגען זיין ווילען...

— זאג מיר, מיין שוועסטער — האט מאנילוס געלאכט — פון וואנען האסטו ערווארבען אזעלכע געדאנקען וועגען אידישקייט ... דוכט זיך, אין אונזער הויז האסטו אזעלכע זאכען נישט געהערט און נישט געזעהן... אפשר איז א סברא, אז אנשטאדט צו פאהרען אין רוים, זאלסטו בעסער אוועקפאהרען נאך יבנה און זיך דארטען געפינען א חתן פון דער ישיבה... אבען דאן וועסטו מוזען אומבייטען דיין נאמען צוריק אויף אסתר !.. כא, כא, כא !... דו וועסט זיך רופען אסתר, און מסתמא וועסטו יעדען תשעה באב זיצען אויף א זאק מיט אש און קלאגען אויף דעם חורבן פון בית המקדש...

אקטאוויא איז אויפגערעגט געווארען פון כעס... זי האט איהם גארנישט געענטפערט און איז ארויס פון צימער.

---

נאכדעם ווי זיין טאכטער האט זיך אריינגעמישט, איז יוליוס ווערנוס עט־וואס מילדער געווארען צו עקיבא'ן.

— דו ביזט אן אומוויסענדער נאר און א גרויסער עקשן — האט ער גע־זאגט צו עקיבא'ן — געדענק, אויב דו ווילסט נישט נאכטהאן דיינע חברים און אויספיהרען די גאנצע צערעמאניע, דאן פארלירסטו דעם נייעם מלבוש, וואס יעדער פון אייך וועט קריגען, און אויך דעם גוטען מאהלצייט, וואס וועט צו אלעמען געגעבען ווערען נאך דער צערעמאניע... לאמיר אנגעהן מיט'ן איינ־שטודירען — האט זיך יוליוס געווענדעט צו די איבעריגע.

די קנעכט האבען נאך אמאל ארומגערינגעלט יופיטער'ן, און זיך פאר איהם געבוקט...

עקיבא איז געשטאנען אן א זייט און האט צוגעקוקט מיט א צעוועהטאגטע הארץ. ער האט זיך דערמאהנט וואס די רוימער האבען געטהאן צו דעם אי־דישען פאלק... זיי האבען פערוויסט דאס לאנד, געטויטעט זיין פאטער מיט הונדערטע טויזנדע פון זיינע ברידער... ער האט זיך דערמאהנט אין דעם אומ־גליקליכען אלטען, וועלכער האט זיינע זעקס זיהן פארלארען אין דער טבריערי־גער מלחמה מיט די אידישע שונאים... און יעצט קומט א איד און ברייגנט אריין ביי זיך אין הויז א רוימישען אפגאט, הייסט זיינע אידישע קנעכט זיך בוקען צו איהם, כדי ער זאל זיך דערמיט בעסער קענען חנפנ'ען צו די רוימער... און ער, יוליוס, האט נאך איהם אנגערופען נידערטרעכטיגער שקלאף... זיינע אייגענע נשמה איז אזוי געמיין פארשקלאפט צו די רוימער.. כדי נושא חן זיין ביי די דוימער, איז ביי איהם רעכט צו אבצולאכען פון אלעם וואס איז אידיש..

עקיבא האט געברענט פאר צארן... ער האט אין הארצען געוואונשען, אז א נס זאל געשעהן און דער אפגאט יופיטער, וועלכער שטעהט אין יוליוס הויז זאל צושמעטערט ווערען...

אין דעם לעצטען אבענד פאר די פייערליכע צערעמאניע, איז עקיבא אויף געקומען מיט די איבעריגע קנעכט, כאטש ער איז געשטאנען פון דער ווייטען און זיך פאר יופיטר'ן נישט געבוקט.

פאר'ן אוועקגעהן האט יוליוס זיי אנגעזאגט, אז מארגען דארפען אלע קומען נאך פריהער ווי אלע מאל, ווייל זיי וועלען מוזען אנטהאן די נייע מלבושים און זיין צוגעגרייט פאר די איבערראשונג.

די קנעכט זיינען אוועקגעגאנגען צופריעדענע און מיט גרויס אונגעדול־

געווארט אויף דעם מארגענדיגען אבענד, ווען זיי וועלען קריגען נייע מלבושים און א גוטען מאהלצייט...

עקיבא איז געווען דער איינציגער, וועלכער איז אוועקגעגאנגען צוטראגען און אומעטיג. ער איז אריין מיט יורם׳ן אין שטאל, און ביידע האבען זיך געלעגט שלאפען.

— דו וועסט דאך מארגען קומען צו דער פייערונג — האט יורם צו איהם געזאגט.

— ניין, — האט עקיבא געזאגט בעשלאסען — איך וועל מארגען געהן שערען די וואל פון די שעפסען און וועל זיין פערנומען פאר צוויי טעג.

— עס איז א שאדען, אז דו זאלסט צוליעב דעם פארלירען א נייעם בגד און א גוטען מאהלצייט... אזעלכע זאכען קריגען מיר נישט זעהר אפט... פופציג פעטע גענז זיינען צוגעגרייט געווארען פאר מארגענדיגען מאהלצייט... אך, ווי געשמאק!... און יורם האט באלד איינגעשלאפען מיט זיין זיסען חלום וועגען די גענזלאך...

עקיבא איז געווען זעהר אומרוהיג און האט נישט געקענט איינשלאפען. זיין צארן איז געווען זעהר גרויס, ווען ער האט זיך דערמאהנט, אז מארגען וועט א איד מאכען א יום טוב לכבוד די פארהאסטע רוימער... ער וועט חנפנ׳ען די רוימער מיט זייער אפגאט יופיטער. די אידישע שונאים וועלען זיך פרעהען און זינגען ליב געזאנגען צו יופיטער... זיין בלוט האט אין איהם געקאכט... אה, ווי ער וואלט זיך וועלען אפרעכענען מיט די מערדער פון זיין פאטער!... מיט די רויבער, וועלכע האבען ווי ווילדע חיות פערצוקט דאס פאלק ישראל, אויסגעזויגען זיין מארך... יא, מארגען וועלען יוליום ווערנוס׳ס אידישע קנעכט אויסשרייען: "הייליג איז יופיטער, דער גאט פון די רוימער"... זיי וועלען טאנצען ארום דעם אפגאט, און די רוימער וועלען אנקוועלען, זיי וועלען גלעטען זייערע פעטע בייכער, זיי וועלען זיך גוט אנשיכור׳ען און אויסשריין: יודעא קאפטא! יודעא דעוויקטא! סאפאס! סאפאס! (יהודה איז געפאנגען!
יהודה איז בעזיגט הורא הורא

און ווער וועט עס אלץ גורם זיין — א איד. ער וועט פערארזאכען דעם שונא׳ס שפאטען איבער יהודה׳ס בראך און אומגליק... עקיבא האט געברענט פון כעס... ער האט זיך פלוצלונג אויפגעהויבען פון זיין געלעגער, און בעמערקענדיג, אז יורם שלאפט געשמאק, האט ער זיך שטילערהייד ארויסגערוקט פון שטאל...

ער איז צוגעקומען צו ווערנוס׳ס הויז און האט ארויפגעקוקט צום פענסטער פון דעם צימער וואו די סטאטוע יופיטער איז געשטאנען. ער האט באמערקט, אז דער צימער איז געווען בעלויכטען.

עקיבא האט פארזיכטיג ארויפגעקלעטערט אויף דעם בוים, וואס איז געווען געגענאיבער דעם פענסטער... ער באמערקט ווי יוליום ווערנוס און זיין זוהן מאנילוס, באפוצען און באציערען יופיטער׳ן. דאס האבען זיי איהם צוגעגרייט פאר מארגענדיגער איבערראשונג... יוליום באטראכט דעם אפגאט פון אלע זייטען ער ווישט אפ די שטויב פון זיין פנים, פון נאז און פון די אויגען... ער ווייזט זיין זוהן ווי צו "פאלען כורעים" פאר יופיטער׳ן. יוליום און מאנילוס שטעלען זיך אויף די קניע, בוקען זיך צו איהם און שפרייטען אויס די הענד...

יוליוס'ן געפעהלט נישט זיין זוהן'ס "כורעים" און ער ציינט איהם נאך אמאל ווי דאס צו טהאן, מיט מעהר געשמאק... מאנילוס טהוט ווי זיין פאטער ציינט איהם... און א צופרידענער שמייכעל באוויזט זיך אויף יוליוס'ס פנים... זיין זוהן וועט איהם מארגען נישט פארשעהמען... ער וועט קענען די "מלאכה" זעהר גוט...

דער פאטער מיט'ן זוהן האבען גענומען ארבייטען איבער דער זיידענער דעקע, וואס האט איינגעהילט די סטאטוע. יוליוס האט געצויגען מיט דעם שנור פון איין זייט און די סטאטוע איז פארדעקט געווארען. דערנאך האט מאנילוס געצויגען פון דער אנדערער זייט און יופיטער האט זיך באוויזען מיט זיין גאנצען פראכט...

עקיבא האט עס אלעס צוגעזעהן און האט געקריצט מיט די צייהן פאר כעס. ער האט געדריקט זיינע פויסטען...

א שטארקער פארלאנג זיך נוקם צו זיין האט איהם באהערשט...

זיין דורשט פאר נקמה איז געווען אזוי שטארק, אז ער איז געווען גרייט אפילו זיין לעבען אין סכנה צו שטעלען...

אט באמערקט ער ווי יוליוס באטראכט יופיטער'ן נאך אמאל, ער פארציהט מיט דעם שנור און דער רוימישער אפגאט ווערט ווידער איינגעהילט אין דער זיידענער דעקע... מאנילוס נעהמט אוועק דעם ביינקעל וואס איז געשטאנען נעבען יופיטער'ן און טראגט איהם ארויס פון צימער. יוליוס נעהמט ארויס דעם שליסעל פון זיין קעשענע. ער פארלעשט די לאמפען און געהט ארויס פון צימער.

א היבשע ווייל האט עקיבא געווארט, זיצענדיג אויף דעם בוים... ער האט באמערקט, אז די איבעריגע צימערען פון יוליוס'ס הויז זיינען אויך פינסטער געווארען... ער האט פארשטאנען, אז דאס גאנצע הויז שלאפט שוין...

עקיבא האט זיך אנגעהאלטען אן דעם אויבערשטען לאנגען צווייג און האט איהם ארונטערגעבויגען ביז צום פענסטער פון יופיטע'ס צימער... ער האט אן דעם צווייג צוגעבונדען א שטריקעל, כדי ער זאל איהם קענען דערגרייכען נאך אמאל... עקיבא האט מיט גרויס פארזיכטיגקייט אויפגעעפענט דעם פענסטער און אריין אין צימער. ביי דעם שיין פון דער לבנה האט ער באמערקט די סטאטוע... ער האט א ציה געטהאן דעם שנור און די זיידענע דעקע האט זיך אויפגעעפענט... א ווייל איז עקיבא געשטאנען בעפאר יופיטער'ן אין פארלעגענהייט, ער האט נישט געוואוסט וואס צו טהאן... פלוצלונג אבער האט ער אויפגעהויבען זיין האנד און אנגענומען יופיטער'ן פאר זיין גרויסען דיקען נאז, און מיט זיין גאנצען כח איהם ארונטערגעריסען פון פנים... דער נאז איז געבליבען ביי עקיבא'ן אין האנד... ער האט נאך אמאל א קוק געטהאן אויף דעם רוימישען אפגאט. יופיטער האט אויסגעקוקט אזוי קאמיש, אזוי משונה'דיג מיאוס, אז עקיבא האט זיך קוים איינגעהאלטען נישט ארויסצוברעכען א גרויסען געלעכטער...

ער האט שנעל א ציה געטהאן מיט דעם שנור פון דער צווייטער זייט און צוריק פארדעקט די סטאטוע...

ער האט אוועקגענומען אלע שפורען, צונויפקלייבענדיג די שטיקלעך צעמענט, וואס איז ארונטערגעפאלען אויפ'ן דיל, אפברעכענדיג דעם נאז. מיט

זיין צוריסענע קאפאטע האט ער אפגעווישט די שפורען פון זיינע טריט אין דעם צימער. דורכ'ן זעלבען פענסטער איז ער ארויסגעגאנגען און ווידער צו־געמאכט. מיט דעם שטריקעל האט ער א ציה געשהאן צו זיך דעם צווייג פון בוים און אנהאלטענדיג זיך אן דעם, איז ער באלד צוריק געווען אויף דעם בוים. ער האט דעם שטריק פון צווייג ארונטערגענומען און שנעל פון בוים אראבגע־קלעטערט... א ווייל׳ע האט עקיבא באטראכט יופיטער'ס נאז און זיין האנט... דערנאך האט ער איהם אריינגעגראבען אין דער ערד, באשאטען מיט זאמד, און ער איז אוועק צוריק אין שטאל, וואו ער האט באלד איינגעשלאפען...

## זעקסטער קאפיטעל

# דער חשד

נאכדעם ווי זיין יום טוב לכבוד יופיטער'ן איז פארשטערט געווארען, ווען בשעת דער צערעמאניע איז ענטדעקט געווארען דאס יופיטער'ס נאז איז אויפגע־בראכען, האט יוליוס ווערנוס מורא געהאט, אז סעיאנוס בורוס זאל בעשטימען א צווייטען פאר'ן געלד זאמלער פון די אידישע שטייערן אין גמזו. ער וועט מוזען געפינען אנאנדער וועג ווי צו צייגען, דעם פארוואלטער אין גאמזו, זיין איבערגעגעבענהייט און געטרייהייט. ער האט צו זיך צוגערופען זיין זוהן און איהם געזאגט:

— הער זיך איין, מאנילוס, דו האסט דאך לעצטען אבענד בעמערקט דעם גרויסען צארן פון סעיאנוס בורוס. כאטש איך האב איהם איבערצייגט אז דאס איז ניט מיין שולד, און דערצו איהם נאך געגעבען צוואנציג טויזענד שקלים פאר'ן טעמפעל יופיטער קאפיטאליוס, בין איך אבער זיכער אז ער טראגט נאך ביי זיך אין הארצען א גרויסען כעס אויף מיר, פאר יופיטער'ס בעליידיגונג... ביי דער ערשטער געלעגענהייט קען ער נאך פון מיר אוועקנעמען די שטעלע פון אויפצומאהנען דעם אידישען קאפ שטייער, דעריבער, מיין זוהן, דארפען מיר ווי ווייט מעגליך, זעהען צו געפינען גנאדע אין זיינע אויגען. מיר מוזען איהם צייגען אז מיר זיינען איהם און יופיטערן געטריי און איבערגעבען... פון היינט א זאלסטו אפילו די בעטלער, וועלכע האבען נישט קיין היים אין גמזו, צווינגען זיי זאלען צאהלען דעם האלבען שקל, און אויב זיי וועלען ניטש וועלען אדער וועלען נישט האבען צו בעצאהלען, זאלסטו זיך נישט צוהערען צו זייער׳ע געבעטען, זאלסט זיך נישט אומקוקען אויף זייערע טרעהרען, ווארף זיי אריין אין געפענגענים. און זאל סעיאנוס זעהן אז מיר טוען נאך מעהר ווי אונזער פליכט פאדערט...

— פאטער — האט זיך מאנילוס אפגערופען — דער איינציגער וועג אי־בערצוצייגען סעיאנוס'ן אז מיר זיינען אומשולדיג אין יופיטער'ס בעליידיגונג, איז צו געפינען דעם שולדיגען איהם איבערגעבען אין סעיאנוס'עס הענד און זאל ער איהם בעשטראפען... כל זמן מיר וועלען דעם פארברעכער נישט געפינען, וועט סעיאנוס טראגען ביי זיך אין הארצען א שנאה אויף אונז. ער וועט אימער דענ־קען אז מיר האבען אין דעם א האנד...

— ווי אזוי אָבער קענען מיר איהם געפינען, אַז מיר האָבען נישט קיינע שפורען, — האָט יוליוס געזאָגט — איך האָב פריהער טאַקע חושד געווען עקיבא׳ן דעם פּאַסטוך, ווייל ער איז געווען דער איינציגער וועלכער האָט זיך נישט געוואָלט בוקען צו יופּיטער׳ן... אָבער ווי אַזוי האָט ער עס געקאָנט טהאָן, אַז דעם לעצטען אָבענד, נאָכדעם ווי ער איז מיט די איבעריגע פּאַסטוכער אוועקגעגאַנגען, האָבען מיר דאָך ביידע געזעהען אַז יופּיטער איז נישט געריהרט געוואָרען... געדענקסטו, ווען מיר האָבען צורעכט געמאַכט די זיידענע דעקע. דאָס איז שוין געווען האַלב נאַכט, איך האָב אָפּגעווישט די שטויב פון פּנים און דער נאָז איז גאַנץ געווען,און ווען מיר זיינען פון צימער אַרויס האָב איך די טיהר פערשלאָסען... דעם נעקסטען טאָג איז דאָך עקיבא גאָר נישט געווען, טו ווי אַזוי האָט ער דאָס גאָר געקענט טהאָן?...

— אויב אַזוי האָט עס קיין אַנדערער נישט געטהאָן ווי נחמה, די אידישע דיענסט — האָט מאַניולוס געזאָגט ענטשלאָסען.

— מיר האָבען דאָך איהר אויסגעפאָרשט לעצטען אָבענד... און דו האָסט דאָך אַליין געזעהן אַז איהרע הענד דערגרייכען נישט יופּיטער׳ס נאָז... זי וואָלט דאָך דאַן געדאַרפט אַריינטראָגען אין יענעם צימער אַ ביינקעל אויף וואָס זיך צו שטעלען, און מיט די הוילע הענד וואָלט זי אַליין נישט געקענט אָרונטערברעכען דעם נאָז, וואָלט זי דאָך געמוזט טראָגען געצייג... דאַן וואָלט מען איהר געוויס געכאַפּט... ניין, דאָס האָט געטהאָן אַ הויכער, אַ געזונטער מאַן...

— דו ווייסט, פאָטער — האָט זיך מאַנילוס אָפּגערופען — מיין עצה איז מיר זאָלען אַריינרופען ביידע דיענסטען, די שומרונות, וועלכע שלאָפען מיט נחמה׳ן אין איין צימער. אפשר וועלען מיר פון זיי עפּעס קענען דערגעהן וועגען נחמה׳ס בעוועגונגען יענע נאַכט, נאָכדעם ווי מיר האָבען דעם צימער צוגעשלאָסען... — גוט — האָט יוליוס צוגעשטימט, רוף זיי אַריין, און מיר וועלען זיי אויספרעגען, אפשר וועלען מיר עפּעס פון זיי דערגעהן.

מינילוס האָט אַריינגערופען די צוויי שומרונות.

— איך וויל אייך פערזיכערען — האָט יוליוס זיך צו זיי אָפּגערופען — אַז מיר האָבען נישט דעםמינדעסטען חשד אויף אייך. מיר ווילען נאָר פון אייך דערגעהן עטליכע זאַכען וועגען נחמה׳ן, די אידישע דיענסט; מיט וועמען האָט זי געשלאָפען מיט צוויי נעכט צוריק.

— מיט מיר — האָט זיך אָפּגערופען די נידעריגע שומרונית — מיר האָבען ביידע יענע נאַכט אין איין בעט געשלאָפען.

— איז נחמה אַרויס אויף אַ ווײלע פון איהר בעט, אין יענער נאַכט, — האָט מאַנילוס איהר געפרעגט.

— ניין, — האָט זי געענטפערט — זי האָט די גאַנצע נאַכט אָפּגעשלאָפען און פון בעט נישט אַרויס.

— ווער פון אייך, האָט גערייניגט דעם צימער זינט יופּיטער שטעהט דאָרט — האָט יוליוס ווידער געפרעגט.

— זינט יופּיטער איז אין צימער, האָב איך עס גערייניגט — האָט די צווייטע שומרונית געזאָגט.

— פלעגט נחמה אַריינקומען דיר העלפען? — האָט איהר מאַנילוס געפרעגט.

— ניין, נחמה האט מיר קיינמאל נישט געהאלפען אין דעם צימער.

— זאגט מיר דעם אמת — האט מאנילום זיי ביידען געפרעגט — האט נחמה ווען עס איז מיט איינעם פון אייך געערדט וועגען יופיטער׳ן?...

— זי האט מיר געזאגט — האט זיך די נידריגע שומרונית אפגערופען — אז ווען מען זאל איהר זיך הייסען בוקען צו יופיטער׳ן וואלט זי עס אויך געוויס נישט געטהאן... און עקיבא דער פאסטוך — האט זי מיר געזאגט — איז געווען זעהר בראוו ווען ער האט זיך איינגע׳עקשן׳ט און זיך ניט געוואלט בוקען צו יופיטער׳ן.

— איז דאס געווען דאס איינציגע מאל, וואס זי האט עקיבא׳ס נאמען דערמאנט פאר דיר ? — האט מאנילום ווידער געפרעגט.

— אה, ניין — האט די שומרונית געשמייכעלט, ווארפענדיג איהרע בליקען אויף דער צווייטער דיענסט — זי האט עקיבא׳ס נאמען דערמאנט פאר מיר שוין עטליכע מאל.

קענסטו זיך פיעלייכט דערמאנען וועגען וואס זי האט מיט דיר גערעדט וועגען עקיבא׳ן ?

— מיט א קורצע צייט צוריק, ווען מיר האבען זיך געלעגט שלאפען אין איין בעט — האט זי צו מיר גערעדט וועגען עקיבא׳ן מיט גרויס באוואונדערונג... זי האט מיר געזאגט אז דער פאסטוך איז אזוי שעהן, הויך און פעסט געבויט. און אז ער אונטערשיידעט זיך פון די איבעריגע פאסטוכער מיט זיין עהרליכקייט און זיין עניוות... א צווייטען מאל האט זי מיר דערצעהלט אז זי האט געחלום׳ט וועגען עקיבא׳ן...

— האט זי דיר איהר חלום דערצעהלט ?

— יע, זי האט מיר דערצעהלט אז זי האט גע׳חלום׳ט דאס זי איז געווען אליין אין פעלד. פלוצלינג איז איהר אנטקעגען געקומען א גרויסער לייב... זי האט אנגעהויבען לויפען... דער לייב האט זיך נאך איהר נאכגעיאגט. דער לייב איז שוין געווען עטליכע טריט פון איהר. זי האט גענומען שרייען מיט אלע איהרע כוחות... פלוצלונג האט זיך בעוויזען עקיבא דער פאסטוך און ער האט מיט זיין שטעקען געטויטעט דעם לייב און איהר האט ער אהיים אפגעפיהרט.

— און צו דיר האט נחמה גאר נישט גערעדט וועגען עקיבא׳ן ? — האט יוליוס געפרעגט דער צווייטער שומרונית.

— מיר האט זי געזאגט אז עקיבא איז ביי איהר אין די אויגען געשטיגען נאך העכער זינט ער האט זיך ענטזאגט צו פאלגען אונזער האר יוליוס׳ן, און זיך צו בוקען צו יופיטער׳ן...

— גוט, — האט יוליוס צו די שומרונות געזאגט — יעצט קענט איהר געהן.

ווען די צוויי דיענסטען זיינען ארויסגעגאנגען, האט זיך מאנילום אפגערופען!

— יעצט פאטער בין איך זיכער אז די אידישע דיענסט, נחמה האט א האנט אין דעם צוברעכען פון יופיטער׳ס נאז...

— לויט די רייד פון שומרונות, ווייזט טאקע אויס אז נחמה האט געהאט עפעס צו טהאן מיט דעם, — האט יוליוס געזאגט — אבער איך קען ניט פאר־שטעהן ווי אזוי ? . . . זי זאל דאס טהאן, גלויב זיך מיר קוים, ווייל ווי מיר האבען שוין געזעהען קען זי ניט דערגרייכען אפילו ביז יופיטער׳ס שולטערן . . .

פיידען זי זאל האבען מיט זיך מיטגעטראגען א ביינקעל, דאן וואלט מען דאך איהר געווים בעמערקט...

— עס קען דאך אבער זיין, אז זי האט דאס שטיקעל ארבייט אפגעטהאן אין דער צייט ווען מיר האבען אונזער פריהשטיק געגעסען — האט מאנילוס בעמערקט.

— אבער יופיטער'ס צימער איז געווען צוגעשלאסען דעם גאנצען טאג, ביז וואנען די געסט זיינען אנגעקומען, טו ווי אזוי האט זי געקענט אריינקומען דארט.

— פאטער — האט זיך מאנילוס אפגערופען נאך א קורצע פויזע — איך גלויב אז אונזער אידישע דינסט האט א נאכגעמאכטען שליסעל צו יופיטער'ס צימער . . . אויב אזוי, איז מעגליך אז זי האט דאס שטיקעל ארבייט אליין געטהאן, אדער זי האט אפגעמאכט מיט דעם פאסטוך, ער זאל דאס טהאן און האט איהם איבערגעגעבען דעם שליסעל . . . איין זאך איז אבער זיכער, דאס זי איז אין דעם געווים שולדיג . . . האסט דאך געהערט וואס די שומרונית דערצעהלט, ווי עקיבא האט ביי איהר אויסגענומען, וויל ער האט זיך ענטזאגט צו בוקען צום רוימישען אפגאט . . .

— דו ביזט גערעכט מיין זוהן — האט יוליוס ווערנום צוגעגעבען — עס איז געווים איהר ארבייט. יעצט דארף מען איהר אריינרופען דא אין צימער און איהר צווינגען זיך מודה צו זיין.

יוליוס האט געהייסען איינעם פון זיינע דינער אריינצושיקען נחמה'ן. אין א ווייל ארום איז אריינגעקומען נחמה א בלאסע, א דערשראקענע . . . זי האט פארשטאנען אז מען איז נאך אלץ זי חושד אין דעם.

— קום אריין אין יופיטער'ס צימער — האט יוליוס געזאגט און איז מיט מאנילוס'ן אריין אהין. נחמה איז זיי נאכגעגאנגען.

— איך וויל צייגען סעיאנוס בורוס'ן אז אלע מיינע אידישע קנעכט און דיענסטען זיינען געטריי צו רויב. פרעג איך דיר יעצט, אין פאל איך זאל האבען א צווייטע פיערונג לכבוד יופיטער'ן, וואלסטו זיך געבוקט צו איהם, ווען איך זאל דיר באפעהלען ? . . .

נחמה האט ארונטערגעלאזען איהרע אויגען און האט ניט געענטפערט.

— וואלט ביי דיר געווען רעכט מיר צו פארשעהמען אין די אויגען פון די רוימישע אדעללייט און מיר ניט פאלגען ?

— אבער מיין הער ווייס דאך אז איך בין א אידישע טאכטער, און זיך בוקען צו פרעמדע געטער איז אונז פארבאטען, טו ווי אזוי ועט מיין האר וועלען מיר צווינגען זיך צו בוקען צו יופיטער'ן, בפרט ווען מיין האר זעלבסט איז א איד ! . . .

— ווען אבער איך היים דיר זיך בוקען צו יופיטער'ן, מיין איך ניט דו זאלסט איהם אנערקענען אלם דיין גאט און איהם מיט דעם דינען, דו ווייסט דאך אז איך היים דיר דאס טהאן, נאר כדי צופריעדענשטעלען די רוימער, מיינע גוטע פריינד און די הערשער פון לאנד...

— אבער איך בין דאך ניט מחויב צופרעידענשטעלען מיינע שונאים, די, וועלכע האבען מיין לאנד חרוב געמאכט און אונזער פאלק צום אפגרונד גע־

בראבט, ניין. איך וועל זיך בשום אופן ניט בוקען צו יופיטער׳ן ! — האט נחמה מיט שטאָלץ געזאָגט.

— שטיל, דו חצופה ! — האט יוליוס אויף איהר א געשריי געטהאן מיט כעס — דיינע ווערטער קלינגען מיט פערראט צו אונזערע נאָבעלע רוימער, און ווען איך זאָל דיר איבערגעבען צו די רוימישע בעאמטע וואָלסטו פאר דעם טייער בעצאהלט . . .

— א איד וועט דאך אבער ניט איבערגעבען א אידישע טאָכטער אין די הענד פון אונזערע פיינד — האט נחמה געזאָגט מיט אן איינגעהאלטענעם כעס.

— א אידישע טאָכטער, אָבער ווען זי איז א דיענסט, האט קיין רעכט ניט צו גורם זיין אזא גרויסען היזק איהר האר, און דערצו נאך איהם מאכען צו שאנד און צו שפּאָט פאר אלע זיינע פריינד — האט מאנילוס שארף געזאָגט.

— קיינער האט קיין רעכט ניט אימיצען א היזק אָנצוטהאָן בכיון און ניט נאָר א אידישע דינסט — האט נחמה געענטפערט.

— אויב אזוי, מיט וואס פאר א רעכט האסטו אבגעבראָכען יופיטער׳ס נאָז — איז יוליוס צו איהר געהענטער צוגעגאנגען — יעצט בין איך זיכער אז דו ביזט שולדיג אין דיעזען גרויסען פארברעכען.

— וואס ? מען בעשולדיגט מיר ווידער ! — האט נחמה אויפגעציטערט.

— אז דו וועסט זיך מודה זיין און מיר דערצעהלען ווי אזוי דו האסט אפּ־געבראָכען יופיטער׳ס נאָז, וועל איך דיר ניט איבערגעבען אין די רוימישע הענד און דיין שטראף וועט זיין א לייכטערע. . . אָבער אויב איך וועל דיר דארפען צווינגען זיך מודה צו זיין, דאן וועסטו אריבערגעהן צו סעיאנוס בורוס׳ הענט און דו ווייסט דאך וואס דארטען וועט דיר ערוואַרטען . . .

— אָבער, מיין האר — האט נחמה אָנגעהויבען וויינען — איך בין דאך אומשולדיג ! איך האב דאס ניט געטהאן ! . . .

— אויב דו אליין האסט עס ניט געטהאן — האט צו איהר מאנילוס געזאָגט — האסטו מיטגעהאָלפען א צווייטען דאס צו טהאן ! . . . איין זאך איז זיכער אז דורך דיר איז דער פארברעכען בעגאנגען געוואָרען . . .

— איך ווייס ניט פון וואס צו זאגען ! . . . איך בין אין יענעם צימער די גאנצע צייט, זינט יופיטער איז דארט, ניט אריין — האט זי געזאָגט וויי־נענדיג.

— דיין וויינען וועט דיר גאר ניט העלפען — האט איהר יוליוס געזאָגט — דו בעסער דערצעהל מיר ווי אזוי דו האסט אפּגעמאכט מיט עקיבא׳ן דעם פאסטוך, דאס צו טהאן . . . האסטו איהם געגעבען א נאָכגעמאכטען שליסעל צו דעם צימער, אדער דו האסט איהם זעלבסט געהאָלפען אריינגעהן ?

— עקיבא ? ! — ווי קום איך צו עקיבא ?... איך האב נאך אפילו מיט איהם קיינמאָל ניט גערעדט ! — איז נחמה רויט געוואָרען . . .

יוליוס האט איהר רויטקייט באמערקט און האט פון דעם געדרונגען, אז נחמה איז טאקע שולדיג אין דעם . . .

— ווארט דו וועסט זיך שוין באלד מודה זיין — האט ער איהר געזאָגט און אנגענומען פאר׳ן האנט — קום מיט מיר !

— איך בין אומשולדיג ! איך בין אומשולדיג ! — האט נחמה געיאָמערט

— גיב מיר ניט איבער אין די הענט פון די רוימער, איך שווער, אז איך האב גאר ניט געהאט צו טהאן מיט דעם!

— איך גלויב ניט דיינע שבועות — אויב דו ווילסט ניט אריינפאלען צו די רוימער טו זיי זיך מודה, און דערצעהל מיר צו האסטו עס אליין געטהאן אדער אימיצער האט דיר דערצו געהאלפען . . .

— פארשטעהסטו, פאטער — האט זיך מאניללוס אריינגעמישט — זי האט עקיבא'ן זעהר ליעב און וויל ניט אויסזאגען דאס ער האט איהר געהאלפען.

— איך האב דאך איידפריהער געזאגט — האט נחמה געבליפעט — אז איך האב מיט עקיבא'ן נאך קיין מאל אין מיין לעבען ניט גערעדט. דאס איז א שרעקליכער בלבול אויף מיר!

— האסטו ניט געזאגט די שומרונית אז עקיבא, דער פאסטוך אי זעהר בראוו, ווען ער האט זיך איינגע'עקשנ'ט און זיך ניט געוואלט בוקען צו יופיטער?

— יע. דאס האב איך געזאגט.

— האסטו פאר די זעלבע שומרונית ניט געזאגט, אז עקיבא איז שעך הויך און פעסט געבויט?

נחמה האט ארונטערגעלאזען די אויגען:

— יע, — האט זי א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ.

— האסטו איהר ניט דערצעהלט דיינע חלומות וועגען עקיבא'ן, אז ער, דער פאסטוך האט דיר גערעטעט פון א ליוב? און יעצט ווילסטו אונז איינרעדען, דאס דו האסט מיט עקיבא'ן ניט גערעדט . . .

— דאס איז נאר געווען א חלום — האט נחמה געענטפערט — אבער איך שווער ביי די הייליגע שטאדט ירושלים אז איך האב צו עקיבא'ן קיינמאל א ווארט ניט אויסגערעדט.

— דו האלטסט זיך נאך אלץ ביי דיינע עקשנות און ווילסט זיך ניט מודה זיין — האט יוליוס געזאגט — קום, דארטען ביי סעיאנוס בורוס'ן וועסטו זיך שוין מודה זיין, דו חצופה!

— איך בעט דיר, מיין האר, ברייננ מיר ניט אהין, איך בין אומשולדיג. דער גאט פון ישראל איז מיין עדות, אז איך האב דעם צעברעכען פון יופיטער'ס נאז, גאר ניט געהאט צו טהאן — האט זיך נחמה געבעטען מיט טרעהרען.

— דיינע טרעהרען וועלען דיר ניט העלפען — האט איהר יוליוס פעסטער אנגענומען ביים האנט — נעהם איהר פאר דער צווייטער האנט און לאמיר מיט איהר געהן צו סעיאנוס'ן — האט ער געזאגט צו מאנילוס'ן.

מאנילוס האט איהר אנגענומען פאר דער אנדערער האנט, און ביידע האבען איהר גענומען ארויספיהרען פון הויז . . .

נחמה האט מיט ביטערע טרעהרען זיך גענומען בעטען ביי זיי, מען זאל איהר ניט איבערגעבען אין די רוימישע הענט.

— עס איז א שרעקליכער בלבול אויף מיר! איך בין אומשולדיג! גיט מיר ניט איבער צו די רוימער! האט זי געשריען.

די דינער פון הויז האבען דערהערט איהרע געשרייען און זיינען ארויס געהן וואס האט פאסירט . . .

— גוט, — האט זיך יוליוס אפגערופען — איך וועל דיר געבען דריי טעג

צייט. דו וועסט איינגעשפארט ווערען אין דעם פינסטערען קאמער וואו דו וועסט האבען גענוג צייט זיך מישב צו זיין און דו וועסט קומען צום שכל און זיך מודה זיין, וועל איך דיר ניט איבערגעבען צו די רוימער . . . אבער ווען די דריי טעג וועלען פאריבער און דו וועסט זיך נאך אלץ האלטען ביי דיינע עקשנות, וועסטו גלייך איבערגעגעבען ווערען אין רשות פון די רוימער . . .

יוליום און מאנילום האבען נחמה'ן איינגעשפארט אין דעם פינסטערן קא־מער, וואס איז געווען באשטימט צו באשטראפען די קנעכט . . .

נחמה'ס טרעהרען און געבעט — האבען אויף יוליוס'ן און זיין זוהן קיין איינדרוק ניט געמאכט . . .

— עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט אז זי איז אין דעם שולדיג — האט יוליום געזאגט צו מאנילוס'ן — אבער איך וואלט וועלען אויסגעפניען צו עקיבא איז געווען מיט איהר יד אחת . . . עפעס גלויבט זיך מיר ניט, אז דער שטילער עקיבא זאל דאס טהאן . . .

— אהן איהר הילף וואלט עקיבא ניט געקענט אהער אריינקומען — האט מאנילום צוגעגעבען.

— איך וועל איהר אזוי פיעל פייניגען ביז זי וועט זיך מודה זיין — האט יוליום געדריקט זיין פויסט — איך וועל די פארפלוכטע שקלאפען אנלערנען ווי אזוי ווידערצושפעניגען מיין מויל.

ווען אקטאוויא האט זיך דערוואוסט וואס עס האט פאסירט מיט נחמה'ן, האט זי זיך אפגערופען צו איהר פאטער:

— כל זמן אז איהר שולד איז ניט בעוויזען געווארען, דארף זי געהאלטען ווערען פאר אומשולדיג . . . אויב אזוי צו וואס זאל מען איהר אומזיסט פייני־גען . . . עס קען דאך זיין אז זי איז אינגאנצען אומשולדיג און דו טוסט געגען איהר א גרויסע אונרעכט ! . . .

— אבער, מיין ליעבע טאכטער. — האט איהר יוליום געזאגט — אויב איך וועל איהר יעצט ניט שטראפען, וועט זי דאך זיך קיינמאל ניט מודה זיין.

— אבער, פאטער, אויב זי וועט זיך מודה זיין דורך צוואנג, וועט זי דאן ערשט זיין אומשולדיג . . . מיט שטארק פייניגען קען מען צווינגען א מענשען זיך מודה זיין אויף א פארברעכע וואס ער האט קיינמאל ניט באגאנגען . . .

— איך און דיין ברודער, זיינען איבערצייגט אז זי איז שולדיג אין דעם פארברעכען — האט יוליום געזאגט — אבער די פראגע איז צו זי האט עס אליין געטהאן, אדער דער פאסטוך עקיבא האט איהר מיטגעהאלפען. דו זעהסט דאך אליין, אז וואו איך האב נאר דעם מינדסטען צווייפעל פרעג איך אפילו ניט . . . איך האב דאך געקענט אויך רופען עקיבא'ן און איהם אויספרעגען... נאר ווי באלד איך בין ניט זיכער וועגען איהם, וויל איך אפילו ניט נעהמען איהם צום אויספארשונג. . . איך פערזיכער דיר, מיין טאכטער, אז איך האב זעהר פיעל בעוויזע אז אונזער אידישע דיענסט איז שולדיג אין צוברעכען יופיטער'ס נאז. . . זי האט מיר צו שאנד און צו שפאט פאר די רוימער געמאכט, צוליעב איהר האב איך צוואנציג טויזענד שקלים שטראף געמוזט באצאהלען . . .

— וואס פאר בעוויזע האסטו געגען איהר? — האט איהם אקטיוויא געפרעגט.

— דאס געהט דיר ניט אן, מיין קינד ! פאר דיר איז גענוג ווען איך

זאג דיר אז איך בין איבערצייגט אין איהר שולד, און דו אליין וועסט זיך נאכ־הער איבערצייגען אז איך בין גערעכט . . . נאך א זאך וועל איך דיר בעטען מיין טאכטער, האלט זיך פון דער ווייטען מיט די דינסטעו, ווייל צווישען זיי געפינען זיך אויך אזעלכע וועלכע וואלטען געבראכט אומגליק און צושטערונג אין אונזער פאמיליע.

— ווען אבער אונזערע דינער וואלטען מענשליכער בעהאנדעלט געווארעי, וואלטען זיי געווים געווען פריינדליכער און מעהר איבערגעגעבען צו אונז — האט אקטאוויא געזאגט.

יורם, דער פאסטוך, וועלכער האט אין איין שטאל מיט עקיבא'ן געשלאַ־פען, איז געווען שטארק פערליעבט אין נחמה'ן, יוליוס'ס אידישע דיענסט. ער האט פון איהר געטראכט און גע'חלומ'ט בייטאג און ביינאכט...

נישט איינמאל האט ער עקיבא'ן פון שלאף אויפגעוועקט און פאר איהם זיין הארץ ענטפלעקט... ער האט געוואוסט אז עקיבא וועט פון איהם נישט לאכען; ער קען נאך פיעלייכט פון איהם קריגען אן עצה ווי אזוי ער זאל נחמה'ס הארץ געווינען...

— עקיבא, דו שלאפסט? — פרעגט איהם יורם אין מיטען דער נאכט.

— ניין, — ענטפערט איהם עקיבא, און קעהרט זיך אום אויף דער אנ־דערער זייט.

— איך האב לעצטע נאכט געהאט די ערשטע געלעגענהייט צו רעדען מיט נחמה'ן, — האט יורם געזאגט, — איך בין ארויס פון יוליוס'ס הויז, נאכדעם ווי זיין שמחה איז צושטערט געווארען; איינע פון די דיענסטען, א שומרונות, האט מיר דערצעהלט, אז יוליוס פארדעכטיגט זיין אידישע דיענסט, נחמה, אין האבען אפגעבראכען יופיטער'ס נאז, און מען פארשט אויס... איך האב געווארט נעבען הויז... איך האב געוואלט וויסען וואס וועט זיין מיט נחמה'ן... אין א קורצע ווייַלע ארום איז נחמה ארויס פון הויז... איך בין צו איהר צוגעגאנגען און געפרעגט:

— וואס איז געשעהן? איך האב געהערט אז יוליוס איז דיר חושד, אז דו ביזט שולדיג אין זיין פארשטערטע שמחה..

נחמה האט געווישט די טרעהרען...

פון אלע זיינע בעדיענטע האט ער מיר חושד געווען אז איך האב אפגע־בראכען יופיטער'ס נאז... און ער האט זיך נישט בערוהיגט ביז וואנען ער האט דערזעהן ווי הויך איך קען דערגרייכען מיט מיין האנט... און ווען ער האט דער־זעהן אז מיין האנט דערגרייכט קוים יופטער'ס שולטער, האט ער זיך איבער־צייגט אין מיין אונשולד און מיר אפגעלאזט"..

איך האב געזעהן איהרע שעהנע אויגען, זיי האבען געלויכטען ווי ברי־ליאנטען, איהרע טרעהרען זיינען געווען ווי פערל, ווי א סטארדע ווייסע שעפ־סען האבען איהרע צייהנער אויסגעזעהן, און איהר נאז... וואס, עקיבא, דו שלאפסט גאר! אוי, דו פוילער פאסטוך! איך ערצעהל איהם וועגען די ליעבע, שעהנע נחמה און ער פאפט!...

פון דעסטוועגען איז יורם געווען צופריעדען וואס עקיבא האט איהם נישט

געהערט... ער האָט זיך עטוואָס געשעהמט און נישט געוואָלט אז עקיבא זאָל וויסען אלע זיינע געפיהלען צו נחמה׳ן...

יורם האָט ביי זיך באשלאָסען דאָס אויף מאָרגען פארנאכט, ווען ער וועט זיך צוריקקעהרען פון דער פאַשע, וועט ער ווידער צוקומען צו יוליוס׳ הויז, פיי־לייכט וועט ער נחמה׳ן נאָך אמאָל דערזעהן...

מיט גרוים אומגעדולד האָט ער געוואַרט אויף דעם אבענד... ווען ער האָט די שאָף פון פעלד געבראכט, האָט ער שנעל אפגעגעסען, זיך ארומגעוואשען און אוועק צו יוליוס׳ם הויז... שטונדען לאַנג האָט יורם ארומגעשפּאַצירט ארום הויז און נחמה האָט זיך ניט געוויזען... ער איז זעהר אומעטיג געוואָרען; אפשר מיידט איהם נחמה בכיון אוים, זי וויל זיך מיט איהם נישט טרעפען... דאָס הארץ האָט איהם פארקלעמט, ווי שטארק עס געלוסט זיך איהם איהר צו זעהן...

— וואָס טוסטו דאָ, ארום מיין פאָטער׳ס הויז אזוי שפּעט ביינאכט? — האָט מאַנילוס אונטערבראָכען זיינע געדאנקען.

— המ... איך... איך...

— קום מיט מיר אריין אין הויז — האָט מאַנילוס געזאָגט. עפּעס געפעלט מיר נישט דיין שטאַמלען...

פערשעהמט און דערשראָקען האָט יורם נאָכגעפאָלגט מאַנילוס׳ן אין הויז, ער איז געבליבען שטעהן נעבען טיהר...

— איך האָב געטראָפען יורם׳ן נעבען אונזער הויז, און אז איך האָב איהם געפרעגט פאַר וואָס ער דרעהט זיך דאָ ארום אזוי שפּעט, האָט ער אָנגעפאַנגען שטאַמלען און קיין תשובה האָב איך פון איהם נישט געקראָגען.

— וואָס האָסטו געטהאָן אזוי שפּעט ארום מיין הויז? — האָט יוליוס איהם צוגערופען.

יורם איז צוגעגאַנגען מיט אן אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ...

— איך... איך האָב אויף אימיצען געוואַרט...

— אויף וועמען האָסטו געוואַרט?! — האָט יוליוס איהם שטרענג א פרעג געטהאָן.

המ... ע. אויף ע...

רייד קלאָהרע דבורים! — האָט יוליוס אויף איהם אַנגעשריען — זאָג מיר אויף וועמען האָסטו געוואַרט? שנעל!

— איך ע... האָב געוואַרט אויף מיין האר׳ס דיענסט נחמה...

— אהא! האָסטו דאָס גאָר איהר געהאָלפען אין דער שטיקעל ארבייט!... אויב אזוי דאַרף איך דיך טאַקע זעהן! זאָג מיר, אָבער דעם ריינעם אמת, ווי אזוי האָט דיר נחמה אין יופּיטער׳ס. צימער אריינגעלאָזען, מיט א נאָכגעמאכטען שליסעל אָדער די טהיר איז נישט געווען פארשלאָסען... נו, זיי דיך מודה, אויב נישט וועסטו האָבען איהר פּסק...

— אָבער איך פערשטעה נישט וואָס מיין הארר מיינט! — האָט יורם א בלאַסער געזאָגט.

— וואָס מאכסטו זיך אזוי תם׳עוואַטע! — האָט איהם יוליוס א טרייסעל געטהאָן — דערצעהל מיר אויף וואָס פאַר אן אופן האָסטו איהר ארויסגעהאָל־פען אין דער ארבייט, דו הערסט?!

— מיין האר — האט יורם איהם אנגעקוקט פארוואונדערט — אבער איך פארשטעה דאך פארט נישט אין וואס דא האנדעלט זיך.

— נו, זאג מיר — האט איהם יוליוס אריינגעקוקט אין די אויגען — האסטו נישט געפלאנעוועט צוזאמען מיט נחמה'ן אפצוברעכען יופיטער'ס נאז און מיר פארשעהמען פאר מיינע רוימישע געסט?...

— אה, ניין, מיין האר, ווי קום איך צו אזא זאך... א חוץ דעם האב איך מיט נחמח'ן גערעדט פאר דעם ערשטען מאל לעצטע נאכט...

— אויב אזוי, טו פארוואס האסטו זיך ארומגעדרעהט ארום מיין הויז אזוי שפעט?

— ווען איך האב לעצטע נאכט גערעדט מיט נחמה'ן האט זי געפונען גנאדע אין מיינע אויגען. זי איז דאך זעהר שעהן און איידעל, און איך האב זיך גע־טראכט פיעליייכט וועל איך היינט איהר ווידער זעהן נעבען הויז, אבער איך האב געווארט און געווארט און זי איז היינטיגען אבענד פון הויז נישט ארויס.

— דו נארישער פאסטוך — האט זיך יוליוס פארנאנדערגעלאכט — דו וואלסט אזוי געווארט אויף איהר א גאנצע נאכט.. דו קענסט געהן שלאפען רוהיג, דו וועסט דיין נחמה מעהר קיין מאל נישט זעהן...

— אה, מיין האר, וואס איז געשעהן? — האט יורם א דערשראקענער גע־פרעגט — האט עפעס פאסירט מיט נחמה'ן?...

— דיין געליעבטע נחמה, האט צובראכען יופיטער'ס נאז — האט מאנילוס איהם געזאגט, — מיר זיינען זיכער אז זי האט עס געטהאן, אבער מיר זיינען אין ספק צו זי האט עס אליין געטהאן אדער אימיצער האט איהר געהאלפען דאס צו טהאן. און יעצט איז זי שוין פארשפארט דעם גאנצען טאג אין א בעזונדערען קאמער, און אויב זי וועט זיך נישט מודה זיין אין משך פון דריי טעג, וועלען מיר איהר דאן איבערגעבען צו סעיאנוס בורוס'ן און ער וועט שוין וויסען מיט איהר וואס צו טהאן... יעצט פערשטעהסטו שוין פארוואס דו וועסט איהר מעהר נישט זעהן?...

— מיין האר — האט יורם געזאגט מיט טרעהרען — עס איז דאך אונמעג־ליך אז די שעהנע און עהרליכע נחמה זאל בעגעהן אזא פארברעכען. פיעלייכט איז דא א טעות!

— מיר האבען שוין גאר קיין טעות נישט! — האט יוליוס געענטפערט — מיר האבען אלע באווייזע דאס זי האט דעם פארברעכען בעגאנגען. נאר מיר וואלטען פון איהר וועלען דערגעהן ווער איז געוועז איהר מיטהעלפער.

— פאטער, — האט זיך מאנילוס אפגערופען, — אפשר וואלט יורם געקענט ארויסקריגען פון איהר דעם אמת; ער ליעבט דאך איהר, פיעלייכט וועט זי איהם אלעס דערצעהלען, און דאן וועלען מיר דאך איהר נישט איבערגעבען צו די רוימער.

— ווילסטו פרובירען זיך מיט איהר דורכצורייידען? — האט איהם יוליוס געפרעגט — און אויב זי וועט זיך מודה זיין פאר דיר, וועט איהר שטראף לייכ־טער זיין, און איך וועל איהר נישט איבערגעבען צו סעיאנוס בורוס'ן, דאן וועסטו נאך האבען א מעגליכקייט מיט איהר זיך צו זעהן, און פיעלייכט וועסטו איהר פאר דיין ווייב קענען נעהמען... ווילסטו איהר יעצט זעהן?

— יע — האט יורם א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ.

— טאַ קום מיט מיר — האָט יוליוס געזאָגט — אָבער געדענק, דו מוזט איהר בעטען זי זאָל זיך מודה זיין.

יוליוס האָט איהם צוגעפיהרט צום קאַמער און האָט אויפגעשלאָסען די טיהר.

נחמה איז געלעגען אויפ׳ן בעטעל און געבליפעט. ווען זי האָט דערהערט ווי מען האָט די טיהר געעפענט, איז זי פון איהר בעטעל אויפגעשפרונגען.

— יורם, דער פּאַסטוך, וויל דיך זעהן אויף אַ ווײַלע, — האָט איהר יוליוס געזאָגט, און האָט זיך צוריקגעצויגען.

יורם איז אַריין אין קאַמער און האָט זיך פאַרנייגט פאַר נחמה׳ן. נחמה האָט איהם אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— עס טהוט מיר זעהר לייד צו געפינען דיך אין אַזאַ לאַגע, — זאָג דאָך מיר, ליעבע נחמה, ווי אַזוי האָט עס פּאַסירט.

— זיי האָבען אויף מיר אַ בלבול אויסגעטראַכט! זיי באַשולדיגען מיר אַז איך האָב יופּיטער׳ס נאָז אָפּגעבראָכען, און זיי פּייניגען מיר איך זאָל זיך מודה זיין אויף אַ פאַרברעכען וואָס איך בין נישט באַגאַנגען... נאָכהער ווילען זיי מיר איבערגעבען אין די רוימישע הענד... אוי, מיין גאָט, פאַר וואָס שטראָפסטו מיר אַזוי שווער, און איך בין דאָך ריין פון זינד!...

יורם׳ן האָט געדריקט ביים הארצען. אַ געפיהל פון שטאַרקע ליעבע און רחמנות האָט איהם אַרומגענומען און ער האָט מיט אַ שטימע געווייקט פון צער און טרעהרען איהר געזאָגט:

— זאָרג דיך נישט, ליעבע נחמה, דער גאָט פון ישראל וועט דיר העלפען!

— האָט איהר יורם געטרייסט און מיט אַ פאַרביטערט הארץ האָט ער דעם קאַמער פאַרלאָזען.

— נו, האָט זי זיך מודה געווען? — האָט איהם יוליוס געפרעגט.

— זי איז אומשולדיג, מיין האַר. איך קען שווערען פאַר איהר אַז זי איז ריין און אומשולדיג ווי אַ קליין קינד!

— דו, דומער עזעל, — האָט איהם יוליוס געלאַכט אין פּנים, דאָס רעדט אין דיר, די שכרות פון דיין ליעבע... געה, שלאָף זיך אויס, און ווען דו וועסט ניכטער ווערען, וועסטו אַנדערש ריידען.

יורם האָט זיך אַ טרויעריגער און מיט וואַלקענדי טריט אַוועקגעשלעפּט אין שטאַל. ער איז צוגעגאַנגען צו עקיבא׳ס געלעגער, איהם געוואָלט אויפוועקען און אויסגיסען פאַר איהם זיין ביטער הארץ... אָבער עקיבא האָט געשמאַק געשלאָפען.

ער וועט בעסער וואַרטען ביז׳ן פריהמאָרגען — האָט זיך יורם געטראַכט — דאַן וועט איהם עקיבא אפשר קענען געבען אַן עצה.

אַ צוקלעמטער האָט זיך יורם געלעגט אויף זיין געלעגער פון שטרוי און מיט אומגעדולד געוואַרט אויפ׳ן פריהמאָרגען...

— אויב אַזוי, האָב איך געדאַרפט אויפגעבען מיין פריינדשאַפט צו די רוימער און ניט אַריינקריגען דעם רוימישען אָפּגאָט אין מיין הויז, ווייל אַזוי ווינשען אייניגע פון מיינע אידישע קנעכט . . . איך ווייס אַז נור צוליעב דעם זיינען זיי מיר שונאים... איך בעהאַנדעל זיי אַלעמען גלייך... מען מוז זיך וויסען ווי צו באַגעהן מיט קנעכט. אַז איך וואָלט זיי באַוויזען צופיעל פריינדשאַפט, וואָלטען זיי מיר אויפ׳ן קאָפּ געקראָכען . . . און איך זאָג דיר יעצט, מיין טאָכטער, אַז מיר פאַרדריסט זעהר פיעל וואָס איך האָב געלאָזען

עקיבא'ן אומבאשטראָפט פאַר ניט וועלען אויספאָלגען מיין באַפעהל, זיך צו בוקען צו יופיטער'ן, בעת דער צערעמאָניע. ווען איך וואָלט איהם דאַן באַשטראָפט, וואָלטען די איבעריגע מורא באַקומען און עס וואָלט אפשר נישט געקומען דערצו אַז אַזא שרעקליכע זאַך זאָל אָנפּגעטהאָן ווערען אין מיין הויז . . .

## זיבעטער קאַפּיטעל

# עקיבא איז זיך מודה...

גאַנץ פריה, ווי נאָר עקיבא האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, האָט ער בעמערקט ווי יורם זיצט אויף זיין געלעגער, זיין קאָפּ אונטערגעשפּאַרט אויף די הענט, און זיין פּנים פערכמורעט.

— וואָס איז מיר דיר, יורם? — האָט איהם עקיבא געפרעגט — פיהלסטו זיך קראַנק?

דערהערענדיג עקיבא'ס שטימע, האָט זיך יורם אויפגעשטעלט, און ער איז שנעל צוגעגאַנגען צו זיין געלעגער.

— עקיבא, מיין גוטער פריינד, גיב מיר אַן עצה וואָס צו טהאָן!

— וואָס פעהלט דיר, וואָס האָט פּאַסירט? — האָט איהם עקיבא אָנגעקוקט ערשטוינט.

— נחמה... — האָט יורם אַרויסגערעדט און די טרעהרען האָבען איהם געשטיקט...

— וואָס? — האָט עקיבא געשמייכעלט — דיין נחמה האָט צוריקגעוויזען דיין ליעבע? מסתמא איז דאָס דיין אייגענע שולד, ווייל דו ביזט געווען צו ראַשיג...

— אָה, עקיבא, יעצט איז נישט די צייט חוזק צו מאַכען — האָט זיך יורם אָפּגערופען — אַ שרעקליכע זאַך האָט פּאַסירט מיט נחמה'ן... אונזער האַר בעשולדיגט אַז זי האָט אָבגעבראָכען יופּיטער'ס נאָז... ער האַלט איהר פערשפּאַרט די גאַנצע צייט אין אַ פינסטערען קאַמער, פּייניגט איהר; ער פיל איהר צווינגען זי זאָל זיך מודה זיין, און אויב זי וועט זיך נישט מודה זיין וועט ער איהר איבערגעבען אין די רוימישע הענט, זיי זאָלען איהר בעשטראָפען.

— וואָס?! — האָט עקיבא אויסגערופען און זיך שנעל אָנגעטהאָן — מען בעשולדיגט די אידישע דינסט נאָך אַמאָל? מען פּייניגט איהר, די אומשולדיגע... אָבער זאָרג נישט, יורם, זי וועט באַלד בעפרייט ווערען!...

יורם האָט איהם אָנגעקוקט ערשטוינט: ער האָט בעמערקט ווי עקיבא איז בלייך געוואָרען, און ווי ער איז זעהר אויפגערעגט... זיינע אויגען זיינען ווי אָנגעצונדען געוואָרען.

— ווי אַזוי וועסטו איהר בעפרייען? — האָט איהם יורם געפרעגט מיט אַ געפיהל פון אייפערזוכט...

— זי וועט בעפרייט ווערען! און דו, מיין פריינד, קענסט האָבען אַלע קליינינקייטען וואָס איך בעזיץ... ווייל איך וועל זיך שוין מעהר אַהער נישט אומקעהרען...

— וואָס געהסטו טהאָן? — האָט איהם יורם געפרעגט פערוואונדערט — געהסטו אימיצען מאָרדען? פאַרוואָס וועסטו זיך מעהר נישט אומקעהרען?

— שלום — האָט איהם עקיבא געזאָגט — און איז שנעל אַרויס פון שטאַהל.

בא יוליוס'ן אין הויז האָבען נאָך אַלע געשמאַק געשלאָפען, ווען עקיבא איז דאָרטען צוגעקומען. טיהר און טויער זיינען געווען צוגעשלאָסען. הין און צוריק האָט עקיבא געשפּרייזט אַרום הויז און אונגעדולדיג געוואַרט דאָס די טויערען זאָלען זיך עפענען... איהם האָט שטאַרק באַנג געטאָהן דאָס די אומשולדיגע אידישע דיענסט ליידט אַזוי פיעל צוליעב איהם...

די זון האָט מיט איהרע וואַרימע ליכטיגע שטראַהלען אָנגעהויבען „בעגיסען" די בוימער און די הייזער. די גאַנצע נאַטור האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף... איינציגווייז האָבען זיך די פּאַסטוכער בעוויזען טרייבענדיג די סטאַדעס אין פעלד אַריין.

— וואו זיינען דיינע שאָף, עקיבא? — האָט איהם אַ פּאַסטוך אַ פרעג געטאָהן — דו ביזט דאָך יעדען טאָג דער ערשטער אין פעלד צו געהן!...

עקיבא האָט נישט געענטפערט; ער איז געווען זעהר צוטראָגען... אַ איז יורם פערבייגעגאַנגען מיט זיינע שאָף... ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און איהם געפרעגט:

— זאָג דאָך מיר מיין פריינד, וואָס האָסטו אין זינען צו טהאָן?

— איך האָב אין זינען צו בעפרייען די אומשולדיגע — האָט עקיבא געענטפערט — דו, אָבער, שטעל זיך דאָ נישט אָפּ, ווייל דו קענסט נאָך אַלץ קאַליע מאַכען... זיי רוהיג, און דו וועסט קריגען די, וועמען דיין האַרץ געלוסט...

יורם האָט איהם אָנגעקוקט מיט אַ דאַנקבאַרען בליק... — יע, מען קען זיך אויף עקיבא'ן פאַרלאָזען — האָט ער אַ פרעהליכער געטראַכט — און ווייטער געטריעבען זיינע שאָף...

די דינער פון יוליוס' הויז זיינען שוין אויפגעשטאַנען, און ווען איין דיענער האָט די טויערען געעפענט, איז עקיבא צו איהם צוגעגאַנגען און געזאָגט:

— געה מעלד דיין האַר אַז עקיבא האָט עפּעס מיט איהם זעהר וויכטיגעס צו ריידען...

— דו וועסט מוזען לאַנג וואַרטען, עקיבא, ווייל אונזער האַר, יוליוס, שטעהט אַזוי פריה נישט אויף — האָט איהם דער דיענער געענטפערט.

— אפשר וועסטו אימיצען פון הויז זעהן, זאָג זיי, אַז איך מוז זעהר דרינגענד זעהן דעם האַר פון דעם הויז.

— וואָס פאַר אַ וויכטיגע געשעפטען האָסטו עס צו טהאָן מיט אונזער האַר אַזוי פריה? — האָט איהם דער דיענער געפרעגט — איך וואָלט דיר ראַטהען, דו זאָלסט בעסער געהן פיטערען דיינע שאָף, ווייל אַלע פּאַסטוכער זיינען שוין אין פעלד אַוועק...

— דו מוזט איהם איבערגעבען אַז איך וואַרט אויף איהם, עס איז זעהר וויכטיג און נויטיג — האָט עקיבא איהם שטאַרק געבעטען.

— אָ, ניין, איך קען דאָס נישט טאָהן, עקיבא, קיינער פון די דיענער וועט נישט וואַגען צו שטערען אונזער האַר פון זיין שלאָף! וואַרט נאָך אַ ווײלע ביז יוליוס' טאָכטער וועט אַרויסגעהן, זי שטעהט אימער אויף פריהער פאַר אַלעמען, און אַז דו וועסט איהר בעטען וועט זי אויפוועקען איהר פאָטער...

אַ ווײלע שפּעטער האָט זיך באַוויעזען אקטאַוויא, אָנגעטאָהן אין איהר מאָרגען קלייד איז זי אין גאָרטען אַריין און האָט אָפּגעריסען עטליכע בלומען...

ווען עקיבא האָט איהר דערזעהן, איז ער צו איהר צוגעגאַנגען און זיך פאַרנייגט.

— קענסטו, מיין הארינטע, מיר טאָהן די געפעליגקייט און זאָגען דיין פאָטער אַז איך האָב איהם עטוואָס וויכטיגעס צו ערצעהלען.

אַ ווײַלע האָט איהם אקטאַוויא אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג, דערנאָך האָט זי זיך צו איהם אָפּגערופען:

— מיין פאָטער שלאָפט נאָך, אָבער פיליכט קענסטו עס מיר דערציהלען און איך וועל איהם אַלעס איבערגעבען אין דיין נאָמען.

— איך ע... קען דאָס דיר דערצעהלען — האָט עקיבא נערוויאיש געזאָגט— אָבער דערווײַלע איז ע.... נחמה...

— אָ, איך פערשטעה! — האָט אקטאַוויא געזאָגט — דו ווילסט אַז מיין פאָטער זאָל בעפרייען נחמה'ן.. עס איז זעהר שעהן פון דיר, אָבער, איך האָב מורא, אַז דיין טרחה וועט זיין אומזיסט... איך אַליין האָב דאָס שוין פרובירט, און מיין פאָטער האָט דאַפון גאָרנישט געוואָלט הערען... ער איז איבערצייגט, זאָגט ער, אין איהר שולד, און וועט איהר דעריבער בעשטראָפען...

— איך, אָבער, בין איבערצייגט, אַז זי איז אומשולדיג, איז עקיבא דרייסטער געוואָרען — דעריבער בין איך זיכער אַז זי וועט באַלד בעפרייט ווערען...

— ווי אַזוי אָבער וועסטו קענען איבערצייגען מיין פאָטער אַז נחמה איז אומשולדיג? — האָט אקטאַוויא געפרעגט.

— איך וועל איהם איבערצייגען אַז דעם „פערברעכען" ביז איך גאָר בעגאַנגען און נישט זי...

— אַזוי? — האָט אקטאַוויא אַ שמייכעל געטהאָן — ווילסטו, הייסט דאָס אַרויפנעמען אויף זיך נחמה'ס שולד, און בעשטראָפט ווערען אנשטאט איהר?... איך צווייפעל אָבער צו מיין פאָטער וועט דיר גלויבען... ער וועט פערשטעהן אַז דו ווילסט זיך מקריב זיין אום זי צו רעטען...

— איך האָב אָבער גוטע בעווייזע אַז איך בין דער שולדיגער און נישט זי... און ווען דיין פאָטער וועט אַלעס אויסהערען וועט ער קיין צווייפעל נישט האָבען אַז נחמה איז אומשולדיג, און דער שולדיגער בין איך.

— פונדעסטוועגען, וואָלט איך דיר געראַטהען, עקיבא, דערווייל זיך גאָרנישט צו איילען און רעדען וועגען דעם מיט מיין פאָטער, ווייל דיר ערוואַרט אַ זעהר הארבע שטראָף...

— אָבער איך וועל דאָך נישט דערלאָזען אַז אימיצער זאָל ליידען צוליעב מיר — האָט עקיבא געזאָגט — נחמה איז דאָך אין גאַנצען אומשולדיג!

— מיין עצה איז, דו זאָלסט מיר איבערגעבען אַלע דיינע בעווייזע און דערווײַלע אַנטלויפען פון גמזו. איך וועל מיט דיינע בעווייזע זעהן צו בעפרייען נחמה'ן, און דו וועסט אויך נישט בעשטראָפט ווערען...

— ניין, דאָס קען איך נישט טאָהן — האָט עקיבא געענטפערט — איך מוז איהם אַליין איבערצייגען, אויב נישט וועט ער נישט וועלען גלויבען, און ווען איך וועל פון דאַנען ענטלויפען וועט ער געוויס אַרויפוואַרפען די שולד אויף דער אידישער דיענסט... אַ חוץ דעם, ווען איך בין געגאַנגען טאָהן די זאַך, האָב איך געוואוסט וואָס עס ערוואַרטעט מיר... קיין זאַך אָבער, האָט מיר נישט געשראָקען... מיין בעפרידיגונג איז געוועזען אַזוי גרויס ווען מיר איז עס געלונגען אַז איך בין יעצט בערייט פאַר יעדער שטראָף...

— צו מיין פאָטער, אָבער, דאַרפסטו אַזוי ניט ריידען — האָט איהם אקטאַוויא געוואָרענט.

מינילוס האָט דערוויילע בעמערקט דורכ'ן פענסטער אַז זיין שוועסטער רעדט מיט עקיבאַ'ן... ער איז שנעל אַרונטער פון הויז און צו זיי צוגעגאַנגען.

ווען אַקטאַוויאַ האָט איהם דערזעהן געהענדיג, האָט זי אַ וואונק געטאָהן צו עקיבאַ'ן ער זאָל פאַר איהם גאָר נישט ריידען.

— וואָס פאַר אַ סודות האָסטו מיט עקיבאַ'ן? — האָט ער גיפרעגט זיין שוועסטער — און דו, פאַסטוך, פאַרוואָס געהסטו נישט אין פעלד צו דיינע שאָף? — האָט ער זיך געווענדעט צו עקיבאַ'ן — ווען איך וועל דיר נאָך אַמאָל טרעפען אַרום הויז, וועל איך דיר מיט אַ שטעקען דיינע ביינער צוברעכען!

ער האָט אַנגענומען אַקטאַוויאַ'ן פאַר'ן האַנט און איז מיט איהר צוריק אַריין אין הויז.

— וואָס האָט דער פאַסטוך פון דיר געוואָלט? — האָט מאַנילוס אויף איהר געקוקט מיט פאַרשענדע אויגען.

— דו ווערסט דאָך נישט פערלאַנגען איך זאָל דיר ענטדעקען אַלע מיינע סודות — האָט זיך אַקטאַוויאַ מיט איהם אַ רייץ געטאָהן.

— ווי ייאַגסטו גאָר צו ריידען מיט דעם פאַסטוך!

— ביי מיר זיינען אַלע מענשען גלייך — האָט איהם אַקטאַוויאַ געענט־פערט...

— דו ווילסט ברענגען נאָך מעהר שאַנדע אויף אונזער הויז — האָט מאַ־נילוס מיט כעס געזאָגט.

— קיין גרעסערע שאַנדע ווי צו האָבען דיר פאַר מיין ברודער קען שוין נישט זיין!...

— אַזוי פריה און איהר קריגט זיך שוין, מיינע קינדער — האָט יוליוס זיי געפרעגט אַרויסגעהענדיג פון זיין שלאָף צימער.

— דו ווייסט פאָטער, וואָס מיר איז יעצט איינגעפאַלען? — האָט מאַני־לוס זיך אָפּגערופען — איך גלויב אַז אַקטאַוויאַ האָט אַליין אויך עפּעס געהאַט צו טאָהן מיט דעם פאַרשעהמען אונז פאַר די רוימער!...

— וואָס פאַלט דיר איין?!... ביזטו פון זינען אַרונטער — האָט יוליוס גע־גלעט אַקטאַוויאַ'ס קאָפּ, — מיין ליעבע טאָכטער וועט געהן און מיר אָפּטהאָן אַזאַ זאַך!

— אָבער פאַרוואָס האָט זי זיך נאָר וואָס גע'סוד'עט מיט אונזער פאַסטוך. עקיבאַ? — האָט מאַנילוס געזאָגט.

— מיט עקיבאַ דעם פאַסטוך?! — האָט יוליוס איהר אַנגעקוקט פער וואונדערט — וואָס האָסטו געהאַט מיט איהם צו טהאָן?

— איך האָב געזעהן דורכ'ן פענסטער ווי זיי ריידען — האָט מאַנילוס גע־זאָגט — און ווען איך בין אַרונטער, האָב איך בעמערקט ווי זי ווינקט צו איהם ער זאָל שווייגען...

— מיין טאָכטער, — האָט יוליוס געזאָגט אַ בלאַסער — איז דאָס ריכטיג, וואָס מאַנילוס זאָגט?

— עס איז ריכטיג, מיין ליעבער פאָטער, אַז איך האָב מיט עקיבאַ'ן גע־רעדט — האָט אַקטאַוויאַ געזאָגט — אָבער דאָס אין וואָס מאַנילוס וויל מיר באַ־שולדיגען איז דאָס נישט נור אַ ליגען אָבער אַ גרויסע געמיינהייט...

— וואָס אָבער האָט עקיבאַ פון דיר פאָרט געוואָלט? — האָט יוליוס נאָך אַליץ נישט געקענט פאַרשטעהן.

— פאָטער, — האָט אָקטאַוויא געלאַסען גיזאָגט — ווען איך בין פאַרטאָג אַרויס אין גאָרטען, איז צו מיר צוגעגאַנגען עקיבא און האָט מיר געבעטען איך זאָל דיר זאָגען דאָס ער האָט עפּעס וויכטיגעס מיט דיר צו רעדען...

— וואָס פאַר אַ וויכטיגע זאַכין קען דער פּאַסטוך האָבען מיט מיר צו ריידען אַזוי פריה? — האָט יוליוס געזאָגט.

— דאָס קען איך דיר נישט זאָגען, פאָטער — האָט זיך אָקטאַוויא אָפּגערופען, — אָבער איך גלויב אַז ער וואַרט נאָך אונטען.

— וואָס?! עקיבא איז נאָך נישט געגאַנגען פיטערען די שאָף? — איז יוליוס אין כעס געוואָרען, ווען ער האָט אַ קוק געטאָהן דורכ'ן פענסטער און געזעהן עקיבא'ן.

— פאָטער! — האָט מאַנילוס זיך אָפּגערופען — איך זאָג דיר אַז עפּעס קומט דאָ פאָר צווישען עקיבא'ן און מיין שוועסטער!...

— דאָס רעדט ער פון כעס — האָט אָקטאַוויא געלאַכט — ער האָט מיר עטליכע מאָל געבעטען איך זאָל איהם פאַרשטעלען פאַר רחל'ן, כלבא שבוע'ס טאָכטער, און ווייל איך האָב דאָס נישט געטאָהן, איז ער אויף מיר אין בעס...

— זי האָט עס נישט געטאָהן! — האָט איהר מאַנילוס איבערגעקרימט — זי אַליין איז נאָך מיט רחל'ן נישט בעקאַנט...

נו, זאָל זיין גענוג, קינדער — האָט יוליוס אַ זאָג געטהאָן, — איהר מעגט זיך ביידע שעהמען! נאָר זיי קריגען זיך! ברודער און שוועסטער זאָלען צווישען זיך נישט לעבען בשלום!... דו געה בעסער אַרונטער און רוף אַרויף עקיבא'ן. איך וויל הערען וואָס ער האָט מיר צו זאָגען. און דו, מיין טאָכטער, געה אַריין אין דיין צימער. דו ברויכסט דערביי נישט צו זיין ווען איך וועל מיט דעם פּאַסטוך ריידען.

מאַנילוס איז אַרונטער צו עקיבא'ן און אָקטאַוויא האָט זיך צוריקגעצויגען צו איהר צימער.

עקיבא איז נאָך אַלץ געשטאַנען נעבען יוליוס' הויז און געוואַרט... ער האָט געוואוסט אַז זיין שטראָף וועט זיין זעהר גרויס. יוליוס איז זעהר אויפגעבראַכט וועגען דעם און ער וועט איהם געוויס שטראָפען מיט די האַרבסטע שטראָף. מעגליך דאָס ער וועט איהם איבערגעבען צו סעיאַנוס קורוס, און דאַן... אַ שווער איז דורכגעגאַנגען זיין לייב, ווען ער האָט נור אַ טראַכט געטאָהן וועגען דעם... דער טויט וואָלט געוויס בעסער געווען איידער פאַרקויפט צו ווערען פאַר אַ שקלאַף צו די רוימער... ער וועט בעטען יוליוס'ן, זיין האַר, ער זאָל איהם בעסער טוידטען אָבער נאָר נישט איבערגעבען איהם אין די רוימישע הענט...

זיינע געדאַנקען זיינען איבערגעשלאָגען געוואָרען ווען מאַנילוס איז צו איהם צוגעגאַנגען.

— קום אַרויף, דו פּאַסטוך, מיין פאָטער וויל דיר זעהן — האָט איהם מאַנילוס גיזאָגט מיט צאָרן.

עקיבא איז נאָכגעגאַנגען מאַנילוס'ן און איז אַריין צו יוליוס ווערנוס'ן אין צימער.

—פאַרוואָס ביזטו היינט צו דער פּאַשע נישט געגאַנגען? — האָט איס יוליוס גלייך געפרעגט.

— איך... ע... איך בין ע... געקומען זיך מודה זיין אַז איך האָב געגען מיין האַר געזינדיגט!.

— יע, יע, איך פאַרשטעה — האָט יוליוס געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ — דו האָסט די צוויי שעפּסען גע'גנב'עט און זיי פערקויפט און מיר האָסטו דער־צעהלט אַ מעשה אַז זיי זיינען פון פערצוקט חיות געוואָרין..

— אָה, ניין, מיין האַר, דיין קנעכט איז קיינמאָל קיין גנב נישט געוועזן... די שעפּסען זיינען טאַקע פון פערצוקט חיות פערצוקט געוואָרען, דערויף האָב איך עדות... אָבער איך בין געקומען זיך מודה זיין אין דעם פערברעכען אין וואָס מיין האַר בעשולדיגט זיין אידישע דיענסט, נחמה'ן.

— וואָס ? ! — האָט יוליוס אויף איהם אָנגעשטעלט זיינען אויגען — האָסטו דאָס איהר טאַקע געהאָלפען מיר אָפּצוטאָהן אַזא שאלקהאַפטיגע זיף ? !... איך האָב אָבער גלייך פערשטאַנען, אַז די נידערטרעכטיגע דיענסט, האָט איר אין דעם געהאָלפען...

— ניין, מיין האַר, נחמה איז אין דעם אין גאַנצען אומשולדיג, און צוליעב דעם בין איך געקומען זיך מודה זיין, ווייל איך וויל נישט אַז זי זאָל ליידען צוליעב מיר....

— דו ווילסט מיר איינריידען אַז זי איז אומשולדיג — האָט יוליוס אויס־געשריען — „א ניין, גיכער וועל איך גלויבען אַז דו נעהמסט אויף זיך די שולד, כדי זי, דיין געליעבטע, זאָל בעפרייט ווערען !...

— געליעבטע ? ! — האָט עקיבא איהם אָנגעקוקט פערוואונדערט — א, ניין, מיין האַר, איך קען דיך פאַרזיכערען אַז איך האָב נאָך מיט איהר קיין וואָרט קיינמאָל נישט אויסגערעדט... נאָר ווען יורם האָט מיר היינט פאַרטאָג דער־צעהלט דאָס מען בעשולדיגט די אידישע דיענסט, נחמה'ן, בין איך גלייך אוועק אהער צו דערצעהלען דעם גאַנצען אמת.

— זאָג מיר, אויב נישט מיט נחמה'ס הילף, טו ווי אַזוי האָסטו געקענט האָבען אַ צוטריט אין יופּיטער'ס צימער ? — האָט יוליוס איהם געפרעגט.

— איך בין אריין דורכ'ן פענסטער — האָט עקיבא קאַלטבלוטיג געענט־פערט — דאָס איז געוועזן די נאַכט איידער די פייערונג האָט געזאָלט פאָרקומען. איך האָב זיך דערמאָהנט וואָס די רוימער האָבען צו אונז אידען געטאָהן. איך האָב זיך דערמאָהנט אָן דעם גרויסען חורבן און פערוויסטונג, וואָס זייערע חיילות האָבען אָנגעמאַכט אין אונזער הייליגע לאַנד... זיי האָבען מיין פאָטער דער'הרג'עט, דעם בית המקדש פאַרברענט... און מאָרגען — האָב איך זיך גע־טראַכט — וועט מען מאַכען אַ פייערונג לכבוד זייער אָפּגאָט יופּיטער... מיין כעס האָט אין מיר געברענט, איך האָב יענע נאַכט נישט געקענט איינשלאָפען.

— איך האָב זיך אויפגעהויבען פון מיין געלעגער און אוועקגעגאַנגען אהער, צו דיעזען הויז. איך האָב בעמערקט ליכט אין דעם פענסטער. איך האָב ארויפ־געקלעטערט אויף דעם בוים און געזעהן ווי מיין האַר מאַכט די הכנות מיט זיין זוהן, פאַר דעם מאָרגעדיגען טאָג... איך האָב זיך אַראָגעלאָזען אויף אַ לאַנגען צווייג צום פענסטער, כ'בין אריין אין צימער און אָפּגעבראָכען יופּיטער'ס נאָז...

— קום, צייג מיר, ווי אַזוי דו האָסט עס געטאָהן ? — האָט נאָך יוליוס אַלץ געצווייפעלט.

עקיבא, יוליוס און מאנילוס זיינען אַרונטער אין דרויסען. עקיבא האָט אַרויפגעקלעטערט אויף דעם בוים, און זיך מיט אַ לאַנגען צווייג אַרונטערגעלאָזען צום פענסטער...

— קום שוין אַרונטער! איך זעה שוין! — האָט יוליוס צו איהם געשריען.

— איך וועל דיר צייגען וואו איך האָב אַהינגעטאָהן יופּיטער'ס נאָז — האָט איהם עקיבא געזאָגט, ווען ער איז אַרונטער פון בוים. איך האָב דעם נאָז באַגראָבען אין דער ערד...

— יע, איך וויל טאַקי זעהן דעם נאָז — האָט יוליוס געברענט פון צאָרן.

עקיבא איז אַוועק אויף דעם פּלאַץ און פון דאָרטען האָט ער אויסגעגראָבען יופּיטער'ס נאָז...

ווען יוליוס האָט דעם נאָז אין עקיבא'ס הענט דערזעהן האָט ער זיך געטרייסעלט פאַר כעס און אויפרעגונג...

— דו, ניעדערטרעכטיגער פּאַסטוך! — האָט איהם יוליוס אַראָפּגעלאָזען אַ פייערדיגען פּאַטש — דו אומוויסענדער לומפּ, דו האָסט מיר אַזוי פיעל שאַנדע פערשאַפט! צוואַנציג טויזענד שקלים האָב איך צוליעב דיר בעצאָהלט!... און דו האָסט עס געטהאָן דעם, וואָס האָט דיר דיין ברויט און וואַסער געגעבען!... וואַרט, דו וועסט טייער דערפאַר בעצאָהלען!...

מאַנילוס, וועלכער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען און געקריצט מיט די צייהן און געדריקט מיט זיין פויסט פאַר כעס, איז יעצט אויך צוגעלאָפען צו עקיבא'ן און האָט איהם גענומען בריקען מיט זיינע פיס.

— מאַנילוס — האָט איהם דער פאָטער געזאָגט — דו געה און רוף צונויף די קנעכט, זיי זאָלען גלייך צוקומען אָהער מיט שטריק, און דערנאָך זאָלסטו בעפרייען נחמה'ן, ווייל עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניטאָ אַז זי איז אונשולדיג...

מאַנילוס האָט געפאָלגט דעם פאָטער.

עקיבא איז געשטאַנען, דעם קאָפּ געבויגען, ער איז געווען גענרייט מקבל צו זיין די שטראָף...

— פאַר אַ שקלאַף צו די רוימער וועסטו געהן! — האָט איהם מאַנילוס גענומען קלאַפּען מיט אַ שטעקען — אָפּפינסטערען דיין גאַנצען לעבען וועסטו ווי אַלע שקלאַפען אין קייטען!...

— איך בעט דיר, מיין האַר — האָט זיך יקיבא גענומען ביי איהם בעטען — איך בין אין דיינע הענד און דו קענסט מיט מיר טהאָן וואָס דיר געפעלט, אָבער גיעב מירניט איבער אין די רוימישע הענד. טויט מיר בעסער אָבער לאָז מיר ניט אַריינפאַלען אין די הענד פון אונזערע גרעסטע שונאים...

— שוויינ דו, אומווירדיגער שקלאַף — האָט איהם יוליוס נאָך אַ פּאַטש אַראָפּגעלאָזען — נאָר צו די רוימער וועסטו געהן; דער טויט איז פאַר דיר אַ צו קליינע שטראָף!...

די קנעכט זיינען באַלד צוגעקומען מיט די שטריק.

— בינדט איהם! — האָט יוליוס זיי בעפוילען.

די קנעכט האָבען עקיבא'ן אַ נעם געטהאָן און געבונדען מיט די שטריק.

אַלע בעדיענטע פון יוליוס הויז, זיינען אַרויסגעגאַנגען זעהען וואָס דאָ קומט פאָר; צווישען זיי איז אויך געווען די נאָר וואָס בעפרייטע נחמה . . . זי זעהט ווי מען בינדט עקיבא'ן . . . און זי האָט גלייך פערשטאַנען אַז דאָס האָט עקיבא זיך מודה געווען כדי איהר צו בעפרייען... איהרע אויגען זיינען פערלאָפען מיט טרעהרען, דאָס האַרץ האָט איהר פאַרקוועטשט..

— זיי וועלען איהם געווים איבערגעבען צו די רוימער — האָט איהר אַ

געדאַנק דורכגעבליצט און זי איז שנעל געלאָפען אַנזאָגען איהר פריינדין פנינה, רחל'ס קאַמערמיידעל.

פנינה האָט זיך שטאַרק דערשראָקען ווען זי האָט דערזעהען די בלאַסע און אויפגערעגטע נחמה'ן.

— וואָס איז מיט דיר? וואָס האָט פּאַסירט? — האָט פנינה איהר שנעל געפרעגט — זעה, ווי בלייך און אויפגערעגט דו ביזט!

— אוי, מען פיהרט איהם צו די רוימער! ... — האָט נחמה קוים איהר אָטהעם אָפּגעכאַפּט.

—וועמען? וואָס רעדסטו, נחמה! ווער פיהרט וועמען צו די רוימער?.. ער האָט מיר ווידער בעשולדיגט אין אָבבריכען יופּיטער'ס נאָז. ער האָט מיר געגנומען פייניגען איך זאָל זיך מודה'ה זיין, און מיר אין אַ פינסטערען קאַמער פערשפּאַרט. דאָרטען בין איך אָפּגעווען אַ טאָג מיט אַ נאַכט... עקיבא האָט זיך דירפון דערוואוסט, איז ער היינט פאַרטאָג געקומען און זיך מודה געווען... און יעצט פיהרט מען דעם בראַווען עקיבא'ן צו סעיאַנוס בורוס'ן... אָה, גאָט! מען האָט איהם געבונדען!.. יוליוס און מאַנילוס האָבען איהם ביז בלוט געשלאָגען... וועה איז מיר, זיי וועלען דאָך איהם צום טויט דערשלאָגען!

— עס איז אַ רחמנות אויף איהם — האָט פנינה צוגעגעבען, איך וועל דאָס גלייך געהן דערצעהלען מיין האַרינטע, רחל; ווען איך האָב איהר דער־צעהלט ווי אַזוי יוליוס שמחה איז פערשטערט געוואָרען, האָט זי מיר געזאָגט: געבענשט זאָלען זיין די הענד פון דעם פערזאָן וואָס האָט געהאַט אין זיך אַזוי פיעל בראַווקייט און מוטה אַזאַ זאַך צו טהאָן. יעצט, ווען זי וועט זיך דער־ווּיסען אַז דעם בראַווען פערזאָנ'ס לעבען איז אין געפאַהר, וועט זי איהם אפשר קענען העלפען.

פנינה איז אַריין צו רחל'ן אין צימער און איהר אַלעס דערצעהלט.

— אָה מיר מוזען דיעזען בראַווען פאַסטוך העלפען — האָט רחל געזאָגט און איז גלייך צוגעגאַנגען צו איהר פאָטער.

— וואָס איז דיר, מיין טאָכטער — האָט איהר כלבא שבוע געפרעגט.

— געדענקסטו, פאָטער — האָט זיך רחל אָפּגערופען — דאָ ניט לאַנג צוריק האָב איך דיר דערצעהלט ווי אַזוי יוליוס ווערנוס האָט איינגעריכט אַ גרויסע פייערונג לכבוד דעם רוימישען אָפּגאָט.

— יאָ, יאָ, איך געדענק — האָט כלבא שבוע געזאָגט, — און ווען אַלי רוימישע געסט זיינען געקומען האָבען זיי דערזעהען אַז זייער אָפּגאָט האָט פערלאָרען דעם נאָז...

— יעצט ליעבער פאָטער, האָט מען געכאַפּט דעם מאַן וואָס האָט דאָס געטהאָן!

— ווער איז ער דאָס? — האָט כלבא שבוע געפרעגט.

— ער איז יוליוס אַ אידישער פאַסטוך מיט'ן נאָמען עקיבא. זיי פּיי־ניגען איהם דערפאַר זעהר פיעל... און ווילען איהם איבערגעבען אין די רוימישע הענד...

— וואָס?! — איז כלבא שבוע געוואָרען ערשטוינט — אַ איד וויל איבערגעבען אַ צווייטען אידען אין אונזערע שונאים'ס הענד!.. דאָס איז שוידערליך! צו וואָס מיר האָבען זיך דערלעבט!...

— פאטער, אפשר וועלען מיר עפעס קענען טהאן פאר'ן אונגליקליכען ?...

— געה אהין אריבער מיט דיין קאמער מיידעל — האט כלבא שבוע איהר געראטהען — און אויב עס האנדעלט זיך וועגען געלד, וועט עס פון מיין זייט געווים קיין אפהאלט ניט זיין... און אויב דו וועסט גארניט קענען פועל'ן, וועל איך נאכהער אליין פרובירען אהין אריבערגעהן, אפשר וועט מיר עס געלינגען . . .

רחל האט זיך איבערגעדעקט מיט דעם שאל און שנעל אוועק מיט איהר קאמער מיידעל, צו יוליוס ווערנוס הויז.

נחמה איז אוועק בעזונדער, ווייל זי האט ניט געוואלט אז מען זאל וויסען דאס זי איז זיי געגאנגען אנזאגען וועגען עקיבא'ן . . .

ווען מאנילוס האט צום ערשטען מאל דערזעהען כלבא שבוע'ס טאכטער רחל'ן, האט ער זיך באלד אין איהר פערליעבט. זי האט איהם בעצויבערט מיט איהר שעהנקייט . . .

מאנילוס האט א לאנגע צייט געזוכט א געלעגענהייט מיט רחל'ן נעהענטער זיך צו בעקענען, אבער עס האט איהם ניט געלונגען. רחל פליגט זעלטען ערגעץ וואו געהן אליין. און ווען זי איז יא ארויסגעגאנגען, איז דאס געווען אדער מיט איהר פאטער, אדער אין בעגלייטונג פון איהר קאמער מיידעל.

מאנילוס האט זעהר שטארק געוואלט אז זיין שוועסטער אקטאוויא, זאל זיך בעפריינדען מיט רחל'ן. דורך זיין שוועסטער, האט ער געהאפט, וועט איהם זיין גרינגער צו ערדייכען זיין ציעל... ווען אקטאוויא האט זיך מיט רחל'ן בעקאנט, האט זי גלייך געזאגט איהר ברודער, דאס ער זאל זיך ארויסשלאגען אזעלכע געדאנקען פון זיין קאפ...

— רחל — האט איהם זיין שוועסטער געזאגט — איז א חוץ איהר שעהנקייט און רייכקייט, גוטהערציג, איידעל און איבערגעגיבען מיט'ן לייב און לעבען צום אידישקייט. אין איהר פאטער'ס הויז קומען אריין געסט, אידישע חכמים און געלעהרטע.

רחל בעדויערט שטארק, דאס צווישען אידען געפינען זיך אזעלכע מענשען ווי מיר זיינען, וועלכע אסימילירען זיך מיט די רוימער... און דו האפסט נאך איהר, פאר דיין פרוי קריגען ?! פערגעס איהר, און געה זוך איינע וועלכע וועט זיין דיין גלייכען...

מאנילוס איז שטארק אין כעס געווארען אויף זיין שוועסטער, וואס זי האט איהם דאס הארץ אזוי שווער געמאכט... ער האט אונגעדולדיג געווארט אויף די צייט ווען ער וועט נאך רוים פאהרען, דארטען — האט ער געטרוימט אריינצוטרעטען אין א מיליטערישע שוהלע. ער וועט זיך צוריקקעהרען אהיים אלס א רוימישער אפיציער מיט א מיליטערישען יוניפארם, דאן... וועט רחל זיך אין איהם געווים פערליעבען... ער וועט העלדיש און ריטעריש פערבייריטען רחל'ס הויז... זי וועט אויף איהם קוקען מיט איהרע שעהנע ליעבע אויגען... ער וועט זיך פאר איהר פערנייגען און איהר דערצעהלען וועגין די וואונדערשטאדט רוים, וועגען די העלדישע רוימער, וועגען די גרויסע מלחמות וועלכע די רוימער פיהרען... ער וועט איהר דערצעהלען אז דוים איז איצט געווארען די הערשערין איבער דער וועלט און אז עס איז זהר א גרויסער כבוד צו זיין א רוימישער א פיציער... רחל וועט איהם דאן אנקוקען מיט א ליעבליכען שמייכעל... זי וועט בעשיידען ארונטערבויגען איהר קאפ מיט די שעהנע

לאנגע לאקען... ער וועט אננעהמען איהר האנד און איהר צוטראגען צו זיין מויל...

אזעלכע געדאנקען וועגען רחל'ן האבען מאנילוס'ן זעהר גליקליך געמאכט. איהם האט זיך געוואלט וואס שנעלער פאהרען אין רוים... זיין פאטער, אבער וויל ער זאל פאהרען צוזאמען מיט זיין שוועסטער, דעריבער וועט ער מוזען ווארטען ביז זי וועט אכטצעהן יאהר ווערען... נאך דריי מאנאטען האט ער צו ווארטען...

איין זאך פערדריסט מאנילוס'ן זעהר פיעל, און דאס איז וואס זיין שוועסטער האט לעצטענס אנגעהויבען ארויסווייזען א שטארקע ליעבשאפט צו אידישקייט... ביי יעדער געלעגענהייט פערטהיידיגט זי אלעס וואס האט א שייכות מיט אידישקייט... ער האט שטארק מורא אז ווען זיי וועלען ביידע זיין אין רוים וועט זי, מיט איהר נייגונג צו אידישקייט, איהם פערשעהמען פאר ד' רוימער... ער האט זיך דעריבער מיט איהר פיעלע מאל איבער דעם געקריעגט און זיך ביי יעדער געלעגענהייט מיט איהר גערייצט דאס זי זאל בעסער פאהרען אין דער ישיבה פון בנה אייד'ער אין רוים...

---

ווען יוליוס קנעכט האבען געבונדען עקיבא'ן און איהם גענומען פיהרען צו סעיאנוס בורוס'ן, האט ער זיך שטארק געוואונדערט. ער האט זיך מיט זיי געראנגעלט... מאנילוס איז צו איהם צוגעגאנגען און איהם גענומען קלאפען מיט זיינע פויסטען אין פנים און איבער'ן קאפ...

— אהא — האט ער צו איהם געשריען — דיר יוולט זיך ניט געהן צו דיא רוימער!... אבער אנצוטהאן אונז אזא היזק, און נאך דערצו פערשעהמען פאר די רוימישע בעאמטע, דאס האט זיך דיר יא געוואלט! דו פערפלוכטער שקלאף! — און מאנילוס האט איהם ווידער גענומען בריקען...

— לאז דאך איהם צורוה! — איז אקטאוויא צוגעלאפען צו איהר ברודער — פארוואס שלאגסטו איהם אזוי?... זיין שטראף איז גרוים גענוג!

— אפשר וואלסטו גאר דעם פאסטוך גענומען פאר דיין חתן — האט זיך מאנילוס מיט איהר גערייצט — ער האט זיך דאך אנגענומען פאר דעם אידישען גאט...

— שווייג שטיל, מאנילוס! — האט זיך יוליוס אויף איהם אנגעבייזערט — דו זאלסט מעהר אזעלכע ווערטער ניט ריידען, דו הערסט!

— אבער זי מישט זיך אימער צו אין מיינע געשעפטען — האט זיך מאנילוס בעקלאגט.

— דאס איז ניט דאס ערשטע מאל וואס איך הער פון דיר אזעלכע ווערטער — האט מאנילוס געזאגט — און איך זאג דיר אז, אז ווען איך וועל פון דיר הערען נאך אמאל אזוינע דבורים, וועסטו שוין אין רוים ניט פאהרען!...

— פאטער דו ווייסט דאך ווי שטארק איך ליעב מיין שוועסטער, אבער ווען זי נעמט זיך אן פאר אונזערען א שונא, פערדריסט עס מיר זעהר שטארק.

— דיין שוועסטער האט זעהר א ווייכע און אידישע הארץ און קען ניט צוזעהען ווי מען פייניגט אפילו א שונא און דו דארפסט איהר דערפאר ניט בעליידיגען...

— פיהרט איהם צו סעיאנוס בורוס'ן, — האט זיך יוליוס געווענדעט צו זיינע קנעכט.

פיער קנעכט האבען איהם גענומען שלעפען... עקיבא האט זיך נאר אלץ געראנגעלט...

דערווייליגע איז רחל אנגעקומען מיט איהר קאמערמיידעל.

— וואס קומט דא פאר? — האט זי געפרעגט מאנילוס'ן וועלכער איז געשטאנען נעבען די קנעכט.

ווען מאנילוס האט פלוצלונג דערזעהען רחל'ן, האט ער זיך אין גאנצען פערלארען... ער האט זיך שטארק פערשעהמט און אין זיין פנים האבען זיך די קאלירען געביטען...

— אונזער פאסטוך... ווערט דא בעשטראפט — האט איהר מאנילוס געזאגט — ער האט אונז אפגעטהאן זעהר א שווידערליכע זאך... ער האט געגען אונז שטארק געזינדיגט...

— מעג איך פרעגען — האט זיך רחל אפגערופען — אין וואס בעשטעהט דעם פאסטוך'ס פערברעכען?

— הם... ער האט אפגעבראכען דעם נאז פון די רוימישע סטאטוע וואס שטעהט אין אונזער הויז און דאמיט אונז צו שאנד און צו שפאט געמאכט אין די אויגען פון אונזערע רוימישע געסט...

— און איך האב דערצו נאך געמוזט בעצאהלען די רוימער צוואנציג טויזענד שקלים שטראף, פאר'ן בעליידיגען זייער יופיטער — האט יוליוס צוגעגעבען.

— וואוהין ווילט איהר דאס דעם פאסטוך פיהרען? — האט רחל זיי ביידען געפרעגט.

— איך וויל איהם איבערגעבען צו סעיאנוס בורוס'ן אין די הענד, זאל ער איהם דערפאר בעשטראפען, ווען ער וועט דערזעהען אז מיר האבען געבאפט דעם פערברעכער, וועט עם פערשטעהען אז איך האב דערין קיין האנד ניט געהאט. און ער וועט אפשר מיר אומקערען די צוואנציג טויזענד שקלים...

— איך בעט דיר, מיין האר — האט רחל זיך אפגערופען צו יוליוס'ן, — גיעב ניט איבער דיין אידישען פאסטוך צו די רוימער... מיין פאטער וועט דיר דיין היזק אומקעהרען...

— אבער ער מוז דאך בעשטראפט ווערען פאר אזא פערברעכען — האט יוליוס געזאגט.

— איך זעה דאך אז מען האט איהם שוין גענוג בעשטראפט, ער איז דאך צושלאגען און צובלוטיגט — האט רחל אנגעצייגט אויף עקיבא'ן.

— פאטער, טו דאך איהר פערלאנג — האט מאנילוס איהם געבעטען.

יוליוס האט א קוק געטהאן אויף רחל'ן און אויף זיין זוהן... ער וויים אז מאנילוס קלערט א סך וועגען רהל'ן... איהם אליין געפעלט אויך דער שידוך. רחל איז טאקע זעהר שעהן, און איהר פאטער איז דער רייכסטער מאן אין ארץ ישראל... יא, ער וועט איהר נאכגעבען, האט יוליוס בעשלאסען.

— אויב דו זאגסט אז דייז פאטער וועט מיר בעצאהלען די צוואנציג טויזענד שקלים היזק וואס איך האב צוליעב דעם פאסטוך געהאט, דאן וועל איך איהם בעפרייען.

— געוויס מיין האר, דו וועסט נאך היינט קריגען דאס געלד צוגעשיקט!...

יוליוס האט געהייסען זיינע קנעכט בעפרייען עקיבא'ן פון די שטריק... עקיבא האט זיך קוים אויף זיינע פיס געהאלטען.

רחל האט געהייסען פנינה'ן זי זאל רופען דעם קוטשער מיט'ן עקיפאזש.

פנינה האט אזוי געטהאן, און כלבא שבוע'ס קוטשער איז צוגעפאהרען מיט דעם עקיפאזש. ער האט געהאלפען עקיבא'ן אריינצוזעצען זיך אין דעם עקיפאזש. און צוזאמען זיינען זיי צוגעפאהרען צו כלבא שבוע'ס הויז.

## אכטער קאפיטעל

# עקיבא ווערט כלבא שבוע'ס פאסטוך

ווען כלבא שבוע האט דערזעהן דעם צוקיילטען און צובייזלטען פאסטוך, עקיבא'ן, איז ער אויסער זיך געווארען פון כעס און אויפרעגונג.

— אזא רשע מרושע, זאל אזוי מערדערליך שלאגען א אידען, — האט ער אויסגעשריען, — ניט גענוג וואס ער האט ביי זיך אין הויז איינגעפיהרט דעם רוימישען געץ, ניט גענוג וואס ער העלפט אונזערע שונאים צו דריקען די ארימע און הילפלאזע אידען, האט ער נאך די העזה אויפצוהויבען זיין האנד און אזוי גרויזאם בעשטראפען אן אייגענעם ברודער!

— פאטער — האט זיך רחל אפגערופען מיט פולע אויגען טרעהרען — איך האב קיין ווערטער ניט דיר איבערצוגעבען די שוידערליכע ענויים וואס זיי האבען אנגעטהאן צו דעם ארימען פאסטוך. פריהער האט איהם יוליוס געשלאגען, דערנאך האבען אהם פיער געזונטע קנעכט געבונדען און אויך גוט צושלאגען. און ווען עקיבא איז געלעגען געבונדען א צובלוטיגטער, איז ערשט דאן צוגעקומען מאנילוס, יוליוס' זוהן און האט איהם גענומען בריקען מיט די פיס אזוי שטארק, אז ווען איך וואלט ניט בעת מעשה אנגעקומען, וואלט ער איהם געווים צום טויט דערשלאגען.

רחל איז גלייך אריינגעגאנגען אין צימער וואו עקיבא איז געזעסען און צוזאמען מיט פנינה'ן האט זי גענומען אפוואשען דאס בלוט און פערבאנדאזשירען ויינע וואונדען.

עקיבא איז געווען ווי צוטומעלט און ניט געקענט פערשטעהען וואס דא איז פלוצלינג פארגעקומען. ווען ער איז זיך געגאנגען מודה זיין, האט ער ער־ווארטעט די הארבסטע שטראף. ער האט גאנץ גוט געקענט זיין האר, ער איז געווען גרייט צו אלעס. און דא איז פלוצלינג אנגעקומען א מלאך אין געשטאלט פון כלבא שבוע'ס טאכטער און איהם אויסגעליזט פון די הענד פון די רשעים. די וואונדערשעהנע רחל שטעהט נעבען איהם. איהרע צארטע פינגער בע־ריהרען זיין קערפער. ער גיט א קוק אויף איהר זעלטענעם שעהנעם פנים. זייערע אויגען באגעגענען זיך. טרעהרען ווייזען זיך אין זיינע אויגען.

— עס טהוט דיר שטארק וועה? — האט איהם רחל מיט צערטליכער שטימע געפרעגט.

— ניין, מיין הארינטע, — האט איהר עקיבא געענטפערט, און די טרעהרען האבען זיך אויף זיינע באקען ארפגעקייקעלט — איך ווייס ניט וואס פאר א זכות איז מיר בייגעשטאנען אז מיין הארינטע האט פאר מיר אזוי פיעל געטהאן. איך האב קיינע ווערטער ניט אויסצודריקען מיין טיעפען דאנק פאר דעם גרויסען חסד וואס זי האט מיט מיר געטהאן.

— דו ביזט א בראווער מאן, עקיבא — האט איהם רחל געטרייסט —

דו האסט דיין לעבען אין סכנה געשטעלט פאר דעם כבוד פון אונזער פאלק און דערפאר וועט דיר דע באשעפער בעלאהנען.

כלבא שבוע איז אריין איז דעם צימער.

— נו, ווי פיהלסטו זיך יעצט? — האט ער עקיבא'ן געפ־עגט.

— איך פיהל זיך יעצט א סך בעסער און זיכערער — האט עקיבא געשמייכעלט.

— דערציהל דאך מיר ווי אזוי איז דאס אלעס פארגעקומען? — האט איהם כלבא שבוע געזאגט.

עקיבא האט זיך אויסגעגלייכט און מיט א נידעריג ציטערנדע שטימע אנגעפאנגען:

— פינף יאהר האב איך געדיענט אלס פאסטוך ביי יוליוס ווערנוס'ן, זיין הויז איז קיין מאל ניט געווען עבט אידיש. און איך האב דאריבער דורך דער גאנצער צייט ניט פערזוכט קיין פלייש. ברויט מיט וואסער, דאס איז געווען מיין מאכל יעדען טאג. אבער איך בין געווען צופריעדען און איך האב מיט טרייהייט און איבערגעבענהייט גע־יענט מיין האר. דא ניט לאנג האט מיין האר אריינגעבראכט דעם רוימישען אפגאט צו זיך איז הויז. ער האט צוגעגרייט א פייערונג לכבוד יופיטער'ן פאר זיינע רוימישע פריינד. ער האט איינגערעדט זיינע אידישע קנעכט אז בעת דער צערעמאניע זאלען זיי זיך בוקען צו יופיטער'ן און דערפאר וועט ער זיי געבען א נייעם בגד און א גוטען מאהלצייט. ווען איך האב זיך ענטזאגט דאס צו טהאן, האט ער מיר געוואלט צווינגען. מיך האט שטארק פארדראסען וואס א איך זאל אפטהאן אזא אונרעכט איך האב זיך אויך דערמאנט וואס די רוימער, אונזערע שונאים, האבען גע־טהאן צו אונזער הייליגע שטאדט ירושלים, צו אונזער בית המקדש. איך האב זיך דערמאנט ווי מיין פאטער איז אין שלאכט מיט די רוימער געפאלען. מיין צארן האט אין מיר געברענט און איך האב בעשלאסען זיך נוקם צו זיין. אין ביינאכט ווען אלע זיינען געשלאפען אין יוליוס הויז בין איך דורך'ן פענסטער אריין און אפגעבראכען יופיטער'ס נאז.

— ווי איך פערשטעהע — האט זיך כלבא שבוע אפגערופען — האט מען דאך דיר ניט געכאפט — טו פאר וואס ביזטו זיך נעגאנגען מודה זיין? האסטו דען ניט געוואוסט אז יוליוס וועט זיך מיט דיר פאר דעם גוט אפ־רעכענען?

— יוליוס האט בעשולדיגט זיין אידישע דיענסט, — האט עקיבא גע־ענטפערט,—ער האט איהר געפייניגט און געוואלט איבערגעבען צו די רוימער. האב איך זיך געמוזט מודה זיין, איך וועל דאך ניט דערלאזען אז אימיצער זאל ליידען צוליעב מיר.

— דו האסט פריהער דערמאנט אז דיין פאטער איז געפאלען אין שלאכט מיט די רוימער. ביזטו דען פון ירושלים? — האט איהם כלבא שבוע ווידער געפרעגט.

— ניין, מיין האר, איך קום פון לוד. מיין פאטער האט פערלאזען לוד א קורצע צייט פאר דעם חורבן, און האט זיך אנגעשלאסען אן דער ארמעע פון די קנאים און איך בין פערבליבען אין לוד.

— פאר וואס ביזטו מיט איהם ניט מיטגעגאנגען?

— מיין פאטער האט מיר ניט געוואלט מיטנעהמען. ער האט געזאגט אז איך בין נאך צו יונג, און איך וועל דערווייל קיינע נוצען ניט קענען ברייננגען מיין פאלק. ער האט מיר אפגעגעבען אלס א פאסטוך צו איינעם פון די איינוואהנער פון לוד. איך האב זעהר שטארק געוואלט געהן נאך ירושלים, אבער איך האב קיין געלד ניט געהאט צו קויפען א פאר שיך. נאך מיין ארבייט אין פעלד פלעג איך ארבייטען ביי א שוסטער פאר א פאר שיך. און ווען נאך דריי מאנאטען ארבייט האב איך די שיך געקראגען, און זיך אין וועג נאך ירושלים אוועקגעלאזען. האב איך אנקומענדיג אין גמזו, דערהערט אז ירושלים איז פון די רוימער בעלאגערט, און אלע מיינע האפנונגען זיינען מיטאמאל פערשוואונדען געווארען.

— זאג מיר, קענסטו עפעס לערנען? — האט כלבא שבוע פלוצלינג א פרעג געטהאן.

— ניין, — האט עקיבא מיט טרויער גענענטפערט. מיין פאטער האט ניט געקענט לערנען און איך קען אויך גאר ניט.

— אין לוד איז דאך פאראן א ישיבה, פאר וואס האט דיך דיין פאטער אהין ניט געשיקט לערנען?

— מיין פאטער האט געטראגען א כעס אויף די חכמים און האט דעריבער מיך ניט געוואלט געבען לערנען.

— א כעס אויף די חכמים? — האט זיך כלבא שבוע געוואונדערט. ווי איז דאס מעגליך? וואס האט ער צו זיי געהאט?

— מיין פאטער איז געווען א וואסער־פיהרער אין לוד, ער האט קוים אויף ברויט פערדיענט און ווען איך בין געבארען געווארען איז ער אוועק אין בית המדרש פון לוד און געבעטען די חכמים פון דארטען זיי זאלען איהם אנשטעלען אלס וואסער פיהרער פון בית המדרש. און צוליעב דעם ווייל ער האט ניט געקענט לערנען, האבען זיי איהם פארשעהמט און ענטזאגט זיין ביטע... ווען איך בין עלטער געווארען, האט ער דאס מיר דערצעהלט; ער האט אין מיר איינגעפלאנצט א שנאה צו די חכמים.

— און דו טראגסט נאך די שנאה צו די חכמים אויך יעצט אין דיין הארצען? — האט איהם כלבא שבוע געפרעגט.

— ניין, מיין הער, — האט עקיבא געענטפערט — מיין פאטער האט, ווי עס ווייזט אויס, שטארק חרטה געהאט אויף דעם. אין דעם בריעף וואס ער האט צו מיר פון דעם שלאכטפעלד געשריבען בעט ער מיר איך זאל אויסווארצלען מיין שנאה צו די חכמים.

עקיבא האט פון זיין בוזים ארויסגענומען זיין פאטער'ס פארמעטענעם בריעף און עס איבערגעגעבען כלבא שבוע'ן.

— דיעזען בריעף, האט מיר איבערגעגעבען אן אלטער מאן פון ירושלים. מיין פאטער האט צוזאמען מיט דעם אלטען'ס זיהן געקעמפפט, ער האט געבעטען דעם אלטען מיר איבערגעבען דיזען בריעף, ווען ער איז געלעגען אויפ'ן פעלד שטערבליך פארוואונדעט.

כלבא שבוע האט איבערגעלייענט דעם בריעף און געזאגט:

— איך זעה פון דעם בריעף אז דיין פאטער האט שטארק חרטה געהאט אויף דעם וואס ער האט אין דיר איינגעפלאנצט א שנאה צו די חכמים. זאג

דאך מיר עקיבא האסטו אויסגעפּאַלגט די לעצטע ווערטער פון דיין פערשטאָרבענעם פאָטער? האסטו דיין מיינונג ווענען די חכמים געביטען?

— יע, מיין האר, איך האָב מיין מיינונג געביטען, אַבער וואָס קען דאָס מיר יעצט העלפען. אין מיין יוגענד האָב איך גאָר ניט געלערענט און יעצט קען איך גאָר ניט.

רחל האָט א קוק געטהאָן אויף עקיבא׳ן. זי האָט בעמערקט אין זיינע אויגען א טיעפען טרויער און צער. איהר הארץ איז אָנגעפילט געוואָרען מיט מיטלייד אויף דעם אָרימען פּאַסטוך, דעם בראַווען, שעהנעם יונגען מאַן, וועלכער בעזיצט אזא נאָבעלען כאַראַקטער.

— פּאָטער — האָט רחל געזאָגט, אַנגעהמענדיג איהם פאַר׳ן האַנד—איך וויל מיט דיר עטוואָס רעדען.

ביידע זיינען ארוים פון צימער. כלבא שבוע האָט איהר געפרעגט:

— וואָס איז דיין פערלאַנג, מיין טאָכטער?

— פּאָטער, איז דען ניט מעגליך אז דו זאָלסט עקיבא׳ן מאַכען פאַר דעם פערוואַלטער פון אונזער הויז? ער וועט דאָך אונז זיין זעהר געטריי און איבערגעגעבען.

— מיין טאָכטער, איך אַליין האָב וועגען דעם פריהער געטראַכט, און איך האָב ביי זיך בעשלאָסען איבערצוגעבען עקיבא׳ן די פערוואַלטונג פון מיין הויז, אַבער נאָכדעם ווי איך האָב זיך דערוואוסט דאָס ער איז אַן עם הארץ, און ער קען אפילו ניט לעזען קיין עברי, האָב איך געענדערט מיין בעשלוס. ניין, מיין טאָכטער, איך וויל ביי זיך אין הויז קיין עם הארץ ניט האָבען.

— אַבער, מיין ליעבער פּאָטער, האָט זיך רחל אָפּגערופען — עס איז דאָך ניט זיין שולד וואָס ער קען ניט, מען האָט איהם אין זיין יוגענד ניט געלערענט, קען ער ניט.

— יע, מיין ליעבע טאָכטער, עס איז טאַקע ניט זיין שולד, אָבער דו ווייסט דאָך ווי איך פערהאַס אַן עם הארץ. איז ניט ירושלים געפאַלען און דער בית המקדש חרוב געוואָרען צוליעב די עמי הארצים?

— זעהסט דאָך אַבער — האָט רחל געזאָגט — וואָס פאַר א געטרייער זוהן עקיבא איז צו זיין פאָלק; ער האָט זיין לעבען אין סכנה געשטעלט, ווייל ער האָט ניט געקענט צוזעהן ווי אידען דיענען עבודת זרה. זיין כאַראַקטער איז איידעל און זיין נשמה איז נאָבעל; ער האָט זיך דערוואוסט אז מען בעשולדיגט א צווייטען אין דעם וואָס ער האָט געטהאָן, איז ער גלייך אוועק און זיך מודה געווען, כאָטש ער האָט געוואוסט אז זיין שטראָף וועט זעהר גרויס זיין. נו, זאָג אליין, פּאָטער, פערדיענט ניט אונז אזא מאַן, מיט אזא גוטע, עהרליכע אידישע הארץ, צו זיין דער פערוואַלטער פון אונזער הויז?

— ניין, מיין ליעב קינד — האָט כלבא שבוע געענטפערט — איך קען דערצו קיין מאָל ניט איינשטימען. איך וויל ניט אז ביי מיר אין הויז, אונטער מיין דאך זאָל זיך שטענדיג געפינען אַן עם הארץ, איינער וואָס האָט גאָר קיין אהנונג ניט פון אונזער תורה. ווי ווייט, מיין טאָכטער, האָט געפעהלט, אז צוליעב זיין אונוויסענהייט, זאָל ער האָבען געבראַכט אַן אונגליק אויף דאָס אידישע פאָלק! שטעל זיך פאָר, ווען דיר וואָלט זיך ניט איינגעגעבען צו ראַטעווען איהם פון יוליוס׳ הענד, וואָלט דאָך דאָן עקיבא געבראַכט געוואָרען

בעפאר סעיאנוס בורוס'ן, און דערווייל וואלט ער בעשולדיגט אלע אידען אז זיי ווילען מורד זיין אין רוים. דו ווייסט דאך, ווי גרינג עס איז פאר די רוימער צו מאכען א בלבול אויף דעם גאנצען אידישען פאלק, און צוליעב אזא קליי־ניגקייט וואלט ביי זיי רעכט געווען אנצופאנגען א שחיטה אויף די אידען. נו, פרעג איך דיך, זיינען מיר יעצט גרייט זיך געגענשטעלען אונזערע שונאים? ווען עקיבא וואלט אבער קיין עם הארץ ניט זיין, וואלט ער געווים אזא זאך, אין יעצטיגער צייט ניט געטהאן. איך צווייפעל ניט אז זיין כונה איז געווען גוט. אבער זיין אונוויסענהייט האט געקענט ווידער ברייגנען חורבן און צערשטערונג אין די אידישע רייהען.

רחל איז געבליבען שטיל, זי האט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערען איהר פאטער. זי ווייס, דאס ער וועט זיין בעשלום ניט ענדערען. איהר שעהנער פנים איז פערכמורעט געווארען. זי וועט דעם העלדישען פאסטוך גאר ניט קענען העלפען.

— פאטער — האט זי זיך אפגערופען — וואס וועט ווערען פון דעם ארימען פאסטוך? צו יוליוס'ן וועט ער צוריק ניט קענען געהן ארבייטען, און אויב דו ווילסט איהם אויך קיין ארבייט ניט געבען, וועט ער דאך אויסגעהן פון הונגער.

— איך וועל איהם אונטערשטיצען מיט געלד ביז וואנען ער וועט געפינען ארבייט ערגעץ וואו.

— געלד? אה, פאטער, איך בין זיכער דאס ער וועט ניט וועלען נעהמען קיין געלד. ער שיינט ניט צו זיין פון די וועלכע וואלטען גערען גענומען צדקה?

— דו ביזט זיכער, מיין טאכטער, און איך וועל דיר באלד איבערצייגען אז ער וועט יע נעהמען געלד — האט כלבא שבוע געלאכט, און האט אנגענומען א הויפען מיט גאלדענע מטבעות.

— אט וועסטו האבען עטוואס געלד אויף צום לעבען ביז וואנען דו וועסט קריגען ארבייט, — האט איהם כלבא שבוע געזאגט, דערלאנגענדיג די מטבעות.

— מיין הער — האט זיך עקיבא אויפגעשטעלט פון זיין פלאץ — איך ווייס ניט ווי אזוי איך קען מיין הער און די הארינטע בעדאנקען פאר דעם גרויסען חסד וואס זיי האבען מיט מיר געטהאן. אבער איך האב אין מיין לעבען קיין צדקה גענומען. ווען איך בין נאך א קליין אינגעלע געווען האב איך שוין מיין ברויט פערדיענט. און אויב איך קען יעצט ניט פערדיענען מיין ברויט, וועל איך בעסער הונגערען און פון צדקה וויל איך קיין הנאה ניט האבען.

רחל האט געקוקט אויף איהר פאטער מיט אויגען פון נצחון. זי האט קיינמאל ניט געצווייפעלט אז עקיבא וועט ניט וועלען נעהמען קיין געלד אומזיסט.

— פאטער, — האט זי זיך אפגערופען, — עקיבא איז געווען א פאסטוך אלע זיינע יאהרען, פיליכט וועסטו איהם קענען אנשטעלען פאר א פאסטוך ביי דיינע שאף?

— גוט — האט כלבא שבוע געזאגט — דו קענסט ביי מיר פערבלייבען אלס פאסטוך. זאג מיר נאר, וואס זאל דיין געצאהלט זיין?

— פינף יאהר האב איך ביי יוליוס ווערנוס'ן אלס פאסטוך געדיענט נאר פאר מיין ברויט און וואסער, — האט עקיבא געזאגט, — און איך וועל זיך פיהלען זעהר גליקליך אויב איך וועל מיין האר קענען דיענען פאר די זעלבע בעדינגונגען.

— מיינע קנעכט קריגען, א חוץ עסען, אויך בעצאהלט — האט איהם כלבא שבוע געזאגט — און אויב דו וועסט דיין ארבייט טהאן געטריי, וועסטו אויך קריגען בעלוינונג.

עקיבא האט זיך פארנייגט און נאך אמאל געדאנקט כלבא שבוע'ן מיט זיין טאכטער.

— דערווייליע קענסטו זיך דא אפרוהען עטליכע טעג ביז וואנען דיינע וואונדען וועלען פערהיילט ווערען — האט זיך כלבא שבוע אפגערופען — און נאכהער וועל איך דיר איבערגעבען די שאף און דו וועסט זיי קענען פאשען אין פעלד.

— מיין האר, — האט עקיבא געזאגט — איך פיהל זיך שטארק גענוג, איך קען גלייך אנפאנגען ארבייטען.

— נו, וועסטו עפעס דערווייליע עסען, דו מוזט דאך אודאי זעהר הונ־געריג זיין?

— היים די דיענסטען צוגרייטען עסען פאר עקיבא'ן — האט זיך כלבא שבוע אפגערופען צו רחל'ען און איז ארויס פון צימער.

— פונדעסטוועגען וואלט איך דיר ראטהען — האט זיך רחל אפגערופען צו עקיבא'ן — דאס דו זאלסט זיך אויסרוהען היינטיגען טאג און מארגען פריה וועסטו אנפאנגען דיין ארבייט.

— מיין הארינטע — האט עקיבא געענטפערט — אויב איך וועל היינט ניט ארבייטען וועל איך היינט קיין ביסען אין מויל ניט קענען נעהמען, ווייל איך וויל ניט עסען קיין אומזיסטע ברויט. איך פערזיכער מיין הארינטע, אז איך פיהל זיך יעצט שטארק און קרעפטיג און איך קען גלייך אנפאנגען מיין ארבייט.

— אויב אזוי — האט רחל געזאגט — טו ווארט דא צו א ווייליע און איך וועל הייסען די דיענסט צוגרייטען פאר דיר דאס עסען.

רחל איז ארויס פון צימער און אין א ווייליע ארום האט א דיענסט אריינ־געבראכט פאר עקיבא'ן א גוטען מאלצייט.

נאר'ן עסען איז עקיבא גלייך אוועקגעגאנגען אין פעלד אריין פאשען כלבא שבוע'ס שאף.

נײַנטער קאפּיטעל

## מיטגעפיהל און ליעבע...

**מאנילוס** האט זיך געפיהלט זעהר גליקליך: ער האט געהאט א גוטע גע־לעגענהייט צו ריידען מיט די וואונדער שעהנע רחל, וועמען ער האט אזוי שטארק געליעבט... נאכדעם, ווי ער האט שוין געהאט כמעט אויפגעגעבען זיין האפנונג זיך מיט רחל'ן צו בעקענען איידער ער פאהרט אפ נאך רוים, איז זי גאר צו איהם געקומען ספּעציעל צו איהם... זי האט זיך דערוואוסט אז מען וויל דעם אידישען פאסטוך איבערגעבען צו די רוימער, איז זי געקומען איהם אויסלייזען.

אבער זי האט דאך דערוויל מיט איהם גערעדט... א חוץ דעם האט רחל געהערט ווי ער האט געבעטען זיין פאטער צו טהאן איהר פערלאנג... זי האט דאך געזעהען אז ווען ניט ער, וואלט זיין פאטער איהר געוויס ניט געווען פאלגען... איין זאך, אבער, בעאונרוהיגט איהם; ער גערענקט ניט צו רחל האט בעמערקט ווי ער האט עקיבא׳ן געשלאגען... ער האט ניט געוואלט אז דיא שעהנע אידעלע רחל זאל האבען געזעהן ווי שלעכט און גרויזאם ער איז...

מאנילוס האט זיך אבער געטרייסט, אז דעם צווייטען מאל ווען ער וועט מיט רחל׳ן רעדען, וועט ער איהר דערצעהלען, אז עקיבא איז איהם פריהער בעפאלען און איהם גענומען שלאגען, און דערפאר האט ער זיך דאס מיט איהם אפגערעכענט...

דעם גאנצען טאג האט מאנילוס מיט אומגעדולד געווארט אויף רחל׳ן; זי האט דאך צוגעזאגט צוצושטעלען די צוואנציג טויזענד שקלים פאר עקיבא׳ן, דעמזעלבען טאג... און מסתמא וועט זי דאס אליין ברייננען... ער האט געטראכט ווי אזוי ער זאל מיט איהר ריידען, ווי אזוי ער זאל רעכטפערטיגען זייערע ברוטאלע בעהאנדלונגען צו דעם פאסטוד, און וועגען דאס געלד... ער וועט פרובירען זיך ענטזאגען צו נעמען דאס געלד פון איהר... ניין, דאס קען ער ניט טהאן! טאמער וועט זי טאקע דיינקען אז ער מיינט עס אויפריכטיג, און וועט זיך לאנג ניט לאזען בעטען און נעמען דאס געלד צוריק... וואס וועט זיין פאטער זאגען דארויף?... ער וועט איבעררייידען מיט זיין פאטער, פיילייכט וועט ער איינשטימען צו נעמען העלפט פון די סומע, און דאן וועט רחל זעהן וואס ער האט פאר איהר געטהאן...

— וואס זאגסטו, מיין זוהן, — האט זיך יוליום אפגערופען צו מאנילוס׳ן אין אבענד — כלבא שבוע׳ס טאכטער האט פערשפראכען נאך היינט צוצושטעלען דאס געלד, דער טאג איז שוין פאריבער און ניט מען זעהט אזו ניט מען הערט פון איהר!...

— פאטער — האט מאנילוס געזאגט — איך צווייפעל ניט אין איהרע ווערטער, מסתמא איז זי היינט געווען פערנומען...

— איך האב אבער מורא, — האט יוליום געזאגט — דאס ווען זי האט אונז צוגעזאגט צוריקקערען די צוואנציג טויזענד שקלים היזוק, וואס איך האב געהאט דורך דעם פערפלוכטען פאסטוד, האט זי ניט געוואוסט אז איהר פאטער וועט דערצו ניט איינשטימען... עס איז דאך מעגליך אז איהר פאטער וויל דערפון גארניט וויסען...

— דאס גלויבט זיך קוים, פאטער, כלבא שבוע איז זעהר רייך, און רח? איז זיין איין איינציגע טאכטער, וועמען ער ליעבט זעהר שטארק און ער וועט איהר פערלאנג קיינמאל ניט ענטזאגען.

— איך וועל ווארטען ביז מארגען, און אז איך וועל ביז דאן ניט קריגען מיין היזוק בעצאהלט, וועל איך זיכער איבערגעבען עקיבא׳ן צו סעיאנוס בורוס׳ן.

— איך האף אז עס וועט דערצו ניט קומען — האט זיך אפגערופען מאנילוס — מארגען וועל איך אליין אריבערגעהן אהין צו כלבא שבוע׳ס הויז און דערמאנען רחל׳ן וועגען איהר צוזאג... איך וואלט דיר וועלען אבער פרעגען איין זאך, פאטער, פיליכט איז עס ניט ריכטיג פון אונזער זייט, צו נעמען ביי זיי דעם גאנצען היזוק, אפשר וואלסטו געליטען העלפט, און כלבא שבוע העלפט.

— רייד ניט קיין נארישקייטען מיין זוהן — האט זיך יוליום גע׳כעס׳ט

— עס זאל פעהלען איין שקל צו דער סומע, וועל איך עס ניט נעהמען... ניט נענוג וואס איך האב געליטען שאנדע, זאל איך נאך ליידען דעם היזוק!

— און אז דו וועסט דעם פאסטוך איבערגעבען צו סעיאנוס בורוס'ן, דענק־סטו אז ער וואלט דיר צוריקגעגעבען דיינע צוואנציג טויזענד שקלים?... גע־דענקסטו ווי סעיאנוס האט דיר געזאגט אז די געלד שטראף לעגט ער אויף דיר ארויף צוליעב דעם וואס דו האסט פערנאכלעסיגט אפצוהיטען רוים'ס הייליגקייט.

— אבער ווען איך זאל צו איהם צושטעלען דעם שולדיגען, וועט ער זיך ערשט איבערצייגען אז איך אליין בין אונשולדיג, און אז איך האב געטהאן אלעס אין מייז מעגליכקייט צו בעשטראפען דעם, וועלכער האט בעליידיגט דעם גאט פון רוים... און אפילו, ווען ער וואלט מיר דאס געלד ניט צוריקגעגעבען, וואלט איך דאך אבער דאמיט צוריקגעוואונען די גנאדע אין זיינע אויגען... ניין, איך זאג דיר נאך אמאל, אויב איך קריעג ניט מארגען די פולע צוואנציג טויזענד שקלים, וועט זיך דער פאסטוך פון מיינע הענד ניט ארויסדרעהען!...

— נו, זארג ניט פאטער, איך וועל דיר דאס געלד צושטעלען — האט מאנילוס מיט זיכערקייט געזאגט.

---

דעם גאנצען טאג איז רחל געווען פערנומען מיט עקיבא'ן, באטש ער אליין איז געווען אין פעלד מיט די שאף. זי האט צוגעגרייט פאר איהם נייע בגדים, זי האט געהאלפען די דינסטען צורעכט מאכען זיין צימער, כדי ער זאל זיך פיהלען בעקוועם.

אין אבענד ווען עקיבא האט זיך צוריקגעקעהרט פון דער פאשע, איז איהם רחל ענטקעגען געגאנגען און איהם געפרעגט ווי ער פיהלט זיך, צו די וואונדען האבען איהם ניט וועה געטהאן.

עקיבא וועלכער האט נאך אויף זיין לעבען ניט געהערט א צערטליך ווארט פון אימיצען, איז ביז טרעהרען געריהרט געווארען פון רחל'ס גוטסקייט און צערטליכקייט... ער איז געשטאנען אזוי ערשטוינט און צוטומעלט אז ער האט קיין ווערטער ניט געהאט מיט וואס אויסצודריקען זיין דאנקבארקייט, צו דער וואונדערליכער שעהנהייט, וועלכע, ווי א מלאך פון הימעל, איז זי געקומען און איהם געראטעוועט פון א זיכערען טויט, און יעצט איז זי צו איהם ווי א גע־טרייע שוועסטער, און פרעגט איהם ווי ער פיהלט... ווען ער זאל נאר קענען איבערגעבען זיינע געפיהלען צו דער געטליכער רחל...

רחל האט זיין שווייגען אנגענומען פאר א סימן אז ער ליידעט נאך פון די וואונדען, און זי האט זיך צו איהם אפגערופען:

— דו האסט זיך געאיילט אין פעלד צו געהן, עקיבא, דו האסט זיך גע־דארפט אפרוהען עטליכע טעג ביז וואנען די וואונדען וואלטען זיך פערהיילט... ווי איך זעה האסטו שטארק געליטען פון די וואונדען...

— אה, ניין, מיין הארינטע — האט עקיבא קוים ארויסגערעדט — איך האב פון מיינע וואונדען גארניט געליטען...

— פונדעסטוועגען, טאר מען די וואונדען ניט פערלאזען — האט רחל גע־זאגט, און געהייסען פנינה'ן אריינברייגגען נייע באנדאזשען, פנינה האט די באנדאזשען געבראכט און געהאלפען רחל'ן אראפנעמען די אלטע.

— אה, יא — האט רחל א גליקליכע געזאגט — די וואונדען היילען זיך

זעהר שנעל... איך גלויב אז נאך דעם מאל וועט מען שוין מעהר קיין באנדא־
ושען ניט ברויכען.

די דיענסטען האבען עקיבא'ן זיין אבענד ברויט געבראכט. רחל האט
איהם אנגעצייגט זיין צימער וואו ער וועט שלאפען, און זי האט זיך צוריק־
געצויגען צו איהר צימער.

רחל האט די גאנצע נאכט ניט געשלאפען. איהרע געדאנקען זיינען געווען
פארנומען מיט עקיבא'ן... זי האט צוגעמאכט איהרע אויגען און גענומען פון
איהם טראכטען... זי זעהט דעם שעהנעם העלדישען פאסטוך... ער איז חויך,
שלאנק און פעסט געבויט... זי זעהט ווי בראוו און העלדיש ער רעכענט זיך אפ
מיט יהודה'ס שונאים; ער שטעלט איין זיין לעבען אין גרוים געפאהר, ער
ברעכט אפ יופיטער'ס נאז און מאכט די צושטערער פון ירושלים צו שאנד און
צו שפאט... קיינער איז איהם נישט חושד, ער טהוט זיך זיין טעגליכע ארבייט
ווי פריהער. ווען אבער ער דערוויסט זיך, אז מען בעשולדיגט אין דעם אז
אומשולדיגען מענשען, דאן געהט דער בראווער עקיבא און איז זיך מודה...
ווי נאבעל און שטארק איז זיין כאראקטער... ער געהט מקבל זיין אויף זיך די
שטראף פרוכטלאז און מיט שטאלץ... רחל דערמאהנט זיך ווי ברוטאל און מער־
דעריליך מאנילוס און זיינע קנעכט האבען איהם געשלאגען, ווען ער איז געווען
געבונדען און הילפלאז... און אין איהר הארצען פיהלט זי גרוים מיטלייד און
מיטגעפיהל צו דעם עלענדען עקיבא'ן... ווען זי קען נאר לינדערן זיינע יסורים !...
זי וואלט דאך איהם וועלען זעהן אזוי צופריעדען און גליקליך... אה, ווען ער
זאל נאר זיין געלערנט... דאן וואלט דאך איהם איהר פאטער געמאכט פאר דעם
הויז־פערוואלטער... און דאן...

רחל מאכט ווידער צו די אויגען, און אין איהר פארשטעלונגס־קראפט
זעהט זי דעם שטאלצען עקיבא'ן. אין זיינע פינקעלנדע אויגען זעהט זי א הייל־
ליגעם פייער, דאס פייער פון א אידישען העלד... און אט איז עקיבא דעם
גאנצען טאג אין איהר הויז, איהר פאטער פארבריינגט מיט איהם, ער בעראטה
זיך מיט עקיבא'ן וועגען הויז אנגעלעגענהייטען... און זי קען איהם זעהן און
מיט איהם רעדען צו יעדער צייט...

אבער דער ארימער, אומגליקליכער עקיבא, ער איז אומוויסענד; ער האט
קיינמאל נישט געהאט קיין געלעגענהייט צו לערנען. ער איז אויפגעהאדעוועט
געווארען אין גרוים ארימקייט און נויט... יונג איז ער געבליבען א יתום פון זיין
מוטער און נאכהער פון זיין פאטער... אלס קינד האט ער געדארפט שווער
ארבייטען אום צו פערדיענען זיין ברויט... עלענד און פארוואגעלט האט ער
אליין דעם שווערען יאך געשלעפט... זי איז זיכער ווען עקיבא וואלט געהאט
א געלעגענהייט צו לערנען, וואלט ער יעצט געווען א גרויסער מאן און פיהרער
ביי אידען... און אפילו יעצט, מיט זיין כח און ענערגיע, מיט זיין ווילענס־
קראפט, וואלט ער דערגרייכט זעהר פיעל... יא, זי פיהלט אז זי האט אזוי פיעל
צוטרוי צו איהם...

ווען איהר פאטער זאל איהם נאר פארשטעהען ווי זי פארשטעהט איהם...
ווען ער זאל עקיבא'ן די מעגליכקייט געבען זיך נעהמען צום לערנען, ווי גליקליך
זי וואלט זיך געשעצט...

יא, זי פיהלט אז זי איז אין עקיבא'ן שטערבליך פארליעבט... זי ליעבט

דעם העלדישען פאסטוך מיט אלע פיבערען פון איהר נשמה... איהר הארץ טהוט אין איהר א ציטער, ווען זי דערמאהנט זיך ווי איהר פאטער פערהאסט די עמי הארצים, די אומוויסענדע; זי ווייס דאך זיין פאראורטהייל געגען עקיבא'ן; ווען ער האט זיך דערוואוסט אז דער פאסטוך קען אפילו נישט קיין עברי...

ווען זי זאל נאר קענען איבערצייגען איהר פאטער די גרויסע מעלות וואס עקיבא באזיצט, און ווען ער זאל איהם נאר די געלעגענהייט געבען, וואלט ער נאכהער געוויס מיט איהם שטאלצירט... אבער זי ווייס אז דאס איז אונמעגליך... זי קען איהר פאטער זעהר גוט... די שטארקע שנאה צו די עמי הארצים וועט זי קיינמאל נישט קענען אויסווארצלען פון איהר פאטער...

א געדאנק קומט איהר פלוצלינג ארויף. זי וועט פארלענגען עקיבא'ן אז זי וועט [illegible]... זי איז זיכער, אז אין גאר א קורצע צייט וועט ער זיך אויסלערנען לעזען און שרייבען. און ווען איהר פאטער וועט זיך דערוויסען אז דער פאסטוך קען לעזען און שרייבען, וועלען דאן זיינע בעציהונגען צו איהם גאנץ אנדערש ווערען...

ניין, דאס איז אונמעגליך! האט רחל זיך ארומגעזעהן. ווען איהר פאטער זאל אויסגעפינען אז זי לערנט איהם, וועט ער געוויס עפעס פארדעכטיגען און וועט עקיבא'ן פון הויז פארטרייבען... זי וועט אפשר קאנען אויספיהרען אז אימיצער אנדערש זאל מיט איהם לערנען. דאס איז אבער אויך אונמעגליך. עקיבא ארבייט שווער דעם גאנצען טאג, ער געהט אין פעלד אוועק זעהר פריה, און קעהרט זיך אום שפעט... נאך אזא טאג ארבייט מוז ער זיין זעהר מיעד, און זעהר שווער וועט פאר איהם זיין זיך צו לערנען...

עס האט אנגעהויבען טאגען. רחל'ס געדאנקען זיינען נאך אלץ געווען פערנומען מיט עקיבא'ן... פלוצלינג האט זי זיך אויפגעשטעלט פון איהר בעט, האט אויף זיך ארויפגעכאפט איהר מארגען־קלייד, און איז צום פענסטער צו־געגאנגען... זי ווייס אז עקיבא דארף באלד מיט די שאף פארבייגעהן... זי ווענדעט איהרע בליקען צו דעם פלאץ פון וואנען עקיבא דארף אנקומען. לאנג דארף זי נישט ווארטען... עקיבא בעווייזט זיך מיט די שאף... איהר הארץ טהוט א פלאטער... זי זעהט איהם, וועמען זי ליעבט אזוי הייס... איהר קערפער וויברירט פון אויפרעגונג... אט געהט דער שטאלצער העלד, ער פיהרט די שאף... און אויף איהרע געדאנקען קומט ארויף משה. דער אידישער העלד און פיהרער; ער זעהט ווי א מצרי בעליידיגט א אידען, ער שטעלט זיין לעבען איין אין סכנה, בע־שטראפט דעם מצרי, אליין איז ער געצוואונגען צו אנטלויפען פון מצרים... ער ווערט א פאסטוך, פיטערט די שאף... שפעטער ווערט ער דער פאסטוך איבער אלע אידען. ער ווערט זייער פיהרער און בעשיצער, ער בעפרייט זיי פון שקלא־פעריי, מאכט פון זיי א זעלבסטשטענדיגע נאציאן, און פיהרט זיי צו דעם לאנד פון זייערע עלטערען... יא, האט רחל געטראכט, עקיבא איז יעצט א פאסטוך פון שאף, אבער זי איז זיכער אז ער וועט נאך אמאל זיין דער פאסטוך איבער דאס פאלק פון יהודה, ער וועט זיין דער אידישער נאציאנאלער העלד און פיהרער... זיין העלדענמוטה, זיין ליעבשאפט צו זיין פאלק און זיין ברייטע גוטע הארץ, דאס מאכט איהם ראוי צו זיין א פיהרער ביי אידען... ער זאל נאר א געלעגענהייט קריגען צו שטודירען די אידישע תורה...

רחל בעגלייט איהם מיט איהרע אויגען... אינסטינקטיוו האט עקיבא פלוצים אויפגעהויבען זיינע אויגען... זייערע בליקען האבען זיך באגעגענט... רחל האט זיך פארשעהמט און איז שנעל אוועק פון פענסטער...

ביים פריהשטיק עסען האט זיך רחל אפגערופען צו כלבא שבוע'ן:

— דו ווייסט, פאטער, איך האב פערשפראכען יוליוס ווערנוס'ן אפצוגעבען איהם דאס געלד, די צוואנציג טויזענד שקלים היזק וואס ער האט געליטען דורך עקיבא'ן, נאך נעכטען דעם זעלבען טאג. איך האב אבער וועגען דעם גאר פארגעסען... דו וועסט מיר אזוי גוט זיין געבען דאס געלד און איך וועל עס איהם גלייך ברייגנען.

— געבענשט זאלסטו זיין, מיין טאכטער, — האט כלבא שבוע געזאגט, — דו ביזט זעהר גוט־הארציג; דו האסט געטהאן זעהר א נאבעלע און גוטע זאך, וואס דו האסט אויסגעלייזט א אידען, ער זאל נישט אריינפאלען אין די רוימערס הענט... איך בין זעהר צופריעדען צו געבען דיר דאס געלד, אבער נאך מעהר צופריעדען וואלט איך געווען, ווען דער מאן פאר וועמען איך גיב יעצט אוועק־געבען א גרויסע סומע געלד, וואלט קיין עם הארץ נישט געווען... זייענדיג דעם גרויסען אומגליק וואס איז בעפאלען דעם אידישען פאלק, דורך די עמי הארצים, האב איך זיך כמעט ווי א נדר געטהאן, אז פון מיין געלד זאלען קיינע עמי הארצים נישט הנאה האבען...

— פאטער, — דו מוזט דאך אבער אן אונטערשיעד מאכען צווישען א בייז־ווילינגען, כאראקטערלאזען עם הארץ און איינעם, וועלכער האט אומגליקליכער־ווייזע קיין געלעגענהייט נישט געהאט צו לערנען, אבער וועמענס כאראקטער און טהאטען צייגען, אז ער האט א גוטע אידישע הארץ... איך בין זיכער, ליעבער פאטער, אז אפילו יעצט ווען עקיבא זאל האבען א געלעגענהייט צו לערנען, וואלט ער געווארען א גרויסער תלמיד חכם.

— ניין, מיין טאכטער, — האט כלבא שבוע געשמייכעלט, — דו מאכסט א טעות, דער וועלכער האט אין זיין יוגענד נישט געלערנט, וועט שוין אויף דער עלטער געווים נישט קענען לערנען... בפרט ווען עקיבא קען אפילו נישט דעם אלף בית... עס איז פאר איהם קיין האפנונג נישטא, דאס ער זאל ווען עס איז אפילו קענען עברי...

רחל האט זיך געפיהלט געקרענקט פון איהר פאטערס באמערקונג וועגען עקיבא'ן. זי האט אבער מיט איהם מעהר נישט געוואלט ריידען וועגען עקיבא'ן. זי האט מורא געהאט ער זאל נישט פארדעכטיגען אז זי איז אין איהם פערליעבט...

כלבא שבוע האט איהר געגעבען דאס געלד און רחל איז אוועק צו יוליוס ווערנוס'ן איהם איבערצוגעבען די צוואנציג טויזענד שקלים.

מאנילוס האט אויך יענע נאכט נישט געשלאפען. ער איז געלעגען אויף זיין געלעגער און האט געטראכט פון די שעהנע ליעבע רחל... ווען כלבא שבוע'ס טאכטער זאל נאר איינוויליגען צו ווערען זיין פרוי, דאן וועט ער דער רייכ־סטער מאן אין ארץ ישראל זיין... כלבא שבוע איז שוין אן עלטערער מענש, ער האט נישט קיין פרוי און קיין אנדערע קינדער א חוץ רחל'ן... זיין גאנץ רייכטהום וועט איבערבלייבען פאר איהר, פאר רחל'ן... זי זאל נאר איינשטימען. אבער פאר וואס זאל זי נישט איינשטימען? — האט מאנילוס זיך געטראכט, — איז ער דען נישט שעהן און שטארק? איז ער דען נישט חשוב ביי די רוימישע

**אדעלליים?... ער רעדט רוימיש פליסענד, און וויים זיך ווי צו האלטען ווי א** עכט געבארענער רוימער... ער איז זיכער אז נישט איין רוימישע אדעל־פרוי **וועט זיך אין איהם פערליעבען ווען ער וועט זיין אין רוים... יא, ער איז זיכער,** אז רחל וועט זיך אויך אין איהם פערליעבען... זיין שוועסטער אקטאוויא האט **איהם געזאגט, דאס ער זאל זיך ארויסשלאגען רחל'ן פון קאפ. זי האט זיך דאס** נאר געריצט מיט איהם... אמת, רחל איז טאקע איבערגעגעבען מיט'ן לייב און לעבען צו אידישקייט. אבער ווען ער וועט מיט איהר איבעררעדען, ער וועט זייער **איבערצייגען, ווי שעהן און פראכטפאל די רוימער לעבען, ווי זיי געניסען פון** אלע פערגעניגענס פון לעבען... זיי זיינען געזונט, שטארק און גליקליך... [illegible] וועט דאן אין גאנצען אנאנדערע ווערען... ער וועט איהר איינרעדען זי זאל מיט איהם נאך רוים פאהרען... דארטען וועט זי זעהן דעם רוימישען לעבען פון לוקסוס און פערגעניגען. זי וועט זעהן זייערע מנהגים, די פערשידענע ספארטען, דאס געוועט פון פערד־געיעג, די גלאדיאטארען, אט דאס אלעס, איז מנאילום זיכער, וועט האבען אויף רחל'ן דעם געווינשטען איינדרוק און זי וועט אינגאנצען אנדערש ווערען... זי וועט זיך ארומזעהן אז דאס אידישע פאלק האט מעהר קיין האפנונג נישט ווידער צו ווערען זעלבסטשטענדיג, און די איינציגע רעטונג פאר אלע אידען איז צו אסימילירען זיך מיט די מעכטיגע רוימישע נאציאן... זיי זאלען זיך אויסלערנען ריידען רוימיש, אננעהמען זייערע מנהגים און זיטען, און ווערען איין נאציאן...

מאנילום פיהלט זיך העכסט גליקליך פון זיינע געדאנקען. עפעס לאזט איהם נישט ליגען; ער הויבט זיך אויף פון זיין בעט, שפאצירט אין זיין צימער הין און צוריק. ער ווערט זעהר אומגעדולדדיג, ער וואלט וועלען עס זאל שוין טאג ווערען... גלייך אין דער פריה וועט ער צו רחל'ן אריבערגעהן, ער וועט איהר זעהן, און ער וועט מיט איהר ריידען.

מאנילום געהט צו צום פענסטער; דער הימעל איז נאך אלץ אויסגעשטערנט, דער פריהמארגען איז נאך ווייט... ער לעגט זיך צוריק אין בעט, און זיינע גע־דאנקען נעהמען ווידער וואנדערען. רחל ווערט זיין פרוי, ער פייערט זיין חתונה. סעיאנוס בורוס און די איבריגע רוימישע בעאמטע בעוואונדערען רחל'ס שעהנ־קייט; ער זעהט ווי אלע זיינען איהם מקנא... אין עטליכע יאהר ארום, כלבא שבוע שטארבט אפ און זיין גאנצער פארמעגען פאלט אריין אין זיינע הענט... ער פארקויפט אלעס און צוזאמען מיט רחל'ן בעזעצט ער זיך אין רוים. דארטען וועט ער איהר פארשטעלען פאר די רוימישע גענעראלען, פאר די סענאטארען... אלע וועלען איהר עהרען און דורך איהר וועט ער קענען דערגרייכען צו א הויכען אמט אין דער רעגירונג.

דא דערמאהנט זיך מאנילום אן זיין שוועסטער'ס ווערטער: "רחל בעדויערט זעהר שטארק דאס צווישען אידען געפינען זיך אזעלכע מענשען ווי מיר זיינען, וועלכע אסימילירען זיך מיט די רוימער"... ער ווערט אומעטיג און טרויעריג. עס קען דאך זיין אז זי וועט פון איהם גאר נישט וועלען הערען... פון אלע זיינע חלומות וועט זיך גאר נישט אויסלאזען... דיזע אומעטיגע געדאנקען אבער, בלייבען נישט לאנג מיט איהם, ער פערטרייבט זיי פון זיך... ער האט צופיעל צוטרוי צו זיך, איהם וועט קיין פרוי נישט צוריקווייזען... האט איהם דען נישט

א רויסישער אָפיציער איינמאָל געזאָגט, אז ער, מאַנילוס, איז דער טיפ מאַנס־פּערזאָן אין וועמען פרויען פאַרליעבען זיך זעהר שנעל...

מאַנילוס ווערט אָנגעפילט מיט שטאָלץ און פרייד: איהם וועט רחל נישט ענטזאָגען... ער וועט שוין וויסען ווי צו ריידען מיט איהר; זאָל ער נאָר האָבען א געלעגענהייט איהר צו זעהן...

ווי נאָר עס איז טאָג געוואָרען, האָט זיך מאַנילוס אָנגעטהאָן און איז שוין געווען גרייט צו געהן צו כלבא שבוע'ס הויז...

— וואוהין איילסטו זיך אזוי פריה, — האָט איהם יוליוס געפרעגט.

— איך וויל דאָס יעצט געהן צו כלבא שבוע אָפּגעהמען דאָס געלד פאַר דעם פּאַסטוך, — האָט מאַנילוס געענטפערט.

— עס איז נאָך צו פריה, מיין זוהן, וואהרשיינליך ווערען נאָך דאָרטען יעצט אַלע שלאָפען, וואַרט נאָך צו אביסעל, — האָט יוליוס געזאָגט, און אין האַרצען איז ער געווען שטאַרק צופריעדען וואָס זיין זוהן איז איהם אזוי געטריי און איבערגעגעבען... די ערשטע זאַך אין דער פריה, איידער ער האָט נאָך פריה־שטיק געגעסען, וויל ער שוין אויפמאַהנען זיין פאָטער'ס חוב...

מאַנילוס האָט פון זיין פאָטער'ס צופרידענעם שמייכעל פאַרשטאַנען וועגען וואָס ער טראַכט און ער האָט צוגעגעבען:

— דו ווייסט דאָך, פאָטער, אז ווען עס האַנדעלט זיך וועגען געלד, וועל איך קיינמאָל נישט פאַרשפּעטיגען דאָס אויפצומאַהנען... איך פאַרנאַכלעסיג נישט אויפצומאַהנען דאָס געלד פאַר די רוימער, און בפרט אייגענעם געלד...

— דו וועסט דאָך דאָרט דאַרפען וואַרטען א היבשע ווייל ביז וואַנען מען וועט דיר אויפנעהמען, — האָט יוליוס געזאָגט, — קענסטו דאָך דערווייל אָפּעסען דיין פריהשטיק און נאָכהער וועסטו געהן.

— דו ביזט גערעכט, פאָטער, — האָט יוליוס געזאָגט מיט א שמייכעל, — איך וועל טאַקע פריהער אָפּעסען פריהשטיק, וועל איך נאָכהער קענען אויפמאַהנען דאָס געלד מיט מעהר קראַפט...

גלייך נאָך פריהשטיק, איז מאַנילוס אוועקגעגאַנגען צו כלבא שבוע'ס הויז. אויפ'ן וועג האָט ער באַגעגענט רחל'ן... זיין האַרץ האָט גענומען שטאַרק קלאַפּען ווען ער האָט איהר פון ווייטען דערזעהען... ער איז צו איהר צוגעגאַנגען, זיך העפליך פאַרנייגט און איהר באַגריסט:

— גוט מאָרגען, שעהנסטע און איידעלסטע צווישען פרויען, — איך נעה דאָס טאַקע צו דיר, ליעבע רחל...

— איך בין צופריעדען אז איך האָב דיר פערשפּאָרט א העלפט פון דיין טרחה, — האָט רחל געזאָגט, — איך האָב דאָס געלד מיט זיך און געה דאָס איצט איבערגעבען דיין פאָטער.

— אָבער... חם... ע... — האָט זיך מאַנילוס עטוואָס פאַרלאָרען, — איך בין געגאַנגען דיר אָנזאָגען אז דו זאָלסט דאָס געלד נישט ברייננגען... איך האָב בעשלאָסען פון דיר קיין געלד נישט צו נעהמען פאַר דעם פּאַסטוך...

— עס איז זעהר פיין פון דיר, — האָט רחל געזאָגט מיט א געמאַכטען שמייכעל, — אָבער איך וועל מיין וואָרט נישט ענדערען. איך האָב דיין פאָטער פערשפּראָכען צוצושטעלען די צוואַנציג טויזענד שקלים, וויל איך איהם איבער־געבען אין האַנד דאָס געלד און ער קען טהאָן דערמיט וואָס ער וויל.

— און איך זאג דיר, ליעבע רחל, אז דער פאסטוך איז נישט ווערטח דאס דיין פאטער זאל אויף איהם אויסגעבען אזוי פיעל געלד...

רחל האט געשוויגען און מאנילוס האט ווייטער גערעדט:

— די חוצפה פון א פאסטוך, נישט נאר האט ער אונז אנגעטהאן אזא גרויסען היזק, נאר ווען איך האב איהם פארווירפע געמאכט, איז ער אויף מיר ארויפגעפאלען און מיר גענומען שלאגען... מיר וואלטען איהם געווים נישט איבערגעגעבען אין די רוימישע הענד, אבער ווען ער איז אויף מיר פלוצלינג ארויפגעפאלען און מיר גענומען שלאגען, ערשט דאן האבען מיר בעשלאסען איהם איבערצוגעבען אין סעיאנוס בורוס'ס הענד...

— איך צווייפעל שטארק אויב דיינע ווערטער זיינען בעגרינדעט אויף אמת'ע פאקטען, — האט איהם רחל שטייף געזאגט, — עקיבא דער פאסטוך וועט נישט ארויפפאלען אויף זיין האר'ס זוהן און איהם מערדערליך שלאגען...

— איך זאג נישט אז ער האט מיר מערדערליך געשלאגען, — האט זיך מאנילוס געפרובירט ארויסדרעהען פון פלאנטער, — געוועהנליך איך האב איהם נישט דערלאזען דאס ער זאל מיר שלאגען, איך האב איהם גלייך דערלאנגט, אז ער האט זיינע הענד נישט געקענט אויפהויבען...

— יא, — האט רחל מיט ביטערנים געזאגט, — איך האב געזעהן ווי דו האסט איהם געשלאגען... ער איז געווען געבונדען, הילפלאז, און דו האסט איהם צוקיילט און צובייל ט... איך האב געזעהן ווי גרויזאם דו האסט איהם געגר־מען בריקען מיט דיינע פיס...

— עס טהוט מיר זעהר לייד, — האט זיך מאנילוס גענומען פארענטפערען, — איך האב פיעלייכט נישט ריכטיג געהאנדעלט, אבער ווען דער פאסטוך האט אויף מיר געהויבען זיין האנד, האב איך זיך אזוי אויפגערעגט, אז איך האב זיך אין גאנצען פארלארען און נישט געוואוסט וואס איך טהו... דאריבער בין איך דאס יעצט געגאנגען צו דיר אנזאגען אז איך בין איהם מוחל, און איך וויל די צוואנציג טויזענד שקלים נישט נעהמען פון דיר...

— דאס האט גארנישט צו טהאן מיט איהם, דיין פאטער האט מיר געזאגט, דאס אויב מיין פאטער וועט איהם בעצאהלען דעם היזק וועט ער איהם בעפרייען. איך האב איהם צוגעזאגט צו ברייגען דאס געלד דעם זעלבען טאג, און איך בעדויער זעהר פיעל, דאס איך האב נעכטען קיין צייט נישט געהאט דאס צו טהאן... דאריבער האב איך גלייך אין דער פריה גענומען דאס געלד ביי מיין פאטער און איך געה דאס איבערגעבען צו דיין פאטער...

— הם... אויב דו, מיין הארינטע, באשטעהסט נאר אויף דעם, און דו ווילסט דוקא בעצאהלען דאס געלד, קען איך דיר פערשפארען העלפט וועג... דו קענסט דאס געלד מיר געבען, און איך וועל שוין עס איבערגעבען מיין פאטער...

— איך דאנק דיר פאר דיין גוטסקייט, — האט רחל איהם געזאגט, — איך וויל אבער דאס געלד איבערגעבען דיין פאטער אין די הענד.

— נו, גוט, אויב דו געטרויעסט מיר נישט, — האט מאנילוס געזאגט מיט א ביטערען שמייכעל.

— פאר וואס זאל איך דיר נישט געטרויען מיט דיין פאטער'ס געלד, — האט רחל געזאגט, - - אבער איך וויל אויספיהרען די גאנצע שליחות וואס

מיין פאטער האט מיר איבערגעגעבען, דאריבער וויל איך דאס געלד אפגעבען צו דיין פאטער...

מאנילוס איז מיט רחל'ן צוגעקומען צו זיך אהיים.

— אויב דו וועסט דא ווארטען א ווײלע, וועל איך ארויפגעהן אנזאגען מיין פאטער אז דו האסט איהם געבראכט דאס געלד, — האט מאנילוס געזאגט, און ער האט געוואלט ארויפגעהן צו זיין פאטער און בעת מעשה איהם אנזאגען, אז ער זאל זאגען רחל'ן ווי עקיבא האט אויף איהם פריהער זיינע הענד געהויבען.

יוליוס אבער האט דורכ'ן פענסטער באמערקט זיין זוהן קומענדיג מיט רחל'ן און ער איז זיי גלייך אנטקעגען געגאנגען, און איידער מאנילוס האט צייט געהאט מיט איהם אווארט אויסצוריידען איז ער שוין געשטאנען נעבען רחל'ן. . . .

— דו האסט מיר געבראכט דאס געלד, — האט יוליוס א צופרידענער געזאגט, — איך האב אין דיין עהרליכקייט קיינמאל נישט געצווייפעלט. איך האב פערשטאנען אז נעכטען האסטו ווארשיינליך קיין מעגליכקייט נישט געהאט מיר דאס צו ברייננגען...

— יא, — האט רחל צוגעגעבען, — איך בין נעכטען געווען שטארק פארנומען.

— אזא געמיינהייט פון א פאסטוך — האט זיך יוליוס אפגערופען, — איך האב דאך איהם אזוי פיין בעהאנדעלט, און דא קומט ער און טהוט אונז אן אזא היזק...

— ווי איך פארשטעה האט דער פאסטוך אויפגעהויבען זיין האנד אויף דיין זוהן, דו דארפסט זיין צופריעדען דאס ער האט איהם נישט צושעדיגט, — האט רחל סארקאסטיש א זאג געטהאן.

— וואס?... — האט יוליוס געלאכט, — דער פאסטוך האט זיין האנד געהויבען אויף מיין זוהן!... ווער האט דאס דיר געזאגט?

— דיין זוהן מאנילוס האט מיר עס דערצעהלט, — האט רחל גלייכגילטיג געזאגט.

— ער האט געשפאסט, — האט יוליוס געזאגט, — מעהר וואלט דעם פאסטוך נישט געפעהלט, ווען ער זאל הויבען זיין האנד אויף מיין זוהן, איך וואלט איהם געמאכט מיט א קאפ קירצער...

מאנילוס איז געבליבען שטעהן פארשעהמט... זיין פאטער האט איהם פערראטען... זיין פארדראס איז געווען זעהר גרויס... ער האט עפעס ארויסגעשטאמעלט עטליכע אונפארשטענדליכע ווערטער, און האט זיך פאמעלעך אפגעטראגען.

רחל האט איבערגעגעבען יוליוס'ן דאס געלד און איז שנעל אוועק אהיים.

## צעהנטער קאפיטעל

# אין פעלד

זיצט עקיבא אין פעלד אונטער א שאטען פון א בוים. דער טאג איז זעהר א הייסער. די ארץ ישראל זון איז ארוים פון איהר פוטער פאס, און האט גע־שיקט איהרע ווארעמע ליעבליכע שטראהלען אויף אלעס ארום. די פעלדער זיינען באדעקט מיט גרין. דער אנגענעהמער ריח פון די דופטענדע בלומען און דעם גרינעם גראז האט זיך צונויפגעמישט מיט דעם ריח פון די ארומיגע נויין־גערטנער און פאמעראנצען גערטנער...

די שעפסען האבען זיך צולאזען איבער'ן ברייטען פעלד. אט באמערקט עקיבא ווי א פאר שעפסען זיינען ווייט פערגאנגען. ער הויבט זיך אויף פון זיין פלאץ און מיט שנעלע טריט איז ער שוין נעבען די פערבלאנדזשעטע שעפעלעך.

עקיבא נוצט נישט פאר זיי קיין שטעקען אדער א בייטש... ווי א בארמהער־ציגער פאטער באגעהט ער זיך מיט זיי. די שעפעלעך טוליען זיך מיט ליעב־שאפט צו זייער בעשיצער און געהן איהם נאך... ער ברייננגט זיי צוריק אין סטאדע. א ווייל שטעהט עקיבא און בעטראכט די שאף, איהם דוכט זיך אז עס פעהלט א לעמעלע. ער צעהלט איבער די שאף, און ווען ער איבערצייגט זיך אז עס פעהלט גארנישט, קעהרט ער זיך אום צו זיין פלאץ, און זעצט זיך אונטער א בוים.

ער זיצט און טראכט: ער איז יעצט אזוי צופריעדען און גליקליך: זיין יעצטיגער הארר, כלבא שבוע, איז דאך איהם אזוי ליעב... ווען ער האט געדיענט פאר יוליוס'ן איז איהם דאס לעבען נמאס געווארען; ער האט נישט געקענט פארטראגען זיין נישט אידישע הויז, זיין פריינדשאפט מיט די פערהאסטע רוימער... יעצט אבער, זינט ער ארבייט פאר כלבא שבוע'ן איז ער אין גאנצען אנדערש געווארען. זיין יוגענד איז באפרישט און באנייט. ער פיהלט זיך ענער־גישער און קרעפטיגער. דאס געזאנג פון לעבען האט זיך צוזונגען אין אלע זיינע גליעדער... און אט שוועבט פאר פאר זיינע אויגען רחל, די שעהנע געטליכע רחל... זיין גאנצען גליק, זיין אינטערעס צום לעבען האט ער צו פערדאנקען איהר, דעם וואונדער־שעהנעם מלאך... ווי גליקליך ער וואלט זיך געפיהלט ווען ער זאל וויסען ווי אזוי איהר אפצודאנקען פאר די גרויסע גנאד וואס זי האט מיט איהם געטהאן... ווי צערטליך זי איז צו איהם געוועזן בעת זי האט פארבאנדא־זשירט זיינע וואונדען... ער פיהלט נאך יעצט די בעריהרונג פון איהרע שעהנע צארטע הענט...

זיינע אויגען פאנגען נאך יעצט אן צו טרעהרען, אז ער דערמאהנט זיך אן דעם פריהמארגען ווען רחל האט ארויסגעקוקט פון פענסטער און ער האט בעת מעשה אויפגעהויבען זיינע אויגען און זייערע בליקען האבען זיך באגע־גענט... וואס פאר א ים מיט וויכע, זיסע און ליכטיגע שטראהלען איהרע אויגען פארמאגען... וואס פאר א הימלישען גליק עס וואלט פאר איהם געווען, ווען ער קען נאך אמאל ארייננקוקען אין איהרע וואונדער־אויגען...

"רחל, רחל! ווי געטליך שעהן דו ביזט, וויפיעל גוטסקייט און איידעל־קייט דיין כשר'ע ריינע נשמה פארמאגט! רחל, ווי שטארק איך ליעב דיר!"

עקיבא האט זיך דערשראקען פאר זיינע אייגענע געדאנקען. ווי קומט ער, דער ארימער, אומוויסענדער פאסטוך צו די שעהנע, רייכע און געלערנטע רחל... ער ווערט אומעטיג, טרויעריג... ער פיהלט זיך אזוי נישטיג, אזוי קליין געגען רחל'ן... ווען ער וואלט נאר זיין געלערנט, ער וואלט דאן וויסען ווי אזוי צו ריידען צו איהר... ניין, ער טאר גאר אזעלכע געדאנקען נישט צולאזען צו זיך... דאס איז א בעליידיגונג און א פארשוועכונג פאר די געטליכע רחל... ער פרובירט פארטרייבען די געדאנקען פון זיך, אבער ער קען נישט... די בילד־שעהנע רחל שטעהט בעפאר זיינע אויגען. זי שמייכעלט אזוי ליעבליך צו איהם, זיין הארץ געהט אוים נאך איהר...

— גאט! — שעפצען זיינע ליפען, — צוליעב די איידעלע ליעבע רחל אליין איז כדאי געווען דיין וועלט צו בעשאפען!...

עקיבא'ס הארץ ווערט אנגעפילט מיט אזוי פיעל פאעזיע און ליעבע צו אלעס אין דער וועלט... ווען ער וואלט נאר קענען אויסגיסען זיין הארץ פאר גאט אין א תפלה, וואלט דאך איהם אזוי גרינג געווארען... און ווידער ווערט עקיבא ביי זיך געפאלען... ער קען אפילו נישט קיין איין איינציגע תפלה... ער איז אזוי אומוויסענד! פיעלע מאל האט ער געהערט ווי די אידישע חכמים ריידען וועגען דער תורה, זיי פרעגען זיך פראגען, ענטפערען תירוצים, און ער פארשטעהט גארנישט וואס זיי ריידען... עס ווערט איהם אזוי שווער און ביטער אויפ'ן הארצען און ער פלוכט דעם טאג וואס ער איז געבארען געווארען... וואס טויג זיין לעבען, וואס פאר א נוצען קען ער ברייגנען צו זיין פאלק, ווען ער איז אזוי אומוויסענד, אזא עם הארץ!... ער פיהלט אז ער האט שטארק געזינדיגט מיט זיינע מחשבות וועגען רחל... ער בעט ביי זיך אין הארצען מחילה ביי דעם באשעפער, און ביי דער נאבעלער רחל... אין א וויילע ארום אבער ווערען זיינע געדאנקען ווידער פול מיט רחל'ן... די פייגעלעך צוזינגען זיך אויף די בוימער און אין זיין הארץ זינגט דאס ליעד פון ליעבע...

עקיבא איז געווען אזוי פארטיעפט אין זיינע געדאנקען אז ער האט נישט באמערקט נעבען זיך זיין פריהעריגען שכן יורם.

— וואס ביזטו אזוי פערטראכט, מיין פריינד, עקיבא, — האט זיך יורם צו איהם אפגערופען.

עקיבא איז אויפגעשפרונגען פון זיין פלאץ. ער האט זיך גארנישט געריכט צו זעהן יורם'ן...

— ווי קומסטו אהער, יורם, — האט איהם עקיבא געפרעגט מיט ער־שטוינונג.

— איך האב זיך צו דיר געקליבען צו געהן שוין עטליכע טעג, אבער עס האט זיך אלץ קיין געלעגענהייט ניט געמאכט, ווייל מיט מיר צוזאמען האבען געפיטערט זייערע שאף די איבריגע פאסטוכער, און איך האב מורא געהאט דאס יוליום זאל זיך נישט דערוויסען דורך זיי אז איך בין אוועקגעגאנגען צו דיר; היינט אבער זיינען די איבריגע פאסטוכער אוועק שערען די וואל און איך בין אליין געבליבען אין פעלד, האב איך געטריבען מיינע שאף אהער, וואו דו פיטערסט דיינע שאף, כדי איך זאל האבען א מעגליכקייט מיט דיר צו ריידען.

— נו, און וואס מאכט דיין נחמה? — האט עקיבא מיט א שמייכעל איהם געפרעגט.

— וועגען דעם בין איך דאס טאקע געקומען רעדען צו דיר, — **האט יורם**

מיט זאָרג געענטפערט, — וואַרט נאָר איין ווייל, איך וועל נאָר צונויפטרייבען די שאָף, עס זאָל חלילה גאָרנישט פאַרפאַלען געהן און איך וועל זיך באַלד אומקעהרען.

יורם האָט צונויפגעטריבען די שאָף אויף איין פּלאַץ און צוגעגאַנגען צו עקיבא'ן.

— יעצט דאַרפסטו זיין צופריעדען, — האָט איהם עקיבא געזאָגט, — דיין געליעבטע נחמה איז באַפרייט, און דו קענסט זיך מיט איהר זעהען יעדען אבענד אומגעשטערט.

— יאָ, מיין פריינד, — האָט יורם אָפּגעזיפצט, — איך האָב מיך מיט איהר געזעהן שוין עטליכע מאָל, אָבער זי וויל פון גאָרנישט הערען... ווי איך פאַרשטעה איז זי גאָר פאַרליעבט אין דיר...

— אין מיר? ! — האָט עקיבא געלאַכט, — ווי קומט זי צו מיר, אז איך קען דאָך איהר אפילו ניט. זי האָט דאָך צו מיר קיינמאָל אפילו קיין וואָרט נישט אויסגערעדט, דו ביזט איהר אומזיסט חושד, מיין פריינד!

— אַ, ניין, איך ווייס וואָס איך רייד, — האָט איהם יורם טרויעריג געזאָגט, — זי האָט מיר אָפען ערקלעהרט אז דו האָסט דיין לעבען איז סכנה געשטעלט פאַר איהרטוועגען, דאַריבער בעלאַנגט זי צו דיר...

— גלויבט זי אז איך בין אומשולדיג געוועזען, און איך האָב נאָר אויף זיך די שולד גענומען כדי איהר צו באַפרייען? — האָט עקיבא געפרעגט.

— ווירקליך! — אזוי גלויבט זי! און דאַריבער וויל זי פון מיר נישט וויסען, ביז וואַנען זי וועט זיך מיט דיר זעהן... יעצט גיב מיר אַן עצה, עקיבא, וואָס זאָל איך טהאָן? איך ווייס אז אָהן איהר איז מיין לעבען גאָרנישט ווערטה.

טרעהרען האָבען זיך באַוויזען אין יורם'ס אויגען, — ער האָט אַרונטער געלאָזען זיין קאָפּ, און ווי אַ בעשולדיגטער געוואַרט אויף זיין אורטהייל...

עקיבא וועלכער איז אליין געוועזען דורכגעדרונגען מיט די הייליגע געפיהלען פון ליעבע, האָט זעהר שטאַרק סימפּאַטיזירט מיט יורם'ן, און ער האָט בעשלאָסען איהם צו העלפען מיט וואָס נאָר ער וועט קענען.

— דו האָסט מיר געזאָגט אז נחמה וויל זיך מיט מיר זעהן, האָט זי דיר דען געזאָגט ווען זי וועט קומען מיך זעהן?

— עס איז מעגליך אז זי וועט נאָך היינט קומען דיר זעהן. דאַריבער האָב איך זיך געאיילט דיר וועגען דעם צו דערצעהלען, פיעלייכט וועסטו מיר קאָנען מיט עטוואָס העלפען...

— אויב אזוי, — האָט עקיבא איהם געטרייסט, — האָסטו זיך גאָרנישט וואָס צו זאָרגען. נחמה וועט געהערען צו דיר...

— איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסען דעם חסד וואָס דו טהוסט מיט מיר, עקיבא, איך ווייס ניט מיט וואָס דיר צו בעדאַנקען, — האָט יורם געזאָגט מיט טרעהרען אין די אויגען.

— איך ווינש דיר גליק, — האָט עקיבא געגעבען די האַנד יורם'ן, — איך בין זיכער אז דיין ליעבע צו נחמה איז הייליג און ריין, און דער וואָס זיצט אין הימעל וועט דיר געווים העלפען.

— איך וועל יעצט אוועקגעהן, — האָט יורם געזאָגט, — נחמה קען נאָך אָנקומען און איך וויל נישט אז זי זאָל מיר דאַ טרעפען מיט דיר, און דו, מיין פריינד, וועסט דאָך איהר געווים נישט זאָגען אז איך האָב זיך מיט דיר געזעהן.

— געה זיך דיר בשלום, — האט עקיבא געזאגט, — און קענסט זיין זיכער אז איך וועל אלעס טהאן פאר דיין טובה וועגען.

מיט א פרעהליכע הארץ האט זיך יורם געזעגענט מיט עקיבא'ן, און צופריעדען זיין סטאדע, איז ער צוריק אוועק צו זיין שטענדיגען פלאץ.

עקיבא איז ווידער געבליבען מיט זיינע געדאנקען. די ליעבע פון יורם'ן צו נחמה'ן, האט אין איהם נאך אמאל ערוועקט זיינע געדאנקען וועגען רחל'ן... ווי זיס און אנגענעהם איז ליעבע... אבער שווער, שרעקליך שווער איז דאס ליידען פון ליעבע...

* * *

זינט זי איז באפרייט געווארען, האט נחמה עקיבא'ן ניט געקענט ארויסשלאגען פון איהרע געדאנקען... זי איז געוועזען איבערצייגט אז עקיבא איז אין איהר פערליעבט, און כאטש ער איז געוועזען אומשולדיג אין צוברעכען יופיטער'ס נאז, האט ער אויף זיך גענומען די שולד, כדי איהר צו בעפרייען... זי איז זיכער, אז ווען איהר וועט געלינגען איהם צו זעהן אליין, דאן וועט ער פאר איהר געוויס זיינע געפיהלען ענטדעקען...

יורם האט איהר' אפגעווארט יעדען אבענד און האט פאר איהר זיין הארץ אויסגענאסען, אבער אומזיסט... איהרע געדאנקען זיינען געוועזען פארנומען מיט עקיבא'ן. נחמה האט פון פנינה'ן, רחל'ס קאמער-מיידעל, אויסגעפונען וואו עקיבא פיטערט זיינע שאף, און ווי נאר זי האט זיך באפרייט פון איהר ארבייט איז זי אליין אין פעלד אוועק...

פון ווייטען האט זי דערזעהן עקיבא'ן און איהר הארץ האט גענומען שטארק קלאפען.

— שלום! — האט נחמה באגריסט עקיבא'ן ווען זי האט זיך דערנעהענטערט צו איהם.

— שלום! — האט איהר עקיבא געענטפערט קאלטבלוטיג.

— איך... ע... בין געקומען דיר בעדאנקען פאר דיין גנאדע וואס דו האסט מיט מיר געטהאן, ווען דו האסט דיין לעבען אין סכנה געשטעלט אום מיר צו בעפרייען...

— מיר קומט נישט קיין דאנק, — האט עקיבא געזאגט, — דעם ריכטיגען דאנק דארפסטו געבען יורם'ן...

— יורם'ן ?! — האט נחמה געפרעגט פערוואונדערט, — וואס האט יורם דאמיט צו טהאן ? האט ער דען געפרובירט איינשטעלען זיין לעבען אום מיר צו בעפרייען... מיין טיעפסטער דאנק בעלאנגט צו דיר.

— ווען איך וועל דיר אבער אלעס דערצעהלען, וועסטו זיך דאן איבערצייגען ווער עס פערדיענט דעם ריכטיגען דאנק, — האט עקיבא געזאגט.

— דערצעהל מיר, איך בעט דיר.

— עס איז געוועזען אין יענעם טאג, ווען מען האט דיר אין פינסטערען קאמער איינגעשפארט. מיר, די פאסטוכער, האבען דערפון גארנישט געוואוסט. יורם אבער, איז אוועק אין אבענד דיר אפווארטען נעבען הויז, און דארטען האט ער אויסגעפונען וואס מיט דיר האט פאסירט. ער איז געוועזען אזוי צעקלעמט און צוטראגען, ווען ער האט מיר דערצעהלט, אז יוליוס בעשולדיגט דיר אין דעם פארשווענען פון דעם רוימישען אפגאט, און דאס ער וויל דיר איבערגעבען אין די רוימישע הענד... יורם האט מיר געזאגט, דאס ער געהט אויף זיך נעהמען דעם

פארברעכען, ווייל ער איז אין דיר פערליעבט און קען נישט צוזעהן ווי מען פייניגט דיר. ווען איך האב דאס דערהערט, האב איך פערשטאנען ווי שטארק זיין ליעבע איז צו דיר, אז ער וויל אויף זיך נעהמען א פארברעכען וואס ער האט קיינמאל נישט בעגאנגען, נאר כדי דיר צו ראטעווען. און אזוי ווי אין אמת'ן האב איך דעם פארברעכען בעגאנגען, האט מיר דאס הארץ נישט דערלאזען צו זעהן ווי מיין פריינד וועט ליידען צוליעב מיר, און כאטש איך האב פריהער נישט געהאט ברעה זיך מודה צו זיין, נאר דערזעהענדיג זיין שטארקע ליעבע און געטרייהייט צו דיר, האט מיר מיין געוויסען געצוואונגען זיך מודה צו זיין אויף דעם אמת... נו, יעצט זעהסטו אז דעם דאנק קומט נאר יורם'ן און ניט מיר.

— און ווען יורם וואלט דיר נישט געזאגט דאס ער געהט זיך מודה זיין, וואלסטו זיך קיינמאל נישט געווען מודה זיין, כאטש דו האסט געוואוסט, אז מען בעשולדיגט מיר אין דיין פארברעכען, און איך לייד אומזיסט צוליעב דיין זינד?...

— געוויס נישט, — האט עקיבא געענטפערט מיט אן איינגעהאלטענעם שמייכעל, — איך האב זיך געטראכט, אז דיר, אלס פרוי, וועט מען אזוי שווער נישט בעשטראפען ווי מיר. דאריבער האב איך נישט געדענקט צו געהן זיך מודה זיין.

— אבער האסטו נישט געוואוסט ווי שווער מען פייניגט מיך, מען האט מיר אין א פינסטערען קאמער פערשפארט, און דערצו נאך געדראהט מיך איבערצוגעבען אין די רוימישע הענד, — האט נחמה אן עגטטוישטע געזאגט.

— זעהסטו אז איך בין געווען גערעכט, — האט עקיבא געזאגט מיט נצחון, — דיר האט מען נאר אין א פינסטערען צימער פערשפארט, און מיך האט מען מערדערליך געשלאגען...

נחמה איז געבליבען שטעהן נעבען עקיבא'ן. איהר קאפ ארונטערגעבויגענע און מיט א שטילע ציטערנדע שטימע, האט זי ווי צו זיך גערעדט: "ארימער יורם! ווי ווינציג איך האב דיר פארשטאנען, איך האב נעגען דיר אזוי געמיין געהאנדעלט, און דו בעזיצסט דאך אזא גאבעלע נשמה, אזא פיינעם כאראקטער... ווען עס זאל נאר זיין נישט צו שפעט מיין פעהלער צו פערריכטען..."

* * *

דעם גאנצען טאג האט רחל נור געטראכט פון עקיבא'ן, ווי גרויס איז איהר ווונש געווען איהם צו זעהן... אבער זי וויים אז עקיבא קומט שפעט פון פעלד, און ווען ער עסט אפ זיין אבענד־ברויט געהט ער אין זיין צימער אריין... זי קען איהם דאן נישט זעהן... איהר פאטער איז דא אין חויז און ער קען נאך איהר חושד זיין... ווי נאר עס ווערט טאג געהט ער שוין אוועק אין פעלד... איהר האט זיך אזוי שטארק געבענקט נאך עקיבא'ן... זי האט בעשלאסען אז זי מוז איהם זעהן, כאטש נאר פון דער ווייטען...

רחל האט צוגערופען איהר קאמער־מיידעל פנינה און מיט איהר ארויס פאר א שפאציער אין פעלד.

— לאמיר געהן זעהן ווי אונזער נייער פאסטוך פיטערט אונזערע שאף, — האט רחל צו איהר געזאגט, ווען זיי זיינען שוין געווען אין דרויסען.

ביידע האבען אויסגעשפאצירט צו דעם פלאץ וואו עקיבא איז געווען. פון ווייטען האבען זיי איהם דערזעהען.

— מיר דוכט זיך, — האט פנינה זיך אפגערופען, — אז מיין פריינדין נחמה שטעהט נעבען עקיבא'ן...

רחל איז בלאס געווארען... זי האט אנגעשטרענגט איהרע אויגען... יא, זי זעהט א פרוי נעבען עקיבא'ן...

— איז דיין פריינדין נחמה, עקיבא'ס כלה? — האט רחל מיט א פאר־בארגענעם שרעק געפרעגט.

— דאס וויים איך נישט אויף זיכער, — האט פנינה געענטפערט, — אבער איך וויים אז נחמה איז אין איהם פארליעבט... נישט איינמאל האט זי זיין נאמען פאר מיר דערמאהנט... און ווען זי איז געקומען מיר אנזאגען אז עקיבא ווערט איבערגעגעבען צו די רוימער, איז זי געווען שטארק צושראקען און צעקלעמט...

— פלעגט זי זיך מיט איהם זעהר אפט באגעגענען? — האט רחל איבער־געפרעגט.

— לויט ווי איך האב איהר פערשטאנען, — האט פנינה געענטפערט, — האט זי נאך מיט איהם קיינמאל פריהער נישט גערעדט, און דאריבער וואונדער איך זיך ווי אזוי זי קומט יעצט צו איהם אין פעלד...

— לאמיר זיי ניט שטערען, — האט רחל מיט א שטילען זיפץ געזאגט, און מיט וואקלענדע טריט זיך צוריקגעקעהרט מיט פנינה'ן אהיים...

## עלפטער קאפיטעל

# ליידען

רחל האט פלוצלינג דערפיהלט אז איהר גליק האט זיך פון איהר אוועקגע־גליטשט... די ווארימע זונען־שטראהלען וואס האבען נאר וואס אזוי ליעבליך געווארעמט איהר נשמה, זיינען פארצויגען געווארען מיט א שווארצען וואלקען... די הימלישע גליק און פרייד וואס האבען זיך אביסעל פריהער צעזונגען אין אלע איהרע גליעדער, איז יעצט געווארען איהר טרויער און אומעט... געוויינט האט איהר הארץ, געגאגט האט איהר נשמה... איהרע אויגען זיינען פול געווא־רען מיט טרעהרען: פאר וואס, א, גאט, האסטו אין מיר אנגעצונדען דאס היילינגע פייערל, אזוי גיך עס צו פארלעשען!... עקיבא, וועלכער איז צו איהר געווען דער ערהאבענסטער טרוים פון איהרע טרוימען, וועמען זי ליעבט אזוי שטארק, איז פארליעבט אין א צווייטע... זי זעהט ווי נחמה שטעהט נעבען איהם, דעם העלדישען און נאבעלען עקיבא'ן... יא, זי איז געווים זיין כלה... און ער האט גאר וועגען איהר נישט גערעדט...

— עס איז דאך מעגליך, — האט רחל ווייטער געטראכט, — אז ער אליין האט די העלדישקייט פון צוברעכען יופיטער'ס נאז גארנישט בעגאנגען; ער האט אויף זיך גענומען נחמה'ס שולד כדי מען זאל איהר בעפרייען, ער האט דאס געטהאן, ווייל ער ליעבט איהר זעהר שטארק... ער האט זיך געאפפערט פאר זיין געליעבטע... אמת, זי וואלט דאס זעלבע געטהאן צו נחמה'ן, ווען זי וואלט זיך דערוואוסט, דאס מען וויל איהר איבערגעבען אין די רוימישע הענד, זי וואלט איהר געווים אויסגעלייזט. זי איז דאך געגאנגען אויסלייזען עקיבא'ן כאטש זי האט נישט געוואוסט ווער ער איז... אבער דער געדאנק, אז זי האט געמאכט

א טעות, און אז עקיבא איז נישט בעגאנגען די העלדישקייט, און ער האט זיי גאר אפגענארט, האט איהר נאך ערגער געקרענקט... דאס וואלט געווען די גרעסטע ענטטוישונג פאר איהר... ניין, דאס איז אונמעגליך! צו נאבעל און עהרליך איז עקיבא דאס ער זאל זיי בעטריגען... האט ער דען נישט דערצעהלט די אלע איינצעלהייטען ווי אזוי ער האט דאס געטהאן... איז עס מעגליך, אז ער האט זיך אין נחמה'ן פערליעבט נאכדעם ווי ער איז באפרייט געווארען דורך איהם?... זי ווינשט איהם גליק... זי וועט זיי נישט שטערען אין זייער ליעבע... זי וועט טיעף אין איהר הארצען באגראבען איהר טרויער, און ער, עקיבא, וועט דערפון קיינמאל נישט וויסען...

זי פיהלט אז זי ברייננגט א גרויסען קרבן אויף דעם מזבח פון איהר ליעבע, אבער דער געדאנק אז דאס וועט עקיבא'ן גליקליך מאכען, שטארקט איהר...

עטליכע טעג זיינען פאראיבער, טעג פון צער, אנגסט און פיין פאר רחל'ן... זי איז געווארען בלאסער און האט פארלארען איהר אפעטיט.

כלבא שבוע האט גלייך באמערקט די ענדערונג אין זיין טאכטער און ער האט איהר מיט שרעק געפרעגט:

— טאכטער מיינע, וואס פעהלט דיר? עפעס געהסטו ארום די לעצטע עטליכע טעג אזוי פארטרויערט און אזוי מעלאנכאליש, ביזטו פיעלייכט נישט געזונד?...

— ניין, ליעבער פאטער, — האט איהם רחל ארומגענומען און געקושט, — איך בין פאלקאם געזונד, איינינגע טרויעריגע געדאנקען האבען זיך אין מיר אריינגע'גנב'עט. אבער איך בין זיכער דאס זיי וועלען פארשווינדען אין עטליכע טעג ארום...

כלבא שבוע האט זיך אבער דאך נישט בארוהיגט און האט גערופען א דאקטאר.

דער דאקטאר האט בעטראכט רחל'ן און ער האט געפונען אז זי איז געזונד.

— זי האט וואהרשיינליך געהאט א גרויסע אויפרעגונג, — האט דער דאקטאר ערקלעהרט צו כלבא שבוע'ן, — זי וועט זיך מוזען אויסרוהען עטליכע טעג.

רחל איז געלעגען אין בעט פאר עטליכע טעג און כלבא שבוע איז פון איהר ניט אפגעטראטען. ער איז דעם גאנצען טאג נעבען איהר געזעסען און איהר דערצעהלט פערשידענע אנגענעהמע געשיכטעס פון גרויסע אידישע העלדען, פון גוטע צייטען וואס די אידען האבען אמאל געהאט...

רחל'ן אבער האט קיין זאך יעצט נישט געגומען... איהרע געדאנקען זיינען געווען פול מיט איהר העלד, מיט עקיבא'ן... און ווען זי האט זיך דערמאהנט אז עקיבא וועט קיין מאל נישט קענען געהערען צו איהר, איז זי נאך טרויעריגער געווארען... און פון איהר ברוסט האט זיך א זיפץ ארויסגעריסען.

* * *

עקיבא איז געווען צופריעדען וואס איהם איז געלונגען איבערצייגען נחמה'ן דאס זי זאל נישט צוריקווייזען יורם'ס ליעבע... ער האט א שמייכעל געטהאן ווען ער האט זיך דערמאהנט אן דעם ליגען וואס ער האט געמוזט נחמה'ן זאגען וועגען יורם'ן... דאס איז געווען דער איינציגער וועג... ער האט יורם'ן אזוי מיטגעפיהלט, ער האט פארשטאנען זיינע געפיהלען און ער האט איהם צוגעזאגט צו העלפען... און זי, נחמה, האט איהם געגלויבט. זי איז אזוי

א גליקליכע, ער זעהט דאך אז זי ליעבט יורם׳ן אויך... יעצט ווינשט ער נאר, אז עפעס זאל געשעהן און ער זאל ווערטה זיין געליעבט צו ווערען פון דער געטליכער רחל... באלד אבער וואונדערט ער זיך אויף זיך אליין, ווי אזוי ער דערלאזט גאר אזעלכע געדאנקען אין זיין הארצען... ווער איז ער ? א קל שבקלים״, דער נידריגסטער צווישען איהרע אלע דיענער, אן אומוויסענדער פאסטוך... און זי, וואס א חוץ איהר זעלטענע שעהנהייט, איז זי אויך בעגאבט מיט אלע מעלות, און דערצו שטאמט זי פון אזא רייכע און געהויבענע פאמיליע... אבער, טראכט זיך ווידער עקיבא, וואס קען איהם שאדען ווען ער וועט פון איהר נור חלום׳ן... שעהנע אומפארווירקליכבארע חלומות זייגען דאך אנגענעהמער ווי אומעטיגע...

עקיבא האט זיך ווידער אוועקגעלאזען אויף די פליגלען פון זיין פאנטאזיע... ער זעהט רחל׳ן, ער רעדט מיט איהר, ער קוקט אריין אין איהרע שעהנע פרעכטיגע אויגען... ווי אנגענעהם און זיס זיינען די מאמענטען פון אזעלכע טרוימען, ווי שווער און אונערטרעגליך אבער איז די טרויעריגע ווירקליכקייט...

עקיבא האט אויפגעהויבען זיינע אויגען און האט באמערקט פון ווייטען ווי א סטארע שעפסען געהן ארונטער פון בארג. באלד האט ער דערזעהן יורם׳ן.

— נו, ווי געהט עס דיר, מיין ברודער, — איז איהם עקיבא אנטקעגען געגאנגען.

— עקיבא, איך בין דער גליקליכסטער מענש אין דער וועלט, איך וויים נישט ווי אזוי דיר צו בעדאנקען, — האט יורם איהם גענומען האלזען און קושען, — דו האסט דאך מיר אזוי בעגליקט, נחמה איז שוין ווירקליך מיינע, מיינע אויף עוויג!... זאג מיר, ווי האסטו עס געטהאן, מיין ליעבער ברודער, איך וועל דיין חסד אויף מיין גאנצען לעבען נישט פארגעסען.

— לאמיר זיך אנידערזעצען אויף דעם גראז, און דו וועסט מיר בעסער דערצעהלען ווי אזוי דאס איז פארגעקומען, — האט עקיבא מיט נייגעריגקייט איהם געזאגט.

זיי האבען זיך ביידע אוועקגעזעצט אויפ׳ן גראז און יורם האט אנגעפאנגען:

— איך פלעג יעדען אבענד אפווארטען נחמה׳ן נעבען יוליוס׳ס הויז, אבער זי האט זיך זעלטען באוויזען, און ווען זי איז שוין יא ארויסגעקומען, פלעגט זי נאר מיט מיר אויסריידען א פאר ווערטער און גלייך אוועקגעהן... לעצטען אבענד, ווען איך בין, ווי מיין שטייגער, צוגעגאנגען צו יוליוס׳ס הויז, האב איך איהר שוין געטראפען ווארטענדיג אויף מיר... א זיסע פרייד האט זיך צוגאסען איבער אלע מיינע גליעדער, איך האב פארשטאנען אז זי האט זיך שוין מיט דיר גערעדט... א ווייילע זיינען מיר ביידע געשטאנען און געשוויגען. פלוצלינג האט זי איהר קאפ צו מיר געטוליעט און זיך פאנאנדערגעוויינט...

— מיין ליעבער טהייערער יורם, — האט זי מיט א וויינענדע שטימע געזאגט, — פארגיב מיר וואס איך האב געגען דיר אזוי ניט־ריכטיג געהאנדעלט, איך האב דיר מיספארשטאנען... עקיבא האט מיינע אויגען געעפענט, ניין, יורם, איך בין נישט ווערטה דיין ליעבע, דו ביזט דאך אזוי בראוו, גוטהערציג, אמת... זי האט מעהר נישט געקענט ריידען. די טרעהרען האבען איהר געשטיקט.

איך האב איהר אנגענומען פאר'ן האנד און מיט איהר אוועקגעגאנגען ווייט פון יוליוס'ס הויז. מיר האבען זיך ביידע געזעצט אונטער א בוים. דארטען האב איך פאר איהר מיין הארץ געעפענט... איך האב איהר דערצעהלט ווי שטארק איך ליעב איהר, ווי גליקליך איך וועל זיך פיהלען ווען זי וועט איינשטימען מיט מיר צו חתונה האבען... נחמה'ס אויגען האבען געלויכטען פון גליק... איך האב זיך מיט איהר דורכגערעדט וועגען אונזער צוקונפט. זי האט מיר געזאגט, אז איהר איז מיאוס געווארען דאס לעבען צו דיענען ביי יוליוס'ן, און זי האט מיר דערצעהלט, אז זי האט א פריינדין מיט'ן נאמען פנינה, וועלכע דיענט ביי כלבא שבוע און זי איז העכסט צופריעדען... איך האב איהר געזאגט, אז ווי נאר מיר וועלען חתונה האבען וועל איך אוועקנעהמען פון יוליוס'ן.

— וואס וועסטו טהאן? — האט איהם עקיבא געפרעגט, — ווי אזוי וועסטו קענען מפרנס זיין דיין פרוי און זיך זעלבסט?...

— דאס האב איך שוין פריהער בעזארגט, — האט איהם יורם געענטפערט, — איך וועל בעארבייטען דאס פעלד און דערפון וועל איך מיין פרנסה ציהען.

— ווייסטו דען נישט אז יעצט איז זעהר שווער צו קריגען ארבייט אין פעלד, און אפילו ווען דו זאלסט שוין יא קריגען ארבייט, איז די שכירות אזוי קליין אז דו וועסט קוים קענען דערהאלטען דיין אייגענע נשמה, — האט איהם עקיבא געווארענט.

— איך ווייס דאס גאנץ גוט, — האט יורם געענטפערט, — אבער איך האב יעצט א גוטע געלעגענהייט בעקראגען: הינטער'ן שטאדט, וואו איך האב מיינע שאף געפיטערט, פלעגט צו מיר צוקומען אן אלטער איד, און מיט מיר פיעלע מאל פארברייננגען... איינמאל האט זיך דער אלטער צו מיר אפגערופען און געפרעגט, אויב איך האב חשק צו טהאן פעלד־ארבייט. איך האב איהם געזאגט, אז זינט מיין קינדהייט בין איך געווען צוגעבונדען צום פעלד. דאן האט ער מיר דערצעהלט אזוי ווי ער האט א גרויס פעלד אין דעם געגענד, און ער איז שוואך און קען עס נישט בעארבייטען, און אויב איך וויל זיך אונטערנעהמען צו בעארבייטען דאס פעלד, וועט ער זיך מיט מיר טהיילען די תבואה גלייך אויף גלייך. פריהער האב איך נישט געוואלט פארלאזען יוליוס'ן צוליעב נחמה'ן... יעצט אבער אז נחמה וועט זיכער זיין מיינע, וועל איך דעם אלטען נאך היינט געבען מיין צושטימונג... יעצט, מיין גוטער, טהייערער פריינד, דו האסט מיט מיר געטהאן אזא גרויסע גנאדע, בעט איך דיר אפשר וועסטו מיר קענען נאך א טובה טהאן און רעדען גוטעס וועגען נחמה'ן אין די אויערען פון דיין הארר, כלבא שבוע, פיעלייכט וועט ער איהר אנשטעלען אלס דיענסט ביי זיך אין הויז... ווען דאס זאל געשעהן, וואלטען מיר גלייך געקענט חתונה האבען...

— איך ווייס נישט צו מיינע ווערטער וועלען האבען א ווירקונג אויף מיין הארר — האט עקיבא געזאגט — אבער איך זאג דיר צו אז ביי א געלעגענהייט וועל איך נחמה'ן דערמאנען צו כלבא שבוע. און אויב נאר ער נויטיגט זיך אין נאך א דיענסט, וועט ער איהר וואהרשיינליך אנשטעלען, טאמער אבער ברויכט ער נישט מעהר קיין דיענסטען, וועל איך איהם גאר נישט קענען העלפען...

— איך בין זיכער, האט יורם געזאגט, אז אויב דו וועסט נאר איהר נאמען דערמאהנען פאר כלבא שבוע'ן וועט ער איהר געוויס אנשטעלען. איהר פריינדין פנינה וועט איהר אין דעם אויך ארויסהעלפען.

דעם זעלבען אבענד, ווען עקיבא האט זיך צוריקגעקעהרט פון פעלד איז ער צוגעגאנגען צו כלבא שבוע׳ן, און האט איהם געזאגט וועגען נחמה׳ן.

— ווער איז זי, און פאר וואס וויל זי פערלאזען יוליוס׳ן ? — האט איהם כלבא שבוע געפרעגט.

זי איז דיזעלבע דיענסט וועמען יוליוס האט חושד געווען אין מיין ״פאר־ברעכען״ — האט עקיבא געענטפערט, זי געהט באלד חתונה האבען און וויל ביי יוליוס׳ן מעהר נישט דינען...

— איך וועל פרעגען מיין טאכטער — האט כלבא שבוע געזאגט — און אויב זי דארף נאך א מיידעל אין הויז, וועסטו איהר הייסען קומען... איך מיש זיך נישט אין די זאכען... מיין טאכטער איז עפעס נישט געזונט, קען אפשר זיין, אז א נייע פערזאן אין הויז, וועט איהר אביסעל מונטערער מאכען...

— איז מיין האר׳ס טאכטער נישט געזונט ? — האט עקיבא דערשראקען געפרעגט — א גאט שיק דאך איהר א רפואה! זי איז דאך אזוי נאבעל און גוט...

— זי איז נישט געפעהרליך — האט כלבא שבוע געזאגט — זי האט זיך זעהר פיעל אויפגערעגט, ווען זי האט דערזעהן ווי מען שלאגט דיר... זי האט דאך אזא צארטע נשמה, זי קען נישט צו זעהן ווי מען פייניגט אימיצען.

טרעהרען האבען זיך בעוויזען אין עקיבא׳ס אויגען... ווען ער זאל נאר קענען איין קוק געבען אויף איהר...

כלבא שבוע האט באמערקט ווי עקיבא איז געריהרט געווארען, ווען ער האט איהם דערצעהלט אז רחל איז נישט געזונט, און ער האט דערפון געדרונגען ווי דאנקבאר עקיבא איז צו זיין טאכטער פאר׳ן אויסלייזען איהם פון די רשעים׳ס הענט...

כלבא שבוע איז אריין צו זיין טאכטער אין צימער. רחל איז געלעגען אין בעט פערטיעפט אין איהרע געדאנקען, און האט נארנישט באמערקט ווי איהר פאטער איז אריינגעקומען.

— מיין ליעבע טאכטער — האט זיך כלבא שבוע אפגערופען — עקיבא, דער פאסטוך האט מיר יעצט געפרעגט, צי איך וואלט וועלען אנשטעלען נחמה׳ן, די דיענסט וועלכע יוליוס האט געפייניגט ווען ער האט איהר חושד געווען אין צוברעכען יופיטער׳ס נאז, איך האב איהם געזאגט אז איך וועל דיך פרעגען אויב דו נויטיגסט זיך אין נאך א דינסט. וואס זאגסטו, מיין טאכטער, דיינקסטו איהר אנצושטעלען ?

רחל איז פרעהליכער געווארען : יעצט פערשטעהט זי פאר וואס נחמה איז געקומען צו עקיבא׳ן אין פעלד, זי איז דאס געקומען איהם בעטען, ער זאל זיך משתדל זיין פאר איהר און זעהן אז מען זאל איהר אנשטעלען אלס דיענסט ביי איהר פאטער...

באלד אבער איז איהר פנים ווידער פערכמורעט געווארען, אויב דאס זאל זיין איהר צוועק, האט זיך דאך נחמה געקענט ווענדען צו איהר פריינדין, פנינה, פארוואס איז זי גראדע געגאנגען צו איהם ?...

— נו, טאכטער, וואס זאגסטו ? — האט כלבא שבוע איהר געפרעגט — דו קענסט זיך נישט בעשליסען ?

—עקיבא האט דיר נישט געזאגט, פארוואס נחמה וויל פארלאזען יוליוס׳עס הויז — האט רחל געפרעגט.

— ער האט מיר עפעס יע געזאגט, אז זי געהט באלד חתונה האבען, און קען ביי איהם מעהר נישט בלייבען...

רחל'ן האט אנגעהויבען שווינדלען אין די אויגען... יעצט איז ביי איהר קיין צווייפעל נישט אז נחמה איז עקיבא'ס כלה, און דאס וויל ער זיין נעהענטער צו איהר, דערפאר בעט ער מען זאל איהר אנשטעלען אלס דיענסט אין דעמזעלבען הויז וואו ער געפינט זיך... רחל'ס ליעבע פאר עקיבא איז נאך שטארקער געווארען... זי וויל דאך איהם זעהן גליקליך... און דאס וועט דאך איהם געוויס פיעל גליק פערשאפען... ער וועט קענען זעהן, די וועמען ער ליעבט, יעדען טאג... זי ווינשט איהם פיעל גליק אין איהר הארצען.

— יע, ליעבער פאטער — האט זיך רחל אפגערופען — איך וויל דו זאלסט נחמה'ן אריינגעהמען צו אונז אין הויז, איך וועל שוין געפינען פאר איהר אר־בייט... איך גלויב אז זי איז זעהר אן עהרליכע מיידעל, און איך וועל איהר געפינען אזוי געטריי ווי פנינה איז צו מיר.

— גוט מיין טאכטער, איך וועל הייסען עקיבא'ן מארגען איהר צושיקען אהער — האט כלבא שבוע געזאגט און איז ארויס פון איהר צימער.

רחל האט אריינגערופען פנינה'ן צו זיך אין צימער און זיך צו איהר אפגערופען :

דו ווייסט, פנינה, אז דיין פריינדין נחמה, וועט פון מארגען אן זיין מיט אונז.

פנינה האט איהר אנגעקוקט מיט ערשטוינונג...

— עקיבא האט געבעטען מיין פאטער ער זאל איהר אנשטעלען אין אונזער הויז. עקיבא, וועט אין גיכען חתונה האבען מיט איהר — האט רחל מיט אן איינגעהאלטענעם טרויער געזאגט.

פנינה האט אין איהר הארצען אביסעל מקנא געווען איהר פריינדין, און זי האט זיך אפגערופען.

— אזוי ! זי געהט חתונה האבען מיט עקיבא'ן און מיר, איהר בעסטע פריינדין, האט זי נישט דערצעהלט...

— מסתמא, האט זי דיר געוואלט איבערראשען — האט זיך רחל אפגערו־פען מיט א שמייכעל... זאג מיר, פנינה, האסטו יעצט געזעהן עקיבא'ן, ווי קוקט ער אויס ? זיין פנים מוז לייכטען פון גליק... ער געהט דאך הייראטען די, וועמען זיין הארץ ליעבט...

— איך האב איהם נאר וואס געזעהן — האט פנינה געענטפערט — און ער שיינט נישט צו זיין זעהר פרעהלאך, אדרבה, ער האט מיר אויסגעזעהן צו זיין זעהר טרויעריג...

— ווען דו האסט איהם געזעהן האט ער נאך נישט געוואוסט, צו מיין פא־טער וועט איינשטימען אריינצונעהמען נחמה'ן צו אונז, יעצט מוז ער געוויס פרעהליך זיין... דו, קענסט געהן אויף א ווילע, האט רחל געזאגט צו פנינה'ן.

פנינה האט פערלאזען איהר צימער און רחל האט איינגעגראבען איהר קאפ אין קישען און שטארק זיך פאנאנדערגעוויינט...

# צווייטער טייל

## צוועלפטער קאפיטעל

# אין רוים

די גאסען פון רוים זיינען געווען שעהן בעפוצט און דעקארירט. פרעהליך און לוסטיג זיינען געווען די רוימער. באלד, אט באלד, הויבט זיך אן דער גרויטער פאראד. באלד פייערט מען דעם גרויסען זיעג וואס טיטוס'ס מעכטיגע ארמיי האט אפגעהאלטען איבער יהודה. די רוימישע אימפעריע וואס האט בעזיעגט כמעט די גאנצע וועלט, האט נאך קיין זיעג נישט געפייערט מיט אזא טריאומף ווי דעם זיעג איבער דער קליינער מלוכה — יהודה.

ווי נאר די רוימער האבען זיך דערוואוסט אז ירושלים איז געפאלען און טיטוס'ס ארמיי האט חרוב געמאכט דעם בית המקדש און אלע אידישע העלדען זיינען געפאנגען גענומען, האט דער קיסר וועספאסאניוס געהייסען בויען א טריאומף טויער לכבוד זיין זיעגרייכען זוהן, טיטוס. טאג און נאכט האבען די שקלאפען געארבייט אויף דעם וואונדערבארען בנין; וועספאסאניוס האט געוואלט אז דער טויער זאל פארטיג ווערען איידער זיין זיעגרייכער זוהן וועט זיך צוריקקעהרען מיט זיין ארמיי אין רוים...

דער טריאומף טויער איז טאקע פארטיג געווארען איין טאג איידער טיטוס מיט זיינע מחנות זיינען אנגעקומען אין רוים.

וועספאסאניוס האט גלייך בעשטימט דעם צווייטען טאג פון זיין זוהן'ס אנקומען אלס א פייער־טאג. אלע בירגער פון רוים האבען זיך געגרייט צו דעם גרויסען פאראד וואס עס וועט געפייערט ווערען לכבוד די באזיגונג פון יהודה.

גאנץ פריה זיינען די רוימישע בירגער אויפגעשטאנען יענעם טאג. יעדער האט געוואלט פארכאפען א גוטען פלאץ כדי ער זאל בעסער קענען זעהן דעם פאראד. פיעלע געשלעגען האבען אויסגעבראכען צווישען המון צוליעב א פלאץ... די פאליציי האט זיך אבער אריינגעמישט און געהאלטען ארדנונג.

פאר די סענאטארען און רוימישע אדעל־לייט זיינען געווען רעזערווירטע פלעצער נעבען דעם טויער. דארטען זיינען זיי געזעסען, די שטאלצע רוימער, מיט זייערע פרויען, מיט זייערע זיהן און טעכטער, און אונגעדולדיג געווארט אויף דער פראצעסיע...

די מוזיק האט אנגעפאנגען שפיעלען, און באלד האבען זיך בעוויזען די רוימישע גענעראלען רייטענדיג אויף די ריזיגע און שעהן בעפוצטע פערד. אויף זייערע קעפ האבען זיי געטראגען לארבער־קרענץ אלס צייכען פון זיעג... נאך זיי זיינען געגאנגען די פריסטער. זיי האבען געטראגען זייער גאט יופיטער...

גרויס און שווער איז געווען די סטאטוע יופיטער, וואס איז געשטאנען אויף לאנגע דיקע ברעטער, און כאטש הונדערטע גלחים האבען אונטערגעשפארט זייערע אקסלען און געהאלפען טראגען זייער אפגאט, האבען דאך אלע אויסגעקוקט מיעד און האבען שטארק געשוויצט אונטער דעם "שווערען יאך" פון יופיטער.

די גלחים האבען אויך מיטגעפיהרט שאף און רינדער, וואס זיינען אנגע־גרייט געוואָרען פאר קרבנות צו יופּיטער.

אין א גאָלדענע קארעטע, אין זיין פול רעגאַליע, איז געפאהרען דער קיסר וועספּאסיאַניוס. ביי זיין רעכטע האנד איז געזעסען זיין זוהן טיטוס. ביי זיין לינקער האנד — זיין צווייטער זוהן דאָמיציאַן.

אין א צווייטע קארעטע פון הינטען זיינען געפאהרען די איבריגע מיט־גליעדער פון דער קעניגליכער פאמיליע.

פון הינטען האבען געמארשירט די זיעגרייכע לעגיאָנערען אנגעטהאן אין זייערע מלחמה־קליידער, וואס איז בעשטאנען פון פאנצערען, שילדען און שויץ־היטלען; מיט בלויזע שווערדען האבען זיי ריטערליך און שטאָלץ מארשירט.

הינטער זיי האבען די סאָלדאטען געטראגען פיעלע פון די היילינגע כלים וואס זיי האבען געבראכט פון בית המקדש; די מנורה, דעם מזבח, דאס פּרכת און דעם שלחן הפּנים.

שטורמישע געשרייען האבען אויסגעבראכען פון המון ווען ער האט דער־זעהען די היילינגע קאסטבארע כלים... מען האט זיך געהויבען פון די פּלַיצער און מיט דונערנדע שטימען אויסגעשריען:

יודעא דעוויקטא! יודעא קאפּטא! (יהודה איז בעזיעגט! יהודה איז געפאנגען!)

גאָר פון הינטען זיינען געגאנגען די אידישע געפאנגענע, און געטראגען די איבריגע גאָלדענע כלים פון בית המקדש...

טיטוס האט באפוילען אז אלע געפאנגענע זאָלען אנטהאן זייערע טהייערע קליידער אין וועלכע זיי זיינען געווען געוועהנט צו טראגען אין ירושלים, יעדער לויט זיין ראנג און שטאנד, כדי דאס רוימישע פאלק זאָל זעהן, אז די געפאנ־גענע זיינען נישט קיין פּשוט'ע, נאָר די אריסטאָקראטישע און בכבוד'יגע פיה־רער, די אידישע גרויסע העלדען. זיי זיינען אלע געגאנגען אויסגעפוצט, אבער אויף זייערע פיס זיינען געווען אנגעטהאן שווערע קייטען מיט וואס זיי זיינען געווען צוגעקעטעלט איינער צום צווייטען... מיט יעדען טריט וואס די גע־פאנגענע האבען געטהאן האט זיך אפּגעקלונגען דער קלאנג פון די קייטען... נישט געוויינט האבען די אידישע העלדען אויף זייער ביטערען גורל... נישט געבויגען זייערע קעפּ, נאָר מיט שטאָלץ און בראוואקייט זיינען זיי געגאנגען... אַט דארף מען זיי דורכפיהרען דורך טיטוס'ס טריאומף טויער, וואס געפינט זיך נישט ווייט פון דעם טייך טיבער. א הונדערט קעפּיגער עולם האט אנגע־פילט דעם גרויסען ברייטען פּלאַץ, מען האט זיך געשטופּט און געשטויסען, יעדען האט זיך געוואָלט אנקוקען די אידישע געפאנגענע...

סאפּאס!! סאפּאס!! יודעא קאפּטא! (הורראַ, הורראַ, יהודה איז געפאנגען!) האט דער עולם נישט אויפגעהערט צו שרייען.

אייניגע האבען אויף זיי געטייטעלט מיט די פינגער, אנדערע האבען פון זיי אפּגעלאכט און געשפּאט. פיעלע רוימער פון המון זיינען צוגעגאנגען גאָר נאָהענט צו די געפאנגענע און זיך גענומען טשעפּען מיט זיי. איינער האט א ריס געטהאן א געפאנגענעם ביים אויער, א צווייטער ביי דער נאָז, און ביי די האָר..

צווישען די אידישע געפאנגענע האט זיך געפונען נאָך גאָר א יונגער אינגעל, קוים זעכצעהן יאָהר אלט. זיין שעהן איידעלעם געזיכט האט געציינט

אז ער שטאמט פון אריסטאָקראטישע אידישע עלטערן. צוזאמען מיט זיינע געפאנגענע ברידער איז ער געגאנגען געשמידט אין קייטען...

די מוזיק האָט געשפּיעלט, און די קלאנגען פון די שווערע קייטען האָט זיך צונויפגעמישט מיט דעם שפּיעלען. יעדער טריט וואָס די געפאנגענע האָבען געגעבען איז געווען דער טרויעריגער עכאָ פון די מוזיק.

פון צייט צו צייט האָט דער יונגער געפאנגענער געוואָרפען זיינע בליקען, פול מיט פעראכטונג, אויף דעם רוימישען המון... א רוימער איז צו איהם צוגעגאנגען און זיך גענומען מיט איהם טשעפּען... דער יונגער געפאנגענער האָט מיט פעראכטונג אָפּגעקעהרט זיין קאָפּ. דער רוימער איז אין כעס געוואָרען און האָט בעשלאָסען זיך אָפּצורעכענען מיט דעם "חוצפה'דיגען" אידישען אינגעל; ער האָט ארויסגענומען פון זיין קעשענע א שטיק חזיר־פלייש און עס גענומען שטופּען דעם אינגעל אין מויל אריין.

דער יונגער געפאנגענער איז דאפון געוואָרען אזוי אויפגערעגט, און ער האָט אראָפּגעקאַזען דעם רוימער אזא פייערדיגען פּאטש, אז דער רוימער איז געפאלען צו דער ערד א פארבלוטיגטער.

באלד איז געוואָרען א גרויסער טומעל. דער רוימישער המון האָט זיך א לאָז געטהאָן און געוואָלט דעם יונגען אידישען געפאנגענעם צורייסען אויף שטיקער. די סאָלדאטען אָבער האָבען עס נישט דערלאָזען.

פיעלע פון די רוימישע סענאטאָרען און אדעל־לייט, וועלכע האָבען באַמערקט ווי דער יונגער אידישער געפאנגענער האָט מיט איין פּאטש אנידערגעלעגט א געזונטען רוימער, טראָץ דעם וואָס זיינע פיס זיינען געווען געשמידט אין קייטען, האָבען שטארק בעוואונדערט זיין העלדישקייט און דרייסטקייט.

— ער איז נאָך גאָר א יונג קינד, — האָט א סענאטאָר, מיט'ן נאָמען פלאוויוס קלעמענס, בעמערקט צו זיין פרוי דאָמיציליא.

— א פּאטש האָט ער איהם געגעבען שוין גאָר נישט ווי א קינד, — האָט דאָמיציליא א שמייכעל געטהאָן, — ער קוקט דאָך אויס אזוי צארט און איידעל, די מוטער'ס מילך איז נאָך אויף זיינע ליפּען... עס איז א גרויסער רחמנות אויף איהם, מען וועט איהם מסתמא באלד דערפאר פאר'משפט'ן צום טויט... אזא צארטע יונגע בלום...

— דו זעהסט ווי דער רוימער ליגט א צובלוטיגטער און ער קען זיך פון אָרט נישט ריהרען, — האָט פלאוויוס קלעמענס אנגעצייגט אויף דעם רוימער, — רעכט אויף איהם צו וואָס האָט ער זיך גדאַרפט רייצען מיט די אומגליקליכע און זיי שיטען זאלץ אויף די וואונדען. זיינען זיי דען נישט גענוג געשטראָפט?...

— און איך זאָג דיר, — האָט דאָמיציליא שטילערהייד געזאָגט איהר מאַן, — אז מיין הארץ בלוטיגט מיר פאר די אלע אומגליקליכע אידישע העלדען. צו וואָס נאָך פערשאַפען זיי אזוי פיעל שמערצען און יסורים... זיי האָבען דאָך אזוי העלדיש און בראוו פערטהיידיגט זייער פאטערלאנד . . . טהייער, זעהר טהייער, האָט אונז געקאָסט טיטוס'ס זיעג... הונדערטע טויזענדער פון אונזער יונגער זיינען אין שלאכט געפאלען... וואָס פאר א העלדישקייט האָט טיטוס באוויזען וואָס ער, מיט אזא גרויסע מעכטיגע ארמיי, האָט בעזיעגט די קליינע מלוכה יהודה... צו וואָס דער גאנצער טריאומף און דער פּאראַד?...

— פארשטעהסטו מיר, — האט דער סענאטאר איהר אריינגערוימט אין אויער, — טיטוס איז דאך עפעס וועספאסאניוס׳ס זוהן און יורש עצר... ווען אן אנדער גענעראל וואלט איינגענומען יהודה, וואלט מען אזא טאראראם נישט געמאכט...

— אוי, זעה! — האט דאמיציליא אויסגעשריען, — זעה ווי דער המון האט זיך א לאז געטהאן צו דעם אומגליקליכען אידישען געפאנגענעם, זיי וועלען דאך איהם געוויס באלד אויף שטיקער צורייסען.

פלאוויוס קלעמענס איז אויפגעשפרונגען פון זיין פלאץ און האט גענומען ליפען צום אידישען געפאנגענעם, נישט צו דערלאזען אז דער המון זאל איהם באפאלען, אבער איידער ער איז צו איהם צוגעקומען, האט זיך שוין דער המון בערוהיגט, ווייל א בעאמטער האט זיי פערשפראכען דאס דער אידישער געפאנגענער וועט פאר׳ן באליידיגען א רוימער זעהר טהייער בעצאהלען...

קלעמענס האט דערווייל געהאט א געלעגענהייט נעהענטער צו בעטראכטען דעם בראווען אידישען געפאנגענעם. ער האט אריינגעקוקט אין זיינע שעהנע אויגען, און האט דארט דערזעהען דעם טיעפען צער און די שרעקליכע שמערצען וואס שפיגעלט זיך אפ אין זיין יונגער נשמה. א שטארקער געפיהל פון רחמנות האט ארומגענומען קלעמענס׳ן און ער האט בעשלאסען ארויסצוראטעווען דעם יונגען אונשולדיגען אידישען העלד פון די רוימישע אכזריות.

ער איז צוריקגעגאנגען צו זיין פלאץ און זיך געזעצט נעבען זיין פרוי.

—דו ווייסט, דאמיציליא, — האט זיך דער סענאטאר אפגערופען צו זיין פרוי, — דער יונגער אידישער געפאנגענער האט אויף מיר געמאכט אן אונגעהייער גרויסען איינדרוק... וויפיעל ליידען און פיין זיינע אויגען דריקען אויס... ער שיינט צו זיין זעהר איידעל, פון א זעהר אריסטאקראטישע אידישע פאמיליע. דער אומגליקליכער! ער וויים ניט דאס מען וועט איהם נאך היינט אריינלאזען אין דער ארענא צו קעמפפען מיט די ווילדע חיות...

— אפשר וועט דיר געלינגען איהם אפצוקויפען און דאמיט איהם רעטען פון א זיכערען טויט...

— אלס סענאטאר האב איך א רעכט אויסצולייזען יעדען געפאנגענעם וואס איז פער׳משפט געווארען צו קעמפפען מיט די לייבען, אבער מיר דארפען זיין זעהר פארזיכטיג נישט ארויסצוצייגען דאס מיר סימפאטיזירען מיט רוים׳ס שונא. מיר מוזען דאס טהאן צוליעב אונזערע צוויי קינדער...

— טאקע צוליעב אונזערע צוויי זיהן וואלט איך געוואלט האבען דעם יונגען אידישען העלד אין אונזער הויז. ער שיינט צו זיין זעהר געלערנט און אונזערע קינדער וואלטען פון איהם א סך געקענט לערנען...

— דו ווייסט דאך, מיין טהייערע דאמיציליא, — האט זיך קלעמענס אפגערופען, מיר זיינען די נעהענטסטע פערוואנדטע פון די צעזארס, און ווען... דער סענאטאר האט זיך ארומגעקוקט פון אלע זייטען צו קיינער הערט איהם נישט, און מיט א זעהר נידעריגע שטימע פארטגעזעצט:

— ווען קיין נעהענטערע יורשים צום טראהן וועלען נישט זיין, דאן וועט דאך איינער פון אונזערע זיהן זיכער ווערען דער קיסר פון רוים. דאריבער מוזען מיר זעהר פארזיכטיג זיין, אז קיין מינדסטער חשד זאל אויף אונז פאלען, אונזערע געגנער זאלען נאכהער האבען וואס אויסצוזעצען געגען אונז.

— און איך זאג דיר, מיין ליעבער מאן, — האט דאמיציליא איהם גע־

ענטפערט, — אז איך וואלט געווען מעהר צופריעדען ווען מיינע זיהן וועלען אויפוואקסען גוטע רוימישע בירגער און נישט זיין קיין פּרעטענדענטען אויף דער קרוין... נישט נאָר ווייל דער לעבען פון די צוזארען איז אימער אין געפאהר, אבער לויט ווי איך האב געהאט די געלעגענהייט צו בעאבאכטען דאס לעבען פון די צעזארען, דוכט זיך מיר, אז ווי נאָר זיי קריגען די מאכט אין זייערע הענד, ווערען זיי איבערגעפיהרט און פערדארבען...

— נו, נו, יעצט איז נישט די צייט וועגען דעם צו ריידען, — האט קלעמענס געזאגט, ווען די פּראַצעסיע האט זיך ווידער גענומען באוועגען, — מיר וועלען מוזען היינט געהן צו די ארענא און פון דארטען וועלען מיר פיעלייכט קענען דעם יונגען געפאנגענעם קויפען.

— מיר ווילט זיך זעהר נישט געהן אהין, — האט דאמיציליא איהם געזאגט, — איך זעה נישט איין וואס פאר א פארגעניגען דאס איז צו זעהן ווי לעבעדיגע מענשען ווערען צוריסען פון ווילדע חיות.

— און איך קען זיך קוים דערווארטען אויף די שטונדע, ווען אין די ארענא וועט פאָרקומען דער קאמף צווישען די לייבען און די אידישע געפאנגענע, — האט זיך אפּגערופען א פרוי פון א צווייטען סענאטאר, וועלכע האט געהערט דאמיציליא'ס לעצטע ווערטער, — דער שפּיעל אין דער ארענא איז אזוי צו־ציהענד און אמוזירענד אז איך ערווארט עס מיט גרויס אומגעדולד און שפּאנונג.

— און איך קען נישט צוזעהען פארגאסענע מענשליך בלוט, — האט דאמיציליא געזאגט.

— נו, און דאס בלוט פון אונזערע שונאים? — האט איהר די צווייטע פרוי געפרעגט.

— זיי זיינען דאך אבער אויך מענשען . . .

קלעמענס האט נישט געוואלט אז זיין פרוי זאל זיך ארייןלאזען אין א צו גרויסען ויכוח מיט דער פרוי פון א צווייטען סענאטאר, און ער האט דאריבער געזאגט:

— לאמיר זיך איילען, איך וויל זעהן ווי מען וועט ארויפשטעלען די גאלדענע מנורה פון דעם בית המקדש אויף טיטוס'ס טריאומף טויער.

באלד האט טיטוס אויסגעקליבען צעהן אידישע געפאנגענע און זיי באַ־פוילען צוצוטראגען די גאלדענע מנורה...

די קנאים פיהרער זיינען געווען די וואס האבען געמוזט טראגען די מנורה עם איבערצוגעבען צו די רוימער... אלע זיינען געווען געשמידט אין קייטען. אין זייערע אויגען האט געברענט דאס פייער פון נקמה:

— אה, גאט! — האבען זיי אלע אין זייערע הערצער מתפּלל געווען, — גיס אויס דיין צארן אויף די שונאים פון יהודה, וועלכע האבען פערוויסט דיין הייליג לאנד, און חרוב געמאכט דיין בית המקדש... יעצט פארשוועכען זיי די הייליגע כלים... גאט פון אונזערע אבות אברהם, יצחק און יעקב, זיי זיך נוקם אן רוים, אן איהרע פארדארבענע גרוזאמע הערשער, פארטיליג זיי פון אונטער דיינע הימלען!

די צערעמאניע ארויפצוהויבען די מנורה אויף דעם טריאומף טויער, האט זיך אנגעפאנגען. די מוזיק האט ווידער גענומען שפּיעלען... אויפ'ן דאך פון טויער זיינען געשטאנען די רוימישע גענעראלען און ארונטערגעלאזען די

שטריק. אונטען האט מען ארומגעבונדען די מנורה, און באלד האט מען זי ארויפגעהויבען אויפ'ן טויער...

די מאסע מענשען האבען געיובעלט פאר פרייד, און מיט דונערנדע שטי־מען אויסגעשריען:

— סאפאס! סאפאס! (הורא!) לאנג לעבען זאל אונזער קיסר וועס־פאסיאנוס! לאנג לעבען זאל טיטוס, דער זיעגער פון יהודה! סאפאס! סאפאס!

די ווילדע שטורמישע קולות האבען זיך געטראגען ווי דונערען גאנץ ווייט, און די ערד האט געציטערט פון די געשרייען...

פלוצלינג איז שטיל געווארען. די מאסע האט דערזעהען די פרייטארס (ריכטער), און יעדער האט געוואלט הערען ווי דער הויפט ריכטער וועט פאר־לייענען די אורטיילען פון די געפאנגענע... יעדער האט אנגעשטרענגט זיינע אויערען און אויגען און אונגעדולדיג געווארט...

— שמעון בן גיורא, דער גרעסטער אידישער העלד, איז געווען דער אנפיהרער פון די מורדים, ער האט פיעלע פון אונזערע העלדען צום טויט געשלאגען, דאריבער וועט ער מוזען מיט זיין לעבען בעצאהלען. שמעון בן גיורא מוז שטארבען מיט נישט קיין געוויינליכען טויט. מען זאל איהם אויסטהאן א נאקעטען און צובינדען צו דעם עק פון דעם זעלבען פערד אויף וועלכען ער האט געריטען אין דער צייט פון די שלאכטען... מען זאל דעם פערד אזוי לאנג טריי־בען איבער די גאסען פון רוים, ביז וואנען שמעון וועט טויט זיין.

גלייך זיינען די פאליציי צוגעגאנגען צו שמעון בן גיורא, איהם ארויסגענו־מען פון צווישען די געפאנגענע, אראפגעריסען פון איהם די קליידער און גע־בונדען הענט און פיס. מען האט צוגעפיהרט א שווארצען פערד, און צוגעבונדען שמעון'ן צו זיין עק. א רוימישער רייטער האט זיך אויפ'ן פערד ארויפגע־זעצט און מיטשלעפענדיג דעם אידישען העלד, און מיט די בעגלייטונג פון די הילכיגע געשרייען פון המון, איז ער פערשוואונדען געווארען...

באלד נאכדעם האט דער פרייטאר אויסגערופען דעם נאמען פון יוחנן פון גוש חלב.

די פאליציי האבען יוחנן צוגעפיהרט צום פרייטאר.

יוחנן איז פון אלע מאל געווען א דארער, א קראנקער, אבער זיין ליעב־שאפט צו זיין פאלק און זיין אונערשראקענער גייסט האט איהם געגעבען כח און מוטה אנצופיהרען דעם קאמפף פאר די בעפרייאונג פון זיין פאלק. יעצט האט יוחנן נאך ערגער אויסגעקוקט. ער איז געווען נישט מעהר ווי א הויפען דארע ביינער בעצויגען מיט א געלע הויט. ער איז געווען גראה ווי א טויב, זיין פנים איז געווען איינגעשרומפען, נאר זיינע אויגען האבען געשאסען מיט פייער.

איהם האט דער פרייטאר פעראורטיילט אויף לעבענסלענגליך געפענגנים.

דער פרייטאר האט פארגעלעזען די נעמען פון נאך אידישע העלדען, וועמען ער האט פער'משפט צו פערשידענע שטראפען. פיעלע פון זיי זיינען פעראור־טיילט געווארען צו שטארבען מיט דעם זעלבען טויט ווי שמעון בן גיורא, אנדערע — צו ראנגלען זיך מיט די ווילדע חיות אין דער ארענא.

— מיר האבען דא צווישען די אידישע געפאנגענע, — האט דער פרייטאר אויסגערופען, — נאך זעהר א יונגען יודעא. ער וויל בשום אופן נישט זאגען זיין נאמען... איידער מען האט איהם גענומען געפאנגען אין ירושלים האט ער

דריי רוימער אויף טויט דערשטאָכען... צוליעב זיין יוגענד האָבען מיר געדענקט איהם צו בעגנאַדיגען פון טויט... אָבער גראָדע יעצט, ווען ער איז געפיהרט געוואָרען צוזאַמען מיט די איבריגע אידישע געפאַנגענע, האָט ער אויפגעהויבען זיין האַנד אויף א רוימער, דאַריבער פאַר׳משפט איך איהם ער זאָל שטאַרבען קעמפפענדיג מיט די חיות אין דער ארענא.

— סאַפּאָס! סאַפּאָס! — האָט דער המון געשטורעמט.

נאָכדעם ווי אַלע אורטיילען פון די אידישע געפאַנגענע זיינען פאַרגעלעזען געוואָרען, האָט דער פּריטאָר געלאָזט וויסען דעם המון, אז די פייערונג פון זיעג וועט פאָרטגעזעצט ווערען אין אמפיטעאַטער אויף דער ארענא.

— צו דער ארענא! צו דער ארענא! — האָבען זיך געהערט געשרייען, און דער צוואווילדעטער המון האָט זיך אוועקגעלאָזען לויפען צו דער ארענא...

דער אמפיטעאַטער איז געווען וואונדערליך בעפּוצט. די זיילען זיינען געווען בעהאַנגען מיט טהייערע בלומען־קרענץ. אויפ׳ן ערשטען שטאָק זיינען געווען די לאָזשעס פאַר דעם קיסר מיט זיין פאַמיליע און זיינע מיניסטאָרען. עטוואָס העכער זיינען געווען די לאָזשעס פאַר די סענאַטאָרען. אביסעל וויי־טער זיינען געזעסען די רייכע בירגער און די בעאַמטע. די גאַלעריע איז געווען פאַר די פּלעביאַנס (דאָס פּראָסטע פאָלק).

אינמיטען דעם אמפיטעאַטער איז געווען די ארענא, וועלכע איז געווען אָנ־געשאָטען מיט זאַמד וואָס פלעגט איינזאַפּען דאָס פאַרגאָסענע בלוט. ביי די זייטען פון דער ארענא זיינען געווען די שטייגען מיט די ווילדע חיות. די טהירען פון די שטייגען זיינען געווען פאַרשלאָסען, אָבער דער עולם האָט געקענט זעהן דורך די גראַטעס ווי די ווילדע חיות לויפען ארום הין און צוריק, ווי זיי וואָלטען מיט גרויס אומגעדולד וואַרטען אויף דער סעודה וואו זיי וועלען זיך באַלד אָנזעטיגען מיט מענשליך פלייש און בלוט. די לייבען האָבען אויפגע־עפענט די מיילער, פון וואָס זייערע שאַרפע ציינער האָבען זיך ארויסגעזעהן, זיי האָבען מורא׳דיג געברומט און געשריען...

די סענאַטאָרען, די אדעל־לייט און די בעאַמטע האָבען געהאַט בעשטימטע פּלעצער צו זיצען. פאַר דעם פּראָסטען המון אָבער, זיינען קיין בעשטימטע פּלעצער נישט געווען און יעדער וואָס פלעגט קומען פריהער, פלעגט פאַר־כאַפּען א בעסערען פּלאַץ. דער געלאַף און געדראַנג פון די פּלעביאַנס איז געווען זעהר גרויס. יעדער איז געלאָפען צו פאַרכאַפּען א פּלאַץ אין דעם אמפי־טעאַטער און שעפּען פאַרגעניגען און נחת פון די בלוטיגע סצענעס, און דאַמיט צו שטילען זייער דורשט און לוסט פאַר מענשליך בלוט...

דער אמפיטעאַטער איז אָנגעפילט געוואָרען. טויזענדער מענשען זיינען גע־בליבען פון דרויסען. די אָרימע אומגליקליכע נעבאַך... זיי האָבען פאַרשפּעטיגט, נישט שנעל גענוג געלאָפען. יעצט מוזען זיי אויסען בלייבען... שטאַרק ענט־טוישט זיינען זיי, אָבער זיי טרעטען נישט אָפּ פון דעם אמפיטעאַטער. זיי וועלען לכל הפּחות זעהען ווי מען פיהרט אריין די געפאַנגענע, און נאָכהער אויסגעפינען וויפיעל זיינען צוריסען געוואָרען פון די ווילדע חיות...

א גאָלדענע קאַרעטע איז צוגעפאָהרען צום אמפיטעאַטער, און דער קיסר, זיינע זיהן, טיטוס און דאָמאַציאַן, מיט זייערע פאַמיליעס זיינען אריין אינע־

וויניג. נאכהער זיינען אריין די מיניסטאָרען, די סענאַטאָרען און די אָרעל־לייט. יעדער פאמיליע האָט געהאט אן אייגענע לאָזשע.

פלאוויוס קלעמענס און זיין פרוי זיינען אויך געקומען און זיך אויך געזעצט אין זייער לאָזשע. זעלטען זיינען זיי געקומען זעהן די גלאַדיאַטאָרען "שפּ על", כאָטש די אנדערע סענאַטאָרען און זייערע פרויען פלעגען אָפּלאכען פון זיי...

— מיין פרוי קען נישט צוזעהען קיין מענשליך בלוט, — פלעגט ער זיך פאר זיי פאַרענטפערען...

— ווען זי שרעקט זיך פאר מענשליך בלוט, — האָט א סענאַטאָר'ס פרוי צו איהם געלאכט, — האָט זי אין זיך קיין רוימישעם בלוט... איך וואָלט אזא פאַרגעניגען קיינמאָל נישט דורכגעלאָזט צו זעהן...

— היינטיגער ספּעקטאַקעל וועט זיין זעהן שעהן און אינטערעסאַנט, — האָט זיך א צווייטער סענאַטאָר אָפּגערופען.

— מיט וואָס וועט עס זיין אינטערעסאנטער ווי געוועהנליך? — האָט איהם קלעמענס געפרעגט.

— ערשטענס וועלען היינט קעמפען פינף אידישע געפאנגענע העלדען, איינער נאָך דעם אנדערען, און צווייטענס האָט מען היינט געבראכט אהער זעהר שרעקליך גרויסע לייבען. מען האָט זיי דריי טעג קיין עסען נישט גע־געבען. אוי, וועט ער דאָס ארויפשפּרינגען אויף זיין קעמפּפער!...

קלעמענס האָט א ציטער געטהאָן. זיין פרוי האָט אָפּגעקעהרט דעם קאָפּ און געווישט די טרעהרען...

— ווען דו זאָלסט קענען זיי אלעמען אויסלייזען, — האָט דאָמיציליא איהם שטילערהייד געזאָגט, — מיין הארץ וועהטאָגט מיר פאר די אומגליקליכע.

— יא, מיין ליעבע פרוי, איך וואָלט נאָר האָבען די מעגליכקייט וואָלט איך דאָס געווים געטהאָן. אָבער מעהר ווי איינעם האָב איך קיין רעכט נישט אָפּצוקויפען.

— איז דער יונגער אידישער געפאנגענער אויך אויף היינטיגע ליסטע צו קעמפען מיט די לייבען, — האָט זי איהם געפרעגט.

— יא, — האָט קלעמענס געענטפערט, — איך גלויב אז ער איז נאָך דער ערשטער, ער האָט געזאָלט בענייען דאָס אָרט מיט זיין יונגעם בלוט...

די מוזיק האָט גענומען שפּיעלען און די פינף אידישע העלדען זיינען גע־בראכט געוואָרען נעבען דער ארענא, געשמידט אין קייטען... אלע זיינען געווען נאַקעט, בלויז א גארטעל אויף זייערע לענדען האָט מען זיי איבערגעלאָזט.

דער וואָס האָט די געפאנגענע געפיהרט, האָט זיך אוועקגעשטעלט און אויסגערופען:

"פאר היינט זיינען פינף געפאנגענע בעשטימט געוואָרען צו קעמפען מיט די גרעסטע און שטאַרקסטע לייבען. ווען דער לייב וועט פארטיג ווערען מיט איינעם, וועט באלד דער צווייטער אריינגעפיהרט ווערען, און אויב עס וועט פאַרבלייבען צייט וועלען אלע פינף דורכפיהרען דעם ספּעקטאַקעל היינט, אויב אָבער עס וועט קיין צייט נישט בלייבען וועט וואהרשיינליך איינער אדער צוויי פון די געפאנגענע איבערבלייבען אויף מאָרגען... איך האָף אָבער, אז אלע פינף וועלען היינט פאַרשטעלען, ווייל די לייבען זיינען זעהר הונגעריג..."

א ווילדער געלעכטער האָט אויסגעבראָכען אין דעם אמפיטעאַטער.

— צעהן טויזענד סעסטערס (א רוימישע מטבע) גיב איך אוועק פאר דער מלוכה־שאץ, און דאמיט וויל איך אפקויפען דעם איינגסטען פון די געפאנגענע. פאר מיין שקלאף... — האט סענאטאר קלעמענס אויסגערופען.

אין אמפיטעאטער איז געווארען א באוועגונג. פיעלע פון המון זיינען שטארק אין כעס געווארען אויף דעם סענאטאר פאר וואס ער וויל פון זיי אוועק־נעהמען א שטיק פון דעם ספעקטאקעל.

דער אויפזעהער איבער די געפאנגענע האט גלייך צוגעפיהרט דעם יונגען העלד צום סענאטאר און קלעמענס האט איהם אפגעצעהלט די סומע געלד.

— נעהם ארונטער פון איהם די קייטען, — האט קלעמענס באפוילען.

דער אויפזעהער האט איהם באפרייט פון די קייטען, און איז צוריקגעגאנ־גען צו דער ארענא...

דער געפאנגענער איז געזעסען אין א ווינקעל פון דער לאזשע מיט אז אראפגעלאזענעם קאפ... ער האט בעת מעשה גאר נישט באגריפען וואס מיט איהם איז פארגעקומען. ער האט נישט פארשטאנען אז דער רוימישער סענאטאר האט איהם געראטעוועט פון א זיכערען טויט.

דער "שפיעל" האט זיך אנגעפאנגען. דער אויפזעהער האט אראפגענומען די קייטען פון דעם צווייטען אידישען געפאנגענעם און איהם אריינגעפיהרט אין דער ארענא... ער האט איהם דערלאנגט א קליין מעסערל צו קעמפען דאמיט מיט דעם מורא'דיגען לייב...

דער אומגליקליכער איז א ווײלע געשטאנען אין מיטען דער ארענא, מיט דעם קליינעם מעסערל אין זיין האנד און האט זיך ארומגעקוקט. פון אלע זייטען האט ער באגעגענט בלוט־דורשטיגע און אונגעדולדיגע אויגען...

ער האט דעם קליינעם מעסערל געדריקט אין זיין האנד, ווי ער וואלט אין דעם געזעהען זיין איינציגע רעטונג...

פלוצלינג האט זיך די טהיר פון דער שטייג געעפענט און א מורא'דיגער לייב איז ברומענדיג ווילד ארויסגעשפרונגען פון שטייג... דער געפאנגענער איז צוריקגעטראטען, זיין פנים איז געווען טויט־בלאס און זיינע צושראקענע אויגען האבען נאכגעפאלגט יעדע באוועגונג וואס דער לייב האט געמאכט.

דער לייב האט ארויסגעלאזען נאך א שטארקערען ברום און האט זיך אפ־געשטעלט אין מיטען דער ארענא... ער האט א שאקעל געטהאן מיט זיין גע־זונטען קערפער... ער האט אויפגעעפענט זיין מויל און ארויסגעשטעקט א רויטע טרוקענע צונג. די ווייסע שארפע צייהן האבען א בליאסק געטהאן. ער האט זיך געגעבען א שטארקען ציה צוריק, אנגעהויבען זיך דרעהען און באוועגען דעם גאנצען קערפער און האט מיט זיינע שרעקליך־פייערדיגע אויגען ווי אפגעמאסטען די ווייטקייט פון איהם ביז זיין קרבן...

דער הונגעריגער לייב האט פלוצלינג ארויסגעלאזען א פירכטערליכען ברום און מיט זיין גאנצע קראפט א שפרונג געטהאן אויף זיין קרבן...

דער געפאנגענער האט פרובירט איהם אפשטויסען מיט זיין קליין מעסערל. דער לייב איז אויף א וויילע צוריקגעטראטען... ער איז אבער געווארען נאך מעהר צורייצט און מיט א שטארקערען כעס און אימפעט זיך אויף איהם אווארף געטהאן... דער געפאנגענער איז אומגעפאלען, און דער לייב האט זיינע שארפע נעגעל אין זיין הארצען איינגעגראבען — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער גאנצער אמפיטעאטער האט אויסגעבראכען אין שטורמישע אפלא-דיסמענטען.

— סאפאס! ! סאפאס! !

דער בלוט-דורשט פון דער מאסע איז עטוואס געשטילט געווארען... און געשטילט געווארען איז אויך דעם לייב'ס הונגער.

פארטיג געווארען מיט זיין קרבן, האט מען דעם לייב צוריקגעטריבען אין זיין שטייג... דער אויפזעהער איז אריין אין דער ארענא און האט דאס בלוט בעשאטען מיט זאמד...

— יעצט קומט דער צווייטער געפאנגענער, — האט ער אויסגערופען, — און איז ארוים פון דער ארענא.

דער יונגער אידישער געפאנגענער וואס איז געזעסען א טרויעריגער אין א ווינקעל פון קלעמענס'ס לאזשע, האט באמערקט ווי זיינע באפרייער האלטען זייערע אויגען ארונטערגעלאזען און קוקען נישט אויף דער ארענא. דאס האט איהם שטארק געוואונדערט: זיינען דען דא אין רוים אויך מענשען מיט ווייכע הערצער? . . .

— איך קען דא מעהר נישט איינזיצען, — האט זיך דאמיציליא אנגערופען צו איהר מאן, — לאמיר גלייך אוועק פון דאנען.

און נאך איידער דער צווייטער געפאנגענער איז אריין, האבען זיך ביידע, קלעמענס און זיין פרוי, אויפגעהויבען פון זייערע פלעצער, און זיי האבען א וואונק געטהאן צו דעם יונגען געפאנגענעם ער זאל זיי נאכגעהן. און זאגענדיג די שכנים אז זיין פרוי איז פלוצים קראנק געווארען, זיינען זיי אלע ארוים פון אמפיטעאטער.

קלעמענס מיט זיין פרוי האבען זיך אריינגעזעצט אין קארעטע; נעבען קוטשער האט זיך געזעצט דער יונגער אידישער געפאנגענער, און זיי זיינען אלע צוגעפאהרען צו די פראכטפאלע הויז פון דעם רייכען סענאטאר.

## דרייצעהנטער קאפיטעל
# דער העלד

קלעמענס און זיין פרוי האבען זעהר גוט בעהאנדעלט דעם יונגען אידישע קנעכט וועמען זיי האבען אויסגעלייזט און באפרייט פון די צייהנער פון די לייבען. ער האט מיט זיי געגעסען ביי איין טיש און זיי האבען איהם געגעבען א באזונדערען צימער צום שלאפען, נישט ווי די איבריגע קנעכט, וועלכע פלעגען שלאפען צוזאמען.

ווען קלעמענס האט דעם יונגען געפאנגענעם געפרעגט זיין נאמען, האט ער מיט טרויער געענטפערט:

— מיין פאלק איז פארלארען, מיין לאנד איז פארלארען, פון מיין פאמיליע בין איך געבליבען איינער אהן א נאמען.

— נו, וועלען מיר דיך רופען אונוס מולטארום (איינער פון פיעל) — האט איהם קלעמענס געזאגט מיט א שמייכעל.

— איין לעבעדיגער פון פיעלע טויטע, — האט דער יונגער קנעכט געזאגט מיט ביטערקייט.

— ווי איך פארשטעה, — האט זיך קלעמענס אפגערופען צו זיין פרוי, — האט דער, נאך גאר יונגער אינגעל, איבערגעלעבט זעהר פיעל טראגישעס אין זיין יונגען לעבען. ווען איך האב איהם געפרעגט זיין נאמען, האט ער מיר געזאגט, אז ער האט אלעס פארלארען און ער איז געבליבען איינער אהן א נאמען... איך האב פארשטאנען אז ווען מיר זאלען איהם רופען ביי זיין ריכטיגען נאמען וועט עס איהם דערמאהנען אן יענער גליקליכער צייט ווען זיין פאטער, מוטער און זיינע פריינד האבען נאך געלעבט און איהם ביי זיין נאמען גערופען... דאס וועט איהם נאך מאכען צו פיהלען ערגער, דאריבער האב איך איהם געזאגט אז מיר וועלען איהם פון היינט אן רופען אונוס מולטארום.

— לאמיר איהם רופען נאר אונוס, — האט דאמיציליא געזאגט, — עס איז קירצער.

— גוט, — האט איינגעשטימט דער סענאטאר, און אריינגערופען דעם יונגען געפאנגענעם.

— אונוס, וועט זיין דיין נאמען פון היינט אן, — האט ער איהם געזאגט, — דו ווארפ אוועק דיין טרויער, ווייל דו ביזט נאך יונג, און דו בין זיכער נישט שולדיג אין דעם גורל פון דיין פאלק. ווען דו וועסט עלטער ווערען, וועסטו פיעלייכט זיי קענען עטוואס העלפען, אבער מיט דיין קלאגען און וויינען וועסטו פאר זיי גארנישט אויפטהאן.

— זיינען דען איבערגעבליבען נאך עטליכע לעבעדיגע אידען? — האט אונוס נאאיוו געפרעגט.

— געוויס, אלע אידען א חוץ פון ירושלים זיינען געבליבען לעבען, — האט קלעמענס געענטפערט, — זיי לעבען זיך גאנץ רוהיג און זיכער. די איינציגע זאך וואס אונזער אימפעריע פערלאנגט פון זיי, איז דאס יעדער זאל צאהלען קאפ־שטייער, א האלבען שקל א יאהר. זיי קענען זיך אבער אויפפיהרען לויט זייער רעליגיאן פאדערט, קיינער וועט זיי נישט שטערען...

— דערצעהל איהם וועגען אונזער פערוואנדטען סעיאנוס בורוס, — האט דאמיציליא דערמאהנט איהר מאן.

— יא, — האט זיך קלעמענס אפגערופען, — אונזער קרוב סעיאנוס בורוס איז א פערוואלטער פון א שטאדט אין יהודה, און ער שיקט אונז צו בעריכטען יעדע דריי מאנאטען. און לויט זיינע בעריכטען איז דארט אלעס אין ארדנונג.

אונוס האט געדענקט אז פון דעם אידישען פאלק איז שוין קיין זכר נישט געבליבען. ער האט געגלויבט אז ער איז דער איינציגער וואס איז געבליבען לעבען דורך די גענאד פון זיינע אויסלייזער, און דאריבער איז ער געבליבען ערשטוינט צו הערען אז עס זיינען נאך פארבליבען פיעלע אידען אין יהודה. באלד אבער האט ער זיך דערמאהנט אז פון ירושלים איז קיין זכר נישט געבליבען. אלע איינוואהנער זיינען אדער געטויטעט געווארען פון שונא'ס שווערד, אדער פאר־קויפט געווארען פאר שקלאפען... יא, ער איז זיכער, אז פון זיין פאמיליע איז קיינער לעבעדיג נישט געבליבען. א טרויער האט זיין פנים באדעקט און טרעה־רען האבען זיך אין זיינע אויגען באוויזען...

— אלע אידען פון ירושלים זיינען דאך אויסגע'הרג'עט געווארען, — האט אונוס געזאגט מיט פארצווייפלונג.

— לויט דעם בעריכט זיינען דארט פיעל מעהר אידען געשטארבען פון הונגער און מגפות, דען פון דעם רוימישען שווערד — האט קלעמענס גע־זאגט, — אבער מיט רעכט קענסטו שטאלצירען אויף דיינע ברידער, דאס זיי זיינען אלע געשטארבען העלדיש, קעמפפענדיג פאר די באפרייאונג פון זייער פאלק און לאנד.

— זיינען דיינע עלטערען געוועזען אין ירושלים בשעת דער בעלאגערונג? — האט דאמיציליא איהם געפרעגט.

— יא, מיין הארינטע, מיין גאנצע פאמיליע איז דארט געוועזען, יעצט איז פון זיי קיין זכר נישט געבליבען... אלע זיינען יעצט טויט! — האט ער אויס־געבראכען אין א געוויין...

דאמיציליא האט געווישט איהרע אויגען. איהר האט שוין פארדראסען וואס זי האט אויפגערייצט די וואונדען פון דעם העלדישען אריסטאקראטישען יונגען אידען. זי האט אפגעמאכט מיט איהר מאן קיינמאל נישט צו ריידען מיט אונוס'ן וועגען דער פערגאנגענהייט...

— זיי וויסען, אונוס, — האט איהם קלעמענס געזאגט, — אז ביי מיר אין הויז קענסטו זיך אויפפיהרען לויט ווי דיין רעליגיאן פאדערט. איך האב זעהר פיעל געהערט פון דעם אידישען גאט, און איך בין זיכער, אז פון דיר וועל איך, מיין פרוי און מיינע צוויי זיהן, קענען א סך לערנען וועגען די אידישע רעליגיאן... מיר, רוימער, האבען נישט קיין אמונה. נישט אלע גלויבען שוין ביי היינטיגען טאג אין יופיטער און אין די איבריגע געטער. ביי פיעלע פון אונז זיינען אונזערע רעליגיעזע צערעמאניעס מעהר נישט ווי א געוואהנהייט. איך בין זיכער, אז מיט עטליכע יאהר שפעטער וועלען פיעלע רוימער אננעהמען די אידישע רעליגיאן...

— דערווייל איז נאך די צייט נישט געקומען, אז מיר זאלען קענען עפענט־ליך אנערקענען די אידישע תורה, — האט דאמיציליא ערקלעהרט, — דאריבער

וועלען מיר אלעס מוזען האלטען בסוד... איך וויל אז דו זאלסט לערנען מיינע צוויי זיהן, מאריוס און מארקוס, די שפראך פון יהודה און אויך די תורה פון משה.

אונוס איז ערשטוינט געווארען צו הערען אזעלכע ווערטער פון רוימער... איהם האט זיך קוים געגלויבט, אז עס זיינען פאראן רוימער וועלכע האבען א נייגונג צום אידישען גאט... ער האט זיך דערפיהלט פרייער.

דער יונגער אידישער געפאנגענער וועלכער איז געווען צווישען די חכמים אין ירושלים און האט פון זיי א סך געלערנט, האט יעצט געקראגען צוהערער... ער האט דעם סענאטאר און זיין פרוי ערקלעהרט די גרונד־פרינציפען פון דער אידישער תורה. ער האט זיי דערצעהלט די אידישע געשיכטע פון אברהם ביז דער געגענווערטיגער צייט.

מיט דעם סענאטארס צוויי זיהן האט ער געלערנט די הייליגע שפראך פון די נביאים און האט אין זיי איינגעפלאנצט א ליעבשאפט צו אלעס וואס איז אידיש.

אונוס האט געדאנקט גאט וואס ער האט איהם צוגעשיקט אזעלכע גוטע און וואוילע מענשען אין זיין געפאנגענשאפט...

קלעמענס האט אנגעטרויט אונוס'ן די ערציהונג פון זיינע זיהן. און אונוס איז ניט נאר געווען זייער לעהרער, ער איז אויך געווען זייער קאמפאניאן. ער פלעגט מיט זיי פארברייננגען אין פערשידענע שפיעלען און צוזאמען זיינען זיי געגאנגען אויפ'ן יאגד, פאנגען פיש, שווימען, רייטען אויף פערד.

אונוס האט זיך אויפגעפיהרט לויט דער אידישער רעליגיאן. ער האט געהאט בעזונדערע כלים. אבער פלייש האט ער אין גאנצען נישט געגעסען. זיין עהרליכ־קייט, געטריישאפט און בעשיידענהייט האבען פאר איהם געוואונען ליעבשאפט פון אלעמען.

* * *

עס איז געווען אין א שעהנעם פריהמארגען ווען גאנץ רוים איז געווען פייערליך געשטימט. טיטוס, וועלכער איז שוין געווארען קיסר פון רוים, האט געעפענט א נייעם קאלאסעאום און האט בעשטימט הונדערט טעג צו שפיעלען פערשידענע לוסט־שפיעלען און ספארט. טיטוס אליין האט אנטהייל גענומען אין די שפיעלען.

די איינוואהנער פון רוים האבען זיך געקליבען צו זעהן די פערשידענע שפיעלערייען. יעדער האט געוואלט פערכאפען א בעסערען פלאץ.

מארקוס און מאריוס,ביידע זיהן פון קלעמענס, זיינען אויך ארויסגעפאהרען גאנץ פריה מיט זייער לעהרער אונוס. אלע דריי האבען געריטען אויף ווייסע פערד.

פלוצלינג האט זיך מאריוס'ס פערד פאר עטוואס דערשראקען און אנגע־הויבען שפרינגען און לויפען אזוי שנעל און משונה'דיג אז דער אינגעל האט אנגעהויבען שרייען פאר הילף. אונוס און נאך איינינע רייטער וועלכע האבען דאס דערזעהען, האבען גענומען שנעל טרייבען זייערע פערד כדי אנצויאגען מאריוס'ן. דאס צוווילדעוועטע פערד האט דערפיהלט אז מען יאגט זיך נאך איהם, האט ער מיט מעהר האסט און ווילדקייט גענומען לויפען.

מאריוס איז געבליבען הייננען אויפ'ן פערד אנהאלטענדיג זיך בלויז אז דעם פערד'ס צוים... דער גערעג צו ראטעווען דעם סענאטאר'ס אינגעל פון א זי־

בערען טויט איז פארגרעסערט געווארען. רייטוועגען געשפאנט צו פיער, פינף נעיעג־פערד זיינען געפלויגען פייל אויסען בויגען, אפצוהאלטען דאס פערד... ווען אבער מאריוס׳ם פערד איז צוגעקומען צום שפיץ־בארג קאפיטאלינוס, און גענומען לויפען מיט׳ן זעלבען האסט בארג אראפ, האבען אלע אויפגעגעבען דעם נעיעג, ווייל זיי האבען זיך ארומגעזעהן אז עס איז שוין גאר קיין האפנונג ניטא צו ראטעווען דעם יונגען רייטער, און אין צו שנעל טרייבען די פערד בארג־אראפ, ליגט א גרויסע געפאהר אליין צו דער׳הרג׳עט ווערען...

די רייטער האבען אפגעשטעלט זייערע פערד אויף דעם בארג, און האבען מיט פארדרוס צוגעזעהען ווי דעם סענאטאר׳ם זוהן וועט באלד צושמעטערט ווערען אויף שטיקער, און זיי זיינען אלע גארנישט אימשטאנד איהם צו העלפען... דאס פערד איז געלאפען בארג אראפ מיט גרויס אימפעט, און מאריוס האט זיך געווארפען הין און צוריק, אנהאלטענדיג זיך אן דעם פערד׳ס צוים...

פלוצלינג איז ווי א בליץ פאר אלעמענס אויגען פארבייגעפלויגען א רייטער מיט נאך א ווייסען פערד און גלייך בארג אראפ זיך גענומען יאגען נאך מאריוס׳ם פערד. אלע האבען מיט דער גרעסטער אנגעשטרענגטקייט און אונגעדולד געקוקט ווי די צוויי יאגען זיך צום זיכערען טויט... דער רייטער דערנעהענטערט זיך שוין מיט זיין פערד צום ווילד־געווארענעם פערד... מיט אמאל האבען אלע באמערקט ווי דעם רייטער׳ם פערד האט זיך אויפגעשטעלט אויף זיינע הינטערשטע פיס, און שנעל ווי א בליץ האט דער רייטער א כאפ געטהאן דעם סענאטארס זוהן און מיט איהם זיך אראפגעגליטשט פון זיין פערד... באלד האבען אלע געזעהען ווי ביידע פערד האבען זיך איבערגעקוליעט פון דעם האסטיגען לויפען און צושמעטערט געווארען... דער רייטער, וועלכער האט זיך מיט מאריוס׳ן צוגעזעצט אויפ׳ן גראז, האט גלייך אנגעהויבען צו מינטערען דעם דערשראקענעם און האלב פאר׳חלש׳טען אינגעל...

אלע רייטער וועלכע זיינען געשטאנען אויפ׳ן שפיץ בארג און עס אלעס צוגעזעהען, זיינען באלד ארונטער פון די פערד און זיך א לאז געטהאן צו פוס בארג אראפ, צו דעם פלאץ וואו ביידע, דער רעטער, מיט דעם געראטעוועטען, זיינען געזעסען.

אלע האבען ארומגערינגעלט דעם יונגען העלד, געדריקט זיין האנד, און האבען איהם שטארק געלויבט.

דער קלאנג אז דעם סענאטאר׳ם זוהן איז אין גרויס געפאהר, האט זיך שנעל פארשפרייט איבער גאנץ רוים און אלע זיינען געלאפען צו דעם בארג קאפיטאלינוס, צו הערען וואס עס האט פאסירט.

איינער איז דערהוייל געלאפען אנזאגען קלעמענס׳ן מיט זיין פרוי.

טויט־בלאסע און צושראקענע זיינען מאריוס׳ם עלטערען שנעל צוגעפאהרען צו דעם פלאץ.

— מיין קינד! מיין טהייערעס קינד! — האט דאמיציליא היסטעריש געוויינט, — וואו ביזטו מיין קינד?...

— אט דארטען האט דאס אומגליק פאסירט, — האט קלעמענס אויסגעשריען, אנצייגענדיג זיין פרוי דעם פלאץ וואו דער המון איז געשטאנען.

ביידע האבען אהן אטעם גענומען לויפען אראפ־בארג צו יענעם פלאץ. ווען עטליכע מענשען פון די מענגע האבען דערזעהען דעם סענאטאר און

זיין פרוי לויפען ארונטער דערשראקענע, זיינען זיי אנטקעגען געלאפען זיי צו בערוהיגען...

— געראטעוועט! געליבט איז יופיטער! א יונגער העלד האט מאריוס'ן געראטעוועט פון זיכערען טויט!

דער סענאטאר מיט זיין פרוי זיינען שנעל צוגעקומען צום פלאץ, האבען דערזעהען דעם יונגען אידישען געפאנגענעם אונוס, מיט זייער זוהן מאריוס זיצענדיג אויף דעם גראז און ביידע קענען קוים דעם אטעם כאפען...

— מיין טהייערער זוהן, — האט דאמיציליא מיט טרערען געזאגט, איהם ארומגענומען און געדריקט צו איהר הארץ.

— ביזטו דאס דער העלד וועמען איך האב צו פערדאנקען מיין קינד'ס לעבען? — האט קלעמענס געזאגט צו אונוס'ן, דריקענדיג זיין האנד.

— לעבען זאל דער יונגער העלד! סאפאס! סאפאס! — האבען זיך גע־הערט קולות פון ארום.

די רוימער האבען אויפגעהויבען אונוס'ן אויף זייערע הענד און מיט שאלען און געשרייען איהם ארויפגעטראגען אויף דעם שפיץ בארג.

— וואו איז מארקוס? — האט דאמיציליא א דערשראקענע געפרעגט ווען זיי זיינען שוין אלע געשטאנען אויפ'ן שפיץ בארג.

— איך האב איהם זיך געהייסען אפשטעלען דא נישט ווייט נעבען א בוים אוןווארטען ביז איך וועל צוריקקומען — האט אונוס געזאגט, און זיי צוגעפיהרט צו יענעם בוים.

מארקוס איז געלעגען אונטער'ן בוים מיט'ן פנים צו דער ערד און געוויינט. דאס פערד האט זיך רוהיג געגעסען דאס גראז.

ווען מארקוס האט דערהערט טריט, האט ער אויפגעהויבען זיין קאפ, און דערזעהענדיג זיין ברודער א לעבעדיגען איז ער באלד אויפגעשפרונגען און איהם געכאפט קושען.

קלעמענס, דאמיציליא און זייערע צוויי זיהן מיט אונוס'ן האבען זיך אריינגעזעצט אין זייער קארעטע, און מיט די בעגלייטונג פון געשרייען און אויסרופען: "סאפאס! סאפאס! עס לעבע דער יונגער בראווער העלד" זיינען זיי אלע אהיים געפאהרען.

אלע פערוואנדטע און גוטע פריינד פון קלעמענס'ן זיינען באלד געקומען אויסצודריקען זייער צופרידענהייט וואס זייער זוהן איז אזוי וואונדערבאר געראטעוועט געווארען פון א זיכערען טויט.

אלע, סיי די סענאטארען און סיי די בעאמטע און אדעליגע האבען אויס־געדריקט גרויס ענטציקונג פאר דעם יונגען אידישען העלד, און האבען איינ־שטימיג בעשלאסען צו געבען דעם אידישען געפאנגענעם די רוימישע בירגער־שאפט.

קלעמענס האט צוליעב דער פאסירונג געמאכט א גרויסע פייערונג און איינ־געלאדען אלע געהויבענע פערזאנען פון רוים צו א גרויסארטיגען מאלצייט.

ווען אלע האבען אנגעגאסען די בעכער פול מיט וויין, האט זיך קלעמענס אוועקגעשטעלט, האט אויפגעהויבען זיין בעכער און געזאגט:

— מיינע פריינד און בירגער פון רוים! איך פיהל זיך העכסט גליקליך און שטאלץ מיט אונזער בראווען יונגען העלד, וועלכער האט זיין לעבען אין געפאהר

געשטעלט און אזוי בראוו און העלדיש געראטעוועט מיין זוהן פון אן אונפערמיידלי־כען טויט... איך וויל אייך יעצט אלעמען מודיע זיין אז פון איצט אן ווערט אונוס פארערכענט אלס מיין אייגענער זוהן, איך אדאפטיר איהם פאר מיין אייגען קינד און זיין נאמען וועט פון היינט אן זיין אונוס פלאוויוס קלעמענס. לאמיר אלע טרינקען פאר דעם געזונט און גליק פון מיין נייעם זוהן.

אלע געסט האבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע פלעצער און אויסגעשריען:

— לאנג לעבען זאל דעם סענאטאר'ס נייער זוהן, אונוס פלאוויוס קלעמענס! זאל ער זיין דער שטאלץ פון רוים! סאפאס! — און האבען אויסגעטרונקען דעם וויין.

— זאל דער נייער בירגער פון רוים ריידען, — האבען אייניגע פון די געסט אויסגערופען.

אונוס האט זיך געפונען אין גרויס פארלעגענהייט; ער איז געווען גליקליך וואס גאט האט איהם צוגעשיקט אזעלכע מענשען ווי קלעמענס און זיין פרוי, וועלכע וועלען מיט דער צייט אליין ווערען אידען. ער איז העכסט צופריעדען צו ווערען זייער זוהן, אבער אט די אלע געסט, וואס האבען נישט קיין באגריף וואס ביי איהם אין הארצען קומט פאר, ווילען יעצט אז ער זאל עפעס זאגען און זאל זיי איבערגעבען זיינע געפיהלען. ווי אזוי וועט ער קענען ריידען וואס עס איז איהם נישט צום הארצען...

דאמיציליא וועלכע האט באלד פארשטאנען זיין פארלעגענהייט איז צו איהם צוגעגאנגען און זיך אפגערופען:

— איך האב זעהר וויכטיגעס צו ריידען מיט דיר, מיין זוהן, קום דו און דיינע צוויי ברידער אריין אין צווייטען צימער וואו איך וועל זיך מיט אייך, מיינע דריי זיהן, דורכריידען...

אונוס, מאריוס און מארקוס האבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע פלע־צער, זיך ענטשולדיגט פאר אלע געסט און אריין מיט זייער מוטער אין א בע־זונדערען צימער.

די געסט האבען דערווייל גערעדט צווישען זיך און שטארק געלויבט דעם יונגען העלד. אייניגע האבען פארגעשלאגען, אז רוים וואלט א סך געוואונען, ווען דער יונגער אונוס זאל ווערען א גענעראל איבער איינע פון די ארמייען. די איבריגע געסט האבען דערצו גלייך איינגעשטימט.

דאמיציליא וועלכע האט זיך אונטערגעהערט וואס די געסט רעדען, האט זיך אפגערופען צו אונוס'ן:

— מיין טהייערער זוהן אונוס, איך פארשטעה אז פיעלע פון די רוימישע בעאמטע וועלען רעקאמענדירען צו דעם קיסר, טיטוס, ער זאל דיר געבען א הויבען אמט... איך ווייס אז דאס איז נישט צו דיין הארצען... שווער וועט זיין פאר דיר צו פיהרען אן ארמיי, וויסענדיג אז דיזעלבע זעלנער האבען פאר־גאסען אזוי פיעל אידישע בלוט... געוועהנליך ביזטו נישט מחויב אנצונעהמען דעם אמט. אבער איין זאך וועל איך דיך בעטען, מיין זוהן, דו זאלסט דיין כעס און שנאה נישט טראגען אויף גאנץ רוים, ווייל אין רוים זיינען אויך דא גוטע מענשען מיט ווייכע הערצער. איך זעה איין אז עס וועט קומען א צייט, און אפשר נאך גאר אין גיכען, ווען די רוימער וועלען פארלאזען זייערע אפגעטער און אננעהמען די אידישע רעליגיאן. איך האב גערעדט מיט פיעלע איידעלע

רוימער און אלע האבען ארויסגעצייגט גרויס סימפאטיע צו דער אידישער אמונה... ביז די גליקליכע צייט וועט קומען, מוזטו זיין געדולדיג, און דערווייל נישט ארויסצייגען דיין ווידערווילען צו רוים... איך גלויב אז ווען דו זאלסט פאלגען מיין עצה, וועלען מיר א סך מעהר קענען העלפען דיינע אומגליקליכע ברידער אין יהודה... מיין מאן האט געשריבען צו זיין קרוב סעיאנוס בורוס, דער פערוואלטער פון א שטאדט אין יהודה, דאס ער זאל גוט בעהאנדלען די אידען פון זיין שטאדט, און ער זאל נישט נאכטהאן די מעשים פון גהעסיוס פלאריוס... און פון אלע בעריכטען וואס מיר קריגען פון איהם צייגט זיך ארויס אז די אידען לעבט זיך דארטען גארנישט שלעכט...

אונוס איז געריהרט געווארען פון דאמיציליא'ס ווערטער.

— איך בין העכסט גליקליך, — האט ער זיך אפגערופען, — צו האבען אזא קלוגע און גוטהערציגע מוטער, איך דאנק גאט, וואס נאכדעם ווי איך האב פארלארען מיינע עלטערען, האט ער מיר גליקליכערווייזע צוגעשיקט אזעלכע עלטערען מיט וועמען איך קען שטאלצירען און וועמען איך קען ליעבען מיט דער זעלבער ליעבע פון א זוהן צו זיינע עלטערען... ליבע מוטער, איך וועל פאלגען דיין קלוגע עצה, איך וועל זעהן באהערשען מיינע געפיהלען... איך וועל אויך קיין רעגירונגס אמט נישט אננעהמען... איך גלויב אויך אז סוף כל סוף וועלען זיך די רוימער ארומזעהן אז די אפגעטער זיינען גארנישט און וועלען מוזען אנערקענען דעם איינציגען גאט פון ישראל, דעם באשעפער פון דער וועלט.

ווען אונוס איז צוריק אריין צו די געסט, האבען זיך אלע גלייך געווענדעט צו איהם, און איהם געפרעגט אויב ער וועט זיך אונטערנעהמען צו פיהרען אן ארמיי געגען איינעם פון רוים'ס שונאים.

אונוס האט זיי אלעמען הערצליך בעדאנקט און זיך אפגערופען:

— דאס איז א גרויסער כבוד פאר מיר, און... ווירקליך, איך האב עס נישט פארדיענט... און א חוץ דעם בין איך נאך יונג און אונערפאהרען אין מלחמה־טאקטיקס און דאריבער וואלט נישט געווען זעהר קלוג פון מיין זייט אנצונעהמען אזא פעראנטווארטליכע שטעלע. ווען איך וועל עלטער ווערען און קריגען מעהר ערפאהרונג, און אויב דאן וועלען נאך מיינע פריינד דענקען אז איך פערדיען אזא הויכען ראנג אין דער רוימישער ארמיי, דאן וועל איך עס מיט צופרידענהייט אננעהמען.

דער ענטפער פון דעם נייעם רוימישען בירגער איז אלעמען געפעלען געווא־רען און פיעלע האבען אויסגעשריען:

— רוים וועט נאך אמאל זיין זעהר שטאלץ אויף דיר, זוהן פון אונזער סענאטאר קלעמענס.

נאך דעם פייערליכען מאלצייט, ווען אלע געסט זיינען זיך צוגאנגע', האט קלעמענס צוגערופען צו זיך אונוס'ן און איהם געזאגט:

— איך האב פאר דיר פרעהליכע נייעס, מיין זוהן.

אונוס האט איהם אנגעקוקט מיט נייגעריגקייט.

— איך האב יעצט ערהאלטען א בריעף פון מיין קרוב, סעיאנוס בורוס פון יהודה. ער שרייבט מיר, אז די אידען פיהלען זיך זעהר צופריעדען אונטער זיין הערשאפט. און אז ער האט צווישען אידען זעהר פיעל פריינד, און אז

איינער פון זיינע בעסטע פריינד וויל שיקען זיינע צוויי קינדער נאך רוים. און ער בעט מיך איך זאל זיי זעהר פיין אויפנעהמען.

— צוויי אידען וועלען אהער קומען פון ארץ ישראל, — האט אונוס געזאגט א פרעהליכער, — איך וועל דאך באלד האבען א לעבעדיגען גרוס פון מיינע ברידער! זאג דאך מיר, פאטער, ווער זיינען דאס די אידען און פון וועלכער שטאדט וועלען זיי קומען?...

— אט וועסטו דורכלייענען דעם בריעף, וועסטו אויסגעפינען אלע איינ־צעלהייטען, — האט קלעמענס געזאגט, דערלאנגענדיג אונוס'ן א פארוויקעל־טען פארמעט.

אונוס האט שנעל אויפגעוויקעלט דעם פארמעט און געלייענט פאלגענדעס:

"מיין ליעבער פלאוויוס קלעמענס. איך בין געווען זעהר צופריעדען צו הערען אז די בעציהונג צו די אידען אין רוים האט זיך פיעל פארבעסערט. איך וויל דיר אויך לאזען וויסען, אז די אידען פון דער שטאדט גמזו, וואו איך הערש, זיינען העכסט גליקליך און צופריעדען. איך האב פארזאגט אלע מיינע בעאמטע צו בעהאנדלען די אידען עהרליך און גוט. זיי זיינען ערלויבט צ. דינען זייער גאט און זיך אויפפיהרען לויט די פאדערונג פון זייער אמונה.

"איך קען דיר מיט שטאלץ דערצעהלען, מיין גוטער פריינד, אז די אידען אין גמזו זיינען אזוי צופריעדען אז פון גרוים דאנקבארקייט האבען פיעלע פון זיי זיך אנגעהויבען אסימילירען מיט אונז, רוימער, פיעלע פון מיינע אידישע פריינד האבען אפילו געטהאן אזוי פיעל און אריינגעבראכט די סטאטוע פון אונזער גאט יופיטער אין זייערע הייזער. זיי זיינען געטרייע און איבערגעבענע בירגער פון רוים... זיי פרעהען זיך אין אונזערע שמחות.

"דעם האלבען שקל קאפ־שטייער צאהלען אלע אידען פינקטליך. עס זיינען גאך פאראן אידען וועלכע ווילען צאהלען מעהרער וויפיעל עס פאדערט זיך.

"איך וויל דיר בעטען, מיין טהייערער קלעמענס, דו זאלסט מיר טהאן א געפעליגקייט. איך האב א גוטען אידישען פריינד אין גמזו מיט'ן נאמען יוליוס ווערנוס. ער איז א זעהר געטרייער און איבערגעבענער רוימישער בירגער. איהם האב איך בעשטימט אלס אויפמאהנער פון דעם האלבען שקל שטייער. ער טהוט זיין ארבייט עהרליך. ער פיהרט זיך אויך אויפ'ן רעכטען רוימישען שטייגער. דא נישט לאנג האט ער ביי זיך אין הויז אריינגעבראכט דעם רוימישען גאט יופיטער. ער האט די סטאטוע בעשטעלט מאכען ביי א גריכישען קינסטלער. זעלטען קען מען אזא סטאטוע טרעפען אפילו צווישען אונזערע איינגענע רוימער... ווען ער האט זיך דערוואוסט אז טיטוס'ס ארמיי האט געזיעגט איבער דעם שונא, האט ער דעם זיעג געפייערט ביי זיך אין הויז מיט גרוים פאראד... און ווען עפעס א צופאל האט געטראפען און פון יופיטער'ס סטאטוע האט זיך עפעס אפ־געבראכען, האט ער מיר פאר דעם געגעבען צוואנציג טויזענד שקלים, איך זאל עס אפשיקען צו דעם טעמפעל יופיטער אלס א פארגעבונג פאר די בעליידיגונג. איך האב דאס געלד אפגעשיקט נאך רוים.

"מיין פריינד יוליוס ווערנוס האט א זוהן מיט א טאכטער און וויל זיי ביידען אוועקשיקען פאר א לענגערע צייט אין רוים, כדי זיי זאלען זיך בעסער בעקענען מיט אונזערע מנהגים און זיטען. זיי זאלען נאכהער וויסען ווי צו זיין בעסערע רוימישע בירגער. אלזא, מיין טהייערער קלעמענס, איך וויל דאס זיי זאלען פארפאהרען צו דיר. און איך בעט דיך, דו זאלסט זיי געבען א זעהר

פיינע און ווארימע אויפנאחמע. און אויב עס איז מעגליך צו קריגען א מיליטע־רישען אמט פאר מיין פריינד׳ס זוהן וועל איך זיין העכסט צופריעדען.
״מיין פריינד׳ס זוהן הייסט מאנילוס, און זיין טאכטער — אקטאוויא.ביידע פאהרען אין גיכען אפ נאך רוים. מאנילוס איז א בראווער יונג, און זיין שוועסטער איז א שעהנע ליעבענסווירדיגע מיידעל, און איך בין זיכער, אז דו וועסט פון ביידען קיין עגמת נפש נישט האבען. און אויב דו וועסט ווען עס איז מיט דיין פאמיליע קומען אהער, צו אונז אין יהודה, וועלען מיר דיר געבען א נעמליכע אויפנאחמע.

״דיין פריינד און קרוב
״סעיאנוס בורוס״.

אונוס׳ס פרעהליכער פנים האט זיך באלד געענדערט, דורכלייענענדיג דעם בריעף. ער איז געווארען אומעטיג... ווי עס ווייזט אויס פון דעם בריעף, פאר־געסען די אידען ביסלעכווייז אן זייער אידישקייט. זיי אסימילירען זיך מיט די רוימער.
קלעמענס האט באלד באמערקט די ענדערונג אין אונוס׳ס פנים. ער האט באלד פארשטאנען די אורזאכע פון זיין אומעט, און האט זיך צו איהם אפ־גערופען:
— טרויער נישט, מיין זוהן, דו קענסט נאך נישט סעיאנוס בורוס׳ן. ווען דו וואלסט איהם געקענט, וואלסטו געוואוסט, אז א גאנצע העלפט פון זיינע בעריכטען איז אומבעגרינדעט און איבערטריבען, און די אנדערע העלפט איז אויך צווייפעלהאפט. איין זאך איז אבער זיכער, אז באלד וועלען מיר האבען געסט פון יהודה, פון וועמען דו וועסט קענען אלץ דערגעהן.
— יא, מיין ליעבער פאטער, — האט ער געזאגט מיט א שמייכעל, — איך בין זעהר נייגעריג צו זעהן מיינע ווייטע ברידער פון יהודה, און צו הערען א לעבעדיגען גרוס פון אלע פארבליבענע אידען.

## פערצענטער קאפיטעל

# אויף דעם וועג נאך רוים

וואס נעהענטער די צייט איז געקומען פאר מאנילוס׳ן אפצופאהרען נאך רוים, אלץ גליקליכער האט ער זיך געפיהלט. באלד ווערען זיינע חלומות פאר־ווירקליכט...
לעצטע טעג פלעגט ער פארברייננגען ביי סעיאנוס בורוס׳ן אין פאלאץ. דארטען האט ער בעאבאכטעט אלע מנהגים און רוימישע מאניערען... סעיאנוס האט איהם געלערנט ווי זיך אויפצופיהרען אין רוים.
— מיין קרוב, פלאוויוס קלעמענס איז זעהר א וויכטיגע פערזענליכקייט אין רוים — האט סעיאנוס בורוס געזאגט צו מאנילוס׳ן, — א חוץ דעם וואס ער איז א סענאטאר איז ער אויך פון די קייזערליכע פאמיליע. ער און זיין פרוי זיינען זעהר גוטע מענשען. איך האב איהם געשריבען פון דיר און דיין שוועסטער, און ווען איהר ביידע וועט אהין קומען, וועט ער אייך זעהר פיין אויפנעהמען. איך האב איהם אנגעבאטען ער זאל זיך פאר דיר משתדל זיין

צו קריגען א מיליטערישען אמט, און איך בין זיכער, אז גאר אין גיכען וועסטו זעהן א רוימישער אפיציר...

— איך ווייס דיר נישט מיט וואס אפצודאנקען, מיין האר, — האט מאנילוס איהם געזאגט, — איך וועל קיינמאל נישט פארגעסען דיין גרויס גנאד וואס דו טהוסט מיט מיר.

— איין זאך וועל איך דיר בעטען, — האט זיך סעיאנוס אפגערופען, — ווען דו וועסט קומען אין רוים צו קלעמענס'ן און ווען ער וועט דיר פרעגען ווי איך בעהאנדעל דיינע ברידער, די אידען, זאלסטו איהם דערצעהלען אז אלע אידען פון גמזו זיינען העכסט צופריעדען און גליקליך... דו וועסט זיך וואונדערען, ווען איך וועל דיר זאגען אז סענאטאר קלעמענס איז זעהר א גוטער פריינד פון די אידען. אין יעדען בריעף וואס ער שרייבט מיר, בעט ער מיך איך זאל זעהן גוט צו בעהאנדלען די אידען. איך זאל זיי לאזען אונגעשטערט דיענען זייער גאט... ער שרייבט מיר אז אין רוים האט ער פיעלע גוטע אידישע פריינד, זיי זיינען אלע געלערנטע און קלוגע. א חוץ דעם שרייבט ער מיר, אז פיעלע רוימער בעטראכטען די אידישע רעליגיאן פאר די שעהנסטע אין דער וועלט... דאריבער וויל איך אז דו זאלסט איהם דערצעהלען, דאס טראץ דעם וואס די אידען אין גמזו זיינען פריי צו דיענען זייער גאט, ברייענגען זאר כמעט אלע אידישע איינוואהנער אריין אין זייערע הייזער דעם רוימישען אפגאט יופיטער און דיענען צו איהם... איך וויל ער זאל זיך איבערצייגען, אז די אידען אליין פארלאזען זייער גאט מיט'ן גוטען ווילען און פאנגען אן צו אנערקענען דעם רוימישען גאט יופיטער... דערצעהל איהם וועגען יופיטער'ן וואס געפינט זיך ביי דיין פאטער אין הויז... זאל ער זעהן אז פאר די רוימער לוינט זיך נישט אומבייטען דעם שטארקען גאט יופיטער אויף אן אנדערען... האט דען יופיטער נישט געהאלפען די רוימער אין אלע זייערע מלחמות?... און זיינען די אידען נישט אונטערטהעניג צו רוים?...

מאנילוס האט פארשפראכען סעיאנוס'ן דאס ער וועט שוין זעהן אפצושוואכען דעם איינדרוק אין רוים אז די אידישע רעליגיאן איז פיעל בעסער פאר די רוימישע...

— דו ווייסט דאך אז מיר זיינען געבארענע אידען, — האט ער איהם געזאגט, — פון דעסטוועגען געפעלט אונז בעסער די רוימישע געטער און זייערע מנהגים. אונזער פאטער האט אונז ערצויגען נאך פון קינדערוייז אין רוימישען גייסט. איין זאך איז מיר שווער צו פערשטעהען, וואס מיין שוועסטער, אקטאוויא, כאטש זי האט געקראגען דיזעלבע ערציהונג וואס איך, פונדעסטוועגען איז זי נאך אלץ איבערגעגעבען צו אידישקייט... און וואס איך און מיין פאטער האבען געטהאן אויסצוואווארצלען פון איהר די "נארישקייט" איז זי דאך געבליבען דיזעלבע אידישקע... דערפאר טאקע האבען מיר בעשלאסען דאס זי מוז פאהרען נאך רוים; ווען זי וועט דארטען זיין א קורצע צייט, וועט זי אין גאנצען אן אנדערע ווערען...

— זאל זי נאר דארטען קומען, — האט סעיאנוס בורוס געלאכט, — א רוימישער פרינץ וועט זיך אין איהר פארליעבען. זי איז דאך אזא זעלטענע שעהנהייט! און דאן וועסטו שוין אפילו זיין ביי איהר צופיעל איב..

— איך וועל זיין צופריעדען, — האט מאנילוס געשמייכעלט, — דאס אויב זי וועט חתונה האבען מיט א רוימישען אפיצער...

— פארוואס נישט קיין פרינץ? — איז סעיאנוס געווארען עטוואס סאר־קאסטיש, —האט דען טיטוס, דער יעצטיגער רוימישער קיסר, זיך נישט פערליעבט אין בערעניקא, די אידישע פרינצעסין?
— איך וואלט אבער נישט וועלען אז מיין שוועסטער זאל האבען אזא סוף ווי בערעניקא... ווי איך פארשטעה, האט איהר טיטוס פאריאגט פון זיך, נאכדעם ווי ער איז ארויפגעשטיגען אויפ'ן טראהן.
— וואס דען מיינסטו? — האט איהם סעיאנוס האסטיג געענטפערט, — אז דער רוימישער קיסר וועט הייראטהען מיט א אידישע מיידעל?... מיר, רוימער, קענען זיך נאר ליעבען אין אידישע מיידלעך, אבער התונה האבען מיט זיי זאלען די אידען.
— אבער מיין הער, אונז וועסטו דאך נישט פאררעכענען אלס אידען... מיר זיינען דאך איבערגעגעבענע רוימישע בירגער...
— נו, יא, ווען איך זאג אידען, מיין איך נישט אזעלכע ווי דיין פא־מיליע... איך זעה דאך דאס אייער אלעמענס וואונש איז צו ווערען גוטע רוימער... באטש דיין שוועסטער האנדעלט גאר ניט ווי קיין רוימערין; איך האב איהר דא נישט לאנג געוואלט געבען א קוש, האט זי מיר גאר אפ־געשטויסען... ווען זי וואלט נישט געווען אזוי צוציהענד און שעהן, וואלט איך זיך מיט איהר שוין אפגערעכענט... ווי אזוי אבער קען מען ווערען אין כעס אויף אזא זעלטענע שעהנהייט... איך האף אבער אז ווען זי וועט פארברייננגען אין רוים א לענגערע צייט, וועט זי געווים פערליערען איהר אידישע צניעות.
— נישט אזוי גרינג איז אונז אנגעקומען איהר איבערצורעדען צו פאהרען נאך רוים. זי האט זיך איינגע'עקשן'ט און בשום אופן נישט געוואלט פאהרען... איך האב זיך מיט איהר גערייצט און געזאגט, אז מסתמא וויל זי התונה האבען מיט איינעם פון די ישיבה לייט פון יבנה... מיר האבען איהר ערקלעהרט אז אין רוים וועט זי זיך קענען בילדען, זי וועט זעהן פערשידענע וואונדערליכע זאכען און קוים, קוים האט אונז געלונגען איהר איינצורעדען. זי האט געזאגט אבער, דאס זי וועט פאהרען מיט דעם באדינג, דאס אויב איהר וועט דארט נישט גע־פעלען זאל איך מיט איהר גלייך צוריקפאהרען אהיים... ווען איך האב דאס איהר פערשפראכען, דאן האט זי איינגעשטימט צו פאהרען.
— איך בין זיכער אז זי וועט שוין קיינמאל נישט וועלען זיך צוריק־קעהרען אין יהודה, — האט סעיאנוס געזאגט, — דו ווייסט, דער רוח זאל עס נעהמען, מיר אליין בענקט זיך שטארק נאך רוים... איך לאנגווייליג זיך דא, אין גמזו, אוי בענק איך נאך דעם אמפי־טעאטער, וואו די גלאדיאטארען פלע־גען קעמפפען מיט די ווילדע חיות. איך בענק זעהר שטארק נאך די רייט־וועגען־געיעג און נאך אנדערע פערשידענע שפיעלערייען און ספארטען... דו זאלסט טאקע זאגען קלעמענס'ן אז איך פיהל זיך דא זעהר אומעטיג, און זאל ער זעהן ווירקען ביי טיטוס'ן צו בעשטימען א צווייטען אויף מיין פלאץ און מיך צוריקרופען נאך רוים... איך בין זיכער, אז לויט מיינע פערדיענסטען ביז איך ווערטה צו קריגען א הויכע רעגירונגס־שטעלע אין רוים גופא.
— האסטו וועגען דעם גארנישט דערמאהנט אין דיינע בריעף צו קלע־מענס'ן? — האט איהם מאנילוס געפרעגט.
— פארשטעהסטו מיך, איך האב אין די בריעף נישט געוואלט דערמאהנען אזא זאך, ווייל זיי קענען נאך מיר דארטען מיספערשטעהן. זיי וועלען מיינען

אז איך בין נישט צופריעדען מיט מיין אמט אין גמזו... און דו זאלסט איהם אויך נישט זאגען אויסדריקליך, נור זאלסט איהם אנווינקען אז מיר האט זיך פארבענקט אהיים...

סעיאנוס האט אנגעגאסען צוויי בעכער וויין און זיך אפגערופען צו מאַנילוס'ן:

— לאמיר טרינקען פאר די שעהנע, לוסטיגע שטאדט רוים! לאמיר טרינקען פאר די רוימישע שעהנע פרויען.

ביידע האבען אויסגעטרונקען און סעיאנוס האט נאך אמאל אנגעפילט די בעכער.

— יעצט לאמיר טרינקען פאר דיין שעהנע שוועסטער אקטאוויא, — האט ער געזאגט, אויפהויבענדיג זיין בעכער, — איך מוז נאך א קוש טהאן איהרע שעהנע ליפען איידער זי פאהרט אוועק... נו, וואס זאגסטו? איך האב אפשר נישט פארדיענט ביי אייך אז אקטאוויא זאל זיך לאזען א קוש טהאן פון מיר... דיין פאטער איז דאך רייך געווארען נאר דורך מיר... איך האב געקראגען פיעל מעהר גרעסערע געלד־אנבאטען פאר דעם זכות אויפצומאהנען דעם האל־בען שקל קאפ־שטייער, אבער איך האב אלע אנבאטען צוריקגעוויזען, און א חוץ דעם, האב איך נאך פיעלע טובות געטהאן פאר דיין פאמיליע און צום סוף ווען איך וויל נאר איין קוש טהאן דיין שוועסטער, שטויסט זי מיר גאר אפ... אט אזוי בעצאהלט זי מיר פאר אלעם וואס איך האב פאר איהר פא־מיליע געטהאן...

— א, מיין האר, דו מוזט איהר דאך מוחל זיין, — האט זיך מאנילוס פארענטפערט... — זי איז דאך אזוי יונג און אומשולדיג און זי ווייס גארנישט ווי צו האנדלען אין אזעלכע פאלען... זי איז צו נאאיוו... איך גלויב אז ווען זי וועט זיך צוריקקעהרען פון רוים וועט זי וויסען בעסער ווי אפצושאצען א קוש פון א רוימישען הויכען בעאמטען...

— הער זיך איין מאנילוס, — האט זיך סעיאנוס אפגערופען, האלב אין שפאס און האלב אין ערנסט, — איך האב ביי זיך בעשלאסען אז איך מוז איהר א קוש טהאן איידער זי פאהרט אפ נאך רוים... ביי מיר איז עס אפשר מעהר נישט ווי א קאפריז אדער עקשנות, אבער איך פיהל אז איך מוז עס טהאן... און דו מוזט זעהן אז איך זאל נישט האבען דעם זעלבען פסק ווי אין מיין לעצטען פערזוך... רייד איהר איין, אז דאס איז אזא מין געזעגעניש אויפ'ן רוימישען שטייגער... איך פערזיכער דיר אז מעהר ווי איין קוש וועל איך איהר נישט געבען...

מאנילוס האט געלאכט: איך וועל שוין זעהן דאס דו זאלסט קריגען דיינס, ווען דו וועסט קומען צו אונזער פעראבשיעד'ס מאלציים.

— ווען וועט עס פארקומען? — האט סעיאנוס בורוס איהם געפרעגט.

— דעם אבענד איידער מיר פאהרען ארויס.

— איך וועל אייך ביידען אריינרופען אין א באזונדער צימער און איך איבערגעבען די פאקעטען פאר קלעמענס'ן, דערווייל זאלסטו געפינען א תירוץ און זיך ארויסרוקען פון צימער אויף א רגע, און דאן וועל איך א קוש טהאן איהרע

שעהנע רויטע ליפּעלעך... — האָט זיך סעיאַנוס אזש באַלעקט, — דו הערסט? נאָר איין גוטען קוש...

— גוט, — האָט מאַנילוס געשמייכעלט, — איך וועל אזוי טהאָן.

— אַך, אַך, ווען נישט מיין ארורה אין רוים, וואָלט שוין דיין שעהנע שוועסטער געווען יעצט מיינע, — האָט סעיאַנוס געזאָגט האַלב שיכור, — דער רוח זאָל מיר נעהמען! צו וואָס האָב איך גאָר גערארפט התונה האָבען מיט אזא העסליכען שד ווי מיין מעסעלינא... ווען זי וואָלט נישט געווען די טאָכטער פון א הויכע פּערזענליכקייט אין רוים, וואָלט איך איהר שוין לאַנג פער'סמ'ט, אָדער ארייננעוואָרפען אין דעם טיבער... ווי מיאוס זי איז, אזוי שלעכט איז זי. מיין מעסעלינא האָט מיר איינמאָל געזעהען ריידענדיג מיט א שעהנע רוימישע פרוי, איז זי ווי א ווילדע קאַץ אויף יענער פרוי ארויפגעפאַלען און איהר צוגראַבעלט דאָס פּנים ביז בלוט... און ווען איך האָב זיך ארייננעמישט און איהר געוואָלט אָפּהאַלטען, האָט זי מיר שיעור די אויגען אויסגעדראַפּעט... אוי, מעסעלינא! ווען איך קריג זי יעצט אַט דאָ... — האָט סעיאַנוס געקלאַפּט מיט זיין פויסט אין טיש, — איך וואָלט איהר דאָך אויף שטיקער צוריסען! איהר גלייך וואָס זי שטאַמט פון א שעהנע משפחה. איהרע ברידער האַלטען אָן הויכע עמטער אין דער רוימישער רעגירונג. איינער איז א גענעראַל פון אן ארמיי און ער געפינט זיך יעצט אין בריטאַן; א צווייטער איז א פּרייטאָר (שופט); א דריטער איז דעם קיסר'ס לייב־וועכטער... דו הערסט, מאַנילוס, דו זאָלסט זיין זעהר פאָרזיכטיג און זיך נישט ארויסריידען אז איך פאַרברייננ דאָ מיט שעהנע פרויען, ווארום ווען מיין מרשעת זאָל עס דערהערען, וועט זי גלייך קומען אהער און וועט פון מיר מאַכען א באַרג אַש...

— מיין האַר, — האָט מאַנילוס געזאָגט, — ווי אזוי וועל איך ארויסגעבען דיינע סודות, דו ווייסט דאָך וואָס פאַר א גוטער פריינד איך בין דיר, איך וועל דאַרטען זעהן אז קיין שום פלעק זאָל אויף דיין נאָמען נישט פאַלען.

— איך ווייס, מאַנילוס, אז איך קען זיך אויף דיר פאַרלאָזען. אַה, ווען איך קען נאָר פּטור ווערען פון מיין ארורה... דער רוח זאָל איהר נעהמען! וואָלט זי נישט געווען אזא מיאוסקייט קען זיין, אז אימיצער אנדערש וואָלט זיך אין איהר פערליעבט און זיי ביידע וואָלטען ערגעץ וואו אנטלאָפען געוואָרען, און איך וואָלט געקענט פריי אָטעמען... אָבער מיט א פּנים ווי מיין מעסעלינא בעזיצט, האָב איך שוין קיין האָפנונג ווען עס איז פּטור צו ווערען פון איהר, סיידען זי זאָל געטראָפען ווערען פון א בליץ אָדער א שלאַנג זאָל איהר א ביס טהאָן! אָבער ניין, מיין פריינד, איך האָב דערצו קיין מזל נישט!... זי איז געזונט און שטאַרק ווי אן אייזען!... און ווייסטו וואָס, איך וועל דיר דערצעהלען, מאַנילוס, אז ווי שטאַרק איך בענק נאָך דער פרעהליך־לוסטיגער שטאָדט רוים, ווען אָבער איך דערמאָהן זיך, אז אין דער זעלבער שטאָדט געפינט זיך אויך מיין "טהייערע" מעסעלינא, געהט מיר אָפּ דער חשק אַהין צוריקצופאָהרען. וואָס טויג מיר די רוימישע שעהנע טענצערינס, ווען מיין מרשעת איז ביי מיין זייט. וואָס טויגען מיר אַלע שפּיעלערייען און פאַרוויילונגען, ווען מעסעלינא שלעפּט זיך נאָך אומעטום, וואו איך געה און וואו איך שטעה...

מאַנילוס האָט איהם אַנגעקוקט ערשטוינט; ער האָט נאָך קיינמאָל איהם נישט געזעהען אין אזא לעבערליכען צושטאַנד. דער מעכטיגער און בייזער

סעיאנוס קוקט איהם אויס יעצט צו זיין אזוי הילפלאז, אזוי פערצווייפעלט, אז א רחמנות האט זיך אין מאנילוס'ן ערוועקט אויף איהם...

— אויב איך וועל דיר, מיין האר, קענען מיט עטוואס בעהילפיג זיין דארט אין רוים, וועל איך דאס זיכער טהאן, — האט איהם מאנילוס געזאגט.

די איינציגע זאך וואס דו קענסט דארט פאר מיר טהאן איז צו אנטלויפען מיט מיין ווייב ערגעץ־וואו אין א מדבר אדער אויף א פערוואָרפענעם אינזעל, — האט סעיאנוס געלאכט. — אבער אזוי ווי איך וויים דאס איך קען פון דיר אזא טובה נישט ערווארטען, בעט איך דיר, אז דו זאָלסט לכל הפחות זעהן, אז מעסעלינא זאָל זיך נישט דערוויסען פון די פערהוילונגען און שעהנע פרויען מיט וועמען איך פארברייננ דא אין גמזו. ווען דו וועסט איהר דארטען זעהן, זאָג איהר, אז איך "בענק" זעהר שטארק נאך איהר, און איהר נאמען לאז איך קיינמאל פון מיין מויל נישט ארויס... אין דערזעלבער צייט פארגעס נישט צו האלטען דיין אויג אויף איהר, טאמער וועט יופיטער מיר קומען צו הילף און ארייגעבען אימיצען א געדאנק מיט איהר צו אנטלויפען, אדער פיעלייכט וועט אימיצער זיך איבער איהר מרחם זיין און גאר איהר דערוועגען אט אזוי א... (סעיאנוס האט מיט זיינע ביידע הענד געצייגט ווי אזוי ער ווינשט אַמיצער זאָל איהר דערווערגען...)

— ווי גלויבסטו, מיין גוטער פריינד, מאנילוס, — האט ער פלוצים גע־ענדערט זיין טאָן, — ווען מיר זאָל געלינגען פטור צו ווערען פון מיין מעסעלינא, וואָלט ע... כ'מיין, וואָלט דיין שוועסטער, דער רוח זאָל מיר נעהמען, וואס רייד איך דא... נו, יא... זאָג דאך מיר, האט דיין שוועסטער מיר אמאל אפשר דער־מאָהנט, זאָג מיר, וואס האט זי וועגען מיר גערעדט...

מאנילוס איז רויט געוואָרען. ער איז געבליבען אין א גרוים פארלעגענהייט און נישט געוואוסט וואס צו ענטפערען.

— איך זאָג דיר, אז דיין רייצענדע שוועסטער מעסעלינא, איך מיין אק־טאוויא... וואָלט זיך געדארפט שעצען גליקליך מיט אזא מאן ווי איך... דער רוח זאָל מיר נעהמען, ווען איך קען איהר נאר איין גוטען קוש טהאן... געדענק־זשע, דו זאָלסט טהאן ווי איך האב דיר געזאגט, דו רוק זיך ארויס פון צימער, דו ־ערסט... און לאז מיר מיט איהר אליין... מעסעלינא...

סעיאנוס איז אנטשלאָפען געוואָרען מיט דעם בעכער וויין אין האנד, און מאנילוס איז אוועק אהיים...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

**אין יוליוס ווערנוס'ס הויז זיינען אלע געווען פערנומען צוצוגרייטען פער־פירענע זאכען פאר דער רייזע פון מאנילוס און אקטאוויא.**

יוליוס איז געווען צופריעדען וואס איהם איז ענדליך געלונגען איבערצו־רידען זיין טאָכטער צו פאָהרען נאך רוים. ער האט געהאפט דאס צוליעב זיינע קינדער וועט פאר איהם אליין מעגליך זיין צו פאָהרען אהין. לויט ווי סעיאנוס בורוס האט איהם געזאגט, וועט זיין מאנילוס דארטען ווערען א מענש; ער וועט נאָך דארטען ווערען אן אפיציער אין דער רוימישער ארמיי, און זאל ער זיך נאר אויסצייכענען, קען ער נאך דארטען שטייגען. פאר מאנילוס'ן איז דא גאר קיין תכלית ניט, ער געהט ארום פוסט און פאס, ער האט דא קיינע פריינד און האלט זיך נאר אין איין קריגען מיט אקטאוויא'ן... דארטען, אין דער פרעמד, וועלען ביידע זיין מעהר צוגעבונדען איינער צום צווייטען... און פאר אקטאוויא'ן

וועט דאך געווים זיין בעסער זיך צו געפינען אין רוים... ער קען נאך ביז יעצט נישט פארשטעהען פון וואנען עס האט זיך ביי זיין טאכטער גענומען אזא ליעבשאפט צו אידישקייט... ער האט דאך געטהאן אלעס מעגליכעס צו ערציהען זי אין רוימישען גייסט... ער האט געזעהען אז נאך פון קינדהייט אן זאל זי זיך נישט חבר'ן מיט מיידלעך פון פרומע אידישע עלטערן... און דאך איז זי אזוי איבערגעגעבען צו אלעם וואס איז אידיש, אז פיעלע מאל האט זיין פנים געפלאמט פאר בושה ווען זי פלעגט ריידען וועגען דער אידישער רעליגיאן אין געגענווארט פון זיינע רוימישע גוטע פריינד... וויפיעל עגמת נפש האט ער צוליעב איהר געהאט, ווען ער האט אין הויז אריינגעבראכט די סטאטוע יופיטער... קוים מיט צרות האט ער איהר איינגערעדט אז דאס טהוט ער נאר צופרידענצושטעלען זיין פריינד סעיאנוס בורוס, ווייל ער האט איהם איבערגעגעבען דעם געשעפט פון אויפצומאהנען דעם שטייער... בשום אופן האט זי נישט געוואלט העלפען מאנילוס'ן מיט דעם לעמעלע פאר יופיטער'ן... ער האט איהר דערצו געמוזט צווינגען... יעצט אז זי האט ענדליך איינגעשטימט צו פאהרען נאך רוים, וועט זי שוין אן אנדערע ווערען... זי איז דאך אזא בילד שעהנע, וועט זיך מסתמא אין איהר פארליעבען א רייכער רוימישער אדעלמאן, זי וועט דארטען הייראטהען... נאכהער וועט ער זיך קענען צוריקציהען פון זיינע געשעפטען דא, אין גמזו, און ער וועט אפפאהרען נאך רוים צו זיינע קינדער.. רייך איז ער, וועט איהם דארטען אויך גארנישט פעהלען...

פאר איהם לוינט זיך נישט צו פארבלייבען אין יהורה, — האט יוליוס ווערנום בעשלאסען, — פריהער צו שפעטער, וועט אויסברעכען א מרידה געגען די רוימער, עס וועלען פארקומען שלאכטען, און ער קען נאך פארלירען זיין געלד... ער האט געהערט ווי פיעלע אידען ריידען מיט ביטערקייט וועגען רוים... אין זייער הארץ ברענט דאס פייער פון נקמה, זיי ווארטען נאר אויף א געלעגענהייט...

יוליוס האט א ציטער געטהאן, ווען ער האט זיך פארגעשטעלט אז די אידען האבען ווידער מורד געווען אין רוים און זיי איז געלונגען צו פערטרייבען די רוימער... ווען אזא זאך זאל פאסירען, דאן איז ער נישט זיכער מיט זיין לעבען, די קנאים וואלטען זיך מיט איהם אפגערעכענט פאר זיין פריינדשאפט מיט די רוימער, זיי וואלטען געווים ביי איהם צוגענומען זיין גאנצעם רייכטהום און פיעלייכט נאך איהם געטויטעט... ניין, ער טאר דא נישט לאנג פארבלייבען, זאלען נאר זיינע קינדער זיך דארטען גוט איינארדנען, וועט ער באלד אלעס פארקויפען און גלייך צו זיי אוועקפאהרען...

* * *

דעם טאג פאר זיין אבפאהרען האט מאנילוס פארבראכט נעבען כלבא שבוע'ס הויז... גאנץ פריה איז ער אהין אוועק און געווארט אויף רחל'ן. ער האט געוואלט איהר זעהן איידער ער פאהרט אפ... ער האט געוואוסט דאס ער האט ביי איהר נישט שטארק אויסגענומען... יעצט ווייס ער פאר זיכער, אז זי האט איהם געזעהען ווי מערדערליך ער האט געשלאגען עקיבא'ן. זיין אייגענער פאטער האט איהם פערראטען און איבערצייגט רחל'ן אז עקיבא האט אפילו זיין האנד אויף איהם נישט אויפגעהויבען... פונדעסטוועגען איז ער זיכער אז ווען איהם וואלט געלונגען איהר צו זעהן, וואלט זי איהם געווים פערגעבען זיין

ברוטאלישע בעהאנדלונג צום פאסטוך... ער וועט איהר ערקלעהרען דאס ער איז געווען אזוי אויפגערעגט דאס ער האט נישט געוואוסט וואס ער טהוט... ער וועט איהר זאגען, אז ער פאהרט מארגען אפ נאך רוים, און דאס ער איז געקומען זיך געזעגענען מיט איהר... ער וועט איהר אנווינקען וועגען זיין ליעבע צו איהר... זי וועט איהם געווים פארשטעהען...

— רחל, — וועט ער איהר זאגען, — ווען איך וועל זיך אומקעהרען פון רוים וועלען אלע שטאלצירען מיט מיר, און איך בין זיכער, אז אפילו דו וועסט זיין שטאלץ מיט מיר... ער שטעלט זיך פאר ווי זי וועט רויט ווערען, זי וועט ארונטערבויגען איהר שעהנעם קאפ האר און וועט אויף איהם ווארפען א בליק פון איהרע בריליאנטען־אויגען... דאן וועט ער דריקען איהר ווייסע צארטע האנד און איהר זאגען: שלום!... אויף־ווידערזעהן!...

מאנילוס האט געשפאצירט ארום רחל׳ס הויז און יעדע ווייליע האט ער זיין קאפ אויפגעהויבען און געקוקט אויבען אין די פענסטער, פיעלייכט וועט ער דארטען דערזעהן רחל׳ן... אם ווייניגסטענס האט ער געוואלט אנקוקען איהר פנים איידער ער פאהרט אוועק.

* * *

ביי יוליוס׳ן אין הויז זיינען שוין געווען פיעלע רוימישע געסט, וועלכע זיינען איינגעלאדען געווארען צו קומען צום אבשיעדס מאלצייט וואס יוליוס האט געמאכט לכבוד דעם אבפאהרען פון זיינע קינדער.

צווישען די געסט איז אויך געווען סעיאנוס בורוס, דער פערוואלטער פון גמזו.

די טישען זיינען געווען געגרייט. די געסט זיינען געזעסען איטליכער אויף זיין פלאץ און געווארט...

— וואו איז דאס מאנילוס? — האט סעיאנוס בורוס א פרעג געטהאן.

יוליוס ווערנוס איז געווען אזוי פערנומען מיט זיינע געסט, דאס ער האט נישט באמערקט אז מאנילוס איז כמעט דעם גאנצען טאג נישט געווען אין הויז.

— מאנילוס? הא? — האט יוליוס געענטפערט, — אט געה איך איהם גלייך ארייננשיקען.

ער איז אריין אין די איבריגע צימערען און געפרעגט זיינע קנעכט און דיענסטען אויב זיי ווייסען וואו מאנילוס געפינט זיך יעצט.

זיי האבען איהם געענטפערט, דאס זיי האבען איהם דעם גאנצען טאג נישט געזעהען.

יוליוס איז אריין צו זיין טאכטער אין צימער און איהר געפרעגט אויב זי ווייס וואו איהר ברודער איז.

— איך האב מורא אז עפעס האט מיט איהם פאסירט, — האט יוליוס געזאגט א דערשראקענער, ווען אקטאוויא האט געזאגט, דאס זי האט איהם אויך נישט געזעהען דעם גאנצען טאג.

אקטאוויא האט א ווייליע א טראכט געטהאן, און נאכהער האט זי זיך אפגערופען צו איהר פאטער מיט א שמייכעל:

—זיי נישט בעזארגט, פאטער, איך גלויב אז איך ווייס וואו ער איז יעצט... אט וועל איך איהם גלייך געהן רופען.

זי האָט אָנגעטהאָן איהר מאַנטעל און איז אוועק אין דער ריכטונג פון כלבא שבוע׳ס הויז.

פון ווייטען האָט זי דערזעהן איהר ברודער ווי ער געהט ארום הין און צוריק ארום כלבא שבוע׳ס הויז.

— וואָס טהוסטו דאָ, מאַנילוס? — האָט איהם אָקטאוויא איבערראשט, — אלע געסט וואַרטען, און דער פאָטער איז שטאַרק בעזאָרגט וועגען דיר, דעם גאַנצען טאָג האָט מען דיך אין הויז נישט געזעהען...

— מיין ליעבע שוועסטער, — האָט מאַנילוס געזאָגט, און איהר אָנגענומען ביים האַנד, — דו קענסט מיר טהאָן די געפעליגקייט. איך מוז זעהן רחל׳ן איידער מיר פאָהרען אָפּ... איך ווייס דאָס זי האָט קיין גוטע מיינונג וועגען מיר, אָבער איך מוז איהר זעהן... איך וויל זיך מיט איהר געזעגענען, נור איין וואָרט צו איהר זאָגען...

— ווי אַזוי אָבער קען איך דאָס פאַר דיר טהאָן, מאַנילוס, אַז איך אַליין בין ביי איהר אין הויז קיינמאָל נישט געווען.

— אָבער דו ביזט דאָך מיט איהר בעקאַנט, קענסטו דאָך ארויפגעהן זיך צו געזעגענען מיט איהר... און אין דער זעלבער צייט קענסטו איהר זאָגען אַז אויך דיין ברודער וואַרט אונטען און וויל זיך מיט איהר געזעגענען... דאַן בין איך זיכער, אָדער זי וועט דיר בעטען דו זאָלסט מיר ארויפרופען, אָדער זי וועט אַליין ארונטערקומען.

אָקטאוויא האָט אַביסעל געקווייקעלט. עפּעס האָט זי זיך געשעהמט ארויפצוגעהן צו רחל׳ן, נאָכדעם ווי זי האָט געוואוסט וואָס פאַר אַ מיינונג רחל און איהר פאָטער האָבען פון איהר פאַמיליע... אָבער זי האָט געקראָגען מיטלייד אויף איהר ברודער. זי האָט געוואוסט דאָס ער וועט ליידען אויב איהם וועט נישט געלינגען זיך צו זעהן מיט רחל׳ן פאַר׳ן אָבפאָהרען.

— גוט, — האָט אָקטאוויא געזאָגט, — איך וועל צו איהר ארויפגעהן, אָבער זיי נישט ענטטוישט אויב זי וועט זיך מיט דיר נישט וועלען זעהן... איך ווייס אַז רחל איז אויף דיר שטאַרק אין כעס...

— אויב זי וועט עפּעס וועגען מיר דערמאָהנען, בעט איך דיך, מיין ליעבע טהייערע שוועסטער, מיר צו פאַרענטפערען... דו ווייסט דאָך ווי שנעל איך ווער אויפגערעגט... זאָג דאָך איהר אַז פון דער נאַטור בין איך גראָדע אַ גוטער און זעלטען ווען איך רעג זיך אויף...

— זיי רוהיג, מאַנילוס, איך וועל שוין וויסען וואָס צו ריידען וועגען דיר... איך פאַרשטעה דיינע געפיהלען גאַנץ גוט, און איך פאַרזיכער דיר, אַז איך וועל דיר העלפען מיט מיין גאַנצען האַרצען... רחל איז אַ וואונדערבאַרע מיידעל. זי איז נישט נור שעהן נאָר אויך געבילדעט און גוט־הערציג... איך ווייס אָבער, אַז זי איז אין גאַנצען אַנדערש פון דיר, און סיידען דו וועסט זיך ענדערען און וועסט זיך דערווייטערען פון דער רוימישער סביבה און ווערען אַ בעסערער איד, וועט רחל פון דיר גאָרנישט וועלען הערען...

— דאָס רעדסטו ווי אַ קינד, מיין שוועסטער... רחל ווייס אַליין גאַנץ גוט אַז אַלס איד איז קיין האָפנונג ניטאָ עטוואָס העבערעס צו עררייכען... דאָס אידישע פאָלק איז בעזיעגט און האָט קיינע אויסזיכטען ווידער אַמאָל

זעלבסטשטענדיג צו ווערען... רוים אָבער איז די מעכטיגסטע נאַציאָן אויף דער גאַנצער וועלט, און אַלס אַ רוימישער בירגער זיינען אומעטום אָפען פאַר מיר טהיר און טויער... דו וועסט נאָך זעהן, מיין שוועסטער, ווי אַנדערש די שעהנע רחל וועט אויף מיר קוקען ווען איך וועל זיך צוריקקעהרען פון רוים אַלס אַן אָפיציער אָדער אפשר גאַר אַ גענעראַל.

— דו האָסט זעהר אַ רייכע פאַרשטעלונגס קראַפט, — האָט אָקטאַוויאַ געלאַכט צו איהר ברודער, — אָט געה איך אַרויף צו איהר, און דו וואַרט דאַ אונטען...

— שוועסטער, מיין גליק איז יעצט אין דיינע הענד, דו דאַרפסט נאָר וויסען ווי צו האַנדלען, — האָט מאַנילוס איהר נאָכגעשריען ווען זי האָט גע־האַלטען ביים אַרויפגעהן.

אָקטאַוויאַ האָט אָנגעקלאַפּט אין טהיר און רחל'ס קאַמער־מיידעל, פנינה, האָט איהר געעפענט.

— איך וויל זעהן רחל'ן, איז זי אין הויז?

— רחל איז אין הויז, אָבער איך צווייפעל אויב דו וועסט איהר קענען יעצט זעהן, ווייל זי איז נישט געזונד...

— רחל איז נישט געזונד? — האָט אָקטאַוויאַ פאַרוואונדערט געפרעגט, — זייט ווען איז זי קראַנק?

— זי איז נישט געפעהרליך, — האָט פנינה געענטפערט, — אָבער דער דאָקטאָר האָט איהר געהייסען ליגען אין בעט זי זאָל זיך אויסרוהען עטליכע טעג.

— שאַדע, וואָס איך קען איהר נישט זעהן, — האָט אָקטאַוויאַ בעדויערט — איך פאָהר אָפּ מאָרגען נאָך רוים און איך האָב זיך געוואָלט געזעגענען מיט איהר.

— וואַרט דאָ אַ ווײַלע, — האָט פנינה געזאָגט, — איך וועל אַריינגעהן אין איהר צימער און אויב זי שלאָפט נישט, וועל איך איהר וועגען דיר זאָגען.

אָקטאַוויאַ האָט צוגעוואַרט און פנינה איז אַריין אין רחל'ס צימער.

רחל איז געווען אין בעט שוין עטליכע טעג. יענעם פריהמאָרגען האָט זי שוין געוואָלט אַרויס פון בעט, אָבער איהר פאָטער האָט זיך ביי איהר איינגעבע־טען זי זאָל פאַרבלייבען לכל הפחות נאָך אַ טאָג אין בעט. זי איז געלעגען און ווידער געטראַכט פון דעם העלדישען פאַסטוך עקיבאַ... זי ווייס אַז ער וועט נישט זיין איהרער... נחמה איז זיין כלה... דאָס איז זיכער... ער האָט זיך נאָך פאַר איהר משתדל געווען מען זאָל איהר אָנשטעלען ביי איהר פאָטער אין הויז...

אָבער די געדאַנקען אַליין וועגען עקיבאַ'ן מאַכען איהר אַזוי אָנגענעהם, אַז זי קען אַזוי ליגען און טראַכטען און טראַכטען און וועט דעם גאַנצען טאָג נישט מיעד ווערען חלום'ענדיג פון איהר ליעבע צו עקיבאַ'ן.

פנינה איז אויף איהרע שפּיץ־פינגער אַריין אין רחל'ס צימער און ווען זי האָט באַמערקט רחל'ן מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגען, האָט זיך גלייך געוואָלט צוריקציהען.

רחל אָבער האָט איהר באַמערקט און איהר צוגערופען.

— ענטשולדיג מיר, מיין האַרינטע, וואָס איך האָב דיר פון דיין שלאָף געשטערט.

— דו האָסט מיר גאָרנישט געשטערט, — האָט רחל געענטפערט, אוועק־

זעצענדיג זיך אויפ'ן בעט, — איך האב נישט געשלאפען, האסטו מיר געוואלט עטוואס פרעגען?

— יא, מיין הארינטע, — האט פנינה געענטפערט. — יוליוס ווערנוס'ס טאכטער, אקטאוויא, ווארט אין צווייטען צימער, זי פאהרט מארגען אפ נאך רוים, איז זי געקומען זיך געזעגענען מיט דיר...

— שיק איהר גלייך אריין צו מיר אין צימער, — האט רחל געזאגט, — זי איז גאר א וואוילע מיידעל. איך האב פיעלע גוטע זאכען וועגען איהר געהערט. איך בעדויער נאר וואס זי האט אזא ברודער ווי מאנילוס... און איהר [illegible] וויים איך, איז אויך גאנץ ווייט אוועק פון אידישקייט, פונדעסטוועגען האב איך געהערט, אז זי איז געבליבען געטריי צו אידישקייט, טראץ די שלעכטע [illegible] וואס איהר פאטער האט איהר געגעבען. שיק איהר אריין.

פנינה האט אקטאוויא'ן אריינגעפיהרט אין רחל'ס צימער און אליין איז זי ארויסגעגאנגען.

— עס איז זעהר פיין פון דיר, טהייערע אקטאוויא, וואס דו האסט זיך אן מיר נישט פארגעסען און געקומען אבשיעד נעהמען פון מיר, — האט רחל צו איהר געזאגט, — קום, זעץ זיך דא אויפ'ן בעט נעבען מיר.

— איך דאנק דיר, רחל, — האט אקטאוויא ארויסגערעדט, — איך האב געדענקט, אז דו וועסט נישט צופריעדען זיין מיט מיין קומען...

— אה, ניין, אקטאוויא, — האט איהר רחל א קוש געטהאן, — גראדע פארקעהרט, ביי מיר אין די אויגען ביזטו נאך מעהר געשטיגען. איך האב פון דיר פיעלע גוטע זאכען געהערט, איך וויים אז דו ביזט א ריכטיגע טאכטער פון ציון...

— איך האב געהערט אז דו ביזט נישט געזונד, — האט אקטאוויא געזאגט, — וואס פעהלט דיר, ליעבע רחל?

— אט גארנישט, א קלייניגקייט... יעצט בין איך שוין ווידער פאלקאם געזונד. דו פאהרסט, הייסט עס, נאך רוים. איך האף, אז ווען דו וועסט זיך צוריקקעהרען וועסטו בלייבען די זעלבע געטרייע טאכטער פון יהודה, — האט איהר רחל געדריקט די האנד, — דו בעלאנגסט דא צו אונז, אין ארץ ישראל, דיין ברודער אבער בעלאנגט דארטען, צו די רוימער. זעה, ליעבע אקטאוויא, ער זאל דיר ניט בעאיינפלוסען...

— אה, ניין, ליעבע רחל, איך וועל בעסער זעהן איהם צו בעאיינפלוסען איידער ער מיר, — האט אקטאוויא געשמייכעלט, — דו ווייסט, רחל, מיין ברודער ווארט אונטען, ער איז אויך זיך געקומען זעגענען מיט דיר.

— ניין, ניין, — האט רחל אויסגערופען, — דו מוזט מיר ענטשולדיגען, אבער דו מוזט איהם זאגען, אז איך קען איהם נישט זעהן...

אקטאוויא האט זיך צוקושט מיט רחל'ן און איז ארויס פון הויז.

מאנילוס איז גלייך צו איהר צוגעלאפען און געפרעגט:

—נו, וואס האט דיר רחל געזאגט?

— רחל איז נישט געזונד, זי איז אין בעט שוין עטליכע טעג, — האט אקטאוויא איהם געזאגט, — איך אליין האב איהר אויך נישט געקענט זעהן.

מאנילוס איז געווארען ענטטוישט. ער איז געשטאנען אויפ'ן פלאץ און זיינע אויגען נישט אראפגענומען פון רחל'ס פענסטער.

— נו, קום, מיין ברודער, מיר מוזען זיך דאך איילען, די געסטווארטען און סעיאנוס בורוס קען נאך אין כעס ווערען.

— דו ביזט גערעכט, שוועסטער, לאמיר זיך טאקע צואיילען. מיר מוזען זיך זעגענען מיט אונזערע גוטע פריינד, און סעיאנוס בורוס דארף אונז נאך א פאקעט איבערגעבען. איך וועל דיר עפעס זאגען, מיין שוועסטער, — האט זיך מאנילוס אפגערופען, — דו ווייסט אז ביי די רוימער איז א מנהג, אז ווען א גרויסע פערזענליכקייט געזעגענט זיך, דארף מען זיך לאזען א קוש טהאן פון איהם... דאריבער בעט איך דיך, אז ווען סעיאנוס בורוס וועט זיך מיט דיר געזעגענען, זאלסטו ע... איך מיין, ווען ער וועט וועלען טהאן זייער מנהג, זאלסטו זיך נישט מאכען צום נארען און איהם אפשטויסען.

— וואו האסטו געהערט פון אזעלכע "שעהנע" מנהגים? — האט איהם אקטאוויא געפרעגט, — אפשר טאקע פון סעיאנוס בורוס'ן אליין... אויב אזוי, האב איך מורא אז ער וועט זיך מוזען באגעהן אהן דעם מנהג.

— אבער, ליעבע שוועסטער, דו ווייסט דאך אז אוניזער גאנצע צוקונפט איז אין זיינע הענד, און אז ער זאל אויף אונז אין כעס ווערען, דאן...

— נו, לאמיר וועגען דעם איצט נישט ריידען, — האט איהם אקטאוויא געזאגט, ווען זיי זיינען צוגעקומען צו זייער הויז.

— וואו ביזטו דאס געווען דעם גאנצען טאג, — האט יוליוס ווערנוס באגעגענט זיין זוהן.

— איך בין געגאנגען זיך געזעגענען מיט מיינע גוטע פריינד פון גמזו, — האט מאנילוס געענטפערט.

זיי זיינען אלע אריין אין דעם צימער, וואו די געסט זיינען געזעסען.

אלע האבען אנגעפילט די בעכער מיט וויין און אויסגעשריען:

— מיר טרינקען פאר דעם געזונד פון די צוויי צוקינפטיגע יונגע רוימער.

— האט סעיאנוס בורוס זיך אויפגעשטעלט און אין זיך אריינגעגאסען דעם גרויסען בעכער וויין.

אלע האבען זיך אויפגעשטעלט און איהם נאכגעטהאן.

דער מאלצייט האט זיך אנגעפאנגען. די דיענסטען און די קנעכט זיינען געווען פארנומען דערלאנגענדיג צום טיש. יוליוס האט דערלאנגט דעם שטארקסטען און בעסטען וויין און די געסט האבען אין זיך געגאסען איין בעכער נאכ'ן צווייטען . . .

פלוצלינג האט זיך סעיאנוס בורוס אויפגעשטעלט פון זיין פלאץ און זיך אפגערופען:

— איך דארף די רייזענדע איבערגעבען א געהיימען פאקעט פאר די רוימישע רעגירונג, קום מאנילוס און אויך דו אקטאוויא אריין אין א צווייטען צימער און דארטען וועל איך אייך עס איבערגעבען און וועגען דעם מיט אייך ביידען ריידען.

אקטאוויא און מאנילוס זיינען נאכגעגאנגען סעיאנוס'ן אין א צווייטען צימער.

— אט דעם פאקעט זאלט איהר איבערגעבען מיין קרוב, דעם סענאטאר קלעמענס, — האט סעיאנוס בורוס געזאגט, דערלאנגענדיג זיי דעם פאקעט. — אה, יא, נאך א קלענערען פאקעט פאר דאמיציליא, קלעמענ'ס פרוי. האב איך

געלאַזען אויף מיין שטוהל אין דעם גאַסט־צימער, געה דאָך מאַנילום און ברייננ עס מיר אריין, איך וויל עס איבערגעבען אָקטאַוויא׳ן.

מאַנילום איז ארויס פון צימער און סעיאַנוס בורוס איז געבליבען אליין מיט אָקטאַוויא׳ן...

ער בעטראַכט איהר — — זי איז דאָך אַזוי שעהן, אַזוי רייצענד, — — איהרע ליפּען — — ווי ליעבליך רויט זיי זיינען, נאַר איין געשמאַקען קוש — — מאַנילום האָט איהר שוין מסתמא דערצו צוגעגרייט.

— איך וויל דיר ווינשען א גליקליכע רייזע, — האָט סעיאַנוס בורוס זיך אָפּגערופען, אָננעהמענדיג אָקטאַוויא׳ן און וועלענדיג איהר א קוש טהאָן.

א הילכיגער פּאַטש האָט זיך אָפּגעקלונגען אין צימער.

סעיאַנוס בורוס איז א ווײַלע געבליבען שטעהן מיט זיין האַנד אויף זיין רעכטע באַק, וואָס איז פּלוצלינג רויט און געשוואָלען געוואָרען...

— אָה, דו שעהנער טייוועל! — האָט ער צו איהר געזאָגט מיט א שמייכעל, — איך מוז נאָר איין קוש טהאָן דיינע שעהנינקע רויטינקע ליפּעלעך... דוכט זיך אַזאַ צאַרטע הענטעלע און קען אַזוי שטאַרק פּאַטשען...

ער האָט זיך ווידער דערנעהענטערט צו איהר און געפּרובירט נאָך אַמאָל איהר אַרומנעהמען.

אָקטאַוויא איז עטוואָס צוריקגעטראָטען און אַראָפּגעלאָזט סעיאַנוס׳ן א פייערדיגען פּאַטש אויף דער צווייטער באַק, אַז דער האַלב־שכור׳ער סעיאַנוס איז אומגעפאַלען צום באָדען.

מאַנילום האָט דערהערט דעם קלאַפּ און ער איז אריינגעלאָפען אין צימער. ווי דערשראָקען איז ער געוואָרען ווען ער האָט דערזעהן סעיאַנוס׳ן ליגענדיג אויף דער ערד, האַלטענדיגביידע הענד אויף זיינעביידע רויט־געוואָרענע באַקען.

— וואָס האָסטו געטהאָן, מיין שוועסטער? — האָט מאַנילום זיך אָפּגע־רופען א בלאַסער.

— איך האָב איהם געציינט מיין "מנהג" זיך צו געזעגענען מיט אַזעלכע וועלכע האַלטען פון דעם "רוימישען מנהג", — האָט אָקטאַוויא קאַלט־בלוטיג געענטפערט.

מאַנילום האָט געהאָלפען סעיאַנוס׳ן זיך אויפצושטעלען און מיט שרעק זיך ביי איהם געבעטען:

— פאַרגיב דאָך איהר, מיין האַר... זי האָט זיך וואהרשיינליך פאַרלאָרען.

סעיאַנוס האָט זיך אויסגעגלייכט. ער האָט א טאַפּ געטהאָן זיינע געשוואָלענע באַקען, אָפּגעווישט די ליפּען און זיך אָפּגערופען:

—עס איז גאָרנישט, קיינער דאַרף דערפון נישט וויסען. מיר מוזען גלייך צוריקגעהן צום טיש... מיר וועלען צוזאַמען טרינקען ווי גאָרנישט האָט פּאַ־סירט... פערשטעהסטו מיר, איך וויל דאָך נישט צו שאַנדע זיין פאַר מיינע פריינד...

סעיאַנוס בורוס האָט זיך צוריקגעקעהרט צו זיין פּלאַץ און אָנגעפילט זיין בעכער מיט וויין, האָט ער אויסגערופען:

— פאַר׳ן געזונד פון רוימישען קיסר, טיטוס, און ווידער אריינגעקעהרט אין זיך עטליכע בעכער וויין...

אויף מארגען איז יוליוס ארויסגעפאהרען צו בעגלייטען זיינע קינדער ביז צו דער שיף.

זיי זיינען צוגעפאהרען צו דער האפען־שטאדט יפו. יוליוס האט זיך געזעגענט מיט מאנילוס און אקטאוויא׳ן און זיך מיט זיי צוקושט און נאך אמאל זיי אנגעזאגט, דאס זיי זאלען זיך נישט קריגען אויפ׳ן וועג.

אקטאוויא און מאנילוס האבען זיך געזעצט אויף א רוימישער שיף וואס איז אפגעפאהרען נאך רוים.

פופצעהנטער קאפיטעל

# דער וואולקאן אויסברוך

עס איז געווען אין אנפאנג פון חודש תמוז, ווען מאנילוס און אקטאוויא האבען פארלאזען דעם יפו׳ער האפען. די רוימישע שיף האט לאנגזאם גע־שוואומען איבער דעם מיטעל־לענדישען ים. די האלב נאקעטע שקלאפען, וועלכע זיינען געווען צוגעבונדען מיט קייטען צום באדען פון שיף, האבען פלייסיג געארבייט מיט די רודערס. קענטיג דאס זיי זיינען געווען אויסגערוהט און האבען אין דער צייט וואס די שיף איז געשטאנען אין יפו׳ער האפען, אנגעזאמעלט אלע זייערע קרעפטען.

אין שיף זיינען געווען פערשידענע מענשען: סוחרים, רוימישע בעאמטע, גריכישע געלערנטע, מאטראזען, דער קאפיטאן און זיין געהילף.

דער ים איז געווען רוהיג און שטיל... און די שיף׳ס פאסאזשירען זיינען געווען פרעהליך און מונטער געשטימט.

אקטאוויא האט אלעמען בעצויבערט מיט איהר שעהנקייט און יעדער איינ־ציגער האט געזוכט א געלעגענהייט מיט איהר צו פארברייננגען אדער ריידען. דער קאפיטאן אבער האט אלעמען אנגעזאגט, אז אקטאוויא מיט איהר ברודער פיהרען פארזיגעלטע פאקעטען פאר דער רוימישער רעגירונג און קיינער האט קיין רעכט נישט מיט איהר זיך אנצופאנגען... ווער עס וועט זיך צו איהר טשע־פענען וועט באשולדיגט ווערען אין פערראטה.

אקטאוויא איז דאריבער געווארען די קעניגין פון שיף. אלע האבען איהר געעהרט און איהר ווארט איז געווען הייליג.

— דו ווייסט, — האט זיך איין רוימישער בעאמטער אבגערופען צום צוויי־טען, — איך גלויב אז דאס פאהרט זי צו טיטוס׳ן; זיין ערשטע געליעבטע בערעניקא, האט ער פון זיך פארטריבען כדי ער זאל קענען האבען א שעהנערע פון איהר... איך אליין האב געזעהען בערעניקא׳ן, און כאטש זי איז אויך געווען א זעלטענע שענהייט, קומט זי דאך אבער נישט צו אקטאוויא׳ן...

— דאס קען נישט זיין, — האט איהם דער צווייטער געענטפערט, — איך ווייס, אז טיטוס האט נישט אויפגעגעבען בערעניקא׳ן מיט זיין גוטען ווילען. ער האט איהר נאך יעצט אויך ליעב, נור דאס האט ער געטהאן, ווייל עס האט נישט געפאסט אז דער צוקינפטיגער רוימישער קיסר זאל הייראטען מיט א אידי־

שע מיידעל, טו ווי שיקט זיך דאס יעצט, דאס ער זאל זיך ליעבען אין א צווייטער אידישער מיידעל...

— פריהער, איידער ער איז געווארען קיסר, האט ער עס אפשר נישט גע־וואלט טהאן צוליעב זיין פאטער, וועספאסיאנוס, יעצט אבער ווען ער אליין איז קיסר, דארף ער קיינעם'ס הסכמה דערצו נישט...

— פון וואנען דרינגסטו אבער דאס זי פאהרט צו טיטוס'ן ? — האט דער צווייטער בעאמטער געפרעגט.

— אויב זי פאהרט נישט צו טיטוס'ן, טו פארוואס האט דער קאפיטאן אזוי שטרענג פארבאטען זיך מיט איהר נישט אנצופאנגען... אפילו ער אליין האלט זיך פון איהר פון דער ווייטען... און די וועלכע קענען דעם קאפיטאן פארשטעהען וואס פאר א גרויסען קרבן ער ברייננגט... אזא זעלטענע שעהנע יונגע מיידעל געפינט זיך אויף זיין שיף און ער קען אפילו מיט איהר נישט פאר־ברייננגען... ווען ער זאל וויסען, דאס זי פאהרט נישט צו טיטוס'ן, קען איך דיר פארזיכערען, אז דער קאפיטאן וואלט זיך ערלויבט מעהר פרייהייטען מיט איהר...

— און איך האב געהערט אז סעיאנוס בורוס, דער פערוואלטער פון דער שטאדט גמזו, האט פארזאגט דעם קאפיטאן דאס ער זאל זעהן אז קיין שלעכטס זאל איהר נישט געשעהן... איך האב אויך אויסגעפונען אז דער פארזיגעלטער פאקעט וואס זי פיהרט איז שוין דוקא נישט פאר טיטוס'ן, נאר פאר א גרויסע פערזענליכקייט, דוכט זיך מיר, א סענאטאר...

— איך וועט זיך מיט דיר אויף פינף הונדערט סעסטערציום, אז אקטאוויא פאהרט צו טיטוס'ן, — האט דער ערשטער רוימישער בעאמטער געזאגט.

— גוט, איך וועט זיך מיט דיר, — האט דער צווייטער געענטפערט, — מיר וועלען עס טאקע דא אויף'ן שיף קענען אויסגעפינען.

— ווי וועלען מיר עס קענען אויסגעפינען דא אויפ'ן שיף ? — האט דער ערשטער געפרעגט.

— גאר פשוט. מיר וועלען אנשכור'ן איהר ברודער, מאנילוס, און פון איהם וועלען מיר אלעס דערגעהן.

— ווי אזוי וועסטו איהם קענען אנשכור'ן אז ער טרעט אויף א מינוט נישט אפ פון זיין שוועסטער ?...

— לאז דאס איבער צו מיר, איך וועל שוין וויסען וואס צו טהאן, — האט דער ערשטער מיט זיכערהייט געזאגט.

* * *

מאנילוס האט יעצט, מעהר ווי אימער געשטאלצירט מיט זיין שוועסטער... ער האט באמערקט ווי אלעמענס אויגען זיינען געווענדעט אויף איהר און מיט וואס פאר א דרך ארץ און כבוד אלע ריידען פון איהר... צוליעב אקטאוויא'ן איז ער אויך געשטיגען ביי אלעמען אין די אויגען, יעדער איינער האט געזוכט א געלעגענהייט צו פארפיהרען א געשפרעך מיט איהם...

מאנילוס אבער האט זיי אויסגעמיטען. ער האט פאר זיי נישט געוואלט דערצעהלען זיין ציעל פון דער רייזע... זאלען זיי מיינען אז ער האט א זעהר וויכטיגע שליחות דורכצופיהרען...

זינט אקטאוויא האט אזוי בראוו און אונערשראקען געפאטשט סעיאנוס בורוס'ן, וועלכער האט איהר נאר געוואלט א קוש טהאן, האט מאנילוס גע־

**פראגנע פאר איהר גרוים דרך ארץ.** איהם האט נאר געוואונדערט ווי אזוי סעיאנוס בורוס האט דאס אזוי גרינג אראפגעשלונגען...

נאך אלעמען, — האט ער זיך געטראכט, — איז אפילו דער בייזער און מעכטיגער סעיאנוס א שוועכלינג געגען א שעהנער פרוי.

מאנילוס האט זיך פלוצים פאנאנדערגעלאכט ווען ער האט זיך דערמאנט ווי רויט און געשוואלען סעיאנוס'ס באקען זיינען געווארען נאך דעם וואס אקטאוויא האט איהם אנגעפאטשט.

אקטאוויא האט באמערקט איהר ברודער'ס געלעכטער און איהם געפרעגט פארוואס ער האט זיך פלוצים פאנאנדערגעלאכט...

— איך האב זיך נאר וואס דערמאהנט ווי דו האסט זיך געזעגענט מיט סעיאנוס בורוס'ן, — האט מאנילוס געענטפערט. — אי, זיינען דאס געווען פייערדיגע פעטש!... זאג דאך, וואס האט סעיאנוס דיר געוואלט טהאן, אז ער האט ביי דיר פערדיענט אזעלכע פעטש?

— דו, מיין ברודער, מאכסט זיך גארנישט וויסענדיג, — האט אקטאוויא געענטפערט, — איך וויים אבער אז דער נידערטרעכטיגער סעיאנוס האט געהאט מיט דיר פריהער אפגעמאכט וועגען דעם.

— ווי קום איך, מיין טהייערע שוועסטער, טהאן אזא זאך, — האט זיך מאנילוס פארענטפערט, — ווייסטו דען נישט אז איך אליין וואלט דערצו נישט דערלאזען... וואס הייסט, ער זאל וועלען בעליידיגען מיין שוועסטער... אבער פונדעסטוועגען וואונדערט מיך אויף דיר ווי אזוי דו האסט געקראגען אזוי פיעל מוטה צו פאטשען דעם הויפט פערוואלטער פון אונזער שטאדט גמזו. ער וואלט דאר דיר געקענט צום טויט שלאגען... איך קען נאך ביז יעצט נישט פארשטעהען ווי אזוי ער האט זיך איינגעהאלטען און דיר נישט בעשטראפט...

— ווי אזוי קענסטו מיר זאגען אזא ליגען, — איז שוין אקטאוויא עטוואס אין כעס געווארען, — און זאגען אז דו האסט נישט געהאט אפגעמאכט מיט סעיאנוס'ן! איך געדענק גאנץ גוט, דאס ווען איך בין ארוים פון בלבא שבוע'ס הויז, האסטו מיר אנגעוואונקען אז ביי די רוימער איז א מנהג דאס ווען א גרויסע פערזענליכקייט געזעגענט זיך, דארף מען זיך לאזען א קוש טהאן פון איהם... נו, זאג אליין, האט דיר סעיאנוס בורוס נישט געהייסען מיר דאס צו זאגען.

— יא, ניין... ע... איך האב געמיינט, אז ער מיינט דאס א קוש טהאן אין דער האנד...

— און אויב א קוש טהאן אין האנד, טו פארוואס האסטו בכיון איהם איבערגעלאזען מיט מיר אליין... דו דארפסט פון מיר נישט לייקענען... איך האב אבער באלד פערשטאנען...

— נו, יא, מיין שוועסטער, איך בין זיך מודה, — האט מאנילוס געזאגט, — אבער סעיאנוס בורוס האט מיר דערצו כמעט ווי געצוואונגען... דו ווייסט דאך, אז נאך אלעמען זיינען מיר ביי איהם אין די הענד; ווען ער זאל נאר וועלען קען ער אונז אין גאנצען רואינירען... וואס האב איך געזאלט טהאן?... ער האט מיר געזאגט, דאס ער האט א פערלאנג דיר צו געבען נור איין קוש... ער האט שוין געפרובירט דיר איינמאל א קוש טהאן, — האט ער מיר דערצעהלט, — אבער דו האסט איהם אפגעשטויסען... יעצט איז עס ביי איהם געווען א מין קאפריז, — האט ער מיר געזאגט, — און איך מוז זעהן דאס דיזע

מאָל זאָל איהם געלינגען. איך האָב איהם נעמוזט צוזאָגען, ווען נישט, וואָלט ער געווים אין כעס געוואָרען אויף מיר... און ווער ווייסט צי וואָלט איך דאַן געקענט פאָהרען נאָך רוים.

— און ביי דיר איז רעכט געווען דאָס צוליעב דיין ווילען פאָהרען אין רוים, זאָל איך זיך לאָזען קושען פון אזעלכע אומריינע ליפּען ווי זיינע. דו ביזט מיין ברודער, און אנשטאט צו בעשיצען מיך פון אזעלכע מענשען־חיות ווי סעיאנוס, קומסטו נאָך איהם צו הילף... וואָס וועל איך טהאָן ווען איך וועל זיין מיט דיר אין רוים און א רוימישער בעאמטער וועט דיר פאַרשפּרעכען צו געבען דיר א מיליטערישען אמט אָדער צו מאַכען דיך פאַר אַן אָפיציער, וועסטו מיך אין גאנצען פאַרקויפען צו איהם...

— נו, שוועסטער, לאָמיר וועגען דעם מעהר ניט ריידען, איך ווייס אז איך האָב זיך בענאַרישט און איך פאַרשפּרעך דיר, אז מעהר וועט אזא זאַך נישט פּאַסירען... וואָס מיר וואונדערט איז, ווי אזוי דו האָסט ניט מורא געהאַט צו הויבען א האַנד אויף איהם... כאַ, כאַ, כאַ... ווען איך דערמאָהן זיך ווי ער איז געלעגען אויפ'ן באָדען האַלטענדיג זיך פאַר ביידע באַקען, קען איך זיך נישט איינהאַלטען פון געלעכטער... איך האָב נישט געוואוסט, אז דו ביזט נאָך אזא שטאַרקע... מיט צוויי פּעטש אנידערלייגען אזא געזונטען רויטען רוימער...

— פאַרגעסט נישט, מאַנילוס, — האָט אָקטאַוויא מיטגעלאַכט, — אז סעיאנוס בורוס איז געווען שכור, און וויפיעל דאַרף א שכור'ער, ער זאָל פאַלען צו דער ערד...

— איך גלויב, אז דאָס איז געווען אונזער גליק, וואָס עס איז אונז אזוי גלאַט אָפּגעגאַנגען... ווען ער וואָלט געווען ניכטער, וואָלט ער זיך שוין מיט אונז אַלעמען אָפּגערעכענט פאַר דיין "חוצפּה"... אָבער איין זאַך האָב איך מורא, ער זאָל אָקאַרשט נישט אויסלאָזען זיין גאַנצען כעס צו אונזער פאָטער...

— ער וועט אונזער פאָטער גאָרנישט טהאָן, — האָט אָקטאַוויא געזאָגט, — ווייל ער וועט מורא האָבען דו זאָלסט נישט דערצעהלען זיין פרוי אין רוים וועגען זיין אויפפיהרונג...

— כאַ, כאַ, כאַ... — האָט זיך מאַנילוס ווידער פאַנאַנדערגעלאַכט, — דו האָסט נאָר געדאַרפט הערען ווי ער האָט גערעדט פון זיין מעסעלינאַ... ער האָט איהר נאָר געוואונשען זי זאָל געטראָפען ווערען פון א בליץ אָדער א שלאַנג זאָל איהר א ביס טהאָן... די גרעסטע טובה וואָלט איך איהם געטהאָן, — האָט ער מיר געזאָגט, — ווען איך זאָל נאָר אנטלויפען מיט זיין פרוי ערגעץ־וואו אויף אן אינזעל אָדער אין דער מדבר...

— מסתמא איז ער דאַן אויך געווען שכור, — האָט אָקטאַוויא געזאָגט.

— און ווען איז ער דען ניכטער, — האָט מאַנילוס בעמערקט, — ווען ער וואָלט געווען ניכטער יענעם אבענד, וואָלטען מיר געווים ניט געווען יעצט אויף דיזער שיף נאָך רוים...

* * *

מאַנילוס און אָקטאַוויא זיינען אַרונטער צו דעם פּלאַץ וואו די שקלאַפען זיינען געווען צוגעשמידט מיט קייטען, יעדער צו זיין פּלאַץ. זיי האָבען בעטראַכט ווי שנעל די שקלאַפען אַרבייטען מיט די רודערס.

— יעדע באוועגונג וואָס די שקלאַפען מאַכען מיט די רודערס, — האָט

מאנילוס געזאגט צו אקטאוויא'ן, — ברייגנט אונז אלץ נעהעטער צו רוים, אבער די שקלאפען זיינען אלע פוילע און זיי פאלשעווען צו...

— ווי קענסטו עס אזוי זאגען, — האט איהם אקטאוויא פארגעווארפען, — זעהסטו דען נישט ווי שווער זיי הארעווען, זיי קענען קוים דעם אטהעם אפכאפען, דער שוויים גיסט זיך פון זיי ווי וואסער... ארימע, אומגליקליכע מענשען!... ווי שרעקליך זיי ווערען געפייניגט...

— זיי זיינען דאך שקלאפען! ווער דארף עס קימערען פאר זיי! — האט זיך מאנילוס אפגערופען, — ווען זיי וואלטען נישט געווען קיין פוילענצער, וואלט מען זיי געווים נישט געפייניגט...

— ווי האסטו דאס קיין רחמנות נישט אויף מענשען וועלכע זיינען אומגליקליכער־ווייזע געפאנגען געווארען און פאר שקלאפען געמאכט, זיינען זיי דען נישט פון די זעלבע פלייש און בלוט ווי מיר זיינען? איך מוז דיר זאגען, מיין ברודער, אז מיר וואונדערט זיך אויף דיר ווי אזוי דו רעדסט אזוי קאלטבלוטיג וועגען דיזע אומגליקליכע, וועלכע האבען ערגעץ־וואו ברידער, שוועסטער, פרויען און פיעלייכט קליינע קינדער, וועלכע בענקען נאך זיי, וועלכע טרויערן נאך זיי, פארלירענדיג אלע האפנונגען זיך ווען עס איז צו טרעפען מיט זייער אייגען פלייש און בלוט...

מאנילוס האט געשוויגען... ער האט געזעהן ווי זיין שוועסטער קוקט קרוב אויף איהם און ער האט זיך נישט געוואלט מיט איהר קריגען וועגען דעם... ער האט געוואוסט דאס ער וועט נאך דארפען אנקומען צו איהר...

* * *

פינף־און־דרייסיג טעג איז די שיף געשוואומען איבער דעם מיטעל־לענדישען ים. דער וועטער איז די גאנצע צייט געווען זעהר שעהן, און דער ים שטיל.

עס איז געווען א זעהר הייסער טאג. דער הימעל איז געווען קלאר. פון ווייטען האט מען שוין געקענט זעהן לאנד...

— מיר זיינען שוין נאהענט צו נעאפעל, — האט דער קאפיטאן אויסגערופען, — אויב די שקלאפען וועלען ארבייטען מיט מעהר פלייס, וועלען מיר נאך צוקומען צו דער שטאדט איידער די נאכט וועט אנקומען.

— זאל מען די שקלאפען געבען א צווייענדיגע פארציע עסען, — האט דער קאפיטאן געזאגט, — זאלען זיי עסען און האבען מעהר כח צו ארבייטען.

דער אויפזעהער איבער די שקלאפען האט גלייך באשטעלט פאר יעדען שקלאף א גרעסערען מאלצייט ווי אימער.

ווען די שקלאפען האבען דערזעהען דעם בעסערען און פארגרעסערטען חלק מאלצייט, זיינען זיי צו דעם צוגעפאלען מיט אזא זשעדנעקייט ווי הונגעריגע וועלף און גענומען שנעל שלינגען די ביסענס ווי זיי וואלטען מורא געהאט, דאס מען קען נאך חרטה האבען און ביי זיי צונעהמען דאס עסען.

נאר צוויי פון די אלע שקלאפען זיינען געזעסען שטיל, טרויעריג, ביי זייערע רודערס און זיך נישט צוגעריהרט צום עסען... דער אויפזעהער האט עס באמערקט און זיי געפרעגט פאר וואס זיי עסען נישט. זיי האבען איהם נישט געענטפערט.

— ווייסט איהר דען נישט, איהר אומריינע שקלאפען, — האט ער זיך צושריגען, — אז דער קאפיטאן האט אלעמען באפוילען צו עסען, ווייל מע וועט דארפען שנעלער און מיט מעהר קראפט ארבייטען.

די צוויי שקלאפען האבען ווייטער געשוויגען. זיי האבען גענומען ארבייטען מיט די רודער שנעלער ווי פריהער.

— איהר מוזט עסען! — האט ער זיך אויף זיי נאך מעהר צושריגען.

ווען די שקלאפען האבען נאך אלץ זיך נישט צוגעריהרט צו דעם עסען, האט דער אויפזעהער גענומען א בייטש און גענומען דערמיט שלאגען אויף זייערע נאקעטע לייבער.

עס איז געווארען א טומעל; די צוויי שקלאפען האבען גענומען בעטען, וויינען, ער זאל זיי אפלאזען, אבער דער אויפזעהער האט זיי נאך מעהר גע־שלאגען.

אקטאוויא און מאנילוס האבען דערהערט די געשרייען און זיינען אראונטער־געגאנגען זעהן וואס דארט קומט פאר.

— א, עס איז גארנישט, — האט מאנילוס געזאגט מיט א שמייכעל, — דאס שלאגט מען א פוילען שקלאף... גוט! גוט! נאך! אט אזוי!... רעכט אויף זיי, די פוילע אומווירדיגע שקלאפען! ווען מען וואלט זיי נישט בעשטרא־פען וואלטען מיר ערשט אנגעקומען אין רוים מיט צעהן מאנאטען שפעטער. נאך! נאך!! נאך!!

די שקלאפען האבען זיך געקארטשעט פון יסורים און מיט זייערע דארע הענט האבען זיי ווי געבעטען הילף פון די ארומיגע.

— שלאג דאך נישט די אומגליקליכע, — איז אקטאוויא צוגעלאפען צו דעם אויפזעהער, — האסטו דען גאר קיין רחמנות נישט אויף זיי?

ווען דער אויפזעהער האט דערזעהען אקטאוויא'ן, האט ער גלייך זיי אויפגעהערט צו שלאגען.

— זיי ווילען נישט אויספאלגען דעם קאפיטאן'ס באפעהל, מיין הארינטע, — האט דער אויפזעהען געזאגט, עטוואס פארשעהמט.

— ווילען זיי דען נישט ארבייטען? — האט אקטאוויא ווידער געפרעגט, — דוכט זיך מיר, אז זיי ארבייטען אזוי פלייסיג ווי די איבעריגע.

— ניין, נישט דאס, — האט דער אויפזעהער געענטפערט — דער קאפי־טאן וויל אז אונזער שיף זאל אנקומען אין נעאפעל איידער עס ווערט פינסטער. ער האט מיר דאריבער געאָרדערט איך זאל די שקלאפען געבען א גרעסערן חלק צום עסען. אבער די צוויי פארפלוכטע שקלאפען, אנשטאט צו זיין צו־פריעדען, ווילען זיי דאס עסען ניט פארזוכען...

— פיעלייכט זיינען זיי נישט געזונט, — האט אקטאוויא געזאגט, — ווארום זאלסטו זיי צווינגען, ווען זיי וועלען הונגעריג ווערען, וועלען זיי עסען.

— דאס איז נישט דאס ערשטע מאל וואס איך האב צרות פון זיי מיטן דעם עסען. יעדעס מאל וואס איך דערלאנג זיי דאס עסען, נעהמען זיי דערפון א קלייניגקייט און דאס איבריגע לאזען זיי איבער. קיינמאל אבער קימערט דאס מיר נישט. עס געפינען זיך א סך בעלנים וועלכע עסען אויף זייער חלק. אבער יעצט מוזען אלע עסען, כדי זיי זאלען קענען בעסער און שנעלער ארבייטען.

— האבען זיי דען דיר נישט אנגעגעבען די אורזאכע פאר וואס זיי ווילען נישט עסען, — האט איהם אקטאוויא געפרעגט.

— זיי האבען עפעס ארויסגעזאגט אויף זייער שפראך, אבער נישט איך

קען זיי פארשטעהען און זיי קענען נישט ריידען קיין רוימיש, זיי זיינען יודעאס, גלויבען זיי דאס זיי קענען טהאן וואס זיי ווילען... אבער ניין, ביי מיר זיינען ניטא קיין יחסנים.

אקטאוויא האט בעטראכט די צוויי שקלאפען. זייערע פנים'ער זיינען גע־ווען זעהר אויסגעדארט, און די באקען־ביינער האבען ארויסגעסטארטשעט. זיי זיינען געווען שרעקליך בעוואקסען און מען האט קוים געקענט דערקענען פון וועל־כע נאציאן זיי שטאמען.

— לאז מיר, איך וועל זיי פרעגען די אורזאכע פאר וואס זיי ווילען נישט עסען, — האט אקטאוויא געזאגט צום אויפזעהער.

מאנילוס איז רויט געווארען פון שאנדע. זיין שוועסטער וועט זיין א דאלמעטשערין פאר די שקלאפען. און דערהוייל וועלען אלע זעהן אז זי איז אויך אן אמת'ע יודעארין, און רעדט נאך העברעאיש...

— אקטאוויא, — האט מאנילוס אויסגערופען, — לאז דאך איבער די שקלאפען צו דעם אויפזעהער, און דו קום מיט מיר ארויף. נישקשה, ער ווייס וואס ער האט צו טהאן מיט זיי.

— דו קענסט אליין ארויפגעהן אויב דו ווילסט, — האט אקטאוויא גע־זאגט, — איך מוז די אומגליקליכע העלפען.

— ניין, דו קענסט דאך זיך נישט אזוי ערנידריגען, — האט מאנילוס אויסגערופען, — קום ארויף, איך בעט דיך.

— דו ביזט אן אכזר, דו האסט א שטיינערנע הארץ, — האט אקטאוויא אויף איהר ברודער זיך געבייזערט. — מיט אזא גרויזאמען און שלעכטען כא־ראקטער ווי דו פארמאגסט, גלויבסטו נאך צו געווינען דאס הארץ פון דער שעהנער, נאבעלער און גוט־הערציגער רחל... שעהמען מעגסטו זיך!... קיין ברעקעל רחמנות איז ביי דיר אין הארצען נישטא פאר הילפלאזע און אומגליק־ליכע מענשען.

— און דו האסט געדארפט פאהרען נאך יבנה אנשטאט נאך רוים — האט מאנילוס ארויסגערעדט מיט כעס און האט זיך אבגערוקט אן א זייט.

מיט דאנקבארע אויגען האבען די צוויי שקלאפען געקוקט אויף אקטאוויא'ן. זיי האט שטארק געוואונדערט ווי אזוי א רוימישע פרוי נעהמט זיך אן פאר זיי. און ווי ערשטוינט זיינען זיי געווארען ווען זיי האבען דערהערט ווי זי וועגדעט זיך צו זיי אין העברעאיש.

— קענט איהר מיט פיעלייכט זאגען די אורזאכע פארוואס איהר האט זיך ענטזאגט היינט אין גאנצען צו עסען? — האט זיך אקטאוויא אפגערופען צו זיי מיט א צערטליכע שטימע.

— ביזטו דען איינע פון אונזערע, — האט איינער פון די שקלאפען געזאגט מיט שטראהלענדע אויגען.

— יא, איך בין א אידישע טאכטער, — האט אקטאוויא מיט שטאלץ גע־זאגט, — און איך וועל אייך העלפען ווי וויית מעגליך. קענט איהר מיר פיעלייכט זאגען די אורזאכע פאר וואס איהר ווילט נישט עסען גראדע היינט, ווען דער קאפיטאן האט פאראָרדענט צו פארגרעסערען דאס עסען?

— גנעדיגע פרוי, — האט זיך דער צווייטער אידישער שקלאף אפגערו־פען, — אויב דו ביזט א אידישע פרוי האסטו געדארפט וויסען, אז היינט איז

דער טרויעריגסטער טאָג פאַר אונז אידען. היינט איז תשעה באב, אין דעם טאָג, מיט ניין יאָהר צוריק, האָט טיטוס חרוב געמאַכט ירושלים און פאַרברענט אונזער בית המקדש. אין דעם טאָג טרויערט דאָס גאַנצע אידישע פאָלק. קיינער עסט נישט און טרינקט נישט אין דיזען טאָג. דאָס איז דער יאָהרצייט פון אונזער נאַציאָנאַלען טרויער. די לעצטע אַכט יאָהרצייטען האָבען מיר געפאַסט. דאַריבער האָבען מיר היינט נישט געוואָלט עסען.

אָקטאַוויאַ האָט זיך אַ ווײַלע פערטראַכט. יאָ, תשעה באב איז דער טאָג פון אידישען טרויער און זי האָט גאָר וועגען דעם נישט געוואוסט... פון וואַנען זאָל זי עס וויסען, אַז אין איהר פאָטער'ס הויז האָט זי וועגען דעם קיינמאָל נישט געהערט.

— איהר דאַרפט זיך מעהר ניט שרעקען, קיין שלעכטס וועט אייך נישט געשעהן. איך וועל איהם ערקלעהרען אַז די אורזאַכע פון אייער נישט וועלען עסען, איז, ווייל היינט איז אַ טאָג פון פאַסטען ביי די אידען. ער דאַרף נישט און טאָר נישט וויסען פאַרוואָס מען פאַסט היינט ביי אידען. איך וועל איהם זאָגען, אַז לויט דער אידישער רעליגיאָן, איז אייך היינט נישט ערלויבט צו עסען.

מיט טרעהרען אין די אויגען האָבען די אידישע שקלאַפען בעדאַנקט אָקטאַוויאַ'ן און זיך גענומען צום רודער.

אָקטאַוויאַ האָט ערקלעהרט דעם אויפזעהער די סיבה פאַר וואָס די צוויי אידישע קנעכט ווילען היינט נישט עסען.

— ווען איך וואָלט דערפון געוואוסט פריהער, וואָלט איך דאָך זיי פאַרשפאָרט צו שלאָגען, — האָט זיך דער אויפזעהער פאַרענטפערט... — אָבער זאָג דאָך מיר, פאַר וואָס עסען זיי נישט אויף יעדען טאָג אַלעס וואָס איך גיב זיי?

— פאַרשטעהסטו, זיי זיינען דאָך אידען, און זייער רעליגיאָן ערלויבט זיי נישט צו עסען יעדע זאַך... זיי טאָרען, צום ביישפּיעל, נישט עסען קיינע פליישען וואָס איז נישט צורעכט געמאַכט לויט דעם אידישען דין. אויב דו ווילסט זיי זאָלען אַלעס עסען, טו גיב זיי נור גרינסען.

— מיך אַרט נישט אַז זיי וועלען גאַרנישט עסען, ווי לאַנג זיי טהוען נאָר זייער אַרבייט ווי עס בעדאַרף צו זיין, — האָט דער אויפזעהער געזאָגט מיט אַ שמייכעל.

אָקטאַוויאַ און מאַנילוס זיינען אַרויף אויבען, אויפ'ן דעק. זיי זיינען געווען ברוגז איינער אויפ'ן צווייטען און צווישען זיך נישט גערעדט.

די שיף האָט זיך דערהענטערט צו נעאַפּעל.

דער אויפזעהער איבער די שקלאַפען איז געשטאַנען איבער זיי מיט דער גרויסער בייטש און זיי געצוואונגען וואָס שנעלער צו אַרבייטען.

עס איז געוואָרען טונקעל. די זונן איז שוין פאַרגאַנגען. די שיף איז געשוואומען וואָס נעהענטער צום ברעג פון נעאַפּעל.

פּלוצלינג האָט זיך געהערט אַ שטאַרקער קראַך. דער ים האָט זיך אַ טרייסעל געטהאָן... די שיף האָט זיך נאָך אַ האָר איבערגעקעהרט... עס האָט באַלד אויסגעבראָכען אַ פּאַניק. עס איז געוואָרען אַ טומעל און אַ בהלה. אַ צווייטער קראַך האָט זיך געהערט...

דער קאַפּיטאַן, אַ בלאַסער, אַ דערשראָקענער, האָט באַלד באַפוילען די

מאטראָזען צו פעראנקערען די שיף. די שקלאפען האָבען באלד אויפגעהערט צו ארבייטען און די מאטראָזען האָבען שנעל ארונטערגעלאָזען די אנקערם.

— אן ערד־ציטערניש קומט דאָ פאָר, — האָט דער קאַפּיטאן א דערשראָ־קענער ערקלעהרט, — מיר טארען זיך פון ארט נישט ריהרען ביז מארגען איז־דער־פריה. לאָמיר אלע מתפלל זיין צו יופּיטער ער זאָל אונזער שיף פערהיטען פון אן אומגליק.

א דריטער שטארקער טרייסעל האָט זיך דערפיהלט און מיט אמאָל האָבען אלע באמערקט פון ווייטען א שרעקליך גרויסען פייער וואָס האָט ארויסגעזעצט פון א בארג.

דאָס פייער איז אלץ ווייטער מעכטיגער און גרעסער געוואָרען. א ריח פון פעך און שוועבעל האָט אָנגעפילט די לופט. א זייל פון רויך האָט זיך אויפגעהוי־בען ביז אין הימעל אריין. און ארום דעם רויך אין א געווירבעל האָט געטאנצט דאָס פייער מיט די הייסע קאָכיגע לאַווא, וואָס האָט יעדע מינוט אלץ שטארקער און מיט מעהר קראפט געזעצט ארויף־צו זעהר הויך צום הימעל...

אלע אויפ'ן שיף זיינען געוועזען טויט דערשראָקען פון דיזער מערקווירדיגער און פירכטערליכער ערשיינונג. זיי זיינען געשטאנען ווי פארגליווערט אויף זייערע פלעצער און נישט געוואוסט וואָס צו טהאָן.

דער קאַפּיטאן, וועלכער האָט די גאנצע צייט זיינע אויגען נישט ארונטער־גענומען פון דעם פייער־שפּייענדען בארג, האָט מיט א ציטערנדע שטימע געזאָגט:

— גאָט'ס צאָרן האָט זיך אויסגעגאָסען אויף אונזער פאטערלאנד, אויב דאָס זאָל אָנהאלטען א סך לענגער, וועט אונזער פאטערלאנד חרוב ווערען...

א יאָמערליכער געוויין האָט אויסגעבראָכען אויפ'ן שיף. געקלאָגט האָבען פילע אויף זייער לאנד וואָס וועט באלד חרוב ווערען. אנדערע האָבען געקלאָגט אויף זייערע פרויען, קינדער און קרובים וואָס וועלען פארניכטעט ווערען פון גאָט'ס צאָרן. אנדערע ווידער, האָבען געציטערט פאר זיך אליין... ווער ווייס צי וועלען זיי איבערלעבען די נאכט.

עס האָבען זיך נאך געפיהלט מעהרערע טרייסלען, קראכען, שטארקע און שוואכערע.

דער קאַפּיטאן האָט באפוילען מען זאָל ארונטערנעהמען די קייטען פון די שקלאפען. זיי זאָלען זיך קענען פרייער באוועגען, אין פאל א פייער וועט אויס־ברעכען אויפ'ן שיף.

ווען די שקלאפען האָבען דערזעהען דעם שרעקליכען פייער וואָס שפּריצט ארויף צום הימעל, איז צווישען זיי אויך אויסגעבראָכען א יאָמערליכעס געוויין...

— א חורבן קומט אויף אונזער לאנד! — האָט דער קאַפּיטאן אויסגערופען.

— לאָמיר אלע בעטען צו אונזער גאָט יופּיטער, ער זאָל פארהיטען אונזער פראכטפאָלע שטאָדט, רוים.

אלע זיינען געפאלען אויף די קניע און גענומען וויינען און בעטען יופּיטער'ן.

מאנילוס איז געשטאנען א צוטומעלטער און פארגליווערטער, און נישט געוואוסט וואָס צו טהאָן. אָקטאוויא האָט זיך צו איהם געטוליעט פאר שרעק, און געזאָגט:

— לאָמיר תפלה טהאָן צו אונזער גאָט, דעם גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב, וויל מיר זיינען פארלאָרען...

אפילו די שקלאפען האבען זיך אויך געלעגט אויפ'ן באָדען און מתפלל געווען יעדער צו זיין גאָט. די צוויי אידישע שקלאפען זיינען געשטאנען און מיט לייכטענדע פנים'ער צווישען זיך גערעדט:

— יא, עס איז שוין געקומען די צייט, — האָט איינער געזאָגט, — אז דער גאָט פון יהודה רעכענט זיך יעצט אָפּ מיט די רוימער. זיי האבען פארניכטעט אונזער בית המקדש, וויסט געמאכט אונזער לאנד, און יעצט נעהמט אונזער גאָט נקמה פאר אונזער פארגאָסענע בלוט... באלד וועט פון רוים ווערען דאָס וואס עס איז געוואָרען פון סדום און עמורה.

— אונזער נביא האָט שוין לאנג פאראויס געזאָגט: "ונתתי נקמתי באדום", יעצט ווערען מקוים זיינע ווערטער, — האָט דער צווייטער אידישער שקלאַף געזאָגט.

— איך האָב געהערט, זייענדיג אין רוים, — האָט זיך דער ערשטער אָפּ־גערופען, — אז אין דעם זעלבען טאָג ווען די רוימער האבען פארברענט אונזער בית המקדש, איז אויך אָפּגעברענט געוואָרען זייער טעמפעל פון דעם אָפּגאָט יופיטער. און יעצט, מיט ניין יאָהר שפּעטער, אום תשעה באב, דעם זעלבען טאָג פון אונזער גרוים אונגליק, רעכענט זיך גאָט אָפּ מיט דעם גאנצען רוימישען פאָלק פאר זיין פאָלק ישראל.

ביידע האבען אויפגעהויבען די אויגען און געקוקט דאָרטען פון וואנען דאָס פייער האָט זיך געהויבען מיט אזא שרעקליכע שנעלקייט... דאָרטען וואו פעד און שוועבעל האָט אויסגעמישט די לופט.

— יעצט קענען מיר רוהיג שטאַרבען, — האָט דער ערשטער זיך אָפּגערו־פען, — אונזערע שונאים, די רוימער, וועלען שוין מעהר נישט באלעסטיגען די איבערגעבליבענע פון יהודה.

"אָ, גאָט, ווי זיס איז די נקמה! זאָל דער זעלבער טאָג, תשעה באב, זיין אויך א טאָג פון טרויער פאר אונזערע שונאים!"

מאנילוס, וועלכער איז געשטאנען נישט ווייט פון זיי, האָט זיך אָפּגערופען:

— אוי, איהר פאררעטהער, איהר ווילט זיך פרעהען איף רוים'ס אומגליק. וואַרט ביז מאָרגען אין דער פריה! איך וועל דעם קאפּיטאן אלעס דערצעהלען. און דאן וועט אייער קבר זיין דער ים.

אָקטאַוויא איז געווען האלב פער'חלש'ט פון שרעק און זי האָט נישט געהערט וואָס דאָ איז פארגעקומען.

די צוויי אידישע שקלאפען האבען גאַרנישט געענטפערט. זיי האבען זיך נישט געשראָקען פאר זיינע ווערטער, אבער זיי האָט שטאַרק פארדראָסען דאָס עס געפינען זיך נאָך אידען וועלכע זיינען גוטע פריינד צו די רוימער און זיינען פאררעטהער צום אידישען פאָלק.

ווען עס האָט אָנגעהויבען טאָגען איז ביי אלעמען אויפ'ן שיף פארשטאַרקט געוואָרען די האָפנונג, אז פיעלייכט וועלען זיי נאָך בלייבען לעבען.

דער וואולקאן איז נאָך געווען אין זיין רעכטען ארבייט... יעצט, אין דער ליכטיגקייט האָט מען געקענט זעהן אז דאָס איז דער בארג וועזוּוויוס. די לופט איז געווען שטיקענד הייס. דער פייער־שפּייענדער בארג האָט מיט א

מורא׳דיגע געשווינדקייט געשליידערט, געקראכט און געקנאלט ארויף אין דער לופטען רויטע פייערדיגע שטיינער, די זודיגע לאווע, וואס דער בארג האט אלס א צוגאב געגומען נאך שטארקער פון זיך שפייען, איז מיט יעדער מינוט געווארען אלץ מעהר און מעהר. פון ווייטען האט מען געקענט זעהן ווי זי פארפלייצט און פארניכטעט אלעם וואס זי באגעגענט אין וועג...

טייכען מיט הייסע זודיגע לאווע האבען אהן אויפהער געפלאסען ווי א וואסער־פאל און האט פארצעהרט אלעס, די בוימער, די הייזער און די מענשען...

ביסלעכווייז האט זיך דער ווולקאן איינגעשטילט; דאס קראכען און קנאלען האבען אויפגעהערט, און ווען די זונן האט זיך באוויזען, האט שוין דער בארג אויך אויפגעהערט צו שפייען פון זיך די לאווע. נור א גרויסער שווארצער רויך האט נאך אלץ געזעצט פון דעם שפיץ־בארג...

— מיר מוזען גלייך פון דאנען אבפאהרען, — האט דער קאפיטאן געזאגט צו די מאטראזען, — מיר וועלען זיך שוין אין נעאפעל נישט קענען אפשטעלען ווי מיר האבען פריהער גערעכענט.

ווען די מאטראזען האבען גענומען אויפהויבען די אנקערס פון שיף, האבען זיי פלוצלינג דערזעהן פון ווייטען א קליין שיפעל דערנעהענטערענדיג זיך צו זייער שיף. זיי האבען באלד געלאזט וויסען דעם קאפיטאן וועגען דעם.

דער קאפיטאן האט פארזאגט דערוויל נישט צו ריהרען די אנקערס ביז ־אס שיפעל וועט צושווימען...

אלע האבען מיט גרויס נייגעריגקייט געווארט צו זעהן איינעם א לעבעדיגען פון יענעם אונגליקליכען געגענד, און געוואלט הערען וואס ער האט צו דערצעהלען.

מיט שטריק האט מען דעם מאן ארויפגעצויגען אויפ׳ן שיף. ער איז געווען טויט־בלייך און אזוי מיער, דאס ער האט קוים געקענט אטעמען.

דער קאפיטאן, די מאטראזען און די איבריגע פאסאזשירען האבען איהם ארומגערינגעלט און מיט גרויס אומגעדולד געווארט ביז דער מאן איז געקומען צו זיך און געקענט עפענען זיין מויל.

א קורצע ווייލע איז דער פרעמדער געלעגען בעוואוסטלאז, מיט האלבפערמאכטע אויגען. דערנאך האט ער זיך אנידערגעזעצט און מיט א שוואכע שטימע אנגעפאנגען דערצעהלען:

— איך בין אן איינוואהנער פון פאמפיי. נעכטען פארנאכט בין איך, מיין פרוי און זוהן ארויסגעפאהרען אויף א שפאציר. פלוצלינג האבען מיר דערפיהלט א שטארקע ערד־ציטערנים. מיר זיינען אלע שטארק דערשראקען געווארען. הייזער האבען פון שטארקען טרייסעל גענומען פאלען. מיר זיינען געבליבען שטעהן צוטומעלט און נישט געוואוסט וואוהין צו לויפען.

— לאמיר לויפען צום בארג וועזואוויוס, — האט מיין פרוי געשריען, — דארטען איז זיכערער.

— ניין, — האב איך איהר געווארענט, — לאמיר לויפען צום ים...

מיט אמאל האט זיך דער בארג ווי אויפגעעפענט און אן אונגעהייערער געדיכטער רויך און שרעקליך־גרויס פייער האט דער בארג פון זיך ארויסגעשלאגען. די לופט איז געווארען זעהר שטיקענד. מיין פרוי האט באלד אויף אן ארט גע׳חלש׳ט

פון די שטיקענדע גאזען. איך און מיין זוהן האבען איהר גענומען מינטערען, אבער אומזיסט.

— זי איז טויט, — האב איך אויסגעשריען צו מיין זוהן, — מיר קענען איהר שוין גארנישט העלפען. לאמיר אנטלויפען פון דאנען אזוי שנעל ווי מעגליך. אונזערע לעבענס זיינען אין גרויס געפאהר. איך האב אויף גיך אויסגעשפאנט דאס פערד פון וואגען און ביידע האבען מיר זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן פערד און גענומען לויפען צום ים. הונדערטע מענשען זיינען געלעגען פערחלש'ט פון דער שטיקענדער לופט. און הונדערטע זיינען אזוי דערשראקען און צוטומעלט געווארען דאס זיי האבען נישט געוואוסט וואס צו טהאן. זיי האבען געשריען, געקניהט און מתפלל געווען צו יופיטער'ן.

"איך און מיין זוהן האבען אויף קיין זאך נישט געקוקט. מיר האבען געהאט בלויז איין צוועק — צו דערגרייכען דעם ים. איך האב דאס פערד געטריבען מיט מיין גאנצען כח... און מיר דוכט זיך, אז דאס פערד אליין האט פערשטאנען די גרויסע סכנה וואס לויערט אויף אונז, און איז געלאפען שנעל מיט אלע זיינע כוחות.

"איך האב געהאלטען דעם פערד'ס צוים, און מיין זוהן איז געזעסען פון הינטען און זיך פעסט אנגעהאלטען אן מיר... פלוצלינג האב איך דערפיהלט ווי מיין זוהן האט מיר אפגעלאזען... איך האב זיך אומגעקעהרט און בעמערקט אז מיין זוהן איז אראפגעשליידערט געווארען פון פערד. איך האב מיט גרויס שוועריגקייט אפגעשטעלט דאס פערד און ארונטערשטייגענדיג האב איך דערזעהן מיין זוהן ליגענדיג א צושמעטערטען אויפ'ן באדען... איך האב געוואלט נעהמען מיט זיך זיין טויטען קערפער. ווי אבער איך האב אויפגעהויבען מיינע אויגען האב איך דערזעהען אז די גאנצע שטאדט פאמפיי ווערט פערטרונקען מיט די זודיג-קאכענדע לאווע...

"די לאווע האט גענומען שטראמען... און אט-אט איז זי שוין נישט ווייט פון מיר... בלויז א הונדערט איילען... איך ווייס נישט וואו איך האב גענקראגען אזא כח און מוטה, אבער איך בין שנעל ארויף אויף מיין פערד און געלאפען מיט אזא אימפעט דאס די לאנגע שטרעקע פון פאמפיי ביז הערקולאנועם האב איך דערגרייכט אין גאר א קורצע צייט... ווען איך בין געקומען אין הערקולאנועם האב איך אויך שוין דארטען געפונען פיעלע טויטע, וועלכע זיינען דערשטיקט געווארען פון די גיפטיגע גאזען... די גליהענדע לאווע האט אויך אריינגעדרונגען אין הערקולאנועם און גענומען **חרוב מאכען די שטאדט.**

"איך בין נאך געזעסען אויף מיין פערד און ער איז געלאפען פייל אויסען בויגען. איך האב שוין געהאט אויפגעגעבען אלע האפנונגען צו בלייבען צווישען די לעבעדיגע... איך האב דאס פערד אפגעשטעלט און פון איהם ארונטערגעגאנגען און גענומען ווארטען אויפ'ן טויט... פלוצים אבער האב איך באמערקט דאס איך געפין זיך נישט ווייט פון ים...

"א נייע האפנונג האט זיך אין מיר באוויזען, און איך בין האסטיג צוגעלאפען צום ים... איך האב זיך ארומגעקוקט און קיין לעבעדיגען נפש נישט באמערקט ארום זיך... די מענשען האבען זיך, ווי עס ווייזט אוים, שטארק דערשראקען פאר דער שרעקליכער ערשיינונג און אנשטאט צו לויפען, האבען זיי זיך בעהאלטען. און דאריבער זיינען זיי דערשטיקט געווארען... איך האב בע-

מערקט א פארלאזענע שיפעל ביים ברעג ים... איך האב זיך שנעל אהין אריינ־
געזעצט און גענומען טרייבען די שיפעל וואס ווייטער אין ים... די לופט איז
נישט געווען אזוי שטיקענד און איך האב געטריבען די שיפעל די גאנצע נאכט...
און ווי עס איז טאג געווארען, האב איך באמערקט אייער שיף... געלויבט
איז יופיטער וואס מיין לעבען איז גערעטעט געווארען".

דער פרעמדער האט געענדיגט דערצעהלען און איז אין אונמאכט געפאלען
פון ערשעפונג.

מען האט איהם באלד אפגעמינטערט, און איהם דערקוויקט מיט אביסעל
שפייז.

דער קאפיטאן מיט די איבריגע פון שיף זיינען געווארען ערשיטערט פון
דעם פרעמדען'ס שילדערונג פון דעם וואולקאן־אויסברוך... אלע האבען גע־
ווענדעט זייערע אויגען צו דעם בארג וועזואוויוס און פון ווייטען בעטראכט דעם
שווארצען געדיכטען רויך.

— ווי עס שיינט, — האט זיך דער קאפיטאן אפגערופען, — האט דער
בארג אויפגעהערט ארויסצושפייען די פייערדיגע לאווע... יעצט איז מעגליך,
אז דער חורבן וועט ווייטער נישט געהן. יופיטער האט זיין צארן אויף אונזער
פאלק אויסגעגאסען. מיר מוזען גלייך פארטזעצען אונזער רייזע נאך רוים,
פיעלייכט וועלען די געטער שוינען אונזער הויפט־שטאדט רוים.

די מאטראזען האבען זיך אויסגעשטעלט אין א שורה און געווען גרייט
אויסצופאלגען דעם קאפיטאן'ס באפעהל.

— די שקלאפען זאלען צוריקגעהן צו די רודערס, — האט ער באפוילען, —
מיר פאהרען גלייך אפ.

יעדער שקלאף איז זיך געגאנגען צו זיין פלאץ. דער אויפזעהער האט
איטליכען צוגעקעטעלט צום רודער. די אנקערס זיינען אויפגעהויבען געווארען,
און די שיף האט זיך גערירט פון ארט.

א שרעק איז אויף אלעמען געלעגען. זייערע פנים'ער זיינען בלאס געווען.
די הערצער האבען שטארק געקלאפט און א טרויער צומישט מיט זארג
האט אלעמען בעהערשט...

ווען די שיף אבער האט זיך עטוואס דערווייטערט פון דעם פלאץ, און
מען האט שוין מעהר נישט געקענט זעהן דעם וואולקאן, יינען אלעמענס גע־
מיטהער געווארען לייכטער. און די האפנונג דאס זיי וועלען טרעפען רוים נישט
געריהרט, איז ביי יעדען שטארקער געווארען.

די שקלאפען האבען געארבייט מיט מעהר מוטה, און די שיף איז גע־
שוואומען אויפ'ן שטילען ים אין דער ריכטונג צו דער הויפט־שטאדט רוים.

מאנילוס וועלכער איז די גאנצע צייט געווען שטארק בעזארגט, טאמער
וועט זיך דער קאפיטאן אומקעהרען צוריק נאך יפו, איז יעצט פרעהליכער גע־
ווארען. ענדליך וועט ער זיך באלד געפינען אין רוים... ער האט זיך דערמאהנט
ווי די צוויי אידישע שקלאפען האבען געזעהן אין דעם וואולקאן־אויסברוך א
נקמה אויף רוים, האט ער בעשלאסען דאס ער וועט איבערגעבען דעם קאפיטא
וואס ער האט געהערט די צוויי אידישע שקלאפען ריידענדיג צווישען זיך אין דער
נאכט ווען דער אומגליק האט פאסירט.

— וואוהין געהסטו? — האט אקטאוויא געפרעגט איהר ברודער, וויזן זי

האט איהם געזעהען געהענדיג אין דער ריכטונג פון דעם קאפיטאן׳ס קאיוטע.
— איך געה צום קאפיטאן, איך וויל מיט איהם עפּעס ריידען.
— וועגען וואס?
— איך וויים, אז אויב איך וועל דיר דערצעהלען וועסטו מיר נישט לאזען געהן, — האט מאנילוס געענטפערט.
— ווילסטו האבען סודות פון מיר? — האט אקטאוויא געפרעגט ברוגז׳דיג.
— ניין, איך וועל דיר נישט לאזען געהן אויב דו וועסט מיר נישט דערצעהלען וועגען וואס עס האנדעלט זיך דא.
— איך וועל דיר דערצעהלען, — האט מאנילוס געזאגט, — אבער געדענק, דו זאלסט מיר נישט אפּהאלטען דאס צו טהאן.
— דו דערצעהל נאר, און דאן וועל איך זעהן.
— איך געה דערצעהלען דעם קאפיטאן, וואס די צוויי אידישע שקלאפען האבען צווישען זיך גערעדט, — האט ער געזאגט, — יענע נאכט ווען אלע געטרייע רוימישע בירגער האבען געטרויערט, האבען זיי זיך גאר געפרעהט, און געזעהן אין דעם אומגליק גאט׳ס נקמה איבער רוים. זיי זיינען פאררעטהער און זיי מוזען בעשטראפט ווערען...
— הער זיך איין, מיין ברודער, — האט זיך אקטאוויא נעלאסען אפּגערופען, — איך וויל דיר נור פרעגען, וואס וועט דיר ארויסקומען דערפון ווען דער קאפיטאן זאל בעשטראפען די צוויי אונגליקליכע אידישע שקלאפען. פאר וואס זאל עס זיין אין דיין נאטור צו טהאן יענעם שלעכטס אנשטאט גוטעס?
— ערשטענס, — האט מאנילוס געענטפערט, — וויל איך איבערצייגען דעם קאפיטאן ווי געטריי און איבערגעבען איך בין דעם רוימישען פאלק, און צווייטענס, אויב אזעלכע נידעריגע שקלאפען קענען וואגען זיך אזוי אויסצודריקען וועגען רוים, זיינען זיי פאררעטהער, און אויב זיי וועלען נישט ווערען בעשטראפט, דאן קענען זיי נאך עפּעס אפּטהאן צו אונזער שיף און ברייננען א גרויסען אונגליק אויף אונז אלעמען. יעצט זעהסטו אז עס איז מיין פליכט צו געהן און דערצעהלען דעם קאפיטאן וועגען אלעס וואס איך האב געהערט.
— יא, מיין ברודער, דו ביזט גערעכט, — האט אקטאוויא געזאגט, — דו דארפסט טאקע געהן דערצעהלען, אבער פארגעס נישט אויך איהם צו דערצעהלען, אז דיין אייגענע שוועסטער האט יענע נאכט געהאט דיזעלבע געפיהלען ווי די צוויי אידיש שקלאפען... דערצעהל איהם אז דיין שוועסטער האט זיך אויך שטארק געפרעהט אין הארצען, און האט אין דעם רוימישען חורבן אויך גע־זעהן דעם צארן פון דעם גאט פון יהודה און זיין נקמה איבער רוים...
מאנילוס איז בלאס געווארען.
— וואס מיינסטו? — האט ער איהר געפרעגט.
— גאנץ איינפאך, — האט איהם אקטאוויא געענטפערט, — אויב דו געהסט פאר׳מסר׳ן די צוויי שקלאפען, פאר׳מסר מיר אויך. און אויב דו וועסט עס נישט טהאן, וועל איך אליין דעם קאפיטאן זאגען, דאס אויב ער וויל בעשטראפען די אידישע שקלאפען, זאל ער מיר אויך בעשטראפען, ווייל איך האב געטראכט דיזעלבע זאך וואס זיי האבען צווישען זיך גערעדט...
— אקטאוויא! — האט מאנילוס אויסגעשריען, — ווילסטו אונז ביידען אומגליקליך מאכען! וואס רעדסטו? ווי אזוי וועסטו עס קענען טהאן אזא זאך.

— און אומגליקליך מאכען די אזוי אויך צוויי אומגליקליכע אידען איז ביי דיר גארנישט, — האט אקטאוויא מיט צארן געזאגט, — געה! דו קענסט געהן צום קאפיטאן און איך וועל שוין וויסען וואס צו טהאן.

מאנילוס האט זיך נישט געריהרט פון ארט. ער האט זיך ארומגעזעהן אז זיין שוועסטער איז זעהר ערנסט און זי וועט זיכער טהאן ווי זי האט איהם געדראהעט. ער האט געביסען די ליפען פון כעס און זיך אפגערופען:

— שא, בארוהיג זיך! איך געה שוין נישט צום קאפיטאן, נאר איין זאך וועל איך דיר זאגען, מיין שוועסטער, אז דו וועסט מיט דיין איינגעווארצעלטע אידישע נשמה נאך ברייגגען אויף אונז א גרויסען אומגליק...

— אויב דו ווילסט זיך פערהיטען פון צרות, — האט איהם אקטאוויא געענטפערט, — דאן דארפסטו זעהן נישט גורם צו זיין צרות צו א צווייטען.

* * *

מיט עטליכע טעג שפעטער איז די שיף צוגעשוואומען צו דעם טייך טיבער וואס איז געווען בלויז פערצעהן מייל פון רוים.

די שמחה איז ביי אלעמען געווען זעהר גרויס, ווען זיי האבען פון ווייטען דערזעהען די שטאדט רוים נישט באריהרט. אלע האבען געקניהט און געבוקט, אפגעבענדיג א לויב-געזאנג צו יופיטער'ן.

דער קאפיטאן איז געווען דער ערשטער וועלכער האט געבראכט די טרויער־ריגע נאכריכט פון די חרוב'ע צוויי רוימישע שטעדט, פאמפיי און הערקולאנעאום.

טיטוס האט בעשטימט א וואך פון טרויער איבער דעם אומגליק, און דער אמפי־טעאטער, דער נייער קאליזעאום, און די איבריגע פערוויילונגס פלעצער זיינען געשלאסען געווארען אויף איין וואך.

ועכצעהנטער קאפיטעל

# דער טעות

די גאנצע צייט וואס רחל איז געלעגען אין בעט, איז עקיבא ארומגעגאנ־גען פארטרויערט און פארזארגט... א גרויסען באגעהר האט ער געהאט: נאר איין מאל אויף איהר א קוק צו טהאן.

— באשעפער פון די הימלען און ערד, — האט עקיבא מתפלל געווען, — שיק דאך דיין רפואה צו דער נאבעלער גוטער רחל... א, גאט, איך בין גרייט מיין לעבען מקריב צו זיין פאר איהר, די היילינע טאכטער פון יהודה.

דעם גאנצען טאג ווען עקיבא איז געווען אין פעלד מיט די שאף, האט ער נישט אויפגעהערט צו טראכטען וועגען רחל'ן. ווען דער אבענד איז אנגעקומען איז עקיבא זעהר אונגעדולדיג געווארען... ער האט שנעל צוזאמענגעטריבען די שאף און זיך געאיילט אהיים... אפשר איז שוין רחל אראפ פון בעט, און ער וועט האבען א געלעגענהייט זי צו זעהן.

ווען ער איז צוריקגעקומען פון פעלד, האבען זיינע אויגען גענומען וואנ־דערען ארויף צו, וואו רחל'ס פענסטער געפינט זיך. אבער ער איז ענטטוישט געווארען...

— זי איז נאך קראנק, — האט א טרויעריגע מחשבה איהם גענומען עגבערען, — זי איז קראנק געווארען צוליעב איהם. איהר פאטער האט דאך געזאגט, דאס זי האט זיך זעהר פיעל אויפגערעגט ווען זי האט דערזעהען ווי יוליוס און מאנילוס האבען איהם געשלאגען... כלבא שבוע האט נאך דאן צוגעגעבען דאס זיין טאכטער האט אזא צארטע נשמה און זי ליידעט זעהר פיעל ווען זי זעהט אז אימיצער ווערט געפייניגט.

עקיבא האט ביי זיך בעשלאסען צו פרעגען פנינה'ן, רחל'ס קאמער־מיידעל, וואס רחל מאכט און ווי זי פיהלט זיך. אבער ווען ער האט פנינה'ן דערזעהען און בעמערקט ווי זי קוקט אויף איהם מיט פארדעכטיגע אויגען, ווי זי וואלט לייענען וואס ביי איהם אין הארצען טהוט זיך, האט ער זיך פארלארען און נישט געוואגט איהר צו פרעגען...

— ווען נחמה וועט קומען בעדיענען רחל'ן, — האט עקיבא געטראכט, — דאן וועט איהם זיין גרינגער פון איהר אויסצוגעפינען וועגען רחל'ן... זי איז נישט אזוי פיעל איבערגעשפיצט ווי פנינה, און וועט איהם געוויס אין גארנישט חושד זיין.

— קענסטו מיר פיעלייכט זאגען ווען דיין פריינדין נחמה וועט אנפאנגען ארבייטען דא אין הויז? — האט עקיבא געפרעגט ביי פנינה'ן.

— ווי איך האב געהערט, וועט זי שוין דא זיין מארגען אין דער פריה, — האט פנינה געענטפערט מיט א שמייכעל, אבער מיר וואונדערט זיך וואס דו ווייסט וועגען דעם גארנישט, האט זי דיר דען נישט דערצעהלט אז זי איז דא געווען און דער הארר האט איהר געהייסען קומען מארגען אין דער פריה?...

— ניין, — האט עקיבא געענטפערט, — איך הער דאס דעם ערשטען מאל פון דיר.

— נו, ווייסטו פיעלייכט ווען די חתונה וועט פארקומען, — האט פנינה געלאכט, — דוכט זיך, זי איז מיין בעסטע פריינדין, און פון דעסטוועגען האט זי נישט געפונען פאר נויטיג מיר צו דערצעהלען, דאס זי געהט אין גיכען חתונה האבען...

— פיעלייכט האט זי זיך געשעהמט וועגען דעם מיט דיר צו ריידען, — האט עקיבא איהר פארענטפערט.

— מיר דוכט זיך, דאס זי האט זיך נישט וואס צו שעהמען מיט איהר חתן, — האט פנינה מיט א שמייכעל געזאגט, דיינקענדיג דערביי דאס זי גיט עקיבא'ן דאמיט א קאמפלימענט.

— ניין, איך גלויב אויך אז זי האט זיך מיט איהם נישט וואס צו שעהמען, — האט עקיבא געזאגט, — ער איז זעהר א גוטער און עהרליכער מאן.

— דאס זאגסטו אזוי, — האט פנינה זיך פאנאנדערגעלאכט, — די פראגע איז אבער, צי נחמה האט אויך דעם זעלבען מיינונג פון איהר חתן ווי דו האסט עס.

— איין זאך ווייס איך אויף זיכער, דאס זי ליעבט איהם, און איהר חתן ליעבט איהר זעהר פיעל, וועלען זיי מסתמא ביידע גליקליך זיין.

— פון גאנצען הארצען ווינש איך מיין בעסטע פריינדין גליק... איך ביז מעהר נישט ווי אויף איהר עטוואס ברוגז, וואס זי האט מיר גאר וועגען דעם נישט דערצעהלט...

— נו, יעצט ווען זי וועט ארבייטען צוזאמען מיט דיר אין דעם זעלבען הויז, וועט זי שוין פון דיר קיינע סודות נישט האבען.

— און פון דיר געווים נישט, — האט פנינה געזאגט. און איז אוועקגעגאנגען.

עקיבא איז געבליבען שטעהן א ווייל און געקוועטשט מיט די פּלייצעס. עפּעס האט ער רחל׳ס קאמער־מיידעל גארנישט געקענט פערשטעהען... זאל עס מעגליך זיין, אז זי פארשטעהט זיינע געפיהלען... זי רעדט צו איהם ווי זי וואלט געוואוסט וואס עס טהוט זיך ביי איהם אין הארצען... ער איז צופרידען וואס ער האט צו איהר רחל׳ס נאמען נישט דערמאהנט. זי וואלט דאן געווים פון איהם חוזק געמאכט... ער וועט שויןווארטען ביז מארגען ווען נחמה וועט קומען ארבייטען פאר רחל׳ן און פון איהר וועט ער אלעס קענען דערגעהן.

פנינה האט געוואוסט ווי נייגעריג רחל איז צו הערען נייעס וועגען עקיבא׳ן און נחמה׳ן; זי איז דאריבער גלייך אריין צו איהר אין צימער און איהר איבערגעגעבען דעם געשפּרעך וואס זי האט געהאט מיט עקיבא׳ן:

עקיבה האט זיך יעצט ביי מיר נאכגעפרעגט וועגען נחמה׳ן, — האט פנינה געזאגט צו רחל׳ן.

רחל איז געזעסען אין איהר בעט און עפּעס אויסגענעהט. איהרע געדאנקען זיינען געווען פערנומען מיט עקיבא׳ן... זי ליעבט דאך איהם נאך שטארקער, כאטש זי ווייס אז ער וועט שוין צו איהר קיינמאל נישט געהערען. זי וויל ער זאל גליקליך זיין. זי וועט זעהן שטארק מקרב צו זיין נחמה׳ן, זיין כלה. אויב זי קריגט עקיבא׳ן פאר איהר מאן, מסתמא פארדיענט זי איהם. עס איז וואהרשיינליך אזוי באשערט פון הימעל...

רחל האט בעשלאסען צו מאכען זיי א מתנה צו זייער חתונה. די גאנצע צייט וואס זי איז געלעגען צום בעט האט זי אויסגעשטריקט און אויסגענעהט פערשידענע שעהנע זאכען... זי וועט זיי דאס אלעס איבערגעבען צו זייער חתונה.

רחל איז זעהר נייגעריג געווארען צו זעהן נחמה׳ן. זי האט נאך איהר קיינמאל נישט געזעהען. מיט גרויס אומגעדולד האט זי געווארט אויף דעם מארגענדיגען טאג, ווען נחמה האט געזאלט אנפאנגען צו ארבייטען ביי זיי אין הויז.

דאריבער ווען פנינה האט איהר דערמאהנט נחמה׳ס נאמען, האט רחל זיך איינגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאמקייט.

— וואס האט ער מיט דיר גערעדט וועגען איהר? — האט רחל איהר געפרעגט.

— ער האט מיך געפרעגט ווען נחמה פאנגט דא אן צו ארבייטען. און איך האב איהם געפרעגט פאר וואס נחמה האט נישט געפונען פאר נויטיג מיר צו דערצעהלען דאס זי געהט אין גיכען חתונה האבען — — —

— נו, וואס האט ער דיר געזאגט?

— ער האט מיר געענטפערט, אז מסתמא האט זי זיך געשעהמט מיר עס צו דערצעהלען.

— דו זעהסט, — האט איהר רחל אונטערבראכען, — אט דאס נעה איך אויס א זיידענע דעקע, א מתנה פאר נחמה׳ן צו איהר חתונה מיט עקיבא׳ן...

זי איז דאָך אזא אָרימע אומגליקליכע מיידעל... יעצט אָבער דאַרף זי זיך שעצען זעהר גליקליך, ווייל זי קריגט אזא שעהנעם העלדישען מאַן.

— ווי עס ווייזט אויס, איז עקיבא זעהר שטארק פערליעבט אין איהר, — האָט פנינה בעמערקט, — ער האָט מיר דערצעהלט אז נחמה איז אין איהם אויך זעהר שטארק פערליעבט...

— האָט ער זיך גאָר נישט נאָכגעפרעגט ביי דיר אויף מיר? — האָט רחל איהר געפרעגט, — ער ווייס דאָך וואַרשיינליך אז איך בין נישט געזונד, או האָט דיר די גאַנצע צייט גאָרנישט געפרעגט וועגען מיר?

— ניין, — האָט פנינה א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ, — ער האָט וועגען מיין חאַרענטע גאָר נישט געפרעגט.

רחל'ן האָט שטארק פאַרדראָסען וואָס עקיבא האַלט אפילו נישט פאַר נויטיג זיך נאָכצופרעגען אויף איהר געזונד.

— יאָ, יאָ, — האָט זי בעמערקט מיט אומעט, — ווען איינער איז פערליעבט, עקזיסטירט פאַר איהם קיינער נישט אויסער די ליעבענדע פערזאָן...

* * *

ווען יורם האָט דערהערט אז עקיבא'ן איז געלונגען צו קריגען א שטעלע פאַר נחמה'ן ביי כלבא שבוע אין הויז, איז ער געוועזען העכסט גליקליך. יעצט אז נחמה האָט א שטעלע ביי דעם גוטען כלבא שבוע, וועט איהם קיין שטערונג נישט זיין מיט איהר חתונה צו האָבען. ער האָט שוין יוליוס ווערנוס'ן לאנג פערלאָזען און איז אוועק צום אלטען מאַן בעאַרבייטען זיין פעלד.

דער אלטער איז געוועזען שטארק צופריעדען וואָס ער האָט אריינגעקראָגען יורם'ן אלס שותף, יעצט וועט שוין זיין פעלד נישט פוסטעווען, און ער אליין וועט שוין מעהר נישט זיין אזוי עלענד. ער האָט אָפּגעגעבען יורם'ן א פּלאַץ ביי זיך אין הויז, און יורם האָט ביי איהם גענעכטיגט.

אויף מאָרגען גאַנץ פריה, ווען נחמה האָט געדאַרפט אָנפאַנגען אַרבייטען ביי כלבא שבוע איז יורם צוגעקומען צו יוליוס ווערנוס'ס הויז וואו ער האָט שוין געטראָפען זיין כלה נחמה וואַרטענדיג אויף איהם.

— איך האָף, מיין ליעבענדע, נחמה, — האָט איהר יורם געקושט, — אז דו וועסט לאנג נישט דאַרפען אַרבייטען, אויב גאָט וועט געבען און די תבואה פון אונזער פעלד וועט זיין געראָטען דעם יאָהר, וועל איך קענען אָפּשפּאָרען עטליכע שקלים און מיר וועלען קענען דינגען א דירה הינטער'ן שטאָדט און וואָהנען צוזאמען. איך וועל קויפען א קוה און מיר וועלען האָבען מילך, פּוטער און קעז, ברויט וועלען מיר האָבען פון דעם פעלד.

טרעהרען פון פרייד האָבען זיך בעוויזען אין נחמה'ס אויגען.

— יאָ, מיין טהייערער יורם, — האָט זי געזאָגט, — איך וואָלט זיך געפיהלט העכסט גליקליך צו עסען ברויט מיט וואסער, אבי נישט צו זיין אין דער פרעמד... כאָטש מיין פריינדין פנינה האָט מיר געזאָגט, אז ביי כלבא שבוע'ן אין הויז פיהלט זי ווי ביי זיך אין דער היים, פונדעסטוועגען גלויב איך אז ווען מען איז פערהייראַט איז פיעל בעסער צו וואָהנען פאַר זיך און זיין מיין אייגענע בעל־הבית'טע.

— געוויס, מיין טייבעלע, — האָט יורם איהר געזאָגט, — ווי נאָר איך וועל האָבען עטליכע שקלים וועל איך שוין זעהן דיר צו מאַכען פאַר מיין

בעל הבית'טע... דו ווייסט, מיין ליעבע נחמה, איך האב שוין געקראגען דעם קידושין רינג... דער אלטער האט מיר אויסגעבארגט דאס געלד. און אם ירצה השם דעם קומענדען שבת צו־נאכט, וועלען מיר אריינגעהן צום היגען רב און ער וועט אונז אויף אייביג פעראייניגען.

נחמה'ס פנים האט אויפגעלויכטען:

— א נו, לאמיך נאר אנקוקען דעם רינג, — האט זי ביי איהם געבעטען.

יורם האט איהר געצייגט דעם רינג.

— איך האף דאס פון כלבא שבוע'ס הויז וועט מען מיר ערלויבען אוועקצוגעהן אויף דעם שבת אבענד, — האט נחמה געזאגט.

— וועגען דעם דארפסטו נישט זארגען, — האט יורם געענטפערט, — כלבא שבוע איז נישט יוליוס ווערנוס, ווען דו וועסט דארטען דערצעהלען אז דו געהסט הייראטען, וועט מען דיר ניט נאר לאזען געהן, נאר מען וועט דיר נאך אויך געבען א חתונה מתנה... זעלטען קען מען געפינען אזעלכע גוטע דימענטענע מענשען ווי כלבא שבוע און זיין טאכטער.

— יעצט וועל איך ארונטערטראגען מיינע פעקלעך, — האט זיך נחמה אפגערופען, — און דו וועסט מיר העלפען צוטראגען צו כלבא שבוע'ס הויז.

— יוליוס ווערנוס האט דיר גארנישט געזאגט ווען ער האט זיך דערוואוסט אז דו געהסט איהם פערלאזען?

— ניין, איך פערשטעה אז ער איז נאך גאר צופריעדען, יעצט אז זיין זוהן און טאכטער זיינען אוועקגעפאהרען נאך רוים, דארף ער גארנישט אזוי פיעל דיענערשאפט. נאר איין זאך ווייס איך, דאס ער באדויערט וואס דו ביזט אוועק פון איהם. איך האב איהם פיעל מאל געהערט דערמאהנענדיג דיין נאמען און זאגענדיג "אזא פאסטוך ווי יורם איז שווער צו קריגען אין דער יעצטיגער צייט". דאס האב איך איהם אליין געהערט זאגען.

— וועלכער איד מיט זעלבסטווירדע וועט וועלען ארבייטען ביי אזא מאן, — האט יורם געזאגט, — אזא עהרליכען טרייען פאסטוך ווי עקיבא האט ער פון זיך פערטריבען צוליעב א נארישקייט. אליין פיהרט ער זיך אויף ווי אן אמת'ער גוי, א רוימער... און ער וויל נאך ארויפצווינגען אויף זיינע דיענער אלע רוימישע מנהגים... קום, מיין טחייערע, איך בין זיכער אז קיין חרטה וועסטו געווים נישט האבען פאר דיין אוועקגעהן פון איהם.

יורם האט צוגעפיהרט נחמה'ס פעקלעך צו כלבא שבוע'ס הויז, און האט זיך מיט נחמה'ן געזעגענט און איהר געוואונשען גליק אויף איהר נייעם פלאץ, און איז אוועקגעגאנגען.

ווען נחמה איז אריינגעקומען צו כלבא שבוע אין הויז, איז שוין רחל ארונטער פון בעט. דער פאטער האט איהר געפרואווט איינריידען צו ליגען נאך א טאג אין בעט, אבער רחל האט איהם געזאגט דאס זי פיהלט זיך פאלקאם געזונד.

רחל האט זיך גענומען ביסלעכווייז צוגעוואוינען צום געדאנק, אז עקיבא וועט קיינמאל נישט קענען געהערען צו איהר. איהר ליעבע צו איהם איז אבער נישט אפגעשוואכט געווארען. זי וועט זעהן, דאס ער זאל גליקליך זיין... איהר ליעבע צו איהם איז נישט עגאאיסטיש; זי ליעבט איהם מיט איהר גאנצע וועזען און זיין גליק וועט איהר גיליקליך מאכען.

רחל האָט בעשלאָסען צו בעטען איהר פאטער ער זאָל עקיבא'ן מיט נחמה'ן געבען א געלד־מתנה צו זייער חתונה. אין דעם זעלבען טאָג האָט זי זועגען דעם גערעדט מיט כלבא שבוע.

— פאטער, —האָט זי געזאָגט, — אונזער פאסטוך עקיבא געהט הייראטען מיט מיין נייער קאמער־מיידעל נחמה. זיי זיינען ביידע זעהר ארים, קענסטו פיעלייכט זיי געבען עטוואס געלד, אלס א מתנה צו זייער חתונה און דאמיט פארגרינגערען זייער שווערע לאגע...

— מיין ליעבע טאָכטער, — האָט כלבא שבוע איהר געענטפערט, — דו ווייסט דאָך, אז ווען עס האנדעלט זיך אין מצוות, לאָז איך דאָס איבער אין דיינע הענד... וויפיעל דו ווילסט זאָלסטו זיי געבען און איך וועל זיין העכסט צופריעדען.

רחל האָט בעדאנקט איהר פאטער פאר זיין גוטסקייט און זי האָט בע־שלאָסען צו געבען נחמה'ן א היבשע סומע געלד, זי און איהר מאן זאָלען נישט האָבען קיין דחקות...

פנינה האָט אנגעזאָגט רחל'ן אז נחמה איז דא.

— שיק איהר גלייך אריין צו מיר, — האָט רחל געזאָגט.

נחמה איז אריין אין דעם צימער וואו רחל איז געזעסען, און האָט זיך פאר איהר פארנייגט.

— איך האָב זעהר פיעל געהערט וועגען דיר, — האָט איהר רחל געזאָגט, — און איך בין העכסט צופריעדען דאָס דו וועסט זיין מיט מיר צוזאמען. איך האָב אויך געהערט אז דו האָסט א סך געליטען ביי דיין פריהערדיגען האָרר; מען האָט דיר פאלש בעשולדיגט און דיר אומזיסט געפייניגט...

— יא, — האָט נחמה געזאָגט מיט א שמייכעל, — איך האָב געליטען, אבער דער ליעבער גאָט האָט מיר דערפאר באלוינט...

— ווי איך זעה, ביזטו יעצט גליקליך, — האָט איהר רחל געזאָגט.

— יא, מיין הארינטע, זעהר גליקליך. איך האָב דורך מיינע ליידען גע־קראָגען דעם העכסטען גליק אין מיין לעבען. איך האָב געקראָגען דעם וועלכער איז מיר באשערט געווען פון הימעל.

— א, יא, — האָט רחל געענטפערט, — איך האָב געהערט אז דו געהסט אין גיכען חתונה האָבען, אויב אזוי ווינש איך דיר גליק, און איך מוז דיר זאָגען, אז דו קריגסט איינעם פון די בעסטע און נאָבעלסטע מענשען פון אונ־זער פאָלק...

— קען דען מיין הארינטע מיין חתן? — האָט נחמה פערוואונדערט געפרעגט.

רחל האָט איהר אנגעקוקט ערשטוינט. ווי נאאיוו נחמה איז. גלויבט זי דען אז זי קען נישט עקיבא'ן דעם פאסטוך פון איהר פאטער.

— נו, וואס פאר א פראגע, — האָט רחל געזאָגט, — געוויס קען איך איהם. דו דארפסט זיכער שטאָלצירען מיט אזא בראווען און העלדישען מאן ווי דיין חתן איז.

— און דאָס אלעס האָב איך צו פערדאנקען דעם פאסטוך פון מיין הארינטע, עקיבא'ן, — האָט נחמה א גליקליכע געזאָגט.

— נו, געוועהנליך, — האָט רחל געלאכט, — ווען נישט עקיבא...

— איך מיין, — האָט זיך נחמה געוויטעלט, — אַז עקיבא האָט מיינע אויגן געעפּענט... ער האָט מיר איבערצייגט וואָס פאַר אַ נאַבעלער מאַן מיין יורם איז...

— יורם ?! עפּעס פאַרשטעה איך דיך נישט, נחמה, — האָט רחל געשטוינט, — רופסט מען דען עקיבא'ן אויך יורם ?!...

— ניין, מיין הארינטע, איך מיין יורם, מיין חתן!

— וואָס?! — האָט רחל איהר אָנגעקוקט, — איז דען נישט עקיבא דיין חתן?!

— עקיבא, מיין חתן?! אַ, ניין, דאָ מוז זיין אַ טעות, — האָט נחמה אַ פאַרשעהמטע געזאָגט, — דורך עקיבא'ן האָב איך געקראָגען מיין יורם'ן.

רחל איז געבליבען שטעהן אַ פערגאַפטע... איהר איז אויסגעקומען אַז זי חלום'ט גאָר... איז דאָס מעגליך דאָס זי האָט די גאַנצע צייט געלעבט אין טעות? אַבער ניין, האָט פנינה דען נישט איהר דערצעהלט ווי עקיבא איז פערליעבט אין נחמה'ן. זי וועט דאָך דאָס פון קאָפּ נישט אויסטראַכטען...

— דו מוזט מיר די גאַנצע זאַך ערקלעהרען, — האָט זיך רחל אָפּגערופען מיט אַ שטראַהלענדען פּנים, — איז דען עקיבא קיין מאָל דיין חתן נישט געוועזען?

— ניין, — האָט נחמה געענטפערט.

— טו ווי אַזוי קומט עס דאָס מיין קאַמער־מיידעל פנינה זאָל מאַכען אַזאַ טעות!... זי איז דאָך געוועזען זיכער אַז דו ביזט פערליעבט אין עקיבא'ן. דערצעהל דאָך מיר ליעבע נחמה, ווי אַזוי דאָס איז פאָרגעקומען.

רחל האָט צו איהר גערעדט אַזוי ליעבליך און פריינדליך אַז נחמה האָט געפיהלט צו איהר הארינטע ווי צו אַן אייגענע שוועסטער און האָט פאַר איהר געעפענט דאָס האַרץ:

— איך מוז זיך מודה זיין, — האָט זי געזאָגט, — דאָס איך האָב יורם'ן פון אָנפאַנג נישט געליעבט... יורם פלעגט יעדען טאָג מיר אויפזוכען און זיך אין ליעבע ערקלעהרען. אַבער איך האָב איהם זעהר קאַלט עמפּפאַנגען. און ווען יוליוס האָט מיר בעשולדיגט אין צוברעכען יופּיטער'ס נאָז, און עקיבא האָט זיך אין דעם מוחה געוועזען, האָט זיך מיר געדוכט, דאָס עקיבא איז אין מיר פערליעבט, און כאָטש ער איז אויך געוועזען אומשולדיג אין דעם, האָט ער אויף זיך גענומען די שולד כדי מיר צו באַפרייען... באַלד נאָכדעם ווי עקיבא איז געוואָרען דער פאַסטוך פון מיין הארינטע'ס שאָף, בין איך אַוועק צו איהם אין פעלד און איהם בעדאַנקט פאַר זיין גנאַדע וואָס ער האָט מיט מיר געטהאָן, ווען ער האָט זיין לעבען אין סכנה געשטעלט אום מיר צו בעפרייען. עקיבא האָט מיר געזאָגט, אַז איהם קומט נישט קיין דאַנק, נאָר יורם'ן, וועלכער האָט זיך אין מיר געליעבט, ווייל ווען יורם האָט דערהערט אַז יוליוס בעשטראָפט מיר, האָט ער אויף זיך געוואָלט נעהמען די שולד, כדי מיר צו באַפרייען. אַבער אַזוי ווי עקיבא האָט דאָס געטהאָן, האָט ער נישט געוואָלט אַז זיין פריינד זאָל ליידען אומזיסט, איז ער דאריבער אַוועק און זיך מודה געוועזען... יעצט זעהט מיין הארינטע ווי עקיבא האָט מיינע אויגען געעפענט...

— איז דיין חתן יורם, עקיבא'ס גוטער פריינד, — האָט רחל איהר געפרעגט.

— יא, זיי האָבען פינף יאָהר צוזאמען געדיענט יוליוס ווערנוס'ן, זיי פלעגען שלאָפען און עסען צוזאמען, און ווען יורם האָט איהם געבעטען ער זאָל זיך משתדל זיין צו קריגען פאַר מיר די שטעלע אין מיין האַרינטע'ס הויז, האָט ער עס גלייך געטהאָן... און איך בין איהם זעהר דאַנקבאַר פאַר דעם, ווייל מיין לעבען איז מיר נמאס געוואָרען אין יוליוס'ס הויז.

— אַ, יעצט פאַרשטעה איך! — האָט רחל געשטראַהלט פון גליק, — יעצט פאַרשטעה איך אַלעס!... מיין ליעבע נחמה, איך ווינש דיר גליק פון מיין גאַנצען האַרצען...

רחל האָט איהר אַרומגענומען און בעדעקט מיט קושען.

נחמה איז אַזוי גערירט געוואָרען פון רחל'ס גוטסקייט און האַרציגקייט, דאָס זי האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט...

— וויין נישט, מיין ליעבע נחמה, — האָט רחל אַנגענומען איהר האַנד, — דו דאַרפסט זיך שעצען די גליקליכסטע אין דער וועלט. דו ליעבסט, און דיין ליעבע ווערט פאַרווירקליכט... דאָס לעבען איז פוסט און ווערטהלאָז ווען עס איז נישט בעציערט מיט די בלומען פון ליעבע...

רחל האָט דערפיהלט אַז איהר גליק איז איהר צוריק אַנטקעגענגעקומען... עקיבא, וועמען זי האָט ליעב פון דער טיעפעניש פון איהר נשמה, האָט גאַר קיינמאָל נישט געליעבט נחמה'ן... זיין האַרץ איז פריי... ער האָט נאָר אַ טובה געטהאָן זיין גוטען פריינד... ער האָט דאַמיט נאָך מעהר געשטיגען אין איהרע אויגען; ער איז אַזוי נאָבעל און גוט האַרציג... זוי גליקליך זי פיהלט זיך... איהר גאַנצער קערפער וויברירט פון דעם הימעלשען גליק, אין אַלע איהרע גליעדער האָט זיך צוזונגען דאָס געזאַנג פון ליעבע...

— פאַטער, ליעבער פאַטער, — האָט רחל אַרומגענומען איהר פאַטער און געהאַלזט און געקושט, — איך בין דאָך אַזוי גליקליך, איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געפיהלט אַזוי פריש, מונטער און געזונד... דו ווייסט, מיין נייע קאַמער־מיידעל, נחמה, איז דאָך אַזאַ וואוילע, אַזאַ גוטע, איך בין העכסט צופריעדען פון איהר...

— מיין ליעבע געטרייע טאָכטער, — האָט איהר כלבא שבוע אַ קוש געטהאָן אין קאָפּ, — דו ביזט אַלעס וואָס איז מיר געבליבען אין דער וועלט, דיין גליק איז מיין גליק! מיר פרעהט זעהר צו זעהן דיר אין אַזאַ פרעהליכען און געזונדען צושטאַנד... דער עווינער האָט דיר געבענשט מיט אַזאַ שעהנע ריינע נשמה, מיט אַזאַ ווייכע צערטליכע האַרץ, און ווען דיר געלינגט אימיצען עטוואָס גוטעס צו טהאָן, מאַכט עס דיר גליקליך...

— אַ, פאַטער, — האָט איהם רחל אונטערבראָכען, — דו ווייסט, עקיבא איז דאָך נישט נחמה'ס חתן. דאָס איז געווען אַ טעות!... נחמה'ס חתן איז גאָר עקיבא'ס פריינד מיט'ן נאָמען יורם...

כלבא שבוע האָט געשמייכעלט. וואָס פאַר אַן אינטערעס זיין טאָכטער נעהמט עס אין יעדען איינציגען בעזונדער... עס איז שוין צייט אַ קלעהר צו טהאָן וועגען איהר צוקונפט...

דאָ האָט זיך כלבא שבוע דערמאָהנט אַז רבי גמליאל דעם צווייטען, וועמען ער האָט אונטערשטיצט דאָס ער זאָל ווערען דער עלטסטער פון דער סנהדרין אין יבנה. יאָ, אַ וואוילער יונגערמאַן איז רבן גמליאל, ער צייכענט זיך אויס

נישט נאָר אלס גוטער לעהרער, נאָר אויך אלס פעהיגער פיהרער. אויסער זיין טיעפען וויסען אין דער תורה, קען ער אויך די רוימישע און גריכישע שפּראַכען; דערצו איז ער גוטהערציג און נאָבעל.

כלבא שבוע האָט בעשלאָסען אז נאָך גאָר אין גיכען וועט ער מיט זיין טאָכטער אראָפּפאָהרען נאָך יבנה, דאָרטען וועט ער זיך זעהן מיט רבי גמליאל. און נאָכדעם ווען ער וועט אָפּצאָהלען זיין יעהרליכען נדר, וואס ער האָט צוגע־זאָגט פאַר דער ישיבה פון יבנה, וועט ער ריידען מיט איהם וועגען רחל'ן. ער איז זיכער אז רבי גמליאל וועט זיין העכסט גליקליך צו קריגען זיין טאָכטער פאַר א פרוי. בעזיצט דען נישט זיין טאָכטער אַלע מעלות פון אַן אמת'ע בת ישראל... זי איז צויבערנד שעהן, קלוג, געלערנט און בעשיידען... דערצו איז זי דאָך יעצט זיין איינציגעס קינד און זיין גאַנצען פאַרמעגען וועט ער איהר אוועקגעבען.. .יא, ער טאָר די זאַך נישט אָפּלעגען.

— דו ווייסט, רחל, — האָט איהר כלבא שבוע געזאָגט, — יעצט, געלויבט דער בעשעפער, אז דו פיהלסט זיך פאָלקאָם געזונד, וועל איך מיט דיר צופאָהרען נאָך יבנה... איך וועל אָפּגעבען מיין יעהרליכע נדבה צו דער ישיבה...

— פאָטער, צוויי יאָהר וועט גאָר אין גיכען ווערען, זינט מיר אידען האָבען פערלאָרען אונזער הייליגען רבי'ן און גרויסען פיהרער, רבי יוחנן בן זכאי, אונזער פערלוסט איז זעהר גרויס, ווייל קיין אנדערער איז נישטאָ וועד עס זאל קענען פאַרנעהמען זיין פּלאַץ...

— ניין, מיין טאָכטער, אזא הייליגען מאַן ווי רבי יוחנן בן זכאי, וועלען מיר אזוי גיך נישט קריגען, אָבער רבי יוחנן האָט איבערגעלאָזען א גוטען נאָכ־פאָלגער, און דאָס איז רבי גמליאל דער צווייטער, ווייסטו וועמען איך מיין?

— ניין, — האָט רחל געענטפערט, — איך געדענק איהם נישט.

— געדענקסטו דען נישט אז ר' יוחנן האָט מיר געבעטען פאַר זיין טויט צו זעהן אז רבי גמליאל דער צווייטער זאל ווערען דער ראש פון דעם סנהדרין. ער איז דאָך יעצט איינער פון די גרעסטע אידישע פיהרער און לעהרער. מיר וואונדערט זיך אויף דיר, רחל, דאָס דו געדענקסט איהם נישט...

— דער טויט פון אונזער בעליעבטען תנא, רבי יוחנן בן זכאי, האָט מיר דאַמאלס אזוי ערשיטערט, דאָס איך קען גאָרנישט געדענקען פון יענער צייט, אויסער די טרויעריגע ענדע פון אונזער בעליעבטען רבי'ן.

— יעצטיגען מאָל, האָף איך, וועסטו איהם בעסער קענען בעאָבאַכטען... ער איז דאָך געוואָרען דער שטאָלץ פון יהודה...

רחל האָט פערשטאַנען צו וואס איהר פאָטער ציעלט מיט זיינע ווערטער. אָבער עס האָט אויף איהר קיין איינדרוק נישט געמאַכט... איהרע געדאַנקען זייען ווידער אריבערגעטראָגען געוואָרען צו עקיבא'ן... ער זאָל נאָר וועלען איהר פאָלגען, וואָלט זי איהם געראָטהען אוועקצופאָהרען אין דער ישיבה אין יבנה, צי ערגעץ אנדערשוואו... דאָרטען וואָלט ער אָנגעפאַנגען צו לערנען. און לויט זיינע זעלטענע פעהיגקייטען און אייגענשאַפטען, וואָלט ער אין גיכען געוואָרען דער גרעסטער אידישער פיהרער...

ווען ער ליעבט איהר נאָר אזוי פיעל ווי זי איהם וועט ער איהר געוויס פאָלגען... יא, זי וועט נאָך מאָרגען פּרובירען ריידען מיט איהם...

— ווענען וואס טראכסטו, מיין טאַכטער? — האָט כלבא שבוע איהר פלוצלינג א פרעג געטהאָן.

— איך טראכט וועגען נחמה'ן, וועגען עקיבא'ן, זיי זיינען איינפאכע מענ־שען, אָבער געבענשט מיט אזעלכע מעלות, אז עס איז זיי פשוט צו בע־וואונדערען...

— איך זעה, מיין טאָכטער, אז דו ביזט עטוואס ענטטוישט וואס עקיבא איז נישט נחמה'ס חתן, דיר דוכט זיך מסתמא, אז זיי וואָלטען געווען א זעהר גלייכע פּאָאר... נו, — האָט כלבא שבוע געלאכט, — עס איז וואהרשיינליך אזוי באשערט פון הימעל... אָבער דו, מיין טאָכטער, דארפסט עס זיך נישט נעהמען צום הארצען. עקיבא וועט מסתמא חתונה האָבען מיט דיין ערשטע קאמער־מיידעל פנינה, און אזוי וועסטו שוין האָבעןביידען בעזארגט...

רחל'ן האָבען זיך געביטען די קאָלירען... איהר פאטער'ס לעצטע ווערטער האָבען איהר פערשאפט שמערצען; ווען איהר פאטער זאָל נאר וויסען וואס ביי איהר אין הארצען טהוט זיך...

זי האָט געקראָגען א פלוצלינגען באגעהר צו דערצעהלען איהר פאטער אלע איהרע געפיהלען צו עקיבא'ן דעם פאסטוך... זאָל ער וויסען וואס זי טראכט וועגען עקיבא'ן און זאָל ער וועגען איהם נישט ריידען מיט אזא אונ־טערשעצונג... זי האָט זיך אָבער ארומגעזעהן, אז אויב זי וועט איהם דער־צעהלען, קען עס פיעל שאדען עקיבא'ן. זי ווייסט אז איהר פאטער וועט קיינמאָל נישט צושטימען, סיידען ער זאָל זיך איבערצייגען אז עקיבא קען אמאָל ווערען א גרויסער אידישער געלעהרטער... דערויף אָבער טאָר איהר פאטער גארנישט פערדעכטיגען... זי וועט איהם ביסלעכווייז מוזען צוגרייטען דערצו...

* * *

אין אָבענד ווען עקיבא האָט זיך צוריקגעקעהרט פון פעלד, איז רחל ארוים איהם באגריסען.

— שלום, עקיבא, ווי פיהלסטו זיך? — האָט זי איהם מיט א ליעבליכען שמייכעל געפרעגט.

עקיבא האָט זיך פערנייגט. דאס בלוט איז איהם אין פנים אריין... ער זעהט יעצט רחל'ן פאר זיינע אויגען... זיין שטארקער וואונש איז ערפילט געוואָרען.

— איך בין גליקליך צו זעהן דאס מיין הארינטע האָט זיך פון איהר קראנקהייט ערהאָלט, — האָט עקיבא געזאָגט.

— אויב דיר האָט שטארק פארדראָסען וואס איך בין געלעגען קראנק אין בעט, פארוואס האָסטו זיך קיינמאָל נישט נאכגעפרעגט וואס איך מאך?... — — האָט איהם רחל פארגעוואָרפען.

עקיבא האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען און א קוק געטהאָן אויף רחל'ן און באלד זיי צוריק ארונטערגעלאָזען.

רחל אָבער האָט פון זיין קוק אלעס פערשטאנען...

יא, זי איז זיכער דאס ער ליעבט איהר... ער האָט וואהרשיינליך נישט געוואָלט ארויסרופען קיין פערדראכט...

— און איך, און מיין קאמער־מיידעל, פנינה, האָבען שוין דיר חושד געווען

אז דו ביזט נחמה'ס חתן, — האט רחל געשמייכעלט, — ווען זי האט מיר געזאגט אז דו האסט זיך נאכגעפרעגט אויף נחמה'ן און אויף מיר נישט, האב איך איהר נאך געזאגט, אז ווען איינער איז פערליעבט, עקזיסטירט פאר איהם קיינער אויסער די ליעבענדע פערזאן...

— איך האב זיך נאכגעפרעגט אויב נחמה איז שוין דא, — האט עקיבא געענטפערט מיט א שמייכעל, — כדי איך זאל פון איהר קענען אויסגעפינען ווי מיין הארינטע פיהלט זיך...

— אה, יעצט פארשטעה איך שוין, — האט רחל געלאכט, — דו האסט זיך מסתמא געשעהמט פאר פנינה'ן... זאג דאך מיר, און צוליעב דעם טאקע האסטו געוואלט דאס נחמה זאל ארבייטען אין אונזער הויז...

— ניין, דאס האב איך געטהאן מיין פריינד, יורם'ן, א טובה.

— ווי איך פארשטעה, ביזטו גאר געווען א גאנצער שדכן צווישען נחמה'ן און דיין פריינד, דערצעהל דאך מיר עקיבא, ווי אזוי אלעס איז פארגעקומען... איך בין זעהר נייגעריג צו וויסען...

— מיין פריינד יורם האט זיך געליעבט אין נחמה'ן שוין פון לאנג, — האט עקיבא אנגעפאנגען צו דערצעהלען, — אבער נחמה האט פון איהם נישט געוואלט הערען און וויסען. און ווען די געשיכטע מיט יופיטער'ס נאז איז פארגעקומען און זי איז געפייניגט געווארען דורך יוליום ווערנוס'ן, האט זיך יורם עס באלד דערוואוסט און מיר עס דערצעהלט, דאן בין איך באלד אוועק און זיך מודה געווען, ווייל איך וועל דאך נישט דערלאזען אז אן אומשול-דיגע פערזאן זאל דורך מיר ליידען אומזיסט. זי, נחמה, אבער האט געגלויבט דאס איך בין אויך אומשולדיג און איך האב עס נור געטהאן אוים ליעבע צו איהר... דאריבער האט זי פון יורם'ן נישט געוואלט הערען. איינמאל ווען איך בין אין פעלד געווען, איז צו מיר צוגעקומען יורם און האט פאר מיר זיין הארץ אויסגעגאסען. ער האט מיר אלעס דערצעהלט און מיר געזאגט, אז נחמה קלייבט זיך צו געהן מיך זעהן. איך האב איהם פערשפראכען אלעס רעכט צו מאכען. און ווען נחמה איז צו מיר צוגעגומען און גענומען מיר דאנקען פאר דעם, וואס זי איז דורך מיר באפרייט געווארען, האב איך געמוזט זיך בענוצען מיט א קליינעם ליגען, כדי צוזאמענצוברייגען די צוויי ליעבענדע פערזאנען.

— און אין וואס איז דיין ליגען בעשטאנען? — האט איהם רחל ניי-געריג געפרעגט.

— איך האב איהר געזאגט, אז דעם ריכטיגען דאנק קומט גאר יורם'ן און נישט מיר, ווייל ווען יורם האט דערהערט דאס זי איז פארהאלטען אויף דעם חשד און וועט איבערגעגעבען ווערען אין די הענד פון סעיאנוס בורוס, האט ער זיך עס גענומען זעהר שטארק צום הארצען, און מיר געזאגט, דאס ער וועט געהן אויף זיך נעהמען די שולד אום איהר צו באפרייען. אזוי ווען איך האב דער-הערט דאס ער וויל זיך מודה זיין אין מיין פארברעכען, בין איך גלייך אוועק און זיך מודה געווען.

— וואס האט נחמה דאן געזאגט ווען דו האסט איהר דערצעהלט דיין אויסגעטראכטע מעשה? — האט רחל געפרעגט לאכענדיג.

— זי האט זיך אין גאנצען געענדערט, — האט עקיבא פארטגעזעצט. —

איך האב געהערט ווי זי האט מיט א שטילע ציטערנדע שטימע צו זיך גע־רעדט: „ארימער יורם, ווי ווינציג איך האב דיר פארשטאנען, איך האב געגען דיר אזוי געמיין געהאנדעלט, און דו בעזיצסט דאך אזא נאבעלען כאראקטער, אזא פיינע נשמה... ווען עס זאל נאר זיין נישט צו שפעט מיין פעהלער צו פעררירכטען"...

— א, יעצט איז מיר אלעס קלאר, עקיבא... און מיר האבען דיר אומזיסט חושד געווען, — האט רחל געזאגט מיט א גליקליכען שמייכעל, — ווען איך און פנינה האבען צוזאמען געשפאצירט אין פעלד, נישט ווייט פון דעם פלאץ וואו דו פיטערסט דיינע שאף, האבען מיר פלוצלינג דערזעהן נחמה'ן שטעהענדיג און ריידענדיג מיט דיר. פנינה האט דערפון געדרונגען, אז נחמה איז דיין כלה, און איך בין אויך געווען אונטער דעם איינדרוק די גאנצע צייט, ביז היינט אין דער פריה, ווען נחמה האט מיר געזאגט אז איהר חתן איז גאר יורם.

— איך האף, — האט עקיבא געזאגט, — אז אונזער גאט וועט מיר מוחל זיין פאר דעם ליגען וואס איך האב געזאגט.

— איך גלויב, — האט איהם רחל געזאגט, — אז דו האסט דערמיט גע־טהאן א גרויסע מצוה, דו האסט צוויי פערזאנען גליקליך געמאכט, קען דען זיין א גרעסערע און נאבעלערע זאך פון דעם?... אבער וואס האב איך דיר פערהאלטען, דו מוזט דאך געווים הונגעריג זיין... דיין ערצעהלונג האט מיר אזוי פאראינטערעסירט, אז איך האב גאר פארגעסען אז דו ביזט אקארשט געקומען פון פעלד א מיעדער און א הונגעריגער. אט געה איך גלייך הייסען צוגרייטען דיין אבענד־ברויט, — האט זי איהם געזאגט און איז באלד פער־שוואונדען.

* * *

א פרייד האט עקיבא'ן ארומגענומען... רחל איז געזונד, און זי האט צו איהם גערעדט אזוי פריינדליך... איז דאס מעגליך, אז זי האט צו איהם דיזעלבע געפיהלען... וואס פאר א שמחה זי האט ארויסגעצייגט, ווען זי האט איהם דערצעהלט וועגען איהר טעות... יא, זי האט איהם פארווירפע געמאכט וואס ער האט זיך אויף איהר די גאנצע צייט נישט נאכגעפרעגט... ווען ער קען נור עפענען זיין הארץ פאר איהר... ווען ער קען נאר ענטפלעקען זיינע געפיהלען צו איהר. אבער ניין! דאס איז איהר נאטור אזוי. זי איז גוטהערציג און פריינדליך צו יעדען איינעם. זי האט צו איהם גערעדט מיט אזא פריינד־ליכקייט און אפענהערציגקייט, אזוי רעדט זי צו אלעמען, די גוטע, נאבעלע זעעלע! אבער ווי קומט ער, דער אומוויסענדער פאסטוך, דער עם הארץ, גאר צו טראכטען דערפון... עס איז נאך ניטא א מאן, גלויבט ער, וואס זאל ווערטה זיין די שעהנע ליעבענסווירדיגע רחל...

אבער ער פיהלט זיך גליקליך. ער האט דאך איהר געזעהען און נאך מיט איהר גערעדט לענגער ווי אימער...

פנינה האט יענעם טאג געהאט אורלויב, און ווען זי האט זיך פארנאכט צוריקגעקעהרט, איז זי געווען איבערראשט צו הערען דאס נחמה, איהר פריינדין, איז נישט עקיבא'ס כלה, נאר יורם'ס. זי איז גלייך צוגעגאנגען צו איהר פריינדין און איהר אלעס אויסגעפרעגט...

— פאר וואס האסטו מיר גארנישט דערצעהלט — האט איהר פנינה

אויסגערערט. — בין איך דען נישט דיין איינציגע פריינדין און דו האסט נאך פון מיר סודות.

— מיין טהייערע פנינה, — האט נחמה זיך פארענטפערט, — דאס אלעס איז געקומען אזוי פלוצלינג, דאס איך האב גאר קיין צייט נישט געהאט זיך מיט דיר צו זעהן דורך דיזער קורצער צייט.

— נו, איך בין דיר מוחל, מיין ליעבע פריינדין, — האט איהר פנינה געקושט, — און איך ווינש דיר גליק. הייסט עס, אז נאך דעם שבת-צרנאכט וועט איהר געהן חתונה האבען.

— יא, האט נחמה א פרעהליכע געענטפערט, — ער האט שוין אלעס צוגעגרייט. יעצט וויל איך דיר דאנקען, פארוואס דו האסט מיר געהאלפען צו קריגען די שטעלע ביי דיין הארינטע רחל, זי איז דאך א מלאך, און איך בין העכסט גליקליך ביי איהר צו דינען.

— דיזער דאנק בעלאנגט גאר צו עקיבא'ן, — האט איהר פנינה געזאגט, — ער האט זיך פאר דיר משתדל געווען און דאריבער טאקע איז מיין חשד שטארקער געווארען דאס ער איז דיין חתן. יעצט זעה איך וואס פאר א גוטער עהרליכער מאן עקיבא, דער פאסטוך, איז.

— עס וואלט געווען זעהר שעהן ווען דו זאלסט זיך מיט איהם מעהר בעפריינדען, אפשר וועט נאך עפעס צווישען אייךביידען פארקומען, — האט נחמה געלאכט.

פנינה איז רויט געווארען.

— איך האלט נאך נישט דערביי, — האט זי מיטגעלאכט.

— עס וועט קומען גאר פלוצלינג, ווי ביי מיר, — האט נחמה געזאגט, — איידער דו וועסט זיך ארומזעהן . . .

## זיעבעצעהנטער קאפיטעל

# פערווירקליכונג

רחל האט געהאט א שלאפלאזע נאכט. זי איז געלעגען אין בעט און נאר געטראכט פון עקיבא'ן. איהר גאנצעס לעבען איז יעצט צוזאמען געקניפט מיט זיינעם... איהר ליעבע צו איהם איז געווען זעהר גרויס און זי האט זיך שוין נישט געקענט פארשטעלען דאס איהר לעבען וועט האבען א ווערדע אהן עקיבא'ס ליעבע... איהר הארץ איז אנגעפילט געווארען מיט פרייד, ווען זי האט זיך פארגעשטעלט אז דער בראווער יונגער פאסטוך, וועט געהערען איהר, נאר איהר אליין... זי איז זיכער, אז ער ליעבט איהר אויך זעהר שטארק; זי האט עס באמערקט אן זיינע אויגען ווען זי האט לעצטען אבענד מיט איהם גערעדט. יועגען איין זאך אבער איז זי באקימערט און דאס איז, ווי אזוי זאל זי צוגרייטען איהר פאטער צו די נייעס. זי ווייס ווי איהר פאטער פערהאסט די עמי הארצים, און כאטש זי האט פיעלע מאל פרובירט איבערצייגען איהר פאטער אז עקיבא קען נישט אריינגערעכענט ווערען אין דער קאטעגאריע פון די עמי הארצים, ערשטענס באזיצט ער אלע גוטע מידות פון א תלמיד חכם און צווייטענס איז עס נישט זיין שולד וואס מען האט איהם נישט געלערענט; ווייל די אומ־שטענדען האבען דערצו גורם געווען, דאך האט כלבא שבוע געקוקט אויף

עקיבא'ן ווי אויף אן עם הארץ, און האט איהם באטראכט פאר אן אומגעווינש־טען צווישען זיינע בארינטע...

רחל ווייס אז די שנאה וואס איהר פאטער טראגט אין זיין הארצען אויף די אומוויסענדע אידען, וועט זי פון איהם נישט קענען אויסווארצלען. איין זאך איז איהר יעצט געבליבען צו טהאן, און דאס איז איבערצורעדען עקיבא'ן ער זאל פארלאזען איהר פאטער'ס הויז און פאהרען לערנען... זי איז זיכער דאס אין פארלויף פון עטליכע יאהר לערנען, וועט עקיבא זיך צוריקקעהרען א גרויסער געלערענטער אין ישראל. דאן וועט איהר פאטער אויף איהם גאנץ אנדערש קוקען... דאן וועט זי ענטפלעקען איהר סוד צו איהר פאטער און ער וועט נאך זיין ברכה געבען... דערווייל אבער טאר ער איהר גארנישט חושד זיין וועגען דעם, ווייל דאס קען שארען אלע איהרע פלענער...

אין דער פריה ווען רחל האט אפגעגעסען איהר פריהשטיק, האט זי געזאגט איהר פאטער דאס זי געהט אויף א שפאציר און דאס ער זאל זיך וועגע... גארנישט זארגען, אויב זי וועט זיך עטוואס פארשפעטיגען.

— מיט וועמען וועסטו געהן, מיט פנינה'ן אדער נחמה'ן ? — האט כלבא שבוע איהר געפרעגט.

— איך וועל היינט געהן אליין — האט רחל געענטפערט.

— מיין ליעבע טאכטער — האט זיך איהר פאטער אפגערופען — איך גלויב, אז דו ביזט נאך שוואך, עס איז דאך גאר א קורצע צייט זינט דו ביזט פון בעט ארונטער, עס וואלט געווען גלייכער ווען איינע פון דיינע קאמער מייד־לאך וואלטען דיר באגלייט אויף דיין שפאציער.

— איך פיהל זיך זעהר גוט, פאטער. און איך ווינש צו זיין אליין, אויף א ווילע, מיט מיינע אייגענע געדאנקען און געפיהלען.

— דאך מיין טאכטער, זעה דו זאלסט זיך נישט פארזאמען. רחל האט געקושט איהר פאטער און איז ארוים פון הויז.

דער פריהמארגען איז געווען א שעהנער און ווארימער. עס איז געווע... אין פריהלינג. אלעס ארום איז געווען בארעקט מיט גרין. די בלומען און די נאר וואס פון טוי אפגעפרישטעטע גראז, האבען פערשכורט מיט זייער אנגענעהם דופטענדען ריח.

רחל האט געשפאצירט אליין אין פעלד. זי איז געגאנגען אין דער ריכ־טונג וואו עקיבא פיטערט די שאף. איהרע געדאנקען זיינען געווען פארנומע... מיט דעם העלדישען פאסטוך פון איהר פאטער'ס שאף... א פרייד האט זיך אין איהר צוגאסען, אלע איהרע גלידער האבען געזונגען און געיובעלט: אט באלד וועט זי זעהן עקיבא'ן, וועלכער איז איהר טייערער פון איהר אייגען לע־בען. באלד וועט זי מיט איהם ריידען, אליין, אונטער פיער אויגען... ווי שעהן און הערליך איז דאס לעבען, וואס פארמאגט אין זיך די הייליגע פונקען פו... ליעבע...

---

עקיבא איז געזעסען אין פעלד אויפ'ן גראז, פארטיעפט אין זיינע געהאנ־קען... ער פיהלט דאס ער ווערט פארצערט פון זיין ליעבע צו רחל'ן... ע... וואונדערט איהם נאר אויף זיך אליין, ווי אזוי ער האט גאר געקענט דערלאזע...

זיך צו באהערשען פון זיינע געפיהלען... זשהט ער דען נישט דאס רחל, די שעהנע און איינציגע טאכטער פון זיין האר איז נישט פאר איינעם פון זיין ראנג און שטאנד... אפילו ווען ער זאל נאך דערצו קיין עם הארץ נישט זיין, וואלטען זיינע אויסזיכטען געווען זעהר קליינע... בפרט נאך יעצט, ווען ער איז אזוי אומוויסענד און פארגרעבט... ווי אזוי האט ער גאר געקענט לאזען זיין הארץ אזוי ווייט געהן...

קען עס זיין, אז רחל האט איהם אויך ליעב, און דאס זאל זיין די אורזאכע פון זיין דערלאזען זיינע געפיהלען געהן אזוי ווייט...

עקיבא האט זיך גענומען דערמאנען, וואס רחל האט צו איהם גערעדט דעם פארגאנגענעם אבענד. ער האט געוואויגען און געמאסטען יעדעס ווארט, וואס איז ארוים ווי פערעל פון איהר מויל... זי האט גערעדט צו איהם מיט אזוי פיעל הארציגקייט און צערטליכקייט... איז זי דען נישט געווען העכסט גליקליך ווען זי האט מיט איהם גערעדט וועגען טעות וואס זי האט געמאכט... עס קען אבער אויך זיין, דאס זי איז גראדע געווען אויפגעלעגט און אין א גוטע שטימונג, דערפאר האט זיך איהם דאס אויסגעדוכט דאס זי איז צו איהם געווען אויסערגעוועהנליך פריינדליך...

— ניין, — האט עקיבא באשלאסען, ער מוז זיך ארויסשלאגען די געדאנקען פון קאפ... זיינע געפיהלען צו רחל'ן זיינען א פארשווערונג און א באליידיגונג פאר איהר!.... ער וועט מוזען זעהן אנטלויפען פון דאנען... וואס שנעלער אלס בעסער... ווען ער וועט זיין ווייט פון איהר, וועט ער פיליכט פרובירען ארויסשלאגען פון קאפ אזעלכע אומפארווירקליכבארע געדאנקען... יע, דאס מוז נאך היינט געשעהן; ער וועט צוגעהן צו כלבא שבוע און איהם זאגען דאס ער קען מעהר זיין פאסטוך נישט זיין, ווייל ער וויל צוריקגעהן נאך זיין געבורטסשטאדט, לוד.

עקיבא האט זיך אויפגעשטעלט פון זיין פלאץ מיט א פעסטען באשלוס: היינט וועט ער אוועק פון גמזו... ער וועט די שעפסען טרייבען אהיים נאך פריהער ווי די איבריגע פאסטוכער און זיך גלייך נעהמען צום וועג... צו גרוים זיינען די ליידען זיינע... ער איז זיכער דאס ער וועט עס נישט קענען אריבערטראגען... די גרעסטע קערפערליכע יסורים און עניים וואלט ער אריבערגעטראגען, אבער נישט די גייסטיגע ליידען פון ליעבע... ער וועט אוועקגעהן און מעהר קיינמאל נישט אנקוקען די וואונדער שעהנע געשטאלט פון רחל'ן.... ווי וועט ער עס קאנען טהאן... איין בליק אויף איהר גיט דאך איהם אזוי פיעל מוטה, קראפט און א שטארקען ווילען צו לעבען און געניסען פון גאט'ס שעהנע וועלט... און כאטש דאס אלעס איז דאך מעהר נישט ווי א חלום, איז דאך איהם אבער פארט אנגענעהם צו חלום'ען און פאנטאזירען פון דער שעהנער רחל און פון צייט צו צייט אריינקוקען אין איהרע שעהנע געטליכע אויגען... ווען אבער ער וועט פון דאן אוועקגעהן, וועט איהם דען בלייבען דער מוטה צום עקזיסטירען?... דער איינציגער פונק פון לעבען וועט ביי איהם אויסגעלאשען ווערען... ער האט דאך קיין פריינד, קיין גואל... עלענד, איינזאם איז ער אליין אין דיזער וועלט, און יעצט וועט זיין עלענדקייט מעהר בולט'ער ווערען, זיין איינזאמקייט אונערטרעגליך... דאס לעבען וועט פאר איהם ווערען ציעללאז און ווערטהלאז...

עקיבא האָט אויסגעגאָסען זיין ביטער הארץ אין א תפלה צו גאָט.

— "באשעפער פון אלע וועלטען — האָט ער מתפלל געווען — דו האסט באשאפען דעם מענשען און האָסט איהם געגעבען א חלק פון דיין געטליכקייט. דו האָסט איהם איינגעטיילט פארגעניגען און פריידען און אין דערזעלבער צייט יסורים און ליידען... איין ערהאבענע זאך, ליעבער גאָט האסטו געשאנקען דעם מענשען און דאָס איז — ליעבע. ריינע, הייליגע ליעבע איז דאָס שעהנסטע און הערליכסטע אין דעם מענשען'ס לעבען... נישט אלע מענשען, א גאָט געניסען די פריידען און גליק פון ליעבע. איך בין איינער פון די וועלכע ליידען און ווערען שטארק געפייניגט דורך דער ליעבע. שטארק מיר גאָט, איך זאָל קענען באהערשען מיינע געפיהלען. לינדער מיינע יסורים און גיב מיר כח ארויבערצוטראָגען מיין צער און מוטה צו פארלאָזען דעם פלאץ... זאָל מיין ליעבע צו דער שעהנער און קלוגער רחל פארבלייבען אין מיין הארצען פארזיגעלט אויף אימער... זאָלען די גלאָרייכע עראינערונגען פון מיין שטארקע ליעבע זיין ווי א באלזאם צו מיין פארוואונדעטע נשמה"...

נאָך זיין קורצע תפלה האָט זיך עקיבא געפיהלט א סך גרינגער. ער האָט אויסגעגאָסען זיין הארץ פאר גאָט, יעצט איז ער גרייט נאָכצופאָלגען זיין באשלום און פארלאָזען גמזו.

א היבשע ווייל איז עקיבא געשטאנען און פון ווייטען נאָכגעקוקט זיינע שאָף. פלוצלונג האָט ער פון ווייטען דערזעהן אימיצען געהענדיג אין זיין ריכטונג. ווי גרויס איז זיין ערשטוינונג געוואָרען ווען ער האָט פון ווייטען דערקענט זיין הארינטע, רחל'ן געהענדיג איהם אנטקעגען...

דאָס בלוט האָט איהם א זעץ געטהאָן אין פנים... רחל, די שעהנע איידעלע רחל פון וועמען ער האָט נאָר וואָס געטראכט און זיין באשלום געמאכט, קומט יעצט צו איהם!... וואָס זאָל עס באדייטען?

קיין סך געטראכט האָט עקיבא נישט, ער איז איהר גלייך אנטקעגען גענאנגען און האָט זיך פאר איהר פארנויגט:

— שלום! מיין הארינטע! איינע אליין אין פעלד — האָט עסיבא קוים ארויסגערעדט.

— שלום, עקיבא, — האָט רחל געענטפערט מיט א ליבליכען שמייכעל — איך קום דאָס יעצט צו דיר, איך האָב מיט דיר עפּעס וויכטיגעס צו ריידען.

עקיבא'ס הארץ האָט א ציטער געטהאָן... רחל איז געקומען צו איהם!... גאָט האָט זיין תפלה געהערט... איז דאָס פיליכט א חלום?... אבער ניין, עס איז נישט קיין טרוים! עקיבא זעהט בעפאָר איהם די וואונדער שעהנע רחל, ער קוקט אריין אין איהרע שטראַהלענדע בריליאנטענע אויגען...

א ווייל זיינען ביידע געשטאנען אין מיטען פעלד און געשוויגען... זייערע בליקען האָבען גערעדט... און איז די שטילקייט פון ארום, האָט מען געקאָנט הערען דאָס קלאַפּען פון די צוויי יונגע הערצער...

— עקיבא, — האָט רחל אָנגעפאנגען מיט א ציטערענדע שטימע — איך בין צו דיר געקומען מיט א הייליגע שליחות... נישט אלם פאסטוך פון מיין פאָטער'ס שאָף ביזטו פון אונזער באשעפער באשטימט געוואָרען... דו ביזט באשאפען געוואָרען פאר עפּעס העכערעס און וויכטיגערעס.

עקיבא האָט איהר אָנגעקוקט ערשטוינט... ער האָט נישט באַגריפען וואָס זי מיינט מיט איהרע ווערטער.

— עקיבא — האָט רחל פּאַרטגעזעצט, — אונזער ליעבער גאָט האָט דיר באַשאָנקען מיט אַן איידעלע נשמה, מיט אַ נאָבעלע און ברייטע הארץ. דו באַזיצט בראַווקייט, העלדישקייט און מוטה... גאָט האָט דיר באַשטימט, דו זאָלסט זיין דער פּאַסטוך איבער זיינע בלאָנדזשענדע שעפעלאַך, דו זאָלסט זיין דער פיהרער פון אונזערע אומגליקליכע ברידער, די קינדער פון ישראל...

— געטליכע רחל — האָט עקיבא אונטערבראָכען זיין שטילשווייגען — ווי קום איך, דער אומוויסענדער פּאַסטוך, גאָר צו טראַכטען פון אַזעלכע זאַכען. ניין, גנעדיגע רחל איך בין געבאָרען געוואָרען אין אַן אומגליקליכע שעה... מיין פּאָטער איז זעהר אָרים און אומוויסענד געווען, און ווען ער איז באַליידיגט געוואָרען פון איינע תלמידי חכמים, בשעת ער איז אין בית המדרש געקומען בעטען אַרבייט, ער זאָל מיר, זיין ניי געבאָרענעם קינד, קענען מפרנס זיין. ער האָט זיך דאַן בעת זיין כעס אַ נדר געטהאָן, מיר האַלטען פון דער וויטען פון די תלמידי חכמים, און מיר גאַרנישט צו לערנען. אַזוי בין איך אויפגע־וואַקסען אַן עם הארץ, און מיט אַן איינגעפּלאַנצטע שנאה אין מיין הארצען צו תלמידי חכמים.

— אָבער לויט ווי דו האָסט מיר דערצעהלט, האָט דאָך דיין פּאָטער חרטה געקראָגען אויף זיין נדר און דיר אָנגעזאָגט אויסצוואָווארצלען דיין שנאה צו די תלמידי חכמים.

— מיין שנאה צו די תלמידי חכמים איז שוין לאַנג אויסגעוואָרצעלט פון מיין האַרצען, אָבער די עם הארצות איז אין מיר פאַרבליבען. עס איז שוין געוועזען פאַר מיר צו שפּעט און אונמעגליך זיך אָנצופאַנגען צו לערנען... און יעצט ליעבע רחל, בין איך דער נידעריגסטער צווישען נידעריגסטע אין ישראל.

— אָ, עקיבא, זיי נישט ביי זיך נעפּאַלען — האָט איהם רחל געטרייסט, — עס איז נאָך יעצט אויך גאַרנישט צו שפּעט אָנצופאַנגען צו לערנען — איך האָב פּולען צוטרויען אין דיינע כוחות... איך בין זיכער, דאָס אויב דו וועסט נאָך יעצט נעמען צום לערנען וועסטו פאַרווירקליכען אַלע מיינע האָפנונגען וואָס איך לייג אויף דיינע פעהיגקייטען...

עקיבא'ס פּאַרוואונדערונג איז גרעסער געוואָרען... הייסט דאָס אַז רחל האָט פון איהם אויך געטראַכט די גאַנצע צייט... איז דאָס מעגליך דאָס זי איז אין איהם אויך פאַרליעבט! אדער זי וויל איהם נאָר געווינען פאַר דער תורה און פאַר דעם פאָלק...

— מיין האַרצינקע — האָט ער אויסגערופען — עס זיינען פאַראַן צייטען ווען איך קריעג אַזוי פיעל מוטה און ענערגיע, דאָס מיר דוכט זיך, אַז קיין זאַך אין דער וועלט וואָלט מיר נישט געווען צו שווער צו טהאָן... אָבער מאַנכעס מאָל הויבט דער יאוש אָן אַריינצודרינגען אין מיין האַרצען און דאַן בין איך ביי זיך אַזוי נעפּאַלען, איך פאַרליר מיין זעלבסט צוטרוי, און מיר גלויבט זיך קוים, דאָס איך בין פעהיג עפּעס אויפצוטהאָן.

— דו טאָרסט אַזעלכע געדאַנקען צו דיר נישט דערלאָזען — האָט רחל מיט ליעבשאַפט געזאָגט — ווי איך האָב דיר צום ערשטען מאָל דערזעהען, האָב

איך זיך געטראַכט ואז מיט עטליכע יאָהר שפּעטער, וועסטו זיין איינער פון אונזערע גרעסטע חכמים און באַליעבטעסטע פיהרער.

— אָבער מיין האַרינטע...

— איך בעט דיר, עקיבא, רוף מיר נישט "מיין האַרינטע" — האָט איהם רחל אונטערבראָכען — עס איז מיר מעהר אנגענעהם צו הערען ווען דו רופסט מיר ביי מיין נאָמען...

— איך דאַנק דיר, ליעבע רחל — איז עקיבא דרייסטער געוואָרען, פאר דיין הויכען מיינונג וואָס דו האָסט וועגען מיר, אָבער איך זעה נישט, לויט מיין יעצטיגע לאַגע, ווי איך וועל קענען אין עטליכע יאָהר ארום, אנדערש ווערען ווי יעצט...

— דו וועסט אַוועקפאָהרען לערנען אין איינע פון די ישיבות, און ווען דו וועסט זיך צוריקקעהרען אין עטליכע יאָהר ארום, וועסטו זיין דאָס וואָס איך האָב פון דיר געטראַכט ביי אונזער ערשטער באַגעגעניש...

— רחל טייערע — האָט עקיבא אויסגערופען מיט טרעהרען אין זיינע אויגען — דיינע ווערטער זיינען ווי א באַלזאַם צו מיין זעעלע, ווי גליקליך איך וועל זיך פיהלען ווען עס וועט קומען א צייט און איך וועל ווערטה זיין אריינצוקוקען אין דיינע שעהנע בריליאַנטענע אויגען... אָ, גאָט! פאַרוואָס האָסטו אין מיר אריינגעגעבען דיעזע הייליגע געפיהלען, און מיר מיט קייטען געשמידט...

עקיבא האָט זיך דערשראָקען פאר זיינע אייגענע ווערטער: ער האָט ארונטערגעבויגען זיין קאָפּ און געבליבען שטעהן פאַרשעהמט...

— מיין ליעבער עקיבא — האָט רחל אָנגעריהרט זיין קאָפּ מיט איהר האַנט — איך בין יעצט נישט זיכער געוועזען אויב דו האָסט פאָר מיר די זעלבע געפיהלען ווי איך האָב פאר דיר, זינט דעם ערשטען טאָג פון אונזער זאנדערבארע באַגעגעניש... עקיבא, איך ליעב דיר מיט מיין גאַנצען לייב און לעבען!..

— רחל!! — איז עקיבא געפאַלען צו דער ערד — ליעבענקע טייערע רחל, ווי גליקליך, ווי הימעל־גליקליך איך בין! רחל, מיין לעבען, מיין געטליכע ליעבע רחל!...

עקיבא האָט מעהר קיין וואָרט נישט געקענט ארויסריידען. אנשטאָט ווערטער, האָבען פאר איהם זיינע טרעהרען, טרעהרען פון העכסטען גליק און פרייד, גערעדט...

— אונזער ליעבע איז געטליך! — האָט רחל געזאָגט מיט טרעהרענדע אויגען — אונזער גאָט אין הימעל וועט אונז זיין הסכמה געבען.

עקיבא האָט זיך אויפגעשטעלט און אָנגענומען רחל'ס האַנט.

— מיין ליעבענדע רחל, — האָט ער געזאָגט — היינטיגער טאָג איז ביי מיר דער גליקליכסטער אין מיין לעבען. איך פיהל זיך ווי נייגעבוירען. מיין לעבען וועט יעצט נעהמען א גאַנץ אנדער ווענדונג. איך בין געגרייט יעצט אויף אלעס. איך וועל טהאָן ווי דו פאַרלאַנגסט, איך וועל אוועקפאָהרען אין א ישיבה און איך שווער דיר, רחל, ביי אונזער הייליגע ליבע, דאָס איך וועל נישט אוועקגעהן פון דער ישיבה ביז וואַנען דיינע נביאות וועגען מיר וועלען פאַרווירקליכט ווערען.

— איך האָב אין דעם קיינמאָל נישט געצווייפעלט — האָט איהם רחל

געזאָגט — איך בין זיכער, אז נישט נאָר וועל איך מיט דיר שטאָלצירען איז דער נאָהענטער צוקונפט, נאָר אויך דאָס גאנצע פאָלק פון יהודה.

עקיבא האָט ארומגענומען רחל'ן און דער ערשטער קוש פון די צוויי פארליעבטע האָט אפגעהילכט אין דער שטילקייט פון פעלד...

— רחל — האָט עקיבא צו איהר געזאָגט האלטענדיג איהר האנט — דיר האָט גאָט היינט צו מיר געשיקט, אום מיר אפצוהאלטען פון א געוואגטען שריט וואָס איך האָב באשלאָסען צו טהאָן.

— דערצעהל דאָך מיר, עקיבא וואָס האסטו געזאלט טהאָן, ווען איך וואָלט נישט געקומען היינט צו דיר.

— מיין טייערע רחל — האָט איהר עקיבא געזאָגט — איך ליעב דיר אויך פון דעם ערשטען מאָמענט, ווען דו האסט מיר אויסגעלייזט פון די אכזר'ישע הענד פון יוליוס ווערנוס און זיין זוהן. מיין גרויסע ליעבע צו דיר האָט מיר פיעל ליידען און שמערצען פארשאפט, ווייל ווי וואג איך, דער פאס־טוך פון דיין פאָטער'ס שאָף, נאָר צו קלערען פון אזא ליעבע... מיינע, יסורים זיינען געווען אונערטרעגליך און איך האָב היינט באשלאָסען צו פארלאזען די שטאָדט גמזו און פרובירען דיך ארויסשלאָגען פון מיינע געדאנקען. איך האָב מתפלל געווען צו גאָט ער זאָל מיר געבען געניג כח און מוטה דורכצופיהרען מיין באשלוס, אָבער אנשטאָט דאָס, האָט דער ליעבער גאָט מיר געשאנקען דאָס גרעסטע גליק אין דער וועלט. דו, מיין געטליכער מלאך, ביזט צו מיר געקומען, און פלוצלונג מיין לעבען אזוי שעהן און הערליך געמאכט...

— אָ, עקיבא, ווען דו וואָלסט פון דאנען אוועק, און איך וואָלט קיין מעג־ליכקייט געהאט מיט דיר זיך קיינמאָל צו זעהן, מיין לעבען וואָלט דאן נים כדאי געווען, און איך וואָלט געשטאָרבען פון צער און פון בייגקעניש נאָך דיר...

שטונדען לאנג האָבען די צוויי יונגע געליעבטע צווישען זיך גערעדט.

— איך וועל זיך באלד מוזען אפשיידען פון דיר, עקיבא — האָט רחל גע־זאָגט — מיין פאָטער וועט ווערען שטארק באזארגט וועגען מיר...

עקיבא האָט זיך פלוצלונג פארטראכט, אַן אומעט האָט באדעקט זיין פנים.

— וואָס איז דאָס, עקיבא — האָט איהם רחל געפרעגט באזארגט — פאר וואָס האסטו זיך פלוצלונג אזוי געענדערט?

— אין דעם מאָמענט פון מיין העכסטען גליק, האָב איך גארנישט א טראכט געטהאָן, אז דיין פאָטער וועט מיט מיר געווים נישט צופרידען זיין... איך ווייס זעהר גוט ווי ער פאראכטעט די עמי הארצים, ער וועט דאָך נישט וועלען אז זיין איינציגע טאָכטער זאָל געהערען צו זיין פאסטוך, דעם עם הארץ.

— וועגען דעם זאָלסטו זיך נישט זארגען, מיין ליעבער עקיבא, איך וועל זעהן ביטלעכווייז צוצוגרייטען מיין פאָטער צו דעם... דערוויילע מוז עס אלעס געהאלטען ווערען בסוד... מיין פאָטער טאָר גארנישט וויסען וואָס עס קומט פאָר צווישען אונז. מיר וועלען נאָך היינטיגען מאנאט הייראטען ביי דעם אלטען רב, וועלכער וואָהנט אויסערן שטאָדט און קיינער וועט פון דעם נישט וויסען. נאכהער וועסטו אוועקפאָהרען אין דער ישיבה לערנען, און ווען דו וועסט זיך צוריקקעהרען א גרויסער געלערנטער מאן, דאן וועט דאָך מיין פאָטער געווים זיין הסכמה געבען... **ער וועט דאן זיין אזוי שטאָלץ מיר דיר**

ווי איך... דערווײַלע וועל איך איהם אונזערע פּלענער נישט ענטפּלעקען, און איך האָף אז דער ליעבער גאָט וועט מיר מוחל זיין.

— ווי פּרעכטיג, שעהן און עהרליך איז דאָס לעבען, — האָט עקיבא אויסגערופען, — ווען ער האָט זיך געזעגענט מיט זיין געליעבטע רחל. ער האָט איהר באַגלייט מיט זיינע אויגען ביז זי איז פערשוואונדען געוואָרען.

ער איז געווען בערוישט פון גליק. א קוואל פון יונגע פרישע ענערגיע און מוטה איז צו איהם צוגעקומען... זיינע פיס האָבען זיך געהויבען צו טאַנצען. עס איז איהם אזוי פרעהליך, אזוי גוט... רחל, די וואונדערשעהנע קלוגע און געלערנטע רחל איז היינט געוואָרען זיין כלה... קען דען זיין פאר איהם א גרעסערעס גליק אויף דער וועלט... היינט איז פאַרווירקליכט געוואָרען זיינע טרוימערייען וועלכע ער האָט געהאַלטען פאר אונפערווירקליכבאר...

* * *

רחל איז אהיים געגאַנגען אויך א גליקליכע און א פרעהליכע. עקיבא איז איהרער, ער איז איהר גאַנצעס לעבען. זי וואָלט פאר איהם אלעס אָפּגעגעבען. זי האָט דאָך איהם אזוי ליעב. דעם גאַנצען וועג האָט זי געטראַכט ווי אזוי זי וואָלט וועלען דאָס איהר פאטער זאָל איהם אנערקענען אלס זיין זוהן... וויפיעל גליק דאָס וואָלט איהר פערשאַפט... אָבער ניין, איהר פאטער טאָר דערפון גאַרנישט וויסען... ער וועט קיינמאָל נישט איינשטימען דערצו... ער טאָר איהר אין גאַרנישט חושד זיין, ווייל עס קען צושטערען אלע איהרע פּלענער.

יעדען טאָג פלעגט רחל איינע אליין געהן פאר א שפּאַציר אין פעלד און זיך טרעפען מיט עקיבא'ן. ביידע האָבען פערבראַכט די גליקליכסטע שטונדען אין זייער לעבען... זיי האָבען גערעדט מיט בעגייסטערונג פון זייער גליקליכען צוקונפט.

רחל האָט אויפגעגעבען איהר האָפנונג צו רעדען מיט איהר פאטער, ווייל ווען זי האָט נאָר דערמאָהנט עקיבא'ס נאָמען פאר איהם, האָט ער איהר גלייך געזאָגט, אז עס לוינט זיך נישט צו רעדען וועגען אן עם הארץ, און אז נאָר אזעלכע אומוויסענדע אידען ווי עקיבא זיינען שולדיג אין אלע אידישע אומגליקען...

רחל האָט דאריבער בעשלאָסען גלייך צו הייראַטהען מיט עקיבא'ן און איהם באַלד אוועקשיקען אין א ישיבה צו לערנען.

— מיין ליעבער עקיבא, — האָט זיך רחל צו איהם אָפּגערופען, — איך זעה אז איך וועל מיין פאטער'ס מיינונג וועגען דיר נישט ענדערען, כל זמן דו ביזט זיין פאַסטוך, די צייט איז געקומען דו זאָלסט אוועקגעהן אין א ישיבה. מיר וועלען נאָך די טעג הייראַטען און דו זאָלסט זאָגען מיין פאטער, אזוי ווי דו האָסט געקראָגען א חשק צום לערנען און אז דו פאָהרסט אוועק אין א ישיבה, קען נאָך מעגליך זיין אז איך זאָל ביי איהם פּועל'ן ער זאָל דיר נאָך אונטערשטיצען מיט עטוואָס געלד און דו וועסט קענען לערנען אונגעשטערט.

— מיין געטרייע רחל, — האָט עקיבא געזאָגט, — איך פיהל יעצט אז יעדער טאָג וואָס געהט אוועק פאַרליר איך א טאָג פאר דער תורה.

— אויב אזוי, עקיבא טהייערער, — האָט זיך רחל אָפּגערופען, — קענען מיר נאָך מאָרגען אריבערגעהן צום רב. דו וועסט היינט אין אבענד בעטען

נחמה׳ן זי זאָל זאָגען איהר מאַן יורם׳ן, דאָס דו ווילסט איהם זעהן מאָרגען. און ווען ער וועט קומען וועסטו איהם בעטען אכטונג געבען אויף די שאָף און איך וועל שוין אויף דיר וואַרטען אויף דעם וועג צום רב און מיר וועלען חתונה האָבען. מיר וועלען נאָכהער דעם רב בעטען ער זאָל וועגען אונזער חתונה פאַר קיינעם נישט דערצעהלען. אין דעם זעלבען אבענד וועסטו זאָגען מיין פאטער דאָס דו קענסט מעהר נישט פאַרבלייבען מיט איהם, ווייל דו געהסט אוועק לערנען. און אויף מאָרגען וועסטו טאַקע אוועקפאָהרען. זעה אַבער, איך בעט דיך, דו זאָלסט אפילו דיין פריינד יורם׳ן גאָרנישט דערצעהלען וואָס עס קומט פאַר צווישען אונז, ווייל ער וועט עס געוויס דערצעהלען פאַר זיין פרוי, נחמה, און זי קען זיך נאָך ארויסריידען פאַר מיין פאטער, און דאַן וועלען אונזערע פּלענער צושטערט ווערען.

— אָ, נייַן, מיין ליעבע כלה, — האָב עקיבא איהר געקושט, — קיינער טאָר דערפון נישט וויסען, ביז וואַנען איך וועל באמת ווערטה זיין צו געהערען צו דיר...

— איך גלויב אז וועגען געלד־שטיצע פאַר דיר וועט אויך קיין שטערונג נישט זיין, — האָט רחל געזאָגט, — ווייל מיין פאטער האָט איבערגעגעבען אין מיין האַנד אַלע געלדער וואָס עס דאַרף געהן פאַר צדקה און פאַר אַנדערע מצוות. אָט האָב איך איבערגעגעבען נחמה׳ן א היבשע סומע געלד צו איהר חתונה מיט יורם׳ן, וועט דאָך מיין פאטער אויך מיר ערלויבען דיר אונטערשטיצען ווען דו וועסט לערנען די הייליגע תורה...

— מיין ליעבענדע רחל, קיין זאַך אין דער וועלט וועט יעצט נישט שטעהן אין מיין וועג צו לערנען, און ווען אפילו איך זאָל דאַרפען שווער ארבייטען פאַר מיין ברויט, וועלען דאָך מיינע שטונדען פון לערנען די הייליגע תורה נישט געמינערט ווערען . . .

* * *

— פּנינה, רחל׳ס קאַמער־מיידעל, איז געווען שטאַרק צופריעדען וואָס איהר פריינדין נחמה האָט געהייראַט מיט יורם׳ן.

ווען זי האָט איהר חושד געווען, דאָס עקיבא איז איהר חתן, האָט עס איהר שטאַרק פאַרדראָסען. זי האָט איהר מקנא געווען דאָס עקיבא, דער שעהנער העלדישער יונגערמאַן, זאָל חתונה האָבען מיט נחמה׳ן... איז זי, פּנינה, נישט שעהנער און קליגער פון נחמה׳ן?... זי האָט געגלויבט אז נחמה האָט עקיבא׳ן געקראָגען, ווייל זי איז דרייסטער פון איהר... יעצט אַבער אז דאָס איז געווען א טעות, און נחמה האָט געהייראַט מיט יורם׳ן פיהלט זי זיך גליקליך... זי איז איהר שוין יעצט גאָר נישט מקנא. זי וואָלט מיט אזא מאַן ווי יורם קיינמאָל נישט חתונה געהאַט.

פּנינה האָט אָנגעהויבען קלעהרען וועגען עקיבא׳ן... מיט אזא מאַן ווי עקיבא וואָלט זי זיך געפיהלט העכסט גליקליך. זי פלעגט יעדען אבענד, ווען עקיבא איז געקומען פון פעלד, איהם אָפּוואַרטען און באַגריסען. זי האָט פּרובירט מיט איהם אריינגעהן אין א געשפּרעך, אַבער זי האָט באַמערקט דאָס עקיבא מיידט איהר אויס... זי האָט עס אָנגענומען אַלס א באַוויז אז עקיבא איז שעהמעוודיג...

ווען אַבער זי האָט באַמערקט אז רחל, איהר האַרינטע אַליין, איז נישט

גלייכגילטיג צו עקיבא'ן, האט עס איהר שטארק געוואונדערט. פריהער האט זי געדענקט אז דאס וואס רחל איז פעראינטערעסירט אין עקיבא'ן איז דאס נאר צוליעב איהר גוטהערציגקייט, ווייל רחל פלעגט העלפען יעדען אונטערדריקטען און נויטוועדיגען. פנינה האט אבער באמערקט אן רחל'ן אז איהרע בעציהונגען צו דעם ארימען פאסטוך זיינען אין גאנצען אנדערע... זי געדענקט דעם שלעכטען איינדרוק וואס האט אויף רחל'ן געמאכט אין דער צייט ווען זיי האבען ביידע געשפאצירט אין פעלד און באמערקט אז נחמה רעדט צו עקיבא'ן... באלד נאכדעם איז רחל טאקע קראנק געווארען... און יעצט איז פנינה איהר חושד אז דאס איז זי קראנק געווארען צוליעב דעם וואס זי האט חושד געווען אז נחמה איז עקיבא'ס כלה. זי געדענקט אויך אז יעדעס מאל ווען עס איז איהר אויסגעקומען צו רעדען וועגען עקיבא'ן אדער נחמה'ן, איז רחל געווארען שטארק פעראינטערעסירט און נייגעריג...

פנינה האט גענומען נאכשפירען איהר הארינטע, און יעדעס מאל ווען רחל פלעגט אליין אוועקשפאצירען, האט פנינה איהר נאכגעקוקט צו זעהן אין וועלכער ריכטונג זי געהט...

— יא, דאס געהט זי צו איהם, צו עקיבא'ן, — האט פנינה ביי זיך געטראכט, און זי האט בעשלאסען אויסצוגעפינען אויב איהר פערדאכט איז בעגרינדעט.

איין פריהמארגען, ווען רחל האט, ווי איהר געוואהנהייט אין דער לעצטער צייט אליין ארוים אויף א שפאציר, איז פנינה איהר נאכגעגאנגען פון ווייטען... אט באמערקט זי ווי רחל געהט אין פעלד צו דעם פלאץ וואו עקיבא פיטערט די שאף.

פנינה איז איהר נאכגעגאנגען, און ווען זי האט געזעהן רחל'ן צוגעהענדיג צו עקיבא'ן, האט זי זיך בעהאלטען הינטער א בוים, און פון דארטען בעאבאכטעט וואס עס קומט פאר צווישען איהר הארינ'ס טאכטער, רחל, און זיין פאסטוך, עקיבא... ביידע האבען צווישען זיך א היבשע ווייל'ע גערעדט און נאכהער האט זי באמערקט ווי עקיבא האט ארומגענומען רחל'ן און איהר א קוש געטהאן... רחל האט איהם אויך געקושט.

פנינה איז געבליבען שטעהן ערשטוינט און צוטומעלט... זי קען קוים גלויבען, אז איהר הארינטע, די רייכע, שעהנע רחל, זאל זיך ליעבען אין דעם ארימען פאסטוך... א, ווען כלבא שבוע זאל נאר זיך דערוויסען וועגען דעם... ער וואלט דאך איהם פון הויז פערטריבען...

די אייפערזוכט האט זיך אין איהר צופלאקערט... זי איז זיכער, אז רחל וועט עקיבא'ן קיינמאל נישט הייראטען, און דאך שפיעלט זי מיט איהם א ליעבע... יעצט וועט שוין עקיבא פון איהר אפילו נישט וועלען טראכטען... ניין, זי טאר עס נישט דערלאזען. זי מוז זעהן דאס צו פערמיידען איידער עס וועט ווערען צו שפעט...

פנינה האט בעשלאסען צו דערצעהלען איהר האר כלבא שבוע וועגען דעם... זי קען אפשר פערלירען די שטעלע ביי רחל'ן, אבער זי וועט איהם אנבעטען ער זאל רחל'ן נישט זאגען, דאס זי האט איהם עס דערצעהלט. כלבא שבוע וועט איהר נאך זעהר דאנקבאר זיין און ער וועט נישט דערלאזען דאס זי זאל ליידען צוליעב דעם. און ווען עקיבא וועט זיך ארומזעהן, דאס ער האט

קיינע האפנונגען צו קריגען רחל'ן פאר זיין פרוי, וועט ער שוין זיין צופריעדע, ווען זי, פנינה, וועט וועלען מיט איהם הייראטען.

מיט דעם בעשלוס איז פנינה ארוים פון איהר באהעלטעניש און גלייך אוועק.

## אכטצעהנטער קאפיטעל

# ביים רב

דעם זעלבען אבענד ווען עקיבא האט זיך אומגעקעהרט פון דער פאשע אהיים, האט ער געבעטען נחמה'ן זי זאל צושיקען צו איהם אין פעלד איהר מאן יורם'ן.

— איך וועל איהם נאך היינט ביינאכט זעהן, — האט נחמה געזאגט, — און איך וועל איהם עס איבערגעבען. וועלכע צייט זאל ער צו דיר קומען?

— אויב עס איז ניט פאר איהם שווער, זאל ער צוקומען צו מיר אין דער פריה, — האט עקיבא איהר געזאגט.

— דו ווייסט דאך, עקיבא, — האט נחמה געזאגט מיט א שמייכעל, — אז יורם'ן וועט קיין זאך ניט זיין צו שווער צו טהאן פאר דיר. ער וועט קיינמאל נישט פארגעסען דיין חסד וואס דו האסט מיט איהם געטהאן... ווען דו ווילסט, קען ער נאך קומען צו דיר היינט אין אבענד.

— א, ניין, — האט עקיבא געזאגט, — איך דארף איהם זעהן מארגען אין פעלד, דארטען וועל איך מיט איהם קענעןריידען אונגעשטערט.

— גוט, — האט נחמה א צופרידענע געזאגט, — ער וועט מארגען זיין ביי דיר.

פנינה האט באמערקט ווי עקיבא האט מיט נחמה'ן גערעדט. זי איז צו איהר גלייך צוגעגאנגען און געזאגט:

— ווי איך זעה, מיין פריינדין, רעדט עקיבא צו דיר יא אמאל, באטש דו ביזט שוין א פערהייראטע פרוי, און צו מיר וויל ער גארנישט רעדען די גאנצע צייט זינט ער איז דא האט ער נאר איינמאל צו מיר גערעדט... זאג דאך מיר, נחמה, וועלכע סודות האסטו מיט איהם יעצט גערעדט, — האט פנינה געזאגט מיט א שמייכעל.

— איך זעה אז דו ביזט אייפערזיכטיג, פנינה, — האט נחמה געלאכט, — אבער דיזען מאל וועל איך דיר אויסזאגען דעם "סוד"... ער האט מיר געבעטען איך זאל איבערגעבען יורם'ן, ער זאל צו איהם קומען אין פעלד מארגען אין דער פריה.

— ער האט דיר נישט געזאגט צו וואס ער ברויכט איהם? — האט פנינה געפרעגט.

— דאס איז נישט מיין עסק, — האט נחמה געענטפערט, — ניט איך האב איהם געפרעגט און ניט ער האט מיר געזאגט.

* * *

פנינה האט פון פארדרוס און אייפערזוכט די גאנצע נאכט נישט געקענט שלאפען... זי האט געטראכט וועגען פלענער ווי אזוי צו צושטערען די ליעבע צווישען איהר הארינטע רחל'ן און דעם פאסטוך עקיבא'ן. זי האט פריהער

פרובירען רעדען מיט רחל'ן און וועט ערנידריגען עקיבא'ן אין איהרע אויגען. זי וועט רעדען אזוי אז רחל וועט נישט פארדעכטיגען דאס זי, פנינה, וויים פון איהר ליעבע צו עקיבא'ן... אויב דאס וועט נישט העלפען, וועט דאן דאס איינציגע מיטעל זיין צו דערצעהלען איהר פאטער, כלבא שבוע, ער וועט געוויס נישט דערלאזען זיין איינציגע טאכטער זיך צו פארבינדען מיט זיין פאסטוך, בפרט נאך מיט עקיבא'ן... זי וויים גאנץ גוט אז כלבא שבוע האט וועגען עקיבא'ן נישט זעהר קיין גוטע מיינונג צוליעב זיין אומוויסענהייט. זי וויים, אז ווען כלבא שבוע האט געהערט דאס עקיבא קען נישט לעזען און שרייבען, האט ער זיך שטארק געקווינקעלט איהם אנצושטעלען ביי זיך אלס פאסטוך, ווייל איהר האר טראגט א גרויסע שנאה אויף די עמי הארצים... יעצט ווען ער זאל זיך דערוויסען וואס עס קומט פאר צווישען זיין טאכטער און זיין פאסטוך, וועט ער געוויס נישט דערלאזען רחל'ן צו הייראטען מיט עקיבא'ן און וועט צושטערען אלע זייערע פלענער.

פנינה האט געהאט א שלאפלאזע נאכט. די אייפערזוכט האט אין איהר געברענט, און די גאנצע נאכט האט זי געטראכט וועגען עקיבא'ן, ווי אזוי זי זאל איהם ארייגקריגען פאר זיך... און כאטש איידער זי האט זיך דערוואוסט אז איהר הארינטע ליעבט זיך אין עקיבא'ן, האט זי איהם ווינציג וואס געליעבט, יעצט אבער, נאכדעם ווי זי האט אויסגעפונען אז די רייכע, שעהנע רחל איז פערליעבט אין דעם העלדישען פאסטוך, האט זיך די ליעבע צו עקיבא'ן אין איהר צופלאקערט, און זי האט געזוכט מיט אלע מעגליכקייטען ארייגצוקריגען עקיבא'ן אין איהרע הענד...

אויף מארגען אין דער פריה, ווען פנינה איז, ווי שטענדיג, אריין צו רחל'ן אין צימער, איהר העלפען זיך אנטהאן, האט זי זיך אפגערופען צו רחל'ן מיט א געמאכטען שמייכעל:

— איך וואלט געוואלט וויסען, מיין הארינטע, פאר וואס די מענער זיינען אזוי מאדנע. איך וויים אז מיין הארינטע איז געלערנט און קלוג, פיעלייכט נעמט זי עס מיר קענען ערקלעהרען.

— אנטקעגען וואס מיינסטו עס, — איז רחל נייגעריג געווארען.

— איך מיין עס אנטקעגען נחמה'ן און עקיבא'ן, דעם פאסטוך... פריהער ווען נחמה איז געווען א מיידעל און האט זיך געליעבט אין עקיבא'ן, איז ער געווען קאלט צו איהר און מיט איהר אפילו קיין ווארט קיינמאל נישט אויסגערעדט... און יעצט, ווען נחמה איז פערהייראט און געהערט צו אן אנדער מאן, איז עקיבא געווארען צו איהר גארנישט גלייכגילטיג...

— פון וואנען נעהמט זיך ביי דיר אט דער חשד? — האט רחל איהר געפרעגט מיט אן איינגעהאלטענעם שמייכעל.

— זיי ביידע האבען אימער סודות צווישען זיך, — האט פנינה געענטפערט, — און אט לעצטען אבענד, האט עקיבא מיט איהר פערבראכט א היבשע וויילע און האט איהר עפעס ארייגגערוימט אין אויער א גאנצע געהיימנים.

— און דו ביזט דאך נחמה'ס פריינדין, פאר וואס האסטו פון איהר נישט דערגאנגען וועלכע סודות זיי האבען צווישען זיך? — האט רחל געזאגט.

— איך האב איהר יא געפרעגט וועגען דעם, — האט פנינה געזאגט, — אבער זי האט מיר געוואלט פארריידען די צייהנער.

— וואס האט זי דיר געזאגט?

— זי האט מיר געזאגט, דאס עקיבא וויל זיך מארגען זעהן מיט יורם'ן, און דאס ער האט איהר געבעטען זי זאל איבערגעבען יורם'ן צוצוקומען צו עקיבא'ן אין פעלד...

— נו, און דו צווייפעלסט דאס זי האט דיר געזאגט דעם אמת?

— געווים צווייפעל איך, — האט פנינה געענטפערט בעשלאסען, — ער־שטענס, צו וואס דארף ער פלוצלינג האבען יורם'ן? און אויב ער דארף שוין יא האבען יורם'ן צו וואס דארף ער עס האלטען בסוד?...

— איך גלויב, — האט רחל געלאכט, — אז דיין פערדאכט איז אומבע־גרינדעט, — און דו דארפסט וויסען, מיין טהייערע פנינה, דאס מען טאר קיינעם אין קיין זאך ניט בעשולדיגען ביז וואנען מען איז זיכער און איבערצייגט אין די ריכטיגקייט פון דער זאך...

— אין איין זאך בין איך אבער זיכער, מיין הארינטע, אז איך בין אין עקיבא'ן שטארק ענטטוישט אין דער לעצטער צייט. פריהער האב איך פון איהם פיעל מעהר געהאלטען ווי יעצט. און כאטש ער איז פריהער אויך געווען נישט מעהר ווי אן אומוויסענדער פאסטוך, האב איך איהם דאך געאכטעט אין מיין הארצען... יעצט אבער זעה איך, אז א פאסטוך בלייבט א פאסטוך און בפרט ווען ער איז נאך אומוויסענד דערצו...

— לאמיר האפען, — האט רחל געשמייכעלט, — אז דו וועסט נאך אמאל ענדערען דיין מיינונג וועגען איהם... איך גלויב נישט אז ער איז נאך אזוי שלעכט ווי דו שטעלסט זיך פאר...

— און מיך קימערט נישט ווער ער איז און וואס ער איז, — האט פנינה געזאגט מיט אן איינגעהאלטענעם כעס, — מיר אינטערעסירט דער פאסטוך זעהר ווינציג.

ווען פנינה האט זיך ארומגעזעהן דאס איהר פארזוך צו ערנידריגען עקיבא'ן אין רחל'ס אויגען, איז איהר נישט געלונגען, האט זי בעשלאסען צו דערצעהלען דעם סוד צו כלבא שבוע'ן. זי האט געווארט ביז וואנען רחל וועט אוועקגעהן אויף איהר געוועהנליכען שפאציר...

* * *

כלבא שבוע איז געזעסען אין זיין צימער פערטראכט. זיינע געדאנקען זיינען געווען פארנומען מיט זיין איינציגער און ליעבער טאכטער רחל. יא, זיין טהייערע טאכטער האט זיך שוין פאלקאם ערהאלט פון איהר קראנקהייט. זי איז שוין ווידער דיזעלבע בליהענדע רויז ווי פריהער... די קומענדע וואך וועט ער מיט איהר אבפאהרען קיין יבנה... ווען דער נשיא פון דעם סנהדרין, רבן גמליאל, וועט איהר נאר דערזעהן, איז ביי איהם קיין צווייפעל נישט דאס ער וועט איינוווי־ליגען איהר פאר זיין פרוי צו נעהמען. ער געדענקט נאך די ברכה וואס רבן יוחנן בן זכאי האט איהר געבענשט: "זאל דיין מאן, מיט וועמען דו וועסט חתונה האבען, בעלייכטען דעם גאנצען אידישען פאלק מיט זיין תורה און מעשים טובים".

— יא, ווען רבן גמליאל זאל זיין איידעם ווערען, וועט דאן מקוים ווערען ר' יוחנן בן זכאי'ס נביאות... ווי גליקליך ער וועט זיך פיהלען ווען רחל'ס מאן וועט זיין אזא למדן און גדול בישראל... דאס וועט פאר איהם זיין א טרייסט

פאר זיין טויטע זוהן, דן, וועלכער איז געפאלען אין שלאכט מיט די רוימער, פארטיידיגענדיג די פעסטונג פון ירושלים... וויפיעל האפנונג ער האט בעלעגט אויף זיין בן יחיד... לויט די פעהיגקייטען וואס ער האט ארויסגעצייגט אין זיין קורצען יונגען לעבען, האט ער ערווארטעט אז זיין זוהן וועט זיין איינער פון די גרעסטע אידישע געלערנטע און פיהרער פון פאלק... אבער עס איז איהם נישט באשערט געווען צו האבען אזוי פיעל נחת און פערגעניגען... פאר זיין צייט איז דער יונגער בליהענדער צווייג אפגעבראכען געווארען פון דעם בוים... זיין איינ־ציגע טרייסט אין לעבען איז רחל... ווען זי וועט הייראטען אזא מאן, ווי רבן גמליאל, וועט ער וויסען אז דער רבונו של עולם, האט איהם אומגעקעהרט זיין שאדען. ער וועט ביי איהם זיין פאררעכענט אזוי ווי זיין אייגענער זוהן...

כלבא שבוע האט ביי זיך בעשלאסען דאס ווען רבן גמליאל, דער ראש פון דעם סנהדרין אין יבנה, וועט חתונה האבען מיט זיין טאכטער, וועט ער דאן זיך אין גאנצען אריבערציהען אין דער שטאדט יבנה. דארטען וועט ער זיינע לעצטע יאהרען פארברייננגען מיט די תלמידי חכמים פון דער גרויסער ישיבה... ער וועט קומען אין דער ישיבה הערען דעם שעור פון זיין איידעם... ער וועט דארפען הייסען רחל'ן זיך צוצוגרייטען צו דער רייזע.

כלבא שבוע האט זיך ניט געקענט בעשליסען צי זאל ער פריהער רעדען מיט רחל'ן וועגען רבן גמליאל אלס איהר מעגליכער מאן, אדער ער זאל עס איבערלאזען אויף שפעטער ווען רחל וועט זיין אין יבנה און איהם בעסער ערקענען... עס ווערט איהם אזוי אנגענעהם און פרעהליך אויפ'ן הארצען, ווען ער שטעלט זיך פאר ווי אזוי ער וועט פיהרען זיין איינציגע טאכטער צו דער חופה. די גרעסטע חכמים פון יבנה וועלען זיינע געסט זיין... דער חתן, רבן גמליאל וועט צו דער חופה האלטען א דרשה, און רחל, זיין רחל, וועט זיין די שעהנע בעצויבערנדע כלה... וויפיעל נחת און פארגעניגען דאס וועט איהם פערשאפען! זיין טאכטער, די קלוגע, געלערנטע און גוטהערציגע רחל, די שעהנסטע צווישען טעכטער, וועט הייראטען דעם נשיא פון דעם סנהדרין... וואס פאר א גליקליכע, באשערטע און פון הימעל געבענשטע פאר זיי וועלען זיין!... ווען זיין פרוי וואלט יעצט געלעבט, וואס פאר א פרייד און נחת עס וואלט געווען פאר איהר צו פיהרען איהר טאכטער צו דער חופה מיט דעם גרעסטען מאן אין ארץ ישראל... מסתמא איז עס באשערט אזוי... זאל זי, זיין געטספארכטיגע פרוי, זיך דארטען משתדל זיין און אויסבעטען פאר איהר טאכטער א גליקליכען לעבען... און צוליעב דעם זכות פון רחל'ס ברודער, וועלכער איז געפאלען א קרבן פאר זיין פאלק און די הייליגע שטאדט, זאל איהר גאט בענשען מיט קינדער וועלכע זאלען זיין א שטאלץ פאר אונזער פאלק און א ציערונג פאר די עלטערן.

לאנג איז כלבא שבוע געזעסען און געטראכט פון דער צוקונפט פון זיין טאכטער, דער איין־איינציגער אוצר וואס איז איהם אזוי טהייער און ליעב. ער איז געזעסען מיט האלב פערמאכטע אויגען און געוועבט אזוינע זיסע, אנ־גענעמע חלומות וועגען איהר....

א קלאפ אין טהיר האט איהם אויפגעוועקט פון זיינע חלומות.

— ארייין!

פנינה האט לאנגזאם אויפגעעפענט די טהיר און געבליבען שטעהן אין אריינגאנג.

— וואס ווינשסטו, פנינה? — האט איהר כלבא שבוע געפרעגט.

— איך... ער... אויב מיין האר וועט מיר ערלויבען, — איז פנינה רויט געווארען, — האב איך עפעס וויכטיגעס צו ריידען מיט מיין האר...

— א, איך פארשטעה! — האט כלבא שבוע געענטפערט מיט א שמייכעל,

— דו ווילסט מיט מיר אודאי ריידען וועגען עקיבא'ן...

— וויים דען מיין האר וועגען דעם? — האט פנינה געשטוינט.

— איך האב שוין זאגאר גערעדט מיט מיין טאכטער וועגען דעם...

— און מיין האר האט דערצו איינגעשטימט?! — האט פנינה אויסגעסטארטשעט איהרע אויגען.

— נו, געווים, דו נאריש קינד... עס איז דאך מסתמא אזוי באשערט... איך בין דאמיט זעהר צופריעדען... עקיבא איז א גאנץ וואוילער יונג, און פון דיר איז רחל דאך געווים צופריעדען... עס איז זעהר א גלייכער שידוך!...

— א... איך האב... ע... איך מיין, מיר איז א גרויסער וואונדער דאס מיין האר האט איינגעשטימט צו אזא זאך!

— פאר וואס זאלסטו זיך אזוי וואונדערען, פנינה, גלויבסטו דאס איך בין אזוי שלעכט אז איך וועל שטערען דאס גליק פון א יונגע ליעבענדע פאר..

— ניין, — האט פנינה געענטפערט, — איך האב געמיינט, אז מיין האר וועט דערצו קיינמאל נישט איינשטימען, ווייל... ע... ווייל ער האט נישט איבריגעס ליעב קיין עם הארץ...

— נו, און וואס איז אז איך האב נישט ליעב קיין עם הארץ, — האט כלבא שבוע געלאכט, — איך וועל דאך מיט איהם נישט חתונה האבען... דו אבער ליעבסט דאך איהם, טו פארוואס זאל איך זיין דאגעגען...

— מיין האר, — האט פנינה אויסגעגלאצט איהרע אויגען, — זאל מיר ענטשולדיגען! אבער איך פארשטעה נישט וואס מיין האר מיינט מיט דעם...

— גאנץ איינפאך! — האט איהר כלבא שבוע געענטפערט, — ווי איך פארשטעה ביזטו געקומען מיך בעטען איך זאל מסכים זיין צו דעם שידוך מיט עקיבא'ן, קען איך דיר זאגען, אז איך האב שוין איבערגערעדט מיט רחל'ן און איהר געזאגט, אז עקיבא און דו זיינען א זעהר גלייכע פאר...

— א, ניין, ניין!... — האט פנינה כמעט א וויינענדע אויסגערופען.

— נו, אויב דיר געפעלט נישט דער שידוך, צווינגט דאך דיר קיינער נישט דערצו, — האט איהר כלבא שבוע געפרואווט בערוהיגען.

— אבער מיין האר האט מיך שלעכט פארשטאנען... — איז פנינה בלאס געווארען, — נישט וועגען זיך בין איך געקומען ריידען צו מיין האר, נאר וועגען מיין הארינטע, רחל...

— וועגען מיין טאכטער?

פנינה האט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ.

— יעצט פארשטעה איך דיך נישט... — האט זיך כלבא שבוע אפגע־רופען, — וואס האסטו מיר צו דערצעהלען וועגען רחל'ן?...

— ווען מיין האר וועט מיר ערלויבען און אויב ער וועט אויף מיר אין כעס נישט זיין, האב איך עפעס וויכטיגעס צו דערצעהלען.

— נו, טו דערצעהל! — איז כלבא שבוע אומגעדולדיג געווארען.

פנינה איז געווארען פערצווייפעלט. זי האט נישט געוואוסט ווי אזוי אנ־צופאנגען. א ווייל איז זי געשטאנען און געשוויגען.

— נו?!

— איך בין זיכער, מיין האר, דאס אויב איך וועל יעצט אלעס דערצעה־לען, וועל איך פארלירען מיין שטעלע אלס קאמער־מיידעל פון מיין הארינטע. אבער איך פיהל אז מיין האר מוז פון אלעס וויסען... מיין האר'ס טאכטער איז פערליעבט אין דעם פאסטוך עקיבא'ן...

— וואס?!! — איז כלבא שבוע אויפגעשפרונגען פון זיין פלאץ, — ווי וואגסטו עס גאר ארויסצוריידען אזא זאך פון דיין מויל!

— אבער מיין האר, — האט פנינה געלאסען געזאגט, — איך האב דאס אליין געזעהן...

— וואס האסטו געזעהן, דו ליגנעריין, דו! האסט געזעהן מסתמא דאס מיין טאכטער האט אויסגערעדט א פאר ווערטער מיט'ן פאסטוך און שוין ביזטו געקומען צו דעם שרעקליכען בעשלוס און ווילסט מאכען א בלבול אויף מיין רחל'ן! קענסטו דען נישט דיין הארינטע, און ווייסטו נישט ווי גוט הערציג זי איז, אז ביי איהר איז רעכט צו רעדען מיט יעדען איינעם, וועלכער נויטיגט זיך אין איהר הילף... און צוליעב דעם וואס זי האט וואהרשיינליך אויסגערעדט א פאר ווערטער מיט דעם פאסטוך, האסטו דערפון געדרונגען אז דיין הארינטע איז בעגאנגען אזא נידערטרעכטיגע זאך!

פנינה האט זיך פלוצלינג פאנאנדערגעוויינט...

— נו, דעם מאל וועל איך דיר מוחל זיין, — האט כלבא שבוע זיך אנגע־רופען, גלויבענדיג אז דאס וויינט זי, ווייל זי האט זיך ארומגעזעהן דאס זי האט געמאכט א טעות און זי האט חרטה, — א צווייטען מאל זאלסטו מעהר פאר־זיכטיג זיין און מעהר אזא שוידערליכען טעות נישט מאכען.

— א, ניין, מיין האר, — האט פנינה געווישט די טרעהרען, — איך האב קיין טעות נישט געמאכט... ביז וואנען איך בין נישט געווען איבערצייגט אין דעם, האב איך אפילו נישט געוואגט צו טראכטען וועגען אזא זאך... יעצט אז איך בין פאלקאם איבערצייגט אין דעם, בין איך געקומען צו זאגען מיין האר, פיעלייכט וועט נאך זיין נישט צו שפעט...

— ווי אזוי ביזטו עס איבערצייגט?

— ווייל איך האב געזעהן מיט מיינע אויגען, — האט פנינה געענטפערט.

— וואס האסטו געזעהן? גיבער דערצעהל מיר, — האט כלבא שבוע אז אויפגערעגטער געזאגט.

— איך האב שוין פון לאנג געהאט א קליינעם פערדאכט אין דעם, אבער כל זמן איך האב נישט געהאט קיינע בעווייזע דערצו, האב איך עס אויך בע־טראכט, ווי מיין האר האט פריהער געזאגט, אז דאס איז צוליעב דעם וואס מיין הארינטע האט אזא גוטע הארץ און נאבעלע נשמה... לעצטענס אבער, ווי מיין

האר, האָט וואהרשיינליך באמערקט, מאכט זיין טאָכטער איהרע שפּאצירען
אין דער פריה, גאַנץ אליין... כאָטש ביז דאָ נישט לאַנג פלעגט זי זעלטען שפּאַ־
צירען אליין... איך האָב בעשלאָסען אויסצוגעפינען די אורזאכע. און איך האָב
גענומען נאָכקוקען אין וועלכע ריכטונג מיין הארינטע געהט. ווען איך האָב גע־
זעהן, אז יעדעס מאָל געהט זי אין דער ריכטונג וואו עקיבא פיטערט די שאָף,
האָב איך בעשלאָסען איהר נאָכצופאָלגען... נעכטען אין דער פריה, ווען מיין
הארינטע איז ארוים אויף איהר שפּאציר, בין איך איהר נאָכגעגאנגען פון ווייטען,
איך האָב באמערקט ווי רחל איז צוגעגאנגען צו עקיבא'ן. איך האָב זיך בעהאל־
טען הינטער א בוים, זיי האָבען מיך נישט געקענט זעהן, אָבער איך האָב אלעס
געקענט זעהן. פריהער האָט זיך מיין הארינטע אוועקגעזעצט מיט עקיבא'ן
אויף דעם גראָז און א היבשע ווײלע צווישען זיך גערעדט... און... נאָכהער —
איז פנינה עטוואָס געוואָרען דרייסטער, — נאָכהער האָב איך באמערקט ווי
עקיבא האָט געקושט רחל'ן און מיין הארינטע האָט איהם אויך געקושט...

— שווייג! דו חצופה! — האָט כלבא שבוע אויסגעשריען מיט כעס, —
דאָס איז א געמיינער ליגען! מיין טאָכטער וועט אזא זאַך נישט טהאָן! נישט
אנדערש אז דו ביזט פון דיין זינען געריהרט, ווען דו קענסט אויסטראכטען אזא
זאַך וועגען מיין טאָכטער...

— זאָל מיך גאָט שטראָפען אויב איך זאָג א ליגען, — האָט פנינה ווידער
אנגעהויבען צו וויינען, — אויב מיין האר וויל, קען איך איהם נאָך חיינט אין

— ווי אזוי?!

— מיין הארינטע איז דאָ נישט לאַנג ווידער אוועקגעגאנגען אויף איהר
דעם איבערצייגען.
איינזאַמען שפּאציער. און איך בין זיכער דאָס זי איז אוועקגעגאנגען צו עקיבא'ן.
אויב מיין האר וויל קען ער אוועקגעהן אהינצו, און דאָן וועט ער זיך איבערצייגען
אז איך בין נישט קיין ליגנערין און בעטריגערין...

כלבא שבוע איז געבליבען שטעהן צוטומעלט און צומישט... ער קען זיך
קוים פאַרשטעלען דאָס זיין טאָכטער זאָל ליעבען דעם פאַסטוך, דעם גראָביאַן...

— עס קען נישט זיין! דאָס האָט זי, איהר אייגענע קאַמער־מיידעל, געמוזט
מאכען אויף איהר א בלבול!... אָבער ווערליג זי דערצעהלט, אז זי האָט אלעס
אליין געזעהן מיט איהרע אויגען... אפשר... כלבא שבוע האָט אויפגעשווידערט
נאָר פון דעם געדאנק אליין... זיין צניעות'דיגע שעהנע און קלוגע טאָכטער זאָל
אזוי טהאָן... ניין, עס איז אונמעגליך!

— גוט, — האָט זיך כלבא שבוע אָפּגערופען מיט כעס, — איך געה באלד
אריבער אין פעלד און אויב איך וועל זעהן מיט מיינע אויגען דאָס וואָס דו
דערצעהלסט, דאַן, נור דאַן וועל איך דיר גלויבען... יעצט קענסטו געהן...

— מיין האר, — האָט זיך פנינה ביי איהם געבעטען, — אויב מיין האר
וועט אויסגעפינען אז אלעס וואָס איך האָב דערצעהלט איז אמת, בעט איך דאָך,
אז מיין האר זאָל פאר זיין טאָכטער נישט דערצעהלען, אז איך בין געוועזן די
וועלכע האָט אויסגעזאָגט דעם סוד...

— דאָס איז א שפּעטערדיגע זאַך, — האָט כלבא שבוע געזאָגט מיט אויפ־
רעגונג, — יעצט געה!

פנינה איז ארוים פון צימער א דערשלאָגענע און פאַרשעהמטע.

כלבא שבוע איז א ווײַלע געבליבען שטעהן ווי בערווישט... ער האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלען אז אזא זאַך זאָל פּאַרקומען מיט זײַן טאָכטער... רחל זאָל זיך פערליעבען אין אזא אומוויסענדען פּאַסטוך... יא, ער וועט גלייך געהן. רחל איז נישט לאַנג אוועקגעגאַנגען פאַר א שפּאַציער און אויב עס זאָל זײַן ווי פנינה זאָגט, וועט זי דאָך וואהרשיינליך זיך געפינען נעבען עקיבא'ן, דאָס מוז ער אליין זעהן און זיך איבערצייגען איידער ער קען אזא זאַך אויף איהר גלויבען.

כלבא שבוע האָט גענומען זײַן שטעקען און איז אוועקגעגאַנגען אין פעלד, וואו זײַן פּאַסטוך עקיבא פיטערט זײַנע שאָף...

* * *

יורם איז צוגעקומען צו עקיבא'ן גאַנץ פריה. ביידע פריינד האָבען זיך האַרציליך באַגריסט.

— עקיבא, — האָט זיך יורם אָפּגערופען, — איך בין דאָך אזוי גליקליך מיט מײַן נחמה'ן... זי איז דאָך אזא טהייערע און איידעלע פרוי, און מײַן גאַנצען גליק האָב איך נור דיר צו פערדאַנקען. דו האָסט פאַר מיר אזוי פיעל געטהאָן, דאָס מיר דוכט זיך, דאָס מײַן גאַנצען לעבען וועל איך נישט אימשטאַנד זײַן דיר אָפּצוצאָהלען פאַר דעם גרויסען חסד וואָס דו האָסט מיט מיר געטהאָן. ווען מײַן נחמה האָט מיר לעצטע נאַכט געזאָגט דאָס דו ברויכסט מיך צו זעהן, בין איך געווען העכסט גליקליך... איך האָב זיך געטראַכט פיעלייכט וועל איך דיר קענען מיט עפּעס צו הילף קומען. דאָס וואָלט געווען מײַן גרעסטע פרייד.

— גוט, מײַן פריינד, — האָט זיך עקיבא אָפּגערופען, — אויב דיר איז נישט שווער פאַר מיר צו טהאָן די געפעליגקייט, וואָלט איך דיך געבעטען, דו זאָלסט פאַרבלייבען מיט מײַנע שאָף ביז וואַנען איך וועל זיך צוריקקעהרען, ווײַל איך דאַרף געהן ערגעץ־וואו זעהר וויכטיג.

— מיט'ן גרעסטען פאַרגעניגען, — האָט יורם געענטפערט.

— איך מיין, — האָט עקיבא געזאָגט, — אויב דאָס וועט דיר נישט אוועקנעהמען פון דײַן ארבייט, און דיר נישט גורם זײַן קיין שאַדען.

— ניין, מײַן ליעבער פריינד! יעצט, ווי דו ווייסט בין איך דאָך א בעל הבית פאַר זיך. איך און מײַן שותף, דער אַלטער מאַן, זײַנען זעהר איבערגעגעבען איינער צום צווייטען. איך קען טהאָן מײַן ארבייט ווען איך וויל, דעריבער וועט מיר גאָר קיין שאַדען ניט זײַן אפילו ווען איך זאָל קומען דיר ארויסהעלפען א גאַנצען מאָנאַט.

— איך דאַנק דיר זעהר, מײַן פריינד, — האָט עקיבא געזאָגט, — יעצט מוז איך געהן. איך וועל זיך וואהרשיינליך פאַרווײַלען איינינע שטונדען, אבער איך בין זיכער, דאָס איך וועל זײַן צוריק איידער דער אבענד וועט אָנקומען.

עקיבא איז געגאַנגען צו דעם בעשטימטען פּלאַץ וואו ער האָט אָפּגערעדט זיך צו טרעפען מיט זײַן געליעבטע רחל.

אויף דעם וועג וואָס פיהרט אויסען שטאָדט, אונטער אן איילבערט־בוים, איז געזעסען רחל און געוואַרט אויף איהר הערצענס־געליעבטען, עקיבא'ן. זי איז אזוי גליקליך און צופריעדען... באַלד, אָט באַלד וועט איהר טרוים, איהר הייליגער אידעאַל פאַרווירקליכט ווערען... באַלד ווערט זי פאַרבונדען מיט דעם, וועלכער איז איהר טהייערער פון אַלעם אין דער וועלט... זי ווייס, אז זי וועט האָבען אויסצושטעהן א שווערען און ביטערען קאַמפּף... אבער דאָס אַלעם וועט

נאך זיסער מאכען איהר הייליגע ליעבע פאר עקיבא׳ן. עס וועט ביידען געבען מעהר מוטה און כח אריבערצוטראגען אלע שוועריגקייטען און שטרויכלונגען וואס וועלען שטעהן אין זייער וועג... ווי טהייער און אנגענעהם איז דאס לעבען ווען עס איז בעגלייט מיט אמת׳ן ריינע ליעבע.

יעדע רגע האט רחל אויפגעהויבען איהרע אויגען און געקוקט אין דער ריכטונג פון וואנען עקיבא האט געזאלט אנקומען... זי איז דאך אזוי אומגעדולדיג, אז די מינוטען ווערען ביי איהר אין שטונדען פערוואנדעלט...

פון ווייטען האט רחל באמערקט אימיצען אנקומענדיג. זי האט אנגעשטרענגט איהרע אויגען... יא, דאס קומט ער!... איהר ליעבער עקיבא... א גליקליכע פרייד האט דורכגענומען איהר קערפער. אלע איהרע גליעדער זינגען שירה, דאס ליעד פון ליעבע...

רחל איז איהם געלאפען אנטקעגען:

— מיין ליעבער עקיבא!

— מיין טהייערע רחל!

די צוויי ליעבענדע האבען זיך צוקושט.

— קום שנעלער, עקיבא טהייערער — האט רחל געזאגט, אננעהמענדיג איהם ביי זיין האנד, — מיר מוזען זיך איילען, ווייל איך וועל דארפען זיין צו הויז פאר מיטאג. מיין פאטער וועט זיין שטארק בעזארגט ווען איך וועל פארשפעטיגען, און ער קען נאך עפעס פארדעכטיגען... יא, מיין טהייערער, מיין פאטער טאר דערווייל פון דעם גאר נישט וויסען... איך האב פיעלע מאל פרובירט מיט איהם איבעררייידען וועגען דיר, איך האב פרובירט בעאיינפלוסען איהם ער זאל זיין מיינונג ענדערען וועגען דיר, אבער מיר איז נישט געלונגען. ביי איהם אין הארצען, — האט ער מיר געזאגט, — וועט די שנאה צו עמי הארצים קיינמאל נישט אויסגעווארצעלט ווערען, און וויפיעל איך האב מיט איהם איינגע׳טענה׳ט, אז אין דיין פאל איז עפעס אנדערש, ווייל דו האסט די גרעסטע אויסזיכטען צו ווערען איינער פון די געלערנסטע אידען אין יהודה, און עס וואלט געווען זעהר ווינשענסווערטה, דאס ער זאל דיר ערמוטהיגען זיך נעהמען צום לערנען, און אויך אונטערשטיצען מיט געלד... אבער מיין פאטער האט דערפון געלאכט... ער האט געזאגט, אז דער וועלכער האט פערנאכלעסיגט צו לערנען אין דער יוגענד, איז שוין פאר איהם קיין האפנונג ניטא דאס ער וועט זיך ווען עס איז עפעס אויסלערנען...

עקיבא׳ס פנים איז פלוצלינג באדעקט געווארען מיט אומעט און טרויער.

— וואס איז מיט דיר, מיין ליעבער? — האט איהם רחל א פרעג געטהאן, ווען זי האט באמערקט די פלוצילנגע ענדערונג אין זיין געזיכט.

— מיין הארץ ציטערט אין מיר, — האט איהר עקיבא געענטפערט, — פיעלייכט איז דיין פאטער גערעכט, אפשר איז שוין טאקע צו שפעט פאר מיר אנצופאנגען צו לערנען, און פון אונזערעביידענ׳ס חלומות וועט גאר נישט ווערען.

— א, ניין, מיין ליעבער עקיבא, דו טארסט נישט דערלאזען אז אט דער געדאנק זאל זיך איינעסען אין דיין הארצען... קום, איך וועל דיר עפעס צייגען, וואס איך האב דא נישט ווייט באמערקט.

רחל איז צוגעגאנגען מיט עקיבא׳ן צו א סאזעלקע וואס איז געווען אויפ׳

צווייטען זייט וועג. א גרויסער פעלזען־שטיין איז געווען נעבען דער סאזעלקע אויף וואס עס פלעגען פאלען טראפענס וואסער.

— זעהסטו אָט דעם גרויסען הארטען פעלזען־שטיין? טראפענס וואסער פאלען אויף דעם שטיין, באמערקסטו ווי די ווייכע טראפענס מיט זייער שטענדיגען פאלען אויף דעם זעלבען פלאץ פון פעלזען־שטיין, האבען געמאכט א טיעפע איינקריצונג אויף דעם שטיין. יעצט מיין ליעבער עקיבא, אויב ווייכע וואסער־טראפענס האבען די קראפט איינצוקריצען זיך אין א הארטען שטיין, וועט דען נישט אונזער הייליגע תורה האבען א גרעסערע קראפט זיך איינצוקריצען ביי דיר אין הארצען!...

— דו ביזט גערעכט, מיין ליעבע קלוגע רחל, איך טאר נישט פארלירען מיין מוטה און האפנונג. און איך טהו זיך א נדר מעהר נישט צו האבען אזעלכע טרויעריגע געדאנקען וועגען מיין צוקונפט און מיין מעגליכקייט צו לערנען... געבענשט זאלסטו זיין, און גאָט זאָל אזוי ערפרעהען דיין הארץ, געליעבטע מיינע, ווי דו האסט יעצט דערפרעהט מיין הארץ... דו האסט מיך יעצט איבערצייגט, אז קיין זאך איז פאר'ן מענשען נישט צו שווער, אויב ער בעזיצט נור א שטארקען ווילען... איך שווער דיר נאך אמאָל ביי אונזער הייליגער ליעבע, דאס פון היינט אָן און ווייטער וועל איך אויף א רגע נישט אויפגעבען מיין האפנונג צו לערנען און קענען אונזער תורה גרינדליך...

— יעצט מיין ליעבער עקיבא, רעדסטו ווי איינער פון די אידישע העלדען... מיר טאָרען קיינמאל נישט אויפגעבען אונזער האפנונג, נישט קוקענדיג דארויף וויפיעל שווערינקייטען מיר וועלען באגעגענען אויף אונזער לעבענס וועג... ווייל אמת'ע הייליגע ליעבע וועט אלעס אריבערקומען און ארויסקומען זיעגרייך...

רחל און עקיבא זיינען אריינגעקומען צום רב, וועלכער האט געוואהנט הינטער'ן שטאָדט, זיי האבען איהם אנגעבעטען דאס ער זאָל האלטען זייער חתונה בסוד. דער אלטער רב האט זיי פערשפראכען צו ערפילען זייער וואונש. ער האָט אריינגערופען צוויי עדות, און עקיבא האט מקדש געווען זיין געליעבטע רחל כדת משה וישראל . . .

— — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

כלבא שבוע איז אנגעקומען אין פעלד, וואו זיי פאסטוך פיטערט די שאף. זיין הארץ איז איהם געווען שטארק פארביטערט... די אויגען האבען איהם געשווינדעלט... אפשר איז פנינה גערעכט!... א, גאָט, ווי שרעקליך דאס וואָלט געווען! א שוידער נעהמט איהם דורך...

"שטארק מיר, באשעפער פון דער וועלט", — האט ער מתפלל געווען ווען ער האט זיך דערנעהנטערט צום פלאץ... — "רחל, לויט פנינה'ס ערצעהלונג, וועט געווים זיין יעצט נעבען עקיבא'ן... גיב מיר כח עס אריבערצוטראגען..."

כלבא שבוע האט זיך עטוואס דערנעהנטערט, אבער ער איז נאך אלץ געווען א היבשע ביסעל ווייט פון דעם פלאץ. ער האט זיך אוועקגעשטעלט הינטער'ן בוים און געקוקט, און געקוקט...

ער זעהט אימיצען זיצענדיג אויפ'ן גראָז אונטער א בוים... יא, דאס

איז געווים עקיבא... ער איז אליין, קיינער איז ניטא נעבען איהם... די שאף פיטערען זיך ארום... און ער כאפט א דרימעל.. א דאנקען גאט! עס איז א ליגען אלעם וואס פנינה האט געזאגט... רחל, זיין ליעבע טאכטער, איז גאר נישט געגאנגען צו עקיבא׳ן!... ווי פאלש זי איז, די פנינה, איהר צונג איז פול מיט גיפט.

כלבא שבוע איז א היבשע ווייל געשטאנען אין זיין בעהעלטענים... ניין, רחל קומט נישט... זיין טהייערע קינד וועט אזא זאך נישט טהאן... גאט זיי דאנק! — האט ער אויסגערופען, און איז צוריק אהיים געגאנגען.

אויפ׳ן וועג האט ער בעשלאסען גארנישט צו זאגען פנינה׳ן וועגען דעם. ביז וואנען ער וועט זיך איבערצייגען דאס זי האט טאקע געזאגט א ליגען, און דאן וועט ער איהר ארויסיאגען פון הויז, פאר׳ן מאכען אזא נידערטרעכטיגען בלבול אויף זיין טאכטער.

ווען כלבא שבוע איז צוריק געקומען אהיים איז נאך רחל נישט געווען אין הויז... אבער זיין הארץ איז געווען רוהיג. ווי באלד אז זי איז נישט מיט עקיבא׳ן קימערט איהם נישט...

## נייינצעהנטער קאפיטעל

# כלבא שבוע׳ס שבועה

די זון איז שוין געווען אין מיטען הימעל און האט געשיקט איהרע ווארימע ליעבליכע שטראהלען אויף עקיבא׳ן און רחל׳ן, די נאר וואס פערהייראטע פאר, וועלכע האבען זיך אומגעקערט פון רב׳ס הויז, הינטערן שטאדט.

א הימעלשער גליק האט זיך צעגאסען אויף ביידען; זייערע פנים׳ער האבען געלויכטען און די אויגען געשטראהלט...

— עקיבא, — האט זיך רחל אפגערופען — דו ביזט דאך יעצט מיין מאן!... מיין ליעבער טייערער מאן! אך ווי זים איז דאס לעבען! מיינע חלומות זיינען פערווירקליכט געווארען... יעצט ביזטו מיינער אויף עוויג! און געדענקט האב איך דאס מיינע טרוימען וועלען קיינמאל נישט מקוים ווערען... ווען איך האב באמערקט נחמה׳ן שטעהענדיג נעבען דיר, האב איך אלע מיינע האפענונגען פערלארען... און ווי שטארק איך האב דאן געליטען... די זעלבע זון האט אויפ־געהערט צו ווארימען און לייכטען פאר מיר... דער באדען אונטער מיינע פים האט זיך געוויגט, געמיינט האב איך אז פארלארען איז מיין גליק. צעשטערט איז געווארען מיין פרייד, און פארביטערט וועט מיין לעבען ווערען... אבער יעצט. פארפולט איז מיין בעכער פון גליק און פריידען... דו, מיין ליעבער עקיבא, ביזט מיינער! דו האסט מיר די גאנצע צייט אויך געליעבט און ענדליך האט אונז דער ליעבער גאט אויף עוויג פערבונדען!

— מיין ליעבינקע טייערע רחל — האט איהר עקיבא געקושט — מיין ליע־בע צו דיר איז געטליך און הייליג... איך האב קיינמאל ניט געוואגט צו חלום׳ען אפילו דאס מיין ליעבע צו דיר וועט ווען עס איז פארווירקליכט ווערען... איך האב פון אנפאנג אן געליעבט און געליטען... גליקליך בין איך געווען ווען איך האב נאר געקענט טראכטען פון דעם ווי ליעב איך האב דיר... יענע מאמענטען זיינען געווען די טייערסטע אין מיין לעבען און געוואונשען האב איך צו שטאר־

בען מיט די ערהאבענע געדאנקען און הייליגע געפיהלען וועגען מיין ליעבע צו דיר... ווייל דער טויט וואלט פון מיר אוועקגענומען די שרעקליכע ענטטוישונג, וואס איך האב ערווארטעט פון מיין ליעבע... און דא קומסטו, מיין געטליכע בלום, דו גיסט מיר א נייעם לעבען און דו מאכסט עס פאר מיר אזוי זיס, אזוי ליעבליך... איך פיהל זיך יעצט ווי ניי געבוירען... איך זעה, אז קיין זאך אין דער וועלט קען נישט שטערען אמת'ע ריינע און הייליגע ליעבע איך פיהל זיך יעצט אזוי שטארק און מוטהיג. און איך שווער דיר נאך אמאל מיין ליעבענדע רחל, דאס איך וועל זיך נעמען צום לערנען און זיך נישט אומקערען צו דיר ביז וואנען אלע דיינע האפנונגען וועגען מיר וועלען מקוים ווערען.

— יע, מיין טייערער מאן — האט רחל געזאגט מיט ליעבשאפט, — דו וועסט גאר אין גיכען אוועקפאהרען לערנען... איך וועל איבעררעדען מיט מיין פאטער, און איהם זאגען דאס דו האסט בעשלאסען זיך צו נעהמען צום לערנען און אז דו ווילסט אוועקפאהרען צו איינע פון די ישיבות. איך וועל איהם אויך בעטען דאס ער זאל מיר ערלויבען דיר אונטערצושטיצען... איך בין זיכער דאס ער וועט מיין פערלאנג נישט ענטזאגען, און ווען די צייט וועט קומען, וועל איך איהם אלעם ענטדעקען... איך וואלט זעהר געוואלט דאס דו זאלסט אוועקפאהרען אין יבנה, די שטאדט פון חכמים און געלערענטע, דארטען וועלען זיך געפינען פיעלע חכמים וועלכע וועלען דיר ארויסהעלפען אין לערנען און דיר צוגרייטען אריינצוטרעטען אין דער גרויסער ישיבה. מיין פאטער וועט אליין אין גיכען אפפאהרען מיט מיר אהין. ער דארף בעצאהלען זיין יעהרליכע נדבה פאר דער ישיבה. איך אליין וועל אנבעטען איינינע פון די חכמים דיר ארויסצוהעלפען.

— טייערינקע רחל — האט עקיבא געזאגט — איך בין שוין אזוי אונגעדולדיג איך וואלט שוין וועלען גלייך אנפאנגען צו לערנען ווייל יעדער טאג וואס געהט פערביי אהן לערנען איז א טאג פערלארען געגאנגען...

— דו וועסט אבער מוזען ווארטען, ליעבער עקיבא, ביז וואנען איך וועל דיר קענען געבען די נויטיגע שטיצע, דערצו וועל איך מוזען האבען מיין פאטער'ס הסכמה. און ווייסטו, אז עס וואלט געווען אזוי שעהן און גוט, ווען איך דערצעהל מיין פאטער דאס דו האסט בעשלאסען אוועקצופאהרען נאך יבנה צו לערנען, און מיין פאטער וואלט פארגעשלאגען דאס דו זאלסט פאהרען צוזאמען מיט אונז... און אפשר איז בעסער אז דו זאלסט פאהרען בעזונדער, כדי דער פאטער זאל ניט האבען דעם מינדסטען חשד וועגען אונז ביידען...

— יע, מיין ליעבענדע — האט עקיבא געענטפערט — איך גלויב אויך דאס אויב איך וואלט געהאט די מעגליכקייט צו פאהרען מיט אייך צוזאמען, וואלט פאר אונז ביידען געווען אוממעגליך צו פערשטעלען אונזערע געפיהלען און דיין פאטער וואלט געווים עפעס באמערקט, און דאן...

— דאן... — האט רחל ווידערהאלט — קיינער אין דער וועלט קען אונזערע פלענער נישט צושטערען, מיר זיינען פארבונדען מיט א הייליגען בונד אויף אייביג און קיינער וועט אונז נישט קענען צושיידען...

— ווי גליקליך דיינע ווערטער מאכען מיר — האט עקיבא צו איהר געזאגט — איך ווייס אז יעצט בין איך דיר נאך נישט ווערטה אבער איך האף, מיין ליעבע רחל, דאס מיט עטליכע יאהר שפעטער וועסטו אויף מיר שטאלץ זיין...

זיי זיינען צוגעקומען נישט ווייט פון פעלד, וואו יורם איז געשטאנען. דיא

גליקליכע פאר האט זיך נאכאמאל צעקושט... עקיבא איז צוריקגעגאנגען צו זיינע שאף און רחל איז אוועק אהיים.

---

כלבא שבוע איז געזעסען אין זיין צימער און האט מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט אויף זיין טאכטער. ער האט זיך שוין אפילו בערוהיגט... יעצט איז ער כמעט ווי זיכער אז פנינה, האט אדער געמאכט א טעות, אדער זי האט אויף איהר געמאכט א בלבול, ווייל זי איז אזוי אייפערזיכטיג אויף עקיבא'ן דאס ווען זי האט געזעהן רחל'ן אויסריידען א ווארט מיט איהם, האט זי ביי זיך בעשלאסען אז רחל פיהרט א ליעבע מיט איהם... פונדעסטוועגען איז ער געווען זעהר אומרוהיג... טאמער איז פנינה טאקע גערעכט... כאטש זי האט איהם אויך געזאגט אז היינט איז רחל אויך געגאנגען צו עקיבא'ן... ער, אבער האט זיך איבערצייגט אז דאס איז נישט ריכטיג, ער איז א היבשע ווייל געשטאנען און געוואַרט... עקיבא איז געזעסען גאנץ אליין...

כלבא שבוע האט בעשלאסען דערוויילע גארנישט צו רעדען מיט זיין טאכטער וועגען דעם... ער וועט קענען פון איהר אליין אויסגעפינען וואס זי דענקט וועגען דעם פאסטוך... אויב עס איז דער געוועהנליכער אינטרעס וואס זי צייגט ארוים צו יעדען אָרימען און אונטערדריקטען פערזאן, אדער אפשר איז פנינה געווען גערעכט, חלילה...

רחל איז געקומען אהיים און גלייך אריין צו איהר פאטער אין צימער. זיא האט בעמערקט ווי זיין פנים איז בעצווינגען מיט אן אומעט. זי איז צו איהם צוגע־גאנגען און א קוש געטהאן:

— דו קוקסט אוים צו זיין בעזארגט, מיין ליעבער פאטער — האט איהם רחל געזאגט.

— דיר דוכט זיך עס, רחל, — האט כלבא שבוע געענטפערט — איך בין פיעלייכט געווען אביסעל פערטראַכט... אבער ליעבע טאכטער עס איז דאך שוין שפעט, איך ווארט אויף דיר מיט'ן עסען...

דער פאטער מיט דער טאכטער זיינען אריין אין עס־צימער וואו דער טיש איז געווען געגרייט פאר ביידען.

די גאנצע צייט פון עסען האבען ביידע געשוויגען. נאך'ן עסען האט זיך כלבא שבוע אפגערופען צו רחל'ן:

— איך וויל זיך מיט דיר וועגען עפעס דורכריידען, קום אריין אין מיין צימער.

רחל האט א ציטער געטהאן: פארדעכטיגט דען איהר פאטער וועגען עפעס? זי האט אבער געפאסט מוטה, אפשר וואלט טאקע געווען גלייכער דאס איהר פאטער זאל פון אלעם וויסען, און ווען ער וועט איינזעהען אז עס איז שוין פאר־פאלען וועט ער שוין מוזען איינשטימען...

רחל האט אבער בעשלאסען דאס זי וועט איהם וועגען עקיבא'ן נישט אנ־פאנגען צו דערצעהלען, סיידען עס וועט זיך ארויסצייגען דאס ער פערדעכטיגט עטוואס...

— דו ווייסט, מיין טאכטער, — האט כלבא שבוע אנגעפאנגען — דו דארפסט זיך צוגרייטען צו דער רייזע נאך יבנה, איך האב בעשלאסען אוועק־צופאהרען אהין אין עטליכע טעג ארום...

— פאטער — האָט רחל געענטפערט — איך בין שוין צוגעגרייט צו דער רייזע, און איך קען מיט דיר מיטפאָהרען אפילו מאָרגען...

כלבא שבוע'ס פנים האָט עטוואס אויפגעלויכטען. הייסט דאס אז רחל האָט גאָרנישט דאגעגען צו זיין פּלאַן...

— איך האָב שוין לאַנג געטראַכט וועגען דעם — האָט ער זיך אָפּגערופען — איך וויל זיך אין גאַנצען איבערציהען נאָך יבנה, דאָרטען זיינען פאַראַן פיעלע חכמים, תנאים, און אמוראים, איך וועל האָבען מיט וועמען צו פערברייינגען, עס וועט פאַר מיר מעגליך זיין צו הערען תורה פון דעם גרעסטען אידען אין אונזער דור, און דאָס איז, דער נשיא פון דעם סנהדרין...

— אַ פאַטער, איך וואָלט זיך העכסט גליקליך געפיהלט צו בעזעצען זיך אין יבנה אויף שטענדיג, ווייל איך בין זיכער אז דאָרטען זיינען די איינוואוהנער פיעל גליקליכער ווי דא, אין גמזו, און אַ חוץ דעם וועלען זיך דאָרט קיינמאָל נישט געפינען אזעלכע אידען ווי יוליוס ווערנוס און זיין גלייכען...

יעצט איז כלבא שבוע געווען זיכער אז רחל האָט גאָרנישט צו טהאָן מיט עקיבא'ן, ווייל אויב נישט וואָלט זי דאָך נישט געווען אזוי נייגעריג צו פאָהרען נאָך יבנה...

— מיין ליעבע טאָכטער — האָט ער זיך אָפּגערופען — דו געדענקסט דאָך אודאי די ברכה וואס אונזער גרויסער רבי רבן יוחנן בן זכאי האָט דיר געגעבען פאַר זיין טויט...

— יע, יע, האָט רחל געשמייכעלט — און איך פערהאָף דאס מיין מאַן וועט טאַקע בעליכטען דעם גאַנצען אידישען פאָלק מיט זיין תורה און מעשים טובים...

— רחל — האָט כלבא שבוע זיך אָפּגערופען — דו ווייסט דאָך אז דו ביזט מיין איינציגער נחת, מיין איינציגער טרייסט אין מיין לעבען... דיין מוטער און דיין ברודער האָב איך פאַרלאָרען, אין דער צייט פון אונזער פאָלק'ס גרעסטען אומגליק... און גאָט האָט מיר איבערגעלאָזען דיר, מיין איין און איינציגע טאָכטער, דו זאָלסט פאַרזיסען מיין לעבען אויף מיינע עלטערע יאָהרען... איך ווייס אז אונזער פאַטער אין הימעל, האָט דיר געבענשט מיט אַלע מעלות, דו ביזט שעהן קלוג, געלערענט און גוטהערציג... מיר האָט דער עוויגער אויך געבענשט מיט עשירות, איך בין רייך, אָבער פאַר וועמען איז מיין רייכקייט אויב נישט פאַר דיר און פאַר דיינע צוקינפטיגען מאַן, וועמען דו וועסט אויסדערוועהלען... דו פערשטעהסט דאָך, אז מיין רצון איז דאס דיין מאַן זאָל זיין דער וועלכער זאָל דיר ווערטה זיין...

— נו, געוויס ליעבער פאַטער — האָט רחל געזאָגט — דער רבונו של עולם וועלכער איז מזוג זווגים וועט געוויס פאַר מיר אויך צוגרייטען אַ מאַן, וועלכער איך זאָל איהם ווערטה זיין און ער מיר...

— נאָר אזא מאַן וועט דיר ווערט זיין וועלכער איז אַ תלמיד חכם און קען אַ סך לערנען...

— אז דו רעדסט שוין פון לערנען, מיין ליעבער פאַטער, האָב איך זיך דערמאָנט וואס דא נישט לאַנג צוריק האָט מיר געזאָגט אונזער פאַסטוך, עקיבא... איהם האָט זיך פאַרגלוסט צו לערנען די היילינע תורה... ער האָט מיר געזאָגט דאָס גאָר אין גיכען וועט ער אונז פאַרלאָזען און אוועק פאָהרען אין איינע פון די

ישיבות און זיך זעצען לערנען... איך האָב איהם געזאָגט דאָס אויב ער וועט עס אזוי טהאָן, וועסטו איהם אויך עטוואס אונטערשטיצען, ווייל ווי איך ווייס העלפסטו אט די אלע וועלכע לערנען די הייליגע תורה.

— זאָל זיך דער פוסטער יונג, עקיבא, דער פאסטוך ארויסשלאָגען אזעלכע געדאנקען פון זיין קאָפּ... אויב ער האָט שוין ביז אהער נישט געלערענט, וועט ער שוין קיינמאל נישט קענען — איז כלבא שבוע אויפגערעגט געוואָרען — אזא עם הארץ וואס ווייס אפילו נישט דעם אלף בית, האָט נאָך די העזה צו טראַכטען דאָס ער וועט נאָך אמאל זיין א תלמיד חכם... ניין, מיין ליעבע רחל, ווען א מאַן דערגרייכט שוין אזא עלטער און קען נאָך נישט קיין צורת אות איז שוין פאַר איהם קיין האָפענונג ניטאָ... עקיבא וועט שוין מוזען בלייבען א פאסטוך זיין גאנצען לעבען, ווייל צו קיין אנדער זאַך טויג ער נישט...

— פאטער, — האָט זיך רחל אפגערופען, — דו קענסט עקיבא'ן זעהר ווינציג. דו האָסט ניט קיין אהנונג וועגען זיינע אויסערגעוויינליכע פעהיגקייטען און דערצו נאָך האָסטו א פאראורטהייל געגען איהם, דעריבער דוכט זיך דיר אז עס איז שוין פאַר איהם קיינע האָפענונג ניטאָ... איך, אבער זעה איהם אנדערש, איך ווייס אז ווען עקיבא זאָל האָבען א געלעגענהייט צו לערנען אפילו יעצט, וואָלט ער אין עטליכע יאהר ארום געוואָרען איינער פון אונזערע גרעסטע תלמידי חכמים... ווייל נישט נאר בעזיצט ער אלע מעלות וואס א תלמיד חכם דאַרף האָבען, נור ער פארמאָגט אויך אַ אויסערגעוועהנליכען ווילענס-קראַפט און ענערגיע און ווען ער וועט נאר האָבען די מעגליכקייט צו לערנען, דאַן בין איך זיכער דאָס ער וועט נאָך ווערען דער שטאָלץ פון דעם אידישען פאָלק!

כלבא שבוע האָט בעטראַכט זיין טאָכטער וועלכע האָט גערעדט וועגען עקיבא'ן מיט אזוי פיעל הארציגקייט און איבערצייגונג... דער פערדאַכט אז "עפּעס" קומט דאָ פאַר צווישען איהר מיט דעם פאסטוך האָט זיך ביי איהם ווידער פערשטאַרקט...

— אבער דו דאַרפסט געדענקען, מיין טאָכטער — האָט ער געזאָגט — אז מיר פערמאָגען זעהר פיעל אידישע גרויסע געלערענטע און חכמים וועמען עס איז א מצוה אונטערצושטיצען זיי זאָלען נישט דאַרפען ליידען קיין נויט, זיי זאָלען קענען פאָרטזעצען זייער לערנען... אבער אונטערצושטיצען אזעלכע ווי עקיבא'ן וואָס איז זיין גאַנצען לעבען געווען אַן עם הארץ, און יעצט האָט ער זיך אריינגענומען א משוגעת און האָט זיך גענומען איינריידען דאָס ער וויל לערנען... אונטערשטיצען אזא מענשען וואָלט זיך פאררעכענט פאַר אַן עבירה, ווייל נישט נאָר וועט ער קיינמאל גאָרנישט ווערען, נור ער וועט נאָך פאַלען צו לאַסט אויף די ארימע אידישע קהילה... ניין, מיין טאָכטער, עקיבא מוז בלייבען א פאסטוך, ווייל דאָס איז די איינציגע זאַך וואָס ער וועט קענען און פון וואָס ער וועט זיך קענען מפרנס זיין...

רחל'ן האָט שטאַרק פערדראָסען וואָס איהר פאטער מאַכט אזוי צונישט עקיבא'ס און איהרע האָפנונגען און שטרעבונגען; ווען ער זאָל וויסען וואָס עס איז צווישען זיי פאָרגעקומען... ווען ער זאָל וויסען אז זי איז שוין עקיבא'ס פרוי, דאַן... וואָלט ער פיעלייכט נישט גערעדט מיט אזא ביטערקייט געגען איהם...

— פאטער איך שעץ זעהר עקיבא'ס עהרליכקייט און ערנסטקייט... אויב אזא יונגער מאַן ווי עקיבא האָט געקענט ארויסצייגען אזא העלדישקייט און

איינגשטעלען זיין לעבען אין סכנה כדי צו ערניעדעריגען אזעלכע אידען ווי יוליוס ווערנוס פאר זייער וועלען נאכטהאן די רוימער מיט זייערע מנהגים... מען קען גלייך זעהען אז עקיבא איז בעשאנקען פון גאט מיט עפעס העכערעס, און נישט יעדער דורכשניטליכער איד פערמאגט אזעלכע איינגעגשאפטען, אזא געוואלטיגען מוטה און ווילענס־קראפט... דעריבער פאטער גלויב איך אז עס וואלט זיין איינע פון די גרעסטע מצוות איהם אונטערצושטיצען און ערמוטהיגען צו לערנען... ווייל ער וועט נאך אמאל זיין דער גרעסטער מאן אין ישראל...

— מיין טאכטער — האט כלבא שבוע אומרוהיג געזאגט — איך זעה אז עקיבא, דער פאסטוך האט פרובירט איינריידען דיר דאס ער פערמאגט אזעלכע אויסערגעוועהנליכע פעהיגקייטען ווייל ער וויל געפינען חן אין דיינע אויגען און דו מיין טאכטער, ווי אלע פרויען, ביזטו געגוג לייכטזיניג און נאאיוו און דוא גלויבסט אין אלעם וואס ער האט דיר געזאגט... יעצט וויל איך דיר זאגען, מיין טאכטער, אז עס איז זעהר נישט שעהן פאר דיר אריינצוגעהן אין אזעלכע לאנגע געשפרעכען מיט דעם אומוויסענדען פאסטוך... דו גיסט דערמיט א געלעגענהייט די בייזע און שלעכטע צינגער וועגען דיר צו ריידען... איך בעט דיר, רחל, דו זאלסט מיר צוזאגען, מעהר קיינמאל קיין געשפרעכען צו האבען מיט דעם פאס־טוך... דו האסט פאר איהם גענוג געטהאן, דו האסט איהם אויסגעלייזט פון יוליוס ווערנוס'עס הענד און האסט איהם געגעבען א היים, עסען און טרינקען, און קיין שוד און קלייד פעהלט איהם אויך ניט. דארף ער, דוכט זיך מיר, זיין העכסט צופריעדען, און נישט זוכען איינצוריידען זיך און דיר, זאכען וואס זיינען נישט געשטויגען און געפלויגען...

רחל האט אראפגעלאזען איהרע אויגען און געשוויגען...

— נו, מיין טאכטער, זאגסטו מיר צו, מעהר קיין מאל נישט צו ריידען מיט עקיבא'ן... ווייל קיין עהרע וועט עס דיר נישט געווים פערשאפען... זיי וויסען, מיין קינד, אז איך האב ברעה דיר צו פערהייראטען צו דעם גרעסטען אידישען פיהרער און געלערנטען, צו דעם נשיא פון דעם סנהדרין, רבן גמליאל דער צווייטער און אז דו וועסט געבען דיינע שונאים א געלעגענהייט דיר צו בערעדען, קען עס דיר נאכהער געווים שאדען...

— א, ניין, ניין פאטער — האט רחל אויפגעציטערט — איך קען איהם נישט און וויים נישט פון איהם און איך וועל קיינמאל נישט איינשטימען מיט איהם צו הייראטען! ניין, ניין!...

— נו, בערוהיג דיך מיין טאכטער, אויב ער וועט דיר נישט געפעלען ווערען וועל איך דיר דאך נישט צווינגען דאס צו טהאן געגען דיין ווילען... אבער דאס פאדער איך פון דיר דו זאלסט צו עקיבא'ן מעהר קיין ווארט נישט אויסריידען... ווייל אין שטאדט רעדט מען שוין גענוג וועגען דעם... דו מוזט מיר פערשפרעכען עס צו טהאן!

— מיין ליעבער פאטער צום בעדויערען קען איך דיר נישט געבען אזא פערשפרעכונג... ווייל איך ע... איך ליעב עקיבא'ן מיט מיין גאנצען ליב און נשמה!....

— וואס!!!!... איז כלבא שבוע אויפגעשפרונגען פון זיין פלאץ, ווי געבי־

סען פון א שלאנג — דו ליעבסט דעם אומוויסענדען פאסטוך ! !... איז דאס דען אמת וואס מען האט מיר דערצעהלט וועגען דיר און עקיבא'ן ? !...

— יע, ליעבער פאטער, עס איז אמת !...

כלבא שבוע האט אויפגעציטערט און זיך געווארפען ווי אין קאנוואולסיען... אין זיינע אויגען האט א פלאם פייער געברענט... זיינע ליפען האבען זיך נער־וויאיש בעוועגט און זיין גאנצער קערפער האט געציטערט :

— א גאט ! צו וואס איך האב דערלעבט אויף מיינע עלטערע יאהרען ! מיין איינציגע טאכטער אויף וועמען איך האב אזוי פיעל האפענונג געלעגט, פון וועמען איך האב ערווארטעט צו האבען א טרייסט אין מיינע לעצטע עטליכע יאהר פון מיין לעבען, זאל אויף מיר ברענגען אזא אומגליק און שאנדע ! מיין רחל איז פערליעבעט אין דעם אומוויסענדען פאסטוך, אין דעם פערגרעבטען עם הארץ ! רחל דו הערסט וואס איך זאג דיר — איז ער צו איהר צוגעגאנגען נעהענ־טער — רחל דו מוזט איהם ארויסשלאגען פון דיין קאפ ! דו הערסט ! פערגעס אן איהם ! ווייל דער אומווירדיגער פאסטוך האט דיר דיין קאפ פערדרעהט... ער האפט דאס ער וועט ארייַנקריגען דיין גאנצע עשירות, דעריבער האט ער דיר איינגערעדט, אז ער ליעבט דיר... ניין, דער פאסטוך טאר זיך ביי מיר אין הויז מעהר נישט געפינען ! איך וועל איהם פאריאגען פון דאנען, און אויב ער וועט דיר נישט צורוה לאזען, וועל איך איהם אליין איבערגעבען אין די הענט פון סעיאנוס בורוס. ווייל ער איז נידערטרעכטיג און א פייגלינג !

— פאטער איך בעט דיר, רעד נישט אזוי פון דעם וועלכער איז מיר אזוי ליעב און טייער — האט רחל געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען — דו האסט זעהר א קליינעם בעגריף וועגען די גרויסקייט פון עקיבא'ס נשמה !... ביי מיר אין די אויגען איז ער זעהר הויך געשטיגען. און איך בין זיכער דאס ווען ער וועט זיך נעמען צום לערנען, וועט ער זיין א שטאלץ און רוהם נישט נאר פאר מיר נאר פאר יעדען ווער עס וועט פון איהם הערען...

— און דו ביזט אזוי נאריש און דו גלויבסט אלעס וואס דער פאסטוך האט דיר איינגערעדט — האט כלבא שבוע געזאגט מיט ביטערקייט — גראז וועט פריהער וואקסען אויף זיינע באקען, ביז וואנען דער אומוויסענדער פאסטוך וועט זיך עפעס אויסלערנען און איך זאל דיר אן יעצט צום לעצטען מאל אויב ער וועט דיר נישט אויפגעבען און פון דאנען אוועק מיט'ן גוטען ווילען וועט זיין ענדע זיין א ביטערע !... איך וועל זיין געצוואונגען איהם איבערצוגעבען אין די רוימי־שע הענד... ווייל איך זעה ווי אומדאנקבאר דער פאסטוך איז צו מיר, איך האב איהם פריהער אויסגעלייזט, און ארויסגעראטעוועט פון די הענט פון סעיאנוס בורוס און יעצט קומט ער און וויל פון מיר אוועקרויבען מיין לעצטע ביסעל גליק... זאג מיר, האב איך דאס ביי איהם פערדיענט ? !...

— פאטער, איהם האסטו גארנישט וואס צו בעשולדיגען אין דעם... ווייל איך בין אין דעם שולדיג, איך בין פריהער צו איהם געגאנגען און האב איהם מיינע געפיהלען ענטפלעקט... ער האט מיר אויך שטארק זעהר שטארק געליעבט, אבער ער האט זיינע געפיהלען ביי זיך בעהאלטען... און דער אמת איז דאס עקיבא האט מיר געליעבט און געליטען... ער האט בעשלאסען אוועקצופאהרען פון גמזו

און פּרובירען מיר פּערגעסען, און ווען איך וואלט צו איהם פריהער נישט געקומען און איהם איבערגעגעבען אלע מיינע געפיהלען צו איהם וואלט ער שוין לאנג נישט געווען אין גמזו...

— ער וועט שוין אזוי אויך לאנג ניט זיין אין גמזו — האָט כלבא שבוע געזאָגט מיט צאָרן, — נאָך היינט וועט ער מוזען פאַרלאָזען די שטאָדט! אויב ער וויל אויף זיך נישט ברייגנען קיין צרות און שאנדע... ער טאָר זיך מעהר ביי מיר אין הויז נישט געפינען, דער נידערטרעכטיגער פּאסטוך יונג!! מיט שאנדע און שפּאָט וועל איך איהם ארויסיאגען פון דאנען...

— פאטער! האָט רחל געזאגט מיט אויפרעגונג — אויב דו טרייבסט דעם פּאסטוך ארוים פון דאנען דאן... דאן דארפסטו מיר אויך פון הויז פּעריאגען, ווייל... ווייל עקיבא איז מיין מאן!...

— וואָס?! — האָט כלבא שבוע געברענט פון כעס און אויפרעגונג, — עקיבא איז דיין מאן! ניין, ניין!... עס איז אונמעגליך! דו ביזט פון זינע געריהרט!... עקיבא דיין מאן!...

— איך בין ביי מיין קלאָרען פערשטאנד, פאטער, און איך זאָג דיר אז עקיבא איז מיין מאן כדת משה וישראל, ווייל איך האָב נאָך היינט מיט איהם חתונה געהאט ביי דעם אלטען רב הינטער׳ן שטאָדט!

— דו ביזט א ליגנערין! — האָט כלבא שבוע אויסגעשריען מיט ביטערנים.

— איך בין דעם גאנצען פריהמאָרגען געווען נישט ווייט פון דעם פּלאַץ וואו עקיבא פּיטערט די שאָף... איך האָב פון ווייטען איהם געהיט, ווייל איך האָב שוין געהאט א חשד... איך האָב אָבער באמערקט דאָס עקיבא איז די גאנצע צייט געווען אליין און געפּיטערט די שאָף, טו ווי אזוי זאָגסטו אז דו ביזט היינט געווען מיט איהם ביים רב... ניין, עס איז א ליגען...

— פאטער! — האָט רחל געזאָגט א בעליידיגטע, — האָב איך דיר דען ווען עס איז געזאָגט א ליגען!... איך זאָג דיר נאָך אמאָל אז היינט פארמיטאג בין איך און עקיבא אוועק צום רב און ער האָט אונז ביידען פארהייראט.

— און ווער האָט עס געפּיטערט די שאָף? — איז כלבא שבוע נאָך מעהר אויפגערעגט געוואָרען.

— דו האָסט מסתמא געזעהן יורם׳ן, עקיבא׳ס פריינד, — האָט איהם רחל געלאַסען געזאָגט, — עקיבא אָבער איז מיין מאן, אט איז דער רינג מיט וואָס ער האָט מיך מקדש געווען.

כלבא שבוע׳ן האָט אָנגעהויבען צו שווינדלען אין די אויגען... ער האָט מיט גאל און ביטערקייט אויסגעשריען:

— דו חצופה, ארוים פון מיין הויז! איך וויל דיך מעהר נישט קענען פאר מיין טאָכטער, געה צו דיין אומווירדיגען מאן, דעם פּאסטוך... איהר ביידע טאָרט זיך מעהר ביי מיר אין הויז נישט געפינען. גלייך מוזטו פארלאָזען מיין הויז... איך שווער — האָט כלבא שבוע אויפגעהויבען זיין האנד, — איך שווער ביי גאָט, דער גאָט פון אונזערע אבות, אברהם, יצחק און יעקב, אז דו און דיין מאן זאָלען פון היינט אָן קיין איינציגע פּרוטה האָבען פון מיין רייכטהום... געה, ווער א בעטלערין! ווען דו וועסט וויסען פון ליידען און נויטה וועסטו דאן קומען צו דיין שכל... און אויב עס איז ניט צו שפּעט, וועסטו איהם אָפּ׳גט׳ן... און כל זמן דו וועסט זיין עקיבא׳ס פרוי, ביזטו מעהר נישט

מיין טאָכטער און וועסט פון מיר גאָרנישט קריגען. גערענק, רחל, איך האָב געשוואָרען און מיין שבועה וועל איך קיינמאָל נישט ברעכען... יעצט קלייב זיך אויס וואָס דו ווילסט טהאָן, אויפצוגעבען עקיבא'ן, איהם גט'ן, און בלייבען מיט מיר, אָדער גלייך פאַרלאָזען מיין הויז און קיינמאָל צו מיר נישט קומען... איך גיב דיר די ברירה... קלייב זיך אויס !...

— זיי געזונט ליעבער פאָטער, — האָט רחל געזאָגט מיט א שוואַכער שטימע, — איך געה צו מיין ליעבענדען מאַן עקיבא... קיין זאַך אין דער וועלט וועט אונז ניט צושיידען... נור דער טויט וועט אונז ביידע פאַנאַנדערטיילען... מיר טהוט זעהר באַנג צו פערלירען די ליעבע און פריינדשאַפט פון אזא גע־טרייען פאָטער ווי דו ביזט מיר געווען... אָבער גאָט ווייס, אז מיין ליעבע צו עקיבא'ן איז א הייליגע און ריינע... און איך גלויב, אז עס וועט קומען א צייט ווען דו וועסט זיך ארומזעהן אז דו האָסט געמאַכט א גרויסען טעות מיט דיין הארבע שבועה וואָס דו האָסט יעצט געשוואָרען... שלום !...

* * *

רחל איז לאַנגזאַם ארויס פון איהר הויז. א ווײַלע איז זי געשטאַנען נעבען איהר פאָטער'ס הויז און האָט געוואָרפען א טרויעריגען בליק אויף דעם פּלאַץ וואָס איז איהר געווען אזוי טהייער און ליעב... זי איז לאַנג נישט געשטאַנען. באַלד האָט זי גענומען שטעלען שנעלע טריט און איז געגאַנגען אין פעלד צו איהר מאַן עקיבא'ן...

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

כלבא שבוע איז צוגעגאַנגען צום פענסטער און געקוקט א טרויעריגער ווי זיין ליעבע, געטרייע טאָכטער פערשווינדט פון זיינע אויגען...

ער האָט זיך אריינגעזעצט אין א שטוהל און מיט א פאַרקלעמטען האַרץ און א געדריקטע נשמה שטיל ערהייד צו זיך גערעדט :

"פאַרלאָשען איז מיין לעצטער שטראַהל !... פאַרשוואונדען איז געוואָרען מיין לעצטע האָפנונג" . . .

## צוואַנציגסטער קאַפּיטעל

# אין אָרימקייט

עקיבא האָט זיך צוריקגעקעהרט צו זיינע שאָף אין פעלד. א גליקליכער און פרעהליכער שמייכעל האָט זיך צוגאָסען איבער זיין שטראַהלענדען פּנים... אלע זיינע אברים האָבען געזיבעלט און וויברירט פון שמחה און גליק : רחל, די שעהנע, ליעבענדע רחל איז זיינע, זי איז זיין פרוי ! האָט ער זיך ווען עס איז געקענט פאַרשטעלען אזא הימעלשען גליק !... דאָס וואָס ער האָט אפילו נישט געוואָגט צו חלום'ען איז יעצט א ווירקליכקייט....

— יורם, מיין פריינד, — איז עקיבא צו איהם צוגעגאַנגען און איהם ארומגענומען, — איך דאַנק דיר זעהר פאַר די טובה וואָס דו האָסט מיט מיר

געטהאָן, איך בין דאָך אזוי גליקליך!...

יורם האָט איהם אָנגעקוקט און פון זיין פּנים האָט ער גלייך פערשטאַנען אז עפּעס אויסערגעוועהנליכעס האָט מיט איהם פּאַסירט.

— איך זעה שוין פון דיין פּנים אז דו ביזט העכסט גליקליך, מיין פריינד, עקיבא, — האָט איהם יורם געדריקט זיין האַנד, — איך פאַרשטעה אלע דיינע געפיהלען, ווייל איך אליין האָב איבערגעלעבט אַזעלכע גרויסאַרטיגע און הייליגע געפיהלען, ווען מיין נחמה האָט מיר איהר צושטימונג געגעבען... זאָג דאָך מיר, ליעבער פריינד, איז דאָס פּנינה די גליקליכע?...

— פּנינה!... — האָט איהם עקיבא אָנגעקוקט ערשטוינט, — אָבער ניין, ניין, פרעג מיך יעצט גאָרנישט... איך ווייס נאָר איין זאַך, דאָס איך בין דער גליקליכסטער אין דער וועלט...

— אז דו ביזט גליקליך בין איך העכסט צופריעדען, און איך ווינש דיר דו זאָלסט גליקליך זיין דיין גאַנצען לעבען... ניין נחמה וועט מיר שוין מסתמא דערצעהלען וועגען אלעס, — האָט יורם געזאָגט מיט א שמייכעל, און האָט זיך מיט עקיבא'ן געזעגענט.

עקיבא איז געבליבען אליין. ער איז געשטאַנען און בעטראַכט די שאָף, אָבער זיינע געדאַנקען זיינען געווען פאַרנומען מיט רחל'ן... ער פיהלט יעצט דאָס ער האָט געקראָגען א נייעם לעבען, זיין נשמה איז ריין און לויטער. ער איז יעצט געגרייט צו טהאָן אלעס אין דער וועלט פאַר זיין ליעבענדער רחל... קיין זאַך וועט איהם נישט צו שווער זיין... ער איז איצט איבערפילט מיט מוטה און ווילענסקראַפט, און דאָס וואָס איז ביז אהער געווען אונמעגליך וועט יעצט פאַר איהם מעגליך ווערען...

* * *

רחל'ס טריט זיינען געוואָרען פעסטער און זיכערער... זי געהט דאָך יעצט צו איהר אייגענעם ליעבען מאַן, עקיבא... עס פאַרדריסט איהר זעהר שטאַרק וואָס איהר איז ניט געלונגען צו ווירקען אויף איהר פאַטער ער זאָל ענדערען זיין מיינונג וועגען עקיבא'ן... זי האָט דאָך אזוי ליעב איהר פאַטער: וויפיעל צער און עגמת נפש זי האָט איהם יעצט פערשאַפט... זי ווייס אז ער איז געבליבען אליין, עלענד... וואָס אָבער האָט זי געקענט טהאָן?... זי האָט פריהער געגלויבט דאָס איהר וועט געלינגען צו פערבאָרגען די זאַך פון איהם... ווען ער וואָלט דערווייל נישט געוואוסט וואָס עס איז פאָרגעקומען צווישען איהר און עקיבא'ן, וואָלט ער דאָך נישט געדאַרפט ליידען אומזיסט. זי וואָלט שוין געזעהן דאָס ער זאָל אויף איהר נישט האָבען דעם מינדעסטען חשד... און ערשט דאַן, ווען עקיבא וואָלט זיך צוריקגעקעהרט א געלערנטער מאַן, וואָלט זי דערצעהלט איהר פאַטער דאָס עקיבא איז איהר מאַן, און דאַן וואָלט ער דאָך איהר געוויס מוחל געווען... אזוי וואָלט זי פאַרמידען איהם גורם צו זיין אומזיסט אזא גרויסען צער און אזעלכע שרעקליכע יסורים... אָבער וואָס האָט זי געקענט טהאָן?... איהר פאַטער האָט פון איהר געפאָדערט זי זאָל איהם פאַרשפּרעכען מעהר קיין וואָרט נישט אויסריידען מיט עקיבא'ן... האָט זי דען געקענט איהם געבען אזא פאַר־שפּרעכונג?... וואָלט זי געקענט איהם זאָגען א ליגען... זי זעהט דאָך דאָס ער האָט געהאַט א שטיקעל פערדאַכט, וואָלט ער דאָך פריהער אָדער שפּעטער אלץ איינס אויסגעפונען...

וועגען איין זאך ווערט רחל שטארק בעזארגט, און דאס איז ווי אזוי וועט עקיבא קענען לערנען ווען ער וועט נישט האבען קיין אונטערשטיצונג. יעצט אז איהר פאטער האט געשווארען דאס זי זאל נישט קריגען קיין איינציגע פרוטה פון איהם... זי וועט יעצט זיך דארפען אליין מפרנס זיין... דאס אבער קימערט איהר נישט, זי איז גרייט צו ברייננגען גרעסערע קרבנות אויפ'ן מזבח פון איהר ליעבע... זאל נאר דאס נישט הינדערען איהר מאן צו לערנען די הייליגע תורה... אבער ניין, קיין זאך אין דער וועלט וועט נישט שטערען איהר עקיבא'ן צו לערנען. זי קען איהם און וויס זיין נאטור גאנץ גוט. עקיבא וועט זיין באשלוס נישט ענדערען... זיין ליעבע צו איהר איז אזוי שטארק און מעכטיג ווי איהרע צו איהם, און זי איז זיכער אז איהר מאן איז אויך גרייט צו ברייננגען שווערע קרבנות פאר איהר.

באלד איז איהר ווידער ארויפגעקומען א טרויעריגער געדאנק: וואוהין וועט זי יעצט געהן מיט איהר מאן... דער פאטער האט איהר פון הויז פאר־טריבען, קיין געלד האט זי נישט, און עקיבא, איהר מאן, וועט דאך היינט מוזען אויפגעבען זיין ארבייט פאר איהר פאטער... וואס וועט ער דערווייל טהאן ?... פון וואנען וועלען זיי זיך ערנעהרען ?... און וואו וועלען זיי נעכטיגען ?

באלד אבער פערשווינדעט איהר טרויער... דאס גליק האט זיך ווידער צוזונגען אין איהר גאנצען קערפער ; זי געהט דאך יעצט צו איהר ליעבענדען, טהייערען עקיבא'ן, צו איהר מאן וועמען זי ליעבט אזוי שטארק, זי וועט באלד ווידער זעהן זיין פנים, קושען זיינע ליפען... און ער, עקיבא, וועט שוין געפינען אן אויסוועג... זי וועט לידען !... ווי אנגענעהם און זיס זיינען די לידען פאר ליעבע ! זיי רייניגען און לויטערען די נשמות פון די ליעבענדע, ליעבע דורך יסורים ווערט מעהר געטליך, מעהר הייליג...

מיט די געדאנקען איז רחל צוגעגאנגען צו עקיבא'ן, וועלכער איז אויך געווען פערטראכט מיט דיזעלבע מחשבות...

— רחל ! ! — איז עקיבא איהר אנטקעגען געלאפען אן איבערראשטער, — רחל ! מיין ליעבע, טהייערע רחל, ווי גליקליך איך בין דיך ווידער צו זעהן... אבער וואס ביזטו אזוי בלאס, מיין שעהנע ליעבע פרוי, האט עפעס פאסירט ?...

רחל האט זיך שטארק געטוליעט צו עקיבא'ן. אין איהרע אויגען האבען זיך טרעהרען באוויזען.

— מיין געטרייער מאן, — האט רחל געזאגט, — איך האב היינט מיין פאטער אלעס דערצעהלט וועגען אונז ביידען.

— דו האסט דערצעהלט דיין פאטער ? ! — האט עקיבא געפרעגט ער־שטוינט, — נו, וואס האט ער דיר געזאגט ?

— ער האט מיר אויף אימער פון זיין הויז פארטריבען, — האט רחל אן אומעטיגע געענטפערט, — און ער האט זיך געשווארען דאס איך זאל פון זיין רייכטהום קיינמאל נישט קריגען אפילו קיין איינציגע פרוטה...

— מיין ליעבענקע טהייערע רחל, — האט עקיבא צזשראקען געזאגט, — דו ברייננגסט א צו גרויסען קרבן פאר אונזער ליעבע... דו ביזט געוואהנט גע־ווארען צו אזא רייכטהום און לוקסוס, דו ביזט אימער געווען פריי פון זארג, דו האסט אימער געהאלפען פרעמדע ארימע, דערשלאגענע און דערנידעריגטע, און יעצט וועסטו דארפען אליין לידען ארימקייט און דחקות... ווי אזוי וועל

איך דאָס קענען צוזעהן די יסורים וואָס דיר וועט אויסקומען צו ליידען דורך מיר...
אָ, רחל, איך ווייס דאָס איך בין נישט ווערטה די שטויב פון אונטער דיינע טריט.
איך האָב נישט פערדיענט דו זאָלסט זיך אזוי מקריב זיין פאר מיר...

— מיין גוטער טהייערער מאַן, — האָט רחל א מונטערע געזאָגט, — קיין קרבן איז ביי מיר נישט צו גרויס. מקריב צו זיין אויפ׳ן מזבח פון מיין ליעבע. האָט מיר דען דער עוויגער נישט געבענשט מיט דעם גרעסטען גליק אין דער וועלט, מיט הייליגע ליעבע... וואָס פאר א ווערדע האָבען אָט די אלע ליידען און פיין נעגען איין מאָמענט פון דעם הייליגען גייסטיגען געגוס...

— יאָ, מיין געטליכע בלום, דו ביזט גערעכט, — האָט עקיבא איהר גע־דריקט צו זיין הארצען, — הייליגע ליעבע איז א געטליכע קראַפט וואָס גיט דעם מענשען כח און מוטה אריבערצוטראָגען די גרעסטע יסורים אין דער וועלט... אָבער דו, מיין ליעבע פרוי, דו האָסט זיך דאך נאָר וואָס ערהאָלט פון א קראַנקהייט, און דיינע יעצטיגע ליידען וועלען מיר זעהר פיעל שמערצען פער־שאַפען... ניין, מיין טהייערע, דו טאָרסט נישט ליידען, איך וועל זעהן צו טהאָן אלעס מעגליכעס צו פארגרינגערען דיינע ליידען.

— מיין געטרייער מאַן, — האָט רחל געזאָגט, — מיינע ליידען וועלען דאַן געלינדערט ווערען ווען איך וועל וויסען אז דו האָסט זיך גענומען צום לערנען... דאַן וועל איך זיין אימשטאַנד אלעס אריבערצוטראָגען...

— יעצט, מיין ליעבענדע, וועל איך אָבער גלייך נישט קענען אוועקפאָהרען. איך וועל דאך דיר נישט איבערלאָזען אליין אין נויט... איך וועל פריהער זעהן דיר איינצואָרדנען ווי עס איז אום דו זאָלסט נישט דאַרפען אזוי פיעל ליידען, און דערנאָך וועל איך אָבפאָהרען... אפשר וועט דיין פאָטער זיך דאַן ארומזעהן דאָס ער איז בעגאַנגען אַן אומרעכט געגען דיר...

— אָ, ניין, נישט אזוי גיך, מיין ליעבער עקיבא, וועט מיין פאָטער חרטה האָבען, און בפרט ווען ער האָט געשוואָרען מיט אזא הארבע שבועה... אה, ווי ביטער ער איז געווען געגען דיר...

— האָט ער דיר ארויסגעצייגט דאָס ער איז דיר חושד אין עפּעס, — האָט איהר עקיבא געפרעגט.

— ניין, ווען איך וואָלט וויסען דאָס ער פאַרדעכטיגט מיר, וואָלט איך גאָר דיין נאָמען נישט דערמאָהנט... אָבער ער האָט מיר דערמאָהנט אָן די ברכה וואָס רבן יוחנן בן זכאי האָט מיר געבענשט פאר זיין טויט, דאָס מיין מאַן זאָל בעלייכטען דעם אידישען פאָלק מיט זיין תורה און מעשים טובים. און ריידענדיג וועגען לערנען האָב איך איהם אגב אורחא דערצעהלט דאָס דו, זיין פאַסטוך, האָסט בעשלאָסען אוועקצופאָהרען צו לערנען, און איך האָב איהם געבעטען ער זאָל דיר אונטערשטיצען אזוי ווי ער טהוט עס מיט פיעלע אנדערע תלמידי חכמים.

— און וואָס האָט ער דיר געזאָגט? — איז עקיבא נייגעריג געוואָרען.

— ער האָט וועגען דיר גערעדט מיט אזא צאָרן און האַס, דאָס איך האָב דיר געמוזט פאַרטיידיגען... פלוצלינג האָט ער מיר שטרענג פארבאָטען מעהר מיט דיר קיין וואָרט נישט אויסצוריידען, ווייל, אזוי האָט ער מיר געזאָגט, מען רעדט אין שטאָדט א סך וועגען מיר און זיין פאַסטוך... איך האָב שוין מעהר וועגען דעם נישט געוואָלט רעדען, אָבער מיין פאָטער האָט מיר נישט אפּגעלאָזען.

"דו מוזט מיר צוזאָגן מעהר קיין וואָרט נישט ארויסצורײדען מיט עקיבא'ן, — האָט ער שטרענג א זאָג געטהאָן, — ווייל איך האָב בדעה דיר צו פערהייראַ־טען צו דעם גרעסטען אידישען פיהרער און געלערנטען, צו דעם נשיא פון דעם סנהדרין, צו רבן גמליאל דעם צווייטען, און אויב דו וועסט אָנהאַלטען דיינע געשפּרעכען מיט דעם פּאַסטוך, וועט עס דיר נאָכהער געווים שאַדען"...

— נו, פאַרשטעהט זיך, אז ווען ער האָט דאָס מיר געזאָגט, האָב איך שוין איהם געמוזט דערצעהלען דעם גאַנצען אמת.

עקיבא און רחל האָבען פון ווייטען דערזעהן ווי אימיצער דערנעהנטערט זיך צו זיי. רחל האָט אָפּגעטראָטען אַן א זייט, און זי האָט דערקענט דעם מאַן אלס איינער פון איהר פאָטער'ס דיענער. אין זיין האַנד האָט ער געטראָגען א פּעקעל...

דער דיענער איז צוגעגאַנגען צו עקיבא'ן און האָט איהם געזאָגט:

— מיין האַר, כלבא שבוע, האָט מיר געבעטען דיר צוצוברײנגען דיינע זאַכען וואָס האָט זיך געפונען אין דיין צימער, און דיר אָנצוזאָגען דאָס דו קענסט מעהר נישט קומען אין זיין הויז... אין דערנעבער צייט האָט ער מיר אויך געבעטען איך זאָל פון דיר איבערנעהמען די שאָף, ווייל דו ביזט שוין מעהר נישט זיין פּאַסטוך, פאַרשטעהסטו?

עקיבא האָט איהם נישט געענטפערט. ער האָט שווייגענדיג פון איהם דעם פּעקעל גענומען און זיך אומגעקעהרט אוועקצוגעהן...

— ווי עס ווייזט אויס, — האָט דער דיענער זיך גענומען רייצען מיט עקיבא'ן, — האַסטו דיינע קעשענעס אָנגעפּילט מיט דיין האַר'ס געלד... דו האַסט פאַרגעסען וואָס דיין האַר האָט פאַר דיר געטהאָן, דאָס ער האָט דיר אויסגעלייזט פון די הענד פון בייזע מענשען, און ווען דיר איז אוועק גוט, און דו האַסט געקראָגען א פיינע שטעלע אלס פּאַסטוך, האַסטו זיך נישט בענוגענט מיט וואָס דו פאַרדינסט, נאָר דיר האָט זיך פאַרגלוסט צו גנב'ענען. אַט האַסטו דיר! יעצט געה און קריג אַן אנדער האַר וועמ'ס זאָל דיר צו זיך אין הויז אריינגעהמען און דיר געבען שפּייז...

— ווער האָט עס דיר געזאָגט דאָס איך האָב דיין האַר'ס געלד און זילבער גע'גנב'עט, — האָט עקיבא איהם געפרעגט מיט א שמייכעל.

— פון וואַנען איך וויים? דו אומפאַרשעהמטער פּאַסטוך! אויב דו וואָלסט קיין גנב נישט געווען, וואָלט דאָך דיר מיין האַר יעצט נישט פאַרטריבען פון זיך... יעצט זעה איך, אז אויסער דעם וואָס דו ביזט אַן עם הארץ, ביזטו נאָך דערצו א גנב! שעהמען מעגסטו זיך!

רחל, וועלכע איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אין איהר באַהעלטעניש, האָט דערהערט ווי דער דיענער באַליידיגט עקיבא'ן, איז זי גלייך ארוים פון איהר פּלאַץ און זי איז צו זיי צוגעגאַנגען.

ווען דער דיענער האָט פּלוצלינג דערזעהן זיין האַרינטע, רחל, איז ער איבערראַשט געוואָרען. ער האָט זיך גלייך פאַרנייגט פאַר איהר...

— ווי וואַגסטו צו בעליידיגען מיין מאַן! — האָט זי זיך אָפּגערופען און אָנגענומען עקיבא'ס האַנד אונטער איהר אָרעם.

דער דיענער איז געבליבען שטעהן א צוטומעלטער. ער האָט נישט פער־

שטאנען וואס דו קומט פאר... זיין הארינטע איז עקיבא דעם פאסטוך'ס פרוי !... ער איז ווי פארגליווערט געווארען און האט זיך פאר א ווײלע פון זיין פלאץ נישט געריהרט...

עקיבא האט גענומען זיין פעקעל און איז אוועקגעאנגגען מיט רחל'ן...

דער דיענער האט נאכגעקוקט ווי זיי פארשווינדען פון זיינע אויגען...

ער האט א שאקעל געטהאן מיט זיין קאפ און געקוועטשט מיט די פלייצעס...

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

**ווען רחל און עקיבא זיינען ארוים אין פעלד, זיינען זיי געבליבען שטעהן** אויף א ווײלע נישט וויסענדיג וואס צו טהאן און וואוהין צו געהן.

**די זונן האט זיך א רוק געטהאן צו מערב זייט. עס הויבט אן טונקעל צו ווערען. און די צוויי געליעבטע שטעהען אין מיטען וועג פארצווייפעלטע און מיט קלאפענדע הערצער.**

— ווארט, — האט רחל אויסגערופען, — אט דא נישט ווייט געפינט זיך א גאלדשמיד. איך וועל צו איהם אריינגעהן און פארקויפען מיינע ציערונג.

זי האט ארונטערגענומען איהרע אויררינגלעך און רינגען וואס זי האט אויף זיך געהאט בשעת איהר פאטער האט איהר פון זיין הויז פארטריבען.

— רחל, — האט עקיבא אומעטיג געזאגט, — ווי קען איך דיר דערלאזען דו זאלסט פארקויפען די ביסעל ציערונג וואס דיר איז פארבליבען פון דיין פאטער'ס היים. וואס וועסטו טהאן נאכדעם ווען דו וועסט אויפעסען די געלד פון דיינע ציערונג. ניין, מיין ליעבענקע, כל זמן איך בין דא מיט דיר, וועל איך זעהן צו פערדיענען און מיר וועלען ווי עס איז אויסקומען. די ביסעל ציערונג דארפסטו בעזארגען פאר דער צייט ווען איך וועל זיין ווייט פון דיר, ווען איך וועל לערנען, און ווען דו וועסט דאן געצוואונגען זיין זיך אליין צו ערנעהרען, וועסטו עס פארקויפען.

— אה, ניין, עקיבא, מיר זיינען יעצט ביידע געבליבען אהן א היים, מיר האבען נישט וואוהין צו געהן, אויב מיר וועלען זיך באלד נישט בעזארגען מיט א פלאץ וואו צו נעכטיגען, וועלען מיר געצוואונגען זיין צו נעכטיגען אויפ'ן גאס. יעצט איידער עס ווערט נאך פינסטער, ווען מיר וועלען האבען עטוואס געלד, וועלען מיר נאך קענען געפינען ערגעץ־וואו א פלאץ.

— אבער וואס וועסטו שפעטער טהאן, טהייערע מיינע? — האט איהר עקיבא געפרעגט.

— מיר דארפען זיך פארלאזען אויף גאט. ער, וועלכער שפייזט אלעמען, וועט מיר אויך שפייזען... כל זמן מיינע הענד וועלען מיר דיענען, האף איך צו דעם באשעפער פון דער וועלט, דאס איך וועל די מעגליכקייט האבען מיין ברויט צו פערדיענען.

זיי זיינען ביידע צוגעקומען צום גאלדשמיד. עקיבא איז געבליבען שטעהן אין דרויסען און רחל איז אריין אינעווייניג.

— וואס פערלאנגסטו מיין טאכטער? — האט איהר דער אלטער גאלד־שמיד געפרעגט.

רחל האט איהם געציינט די גאלדענע אויררינגלעך און די רינגען

— איך דארף נויטיג עטליכע שקלים, בין איך אהער געקומען פיעלייכט וועסטו ביי מיר אפקויפען די ציערונג.

— איז דאס דיינע אייגענע ציערונג? — האט איהר דער גאלדשמיד גע־פרעגט.

— יא, מיין האר, — האט רחל געענטפערט מיט א שמייכעל.

דער גאלדשמיד האט נאך אמאל בעטראכט רחל'ן. ער האט איז זיין האנד די ביסעל ציערונג געוואויגען. נאכהער האט ער ארויסגענומען עטליכע מטבעות און עס רחל'ן דערלאנגט.

— נא דיר עטליכע שקלים, און ווען דו וועסט האבען נאך ציערונג ווי דיזע, קענסטו עס צו מיר אריינטראגען. איך וועל עס פון דיר אפקויפען.

רחל האט גענומען די עטליכע שקלים. זי האט בעדאנקט דעם אלטען און איז ארויסגעגאנגען.

— דער גאלדשמיד האט מיך חושד געווען, אז די ציערונג האב איך גע־גנב'עט, — האט רחל לאכענדיג געזאגט צו עקיבא'ן.

— נו, און מיר האט דאך דיין פאטער'ס דיענער אויך חושד געווען אין גנבה, — האט עקיבא געזאגט מיט א שמייכעל, — זיינען מיר הייסט עס ביידע גנבים, זיינען מיר דאך געווים א גלייכע פאר.

— האסטו געזעהען מיט וועלכע אויגען מיין פאטער'ס דיענער האט אויף אונז געקוקט, בעת איך האב דיך אנגענומען אונטער מיין ארעם, — האט רחל הארציג געלאכט.

— לאמיר זיך צואיילען, — האט עקיבא געזאגט, — דו ביזט דאך געווים מיעד. מיר מוזען געפינען א פלאץ וואו דו וועסט זיך קענען אויסרוהען.

ביידע זיינען צוגעקומען צו א קליינע הייזעל וואס איז געשטאנען ביים וועג. עקיבא האט אנגעקלאפט אין טהיר. אויף'ן שוועל האט זיך בעוויזען א אלטער אידישער פויער.

— איך און מיין פרוי זיינען וואנדערער, די נאכט איז אנגעקומען, און מיר האבען נישט קיין פלאץ וואו צו נעכטיגען, פיעלייכט איז ביי דיר אין הויז פאראן א פלאץ צו נעכטיגען?

— יא, מיין האר, — האט דער פויער געזאגט, — קומט דאך ביידע אריין אין הויז, איהר מוזט געווים זיין הונגעריג אויך, מיין אלטע וועט אייך דערוויילע צוגרייטען עפעס צוצובייסען און דערנאך וועט זי אייך צייגען א פלאץ איבער־צונעכטיגען.

ביידע זיינען אריין אין הויז. דער אלטער האט עפעס אריינגערופען זיין ווייב אין אויער, און זי האט באלד אויפ'ן טיש געשטעלט ברויט, מילך און פוטער.

עקיבא און רחל זיינען ביידע געווען גוט אויסגעהונגערט. זיי האבען די הענד געוואשען און זיך באלד געזעצט עסען.

ווען ביידע האבען אפגעגעסען און נאכהער געבענשט, האט זיך דער אלטער צו זיי אפגערופען:

— ווי איך זעה, זייט איהר ביידע גאטס־פארכטיגע מענשען, געלויבט איז השם יתברך וואס ער האט אייך געבראכט צו מיר אין הויז. יעצט קומט וועל איך צייגען דעם פלאץ וואו איהר וועט קענען איבערנעכטיגען די נאכט.

הינטער דעם פויער'ס הייזעל איז געשטאנען א בודקע, דארט האט זיי־ער אלטער אריינגעפיהרט מיט אן אנגעצונדענעם ליכט.

— קיין בעטען זיינען דא נישא, — האט ער זיי געזאגט, — אבער איהר קענט קריגען היי און שטרוי וויפיעל איהר ווילט.

עקיבא האט בעדאנקט דעם אלטען פאר זיין חסד, און ער האט אריינ־געטראגען אין דער בודקע עטליכע בינטלעך שטרוי וואס האט זיי געדיענט אלס בעטגעוואנט.

* * *

אויף מארגען אין־דער־פריה האט זיך עקיבא אפגערופען צו רחל'ן:

— איך וועל יעצט אריבערגעהן אין שטאדט און זעהן עפעס צו פארדיענען.

— מיין ליעבער מאן, — האט רחל געזאגט, — אויב די אלטע וועלען איינ־וויליגען אונז צו פערדינגען דיזען פלאץ, דאן וועט אראפ פון אונז די זארג פון א היים, איך וועל אליין ארבייטען און פון מיינע פארדינסטען וועל איך דיר אונ־טערשטיצען און דו וועסט קענען באלד אנפאנגען לערנען...

— מיין טהייערינקע רחל, — האט עקיבא געזאגט געריהרט ביז טרעהרען, — ווי אזוי וועל איך גאר קענען דערלאזען דו זאלסט ארבייטען! דיינע שעהנע צערטליכע הענד, וועלכע זיינען נור געוואוינט געווארען צו העלפען יעדען ארימען, אונטערדריקטען און הארפאשנעם מענשען, זאלען יעצט דארפען אליין אזוי שווער ארבייטען! ניין, רחל, איך וועל דאס נישט דערלאזען! איך וועל טהאן ווי פיעלע אנדערע האבען געטהאן בעפאר מיר. בייטאג וועל איך ארבייטען און עפעס פארדיענען און ביינאכט וועל איך לערנען די הייליגע תורה...

— ווייסטו וואס מיין מאן, — האט רחל געזאגט, — נישט ווייט פון גמזו איז פאראן א גרויסער אידישער געלערנטער, זיין נאמען איז נחום. צו איהם קומען זיך צונויף יעדען פריהמארגען פיעלע פון די אידישע חכמים און געלערנטע און ער זאגט פאר זיי תורה. לאמיר היינט נאכמיטאג צו איהם אריבערגעהן און איהם בעטען ער זאל מיט דיר לערנען, ער איז א הייליגער מאן, און גוט־הערציג, וועט ער דיר געוויס נישט ענטזאגען.

— גוט, מיין ליעבע רחל, — האט איהר עקיבא א קוש געטהאן, — ווי נאר איך וועל זיך צוריקקעהרען אהיים, וועלען מיר דאןביידע אריבערגעהן צו איהם.

עקיבא האט ביי דעם אלטען געליהען א האק און איז אוועקגעגאנגען אין דעם דערבייאיגען וועלדעל, האט אבגעהאקט עטליכע יונגע ביימער, האט זיי צוזאמענגעבונדען און זיי אין מארק אוועקגעפיהרט. עטליכע שטונדען איז ער ארומגעגאנגען מיט דעם בינטעל האלץ אויף זיינע פלייצעס, ביז וואנען איינער האט עס ביי איהם אפגעקויפט פאר עטליכע פרוטות.

עקיבא איז גלייך געגאנגען אהיים צו זיין פרוי און האט איהר איבערגעגעבען זיינע פערדיענסטען.

רחל האט שוין געהאט צוגעגרייט עפעס צו עסען. און נאכ'ן עסען זיינען ביידע אריבערגעגאנגען צו נחום'ן.

נחום, אדער ווי ער איז באוואוסט געווען ביי אלע אידען מיט'ן נאמען

נחום איש גמזו, איז געווען איינער פון די גרעסטע אידישע תנאים אין יענער צייט. ער איז געווען באליעבט ביי אלע אידען, און צו איהם פלעגען קומען פיעלע חכמים הערען זיינע דרשות.

ער האט מיט די הילף פון עטליכע אידישע גבירים געגרינדעט א בית המדרש הינטער'ן שטאדט און דארטען פלעגט ער לערנען מיט די תלמידי חכמים.

עקיבא און רחל זיינען צוגעגאנגען צום בית המדרש. זיי האבען אריינגעקוקט אינעווייניג און באמערקט די לייכטענדע פנים'ער פון די חכמים, וועלכע האבען זיך מתפלפל געווען אין לערנען... רחל'ס הארץ האט א ציטער געטאהן... און אין זיך האט זי מתפלל געווען: "אה, גרויסער גאט, גיב מיין מאן גענוג פארשטאנד, ער זאל קענען לערנען די הייליגע תורה אונגעשטערט, און זאל די ברכה פון רבן יוחנן בן זכאי מקוים ווערען אויף עקיבא'ן, ער זאל בעלייכטען מיינע אויגען און די אויגען פון אלע אידען מיט זיין תורה און חכמה"...

— דער רבי איז יעצט פארנומען, — האט עקיבא געזאגט, — לאמיר דא אונטערוואַרטען ביז וואנען די תלמידים וועלען אוועקגעהן.

ביידע זיינען אוועק אן א זייט און מיט גרויס אונגעדולד געווארט ביז וואנען די תלמידים וועלען אהיים געהן.

לאנג האבען זיי ביידע געווארט ביז וואנען די תלמידי חכמים האבען איינציגווייז גענומען פארלאזען דעם בית המדרש.

— יעצט קענען מיר אריינגעהן, — האט רחל געזאגט, — און איז מיט עקיבא'ן אריינגעגאנגען אין בית המדרש.

א ווײלע זיינען ביידע שטעהן געבליבען לעבען טהיר און זיך גענשט געריהרט פון ארט. אייניגע אידען זיינען נאך געשטאנען אין א ווינקעל און גערעדט פון תורה.

א גרויז־גרויער מאן איז געזעסען און אריינגעקוקט אין א ספר.

— אט דארטען זיצט רבי נחום — האט רחל שטילערהייד געזאגט צו עקיבא'ן, — לאמיר צו איהם צוגעהן.

מיט קלאפענדע הערצער זיינען ביידע צוגעגאנגען צו נחום איש גמזו.

נחום האט אויפגעהויבען זיינע אויגען פון ספר און האט זיי באמערקט.

— וואס פערלאנגסטו מיין טאכטער? — האט דער גרויז־גרויער רבי רחל'ן געפרעגט.

— גרויסער רבי, ליכט פון ישראל! — האט רחל געזאגט, — ריין דינענסט איז געקומען דיר בעטען א געפעליגקייט...

— וואס קען איך טהאן פאר דיר, מיין טאכטער? — האט ר' נחום איהר געפרעגט מיט צערטליכקייט.

— מיין מאן האט אין זיין יוגענד נישט געהאט קיין געלעגענהייט צו לערנען די תורה. ער האט בעשלאסען אנצופאנגען יעצט צו לערנען, זיין ווילענסקראפט איז זעהר גרויס, און איך גלויב דאס אויב ער וועט האבען ווער עס זאל מיט איהם לערנען, וועט ער געווים פארשטעהן און קענען...

— האסטו, מיין זוהן, נאך קיינמאל נישט געלערנט? — האט זיך נחום איש גמזו געווענדעט צו עקיבא'ן.

עקיבא, וועלכער איז געשטאנען די גאנצע צייט ארונטערגעלאזן דעם קאפ, האט מיט א שטילע און ציטערנדע שטימע געענטפערט:

— ניין, הייליגער רבי, מיין פאטער איז זעהר ארים געווען און האט קיין מעגליכקייט נישט געהאט צו געבען מיר לערנען. און ווי נאר איך בין עלטער געווארען האב איך שוין געמוזט פארדינען פאר מיין ערנעהרונג.

— ווער איז געווען דיין פאטער, און פון וואנען קומסטו? — האט ר׳ נחום איהם ווידער געפרעגט.

— מיין פאטער האט געהייסען יוסף בן יהושע, און איך קום פון לוד.

— פון לוד! — האט ר׳ נחום געזאגט, — לוד איז דאך א שטאדט פון חכמים, טו ווי קומט עס אז דו האסט גארנישט געלערנט אין דיין יוגענד. לעבט נאך דיין פאטער?

טרעהרען האבען זיך באוויזען אין עקיבא׳ס אויגען. ער האט פון זיין בוזים-קעשענע ארויסגענומען א שטיקעל פארמעט, זיין פאטער׳ס בריעף, און עס דערלאנגט צו ר׳ נחום׳ן.

ר׳ נחום האט דעם פארמעט פאנאנדערגעוויקעלט און עס דורכגעלייענט.

טרעהרען האבען זיך באוויזען אין די אויגען פון דעם גרייז-גרויען רבי, ווען ער האט געענדיגט לייענען דעם בריעף.

— און דיין פאטער איז געשטארבען פארטיידיגענדיג דעם בית המדרש?

— יא, — האט עקיבא געשאקעלט מיט דעם קאפ.

— זאג מיר, מיין זוהן, — האט איהם ר׳ נחום ווידער געפרעגט, — אין דעם בריעף שרייבט דיר דיין פאטער וועגען זיין גרויסע אומרעכט צו דיר, וואס ער האט אין דיר איינגעפלאנצט א שנאה צו די תלמידי חכמים. קענסטו מיר פיעלייכט דערצעהלען וואס פאר א צופאל עס האט געטראפען דיין פאטער, וואס האט גורם געווען דאס ער זאל טראגען אזא גרויסע שנאה אויף די תלמידי חכמים.

— מיין פאטער, — האט עקיבא געענטפערט מיט טרויער, — איז געווען אן ארימער וואסער-פיהרער אין לוד, און ווען איך בין געבארען געווארען, איז ער אריין אין בית המדרש פון לוד און געבעטען די חכמים זיי זאלען איהם אנשטעלען אלס וואסער-פיהרער פון בית המדרש. אבער ווען זיי האבען גע-הערט דאס ער קען גארנישט לערנען האבען זיי פון איהם נישט געוואלט הערען. זינט דאן איז ער אין כעס געווען אויף אלע תלמידי חכמים און אין זיין הארצען א שנאה אויף זיי געטראגען.

— יא, יא, — האט ר׳ נחום אויסגערופען, — איך בין דאמאלס געווען אין בית המדרש. יא, איך געדענק עס, עס איז געווען מיט עטליכע און צוואנציג יאהר צוריק... ווען איך האב דערהערט ווי די תלמידי חכמים האבען ענטזאגט דעם ארימען וואסער-פיהרער און אז ער האט א באליידיגטער און פארשעהמטער פארלאזען דעם בית המדרש, בין איך ארויסגעלאפען איהם אומצוקעהרען, אבער איך האב איהם שוין נישט געקענט געפינען. איך ווייס נור, אז אלע חכמים האבען זיך שטארק מצער געווען דערפון, און אפילו די וועלכע האבען דיין פאטער ענטזאגט, האבען חרטה געהאט און האבען דעם גאנצען טאג געפאסט צוליעב דעם... יעצט, א דאנק השם יתברך, האט ער דיר, דעם זוהן פון יענעם מאן, געבראכט צו מיר. און בזכות פון דיין הייליגען פאטער וועלכער איז גע-

שטארבען על קדוש השם, וועט דיר געבען א קלוגע און פארשטענדיכע הארץ און מיט דיין שטארקען ווילען און חשק וואס דו בעזיצסט, וועסטו אם ירצה השם קענען לערנען און זיין א גרויסער תלמיד חכם. דו קענסט קומען יעדען טאג אהער אין בית המדרש און איך וועל מיט דיר לערנען.

רחל, וועלכע איז די גאנצע צייט געשטאנען און נישט ארונטערגענומען איהרע אויגען פון דעם הייליגען מאן, שרעקענדיג זיך דאס פיעלייכט וועט ער איהם ענטזאגען, איז יעצט געווארען איבערגליקליך.

— איך דאנק דעם הייליגען רבי'ן פאר דעם גרויסען חסד וואס ער טהוט מיט [illegible] מאן, — האט זי געזאגט.

— **איך זעה, מיין טאכטער, — האט זיך ר' נחום אפגערופען, — אז דו** בעזי[illegible] א ריינע און הייליגע הארץ, דו ווילסט אז דיין מאן זאל קענען לערנען. זאל אייך ביידען גאט העלפען, און זאל דיין מאן ברייגנען רוהם און כבוד פאר אונזער פאלק.

רחל האט נאך אמאל בעדאנקט דעם רבי'ן און איז מיט עקיבא'ן ארויס פון בית המדרש.

## איין און צוואנציגסטער קאפיטעל

# תנחום

**איינזאם און פערטרויערט איז כלבא שבוע געזעסען אין זיין רייכע הויז. פערשוואונדען איז געווארען זיין שמייכעל, אפגעטהאן האט זיך פון איהם די שכינה. די קנייטשען אויף זיין פנים זיינען טיעפער געווארען. זיינע אויגען דריקען אוים גרויסע יסורים, דעם טיעפען צער פון זיין נשמה...**

**געווען איז ער מיט עטליכע וואכען צוריק אזוי גליקליך, אזוי צופריעדען... וויפיעל** נחת **און פערגעניגען ער האט עס געשעפט פון זיין איין איינציגע טאכ־**טער! ווי שטארק שטאלצירט האט ער מיט איהר; זי איז געווען די קרוין פון **זיין קאפ... זי איז געווען אלעס אין דער וועלט צו איהם;** אין זיין רחל'ען האט ער געפונען א טרייסט נאך זיין העלדישען זוהן דן. ער האט זיך מיט איהר געטרייסט נאך זיין פערשטארבענע פרוי. זי איז איהם געווען אזוי ליעב און טהייער. זי איז געווען זיין שטאלץ, זיין פרייד. וויפיעל אנגענעהמע שטונדען ער האט מיט איהר פערבראכט... ווען זיין טאכטער איז נאך גאר יונג געווען, פלעגט זי ביי איהם אויף'ן שוים זיצען און ער פלעגט איהר דערצעהלען וואונ־דערליכע מעשיות פון דעם אידישען פאלק. איהרע שעהנע אויגעלעך פלעגען שיינען און פינקלען, זי פלעגט שלינגען יעדען ווארט... ווען זי איז עלטער געווא־רען און זי האט צוגעזעהן די ליידען פון יהודה אונטער דעם רוימישען יאך, פלעגט זי זיך שטארק נעהמען צום הארצען... און מיט טרעהרען אין די אויגען פרעגען: ווען וועט אויפשטעהען א אידישער העלד און בעפרייען די אידען פון רוימישען יאך! און דאן פלעגט ער איהר ענטפערען, דאס די גאנצע אידישע גבורה בעשטעהט אין דער הייליגע תורה, כל זמן די אידען וועלען לערנען די תורה וועלען זיי בייקומען אלע זייערע שונאים... ער האט דאך אין איהר איינגעפלאנצט א גרויסע ליעבשאפט צו דער תורה און צו די וואס לערנען איהר, און צום סוף נעמט זיין איינציגע טאכטער און האט חתונה מיט אזא עם הארץ, מיט זיין פאסטוך עקיבא'ן, וועלכער קען אפילו נישט קיין צורת אות...

כלבא שבוע ווערט נאך מעהר אויפגערעגט, זיין צארן ווערט גרעסער, ווען ער דערמאנט זיך דאס דער אומוויסענדער פאסטוך, וועמען ער האט געראטעוועט פון א זיכערען טויט, זאל איהם דערפאר אזוי גרויזאם בעצאהלען...

עקיבא, וועמען ער האט אזוי פיעל גוטס געטהאן די גאנצע צייט, זאל פון איהם אוועקרויבען דעם שעהנסטען, בעסטען און טייערסטען אוצר וואס ער האט פערמאגט...

ער איז זיכער אז דער פאסטוך איז אין דעם אין גאנצען שולדיג... רחל האט זעהר א ווייכע הארץ. זי איז גוט און איבערגעגעבען מיט איהר לייב און לעבען צו יעדען ליידענדען, צו יעדען ארימען און ערנידעריגטען... עקיבא האט עס געוואוסט און ער האט זיך דערמיט אויסגענוצט, ביז וואנען ער האט איהר אין זיין נעץ געפאנגען...

כלבא שבוע איז זיכער אז עקיבא איז דא אויסען געוועזן זיין רייכטום; איהם האט זיך געדוכט, דאס ווען ער וועט ארייננקריגען רחל'ן, וועט ער מיט איהר אויך ארייננקריגען זיין פערמעגען... יעצט אבער וועט זיך עקיבא ארומזעהן דאס ער האט קיינע האפענונג ווען עס איז צוקריעגען אפילו א פרוטה פון איהם, אפשר וועט ער איהר אפ'גט'ן... ער וועט איהם נאך דערצו פראבירען אנבאטען א געוויסע סומע געלט אויב ער וועט וועלען געבען זיין טאכטער א גט...

כלבא שבוע האט געשיקט רופען תנחום'ן; דורך איהם, האט ער געהאפט וועט ער קענען ארויסקריגען א גט פון עקיבא'ן.

תנחום איז געוועזן א איד אין די פופציגער. זיין בלייך אויסגעדארט פנים איז געוועזן בעציערט מיט א לאנגער רויטער בארד. זיינע קליינע וואסערדיגע אויגען האבען זיך שנעל און אומרוהיג בעוועגט. ווען ער פלעגט ריידען, פלעגט ער צו יעדע עטליכע ווערטער ארויסלאזען א מאדנעם קוויטש... תנחום האט גע־האט א צוטריט כמעט אין יעדען הויז פון גמזו. ער פלעגט זיין א מחותן צו יע־דער חתונה; ער פלעגט זיך בעטייליגען אין יעדער איינעמ'ס שמחה. ער האט יעדען איינעם געגעבען עצות, און פיעלע שדוכים זיינען געשלאסען געווארען דורך איהם... האט אימיצער געמאנט געלט ביי א צווייטען און יענער האט אזוי גיך נישט אפגעגעבען האט מען געשיקט תנחום'ען און ער, תנחום האט שוין דאס געלט ארויסגעקראגען... האט א פרוי נישט געשטימט מיט איהר מאן, האט זי שוין דורך תנחום'ן ארויסגעקראגען א גט. יעדער איינער האט געקענט תנחום'ן און פיעלע האבען פאר איהם געציטערט, ווייל ע ארייננצופאלען אין זיין מויל, האט געמיינט אז די גאנצע שטאדט וועט דעם זעלבען טאג געוואויר ווערען אלע געהיימניסען...

ווען תנחום האט דערהערט אז רחל, כלבא שבוע'ס איינאיינציגע טאכטער, האט חתונה געהאט מיט דעם פאסטוך עקיבא, איז ער גלייך צוגעקומען צו כלבא שבוע'ן אין הויז.

כלבא שבוע איז נאך געוועזן אזוי ערשיטערט פון דעם שרעקליכען קלאפ, אז ער האט ראן צו תנחום'ן גאר נישט גערעדט. עפעס האט ער געהערט איהם ריידענדיג וועגען ארויסקריגען א גט פון עקיבא'ן; אבער צו פריש איז געוועזן די וואונד דאס ער זאל מיט איהם קענען ריידען וועגען עפעס... יעצט, ווען עטליכע וואכען זיינען פאריבער און כלבא שבוע וויים גאנץ גוט אז זיין טאכטער

ליידט זעהר פיעל און איז אין גרויס נויט, האָט ער א טראכט געטהאָן וועגען תנחומ'ען, פיעלייכט וועט איהם פארט געלינגען ווי עס איז ארויסצוקיגען א גט פון עקיבא'ן...

תנחום איז געוועזן העכסט צופיעדען וואס כלבא שבוע האָט איהם געשיקט רופען... א קלייניגקייט, דער רייכסטער מאן אין ארץ ישראל, דארף אנקומען צו איהם... ער ווייס אז מיט ליידיגען וועט ער פון איהם ניט אוועקגעהען. ער איז אריין צו איהם אין הויז מיט א ברייטקייט ווי ער וואלט געהאט א וויכטיגע שליחות דורכצופיהרען.

— געגריסט זאָל זיין מיין האר! — האָט זיך תנחום אפגערופען, ווען ער איז אריין צו כלבא שבוע אין צימער, — איך בין געקומען אהער, און איך בין גע־גרייט צו טהאָן אלעס וואס מיין האר וועט פון מיר פערלאנגען.

כלבא שבוע האָט א ווײַלע געשוויגען; איהם איז געוועזן זעהר שווער אנצו־פאנגען צו רעדען וועגען דעם וואס האָט איהם אזוי פיעל וועה געטהאָן... ער האָט אויף תנחומ'ען געקוקט מיט טרויעריגע אויגען, פון וואס עס האָט ארויס־געקוקט א יאוש און צווייפעל...

— האָסטו עקיבא'ן געזעהן דורך דער גאנצער צייט? — האָט כלבא שבוע איהם געפרעגט מיט א נידעריגע שטימע.

— איך זעה איהם כמעט יעדען טאג — האָט תנחום געענטפערט — יעדען פריה מאָרגען געה איך אוועק אין מארק און דארטען געפין איך שוין עקיבא'ן מיט א בינטעל האלץ אויף זיינע שולטערען. ער שטעהט אין מארק ביז וואנען עס געלינגט איהם צו פערקויפען זיינע האָלץ, דערנאָך פערשווינדט ער פון דארטען.

—ווייסטו, וואוהין ער געהט, נאכדעם ווי ער ווערט פארטיג אין מארק?— האָט איהם כלבא שבוע געפרעגט.

— יע, מיין האר, איך האָב איהם איין מאָל נאכגעשפירט איך בין איהם נאכגעגאנגען און איך האָב בעמערקט ווי ער געהט אריין אין א קליינע הייזעל וואס שטעהט ביים וועג, הינטערען שטאדט...

— האָסטו מיט איהם גערעדט וועגען עפּעס — האָט כלבא שבוע געפרעגט.

— ניין, כל זמן מיין האר האָט עס נישט געוואונשען, האָב איך עס נישט געטהאָן... איך ווייס דאך נישט צו מיין האר וועט צופריעדען זיין איך זאָל מיט איהם ריידען...

— דענקסטו אז ריידען וועט דא העלפען? — האָט כלבא שבוע געפרעגט א פערצווייפעלטער.

— ווען תנחום וועט ריידען וועט עס א סך העלפען — האָט ער געזאגט מיט שטאָלץ — תנחום וועט זיינע ווערטער נישט פערדארבען אומזיסט...

— וואס א שטייגער קענסטו מיט איהם ריידען?

— איך וועל מיט איהם ריידען "ברחל בתך הקטנה" — האָט תנחום געזאגט מיט א שמייכעל, איך וועל איהם גאר פשוט זאָגען אז רחל מוז זיך גלייך אומ־קערען צו איהר פאטער...

— יע, יע, — האָט כלבא שבוע מיט א זיפץ געזאגט — לבן האָט אויך געהאט א שעהנע טאכטער מיט'ן נאמען רחל, און זי האָט אויך אויסגעקליבען

פאר א מאן איהר פאטער׳ס פאסטוך. אבער וואס פאר אן אונטערשיעד: זי האט אויסגעקליבען יעקב׳ן, איינעם פון אונזערע אבות, און מיין טאכטער האט אויסגעקליבען עקיבא׳ן, דעם פארגרעבסטען פון אלע פאסטוכער, דעם גרעסטען עם הארץ פון אלע עמי הארצים...

— אט דאס זאג איך דאך — האט זיך תנחום אפגערופען — ווי קומט עקיבא צו מיין האר׳ס טאכטער! מיר אליין האט גאט געבענשט מיט פינף טעכטער און מיין עלטסטע איז ווייט פון א שעהנקייט, דערצו האט זי נאך עטליבע חסרונות, פונדעסטוועגען ווען עקיבא וואלט צו מיר צוגעגאנגען און מיר געבעטען איך זאל איהם ערלויבען חתונה צו האבען מיט מיין עלטסטע טאכטער, וואלט איך איהם מיט מיין שטעקען פון הויז ארויסגעטריבען פאר דער חוצפה... און דא קומט ער און נעמט אוועק מיין האר׳ס איינציגע טאכטער, וועלכע איז א חוץ איהר שעהנקייט און רייכקייט, אויך קלוג און בעלערענט... וואו איז דאס געהערט געווארען אזא זאך!

— נו, גלויבסטו אז דו וועסט עפעס קענען טאהן דערצו? — האט איהם כלבא שבוע געפרעגט.

— געווים וועט תנחום שוין געפונען א וועג, — האט ער מיט פעסטקייט גע־ענטפערט — נישט איין גט האב איך שוין ארויסגעקראגען פון אזעלכע נישט קיין גלייכע פארלעך.

— איך גלויב קוים אויב עקיבא וועט איינווילינגען אויף א גט — האט כלבא שבוע געזאגט.

— ווען איך וועל איהם אנבאטען א גרויסע סומע געלט, דאן וועט ער שוין איינווילינגען... ער ליידט דאך יעצט זעהר פיעל צרות; יעדער פריהמארגען שלעפט ער זיך ארום מיט א פעקעל האלץ צו פערקויפען... און איך בין זיכער דאס ווי נאר ער וועט דערהערען געלט, דאן וועט ער צו אלעם איינשטימען.

— זעהר גוט, — האט כלבא שבוע געזאגט — איך בעפאלמעכטיג דיר איהם אנצובאטען וויפיעל געלט דו ווילסט, און ווען דיר וועט עס געלינגען, וועסטו קריגען נאך אמאל אזוי פיעל פאר דיין טרחה...

תנחום איז אוועק פון כלבא שבוע א העכסט גליקליכער; ער איז געווען זיכער דאס ווען עקיבא וועט הערען פון אזוי פיעל געלט, וועט ער שוין אלעם נאכגעבען... ער וועט איהם אנבאטען פינף און צוואנציג טויזענד שקלים פאר געבען רחל׳ן א גט...

אויף׳ן וועג איז תנחום׳ן אריינגעפאלען נאך א געדאנק: אזוי ווי עקיבא וועט אריינקריגען א גרויסע סומע געלט, וועט ער דאך שוין מעהר נישט זיין קיין ארימער פאסטוך, אויב אזוי וועט ער איהם טאקע, וויבאלד ער וועט אפגט׳ן רחל׳ן, פארשלאגען חתונה צו האבען מיט זיין עלטערע טאכטער... און עקיבא׳ס געלט וועט טאקע אויך אריינפאלען צו איהם אין די הענד, דאן וועט ער האבען די מעגליכקייט צו "פערשלייערען" די איבעריגע טעכטער... און ווי באלד אז די גאנצע געלט וועט אריינפאלען אין זיינע הענד, האט תנחום ווידער גע־טראכט — וועט ער בעסער אנבאטען עקיבא׳ן א גרעסערע סומע, און פארוואס טאקע נישט גאנצע פופציג טויזענד שקלים, ער וועט זיך גיכער אנכאפען אין דעם... ווי באלד ער האט איהם בעפאלמעכטיגט אנצובאטען וויפיעל ער וועט וועלען, וועט ער איהם אנבאטען א גרעסערע סומע, נישטקשה, כלבא שבוע וועט

נישט ארימער ווערען... און דערצו נאך וועלען אפשר זיינע טעכטער דערפון הנאה האבען...

מיט די געדאנקען איז תנחום אהיים געגאנגען א פרעהליכער און א צו־פריעדענער... ער איז געווען זיכער מיט די סומע געלט וואס וועט צו איהם אריינפאלען, און ער איז אריין אין זיין הויז מיט שטאלץ און זעלבסטווירדע... זיין פלונית'טע אפילו, וועט שוין יעצט אויך האבען דרך ארץ פאר איהם, א קליינינגקייט! ער וועט דאך רייך ווערען.

תנחום, וועלכער האט אויף פיעלע איינוואהנער פון גמזו געווארפען א מורא, איז אימער צו אליין געווען אין גרויסע שרעק פאר זיין ווייב... און יעדעס מאל ווען ער פלעגט דארפען אריינקומען אין זיין אייגען הויז, פלעגט די הויט אויף איהם ציטערען, זיין פלונית'טע זאל אויף איהם נישט ארויף פאלען און איהם "פערברענען" מיט איהר פייערדיגען מויל... נישט איין מאל פלעגט זי, זיין פלונית'טע, איהרע הענד איינטשעמען אין זיין לאנגע רויטע בארד און אומ־רחמנות'דיג זיך "דערבארעמען" אויף איהר און איהר שיטערער מאכען...

גענוג אורזאכען האט תנחום'ס ווייב געהאט, צוליעב וואס או[נ]עקצוגעבען א גאב איהר מאן. די הויפט אורזאכען אבער, זיינען געווען איהרע טעכטער.

—אומעטום ביזטו דא, וואו מען שיקט פאר דיר נישט, דארטען קומסטו— פלעגט זיין ווייב צו איהם טענה'ן — וואו מען פערזעעט דיר נישט דארטען וואקסטו. דו מישט זיך אין אלעמענס אנגעלעגענהייטען און פאר דיין אייגען הויז געזינד ארט דיר נישט!... דו האסט פינף ערוואקסענע טעכטער, זאל דיר א שטייגער ארען וועגען זיי. זיי וועלען אזוי "פערזיצען" ביז זייערע האר וועלען גרוי ווערען, און דו וועסט זיך גאנצענע טעג ארומגעהן לעדיג און פאר זיי גארנישט טהאן!...

מיט אזא מין "ברוך הבא", פלעגט זיין פלונית'טע איהם בעגעגענען יעדען אבענד ווען תנחום פלעגט זיך אומקעהרען אהיים.

יעצט אבער איז ער אריין אין הויז אהן מורא, א ברייטער שמייכעל האט זיך צעגאסען איבער זיין פנים...

— וואס איז דא אזוי די שמחה מיט דיר, מיין תנחום? — האט איהם זיין ווייב בעגעגענט אין טיהר.

— שוין אן ענדע וועט נעמען צו אונזער דלות! — האט תנחום געגלעט זיין לאנגע רויטע בארד. — אונזערע טעכטער וועלען שוין זיין באזארגט!

— יע, בעזארגט וועלען זיי שוין זיין — האט איהם זיין ווייב נאכגעקרימט — האסטו דען געפונען אן אוצר?

— ברכת ה' היא תעשיר (גאט'ס ברכה מאכט רייך) — האט תנחום געענטפערט — איך געה מיר אזוי היינט אין גאס פערזארגט, פעראומערט; איך טראכט מיר: וואס זאל איך טהאן מיט מיינע טעכטער, איבערהויפט מיט דער עלטערער... פון וואנען נעמט מען עטוואס געלד פאר אונזער בתולה? מיט אמאל איך הער א שטימע: תנחום! תנחום! איך קעהר זיך אום און איך זעה איינער פון כלבא שבוע'ס דינער לויפט מיר נאך... איך שטעל זיך אפ, און פרעג איהם וואס ער וויל, זאגט ער מיר אז כלבא שבוע האט איהם געשיקט ער

זאָל מיר רופן צו איהם. פערשטעהסטו מיר כלבא שבוע, דער רייכסטער מאַן פון לאַנד שיקט א ספּעציעלען שליח מיך צו רופן... איך בין גלייך צו איהם אוועקגעגאַנגען...

— נו, צו וואס האָט ער דיר געדאַרפט, דערצעהל דאך שוין! — איז זיין ווייב נייגעריג געוואָרען.

— ער וויל איך זאָל ווירקען אויף עקיבא'ן ער זאָל אפּגט'ן זיין רחל'ן.

— און דו ביזט טאַקע דער מענש דערצו, האַ ?

— כאַפּ זשע נישט — האָט זיך תנחום א גלעט געטהאָן איבער זיין באָרד — כלבא שבוע בעפאָלמעכטיגט מיר צו נוצען וויפיעל געלט איך וויל אפּצוטהאָן די שטיקעל ארבייט. פערשטעהסטו מיר, דערצו וועט ער מיר נאָך אמאָל אזא סומע געלט בעצאָהלען פאַר מיין טרחה...

דערהערענדיג געלד, איז תנחום'ס ווייב צו איהם ווייכער געוואָרען...

— דו מוזט דאָך אודאי הונגעריג זיין! האָסטו אין דיין לעבען געזעהן אזא מאַרנעם מענשען! גאַנצע טעג געהט ער אַרום נישט געגעסען!... נו, געה שוין עסען, תנחום.

תנחום האָט אזש געריבען זיינע הענד פון שמחה ; אזעלכע ווייכע דבורים פון זיין ווייב האָט ער שוין לאַנג נישט געהערט...

נאָך'ן עסען האָט ער זיך צו איהר אפּגערופען : — מאָרגען וועל איך דאַרפען אויפשטעהען זעהר פריה, כדי איך זאָל נאָך טרעפען עקיבא'ן אין מאַרק. דעריבער, וויל איך טאַקע דו זאָלסט מיר אויפוועקען גאַנץ פריה.

— זאָרג נישט דו וועסט שוין נישט פערשלאָפען — האָט איהם זיין פלונית'טע בערוהיגט.

אויף מאָרגען נאָך איידער דער מאָרגענשטערן איז אויפגעגאַנגען, איז שוין תנחום'ס ווייב געשטאַנען לעבען איהם און געוועקט :

— שטעה שוין אויף, פוילער, ביז ווי לאַנג וועסטו שלאָפען, עס וועט דאָך שוין באַלד טאָג!

תנחום'ן האָט גאָרנישט געהאָלפען, ער האָט געמוזט גלייך אויפשטעהן, און באַלד איז ער אוועקגעגאַנגען אין מאַרק.

קיין לעבעדיגער נפש איז נאָך אויף'ן מאַרק נישט געווען, ווען תנחום איז אהין צוגעקומען.

א ווייל איז ער געשטאַנען אליין אין מיטען מאַרק און האָט זיך צוגעגרייט ווי אזוי ער זאָל צו עקיבא'ן ריידען...

ביסלעכווייז איז דער מאַרק לעבעדיגער געוואָרען, פערשיעדענע פויערען זיינען אנגעקומען מיט זייערע סחורות, מענער און פרויען האָבען זיך געפּעדערט כדי איינצוהאַנדלען "מציאות"...

תנחום איז געשטאַנען און געוואַרט אויף עקיבא'ן... זיין גאַנצער גליק היינגט יעצט אפּ אין דעם פּאַסטוך... זאָל ער נאָר אנקומען און ער וועט שוין וויסען ווי אזוי צו האַנדלען מיט איהם...

---

עטליכע וואָכען זיינען אוועק זינט עקיבא האָט אָנגעפאַנגען צו לערנען אין בית המדרש. רבי נחום איש גמזו האָט מיט איהם אליין געלערנט. אין איי-

יגע טעג האט שוין עקיבא געקענט לעזען און שרייבען. רבי נחום האט גלייך אנגעפאנגען מיט איהם צו לערנען חומש...

אין א קורצע צייט איז שוין עקיבא קלאר געווען די פינף חומשים. ער האט געלערענט מיט דער גרעסטער התמדה.

גאנץ פריה פלעגט ער אויפשטעהן, און אוועקגעהען אין וואלד, אנהאקען א ביסעל האלץ און עס אוועקטראגען פערקויפען אין מארק. נאכדעם ווי ער האט עס פערקויפט פלעגט ער איבערגעבען די עטליכע פרוטות זיין פרוי, רחל'ן. ער פלעגט אפעסען זיין מאגערען מאלצייט און גלייך אוועקגעהן אין בית המדרש און זיך זעצען לערנען.

ביז שפעט אין דער נאכט פלעגט ער פערברייינגען אין בית המדרש און הערען תורה פון זיין גרויסען רבי'ן, נחום איש גמזו.

ווען ער פלעגט זיך אומקערען אהיים, פלעגט עקיבא נאך טרעפען זיין יונגע שעהנע רחל זיצענדיג נעבען דעם שפינראד און שפינען.

רחל האט גענומען ארבייט צו זיך אין הויז פאר דעם גאנצען טאג. זי האט געוואלט אפשפארען עטליכע שקלים כדי זי זאל נאכהער קענען אוועקשיקען איהר ליעבענדען מאן נאך לוד, דארטען וואו עס געפינט זיך די גרעסטע ישיבה אין ארץ ישראל, דארטען געפינען זיך די גרעסטע חכמים און געלערענטע... ווען עקיבא זאל נאר קענען אנקומען דארטען אין יענער ישיבה, ווי גליקליך זי וואלט זיך געפיהלט.

אזוי האט רחל געארבייט דעם גאנצען טאג ביז שפעט אין דער נאכט און אפגעשפארט א פרוטה צו פרוטה...

עס איז שפעט ביינאכט, רחל זיצט נעבען איהר שפינראד און ארבייט. די קליינע בודקע, וואס האט זיך גערופען איהר היים איז געווען בעלויכטען מיט דעם דונקעלען ליכט פון א חלב'נע ליכטעל, וואס האט געברענט אין א ליימענעם לייכטער אויף'ן צעבראכענעם טישעל. די שאטענס זיינען געפאלען אויף דיא פיער ליידיגע ווענד. זי איז איינע אליין אין צימער... זי ארבייט פלינק, זי דרעהט מיט'ן ראד... און זי שוועבט אין איהרע געדאנקען וועגען א גליקליכען צוקונפט... זי זעהט איהר מאן עקיבא'ן, קומט צוריק אהער פון לוד, ער איז זעהר בעלערענט, ער איז א תלמיד חכם... אלע עהרען איהם, מען רופט איהם רבי עקיבא... א גליקליכע פרייד צעגיסט זיך איבער אלע איהרע גלידער... זי דרעהט די ראד נאך שטארקער און שנעלער... זי שפינט, און צוזאמען מיט דעם שפינען פון דער וואל, שפינען זיך אויך ביי איהר שעהנע און ערהאבענע געדאנקען וועגען איהר עקיבא'ן, וועלכער זיצט יעצט אין בית המדרש און לערענט...

א גערויש הערט זיך פון דרויסען... יע, דאס קומט ער, איהר ליעבער עקיבא. זי דערקענט זיינע טריט...

— שלום, מיין ליעבענקע — בעגריסט עקיבא זיין פרוי מיט א קוש — דו ארבייטסט נאך אזוי שפעט, מיין טייערע, דו וועסט דאך מיעד ווערען... גענוג שוין רחל, פערשפרעך דאך מיר דאס דו וועסט מעהר נישט ארבייטען ביינאכט.

— זארג נישט, מיין ליעבער עקיבא, — ענטפערט איהם רחל מיט א קוש. — איך בין דאך אזוי גליקליך... מיין טרוים ווערט פארווירקליכט... דו לערענסט די היילינע תורה, דו וועסט ווערען גרויס און הייליג... וואס קען נאך זיין א גרע־

סערער גליק פון דעם ; אונזער ליעבע איז דאך אזוי גרוים און מעכטיג, אזוי ערהאבען און הייליג... אין אונזער צוקונפט איז דאך אזוי העל און גרויסארטיג.

עקיבא דערצעהלט פאר רחל'ען וואס ער האט דעם טאג געלערענט. רחל שלינגט זיינע ווערטער... זי זעהט דאך אז זי איז אין איהם נישט געווען גענארט... אין אזא קורצע צייט האט ער שוין דערוויזען צו לערנען אזוי פיעל... א ווען ער זאל נישט דארפען ארבייטען אזוי שווער פאר די עטליכע פרוטות, דאן וואלט ער דאך אויפגעטהאן צוויי מאל אזוי פיעל... יע, זי מוז אנקלייבען א סך געלד און עם איהם געגעבען ווען ער וועט אוועקפאהרען נאך לוד, כדי ער זאל קענען לערנען מיט א רוהיגען קאפ...

— דו ווייסט מיין ליעבער עקיבא, אין קורצען וועסטו האבען די מעגליכקייט צו פאהרען אין דער ישיבה פון לוד, איך האב שוין אפגעשפארט עטליכע שקלים און איך האף דאס דו וועסט נישט דארפען הארעווען אזוי שווער כדי עס זאל דיר נישט שטערען צום לערנען.

— אבער מיין ליעבענקע, ווי אזוי וועל איך דיר קענען לאזען אליין אין אזא ארימקייט און נויט... דאס הויז איז ליידיג, אויסער דעם צעבראכענעם טישעל מיט די צוויי ביינקלאך איז עס אינגאנצען פוסט. דו האסט אפילו נישט קיין בעטעל אויף וואס צו שלאפען... און דו דארפסט ליגען אויף שטרוי...

— מיר דארפען בעטען גאט ער זאל אונז געבען געזונד, און די קלייניגקייטען זיינען גארנישט, אויב דו וועסט זיין געזונד וועסטו קענען לערנען און אז גאט וועט מיר געבען געזונט וועל איך קענען ארבייטען און פערדיענען...

איין מאל שפעט ביינאכט, ווען עקיבא, וועלכער האט זיך נאר וואס צוריקגעקעהרט פון בית המדרש, און האט פאר זיין רחל'ן איבערדערצעהלט אלעס וואס ער האט געלערנט דעם טאג, האבען זיי פלוצלינג דערהערט א קלאפ אין טהיר

עקיבא האט גלייך געעפענט די טיהר, און האט דערזעהן א מענשען שטעהענדיג אנגעטהאן אין צעריסענע קליידער, זיין פנים איז געווען קרענקליך געלב, די ביינער האבען פון זיינע באקען ארויסגעשטארצעט.

— האט רחמנות אויף מיר, איהר גוטע מענשען — האט דער פרעמדער מיט א שוואכע שטימע געזאגט. איך בין אליין א שוואכער מענש. איך האב נישט קיין היים, מיין פרוי און מיינע דריי קינדער געפינען זיך אין א שייער. מיינע קינדער זיינען הונגעריג, שוין צוויי טעג, ווי זיי האבען נישט אנגעזעהן קיין שטיקעל ברויט, דעם גאנצען טאג בין איך ארומגעגאנגען און געזוכט עפעס צו פערדיענען אבער איך האב גארנישט געקראגען צו טהאן... ביז שפעט אין דער נאכט בין איך ארומגעגאנגען פון הויז צו הויז און געפרעגט אויב איך קען קריגען עפעס ארבייט, אבער קיינער האט קיין ארבייט פאר מיר נישט געהאט. ווען איך האב זיך אומגעקערט צו דעם שייער וואו מיין פרוי און קינדער געפינען זיך, האב איך געטראפען מיינע קינדער האלב פער'חלש'טע פון הונגער און מיין פרוי קרעכצענדיג. ווען איך האב איהר געפרעגט וואס מיט איהר איז, האט זי מיר געזאגט דאס זי געהט צו קינד... מיין טרויער איז גרויס געווארען, ווייל איך האב אפילו נישט-אביסעל שטרוי אויף וואס מיין פרוי זאל קענען ליגען... איך ווייס נישט וואס איך זאל יעצט טהאן. העלפט מיר גוטע מענשען, און זאל אייך דער עוויגער בעלוינען פאר דעם.

ווען רחל האט עס דערהערט, האט זי זיך אפגערופען צו עקיבא'ן :

— מיר מוזען גלייך געהן מיט דעם מאן איהם העלפען, דו נעהם מיט זיך די שטרוי און איך וועל מיט זיך נעמען עפּעס עסען און לאָמיר געהן.

עקיבא האָט אויפגעהויבען דעם בינטעל שטרוי, וואָס האָט געדיענט פאר זייער געלעגער... רחל האָט גענומען די שטיקעל ברויט וואס איז פערבליבען פון זייער מאָלצייט, א ליכט און אן איבעריגע קלייד וואס זי האָט פארמאגט, און ביידע זיינען נאכגעגאנגען דעם אומגליקליכען מאן...

ווען זיי זיינען צוגעקומען צום שייער האָבען זיי דערהערט א יאמער וואָס האָט זיך צעטראָגען איבער די שטילקייט פון דרויסען...

דער מאן איז אריין אפריהער דערנאך זיינען אריין עקיבא און רחל; עקיבא האָט דעם בינטעל שטרוי אויפ׳ן דיל אוועקגעלעגט און רחל האָט אנגעצונדען די ליכט. פאר זייערע אויגען האָט זיך גלייך בעוויזען איינע פון די שרעקליכסטע בילדער: דריי אויסגעמאטערטע פון הונגער פערצערטע און פערמארעטע קינדער, שטעהען ארום זייער מאמען, וועלכע זיצט אויפ׳ן דיל און דרעהט זיך און קארטשעט זיך פון יסורים. איהרע קרעכצען האָבען זיך צונויפגעמישט מיט דעם אמערען פון איהרע קינדער...

— מען מוז די אומגליקליכע גלייך העלפען — האָט רחל געזאגט צו עקיבא׳ן. — דו לויף אריבער און ברייגג די העבאם. און דערווייל וועל איך זעהן וואס צו טהאָן מיט דער פרוי...

עקיבא איז שנעל ארויס און געגאנגען זוכען א העבאם. און ווען ער איז צוריקגעקומען מיט די העבאם האָט איהם שוין רחל אפּגעגעבען א מזל טוב: די פרוי האָט געבאָרען א בן זכר. יעצט האָט רחל געזעהן צו מאכען די קינפּעטארין בעקוועם. זי האָט אנגעוואַרעמט וואסער, זי האָט דערווייל די פערהונגערטע קינדער עפּעס עסען געגעבען... דעם אונגליקליכען מאן האָט זי עטוואס געלט געגעבען ער זאָל גלייך קענען עפּעס קויפען און פערגרינגערן זייער שרעקליכע לאגע...

די גאנצע נאכט איז רחל געווען מיט דער קינפּעטאָרין און געהאָלפען מיט אלעם וואס זי האָט געקענט.

דער אונגליקליכער מאן האָט קיין ווערטער נישט געהאט מיט וואס צו בעדאנקען רחל׳ן און עקיבא׳ן.

— איהר האָט יעצט געראטעט זעקס נפשות פון זיכערען טויט — און איין גאט קען אייך נאָר בעלוינען פאר דעם — האָט ער געזאגט מיט טרעהרען.

רחל האָט איהם אפּגעגעבען די עטליכע שקלים, איהר גאנצען פערמעגען, וואָס זי האָט אפּגעשפּארט כדי זי זאָל קענען אוועקשיקען עקיבא׳ן צו לערנען.

— נעם דאס געלד — האָט זי געזאגט צו דעם מאן — און קויף פאר דיין פאמיליע אלעם וואס דו ברויכסט, ביי טאג וועל איך נאך דא ווידער קומען.

— אה, ניין גנעדיגע פרוי — האָט זיך דער מאָן אפּגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען — ווי אזוי קען איך נעמען פון דיר אזוי פיעל געלט, ווען דו אליין ביזט אָרים. און דו האָסט שוין אזוי אויך געטהאָן גענוג גוטעס פאר מיר און מיין פאמיליע.

— נעם דאָס געלט — האָט איהם רחל געזאגט — אם ירצה השם, ווען דו וועסט האבען וועסטו מיר עס צוריק אפּגעבען...

צופריעדענע .און גליקליכע דאָס זיי איז געלונגען צו העלפען די אומגליקליכע פאמיליע אין אזא שרעקליכען נויט, זיינען רחל און עקיבא אוועק צו זיך

אהיים. און כאטש זיי האבען שוין נישט קיין שטרוי אויף וואס צו שלאפען. איז דאך זייער שלאף געווען זיס און אנגענעם... זיי זיינען גליקליך דאס זיי האבען א גאנצע אומגליקליכע פאמיליע גליקליך געמאכט...

## צוויי און צוואנציגסטער קאפיטעל

# נישט געלונגען

אויף מארגען ווען עקיבא, ווי זיין שטייגער, איז געקומען אויף דעם מארק מיט זיין בינטעל האלץ, איז צו איהם גלייך צוגעקומען תנחום און זיך צו איהם אפגערופען.

— ווי איך זעה עקיבא ארבייטסטו זעהר שווער! יא, עס איז זעהר ביטער אז מען איז ארים... אט שלעפסטו יעדען פריהמארגען אזא שווערע משא, דוא הארעוועסט און ווערסט פערפינסטערט און אלץ צוליעב דעם שטיקעל ברויט...

— יעדער מענש איז בעשאפען געווארען צו ארבייטען — האט איהם עקיבא געענטפערט — ארבייט מאכט אונזער לעבען זיס און אינטערעסאנט... און ווע־מען גאט גיט געזונט דארף זיך שעצען העכסט גליקליך צו ארבייטען.

— יע, מיין פריינד, — האט תנחום געזאגט — יעדער מענש דארף אר־בייטען לויט זיינע כוחות. שלעכט אבער איז ווען דער מענש איז געצוואונגען צו אהבייטען אריבער זיין כח... עס איז זעהר ביטער ווען א מענש דארף טהאן די ארבייט פון א פערד... נעהם דיר, למשל, יעדען פריה מארגען שלעפסטו אויף דיינע פלייצעס אזא שווערע משא, דו ווערסט אפגעגאסען מיט שוויים איידער דו ברייגנסט די האלץ אהער, אין מארק און דערנאך שטעהסטו שטונדען לאנג, ברענסט זיך אויף דער גליהענדער זון, און ווארטסט ביז וואנען איינער וועט זיך מרחם זיין און פון דיר אפקויפען דאס ביסעל האלץ פאר עטליכע פרוטות...

— נו, וואס קען מען העלפען, תנחום — האט עקיבא געענטפערט — פרנסה! וואס טוט דער מענש נישט צוליעב פרנסה... מיר איז נעכטען ביינאכט אויסגעקומען בייצוואוהנען אן אמת'ע טראגעדיע: א קראנקער און שוואכער מאן, מיט א פרוי וואס איז געגאנגען צו קינד און מיט דריי קליינע קינדער, וועל־כע זיינען געווען פערחל'שט פון הונגער. דער אומגליקליכער פאטער איז דעם גאנצען טאג ארומגעגאנגען זוכען ארבייט און נישט געקענט געפינען... זעהסטו, נאך ערגער איז ווען מען זוכט ארבייט און מען קען נישט געפינען...

— אזעלכע ארבייט ווי דו טהוסט, מיין פריינד, קען יעדער געפינען... יע־דער וואלט געקענט געהן אין וואלד, אנהאקען האלץ און דערנאך עס פערקויפען אין מארק... אבער נישט יעדער איינער וויל אזוי שווער ארבייטען... ניין, לאנג קען קיין מענש אזוי נישט הארעווען... סוף כל סוף וועט ער מוזען פאלען אונטער דער משא...

— אבער וואס קען איך טהאן — האט עקיבא אומעטיג געזאגט — קיין אנדערע גרינגערע ארבייט קען איך נישט געפינען, דאנק איך גאט וואס ער שיקט מיר צו א קונה יעדען מאל, און די עטליכע פרוטות האב איך גענוג אויף ברויט.

— אבער ווי איך ווייס, האסטו פריהער גארנישט שווער געארבייט, — האט איהם תנחום געזאגט — דו ביזט געווען א פאסטוך ביי דעם רייכען כלבא שבוע'ן, דו האסט געהאט פון אלדאס גוטס. דיר האט ביי איהם גארנישט

נעפעהלט, און יעצט דארפסטו זיך אזוי פלאגען... צו וואס האסט עס געדארפט? פאר וואס האסטו גענומען און אונגליקליך געמאכט זיך און רחל'ען.

—ניין, תנחום, דו מאכסט א טעות — האט עקיבא געשמייכעלט — נישט אומגליקליך, נאר גליקליך זיינען מיר ביידע, איך און מיין ליעבע רחל!...

— אז אך און וועה איז צו אזא גליק! — האט תנחום געגלעט זיין לאנגע רויטע בארד — ביידע לעבען אין ארימקייט און אין דחקות, הארעוועט ווי א פערד און ער רופט עס נאך גליק!... פאלג מיר עקיבא עס איז נאך יעצט נישט צו שפעט... דו קענסט נאך אלץ רעכט מאכען...

— וואס מיינסטו ?! — האט איהם עקיבא אנגעקוקט ערשטוינט.

— איך מיין גאנץ איינפאך — האט זיך תנחום דערנעהענטערט צו איהם — דו קענסט דיין לאגע יעצט א סך פערבעסערען ווען ע... ווען דו וועסט אויפ־געבען רחל'ן!...

— אויפגעבען רחל'ן!! איז עקיבא אויפגעשפרונגען פון זיין פלאץ — ווייסטו נישט אז רחל איז מיין ליעבענדע און געטרייע פרוי!...

— יע, איך ווייס עס גאנץ גוט — האט תנחום קאלט געענטפערט — אבער דערצו איז דא א מיטעל, דו גיסט איהר א גט!...

— א גט! — האט עקיבא אויסגעשריען מיט האס און פעראכטונג צו תנחום'ן —— ווי וואגסטו עס אזוי צו רעדען צו מיר!...

— בערוהיג זיך, עקיבא — האט תנחום געלאסען פארטגעזעצט — כלבא שבוע וועט דיר געבען פופציג טויזענד שקלים, ווען דו בעפרייסט רחל'ן, פער־שטעהסטו, פופציג טויזענד שקלים! דו וועסט דאך רייך ווערען און נאך קענען גליקליך זיין! פערשטעהסטו מיך מיט אזוי פיעל געלט קענסטו חתונה האבען מיט א בעל הביתי'שע מיידעל, מיט איינער וועלכע איז דיין גלייכען, אט נעהם צום ביישפיעל מיין עלטערע טאכטער, זי איז א מיידעל מיט אלע מעלות, איהר איינציגער חסרון איז וואס איהר פאטער איז נישט קיין רייכער... אבער ווען דו קריעגסט אזא גרויסע סומע ווי פופציג טויזענד שקלים און אז זי וועט דיר געפעלען קענט איהר דאך ביידע גליקליך זיין, איהר וועט זיך לעבען אין עושר און אין כבוד!...

— דו מוזט זיין בערוישט פון וויין, אדער דו ביזט פון זינען ארויסגעטער... — האט איהם עקיבא געזאגט מיט צארן.

— איך בין נישט שכור, און נישט חסר דעה — האט איהם תנחום געענט־פערט — איך רעד צו דיר פון מיין אייגענער ערפאהרונג... ווען איך בין יונג גע־ווען בין איך געוועזן שטארק פערליעבט אין מיין יעצטיגער פלונית'טע און זיא האט מיר אויך זעהר פיעל געליעבט, אבער ווען מיר האבען חתונה געהאט און דער דלות האט זיך ביי מיר אין הויז באזעצט, האט ער מיט געוואלט די ליעבע פון אונז פערטריבען, און זינט דאן, האב איך נאך פון קיין איין גליקליכען טאג געוואוסט... ביי מיין פלונית'טע איז רעכט פון גרוים ליעבע צו מיר, אויסצופלי־קען א שטיק פון מיין בארד, אדער וואהפען מיר עפעס אין קאפ, ווען איך ברייננ אין הויז נישט קיין געלט... יעצט זעהסטו שוין אז אהן געלט קען זיך קיין ליעבע לאנג נישט האלטען, און אז גאט שיקט דיר צו אזא געלעגענהייט, און דו קענסט פלוצלונג רייך ווערען... א קלייניגקייט! פופציג טויזענד שקלים!!

— דאס האָט דיר כלבא שבוע צו מיר געשיקט ? — האָט איהם עקיבא געפרעגט מיט שפאט.

— נו, געוויס ! איך וואלט דיר אזא גרויסע סומע געלט נישט געקענט אנבאטען אהן זיין צושטימונג...

— אויב אזוי גיב איהם איבער וואס שלמה המלך האָט געזאגט אין זיין שיר השירים: "אם יתן איש את כל הון ביתו באהבה בוז יבוזו לו". (ווען א מאן זאָל אוועקגעבען זיין גאנצען פארמעגען פאר ליעבע, וועט מען איהם אויסלאכען...)

— אזוי גאר ! ביזטו שוין אויך געווארען א למדן — האָט תנחום געקייט זיין בארד — וואס אבער האָסטו צו רחל'ן ! פאר וואס האָסטו איהר אזוי אומ־גליקליך געמאכט... זי האָט געלעבט אין אזא רייכקייט, אין אזא לוקסוס ! זיא האָט געהאט אלעס וואס איהר הארץ האָט געלוסט, נעמסטו, דו אומוויסענדער ארעמער פאסטוך, און רייסט איהר אפ פון איהר פאטער, פון איהר היים, פון אזא רייכען און גליקליכען לעבען און דו מאכסט איהר פאר דיין דיענסט... מיינסטו אז אין שטאדט וויים מען נישט, אז רחל ארבייט טאג און נאכט פאר דיר ! וואס וועט פון די איידעלע און צארטע רחל ווערען ?... זי איז דאך נישט געוואוינט צו אזא עלענדען טרויעריגען לעבען ! דו האָסט איהר דעם קאפ פער־דרעהט ! דו האָסט אודאי געמיינט דאס מיט רחל'ן וועסטו אויך קריגען רייכטום, אבער ניין ! כלבא שבוע וועט זיין ווארט נישט בייטען, און בפרט ווען ער האָט זיך געשוואָרען... זיי וויסען, דעריבער, אז כל זמן רחל איז דיין ווייב, וועט איהר ביידע פון איהם גארנישט קריגען, נישט דו און נישט רחל... יעצט מוזטו רחמנות האָבען אויף רחל'ן... זי האָט שוין גענוג געליטען צוליעב איהר לייכטזיניגקייט, און אויב דו האָסט איהר אויף אן אמת'ן ליעב דארפסטו זעהן וואס פריהער איהר צו בעפרייען... ווען דו וועסט איהר אפ'גט'ן וועסטו נישט נאר צוריקקעה־רען איהר פערלארענעם גליק, אבער דו וועסט זיך אליין אויך גליקליך מאכען... פאלג מיר, עקיבא, דו וועסט קיין חרטה נישט האָבען... דו וועסט זיין צופריעדען, כלבא שבוע וועט געוויס צופריעדען זיין און איך אויך...

— תנחום ! תנחום ! — האָט עקיבא אויסגעשריען — אומזיסט פער־דארבסטו דיינע ווערטער — געה זוך דיר אנאנדער מקור פאר פרנסה און רעדט זיך נישט איין קיין פוסטע רייד. אונזער ביידענס גליק איז אונזער ליעבע. געלד קען אונז נישט גליקליך מאכען. און אָט האָט מיין גוטהארציגע און גע־טרייע רחל אפגעגעבען איהרע לעצטע עטליכע שקלים, וואס זי האָט אפגע־שפארט, צו אן אומגליקליכע און נויטווענדיגע פאמיליע. געלט שפיעלט קיין ראלע נישט ביי אונז, דעריבער, תנחום, געה זיך דיר דיין וועג און שלאג זיך ארויס די געדאנקען פון דיין קאפ, ווייל דו וועסט דיין ציעל נישט דערגרייכען !...

— דו עם הארץ, דו כפוי טובה'ניק ! — האָט זיך תנחום אויף איהם צע־שריען אין מיטען מארק — אזוי טוסטו אפ דיין האר וועלכער האָט דיר אזוי פיעל גוטעס געטהאן. ער האָט דיר פון א זיכערען טויט אויסגעלייזט, ער האָט דיר געגעבען עסען און טרינקען, ער האָט דיר געגעבען א בעקוועמע היים צו שלאפען און יעצט ביזטו געקומען און איהם אזוי בעצאהלט... דו האָסט פון איהם אוועקגערויבט זיין גליק, זיין לעצטע ביסעלע נחת אויף זיינע עלטערע יאהרען... ווי האָסטו גאר געוואגט צו טהאָן אזא זאך ! ווער ביזטו, דו ארימער אומוויסענ־

דער פאסטוך, ווי אזוי האסטו פערפיהרט כלבא שבוע'ס בת יחידה, די שעהנסטע, קלוגסטע און רייכסטע מיידעל אין ארץ ישראל ? !...

עקיבא האט זיך פון איהם אפגעקעהרט מיט פעראכטונג, ער האט איהם מעהר גארנישט געענטפערט... ער האט אויפגעהויבען זיין בינטעל האלץ און מיט די אויגען געזוכט א קונה...

תנחום, אבער, האט איהם נישט אפגעלאזען, ער האט נישט געוואלט צולא־זען דעם געדאנק דאס ער וועט מיט עקיבא'ן גארנישט מאכען. ער איז געווען אזוי זיכער אז אט באלד, באלד וועט ער אויפגעריכט ווערען... צופיעל האט ער אויף דעם געבויט... און וואס וועט זיין פלונית'טע יעצט זאגען ווען פון אלע זיינע פערזיכערונגען וועט זיך אויסלאזען א בוידעם... וואס וועט ווערען פון זיינע פינף בתולות ? ביז ווי לאנג וועלען זיי זיצען און ווארטען ?...

— יעצט הער זיך איין, עקיבא, — האט זיך תנחום אפגערופען מיט כעס — אויב דו וועסט נישט אויפגעבען רחל'ן — דאן וועסטו איבערגעגעבען ווערען אין די הענט פון סעיאנוס בורוס'ן... דיין גאנצען לעבען וועסטו אפפינסטערען אין געפענגנים, ווייל מיין נישט אז יוליוס ווערנוס האט פערגעסען די שאנדע וואס דו האסט איהם אפגעטהאן פאר די אויגען פון זיינע גוטע פריינד, די רוי־מער... איך וועל גלייך זאגען כלבא שבוע'ן ער זאל אפנעהמען די אויסלייז געלט פון יוליוס ווערנוס'ן, וואס ער האט גענומען אום דיר נישט איבערצוגעבען אין די רוימישע הענט... איך בין דיר מתרה און מודיע דאס אויב דו וועכסט אין דריי טעג ארום רחל'ן נישט געבען קיין גט, דאן וועסטו זיין א פערפאלענער און דיין בלוט וועט פאלען אויף דיין אייגענע קאפ...

א קונה איז צוגעגאנגען צו עקיבא'ן און געוואלט אפקויפען ביי איהם דעם בינטעל האלץ.

— קויף נישט פון איהם — האט תנחום געווארענט דעם קונה — כלבא שבוע וועט קיינעם נישט מוחל זיין ווער עס וועט מיט איהם האנדלען.

עקיבא איז אזוי געשטאנען מיט דעם בינטעל האלץ א האלבען טאג און תנחום האט קיינעם נישט דערלאזען עס פון איהם צו קויפען...

ווען עס איז שוין געווארען שפעט און עקיבא האט מורא געהאט דאס ער וועט פערשפעטיגען צו קומען אין בית המדרש צו לערנען תורה, האט עקיבא ארויפגעטהאן דאס האלץ אויף זיין פלייצע און ער איז אוועקגעגאנגען אהיים, צו זיין פרוי רחל.

ער האט זיך געפיהלט בעליידיגט און נידערשלאגען, אויף'ן הארצען איז איהם געווען אומעטיג...

— נאך אלעמען — האט ער זיך געטראכט — איז דאך תנחום גערעכט, ער האט אוועקגענומען די שעהנע און קלוגע רחל'ן פון איהר רייכען פאטער, וואו זי איז געווען אזוי גליקליך, און האט געהאט פון אל דאס גוטס... און יעצט דארף די איידעלע און צערטליכע רחל ארבייטען אזוי שווער... זי שטעהט אויף גאנץ פריה און ארבייט ביז שפעט באנאכט... א צו גרויסען קרבן ברייננגט זי פאר איהם, זיין ליעבע רחל !... וועט ער דען ווען עס איז ווערט זיין איהר אונגעהויער גרויסע ליעבע צו איהם ?... ער פיהלט זיך גליקליך דאס ער האט געקראגען אזא טייערען רבי'ן ווי רבי נחום איש גם זו. ער איז, דורך אזא קורצע צייט, שוין קלאר אין גאנץ תנ"ד. גאר אין גיכען וועט ער אנפאנגען צו לערנען הלכה... יע,

ער פיהלט ביי זיך דאס ער שטייגט אין לערנען, העכער און העכער... זאל ע־ נאר האבען די מעגליכקייט צו מפרנס זיין רחל'ן און זיך... זי וועט נאר אין גיכען קענען זיין שטאלץ מיט איהם... ער וועט זעהן דאס איהרע חלומות וועגען א'הם זאלען פערווירקליכט ווערען...

---

דעם גאנצען פריהמארגען האט רחל געארבייט ביי דעם שפינראד און ווען זי איז פארטיג געווארען מיט איהר ארבייט, האט זי עס אוועקגעטראגען צו ־עם אייגענטהימער וועלכער האט איהר בעצאהלט א האלבען שקל.

רחל האט גענומען דעם האלבען שקל און האט געקויפט ווייסען ברויט און גרינסען און פאר דאס איבעריגע געלט האט זי געקויפט לייווענטענע וויקעלעך און עס געבראכט צו דער קינדפעטארין אין שייער.

די ארעמע פאמיליע האט זיך שטארק דערפרעהט מיט רחל'ס קומען... די הונגעריגע קינדער זיינען באלד זאט געווארען, און אפילו דאס נאר וואס געבארענע קינד, וואס האט די גאנצע צייט געשריען, איז יעצט אויך שטיל געווארען...

רחל האט זיך גענומען בעשעפטיגען מיט דער קימפעטארין, זי האט פאר איהר א געקעכץ געקאכט. דאס עופ'עלע האט זי אפגעבאדען און איהם נאכהער איינגעוויקעלט אין דעם נייעם לייווענט וואס זי האט געבראכט.

די ארימע אומגליקליכע פאמיליע האט אויף רחל'ן געקוקט ווי אויף א מלאך מושיע; זיי האבען קיין ווערטער נישט געהאט אויסצודריקען זייער דאנקבארקייט צו איהר.

— ווען וועל איך זיין אימשטאנד דיר אפצוצאהלען פאר דעם גרויסען חסד וואס דו האסט געטהאן מיט מיר, מיט מיין פרוי און קינדער — האט דער שוואכער און אומגליקליכער מאן געזאגט — איך וועל טאג און נאכט בעטען גאט ער זאל דיר צושיקען גליק און לעבען, ווי דו האסט עס צו אונז געטהאן.

---

ווען עקיבא איז צו זיך אהיים געקומען, האט ער דארטען רחל'ן נישט געטראפען; ער האט באלד פארשטאנען אז רחל איז ביי דער פעראָרימטער אומגליקליכער פאמיליע. ער איז געוועזן זעהר צופריעדען דערפון, ווייל ער האט נישט געוואלט דאס רחל זאל איהם טרעפען מיט אזא טרויעריגען געמיטה. ער וואלט דאך איהר געמוזט אלעס ערצעהלען וואס עס איז פארגעקומען צווישען איהם און תנחום'ן. און ער ווייס אז דאס וואלט איהר פערשאפט פיעל עגמת נפש און צער...

עקיבא האט געפונען דאס עסען וואס רחל האט פאר איהם איבערגעלאזען, ער האט אפגעגעסען, און גלייך אין בית המדרש אוועק.

אלע טרויעריגע מחשבות זיינען פון עקיבא'ן פערשוואונדען ווען ער איז געזעסען אין בית המדרש און געלערנט. מיט דעם לערנען איז ביי עקיבא'ן געוואקסען און פערשטארקט געווארען זיינע גייסטיגע כחות, ברייט זיינען געווארען זיינע געדאנקען, שארף איז געווארען זיין מח... ווי ערשטוינט איז געווארען זיין רבי, נחום איש גמזו, צו זעהן דאס זיין תלמיד עקיבא האט נאך אזא קורצע צייט לערנען, אזוי פיעל דערגרייכט. ווי גרינדליך ער פערשטעהט די הייליגע תורה.

איינער פון עקיבא'ס בעסטע חברים איז געווען רבי נחום איש גם זו'ס א צווייטער תלמיד, ישמעאל בן אלישע.

נאך זעהר יונג איז ישמעאל געווען, אבער ער האט שוין דורכגעמאכט זעהר פיעל צרות און ליידען. ער האט געשטאמט פון די משפחה פון די כהנים גדולים אין ירושלים, צעהן יאהר איז ער אלט געווען, ווען די רוימער האבען חרוב גע־מאכט ירושלים און פערברענט דעם בית המקדש. זיין גאנצע פאמיליע איז אויסגעשלאכטעט געווארען ביי די רוימער. ישמעאל איז געווען א זעהר שעהן אינגעל; זיינע אויגען האבען ווי בריליאנטען געלויכטען און זיין פנים — ווי די ליכטינע זון. זיין שעהנע קאפ געקרייזעלטע האר, האבען צו זיך צוגעצויגען יעדען אייגעם ווער עס האט איהם געזעהן. ווען א רוימישער אפיציער האט איהם דערזעהן, האט ער נישט דערלאזען זיינע חילות איהם צו דערהרג'נען... ער האט איהם גענומען מיט זיך אין רוים, און איהם אריינגעבראכט אין זיין הויז.

דער יונגער אינגעל, ישמעאל וועלכער האט מיט זיינע אויגען צוגעזעהן דעם שרעקליכסטען חורבן פון זיין פאלק, וועלכער האט אליין בייגעוואוינט דיא טרויעריגע און טראגישע ענדע פון זיינע עלטערען, פון זיינע ברידער און שוועס־טער, האט פיעל, זעהר פיעל געיאמערט נאך דעם גרויסען בראך און אומגליק וואס האט געטראפען זיין פאלק און זיין לאנד...

טאג ווי נאכט, האט ער געקלאגט און געוויינט. קיינער האט דעם אונגליקליכען אינגעל נישט געקענט איינשטילען. דער רוימישער אפיציר און זיין פרוי זיינען געשטערט געווארען פון זייער שלאף ווען ישמעאל פלעגט אזוי הארצרייסעד יאמערען און קלאגען באנאכט... נישט מיט בייזען און נים מיט גוטען, האט דער אפיציער געקענט פועל'ן ביי ישמעאל'ן ער זאל אויפהערען צו קלאגען... אוז איינמאל, ווען דער אפיציער און זיין פרוי האבען די גאנצע נאכט נישט געקענט שלאפען צוליעב זיין קלאגען און יאמערען, איז דער אפיציער אויף איהם שטארק אין כעס געווארען און איהם אריינגעזעצט אין געפענגניס...

וואכען און חדשים איז דער אינגעל ישמעאל געזעסען אין געפענגניס. דאר־טען האט ער געקענט וויינען און קלאגען אונגעשטערט, ווייל קיינער האט זיך אויף איהם נישט אומגעקוקט...

עס האט זיך גראדע דאן געמאכט, אז רבי יהושע בן חנניה איז געקומען נאך רוים, זיך משתדל זיין צו פערגרינגערען די גזרות וואס די רוימער האבען ארויפגעלעגט אויף די אידען. ווען ער איז איינמאל פארבייגעגאנגען דעם גע־פענגניס האט ער דערהערט דעם שרעקליכען יאמער פון ישמעאל'ן. ער האט נעפרעגט די בעאמטע פון געפענגניס וועגען דעם, און זיי האבען דערצעהלט וועגען דעם יונגען אידישען געפאנגענעם. ר' יהושע האט זיי געבעטען איהם צו ערלויבען זיך צו זעהן מיט דעם אינגעל.

די בעאמטע האבען איהם אריינגעפיהרט אין דעם קאמער וואו ישמעאל איז געווען. פון די ליכט וואס האט אריינגעשטראמט אין דעם פינסטערען חדר, ווען מען האט די טיהר געעפענט. האט ר' יהושע בעמערקט די שעהנקייט פון דעם אידישען אינגעל.

— פאר וואס טרויערסטו, מיין קינד? פאר וואס זיינען דיינע געוויינען

און יאמערען אזוי הארצרייסענד און שרעקליך ? פייניגען דיר דען די שומרים פון געפענגנים ?

— ווי זאל איך נישט טרויערען און ווי זאל איך נישט קלאגען אויף דעם גרויסען בראך פון אונזער פאלק. ווי זאל איך נישט וויינען אז אונזערע שונאים טרעטען אונז מיט די פיס. פערוויסטעט האבען זיי אונזער לאנד, פערברענט אונזער בית המקדש און יעצט זיינען מיר געפאנגען...

ר׳ יהושע בן חנניה האט איהם געפרעגט מיט א פסוק פון דעם נביא: "מי נתן למשסה יעקב, ישראל לבוזזים?" (ווער האט איבערגעגעבען יעקב׳ן צו פלינדערער, און ישראל צו רויבער ?)

און דער יונגער געפאנגענער האט איהם מיט טרויער געענטפערט מיט׳ן צווייטען פסוק פון נביא: "הלא ה׳ חטאנו לו, ולא אבו בדרכיו הלוך". (דאס איז גאט צו וועמען מיר האבען געזינדיגט און נישט געוואלט געהן אין זיינע וועגען).

— איך בין זיכער מיין זוהן, — האט איהם רבי יהושע געזאגט — אז דו וועסט אמאל זיין א גרויסער מאן ביי אידען. זאג דאך מיר, מיין קינד, דיין נאמען און פון וואנען קומסטו ?

— מיין נאמען איז ישמעאל בן אלישע; מיין פאטער איז געוועזן דער כהן גדול נאך פאר דעם חורבן פון אונזער בית המקדש. יעצט איז מיין גאנצע פא־מיליע טויט... די רוימער, די אכזרים, האבען פאר מיינע אויגען מיינע עלטערען, מיינע ברידער און שוועסטער געטויטעט, און מיר האבען זיי גענומען געפאנגען. הלואי אבער וואלטען זיי מיר אויך געטויטעט, ווייל איידער אזא לעבען איז שוין גלייכער דער טויט...

ר׳ יהושע איז גערירט געווארען פון דעם צעהן יעהריגען אינגעל׳ס ווערטע־.

— זארג נישט, מיין קינד, האט ער איהם געטרייסט — דער עוויגער וועט דיר פון דיין געפענגנים בעפרייען, און נאך דיר צוריקקעהרען אין די לאנד פון דיינע אבות.

ר׳ יהושע האט נישט גערוהט ביז וואנען ער האט געקראגען די נויטיגע סומע אויסלייז געלט, און אויסגעלייזט דעם יונגען ישמעאל. ווען ער האט זיך צוריקגעקעהרט נאך ארץ ישראל, האט ער דעם אינגעל מיטגענומען און איהם געבראכט צו ר׳ נחום איש גם זו ער זאל מיט איהם לערנען די הייליגע תורה.

עטליכע יאהר האט ישמעאל געלערענט ביי ר׳ נחום׳ן, ביז וואנען ער איז געווארען איינער פון זיינע בעסטע תלמידים.

ווען עקיבא איז אנגעקומען אין בית המדרש, און האט אויך ארויסגעצייגט אויסערגעוועהנליכע פעהיגקייטען האט איהם ר׳ נחום צונויפגע׳חבר׳ט מיט ישמעאל׳ן. אזוי האבען ביידע, עקיבא און ישמעל געלערענט צוזאמען. ביז שפעט ביינאכט פלעגען ביידע זיצען אין בית המדרש און זיך מפלפל זיין אין הלכה...

---

ווען תנחום האט געזעהן אז זיין פערזוך איבערצורייידען עקיבא׳ן אפצו׳גט׳ן רחל׳ן האט זיך אויסגעלאזען מיט גארנישט, איז ער ביי זיך נאך נישט געפאלען: ער וועט אזא גלענצענדע געלעגענהייט אזוי גיך נישט אויפגעבען . . . ער וועט

זיך נאָך היינט זעהן מיט רחל'ן און וועט זיך מיט איהר דורכריידען. ער ווייס אז אין אבענד איז עקיבא אין דער היים ניטא, וועט איהם נישט שווער זיין מיט איהר צו ריידען.

תנחום איז פונדעסטוועגען געווען שטארק בעזאָרגט וואָס איהם איז נישט געלונגען צו קריגען עקיבא'ס צושטימונג, און אהיים קומענדיג, ווען זיין ווייב האָט איהם בעגעגענט מיט די פראגע: ״נו וואָס הערט זיך?״, האָט תנחום זיך נישט פאַרלאָרען און געענטפערט מיט א פרעהליכע מינע:

— ביי עקיבא'ן האָב איך שוין גע'פועל'ט. יעצט דאַרף איך נאָך אוועקגעהן און איבערריידען מיט רחל'ן און אלעס וועט רעכט ווערען, פערשטעהסטו מיר, עקיבא וועט קריגען פופציג טויזענט שקלים דערפאר . . . א קלייניגקייט אזא גרויסע סומע געלט, ער וועט דאָך רייך ווערען! . . .

— וואָס איז דאָס אזוי די שמחה מיט דיר אויב עקיבא וועט רייך ווערען? — האָט זיך זיין ווייב אָפּגערופען.

— עס איז שוין גאָר א גרויסע שמחה! — האָט תנחום געגלעט זיין באָרד, — ערשטענס, וועל איך אליין אויך קריגען אזא סומע געלט פאר מיין טרחה און צווייטענס ווען עקיבא וועט רייך ווערען, וועט ער דאן זיין א פאַסענדער מאַן פאר אונזער עלטערע טאָכטער.

— פון וואַנען ווייסטו, דאָס ער וועט דערצו אויך איינשטימען? — האָט זי איהם געפרעגט.

— וואָס מיינסטו — האָט איהר תנחום געענטפערט, — אז איך האָב מיט איהם וועגען דעם נישט גערעדט? . . . נו, אויב אזוי קענסטו נאָך גאָר נישט דיין מאַן! איך האָב מיט איהם וועגען דעם גערעדט און ער האָט שוין כמעט ווי איינגעשטימט . . .

— איינגעשטימט! — האָט זי אויסגערופען מיט א שטראַהלענדען פּנים — איז דאָס מעגליך דאָס עקיבא זאָל וועלען א שדוך טהאָן מיט אונזער עלטערע טאָכטער, זאָג דאָך מיר, תנחום איז דאָס טאַקע אמת?

—— האָט דיר דען דיין תנחום ווען עס איז געזאָגט א ליגען? — האָט ער געזאָגט מיט א געמאַכטען כעס.

א—יך ווייס? עס גלויבט זיך מיר קוים אזא גליק, ער זאָל אויפגעבען די שעהנע און קלוגע רחל און וועלען . . .

— און ווער מיינסטו איז עקיבא? — האָט איהר תנחום אונטערבראָכען

— ער איז דאָך אן אונגעוויסענדער פּאסטוך! דעם אמת זאָגענדיג, האָב איך זיך פריהער גאָר אליין געקוויינקעלט . . . עס איז מיר נישט אנגעשטאַנען זיך משדך צו זיין מיט אזא עם הארץ, נאָר אזוי ווי ער וועט רייך ווערען, און דערצו האָב איך געהערט האָט ער זיך עפּעס אויסגעלערנט זינט ער געהט אין בית המדרש, האָב איך דערצו איינגעשטימט . . .

— וואָס רעדסטו, תנחום, דו האָסט נאָך געקוויינקעלט! עקיבא איז דאָך אזא שעהנער יונג, אַלע אין שטאָדט וואָלטען דאָך אונז מקנא געווען . . .

— נו, זעהסט דאָך אז דאָס איז אזוי בעשערט . . . גיב מיר דערווייל צו עסען, ווייל איך איל זיך אוועקצוגעהן צו רחל'ן, איך דאַרף נאָר ביי איהר פּועל'ן און דאן וועלען מיר שוין זיין בעזאָרגט . . .

עס האָט שוין אָנגעפאַנגען טונקעל צו ווערן ווען תנחום איז אָוועקגעגאַנ־גען צו רחל׳ן. פון איהר האָט ער געטראַכט, וועט ער מיט לײדיגען נישט אַוועקגעהן, ער דאַרף נאָר וויסען ווי אַזוי מיט איהר צו רײדען.

רחל איז געזעסען ביי דעם שפינראָד און געשפּינט. זי האָט געהערט א קלאַפּ אין טיהר און איז בּעגאַנגען עפענען.

— א גוטען אָבּענד, רחל, — האָט תנחום איהר בּעגריסט ווען ער איז אַריין אין הויז.

רחל האָט איהם אָנגעקוקט ערשטוינט. זי האָט תנחום׳ן געקענט און פון איהם פערשידענע זאַכען געהערט, דעריבּער האָט זיין בּעזוך אויף איהר גע־מאַכט אַן איינדרוק געמישט פון נייגעריגקייט און זאָרג.

תנחום איז א ווײלע געשטאַנען און בּעטראַכט די אָרימע לײדיגע וואוינונג. ער האָט בּעמערקט דעם אַלטען צעבּראָכענעם טישעל, מיט די צוויי בּיינקלאַך וואָס זיינען געווען אָנגעלעהנט צום וואַנד זיי זאָלען נישט אומפאַלען... ער האָט א קוועטש געטהאָן מיט די פּלייצעס און א שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ...

רחל האָט עס בּעמערקט... זי האָט יעצט פערשטאַנען צוליעב וואָס ער איז געקומען. אָבּער זי איז פול געוואָרען מיט שטאָלץ, און געווען געגרייט צו הערען וואָס ער האָט צו זאָגען.

— זעץ זיך, תנחום, — האָט איהם רחל געזאָגט, אָנצייגענדיג אויף איינעם פון די בּיינקלאַך.

תנחום האָט זיך געזעצט; ער האָט דורכגעפיהרט זיינע פינגער דורך זיין לאַנגע רויטע בּאָרד, און דערנאָך זיך אָפּגערופען:

— דו ווייסט, רחל, איך קום דאָס יעצט פון דיין פאָטער׳ס הויז.

— פון מיין פאָטער! נו, זאָג דאָך מיר וואָס מאַכט ער און ווי פיהלט ער זיך....

— נישט אַמבּעסטען, רחל, ניין! אַי, אַי, אַי! שוין גאָרנישט דערזעלבּער כלבא שבוע!...

— וואָס? — האָט רחל געפרעגט א דערשראָקענע — איז ער חלילה נישט געזונד?...

— ער איז נישט קיין חולה, אָבּער ער האָט זיך אין די קורצע צייט א סך געעלטערט...

רחל האָט אַרונטערגעלאָזען איהר קאָפּ... איהר האַרץ האָט וועה געטהאָן פאַר איהר ליעבּען פאָטער... ווען זי זאָל נאָר קענען עפענען זיינע אויגען און איהם צייגען ווי אומגערעכט ער איז צו איהר מאַן, עקיבא. ווי נישט ריכטיג ער האָט איהר בּעהאַנדעלט, ווי פאַלש ער האָט געאורטיילט עקיבא׳ס ליעבּע צו איהר... ווען איהר פאָטער זאָל וויסען ווי העכסט גליקליך זי איז מיט עקיבא׳ן, דאַן וואָלט ער זיך אַזוי פיעל נישט מצער געווען... ווען ער זאָל נאָר וויסען אַז זיין פריהערדיגער אומוויסענדער פאַסטוך, לערענט יעצט אַזוי פלייסיג און האָט אין דעם משך פון אַזא קורצע צייט זעהר פיעל אויפגעטהאָן אין לער־נען, וואָלט אפשר זיין פערביטערונג קעגען עקיבא׳ן נישט געווען אַזוי שטאַרק...

ער וואָלט אַליין איינגעזעהן אַז עקיבא וועט נאָך אַמאָל ווערען איינער פון די גרעסטע מענשען ביי אידען, און וואָס וואָלט פערלייכטערט זיין זאָרג און עגמת נפש...

תנחום האָט בעמערקט רחל'ס טרויעריגען פנים. ער האָט געזעהן ווי זי שטעהט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ, און ער האָט דערפון געדרונגען אַז רחל האָט שוין חרטה אויף דעם גאַנצען ענין... יע, זי קען שוין מעהר נישט אַזוי בערטראָגען די שאַנדע און וועהטאָג וואָס איהר איילענדער שריט האָט איהר פערשאַפט... זי וועט זיך מוזען אונטערגעבען...

— נו, זאָג אַליין, רחל, האָסטו עס געדאַרפט? — האָט תנחום זיך צו איהר געווענדעט, — דו האָסט איבערגעלאָזען אַזאַ וואונדער שעהנע היים מיט דינסטען מיט אַלע לוקסוסען און ביזט געוואָרען אַ דינסט פאַר עקיבא דעם פאַסטוך!... אַלע אין שטאָדט ווייסען ווי שווער און ביטער דו אַרבייטסט פאַר איהם, פאַר דעם אומוויסענדען פערגרעבטען פאַסטוך!

— איך בעט דיר, תנחום — האָט זיך רחל אָפּגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען — דו קענסט רעדען צו מיר וואָס דו ווילסט, אָבער בעליידיג נישט דעם נאָמען פון מיין מאַן, עקיבא, ער איז מיר טייערער פון אַלעם אין דער וועלט, איך קען אַריבערטראָגען אַלע בעליידיגונגען וואָס זיינען געווענדעט צו מיר, אָבער ווען איינער רעדט אַ שלעכטען וואָרט אויף עקיבא'ן פערשאַפט עס מיר זעהר פיעל ליידען און שמערצען...

— ווער בעליידיגט איהם — האָט תנחום געענטפערט, — איך בעליידיג איהם נישט, איך זאָג נאָר דעם אמת!... זאָג מיר, רחל, האָט עקיבא דיר היינט גאָרנישט דערצעהלט וואָס איז פאָרגעקומען צווישען אונז ביידען היינטיגען פריהמאָרגען?

— וואָס איז עס אַזוינס פאָרגעקומען צווישען דיר מיט עקיבא'ן? — האָט רחל געפרעגט — איך האָב איהם נאָך היינט גאָרנישט געזעהן, ווייל איך בין ביז דאָ נישט לאַנג געווען פאַרנומען ביי אַן אָרימע פרוי וועלכע האָט לעצטע נאַכט געבאָרען אַ קינד.

— אַזוי גאָר, ווייסטו גאָרנישט, וואָס איך האָב מיט איהם גערעדט, און וואָס ער האָט מיר געזאָגט? אויב אַזוי מעגסטו זיך איינהערען: היינט אין דער פריה בעגעגען איך עקיבא'ן אין מאַרק מיט אַ שווערען פּעקעל האָלץ אויף זיינע פּלייצעס; ווען איך האָב איהם געפרעגט וואָס ער מאַכט, האָט ער זיך פאַר מיר בעקלאָגט דאָס ער אַרבייט זעהר שווער... ער האָט מיר געזאָגט אַז ער איז צו אַזעלכע שווערע אַרבייט נישט געוואוינט. ווען ער האָט געאַרבייט ביי דיין פאָטער האָט ער געהאַט פון אַלדאָס גוטס און די אַרבייט איז געווען אַ גרינגע... יעצט מוז ער שווער האָרעווען און קען קוים פערדינען אויף פרנסה. און ווען נישט דו, וואָס העלפסט אַרויס אַביסעל מיט דיינע פערדינסטען וואָלט ער געהונגערט. און ווען איך האָב איהם געפרעגט פאַר וואָס ער דערלאָזט דאָס דו, וועלכע איז נישט געוואוינט צו אַרבייטען, זאָל אַזוי שווער אַרבייטען, האָט ער מיר געזאָגט אַז ווען ער האָט מיט דיר חתונה געהאַט, האָט ער זיך קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט דאָס זיין לאַגע וועט זיין אַזאַ שווערע און דו וועסט זיין געצוואונגען איהם אַרויסצוהעלפען... ער האָט געגלויבט דאָס דיין פאָטער

וועט צו דיר אזוי שלעכט נישט זיין, און ווען ער וועט זעהן אז עס איז שוין פערפאלען, וועט ער זיין טאכטער נישט פערלאזען.

— און וואס דיינקסטו יעצט צו טהאן — האב איך איהם געפרעגט. און עקיבא האט מיר געענטפערט דאס ער וויס נישט, נאר איין זאך איז ער זיכער אז לאנג אויסהאלטען וועט ער נישט. "איך וועל פאלען אונטער די שווערע משא", האט ער געזאגט, "גיב מיר אן עצה, תנחום, וואס זאל איך טהאן?".

— די איינציגע זאך וואס דו קענסט טהאן — האב איך איהם געזאגט — איז זיך ארויסצודרעהען פון דעם פלאנטער.

— ווי אזוי? — האט ער מיר געפרעגט.

— כלבא שבוע — האב איך איהם געזאגט — האט זיך געשווארען אז כל זמן רחל וועט זיין דיין פרוי, זאל זי פון איהם גארנישט קריגען, ווען דו וועסט איהר אבער געבען גט, וועט דאן במילא בטל ווערען זיין שבועה, און רחל וועט קענען צוריק געהן צו איהר פאטער.

— וואס אבער וועט מיר דערפון ארויסקומען? — האט ער געזאגט — איך וועל בלייבען דער זעלבער ארימאן און קיין פלאץ וואו צו ארבייטען וועל איך אויך נישט האבען.

— איך וועל איבעררייִדען מיט כלבא שבוע און הערען וואס ער האט וועגען דעם צו זאגען — האב איך איהם געזאגט, און גלייך אוועק צו דיין פאטער. ווען איך האב כלבא שבוע'ן דערצעהלט וועגען דעם געשפּערך מיט עקיבא'ן, האט ער מיר געהייסען עקיבא'ן אנבאטען פופציג טויזענט שקלים, אויב ער וועט דיר געבען גט... איך האב דיזע תשובה גלייך געבראכט צו עקיבא'ן; ער איז געוועזען זעהר צופרידען פון דיין פאטער'ס אנבאט און ער האט מיר געהייסען זיך איבער-רייִדען מיט דיר און אויב דו וועסט מרוצה ווערען, דאן וועט איהר ביידע בע-פרייט ווערען פון אלע אייערע צרות...

רחל איז געבליבען שטעהן פארגליווערט, בעת מעשה איז איהר נישט איינגעפאלען אז תנחום האט דא געזאגט א שרעקליכען ליגען...

איהר האט גענומען שווינדלען אין די אויגען. דער קאפ האט זיך איהר גע-דרעהט.

— א, גאט, — האט זי געטראכט, — איז דאס מעגליך אז איהר ליעבער עקיבא זאל אזוי רעדען מיט תנחום'ן!... ער זאל איינשטימען צו נעהמען געלד... איז זיין ליעבע צו איהר אפגעקיהלט געווארען?...

גלייך אבער האט רחל'ן פארדראסען וואס זי האט גאר צוגעלאזען אזעלכע שרעקליכע געדאנקען וועגען איהר ליעבען מאן. זי זעהט דאך, אז דאס האט איהר פאטער איהם אהער געשיקט... זי פארשטעהט יעצט, אז דאס איז אן אפגעמאכטע זאך און תנחום זוכט א וועג ווי אזוי איהר אוועקצונעהמען פון עקיבא'ן...

— נו, רחל, וואס שווייגסטו, קום מיט מיר צוריק צו דיין פאטער. און עקיבא וועט שוין דיר דעם גט געבען. — האט תנחום געזאגט, אויפהויבענדיג זיך פון בייִנקעל, — דיין פאטער וועט דיר אויפנעהמען מיט אפענע ארעמס. עקיבא וועט קריגען זיין געלד ווי נאר ער וועט דיר גט'ן.

רחל איז געווארען אויפגערעגט. דאס בלוט איז איהר אין פנים ארײַן.

זי איז אויף תנחום'ן שטארק אין כעס געווארען. אבער די גוטע איידעלע רחל האט זיך בעהערשט און מיט גלאסענקייט זיך אפגערופען:

— תנחום, געה זיך דיר דיין וועג, און זאל דיר דער באשעפער מוחל זיין פאר דיינע ליגענס וואס דו האסט געזאגט. זיי וויסען אז דיין גאנצע טרחה איז אומזיסט, ווייל קיין זאך אין דער וועלט וועט אונז נישט צושיידען...

— קיין זאך אין דער וועלט,—האט תנחום איהרע ווערטער ווידערהאלט,— ווי אבער אז עקיבא האט דיר שוין אויפגעהערט צו ליעבען... ער איז מיעד און זיינע כחות זיינען ערשעפט... ביז ווי לאנג גלויבסטו וועט ער עס קענען אויסהאלטען. שפעטער אדער פריהער וועט ער דאך פאלען אונטער זיין שווער־רען לאסט און דאן וועט דאך געוויס זיין ליעבע צו דיר אפגעשוואכט ווערען און פיעלייכט וועט ער דיר אין גאנצען אויפהערען צו ליעבען...

— אפילו דאן ווען ער וועט מיר אויפהערען צו ליעבען וועל איך איהם נאך אויך ליעבען אזוי שטארק ווי יעצט, — האט רחל געענטפערט, — עקיבא איז ביי מיר טהייערער פון מיין אייגענעם לעבען און וואס עס זאל נישט פאסי־רען וועל איך איהם ליעבען מיט מיין לייב און לעבען... יעצט זעהסטו, תנחום, אז דיין מיה איז ארויסגעווארפען, דו פערדארבסט דיינע ווערטער אומזיסט... געה דאך דיר אהיים, איך בעט דיך, און לאז מיך צורוה...

— איז דער אומוויסענדער פאסטוך־יונג ביי דיר טהייערער און ליעבער ווי דיין אייגענער פאטער, — האט תנחום מיט פארצווייפלונג אויסגעשריען, — זעהסטו נישט וויפיעל קרענקונג און ערנידריגונג און עגמת נפש דו פארשאפסט דיין אייגענעם פאטער, וועלכער האט דיר ערצויגען און בעשיצט פון אל־דאס בייזען, ער האט ערפילט אלע דיינע פארלאנגען און וואונשען... דערמאהן זיך ווי ליעב ער האט דיך געהאט, ווי טהייער דו ביזט ביי איהם געווען! דו ביזט געווען זיין איינציגער טרייסט, זיין איינציגע האפנונג, דו ביזט געווען זיין ליכט וואס האט פאר איהם געלויכטען אין די פינסטערע טעג פון זיין לעבען... און יעצט, ביזטו, זיין איינציגע טאכטער, געקומען און צושמעטערט אלע זיינע האפנונגען און טרוימען. דו האסט צושטערט זיינע אילוזיעס, דו האסט פארניכטעט זיין גליק און האסט אויסגעלאשען דעם איינציגען ליכט־שטראהל פון זיין לעבען... זאג מיר, רחל, האט ער דאס ביי דיר פארדיענט?... האסטו ביי דיר אין הארצען גאר קיין ליעבע נישט פאר דיין פאטער?

— איך ליעב מיין פאטער זעהר פיעל, — האט רחל געענטפערט, — אבער איך ווייס דאס ער האט געמאכט א טעות און אין די נאהענטע צוקונפט וועט ער זיך איבערצייגען אז איך בין געווען גערעכט און ער וועט זיך שעצען גליקליך פאר וואס איך האב איהם נישט געפאלגט...

— און דו גלויבסט, אז דו ביזט קליגער פון דיין פאטער, — האט תנחום סארקאסטיש געזאגט, — דיין פאטער איז ווייטזיכטיג גענוג, ער קען זעהן אז פון אן אומוויסענדען פאסטוך קען מען גארנישט ערווארטען...

— מיין פאטער זעהט מיט די אויגען, אבער איך זעה און פיהל מיט מיין הארץ און איך בין זיכער אז עקיבא וועט נישט באטריגען מיינע ערווארטונגען...

— ווייסטו דען נישט, אז דיין פאטער האט געהאט אין זינען דיר חתנה צו מאכען פאר רבן גמליאל, דעם נשיא פון סנהדרין אין יבנה? — האט תנחום

געזאגט, — און דו גלויבסט דאָס דו האָסט געמאַכט א בעסערן אויסוואַהל מיט דעם פאַסטוך?...

— מיין אויסוואַהל איז דער וועמען איך ליעב, — האָט רחל געזאגט, — און יעצט בעט איך דיך לאָז מיך צורוה און פאַרלאָז מיין הויז, ווייל דו וועסט דיין ציעל נישט ערריינכען!...

— דיין הויז! — האָט תנחום געלאַכט, — דו רופסט עס נאָך א הויז, אן איינגעפאַלענע חורבה! צוויי צובראָכענע בענקלעך, א טישעל וואָס קרעכצט און אן אלטע שפינראַד — דאָס איז דיינע גאַנצע מעבעל, און דו רופסט עס נאָך אַן א הויז! דו האָסט דאָך אפילו נישט וואו דעם קאָפּ אָנצושפאַרען, נישט קיין בעטעל און נישט קיין בעטגעוואַנט... אזוי וועסטו אַפּלעבען דיין גאַנצען לעבען אין אָרימקייט און אין נויט! שעהמען מעגסטו זיך, רחל! דו האָסט אומגעביטען א לעבען פון פאַרגעניגען, פון רייכטהום און כבוד אויף א לעבען פון צרות, פון אָרימקייט און שאַנדע! באַרעכען זיך נאָר וואָס דו האָסט זיך געטהאָן! הער זיך איין צו מיר, איך זאָג דיר, אז עס איז גאַרנישט צו שפּעט, קום מיט מיר רחל, און אלעס וועט ווידער גוט ווערען... דיין פאַטער וועט ווידער גליקליך ווערען, דו וועסט מעהר נישט דאַרפען ליידען און אפילו עקיבא וועט אויך דערפון געניסען... און אויב דו ווילסט עס נישט טהאָן צוליעב דיין פאַטער און צוליעב זיך, דאַן טהו עס דאָך צוליעב דיין עקיבא'ן, וועמען דו ליעבסט אזוי שטאַרק, ווייל ער אליין בעצאָהלט צו טהייער פאַר דעם נאַרישען שריט וואָס ער האָט געמאַכט... ער האָרעוועט ווי א פערד, און איך בין זיכער אז לאַנג וועט ער נישט קענען אויסהאַלטען... טהו עס דאַך צוליעב עקיבא'ן, מאַך אן ענדע צו זיינע ליידען און צרות און זעה בעסער איהם גליקליך צו מאַכען.

— דו האָסט נישט וואָס צו זאָרגען וועגען עקיבא'ס גליק, — האָט איהם רחל געענטפערט, — איך בין זיין גליק און ער איז מיין גליק! און אזוי לאַנג ווי מיר וועלען ביידע געהערען איינע צום צווייטען וועלען מיר ביידע גליקליך זיין... און איך האָף דאָס מיר וועלען גליקליך זיין אונזער גאַנצער לעבען, ווייל נור דער טויט וועט אונז קענען צושיידען...

— קיינער קען נישט גליקליך זיין אין אָרימקייט און אין נויט, — האָט תנחום ווייטער גערעדט, — פריהער אָדער שפּעטער וועט די געדולד פון איינעם פון אייך פּלאַצען און דאַן וועט שוין זיין צו שפּעט. פאָלג מיך, רחל, קום מיט מיר, קום צוריק צו דיין פאַטער!

— איך בעט דיך נאָך אַמאָל, תנחום, פאַרלאָז מיין הויז, — האָט רחל זיך ביי איהם געבעטען מיט טרעהרען אין די אויגען, — זעהסטו דען נישט אז אומזיסט זיינען דיינע רייד.

— און איך וועל פון דאַנען נישט אָפּטרעטען ביז וואַנען דו וועסט מיט מיר מיטגעהן, — האָט זיך תנחום איינגע'עקשן'ט, — און זיי וויסען, דאָס אויב דו וועסט מיך נישט פאָלגען, דאַן וועט עקיבא ליידען מעהר פון אלעמען. דיין פאַטער וועט צוריק אויסמאַהנען די געלד וואָס ער האָט געגעבען יוליוס ווערנוס'ן אום אויסצולייזען עקיבא'ן פון די רוימישע הענד, און דו ווייסט דאָך ווי יוליוס ווערנוס האָסט עקיבא'ן, און ווי נאָר ער וועט צוריק אריינפאַלען אין זיינע הענד, וועט ער זיך מיט איהם אָפּרעכענען, און טאָמער וועט דיין פאַטער עס נישט

וועלען טהאן, וועל איך אליין אריבערגעהן צו יוליוס ווערנוס'ן און מירביידע וועלען זעהן דאס עקיבא זאל קריגען זיין פערדיענטען פסק...

— דו קענסט טהאן וואס דו ווילסט, אבער דערוויל פארלאז מיין הויז, — האט רחל געזאגט און איהם אנגעוויזען אויף דער טהיר.

— דו חצופה! דו ווילסט מיך ארויסטרייבען! ווער ביזטו יעצט! אליין אן ארויסגעטריבענע און א פאסטוך'ס א ווייב! ניין, איך געה נישט פון דאנען אוועק ביז וואנען דו וועסט מיך פאלגען. איך זאג דיר נאך אמאל, דו מוזט מיטגעהן מיט מיר און אויב נישט וועל איך דיר פאר דיינע האר פון דאנען ארויסשלעפען, — האט תנחום מיט כעס געזאגט.

רחל האט זיך געפיהלט באליידיגט און ערנידריגט... אט שטעהט תנחום, דער זעלבער תנחום וועלכער פלעגט אריינקומען זעהר אפט אין איהר פאטער'ס הויז און נישט וואגען א ווארט צו איהר אויסריידען... און יעצט רופט ער איהר חצופה... ער דראהט איהר נאך צו שלעפען פאר די האר... דער תנחום, וועלכער פלעגט בעטען הילף ביי איהר דורך אידר קאמער־מיידעל און וועמען זי האט אזוי פיעל מאל געהאלפען מיט געלד... וויפיעל פון איהרע קליידער האט זי איהם אפגעגעבען פאר זיינע טעכטער... אט דערמאהנט זי זיך ווען תנחום איז איינמאל געקומען און מיט טרעהרען אין די אויגען דערצעהלט פנינה'ן וועגען זיינע צרות וואס ער האט אויסצושטעהן פון זיין פרוי, ווייל ער האט שוין וואכען לאנג נישט פארדיענט, און צוויי פון זיינע טעכטער ליגען קראנק אין בעט. און דעם זעלבען טאג איז זי אוועק מיט איהר קאמער־מיידעל צו תנחום'ן אין הויז און איבערגעגעבען תנחום'ן מיט זיין פרוי געלד און קליידער פאר די גאנצע פאמיליע... זי געדענקט נאך ווי ביידע, תנחום און זיין פרוי, האבען איהר הערצליך געדאנקט... און זינט דאן, פלעגט תנחום יעדעס מאל קומען בעטען זי זאל איהם געבען געלד און קליידער פאר זיין ארימע פאמיליע... און יעצט שטעהט דער זעלבער תנחום און זידעלט איהר, ער שפאט און לאכט פון איהר... רחל'ן האט פארקוועטשט דאס הארץ און זי האט זיך פאנאנדערגעוויינט...

תנחום, וועלכער האט שוין באלד פארלארען זיין האפנונג אז ער וועט קענען פועל'ן ביי רחל'ן, האט, דערזעהענדיג, אז רחל וויינט, ווידער געקראגען מוטה. ער האט אין איהר וויינען געזעהן א צייכען דאס זי האלט זיך ביים אונטערגעבען און ער האט זיך ווידער אפגערופען:

— אט יעצט זעה איך דאס דו וועסט מיר פאלגען... וויין רחל, וויין!... דו האסט געווים אויף וואס צו וויינען... יא, דו האסט זיך גוט בענארישט, אבער עס איז נאך ניט צו שפעט! קום מיט מיר און טאקע באלד!

רחל האט איהם נישט געענטפערט. זי האט מיט די הענד איהר פנים פארשטעלט און געוויינט. ווי פערדארבען דער מענש איז, — האט זי געטראכט, — ביי איהם איז געלד זיין אפגאט... פריהער ווען זי איז געווען רייך, האט מען געהאט פאר איהר דרך ארץ, גרויס און קליין האבען איהר אפגעגעבען כבוד, אלע זיינען געווען איהרע פריינד... מען האט צו איהר געשמייכעלט מיט פריינדשאפט און ליעבשאפט... און יעצט ווען זי איז ארים, האבען זיך אלע איהרע פריינד פון איהר אפגעקעהרט; זיי מיידען איהר אויס... יעדער ווער עס וויל בעליידיגט איהר און אפילו דער תנחום, וועלכער איז אליין אן ארימאן און

ווערט אפגעשפּאט און אפּגעלאכט פון יעדען, אפילו ער, וועו ער דערזעהט דאס זי איז מעהר הילפלאָז ווי ער, קריגט ער גענוג מוטה איהר צו בעליידיגען...

תנחום האט א ווייל גענוג ווארט, און ווען ער האט געזעהן אז רחל הערט נישט אויף צו וויינען, איז ער דרייסטער געווארען.

— איך וועל דיר נישט אפּלאָזען ביז וואנען דו וועסט מיט מיט מיר געהן צו דיין פאטער'ס הויז, — איז ער צו איהר צוגעגאנגען און איהר אנגענומען פאר'ן האנד, — קום, זאג איך דיר!...

רחל האט מיט צארן איהר האנד פון איהם צוריקגעצויגען און מיט האס זיך צו איהם אפּגערופען:

— פארלאז דאך מיין הויז, תנחום, איך בעט דיך, געה פון דאנען! ווען איך וועל דיך ברויכען וועל איך נאך דיר שיקען, יעצט אבער לאז מיך צורוה.

— דו וועסט נאך מיר שיקען!... הא?... ניין, רחל, איך וועל דיך נישט צורוה לאזען... דו וועסט מיט מיר גלייך געהן..

* * *

עקיבא איז געזעסען אין בית המדרש און געלערנט. אויפ'ן הארצען איז איהם היינט געווען נישט איבריגס פרעהליך... די באגעגעניש מיט תנחום'ן האט אויף איהם זעהר שלעכט געווירקט... ער האט איהם בעליידיגט אין מיטען מארק פאר אלעמען אין די אויגען... יא, ער וועט יעצט קומען יעדען פריה־מארגען אזו איהם שטערען, ער וועט קיין קונה צו איהם נישט דערלאזען... וואס זאל ער טהאן, ווי אזוי וועט ער מפרנס זיין רחל'ן, זיין ליעבענדע פרוי? ער ווייס נישט צו וואס זיך צו נעהמען, קיינער אין שטאדט וויל איהם קיין ארבייט נישט געבען, אלע קוקען אויף איהם מיט פעראכטונג, און יעצט האט זיך נאך תנחום אויף איהם אנגעזעצט און שטערט איהם צו פערדינען די עטליכע פרוטות... אין זיינע אויערען קלינגען תנחום'ס ווערטער וואס ער האט איהם געזאגט דאס ער האט רחל'ן אומגליקליך געמאכט, זי האט געלעבט אין אזא רייכקייט, אין אזא לוקסוס, זי האט געהאט אלעס וואס איהר הארץ האט געלוסט, און יעצט וועט ער איהר נישט קענען געבען אפילו קיין ברויט.

באלד אבער פארשווינדען זיינע אומעטיגע געדאנקען. ער נעהמט זיך ווידער צום לערנען.

ליגט דער חומש אפען פאר עקיבא'ן. ער לערנט די פרשה ויקרא: "נפש כי תחטא"... (א נשמה ווען עס זינדיגט), און ער ענדיגט: "אשר יעשה האדם לחטא בחנה" (וואס א מענש וועט טהאן דערמיט צו זינדיגען).

קנייטשט עקיבא דעם שטערען. עפּעס איז איהם דער פסוק קשה'דיג: די תורה פאנגט אן דעם פסוק: "ווען א נשמה וועט זינדיגען", און ענדיגט: "וואס א מענש וועט טהאן דערמיט צו זינדיגען".

עקיבא האט זיך געווענדעט צו רבי נחום'ן און איהם געבעטען ער זאל איהם דעם פסוק פון דער תורה ערקלערען: קען דען די נשמה זינדיגען בעזונדער?... האט ער געפרעגט.

רבי נחום איש גמזו האט געוואלט פארענטפערען עקיבא'ס קשיה, אבער ישמעאל בן אלישע, עקיבא'ס חבר, וועלכער האט אויך געהערט זיין פראגע האט געבעטען ערלויבניס ביי דעם רבי'ן צו פערענטפערען עקיבא'ס קשיה.

— זעהר גוט, מיין זוהן — האט ר׳ נחום איהם געזאגט — איך בין זעהר נייגעריג צו הערען וואס דו האסט צו זאגען וועגען דעם פסוק.

— איידער איך וועל דיר פערענטפערען דיין קשיה, וועל איך דיר דער־צעהלען א מעשה — האט זיך ישמעאל אפגערופען צו עקיבא׳ן — "עס איז אמאל געווען א קעניג וועלכער האט פערמאגט א וואונדערבארען גארטען. אין גארטען זיינען געוואקסען טייערע פרוכט. די ערשטע פרי פרוכט וואס איז רייף געווארען, איז געווען זעהר געזונט צום עסען; עס איז געווען א סגולה צו פער־שיעדענע קראנקהייטען... צום בעדויערען אבער האט דער קעניג קיינמאל נישט געקענט קריגען די וואונדערבארע פרי, ווייל די שומרים וועלכע פלעגען היטען דעם גארטען פלעגען אויפעסען די פרי. ווען ער האט זיי געוואלט משפט׳ן פאר די זינד האט ער נישט געקענט צוליעב דעם וואס יעדער האט געווארפען די שולד אויפ׳ן צווייטען.

איינמאל איז דער קעניג געפאלען אויף א המצאה: ער האט בעשטעלט צוויי שומרים אין זיין גארטען, איינער איז געווען א הינקעדיגער און דער צווייטער א בלינדער. און ער האט צו זיי געזאגט: איהר בײדע זאלט אפהיטען די ערשטע רייפע פרי. יעצט איז דער קעניג געווען זיכער דאס די וואונדערבארע פרי וועט נישט געריהרט ווערען, ווייל דער בלינדער וועלכער קען צוגעהן צום בוים, זעהט דאך נישט די פרי און דער הינקעדיגער וועלכער זעהט, קען דאך נישט געהן, וועט די פרי במילא בלייבען אין גאנצען...

ווען די פרי איז רייף געווארען, רופט זיך אפ דער הינקעדיגער צום בלינ־דען: איך זעה אז די וואונדערבארע פרי איז רייף, געה צו צום בוים און נעם עס ארונטער און מיר וועלען עס ביידע אויפעסען.

ענטפערט איהם דער בלינדער: איך זעה דען?... ווי אזוי וועל איך וויסען וועלכע פרי צו נעמען! געה דו בעסער!

ענטפערט איהם דער הינקעדיגער: איך קען דען געהן? זאגט צו איהם דער בלינדער: ווייסטו גאר וואס? איך וועל דיר נעמען אויף מיינע פלייצעס, דו וועסט מיר ציינען ווי אזוי צוצוקומען צום בוים און נאכהער וועסטו ארונטער־רייסען די פרי און מיר וועלען עס אויפעסען.

דער הינקעדיגער האט זיך אריפגעזעצט אויף דעם בלינדען׳ס פלייצעס און ביידע זיינען אוועק צום בוים און אויפגעגעסען די פרי. און צוריק געגאנגען צו זייערע פלעצער.

אויף מארגען ווען דער קעניג האט בעמערקט אז די פרי איז מעהר ניטא איז ער צוגעגאנגען צו זיינע שומרים:

— פארוואס האסטו אויפגעגעסען די וואונדערבארע פרי — האט זיך דער קעניג געווענדעט צום בלינדען.

— מיין האר קעניג! — האט דער בלינדער געענטפערט — ווי אזוי האב איך געקענט געפינען די פרי, אז איך בין בלינד.

האט זיך דער קעניג געווענדעט צום הינקעדיגען: — פארוואס האסטו אויפגעגעסען די פרי?

— מיין האר קעניג — האט דער הינקעדיגער געענטפערט — ווי אזוי האב איך געקענט צוגעהן צום בוים ווען איך בין הינקעדיג.

דער קעניג איז אבער געווען קלוג, וואס האט ער געטהאן? ער האט

ארויפגעזעצט דעם הינקעדיגען אויף׳ן בלינדען און האט זיי געהייסען געהן, און זיי זיינען געגאנגען, אזוי האט דער קעניג זיי ביידען בעשטראפט.

— די זעלבע זאך — האט ישמעאל געזאגט — איז מיט׳ן מענשען אויף יענער וועלט: גאט פרעגט די נשמה: "פאר וואס האסטו געזינדיגט", ענטפערט די נשמה איך האב נישט געזינדיגט, דער גוף האט געזינדיגט, והא ראיה: זינט איך בין ארויס פון גוף, פליה איך ארום ווי אן אומשולדיגע ריינע פייגעלע און איך זינדיג נישט....

פרעגט גאט דעם גוף: "פאר וואס האסטו געזינדיגט?" ענטפערט דער גוף! "רבונו של עולם, איך האב נישט געזינדיגט, די נשמה האט געזינדיגט! והא ראיה: זינט די נשמה איז אוועק פון מיר, ליג איך ווי א שטיין אויף דער ערד און קען גאר נישט טהאן...

וואס טהוט גאט? ער ברייננגט די נשמה אריין צוריק אין גוף און משפט זיי ביידען צוזאמען... און דאס מיינט דער פסוק מיט "נפש כי תחטא", די נשמה אליין קען נישט זינדיגען און דער גוף אליין קען נישט זינדיגען, דערפאר ענדיגט דער פסוק: "אשר יעשה האדם לחטא" דאס מיינט אז דער מענש, וואס בעשטעהט פון א נשמה און א גוף, קען זינדיגען אדער טהאן מצוות. אבער איינע אהן דעם צווייטען קענען גארנישט אויפטהאן...

— גוט האסטו געדרשנ׳ט, ישמעאל מיין זוהן, האט איהם רבי נחום געזאגט.

— זאל דיר גאט בעלייכטען דיין גאנצען לעבען, מיין חבר ישמעאל, ווי דו האסט מיינע אויגען בעלויכטען אין דער היילינער תורה.

לאנג האט עקיבא געטראכט פון דעם וואס ער האט יעצט געלערענט פון זיין חבר ישמעאל...

— ליעבע איז אויך אזוי — האט ער בעשלאסען ווען צוויי נשמות ליעבען זיך קען די ליעבע קיין ממשות נישט האבען סיידען די נשמות זיינען אויך פארבונדען מיט די גופים... ווען אבער דער גוף ליידעט, רופט זיך דאס דען ניט אפ אויף דער נשמה?...

ווידער קומען ארויף אויף עקיבא׳ס געדאנקען די ליידען וואס זיין ליעבע רחל שטעהט אויס דורך איהר היילינע ליעבע צו איהם... זיין הארץ ציהט איהם יעצט צו איהר, צו זיין רחל... ווי שטארק איז זיין פערלאנג צו זיין יעצט לעבען איהר און איבערגעבען איהר זיינע געדאנקען און געפיהלען... עפעס איז ער היינט מעהר ווי אימער אומרוהיג וועגען איהר... איז דאס מעגליך ווייל תנחום האט איהם אזוי שווער געמאכט דאס הארץ? און אפשר איז דאס ווייל ער האט איהר היינט דעם גאנצען טאג נישט געזעהן...

א שטארקע בענקעניש נאך זיין ליעבע רחל האט איהם ארומגענומען.. ער קען מעהר היינט נישט לערנען און פריהער ווי אלע נעכט, האט ער פערמאכט די ספרים און איז פון בית המדרש צו זיך אהיים געגאנגען.

ער האט שנעלע טריט געשטעלט... איהם האט זיך געוואלט וואס גיכער זיין אין דער היים מיט זיין געליעבטע רחל...

אט איז ער שוין לעבען זיין הויז... אימיצער רעדט דארטען אזוי הויך.. ער עפענט אויף די טיהר און דערזעהט ווי תנחום שטעהט און טענה׳ט און רחל וויינט...

— מיין ליעבער מאן — איז רחל ארויפגעפאלען אויף עקיבא׳ס האלז און זיך נאך שטארקער פאנאנדערגעוויינט.

— וואס האט פאסירט, מיין ליעבע, טייערע רחל — האט איהר עקיבא געקושט, — זאג דאך מר, האט ער דיר געוואלט שלעכטס טהאן?

— זי וויינט ווייל זי וויל געהן אהיים צו איהר פאטער — האט זיך תנחום אפגערופען — זי קען שוין מעהר איהרע ליידען נישט אריבערטראגען!... לאז איהר אפ און איך וועל מיט איהר געהן אהיים צו כלבא שבוע׳ן, איהר פאטער...

— א, מיין געטרייער מאן, — האט זיך רחל נאך מעהר צו איהם געטוליעט, — ער איז א ליגנער! ער האט מיר בעליידיגט און זאל ער גלייך פערלאזען אונזער הויז...

עקיבא האט אפגעלאזען רחל׳ען און זיך דערנעהענטערט צו תנחום׳ן.

— ארוים פון מיין הויז — האט עקיבא אויף איהם א געשריי געטהאן מיט כעס — ארוים!!

תנחום איז בלאס געווארען... ער האט א קוק געטהאן אויף דעם חויכען, העלדישען עקיבא, ער האט באמערקט זיין גרים צארן און הענט און פיס האבען איהם אנגעהויבען טרייסלען...

— אט געה איך!... איך... געה! אט אט... איך געה שוין! — האט תנחום גענומען ציטערען און זיך אויף הינטען גערוקט צום טיהר... אט געה איך, טו מיר נישט קיין שלעכטעס איך געה!

ווען תנחום איז שוין געווען אין דרויסען האט ער ערשט אנגעהויבען לויפען אהן אן אטהעם... די צייהנער האבען ביי איהם אין מויל געקלאפט... א פאר מאל האט ער אומגעקערט זיין קאפ צו זעהן אויב עקיבא לויפט איהם נישט נאך... א לאנגע שטרעקע איז ער אזוי אפגעלאפען... ער האט זיך אומגעקערט און ווען ער איז געווען זיכער דאס עקיבא לויפט איהם נישט נאך, האט ער זיך אפגעשטעלט און קוים דעם אטעם אפגעכאפט...

— אוי! אוי! — האט ער געזיפצט — וואס וועט יעצט זיין ווייב זאגען?... וואס וועט ווערען פון זיינע טעכטער!... וואוהין זאל ער יעצט געהן? איז דאס מעגליך אז פון אלע זיינע האפענונגען איז גארנישט געווארען?!... אבער ניין! ער וועט נאך אין דעם נישט שווייגען... ער וועט מארגען נאכאמאל געהן אין מארק... דארטען האט ער פאר איהם קיין מורא נישט, עקיבא קען איהם אין מארק גאר קיין שלעכטעס נישט טהאן! ער וועט קיין קונים צו איהם נישט צולאזען, זאל ער און רחל זיך גוט אויסהונגערען. דאן וועט זי שוין נעמען זיין עצה...

— אויב דאס וועט נישט העלפען — האט תנחום ביי זיך בעשלאסען — דאן וועט ער געהן צו יוליוס ווערנוס׳ן. ער וועט איהם איינריידען ער זאל עקיבא׳ן איבערגעבען צו סעיאנוס בורוס׳ן אין די הענד... דאס וועט זיין דער איינציגער וועג ווי צו צווינגען רחל׳ן זי זאל פון עקיבא׳ן נעמען גט... וואס אבער זאגט מען דערווייל די פרוי? — האט תנחום זיך דעם שטערען געקנייטשט. — יע, ער וועט איהר זאגען אז אלעס איז שוין גוט און אין ניכען וועט ער קענען פיהרען די עלטסטע טאכטער צו דער חופה מיט עקיבא׳ן...

— וואס איז מיט דיר, תנחום, וואס ביזטו אזוי בלאס?... און וואס

סאפעסטו אזוי? וואס ביזטו געפלויגען? ווער האט דיר געיאגט?... וואס ביזטו אזוי צושראקען? — האט איהם זיין ווייב בעגעגענט אין טיהר.

— איך בין גארנישט צושראקען, —האט אנחום גענטפערט, — איך האב זיך נאר געאיילט אהיים דיר אנצוזאגען די גוטע בשורה, אז מיר האט אלעס געלונגען און אין עטליכע טעג ארום וועט עקיבא אפ׳גט׳ן רחל׳ן. ער וועט קריגען פופציג טויזענד שקלים און איך וועל אויך קריגען אזוי פיעל. דערנאך וועט ער חתונה האבען מיט אונזער עלטערע טאכטער... נו, ווי געפעלט דיר מיין אויפטוה.

— איך האב אלע מאל געזאגט, — האט איהם זיין ווייב א חנפ׳ע געטהאן!

— אז ווען דו נעמסט זיך צו א זאך וועסטו עס זיכער אויספיהרען און היינט, ווען איך האב געזעהן אז דו פערזאמסט זיך אזוי לאנג, האט מיר דאס הארץ געזאגט, אז דו וועסט קומען מיט גוטע נייעס. און פאר דערפאר האב איך פאר דיר צוגעגרייט א גוטען מאלציים...

תנחום האט זיך געזעצט עסען און געדאנקט גאט וואס ער האט איהם בעשערט מיט אזא "גוטע" ווייב, וועלכע גלויבט אלעס וואס ער זאגט...

---

רחל איז געווען זעהר גליקליך וואס עקיבא איז אנגעקומען אין צייט און האט פערטריבען תנחום׳ן וועלכער האט איהר אזוי שטארק בעליידיגט. זי האט געשמייכעלט ווען זי האט זיך דערמאהנט ווי נחום האט זיך דערשראקען פאר עקיבא׳ס בליק, ווי שנעל ער האט דאס הויז פערלאזען.

— איך בין דאך דיר אזוי דאנקבאר פאר וואס דו ביזט היינט געקומען פריהער ווי אלע מאל... ער האט דאך מיר אזוי געערגערט... זיינע ווערטער האבען מיר ווי נאדלען געשטאכען... געדענקט האט ער אז איך וועל איהם גלויבען און מיט איהם גלייך אהיים געהן...

— ווי נידעריג געזונקען אט דער תנחום איז — אז ער האט גאר קיין בושה נישט... ער זאגט ליגענס און איהם ארט נישט וואס באלד וועט מען זיי אויסגעפינען...

— דו ווייסט אבער, עקיבא — האט רחל געזאגט מיט זארג — איך האב מורא דאס לייגער פערבלייבען דא אין גמזו וועט פאר דיר זיין אונמעגליך, דער תנחום וועט שוין נישט רוהען און דיר בעלעסטיגען יעדען טאג; ער וועט קיינעם נישט דערלאזען ביי דיר צו קויפען די האלץ, און א חוץ דעם האט ער מיר געדראהט דאס ער וועט שוין זעהן מען זאל דיר איבערגעבען אין סעיאנום בורוס העגד.

— עס וועט פאר מיר זיין זעהר שווער דיר צו פערלאזען, מיין ליעבענדע רחל, — האט עקיבא טרויעריג געזאגט — און בפרט יעצט ווען איך האב נעקראגען אין בית חמדרש אזא טייערען חבר צום לערנען, ווי ישמעאל בן אלישע.

עקיבא האט רחל׳ן איבערדערצעהלט די תורה וואס ער האט דעם זעלבען אבענד געהערט פון זיין חבר ישמעאל׳ן.

און ווייסטו וואס מיר איז נאכדעם איינגעפאלען — האט ער פערענדיגט — אונזער ליעבע איז דאך אזוי הייליג, אינגאנצען גייסטיג, ווען אבער דיר, מיין ליעבענקע, וועט אויסקומען צו ליידען אזוי פיעל קערפערליך וועט עס דען זיך נישט אפרופען אויף דער נשמה?...

א ניין, מיין ליעבער עקיבא — האט איהם רחל געענטפערט — ווי קען גאר דער גוף ליידען ווען ער איז אזוי גליקליך ?... אלע קערפערליכע יסורים און פייַנונגען זיינען גארנישט קעגען דעם העכסטען גליק פון ליעבע... דעריבער קענען קיינע ליידען ניט געמאלט זיין וואו אמת'ע ריינע ליעבע עקזיסטירט... פערקעהרט וואס מעהר קערפערליכע ליידען דורך ליעבע, ווערט די ליעבע אלץ שטארקער און היילינגער...

— דיינע ווערטער, מיין געטליכע רחל שטארקען מיר און גיבען מיר מעהר מוטה און קוראזש... איך וועל פון דאנען אוועקפאהרען אויב נויטיג, אין א גרעסערע ישיבה, אין איינע פון די ישיבות פון יבנה אדער לוד, איך וועל דארטען פארטזעצען מיין לערנען און איך וועל זיך צו דיר נישט צוריקקעהרען ביז וואנען איך וועל דערגרייכען מיין ציעל. ביז וואנען איך וועל ווערטה זיין דיין ליעבע...

— און איך, מיין ליעבער מאן, וועל אויף דיר געדולדיג ווארטען, און טאמער וועט מיר אויסקומען צו ליידען עטוואס קערפערליך וועל איך זיין העכסט גליקליך עס אריבערצוטראגען. ווייל יעדער טאג וואס וועט פערשווינדען וועט פאר מיר זיין א טאג נעהענטער צו אונזער העכסטען גליק... און אט די גרויסע, גליקליכע ערוואַרטונג, וועט מיר געבען גענוג כח און מוטה צו קעמפפען געגען אלע שטורמען און שטרויכלונגען וואס איך וועל בעגעגענען אין מיין וועג.

טרעהרען האבען זיך בעוויזען אין עקיבא'ס אויגען ווען ער האט געהערט די מוטהיגע ווערטער פון זיין ליעבענדע פרוי.

— דו ביזט א מלאך, מיין טייערע רחל — האט איהר עקיבא געקושט — דיינע ווערטער זיינען הייליג. איך וועל זיי איינקריצען אין מיין הארצען, און אין דער צייט פון גרויסע יסורים, פון פלאגונגען און ענטוישונגען, וועלען דיינע ווערטער זיין א היילונג און א באלזאם פאר מיין נשמה... איך שווער דיר נאך אמאל, מיין געטליכע רחל, ביי אנזער ליעבע, דאס ווען איך וועל זיך צוריקקעהרען צו דיר, וועסטו מיט זיכערקייט קענען שטאלצירען מיט מיר.

— איך שטאלציר מיט דיר, זינט איך האב דר ערקענט — האט רחל צו אהם געזאגט מיט א שמייכעל.

— איך אבער ווייס — האט איהר עקיבא געענטפערט — אז איך בין דיין ליעבע נאך נישט ווערט. איך האף אבער עס וועט ווערט זיין אין דער צוקונפט ווען דיין שטאלצירען מיט מיר וועט בערעכטיגט זיין...

ביז דעם גרויסען פארטאג זיינען די צוויי יונגע ליעבענדע געזעסען און גערעדט פון זייער ליעבע און געפלאנעוועט זייער הערליכע צוקונפט...

דריי און צוואנציגסטער קאפיטעל

# אין פערצווייפלונג

כלבא שבוע איז געזעסען איז זיין צימער און געווארט אויף תנחום'ן. קיין ספק חאפנונגען האט ער אויף איהם נישט געלעגט. צו גוט האט ער געקענט זיין טאכטער, ער האט געוואוסט ווי איבערגעגעבען זי איז און ווען זי ליעבט איז עס מיט'ן גאנצען הארצען און נשמה... דאך אבער, האט ער ערווארטעט צו חערען פון תנחום'ן עפעס וויכטיגעס... פיעלייכט איז איהם פארט געלונגען איבערצורעדען עקיבא'ן. ער האט דאך איהם בעפאלמעכטיגט אנצובאטען עקיבא'ן א גרויסע סומע געלט אויב ער וועט איינוויליגען צו גט'ן רחל'ן, סען

דאָך זיין אז ער וועט מרוצה ווערען... שטארק האָט כלבא שבוע געבענקט נאָך זיין טאכטער... שוין איייניגע מאָנאטען ווי ער האָט איהר נישט געזעהן. איהם וואונדערט זיך ווי אזוי ער האָט עס געקענט אריבערטראָגען... אַ, גאָט, וועט זיך נאָך זיין רחל ווען עס איז ארומזעהן דאס זי האָט געמאכט אַ שרעקליכען פעהלער און זיך אומקעהרען צו איהם ?...

טרויעריג און איינזאם איז כלבא שבוע געזעסען אויף זיין שטוהל און געטראכט פון זיין טאכטער... אט זעהט ער איהר ווען זי איז נאָך גאר א קליין קינד געוועזן איידער דער אויפשטאַנד פור די קנאים האָט זיך אנגעפאנגען... די קליינע רחל זיצט אויף זיין שויס ער דערצעהלט איהר פון די גוטע צייטען וואס אידען האָבען געהאט אין ארץ ישראל, ווי גליקליך זיי האָט זיך געלעבט אין די צייטען פון דוד און שלמה. ער האָט איהר דערצעהלט פון די גרויסע אידישע העל־דען, די מאקאבעער, ווי זיי האָבען געקעמפפט ביז זייער לעצטען טראָפען בלוט, ביז וואנען זיי האָבען דעם גריכישען שונא פעריאָגט פון ארץ ישראל.

— פאטער, — האָט איהם דאן די אומשולדיגע קליינע רחל געפרעגט — פאר וואס ליידען מיר יעצט אזוי פיעל פון די רוימער, האָבען מיר יעצט דען נישט אזעלכע העלדען ווי די מאקאבעער... און איידער ער האָט צייט געהאט איהר צו ענטפערען איז זיין זוהן דן אריינגעלאָפען אין הויז; זיין פנים איז געווען רויט פון כעס און זיינע ליפען האָבען געציטערט...

— פאטער ! — האָט ער אויסגעשריען — דער רשע, געהסיוס פלאָרוס איז שוין ווידער דא אין ירושלים מיט זיין ארמעע... יעצט איז ער געקומען מיט מעהר חוצפה ווי פריהער... ער האָט געשיקט א בעפעהל צום פארוואלטער פון בית המקדש ארויסצוגעבען איהם פון דער קאסע פון בית המקדש, דאס גאנצע גאָלד וואס געפינט זיך דארטען... א טויט צו די רוימער ! — האָט ער אויס־געשריען און זיך גענומען צו זיינע געוועהר !... זיין יונגער זוהן האָט דאן געוואלט מיט זיין פייל און בויגען אין זיינע הענט ; קעמפפען געגען די רוימער...

— וואוהין געהסטו, מיין זוהן, — האָט ער איהם דאן אנגענומען ביים האנט — וואס ווילסטו טהאָן ?...

— לאָז מיר, פאטער ! — האָט דן אויסגעשריען, — איך געה טויטען דעם רשע גהעסיוס פלאָרוס.

— מיין קינד, — האָט ער איהם דאן געזאגט — דו וועסט יעצט פון הויז נישט ארויסגעהן. מיט דיין איבעראיילטען שריט און מיט דיין יונגען שכל קענסטו, חלילה, ברייננגען אן אומגליק אויף אונזער גאנצען פאָלק, אויף זיך און אויף אונז אלעמען...

און די קליינע רחל איז דאן צוגעלאָפען צו איהר ברודער און איהם גע־האלדזט און געקושט...

— פאטער ! — האָט זי זיך אפגערופען — האָט דען דער העלד, יהודה המכבי געבראכט אן אומגליק אויף זיין פאָלק ?... מיין ברודער איז אויך א העלד און ער וועט ברייננגען א ישועה אויף די אידען אנשטאט אן אומגליק, לאָז איהם געהן, ליעבער פאטער, און זאָל ער פערטרייבען די רוימער, אונזערע שונאים פון אונזער הייליגער שטאדט ירושלים !

— ניין, ליעבעס קינד — האָט ער געקושט זיין טעכטעריל — יעצט איז נאָך נישט געקומען די צייט, מיר מוזען האָבען געדולד, מיר מוזען זעהר פאר־

זיכטיג זיין אז נישט קענען מיר אלעם פערליערען... דיין ברודער דן איז נאך אליין זעהר יונג, און ער קען יעצט זעהר ווינציג העלפען אונזער פערזאומגליקטען פאלק... ער וועט עלטער ווערען דאן וועט ער בעסער פארשטעהען ווי אזוי צו ברייננגען נוצען פאר זיין פאלק...

— יא, — האט כלבא שבוע מיט טרויער געזיפצט, — דיך, מיין איין־איינ־ציגען בראווען זוהן, האב איך אויף עוויג פערלארען. און יעצט... פערליער איך אויך מיין איינציגע טאכטער !...

---

עס איז געווען שפעט ביינאכט ווען תנחום האט אפגעגעסען און זיך ווידער געקליבען אין וועג אריין.

— וואוהין געהסטו יעצט — האט איהם זיין ווייב א פרעג געטהאן — עס איז שוין אזוי שפעט און ביזט דאך מיעד, רוה זיך אפ היינט ביינאכט און מארגען אין דער פריה וועסטו געהן וואוהין דו דארפסט.

— איך מוז גלייך געהן צו כלבא שבוע'ן — האט תנחום געענטפערט — ער וויים נאך גארנישט וואס האט פאסירט און ערווארט אויף מיר...

תנחום האט זיך אויפגעהויבען פון זיין פלאץ און איז אוועקגעגאנגען צו כלבא שבוע'ן. אויף'ן וועג האט ער בעטראכט וואס צו דערצעהלען כלבא שבוע'ן; ער וועט איהם מוזען זאגען דאס ער האט שוין ביי רחל'ן גע'פועל'ט אבער עקיבא איז פערעקשנ'ט... דאן אפשר וועט כלבא שבוע איינזעהן דאס די איינציגע זאך איז צו בעשטראפען עקיבא'ן, איבערגעבענדיג צוריק אין די הענד פון יוליוס ווערנוס'ן... ווען דאס וועט געשעהן דאן וועט עקיבא איהר געווים געבען גט.

מיט די געדאנקען איז תנחום אריינגעקומען צו כלבא שבוע'ן אין הויז.

— נו, וואס הערט זיך תנחום — האט כלבא שבוע איהם געפרעגט מיט נייגעריגקייט — האסטו עטוואס אויפגעטהאן ?

— יע, מיין האר — האט תנחום געענטפערט — איך האב א סך אויפגע־טאהן... ביי רחל'ן האב איך שוין געפועלט...

— און זי וויליגט איין צו פערלאזען עקיבא'ן און זיך צוריקקעהרען צו מיר ? — האט כלבא שבוע געזאגט מיט צופריעדענהייט — דערצעהל דאך מיר אלעס, ווי אזוי איז עס דיר געלונגען, ווי אזוי איז עס צוגעגאנגען.

— איך בין אוועק אין דער פריה אין מארק, און דארטען האב איך געטרא־פען עקיבא'ן מיט א פעקעל האלץ אויף זיינע פלייצעס... איך האב מיט איהם גערעדט. ער האט זיך איינגע'עקשן'ט... מסתמא גלויבט ער נאך דאס מיין האר וועט צוריקציהען זיין שבועה און אפגעבען רחל'ן א העלפט פון זיין פערמעגען... פון איהם בין איך גלייך אוועקגעגאנגען צו רחל'ן.

—נו, וואס מאכט זי, און ווי קוקט זי אוים ? — האט כלבא שבוע איהם געפרעגט.

— זי קוקט אוים זעהר בלאס אור פערהונגערט — האט תנחום געענטפערט — און וואס איז דאס פאר א וואונדער ; זי וואהנט אין אן איינגעפאלענע חורבה אהן מעבעל אהן א בעט, אהן בעטגעוואנט. האט ניט וואו דעם קאפ אנצושפארען. אן איינזאמע זיצט זי טאג און נאכט, ביים שפינראד און ארבייט... עקיבא פער־דיענט קוים אויף ברויט...

טרעהרען האבען זיך בעוויזען איר כלבא שבוע'ס אויגען... ווי גליקליך ער

וואָלט זיך יעצט געפיהלט ווען ער קען איהר מיט עפּעס העלפען... אָבער זיין הארבע שבועה שטעהט איהם אין וועג... ווען זי זאָל נאָר ארויסקריגען אַ גט פון עקיבא'ן, ווי גליקליך ער וואָלט זיך דאָך געפיהלט...

— דערצעהל מיר, ווי אַזוי אָבער דיר איז געלונגען איהר איבערצוריידען איז כלבא שבוע אונגעדולדיג געוואָרען.

— איך האָב גלייך בעמערקט ווי זי ליידעט אָרימקייט און נויטה... זי האָט זיך שטאַרק פערשעהמט ווען איך בין צו איהר אין חורבה אריין; איך האָב באַמערקט ווי זי האָט פון מיר געוואָלט פערבאָרגען דעם דלות וואָס הערשט אין אַלע ווינקעלעך פון איהר וואָהנונג... און איך האָב צו איהר צוגעטראָטען מיט מיט דיזע ווערטער: רחל, האָסטו עס געדאַרפט טהאָן? דו האָסט אומגעביטען אַ לעבען פול פערגעניגען, פון רייכטהום און כבוד אויף אַ לעבען פון צרות, פון אָרימקייט און שאַנדע!... דו האָסט פערלאָזען דיין פאָטער, ביי וועמען דו ביזט געווען אַזוי ליעב און טייער און צוליעב וועמען? צוליעב אַן אומוויסענדען פּאָסטוך, וועלכער איז נאָר אויסען געווען דיין געלד!...

ווען זי האָט מיינע ווערטער דערהערט, האָט זי זיך גלייך פאַנאַנדערגעוויינ; קענטיג אַז דאָס האָט איהר שוין לאַנג געדריקט אויפ'ן הארצען... זי האָט זיך ארומגעזעהן דאָס זי האָט געמאַכט אַ פאַלשען שריט...

— האָט זי זיך דען מודה געווען דאָס זי האָט געמאַכט אַ טעות? — האָט איהם כלבא שבוע אונטערבראָכען.

— עס פערשטעהט זיך — האָט תנחום געענטפערט — זיא האָט מיר גלייך געפרעגט, וואָס זי זאָל טאָהן. איך האָב איהר געזאָגט דאָס זי מוז ארויסקריגען פון עקיבא'ן אַ גט און געהען צוריק אהיים צום פאָטער.

זי האָט מיר געפּרואווט זאָגען דאָס זי ליעבט עקיבא'ן זעהר פיעל און ווי אַזוי וועט זי זיך פון איהם קענען שיידען:.. איך האָב איהר אָבער געזאָגט אַז אין נויט און אין אָרימקייט קען קיין ליעבע לאַנג נישט עקזיסטירען און בפרט אַז עקיבא איז נישט איהר גלייכען אין חכמה און אין בילדונג....

— איך גלויב אַז דו ביזט גערעכט, תנחום — האָט זיך רחל צו מיר אָפּגערופען — איך וויל אַליין אויך געהן צוריק אהיים, אָבער איך וויל וואַרטען ביז עקיבא וועט זיך אומקעהרען און איך וועל איהם וועגען דעם זאָגען.

ווען עקיבא איז געקומען און זי האָט איהם וועגען דעם געזאָגט, האָט ער זיך איינגעעקשנ'ט און בשום אופן נישט צוגעשטימט דערצו. און ווען איך האָב גענומען צו איהם טענה'ן, האָט ער מיר געדראָהט צו'שלאָגען און מיר פון זיין הויז ארויסגעטריבען. אין מאַרק, ווען איך זעה איהם האָב איך פאַר איהם קיין מורא נישט, דאָרטען וועט ער זיין האַנט אויף מיר נישט הויבען, אָבער ווען ער איז ביי זיך אין דער חיים, קען ער מיר נאָך שלעכטס טהאָן. איך בין דעריבער פון דאָרט אַוועק מיט גאָרנישט... איין זאַך איז יעצט זיכער אַז עקיבא שטעהט אין וועג און דערלאָזט נישט רחל'ן אומצוקעהרען זיך אהיים...

און דו האָסט איהם פאַרגעשלאָגען אַ גרויסע סומע געלט אויב ער וועט איינשטימען צו בעפרייען רחל'ן? — האָט כלבא שבוע געפרעגט.

— איך האָב איהם פאַרגעשלאָגען פופציג טויזענד שקלים, אָבער ער וויל פון גאָרנישט וויסען. אין האַלדז איז מיר טרוקען געוואָרען רעדענדיג צו איהם, אָבער אומזיסט.

— נו, וואס קען מען יעצט טהאן ? גיב דאך מיר אן עצה — האט כלבא
שבוע געזאגט מיט פערצווייפלונג.

— מיין עצה איז מען זאל עקיבא'ן איבערגעבען צו סעיאנוס בורוס'ן און ווען
ער וועט זיך ארומזעהן דאס ער וועט פערשיקט ווערען פאר אן עוויגען שקלאף,
וועט ער איינשטימען אפצו'גט'ן רחל'ן אבי מען זאל איהם אויסלייזען פון די
ר ימישע הענד.

— וואס ? ! — האט כלבא שבוע אויסגערופען — איך זאל איבערגעבען
א אידען אין די הענט פון די רוימער ! ניין, דאס קיינמאל נישט ! אפילו ווען
דער איד וואלט געווען מיין ערגסטער שונא. וואלט איך איהם צו סעיאנוס בורוס'ן
אין די הענט נישט איבערגעגעבען. און נאך ביז יעצט פערדריסט מיר זעהר
שטארק, וואס וועלענדיג אנסטראשען רחל'ן האב איך אין מיין גרויס אויפרעגונג
אין כעס געזאגט האס איך וועל עקיבא'ן איבערגעבען אין די הענט פון סעיאנוס
בורוס... מיר וואונדערט זיך ווי איך האב גאר געקענט ארויסברייגען אזעלכע
ווערטער פון מיין מויל... און יעצט קומסטו און די גיסט מיר אזא עצה ! איך
גלויב נישט אז דיר וועט עפעס געלינגען צו טהאן — האט כלבא שבוע געזאגט
מיט יאוש.

— איך האב נאך מיין האפנונג נישט פערלארען — האט תנחום גע־
ענטפערט — ווי באלד אז מיין הארם טאכטער האט איינגעשטימט, וועט מיר
שוין זיין נישט אזוי שווער איך וועל מארגען ווידער אמאל פרובירען אוועקצו־
געהן אין מארק און מיט עקיבא'ן א צווייטען מאל רעדען, פיעלייכט וועט ער זיך
ארומזעהן אז מיט געוואלד וועט ער רחל'ן נישט קענען האלטען ביי זיך...

— און איך גלויב קוים דאס רחל האט איינגעשטימט איהם צו פערלאזען —
האט כלבא שבוע געזאגט — דיר האט זיך עס וואהרשיינליך אויסגעדוכט אזוי...

— זאל מיין האר אזוי נישט זאגען — האט תנחום זיך אויפגעהויבען פון
זיין פלאץ — איך האב שוין גאר קיין טעות נישט געמאכט... איך בין זיכער אז
עקיבא לאזט איהר נישט אפ און ווען נישט ער וואלט זי מיט מיר נאך היינט
געגאנגען אהיים, צו איהר פאטער...

כלבא שבוע האט געשוויגען... זיין הארץ איז איהם ווידער שווער געוואָ־
רען... ער האט גענומען צווייפלען אין גאנצען אין תנחום'ס ווערטער...

תנחום האט בעמערקט דעם אומעט וואס האט זיך בעוויזען אויף כלבא
שבוע'ס פנים און ער האט פערשטאנען דאס ער דארף איהם צורוה לאזען, און
ער איז גלייך ארוים פון זיין צימער.

מיט א שווערען געמיטה, האט תנחום געוואנדערט איבער די גאסען פון
גמזו. איהם האט זיך אזוי שנעל נישט געוואלט געהן אהיים צו זיין פרוי און
טעכטער, ער האט מורא געהאט טאמער וועלען זיי דערקענען אין זיין פנים דאס
פון אלע זיינע ערווארטונגען האט זיך גארנישט אויסגעלאזען...

— וואס קען מען יעצט טהאן ? — האט ער געטראכט — ער וועט דיא
זאך נישט אפלאזען... ניין, ער וועט מוזען אויספיהרען. ער וועט אזא גרויסע
סומע געלט נישט לאזען געהן לאיבוד... מארגען וועט ער אריבערגעהן צו יוליוס
ווערנוס'ן און וועט זיך מיט איהם דורכרעדען. ער איז זיכער דאס ער וועט זיין
זעהר צופריעדען ווען די געלעגענהייט וועט קומען צו זיין האנד זיך אפצורעכענען

מיט זיין פריהערדיגער פאסטוך וועלכער האט איהם צו שפאט און צו שאנד געמאכט פאר די רוימער...

---

אויף מארגען אין דער פריה איז תנחום אוועק צו יוליוס ווערנוס'ן אין הויז.

— וואס פערלאנגסטו, תנחום ? — האט זיך יוליוס צו איהם אפגערופען — ווי קומסטו אהער אזוי פריה ?

— איך האב עפעס וויכטיגעס מיט מיין האר צו ריידען — האט תנחום געענטפערט.

— קום אריין אין מיין צימער און דארטען וועסטו ריידען אלעס וואס דיין הארץ געלוסט — האט יוליוס צוגעשמייכעלט.

ווען זיי זיינען אריינגעקומען אין צימער — האט זיך תנחום אפגערופען:

— מיין הארר געדענקט דאך געוויס זיין פריהערדיגען פאסטוך עקיבא'ן!

— נו, וואס פאר א פראגע ? ווי איך פערשטעה האט דאך דער זעלבער פאסטוך אריינגעקראגען כלבא שבוע'ס טאכטער פאר זיין ווייב... א פיינעם שדוך האט דער רייכער כלבא שבוע געטהאן! זיין שעהנע טאכטער האט שוין קיין בעסערען מאן נישט געקענט קריגען ווי דעם אומוויסענדען פאסטוך, עקיבא'ן.

— וועגען דעם טאקע בין איך געקומען ריידען מיט דיר, מיין האר — האט תנחום געזאגט.

— וועגען דעם פאסטוך ? וואס א שטייגער קענסטו מיר וועגען איהם דערצעהלען ?

— דער זעלבער פאסטוך, עקיבא, וועלכער האט מיין האר געשטעלט צו שאנדע אין די אויגען פון זיינע געסט, אין דער צייט ווען זיי זיינען איינגעלאדען געווארען צו מיין האר'ס שמחה, האט אויך געמאכט צו שאנד און צו שפאט זיין שפעטערדיגען האר, כלבא שבוע, און אומגליקליך געמאכט זיין איין איינציגע טאכטער, רחל'ן.

— דאס וואס דו זאגסט אז ער האט כלבא שבוע'ן געמאכט צו שאנד און צו שפאט פערשטעה איך, אבער אז ער האט אומגליקליך געמאכט זיין טאכטער, פערשטעה איך שוין נישט וואס דו מיינסט!... האט דען רחל מיט איהם נישט חתונה געהאט מיט איהר גוטען ווילען ?...

— מיט'ן גוטען ווילען! — האט תנחום געפינגערט זיין בארד — ער האט איהר איינגערעדט, דאס ער וועט אמאל ווערען א גרויסער מאן, זי האט איהם געגלויבט, דערצו איז זי נאך זעהר גוטהערציג, איז איהם געלונגען צו פערדרעהן איהר קאפ...

— וואס אבער געהט עס מיר אן ? — האט יוליוס געפרעגט — זאל זיך איהר פאטער וועגען דעם זארגען...

— ווי מיין האר ווייס, האט דאך כלבא שבוע ביידען פערטריבען פון זיין הויז און ער האט געשוואוירען אז כל זמן רחל וועט זיך נישט גט'ן מיט עקיבא'ן, וועט זי פון איהם קיין פרוטה נישט קריגען... יעצט האט זיך רחל ארומגעזעהן דאס זי איז אריינגעפאלען און וויל שוין אז עקיבא זאל איהר געבען גט, אבער דער פאסטוך האט זיך איינגעעקשנ'ט און וויל איהר בשום אופן נישט גט'ן...

— נו, און וואס קען איך טהאן דערצו ? — האט יוליוס איהם געפרעגט.

מיין האר קען פיעל זעהר פיעל טאהן — האט תנחום געזאגט — עקיבא האט דאך געזאלט איבערגעגעבען ווערען צו סעיאנוס בורוס'ן פאר זיין פער־ברעכען און כלבא שבוע האט איהם אויסגעלייזט פאר צוואנציג טויזענד שקלים... און יעצט זעהסטו דאך ווי אזוי ער האט בעצאהלט זיין האר פאר די טובה וואס ער האט מיט איהם געטהאן... און ווי איך פארשטעהע יעצט וואלט כלבא שבוע געוועזען העכסט צופריעדען ווען דו, מיין האר, וואלסט איהם צוריקגעפאדערט, און ווען ער וועט זיין אין דיין רשות, דאן קען מען איהם צווינגען ער זאל גט'ן רחל'ן, און אויב נישט וועסטו איהם איבערגעבען אין די הענד פון סעיאנוס בירוס'ן.

— און איך וועל דארפען צוריקקעהרען די צוואנציג טויזענד שקלים צו כלבא שבוע'ן פאר דעם פאסטוך? — האט יוליוס געפרעגט.

— אהה, ניין, כלבא שבוע וועט זיין געלד צוריק נים פאדערען, ער וועט נאר זיין העכסט צופריעדען ווען דו וועסט עקיבא'ן בעשטראפען און דערווייל וועט זיין טאכטער זיך בעפרייען פון דעם פאסטוך.

יוליוס ווערנוס'ן איז געקומען אויף'ן געדאנק די שאנדע וואס עקיבא האט איהם פערשאפט ווען ער האט צעבראכען יופיטער'ס נאז, ער האט זיך דער־מאהנט די צרות וואס ער האט געהאט צוליעב איהם און אין איהם האט ווידער ערוואכט די נקמה... א חוץ דעם האט ער געוואוסט ווי זיין זוהן מאנילוס, איז געוועזען שטארק פערליעבעט אין רחל'ן, אמת, ווען זיין זוהן וועט זיך צוריקקעהרען פון רוים, און זאל רחל דאן זיין גע'גט פון עקיבא'ן, וועט ער איהם געוויס נישט דערלאזען ער זאל מיט רחל'ן חתונה האבען; ווען זי, כלבא שבוע'ס טאכטער, האט געקענט אויסקלייבען דעם פערהאסטען פאסטוך פאר א מאן, דאן האט זי ביי איהם פערלארען דעם גאנצען חן... אבער דאך איז ער זיכער, אז זיין מא־נילוס וועט זיין מעהר צופריעדען ווען רחל וועט פריי זיין, דאן ווען ער וועט צוריק קומען פון רוים...

— גוט — האט זיך יוליוס אפגערופען צו תנחום'ן — איך וועל מיטנעהמען אייניגע רוימישע בעאמטע און איך וועל עקיבא'ן ארעסטירען און איהם ברייגנען צו זיך אין דער היים... דארטען וועל איך איהם פערהאלטען ביז וואנען ער וועט איינוויליגען אפצו'גט'ן רחל'ן... זאג מיר אבער וואו קען איך איהם טרעפען?

— מיין האר קען נאך איהם יעצט טרעפען אין מארק, ער קומט יעדען פריה־מארגען אהין צו פערקויפען האלץ.

— קום מיט מיר און דו וועסט מיר ציינגען וואו ער געפינט זיך.

יוליוס האט צוגערופען אייניגע רוימישע בעאמטע און האט זיי עטוואס אריינגערוימט אין אויער און איז מיט זיי אוועק אין מארק.

---

עקיבא איז געשטאנען אין מיטען מארק מיט זיין בינטעל האלץ און געווארט אויף א קונה... ער מוז היינט עטוואס פארדינען, האט ער בעשלאסען; רחל האט אפגעגעבען איהר לעצטע ביסעל געלט צו דער ארימער פאמיליע און זי איז יעצט געבליבען אהן א פרוטה... אויב ער וועט היינט נישט פערדינען וועט זייביידען אויסקומען צו הונגערען... נאך אלעמען — האט ער ווידער געטראכט איז רחל געקעכט. ער מוז פון דאנען אבפאחרען... ער וועט אוועקפאהרען אין דער ישיבה

פון לוד און דארטען וועט ער לערנען אונגעשטערט... די איינציגע זאך וואס לאזט איהם נישט צורוה איז, ווי אזוי וועט רחל זיך מפרנס זיין אליין? אבער וייט ער דאך אז ער העלפט רחל'ן זעהר ווינציג, זיינע קליינע פערדינסטען זיינען נישט גענוג פאר איין מענשען און בפרט פאר צוויי... וויפיעל רחל פערדינט וועט קלעקען פאר איהר... יע, ער מוז פאהרען אין לוד, דא האט ער פיעלע שטערונגען... דארטען וועט ער זיצען טאג און נאכט און לערנען: קיין סך וועט ער פאר זיך נישט ברויכען... ברויט מיט וואסער, אויף דעם וועט ער פערדינען.

עקיבא האט גענומען זיין בינטעל האלץ און איז דערמיט ארומגעגאנגען פון איינעם צום צווייטען און זיי פארגעלעגט צו קויפען... קיינער האט אבער פון איהם נישט געקויפט. פיעלע וואס האבען איהם געקענט און געוואוסט אז כלבא שבוע האט איהם פור זיך פערטריבען, האבען פשוט מורא געהאט צו קויפען, ווייל תנחום האט זיי געווארענט...

עקיבא האט זיך אוועקגעזעצט אויף זיין בינטעל האלץ אפרוהען, פלוצלונג האט ער בעמערקט ווי זיין פריהעריגער האר יוליוס ווערנוס, דערנעהענטערט זיך צו איהם. הינטער איהם, געהן עטליכע רוימישע בעאמטע...

א ציטער האט דורכגענומען זיין קערפער... איז עס מעגליך אז כלבא שבוע האט דורכגעפיהרט זיין דראהונג...

— עקיבא — האט זיך יוליוס ווערנוס צו איהם אפגערופען דו ביזט ארעסטירט און דו מוזט געהן צוריק צו מיין הויז...

— וואס איז געשעהן! — האט עקיבא איהם געפרעגט מיט ערשטוינונג— איך האב דאך יעצט קיין פערברעכען נישט בעגאנגען.

— דו ווערסט פערהאלטען פאר דיין ערשטען פערברעכען וואס דו האסט געטהאן... דו וועסט בעשטראפט ווערען פאר'ן אבברעכען יופיטער'ס נאז... פערשטעהסטו מיר, כלבא שבוע האט דיר אויסגעלייזט און פאר דיר בעצאהלט אזא גרויסע סומע געלט, און אפילו צו איהם, וועלכער האט מיט דיר אזוי פיעל גוטעס געטהאן, האסטו געטהאן שלעכטעס. יעצט וועל איך איהם דארפען צוריק געבען זיין געלט, און דעריבער ביזטו יעצט מיין געפאנגענער.

יוליוס האט א וואונק געטהאן צו די רוימישע בעאמטע, און יענע האבען גלייך ארויפגעטהאן קייטען אויף זיינע הענד און עקיבא'ן געפיהרט צו יוליוס ווערנוס הויז.

תנחום, וועלכער איז געשטאנען די גאנצע צייט פון ווייטען, איז יעצט, ווען ער האט דערזעהן די קייטען אויף עקיבא'ס הענד. צוגעקומען נאהענט צו עקיבא'ן און זיך אפגערופען:

— יעצט, דו אומוויסענדער פאסטוך, וועסטו שוין געבען רחל'ן א גט... און אויב נישט וועסטו געהן אלס עוויגער שקלאף צו די רוימער, איך וועל דיר נאך צייגען ווי צו האבען דרך ארץ פאר תנחום'ן...

עקיבא האט געביסען די ליפען פאר כעס... יעצט פערשטעהט ער, אז ער האט אלעס צו פערדאנקען תנחום'ן... א גאט! וואס וועט ווערען פון רחל'ן?... ווי וועט זי עס אלעס אריבער טראגען...

יוליוס און די רוימישע בעאמטע האבען עקיבא'ן אריינגעשפארט אין א פינסטערען צימער אין דעם זעלבען צימער וואו מען האט נחמה'ן פערשפארט ווען מען האט איהר חושד געווען דאס זי האט אפגעבראכען יופיטער'ס נאז.

— דו אומווירדיגער פאסטוך, — האט זיך יוליוס צו איהם אפגערופען — דו ווערסט מוזען אפ׳צמ׳ן כלבא שבוע׳ס טאכטער, דו קענסט איהר איבערגעוואלט נישט האלטען פאר דיין פרוי... און אויב דו ווערסט נישט איינווילינגען צו געבען איהר א גט אין משך פון דריי טעג, דאן ווערסטו איבערגעגעבען ווערען צו סעיאנוס בורוס׳ן און דו ווערסט שוין רחל׳ן קיינמאל נישט אנזעהן, ווייל אויב סעיאנוס בורוס וועט דיר נישט טויטען פאר׳ן פערשוועכען דעם רוימישען גאט, וועט ער דיר געווים פערקויפען פאר א שקלאף צו א רוימער, וואס דאס וועט נאך ביי דיר ערגער זיין ווי דער טויט.

---

תנחום איז געווען העכסט גליקליך, ווען ער האט דערזעהן דאס זיין פלאן איז פארווירקליכט... יא, עקיבא וועט איהר שוין געבען גט, נאר ער איז אביסעל בעזארגט... ער האט דאך געהאפט דאס עקיבא וועט נעהמען זיין עלטסטע טאכטער פאר א ווייב, יעצט אבער וועט ער מוזען די האפנונג אויפגעבען... אפילו ווען עקיבא וועט גט׳ן רחל׳ן וועט ער נישט וועלען טראכטען וועגען זיין טאכטער, ער וועט איהם מוזען פערמיאוס׳ן פאר זיין פלונית׳טע זי זאל נאכהער נישט זיין ענטוישט.

ווען ער איז געקומען אהיים, האט זיך תנחום אפגערופען צו זיין פרוי מיט א פרעהליכען פנים.

— אין דריי טעג ארום און עקיבא וועט גט׳ן רחל׳ן, און דאן וועט שוין דיין מאן מעהר נישט זיין קיין קבצן... א קלייניגקייט פופציג טויזענד שקלים וועל איך ארייגקריגען! אוים תנחום דער ארימאן, מיר וועלען זיין מיט לייטען גלייך...

— און איך זאג דיר, מיין ליעבער מאן, האט זיך זיין פרוי אפגערופען — אז איך בין נאך מעהר צופריעדען פון דעם וואס עקיבא וועט נאכהער חתונה האבען מיט אונזער עלטערע טאכטער, א קלייניגקייט אזא פיינער מאן ווי עקיבא!...

— דאס רעדסטו שוין גאר ווי א נארישע אשה — האט איהר תנחום געזאגט — און איך בין אין ספק צו איך וועל שוין דאן וועלען עקיבא׳ן פאר מיין איידעם . . .

— פארוואס?...

— ערשטענס האב איך אויסגעפונען זעהר נישט קיין פיינע זאכען וועגען עקיבא׳ן, איך גלויב אז ער איז ארעסטירט פאר גנבה... ער האט ווי עס ווייזט אוים בעגנב׳עט זיין פריהערדיגען האר, יוליוס ווערנוס, און ער האט איהם צוליעב דעם ארעסטירט.

— און איך גלויב עס נישט — האט זי געזאגט אן ענטוישטע — עס קען נישט זיין ער זאל ווערען א גנב.

— עס איז זעהר מעגליך — האט תנחום געלאסען געזאגט — פערדיענט האט ער גארנישט און ווען ער האט אנגעפאנגער צו הונגערען איז ער אוועק צו זיין פריהערדיגען האר... געוואוסט האט ער אלע פערבארגענע ארייגגאנגען, און ער האט איהם בעגנב׳ט... אויב עס וועט זיך ארויסצייגען אז דאס איז אמת, וועל איך פון איהם גארנישט וועלען הערען און וויסען.

— א ניין, ניין, אויב ער איז א גנב, דאן דארף מען איהם נישט האבען

**אין אונזער פאמיליע — האט תנחום׳ס פרוי געזאגט — יעצט אז מיר וועלען** האבען עטוואס געלד, וועט שוין קיין דאגה נישט זיין צו טהאן א שידוך מיט אונזערע טעכטער... נאר פונדעסטוועגען האף איך אז עס וועט זיך ארויסצייגען אז דאס איז א ליגען און עקיבא׳ס נאמען וועט ריינגעוואשען ווערען.

— צום בעדויערען איז עס אבער אן אמת — האט תנחום געזאגט — עס זיינען פארהאן עדות וועלכע האבען איהם געזעהן דאס טהאן...

— ווער וואלט עס געגלויבט אויף עקיבא׳ן ער זאל זיין א גנב — האט זי זיך אפגערופען — אבער מסתמא איז ער נישט בעשערט אונזער טאכטער... נו, זאל איהר דער רבונו של עולם צושיקען א בעסערען זיווג...

---

רחל האט געווארט אויף עקיבא׳ן פאר מיטאג, אבער דעם מאל איז ער נישט געקומען ווי זיין שטייגער איז געווען אלע טאג.

— פיעלייכט איז ער געווען צו שפעט און ער האט זיך געאיילט אין בית המדרש — האט רחל געטראכט.

ווען אבער עס איז געווארען שפעט בייגאכט און עקיבא איז נאך אלץ אהיים נישט געקומען, איז רחל געווארען זעהר אומרוהיג... זי איז ארויסגעגאנגען אין דרויסען און געווארט... די נאכט איז געווען א פינסטערע און עס איז געווען פערבונדען מיט א געפאהר פאר איהר ארויסצולאזען זיך אליין אין וועג צום בית המדרש... זי איז געשטאנען און געווארט און געווארט... דאס הארץ האט איהר געשראקען... — גאט, האט עפעס פאסירט מיט איהר עקיבא׳ן... ווער ווייס אפשר האט תנחום זיך מיט איהם אפגערעכענט... מיט גרויס אונגעדולד האט זי זיך קוים דערוואַרט ביז׳ן פריהמארגען. ווי נאר עס האט אנגעהויבען טאגען איז זי גלייך אין בית המדרש געגאנגען...

דער בית המדרש איז נאך געווען פערשלאסען און רחל איז געשטאנען מיט א קלאפענדע הארץ און געווארט...

דער שמש איז אנגעקומען מיט די שליסלען און ער האט דערזעהן א פרוי אין ארימע קליידער, שטעהענדיג לעבען טיהר.

— וואס פערלאנגסטו ? און וואס טוסטו דא אזוי פריה ? — האט איהר דער שמש געפרעגט.

— קענסטו מיר פיעלייכט זאגען — האט איהם רחל געפרעגט מיט טרעהרען אין די אויגען — צו עקיבא איז געווען לעצטען אבענד אין בית המדרש ?

איך קען דיר גארנישט זאגען, ווייל איך געדענק נישט ווער עס קומט און ווער נישט. דו וועסט מוזען ווארטען ביז רבי נחום איש גם זו וועט קומען, און פון איהם וועסטו קענען דערגעהן צו עקיבא איז געווען לעצטען אבענד אין בית המדרש צו נישט.

רחל האט געווארט א היבשע ווייל ביז וואנען ר׳ נחום איז אנגעקומען. רחל איז איהם ענטקעגען געקומען און זיך פערנייגט:

— קען מיר פיעלייכט דער רבי זאגען צו עקיבא, מיין מאן איז געווען אין בית המדרש לעצטען אבענד ?

— אה, דו ביזט עס רחל — האט רבי נחום אויסגערופען — און איך האב

דיר גארנישט דערקענט... דו קוקסט דאך אויס אזוי בלאס און דערשראקען, האט עפעס פאסירט ?

— מאין מאן איז אוועק נעכטען אין דער פריה אין מארק און זינט דאן האב איך איהם נישט געזעהן...

— און איך האב זיך אויך געוואונדערט פאר וואס עקיבא איז נישט געקו־מען אין בית המדרש, נור איך האב געגלויבט דאס פיעלייכט איז ער נישט געזונד.

רחל האט זיך פאנאנדערגעוויינט: מיין ליעבער מאן, וואס האט מיט דיר פאסירט! א גאט בעשיץ דאך איהם פון שלעכטע מענשען.

— בערוהיג זיך, מיין טאכטער — האט איהר רבי נחום געטרייסט — איך האב פיעלע מאל געהערט פון עקיבא'ן דאס ער וויל אוועקפאהרען אין דער ישיבה פון לוד, פיעלייכט איז ער טאקע אהין אוועקגעפאהרען...

— אבער, הייליגער רבי, מיין עקיבא וועט דאך נישט אפפאהרען אהן מיין וויסען, און נישט געזעגענענדיג זיך מיט מיר.

— איז פיעלייכט זיין פלאן אוועקצופאהרען געווען געגען דיין ווילען — האט איהר ר' נחום געפרעגט.

אה, ניין רבי, מיר ביידע האבען דאס געפלאנט, און נאך מעהר, איך האב איהם דערצו צוגערעדט.

ר' נחום האט א קוועטש געטהאן מיט די פלייצעס און רחל איז געבליבען שטעהן הילפלאז מיט פערצווייפלונג און אנגסט און ניט געוואוסט וואס צו טאהן און וואוהין צו געהן...

## פיער און צוואנציגסטער קאפיטעל

# תנחום'ס מפלה

אין שטאדט האט תנחום פערשפרייט א קלאנג אז עקיבא איז ארעסטירט געווארען פון זיין פריהערינגען האר, יוליוס ווערנוס, פאר גנבה... אלע האבען וועגען דעם גערעדט... פיעלע האבען געזעהן אין דעם גאט'ס נקמה איבער רחל'ן פאר נישט וועלען פאלגען איהר פאטער.

— ווער וואלט עס וועץ עס איז בעגלויבט — האט זיך אימיצער אפגערופען

— אז רחל, די שעהנע טאכטער פון כלבא שבוע זאל אפטהאן אזא זאך! זיא זאל געהן און חתונה האבען אהן איהר פאטער'ס צושטימונג, מיט אזא פער־גרעבטען פאסטוך ווי עקיבא !...

— און איך זאג דיר — האט זיך א צווייטער אפגערופען — אז דאס וואס רחל האט אפגעטהאן צייגט ווי נאבעל און איידעל זי איז... זי, די רייכסטע אין יהודה, די שעהנסטע טעכטער, זאל פערלאזען אזא רייכטום, אזא לעבען פון פערגעניגען, און אייטוויליגען צו ליידען ארימקייט, נויט און בעליידיגונג, צוליעב ליעבע. איהר ליעבע צום ארימען פאסטוך איז א הייליגע און אויפריכ־טיגע און וועלכע רייכע טאכטער פון גאנץ יהודה וואלט געבראכט אזא קרבן פאר ליעבע ?...

— דו ביזט גערעכט — האט זיך נאך איינער אריינגעמישט — רחל איז אימערצו געווען גוטהערציג און פריינדליך צו יעדען נויטווענדיגען און אונ־טערדריקטען... זי האט יעדען געהאלפען! זי האט ביי קיינעם קיין פראגעם

נישט געפרעגט, זי האט געשפייזט און געקליידט יעדען הונגעריגען און נאקעטען אהן אונטערשיעד צו ער קען לערנען צו נישט...

— און לאמיר אייך זאגען — האט זיך אפגערופען א איד מיט א שפיציג בערדעל — אז כלבא שבוע איז גאר נישט ווערט צו האבען אזא ליעבענסוויר־דיגע טאכטער ווי רחל איז... ווי קומט ער צו איהר !... זי וואלט איהר לעצטען ביסען אפגעגעבען צו יעדען איינעם וועלכער וואלט זיך צו איהר געווענדעט נאך הילף, און ער ווי רייך ער איז, קען נישט אנקוקען אן ארימאן אין דיא אויגען...

— דאס רעדט די קנאה אין דיר — האט דער ערשטער געענטפערט — ווי אזוי קענסטו גאר זאגען אזא זאך אויף כלבא שבוען? ! ווייסטו דען נישט פאר וואס מען האט איהם א נאמען געגעבען כלבא שבוע ווען ער האט געוואהנט אין ירושלים, ווייל יעדער איינער וועלכער פלעגט אריינקומען צו איהם הונגעריג ווי א הונד, פלעגט ארויסגעהן פון זיין חויז א זאטער!... קומסטו צו געהן און זאגסט אז כלבא שבוע קען קיין ארימאן אין די אויגען נישט קוקען...

— יע, יע, מיין פריינד — האט דער איד מיט דער שפיציג בערדעל גע־ענטפערט — דאס איז געווען ווען כלבא שבוע איז געווען אין ירושלים, איידער דער בית המקדש איז חרוב געווארען, דאן איז ער געווען א בעל צדקה... יעצט אבער איז ער אין גאנצען אנדערש געווארען...

— און וואס איז דאס, וואס כלבא שבוע שטיצט די ישיבה פון יבנה מיט טויזענד שקלים יעהרליך? שטיצט ער דען נישט הונדערטע תלמידי חכמים אין פערשידענע ישיבות? האלט ער דען ניט אויף פיעלע בתי מדרשים אין יהודה? גלויב מיר, ווען נישט כלבא שבוע'ס געלט שטיצע וואלטען יעצט פיעלע ישיבות און בתי מדרשים געווען געשלאסען !...

— אמת, — האט דער אנדערער איד געזאגט — כלבא שבוע שטיצט פיעלע ישיבות און תלמידי חכמים, אבער ווייסטו פארוואס? ווייל ער זוכט זיך כבוד !... ער גלויבט ווען ער וועט שטיצען א ישיבה אדער א גרויסען תלמיד חכם, וועט מען איהם לויבען און ריהמען... אלע וועלען דערפון וויסען און מען וועט איהם דערפאר אפגעבען גרויס כבוד, אבער ווען ער זאל פון זיין געלט אפגעבען צו אן אייכפאכען ארימאן, ווער וועט דערפון ריידען און ווער וועט ווי־סען דערפון... דעריבער זיינען זיינע טיהרען פערשלאסען פאר יעדען ארימאן...

— נישט פאר יעדען ארימאן, נאר פאר יעדען עם הארץ, — האט דער ערשטער איד געזאגט — כלבא שבוע טראגט א גרויסע שנאה אויף דיא עמי הארצים, ער קען זיי נישט ליידען, ווייל ער גלויבט אז אלע צרות וואס די אידען ליידען איז נאר צוליעב די עמי הארצים, דעריבער וויל ער זיי נישט אונטערשטי־צען...

— נו, און אויב אימיצער האט קיין געלעגענהייט נישט געהאט צו לערנען, אדער ער איז דערצו נישט געבארען, דארף מען דאריבער לאזען איהם אויסגעהן פון הונגער! אונזער תורה הייסט אונטערשטיצען יעדען ארימאן און זי מאכט נישט קיין אונטערשיעד צו דער ארימאן קען לערנען צו נישט... דעריבער זאג איך טאקע אז רחל איז פיעל העכער און נאבעלר פון איהר פאטער... ביי איהר זיינען אלע מענשען גלייך. און כאטש עקיבא איז ארים און אומוויסענד מאכט עס

גאר קיין אונטערשיעד צו איהר, ווי באלד אז זי ליעבט איהם האט זי מיט איהם חתונה אפילו געגען איהר פאטער'ס ווילען...

— זעהט א פיינע זאך האט זי געטהאן ! — האט זיך נאך איינער אריינגעמישט — נישט נאר איז עקיבא אן עם הארץ, אבער ער איז דאך א פשוט'ער גנב... און אט אזא מאן דארף זיך דאס אויסקלייבען די שעהנע און רייכע רחל.

— ערשטענס וויים מען נישט אויף זיכער צו דאס איז אמת, — האט זיך דער איד מיט דער שפיציגער בערדעל אפגערופען — און אפילו ווען דאס זאל שוין זיין אמת, טו ווער איז אין דעם שולדיג אויב נישט כלבא שבוע אליין ? וואס ער האט זיי פון זיין הויז פערטריבען און דאס איז איהם נאך געווען ווינציג שיקט ער אונטער מענשען זיי זאלען שטערען עקיבא'ן צו האנדלען אין מארק... שוין עטליכע טעג ווי איך האב עקיבא'ן בעמערקט ארומשלעפענדיג זיך מיט א פעקעל האלץ אויף זיינע פלייצעס און קיינער קויפט עס פון איהם נישט, ווייל מען האט פשוט מורא זיך אנצופאנגען מיט דעם רייכען כלבא שבוע... נו, זעהט מען דאך אז ער איז געווען געצוואונגען צו טהאן אזא זאך, וואס וועט א מענש נישט טהאן פאר א שטיקעל ברויט ?...

— אבער פאר וואס האט ער דוקא אויסגעקליבען יוליוס ווערנוס'עס הויז צו בע'גנב'ענען, האט ער דען נישט געקענט געהן צו זיין אייגענעם שווער אין הויז — האט נאך איינער פון די גרופע געפרעגט. —

— וואס פערשטעהסטו דא נישט — האט א צווייטער געענטפערט — זיין שווער האט דאך געשווארען דאס ער זאל פון איהם קיין פרוטה נישט קריגען, נו, האט עקיבא גאר נישט געוואלט נעמען ביי איהם, כדי כלבא שבוע זאל נישט עובר זיין די שבועה וואס ער האט געשווארען...

— און איך זאג אייך אז די גאנצע מעשה איז כזב ושקר — האט זיך א יונגער ערד־ארבייטער אפגערופען. — איך קען עקיבא'ן זעהר גוט, און איך בין זיכער אז ער וועט נישט גנב'ענען אפילו ווען ער זאל שטארבען פון הונגער...

— נו, וואס זאגט איהר אויף איהם ! — האט זיך דער ערשטער איד געקאכט — איך האב אליין, מיט מיינע אויגען, געזעהן ווי יוליוס ווערנוס האט עקיבא'ן געפיהרט אין קייטען און ווי עטליכע רוימישע בעאמטע האבען איהם מיט זייערע בלויזע שווערדען געהיט, קומט ער און זאגט אז אלעס איז כזב ושקר ! האט איהר נאך געהערט אזא חוצפה !....

— דאס וואס יוליוס ווערנוס האט איהם ארעסטירט איז דאך נאך אלץ נישט קיין ראיה אז עקיבא האט ביי איהם גע'גנב'עט — האט דער יונגערמאן איהם געענטפערט — ביי יוליוס ווערנוס'ן איז רעכט צו ארעסטירען עקיבא'ן בלויז דערפאר וואס ער האט פיעלייכט נישט געהאט צו בעצאהלען דעם האלבען שקל קאפ־שטייער פאר יופיטער'ן...

— דערווייל האט נאך אין גמזו נישט פאסירט אז א איד זאל געפיהרט ווערען אין קייטען צוליעב אזא זאך — האט דער איד געאזגט — און ווידער ווייסען מיר אלע אז ארימע לייט און ארבייטער זיינען בעפרייט פון צו צאהלען קאפשטייער צו די רוימישע רעגיערונג...

— וואס פערשטעהסטו דא נישט — האט איהם דער יונגער מאן געענטפערט — יוליוס ווערנוס טראגט אויף עקיבא'ן אן אלטען כעס, זינט ער האט אויסגעפונען דאס ער האט אפגעבראכען יופיטער'ס נאז, קען דאך דעריבער זיין

דאס ער האָט מיט איהם געמאכט און אויסנאהמע און פון איהם געפאדערט דעם האלבען שקל, און ווען עקיבא האָט נישט געהאט איהם צו געבען האָט ער זיך מיט איהם אפגערעכענט פאר זיין אלטע "זינד" אויך...

— צו וואס דארפט איהר זיך שפארען און קריגען — האָט איינער פון דער גרופע געזאגט — איך האָב אליין געהערט פון תנחום׳ס מויל אז עקיבא האָט בעגנב׳עט זיין פריהערדיגען האר, יוליוס ווערנוס, און צוליעב דעם איז ער עס יעצט ארעסטירט...

— פון וואנען וויים עס תנחום ?

— און וואס וויים תנחום נישט ! איז דען אין שטאדט פארהאן איין געהיימניס אז תנחום זאל דערפון נישט וויסען...

—נו, אויב עס זאל זיין אמת, איז טאקע א ביטערער רחמנות אויף רחל׳ן, צו וואס זי האָט זיך דערלעבט !... פערטריבען געווארען פון דער היים, פערלארען די ליעבע פון אזא רייכען און איבערגעגעבענעם פאטער און געקראָגען א מאן וועלכער איז א גנב און אן אויסוואורף !...

— רעכט אויף איהר — האָט זיך אפגערופען אן עלטערער איד — וואו איז דאס געהערט געווארען ביי אידען אז א טאכטער זאל ווידערשפעניגען איהר פאטער און חתונה האָבען מיט אימיצען געגען זיין ווילען... אזא זאך קען זיך זעהר זעלטען טרעפען אפילו ביי די רוימער... אוי וועה ! צו וואס פאר א דור מיר האָבען זיך דערלעבט ! קינדער ווילען נישט פאלגען זייערע עלטערען, ווילען נישט געהן אין די גלייכע אויסגעטראטענע וועגען פון אונזערע אורעלטערען... זיי זוכען זיך אוים קרומע וועגען... און אויב אזא ווי כלבא שבוע׳ס טאכטער, האָט אזוי געטהאן, וואס וועלען שוין זאגען די איבעריגע, די טעכטער פון פשוט׳ן המון...

אלע אידען פון דער גרופע האָבען צוגעשאקעלט מיט די קעפ. און ווען זיי זיינען זיך פאנאנדער געגאנגען האָט זיך פון יעדען׳ס הארץ א שטילער זיפץ ארויסגעריסען...

---

ווען רחל האָט אויסגעפונען פון ר׳ נחום׳ן דאס עקיבא איז דעם לעצטען אבענד נישט געווען אין בית המדרש. האָט זי באלד פערשטאנען אז תנחום האָט אין דעם א האנט... א היבשע ווײלע איז זי נאך געשטאנען לעבען בית המדרש א צוטומעלטע און פערצווייפעלטע ווי זי וואלט געווארט אז עקיבא זאל נאך אנקומען... באלד אבער, האָט זי זיך ארומגעזעהן דאס איהר ווארטען איז אומיזסט זי מוז געהן עפעס טאהן... פון בית המדרש אי זי גלייך אוועקגעגאנגען צו תנחום׳ס הויז.

— איז תנחום דא ? — האָט רחל געפרעגט ווי זי האָט נאר געעפענט די טיהר.

ווען תנחום׳ס ווייב האָט דערזעהן רחל׳ן ביי איהר אין הויז, האָט זי גע־מיינט אז דאס איז זי געקומען אנזאגען תנחום׳ן דאס זי האָט שוין געקראָגען דעם גט פון עקיבא׳ן...

— מיין מאן אי יעצט נישטא — האָט זי געזאגט א פרעהליכע — אבער

דו קענסט מיר איבערגעבען אלעס וואס דו האסט צו זאגען ווייל מיין מאן האט מיר אלעס אנפערטרויט.

— איך מוז אבער פריהער זעהן תנחום'ן — האט רחל געזאגט מיט זארג...

— דו דארפסט זיך פאר מיר גארנישט שעהמען — אויב דו האסט שוין געקראגען דעם גט פון דעם פאסטוך, קענסטו מיר עם זאגען, ווייל איך וועל זיין העכסט גליקליך און צופריעדען, ווען איך וועל וויסען אז דו ביזט פטור געווארען פון עקיבא, דעם גנב!...

— ווי וואגסטו עם צו רופען מיין מאן מיט'ן נאמען גנב! — האט רחל געזאגט מיט כעס — זאג דאך מיר וואס האט תנחום געטהאן צו מיין מאן!

— זעה נאר, ווי זי האט זיך צושריען! — האט תנחום'ס ווייב איהר איבערגעקרימט — דו קבצנ'טע, דו! זאג מיר וואס איז דא מיט דיר אזוי די גדולה! א קליינינקייט, עקיבא דעם גנב'ס ווייב!... דו דארפסט זיך שעצען גליקליך וואס מיין תנחום וועט דיר פון איהם בעפרייען, און אנשטאט איהם דאנקבאר צו זיין, קומסטו אהער מיט אזא כעס!!...

— דו מוזט מיר ענטשולדיגען — האט רחל געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען — ווי האב איך זיך געקענט איינהאלטען און נישט ווערען אין כעס ווען דו רעדסט אזוי וועגען מיין ליעבען און טייערען עקיבא!... איך בעט דיר נאך אמאל רעד נישט אזוי וועגען איהם...

— וואס? ! — האט תנחום'ס ווייב אויסגעשריען — איז עקיבא נאך ביי דיר אזוי טייער און ליעב?... ווילסטו דען אין דריי טעג ארום נישט ארויסקריגען קיין גט פון איהם? !

— קיין זאך, נאר דער טויט, וועט אונז ביידען צושיידען — האט רחל געזאגט — און אויב דיין תנחום טראגט זיך ארום מיט די געדאנקען דאס מיר ביידע וועלען זיך גט'ן, קענסטו איהם זאגען אין מיין נאמען, ער זאל אזעלכע געדאנקען פון זיין קאפ ארויסשלאגען!

תנחום'ס ווייב איז געווארען אויסער זיך פון כעס און אויפרעגונג... יעצט זעהט זי אז תנחום האט איהר די גאנצע צייט גענארט; ער האט איהר געקארמעט מיט פאלשע האפענונגען און פערזיכערונגען... און אט ערשט נעכטען, האט ער איהר געזאגט, דאס אין דריי טעג ארום וועט עקיבא אפ'גט'ן רחל'ן און ער וועט דורכדעם רייך ווערען און יעצט לאזט זיך גאר אויס אז אלץ וואס ער האט געזאגט איז ליגען... אבער אויב אזוי טו צו וואס דארף איהם יעצט רחל און פארוואס איז זי אהער געקומען...

— אויב דו ווילסט זיך מיט עקיבא'ן נישט גט'ן — טו וואס האט דיר אהער געבראכט? — האט זי געזאגט מיט אויפרעגונג...

— דיין תנחום האט געסטראשעט מיין מאן דאס ער וועט איהם שלעכטס טאהן... און יעצט בין איך געקומען פרעגען דיין מאן וואס ער האט צו איהם אזוינס געטהאן... ווייל מיין עקיבא איז נעכטען אין דער פריה אוועק אין מארק און זיך מעהר נישט צוריקגעקעהרט...

— כא, כא, כא! — האט זיך תנחום'ס ווייב פאנאנדערגעלאכט — דוא ווייסט גארנישט וואס מיט דיין מאן האט פאסירט? דו וועסט איהם שוין מעהר נישט קענען זעהן...

— וואס האט פאסירט — איז רחל בלאס געווארען — אוי מיין גאט, האט דען אן אומגליק געשעהן ?....

— פון דעם אומגליק קען אמאל זיין א גליק פאר דיר — האט תנחום׳ס ווייב געזאגט — יעצט אז עקיבא איז ארעסטירט, קען מעגליך זיין דאס ער וועט דיר בעפרייען...

— מיין עקיבא איז ארעסטירט ?! — האט רחל אויסגעשריען — פאר וואס איז ער ארעסטירט? איך וויים אז דיין תנחום האט דאמיט צוטהאן !... אה גאט פאר וואס שטראפסטו אונז אזוי !

— מיין תנחום ! — האט זי זיך ווידער פאנאנדערגעלאכט — דיין עקיבא איז ארעסטירט פאר גנבת !... ער האט בעגנב׳עט זיין פריהערדיגען האר, יוליוס ווערנוס׳ן, האט ער איהם דעריבער ארעסטירט....

— עס איז א ליגען ! עס איז א שרעקליכער בלבול ! — האט רחל געזאגט און איהר קערפער האט אין גאנצען געציטערט — זיינע שונאים האבען עס אויף איהם אויסגעקלערט !... איך וויים אז תנחום האט אויף איהם דיזען אומגליק געבראכט !

— שווייג, דו חצופה ! — האט תנחום׳ס ווייב אויסגעשריען מיט ביטערנים — ווי וואגסטו עס ארויפצובריינגען אויף דיינע ליפען מיין מאנ׳ס נאמען... דיין עקיבא האט בע׳גנב׳עט זיין פריהערדיגען האר און דעריבער האט מען איהם ארעסטירט און דא קומסטו, און ווילסט בעשולדיגען מיין תנחום׳ן אז ער האט געהאט עפעס צו טהאן מיט זיין ארעסט...

— עס איז א בלבול ! א שרעקליכער בלבול — האט רחל נאך אמאל אויסגעשריען און איז שנעל ארוים פון תנחום׳ס הויז... און מיט א צו ווייטאגטע הארץ און געבראכענעם געמיטה איז זי גלייך אוועק צו יוליוס ווערנוס׳ן...

---

דער קלאנג אז עקיבא איז ארעסטירט געווארען צוליעב גנבה האט אויך דערגרייכט די אויערען פון כלבא שבוע, און כאטש ער האט שטארק געצווייפעלט אין דער ריכטיגקייט פון דעם קלאנג, דאך האט ער גלייך געשיקט רופע תנחום׳ן, אויסצוגעפינען פון איהם אלע איינצעלהייטען פון עקיבא׳ס ארעסט...

תנחום איז אריינגעקומען צו כלבא שבוע׳ן מיט א פרעהליכען פנים, מיט א נצחון שמייכעל אויף זיינע ליפען.

— איז דאס טאקע אמת, וואס מען דערצעהלט אז עקיבא האט בע׳גנב׳עט יוליוס ווערנוס׳ן און ער האט איהם דעריבער ארעסטירט ? — האט איהם כלבא שבוע געפרעגט.

— עס איז אמת, מיין האר — האט תנחום געענטפערט — איך בין אליין דערביי געווען ווי יוליוס ווערנוס האט איהם ארעסטירט...

— דערצעהל דאך מיר אלע איינצעלהייטען פון דעם — האט איהם כלבא שבוע געזאגט.

— ווען איך בין נעכטען אין דער פריה אוועק אין מארק מיט דעם געדאנק זיך איבערצוריידען נאך אמאל מיט עקיבא׳ן, פלוצלונג דערזעה איך ווי יוליוס ווערנוס געהט צו צו עקיבא׳ן מיט איינינע רוימישע בעאמטע... איך האב זיך

גלייך דערנעהענטערט ווייל איך האב געוואלט וויסען וואס דא קומט פאר; באלד האב איך דערהערט ווי יוליוס ווערנוס האט בעשולדיגט עקיבא'ן דאס ער האט איהם לעצטע נאכט בע'גנב'עט... געוועהנליך, עקיבא האט געלייקענט אבער באלד זיינען צוגעגאנגען צוויי עדות און האבען איהם גלייך אין די אויגען געזאגט, דאס זיי האבען איהם געזעהן לעצטע נאכט ארויפקלעטערען אויף דעם זעלבען פענסטער, דורכוואנען ער איז אריין מיט א צייט צוריק אפצוברעכען יופיטער'ס נאז...

— ער בעשולדיגט איהם דאס ער האט ביי איהם געגנב'עט ציערונג פון גאלד און זילבער...

עפעס גלויבט זיך מיר נישט אז עקיבא זאל טהאן אזא זאך — האט כלבא שבוע געזאגט.

— פאר וואס נישט, מיין האר האט תנחום געזאגט — ווען איינער איז הונגעריג קען מען אויף איהם אלס גלויבען... ער האט שוין עטליכע טעג גארנישט פערדיענט, ער האט מסתמא אנגעפאנגען צו הונגערען, רחל האט אויך גארנישט פארדינט, האט ער זיך מישב געווען אזוי ווי ער וויים אלע בעהאלטענע אריינגאנגען פון זיין פריהערדיגען האר, איז ער אהין אוועק ביינאכט און איהם בע'גנב'עט...

— אויב עס זאל זיין ריכטיג ווי דו זאגסט — האט כלבא שבוע געזאגט מיט טרויער — דאן פיהל איך זיך אויך עטוואס זינדיג אין דער זאך, ווייל איך האב גורם געווען דערצו דאס זיי זאלען ביידע דארפען הונגערען...

— זאל מיין האר אזוי נישט זאגען, — האט תנחום געזאגט, — ווען איינער איז אן עהרליכער מאן, וועט ער נישט געהן גנב'ענען אפילו ווען ער זאל הונגערן...

— יע, יע, — האט כלבא שבוע געזאגט — וואס קען מען ערווארטען פון אן עם הארץ... ווען איינער וויים גאר נישט פון אונזער הייליגער תורה, איז פאר איהם זעהר גרינג צו זינדיגען... וועה איז צו דיר, מיין ליעבע טאכטער, וואס דיר האט אזא אומגליק פאסירט!... נישט גענוג וואס דיין מאן איז אומוויסענד און ארעם, איז ער נאך דערצו א גנב!

— נו, יעצט גלויב איך — האט זיך תנחום אפגערופען — אז עקיבא וועט שוין מרוצה ווערען צו געבען רחל'ן א גט, ווי עס ווייזט אויס וועט איהם שוין יוליוס ווערנוס דיזען מאל נישט אפלאזען... ער וועט זיך שוין מיט איהם אפרעכענען פאר אלעס...

---

רחל איז אריינגעקומען צו יוליוס ווערנוס'ן אין הויז, און געזאגט די דינער דאס זי וויל זיך זעהן מיט זייער האר.

באלד איז ארויסגעקומען יוליוס ווערנוס און האט איהר בעגריסט.

ער האט בעמערקט איהרע ארימע קליידער און איהר צושראקענעם, בלאסען פנים און א געפיהל פון רחמנות האט זיך ביי איהם ערוועקט.

— יעצט, רחל, וועסטו שוין לאנג נישט דארפען ליידען — האט ער איהר געזאגט — עקיבא וועט דיר שוין געבען גט, ער וועט דיר שוין מעהר איבערגעוואלט נישט האלטען פאר זיין פרוי.

— ווער האט דיר דען געזאגט דאס איך האב ביז יעצט געליטען? — האט רחל מיט שטאלץ געזאגט.

— נו, געוועהנליך, ווען דו וואלסט נישט געליטען, וואלסטו דאך נישט פארלאנגט פון איהם גט... ווען מען ליעבט א פערזאן און נאכהער זוכט מען זיך פון איהם צו שיידען דאס גופא איז גענוג ליידען...

— זאג מיר, מיין הארץ, איך בעט דיר — האט זיך רחל אפגערופען — פארוואס האסטו ארעסטירט מיין מאן?...

— דאס איז אלץ געטהאן געווארען צוליעב דיין טובה ווענען — האט יוליוס געענטפערט — דאס האבען דיינע פריינד מיר געבעטען איך זאל דיר ארויסהעלפען. און אזוי ווי איך טראג נאך אויף עקיבא'ן אן אלטע שנאה, האב איך איינגעוויליגט זיי ארויסצוהעלפען אין דעם.

— און ביי דיר איז רעכט געוועזען צו מאכען אויף אן אומשולדיגען מאן אזא שרעקליכען בלבול...

— איך האב אויף איהם קיינע בלבולים נישט געמאכט — האט יוליוס געזאגט — ווען איך האב איהם ארעסטירט האב איך געזאגט דאס ער ווערט פערהאלטען פאר זיין ערשטען פערברעכען וואס ער האט געטהאן, ווייל ער ווי איך פערשטעה וועט כלבא שבוע יעצט פאדערען צוריק דאס געלט וואס ער האט מיר פאר איהם בעצאהלט, און דעריבער מוז ער יעצט זיין מיין געפאנגענער.

— האסטו דען נישט פערשפרייט א קלאנג איבערן שטאדט אז עקיבא האט דיר בע'גנב'עט און דעריבער האסטו איהם ארעסטירט.

— דו מאכסט א טעות, רחל, איך האב אזא זאך אויף איהם קיינמאל נישט געזאגט, און געוויים האב איך אזעלכע קלאנגען וועגען איהם נישט פערשפרייט...

— טו ווי קומט עס דאס דו האסט איהם גאר פלוצלונג ארעסטירט, האט דיר דען מיין פאטער געלאזט וויסען דאס ער וועט פון דיר פאדערען צוריק זיין געלט?...

— ניין, דיין פאטער האט פון מיר דאס געלט נישט געפאדערט — אבער ווי איך פערשטעה האט דיין פאטער געשיקט צו מיר תנחום'ן ער זאל ביי מיר פועל'ן דאס איך זאל ארעסטירען עקיבא'ן כדי מען זאל איהם קענען צווינגען ער זאל דיר גט'ן.

— אה, תנחום! — האט רחל אויסגעשריען — דער שלעכטער מאן, וואס איז נאר אויסען זיין אייגענגוץ! יעצט פארשטעה איך שוין... דערצעהל דאך מיר, איך בעט דיר, וואס האט תנחום מיט דיר גערעדט וועגען מיר און מיין מאן.

— תנחום איז צו מיר צוגעקומען נעכטען פריה און דערצעהלט מיר אזוי ווי מיין פריהערדיגער פאסטוך האט מיר געמאכט צו שאנד פאר די רוימער, אזוי האט ער אויך געמאכט צו שאנד כלבא שבוע'ן און אומגליקליך געמאכט זיין איינציגע טאכטער... ער האט מיר דערצעהלט ווי עקיבא האט דיר איינגערעדט דאס ער וועט אמאל ווערען א גרויסער מאן און דו האסט איינגעוויליגט מיט איהם חתונה צו האבען... יעצט — האט ער מיר געזאגט — האסטו זיך ארומגעזעהן אז דו ביזט ארייגעפאלען און דו ווילסט דאס עקיבא זאל דיר געבען גט, אבער דער פאסטוך האט זיך איינגע'עקשנ'ט און וויל דערפון נישט הערען. און ווי איך האב פערשטאנען, האט תנחום געהאט די צושטימונג פון דיר און דיין פאטער, ווייל ער האט מיר געזאגט דאס כלבא שבוע וועט מיר דאנקבאר זיין אויב איך וועל עקיבא'ן איבערגעבען אין די הענד פון סעיאנוס בורוס'ן...

— דאס איז א געמיינער ליגען פון תנחום'ן — האט רחל געזאגט — איך בין זיכער אז טראַץ דעם וואס מיין פאטער איז אין כעס אויף מיין מאן, וועט ער קיינמאל נישט הייסען טאחן אזא זאך, דאס האט תנחום אלעס געטהאן צוליעב זיינע אייגענע נוצען, ווייל ער גלויבט, דאס ער וועט קענען ארויסקריגען געלט פון מיין פאטער אויב איהם וועט געלינגען צו צווינגען עקיבא'ן מיר צו גט'ן.

— אבער פון וואנען ווייס איך אז דאס איז טאקע נישט געווען כלבא שבוע'ס וואונש? — האט יוליוס געפרעגט.

— איך קען מיין פאטער זעהר גוט און איך בין איבערציינגט אז מיין פאטער האט תנחום'ן קיינמאל אזא זאך נישט געהייסען טאחן. און אויב דו ווילסט זיך אליין איבערצייגען, קענסטו שיקען א שליח צו מיין פאטער און איהם דערצעהלען אלעס וואס תנחום האט דיר געזאגט און איהם פרעגען אויב ער האט טאקע אזוי געוואונשען. תנחום'ס ליגענס זיינען דאך אזוי בולט. האט ער דיר דען נישט געזאגט אזא שרעקליכען ליגען, דאס איך וויל אז עקיבא זאל מיר געבען גט... מיין עקיבא איז מיר טייערער פון מיין אייגענעם לעבען, און אויב חלילה עפעס זאל פאסירען מיט מיין ליעבען מאן, וואלט איך עס געוויס נישט אריבערטראגען, קומט צו געהן אזא מאן ווי תנחום און זאגט נאך דאס ער זוכט מיין טובת...

— גוט — האט יוליוס געזאגט — איך וועל אימיצען שיקען צו כלבא שבוע'ן איהם אנצופרעגען וועגען דעם און איז ארויס פון צימער.

רחל האט אונגעדולדיג געווארט אויף דעם ענטפער פון דעם שליח; זי איז געווען זיכער דאס איהר פאטער האט מיט עקיבא'ס ארעסט גארנישט צוטהאן. זי קען גוט איהר פאטער, זי ווייס דאס ער וועט נישט דערלאזען מען זאל א אידען איבערגעבען אין די רוימישע הענד... זי פארשטעהט יעצט אז דאס האט תנחום אליין אפגעטהאן. ער האט פערשפרייט דעם קלאנג אז עקיבא האט יוליוס'ן בע'גנב'עט כדי איהם צו פערמיאוס'ן אין איהרע אויגען... זי וואלט גאר קיינמאל נישט געגלויבט אז תנחום זאל האבען געזונקען אזוי נידעריג... זי האפט נאר דאס יוליוס זאל עקיבא'ן וועלען בעפרייען... ער איז געווען אפילו פריינדליך צו איהר אבער ווער קען וויסען וואס ער וועט טהאן.

---

ווען מען האט אנגעזאגט כלבא שבוע'ן אז יוליוס'עס שליח איז געקומען איהם זעהן, האט ער איהם גלייך געהייסען אריינגעהן. ער האט זעהר גערן געוואלט וויסען צו די קלאנגען אז עקיבא איז ארעסטירט צוליעב גנבה, זייגען ריכטיג... ער האט עקיבא'ן געהאלטען פאר זעהר אן עהרליכען מאן, און יעצט קומט מען און בעשולדיגט איהם אין גניבת...

— וואס איז דיין פערלאנג — האט כלבא שבע געפרעגט יוליוס' שליח.

— מיין הער יוליוס האט מיר געשיקט פרעגען אויב דער ארעסט פון עקיבא'ן איז אין איינקלאנג מיט דעם וואונש פון מיין הער כלבא שבוע...

כלבא שבוע האט איהם אנגעקוקט ערשטוינט:

— איך האב מיט עקיבא'ן גאר נישט צו טהאן — האט ער געזאגט — אויב דיין הער האט אויסגעפונען דאס ער האט איהם טאקע בע'גנב'עט, זאל ער מיט איהם טהאן וואס ער וויל... אבער ער מוז האבען געניגענדע בעווייזע וועגען דעם.

— בע׳גנב׳עט ? ! — האָט דער שליח געזאָגט — עקיבא איז נישט ארעסטירט פאר גנבה... מיר וואונדערט זעהר ווי אזוי עס פאלט מיין האר גאר איין אזא חשד אויף עקיבא׳ן !... מיין האר יוליוס ווערגוס האָט ארעסטירט עקיבא׳ן ווייל תנחום האָט איהם געזאָגט אז דאס איז דיין וואונש...

— מיין וואונש ! — האָט כלבא שבוע אויסגעשריען מיט כעס — דער נידערטרעכטיגער ליגנער ! איך האָב איהם דאס קיינמאל גישט געהייסען טאָהן! יעצט פערשטעה איך פון וואנען עס שטאַמט דער קלאנג אז עקיבא איז א גנב ! דאָס האָט ער, תנחום אויף איהם אויסגעטראַכט אזא בלבול ! געה צו דיין האר און זאג איהם אז נישט נאר האָב איך גאר נישט געהט צו טהאָן מיט דעם, נאר איך בין שטארק געגען דעם ארעסט פון אן אונשולדיגען מאן... און בעט איהם אין מיין נאמען ער זאָל איהם גלייך באפרייען...

כלבא שבוע האָט געברענט פון כעס : אזא נידערטרעכטיגקייט פון תנחום׳ן... ער טאָר זיך מעהר ביי איהם אויף׳ן שוועל נישט געפינען...

כלבא שבוע האָט געשיקט זיין דיענער צו תנחום׳ן אין הויז ער זאָל איהם אָנזאָגען מעהר ניט צו וואגען ארויפצוטרעטען אויף זיין שוועל, ווייל ער האָט שוין אויסגעפונען אלע זיינע פאלשקייטען און בעטריגערייען.

תנחום האָט יעצט געהאט זעהר א שווערע ארבייט איבערצוצייגען זיין ווייב, אז סוף כל סוף וועט איהם געלינגען ארויסצוקריגען א גט פון עקיבא׳ן פאר רחל׳ן.

— ווי באלד אז רחל אליין וועט זיך איבערצייגען אז איהר מאן איז א גנב וועט זי שוין געווים איינשטימען צו נעמען גט פון איהם.

— אבער איין זאך קען איך דיר נישט מוחל זיין — האָט זיך זיין ווייב צושריען — פארוואס האָסטו מיר געזאָגט אזא ליגען ! פארוואס האסטו מיר דערצעהלט אז דיר איז געלונגען איבערצוריידען רחל׳ן צו נעמען גט פון עקיבא׳ן. דו האסט געדארפט זעהן ווי זי האָט זיך דא צושריען ווען איך האָב דערמאנט עקיבא׳ס נאמען... איך זעה דאך ווי צוגעבונדען זי איז צו איהם, קומסטו צו געהן און זאגסט מיר אזא ליגען !...

— איך שווער דיר ביי מיין בארד און פאות — האָט תנחום געזאָגט — דאס איך האָב איהר שוין געהאט איבערגערעדט — נאר מסתמא האָט זי נאכ־הער חרטה געקראָגען...

דערווייל איז אנגעקומען כלבא שבוע׳ס דינער.

— דו זעהסט — האָט זיך תנחום אפגערופען מיט נצחון צו זיין ווייב — אט שיקט שוין כלבא שבוע מיר רופען ; רחל האָט שוין מסתמא דעם גט בע־קומען און ער וויל מיר שוין בעצאָהלען...

תנחום מיט זיין ווייב זיינען דעם דינער ענטקעגען געגאנגען מיט פרעהליכע פנימ׳ער...

— קום ארייין אין מיין הויז, מיין פריינד — האָט פאר איהם תנחום ברייט געעפענט די טיהר.

— מיין האר כלבא שבוע האָט מיר געשיקט דיר אנזאגען — האָט דער דינער געזאָגט — אז דו זאלסט מעהר נישט וואגען אריבעצוטרעטען זיין שוועל !... ער האָט אויסגעפונען אלע דיינע ליגענס... און ער וויל פון דיר מעהר נישט קענען און מעהר נישט וויסען !... דו האָסט גאר נישט מורא פאר גאָט !

דו שקרן, דו פאַלשער מאַן!! ווי וואַגסטו עס אויסצוטראַכטען אַזאַ בלבול אויף אַן אומשולדיגען מאַן, שעהמען מעגסטו זיך!...

ווען דער דיענער האָט פאַרלאַזען דאָס הויז האָט זיך תנחום אַ פאַרשעהמ־טער געגומען רוקען צום טהיר, אָבער זיין ווייב האָט זיך איינגעטשעמעט אין זיין לאַנגע רויטע באָרד און זיך הויך אויפ׳ן קול צושריען:

— אַזוי גאָר, תנחום, מיין "טהייערער" מאַן! דו האָסט מיר די גאַנצע צייט געקאַרמעט מיט ליגען! דו ליידיג־געהער, דו אויסוואורף! אַט אַזוי געהסטו עס בעזאָרגען דיין פרוי און קינדער...

ווען תנחום איז שוין געווען אין דרויסען, האָט נאָך זיין ווייב געשריען מיט אַלע איהרע כוחות, האַלטענדיג צוזאַמענגעדריקט אין האַנד די האַלבע באָרד וואָס איז ביי איהר געבליבען ווען תנחום האָט זיך געפּרואווט אַרויסרייסען פון איהרע הענט...

## פינף און צוואַנציגסטער קאַפּיטעל

# יוליוס ווערנוס — אַ בעל תשובה

רחל האָט אונגעדולדיג געוואַרט אויף דעם צוריקקעהר פון יוליוס׳ס שליח. איהר האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט.

— גאָט! איז דאָס מעגליך דאָס איהר פאָטער זאָל האָבען אַ האַנד אין עקיבא׳ס אַרעסט?... וועט איהר פאָטער איינוויליגען דאָס מען זאָל עקיבא׳ן איבערגעבען אין די רוימישע הענד... און אויב איהר פאָטער מיינט דאָס דאָמיט וועט ער איהם צווינגען צו געבען איהר גט, מאַכט ער אַ טעות... זי וועט מיט איהר עקיבא׳ן מיטגעהן אַפילו אין געפאַנגענשאַפט... קיינמאָל וועט זי איהר פאָטער נישט מוחל זיין פאַר דעם; ניין, אויב עקיבא איז אַרעסטירט דורך איהר פאָטערס שולד, וועט זי זיך שוין קיינמאָל צו איהם נישט צוריקקעהרען...

באַלד אָבער פאַרדריסט רחל׳ן וועגען די שלעכטע געדאַנקען וואָס זי האָט וועגען איהר פאָטער... קען זי דען נישט איהר פאָטער? ווייס זי דען נישט דאָס איהר ליעבער פאָטער וואָלט קיינמאָל אַזאַ זאַך נישט געטהאָן... און ווי אין כעס ער זאָל נישט זיין אויף איהר און אויף עקיבא׳ן, וועט ער קיינעם נישט ער־מוטיגען איהם איבערצוגעבען אין די רוימישע הענד... יאָ, דאָס האָט ער איהם אַרעסטירט צוליעב תנחום׳ס אינטריגע!... דער געלדגייציגער און פאַרדאַרבענער תנחום וועט זיך פאַר קיין זאַך נישט אָפּשטעלען, כדי צו עררייכען זיין ציעל...

יוליוס ווערנוס איז אַריינגעקומען אין צימער וואו רחל האָט געוואַרט.

— נו, — איז רחל אויפגעשפּרונגען פון איהר פּלאַץ, — האָט זיך שוין דיין שליח צוריקגעקעהרט?

— נאָך נישט, —האָט יוליוס געענטפערט, — ער וועט וואַהרשיינליך באַלד צוריקקומען...

— זאָג דאָך מיר, איך בעט דיר, — האָט רחל געזאָגט, — ווי פיהלט מיין עקיבא, האָט ער דען עפּעס געגעסען דורך דער צייט?

— דיין עקיבא פיהלט זיך פריש און מונטער, — האָט יוליוס געשמיי־כעלט, — דו דאַרפסט וועגען איהם גאָרנישט זאָרגען. איין זאַך וועל איך דיר פרעגען, וואָס האָסטו אַזוינס געפונען אין דעם אָרימען אומוויסענדען פאַסטוך

וואס דו האסט מיט איהם חתונה געהאט ? דו האסט פארלאזען אזא רייכע היים, א געטרייען פאטער, און אלע דיינע גוטע פריינד צוליעב עקיבא'ן. האסטו דען נישט געקענט קריגען איינעם פון די רייכסטע און געלערנטע יונגע לייט אין יהודה ? לויט ווי איך האב געהערט האט גאר דיין חתן געזאלט זיין רבן גמליאל דער נשיא פון סנהדרין, טו ווי קומט עס דו זאלסט איהם אויסבייטען אויף עקיבא'ן ?...

— איך האב חתונה געהאט מיט עקיבא'ן ווייל איך האב איהם ליעב, — האט רחל געענטפערט.

— ליעב ? !... וואס האסטו אזוינס געזעהן אין איהם דאס דו האסט איהם ליעב בעקומען ? — האט יוליוס ווידער געפרעגט.

— ליעבע זעהט נישט מיט אויגען... ליעבע זעהט מיט'ן הארצען... — האט רחל געענטפערט מיט שטאלץ.

— איז עס אמת אז עקיבא האט דיר איינגערעדט דאס ער וועט ווערען א גרויסער מאן ? — האט יוליוס געפרעגט.

— עקיבא האט מיר נישט געדארפט איינריידען, ווייל איך זעה אליין דאס ער איז א גרויסער מאן, און מיט א צייט שפעטער וועט די גאנצע וועלט עס זעהן...

— אין וואס אבער בעשטעהט זיין גרויסקייט, — האט יוליוס זיך געוואונ־דערט, — איז ער ביי דיר אין די אויגען גרויס געווארען צוליעב דעם וואס ער האט מיר אנגעטהאן אזא שאנדע און היזק ווען ער האט צובראכען יופיטער'ס נאז?

— אין דעם גופא קען מען אויך זעהן זיין גרויסקייט, — האט רחל גע־זאגט, — ער האט זיין לעבען אין סכנה געשטעלט כדי צו הייליגען דעם נאמען פון אונזער גאט...

— זאג מיר, איך פרעג דיר, — האט יוליוס מיט ערנסט געזאגט, — איז עס דען א זינד ווען איך האב אריינגעבראכט דעם רוימישען אפגאט אין מיין הויז ?... איך גלויב דאך אין איהם נישט און איך בוק זיך נישט צו איהם... דאס האב איך נאר געטהאן כדי צופרידענצושטעלען און בערוהיגען די רוימער... זיי זיינען יעצט די הערשער פון לאנד מיר מוזען זיי ארויסצייגען אונזער לאיאליטעט און איבערגעבענהייט.. מיר מוזען לעבען בשלום מיט אונזערע הער־שער, ווייל מיר אלע געדענקען נאך דעם גרויסען אומגליק וואס די היציגע קעפ, די קנאים, האבען געבראכט אויף גאנץ יהודה...

— אונזער קראפט און אונזער שטאלץ ליגט אין אונזער הייליגער תורה, — האט רחל געזאגט, — און כאטש אונזער בית המקדש איז חרוב געווארען, אונזער רעגירונג איז צושטערט געווארען, האבען מיר דאך נישט פארלארען די האפנונג ווידער אמאל אויפצובליהען און ווערען א זעלבסטשטענדיגע נאציאן, אויב מיר וועלען לערנען און אפהיטען אונזער תורה... ווען אבער אונזערע ברי־דער ברייננגען אריין אין זייערע הייזער פרעמדע געטער, דאן זיינען זיי עובר אויף דעם וויכטיגסטען געבאט פון אונזער תורה, און ווען אפילו זיי אליין בוקען זיך צו די געטער נישט, צייגען זיי אבער א שלעכטען ביישפיעל פאר זייערע קינדער און שכנים, וועלכע וועלען זיך פון זיי אפלערנען, און ביסלעכווייז וועט געצענדיענעריי פארשפרייט ווערען ביי די אידען פון נייעם דור... אונזער פליכט איז איינצופלאנצען אין אונזערע קינדער א ליעבשאפט צו דער אידישער תורה

און צו אלעם וואס איז אידיש... און דאריבער האט עקיבא באוויזן א גרויסע העלדישקייט ווען ער האט אפגעבראכען יופיטער'ס נאז... דאמיט האט ער געצייגט דעם אידישען פאלק וואס פאר אן אונזינן עס איז פאר א אידען אריינצוברייגגען אין זיין הויז אן אפגאט...

— דו זאגסט אז די קינדער וועלען דערפון אראפנעהמען א שלעכטען ביישפיעל, — האט יוליוס געזאגט, — אבער אט וועל איך דיר צייגען פון מיר אליין: איך האב צוויי קינדער, א זוהן מיט א טאכטער,ביידע זיינען ערצויגען געווארען אין דיזעלבע הויז, פון דעסטוועגען איז דער צייט ווען מיין זוהן מאנילוס איז אין גאנצען געגייגט צו די רוימער און זייער ארט לעבען, איז מיין טאכטער אקטאוויא פארבליבען אן עכטע אידישע טאכטער... יא, אקטאוויא איז שוין געווען צופיעל אידיש און האט מיר פיעלע מאל אין גרויס פארלעגענהייט געשטעלט, ווייל, פארשטעהסטו מיך, אין מיין הויז קומען אריין פיעלע רוימישע בעאמטע און אריסטאקראטען, און איך מוז זיך מודה זיין, אז מיין הויפט צוועק וואס איך האב איהר געשיקט קיין רוים צוזאמען מיט איהר ברודער, איז געווען כדי אפצושוואכען אין איהר די צופיעל אידישקיים...

— יא, איך קען דיין טאכטער, — האט רחל געזאגט, — זי איז ביי מיר געווען זיך געזעגענען, אבער איך קען דיר פארזיכערען, אז די גוטע, געטרייע אידישע טאכטער אקטאוויא וועט נאך מעהר ווערען צוגעבונדען צו אידישקייט, ווען זי וועט זיך צוריקקעהרען פון רוים... ערשט דארטען וועט זי זעהן דעם אונטערשיעד פון דעם רוימישען לעבען און דעם אידישען.

— פארגעס נישט, — האט יוליוס געשמייכעלט, — דאס זי איז אהין געפאהרען מיט איהר ברודער, און ער וועט שוין זעהן איהר צו בעאיינפלוסען זי זאל זיך אביסעל אויסרוימאניזירען...

— און איך בין כמעט איבערצייגט, — האט רחל געענטפערט מיט א שמייכעל אז ווען דיין זוהן וועט זיך צוריקקעהרען אהער, וועט ער אויך ווערען מעהר איבערגעבען צו אידישקייט...

— און איך צווייפעל אין דעם זעהר שטארק, — האט יוליוס געענטפערט, — מיין זוהן איז יונג און פול מיט לעבען, און ער וועט געוויס נישט וועלען אומבייטען א לעבען פון פארגעניגען און לוסטיגקייט אויף א לעבען פון אומעט און טרויער...

— נישט תמיד וועט אונזער לעבען זיין טרויעריג, — האט רחל געזאגט, — די זון וועט נאך פאר אונז ווידער אויפשייגען און דאן וועלען אפגעווישט ווערען אונזערע טרעהרען, פארשוואונדען וועט ווערען אונזער טרויער... פרעהליכקייט וועט הערשען אין אונזער לאגער, און אלע אידען וועלען דאן אנערקענען די מעכטיגקייט פון אונזער גאט און די גרויסקייט פון זיין תורה, יהודה וועט ווידער ווערען א זעלבסטשטענדיגע נאציאן און די חרוב'ע שטעדט און דער בית המקדש וועלען צוריק אויפגעבויט ווערען, ווייל מיר האבען נאך צווישען אונז אזעלכע איבערגעבענע און געטרייע אידען ווי מיין מאן, עקיבא!...

— וואס וועט ווערען פון אונזער פאלק, — האט יוליוס ווערנוס געלאכט,

— ווען איך זאל איבערגעבען דיין מאן, עקיבא'ן, צו סעיאנוס בורוס'ן, און ער זאל איהם טויטען, אדער פאר א שקלאף פארקויפען... דאן וועלען דאך אלע חלומות און האפנונגען פון אידישען פאלק צו נישט ווערען...

— דו וועסט אזא זאך נישט טהאָן! — האָט רחל מיט שרעק זיך אָפּגע־רופען, — דיינע צוויי קינדער זיינען יעצט אין א פרעמדע לאַנד, צווישען פרעמ־דע מענשען, און איך בין זיכער, אַז דו ביזט מתתפלל יעדען טאג דאָס עס זאָל זיי חס ושלום קיין אומגליק ניט פּאַסירען, זיי זאָלען נישט געפאַנגען ווערען און אריינפאַלען אין פרעמדע הענד, און אויב דו אליין וועסט טהאָן אזא שרעקליכע זאך און איבערגעבען אַן אומשולדיגען מענשען אין פרעמדע אכזר׳ישע הענד, וועט דען דער ליעבער גאָט וועלען צוהערען צו דיין תפלה?...

יוליוס איז שטארק גערירט געוואָרען פון רחל׳ס לעצטע ווערטער... זיינע צוויי קינדער זיינען דאך טאקע אין דער פרעמד... דערצו איז נאך אקטאוויא אזא שעהנע יונגע מיידעל... ווער ווייס אין וועמענס הענד זי קען אריינפאַלען... א שטארקע בענקשאפט האָט איהם פּלוצלינג אַנגענומען פאר זיינע קינדער, וועלכע זיינען יעצט אזוי ווייט פון איהם... ער האָט דאך פון זיי נישט גע־הערט זינט זיי זיינען אָפּגעפאָהרען נאך רוים... טרעהרען האבען זיך באוויזען אין זיינע אויגען...

—רחל, דו מוזט מיר ענטשולדיגען, — האָט ער אויסגערופען, — איך זעה אַז איך בין בעגאַנגען אַן עולה נעגען דיר און דיין מאַן, עקיבא׳ן, איך וועל איהם זאָפאָרט באפרייען, און איך בעט דיך, גנעדיגע רחל, דו זאָלסט בעטען גאָט ער זאָל בעשיצען מיינע קינדער אין דער פרעמד... אָט קומט מיין שליח פון דיין פאטער, אָבער זאָרג נישט רחל, וואָס דיין פאטער׳ס וואונש זאָל ניט זיין, וועל איך עקיבא׳ן בעפרייען, און טאקע באלד איידער איך וועל הערען כלבא שבוע׳ס ענטפער.

— וואַרט דאך א ווייל, — האָט איהם רחל געזאָגט, — איך וויל הערען פון דעם שליח מיין פאטערס תשובה איידער דו בעפרייסט עקיבא׳ן.

דער שליח איז אריינגעקומען און האָט זיך פארנייגט.

— איך בין געוועזען ביי כלבא שבוע׳ן און איך האָב איהם געפרעגט אויב עס איז געוועזען זיין וואונש צו ארעסטירען עקיבא׳ן.

— נו, וואָס האָט ער געזאָגט? — האָט רחל איהם געפרעגט.

— ער האָט געמיינט אַז עקיבא איז ארעסטירט געוואָרען פאר גנבה, ווייל אזוי האָט איהם תנחום געזאָגט, און ווען ער האָט אויסגעפונען אַז תנחום האָט איהם אָפּגענאַרט, האָט ער מיר געהייסען זאָגען מיין האר, דאָס ער איז שטארק געגען דעם ארעסט פון אַן אונשולדיגען מאַן און מיך געבעטען איך זאָל מיין האר איבערגעבען אין זיין נאמען גלייך צו בעפרייען עקיבא׳ן.

רחל׳ס אויגען האָבען אויפגעלויכטען. א גליקליכער שמייכעל האָט זיך צוגאָסען איבער איהר פּנים:

— איך האָב אָבער געוואוסט אַז מיין פאטער וועט אזא זאך נישט טהאָן, — האָט זי געזאָגט ווי צו זיך אליין, — יעצט איז מיין שמחה א צווייענדע: מיין עקיבא ווערט בעפרייט און מיין ליעבער פאטער איז דער זעלבער גוט־הערציגער געטרייער פאטער ווי פריהער...

יוליוס ווערנוס איז גלייך נעגאַנגען בעפרייען עקיבא׳ן.

— זיי מיר מוחל, עקיבא, — האָט ער צו איהם געזאָגט, — איך ווייס, איך האָב נעגען דיר געזינדיגט, אָבער דאָס איז נישט געווען אין גאַנצען מיין שולד,

ווייל תנחום האָט מיר דעם קאָפּ פאַרדרעהט... קום דאָך אַרויס פון דאַנען, דיי[ן] רחל וואַרט אויף דיר אין אַ צווייטען צימער...

עקיבא האָט איהם אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג. ער האָט נאָך אַזעלכע ווייכע און צערטליכע ווערטער פון איהם קיינמאָל נישט געהערט... ער באַמערקט ד[י] טרעהרען אין יוליוס'ם אויגען... וואָס זאָל עס בעדייטען?... אַזאַ פּלוצלינגע ענדערונג.

— דיין רחל האָט מיר יעצט די אויגען געעפענט, — האָט יוליוס צו איהם ווידער געזאָגט, — איך האָב געזאָלט בעגעהן אַ שווערע זינד געגען דיר, או[ן] דיין רחל האָט מיר דערמאָהנט אַז ערגעץ אין דער פרעמד זיינען מיינע קינדער פאַר וועמען איך דאַרף גאָט בעטען זיי צו בעשיצען.. און באַלד האָב איך זי[ך] אַרומגעזעהן ווי גרויזאַם איך האַנדעל געגען דיר...

עקיבא האָט געשוויגען. ער האָט נאָך אַלץ נישט געקענט פאַרשטעהן וואָ[ס] עס האָט פּאַסירט מיט זיין פריהערדיגען האַר...

— מיין ליעבער עקיבא, — איז רחל איהם אַרויפגעפאַלען אויפ'ן האַל[ז]
— דאַנקען גאָט וואָס איך זעה דיר ווידער אַמאָל.

— מיין געטרייע רחל, — האָט איהר עקיבא געקושט, — דורך דיר בי[ן] איך יעצט ווידער פריי, ווי גליקליך איך בין ווידער מיט דיר צו זיין...

רחל האָט בעדאַנקט יוליוס ווערנוס'ן, און אַ גליקליכע איז זי מי[ט] עקיבא'ן אַוועק אַהיים.

— ווי אַזוי, מיין ליעבענקע רחל, האָסטו געמאַכט אַזאַ ענדערונג א[ין] יוליוס'ן? — האָט איהר עקיבא געפרעגט.

— אַ אידישע נשמה איז טאַקע נישט אַבצושאַצען... — האָט רחל גע[ע]נטפערט, — אַ איד, ווי פערדאָרבען ער זאָל נישט זיין, האָט ער דאָך אַ אידישע האַרץ, און ווען איך האָב יוליוס'ן דערמאָהנט אַן זיינע אייגענע קינדער וועלכ[ע] זיינען אין דער פרעמד, האָט ער זיך אין גאַנצען געענדערט... ער האָט באַלד געזעהן וואָס פאַר אַן עולה ער באַגעהט געגען אונזביידען, און ער האָט חרטה געהאַט אויף זיין טהאַט...

## זעקס און צוואַנציגסטער קאַפּיטעל

# עקיבא אין לוד

נאָך טעג און וואָכען זיינען אַוועק און עקיבא האָט מיט גרויס פלייס א[ון] התמדה געלערנט אין בית המדרש פון ר' נחום איש גם זו.

יעדען פריהמאָרגען, איז ער, ווי זיין שטייגער אַוועק אין מאַרק צו פער[ק]ויפען זיין בינטעל האָלץ און גלייך נאָך מיטאָג איז ער אַוועק אין בית המדר[ש].

רחל האָט אויך געאַרבייט אויפ'ן שפּינראָד און ביידענס פאַרדינסטען הא[ט] בען געקלעקט קוים אויף צום לעבען...

און איינמאָל ווען עקיבא האָט זיך שפּעט ביינאַכט פון בית המדרש אַהיי[ם] אומגעקעהרט, האָט ער געטראָפען זיין פרוי ליגענדיג אויף איהר געלעגע[ר] פון שטרוי.

עקיבא איז געוואָרען שטאַרק בעזאָרגט וועגען דעם; עס האָט נאָך קיינמא[ל]

בעפאר נישט פאסירט אז רחל זאל אויף איהם נישט ווארטען ווי שפעט ער זאל אהיים קומען...

— וואס איז מיט דיר, מיין ליעבע רחל? — האט איהר עקיבא געפרעגט, — פיהלסטו זיך נישט גוט?...

— א, עס איז גארנישט, — האט רחל געענטפערט מיט א שמייכעל, איך ווייס נישט פאר וואס איך פיהל היינט אזוי מיעד, און גראדע היינט האב איך געטהאן ווינציגער ארבייט ווי אלע טאג....

— מיין געטרייע פרוי, — האט זיך עקיבא איינגעבויגען און איהר א קוש געטהאן, — דו ארבייטסט צו שווער, דו מוזט מיר צוזאגען, אז דו וועסט אויפהערען אריינצונעהמען ארבייט אין הויז. איך וועל זעהן עטוואס מעהר צו פארדיענען און פארגרינגערען פון דיר דעם יאך.

— אה, ניין, עקיבא, דו מוזט דיין צייט אפגעבען צו דער תורה, און איך בין זיך שטארק מצער אויף די עטליכע שטונדען וואס דו מוזט יעדען טאג פארברייננגען אין מאחק צוליעב פרנסה, אבער מעהר טארסטו קיין רגע נישט מבטל זיין פון דער תורה...

מיט עטליכע טעג שפעטער האט שוין עקיבא געוואוסט אז רחל ערווארטעט צו ווערען מוטער...

א גליקליכע פרייד האט זיך צוגאסען איבער זיין פנים.

— יעצט, מיין טהייערע רחל, — האט ער מיט צערטליכקייט איהר געזאגט, — וועל איך דיר שוין מעהר געווים נישט ערלויבען צו ארבייטען... דו דארפסט אויף זיך גוט אכטונג געבען... איך וועל יעצט געהן אין וואלד צוויי מאל א טאג און זעהן עטוואס מעהר צו פארדיענען.

— כל זמן איך האב כח צו ארבייטען וועל איך נישט דערלאזען דאס דו זאלסט מבטל זיין דיין צייט פון דער תורה.

— אבער מיין ליעבע רחל, — האט עקיבא איהר געזאגט, — איך וועל פאר דער תורה אפגעבען אזוי פיעל צייט ווי פריהער, ווייל די עטליכע איבריגע שטונדען וואס איך וועל פארברייננגען אין מארק, וועל איך עס אפנעהמען פון דער נאכט. איך וועל לערנען מיט עטליכע שטונדען שפעטער יעדע נאכט.

עקיבא איז צוגעשטאנען צו רחל'ן און זי האט איהם געמוזט צוזאגען מעהר נישט צו ארבייטען אזוי שווער.

פון דאן אן איז עקיבא אויפגעשטאנען נאך פריהער יעדען פריהמארגען, און ווען ער האט פארקויפט דעם ערשטען בינטעל האלץ, איז ער צוריק אין וואלד געגאנגען און נאך אמאל אנגעהאקט אזוי פיעל האלץ וויפיעל ער האט געקענט דערטראגען ביז'ן מאחק... און דארט פארבראכט ביז וואנען ער האט עס פארקויפט. און גלייך פון מארק איז ער געלאפען אין בית המדרש אריין.

עקיבא האט געמאכט זעהר א גרויסען פארטשריט אין לערנען און דער רבי ר' נחום מיט די איבריגע תלמידים פלעגען מיט גרוים אומגעדולד ערווארטען עקיבא'ס קומען. פיעל מאל האט ר' נחום געווארט מיט דעם שעור צוליעב עקיבא'ן.

— פארוואס האסטו אנגעהויבען צו פארשפעטיגען יעדען טאג, — האט איהם ר' נחום געפרעגט ווען עקיבא איז איינמאל געקומען זעהר שפעט אין בית המדרש.

— ביז דאַ ניט לאַנג, — האָט עקיבא איהם געענטפערט, — פלעגט מיין פרוי, רחל, מיר ארויסהעלפען צו פאַרדיענען אונזער טעגליכע חיונה, אבער יעצט קען זי מעהר נישט ארבייטען און דאריבער מוז איך פארברייינגען מעהרערע שטונדען צו פאַרדיענען אונזער טעגליכע ברויט.

— עקיבא, — האָט איהם ר׳ נחום אָפּגערופען אַן אַ זייט, — גאָט האָט מיר געבענשט און איך האָב מעהר ווי איך בעדאַרף, נעהם דאָך פון מיר עטוואס געלד און דאָס וועט אביסעל פארגרינגערען דיין לאַגע.

— איך דאַנק דיר, מיין רבי, — האָט איהם עקיבא געענטפערט, — אבער כל זמן מיינע הענד דיענען מיר וועל איך קיין צדקה פון קיינעם נישט נעהמען.

— אבער דאָס איז נישט קיין צדקה, — האָט איהם ר׳ נחום געזאָגט, — איך וועל עס דיר געבען אלס הלואה און ווען דו וועסט האָבען וועסטו מיר אָפּגעבען.

— אָה, ניין, מיין ווירדיגער רבי, — האָט עקיבא געזאָגט, — איך וועל מיין ברויט מיט די שוויים פון מיין פּנים פאַרדיענען, און נישט זוכען צו מפרנס זיין מיין פרוי מיט יענעמס געלד.

— דו פאַרלירסט דאָך, מיין זוהן, אַ סך צייט פון דיין לערנען, — האָט ר׳ נחום פּאַרגעוואָרפען.

— די צייט וואָס איך פאַרליר בייטאָג נעהם איך אָפּ פון דער נאַכט, — האָט איהם עקיבא געענטפערט.

— זאָל דיר גאָט העלפען און זאָלען זיך מעהרען אַזוינע ווי דו אין יהודה, — האָט איהם ר׳ נחום געזאָגט, — איך בין זיכער, אַז דאָס גאַנצע אידישע פאָלק וועט נאָך זעהר שטאַרק שטאָלצירען מיט דיר.

עקיבא האָט נאָך מיט מעהר התמדה און געשמאַק געלערנט. און ביינאַכט, ווען אלע זיינע חברים זיינען אוועק אהיים, איז ער נאָך געזעסען און געלערנט... און ניט וועלענדיג אויסנוצען די אויל פון בית המדרש, פלעגט עקיבא יעדען טאָג פאַר זיך איבערלאָזען עטליכע שטיקלעך האָלץ, וואָס ער פלעגט צושניידען אויף דינע שפּענדלעך און עס אַנצינדען און פאַר די ליכט פון די שפּענדלעך פלעגט ער זיצען ביז שפּעט אין דער נאַכט און לערנען...

איינמאָל ווען ער האָט זיך אומגעקעהרט שפּעט ביינאַכט פון בית המדרש אהיים, איז איהם די העבאַם אנטקעגען געגאַנגען און איהם מזל טוב אָפּגעגעבען:

— אַ זוהן איז צו דיר געבאָרען געוואָרען, — האָט זי איהם געזאָגט.

עקיבא איז יעצט געוועזען אַ גליקליכער פאָטער... ער איז פאַר עטליכע טעג אין בית המדרש נישט געגאַנגען; גלייך ווי ער האָט זיין האָלץ פאַרקויפט, איז ער אהיים געקומען און זיך עוסק געווען מיט זיין ניי געבאָרענעם זוהן.

צום ברית איז געקומען רבי נחום איש גם זו און אלע עקיבא'ס חברים פון בית המדרש.

עקיבא האָט אַ נאָמען געגעבען זיין זוהן יהושע.

---

ווען כלבא שבוע האָט געהערט דאָס זיין טאָכטער האָט געבאָרען אַ זוהן צו עקיבא'ן, איז ער געווען זעהר נייגעריג צו קומען זעהן זיין טאָכטער און זיין

איינזיקעל. ער האט גוט געוואוסט ווי זיין טאכטער לעבט אין ארימקייט און אין נויט... ער וואלט איהר שוין יעצט וועלען ארויסהעלפען, אבער זיין שבועה, זיין הארבע שבועה וואס ער האט געגעבען בשעת ער איז געווען אזוי אויפגערעגט און אין כעס שטעהט איהם אין וועג.

ער האט בעשלאסען אוועקצוגעהן צו א רב און איהם פרעגען אן עצה. ער האט זיך געשעהמט צו פרעגען די רבנים וועלכע געפינען זיך אין גמזו און ארום, ווייל זיי אלע האבען איהם גוט געקענט, דאריבער האט ער בעשלאסען צו פרעגען א רב וועלכער קען איהם נישט.

ער האט געהייסען איינשפאנען זיין עקיפאזש און איז מיט זיין דיענער צוגעפאהרען אין א דערבייאיגען דארף און איז אריין צו דעם דארטיגען רב.

— רבי, — האט כלבא שבוע געזאגט, — איך בין געקומען דיר פרעגען אן עצה וואס צו טהאן

דער רב האט איהם געבעטען זיצען און כלבא שבוע האט אנגעפאנגען:

— איך האב אן איינציגע טאכטער, א געראטענע מיט אלע מעלות, איך האב איהר ליעב געהאט מעהר ווי מיין אייגענעם לעבען. מאכט זיך גראדע אז ביי מיר קומט אן א פאסטוך, אן עם הארץ, און מיין טאכטער איז פלוצלינג אוועקגעגאנגען אהן מיין וויסען און חתונה געהאט מיט דעם פאסטוך... און ווען איך האב זיך דערוואוסט דערפון, האב איך פון גרוים אויפרעגונג און כעס מיין טאכטער פון הויז פאריאגט און בעת מעשה געשווארען אז מיין טאכטער און איהר מאן זאלען פון מיין פארמעגען גארנישט געניסען... אזוי איז שוין אוועק א היבשע צייט זינט איך האב געשווארען, מיין טאכטער האט די גאנצע צייט געליטען נויט און הונגער, אבער איך האב איהר נישט געהאלפען... יעצט אבער האט מיין טאכטער געבוירען א זוהן... מיין הארץ געהט אויס, איך וויל איהר זעהר גערן זעהן ווי זי זעהט אויס, און ווי איהר נייגעבארענע קינד זעהט אויס... און קומען איהר זעהן מיט ליידיגע הענד וויל איך נישט, דאריבער בין איך עם יעצט געקומען פרעגען דיר אן עצה וואס צו טהאן.

דער רב האט א קנייטש געטהאן מיט דעם שטערן און א ווייל א טראכט געטהאן, נאכהער האט ער זיך אפגערופען:

— אין אונזער הייליגער תורה שטעהט געשריבען: "איש כי ידר נדר לה' או שבועה לא יחל דברו, ככל היוצא מפיו יעשה" (אז א מאן וועט טהאן א נדר צו גאט, אדער שווערען א שבועה, זאל ער נישט פארשוועכען זיין ווארט; אזוי ווי אלץ וואס געהט ארויס פון זיין מויל, זאל ער טהאן). איז ווי באלד אז דו האסט געשווארען טארסטו דיין שבועה נישט מחלל זיין...

— אבער, רבי, — האט כלבא שבוע זיך אפגערופען, — זי איז דאך מיין איינציגע טאכטער, פיעלייכט איז גאר מיין שבועה נישט געווען בערעכטיגט...

— יפתח הגלעדי'ס שבועה איז געווים נישט געווען בארעכטיגט, — האט דער רב געענטפערט, — זיין שבועה איז געווען נאך שרעקליכער ווי דיינע, ווייל ביי איהם האט זיך געהאנדעלט אום דעם לעבען פון זיין איין־איינציגע אומשולדיגע טאכטער, פון דעסטוועגען האט ער זיין שבועה נישט מחלל געווען און ער האט געטהאן צו זיין טאכטער ווי ער האט געשווארען...

— זאגען דאך אונזערע חכמים אז יפתח הגלעדי האט זעהר נישט ריכטיג געהאנדעלט בנוגע צו זיין איינציגע טאכטער, — האט כלבא שבוע געזאגט.

— יא, — האט דער רב געענטפערט, — א שבועה איז זעהר א גרויסע זאך, אבער א מענשענס לעבען שטעהט העבער פון אלעס. און ווען יפתח הגלעדי וואלט געפרעגט אן עצה ביי די חכמים, וואלטען זיי איהם געוויס נישט דער־לאזען זיין איינציגע טאכטער מקריב צו זיין צוליעב זיין שבועה וואס ער האט געגעבען צו גאט, אבער מיט דיין טאכטער האנדעלט עס זיך דאך נישט אום איהר לעבען, דאריבער מוזטו זעהר שטרענג אפהיטען דיין שבועה!...

כלבא שבוע איז אוועק אן ענטטוישטער פון רב.

יעצט האט ער שוין מעהר קיין האפנונג זיך צו זעהן מיט זיין טאכטער און איהר ארויסצוהעלפען אין נויט... פאר וועמען וועט פארבלייבען זיין גרויסער פארמעגען. גאט האט איהם געגעבען צוויי קינדער, א זוהן מיט א טאכטער: דעם זוהן האט ער פערלארען אין דער מלחמה מיט די רוימער און זיין טאכ־טער האט ער יעצט פארלארען דורך זיין אייגענע שולד...

יענע נאכט האט כלבא שבוע נישט געקענט איינשלאפען... איהם האט געצווינגען אחין, הינטער'ן שטאדט וואו זיין טאכטער געפינט זיך יעצט, כאטש איין קוק צו טהאן אויף איהר און הערען איהר שטימע...

אין מיטען נאכט האט ער געהייסען זיין קוטשער איינשפאנען זיין עקי־פאזש און מיט איהם צוגעפאהרען נישט ווייט פון דעם פלאץ וואו די האלב־איינגעפאלענע הויז פון עקיבא'ן און רחל'ן איז געשטאנען...

די נאכט איז געווען א פינסטערע... אלעס ארום איז געווען איינגעהילט אין א טיעפען שלאף... כלבא שבוע איז ארונטער פון זיין עקיפאזש און זיך מיט שטילע, לאנגזאמע טריט דערנעהנטערט צו דער חורבה וואו זיין ליעבע טאכטער און איינציקעל געפינען זיך יעצט...

כלבא שבוע, דער פאר דער צייט פארעלטערטער, שטעהט הינטער'ן טהיר פון זיין טאכטער'ס הויז. ער בויגט איין זיין קאפ און לעגט צו דעם אויער... פיעלייכט וועט צו איהם דערגרייכען א קלאנג, צי א ווארט, פון זיין טאכטער. אפשר וועט זיין איינציקעל זיך אויפכאפען און לאזען פון זיך הערען... אבער אלעס איז שטיל... מען שלאפט...

א היבשע ווייל איז כלבא שבוע געשטאנען נעבען זיין טאכטערס הויז... טרעהרען האבען זיך באוויזען אין זיינע אויגען. אט דא, אין דעם הויז געפינט זיך זיין טאכטער, זיין איינציגע טרייסט אין זיין פארביטערטען לעבען, און ער קען צו איהר אפילו נישט אריינגעהן... און מיט א שטילען זיפץ האט ער זיך צוריק אין זיין עקיפאזש אריינגעזעצט און אהיים געפאהרען.

---

ווען יהושע איז איין יאהר אלט געווארען, האט זיך רחל אפגערופען צו עקיבא'ן:

— מיין מאן, דעם יאהר האסטו זעהר שווער געארבייט און פיעל צייט האסטו אוועקגענומען פון דיין תורה פאר מיר און פאר אונזער קינד, יעצט איז געקומען די צייט, דאס דו מוזט זיך אין גאנצען אפגעבען צו דער תורה. איך פיהל זיך גענוג געזונט און שטארק און איך וועל האבען די מעגליכקייט צו מפרנס זיין זיך און מיין קינד פון מיינע אייגענע הענד. געה, מיין ליעבער

מאַן, אוועק אין לוד, וואו עס געפינען זיך אַזעלכע גרויסע חכמים ווי רבי אליעזר און רבי יהושע בן חנניה, און לערן די הייליגע תורה פון זייער מויל. דאָרטען וועסטו אָפּגעבען דיין גאנצע צייט פאַר׳ן לערנען. און דו וועסט זיך צו מיר נישט אומקעהרען ביז וואנען דו וועסט דערגרייכען דיין ציעל...

— ווי וועט מיר מעגליך זיין זיך צו שיידען פון דיר, מיין ליעבע רחל, און פון מיין זוהן...

— די תורה וואָס דו וועסט לערנען וועט דיר שטאַרקען און אונז ביידען געבען גענוג כח און מוטה אַלעס אריבערצוטראָגען... דו וועסט אומקעהרען זיך צו מיר ווען דו וועסט ווערען א גרויסער, בעוואוסטער תנא און דאַן וועט אונזער גליק פאַרפאָלקאָמט ווערען.

— גוט, מיין ליעבע רחל, — האָט עקיבא געזאָגט, — איך בין גרייט צו טהאָן דיין פאַרלאַנג און איך וועל פון דאַנען אָפּרייזען נאָך לוד. אבער פריהער וועל איך מוזען אָנקלייבען עטוואס געלד, איך זאָל האָבען פאַר הוצאות אויף דעם וועג, און דו זאָלסט האָבען עטליכע שקלים פאַר זיך איידער דו וועסט אָנפאַנגען צו פאַרדיענען.

אין דעם זעלבען טאָג ווען עקיבא איז אין מאַרק אוועק עטוואס צו פער־דיענען, האָט רחל גענומען איהר קינד אויף דער האַנד און איז אוועקגעגאַנגען צום פאַרוקען מאַכער פון גמזו.

— איך בין דיר געקומען פאַרקויפען מיינע האָר, — האָט זיך רחל אָפּגע־רופען, ווייל איך דאַרף זעהר נויטיג האָבען געלד.

דער פאַרוקען מאַכער האָט בעטראַכט רחל׳ס שעהנע לאַנגע האָר און א צופריעדענער געזאָגט:

— דיינע האָר זיינען וואונדער־שעהן און לאַנג, איך וועל דיר פאַר זיי געבען צעהן שקלים...

— גוט, — האָט רחל געזאָגט, און זיך געזעצט אויפ׳ן שטוהל.

דער פאַרוקען־מאַכער האָט גענומען א גרויסע שער און האָט אָפּגעשאָרען רחל׳ס האָר... ער האָט רחל׳ן בעצאָהלט די צעהן שקלים און זי איז מיט איהר קינד אהיימגעגאַנגען.

ביינאַכט ווען עקיבא האָט זיך פון בית המדרש צוריקגעקעהרט, האָט זיך רחל צו איהם אָפּגערופען:

— איך האָב פאַר דיר געקראָגען צעהן שקלים, נעהם, מיין ליעבער גע־טרייער מאַן, דאָס געלד און פאָהר מאָרגען אָפּ נאָך לוד, און זאָל דיר גאָט מצליח זיין אין דיין וועג.

עקיבא האָט איהר אָנגעקוקט ערשטוינט. ער האָט זיך געוואונדערט וואו זי האָט פלוצלינג גענומען אזוי פיעל געלד. באַלד אבער האָט ער באַמערקט דאָס זי האָט אָפּגעשאָרען איהרע האָר...

— מיין געטרייע רחל! — האָט זיך עקיבא אָפּגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען, — איך בין נישט ווערטה אַז די אַלע קרבנות וואָס דו ברייגנסט פאַר מיר... איך שווער דיר נאָך אמאָל ביי אונזער הייליגע ליעבע אז אַלע דיינע ערוואַרטונגען און האָפנונגען וועגען מיר וועלען מקוים ווערען.

אויף מארגען גאנץ פריה האט זיך עקיבא געזעגענט מיט זיין פרוי און קינד און איז אפגעפאהרען נאך זיין געבורטס־שטאדט לוד

# דריטער טייל

## זיעבען און צוואנציגסטער קאפיטעל

## מאנילוס און אקטאוויא אין רוים

דער רוימישער סענאטאר פלאוויוס קלעמענס און זיין פרוי דאמיצילִיא האבען זעהר פיין אויפגענומען די צוויי געסט פון גמזו, אקטאוויא און מאנילוס. קלעמענס האט זיי גלייך פארגעשטעלט פאר זיינע דריי זיהן.

— דאס איז אונוס, מיין עלטסטער זוהן, און דער איז מאריוס און דאס איז מיין אינגסטער זוהן, מארקוס. — און די זיינען די געסט פון יהודה וואס אונזער קרוב סעיאנוס בורוס האט אונז וועגען זיי געשריבען — דיין נאמען איז ע... — האט ער זיך געווענדעט צו אקטאוויאן.

— אקטיווויא — האט זי געענטפערט און א בעשיידענע רויטקייט האט בעדעקט איהר פנים.

— און דיין נאמען ?

— מאנילוס — האט ער געענטפערט.

אונוס האט זיינע אויגען נישט ארונטערגענומען פון אקטאוויא'ן; זי איז געווען אזוי שעהן און רייצענד, איהר אידיש בע'חנ'טער פנים האט איהם בעצויבערט.

— זי איז די אמת'ע שעהנע טאכטער פון יהודה — האט ער זיך געטראכט, און געפיהלט ווי זיין הארץ ווערט צוגעצויגען צו איהר... באלד אבער האט ער זיך דערמאנט אז סעיאנוס בורוס האט געשריבען דאס זיי האבען אריינגעבראכט אין זייער הויז דעם רוימישען אפגאט, יופיטער. יע, די שעהנע טאכטער פון יהודה האט פערלאזען איהר אידישקייט און זי זוכט זיך צו אסימילירען מיט די רוימער... עס איז איהם געווארען אזוי אומעטיג און טרויעריג אויף'ן הארצען... אקטאוויא'ס אויגען האבען זיך בעגעגענט מיט אונוס'עס... זי האט געזעהן דעם שלאנקען העלדישען זוהן פון דעם סענאטאר... זי האט בעמערקט זיין איידעלען פנים, זיינע סימפאטישע קלוגע אויגען, און האט זיך שטארק געוואונדערט ווי אזוי עס קומט דאס א רוימער זאל האבען אזא צערטליכען איידעלען אויסזעהן...

מאנילוס האט איבערגעגעבען די צוויי פאקעטען פון סעיאנוס בורוס'ן, דעם גרעסערען צום סענאטאר און דעם קלענערען צו זיין פרוי דאמיצילִיא.

קלעמענס האט גלייך געעפענט דעם פאקעט און האט געלייענט:

"מיין ליעבער קרוב פלאוויוס קלעמענס".

דו האסט מיר געבעטען אין דיין לעצטען בריעף אויסצופארשען די לאגע פון אלע אידען אין יהודה, ווי זיי בעציהען זיך צו אונז, רוימער, און ווי מיר בעהאנדלען זיי. איך וויל דיר יעצט מודיע זיין דאס איך האב דיין פארלאנג

ערפילט: איך האב נישט געזשאלעוועט קיין מיה און צייט, און אויסגעפארשט אלעס וואס איז געווען מעגליך... איך האב געקראגען בעריכטען פון אלע טיילען פון לאנד, אז די לאגע האט זיך אומעטום זעהר פיעל פערבעסערט... אונזערע רוימישע בעאמטע בעהאנדלען די אידען זעהר גוט, און אלע איינוואהנער פון יהודה זיינען צופריעדען, זייערע געמיטהער האבען זיך בערוהיגט... און ווי איך האב דיר שוין פריהער בעריכטעט, נעמען פיעלע אידען אן אלע רוימישע מנהגים און פיעלע פון זיי האבען אפילו אנגענומען אונזער רעליגיאן... זיי דינען צו יופיטערען און פייערען אלע אונזערע פייערטעג...

דאס וועלען אויך בעשטעטיגען מיין אידישען פריינד'ס זוהן און טאכטער, ווייל זיי זיינען אוועקגעפאהרען נאך רוים כדי זיך בעסער צו בעקענען מיט די רוימישע מנהגים און צו ווערען בעסערע רוימישע בירגער. זייער פאטער האט זיי געגעבען א רוימישע ערציהונג און פיעלע אנדערע אידען טוען זיי נאך. און דוקא יעצט, ווען קיינער צווינגט זיי נישט, דינען פיעלע אידען צו אונזער מעכטיגען יופיטער... ווי עס ווייזט אוים צייגען זיך די אידען ביסלעכווייז איבער, אז אונזער יופיטער איז דער שטארקסטער גאט און נאר ער אליין מיט זיין מעכטיגע האנט, העלפט אונז ארוים אין אלע אונזערע מלחמות און אפילו דער גאט פון די אידען איז מאכטלאז געגען יופיטער'ן... מיר קענען האפען אז גאר אין גיכען וועלען אלע אידען אננעמען אונזער רעליגיאן און ווערען טרייע רוימישע בירגער... יעדענפאלס, זיינען מיר געזיכערט אז א נייער אויפשטאנד פון די אידען וועט מעהר קיינמאל נישט פארקומען...

דו קענסט איבערגעבען דעם קיסר טיטוס'ן דאס ער האט זעהר פיעל גוטע פריינד אין יהודה...

יעצט, מיין ליעבער קלעמענס, וועל איך דיר שרייבען עטוואס וועגען זיך: איך האב דיר אפילו וועגען דעם נישט געוואלט שרייבען, ווייל דו קענסט נאך מיר מיספערשטעהען, אבער יעצט אז מיין פריינד מאנילוס איז דא ביי דיר, ווערסטו פון איהם קענען גרינדליכער דערגעהן... איך בין העכסט צופריעדען מיט מיין אמט אלס פערוואלטער פון גמזו, עס פערשאפט מיר פיעל כבוד און געלט... אבער עס זיינען פאראן צייטען ווען איך לאנגווייליג זיך דא זעהר... איך בענק שטארק נאך רוים, די שעהנע לוסטיגע שטאדט, איך בענק נאך דעם אמפי טעאטער, וואו די גלאדיאטארען קעמפפען מיט די ווילדע חיות... איך וואלט וועלען זעהן דעם נייעם קאליזעאום, די רייט־וועגען געיעג און די איבעריגע ספארטען. אבער מעהר פון אלעס בענק איך נאך מיין ליעבע און ווירדיגע פרוי, מעסעלינא... די עטליכע יאהר וואס איך האב איהר נישט געזעהן זיינען פאר מיר געווען ווי אן אייביגקייט... מיין הארץ ציהט מיר יעצט נאך רוים... איך וואלט וועלען זיין צוזאמען מיט אלע מיינע גוטע פריינד און קרובים... איך וויל דיר נאך אמאל בעטען דו זאלסט מיר נישט מיספערשטעהן און דענקען אז איך בין נישט צופריעדען מיט מיין אמט אין גמזו... איך שטאלציר זעהר מיט מיין אמט, און איך וואלט עס בשום אופן נישט געוואלט אויפגעבען... אבער אויב עס איז מעגליך צו שיקען אן עהרליכען מענשען אויף מיין פלאץ פאר איין יאהר אדער צוויי, וואלט איך אפגעפאהרען נאך רוים פאר דער צייט און דערנאך וואלט איך זיך צוריקגעקעהרט נאך גמזו... איך בעט דיר, קלעמענס דו זאלסט זיך אי־

בעררייידען מיט מיינע שוואגער׳ס פיעלייכט וועלען זיי קענען פועל׳ן ביי טיטוס׳ן ער זאל מיר געבען אז אמט אין רוים גופא... איך וועל דיר קיינמאל נישט פערגעסען דיין טובה.

דיין פריינד און קרוב
סעיאנוס בורוס״

— איך בין העכסט גליקליך צו הערען אז די איינוואהנער פון יהודה זיינען צופריעדען מיט די רוימישע בעהאנדלונג — האט פלאוויוס קלעמענס געזאגט — זאג דאך מיר, מאנילוס, איז עס טאקע ריכטיג וואס סעיאנוס בורוס שרייבט מיר אז די רוימישע בעאמטע בעהאנדלען גוט די אידען און אז פיעלע אידען געהען אריבער צום רוימישען גלויבען ? — יע מיין האר, האט מאנילוס געענטפערט — מיר אלע זעהן אז רוים איז די מעכטיגסטע נאציאן אין דער וועלט און עס איז א גרויסע עהרע צו זיין א רוימישער בירגער, דעריבער זוכען זיך פיעלע פון אונז צו אסימילירען מיט די רוימער... אין מיין פאטער׳ס הויז האבען מיר זיך, זיינט איך געדענק, אויפגעפיהרט אויף׳ן רוימישען שטייגער... יופיטער בעצירט אונזער הויז שוין עטליכע יאהר און פיעלע אנדערע אידען בוקען זיך און דינען צו איהם...

אונוס האט טרויעריג ארונטערגעלאזען זיין קאפ ; יעצט זעהט ער אז זיין האפענונג דאס יהודה וועט נאך אמאל ווידער זעלבסטשטענדיג ווערען, איז פערלארען... די אידישע העלדען און די קנאים זיינען געפאלען אין שלאכט און די וועלכע זיינען געבליבען. לעבען זיינען אזוי פערקנעכטעט געווארען דאס זיי האבען פערלארען זייער זעלבסט־ווירדע, און פאנגען אן זיך צו בוקען צו די רוימישע אפגעטער...

— עס איז א מערקווירדיגע זאך. — האט זיך קלעמענס אפגערופען — אין דער צייט ווען פיעלע פון אונז, רוימער, האבען א נייגונג צו דער אידישער אמונה נעהמען די אידען אן אונזער רעליגיאן...

— זאל מיר מיין האר ענטשולדיגען — האט פלוצלונג אקטאוויא זיך אפגערופען — איך גלויב אז ביידע, אי סעיאנוס בורוס און אי מיין ברודער זיינען אביסעל מגזם... אמת עס זיינען פאראן א קליינע צאהל אידען וועלכע דינען צו יופיטער׳ן, דעם רוימישען גאט, זיינען אבער די מעהרהייט פון אונזער פאלק, נאך אלץ איבערגעגעבען מיט זייער לייב און לעבען, מיט זייער האב און גוט׳ס צו דעם גאט פון אונזערע אבות און צו זיין הייליגע תורה... פיעלע ישיבות זיינען יעצט נעגרינדעט געווארען אין יהודה, און צעהנדליגע טויזענדע יונגע לייט זיצען און לערנען די תורה...

מאנילוס האט געווארפען א בייזען בליק אויף אקטאוויאן... זי, זיין אייגענע שוועסטער האט איהם גלייך, ווי זיי זיינען נאר אנגעקומען אין רוים, געמאכט צו שאנד און צו שפאט... זיין פנים האט געפלאמט פאר בושה... ער האט דאך אזוי פיעל האפענונג געלעגט אויף זיין שוועסטער. ער ווייס אז יעדער ווערט בעצויבערט פון איהר שעהנקייט און אפילו אונוס, דעם סענאטאר׳ס זוהן, האט אויף איהר געקוקט נישט מיט קיין גלייכגילטיגע אויגען... ווי גליקליך וואלט ער געווען, ווען אונוס פערליעבט זיך אין זיין שוועסטער, אלע טיהרען וואלטען זיך פאר איהם געעפענט... א קלייניגקייט ! דעם סענאטאר׳ס זוהן — זיין

שוואגער!... יעצט אבער איז געקומען זיין שוועסטער און צושטערט אלע זיינע אילוזיעס... זי האט זיך גלייך ארויסגעצייגט פאר א איבערגעגעבענע אידישע טאכטער, וועלכע סימפאטיזירט מיט די שונאים פון רוים... ער האט געברענט מיט כעס אויף זיין שוועסטער...

אונוס, אבער, איז געווארען מונטערער... ער זעהט דאך אז די שעהנע אקטאַוויא שטאַלצירט מיט איהר פאלק און רעליגיאָן, און לויט ווי זי דערצעהלט, איז עס נישט אמת וואס סעיאנוס בורוס שרייבט אז די אידען פערלאַזען זייער גאט און נעמען אן די רוימישע רעליגיאן...

— זאג דאך מיר מיין הארינטע — האט אונוס זיך געווענדעט צו אקטאַוויאן — איז עס אמת אז אלע אידען פון דער שטאדט ירושלים זיינען געפאלען אין שלאכט אדער גענומען געווארען אין געפאנגשפט ?

— עס איז אמת, מיין האר, — האט אקטאוויא געענטפערט מיט טרויער — די גאנצע שטאדט ירושלים, דער שטאלץ און קרוין פון אונזער פאלק, איז חרוב געווארען צוזאמען מיט אלע איינוואהנער פון ירושלים...

— און קיינער האט זיך נישט געראטעוועט ? — האט אונוס ווידער געפרעגט.

— ניין, קיינער נישט ! — האט אקטאוויא געענטפערט — אפגעווישט איז געווארען די שעהנע שטאדט ירושלים צוזאמען מיט איהרע מענשען...

— ווי גליקליך איך וואלט זיך געפיהלט — האט זיך דאמיציליא אפגערופען — ווען די אידען און רוימער וואלטען שוין מעהר קיין מלחמות נישט געפיהרט צווישען זיך... די אידען זיינען דאך אן איידעלעס פאלק מיט אזא וואונדער שעהנע רעליגיאן און מיר, רוימער, וואלטען זיך א סך געקענט לערנען פון זיי, ווען מיר לעבען מיט זיי בשלום...

מאנילוס האט זיך יעצט געפיהלט אין גרוים פערלעגענהייט: אט איז ער אין רוים גופא, אין די הויז פון א רוימישען סענאטאר און הערט אזעלכע ווערטער וועגען אידען און אידישקייט... יעצט זעהט ער אז דאס וואס סעיאנוס בורוס האט איהם געזאגט אז פיעלע רוימער בעטראכטען די אידישע אמונה פאר די שעהנסטע אין דער וועלט, איז ריכטיג!... ער האט זיך אויך דערמאנט דאס ער האט פערשפראכען סעיאנוס'ן אפצושוואכען דעם איינדרוק אין רוים אז די אידישע רעליגיאן איז פיעל בעסער פאר די רוימישע... אבער ער האט איינגעזעהן אז נישט יעצט איז די צייט און נישט דא איז דער פלאץ וועגען דעם צו ריידען...

דאמיציליא האט איבערגעליעפערט דעם בריעף וואס סעיאנוס האט צו איהר געשיקט, און זי האט זיך אפגערופען מיט א שמייכעל:

— איך מוז באלד אריבערגעהען צו מעסעלינא'ן, סעיאנוס'עס ווייב, און איהר איבערגעבען א גערוס פון איהר מאן... מסתמא וועט זי באלד צוקומען אהער אויסצופרעגען מעהר איינצעלהייטען וועגען איהר מאנ'ס לעבען אין גמזו. זי האט זיך ענטשולדיגט פאר די געסט און איז ארוים פון הויז.

מעסעלינא'ס פראכטפולע הויז איז געווען נישט ווייט פון קלעמענס' און כאטש עס איז שוין באלד געווארען זעקס יאהר, זינט איהר מאן סעיאנוס איז אפגעפאהרען נאך יהודה וואו ער איז געווארען דער פערוואלטער פון גמזו, האט זיך אבער מעסעלינא גארנישט געלאנגווייליגט... איהרע דינסטען זיינען כמעט

יערען טאג געווען פערנומען צוצוגרייטען פערוויילונגען פאר איהרע פיעלע פריינד...

מעסעלינא איז געווען ווייט פון שעהנקייט, פונדעסטוועגען פלעגען איהר יערען אווענד בעזוכען פילע פאטריציער. (ארעלליים). זיי פלעגען קומען צו איהר נישט אזוי צו פערבריינגען מיט איהר, ווי צו טרייבען רכילות וועגען דעם לעבען אין קיסר'ס הויף, ווייל אייגער פון מעסעלינא'ס ברידער איז געווען דעם קיסר'ס לייב־וועכטער און מעסעלינא האט געוואוסט אלע סודות פון קיסרליכען הויף, פון די סענאטארען און די פרייטארס (שופטים). דערצו האט מעסעלינא געוואוסט ווי אונטערצוהאלטען איהרע געסט; זי האט אויסגעקליבען די געפאנגענע שעהנע מיידלאך און זיי געצוואונגען צו טאנצען פאר איהרע געסט אין הוה'ס קליידער... ווען איהר מאן איז געווען מיט איהר צוזאמען האט זי דאס נישט געטהאן; זי האט איהם אזא נחת רוח נישט געוואלט פערשאפען... און ווען עס פלעגט ביידען אויסקומען אמאל צו פערבריינגען אין א הויז וואו אזעלכע טענצערינס פלעגען אונטערהאלטען, האט שוין מעסעלינא בעצייטענס איהר מאן פון דארטען אוועקגעשלעפט... געוואוסט האט זי, אז ווען זי זאל ערלויבען איהר מאן אזוי צו פערבריינגען, וואלט ער קיינמאל נישט איינגעשטימט אפצופאהרען פון רוים... זי פלעגט זיך מיט איהם צוליעב דעם אימערצו קריגען און רייסען, ביז וואנען איהרע ברידער האבען זיך ארומגעזעהן אז די בעסטע זאך וועט זיין פאר זייער שוועסטער, ווען סעיאנוס בורוס וועט קריגען א רעגיערונגס אמט אין יהודה...

לאנג האבען זיי מיט סעיאנוס'ן נישט געדארפט איינ'טענה'ן, ע ר איז געווען העכסט צופריעדען פטור צו ווערען פון זיין מעסעלינא'ן פאר א היבשע צייט... און ווען מען האט איהם בעשטימט צו זיין דער פערוואלטער פון דער שטאדט גמזו, איז ער גלייך אהין אוועקגעפאהרען און אנגענומען דעם אמט...

מעסעלינא'ס ברידער האבען דערצו געזעהן אז דריי פערטעל פון סעיאנוס' געהאלט, זאל אויסגעצאהלט ווערען צו זיין ווייב, און דעריבער האט טאקע מעסעלינא געקענט לעבען מיט א ברייטע האנט...

מעסעלינא האט געטראגען א פערבארגענע שנאה אויף דאמיציליא'ן און אויף איהר קרובי קלעמענס'ן... דער הויפט מאטיוו פון איהר שנאה איז געווען איהר קנאה, וואס זי האט מקנא געווען דאמיצילא'ן פאר איהרע צוויי געראטענע זיהן. זי אליין האט קיין קינדער נישט געהאט, און טאקע דערפאר פלעגט מעסעלינא אנריידען אויף דעם סענאטאר קלעמענס מיט זיין ווייב. און זינט קלעמענס האט אדאפטירט אלס זיין זוהן דעם יונגען אידישען העלד וועמען ער האט בעפרייט פון צו קעמפפען מיט די לייבען, זינט דאן האט זיך איהר שנאה פערשטארקט צו דאמיציליא'ן...

— זי האט צוויי זיהן — האט מעסעלינא אויסגערעדט איהר ביטער הארץ צו איינעם פון איהרע נאהענטסטע פריינט — און יעצט נעמט מען און מען אדאפטירט נאך איינעם אזא שעהנעם העלדישען יונג... אויב שוין יא אדאפטירען, האב איך גאר דאס נעדארפט טאהן; איך האב דאך גאר קיין קינדער נישט, איך בין דאך אזוי עלענד און אזא זוהן וואלט דאך מיר מיין לעבען פארזיסט... נעמט זי און פערכאפט מיר דעם וועג...

איהר פיינדשאפט צו די דאמיציליא, האט מעסעלינא ארויסגעצייגט אונטער

די אויגען... ווען אבער זי פלעגט זיך צוזאמען קומען מיט דאמיציליא'ן, פלעגט זי איהר האלדזען און קושען און איהר זאגען דאס זי איז איהר איינציגע און בעסטע פריינדין, וואס זי פארמאגט אין גאנץ רוים...

און יעצט ווען דאמיציליא איז איהר געקומען אנזאגען וועגען סעיאנוס' צוויי פריינד, וועלכע זיינען נאר וואס אנגעקומען אין רוים פון גמזו איז איהר מעסעלינא געפאלען אויף'ן האלדז און איהר געקושט פון גרויס שמחה...

— איך מוז מיט דיר גלייך געהן זעהן מיין מאן'ס פריינד און הערען פון זייער מויל א לעבעדיגען גערוס פון מיין ליעבען סעיאנוס'ן — האט זיך מעסעלינא אפגערופען און גלייך בעפוילען איהרע דינסטען צו ברייגען איהרע שעהנסטע קליידער.

— אט איז דער פאקעט וואס דיין מאן האט געשיקט — האט דאמיציליא איהר איבערגעגעבען.

מעסעלינא האט דעם פאקעט געעפענט און דורכגעלייענט:

"מיין גוטע דאמיציליא".

איך שיק דעם בריעף. צו דיר, ווייל איך ווייס אז ווי נור דו וועסט איהם ערהאלטען וועסטו איהם גלייך איבערגעבען מיין הערצענסליעבענדע פרוי, מעסעלינא. גיעב איהר איבער ווי שטארק איך בענק נאך איהר... מיין הארץ געהט אוים פון בענקשאפט, מיין נשמה לעבצעט נאך מיין ליעבע און שעהנע מעסעלינא. א, ווען איך זאל האבען אדלער פליגלען וואלט איך צו איהר גלייך געפלויגען און געקושט וואלט איך איהר שעהנע ליעבע מויל... אבער יופיטער האט מיר געשטראפט און מיר קיין אדלער פליגלען נישט געגעבען, דעריבער מוז איך זיצען איינזאם אליין אין א פרעמדע לאנד און קען נישט זעהן דעם שעהנעם פנים פון מיין פרוי... איך קען נישט הערען איהר זיסע שטימע... איך מוז ליידען, ליידען און שווייגען... מיין מעסעלינא קען אויסגעפינען פון מיין פריינד מאנילוס און פון זיין שוועסטער אקטאוויא, ווי איינזאם איך פיהל זיך אין גמזו אהן מיין טייערע פרוי... איך האב זיך ערוויטערט פון אלע פרויען געזעלשאפטען, ווייל קיין פרוי, א חוץ מיין מעסעלינא, אינטערעסירט מיר נישט...

אויב מעסעלינא צווייפעלט אין מיינע ווערטער, קען זי געפינען בעשטעטיגונג פון מיינע צוויי פריינד, דורך וועמען איך שיק דיזען פאקעט.

מיט דער האפענונג איינגיכען זיך צו זעהן מיט מיין מעסעלינא, שליס איך מיינע ווערטער.

סעיאנוס בורוס".

מעסעלינא'ס פנים האט אויפגעשטראהלט פון שמחה: אזוי נאר, איז ראך איהר מאן טאקע נאך אין איהר פערליעבט... אין זיינע אויגען איז זי שעהנער פון אלע אנדערע שעהנע פרויען...

זי האט זיך גלייך אנגעטהאן און איז אוועק מיט דאמיציליאן צו איהר הויז. סענאטאר קלעמענס האט די געסט פארגעשטעלט פאר מעסעלינא'ן.

— דאס זיינען דיין מאנ'ס פריינד — האט ער איהר געזאגט.

מעסעלינא האט א ווילע בעטראכט מאנילוס'ן און אקטאוויאן.

— האסטו מיר געבראכט א גערוס פון מיין מאן? — האט זי זיך געווענדעט צו מאנילוס'ן.

— יע, מיין גנעדיגע הארינטע, — האט זיך מאנילוס פארנייגט.

— ער שרייבט דאס ער איז איינזאם אין גמזו, און דאס ער פערברייננגט נישט אין די געזעלשאפט פון פרויען איז עס טאקע, ריכטיג ?...

— געוויס, מיין הארינטע — האט מאנילוס געזאגט מיט ערנסט — איך פלעג ביי איהם פערברייננגען כמעט יעדען טאג, און זינט איך קען איהם האט ער נאך נישט אויפגעהערט צו ריידען וועגען זיין שעהנע און ליעבע פרוי, מעסעלינא, ער פלעגט מיר זאגען ווי שטארק ער בייגקט נאך איהר, און פאר אונזער אפפאהרען, האט ער מיר זעהר פיעל געבעטען איך זאל איבערגעבען א גערוס פון איהם צו זיין פרוי. און יעצט בין איך העבסט גליקליך, דאס איך האב די געלעגענהייט צו ערפיעלען זיין וואונש.

— און דו — האט זיך מעסעלינא געווענדעט צו אקטאוויאן מיט אייפערזוכט אין איהר שטימע — האסטו דען אויך געהאט די געלעגענהייט צו בעאבאכטען מיין מאנ׳ס איינזאמקייט ?

— צום בעדויערען — האט אקטאוויא געענטפערט רויט ווערענדיג — איך האב קיין געלעגענהייט נישט געהאט צו זעהן דיין מאן ביי זיך אין דער היים, אבער סעיאנוס בורוס האט פיעלע מאל בעזוכט מיין פאטער׳ס הויז...

— האט ער זיך אויך געפיהלט איינזאם אין דיין פאטער׳ס הויז ? — האט מעסעלינא איהר ווייטער געפרעגט.

— ער פלעגט בעזוכען מיין פאטער׳ס הויז נור צו דער געלעגענהייט פון עפעס א שמחה, און עס פערשטעהט זיך אז אויף א שמחה איז ער געווען פרעהליך...

— האט מיין מאן געהאט אין גמזו אויך אנדערע פריינד אחוץ דיר און דיין ברודער ? — האט מעסעלינא געפרעגט.

— דאס קען איך דיר נישט זאגען, מיין הארינטע — האט אקטאוויא געענטפערט — מיין ברודער פיעלייכט קען דיר וועגען דעם בעסער זאגען ווי איך... ער פלעגט מיט איהם פערברייננגען זעהר אפט...

— איך בעט דיר, לייקען נישט פון מיר — האט זיך מעסעלינא ווידער געווענדעט צו מאנילוס׳ן — האט דען מיין מאן קיינמאל נישט קיין אנדערע פרויען פריינד א חוץ דיין שוועסטער ?...

— מיין שוועסטער איז אויך נישט געווען זיין פריינדין — האט מאנילוס געענטפערט און זיין פנים האט געפלאמט — מיין שוועסטער רופט ער אן זיין פריינד נור צוליעב מיר...

— נו, איך מיין טאקע אין דעם זין — האט די כיטרע מעסעלינא זיך פערכאפט...

— לויט ווי איך וויים, האט קיין פרוי זיין שוועל נישט אריבערגעטרעטען

— האט מאנילוס געזאגט מיט פעסטקייט און געווארפען זיינע בליקען אויף זיין שוועסטער... זיין הארץ האט איהם געשראקען, פיעלייכט וועט זיין שוועסטער דערצעהלען אלע סודות פון סעיאנוס בורוס׳ן... זי קען נאך דערצעהלען וועגען די הוליאנקעס וואס פלעגט פארקומען אין סעיאנוס׳עס הויז און וועגען די פרויען מיט וועלכע דער פערוואלטער פון גמזו פלעגט פערברייננגען... נאך מעהר, ער האט מורא געהאט, אקטאוויא זאל נישט דערצעהלען וועגען דיא

פייערדיגע פעטש וואס זי האט דערלאנגט דעם שכור'ן סעיאנוס'ן ווען ער האט געפרובירט איהר א קוש טהאן.

אקטאוויא אבער האט געשוויגען, זי האט גארנישט דערצעהלט... דאס האט בערוהיגט מאנילוס'ן און ער האט צוגעגעבען:

— אלע אין גמזו די וועלכע קענען דיין מאן, בעוואונדערען זיין געטרייהייט און איבערגעבענהייט צו זיין פרוי... ווייל נישט נאר האט ער גערעדט מיט פרויען, ער האט זיי אפילו קיינמאל נישט געשאנקען מיט זיין קוק...

— ווי א מאן קען זיך ענדערען! — האט זיך מעסעלינא געווענדעט מיט א שמייכעל צו דאמיציליא — ווען איך וואלט עס יעצט נישט געהערט מיט מיינע אויערען וואלט איך עס קיינמאל נישט געגלויבט, אז מיין סעיאנוס זאל ווערען אזא הייליגער... ווען ער איז געווען דא מיט מיר, פלעג איך איהם קוים, קוים קענען אפרייסען פון פרויען געזעלשאפט און דארטען איז ער גאר געווארען א נזיר!... איך קען עס גארנישט פערשטעהען, בפרט ווי איך זעה איז אין יהודה אויך פאראן זעהר שעהנע פרויען...

— דאס צייגט ווי שטארק ליעב דיין מאן האט דיר — האט איהר קלעמענס געזאגט.

— אבער פארוואס האט ער קיין ליעבשאפט צו מיר נישט ארויסגעצייגט, ווען ער איז געווען מיט מיר צוזאמען? דא אין רוים האט איהם נאר געצויגען צו די טענצערינס און צו די אויסגעלאסענע פרויען...

— דאס צייגט אז דיינע ברידער זיינען געווען גערעכט ווען זיי האבען דיר געזאגט דאס סעיאנוס וועט זיך אין גאנצען ענדערען אין דער פרעמד — האט דאמיציליא איהר געזאגט — יעצט זעהסטו אז ער האט זיך טאקע געענדערט און צום גוטען...

— וואס טויג מיר וואס ער איז יעצט בעסער געווארען, אז ער איז אזוי ווייט פון מיר... — האט מעסעלינא געזאגט מיט א זיפץ.

— אט דאס טאקע שרייבט דאך מיר דיין מאן אין זיין בריעף — האט קלעמענס געעפענט דעם פארמעט און גענומען לעזען.

"אבער מעהר פון אלעס בענק איך נאך מיין ליעבע און ווירדיגע פרוי מע־סעלינא... די עטליכע יאהר וואס איך האב איהר נישט געזעהן זיינען פאר מיר געווען ווי אן אייביגקייט... אויב עס איז מעגליך צו שיקען אן עהרליכען מענשען אויף מיין פלאץ פאר איין יאהר אדער צוויי וואלט איך אפגעפאהרען נאך רוים... איך בעט דיר קלעמענס דו זאלסט זיך איבעררייידען מיט מיינע שוואגערס פיעלייכט וועלען זיי קענען פועל'ן ביי טיטוס'ן ער זאל מיר געבען אן אמט אין רוים גופא"...

— נו, יעצט זעהסטו שוין אז ער וויל דאך קומען צו דיר און לעבען מיט דיר בשלום...

— ווי דיינקסטו קלעמענס, לוינט זיך פאר איהם צו קומען צוריק נאך רוים?

— דאס ווענדט זיך אן דיר — האט איהר קלעמענס געענטפערט — אויב דו האסט איהם ליעב און ווילסט איהם האבען לעבען זיך, דאן קענסטו בעטען דיינע ברידער זיך משתדל זיין ביי טיטוס'ן צוריקצורופען איהם פון גמזו און צו קריגען פאר איהם אן אמט אין רוים גופא, איך אליין וועל זיי דערצו העל־

פען... אבער אויב דו גלויבסט אז עס וועט זיין בעסער פאר דיר און פאר איהם דאס ער זאל זיין ווייט פון דיר — דאן וועט ער פערבלייבען אין גמזו...

— איך וויים אליין נישט... — האט מעסעלינא געענטפערט — ווען איך דערמאן זיך אן דער צייט ווען מיר זיינען געווען צוזאמען, ווי ברוטאל ער האט מיר בעהאנדעלט, ווען ער פלעגט מיר איבערלאזען אליין און פלעגט פער־ברייננגען מיט פרעמדע פרויען... דאן... האב איך פאר איהם קיין ליעבע... אבער יעצט ווערליג ער שרייבט און לויט דעם געדרוס וואס איך האב יעצט געהאט וועגען איהם פון זיינע פריינד, גלויב איך אז ער איז טאקע בעסער געווארען, אויב אזוי זאל ער קומען צוריק אין רוים אויב דער צעזאר וועט איינוויליגען איהם צו געבען אן אמט...

— היינט אבענד וועל איך מאכען א מאלצייט לכבוד אונזערע געסט פון יהודה — האט קלעמענס געזאגט — איך לאד דיר איין צום מאלצייט צוזאמען מיט דיינע ברידער. און ביי דער סעודה וועלען מיר בעשליסען וואס צו טהאן.

— גוט — האט מעסעלינא געזאגט — איך וועל געהן אנזאגען מיינע ברידער און מיר וועלען אלע קומען היינט אבענד.

ווען מעסעלינא איז ארוים פון הויז, האט זיך קלעמענס אפגערופען צו מאנילוס'ן:

— מיר וואונדערט זיך זעהר וואס סעיאנוס בורוס וויל קומען צוריק אהער, צו זיין מעסעלינא... ווי עס ווייזט אוים האט ער פערגעסען אן די אלע צרות וואס ער האט געהאט אויסצושטעהען פון זיין פרוי... און ווען נישט דער פלאן איהם אוועקצושיקען ווייט פון דער היים, וואלט איהם מעסעלינא געוויס געהאט פער'סמ'ט אדער בלינד געמאכט... קענסטו מיר פיעליכט ערקלערען די אורזאכע וואס האט איהם פלוצלונג אנגענומען א חשק צוריקצופאהרען נאך רוים?

מאנילוס האט א ווייל א טראכט געטאהן, ער האט א קוועטש געטאהן מיט די פלייצעס און געענטפערט.

— ניין, איך קען אויך נישט פערשטעהן!...

— האט ער דיר קיינמאל נישט דערצעהלט וועגען זיין לעבען אין רוים מיט מעסעלינא'ן?

— איך וויים... ע... ער האט מיר פאר מיין אוועקפאהרען עפעם יע דער־צעהלט אין א האלב שכור'ן צושטאנד....

— וואס האט ער דיר דערצעהלט? זאג דאך מיר! — האט איהם קלע־מענס געבעטען.

— ער האט מיר אנגעבעטען איך זאל זיך היטען אז קיין ווארט וואס ער האט מיר דערצעהלט זאל נישט דערגרייכען מעסעלינא'ס אויערען... איך וויים נישט צו איך האב א רעכט עס צו דערצעהלען.

— מיר קענסטו אויף זיכער דערצעהלען — האט איהם קלעמענס אפגע־רופען אן א זייט — ווייל איך מיין נאר זיין אייגענע טובה, און פון וואס דוא וועסט מיר דערצעהלען וועל איך וויסען ווי צו האנדלען היינט ביינאכט... זאג מיר, האט זיך סעיאנוס טאקע פערביינקט נאך זיין פרוי?

— ניין! — האט מאנילוס געענטפערט — פאר מיין אפפאהרען האט ער גערעדט מיט ביטערקייט וועגען זיין פרוי... ער וואלט שוין לאנג געוואלט פאהרען

נאך רוים, האט ער מיר געזאגט — אבער דער איינציגער אפהאלט איז זיין מעסעלינא, וועלכע ער האסט מעהר ווי דעם טויט...

— און דאך האט ער חשק צוריקצוקומען אין רוים? — האט קלעמענס געשאקעלט מיט'ן קאפ.

— ער בייגקט זעהר שטארק נאך'ן רוימישען לעבען — האט מאנילוס פאר איהם זיך פערענטפערט.

— וואס וועט ער קענען געניסען פון דעם רוימישען לעבען ווען מעסעלינא וועט איהם זיך נישט לאזען ריהרען פון ארט...

— אט דאס טאקע בעדויערט ער זעהר שטארק — האט מאנילוס געזאגט — זיין איינציגע האפענונג איז...

— וואס?! — האט קלעמענס א פרעג געטהאן.

— יופיטער זאל זיך אויף איהם מרחם זיין....

— און איהר אוועקנעמען פון איהם? — האט קלעמענס געלאכט — א נייז, דאס וועט אזוי גיך נישט געשעהן... מעסעלינא איז געזונט און שטארק, קיין רוח און קיין שד וועט איהר נישט בייקומען...

— ער האט געמיינט — האט מאנילוס געשמייכעלט אז פיעלייכט וועט זיך אימיצער אין איהר פערליעבען און מיט איהר ענטלויפען ערגיץ וואו, גאנץ וויים אויף אן אינזעל...

— אויף אזא נס טאר ער זיך געוויס נישט פערלאזען — האט קלעמענס געזאגט — און איך גלויב אז איך וועל איהם ראטהען צו בלייבען אין גמזו....

זייער געשפרעך איז אונטערגעבראכען געווארען ווען דאמיציליא איז צו זיי צוגעגאנגען.

— איך האב פאר אייך, מיינע געסט — האט דאמיציליא געזאגט — צוגעגרייט צוויי צימערען אין אונזער הויז, איהר קענט זיך יעצט עטוואס אויסרוהען און נאכהער וועט איהר בייטען אייערע קליידער ראון זיין פארטיג צו אונזער קליינע שמחה'לע וואס מיר גרייטען צו היינטיגען אבענד לכבוד אייער קומען.

דאמיציליא האט זיי אנגעוויזען אויף די צימערען און אליין איז זי ארונטער צו העלפען די דיענערשאפט מיט דעם מאהלצייט.

## אכט און צוואנציגסטער קאפיטעל

# אויף דעם מאלצייט

אקטאוויא און מאנילוס האבען זיך אויסגערוהט אין די צימערען וואס דאמיציליא האט זיי אנגעוויזען. זיי האבען זיך איבערגעטהאן אין די רוימישע קליידער וואס זיי האבען געהאט מיט זיך, און זיינען שוין געווען פארטיג ארונטערצוגעהן זיך צו בעטייליגען אין דער שמחה וואס קלעמענס האט געמאכט לכבוד זייער אנקומען נאך רוים...

מאנילוס האט זיך גארנישט געקענט פארשטעלען צו האבען אזא שעהנעם קבלת פנים, ווי דער סענאטאר און זיין פרוי האבען זיי ארויסגעוויזען... איהם איז געווען שווער צו פערשטעהן די אורזאכע פון די רוימישע אויפריכטיגקייט און פריינדליכקייט צו זיי.

— עס איז מעגליך — האט ער זיך געטראכט — דאס ער האט עס צו

בעדאנקען זיין שוועסטער, וועלכע האט זיי אלעמען בעצויבערט מיט איהר שעהנ־קייט, און צוליעב איהר געניסט ער אויך פון זייער גאסטפריינדליכקייט... אבער זיין שוועסטער טאר דערפון ניט וויסען, כדי זי זאל־זיך צופיעל נישט איבערנע־מען און איהם נישט וועלען פאלגען...

און איידער זיי זיינען ארונטערגעגאנגען האט זיך מאנילוס אפגערופען צו זיין שוועסטער:

— יעצט זעהסטו, אקטאוויא, וואס פאר א גוטען פריינד איך האב געהאט אין סעיאנוס בורוס'ן; ער האט וועגען אונז אזוי פיעל מאל געשריבען צום רוימישען סענאטאר, ער האט איהם איבערגעגעבען וואס פאר געטרייע רוימער מיר זיינען און יעצט ווען מיר זיינען אהער אנגעקומען, נעמט מען אונז אויף ווי עכטע רוימישע ארעליגע. איך בעט דיר, דעריבער, מיין ליעבע שוועסטער, צייג נישט ארויס פאר די רוימער דיין צופיעל אידישקייט, ווייזט זיי נישט אז דו סימפאטיזירסט מיט די שונאים פון רוים, ווי דו האסט עס געטהאן נאך היינט אין דער פריה, ווי מיר זיינען אויפגענומען געווארען פון דעם סענאטאר'ס פאמיליע... היינט אין אבענד וועלען מיר האבען א געלעגענהייט זיך צו בעקענען מיט פיעלע געהויבענע רוימער, מאך מיך נישט, איך בעט דיר, צו שאנד און צו שפאט אין זייערע אויגען...

— דו מאכסט זיך זעלבסט צו שאנד און צו שפאט — האט איהם אקטאוויא געזאגט — דו האסט נישט קיין זעלבסטווירדע ווען דו שעהמסט זיך מיט דיין אייגען פאלק און רעליגיאן, און וואס מעהר דו ועסט וועלען בעהאלטען דיין אידישקייט, אלץ מעהר לעבערליך וועסטו זיך מאכען אין די אויגען פון די רוי־מער... זעהסטו דען נישט ווי די רוימער אליין האלטען פון זייער גאט יופיטער?... האסטו דען נישט געהערט ווי דער סענאטאר האט געזאגט, אז פיעלע רוימער האבען א נייגונג צו דער אידישער אמונה?...

— דער סענאטאר האט עס געוויס נישט געמיינט — האט זיך מאנילוס אפגערופען — ער האט דאמיט אונז געוואלט ארויסצייגען זיין גאסט פריינד־ליכקייט און פיעלייכט געוואלט אונז אויספרובירען צו מיר זיינען טאקע איבער־געגעבענע רוימישע בירגער, און דו האסט עס נישט פערשטאנען און געזאגט אז די מעהרהייט אידען זיינען איבערגעגעבען צו דעם אידישען גאט און צו זיין תורה... ווער האט דיר געבעטען דו זאלסט פאר אלעמען דערצעהלען אז אין יהודה עקזיסטירט פיעלע ישיבות און אז צעהנדליגע טויזענדע אידען זיצען און לערנען די תורה!....

— און איך זאג דיר, מיין ברודער — האט אקטאוויא געזאגט אז דער סע־נאטאר איז געווען זעהר ערנסט ווען ער האט גערעדט מיט פריינדליכקייט וועגען דער אידישער רעליגיאן, האט דען נישט זיין פרוי אויך צוגעגעבען אז די אידען זיינען אן איידעלעס פאלק און אונזער רעליגיאן איז וואונדער שעהן און אז די רוימער וואלטען א סך געקענט לערנען פון אונז...

— אבער איך בעט דיר, ליעבע שוועסטער — האט מאנילוס געזאגט — איידער מיר געפינען אוים די ריכטיגע מיינונג וואס דאס רוב רוימער האבען וועגען אונז אידען, זאלסטו זיך זעהן צוריקצוהאלטען און זיי נישט ארויסצייגען ווי שטארק צוגעבונדען דו ביזט צו דער אידישער אמונה...

וועןביידע, דער ברודער און די שוועסטער זיינען ארונטער, זיינען שוין פיעלע געסט געווען אין דעם גרויסען פראכטפולען זאל.

— האט איהר זיך שוין אביסעל אויסגערוהט פון דער רייזע? — האט זיך קלעמענס צו זיי געווענדעט — יע — האבען ביידע געענטפערט און זיך פערניינגט פאר דעם סענאטאר.

דאמיציליא האט זיי פארגעשטעלט פאר די איבעריגע געסט.

די טישען זיינען געווען געגרייט. די געסט האבען זיך גענומען צונויפ קלייבען. אט איז אנגעקומען דאמיציאן, דער ברודער פון דעם קיסר טיטוס...

אלע האבען זיך פארנויגט פאר טיטוס' ברודער; טיטוס האט קיין קינדער נישט געהאט און אלע זיינען געווען זיכער אז דאמיציאן וועט ווערען זיין נאכפאלגער....

דאמיציאן איז געווען זעהר בעפריינדעט מיט פלאוויאס קלעמענס'ן און זיין פרוי פלאוויא דאמיציליא. ווייל ביידע אי קלעמענס און אי דאמיציליא זיינען געווען נאהענטע קרובים פון דעם צעזאר און ברודער: וועספאסיאנוס איז געווען קלעמענס אנקעל און דאמיציליא איז געווען וועספאסיאנוס'עס אייניקעל.

בעזונדערס ליעב געהאט האט דאמיציאן די צוויי יונגע זיהן פון קלעמענס'ן, מאריוס און מארקוס; ער פלעגט מיט זיי זעהר פיעל פערברייננגען, און איינמאל ווען ער איז געקומען צו גאסט צו קלעמענס'ן, און מאריוס און מארקוס זיינען צו איהם צוגעלאפען, האט ער זיי ביידען ארויפגענומען אויף זיין שויס און מיט זיי געשטיפט. נאכדעם ווי זיי האבען זיך אנגעשטיפט האט ער זיך אפגערופען צו דאמיציליא און קלעמענס'ן: — איהר ווייסט אז מאריוס איז אין גאנצען עהנליך צו מיין פאטער; ער האט זיינע אויגען, זיינע האר און אפילו זיין מויל.

— דו ביזט גערעכט — האט דאמיציליא געשמייכעלט ער האט טאקע זיין עלטער זיידענ'ס אנבליק איך האף נאר דאס ער זאל זיין אזוי בראוו און שטארק ווי זיין עלטער זיידע.

— אנו טרעפט אין וועמען מארקוס איז געראטען? קלעמענס און דאמיציליא האבען בעטראכט זייער אינגערען זוהן, האבען זיך איבערגעווארפען מיט בליקען און געקוועטשט מיט די פלייצעס...

— און דו קענסט טאקע נישט טרעפען, דאמיציליא האט זיך דאמיציאן צו איהר אפגערופען, — אנו בעטראכט דיין מארקוס'ן נאך אמאל...

דאמיציליא האט זיך צו מארקוסן דערנעהענטערט און איהם טיעף אין די אויגען אריינגעקוקט...

— און יעצט זעהסטו שוין צו וועמען ער איז עהנליך? — האט דאמיציאן איהר נאך אמאל געפרעגט.

דאמיציליא האט געשוויגען.

— ער איז עהנליך צו דיר, מיין קוזין, — האט זיך קלעמענס אפגערופען.

— געטראפען! — איז דאמיציליא אויפגעשפרונגען פון זיין פלאץ א פרעהליכער — זעהסטו דען נישט אז מארקוס איז עהנליך צו מיר?...

דאמיציליא האט נאך אמאל א קוק געטהאן אויף איהר זוהן און דערנאך אויף די...

— יע, גערעכט — האט זי צוגעגעבען — מארקוס קוקט טאקע אויס ווי דו, יעצט קען איך זעהן א גרויסע עהנליכקייט אין אייך ביידען...

— ווייסט איהר גאר וואס — האט זיך דאמיציאן אפגערופען — זאל זיך מאריוס פון יעצט אן רופען מיט מיין פאטער'ס נאמען וועספאסיאנוס און מארקוס זאל זיך רופען מיט מיין נאמען, דאמיציאן.

ביידע, קלעמענס און זיין פרוי האבען צוגעשמייכעלט...

— איך מיין דאס זעהר ערנסט — האט דאמיציאן צוגעגעבען — נישט מעהר זאלען זיי גערופען ווערען מאריוס און מארקוס אבער וועספאסיאנוס און דאמיציאן זאלען זיין זייערע נעמען.

און יעצט ווען דאמיציאן איז געקומען צום מאלציים לכבוד די געסט האט ער גלייך געפרעגט ביי קלעמענס'ן אויב זיינע צוויי זיהן רופען זיך מיט די נייע נעמען וואס ער האט זיי געגעבען.

און אז דאמיצילא האט איהם פערזיכערט אז יע, איז ער געווען העכסט צופריעדען. און וועלענדיג זיך איבערציינגען האט ער זיך געווענדעט צו אונוס'ן:

— זאג מיר, מיין פריינד, ווי רופסטו יעצט דיינע צוויי ברידער.

— מאריוס רופט זיך יעצט וועספאסיאנוס און מארקוס רופט זיך דאמיציאן.

— גוט — האט דאמיציאן אויסגערופען — יעצט זעה איך אז מיין עצה איז אנגענומען געווארען.

דאמיציאן האט אויך ליעב בעקומען קלעמענס'ס אראפטירטען זוהן, אונוס'ן, ער האט שטארק בעוואונדערט זיין העלדישקייט און פיעל מאל האט ער איהם פארגעשלאגען אז אמט אין דער רעגיערונג... ער האט שוין אפילו געהאט איי בערגערערט זיין ברודער טיטוס'ן ער זאל איבערגעבען אונוס'ן די ארמיי וועלכע האט געזאלט קעמפפען מיט די גערמאנען. אבער ווען דאמיציאן האט איהם עס פארגעשלאגען, האט זיך אונוס ענטזאגט עס אנצונעמען אנגעבענדיג איהם דיא אורזאכע דאס ער איז נאך יונג און אונערפאהרען אין מלחמה טאקטיקס...

דאמיצילא האט פארגעשטעלט אקטאוויא און מאנילוס פאר דאמיציאן.

אקטאוויא האט אזוי בעצויבערט דאמיציאן מיט איהר שעהנקייט אז ער האט די גאנצע צייט פון איהר די אויגען נישט ארונטערגענומען... ער האט מיט איהר פערבראכט דעם גאנצען אבענד.

די געסט האבען זיך געזעצט אויף זייערע בעשטימטע פלעצער.

אונוס מאנילוס און אקטאוויא זיינען געזעסען צוזאמען, פאר זיי האט דאמיצילא בעזארגט בעזונדערע אידישע מאכלים...

מעסעלינא און איהרע צוויי ברידער זיינען געזעסען נעבען דאמיציאן.

דער מאלצייט האט זיך אנגעפאנגען, דאמיציאן האט אנגעפילט דעם בעכער און אויסגערופען:

— פאר דעם געזונט פון מיין ברודער טיטוס, דער צעזאר פון רוים.

אלע האבען זיך געשטעלט און אויפגעהויבען זייערע בעכער און אויס גערופען:

— לאנג לעבען זאל טיטוס, סאפאס!

— יעצט טרינק איך פאר די שעהנע טאכטער פון יהודה — האט דאמיציאן געזאגט — און אריינגעגאסען אין זיך נאך א בעכער וויין.

אלעמענס אויגען האבען זיך געווענדעט צו אקטאוויאן. מעסעלינא האט איהר דורכגעשטאכען מיט איהרע אייפערזיכטיגע אויגען...

אקטאוויא האט געפיהלט אויף זיך אלעמענס בליקען... איהר פנים איז

שטארק רויט געווארען און זי האט זיך געפיהלט זעהר נישט בעקוועהם; זיא האט זיך קיין פלאץ נישט געפונען...

מאנילוס אבער האט טריאומפירט: אט זעהט ער ווי דעם צ'נזאר'ס ברודער ווארפט זיינע בליקען אויף זיין שעהנע שוועסטער און זיין הארץ ווערט אנגעפילט מיט שטאלץ... זאל נאר אקטאוויא וויסען ווי צו האנדלען און ער וועט קריגען אלעם וואס זיין הארץ געלוסט... יע, אלע זיינע חלומות וועלען פערווירקליכט ווערען ווען זיין שוועסטער וואלט איהם געפאלגט... ער וועט ארייןטרעטען אין א רוימישע מיליטערישע שוהלע און אין א קורצע צייט וועט ער זיך דערדינען צו דעם ראנג פון אן אפיציער... און אפשר צו עפעס העכערעס... דאן וואלט ער צוריקגעפאהרען אין גמזו, ער וועט העלדיש און ריטעריש פערביי רייטען די הויז פון כלבא שבוע... רחל וועט איהם דערזעהן און וועט ארויסקומען איהם בעגריסען... זי וועט אויף איהם קוקען מיט איהרע שעהנע ליעבליכע אויגען... ער וועט איהר דערצעהלען וועגען זיין שוועסטער'ס גרויסקייט אין רוים, וועגען די וואונדערשטאדט רוים און איהרע העלדען.

— ווי גליקליך ער שעצט זיך — וועט ער רחלן זאגען — אז ער האט די זכיה צו פערנעמען אזא פעראנטווארטליכען אמט אין דער רוימישער ארמיי; אן ארמיי וואס האט בעזיעגט די גאנצע וועלט... און זי, רחל וועט איהם דאן אנקוקען מיט א פריינדליכען שמייכעל... זי וועט בעשיידען ארונטערלאזען איהר קאפ מיט די שעהנע לאנגע לאקען... א, ווי שטאלץ זי וועט זיין מיט איהם...

באלד אבער זיינען איבערגעשלאגען געווארען זיינע געדאנקען: צוז זיינע אויערען האט דערגרייכט דער שטילער געשפרעך וואס מעסעלינא האט געפיהרט מיט איהרע צוויי ברידער:

— און איך זאג דיר — האט ער געהערט ווי מעסעלינא זאגט צו איינעם פון איהרע ברידער — אז בערעניקא איז געווען פיעל שעהנער פון איהר...

— זי איז אבער א סך יונגער און בעזיצט מעהר חן — האט איהר דער ברודער געענטפערט.

— פערגעס אבער נישט אז בערעניקא איז אליין געווען א פרינצעסין און פונדעסטוועגען האט איהר טיטוס פארשטויסען...

— טיטוס האט איהר פערשטויסען — ווייל זיין פאטער האט עס אזוי פערלאנגט פון איהם... אבער דאמיציאן האט נישט ווער עס זאל איהם דערפון אפריידען...

— און פונדעסטוועגען בין איך זיכער אז דאמיציאן וועט זיך נישט וועלען פערבינדען מיט אן אידישע מיידעל, ווייל אויב ער וועט מיט איהר חתונה האבען, פערלירט ער זיינע מעגליכקייטען צו קריגען דעם טראהן — האט מעסעלינא איהם אריינגערוימט אין אויער...

— און איך וועל דיר זאגען מיין שוועסטער — האט דער ברודער וועלכער איז געווען טיטוס' ליקטאר (לייב־וועכטער) געזאגט — איך שטעה דאך כמעט דעם גאנצען טאג נעבען טיטוס'ן און איך באמערק אז זיין געזונט ווערט שוואכער פון טאג צו טאג. און זינט מען האט איהם אנגעזאגט וועגען דעם גרויסען חורבן פון די צוויי רוימישע שטעדט פאמפעי און הערקולאנוס, וועלכע זיינען פערזונקען געווארען פון די פייערדיגע לאווא וואס דער וואולקאן וועזואוויוס האט פון זיך ארויסגעשפיגען... זינט דאן איז ער שוואך, פער'מרה שחורה'ט געווארען און ער קוקט אוים זעהר בלאס...

— און איך וואלט וועלען — האט מעסעלינא געזאגט אז טיטוס זאל נאך לאנג לעבען, ווייל פון איהם קען איך פיעל מעהר טובות קריגען ווי איך קען ערווארטען ווען עס איז ארויסצוקריגען פון דאמיציאן... און אויב ער זאל זיך נאך פערליעבען אין דיעזער אידישער מיידעל, דאן וועט מען צו איהם גארנישט קענען צוקומען...

— זארג זיך נישט, מיין שוועסטער — האט ער איהר געזאגט — נישט אזוי גיך וועט נאך דאמיציליאן חתונה האבען מיט א מידעל פון יהודה... ער וועט פיעלייכט שפיעלען מיט איהר א ליעבע און נאכהער וועט ער איהר פערטרייבען פון זיך, ווי טיטוס האט פערטריבען בערעניקאן.

מעסעלינא האט בעמערקט ווי מאנילוס קוקט אין זייער ריכטונג און האט דעריבער אנגעוואונקען איהר ברודער מעהר נישט צו ריידען...

דערהערענדיג מעסעלינא'ס געשפרעך מיט איהרע ברידער, איז מאנילוס זעהר אומעטיג געווארען... ער האט זיך דערמאנט וואס סעיאנוס בורוס האט איהם געזאגט פאר'ן אפפאהרען נאך רוים, ווען עס איז געקומען צו רייד וועגען אקטאוויאן. און ער, סעיאנוס האט דאן געזאגט אז די רוימער קענען זיך נאר פארליעבען אין אידישע מיידלעך אבער חתונה האבען מיט זיי זאלען די אידען... איהם האט יעצט שטארק פערדראסען פאר וואס די העסליכע מעסעלינא זאל אזוי ריידען וועגען זיין שוועסטער... יע, זי איז ווירקליך א גיפטיגע שלאנג, און יעצט פערשטעהט ער פארוואס סעיאנוס בורוס האסט אזוי זיין אייגען ווייב...

נאך'ן מאלצייט, ווען אלע געסט זיינען זיך צוגאנגען, א חוץ מעסעלינא, איהרע ברידער און דאמיציאן, האט זיך קלעמענס אפגערופען:

—יעצט קענען מיר רעדען אונגעשטערט וועגען מעסעלינאס מאן, סעיאנוס בורוס'ן.

— לייען איבער זיינע בריעף — האט מעסעלינא געבעטען קלעמענס'ן.

קלעמענס האט איבערגעלייענט סעיאנוס'עס ביידע בריעף...

— נו, וואס זאגט איהר אויף מיין מאן — האט מעסעלינא מיט שטאלץ געזאגט.

— אויב ער מיינט עס מיט'ן גאנצען הארצען — האט איינער פון די ברידער געזאגט — דאן דארף מען זעהן צו קריגען פאר איהם בעשעפטיגונג אין רוים און זאל ער קומען צוריק אהער.

— דו האסט שוין מסתמא פארגעסען, מעסעלינא, פון די צרות וואס דוא האסט אויסגעשטאנען פון סעיאנוס'ן — האט זיך דער צווייטער ברודער אפגערופען, איך בין זיכער דאס ווען ער וועט זיך צוריקקעהרען וועלען זיך אייערע קריעגערייען און צאנקערייען ווידער אנפאנגען...

— זאל ער קומען אויף א קורצע צייט און איך וועל זעהן אויב ער האט זיך נישט געענדערט, וועט ער גלייך צוריקפאהרען נאך גמזו.

— אבער פערגעס נישט אז זיין אמט וועט אפגעגעבען ווערען א צווייטען, און עס וועט נאכהער זיין זעהר שווער עס צוריקצוקריגען.

—וואס איז דיין עצה, קלעמענס—האט זיך מעסעלינא צו איהם געווענדעט.

— איך גלויב אז דיין ברודער איז גערעכט, מען טאהר איהם נאך נישט צונעהמען פון גמזו... ערשטענס איז ער דער פאסענדער מאן צו אזא הויכען אמט און די רעגיערונג קען א סך פערליערען ווען ער זאל צוריק גערופען ווערען פון

דארטען, און ווידער בין איך זיכער דאס ער האט זיך נישט קיין סך געענדערט און פאר איךביידען וועט זיין געזינדער אויב ער וועט נאך דארטען אויף לייגער פערבלייבען...

דאמיציאן איז געווען פערנומען מיט אקטאוויאן און מאנילוס'ן; ער האט זיי אויסגעפרעגט אלעס וואס האט מיט זיי פאסירט אויף'ן וועג, וועגען דעם וואולקאן און וועגען דעם לעבען אין יהודה. אונוס איז אויך מיט זיי געזעסען און געשלונגען יעדעס ווארט וואס איז ארויס פון אקטאווי'ס מויל.

— לאמיר פרעגען דאמיציאן — האט מעסעלינא געזאגט — און הערען זיין מיינונג וועגען דעם.

זיי זיינען אלע צוגעגאנגען צו דאמיציאן און מעסעלינא האט זיך צו איהם אפגערופען:

— דו האסט דאך געהערט דאמיציאן וואס מיין מאן שרייבט, ווי איז דיין עצה זאלען מיר איהם הייסען צוריקקומען נאך רוים? דאמיציאן האט א ווייל א טראכט געטהאן און נאכהער זיך אפגערופען.

— סעיאנוס בורוס טוט זעהר ניצליכע ארבייט אין יהודה... לויט זיינע בריעף לעבען די אידען בשלום מיט די רוימער. ער פערזיכערט אונז אז קיין נייער אויפשטאנד וועט מעהר דארטען קיינמאל נישט פארקומען, דעריבער איז טאקע מיין עצה אז דיין מאן זאל דארטען פערבלייבען אויף נאך עטליכע יאהר, דורך דיעזע צייט גלויב איך צו זיין אין יהודה און עס קען זיין דאס איך וועל זיך אומקעהרען צוזאמען מיט סעיאנוס'ן אהער...

מעסעלינא איז געווארען שטארק ענטטוישט, זי האט דאך געוואלט זעהן איהר מאן... אפשר איז ער טאקע אנדערש געווארען...

איהר כעס האט געברענט אויף קלעמענס'ן פארוואס ער האט געביטען זיין מיינונג וועגען דעם צוריקקעהר פון איהר מאן... זי איז געווען זיכער אז קלעמענס האט אויך בעאיינפלוסט דאמיציאן...

מעסעלינא איז יעצט צוגעגאנגען צו מאנילוס און אקטאוויא'ן און זיי ביידען איינגעלאדען צו קומען צו איהר הויז אויף א פערוויילונג, און ווען זיי האבען איהר איינלאדונג אנגענומען, איז זי מיט איהרע ברידער אהיים געגאנגען.

דאמיציאן האט זיך נישט געקענט אפרייסען פון דער שעהנער אקטאוויא; ער האט יעצט געטראכט ווי איהר אריינצוקריגען צו זיך... געוועהנליך וועגען חתונה האבען מיט איהר האט ער נישט געטראכט; ער ווייס דאך אז זי איז א אידישע מיידעל, און קיינער וואלט איהם דאס נישט פערגעבען, אבער צו פערפיהרען מיט איהר א ליעבע, אויף דעם איז ער געווען בערייט... און טאקע דעם זעלבען אבענד האט ער איהר גענומען פערווארפען מיט קאמפלימענטען...

אקטאוויא, די בעשיידענע אידישע מיידעל, האט ארונטערגעבויגען איהר קאפ... זיינע ווערטער האבען איהר ווי מיט שפיזען געשטאכען...

אונוס האט בעמערקט וואס פאר אן איינדרוק דאמיציאן'ס ווערטער האבען געמאכט אויף אקטאוויא'ן; ער האט געזעהן ווי זי ווארפט איהם צו בליקען פול מיט פעראכטונג... זי איז דאמיט געשטיגען אין זיינע אויגען...

פאר זיין אוועקגעהן האט דאמיציאן אפגערופען קלעמענס'ן אן א זייט און איהם געזאגט:

— זיי וויסען, מיין קוזין, אז דאס מיידעל אקטאוויא געפעלט מיר זעהר.

איך וויל האבען דעם פערגעניגען מיט איהר צו פערברייגגען, און דו קענסט מיר דערצו ארויסהעלפען.

— אויב דו ווילסט מיט איהר פערברייגגען, ביזטו אימערצו ווילקאמען צו קומען דא אין הויז מיט איהר פערברייגגען...

— איך וויל זיך אבער מיט איהר טרעפען אליין, אונגעשטערט — האט דאמיציאן געזאגט — און אויב דו וועסט מיר טאהן די געפעליגקייט און זעהן אז דאס אידישע מיידעל זאל אריינקומען אין מיין רשות, וועל איך דיר די טובה קיינמאל נישט פערגעסען...

— שלאג זיך ארויס פון דיין קאפ אזעלכע געדאנקען — האט קלעמענס געזאגט מיט אן איינגעהאלטענעם כעס — זי איז מיין גאסט און איז בערעכטיגט צו מיין שוץ, און איך וועל קיינעם נישט דערלאזען איהר שלעכטעס צו טהאן...

— דו רופסט עס אן שלעכטעס! האט דאמיציאן בייז געזאגט — וועט דען נישט זיין פערדעכענט פאר איהר פאר א כבוד, ווען זי וועט מיט מיר פערברייגגען... און אויב זי וועט געפינען חן אין מיינע אויגען, קען נאך זיין דאס זי זאל ווערען מיין מעטרעסע...

— נו, וועגען דעם וועלען מיר נאך רייִדען — האט קלעמענס געזאגט — יעצט איז געווים נישט די צייט דערצו...

---

אייניגע וואכען זייגען אריבער זינט אקטאוויא און מאנילוס זייגען אנגעקומען אין רוים. מאנילוס האט זיך שנעל צוגעפאסט צו דעם רוימישען לעבען; ער איז איבעראל געוועזען, ער האט בעזוכט זעהר אפט די ארענא, ער האט זיך בעטהייליגט אין די פערשיעדענע ספארטען, ער האט פערבראכט ביי מעסעלינא'ן אין הויז... דארטען האט ער זיך בעקענט מיט פיעלע פאטריציער... יעדער האט פערשפראכען עפעס צו טהאן פאר איהם... אבער דערווייל איז איהם נאך אלץ געווען שווער אריינצוטרעטען אין דער מיילטערישער שוהלע. די גאנצע שולד האט ער געווארפען אויף זיין שוועסטער.

— ווען דו וואלסט וועלען וואלט איך שוין לאנג אריינגעטראטען אין דער מיליטערישער שוהלע — האט ער זיין שוועסטער פארגעווארפען — דו ווילסט מיט מיר אין ערגעץ נישט געהן... ווען דו וואלסט נישט געווען אזא צנועה און מיט מיר מיטגעגאנגען צו אלע פערוויילונגס פלעצער, וואו מען קען זיך טרעפען מיט אזוי פיעל וויכטיגע פערזאנען, וואלטען זיי אויף מיר אויך אנדערש געקוקט... אבער ווען איך געה אליין דאן קוקט מען זיך גאר אויף מיר ניט אום...

— איך קאן דיר גארנישט העלפען, מיין ברודער — האט איהם אקטאוויא געענטפערט — די פלעצער וואוהין דו געהסט, זיינען מיר נישט שטארק צום הארצען... מיר פערדריסט נאך ביז יעצט, וואס איך האב זיך געלאזען איבערריידען און איך בין מיט דיר געגאנגען צו מעסעלינא'ס פערוויילונג'ס אבענד... יעצט זעה איך אז סעיאנוס בורוס' ווייב איז נישט בעסער פאר איהם... אזעלכע פריצות און פערשייטקייט קען מען אין יהודה געווים נישט געפינען...

— אין יהודה ווייס מען דען ווי צו לעבען?... — האט מאנילוס געזאגט — דארטען ווייס מען נאר פון וויינען און קלאגען אויף'ן חורבן... און אט איז אין רוים אויך פארגעקומען א שרעקליכער חורבן; צוויי גרויסע שטעדט מיט

זייערע אייגוואהנער זיינען פערניכטעט געווארען, האט מען אין רוים געמאכט בלויז איין וואך פאר א טרויער וואך, און יעצט איז מען ווידער לעבעדיג און פרעהלאך... דאס לעבען איז נישט געגעבען געווארען צו קלאגען און טרויערען... און ווער נאך, איך פרעג דיר, גיים ווי צו לעבען ווי די רוימער... אויב דו ווילסט אפזיצען טאג און נאכט אין חויז און טרויערען אויף'ן אידישען חורבן, טו פאר־וואס האסטו געדארפט קומען אהער, אין רוים?... אין יהודה וואלסטו עס געקענט בעסער טהון...

— דו ווייסט דאך טאקע מיט וואס פאר א חשק איך בין געפאהרען נאך רוים — האט אקטאוויא איהם געענטפערט — איך בין אהער געפאהרען צוליעב דעם פאטער און דיר, וויל איהר ביידע זייט צו מיר צוגעשטאנען...

— און אויב דו ביזט געפאהרען צוליעב מיר — האט מאנילוס ווייטער געזאגט — טו פאר וואס העלפסטו מיר נישט מיט קיין זאך ארויס... אט האט אונז דאמיציאן איינגעלאדען צו זיך אהיים... פאר וואס ווילסטו מיט מיר אהין נישט געהן ?

— ווייל ער בעליידיגט מיר מיט זיין קוקען אויף מיר — האט אקטאוויא שטיל געענטפערט.

— פערגעס אבער נישט, מיין שוועסטער, אז דאמיציאן איז דערווייל דער איינציגער יורש צום טראָהן, און וואס פאר א כבוד עס וואלט פאר אונז ביידען געווען, ווען מיר קומען מיט איהם פערברייטנגען... און דו לאזט איבער אזא וואונדערבארע געלעגענהייט...

— זאל אפילו דער צעזאר אליין מיר איינלאדען און אויב זיין געזעלשאפט איז מיר נישט אנגענעהם, וועל איך אהין נישט געהן — האט אקטאוויא געזאגט — איינמאל פאר אלעמאל וויל איך דיר זאגען אז איך וועל מיט דיר צו דאמיציאן אין פאלאץ קיינמאל נישט צוקומען...

## ניין און צוואנציגסטער קאפיטעל

# אונוס און אקטאוויא

פאר דער קורצער וואס אונוס האט געהאט די געלעגענהייט צו בעאב־אכטען אקטאוויא'ן האט ער אויסגעפונען אז זי איז אין גאנצען אנדערש פון איהר ברודער... ער האט אין איהר געפונען די ריכטיגע טאכטער פון יהודה נאך וועמען ער האט אזוי לאנג געטרוימט...

אונוס האט יעצט געפיהלט אז ער ליעבט אקטאוויא'ן מיט דעם גאנצען ברען פון זיין איינגע נשמה... טאג און נאכט האט ער געטראכט פון אקטאוויא'ן, פיעלע מאל איז זי צו איהם געווען א רעטעניש ; ער האט נישט געקענט פער־שטעהן, פארוואס אזא איבערגעגעבענע אידישע טאכטער זאל פערלאזען איהר געבורטסשטאדט, און אויסוואנדערען נאך רוים, צווישען אידישע שונאים... ער האט זיך שוין לאנג געקליבען מיט איהר צו פערפיהרען א געשפרעך וועגען דעם; ער האט געווארט אויף א גינסטיגע צייט...

ווען ער האט דערהערט אז דאמיציאן האט איהר איינגעלאדען צו זיך איז ער געווארען שטארק איפערזיכטיג, ער האט געוואוסט אלע זיינע מאטיווען

און געווען איז ער זיכער דאס אויב זי וועט געהן צו איהם, דאן איז זי א פערלארענע... אבער זי איז בראוו און בעשיידען. זי יאגט זיך נישט נאך כבוד... זי איז צו איהם נישט געגאנגען... ער ווייס אז מאנילוס האט זיך ביי איהר געבעטען זי זאל אהין געהן, און זי אקטאוויא האט איהם נישט געפאלגט...

איין זאך האט ער נישט געקענט פערשטעהן פארוואס זי האלט זיך פון איהם פון דערווייטען... האט זי פיעלייכט אויסגעפונען דאס ער איז נישט דער ריכטיגער זוהן פון דעם סענאטאר און איז דעריבער ענטטוישט אין איהם... אפשר איז דער צוועק פון איהר גאנצען פאהרען אהער ארייצוקריגען א זוהן פון א רוימישען הויכען בעאמטען... אויב אזוי האט זי דאך געהאט געלעגענהייט מיט דאמיציאן... ניין, ער זעהט אז אקטאוויא איז אין גאנצען אנדערש... זי וועט זיך פון איהם נישט דערווייטערען צוליעב דעם וואס ער איז געווען א געפאנגענער...

אונוס האט בעשלאסען צו האבען מיט איהר א געשפרעך און אויסגיסען זיין הארץ פאר איהר... און איינמאל ווען מאנילוס איז אליין אוועק אויף א פערוויילונג אין מעסעליגא'ס הויז און אקטאוויא איז געבליבען אליין אין הויז, האט ער איהר פארגעלעגט ארויסצוגעהן פאר א שפאציר.

אקטאוויא וועלכע האט זיך געפיהלט זעהר איינזאם האט די איינלאדונג אנגענומען... זי האט אונוס'ן בעוואונדערט נאך פון ערשטען טאג אן ווען זיא האט זיך מיט איהם בעקענט... זיין פנים איז גאר נישט פון קיין רוימער, זיין האלטען זיך און זיין בענעמען דערמאנט איהר אן איינעם פון איהר געבורטסלאנד, נאך מעהר האט זי געשטוינט, ווען ער האט ארויסגעצייגט אן אינטערעס אין דעם לאנד פון יהודה, ער האט זיך נאכגעפרעגט אויף ירושלים, אויף דיא אידישע העלדישע קעמפפער... זי האט נור געצווייפעלט צי ער האט עס נישט געטהאן כדי אויסצונעהמען ביי איהר אדער גאר אלם העפליכקייט... זי האט אבער דאך געפיהלט אז איהר הארץ ציהט צו איהם... די גאנצע צייט טראכט זי נאר פון איהם... זי ווערט פערצעהרט פון איהר גרויסע ליעבע צו איהם... זי קעמפפט אבער מיט זיך אליין... זי קעמפפט געגען איהרע געפיהלען צו אונוס'ן... זי וועט נישט ענדערען דעם בעשלוס וואס זי האט געמאכט איידער זי איז פון גמזו אפגעפאהרען. זי וועט קיינמאל נישט הייראטען מיט קיין רוימער, מעג ער זיין, דער צעזאר אליין... יע, זי מוז זיך שטארקען, איהרע געפיהלען זאלען איהר נישט בעהערשען...

יעצט ווען אונוס האט איהר איינגעלאדען אויף א שפאציר, האט זי עס אנגענומען מיט דעם געדאנק איהם צו זאגען אז כאטש זי איז געקומען אין רוים, איז זי דאך פערבליבען געטריי דעם אידישען פאלק און וועט קיינמאל נישט איינשטימען צו ווערען די פרוי פון א רוימער...

אקטאוויא און אונוס האבען געשפאצירט א היבשע ווייל און ביידע האבען געשוויגען...

— זאג מיר, אקטאוויא — האט אונוס אונטערגעבראכען זייער שווייגען— פאר וואס ביזטו די לעצטע צייט געווארען אזוי אומעטיג, טוען דען נישט מיינע עלטערען אלעס וואס מעגליך דיר צו מאכען בעקוועם אין אונזער הויז ?...

— איך האב נישט קיין ווערטער אויסצודריקען מיין הארצליכען דאנק צו דיר און דיינע עלטערען — האט אקטאוויא געזאגט — פאר אלעם וואס איהר

טום פאר מיר. איך האב זיך קיין מאל נישט פארגעשטעלט צו טרעפען אזעלכע גאבעלע און גוטהערציגע רוימער ווי איהר זייט... אבער איך בין פארט אויף א פרעמדען באדען... מיין הארץ געהט אוים נאך מיין פאטערלאנד, יהודה... דער הייגער לעבען, די מנהגים. און מאכיערען זיינען מיר נישט צום הארצען... און כאטש מיין פאטער און ברודער האבען זיך אימערצו אויפגעפיהרט ווי עכטע רוימער, האט אבער צו מיר דאס רוימישע לעבען קיינמאל נישט אפעלירט... אין מיין אייגענער היים האב איך זיך געפיהלט פרעמד, אבער ווען איך פלעג ארוים אין גאס און זיך טרעפען מיט מיינע שוועסטער און ברידער וועלכע האבען געגלויבט אין געפיהלט ווי איך, דאן בין איך שוין מעהר נישט געווען אזוי עלענד... דא אבער בין איך אין א פרעמדער סביבה, צווישען מענשען, וועמען איך פערשטעה נישט און וועלכע פערשטעהען מיר נישט און דעריבער פיהל איך זיך דא אזוי איינזאם און אומעטיג...

— ערלויב דאך מיר צו פרעגען, ווירדיגע אקטאוויא, — האט מאנילום איהר געזאגט — וואס איז די אורזאכע וואס דו האסט פערלאזען דיין לאנד און אפגעפאהרען נאך רוים... אויב דיר איז געווען אזוי שווער זיך צו שיידען מיט דיין פאטערלאנד, טו פארוואס האסטו איינגעשטימט מיטצופהארען מיט דיין ברודער.

— יע, — האט אקטאוויא טרויעריג געענטפערט — עס זיינען פארהאן איינוגע אורזאכען פארוואס איך בין געצוואונגען געווען מיטצופאהרען מיט מיין ברודער... ווי דו ווייסט שוין איז מיין פאטער און ברודער גרויסע אנהענגער פון רוים... און מיינע אידישע אויפפיהרונג האבען זיי פיעלע מאל געזעהן א שטערונג אין רוימאניזירען אונזער הויז... און זיי האבען בעשלאסען מיר איבער־צורייהדען איך זאל אפפאהרען נאך רוים פיעלייכט וועל איך זיך דארטען ענדע־רען... כאטש איך האב א גאנץ אנדער מיינונג וועגען אידישען לעבען, פונדעסט־וועגען האב איך זעלטען ווידערגעשפעניגט מיין פאטער׳ס רייד... געוועהנליך מיין פאטער האט געזעהן נישט אנצוריהרען מיינע געפיהלען צום אידישקייט... ווען זיי זיינען צו מיר צוגעשטאנען איך זאל אפפאהרען נאך רוים, האב איך לכתחילה פון דעם גארנישט געוואלט הערען... אבער שפעטער צו האב איך שוין אליין איינגעזעהן אז איך וועל מוזען אוועקפאהרען אויף א קורצע צייט...

אקטאוויא האט ארויסגעלאזען א שטילען זיפץ און האט זיך אפגעשטעלט.

— קענסטו מיר נישט זאגען — איז אונוס נייגעריג געווארען — וואס האט דיר דערצו געבראכט דאס דו זאלסט מוזען איינשטימען דערצו?...

— אויב דו וועסט מיר פערשפרעכען קיינעם נישט צודערצעהלען וועל איך דיר עס זאגען.

אונוס האט איהר פערשפראכען און אקטאוויא האט פארטגעזעצט:

— ווי דיר איז בעקאנט איז סעיאנוס בורוס א גוטער פריינד צו מיין פאטער און ברודער. ער ווערט איינגעלאדען צו יעדער שמחה וואס מיין פאטער מאכט, און פיעלע מאל פלעגט ער אפילו קומען נישט איינגעלאדענערהייט... ער האט מיין פאטער בעשטימט אלס אויפמאנער פון דעם האלבען שקל קאפ־שטייער וואס די אידען זיינען געצוואונגען צו צאהלען פאר יופיטערן, דעריבער איז מיין פאטער איהם זעהר דאנקבאר און ער זעהט מיט אלע מעגליכקייטען איהם צופריעדענצושטעלען... לעצטענס אבער האט סעיאנוס בורוס גענומען

אריינקומען אין אונזער הויז זעהר אפט, און פיעלע מאל אין דער צייט ווען איך בין אליין אין הויז געווען... ער האט מיר גענומען בעלעסטיגען און האט ער פון מיר זעהר שלעכט אפגעשניטען... איך האב זיך ארומגעזעהן אז דאס קען ברייגגען אומגליק אויף מיין פאטער, ווייל זאל סעיאנוס אין כעס ווערען אויף אונז, וואלט ער דאך אונז אלעמען גרינג געקענט רואינירען... דעריבער האב איך בעשלאסען צו פאלגען מיין פאטער'ס עצה און איך בין גלייך אפגעפאהרען פון גמזו נאך רוים...

— יעצט פערשטעהע איך — האט אונוס געזאגט — פארוואס סעיאנוס בורוס וויל אזוי שטארק אפפאהרען נאך רוים... ער האט וואהרשיינליך געוואוסט מיט א צייט פריהער אז דו קלייבסט זיך צו פאהרען נאך רוים...

אקטאוויא איז רויט געווארען און האט ארונטערגעלאזען די אויגען...

— דו מעגסט אבער זיך בערוהיגען, ליעבע אקטאוויא — האט אונוס פארטגעזעצט — יעצט וועט שוין סעיאנוס בורוס אזוי גיך נישט קומען צוריק נאך רוים. און ווען אפילו ער וועט יא אהער קומען, מעגסטו זיכער זיין דאס ער וועט דיר נישט בעלעסטיגען כל זמן דו וועסט זיך געפינען אונטער דעם שוץ פון מיינע עלטערען.

— איך האב אבער מורא — האט אקטאוויא געזאגט — דאס ער וועט זוכען זיך אפצורעכענען מיט מיר, צוליעב דעם וואס איך האב איהם בעליידיגט דעם לעצטען טאג פאר מיין אפפאהרען.

— מיט וואס האסטו איהם געקענט בעליידיגען — האט אונוס איהר אנגעקוקט ערשטוינט.

— ער האט געקראגען פון מיר אזוינע צוויי פייערדיגע פעטש דאס ער איז צום באדען געפאלען מיט געשוואלענע באקען...

— א טאכטער פון יהודה געפאטשט און אומגעווארפען דעם שטארקען סעיאנוס בורוס! — האט אונוס געלאכט — דאס איז זעהר אינטערעסאנט — דאס ווייזט אז אונזערע טעכטער... איך מיין די טעכטער פון יהודה זייגען גענוג שטאלץ און בראוו צו פערטהיידיגען זייער עהרע געגען יעדען אומווירדיגע. רוימער... זאלען דיינע הענט זיין געבענשט, ווייל זיי האבען אנגעצייגט דעם רשע זיין פלאץ... מיר וואונדערט אבער ווי אזוי דו האסט איהם צום באדען געווארפען...

— די ווייז וואס סעיאנוס האט געטרונקען ביי מיין פאטער אין הויז, איז מיר געקומען צו הילף — האט אקטאוויא געשמייכעלט — א שכור דארף קיין ספק נישט האבען אום צו פאלען... פונדעסטוועגען בין איך שטארק בעזארגט, ווען עם וועט איהם געלינגען צוריקצוקומען נאך רוים, ווייל ווי ווייט איך פערשטעה איהם וועט ער זיך פאר קיין זאך נישט אפשטעלען...

— איך קען דיר פערזיכערען — האט אונוס געזאגט — אז סעיאנוס בורוס וועט אפילו נישט וואגען מיט דיר א ווארט אויסצוריידען, וועגען דעם וועט שוין זיין ווייב מעסעלינא זארגען...

— ווען מיין ברודער זאל נאר צושטימען — האט אקטאוויא געזאגט, וואלט איך געוויס באלד צוריקגעפאהרען נאך יהודה, ווי נאר סעיאנוס בורוס וועט האבען פערלאזען מיין פאטערלאנד... איך בייגק זעהר שטארק נאך מיין היים...

— אקטאוויא ! — האט אונוס געזאגט מיט א ציטערענדע שטימע —

ווי שרעקליך איינזאם איך וואלט זיך געפיהלט ווען דו פאחרסט אוועק פון דאנען... דיר האט דאך דער גאט פון יהודה אהער צו מיר געשיקט... ווי שווער עס פאר מיר זיך צוגעוואהנען נאך צו דעם געדאנק אז דו וועסט אונז פערלאזען... דו האסט געבראכט אזוי פיעל ליכט און פרייד אין מיין לעבען... איז עס מעגליך אז אלעס זאל אויסגעלאָשען ווערען מיט אמאל?...

אקטאוויא האט בעשיידען איהר קאפ ארונטערגעלאזען איהר הארץ האט שטארק געקלאפט און איהר שעהנער פנים האט געפלאמט...

— איך בעט דיר ליעבע, אקטאוויא — האט אונוס צערטליך אנגענומען איהר האנט — פערלאז מיר נישט... איך האב אין דיר געפונען דאס נאך וואס וואס מיין נשמה האט געלעכצט פאר יאהרען... אהן דיר וועט מיין לעבען זיין פוסט און וויסט... דער גוטער גאט האט מיינע ליידען געזעהן... ער האט מיינע תפלות געהערט און דיר צו מיר געשיקט... און ווען איך האב דיר צום ערשטען מאל דערזעהן, האסטו באלד מיין הארץ געפאנגען... אקטאוויא, איך... ע... איך האב דאך דיר אזוי ליעב !... ווי גליקליך איך וועל זיך פיהלען, ווען איך וועל וויסען אז איך בין ווערט דיר צו ליעבען און פון דיר געליעבט צו ווערען...

אקטאוויא האט אויף איהם א קוק געטהאן מיט איהרע שעהנע אויגען... איהר בליק איז געווען פול מיט צערטליכקייט און ליעבשאפט... אבער פלוצלונג האט זי איהר האנט פון זיינע צוריקגעצויגען און אפגעטראטען אויף צוריק...

— ניין, ניין ; — האט זי אויסגערופען מיט טרויער — דאס קען קיינמאל נישט געשעהן ! ענטשולדיגט מיר, אבער דו מוזט זעהן מיר צו פערגעסען... איך בעט דיר, אונוס, טראכט גארנישט וועגען דעם... ווארום זאלען די ליידען נאכהער זיין אזוי אונערטרעגליך... ניין, א, גאט ! א ווי איך לייד !... אבער ניין, איך קען נישט, איך טאר נישט...

אונוס איז בלאס געווארען... זיין גאנצער קערפער האט פיבעריש גע־ציטערט... איז דאס מעגליך אז די געטליכע שעהנע אקטאוויא, די, וועלכע פערקערפערט אלעס וואס איז שעהן און נאבעל, וואס איז הייליג און ליעב, וועט קיינמאל צו איהם נישט קענען געהערען... דאן איז ריכטיג זיין פריהערדיגע השערה וואס ער האט אנגענומען, אז זי איז אהער געקומען כדי צו הייראטען אן עכטען רוימער פון די פאטריציען און אדעל... יע, זי האט אויסגעפונען ווער ער איז, ער איז נישט נאר קיין עכטער רוימער, נור א שקלאף א געפאנגענער שקלאף וועמען דער גוטהערציגער סענאטאר האט אויסגעלייזט פון א זיכערען טויט און דערנאך איהם פאר זיין זוהן אדאפטירט... זי האט זיך פון אלעס דערוואוסט, און דערפאר וויל זי פון איהם נישט וויסען... עס פאסט איהר נישט זיך צו פערבינדען מיט אן אראפטירטען זוהן....

באלד אבער האט אונוס'ן פערדראסען וואס ער איז אזוי שנעל צו דעם טרויעריגען בעשלוס געקומען... ער האט נור אויף איהר נאך אמאל א קוק געטהאן און ער האט גלייך געזעהן דאס ער האט א גרויסען טעות געמאכט... ער זעהט דעם מיעסען צער וואס איהר פנים דריקט אויס... ער בעמערקט דעם טרויער און יאוש וואס קוקט אזוי בולט ארויס פון איהרע אויגען... ניין, נישט דאס איז די אורזאכע וואס אקטאוויא האט איהם קיין האפענונג געגעבען...

— אקטאוויא — האט ער שטיל געזאגט — איך זעה אז איך בין דיר נישט ווערט... אבער מיין ליעבע צו דיר איז אונגעהויער גרויס... זאג דאך מיר,

איז שוין פאר מיר גאר קיין האפנונג נישטא דאס איך זאל ווען עס איז נוערט זיין דיין ליעבע ?...

אקטאוויא האט א מילדען בליק אויף איהם געווארפען... אט זעהט זי דעם העלדישען זוהן פון דעם סענאטאר. איהר הארץ געהט נאך איהם אויס... זי ליעבט איהם אזוי שטארק... און יעצט דערוויסט זי זיך אז ער האט איהר אויך אזוי ליעב און דאך... אנשטאט זיך גליקליך צו פיהלען, פיהלט זיך יעצט די אומגליקליכסטע... וויפיעל יסורים זי ליידט עס איז דעם יעצטיגען מאמענט... זי קעמפט מיט זיך אליין, מיט איהרע געפיהלען... זי וועט אבער מוזען איבער זיך זעלבסט זיגען... זי טאר נישט דערלאזען דאס זי זאל בעהערשט ווערען פון איהרע געפיהלען...

אונוס האט מיט א קלאפענדע הארץ געווארט אויף איהר ענטפער... ער האט בעטראכט איהר יעדע בעוועגונג, ער האט זיינע אויגען פון איהרע נישט ארונטערגענומען... ער האט ווי בעמערקט דעם שווערען קאמפף וואס אקטאוויא פיהרט מיט זיך אליין... און זיין נשמה האט געציטערט... וועט זי באלד אן אורטייל פון טויט איהם ארויסגעבען... אדער פון לעבען... פון הימעלשען גליק און גענוס...

— אונוס — האט זיך אקטאוויא אפגערופען נאך א פויזע — איך קען דיר יעצט גארנישט ענטפערען — עס איז אלעס צו מיר אזוי פלוצלונג געקומען... איך בעט דיר ליעבער אונוס, גיעב דאך מיר עטליכע טעג צייט, איך וועל זיך בעדענקען און דאן וועל איך דיר מיין תשובה געבען...

— איז דען נאך דא א האפנונג פאר מיר! — האט אונוס אויפגעשטראהלט פון שמחה, א, ליעבע אקטאוויא, ווי דאנקבאר איך בין דיר, דו האסט מיר דאך יעצט אזוי דערפרעהט און בעגליקט... זאג דאך מיר, איך בעט דיר אין וויפיעל טעג מעג איך ערווארטען פון דיר דיין תשובה?...

— אין דריי טעג ארום! — האט אקטאוויא צוגעגעבען מיט א בעשיידענעם שמייכעל...

— איך דאנק דיר, אקטאוויא האט אונוס א קוש געטהאן איהר האנט — און איז מיט איהר זיך אהיים צוריקגעקעהרט.

## דרייסיגסטער קאפיטעל

# טיטוס'עס טויט

אין מעסאלינא'ס הויז איז דעם אבענד פארגעקומען א גרויסע פערוויילונג; זי האט איינגעלאדען אלע איהרע גוטע פריינד צווישען וועלכע עס האט זיך אויך געפונען דאמיציאן, טיטוס'עס ברודער, און מאנילוס.

מעסעלינא האט מיט א כיון איינגעלאדען מאנילוס'ן צו דיזער פערוויילונג ווייל זי האט פערשפראכען ארויסצוהעלפען דאמיציאן אין זיין פערזוך אריינ־צוקריגען די שעהנע אקטאוויא. און זי איז געווען זיכער אז דורך מאנילוס'ן וועט איהר א כך גרינגער זיין צו דערפילען דאמיציאן'ס פערלאנג...

— דו לאז עס איבער צו מיר, דאמיציאן — האט איהם מעסעלינא גע־זאגט — דו מוזט קומען צו מיין פערוויילונג וואס איך וועל מאכען מארגען

ביינאכט, דארטען וועט אויך זיין מאנילום און דורך איהם וועל איך שוין קריגען פאר דיר אקטאוויאן...

— איך האב אבער מורא — האט דאמיציאן זיך אפגערופען — אז איהר וועט אויך גארנישט קענען העלפען דערצו... איך האב זיי ביידען איינגעלאדען צו זיך אין פאלאץ, אבער יעדעס מאל קומט ער אליין אהן איהר... און דער שוטה פערשטעהט גארנישט אז מיין איינלאדונג איז נאר געמיינט פאר זיין שוועסטער און נישט פאר איהם... און ווען איך פרעג איהם פארוואס ער איז געקומען אליין אהן זיין שוועסטער, זאגט ער מיר אז זיין שוועסטער געהט אין ערגעץ נישט ארויס און נעהמט נישט אן קיינע איינלאדונגען... לעצטען מאל ווען איך האב בעמערקט אז מאנילום קומט צו מיר אהן זיין שוועסטער, האב איך גלייך אנגעזאגט מיינע דינער זיי זאלען איהם משלח זיין...

— יעצט אבער דארפסטו זיך נישט זארגען — האט מעסעלינא געזאגט— איך האב זיי ביידען איינגעלאדען און אפילו ווען אקטאוויא וועט צו דיזער פערזאמלונג אויך נישט קומען, וועל איך דאך זעהן ארויסקריגען פון איהר ברודער אלעס וועגען איהר און נאכהער וועט מיר זעהר גרינג אנקומען איהר צו ברייגגען צו דיר...

— ווי אזוי וועט עס דיר געלינגען? — האט דאמיציאן איהר געפרעגט.

— פערשטעהסטו מיר, — האט מעסעלינא געזאגט מיט א שמייכעל, מאנילום איז ביי מיר אין די הענט; איך האב איהם פערשפראכען זיך משתדל צו זיין צו קריגען אן ערלויבניס פאר איהם אריינצוטרעטען אין די מיליטערישע שוהלע... ווען איך וועל איהם זאגען אז דאס ווענדעט זיך נאר אן דיר, און אז דו וועסט פאר איהם עס טהאן, נור דאן ווען ער וועט ווירקען אויף זיין שוועסטער דאס זי זאל דיר קומען בעזוכען, נו, דאן בין איך זיכער אז ער וועט שוין זעהן פועל'ן ביי איהר זי זאל צו דיר קומען...

— איך גלויב האט זיך דאמיציאן אפגערופען אז אין גאנצען שולדיג אין דעם איז מיין אייגענער קוזין, פלאוויוס קלעמענס... ער לאזט איהר געווים צו מיר נישט צו קומען... ער האט מיר געגעבען אנצוהערען דאס זי קען צו מיר נישט קומען, — אויב איך וויל מיט איהר פארברייגגען, — האט ער מיר געזאגט — בין איך ווילקאמען צו קומען אין זיין הויז...

— זינט קלעמענס האט אראפטירט דעם אידישען געפאנגענעם, האט ער זיך אין גאנצען געענדערט, — האט מעסעלינא געזאגט, — ער איז געווארען א גוטער פריינד צו אלע אידען און נישט אומזיסט לאזט ער אויף זיינע אידישע געסט קיין שטויב נישט פאלען...

— איך וועל זיך מיט איהם נאך אמאל אפרעכענען — האט דאמיציאן מיט כעס געזאגט — ער האט קיין רעכט נישט צו שטערען מיר אין מיינע פערגעניגענס...

— זאג מיר, דאמיציאן — האט זיך מעסעלינא צו איהם אפגערופען מיט א שעלמישען שמייכעל — וואס דיינקסטו צו טהאן מיט אקטאוויא'ן, איך פערהאף אז דו וועסט מיט דער אידישער מיידעל נישט חתונה האבען...

— וועגען דעם קענסטו זיכער זיין אז נישט, אבער פאר א מעטרעסע פאר עטליכע יאהר וואלט זי געווען ווי צוגעפאסט... און נאכהער וועל איך מיט איהר טהאן דאס זעלבע וואס מיין ברודער טיטוס האט געטהאן מיט בערעניקאן...

— נו, געווים האט מעסעלינא צוגעגעבען — וואס דען ? דערלאזען אז רוים זאל רעגירט ווערען פון אידען! וויפיעל בלוט אונז האט געקאסט איידער מיר האבען די פער'עקשנ'טע אידען בעזיעגט... און יעצט קומט גאר אונזער קרוב קלעמענס און אדאפטירט א אידישען זוהן, ער נעהמט אויף אידישע געסט און א סברא דאס ער הנ'דלט זיך אויך צום אידישען גאט...

— פון וואנען דריגנסטו דאס — האט איהר דאמיציאן געפרעגט.

— מען האט זיך שוין דערהערט דערוואוסט... און לויט ווי איך האב געהערט קלייבט מען זיך שוין אריינצוברייגנען אין סענאט א קלאגע געגען איהם פאר זיין אונטרייהייט צו יופיטערן...

— ווען דאס זאל זיין אמת — האט דאמיציאן אויסגערופען — דאן וואלט איהם מיין ברודער טיטוס געדארפט צום טויט פער'משפט'ן... מיר טארען אזעלכע זאכען נישט דערלאזען אין רוים... יופיטער האט שוין זיין כעס אויף אונז דא נישט לאנג אויסגעגאסען. ווען דער וואולקאן האט פערניכטעט אונזערע צוויי גרויסע שטעדט פאמפעי און הערקולאנעאום מיט אלע זייערע איינוואוינער. און צוליעב וואס האט אויסגעבראכען דא נישט לאנג די גרויסע שרפה אין רוים גופא, אויב נישט צוליעב די זינד פון פיעלע רוימער, וועלכע קעהרען זיך אפ פון יופיטערן, און זוכען אנדערע געטער... האט דען יופיטער אונז נישט געמאכט פאר די זיעגרייכסטע נאציאן אין דער גאנצער וועלט ?

— מען דארף דאך לאכען פון אונזערע אייגענע שוטים וועלכע ווילען אויסבייטען א מעכטיגען גאט ווי יופיטער אויף דעם גאט פון יהודה וועלכער האט אפילו קיין כח נישט געהאט צו פערטהיידיגען זיין הויפטשטאדט ירושלים און זיין הייליגען טעמפעל פון אונזערע פיילען...

— אביסעל אין דעם איז שולדיג מיין אייגענער ברודער, ווען ער דערלאזט אזעלכע זאכען דורך זיין הערשערע, ווען איך וואלט געווען הערשער וואלטען אט די אלע וועלכע ווענדען זיך אפ פון יופיטער'ן שטארק בעשטראפט געווארען...

דאמיציאן איז געקומען צו מעסעלינא'ס פערוויילונג און ווען ער האט דאר־מען דערזעהן מאנילוס'ן אהן זיין שוועסטער איז ער שטארק ענטטוישט געווארען...

מעסעלינא האט בעמערקט זיין ענטטוישונג און איז גלייך צו איהם צו־געגאנגען.

— דו ווייסט, — האט זי איהם געזאגט — איך האב שוין איבערגערעדט מיט מאנילוס'ן און ער האט מיר פערשפראכען צו ברייגנען זיין שוועסטער צו דיר אין עטליכע טעג ארום...

— פערשפראכען! — האט דאמיציאן זיך אפגערופען — וויפיעל מאל האט ער מיר אליין פערשפראכען דיזעלבע זאך, האלט ער דען זיין פערשפרעכען ? !...

— איך גלויב אבער אז דיעזען מאל וועט ער שוין זיין פערשפרעכען יע האלטען — האט מעסעלינא געזאגט — ווייל איך האב איהם געזאגט, אויב ער וועט ביי איהר נישט פועל'ן זי זאל קומען צו דיר פאר א בעזוך אין זיין בעגלייטונג, דאן וועט ער בשום אופן נישט קענען אריינטרעטען אין דער מיליטער־שוהלע, און וועט זיך געווים נישט דערשלאגען צו א מיליטערישען אמט... אט וועל איך איהם צורופען, וועסטו הערען וואס ער האט צו זאגען.

מעסעלינא האט א וואונק געטהאן צו מאנילוס'ן ער זאל צו איהר צוקומען. מאנילוס איז גלייך צוגעגאנגען און האט זיך פערנויגט פאר דאמיציאן.

— פארוואס איז דיין שוועסטער אהער נישט געקומען — האט איהם דאמיציאן געפרעגט.

— מיין שוועסטער — האט מאנילוס געשמייכעלט — זי איז די לעצטע צייט זעהר אומעטיג געווארען, זי בענקט שטארק אהיים, אבער איך גלויב דאס ווען זי וועט זיך אביסעל מעהר צוגעוואהנען צום היגען לעבען, וועט זי שוין אהיים נישט וועלען פאהרען און דאן וועט זי מיט מיר געהען אומעטום...

— דו ווייסט — האט זיך דאמיציאן צו איהם אפגערופען — דיין שוועסטער האט מיר שוין עטליכע מאל בעליידיגט... איך האב איהר שוין עטליכע מאל איינגעלאדען צו זיך, און זי וויל נישט קומען צו מיר... יעדע רוימישע טאכטער פון די פאטריצען וואלט עס געהאלטען פאר א גרויסען כבוד ווען זיא וואלט פון מיר אזא איינלאדונג געקראגען... בפרט אז זי ווייס דאס קיין שלעבטעס וועט איהר נישט פאסירען, ווייל דו ווערסט דאך אויך גלייכצייטיג איינגעלאדען צו מיר... טו פארוואס, פרעג איך דיך, נעהמט זי קיינמאל נים אן מיין איינלאדונג ?...

— גנעדיגער האר — האט זיך מאנילוס ווידער פאר איהם פערנויגט — מיין שוועסטער איז נאך יונג און זי פערשטעהט נישט די וויכטיגקייט פון דער זאך... זי האט זיך אביסעל איינגעעקשנ'ט... זי וועט אבער בעסער ווערען, איך קען איהר שוין גאר גוט... איך ווייס אז דאס איז א גרויסער כבוד פאר מיר און מיין שוועסטער צו זיין מיין האר'ס געסט און איך קען דיר פערשפרעכען אויף זיכער דאס אין עטליכע טעג ארום וועל איך מיט איהר קומען בעזוכען מיין האר'ס פאלאץ.

— וויפיעל מאל האסטו מיר שוין אזעלכע פערשפרעכען געגעבען — האט דאמיציאן געשמייכעלט — האסטו דען דיין ווארט געהאלטען ?...

אבער יעצט, מיין האר, בין איך זיכער דאס איך וועל מיין ווארט קענען האלטען, ווייל איך האב די מעגליכקייט איהר צו צווינגען זי זאל מיר פאלגען.

— ווי אזוי קענסטו איהר דערצו צווינגען, — האט זיך מעסעלינא אריינגעמישט.

— איך בין דאך עלטער פון איהר — האט מאנילוס געזאגט, מוז זי דאך מיר פאלגען... און בפרט ווען איך וועל איהר זאגען דאס אויב זי וועט מיר נישט פאלגען, דאן וועל איך זיך איבערקלייבען אין א צווייטע וואהנונג און איך וועל צו איהר קיינמאל נישט קומען...

— נו, לאמיר האפען אז דעם מאל וועסטו קענען האלטען דיין ווארט — האט מעסעלינא געזאגט.

— זאג דאך מיר — האט זיך דאמיציאן אפגערופען צו מאנילוס'ן — פיעלייכט האט זיך דיין שוועסטער גאר פארליעבט אין קלעמענס'ען אדאפטירטען זוהן, אין אונוס'ן דעם אידישען געפאנגענעם !...

— וואס ?! איז מאנילוס אויפגעשפרונגען פון זיין פלאץ — איז אונוס א איד ?

כא, כא, כא ! — האט זיך מעסעלינא פאנאנדערגעלאכט — און דו האסט געמיינט אז אונוס דעם סענאטאר'ס "זוהן" איז אן עכטער רוימער, האַ ?

מאנילום איז געבליבען שטעהן א צוטומעלטער... איז ער גאר נישט קיין רוימער !... יעצט פערשטעהט ער פאר וואס ער האט אזוי פריינדליך גערעדט וועגען די אידען אין יהודה... ער איז דאך אליין א אידישער געפאנגענער... יעצט איז איהם שוין קיין וואונדער נישט פאר וואס אונוס איז געווען אזוי נייגעריג צו וויסען דעם גורל פון די אידען וועלכע זיינען פערבליבען אין יהודה...

— זאג דאך מיר — האט זיך מאנילום א ווײלע שפעטער אפגערופען צו מעסעלינא'ן — ווי אזוי קומט עס אז דער סענאטאר זאל א אידען אדאפטירען פאר זיין אייגענעם זוהן.

— ווי איך זעה וויסטו פון גארנישט וואס עס האט פאסירט מיט אונוס'ן — האט מעסעלינא געזאגט... האט מען דיר גארנישט דערצעהלט וועגען דעם אין קלעמענס'עם הויז ?...

— ניין, דאס הער איך דעם ערשטען מאל פון דיר... און דו האסט גארנישט פארדעכטיגט אז אונוס איז נישט קיין רוימער ? קוקט ער דען נישט אויס ווי א יודעער ?...

— איך האב זיך יע געוואונדערט צום ערשטען מאל ווען איך האב איהם דערזעהן, אבער מיר איז עס קיין מאל נישט איינגעפאלען אז ער איז נישט דער ריכטיגער זוהן פון דעם סענאטאר... דערצעהל דאך מיר, איך בעט דיר ווי אזוי קומט עס דאס דער סענאטאר קלעמענס וועלכער איז אליין אויך א קרוב למלכות, זאל אדאפטירען א זוהן פון יהודה אלס זיין אייגען קינד...

— אויב אזוי מעגסטו עס וויסען — האט איהם מעסעלינא געהייסען זיך זעצען נעבען איהר — איך וועל דיר דערצעהלען די גאנצע געשיכטע ווי אזוי אלעס איז פארגעקומען.

מאנילום האט זיך צוגערוקט נעהענטער צו מעסעלינא'ן און זי האט אנגעפאנגען דערצעהלען :

— מיט צעהן יאהר צוריק, ווען טיטוס האט זיך צוריקגעקעהרט מיט זיינע זיעגרייכע ארמעען נאך רוים, האט ער מיט געבראכט טויזענדע אידישע געפאנגענע וועלכע זיינען פארקויפט געווארען פאר שקלאפען. פיעל פון די געפאנגענע זיינען געווען פון די אידישע העלדען וועלכע האבען זיך ניט געוואלט בויגען צו רוים'ס הערשאפט אפילו אין זייער געפאנגשאפט און דעריבער האט מען זיי פער'משפט צו קעמפפען אין דער ארענא מיט די לייבען. אונוס איז געווען איי־נער פון זיי. ער איז נאך דאן זעהר יונג געווען, האט אויך איהם רחמנות געקראגען דער סענאטאר אין דער צייט ווען מען האט איהם שוין געפיהרט צום לייב. האט זיך דער סענאטאר אויפגעשטעלט און האט ערקלערט דאס ער וויל האבען דעם יונגען געפאנגענעם פאר א שקלאף און דעריבער וועט ער פאר איהם בע־צאהלען און מען זאל איהם נישט פיהרען צו די לייבען...

געוועהנליך נור א סענאטאר האט אזא רעכט דאס צו טהאן, מען האט איהם דעם יונגען געפאנגענעם איבערגעגעבען... דער המון געדענק איך, איז געווען דאן זעהר אויפגעבראכט אויף קלעמענס'ן, ווייל ער האט זיי בערויבט פון אזא גרויסען פערגעניגען... אבער ווען מען האט די איבעריגע געפאנגענע אריינגעפיהרט אין דער ארענא, האט זיך דער כעס ביי אלעמען איינגעשטילט... איך געדיינק, — האט מעסעלינא געזאגט מיט א שמייכעל אז פינף אידישע העלדען זיינען יענעם טאג צעריסען געווארען פון די לייבען... זעהר אמוזירענד

איז געווען ווען איינער פון די געפאנגענע האט געפרובירט ארויסציינען א וויי־זשטאנד צו דעם גרויסען אפריקאנישען לייב... ער האט מיט יעדען שפרונג פון לייב, אליין אויך א שפרונג געטהאן... עס איז אויסגעקומען ווי ער טאנצט צוזאמען מיט דעם לייב... מיר אלע, די צושויער האבען דאן אזוי פיעל געלאכט... ער האט געהאלטען דעם קורצען שווערדעל אין זיין האנט און מיט יעדען שפרונג געפרובירט איהם אריינשטעכען אין לייב'ס קערפער... מיר האבען געהאט אזוי פיעל שפאס דערפון...

— האט ער דעם לייב בייגעקומען! — האט מאנילוס געפרעגט.

— בייגעקומען! א ניין, עס האט זיך נאך נישט געפונען אזא העלד וואס זאל בייקומען אן אפריקאנישען לייב... ער איז אין א קורצע ווײלע צוריסען געווארען פון דעם לייב... איך געדענק אז אלע האבען דאן בעדויערט וואס דער ספעקטאקעל האט זיך אזוי שנעל געענדיגט... אבער אונוס איז גערעטעט געווארען פון א זיכערען טויט... קלעמענס האט איהם צוגענומען צו זיך אין הויז פאר א שקלאף, און אזוי ווי אונוס איז געווען זעהר געבילדעט האט איהם דער סענאטאר בעשטימט ער זאל לערנען מיט זיינע צוויי זיהן, וועספאסיאנוס און דאמיציאן. און איינמאל ווען אונוס איז ארויסגעפאהרען מיט זיי רייטענדיג אויף פערד, האט זיך וועספאסיאנוס'עס פערד פאר עפעס דערשראקען און אנגעהויבען צו שפרינגען און לויפען משונה'דיג שנעל, ביז ער איז צוגעקומען אויף דעם שפיץ בארג קאפיטאליגוס... וועספאסיאנוס האט זיך אנגעהאנגען פאר'ן צוים פיעלע רייטער וועלכע זיינען גראדע דעמאלסט געווען זיינען געלאפען ראטעווען דעם סענאטארס זוהן אבער ווען זיי האבען באמערקט אז דער ווילדער פערד לויפט בארד אראפ האבען זיי שוין אויפגעגעבען זייער געיעג, ווייל זיי האבען שוין גאר קיין האפענונג נישט געהאט איהם ראטעווען... אבער דער אידישער געפאנגענער האט די האפנונג נישט אויפגעגעבען און שנעל ווי א בליץ האט ער געטריבען זיין פערד בארג אראפ ביז וואנען ער האט דעריאגט דעם צווילדעווע־טען פערד און גערעטעט דעם סענאטאר'ס זוהן פון א זיכערען טויט... אלע רוימער האבען שטארק בעוואונדערט די העלדישקייט פון דעם אידישען געפאנ־גענעם... מען האט איהם אנגעטהאן גרויס כבוד... און דער סענאטאר האט איהם באלד נאכדעם אדאפטירט פאר זיין זוהן... איך ווייס נישט ווי ער האט זיך גערופען פריהער, אבער מען האט איהם א נאמען געגעבען אונוס, און זינט דאן איז ער בעוואוסט אלס אונוס דעם סענאטאר'ס זוהן... אונוס איז נישט נאר בעליעבט ביי קלעמענס'ן נור אויך ביי יעדען רוימער... און אין אמת'ן בין איך אויף קלעמענס'ן עטוואס אין כעס דערפאר וואס ער האט איהם אדאפטירט פאר א זוהן... ער האט דאך צוויי אייגענע זיהן... און אין אמת'ן בין איך געווען בילכער איהם צו אדאפטירען אלס מיין זוהן, ווייל איך האב נישט קיין קינדער... אבער וואס איז דא וועגען דעם צו ריידען, יעדער גלייכט נור זיך...

— וואלט דיין מאן דען צוגעשטימט דערצו אז דו זאלסט אדאפטירען א אידישען זוהן אלס דיין אייגענעם? — האט איהר מאנילוס געפרעגט.

— איך ווייס נישט צי ער וואלט דערצו צוגעשטימט, אבער ווער וואלט דען ביי איהם געפרעגט — האט זי געזאגט — נאר וואס איז דא וועגען דעם צו ריידען, דערווײלע האט דאמיציליא אריינגעקראגען אזא העלדישען, שעהנעם יונגען מאן פאר איהר זוהן...

— דו האסט מיר נאך אלץ נישט געענטפערט אויף מיין פראגע — איז דאמיציאן צוגעגאנגען צו מאנילוס'ן — איך האב דאך דיר געפרעגט צו איז פיעלייכט דיין שוועסטער פארליעבט אין אונוס'ן...

— א ניין, מיין גנעדיגער האר — האט מאנילוס געענטפערט — מיין שוועסטער איז נאך דערווייל אין קיינעם נישט פארליעבט...

— נו, אויב אזוי — האט דאמיציאן געזאגט מיט שטרענגקייט זאלסטו זעהן צו האלטען דיין ווארט און צו קומען מיט דיין שוועסטער צו מיר אין עטליכע טעג ארום...

— איך וועל טאהן אלעס וואס מיין האר פערלאנגט — האט מאנילוס געזאגט מיט הכנעה.

די פערוויילונג האט זיך אנגעפאנגען. מעסעלינא האט ארויסגערופען דיא טענצערינס וועלכע האבען מיט זייערע ווילדע אויסגעלאסענע טענץ אמוזירט די אנוועזענדע געסט... די מוזיק האט געשפיעלט... דאמיציאן האט אין זיך אריינגעגאסען איין בעכער וויין נאך דעם צווייטען... אט אט האט ער א כאפ געטהאן א האלב נאקעטע טענצערין און איהר צוגעצויגען צו זיך... ער האט זיך איינגעגראבען מיט זיינע ציינער אין איהר נאקעטען לייב... די טענצערין האט געשריען פון יסורים... ער האט יענע אפגעלאזען און זיך גענומען צו א צווייטער... אלע געסט האבען דערפון שטארק הנאה געהאט...

דאמיציאן האט זיך ארויסגעלאזען טאנצען מיט איינער פון די טענצערינס...

פלוצלונג האט זיך געעפענט די טיהר און מעסעלינא'ס ברודער, דער ליקטאר (לייב וועכטער) פון טיטוס'ן איז אריינגעקומען.

— מעסעלינא! — האט ער אויסגעשריען — הער אויף דיין פערוויילונג, שטיל איין דיינע מוזיק און זאלען די טענצערינס אויפהערען טאנצען... ווייל אונזער גוטער צעזאר, טיטוס, גוסס'ט...

באלד האט א טויטע שטילקייט געהערשט אין מעסעלינא'ס הויז. דיא טענער פון די מוזיק האט זיך איבערגעריסען אין מיטען... די טענצערינס זיינען געבליבען שטעהן פערגליווערט... און דער שכור'ער דאמיציאן אויף וועמענ'ס שוים א האלב נאקעטע טענצערין איז געזעסען, האט זיך באלד אויסגעניכטערט און אנידערשליידערענדיג די טענצערין צום באדען, האט ער זיך פלוצלונג א שטעל געטהאן און איז צוגעלאפען צו מעסעלינא'ס ברודער און מיט א הייזעריגע שטימע איהם געפרעגט:

— וואס האט פאסירט מיט טיטוס'ן? זאג דאך מיר, שנעלער!

— מיין האר, דאמיציאן!, זאל יופיטער'ס ברכות פאלען אויף דיין קאפ, אבער דיין ברודער טיטוס גוסס'ט...

— פון וואנען ווייסטו עס? — האט דאמיציאן געזאגט מיט אן איינגעהאלטענער צופריעדענהייט — האסטו איהם דען היינט אליין געזעהן מיט דיינע אויגען?...

— יע, מיין האר. איך בין היינט ווי מיין שטייגער איז געווען פאר די לעצטע עטליכע וואכען, געשטאנען נעבען זיין בעט... פלוצלונג הער איך איהם אויסשרייען: מיין קאפ! מיין קאפ! יופיטער העלף מיר! מיין ענדע קומט, איך שטארב אוי מיין קאפ! מיין קאפ! גיכער! געהט רופט מיין ברודער! שנעלער ברייגנט דאמיציאן צו מיר, ווייל מיינע שטונדען זיינען געצעהלטע...

**איך בין גלייך** אוועקגעגאנגען צו מיין האר אין פאלאץ און דיר דארטען נישט געטראפען, פון דיין פאלאץ בין איך אוועקגעגאנגען צו קלעמענס'ן און איך האב דארטען געפרעגט צו ווייסען זיי וואו דאמיציאן געפינט זיך, האט מיר אקטאוויא דערצעהלט דאס איהר ברודער האט איהר געזאגט אז דאמיציאן וועט זיך היינט געפינען ביי מעסעלינא'ן אין הויז... איך בין גלייך געלאפען אהער... יעצט, מיין האר, מוזען מיר זיך איילען, ווייל עס קען נאך זיין צו שפעט, אונזער צעזאר גוסס'ט און ער קען נאך שטארבען איידער ער וועט דיר זעהן.

דאמיציאן האט אנגעטהאן זיין הוט און אריינזעצענדיג אין זיין ווארטענדיגע קארעטע, האט ער געהייסען דעם קוטשער וואס שנעלער טרייבען צו טיטוס'עס פאלאץ...

די נאכריכט אז טיטוס האלט ביים שטארבען האט ערשיטערט אלע געסט אין מעסעלינא'ס הויז; א שרעקליכע מורא איז אויף פיעלע פון זיי געפאלען... זיי האבען אלע גוט געקענט דעם פערביסענעם דאמיציאן... אויף יעדען האט די הויט געציטערט, ער זאל זיך מיט איהם נישט אפרעכענען, ווען ער וועט ארויפשטייגען דעם טראהן... און מעסעלינא אליין האט זיך אויך אביסעל דערשראקען פיעלייכט וועט איהר נישט געלונגען צו ברייגגען אקטאוויא'ן צו דאמיציא'ן, דאן קען ער נאך אויף איהר אויסלאזען זיין כעס...

די שטילקייט אין מעסעלינאס הויז האט נאך אנגעהאלטען פאר א היבשע ווילע; יעדער האט ווי מורא געהאט אנצופאנגען צו ריידען... די טענצערינס זיינען נאך אלץ געשטאנען בעוועגלאז און געווארט אויף א בעפעהל...

מעסעלינא האט צו זיי א וואונק געטהאן, און באלד האבען זיי זיך מיט אראפגעלאזענע קעפ ארויסגערוקט פון צימער...

ביסלעכווייז האבען די געסט אנגעפאנגען צו פערלאזען דאס הויז.

און ווען מאנילוס האט געוואלט אוועקגעהן, האט מעסעלינא אונטערבראכען די שטילקייט און זיך צו איהם אפגערופען:

— דו בלייב דא פאר א ווילע, ווייל איך האב מיט דיר עפעס וויכטיגעס צו ריידען...

מאנילוס האט איהר געפאלגט און געבליבען שטעהען אויף זיין פלאץ.

— האסטו א בעגריף וואס טיטוס'עס טויט קען בעדייטען פאר אונז אלעמען? — האט זי איהם געזאגט, ווען זיי זיינען ביידע אליין געבליבען.

מאנילוס האט איהר אנגעקוקט...

— פערשטעהסטו, דאמיציאן איז טיטוס'עס איינציגער נאכפאלגער און ווען טיטוס שטארבט וועט דאמיציאן ארויפגעהן אויף'ן טראהן... און דו דארפסט דאך זיך שעצען העכסט גליקליך ווען דער צעזאר פון רוים איז פעראינטערעסירט אין דיין שוועסטער...

— איך וואלט דאך אבער זעהר נישט געוואלט אז מיין שוועסטער זאל האבען דעם זעלבען סוף וואס בערעניקא האט געהאט פון טיטוס'ן — האט מאנילוס קוים ארויסגערעדט.

— פערגלייך נישט דאמיציאן צו זיין ברודער — האט מעסעלינא געזאגט — טיטוס האט אנדערש נים געקענט האנדלען, ווייל ער האט מלחמה געהאלטען מיט יהודה, און כאטש ער איז ארויסגעקומען מיט א גלענצענדען זיעג איבער יהודה, האט איהם אבער דער זיעג זעהר טייער געקאסט; הונדערטע טויזענדע

יונגע רוימער האבען פערלארען זייערע לעבענס... און פיעלע האבען געזאגט אז אין דער שלאכט פאר ירושלים האט ער געבראכט אומזיסטע קרבנות, ווען ער וואלט זיך נישט געאיילט איינצונעמען ירושלים און מעהר נישט ווי בעלאגערען איהר, וואלטען זיך די אידען סוף כל סוף געמוזט אונטערגעבען צוליעב הונגער... און ווען טיטוס האט זיך אומגעקערט טריאומפירענד נאך רוים, איז נאך ביי אלע איינוואהנער פון רוים געווען שטארק די שנאה צו די אידען; ווייל כמעט אין יעדער פאמיליע איז געווען איינער צו צוויי וועלכע זיינען אדער פערוואונדעט געווארען, אדער דער'הרג'עט געווארען אין שלאכט מיט די אידען... און אז טיטוס איז געקומען מיט זיין אידישע געליעבטע, בערעניקא, אין רוים, האבען אלע ארויסגעצייגט גרויס אונצופריעדענהייט דאמיט, און צוליעב דער עפענטליכער מיינונג האט ער געמוזט משלח זיין בערעניקא'ן און איהר ברודער פון רוים... דאמיציאן אבער איז אנדערש; ער האט קיין מלחמה מיט די אידען נישט געפיהרט און א חוץ דעם איז יעצט די שנאה צו אידען א סך פערקלענערט געווארען אין רוים... און אויב ער איז אזוי שטארק פעראינטערעסירט אין דיין שוועסטער קען זי דאך אמאל אפשר זיין דעם צעזאר'ס פרוי... און דאן ווער וועט זיין גלייך צו דיר...

— איך וואלט וועלען, מעסעלינא, דו זאלסט מיר העלפען אין דעם, ווייל איך האב גאר קיין איינפלוס איבער איהר; מיינע ווערטער נעהמט זי נישט ערנסט — האט מאנילוס געזאגט מיט צופריעדענהייט.

— גוט — האט מעסעלינא געענטפערט — איך וועל נאך מארגען צוקומען צו קלעמענס'ן, און זיך דורכריידען מיט אקטאוויאן וועגען דעם, דערזוייל וועסטו איהר צוגרייטען דערצו... פערגעס נישט דאס אויב זי וועט זיך איינ'עקש'נען וועט זי זעהר שלעכט אפשניידען.

— זי וועט שוין יעצט מוזען פאלגען — האט מאנילוס געזאגט און איז ארויס פון מעסעלינא'ס הויז.

די גאנצע וועג אהיים, האט מאנילוס נאך נישט געקענט צו זיך קומען פון די איבערראשונג אז אונוס איז א אידישער געפאנגענער און איז נאר אדאפטירט געווען פון פלאווים קלעמענס.

— וואס וועט יעצט זיין שוועסטער זאגען וועגען דעם — האט ער זיך געטראכט — עס איז מעגליך אז ער וועט נאך שטייגען אין איהרע אויגען... ער וויים ווי נישט גלייכגילטיג ער איז צו איהר; פריהער איידער ער האט אויסגעפונען וועגען אונוס'ן וואלט ער געווען צופריעדען זיין שוועסטער זאל הייראטען מיט סענאטאר קלעמענס זוהן... אבער יעצט טאר ער נישט דערלאזען דערצו און בפרט ווען דאמיציאן טראכט זעהר פיעל פון איהר...

ביי די לעצטע געדאנקען האט אן אנגענעהמע פרעהליכקייט ארומגענומען מאנילוס'ן... ווען זיין שוועסטער ווערט די צעזארין פון רוים — דאן איז דאך די גאנצע וועלט זיינע!... ער וועט דאן זעהר גרינג פערווירקליכען אלע זיינע חלומות... רחל וואלט דאך זיך גליקליך געשעצט ווען ער וועט נאר מיט איהר ריידען... און זיין פאטער! וואס וואלט ער דערצו געזאגט — ווען ער וואלט דערהערט אז זיין טאכטער איז געווארען די הערשערין פנן רוים... ער וועט מוזען זעהן מעחר זיך נישט צו קריגען מיט איהר... זיין גליק געפינט זיך יעצט אין אקטאוויא'ס הענד... זי וועט איהם מוזען פאלגען! א קלייניגקייט, ווערען די

צעזאריין פון דער גרעסטער און מעכטיגסטער אימפעריע אין דער וועלט!...

ער האט פערשנעלערט זיינע טריט ביז וואנען ער איז צוגעקומען צו קלע־מענס הויז.

אקטאוויא איז אליין געזעסען אין איהר צימער פערטיפט אין איהרע גע־דאנקען. זינט אונוס האט ענטדעקט זיינע געפיהלען צו איהר, האט זיך דער קאמפף אין איהר פערגרעסערט... זי האט אונוס'ן ליעב בעקומען פון דער ערש־טער מינוט אן. אין איהם האט זי גלייך דערזעהן, אזעלכעס וואס האט אין איהר ארויסגערופען ליעבע אכטונג און צוטרוי... אבער צו שטארק איז זי צוגעבונדען צו דעם אידישען פאלק, צו זיינע טראדיציעס און מנהגים, זי זאל זיך בעשליסען צו הייראטען מיט א רוימער... אמת, דער רוימער איז זעהר סימפאטיש צו איהר פאלק, ער איז געניינט צו דער אידישער רעליגיאן, אבער ער איז דאך פארט א רוימער! ער איז א זוהן פון דעם פאלק וואס האט רואינירט גאנץ יהודה; און דערצו איז ער נאך א פערוואנדטער פון טיטוס'ן וועלכער האט אזוי אכזריות'־דיג בעהאנדעלט דעם אידישען פאלק... אונזער שעהנע פראכטפולע ירושלים האט ער חרוב געמאכט, דעם בית המקדש, דער שטאלץ פון אלע נאציאנען האט ער פערברענט ביז'ן יסוד... זעהט זי דען נישט אז דער גאט פון יהודה איז זיך נוקם אן דעם צעשטערער פון איהר פאטערלאנד. ביסלאכווייז רעכענט זיך גאט אפ מיט איהם און זיין פאלק... ער האט חרוב געמאכט צוויי גרויסע רוימישע שטעדט... און איהר איז דאס בעשערט געווען אלעם צוצוזעהן מיט די אויגען, ווען דער וואולקאן האט אויסגעבראכען און דאן די גרויסע שריפה אין רוים גופא וואס כמעט א האלבע שטאדט איז אפגעברענט געווארען... און יעצט טיטוס'עס קראנקהייט... יע, ער האלט ביים שטארבען! די נאכריכט האט מען נישט לאנג געבראכט... אט דאס וועט זיין דער סוף פון דעם וועלכער האט זיך אנגעפאנגען מיט די אידען, וועלכע זיינען געזעסען רוהיג אויף זייער לאנד און ניט געזוכט קיינע מלחמות... ווי אזוי דען וועט זי קענען בעגעהן אזא עוולה געגען איהר פאלק און אליין חתונה האבען מיט א רוימער וועלכער שטאמט נאך פון דיא פלאוויאן פאמיליע... ניין, זי טאר אזא זאך נישט טהאן!... באלד אבער קומט איהר ארויף אויף די געדאנקען אונוס, דער שעהנער העלדישער יונגער אונוס וועמענ'ס פנים איז אזוי ליעבליך און סימפאטיש... זי דערמאנט זיך ווי ער האט זיך ביי איהר געבעטען זי זאל איהם נישט פערלאזען... אין איהרע אויערען קלינגען נאך אונוס'עס ווערטער: "איך האב אין דיר געפונען דאס נאך וואס מיין נשמה האט געלעכצעט פאר יאהרען... אהן דיר וועט מיין לעבען זיין פוסט און וויסט... איך האב דאך דיר אזוי ליעב"!

איהרע ליידען ווערען שטארקער זי קען זיך נישט בעשליסען וואס צו טהאן... אין דריי טעג ארום, האט זי איהם פערשפראכען צו געבען א תשובה... וואס זאל זי טהאן?... וואס פאר א תשובה זאל זי איהם געבען? וועלכע פון איהרע געפיהלען וועלען זיעגען?...

די געדאנקען האבען פערנומען אקטאוויא'ס מח ווען מאנילוס איז צו איהר אריינגעקומען.

— פארוואס ביזטו אזוי פערטראכט — מיין שוועסטער — האט מאנילוס צו איהר געזאגט א פרעהליכער, ביזטו דען פערזארגט וועגען טיטוס'עס צו־שטאנד...

— וואו האסטו געהערט וועגן מיטוס׳ן — האט איהם אקטאוויא געפרעגט.
— מעסעלינא׳ס ברודער איז דאך אריינגעלאפען אהן אן אטעם און אויס־געשריען אז מיטוס גוסס׳ט... דאמיציאן, איז דארט אויך געווען און ער איז גלייך אוועק צו זיין ברודער...
— ווי עס ווייזט אויס איז מיטוס׳עס טויט נאהענט — האט אקטאוויא געזאגט — און אויב דאמיציאן זאל ווערען זיין נאכפאלגער, ווייס איך נישט אויב די אידען וועלען האבען א רעכט זיך צו פרעהען אדער טרויערען...
— איך פערשטעה דיר נישט מיין שוועסטער — האט מאנילוס זיך אפגע־רופען — וואס מיינסטו דאמיט?
— איך מיין אז טראטץ דעם וואס טיטוס האט חרוב געמאכט יהודה, האט ער דאך מקרב געווען פיעלע אידען און האט מיט זיי גוטעס געטהאן... מיר האט יאזעפוס פלאוויוס געזאגט, אז טיטוס איז געווארען זעהר גוטהערציג, און זינט ער איז געווארען צעזאר האט ער נאך קיינעם נישט ענטזאגט קיין טובה... אבער דאמיציאן — אלע ווייסען אז ער איז שלעכט און ענגהערציג, און וואס איז פארהאן פון איהם צו ערווארטען ווען ער וועט ווערען צעזאר?...
— את שוועסטער מיינע, זאג דאס נישט, — האט מאנילוס געענטפערט — דאס האבען זיינע שונאים אויף איהם אויסגעטראכט. אז ער איז א שלעכטער... איך ווייס נישט!... איך בין שוין ביי איהם עטליכע מאל געווען, און האב מיט איהם פיעלע מאל פערבראכט, און מיר דוכט זיך אז גראדע פערקעהרט: דאמי־ציאן איז זעהר א וואוילער יונג; ער פערהאלט זיך ברידערליך מיט יעדען איינעם...
— איך האב אבער וועגען איהם פיעלע זאכען געהערט... מיר האט מען דערצעהלט אז ווען דאמיציאן ווערט אין כעס אויף אימיצען איז ביי איהם רעכט יענעם גלייך אויף אן ארט צודערשטעכען...
— איך ווייס ווער עס האט דיר אלעס וועגען איהם דערצעהלט — האט מאנילוס געזאגט מיט אן ענטוישטע שטימע — אבער גלויב מיר, אקטאוויא אז דאס אלעס איז מעהר נישט ווי רכילות... און דער וואס האט דיר עס דערצעהלט, ווייסטו דאך אליין, אז ער איז א מאן מיט א צווייפעלהאפטיגען כאראקטער...
— וואס מיינסטו, מאנילוס — האט אקטאוויא געפרעגט — מיט וואס איז יאזעפוס פלאוויוס אזוי אומגלויבבאר?...
— דו ווייסט עס נישט, מיין שוועסטער, ווייל דו ביזט דאן נאך א קליין קינד געווען... אבער געוויס האסטו געהערט פון דעם נאמען יוסף בן מתתיהו הכהן?...
— דער וועלכער האט פערראטען די אידען בעת דער מלחמה מיט רוים...
— יע — האט מאנילוס געזאגט — דער וועלכער איז געווען דער הויפט קאמאנדיר פון דער גליל׳ער ארמיי...
— אבער וואס האט יוסף בן מתתיהו צו טהאן מיט דעם — האט אקטאוויא געפרעגט איהר ברודער.
— ווייל יוסף בן מתתיהו איז דער יעצטיגער יאזעפוס פלאוויוס....
אקטאוויא האט איהם אנגעקוקט ערשטוינט:
— לויט ווי איך האב געהערט, האבען דאך די רוימער געטויטעט...

— ניין, אקטאוויא, דו מאכסט א טעות!... אלע ווייסען אז יאזעפוס פלאוויוס איז געווארען שטארק בעפריינדעט מיט די פלאוויאנער דינאסטיע...

— פון וואנען האסטו דאס זיך דערוואוסט...

— סעיאנוס בורוס האט מיר וועגען איהם פיעלעס דערצעהלט, און דער פאטער אונזערער האט איהם פערזענליך געקענט...

— ביזטו זיכער אז יאזעפוס איז דערזעלבער יוסף בן מתתיהו ?

— נו געוויס בין איך זיכער — איך האב שוין מיט איהם פיעלע מאל גערעדט ווען איך האב איהם געטראפען אין דאמיציאנ'ס פאלאץ און ער האט מיר דערצעהלט די געשיכטע פון זיין לעבען.

— גיט ער לכל הפחות צו דאס ער האט פערראטען די אידען צו די רוימער — האט אקטאוויא נעפרעגט.

— לויט ווי ער דערצעהלט — איז ער נאך א אידישער פאטריאט — האט מאנילוס געלאכט — אבער ווי איך פארשטעה איז ער מעהר פאטריאט פון זיך זעלבסט ווי פון אימיצען אנדערש.

— א דו ביזט נאר אלעמען חושד! — האט אקטאוויא זיך אפגערופען.

— דו ווייסט דאך, מיין שוועסטער, אז איך בין ניט קיין שטארקער אנהענגער פון אידישקייט און געוויס בין איך ווייט פון צו זיין א פאטריאט צו מיין פאלק אבער פונדעסטוועגען ווען די סנהדרין אין ירושלים וואלטען מיר געמאכט פאר א גענעראל און אנפערטרויט די אידישע ארמיי, וואלט איך זיי געוויס נישט פערראטען, ווי יאזעפוס פלאוויוס האט געטהאן.

— און דו גלויבסט אז ער האט טאקע די אידען פערראטען ? — האט אקטאוויא געפרעגט.

— צו איך גלויב ? ערשטענס ווייסען אלע דערפון און צווייטענס האט ער אליין צוגעגעבען... נאר וואס דען ער פערענטפערט זיך אז דאס איז ער געווען געצוואונגען עס צו טהאן...

— וואס האט ער דיר פון זיך דערצעהלט, מאנילוס ? — האט אקטאוויא געפרעגט.

— ווילסטו הערען זיין גאנצע לעבענס-געשיכטע ?

— יע, מיר אינטערעסירט עס זעהר, ווייל א חוץ דעם וואס ער איז א גוטער פריינד פון קלעמענס'ן האב איך פון זיין מויל געהערט פיעלע קלוגע ווערטער און איך בין זעהר נייגעריג צו ווייסען די לעבענסגעשיכטע פון דיזען מערקווירדיגען מאן.

— גוט איך וועל דיר דערצעהלען אלעס וואס איך האב וועגען איהם געהערט.

— ווען יוסף בן מתתיהו, אדער ווי ער רופט זיך יעצט, יאזעפוס פלאוויוס — האט מאנילוס אנגעפאנגען — איז געווען זעקס און צוואנציג יאהר אלט — האט ער מיר דערצעהלט אז ער איז שוין געווען אין רוים צוליעב דעם וואס עטליכע כהנים, זיינע קרובים, זיינען געווען ארעסטירט אין רוים. ער האט דאן געפונען חן אין די אויגען פון דער צעזארין פאפעא סאבינא, וועלכע האט בעפרייט זיינע קרובים. אין רוים האט ער געהאט די געלעגענהייט צו דערלערנען די רוימישע שפראך און זיך בעקענען מיט אלע רוימישע מנהגים. ווען ער האט זיך צוריקגעקעהרט קיין ירושלים, האט דאמאלסט אויסגעבראכען די רעוואלוציע נעגען די רוימער. די סנהדרין אין ירושלים, וועל-

כען האבען דאן אנגעפיהרט די מלחמה, האבען בעשטימט יאזעפוס'ן אלס דער קאמאנדיר פון דער גליל'ער פראווינץ. אבער ער האט גלייך געקראגען פיעלע שונאים און איינער פון זיי איז געווען, זאגט ער, יוחנן פון גוש חלב, וועלכער האט איהם געוואלט פער'מיאוס'ן אין די אויגען פון די סנהדרין. ער האט זיך ריינגעוואשען. אבער ווען ער האט געזעהן אז די אידען האבען נישט די מינדסטע אויסזיכט צו בעזיגען די רוימער און וועלענדיג פערמיידען אומ־זיסטע שפיכת דמים, האט ער זיך אונטערגעגעבען צו די רוימער. ער האט געזוכט בעאיינפלוסען די אידען זיי זאלען מאכען שלום מיט די מעכטיגע רוימער, און טיטוס האט איהם ערלויבט צו רעדען וועגען דעם פאר די אי־דען, אבער די קנאים האבען דערפון נישט געוואלט הערען... יאזעפוס האט פאראויסגעזעהן רוים'ס זיעג איבער די אידען און ער האט אויך פראפעצייעט אז וועספאסיאנוס און זיין זוהן טיטוס וועלען זיין די צעזארען פון רוים; דע־דיבער האט איהם וועספאסיאנוס זעהר מקרב געווען און ווען ער איז טאקע געווארען צעזאר האט ער איהם אריינגענומען צו זיך אין זיין פאלאץ. ער האט איהם אויך ערלויבט זיך צו רופען מיט וועספאסיאנוס פאמיליע נאמען — פלאוויוס.

ווען טיטוס איז געווארען דער צעזאר איז ער נאך מיט איהם מעהר בע־פריינדעט געווארען, און ווייל אלע ווייסען אז דאמיציאן האט געזוכט צו ווע־רען צעזאר אנשטאט טיטוס'ן, דעריבער האט יאזעפוס איהם נישט איבעריגס ליעב און דאס איז די אורזאכע וואס ביי יעדע געלעגענהייט וועט יאזעפוס ווארשיינליך אנריידען אויף דאמיציאן. אבער מיין ליעבע שוועסטער, זעה־סטו נישט, אז נישט אלע ווערטער פון אזא מאן ווי יאזעפוס דארף מען גלויבען...

— דו האסט א טעות, מאנילוס. ניט פון יאזעפוס'ן האב איך וועגען דא־מיציאן געהערט.. און וואס אנבעלאנגט יאזעפוס'ן, כאטש ער איז טאקע פי־לייכט געווען א פעררעטער פון דעם אידישען פאלק, אבער יעצט איז ער א בעל תשובה מיט דעם גאנצען הארצען. זיין הארץ בלוטיגט און וועהטאגט פאר די אידישע יסורים און רדיפות וואס זיי האבען אויסצושטעהן פון זייערע שונאים. און ער שרייבט פיעלע ביכער וועגען די אידען; ער בעשרייבט זייער היסטא־ריע, די וויכטיגקייט פון דער אידישער אמונה, און אט האט ער נאך היינט פארגעלייענט פאר קלעמענס'ן, זיין פרוי און קינדער און פאר מיר זיין בוך וואס ער האט אנגעפאנגען צו שרייבען, וואו ער בעווייזט אויף ווי די אידען שטעהען העכער פון אלע איבעריגע פעלקער. און איך זאג דיר, מאנילוס, אז ווען ער וועט פארטיג ווערען מיט דיזען ווערק, וועט עס ברייגגען פיעל נוצען פאר אונזער אונגליקליך פאלק. איך האב בעמערקט ווי קלעמענס און אונוס האבען געשעפט פיעל פערגעניגען פון זיין פארלעזען און ווען ער האט פער־ענדיגט זיין לעזען האב איך זיך געפיהלט זעהר שטאלץ מיט מיין אפשטא־מונג...

— וואו איז דאס קלעמענס מיט זיין פאמיליע? — האט מאנילוס געפרעגט, וועלענדיג אריבערפיהרען דעם געשפרעך.

— קלעמענס און דאמיצילא און די קינדער זייגען דאך אוועק צו טיטוס'עס פאלאץ... דער צעזאר האלט דאך ביים שטארבען...

— איז אונוס אויך מיטגעגאנגען? — האט מאנילוס ווידער געפרעגט.

— אַ, ניין, מיר דוכט זיך אַ זניט — האָט אקטאַוויא געענטפערט און איהר פּנים איז רויט געוואָרען. — אָבער פאַרוואָס פרעגסטו וועגען איהם?

מאַנילוס האָט זיך געשלאָגען מיט דער דעה צי זאָל ער ענטדעקען צו זיין שוועסטער דעם סוד וועגען אונוס'ן צי נישט. ער האָט אָבער בעשלאָסען צו וואַרטען אויף אַ בעסערע געלעגענהייט, און זיך אָפּגערופען:

— איך פרעג דיר וועגען איהם, ווייל מיר דוכט זיך, אַז איך האָב בעמערקט אַז זיין צימער איז ליכטיג... מיר וואונדערט זיך פאַרוואָס ער איז אויך נישט מיטגעגאַנגען...

— ווי איך פערשטעה האָט ער די רוימישע צעזאָרען נישט איבעריגס ליעב — האָט אקטאַוויא געזאָגט — און דעריבער געהט ער קיינמאָל נישט אהין...

— דו ווייסט, שוועסטער — האָט זיך מאַנילוס אָפּגערופען נאָך אַ שטילע פּויזע — איך האָב זיך נאָר וואָס דורכגערעדט מיט מעסעלינא'ן וועגען בערעניקא'ן, טיטוס'עס אידישע געליעבטע, און זי האָט מיר דערקלערט פאַרוואָס טיטוס איז געווען געצוואונגען איהר פון זיך אוועקצושיקען... איך זאָג דיר, אַז מעסעלינא איז זעהר קלוג און ווייס אַלעס וואָס טהוט זיך אין דעם הויף פון דעם צעזאַר.

— פאַרוואָס זאָל זי נישט וויסען — האָט אקלאַוויא געשמייכעלט, — זי איז דאָך אַ חוץ אַ קרובה אויך זעהר גוט בעפריינדעט מיט דאָמיציאַן און די איבעריגע הויפלייט.

— און לויט ווי זי האָט מיר דערצעהלט, האָט טאַקע טיטוס קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט ווי אויפצוגעבען זיין אידישע געליעבטע, ווייל עס איז געווען גלייך נאָך דער גרויסער מלחמה און דער צאָרן פון די רוימער אויף די אידען האָט זיך נאָך נישט איינגעשטילט, האָט דאָס פאָלק שטאַרק פּראָטעסטירט געגען טיטוס'עס חתונה האָבען מיט אַ אידישע מיידעל... אָבער זיינט דאַן איז שוין צעהן יאָהר פאַריבער... די געמיטער האָבען זיך ביי אַלעמען בערוהיגט... די אידען לעבען שוין בשלום מיט די רוימער, און ווען, צום ביישפּיעל, דאָמיציאַן זאָל וועלען חתונה האָבען מיט אַ אידישע מיידעל וועט עס שוין קיינעם נישט אַרען...

— וואָס ציעלסטו מיט דיינע ווערטער, מיין ברודער? — האָט אקטאַוויא געזאָגט.

— ע... פערשטעהסטו מיר... איך מיין... דו ווייסט דאָך — האָט מאַנילוס אַרויסגעשטאַמעלט — אַז טיטוס וועט לאַנג נישט לעבען... היינט אָדער מאָרגען, און ער וועט זיין טויט... דאָמיציאַן וועט גלייך ווערען זיין טראָהן-נאָכפאָלגער... עפּעס אַ קליינינגקייט אונזער פריינד — דער צעזאַר זעלבסט... דו ווייסט דאָך אויך אַז דאָמיציאַן איז זעהר נישט גלייכגילטיג צו דיר... קענסטו זיך פאָרשטעלען וואָס פאַר אַ גליק עס וואָלט פאַר אונז אַלעמען געווען... ווען דו, מיין ליעבענקע שוועסטער ווערסט פּלוצלונג די צעזאַרין פון רוים!...

— מאַנילוס! — האָט אקטאַוויא אויסגעשריען — שלאָג זיך אַרויס אַזוינע דומהייטען פון דיין קאָפּ... און איך פאַרזאָג דיר מעהר צו מיר קיין וואָרט

פון דעם צו ריידען!... דו זעהסט נישט ווי לעכערליך דו מאכסט זיך אין אלע־
מענס אויגען ווען דו טראגסט זיך ארום מיט אזעלכע אומגעלומפערטע גע־
דאנקען.

— אבער שוועסטער — איז מאנילוס בלאס געווארען — ווען דו וואלסט
געוואוסט ווי שטארק פעראינטערעסירט דאמיציאן איז אין דיר, וואלסטו גאר
אנדערש גערעדט צו מיר... דו ביזט צו בעשיידען, און דעריבער גלויבט זיך דיר
קוים אין דער מעגליכקייט נאך אמאל צו ווערען די הערשערין פון רוים...

— מיר ארט נישט וואס דאמיציאן דענקט וועגען מיר — האט אקטא־
וויא געענטפערט מיט כעס — אבער דו זאלסט וויסען זיין, אז אלע דיינע
פערזוכען וועלען זיך אויסלאזען מיט גארנישט... ווייל אפילו ווען דאמיציאן
זאל מיינען אין ערנסט און אפילו ווען ער וועט ווערען דער צעזאר איבער דער
גאנצער רוימישער אימפעריע, וועל איך גלייכער שטארבען איידער מיין לע־
בען פערבינדען מיט אזא מאן ווי דאמיציאן...

— דאמיציאן איז זעהר אן איידעלער מאן! — האט מאנילוס אויסגערו־
פען — דאס האט מען דיר אויף איהם אנגערעדט, דעריבער האסטו א פאר־
אורטייל וועגען איהם.

— ניין, מיין ברודער, איך וויל אז דו זאלסט נישט זיין גענארט אין דעם:
נישט ווייל מען האט מיר אנגערעדט אויף איהם זאג איך דיר דאס, נאר דו
דארפסט עס וויסען, אז ווען איך וואלט בעשליסען חתונה צו האבען אין רוים,
וואלט איך יעדענפאלס געפונען א מעהר פאסיגען פערזאן ווי דאמיציאן...

— אה, איך פערשטעה שוין, אקטאוויא — האט מאנילוס סארקאסטיש
געזאגט — דו האסט זיך מסתמא פערליעבט אין אונוס'ן... כא! כא! כא!
ווייסטו דען ווער אונוס איז, הא? דו גלויבסט דאך מסתמא אז אונוס איז
דעם סענאטאר קלעמענס זוהן, הא? דאן מאכסטו א טעות... ווייל אונוס איז
נישט מעהר און נישט ווייניגער ווי א געפאנגענער אידישער שקלאף!...

— א געפאנגענער אידישער שקלאף! — האט אקטאוויא אויסגעשריען
ערשיטערט — וואס מיינסטו?

— גאר פשוט, אונוס איז א איד פון ירושלים... ער איז גענומען גע־
ווארען אין געפאנגענשאפט ביי די רוימער און איז פער'משפט געווארען צו קעמ־
פען מיט די חיות, אבער דער סענאטאר האט אויף איהם רחמנות געקראגען
און האט איהם אויסגעלייזט און מיט א פאר יאהר שפעטער איהם אדאפ־
טירט פאר זיין זוהן!... נו, יעצט זעהסטו שוין ווער אונוס איז. א שקלאף,
א אידישער שקלאף...

אקטאוויא'ן האט זיך געביטען קאלירען... אונוס א איד! איז דאס
מעגליך? זי האט עס קוים געקענט גלויבען...

— פון וואנען ווייסטו עס? — האט אקטאוויא געפרעגט מיט א צי־
טערענדע שטימע.

מאנילוס האט געזעהן די גרויסע ווירקונג וואס זיינע ווערטער האבען
געמאכט אויף זיין שוועסטער... יע — האט ער זיך געטראכט — יעצט אז
זי האט אויסגעפונען אז אונוס שטאמט נישט פון די אדעליגע, וועט זי שוין

פון איהם מעהר נישט װעלען טראכטען און דאן... ווען איהר הארץ וועט זיין פריי פון די ליעבע צו אונוס'ן, וועט ער מיט איהר קענען ריידען וועגען דאמיציאן, מיט מעהר ערפאלג.

— פון וואנען איך ווייס? — האט ער זיך אפגערופען — זאג מיר ווער ווייסט דאס נישט פון דעם אין רוים? אלע, פון קליין ביז גרויס ווייסען אז אונוס איז א געוועזענער אידישער שקלאף...

— דו מיינסט א רוימישער שקלאף און א אידישער פרינץ — תאט אסדענקסט איהם דערמיט צו ערנידעריגען אין מיינע אויגען, מאכסטו א טעות! — אונוס האט פון דיזען מאמענט אן, ביי מיר אין די אויגען פיעל, זעהר פיעל געשטיגען... ער איז דער ריכטיגער אידישער העלד וועמען מיר אלע דארפען עהרען און ליעב האבען און מיט וועמען מיר קענען זיכער שטאלצירען...

— מיין שוועסטער — האט זיך מאנילום אפגערופען — דאס גליק קלאפט אין דיין טיהר, בעזין זיך גוט און עפען אויף די טיהר און לאז עס אריין... וועלכע פרוי וואלט נישט געוועזען די גליקליכסטע אין דער וועלט ווען איהר וואלט פארגעקומען אזא אונערוואַרטענער גליק, צו ווערען די הערשערין איבער די מעכטיגסטע נאציאן אין דער וועלט... בעטראכט עס נאך אמאל, ווייל דאמיצאן ווארט אויף דיין ענטפער.

מאנילום האט אן אויפגערעגטער פערלאזען איהר צימער און אסטאוויא האט זיך אריינגעווארפען אין בעט און זיך פאנאנדערגעוויינט...

— — — — — — — — — — — — — —

שנעל ווי א בליץ האט זיך פערשפרייט די נייעס איבער גאנץ רוים, אז טיטוס האלט ביים שטארבען. באלד זיינען אלע גאסען שווארץ געווארען פון מענשען, וועלכע האבען געשטראמט צום פלאץ.

די סענאטארען האבען פערלאזען דעם סענאט און זיינען אלע געקומען צו דעם גוסס'ן טיטוס.

אין צימער וואו טיטוס איז געלעגען האט מען נאר צוגעלאזען געצעהלטע מענשען, די קרובים פון צעזאר. צווישען זיי זיינען געווען קלעמענס, זיין פרוי דאמיצילא און זייערע צוויי קליינע זיהן.

טיטוס'עס ברודער, דאמיציאן איז געשטאנען נעבען דער בעט פון דעם קראנקען און האט פון איהם קיין אויג נישט אראפגענומען... ער האט געווארט מיט גרויס אונגעדולד אויף די יציאת נשמה פון זיין ברודער... איהם האט נאר דאס הארץ געשראקען טאמער וועט זיך טיטוס פערבעסערען און דאן וועט ער נאך פילייכט חרטה האבען און אנרופען אימיצען אנדערש אלס זיין טראהן נאכפאלגער...

דאמיציאן האט זיך שוין אפילו געגען דעם בעווארענט; ער האט איבערגערעדט מיט עטליכע הויכע בעאמטע, מיט איינינע קאמאנדירען פון דער ארמיי, און אין פאל ווען עס וועט נויטיג זיין וועט ער זיך בענוצען מיט מאכט...

טיטוס'עס קרעכצען האבען אנגעפילט דעם צימער. די דאקטוירים האבען נישט אפגעטראטען פון זיין בעט... אלע האבען אנגעשטרענגט די אויערען צו כאפען א ווארט פון דעם גוסס.

פלוצלונג האט טיטוס געגעבען א וואונק צו זיין ברודער. דאמיציאן האט זיך איינגעבויגען און געווארט אויף טיטוס'עס ווער־טער.

— דאמיציאן — האט טיטוס קוים ארויסגערעדט — זאל מען וואס שנעלער ברייגען אהער יאזעפוס פלאוויוס, איך וויל מיט איהם ריידען עט־ליכע ווערטער איידער איך שטארב.

דאמיציאן האט גלייך געשיקט אימיצען צו ברייגגען יאזעפוס פלאוויוס'ן צו טיטוס'ן.

ווען יאזעפוס איז אריינגעקומען אין צימער האט דארטען נאך אלץ גע־הערשט א טויטע שטילקייט וואס איז פון צייט צו צייט איבערגעריסען גע־ווארען פון טיטוס'עס קרעכצען...

א ווייל'ע איז יאזעפוס געשטאנען בעוועגלאז. זיין פנים איז געווען עטוואס צושראקען; ער האט נישט געקענט פערשטעהן פארוואס טיטוס דארף איהם אזוי נויטיג האבען פאר זיין טויט...

די שטילקייט אין צימער איז געווען אן אנגעצויגענע און אן אנגעשטרענג־טע... קיינער האט נישט געוואגט זיך צו בעוועגען...

טיטוס האט אויפגעעפענט זיינע אויגען און נאכהער א פרעג געטאן:

— איז יאזעפוס פלאוויוס דא?

— ער איז דא — האט דאמיציאן געענטפערט.

— זאל ער צוקומען נאהענט צו מיר, איך וויל מיט איהם עטוואס ריידען.

יאזעפוס איז גלייך צוגעגאנגען צו טיטוס'עס בעט, וואו ער האט זיך איינגעבויגען איבער טיטוס'ן.

— יאזעפוס — האט טיטוס אנגעפאנגען מיט א שוואכע שטימע — איך זעה יעצט איין דאס איך האב בעגאנגען א גרויסע אומרעכט געגען דעם אידישען פאלק ווען איך האב געלאזען פערברענען דעם בית המקדש... און ווי עס דוכט זיך מיר איז יופיטער אויך בייז אויף מיר, וואס איך האב דעם פלאץ פון דעם אידישען גאט חרוב געמאכט... ווייל זינט דאן האט ער אויף מיר אויסגעגאסען זיין צארען... איך בין באלד נאכדעם קראנק געווארען... דו איך האב זיך די גאנצע צייט געפיהלט צעבראכען און נידערגעשלאגען... דו אבער, יאזעפוס, ביזט דאך דערביי געווען, געדענקסטו נישט אז איך האב אנגעזאגט מיינע סאלדאטען זיי זאלען זיך היטען נישט צו פערברענען דעם בית המקדש?

— יע, מאיעסטעט! — האט יאזעפוס געענטפערט — איך געדענק עס זעהר גוט. זיין מאיעסטעט האט זעהר נישט געוואלט פארניכטען דעם בית־המקדש... און ווי איך דערמאן זיך יעצט האט ער זיך אנגעצונדען דורך א צופאל...

— איך וויל דערציבער דיר בעטען — האט טיטוס געזאגט — ווען דו שרייבסט דיינע ביכער און ווען דו וועסט צוקומען צו דעם פלאץ, וואו דער אידישער בית המקדש איז פערברענט געווארען, זאלסטו דייטליך אנשריי־בען, אז טיטוס איז אין דעם נישט געווען שולדיג... ווייל ווען איך וועל קו־מען אויף יענער וועלט און יופיטער וועט מיר וועלען מאכען פאראנטוואָרטליך פאר

דעם אומרעכט וואס איך בין בעגאנגען געגען דעם אידישען גאט, וועל איך איהם קענען אנצייגען אויף דיינע שריפטען און ער וועט מיר געווים מוחל זיין.

— זאל זיין מאיעסטעט, דער צעזאר פון רוים לעבען לאנג און זיין געזונט! — איך וועל אלע זיינע וואונשען ערפילען...

טיטוס האט זיך פלוצלונג א קרים געטאן און האט פערווארפען זיין קאפ. דאמיציאן און די דאקטוירים זיינען שנעל צו איהם צוגעגאנגען און האבען איהם אנגענומען פאר זיין האנט...

— דער צעזאר איז טויט! דער צעזאר איז טויט! — האט א דאקטאר ערקלערט.

— טיטוס איז טויט! מיין ברודער איז טויט! — האט דאמיציאן אויסגערופען.

— טויט איז אונזער צעזאר טיטוס! עס לעבט אונזער צעזאר דאמיציאן! — האבען אלע אויסגעשריען...

## איין-און-דרייסיגסטער קאפיטעל

# יאזעפוס פלאוויוס

לאנג האט דאס רוימישע פאלק געטרויערט איבער טיטוס'עס טויט. אין דער קורצער צייט פון זיין רעגיערונג (טיטוס האט רעגירט צוויי יאהר. 79—81) האט זיך טיטוס בעליעבט געמאכט ביי אלע רוימער. ער האט זיך בעמיהט אלעמען צופריעדענצושטעלען און ער האט טאקע דערפאר געקראגען דעם נאמען "דער ליעבלינג פון דער מענשהייט".

מעהר פון אלעמען האט דער רוימישער סענאט געטרויערט נאך טיטוס'ן... זייער שטארקער טרויער איז געקומען צוליעב דער מורא וועגען דאמיציאן... דער סענאט האט גאנץ גוט געוואוסט ווער דאמיציאן איז. אלע סענאטארען האבען איהם געקענט אלס א ביזוויליגען און עגאאיסטישען טיראן.

דאמיציאן האט זיך שוין געהאט בעזארגט מיט דער ארמיי און דער צושטימונג פון די פרייטארס (שופטים) ווען טיטוס איז נאך געלעגען אויף'ן טויטען בעט און דעריבער ווען דער סענאט האט פון איהם געפאדערט ער זאל געבען א שבועה דאס ער וועט קיין סענאטאר נישט טויטען, (אזא שבועה וואלט פערזיכערט די סענאטארס לעבענס און זיי וואלטען געהאט א טייל אין רעגיערונג), האט ער זיך פון זיי אויסגעלאכט. דאמיציאן האט געוואלט זיין א זעלבסטשטענדיגער הערשער.

באלד טאקע האט דאמיציאן זיך גענומען אויסצורייניגען דעם סענאט; יעדען איינעם וועמען ער האט פערדעכטיגט אין נישט זיין פריינדליך צו איהם, האט ער פערטריבען פון סענאט. פיעלע סענאטארען האט ער געלאזט טויטען ווייל ער האט זיך דערוואוסט דאס זיי זיינען זיינע געגנער. ער האט צוגענומען פון דעם סענאט די דעה אין דער רעגיערונג.

פאר זיין טויט האט טיטוס אויסגעשפראכען זיין וואונש אז דאמיציאן זאל חתונה האבען מיט זיין איינציגע טאכטער, יוליא, כדי די מלוכה זאל בלייבען אין ביידענס הענט. דאמיציאן אבער, ווי ער האט געקראגען די גאנצע מאכט האט זיך ענטזאגט חתונה צו האבען מיט טיטוס'עס טאכטער. ער האט גאנץ גוט

געוואוסט, דאס אויב ער וועט חתונה האבען מיט יוליא'ן וואלט עס איהם געווים געשטערט אין זיינע פיעלע ליעבעס אפערען און איבערהויפט אין זיין ליעבע צו אקטאוויא'ן...

דאמיציאן איז יעצט געווען זיכער דאס ער וועט ארייכקריגען אקטאוויא'ן צו זיך און וועט מיט איהר גוט פערברייננגען. אקטאוויא'ס שעהנקייט האט איהם אזוי בעצויבערט, אז ער האט איהר נישט ארויסגעלאזען פון זיינע געדאנקען. ער האט יעצט נור געווארט, ביז וואנען זיין טראהן וועט בעפעסטיגט ווערען און דאן וועט ער ארייננעמען אקטאוויאן צו זיך אין פאלאץ...

אין די ערשטע עטליכע חדשים פון זיין רעגירען, האט זיך דאמיציאן בעצויגען פריינדליך צו די אידען אין רוים. ער האט אויך ווי זיין ברודער טיטוס, מקרב געווען דעם גרויסען אידישען געלערענטען און היסטאריקער, יאזעפוס פלאוויוס, וועמען ער האט ערלויבט צו וואהנען אין זיינע פאלאצען. אקטאוויאס ברודער, מאנילוס פלעגט אפט אריינגעהן צו איהם.

קעלמענס, זיין אייגענער קוזין, אבער, האט איהם שטארק געהאסט פאר זיין רשעות, ער האט איהם נישט געקענט מוחל זיין פאר וואס ער האט גלייך, ווי נאר ער איז ארויפגעשטיגען אויף זיין טראהן, פערגאסען אזוי פיעל אומשולדיגעם בלוט.

— מיין קוזין, דאמיציאן — האט זיך קלעמענס איינמאל אפגערופען צו זיין פרוי — איז געגליכען צו א חזיר וואס האט נאר וואס געקראצען הערנער. ער וויים נישט ווי אויסצונוצען זיין קראפט, און ער שטויסט יעדען איינעם וועלכער קומט נאר אין זיין וועג...

פונדעסטוועגען איז סענאטאר קלעמענס געווען זעהר פארזיכטיג מיט ווערטער, ער האט פאר פרעמדע קיינמאל קיין שלעכטען ווארט נישט גערעדט אויף דאמיציאן, ווייל ער האט גאנץ גוט געוואוסט אז דער יעצטיגער צעזאר וועט קיינעם נישט שאנעווען, ווער נאר ס'וועט ריידען עפעס בייז וועגען איהם... דער איינציגער פאר וועמען קלעמענס האט געקענט אויסריידען זיין הארץ איז געווען יאזעפוס פלאוויוס; איהם האט ער בעטראכט פאר זיין בעסטען פריינד וועמען מען קען אנפערטרויען די גרעסטע סודות... יאזעפוס איז געווען אן אפטער גאסט אין קלעמענס'עס הויז. זייער פריינדשאפט האט זיך נאך מעהר פערשטארקט, זינט קלעמענס און דאמיציליא האבען אדאפטירט דעם יונגען אידישען העלד, אונוס'ן אלס זייער זוהן. יאזעפוס פלעגט אריינקומען און זיי אלעמען דערצעהלען די געשיכטע פון די אידען, ער פלעגט פאר זיי פארלעזען זיינע ווערק...

אונוס איז זעהר שטארק צוגעבונדען געווארען צו יאזעפוס'ן, ער האט איהם געאכטעט און געשעצט... ער האט גאנץ גוט געוואוסט אז טראטץ דעם וואס יאזעפוס'עס אידישע שונאים האבען איהם געהאלטען פאר זייער פעררעטהער, האט ער דאך געוואוסט אז יאזעפוס איז שטארק צוגעבונדען צו דער אידישער רעליגיאן און צו זיין פאטערלאנד, ארץ ישראל; דאס האט ער בעוויזען ווען ער האט אנגעשריבען זיין "געשיכטע פון אידישע אלטערטהימער" וואו ער פערטהיידיגט מיט זיין שארפע פעדער זיינע אומגליקליכע ברידער פון די רוימישע און גריכישע שרייבער, וועלכע האבען געזוכט צו פער'מיאוס'ן דעם אידישען פאלק אין די אויגען פון די ארומיגע פעלקער...

אונום האט גוט געוואוסט די שרעקליכע לאגע אין וועלכע יאזעפוס געפינט זיך, ספּעציעל יעצט, ווען טיטוס איז געשטארבען. ער האט גאנץ גוט געוואוסט פון די פיעלע שונאים וואס יאזעפוס האט סאי ביי אידען און סאי ביי די רוימער.

— דו ווייסט, ליעבער אונום — האט זיך יאזעפוס אפּגערופען צו איהם א קורצע צייט נאך טיטוס'עם טויט — איך בין יעצט נעגליכען צו איינעם וועלכער ענטלויפט פון א פייער און איהם ענטקעגען קומט אן א פערפליייצונג... זאל ער זיך אומקעהרען וועט ער פערברענט ווערען, זאל ער געהן ווייטער וועט ער דערטרונקען ווערען... מיט מיר איז אויך אזוי; מיינע אידישע שונאים זאגען אז איך האב מיין פאלק פערראטען און מיינע ברידער האסען מיר דערפאר. יעצט איז געקומען יוסטוס פון טבריה און האט אנגעשריבען די געשיכטע פון די אידיש רוימישע מלחמה און ער שטעלט מיר פאר אלס דעם ערגסטען שונא פון רוים און אלס גרויסער פאטריאט פון מיין פאטערלאנד. ווי איך האב זיך דערוואוסט קלייבט ער זיך צו שיקען דיעזען בוך צו דאמיציאן, היינט שטעלט זיך פאר ווען פליצעם נישט האבען. ווען טיטוס האט געלעבט האט ער מיך פון אלע מיינע דאמיציאן וועט וועגען דעם לייענען, וועל איך שוין מיין קאפּ אויף מיינע שונאים בעשיצט, פיעלע מאל האט זיך געמאכט אז מען פלעגט אויף מיר אנריידען, אבער טיטוס האט קיינעם נישט געגלויבט... דאמיציאן אבער איז אנדערש, ביי איהם האט א מענשענ'ס לעבען קיין ווערדע נישט און איך בין זיכער דאס אויב ער וועט איבערלייענען דעם בוך וואס יוסטוס שרייבט וועגען פון דער מלחמה, געצוואונגען זיך זעלבסט אויסצומאהלען אין די דונקעלסטע פארבען... איך שרייב וועגען זיך א סך ערגער ווי די ווירקליכקייט איז געווען, מיר, וועט ער אלעם גלויבען און דעריבער בין איך, שרייבענדיג די געשיכטע כדי איבערצוצייגען דאמיציאן אז איך בין אימער געווען א געטרייער דינער פון רוים... מיין האנדלונג אין גליל וואו איך בין געווען דער הויפּט קאמאנדיר פון דער אידישער ארמיי, בעשרייב איך אין מיין בוך אזוי, אז אלע וועלען דערפון ציהען דעם שלום דאס איך בין געווען א פעררעטהער פון דעם שענדליכסטען סארט.

— אז איך וועל נאך אמאל האבען די זכיה צו זיין אין ארץ ישראל — האט אונום געזאגט צו יאזעפוס'ן — וועל איך אלעמען איבערצייגען ווי אומבעגרינדעט זייער האס איז צו דיר... איך וועל זיי ערקלערען וויפיעל עהרע און נוצען דיינע ביכער וועלען ברענגען פאר אונזער פאלק.

— דיינקסטו נאך אמאל צו פאהרען נאך ארץ ישראל? — האט איהם יאזעפוס געפרעגט.

— מיין פאטער קלעמענס גלויבט אז איהם וועט געלינגען איך זאל בעשטימט ווערען אויף סעיאנוס בורוס'עם פלאץ אין גמזו... אויב דאס זאל פארווירקליכט ווערען דאן וועל איך זיך פיהלען העכסט גליקליך... איך וועל האבען אזא גלענצענדע געלעגענהייט נישט נאר צו זיין אין אונזער הייליג לאנד, אבער אויך צו דינען מיינע אומגליקליכע ברידער, דארטען...

— מיין הארץ ווערט מיר צובראכען — האט יאזעפוס טרויעריג געזאגט — ווען איך דערמאהן זיך אן די אומגליקען וואס מיין ארעמעס פאלק האט דורכגעמאכט... מיט מיינע אויגען האב איך געזעהן דעם בראנד און אונטערגאנג פון מיין פאטערלאנד און דעם חורבן פון דעם בית המקדש... אלע פערגעניגען פון לעבען

זיינען מיר דערווידער... מיין לעבען איז מיר נמאס געווארען... די איינציגע זאך צוליעב וואס איך וויל נאך לעבען איז, די פערענדונג פון מיינע ביכער וואו איך בעשרייב, נישט מיט וויינינ שטאלץ, דאס לעבען פון מיין בראווען פאלק... זיין תורה און די וויכטיגקייט פון איהרע געזעצען פאר דער גאנצער וועלט... איך צייג אין איינעם פון מיינע ביכער, ווי פאלש עס זיינען פיעלע בעשולדיגען מיט וואס די אידישע שונאים בעשולדיגען אונז. איך ערקלער דארטען אז דיא אידישע רעליגיאן, די אידישע מאראל געזעצען און פיהרונגען שטעהען א כר העכער ווי די גריכישע און די רוימישע.

— איז דאס נישט אליין א גוטער בעוויז אז אונזער רעליגיאן שטעהט העכער פון די אלע געצענדינערשע אמונות — האט אונוס געזאגט — ווען פיעלע רוימישע און גריכישע געלערענטע אנערקענען און פערעהרען אונזער גאט און זיין תורה און ווערען גרים...

— יע, מיין קינד, — האט יאזעפוס געזאגט — וויפיעל גרים האב איך אליין געבראכט אין אונזער לאגער, און אפילו פלאוויוס קלעמענס איז דאך איצט אויך געווארען א איד דורך מיר, געוועהנליך, דערווייל מוז עס געהאלטען ווערען בסוד, אבער עס וועט קומען א צייט, ווען די אידישע אמונה וועט אנערקענט ווערען פון אלע פעלקער אלס די שענסטע און בעסטע רעליגיאן אין דער וועלט...

— וואס פאר א גליקליכע צייט. עס וואלט געווען פאר דער גאנצער וועלט, ווען די גאנצע רוימישע אימפעריע וואלט זיך בעקעהרט צום אידישען גלויבען — האט אונוס אויסגערופען — פיעלע אנדערע פעלקער וואלטען באלד נאכגעטאהן די רוימער און די אידישע רעליגיאן וואלט געווארען איינע פאר אלע פעלקער...

— די צייט איז נישט וזייט דערפון — האט יאזעפוס געזאגט — דו ווייסט דאך אז קלעמענס'עס צוויי זיהן זיינען בעשטימט געווארען אלס דאמיציאן'ס נאכפאלגער און ווען אייגער פון זיי וועט ארויפגעהן אויף דעם טראהן און זייענדיג ערצויגען אין דעם אידישען גייסט ווי זיי זיינען, וועט דאך דאן לאנג נישט נעהמען און די אידישע תורה וועט אנגענומען ווערען ביי אלע רוימער...

— דערווייל ווי עס ווייזט אויס טארען מיר וועגען דעם אפילו נישט חלומ'ען — האט אונוס געזאגט.

— כל זמן דאמיציאן לעבט דארף יעדע זאך געהאלטען ווערען בסוד — האט יאזעפוס איהם געווארענט — באטש דאמיציאן צייגט זיך דערווייל ארויס צו זיין פריינדליך צו אידען, קענען מיר אבער נישט וויסען צו וועט ער מארגען נישט בייטען זיין מיינונג... נאך א זאך וואלט איך דיר וועלען זאגען אונוס, זעה זיי זעהר פארזיכטיג און רעד נישט ארוים קיין איבעריג ווארט ווען מאנילוס איז דא, איך מוז זיך מודה זיין אז איך האב איהם נישט איבעריגס ליעב... ער פערמאגט נישט קיין שטאלץ און קיין זעלבסט-ווירדע...

— יע, האט אונוס בעמערקט — עס איז א גרויסער אונטערשיעד צווישען איהם און זיין שוועסטער אקטאוויא. מאנילוס זוכט זיך נאר צו אסימילירען מיט די רוימער, ער וועט אלעס אין דער וועלט טאהן אבי נושא חן זיין אין זייערע אויגען... און אקטאוויא איז די אמת'ע אידישע טאכטער מיט איהר בעשיידענ-הייט, און איבערגעבענהייט צו אלעם וואס איז אידיש...

— דו ווייסט — האט זיך יאזעפוס אפגערופען שטילערהייט, ארומקוקענדיג

צו קיינער הערט איהם נישט — אז דאמיציאן האט געווארפען אן אויג אויף אקטאוויא'ן... נישט איינמאל האט ער איהר נאמען דערמאהנט, און לויט ווי איך פערשטעה האט איהם מאנילוס פערשפראכען ארויסצוהעלפען... און ווען, גאט בעהיט דאמיציאן וועט געלינגען אריינצוקריגען איהר אין זיין נעץ, דאן איז זי א פערלארענע...

אין אונוס'עס פנים האבען זיך געביטען קאלירען... זיין הארץ האט האסטיג גענומען קלאפען

— דאס וועט קיינמאל נישט געשעהן! — האט ער אויסגעשריען גיין, דאמיציאן...

— ש־ש־ש — האט איהם יאזעפוס אפגעהאלטען — רעד נישט אזוי הויך — דו שטעלסט דיין לעבען אין געפאהר... דאמיציאן האט יעצט אנגעשטעלט פיעלע שפיאנען, מען קען קיינמאל נישט וויסען ווער עס וועט עס דערהערען און איבערגעבען דאמיציאן...

— איך וועל מיין לעבען איינשטעלען און איהר בעשיצען פון דאמיציאן'ס נעגעל — האט אונוס אויסגערופען מיט צארן...

דער איינציגער וועג זיך צו רעטען פון דאמיציאן'ס הענט איז ווען זי וועט גלייך צוריקפאהרען נאך יהודה, איידער דאמיציאן וועט זיך ארומזעהן, איך האב מורא אז דערנאך וועט זיין צו שפעט.

—אבער דאס איז דאך אוממעגליך — האט זיך אונוס אפגערופען — איך גלייך פערכאפט — איך מיין, אז זי וועט דאך נישט קענען פאהרען אליין... און איהר ברודער וועט געוויס נישט איינשטימען אזוי שנעל צו פערלאזען רוים...

ביי דיעזע ווערטער איז אנגעקומען ק.

— ווער וועט נישט איינשטימען צו פערלאזען רוים — האט קלעמענס געפרעגט אונוס'ן.

— מיר רעדען דא, פאטער, פון אקטאוויא און מאנילוס.

— איך האב אויסגעדריקט צו אונוס'ן מיין מורא אז דאמיציאן זוכט אריינצוקריגען אקטאוויא'ן צו זיך — האט יאזעפוס געזאגט שטילערהייד — און יעצט האבען מיר געטראכט וועגען פלענער ווי אזוי איהר צו פערהיטען פון אזא אומגליק.

— דאס וועל איך שוין נישט דערלאזען — האט קלעמענס געזאגט מיט פעסטקייט — ער האט ביי מיר געבעטען נאך איידער ער איז געווארען דער צעזאר איך זאל זעהען אז אקטאוויא זאל צו איהם קומען — האב איך איהם אבער באלד אויף אן ארט געזאגט דאס אויב ער וויל פערברייגגען מיט אקטאוויא'ן, קען ער קומען צו מיר אין הויז... און זינט דאן איז ער מעהר נישט געקומען...

— יעצט אבער איז עפעס אנדערש, מיין פריינד, — האט יאזעפוס געזאגט — קיין זאך אין דער וועלט וועט דאמיציאן נישט אפהאלטען צו קריגען דאס וואס ער פערלאנגט.

— יע, — האט קלעמענס טרויעריג צוגעגעבען — שוין אין די ערשטע טעג פון זיין הערשען, האט דאמיציאן זיך ארויסגעצייגט אז ער איז דער היפוך פון טיטוס'ן. פיעלייכט איז טיטוס געווען גרויזאם אין מלחמה צייט, אבער ער האט קיין אומשולדיגעם בלוט נישט פערגאסען פון פריעדליכע בירגער, און דא־

מיציאן האט, ווי נאר ער איז ארויסגעטראטען אויף'ן טראהן געמאכט א בלוט באד אין דעם סענאט, און ער שארפט נאך זיין שווערד אויף נאך פיעלע אומשולדיגע בירגער.

— מיין הארץ זאגט מיר — האט יאזעפוס זיך אפגערופען מיט טרויער — אז מיין לעבען וועט אפגעשניטען ווערען דורך דעם טיראן, דאמיציאן. זינט טיטוס איז געשטארבען העננגט מיין לעבען אויף א האר, ווייל מיינע שונאים ווייסען אז מיין פריינד און בעשיצער איז טויט, שרייבען זיי און אלערליי רכילות אויף מיר... און דעריבער בין איך געצוואונגען אנצושרייבען מיין ביאגראפיע, וואו איך שטעל זיך ארויס אלס פאלשער מענש און שרעקליכער פעררעטער פון מיין פאלק... — איך בעט דיר אונוס — האט זיך יאזעפוס געווענדעט צו איהם — דאס אויב דאמיציאן וועט טאקע מיר ט ויטען, זאלסטו, ווען דו וועסט זיין אין ארץ ישראל, ריינוואשען מיין נאמען... דו זאלסט אלעמען ערקלערען אונטער וועלכע אומשטענדען איך האב געמוזט פאלש שרייבען וועגען זיך... און אז איך בין געבליבען ביז די לעצטע מינוטען פון מיין לעבען געטריי און איבערגעגעבען צו מיין גאט, פאלק און לאנד. פערשפרעכסטו עס מיר צו טהאן, אונוס?

— אז דער ליעבער גאט וועט וועט וועלען און מיר געבען די געלעגענהייט צו פאהרען נאך ארץ ישראל, וועל איך געוויס טהאן דיין פערלאנג — האט אונוס געענטפערט.

— אויב מיר זאל אלעם געלינגען — האט זיך קלעמענס אפגערופען — וועט אונוס פאהרען פערטרעטען סעיאנוס בורוס'עס שטעלע אין גמזו.

— אונוס האט מיר שוין וועגען דעם געזאגט — האט יאזעפוס בעמערקט — אבער איז עס מעגליך אז סעיאנוס בורוס זאל איינווילינגען אויפצוגעבען אזא שטעלע אין דער יעצטיגער צייט.

סעיאנוס בורוס האט זיך פערבייגקט אחיים — האט קלעמענס געשמייכעלט און ער האט מיר שוין עטליכע מאל וועגען דעם געשריבען... אין אנפאנג האט איך דערצו נישט געוואלט צושטימען. יעצט, אבער, ווען דער געדאנק אז אונוס זאל פערטרעטען זיין שטעלע, איז מיר ארויפגעקומען, וועל איך שוין איינשטימען סעיאנוס זאל צוריקגערופען ווערען... איין זאך בין איך זיכער, אז ווי גוט סעיאנוס זאל נישט בעהאנדלען די אידען פון גמזו, וועלען זיי זיין א סך מעהר צופריעדען אונטער אונוס'עס הערשאפט... געוויינליך עס ווענדט זיך זעהר פיעל אין מעסעלינא'ז, זי האט דערווייל צוטריט צו דאמיציאן און אז זי וועט שטארק וועלען וועט זי עס קענען אויספיהרען...

— ווי איך פערשטעה — האט יאזעפוס געזאגט — האט דאך מעסעלינא מיט א צייט צוריק איינגעלעגט וועלטען, אז מען זאל ערלויבען איהר מאן צו פערלאזען גמזו און זיך צוריקקעהרען נאך רוים... אויב אזוי וועסטו דאך קיינע שוועריגקייטען נישט האבען.

— זינט דאן האט זי זיך געענדערט — האט קלעמענס געזאגט — זי האט עפעס געקראגען א רוימישען פוסט און פאסטאַיק און פערברייננגט מיט איהם די גאנצע צייט... זי ווייס אז סעיאנוס איז איהר דארטען אויך נישט געטריי... ליעב האבען זיך ביידע קיינמאל נים געהאט, נו פיהלט זי יעצט אז עס איז בעסער פאר איהר ווען איהר מאן סעיאנוס איז אין גמזו... איך האף אבער, איך וועל האבען די מעגליכקייט איהר איבערצורעדען וועגען דעם...

## צוויי-און-דרייסיגסטער קאפיטעל

# אונוס דערצעהלט ווער ער איז

די דריי טעג צייט וואס אקטאוויא האט געגעבען אונוס'ן פאר איהר תשובה, זיינען פאראיבער. פאר אונוס זיינען זיי געווען ווי אן עוויגקייט. יעדע מינוט יעדע שטונדע וואס איז אריבער אלץ נעהענטער האט ער זיך געפונען צו זיין גליק... אט איז געקומען די בעשטימטע צייט... ער איז ארויס אין גארטען, וואו ער האט מיט איהר אפגערעדט זיך צו טרעפען און געווארט אויף אקטאוויא'ן... זיין הארץ האט שטארק געקלאפט, אלע זיינע גליעדער האבען געציטערט.. זיין גאנצע וועזען איז פול געווארען מיט האפענונג און גליק...

ער האט געשפאצירט אין גארטען הין און צוריק און יעדע רגע געווענדעט זיינע בליקען צו דעם פלאץ פון וואנען אקטאוויא האט געזאלט אנקומען...

ענדליך האט אונוס איהר דערזעהן און איז באלד איהר געלאפען ענטקעגען...

— ווארטסטו שוין דא לאנג אויף מיר ? — האט זיך אקטאוויא אפגערופען מיט א ליעבליכען שמייכעל.

— לויט דער צייט רעכענונג איז בלויז געצעהלטע מינוטען. — האט אונוס געזאגט — אבער לויט מיין רעכענונג ווארט איך דא שוין לאנג, זעהר לאנג...

אונוס האט זיין בליק געווארפען אויף אקטאוויאן ווי ער וואלט וועלען אויספארשען פון איהר פנים וואס פאר א תשובה זי האט איהם געבראכט.

א היבשע ווײלע האבען ביידע געשוויגען... ארום האט געהערשט א שטיל־קייט וואס איז פאר א רגע אונטערבראכען געווארען פון א דורכפליהענדען פויגעל אדער פון דעם זשומען פון א ביהן...

— וואס איז דיין תשובה — האט אונוס זיך געפאסט מוטה און זיך שטי־לערהייט צו איהר אפגערופען.

אקטאוויא האט ארונטערגעלאזען איהר קאפ :

— צום בעדויערען ליעבער אונוס, מוז מיין אנטווארט "ניין" זיין.

— וואס ?! — האט אונוס אויסגערופען און זיין פנים איז בלאס געווארען.

ער האט געפיהלט אז דער באדען גליטשט זיך איהם אונטער זיינע פיס... — ליעבע אקטאוויא, וועסטו מיר, איך בעט דיר, פיעלייכט אנגעבען די אורזאכע... איז דאס ווייל דו ליעבסט מיר נישט, אדער ווייל דו האסט שוין דיין הארץ אימיצען אנדערש אפגעגעבען ?...

— ביידע בעהויפטונגען זיינען אומבעגרינדעט — האט אקטאוויא געענטפערט.

— האסטו דאך מיר יע ליעב — האט אונוס מיט שמחה געזאגט.

— יע, — האט אקטאוויא געזאגט — איך האב דיר ליעב ; אבער צום בעדויערען וועלען מיר נישט קענען חיירואטען...

— אבער זאג דאך מיר די אורזאכע, ליעבע אקטאוויא.

— ווייל מיר זיינען ביידע פון צוויי בעזונדערע נאציאנען, — האט אק־טאוויא געזאגט מיט אן איינגעהאלטענעם שמייכעל, — און איידער איך בין נאך רוים געפאהרען, האב איך זיך א נדר געטהאן, איך זאל קיין רוימער נישט הייראטען, מעג ער זיין ווי גוט און איבערגעגעבען צו אידען...

— מיין ליעבע אקטאוויא! — האט אונוס איהר אנגענומען פאר דיא הענט — איך בין דאך דער גליקליכסטער אין דער וועלט, ווייסטו דען נישט אז איך בין א איד, פון דער זעלבער נאציאן ווי דו ביזט?

— איך האב עס דא נישט לאנג געהערט פון מיין ברודער — האט אקטאוויא געלאסען געענטפערט — אבער פארוואס האסטו עס געהאט פערבארגען פון מיר שעהמסטו זיך דען מיט דיין אידישער אפשטאמונג?...

— אַ, מיין ליעבע אקטאוויא! — האט אונוס געזאגט מיט א שטראהלענדען פנים — ווער איז נאך אזוי שטאלץ אויף מיין פאלק ווי איך?... איך האב מיין לעבען אפגעגעבען מיין פאלק ווען איך בין נאך גאנץ יונג געווען... און יעצט חלום איך און האף זיך אמאל אומצוקעהרען צו מיין פאטערלאנד... ווי גליקליך איך וואלט זיך געפיהלט, ווען איך קען זיך אומקעהרען נאך יהודה צוזאמען מיט דיר, מיין ליעבענדע אקטאוויא!... זאג דאך מיר, טייערע, קען איך נאך האפען אויף דיין צושטימונג?...

— איך בין דיינע, ליעבער אונוס — האט אקטאוויא געזאגט מיט פיעל ליעבע און הארציגקייט.

— מיין ליעבענקע טייערע אקטאוויא — האט איהר אונוס געקושט דאס האסט מיר דאך יעצט פאר דעם גליקליכסטען אין דער וועלט געמאכט... יעצט זעה איך אז עס איז געוועזן כדאי פאר מיר צו לעבען... אונזער גאט, דער גאט פון יהודה, האט דיר אהער צו מיר געבראכט...

— און איך האב געמיינט אז איך וועל פערצעהרט ווערען פון מיין ליעבע צו דיר — האט אקטאוויא זיך צו איהם געטוליעט — איך האב שטארק גע־קעמפפט מיט זיך אליין... מיין ליעבע צו דיר איז געוועזן זעהר גרויס, אבער איך האב דעם געדאנק נישט געוואלט צו זיך צולאזען אז איך וועל זיך פערליעבען אין א רוימער... איך האב זעהר פיעל געליטען דערפון ביז וואנען איך האב זיך דערוואוסט פון מיין ברודער אז דו ביזט א איד ווי איך...

— וואס האט געבראכט דערצו, אז דיין ברודער זאל וועגען מיר ריידען — האט אונוס איהר געפרעגט.

— מיין ברודער, ווי עס ווייזט אויס, האט פערדעכטיגט אין מיין ליעבע צו דיר, און וועלענדיג דיר ניעדעריג מאכען אין מיינע אויגען, האט ער מיר דערצעהלט דאס ער האט געהערט אז דו ביזט א איד.

— טראגט דען דיין ברודער א כעס אויף מיר, וואס ער זוכט מיר צו ערני־דעריגען אין דיינע אויגען, דאכט זיך אז איך האב איהם קיין בייזעס נים געטהאן...

— דיר דארף נארנישט ארען וואס מיין ברודער וועט דיינקען וועגען אונזער ליעבע — האט איהם אקטאוויא געזאגט — איך האב שוין כמעט אויפגעגעבען אלע מיינע האפנונגען איהם אויסצומענשלען. ער איז געבליבען דער זעלבער לייכטזיניגער און פערגעניגען זוכענדער ווי פריהער. און איך גלויב אז וואס גיכער ער וועט בעשליסען זיך אומצוקעהרען אין יהודה, אלץ בעסער וועט פאר איהם זיין... ער האט זיך דא פערנומען אויף זעהר נישט קיין גלייכע וועגען... אבער לאמיר וועגען דעם, יעצט אין דער צייט פון אונזער גליק, נישט ריידען. דערצעהל מיר בעסער, אונוס, די פאסירונג פון דיין לעבען, ווי אזוי דו ביזט אהער געקומען און פון דיין פאמיליע.

אונוס און אקטאוויא האבען זיך צוגעזעצט אויף א באנק וואס איז געשטאנען

אונטער א לינדען בוים. די יונגע ליעבענדע פאר האבען זיך נאך אמאל צעקושט
און אונום האט אנגעפאנגען :

— איך בין נאך געווען גאר יונג, ווען גהעסיוס פלארוס, דער רוימישער גו־
בערנאטאר פון מיין געבורטסשטאדט ירושלים, האט אנגעפאנגען צו דריקען ד
אידען. די גאנצע אידישע בעפעלקערונג איז געווען זעהר שטארק אויפגעבראכ
געגען איהם. און ווען איך האב דערהערט אז אנשטאדט אויסצוהערען די אידישע
פארשטעהער וועלכע זיינען געקומען צו גהעסיוס פלארוס איהם בעטען ער זאל
די אידען נישט בעהאנדלען אזוי גרויזאם, האט ער זיי גאר געהייסען ארייננוואר־
פען אין געפענגניס, האט מיין יונגע בלוט אין מיר אויפגעקאכט און איך האב
בעשלאסען זיך אנצושליסען אן דער ארמיי פון די קנאים... מיין פאטער איז דאן
געווען פון די רייכסטע אין ירושלים — האט אונום געווישט די טרעהרען און ווען
איך בין צו איהם צוגעקומען און איהם געזאגט אז איך געה זיך אנשליסען אין
דער ארמיי פון די קנאים — האט ער פרובירט מיר אצפורייךען דערפון. מיי
פאטער איז נאך ראן געווען פון דער מעסיגער פארטיי. ער האט געגלויבט אז עס
איז נאך נישט געקומען די צייט ראם די אידען וועלען קענען קעמפפען געגען די
רוימער. מיין פאטער האט געזאגט אז דערווייל מוזען מיר ליידען און לעבע
בשלום מיט די רוימער... ווען אבער מיין פאטער האט געזעהן אז די מרידה האט
זיך צעפלאקערט און אז איך האב זיך אנגעשלאסען אן דער ארמיי, האט ער באלד
געביטען זיין מיינונג. ער האט צוזאמען גערופען די פיהרער פון די קנאים או
זיי געזאגט אז כאטש ער איז ביז אהער געווען געגען א מלחמה מיט די רוימער
אבער ווען ער זעהט אז די מרידה האט זיך אנגעפאנגען, איז ער אויך מיט זיי מי
זיין גאנצע הארצען און פערמעגען. ״איך גיעב איבער — האט מיין פאטער ז
דאן געזאגט — אין אייערע הענד, אלע מיינע שפייכלערס פון תבואה, אין פא
ווען דער שונא וועט בעלאגערען ירושלים, וועט איהר האבען גענוג ברויט פא
די איינוואהנער פון שטאדט אויף א לאנגע צייט, מיין איין איינציגער זוהן האט
זיך שוין אויך אנגעשלאסען אין דער ארמיי און זאל דער שומר ישראל או
געבען זיין ברכה.

מיר האט זעהר שטארק געפרעהט וואס מיין פאטער האט געביטען זיין מיי
נונג וועגען די רעוואלוציע געגען רוים... איך האב שטארק שטאלצירט מיט מיי
פאטער׳ס מוטה און איבערגעבענהייט פאר דעם הייליגען צוועק... איך בין געווע
זיכער אין אונזער זיעג און איך האב זיך מיט מעהר ברען ארייגעווארפען א
קאמפף געגען די רוימער.

מיין אויפגאבע איז געווען צו שטעהען צוזאמען מיט נאך יונגע העלדע
אויף דער וואנד פון ירושלים און צוריקשלייךערען דעם שונא.

און איינמאל אין מיטען דער נאכט, ווען איך און מיינע חברים זיינען גע
שטאנען אויף דער וואנט און געהיט דער שונא זאל נישט צוטרעטען נעהענטער
האב איך בעמערקט ווי דער הימעל פון ירושלים איז רויט געווארען.

— ירושלים ברענט — האב איך אויסגעשריען א פערציטערטער צו מיינ
חברים.

— ירושלים ברענט נישט — האבען מיר מיינע חברים צו מיר געזאג
מיט א שמייכעל — דאס ברענען נאר דיין פאטער׳ס שפייכלער מיט תבואה
ואס די קנאים האבען אונטערגעצונדען, כדי די איינוואהנער פון ירושלים זאלע

זיך נישט פערלאזען אויף דער שטארקער פעסטונג וואס ריגגעלט ארום ירושלים, און אז זיי וועלען איינזעהען דאס אויב זיי וועלען נישט קעמפפען וועלען זיי אלע איינס מוזען שטארבען פון הונגער, דאן וועט אונזער קאמפף זיין א קאמפף פאר לעבען און טויט. און ווי לייבען וועלען אלע איינוואהנער קעמפפען געגען אונזער גרויזאמען שונא, רוים, ביז וואנען מיר וועלען איהם פעריאגען פון אונזער הייליגען לאנד.

מיר האט דאס הארץ געוועהטאגט... איך האב איינגעזעהן דעם שרעקליכען שריט וואס די קנאים האבען געמאכט און איך האב מתפלל געווען צו גאט ער זאל זיי פארגעבען.

איך בין געווען זיכער אז מיר וועלען זיעגען ווייל יעדער פון אונז איז געווען גרייט מקריב צו זיין דעם לעבען פאר אונזער הייליגע שטאדט ירושלים.

אבער ווי עס שיינט האט גאט נישט געוואלט פערגעבען די קנאים פאר זייער גרויסען זינד וואס זיי האבען בעגאנגען ווען זיי האבען פערברענט אזוי פיעל אוצרות מיט תבואה. א הונגער האט באלד אויסגעבראכען אין ירושלים. דאס פאלק איז שטארק אפגעשוואכט געווארען פערשיעדענע קראנקהייטען האט זיך פערשפרייט אין שטאדט, ווייל די געשטארבענע פון הונגער זייען געלעגען אין די גאסען פון ירושלים קיינער האט קיין כח נישט געהאט זיי מקבר צו זיין.

דער שונא האט זיך וואס נעהענטער גערוקט צום שטאדט. און ווען מיר אלע זיינען שטארק אפגעשוואכט געווארען פון הונגער, האבען די רוימער אויפגעבראכען די פעסטונג פון ירושלים און האבען אנגעהויבען א שרעקליכע שלאכט אין די גאסען פון ירושלים. די יעניגע פון אונז וועלכע האבען נאך געהאט עטוואס כח, האבען דעם קאמפף פארטגעזעצט. איך בין געווען איינער פון די וועלכע זיינען צוריקגעטראטען צום הר הבית און דארטען זיך בעפעסטיגט. דער קאמפף איז געווען איינער פון די שרעקליכסטע און פארביטערטסטע קאמפען וואס מיר האבען אנגעפיהרט געגען די רוימער. מיר האבען בשום אופן נישט געוואלט אריינלאזען דעם שונא אין אונזער קדשי קדשים... אבער פלוצלונג האבען מיר דערזעהן אז דער בית המקדש איז ארומגעהילט אין פלאמען פייער. און איידער מיר האבען נאך ציים געהאט זיך ארומצוקוקען, האבען מיר זיך געפונען ארומגערינגעלט פון אונזערע שונאים... וואס ווייטער איז געווען געדענק איך נישט איך ווייס נאר אז ווען איך האב זיך אויפגעכאפט, האב איך זיך געפונען אין דעם רוימישען לאגער, מיינע פיס זיינען געווען געשמידט אין קייטען... און ווען איך האב איינינע פון די רוימער געפרעגט וואס עס איז געווארען פון ירושלים, האבען זיי פון מיר געלאכט און האבען אויסגערופען: ירושלים איז געווארען א בארג אש און אלע איינוואהנער פון דארטען זיינען אדער געפאלען פון דעם רוימישען שווערד אדער פערברענט געווארען לעבעדיגערהייט.

איך האב יעצט נישט געוואוסט אויף וואס פריהער צו טרויערען און קלאגען... זאל איך וויינען און קלאגען אויף דעם חורבן פון מיין פאלק, פון מיין לאנד אדער איך זאל קלאגען אויף דעם טויט פון מיין ליעבען פאטער און מוטער, פון מיין ליעבע שוועסטער, וועלכע זיינען געטויטעט געווארען פון די אכזריות'דיגע האנד פון דעם שונא.

זעהר פיעל צרות, האבען מיר, די יונגע אידישע געפאנגענע געהאט אויסצושטעהן פון די גרויזאמקייט פון די רוימישע [illegible] זיי אונז כמעט ווי

נישט געגעבען, אבער דאס האט מיר ווינציג געארט... וואס איך האב נישט געקענט פערטראגען איז, זייער לאכען און שפאטען פון אונז...

נאך גרויסע צרות און ענויים, האט מען אונז ענדליך געבראכט קיין רוים. אלע רוימער האבען זיך געפרעהט און געיובעלט לכבוד דעם גרויסען זיעג וואס זיי האבען אפגעהאלטען איבער אונז. דאן איז פארטיג געווארען טיטוס'עס טויער און מיר אלע געפאנגענע האבען געמוזט מארשירען געשמידט אין קייטען... מיין לעבען איז מיר נמאס געווארען אז איך האב אויף זיך געוואונשען דעם טויט. איך האב נישט געקענט פארטראגען די בליקען וואס יעדער דורכגעהער האט אויף אונז געווארפען. זיי האבען מיר ווי מיט שפיזען געשטאכען. און אט ווען דער מארש האט זיך אויף א ווייליע אפגעשטעלט, איז צו מיר צוגעגאנגען א זאטער, געזונטער רוימער און זיך גענומען מיט מיר רייצען... איך בין אזוי אויפגערעגט געווארען אז איך האב איהם מיט מיין גאנצען כח אראפגעלאזען אזא פאטש אז דער רוימער איז צום באדען געפאלען... דער צעווילדעוועטער המון האט מיר דאן געוואלט אויף שטיקער צורייסען. אבער די פאליציי האט זיך אריינגעמישט און זיי אפגעהאלטען. באלד האט מען מיר פער'משפט צו קעמפפען מיט די לייבען אין דער ארענא. און פון דארטען האט מיר דער סענאטאר קלעמענס אויסגעלייזט...

די גאנצע צייט ווען אונוס האט זיין געשיכטע ערצעהלט האט אקטאוויא פון איהם די אויגען נישט ארונטערגענומען, טרעהרען האבען זיך געגאסען פון איהרע אויגען, הערענדיג פון די טרויעריגע פאסירונג פון זיין יונגען לעבען...

— איך וויים, — האט אונוס ווייטער פארטגעזעצט, — אז גאנץ יהודה איז איינגעהילט אין טרויער. די אידען וועלכע זיינען געבליבען לעבען זיינען אונטערדריקט און פארשקלאפט ביי די רוימער. פון מיין גאנצער פאמיליע איז קיין זכר נישט געבליבען, דאך ציהט מיר דאס הארץ צו פאהרען נאך יהודה. איך וואלט בעסער געוואלט ליידען און זיין אין יהודה, איידער צו לעבען א זיכער און רוהיגען לעבען אין דער הויפטשטאדט פון אונזערע אונטערדריקער. איך ערווארט דאריבער מיט גרוים נייגעריגקייט און שפאנונג צו דער צייט ווען מיין אדאפטירטען פאטער וועט געלינגען צו בעשטימען מיך אויף סעיאנוס בורוס'עס פלאץ, דאן וואלט איך מיט דיר, מיין ליעבע אקטאוויא, גלייך אבגעפאהרען נאך דיין געבורטס־שטאדט גמזו. און אונזער ביידענס גליק וואלט געווען פערפאלקאמט.

— דיין פארנעהמען סעיאנוס בורוס'עס אמט וואלט נישט נאר געווען אונזער ביידענס גליק, מיין ליעבער אונוס, נאר אויך דער גליק פון אלע איינוואהנער פון גמזו, — האט זיך אקטאוויא אפגערופען, — אלע אידען פון גמזו זיינען אימער אין טויט־שרעק, דער שכור'ער סעיאנוס זאל אויף זיי זיין צארן נישט אויסגיסען... וויפיעל אידען האט ער שוין פערפייניגט נור צוליעב דעם וואס זיי האבען נישט געהאט צו בעצאהלען דעם האלבען שקל קאפ־שטייער פאר יופיטער. א, ווען עס וואלט געווען מעגליך אפצושאפען דיזען שענדליכען קאפ־שטייער וואס ערנידריגט די אידען און מאכט זיי גלייך צו דעם שטויב פון דער ערד! ווען דער האלבער שקל קאפ־שטייער וואלט גענומען געווארען פון אנדערע פעלקער אויך, וואלט די שאנדע און דער וועהטאג נישט געווען אזוי גרוים, אבער שטעל זיך פאר די בעליידיגונג, ווען א איד און א גריך, ביידע שכנים, דער איד

מוז צאהלען קאפּ־שטייער און דער גריף נישט. דאס מאכט די נישט־אידען צו דיינקען, אז א איד איז הפקר און זיי קענען מיט איהם טהאן וואס זיי ווילען.

— טרויער נישט און זארג נישט, מיין טהייערינקע אקטאוויא, — האט איהר אונוס צו זיך גערריקט. — די צייט איז נישט ווייט, ווען אן אויסלייזער וועט זיך באווייזען און וועט בעפרייען אונזערע געשטיקטע און גערריקטע ברידער פון די שונאים... איך וועל דיר ענטדעקען א סוד, — האט זיך אונוס ארומגעקוקט צו זעהן אויב קיינער הערט איהם נישט. — דער גאנצער רוימישער פונדאמענט ווערט וואס ווייטער אלץ מעהר צופוילט און צוברעקעלט... עס וועט לאנג נישט נעהמען און דער גאנצער רוים־שער בנין וועט צופאלען ווערען און וועט שוין קיינמאל מעהר קיין תקומה נישט האבען... און דאן וועלען אלע אונטערדריקטע פעלקער זיך בעפרייען פון דעם רוימישען יאך, צוזאמען מיט אונזער פאלק יהודה.

— נאר איין גאט ווייסט צו די גליקליכע געשעהענים וועט פארקומען אין אונזער צייט, — האט אקטאוויא געזאגט.

— עס געשעהט שוין, ליעבע אקטאוויא, ווייסטו וויפיעל רוימער באגעהרען צו ווערען אידען? און דוקא פון די פאטריצען... אין רוים גופא זיינען פאראן זעהר פיעל אריסטאקראטען וועלכע שטודירען אין געהיים די אידישע רעליגיאן און ווארטען נאר אויף א געלעגענהייט זיך מגייר צו זיין... געוויינליך, די צייט איז נאך יעצט נישט געקומען דערצו, בפרט יעצט ווען דער בייזער דאמיציאן איז געווארען צעזאר פון רוים. ער וועט פארפאלגען יעדען איינעם וואס וועט וועלען אנדערש גלויבען ווי ער... און נאך א געהיימנים וועל איך דיר ענטדעקען, מיין ליעבע אקטאוויא. אבער דו מוזט מיר צוזאגען דאס נישט איבעררריידען מיט דיין ברודער אפילו.

— וועגען דעם קענסטו רוהיג זיין, — האט אקטאוויא געענטפערט, — איך קען מיין ברודער זעהר גוט און איך פערטרוי איהם קיין זאך נישט.

— יא, ווי איך האב געהערט, באמיהט זיך דיין ברודער נושא חן זיין ביי דאמיציאן, און דאריבער וועט ער זיך פאר קיין זאך נישט אפּשטעלען צו ער־רייכען זיין ציעל...

— יא, ליעבער אונוס, צום בעדויערען איז עס אלעס ריכטיג. איך האב נעגלויבט אז איך וועל אויף איהם אביסעל ווירקען, אבער ער איז פארבליבען דערזעלבער לייכטזיניגער און פארגעניגען־זוכענדער מאנילוס ווי פריהער... נייז, ער וועט פון קיין זאך נישט וויסען... אלע סודות וואס דו וועסט מיר דערצעהלען, מיין טהייערער אונוס, וועלען בלייבען פארזיגעלט אין מיין הארצען.

— אויב אזוי, ליעבענקע אקטאוויא, זיי וויסען אז קלעמענס, זיין פרוי דאמיציליאן, און זייערע צוויי זיהן האבען זיך שוין אין געהיים מגייר געווען. קיינער ווייס וועגען דעם נישט, א חוץ איך און יאזעפוס פלאוויוס, און יעצט ביזטו אויך געווארען א שותף׳טע צו אונזער געהיימנים.

— ווי גליקליך איך פיהל זיך, — האט אקטאוויא אויסגערופען, — צו וויסען אז דיין אדאפּטירטע עלטערען זיינען געווארען אידען... זיי זיינען אלע מאל געווען ביי מיר הויך אין די אויגען, אבער יעצט זיינען זיי ביי מיר נאך העכער געשטיגען. זיי וועלען יעצט זיין אונזערע ביידענס געטרייע עלטערען...

— יא, טהייערע אקטאוויא, אונזער ליעבער גאט איז צו מיר גוט געווען

ווען ער האט מיר צוגעשיקט אזעלכע ליעבענסווירדיגע און וואוילע מענשען, וועלכע האבען מיך פון זיכערען טויט געראטעוועט און נאכהער פארנומען דעם פלאץ פון מיינע עלטערען. — אבער טיעף איז די וואונד אין מיין הארצען, זעהר טיעף, ווען איך דערמאהן זיך אז מיינע עלטערען און מיין טהייערע שוועסטער זיינען געפאלען קרבנות אין די הענד פון דעם גרויזאמען שונא... מיין מוטער איז געשטארבען אין דער צייט ווען איך בין נאך געווען אויפ'ן מויער פון ירושלים צוריקשלייערנדיג דעם שונא... די רוימער האבען זיך וואס נעהנטער גערוקט צום מויער און איך צוזאמען מיט די איבריגע יונגע העלדען האבען אויף זיי געווארפען אונזערע פיילען און שווערען שטיינער. דעם גאנצען טאג האבען מיר אלע ווי לייבען געקעמפט און ביינאכט ווען די שלאכט האט זיך עטוואס איינגעשטילט איז צו מיר צוגעקומען מיינער א פריינד און האט מיר דערצעהלט אז מיין מוטער איז געשטארבען... מיין ליעבע מוטער איז אלע מאל געווען א שוואכע און א קרענקליכע און ווען זי האט דערזעהן דעם גרויסען פייער וואס האט פארניכטעט מיין פאטער'ס תבואות און וויסענדיג אז איך, איהר איינציגער זוהן בין אויף דעם שלאכטפעלד, דאס אלעס האט אויף איהר שטארק געווירקט און זי איז געשטארבען... מיין היילינע מוטער!... איך האב אפילו נישט געהאט די מעגליכקייט בעגלייטען איהר צו איהר אייביגער רוה... יא, זי איז נאך געבראכט געווארען צו קבר ישראל, אבער מיין גוטהערציגער טהייערער פאטער און מיין ליעבענקע שוועסטער, ווער ווייסט וואו זייערע ביינער זיינען פארוואָרפען געווארען... נאך גאר א יונג קינד איז מיין שוועסטער געווען, קוים צעהן יאהר אלט... און שעהן איז זי געווען ווי א בליהענדע רויז... ווען זי וואלט געלעבט, וואלט זי געווען אין דיינע יאהרען, ליעבע אקטאוויא, און אויך שעהן און צוציהענד ווי דו... אך, ווי גרויזאם און שרעקליך דו האסט אונז געשטראפט, ליעבער גאט!

— מיין טהייערער אונוס, — האט אקטאוויא געווישט די אויגען, — דו האסט נאך מיר נישט געזאגט ווער דיינע עלטערען זיינען געווען און ווי זיי האבען געהייסען...

— דער רייכסטער מאן אין ארץ ישראל איז מיין פאטער געווען, און ווי רייך אזוי גוטהערציג איז ער געווען. קיין ארימאן האט פון הונגער נישט געוואוסט ווען מיין פאטער האט געלעבט... ער האט נאך קיינמאל קיינעם נישט ענטזאגט צו העלפען... ער האט בעשיצט די הילפלאזע יתומים און אלמנות; ער האט געשטיצט די תלמידי חכמים און האט געבויט פיעלע בתי מדרשים פאר זיי צו לערנען... כלבא שבוע האט מיין פאטער געהייסען!...

— כלבא שבוע!! — האט אקטאוויא אויסגעשריען, און עטוואס צוריקגעטראטען, — כלבא שבוע איז דיין פאטער!?

— יא, מיין טהייערע, ער איז געווען מיין פאטער! ווי איך זעה האסטו פון איהם אויך געהערט, ווער האט איהם נישט געקענט, גאנץ ארץ ישראל האט געוואוסט ווער כלבא שבוע איז...

— איז דיין שוועסטערס נאמען רחל?...

— יא, רחל, איז געווען איהר נאמען, — האט אונוס טרויעריג געענטפערט, — אין אנפאנג פון איהר בליהען איז די שעהנע בלום צוטראטען געווארען...

— אבער ליעבער אונוס, — האט אקטאוויא אויסגערופען מיט א צי־טערנדע שטימע, — דיין פאטער און שוועסטער לעבען!!...

— זיי לעבען!! — האט אונוס א געשריי געטהאן, און זיין גאנצער קערפער האט געציטערט און ווי אין קאנוואולסיען געווארפען, — מיין פאטער און שוועסטער לעבען!...

— בערוהיג זיך, מיין ליעבער אונוס! — איז אקטאוויא עטוואס צו זיך געקומען, — דיין פאטער און שוועסטער לעבען און זיינען ביידע אין בעסטען געזונד.

אונוס איז אזוי ערשטוינט געווארען, אז ער איז געבליבען שטעהן און זיין מויל נישט געקענט עפענען. ער האט אויסגעסטארטשט זיינע אויגען און איז א ווייל געשטאנען צומישט און צוטומעלט.

אקטאוויא איז צו איהם צוגעגאנגען, און מיט איהר האנד זיין פנים געגלעט.

— אונוס, ליעבער, טהייערער אונוס, בערוהיג זיך דאך, דיין פאטער און שוועסטער לעבען, איך קען זיי זעהר גוט, איך בעט דיך, קוק נישט אזוי אויף מיר, קום צו זיך און איך וועל דיר אלעס פון זיי דערצעהלען...

דאן ערשט האט אונוס אויסגעבראכען אין א געוויין... דאס זיינען געווען טרעהרען פון איבערראשענדען גליק... טרעהרען וועלכע האבען זיך אנגעזאמעלט דורך דער גאנצער צייט פון זיין יונגען לעבען... ביטערע טרעהרען וועלכע האבען די גאנצע צייט איהם געדריקט און זיינען יעצט פערוואנדעלט געווארען אין טרעהרען פון פרייד און גליק...

אקטאוויא האט איהם שטארק מיטגעפיהלט. זי האט איהם יעצט זיך געלאזען גוט אויסוויינען... און קוקענדיג אויף איהם, האט זיך ביי איהר אויך געעפענט א קוואל פון טרעהרען... זי האט זיך דערמאהנט אז איהר מוטער איז אויך געשטארבען דאן ווען זי, אקטאוויא, איז נאך גאר א קינד געווען... זי געדענקט קוים איהר מוטער, אבער די ליעבשאפט צו איהר פאלק, צו איהר לאנד וואס די מוטער האט אין איהר איינגעפלאנצט אין איהרע יונגע יאהרען איז אין איהר פארבליבען. און טראץ דעם וואס איהר איינענער פאטער און ברודער האבען איהר געגעבען א גאנץ אנדערע ערציהונג, איז זי דאך פאר־בליבען געטריי דעם אידישען פאלק. וויל שטארק, זעהר שטארק, איז געווען איהר מוטער'ס איינפלוס איבער איהר.. גאנץ אנדערש איז איהר מוטער געווען פון איהר פאטער... אפשר, ווער ווייס, אפשר איז זי צוליעב דעם יונגערהייד פון דער וועלט געגאנגען... איהר אומגליקליכע מוטער!...

ביסלעכווייז זיינען ביידע צו זיך געקומען... אונוס האט זיך בערוהיגט און זיך באלד אפגערופען:

— מיין ליעבענקע אקטאוויא, דערצעהל דאך מיר אלעס וואס דו ווייסט וועגען מיין פאטער און שוועסטער, ווי אזוי דו קענסט זיי און וואו זיי געפינען זיך.

ביידע האבען זיך אויף דעם גראז געזעצט און אקטאוויא האט אנגעפאנגען:

— דיין פאטער און טאכטער וואהנען אין גמזו, נישט ווייט פון אונז. ווי אזוי זיי קומען אהין ווייס איך נישט, אבער איך גלויב אז זיי זיינען שוין אין גמזו ארום צעהן יאהר. כלבא שבוע איז נאך יעצט אויך פארדעכענט איינער פון די רייכסטע אין יהודה. ער איז געאכטעט און געשעצט ביי אלעמען סיי ביי

אידען אח סיי ביי די רוימער... ער האט פיעלע בתי מדרשים געבויט און נאר א דאנק זיין אונטערשטיצונג האט זיך אין יבנה ענטוויקעלט א גרויסע ישיבה וואו הונדערטע תלמידי חכמים זיצען און לערנען אונזער היילינע תורה...

— און מיין שוועסטער? וואס מאכט זי און ווי זעהט זי אויס? — איז אונוס אונגעדולדיג געווארען.

— דיין שוועסטער רחל, — האט אקטאוויא אויסגערופען, און איהרע אויגען האבען גענומען גלאנצען, — זי איז שעהן ווי די ליכטיגע זון... און ווי שעהן זי איז אזוי גוט און קלוג איז זי... וויפיעל אומגליקליכע און ליידענדע האט זי גליקליך געמאכט... איהר גוטהערציגקייט איז בעוואוסט אין גאנץ יהודה... יעדער פארוואגעלטער געפינט שוץ דורך איהר... זי לינדערט די שמערצען פון יעדען אומגליקליכען, געפלאגטען און געיאגטען... אלע פארגעטערען דיין שעהנע שוועסטער, רחל'ן. ווי ווייט איהר גוטהערציגקייט דערגרייכט, וועסטו קענען זעהן פון דער פאלגענדע פאסירונג וואס האט געטראפען אין אונזער הויז:

„ווי דו ווייסט שוין, איז מיין פאטער זעהר ווייט פון אלעם וואס איז אידיש, ער האט געזוכט מיט אלע מעגליכקייטען זיך צו אסימילירען מיט די רוימער און כדי נושא חן צו זיין ביי זיי, האט ער אריינגעבראכט אין אונזער הויז א סטאטוע פון דעם רוימישען אפגאט יופיטער. איך האב זיך ביי מיין פאטער געבעטען ער זאל דאס נישט טהאן, אבער ער און מיין ברודער האבען זיך פון מיר אויסגעלאכט... איך בין געווען חילפלאז און גארנישט געקענט טהאן דערצו. מיין פאטער האט געמאכט א מאלצייט לכבוד עפעס א זיעג פון די רוימער און לכבוד יופיטער'ס סטאטוע, און האט מיר נאך געצוואונגען אנטהייל צו נעהמען אין דער צערעמאניע פון אפדעקען יופיטער'ס סטאטוע. צו דער שמחה האט מיין פאטער איינגעלאדען פיעלע פון די געהויבענע רוימער, צווישען וועלכע איז אויך געווען סעיאנוס בורוס דער פערוואלטער פון גמזו. און ווען אלע געסט האבען זיך גוט אנגע'שכור'ט איז מען געגאנגען אויפדעקען די סטאטוע... און ווי איבערראשט זיינען אלע געווארען ווען מען האט באמערקט אז יופיטער'ס נאז איז אפגעבראכען...

„סעיאנוס בורוס איז אויפגערעגט געווארען פאר די באליידיגונג וואס יופיטער האט געקראגען און האט בעשטראפט מיין פאטער מיט צוואנציג טויזענד שקלים.

„מיין פאטער האט בעשולדיגט אין דעם אונזערע א אידישע דיענסט באלד אבער איז געקומען איינער פון מיין פאטער'ס פאסטוכער מיט'ן נאמען עקיבא און זיך מודה געווען אז ער האט עס צובראכען יופיטער'ס נאז, ווייל ער האט נישט געקענט צוזעהן ווי א איד ברייננט אריין דעם רוימישען אפגאט אין זיין הויז...

„דו קענסט זיך פארשטעלען, ליעבער אונוס, דעם כעס פון מיין פאטער און ברודער אויף דעם ארימען פאסטוך... און כדי זיך ריינצוואשען פון דעם חשד וואס סעיאנוס בורוס האט אויף איהם געהאט, האט מיין פאטער בעשלאסען איבערצוגעבען עקיבא'ן אין סעיאנוס'עס הענד ער זאל איהם בעשטראפען פאר בעליידיגען זייער גאט . . . מיין בעטען און טענה'ן צו מיין פאטער ער זאל עס נישט טהאן האט גארנישט געהאלפען.

„ער מוז בעשטראָפט ווערען, — האָט מיין פאָטער אויסגעשריען, — ער האָט מיין שמחה פאַרשטערט און צוליעב איהם האָב איך געמוזט בעצאָהלען צוואַנציג טויזענד שקלים צו די רוימער! נייז, ער וועט מיט זיין לעבען דערפאַר בעצאָהלען. גליקליכערווייזע האָט זיך דיין שוועסטער רחל פון דעם דערוואוסט, און איז באַלד געקומען און איהם אויסגעלייזט. זי האָט בעצאָהלט מיין פאָטער די צוואַנציג טויזענד שקלים, און עקיבא איז געוואָרען דער פּאַסטוך ביי איהר פאָטער'ס שאָף. אַזוי האָט דיין שוועסטער מיט איהר גוטהערציגקייט געראַטע־וועט דעם געטרייען אידישען פּאַסטוך פון אַ זיכערען טויט... און עס איז טאַקע קיין וואונדער נישט וואָס אַלע ליעבען דיין שוועסטער רחל.

„איך האָב מיט רחל'ן פיעלע מאָל פערבראַכט צוזאַמען. און כאָטש זי האָט מיר אָנגעבעטען איך זאָל אָפּטער איהר בעזוכען, פלעג איך זיך שעהמען צו קומען צוליעב די נישט־אידישע הויז וואָס מיין פאָטער פיהרט. אָבער פאַר מיין אַבפאָהרען נאָך רוים בין איך ביי איהר געוועזען זיך געזעגענען".

— מיין ליעבע, טהייערע אָקטאַוויא, — האָט איהר אונוס אַרומגענומען און באַדעקט מיט קושען, — דו האָסט מיר יעצט אַ נייעם לעבען געגעבען... איך בין דאָך אַזוי גליקליך געווען ווען דו האָסט איינגעשטימט מיינע צו ווערען און יעצט איז גאָר צו מיין גליק קיין גרענעץ ניטאָ! מיין פאָטער און שוועס־טער, ווען איך האָב שוין לאַנג געהאַלטען פאַר טויט, לעבען נאָך! קען דען געמאָלט זיין אַ גרעסערע פרייד אין מיין לעבען ווי דאָס!... און ווער האָט מיר די פרעהליכע בשורה געבראַכט? דו, מיין געטליכע בלום! פון דיין הייליגען זיסען מויל האָב איך געהערט די ווערטער וועלכע זיינען געווען אַ באַלזאַם צו מיין נשמה... דורך דיר האָב איך דערגרייכט דעם העכסטען גליק וואָס אַ שטערבליכער מענש קען זיך ווען עס איז ווינשען.

— איז דען נישט אויך מיין גליק און פרייד פאַרגרעסערט געוואָרען?

— האָט אָקטאַוויא זיך צו איהם געטוליעט. — דו, מיין אויסערוועהלטער, ביזט דאָך רחל'ס ברודער, קען דען זיין אַ מעהר אָנגענעהמע איבעראַשונג פאַר מיר, ליעבער אונוס.

— יעצט קענסטו מיך רופען ביי מיין אידישען נאָמען, — האָט אונוס געזאָגט, — ווייל די טרויעריגע עראינערונגען וואָס מיין אידישער נאָמען האָט אין מיר אַרויסגערופען זיינען יעצט מעהר ניטאָ..

— וואָס איז דיין אידישער נאָמען? — האָט אָקטאַוויא געפרעגט.

— דן, איז מיין אידישער נאָמען, — האָט אונוס אויסגערופען, — פון יעצט אָן רוף מיר דן!

— און מיין אמת'ער אידישער נאָמען וואָס מיין מוטער האָט מיך גערו־פען איז געווען אסתר, — האָט אָקטאַוויא זיך אָפּגערופען, — צוליעב דעם וואָס פיעלע רוימער פלעגען אַריינקומען צו אונז אין הויז, האָט מיין פאָטער געביטען מיין אידישען נאָמען אסתר, אויף דעם רוימישען נאָמען אָקטאַוויא, און מיין ברודערס נאָמען עמנואל אויף מאַנילוס.

— אסתר, מיין שעהנע טהייערע אסתר, — האָט ער איהר צו זיין האַרצען נעדריקט, — דער ליעבער גאָט האָט דיך צו מיר געשיקט צו פאַרגיטיגען אַלע מיינע ליידען און שמערצען וואָס איך האָב דורכגעמאַכט זינט דער צייט ווען ירושלים איז געפאַלען... ווען איך האָב דיך צום ערשטען מאָל דערזעהן, האָט

זיך מיר געדוכט אז איך זעה א מלאך פון הימעל, וועמען גאט האט צו מיר געשיקט אנצוזאגען די גליקליכע בשורה.

— מיין ליעבער דן, — האט אקטאוויא אויסגערופען, — ווי שטאלץ איך בין מיט דיר!... דו ביזט דאך דער ריכטיגער אידישער העלד פון וועמען איך האב אימער געטרוימט... און יעצט ביזטו מיינער, מיין אויסערוועהל־טער חתן.

— לאמיר אריין אין הויז, — האט דן איהר אנגענומען ביי דער האנד, — איך וויל די גליקליכע בשורה אנזאגען מיינע אדאפטירטע עלטערען וועלכע זיינען מיר זעהר ליעב און טהייער, זיי וועלען זיך שטארק פרעהען מיט דעם.

— וועסטו זיי אויך דערצעהלען וועגען אונז ביידען? — האט אסתר גע־פרעגט און א באשיידענע רויטקייט האט באדעקט איהר פנים.

— געוויס, מיין טהייערע, זאל זייער שמחה אויך זיין דאפעלט.

— איין זאך וויל איך דיך בעטען, דן, דו זאלסט מיין ברודער גארנישט דערצעהלען וועגען אונזער ליעבע, ווייל ער קען מיר פערשאפען זעהר פיעל אונאנגענעהמעס.

— גוט, מיין ליעבענקע, — מיר וועלען פיעלייכט איהם יעצט גארנישט דערצעהלען, נישט אפילו אז איך בין כלבא שבוע'ס זוהן... און נאכדעם ווי מיר וועלען שוין זיין פערהייראט, ערשט דאן וועסטו איהם אלעס דערצעהלען...

* * *

קלעמענס און דאמיציליא האבען שוין לאנג באמערקט אז אונוס איז נישט גלייכגילטיג צו אקטאוויא'ן, און נישט איינמאל האבען זיי זיך דורכגערעדט וועגען דעם וואס פאר א ריכטיגער זיווג זיי ביידע וואלטען געווען.

— דו ווייסט, קלעמענס, — האט איהם דאמיציליא געזאגט, — אז אזא שעהנע און בעשיידענע מיידעל איז נאר צו געפינען ביי אידען... איך ווינש נור, אז אונוס זאל זיך אין איהר פארליעבען און מיט איהר חתונה האבען.

— איך גלויב, דאמיציליא, אז דיין וואונש וועט שנעל ערפילט ווערען, — האט קלעמענס געזאגט מיט א שמייכעל, — אונוס איז שטארק פארליעבט אין אקטאוויא'ן און אויב איך מאך נישט קיין טעות, האט זי איהם אויך ליעב.

— איך בין אבער זעהר שטארק אומרוהיג וועגען דאמיציאן, — האט דאמיציליא געזאגט, — ווי איך פארשטעה געהט מאנילוס האנד אין האנד מיט מעסעלינא'ן... און מיר דארפען זעהן צו ווארענען אקטאוויא'ן זי זאל זיך נישט לאזען איבעררעדען פון זיי... ווייל אויב דאמיציאן וועט איהר שוין ארייג־קריגען אין זיינע הענד, דאן וועט אקטאוויא אומגליקליך זיין איהר גאנצען לעבען... האסטו מיט איהר גערעדט דערפון?

—מיט אקטאוויא'ן דארף מען נישט רעדען, — האט קלעמענס גע־ענטפערט, — זי איז נישט פון די, וועלכע זיינען אויסען נור כבוד און לוקסוס. קעניגליכע פאלאצען וועלען איהר נישט צוציהען... דו זעהסט דאך אליין, אז דאמיציאן האט איהר שוין פיעלע מאל איינגעלאדען צו זיך און זי געהט נישט... כאטש איהר ברודער איז צו איהר צוגעשטאנען זי זאל געהן מיט איהם...

— דאס איז אלץ געווען פריהער איידער דאמיציאן איז געווארען צעזאר פון רוים, — האט דאמיציליא געזאגט, — יעצט אבער, ווען דאמיציאן איז

דער הערשער, וועט זי איהם אויך ענטזאגען? וועט זי דען קענעןביישטעהן דעם נסיון פון דער מעגליכקייט צו ווערען די צעזארין פון דער רוימישער אימפעריע?...

— און דו גלויבסט אז דאמיציאן וועט וועלען מיט איהר חתונה האבען... זי איז א שעהנע מיידעל, גלויבט ער, דאס ער וועט מיט איהר פארברייינגען און נאכהער ווען זי וועט איהם דערעסען, וועט ער איהר משלח זיין, ווי זיין ברודער האט געטהאן מיט בערעניקא'ן...

— ווייס דען אקטאוויא פון אזא מעגליכקייט? — האט דאמיציליא געפרעגט.

— דאס זאג איך דאך, אפילו ווען זי ווייס נישט פון אזא מעגליכקייט, וועט זי קיינמאל נישט איינשטימען נאכצוקומען זיינע פערלאנגען... אבער דאך וועט זיין זיכערער ווען אקטאוויא וואלט חתונה געהאט מיט אונוס'ן... ווייל ווי פערדארבען דאמיציאן זאל נישט זיין, וועט ער דאך נישט אנריהרען א פערהייראטע פרוי...

— אבער גלויבסטו נישט אז דאמיציאן וועט זיך נאכהער אפרעכענען מיט זיי פאר דעם? — האט דאמיציליא געפרעגט.

— איך גלויב, אז ער וועט אין אקטאוויא'ן אין גאנצען פארגעסען, — האט קלעמענס געענטפערט, — ער איז דאך יעצט אזוי פיעל פארנומען מיט זיך, און מיט דעם אוועקשיקען יעדען וועמען ער פארדעכטיגט, אויף יענער וועלט, אז ער וועט גאר אין גאנצען וועגען איהר נישט טראכטען... שטעל זיך פאר, עס זיינען בלויז איניגע טעג פארלאפען זינט ער איז ארויף אויף דעם טראהן, און ער האט שוין געלאזט טויטען צוויי־און־פערציג מענשען...

— אוי, — האט זיך דאמיציליא געכאפט פאר'ן קאפ, — אזא מערדער! צו טויטען צוויי־און־פערציג אומשולדיגע מענשען, בלויז דערפאר וואס עו איז זיי חושד אז זיי האבען איהם נישט ליעב! ווער קען איהם דען ליעב האבען.

— יא, — האט קלעמענס געשאקעלט טרויעריג מיט דעם קאפ, — אויב ער וועט נאר לאזען לעבען די וועלכע ליעבען איהם, וועט ער נור מוזען זיך זעלבסט לאזען לעבען, און אויסקוילען אלע רוימער...

— אבער זארג נישט, דאמיציליא, ער גראבט אויס פאר זיך א קבר ווי זיינע פארגענגער, קאליגולא און נערא האבען געטהאן מיט זייערע מעשים תעתועים.

— דו ווייסט, — האט זיך דאמיציליא אפגערופען, — אז איך פיהל זיך אומגליקליך דערפון וואס דאמיציאן האט בעשטימט אונזערע צוויי זיהן פאר זיינע נאכפאלגער, — דאס וועט האבען אויף זיי זעהר א שלעכטע ווירקונג; זיי וועלען זיך זעהר שטארק איבערנעהמען דערמיט און דאס קען שאדען זייער ערציהונג. און אין אמת'ן וואלט איך זעהר נישט וועלען אז איינער פון מיינע זיהן זאל ווערען דער צעזאר פון רוים, ווייל כמעט יעדער צעזאר ווערט פריהער אדער שפעטער פערדארבען.

— לאמיר האפען, — האט קלעמענס געזאגט, — אז ווען די צייט וועט קומען, וועלען מיר זיין פריעדליכע בירגער אין יהודה. נאך אלעמען האבען מיר זיך גארנישט צו זארגען וועגען אונזערע קינדער, זיי האבען געקראגען [illegible] גוטע ערציהונג, און זייענדיג די גאנצע צייט אונטער די אויפזיכט פון

יאזעפוס פלאוויוס און אונוס, וועלען זיי בלייבען געטריי די לעהרע וואס מען האט זיי געלערנט.

— איין זאך ווינש איך נאר, — האט דאמיציליא געזאגט, — אז ווען זיי וועלען אויסוואקסען, זאלען זיי חתונה האבען מיט אידישע מיידלעך, אזעלכע ווי אקטאוויא...

— צום בעדויערען זיינען כמעט אלע רוימישע מיידלעך פארשייט, זיי זוכען נור לוקסוס און פארגעניגען... ביי דער יעצטיגער צייט האבען זיי פארלארען זייער צניעות. אויסגעלאסענהייט האט זיך פארשפרייט אין גאנץ רוים... ניין, עס מוז קומען אן ענדע צו אלעם, — האט קלעמענס אויסגערופען, — א גרויסע ענדערונג וועט אין גיכען אניך אלעמען קומען. די רוימער וועלען זיך באלד ארומזעהן אז די געטער צו וועמען זיי דיענען זיינען גארנישט מיט גארנישט, און זיי וועלען אלע אנערקענען דעם איינציגען גאט פון ישראל, זיי וועלען אננעהמען זיין תורה און דאן וועט נעהמען אן ענדע צו די שוועכריי, זויפעריי און אויסגעלאסענהייט וואס הערשט יעצט צווישען די רוימישע באפעלקערונג.

— איך האב מורא, — האט דאמיציליא געזאגט, — אז דאס וועט נישט פארקומען אין אונזער צייט... ווער ווייס אין וויפיעל דורות שפעטער אזא זאך קען פאסירען... פארגעס נישט ווי ווילד און אומוויסענד דער המון איז, זעהר שווער וועט זיין פאר זיי זיך אפצוגעוועהנען פון אלע זייערע תאוות און שכרות, פון זייער הולטאיעווען און אויסגעלאסענהיים.

— ניין, דו מאכסט א טעות, דאמיציליא, — האט קלעמענס געזאגט, — עס קען גאנץ מעגליך זיין אז די ענדערונג זאל פארקומען אין אונזער צייט... עס ווענדעט זיך אין דעם צעזאר, ווען רוים זאל האבען א צעזאר, וועלכער פארשטעהט אט די אלע זאכען און וועט נישט מיסברויכען זיין קראפט פאר איינגענוצען, און זיך נישט אפגעבען נאר צו זיינע ווילדע פארגעניגענס און פארוויילונגען... ווען דער צעזאר זאל זיך נור פארטראכטען אין דער צוקונפט פון אונזער פאלק, דאן וואלט ער זיך ארומגעזעהן אז די איינציגע רעטונג פאר דער רוימישער אימפעריע איז צו אנערקענען דעם אידישען גאט און אנצונעהמען זיין תורה וואס פרעדיגט שלום און ברידערליכקייט אויף דער וועלט...

— וועט זיך דען אזא צעזאר געפינען?

— אט דאס וויל איך דיר זאגען, דאמיציליא, ווען גאט זאל געבען און די געלעגענהייט צו ווערען צעזאר וועט ארייננפאלען צו איינעם פון אונזערע זיהן, דאן וועט די האפנונג פערשטארקט ווערען און מיין נביאות וואלט געוויס מקוים געווארען. איך האב פול צוטרויען אין מיינע קינדער, אז זיי וועלען נישט אראפגעהן פון גלייכען וועג, אפילו נאכדעם ווען זיי ווערען די הערשער פון רוים... און איך בין זיכער אז זיי וואלטען פארווירקליכען אלע מיינע שטרעבונגען און חלומות... רוים וואלט געווים צו זיך געקומען צוזאמען מיט די גרויסע ענדערונג... גענוג מלחמות האבען מיר געהאט, גענוג בלוט איז פארגאסען געווארען צוליעב די נארישע קאפריזען פון די צעזארען... די גאנצע וועלט נויטיגט זיך אין שלום און אין רוהיגקייט... די צעזארען האבען געוואלט פערשלינגען די גאנצע וועלט און דאריבער האבען זיי געבראכט רוים אויף דעם שוועל פון אפגרונד... אונזערע יסודות זיינען צופוילט, און אויב די ענדערונג וועט נישט

פארקומען, וועט אונזער גאנצער בנין צופאלען ווערען און די רוימישע אימפעריע וועט אפגעמעקט ווערען פון אונטער די הימלען...

— לאמיר האפען אויף דער גליקליכער צייט, — האט דאמיציליא צוגע־געבען, — דערווייל זיינען אונזערע הימלען פארוואלקענט... און ווער ווייס צי דער שטורעם וועט נישט אויסברעכען אין אונזער צייט... אט קומען אן אקטאוויא און אונוס, — האט זי געזאגט, ארויסקוקענדיג דורכ'ן פענסטער, —ביידע שיינען צו זיין אין א גליקליכע שטימונג.

קלעמענס איז אויך צוגעגאנגען צום פענסטער און בעטראכט די יונגע פאר:

— יא, — האט ער צוגעגעבען מיט א שמייכעל, — איך גלויב אז דיין וואונש איז שוין ערפילט געווארען.

ווען אונוס און אקטאוויא זיינען אריין אין הויז, איז דער סענאטאר מיט זיין פרוי זיי אנטקעגען געגאנגען.

— איך דערקען פון אייערע געזיכטער, — האט קלעמענס צו זיי געזאגט,

— אז איהר האט אן אנגענעהמע איבערראשונג פאר אונז.

— יא, ליעבער פאטער, זעהר אן אנגענעהמע און גליקליכע אויך.

— נו, לאמיר טאקע הערען, — האט זיך דאמיציליא אריינגעמישט, — איך האב נאך דיר, מיין ליעבער אונוס, נישט געזעהען מיט אזא פרעהליכען און גליקליכען פנים פאר יאהרען.

— נישט מעהר וועל איך שוין טרויעריג זיין, מיין אומעט איז שוין אויף אימער פערשוואונדען, — האט זיך אונוס אפגערופען, — ווייל איך האב יעצט אויסגעפונען פון אקטאוויא'ן אז מיין פאטער און שוועסטער לעבען און זיי געפינען זיך אין דער זעלבער שטאדט גמזו.

אונוס, וועלכער האט קיינמאל נישט גערעדט פון זיין פערגאנגענהייט פאר זיינע אדאפטירטע עלטערען, ווייל די ערינערונגען האבען איהם זעהר טרויעריג געמאכט, האט יעצט פאר זיי אלעס דערצעהלט; ער האט זיי דער־צעהלט ווער זיין פאטער און שוועסטער זיינען און וואס ער האט דורכגעמאכט אין יענער אומגליקליכער צייט.

— איך זעה אין דעם די השגחה פון גאט, — האט קלעמענס געזאגט, — ער האט געמאכט אז אקטאוויא זאל צו אונז קומען און פון איהר מויל זאלסטו עם דערוויסען דיזע גליקליכע נייעס.

— און יעצט, וויל איך אייך, מיינע ליעבע עלטערען, זאגען נאך א פרעה־ליכע זאך. אקטאוויא האט איינגעשטימט צו ווערען מיין פרוי.

— זאל זיין מיט גליק, מיינע ליעבע קינדער, — איז דאמיציליא ארויס־געפאלען אויף אקטאוויא'ן און גענומען זי קושען, — מיר האבען נאר וואס גערעדט וועגען דעם.

— יא, מיין זוהן, — האט קלעמענס געדריקט אונוס'ס האנד, — דו האסט אויסערוועהלט איינע פון די שעהנסטע און נאבעלסטע טעכטער אין דער גאנצער וועלט. זאל דיר דער וואס רוהט אין די הימלען געבען זיין בענשונג און זאלט איהרביידע גליקליך זיין...

— ווי אונגעדולדיג איך בין, — האט אונוס געזאגט, — איך וואלט וואס שנעלער פאהרען נאך גמזו זיך צו זעהן מיט מיין ליעבען פאטער און שוועסטער,

זיי האלטען מיר שוין אויך לאנג פאר טויט, ווי איבערראשט וועלען זיי ווערען ווען זיי וועלען מיר דערזעהן...

— מיין קינד, — האט קלעמענס געזאגט, — דו ווייסט דאך ווי מהייער דו ביזט ביי אונז און ווי שווער עס זאל אונז נישט זיין זיך מיט דיר צו שיידען, זיינען מיר דאך גליקליך אין דיין גליק, און כאטש דו האסט יעצט געפונען דיין ריכטיגען פאטער, וועלען מיר דאך אימער זיין צו דיר ווי עלטערען צו זייער קינד... און איך פארהאף אז די צייט איז נישט ווייט ווען מיר וועלען אלע צוזאמען וואהנען אין יהודה. אבער דאך וואלט איך דיר וועלען ראטהען זיך נישט צו איילען און ווארטען ביז וואנען איך וועל הערען פון סעיאנוס בורוס'ן, ווייל אויב ער וויל דאך קומען אין רוים, קען דאך מיר געלינגען אז דו זאלסט בעשטימט ווערען אלס דער פערוואלטער פון גמזו, דאן וועלען דאך אלע איינוואהנער פון גמזו גליקליך זיין.

— איין זאך וואלט איך אייך געבעטען, — האט זיך אקטאוויא אפגערופען, — מיין ברודער טאר דערוויל פון גארנישט וויסען, ווייל ער קען זיך נאך אויסריידען פאר מעסעליוא'ן און אונז שטערען אין די פלענער.

— געוויס נישט, — האט קלעמענס געזאגט, — דיין ברודער וועט פון גארנישט וויסען ביז וואנען איהר וועט ביידע חתונה האבען און זיין גרייט צו דער רייזע...

— און איך גלויב, — האט דאמיציליא געזאגט, — אז די חתונה דארף מען אויף לאנג נישט אפלייגען...

— גוט, איך וועל זיך דורכריידען מיט יאזעפוס פלאוויוס און מיר וועלען בעשטימען דעם טאג פון זייער חתונה, — האט קלעמענס געזאגט.

אונוס און אקטאוויא האבען זיך איבערגעקוקט מיט בעשיידענע בליקען... ביידע זיינען געווען פרעהליכע און גליקליכע.

## דריי-און-דרייסיגסטער קאפיטעל

# יאזעפוס דער מכרך קדושין

נאך דעם לעצטען געשפרעך וואס מאנילוס האט געהאט מיט זיין שוועסטער, האט ער זיך איבערצייגט, אז ער וועט האבען א שווערע שטיקעל ארבייט איהר איבערצורעדען זי זאל אננעהמען דאמיציאן'ס ליעבעס אנבאט, בפרט יעצט, ווען דאמיציאן האט זיך אזוי פערהאסט ביי אלעמען פאר די שחיטה וואס ער האט געמאכט אויף איניגע סענאטארען און אנדערע אומשולדיגע מענשען... זיין הארץ האט איהם אבער שטארק געשראקען, טאמער וועט דאמיציאן אויסלאזען זיין כעס אויף איהם אויך און דאן איז ער דאך א פארלארענער. יא, זיין שוועסטער איז די איינציגע וועלכע קען פארמיידען אן אומגליק... ער איז זיכער אז זי וועט האבען א גרויסען איינפלוס איבער איהם און זי וועט זיין הארץ א סך ווייכער מאכען...

ווי אזוי אבער זאל ער אויף איהר ווירקען, זי זאל זיך צו איהם צוהערען?

אט דער געדאנק האט איהם די גאנצע צייט געמאטערט און קיין רוה נישט געגעבען... ער האט פארזיכערט מעסעלינא'ן, אז ער וועט ביי זיין שוועסטער פועל'ן זי זאל געהן צו דאמיציאן, און צום סוף האט זי זיך אזוי פער'עקשנ'ט...

מאנילום האט בעשלאָסען צו דערצעהלען מעסעלינא'ן וועגען די שווערינקייטען וואָס ער האט מיט זיין שוועסטער.

— גיב מיר אן עצה, מעסעלינא, — האט ער זיך צו איהר אפגערופען, — מיין שוועסטער וויל גארנישט הערען און וויסען פון דאמיציאן...

— וואָס ?! — האט מעסעלינא אויסגערופען מיט ערשטוינונג, — זי וויל נאך נישט ! איז דאָס ביי איהר גארנישט וואָס דאמיציאן איז דער צעזאר פון אזא גרויסער און מעכטיגער אימפעריע !... און די מעגליכקייט צו ווערען די צעזארין פון רוים שמייכעלט איהר נישט ?...

— איך האב מיט איהר וועגען אלעם גערעדט, — האט מאנילום געזאגט, — זי איז אבער געבליבען ביי איהרע עקשנות . . .

— עס פאסט איהר נישט, די אידישע טאכטער, זיך צו פארבינדען מיט א רוימער, — האט מעסעלינא סארקאסטיש געזאגט, — און אפילו ווען דער רוימער איז דער צעזאר אליין.. צו שטאָלץ איז דיין שוועסטער, און איך האב מורא אז איהר פוסטער שטאָלץ וועט איהר קיין גוטעס נישט טהאן...

— א, ניין, מעסעלינא, עס איז נישט איהר שטאָלץ, — האט מאנילום געפּרובירט פארענטפערען זיין שוועסטער, — זי האט פשוט מורא דאָס איהר ערוואַרטעט אזא סוף ווי בערעניקא'ן...

— האב איך דיר נישט ערקלעהרט, — האט מעסעלינא געזאגט, — אז דו זאָלסט נישט פארגלייכען דאמיציאן מיט זיין ברודער; טיטוס איז געווען געצוואונגען אוועקצושיקען פון זיך בערעניקא'ן... אבער דאמיציאן'ען וועט קיינער נישט וואגען צו זאגען א דעה וואָס ער זאָל טהאן...

— דו האסט דאך מיר צוגעזאגט, — האט מאנילום געזאגט, — אז דו אליין וועסט פּרובירען רײדען מיט אקטאוויא'ן, און ווען דו וועסט איהר אלעם ערקלעהרען, וועט זי דיר פיעלייכט גלויבען... איך האב איהר אלעם געזאגט, אבער מיר גלויבט זי נישט.

— איך וועל דיר זאגען דעם אמת, — האט מעסעלינא זיך אפגערופען, — איך האב געגלויבט אז נאכדעם ווי ער וועט ווערען צעזאר, וועט ער מעהר נישט טראכטען פון דער אידישער מיידעל, ווייל ווינציג שעהנע מיידלעך זיינען פאראן אין רוים, וועלכע זיינען נאך דערצו טאכטער פון די פאטריציער ?... און א חוץ דעם, האבען אלע געדענקט, אז ער וועט געווים חתונה האבען מיט יוליא, טיטוס'ס טאכטער... ווייזט זיך אבער ארוים, אז מיר אלע האבען געמאכט א טעות... מיט יוליא'ן וויל ער נישט חתונה האבען, ווייל ער גלויבט אז יופּיטער וועט נישט זיין צופריעדען דאָס ער זאָל נעהמען זיין ברודערס טאכטער פאר א ווייב. און וועגען אקטאוויא'ן הערט ער נישט אויף צו ריידען... איך בין ביי איהם געווען מיט א פאר טעג צוריק... און זיין ערשטע פראגע איז געווען צי איך האב געזעהן אקטאוויא'ן... יעצט זעהסטו שוין וואָס פאר א גליק עס איז פאר אקטאוויא'ן און דא קומסטו און דערצעהלסט מיר אז זי קווייטשעלט זיך נאך..

— איך ווייס נישט וואָס צו טהאן מיט איהר, — האט מאנילום טרויעריג געזאגט, — איך האב גאר קיין איינפלוס נישט איבער איהר... א, ווען מיין פאטער וואלט דא יעצט געווען ! איהם וואלט זי זיכער געפאָלגט ! . . .

— גוט, — האט מעסעלינא געזאגט, — איך וועל פּרובירען זיך דורכריידען

מיט איהר, און אויב דאס וועט נישט העלפען, דאן וועלען מיר מוזען געפינען אן אנדער וועג...

— איבערהויפט זאלסטו מיט מיין שוועסטער איינ'טענה'ן, אז דאמיציאן איז זעהר ערנסט און דאס ער וועט איהר זעהר עהרליך און פיין בעהאנדלען.

— איך וועל שוין וויסען וואס מיט איהר צו ריידען, — האט מעסעלינא געענטפערט, — איך געה טאקע באלד אריבער צו איהר.

— גוט, לאמיר געהן, — האט זיך מאנילוס אפגערופען.

— דו בעסער געה נישט מיט מיר, — האט מעסעלינא געזאגט, — איך וועל קומען צו קלעמענס'ן און זיך נאכפרעגען אויף דיר, וועט ער דאך מסתמא מיר אפשיקען צו דיין שוועסטער און דאן וועל איך האבען די געלעגענהייט מיט איהר צו ריידען . . .

— וועל איך אויף דירווארטען דא ביי דיר אין הויז, — האט מאנילוס געזאגט מיט צופרידענהייט.

— איך גלויב אז איך וועל זיך לאנג נישט זאמען, — האט מעסעלינא געזאגט און איז ארויסגעגאנגען.

* * *

קלעמענס און זיין פרוי זיינען געזעסען און זיך בעראטהען מיט יאזעפוס פלאוויוס וועגען אונוס און אקטאוויא.

— איך גלויב, — האט זיך יאזעפוס אפגערופען, — אז וואס גיכער די חתונה וועט זיין, אלץ בעסער וועט זיין פאר אקטאוויא'ן... נישט איינמאל האב איך געהערט ווי דאמיציאן דערמאהנט איהר נאמען... און ווער ווייס וואס דער מארגען קען ברייגנען... ווען ער בעשליסט אז זי מוז קומען צו איהם, דאן, אויב זי וועט איהם נישט פאלגען, וועט עס שמעקען מיט הויד־פעררעטה. ווען אבער זי וועט איהם זאגען, אז זי איז פערהייראט, דאן וועט ער איהר געוויס נישט אנריהרען...

— זיכערער פון אלץ וואלט געווען, — האט זיך קלעמענס אפגערופען, — ווען ביידע קענען אויף מארגען נאך זייער חתונה אבפאהרען נאך יהודה... דאס אבער איז נאר מעגליך ווען עס זאל מיר געלינגען צו בעשטימען אונוס'ן אויף סעיאנוס בורוס'עס פלאץ... אז נישט וועט זיין פלוצלינגער אבפאהר ארויס־רופען פערדאכט און דאס קען נאך אלעמען שאדען...

— ווי איך פארשטעה ווענדעט זיך דאס נאר אין מעסעלינא'ן צי זי וועט איינשטימען דערצו אז איהר מאן זאל פערלאזען גמזו, — האט יאזעפוס געזאגט.

— וועגען דעם בין איך גראדע נישט בעזארגט, — האט קלעמענס געענט־פערט, — זי האט שוין פון לאנג געוואלט האבען איהר מאן לעבען זיך... נאר איך האב איהר בכיון אפגערעדט דערפון, ווייל איך האב זיך דערוואוסט, אז די אורזאכע וואס סעיאנוס'ן האט זיך פלוצלינג פארוואלט צו קומען נאך רוים, איז — אקטאוויא... ער גלויבט דארטען, דאס אויב ער וועט זיין אין רוים, וועט איהם גרינגער אנקומען אריינצוקריגען צו זיך אקטאוויא'ן... יעצט, אבער, ווען אקטאוויא וועט זיין פערהייראט צו אונוס'ן און אויב מעגליך וועלען זיי נאך ביידע אוועקפאהרען אין גמזו, האב איך דאך נישט קיין אורזאכע פארוואס איך זאל נישט צוריידען מעסעלינא'ן זי זאל חייסען סעיאנוס'ן קומען אהער.

— און איך בין זיכער, —האט דאמיציליא זיך אפגערופען, — אז ווען

מעסעלינא זאָל נאָר וועלען, וועט נישט זיין זעהר שווער צו בעשטימען אונוס'ן אויף סעיאנוס בורוס'עס פּלאַץ...

— פונדעסטוועגען גלויב איך, — האָט זיך קלעמענס אָפּגערופען, — אַז עס וואָלט געווען גרינגער פאַר אונוס'ן צו קריגען די צושטימונג פון דאָמיציאַ, איידער ער וועט חתונה האָבען מיט אָקטאַוויא'ן. ווייל ווען ער וועט אויסגע־פינען אַז זיי האָבעןביידע חתונה געהאַט, וועט ער ווערען אין כעס און וועט געוויס נישט דערלאָזען אונוס זאָל ווערען דער פּערוואַלטער פון א שטאָדט אין יהודה.

— די איינציגע זאַך, — האָט יאָזעפוס געזאָגט, — איז דאָס זיי זאָלען הייראַטען דעם טאָג פאַר זייער אָבפאָהרען, דאַן וועט דאָמיציאַן זיך אפילו נישט ארומזעהן און וועט זיך אין גאַנצען פאַרגעסען אָן איהר...

— ווער ווייס צי ער וועט אַזוי גיך פאַרגעסען, — האָט דאָמיציליא גע־זאָגט מיט זאָרג, — ביי איהם וועט נאָך רעכט זיין זיך גאָר נישט צו רעכענען מיט זייער הייראַטה...

— דאָס וועט ער נישט טהאָן, — האָט קלעמענס געזאָגט, — מיר אַלע ווייסען דאָך ווי שטאַרק דאָמיציאַן האָט געליעבט די טאָכטער פון דעם גענעראַל גאַרבולאָ, פונדעסטוועגען ווען זי האָט חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערען, האָט ער זיך אין גאַנצען צוריקגעצויגען פון איהר.

— דאָס איז אָבער געווען איידער ער איז געוואָרען צעזאַר, — האָט דאָ־מיציליא געזאָגט, — יעצט אָבער, האָב איך מורא, אַז ער וועט נישט דערלאָזען אַז עפּעס זאָל איהם שטעהן אין וועג...

—און איך גלויב נישט, אַז ער וועט זיך נעהמען שטאַרק צום האַרצען, — האָט קלעמענס געזאָגט.

— אָט קומט מעסעלינא! — האָט דאָמיציליא אויסגערופען. — וועלען מיר טאַקע באַלד פון איהר דערגעהן, וואָס זי דיינקט וועגען סעיאַנוס בורוס'ן, — האָט זיך קלעמענס אָפּגערופען, — ווינקענדיג צו יאָזעפוס'ן ער זאָל גאָר פאַר איהר נישט ריידען...

מעסעלינא איז אריין אין הויז און האָט זיך מיט אַלעמען באַגריסט.

— איז מאַנילוס דאָ? — האָט זי גלייך געפרעגט, — ער האָט מיר שוין לאַנג געבעטען איך זאָל זעהן פאַר איהם קריגען א מיליטערישען אַמט, האָב איך זיך היינט געזעהן מיט מיינעם א פריינד וואָס האָט מיר צוגעזאָגט עפּעס צו טהאָן פאַר איהם, איז אויב ער איז דאָ, וואָלט איך מיט איהם גלייך געגאַנגען אהין . . .

— איך גלויב נישט אַז ער איז יעצט דאָ, — האָט זיך קלעמענס אָפּגערופען.

— פיעלייכט ווייס ווער פון אייך וואו ער געפינט זיך? — האָט מעסעלינא געוואָרפען איהרע בליקען אויף יאָזעפוס'ן, — פאַרשטעהט איהר מיך, מאַנילוס איז מיין מאַן'ס בעסטער פריינד, און סעיאַנוס האָט מיר שוין לאַנג געבעטען איך זאָל פאַר איהם עפּעס טהאָן.

— איך גלויב נישט אויב אימיצער פון אונז ווייס וואוהין ער איז געגאַנ־גען, — האָט דאָמיציליא געזאָגט, — אפשר ווייס זיין שוועסטער. זי געפינט זיך יעצט ביי איהר אין צימער.

— איך וועל טאַקע איהר פרעגען, — האָט מעסעלינא זיך אויפגעהויבען און איז ארויף צו אָקטאַוויאַ'ן אין צימער.

— אַ, ליעבע אָקטאַוויאַ, — האָט מעסעלינא איהר בעגריסט מיט אַ שמייכעל, — דו ביזט דאָך אַזוי שעהן און פראַכטפאָל, זאָג דאָך מיר, ווייסטו פיעלייכט וואו דיין ברודער געפינט זיך יעצט? איך האָב פאַר איהם זעהר וויכטיגע נייעס.

— מיר דוכט זיך אַז מאַנילוס איז היינט געגאַנגען צו דיר אין הויז, — האָט אָקטאַוויאַ געזאָגט.

—ער איז שוין ביי מיר נישט געוועזען עטליכע טעג... גראָדע האָב איך זיך היינט געזעהן מיט אַ בעאַמטען פון דעם לעגיאָן און איהם געבעטען ער זאָל מאַנילוס'ן געבען אַ מיליטערישען אַמט.. ער האָט מיר געהייסען צוקומען מיט איהם.

— איך האָב קיין אַהנונג וואוהין ער איז געגאַנגען, — האָט אָקטאַוויאַ אַ קוועטש געטהאָן מיט די פּלייצעס, — ווען איך וועל איהם נאָר זעהן וועל איך איהם גלייך זאָגען וועגען דיר...

— נאַכהער קען שוין זיין צו שפּעט, — האָט מעסעלינא געזאָגט, — וויל מיין פריינד מוז מאָרגען גאַנץ פריה אַפּרייזען פון דאַנען. פאַרשטעהסטו מיר, דיין ברודער האָט מיר שוין פון לאַנג געבעטען איך זאָל פאַר איהם עפּעס טהאָן, און אַזוי ווי מאַנילוס איז מיין מאַן'ס אַ גוטער פריינד, וואָלט איך איהם זעהר געוואָלט טהאָן אַ טובה...

— עס איז זעהר פיין פון דיין זייט, — האָט אָקטאַוויאַ איהר געזאָגט, — דו זאָלסט זיך אַזוי באַמיהען פון זיינעטוועגען, אָבער איך זעה נישט איין ווי אַזוי מיין ברודער וועט זיך צופּאַסען צו דעם מיליטערישען לעבען...

— זאָג דאָס נישט, אָקטאַוויאַ, — האָט מעסעלינא געשמייכעלט, — דיין ברודער איז זעהר פּאָפּולער אין רוים, און דער צעזאַר אַליין האָט איהם גאַנץ ליעב... פאַרשטעהסטו וואָס דאָס מיינט פאַר איהם?... ווי איך פאַרשטעה, בעזוכט דיין ברודער דעם צעזאַר גאַנץ אָפט.. אַזאַ כבוד וואָלט זיך נישט איין פּאַטריציער געוואונשען.. זאָג דאָך מיר, איך בעט דיר, האָט דיר דאָמיציאַן קיינמאָל נישט איינגעלאַדען צו זיך צוזאַמען מיט דיין ברודער?

אָקטאַוויאַ איז רויט געוואָרען... זי האָט באַלד פאַרשטאַנען צו וואָס זי ציעלט מיט איהרע ווערטער.

— ער האָט מיך אויך איינגעלאַדען עטליכע מאָל, — האָט אָקטאַוויאַ געזאָגט, — אָבער איך געה זעלטען ארויס פון הויז, און דאַריבער בין איך נישט מיטגעגאַנגען מיט מיין ברודער.

— אַ, ווען דו וואָלסט וויסען וויפיעל דאָמיציאַן טראַכט פון דיר, — האָט מעסעלינא געשמייכעלט, — דאַן וואָלסטו געוויס אָנגענומען זיינע איינלאַדונגען. איך וועל דיר זאָגען אַ סוד, אַז זינט דאָמיציאַן האָט דיר צום ערשטען מאָל דערזעהן דאָ אין הויז, הערט ער נישט אויף צו ריידען וועגען דיר..

— איך בין איהם זעהר דאַנקבאַר דערפאַר, — האָט אָקטאַוויאַ געענטפערט און האָט איהר קאָפּ אַרונטערגעלאָזען.

— איך פאַרשטעה נישט, טהייערע אָקטאַוויאַ, פאַרוואָס דו גערהסט אין ערגעץ נישט ארויס... דו פיהלסט זיך ווי אַ פרעמדע. דו ווייסט דאָך אַז מיר

אלע זיינע דיינע בעסטע פריינד... און דאך געהסטו אין ערגעץ נישט ארוים ווילסט קיינעם נישט בעזוכען, דו האלטסט זיך פון וויטען פון דיינע גוטע און איבערגעבענע פריינד . . .

— איך בין דערצו נישט געוואוינט געווארען, — האט אקטאוויא איהר געענטפערט, — און ווען איך בין געוועזן אין מיין געבורטס־שטאדט פלעג איך אויך זעהר זעלטען ארויסגעהן.

— ביי אייך אין יהודה איז עפעס אנדערש... דארט זיינען די אידישע איינ־וואוינער פאריאמערט און פארטרויערט און קיינער האט נישט קיין פארגעניגען.. דא אבער, ביי אונז אין רוים, איז פרעהליך און לוסטיג... פארוואס זאלסטו זיין אנדערש פון אלעמען, פארוואס זאלסטו זיך אפזונדערען פון דער גאנצער רוימי־שער געזעלשאפט ?... בפרט ווען דאמיציאן איז אזוי שטארק פאראינטערעסירט אין דיר... וועלכע רוימישע מיידעל וואלט זיך נישט געשעצט די גליקליכסטע, ווען דער צעזאר וואלט פון איהר געהאלטען אזוי פיעל ווי ער האלט פון דיר... יעצט, אקטאוויא, וויל איך דיך בעטען נאר איין זאך, און איך האף אז דו וועסט מיר נישט ענטזאגען... דאמיציאן האט מיר געשיקט איך זאל דיר און דיין ברודער איינלאדען פאר איין אוונט, זאג דאך מיר, ווען וועסטו האבען די מעגליכקייט אנצונעהמען זיין איינלאדונג ?

אקטאוויא איז געבליבען שטעהן אין פארלעגענהייט... זי האט נישט גע־וואוסט וואס פאר א תשובה צו געבען מעסעלינא'ן.

— גיב מיר צוויי וואכען צייט, — האט אקטאוויא זיך ארויסגערעדט, — און איך וועל דיר דאן געבען א ריכטיגע תשובה...

— גוט, — האט מעסעלינא א פרעהליכע געזאגט, — דער גליק קומט דיר אנטקעגען, און איך פארהאף אז דו וועסט איהם וויסען ווי צו עמפפאנגען.

ווען מעסעלינא איז ארונטער, איז קלעמענס צו איהר צוגעגאנגען און געזאגט:

— נו, ווי האסטו בעשלאסען, מעסעלינא, וועגען דיין מאן, ווילסטו ער זאל קומען נאך רוים ?

— איך גלויב אז יא, — האט זי געענטפערט, — און יעצט דארף מען געפינען א פאסענדען מאן אויף זיין פלאץ, וועלכער זאל פארטרעטען זיין פאסטען צייטווייליג, וויל טאמער קענען מיר ווידער נישט שטימען, וועט ער דאך מוזען צוריקפאהרען נאך גמזו.

— איך האב אזא מאן ! — האט קלעמענס אויסגערופען, — און דאס איז אונוס ! אויב דו ווילסט קענסטו פועל'ן ביי דאמיציאנען ער זאל צוריק־רופען דיין מאן, און דערווייל בעשטימען אונוס'ן אויף זיין פלאץ...

— דאס וועל איך נאך היינט טהאן, — האט מעסעלינא געזאגט און איז אחיים געגאנגען.

ווען מעסעלינא איז אריין צו זיך אין הויז, האט זי געטראפען א חוץ מאנילום'ן, א דיענער פון דאמיציאן, וועלכער האט אויף איהר געווארט.

— זיין מאיעסטעט, דער צעזאר, פערלאנגט אז דו זאלסט צו איהם באלד קומען, — האט זיך דער דיענער פארנייגט פאר איהר.

— דו ווארטסט שוין לאנג אויף מיר ? — האט זי געפרעגט דעם דיענער.

— ניין, איך בין נאר וואס אריין, — האט זיך דער דיענער ווידער פארנייגט.

— דו קענסט איבערגעבן דיין מאַיעסטעט, אז איך וועל באַלד קומען, — האָט מעסעלינאַ געזאָגט.

— נו, — איז מאַנילוס צו איהר צוגעגאַנגען, ווי נאָר דער דיענער איז אַרויס, — האָסטו עפּעס פרעהליכעס מיר צו דערצעהלען וועגען מיין שוועסטער.

— יאָ, זי האָט ביי מיר געבעטען צוויי וואָכען צייט, זיך וועגען דעם צו בעזינען, אָבער איך בין זיכער, אַז זי וועט צו אַלעס צושטימען... יאָ, יעצט בין איך נאָך מעהר זיכער ווי פריהער, — האָט מעסעלינאַ געזאָגט מיט אַ שטראַהלענדען פּנים...

— ווי אַזוי?

— איך האָב ביז אַהער אַליין חושד געווען אַז דיין שוועסטער האָט זיך פערליעבט אין אונוס'ן און וועגען דעם בין איך געווען שטאַרק בעזאָרגט... יעצט אָבער, האָב איך אויסגעפונען, אַז פלעמענס וויל אוועקשיקען אונוס'ן אויף סעיאַנוס'עם פּלאַץ, אין גמזו, און זי וועט דאָך דאַ בלייבען אַליין, דאַן וועט שוין דאָמיציאַן קיינע שוועריגקייטען נישט האָבען.

— און איך בין נאָך נישט זיכער אַז מיין שוועסטער וועט איינוויליגען צו טהאָן אונזער פאַרלאַנג, — האָט מאַנילוס אַ בעזאָרגטער געזאָגט. — איך קען איהר שוין זעהר גוט! . . .

— זי וועט אָבער מוזען פאָלגען! — האָט מעסעלינאַ אויסגעשריען, — דאָמיציאַן דולדעט נישט לאַנג די וועלכע ווידערשפּעניגען זיין מויל... און זעהסטו, אַט האָט ער מיך ווידער געשיקט רופען, און דאָס איז געוויס וועגען אַקטאַוויאַ'ן... איך וועל איהם זאָגען, אַז אין צוויי וואָכען אַרום וועט אַקטאַוויאַ קומען צו איהם... איך בין זיכער אַז זי וועט איהם נישט ענטטוישען... ווייל קיינער ענטטוישט נישט דעם צעזאַר און בלייבט לעבען...

— דעם איינציגען וועמען זי וואָלט געפאָלגט, איז מיין פאָטער, — האָט מאַנילוס געזאָגט, — ווען מיין פאָטער וואָלט אַהער געקומען, דאַן בין איך זיכער אַז אַקטאַוויאַ וואָלט געוואָרען דאָמיציאַן'ס פרוי...

— ווייסטו נאָר וואָס? — האָט זיך מעסעלינאַ אָפּגערופען, — איך וועל מאָרגען אַוועקשיקען אַ בריעף צו מיין מאַן ער זאָל באַלד קומען אַהיים... און איך וועל איהם בעטען ער זאָל אַריבערגעהן צו דיין פאָטער און איהם דערצעהלען אַז אַקטאַוויאַ וועט אין גיכען ווערען די צעזאַרין פון רוים, און דאָס ער מוז גלייך אָפּפאָהרען נאָך רוים. דאַן וועלען פיעלייכט ביידע, דיין פאָטער און מיין מאַן קומען צוזאַמען...

— זעהר גוט! — האָט מאַנילוס געזאָגט, — מיין פאָטער וועט געוויס קומען אַהער... וואָרום וועמען האָט ער דען אין יהודה? און בפרט אַז מען וועט איהם לאָזען וויסען אַז זיין טאָכטער וועט ווערען די הערשערין איבער דער גאַנצער רוימישער אימפּעריע...

דערווייל מוז איך געהן צו דאָמיציאַן, — האָט מעסעלינאַ געזאָגט, — און באַפוילען די דינסטען צו ברייגנען איהרע שעהנסטע קליידער, — און דו, מאַנילוס וועסט קומען צו מיר מאָרגען, וועל איך דיר זאָגען וואָס דאָמיציאַן האָט פערלאַנגט, און מיר וועלען זיך ביידע בעראַטהען וואָס צו שרייבען צו דיין פאָטער.

מאַנילוס איז אַהיים געגאַנגען און מעסעלינאַ האָט זיך איבערגעטהאָן און

אריינזעצענדיג זיך אין דעם עקיפּאַזש וואָס האָט אויף איהר געוואַרט, איז זי אוועקגעפאָהרען צו דאַמיציאַן.

דער צעזאַר האָט מעסעלינא'ן זעהר פיין אויפגענומען ביי זיך אין פּאַלאַ

— איך האָב נאָך דיר געשיקט, — האָט דאַמיציאַן זיך צו איהר אָפּגערופ

— ווייל דו האָסט מיר פאַרשפּראָכען צו ברייננגען די אידישע מיידעל צו מי און מאַנאַטען זיינען שוין פאַראיבער, און איך האָב איהר נאָך נישט געזעהן. איך פיהל זיך זעהר איינזאַם, ווייל, פאַרשטעהסטו מיך, איך האָב דאָך אז פיעל שונאים וועלכע זוכען מיין לעבען, וויל איך דאַריבער האָבען א פריי וואָס זאָל שטענדיג זיין מיט מיר... און איך וויים, אז אַקטאַוויא, א חוץ איה שעהנקייט, וועט אויך זיין געטריי און איבערגעבען צו מיר... אלזאָ, פאַרלאַ איך פון דיר, דו זאָלסט גלייך קומען מיט אַקטאַוויא'ן אהער צו מיר...

— זאָל דער צעזאַר זיין געזונד און לאַנג לעבען, — האָט זיך מעסעלינ פאַרנייגט, — איך האָב מיין פאַרשפּרעכען נישט פאַרגעסען, איך בין ערש היינט געווען ביי אַקטאַוויא'ן און מיט איהר גערעדט וועגען דעם.

— וואָס האָט זי דיר געזאָגט? — איז דאַמיציאַן אומגעדולדיג געוואָרען.

— זי האָט מיר געזאָגט, אז יעצט איז זי עפּעס נישט מיט אלעמען און א צוויי וואָכען אַרום וועט זי אָפּשטאַטען זיין מאַיעסטעט, דעם צעזאַר, א באַזוך.

— וועט זי דאַן געוויס קומען? — האָט דאַמיציאַן ווידער געפרעגט.

— איך האָב אין דעם קיין צווייפעל ניט, — האָט מעסעלינא געענטפערט. איך וועל איהר אהער ברייננגען אין צוויי וואָכען אַרום...

— ווען זי וועט ווערטה זיין, — האָט דאַמיציאַן א שמייכעל געטהאָן, — וועט זי פיעלייכט נאָך ווערען די צעזאַרין פון רוים...

— זי וועט בעלאַנגען צום צעזאַר, און דער צעזאַר וועט מיט איהר קענ טהאָן וואָס ער פאַרלאַנגט, — האָט מעסעלינא געזאָגט, זיך נאָך אמאָל פאַרניי און פאַרלאָזען דעם פּאַלאַץ.

* * *

אויף מאָרגען ווען מאַנילוס איז צו איהר געקומען, איז מעסעלינא איה אנטקעגען געגאַנגען א פרעהליכע.

— איך האָב פאַר דיר גוטע נייעס! — האָט זי איהם געזאָגט. — דאַמיציא האָט מיר נעכטען געזאָגט דאָס ער וועט אַקטאַוויא'ן מאַכען פאַר די צעזאַר פון רוים!...

מאַנילוס איז געבליבען שטעהן קאַלט, ווי די נייעס האָט אויף איהם קי איינדרוק נישט געמאַכט.

— ווי איך זעה, ביזטו גאַר נישט צופריעדען פון די נייעס, — האָט זי מעסעלינא געוואונדערט.

— ווען איך בין געקומען אהיים נעכטען, האָב איך פּרובירט מיט איה ווידער ריידען וועגען דעם, אָבער איך האָב זיך איבערצייגט, אז איהר עקשנות איז נאָך יעצט שטאַרקער ווי פריהער... זי האָט מיר געלאָזען וויסען, אז זי וועט קיינמאָל נישט געהן צו דאַמיציאַן, און אויב דער צעזאַר וועט איהר וועל צווינגען צו טהאָן אַן אומרעכט וועט זי בעסער שטאַרבען...

— זיי וועגען דעם נישט בעזאָרגט, — האָט זיך מעסעלינא אָפּגערופען, — זאָל זי נאָר איינמאָל באַזוכען דעם צעזאַר און אלעס וועט רעכט ווערען... דערווי

וועל איך אנשרייבען א בריעף צו סעיאנוס בורוס'ן ער זאל גלייך קומען אהער מיט דיין פאטער.

מעסעלינא האט זיך אוועקגעזעצט און אנגעשריבען:

"מיין ליעבער געטרייער מאן, סעיאנוס.

"פון אלע דיינע בריעף וואס דו האסט מיר ביז אהער געשריבען, קען איך זעהן אז דו האסט מיך נאך ליעב, און ווי דיינע פריינד פון גמזו האבען מיר פארזיכערט, ביזטו מיר געבליבען געטריי די גאנצע צייט... דאריבער שרייב איך דיר, מיין גוטער סעיאנוס, אז איך האב זיך דורכגערעדט מיט אלע אונזערע פריינד און ביי אונז איז בעשלאסען געווארען, דו זאלסט זיך גלייך אומקעהרען נאך רוים. מיר האבען געפונען א פאסענדען מאן וועלכער זאל פארנעהמען דיין פלאץ ווען דו וועסט זיין אין רוים, און אויב דו וועסט וועלען צוריקבאקומען דיין שטעלע, וועסטו עס קענען צו יעדער צייט... און יעצט וועל איך דיך בעטען מיר צו טהאן א געפעליגקייט: געה אריבער צו יוליוס ווערנוס און גיב איהם איבער די נייעס אז דאמיציאן, דער נייער צעזאר פון רוים, האט זיך פארליעבט אין זיין טאכטער, אקטאוויא'ן, און גאר אין גיכען וועט זיין טאכטער ווערען די צעזארין פון דער רוימישער אימפעריע. יעצט, אויב יוליוס ווערנוס וויל נישט פארפעהלען צו זיין צו די חתונה־צערעמאָניעס פון זיין טאכטער מיט דעם צעזאר פון רוים, זאל ער גלייך פאהרען נאך רוים. איהר קענט ביידע פאהרען צוזאמען... זעה, מיין ליעבער מאן, אז יוליוס ווערנוס זאל גלייך מיט דיר ארויספאהרען, כדי עס זאל קיין אפהאלט נישט זיין... מאנילוס שרייבט אויך עטליכע ווערטער צו זיין פאטער.

"האפענדיג זיך אין גיכען צו זעהן מיט דיר, פארבלייב איך דיין,

מעסעלינא".

זי האט פאר מאנילוס'ן איבערגעלייענט דעם בריעף און איהם געבעטען ער זאל צושרייבען עטליכע ווערטער צו זיין פאטער.

מאנילוס האט צוגעשריבען:

"מיין ליעבער פאטער,

"דו וועסט געווים זיין איבערראשט צו הערען אז אקטאוויא האט זיך אין גאנצען געענדערט. אין דער קורצער צייט וואס זי געפינט זיך אין רוים, איז זי געווארען א פאלקאמענע רוימערין. זי איז נאך שעהנער ווי פריהער. דער רוימישער צעזאר, דאמיציאן, האט זיך אין איהר פערליעבט גלייך ווי ער האט איהר נאר צום ערשטען מאל דערזעהען... ער האט בעשלאסען אקטאוויא'ן פאר זיין פרוי צו מאכען... אויף אזא גרויסען גליק האב איך זיך קיינמאל נישט גע־ריכט און נישט גע'חלום'ט. יעצט מיין ליעבער פאטער, פארקויף אלעס וואס דו האסט און פאהר גלייך נאך רוים, און אונזער שמחה וועט פארפולט ווערען.

"דיין איבערגעגעבענער זוהן, מאנילוס".

מעסעלינא האט דעם בריעף פארזיגעלט און עס איבערגעגעבען דעם קאַ־פיטאן פון דער שיף וואס האט געדארפט אבפאהרען דעם זעלבען אבענד נאך יהודה...

* * *

אקטאוויא האט דערצעהלט פאר אונוס'ן און פאר קלעמענס'ן מיט זיין פרוי, וואס מעסעלינא האט פון איהר פערלאנגט.

אונוס איז געוואָרען טויט־בלאַס... איז דאָס מעגליך אַז דאָמיציאַן זאָל איהר וועלען אָוועקרויבען פון איהם... וועט פון זיין גליק גאָרנישט ווערען...

— דער איינציגער מיטעל דערצו, — האָט קלעמענס געזאָגט, — איז, אַז איהר זאָלט ביידע גלייך חתונה האָבען...

— דאָס אָבער קען דאָך אָריינברייננגען דאָמיציאַן אין כעס, — האָט דעם סענאַטאָר׳ס פרוי געזאָגט.

— וועט ער זיין אין כעס אויף אַ ווייל, און נאָכהער וועט ער אויפהערען.

— האָט קלעמענס געזאָגט, — ווייל נאָך אַלעמען, האָט זי דאָך נישט געהערט פון זיינע אייגענע ליפען דאָס ער וויל איהר האָבען... זי וועט קענען זאָגען, אַז זי האָט מעסעלינא׳ן נישט גענומען ערנסט, ווייל זי האָט געמיינט, אַז מעסעלינא מאַכט שפּאַס מיט איהר...

— דאָך וועט דאָס מוזען בלייבען אַ סוד ווי ווייט מעגליך, — האָט דאָ־מיציליא געזאָגט, — ווען אָקטאַוויא וועט זעהן אַז ער מיינט ערנסט מיט איהר וועט זי איהם דאַן דערצעהלען אַז זי איז פערהייראַט...

— אפילו מיין ברודער וועט דערפון נישט טאָרען וויסען, — האָט אָקטאַוויא געזאָגט, — ווייל ער געהט מיט איהר האַנד אין האַנד... און נאָכדעם ווי מעסע־לינא איז אַוועק איז ער געקומען און פרובירט מיר אויך איבעררייידען איך זאָל געהן צו דאָמיציאַן.

— וואָס האָסטו געזאָגט דיין ברודער? — האָט אונוס איהר געפרעגט.

— איך האָב איהם געזאָגט, אַז איך וועל גלייכער שטאַרבען איידער אַריינ־צופאַלען אין דאָמיציאַנ׳ס הענד.

— דו ביזט דאָך אַזוי הייליג און ליעב, מיין טהייערע אסתר, — האָט אונוס איהר גערופען ביי איהר אידישען נאָמען, — דו ביזט אַזוי נאָבעל און בראַוו ווי אסתר המלכה, וועלכע האָט איינגעשטעלט איהר לעבען פאַר איהר פאָלק . . .

— מיר טאָרען קיין צייט נישט פאַרלירען, — האָט קלעמענס געזאָגט, — איך וועל גלייך שיקען רופען יאָזעפוס פלאַוויוס און פרעגען זיין עצה...

קלעמענס האָט געשיקט זיין דיענער צו רופען יאָזעפוס פלאַוויוס׳ן.

אין אַ קורצע ווייל ארום איז יאָזעפוס געקומען און זיי אַלעמען געטראָפען בעזאָרגט און צורודערט.

— וואָס האָט פּאַסירט? — האָט יאָזעפוס געפרעגט.

— דאָס וואָס מעסעלינא איז נעכטען געקומען, איז דאָס נישט געווען, ווי זי האָט געזאָגט, אַז זי איז געקומען פאַר מאַנילוס׳ן. זי איז גאָר געקומען צו אָקטאַוויא׳ן, איהר איבעררייידען זי זאָל געהן צו דאָמיציאַן... מסתמא האָט ער איהר טאַקע אַהער געשיקט.

— וואָס האָסטו איהר געענטפערט? — האָט יאָזעפוס געפרעגט אָקטאַוויא׳ן.

— איך האָב איהר קיין בעשטימטע תשובה נישט געגעבען, — האָט אָקטאַוויא געענטפערט, — איך האָב נישט געוואוסט ווי אַזוי זיך אַרויס־צודרעהען, האָב איך איהר געזאָגט, אַז אין צוויי וואָכען אַרום וועל איך איהר געבען מיין תשובה...

— און וואָס האָסטו געזאָגט דיין ברודער? — האָט יאָזעפוס געפרעגט.

— מיין ברודער האָב איך גוט אָנגעזידעלט און איהם געוואָרנט אַז דאָס

וואס ער וויל, וועט קיינמאל נישט געשעהן, און אז איך וואלט בעסער גע־שטארבען איידער ארייצופאלען צו דאמיציאן.

— דיין ברודער מאר אויך גארנישט וויסען פון דיינע פלענער, — האט יאזעפוס איהר געזאגט, — ווייל וויבאלד אז ער ארביט צוזאמען מיט מעסע־לינא'ן, וועט ער איהר אלעס איבערגעבען... אבער וואס עס איז געוועז איז שוין פארפאלען. ווען דיין ברודער וועט מיט דיר נאך אמאל ריידען וועגען דעם, זאג איהם אויך נישט אפ... זאג איהם, אז דו ווילסט זיך וועגען דעם פריהער גוט בעזינען...

— וואס זאל מען דערווייל טהאן ? — האט קלעמענס געפרעגט.

— מיין עצה איז, — האט יאזעפוס געזאגט, — אז זיי ביידע מוזען גלייך חייראטהען, דאס וועט דערווייל אפהאלטען דאמיציאן פון צו טהאן איהר עפעס שלעכטעס.

— גלויבסטו נישט, אז דאמיציאן וועט נאכהער אויסגיסען זיין צארן אויף זיי ? — האט דאמיציליא איהם געפרעגט.

— ער וועט אבער זיי גארנישט טהאן, — האט יאזעפוס געזאגט, — ווייל ער וועט זיך דאך נישט וועלען לעכערליך מאכען אין די אויגען פון זיינע פריינד... דער איינציגער וואס וועט פיליכט יא ליידען פון זיין גרויזאמע האנד, בין איך... אבער איך בין דערצו גרייט... ווייל מיין לעבען חיינגט סיי ווי סיי אויף א האר... איך בין שוין אלט און גרוי, מיינע טעג זיינען געצעהלטע, ובפרט יעצט, ווען טיטוס איז טויט און דאמיציאן איז זיין נאכפאלגער... איך פיהל אז דאמיציאן וועט זיך צוהערען צו מיינע פיעלע שונאים, און וועט מסתמא מיט מיר טהאן ווי ער האט געטהאן צו פיעלע סענאטארען און אנדערע בעאמטע... און איך וויל נישט דערלאזען אז אזא געטריע טאכטער און אזא געטרייער זוהן פון דעם אידישען פאלק זאלען דארפען אומגליקליך זיין... דאריבער וועל איך זיי אליין געהן פערהייראטען און ווען דאמיציאן וועט וועלען זיך מיט זיי אפרעכענען, וועל איך נעהמען אויף זיך די גאנצע שולד...

* * *

באלד טאקע האט יאזעפוס געהייסען ברייגנען א רינג און פאר די צוויי עדות, קלעמענס און דאמיציליא, האט יאזעפוס פלאוויוס מסדר קדושין געווען. ער האט געשריבען די כתובה און האט ביידען, אונוס'ן און אקטאוויא'ן, אדער דן און אסתר, ווי ער האט זייערע נעמען איינגעשריבען אין דער כתובה, אויף אייביג פעראייניגט.

## פיער-און-דרייסיגסטער קאפיטעל

# די ענדערונג

דאמיציאן איז געלעגען אויף זיין בעטעל פון עלפאנט־ביין, און זיינע ליפען האבען נאך עפעס געמורמעלט צו זיך אליין... דער כעס פון זיין פנים איז נאך נים פארשוואונדען. די סמנים פון אויפרעגונג זיינען נאך געוועזן אויף איהם גאנץ קענטיג. פאר זיינע אויגען שוועבען נאך פארביי די געשטאלטען פון די צוויי סענאטארען וועמען ער האט באפוילען צו טויטען... און זיינע אויערען קלינגט

נאך דער געשריי און דאס בעטן פון די פרויען פון די סענאטארען און זייערע קינדער...

— גוט פאר זיי! — האט דאמיציאן ווי צו זיך גערעדט, — איך וועל זיי אלעמען אויסראטען פון מיין מלוכה... אליין, אליין וועל איך הערשען איבער דער גאנצער רוימישער אימפעריע!.. זאלען יעצט אלע זעהן אז דאמיציאן האט נאר פריינד! און זיינע שונאים זיינען טויט אדער וועלען טויט זיין...

— רוף אריין קאסיוס צו מיר, — האט זיך דאמיציאן אפגערופען צו איינעם פון זיינע לייב־וועכטער.

דער לייב־וועכטער האט זיך פארנייגט און ארויסגעגאנגען.

אין א קורצע ווייל ארום האט ער זיך אומגעקעהרט מיט קאסיוס'ען, וועלכער איז געווען בלאס ווי קאלך און געציטערט ווי א בלאט.

דאמיציאן האט זיך אנידערגעזעצט אויף זיין בעטעל און איהם צו זיך צו־גערופען:

— איך וויל דיר געבען א גרעסערע בעלאהנונג פאר דיין געטרייהייט און איבערגעבענהייט צו מיר, — האט ער געזאגט, און איהם דערלאנגט א שטיק גאלד.

— זאל דער צעזאר לעבען אויף עוויג, — האט זיך קאסיוס פארנייגט פאר דאמיציאן'ען, — איך פארדיען נישט די גרויסע גענאדע וואס דער צעזאר טהוט מיט מיר.

— דערצעהל דאך מיר נאך אמאל, — האט דאמיציאן זיך צו איהם אפגע־רופען, — ווי אזוי דו האסט דערגאנגען אז די צוויי סענאטארען האבען גערעדט שלעכטעס אויף מיר.

קאסיוס האט זיך אויפגעשטעלט און מיט א צופרידענעם שמייכעל זיך אפגערופען:

— מיין האר, דער צעזאר, האט מיר אנגעזאגט נאכצושפיאנירען די סע־נאטארען ווי ווייט מעגליך... אויף די ביידע סענאטארען, ליסינוס און דורוס האב איך שוין לאנג געהאלטען אן אויג... און היינט ווען דער גאנצער המון האט פארנומען די פלעצער אין קאלאסעאום, האב איך אויסגעמארקירט אז מיין פלאץ זאל זיין הינטער די צוויי סענאטארען, וועלכע זיינען געזעסען איינער לעבען צווייטען. איך האב בעטראכט יעדע באוועגונג וואס זיי האבען געמאכט.. ווען זיין מאיעסטעט, דער צעזאר, איז אריינגעקומען אין קאלאסעאום, האב איך באמערקט ווי זיי קוקען אין דער ריכטונג פון צעזאר'ס לאזשע, און גלויבענדיג אז קיינער הערט זיי נישט, האבען זיי זיך אנגעהויבען דורכצוריידען שטילערהייד. איך האב באלד צוגעבויגען מיין אויער און איך האב געקענט הערען דייטליך אלעס וואס זיי ריידען...

— דערצעהל מיר אלעס פון אנפאנג אן, — האט דאמיציאן איהם באפוי־לען, — וואס האט יעדער פון זיי געזאגט, דו דארפסט גאר קיין פורכט ניט הא־בען.. ווער איז געווען דער ערשטער אנצופאנגען דעם פאררעטהערישען געשפרעך?

— ליסינוס איז געווען דער ערשטער, — האט קאסיוס געענטפערט, — איך האב געהערט ווי ער האט זיך אפגערופען צו דורוס'ן: "אט קומט דער, וועלכער האט פון אונז די גאנצע מאכט אוועקגערויבט... צו וואס דארף מען יעצט דעם גאנצען סענאט אין רוים אויב ער איז מאכטלאז?"

"ווען קיין סענאטארען וואלטען נישט געווען, טא אויף וועמען וואלט דער־

מיציאן אויסגעגאסען זיין גרימצארן, און ווענען וואלט ער געטויטעט?" — האט איהם דורום געענטפערט.

ביידע האבען זיך נאכהער ווידער ארומגעקוקט צי מען הערט זיי נישט... איך האב זיך געמאכט דרעמלענדיג, און דערווייל זיך געקענט צוהערען צו זייער ווייטערדיגען געשפרעך.

"און איך זאג דיר, — האט זיך לוסינוס אפגערופען צו דורוס'ן, אז דאמיציאן'ס הערשאפט וועט לאנג נישט דויערען... ווייל ע..." דא האט זיך קאסיוס פארהאקט, ווי ער וואלט מורא געהאט צו ענדיגען.

—רייד, — האט דאמיציאן אויף איהם א געשריי געטהאן, — איך האב דאך דיר געזאגט, אז דו דארפסט קיין מורא פאר קיינעם נישט האבען.

— ווייל, — האט קאסיוס פארענדיגט, — אלע צעזארען וועלכע זיינען געווען טיראנען, האבען נאכהער אליין געהאט א ביטערען סוף...

— אזוי האט ליסינוס גערעדט וועגען מיר?! — האט דאמיציאן געברענט פאר כעס, — דער נידערטרעכטיגער.. ער האט זיין שטראף זיכער פארדיענט... און דורום! דער פאלשער באטריגער, וועמען איך האב אזוי פיעל טובות געטהאן, זאל מיר אזוי באריידען... גוט פאר זיי... ביידע זיינען ווי הינט געשטאכען געווארען... פאר אלעמען אין די אויגען, אין דעם קאלאסעאום. זאלען יעצט אלע מיינע שונאים א מוסר ארויפנעהמען, און וויסען ווי אזוי צו ריידען שלעכטעס אויף מיר, דעם צעזאר פון דער רוימישער אימפעריע. איך וועל אלע מיינע שונאים אויסקוילענען, זאלען אלע וויסען אז דאמיציאן איז דער איינציגער און מעכטיגסטער הערשער פון רוים... זאג מיר, קאסיוס, האב איך דען נישט געטהאן גערעכטיגקייט, ווען איך האב היינט אפגעראמט פון וועג אזעלכע צוויי פאררעטהער ווי לוסינוס און דורום?

—דער צעזאר איז גערעכט און זיינע משפטים זיינען גערעכטע, — האט קאסיוס זיך פארנייגט, — ווען איינער קען רידען שלעכטעס אויף א צווייטען הינטער זיין רוקען, קען ער איהם אויך ארייינשטעכען א מעסער הינטער זיין רוקען... יא, די צוויי סענאטארען האבען זייער טויט פארדיענט.

— שטעכען יענעם הינטער זיין רוקען! — האט דאמיציאן געזאגט, — אט אזא איינפאל בעאונרוהיגט מיך זעהר שטארק... ווייל ווער קען וויסען ווער עס לויערט דיר הינטער דעם רוקען... עס קען דאך זיין אז גראדע דער וועמען דו האלטסט פאר א פריינד, קען דיר באפאלען פון הינטען... זאג דאך מיר, ווי אזוי קען מען זיך אויסהיטען פון אזעלכע "פריינד", וועלכע איך נעהם אויף אין מיין אויפנאהם'ס צימער?

— איך האב פאר דעם אן עצה, — האט קאסיוס אויסגערופען, — זאל דער צעזאר הייסען מאכען די ווענט פון זיין אויפנאהם'ס צימער פון גלאנצענדען מארמאר־שטיין און די וואנט זאל גלאנצען ווי א שפיגעל... דאן וועט דער צעזאר זיך וויסען ווי אויסצוהיטען פון א שונא... ווייל ער וועט פון וואנט קענען זעהן ווען איינער וועט וועלען הויבען זיין האנד אויף זיין מאיעסטעט...

— דו ביזט קלוג און בראוו, קאסיוס, — האט דאמיציאן געזאגט, — איך וועל טאקע פאלגען דיין עצה און מאכען די ווענט פון מיין אויפנאהם'ס צימער פון מארמאר שטיין... יעצט קענסטו געהן, קאסיוס, און נעהם די געלד אלס בעלוינונג פאר דיין גוטע דינסט וואס דו לייסטעסט צו מיר, ווייל פון אלע

מיינע שפיאָנען ביזטו דער בעסטער און פאַר יעדען קאָפּ פון מיין שונא וועסטו קריגען א שטיק גאָלד באַלאָהנונג...

קאסיוס האָט גענומען די גאָלד און פאַרנייגענדיג זיך, האָט ער פאַרלאָזען דעם צימער.

דאַמיציאַן האָט זיך ווידער אויסגעצויגען אויף זיין בעטעל. זיין אויפרע־גונג איז עטוואס איינגעשטילט געוואָרען, זיין כעס האָט זיך פון איהם אינגאַנצען אָפּגעטהאָן... איצט האָט ער ווידער געזוכט ארויפצוברייגגען אויף זיינע גע־דאנקען די אנגענעהמע און פרעהליכע זאכען... מאָרגען דאַרף צו איהם קומען די שעהנע אַקטאַוויא וועמען ער האָט נישט געזעהן זינט ער איז ארויפגעשטיגען אויפ'ן טראָהן... זי וועט מוזען בלייבען מיט איהם, די שעהנע אידישע מיידעל... זאָל דאָמיציא, דעם גענעראל קארבולא'ס טאָכטער זעהן אז ער האָט געקראָגען נאָך א שעהנערע פון איהר... און דאָ האָט זיך דאַמיציאַן דערמאָהנט אָן זיין ערשטע ליעבע מיט דאָמיציא'ן. דאָס איז געווען ווען איהר פאָטער קארבולא האָט זיך צוריקגעקעהרט זיעגרייך פון ארמעניען, דאַן האָט ער צום ערשטען מאָל באַ־געגענט דאָמיציא'ן און האָט זיך אין איהר שטארק פאַרליעבט... אָבער זי איז געווען פאַרליעבט אין א צווייטען און האָט מיט איהם חתונה געהאַט... דאָס האָט איהם דאַן שטארק פאַרדראָסען... אמת, ער ליעבט איהר נאָך יעצט אויך, אָבער יעצט איז ער דאָך דער צעזאַר און ווי שטארק דאָמיציא מוז יעצט חרטה האָבען אויף דעם וואָס זי איז דאַן אוועק צו א צווייטען...

דאַמיציאַן האָט בעשלאָסען צו מאכען א מאָלצייט לכבוד אַקטאַוויא'ן און איינלאַדען דאָמיציא, זאָל זי אליין זעהן ווי שעהן אַקטאַוויא איז... וואָס ער זאָל טהאָן מיט אַקטאַוויא'ן האָט ער נאָך אליין נישט געוואוסט... ער וועט מיט איהר געווים נישט הייראַטען... ניין, ער וועט נישט מאכען א אידישע מיידעל פאַר די צעזאַרין פון רוים... אויב זי וועט פאָדערען פון איהם צופיעל, וועט ער איהר מסתמא משלח זיין ווי זיין ברודער האָט געטהאָן צו בערעניקא'ן... חתונה האָבען מיט א אידישע מיידעל וואָלט געמיינט דערצאָרענען יופּיטער'ן און דאָס האָט ער נישט געוואונשען... איין זאַך איז ער געווען זיכער, און דאָס איז, אז עטליכע יאָהר וועט ער מיט איהר פאַרברייגגען און ווען זי וועט פאַרלירען איהר חן אין זיינע אויגען, דאַן וועט ער איהר גלייך צוריקשיקען נאָך יהודה...

* * *

אויף מאָרגען גאַנץ פריה איז שוין מעסעלינא געווען ביי אַקטאַוויא'ן און איהר געזאָגט, אז היינט ערוואַרטעט איהר דאַמיציאַן.

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אז היינט וועל איך דיר געבען א תשובה, אָבער בעשטימט האָב איך דיר גאָרנישט געזאָגט, — האָט אַקטאַוויא איהר גע־פרעגט פערוואונדערט, — טאָ ווי אזוי קומט עס אז דער צעזאַר זאָל מיר שוין היינט ערוואַרטען?...

— פיעלייכט האָב איך דיך דאַן נישט ריכטיג פאַרשטאַנען, — האָט די ביטרע מעסעלינא געזאָגט, — אָבער איך האָב שוין איבערגעגעבען דאַמיציאַן אז היינט וועסטו איהם קומען באַזוכען צוזאַמען מיט דיין ברודער... און איך דאַרף דיר פערטרויען א סוד, — האָט זי געזאָגט עטוואס נידריגער, — אז דאָ־מיציאַן וואַרט אויף דיר מיט גרויס אומגעדולד... דו ביזט, ווי איך זעה, זעהר נאַאיוו און דו ווייסט נישט וואָס פאַר א גליק דיר שטעהט פאָר, נישט נאָר פאַר

דיר, נאָר אויך פאַר דיין ברודער, דיין פאָטער און פאַר אַלע דיינע פריינד אין יהודה . . .

אָקטאַוויאַ איז יעצט געבליבען שטעהן אין גרויס פאַרלעגענהייט. וואָס זאָל זי טהאָן? זאָל זי איהר אפשר אויסזאָגען דאָס זי האָט שוין חתונה געהאַט מיט אונוס'ן און דאַן איינמאָל פאַר אַלע מאָל וועט זי מעהר נישט בעלעסטיגט ווערען. דאָ אַבער האָט זי זיך דערמאַהנט אַז עס איז ביי אַלעמען אָפּגעמאַכט געוואָרען צו האַלטען דאָס בסוד ביז דער לעצטער מינוט... און ווען זי זאָל יעצט אַלעס ענטדעקען צו מעסעלינאַ'ן, קען זי נאָך אויך אַלעמען אין אומגליק ברייננען.

— מיין ליעבע מעסעלינאַ, — האָט זיך אָקטאַוויאַ אָפּגערופען צו איהר מיט אַ שמייכעל, — דו מיינסט דאָך נישט צו זאָגען אַז דו גלויבסט אַז דאַמיציאַן איז זעהר ערנסט וועגען מיר?...

— און דו דיינקסט אַז איך מיט דיין ברודער מיינען עס צו טרייבען שפּאַס פון דיר? — האָט מעסעלינאַ איהר געענטפערט.

— איך מיין, — האָט אָקטאַוויאַ געזאָגט, — אַז דער רוימישער צעזאַר קען דאָך נישט זיין זעהר ערנסט ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַ אידישע מיידעל און בפרט ווען זי שטאַמט נישט פון די קעניגליכע פאַמיליע..

— אַ, ניין, דו מאַכסט אַ טעות, אָקטאַוויאַ, — האָט מעסעלינאַ איהר גע־ענטפערט, — דאַמיציאַן איז יעצט געוואָרען זעהר ערנסט... און איך האָף אַז דו וועסט איהם זיכער נישט ענטטוישען... נאָכדעם ווי איך און דיין ברודער האָ־בען איהם פאַרזיכערט אַז דו קומסט חיינט...

— ווי אַזוי האָט דאָס מיין ברודער געקענט טהאָן? — האָט אָקטאַוויאַ זיך געוואונדערט.

— ווער איז דיר נאָך אַ בעסערער פריינד ווי דיין אייגענער ברודער? ער וועט דאָך געוויס נישט דערלאָזען אַז אַזאַ גרויסער גליק זאָל פון דיר פאַר־שווינדען. געדענק־זשע, היינט אַבענד וועסטו האָבען די גרעסטע געלעגענהייט אין דער וועלט... איך וועל נאָך שפּעטער צוקומען דיר העלפען זיך אָנצוטהאָן, — האָט מעסעלינאַ צוגעגעבען און פאַרלאָזען איהר צימער.

אָקטאַוויאַ איז געבליבען אַליין. אַ שוידער איז דורך איהר לייב ווען זי האָט זיך דערמאַהנט אַז היינט אַבענד וועט זי זיין געצוואונגען צו בעזוכען דעם רוימישען צעזאַר... זי, אונוס'ס פרוי, וועט דאַרפען פאַרברייננען מיט דאַ־מיציאַן! אמת, זי געהט דאָך מיט איהר ברודער.. וועט אַבער מאַנילוס אַליין דעם צעזאַר נישט העלפען? ער ווייסט דאָך נאָך נישט אַז זי איז פערהייראַטה... יאַ, זי איז זיכער אַז ער וועט נעבען דאַמיציאַן די געלעגענהייט צו בלייבען מיט איהר אַליין... ניין, זי מוז מאַנילוס'ן אַלעס דערצעהלען... ער איז דאָך איהר איי־גענער ברודער, ער וועט דאָך נישט דערלאָזען צו אַן אומגליק...

אָקטאַוויאַ איז גלייך אַרונטער צו אונוס'ן און מיט טרעהרען אין די אויגען זיך אָפּגערופען:

— דו ווייסט, מיין ליעבער הן, אַז איך בין געצוואונגען דיזען אַבענד צו באַזוכען דאַמיציאַן.. איך האָב געמיינט אַז איך וועל זיך קענען אַרויסדרעהען דערפון, איז אַבער יעצט ביי מיר געווען מעסעלינאַ און מיר געזאָגט, אַז דער צעזאַר ערוואַרטעט מיר דיזען אַבענד און אַז איך וועל איהם מוזען בעזוכען...

וואס זאל איך טהאן?... — האט זי זיך פאנאנדערגעכליפעט. — מיין גוטער, ליעבער מאן, וואס זאל איך טהאן?

— מיין ליעבענקע אסתר, — האט איהר דן ארומגענומען און געקושט, — מיין געטרייע הײליגע פרוי, — איך וועל מיט דיר מיטגעהן און ערקלעהרען דאַ־מיציאן אז דו ביזט צו מיר פערהייראט לויט דעם אידישען דין.

—איך האב אבער מורא, — האט זי זיך אפגערופען, — אז דאמיציאַן וועט זיין צארן אויף דיר אויסגיסען און דיך וועלען בעשטראפען... פארשטעהסטו, איך בין דאך איינגעלאדען צוזאמען מיט מיין ברודער...

— נו, אויב אזוי, טהייערע אסתר, דארפסטו דאך זיכער נישט זיין בע־זארגט וועגען דעם... ווען דיין ברודער וועט זיין מיט דיר וועט דאך גאָרנישט פאסירען...

—מיין ברודער אבער ווייסט דאך נישט אז איך בין פערהייראט! — האט זי זיך אפגערופען, — גלויבסטו נישט, דן, אז יעצט איז געקומען די צייט, דאס מיין איינענער ברודער מוז וויסען אונזער סוד...

—דו ביזט גערעכט, מיין קלוגע אסתר, — האט איהר דן ווידער געקושט, — יעצט איז געקומען די צייט אז דו זאלסט איהם דערצעהלען אז מיר זיינען מאן און פרוי... ער וועט זיכער דאן אליין זעהן צו פארמיידען אן אומגליק.

— ווי פערדארבען מיין ברודער זאל נישט זיין, וועט ער דאך נישט וועלען אז זיין שוועסטער זאל דארפען ליידען... גוט, איך וועל איהם היינט אלעס דערצעהלען...

— האט דיין ברודער אויך גוט געקענט מיין פאטער און שוועסטער? — האט איהר דן געפרעגט.

— צי האט ער זיי געקענט? — האט אסתר געשמייכעלט, — ער איז דאך געווען שטארק פארליעבט אין דיין שוועסטער... ווער וואלט זיך דאס אין איהר נישט פארליעבט, אין דער שעהנער קלוגער רחל?!... איך האב איהם אבער געזאגט, אז ער זאל זיך דאס ארויסשלאגען פון קאפ, ווייל ער קומט צו איהר ווי נאכט צום טאג... איך געדענק נאך יעצט אז דעם גאנצען טאג, איידער מיר זיינען אפגעפאהרען נאך רוים, איז מאנילוס אפגעשטאנען נעבען דיין פאטער'ס הויז, מיט דער האפנונג זיך צו זעהן מיט דיין שוועסטער פאר זיין אפפאהרען... אין אונזער הויז, האט קיינער נישט געוואוסט וואהין ער איז אהינגעקומען דעם גאנצען טאג... און פארנאכט האב איך איהם געטראפען שפאצירענדיג ארום כלבא שבוע'ס הויז... ווען איך בין ארויף זיך געזעגענען מיט רחל'ן, האט ער מיך געבעטען איך זאל איהר זאגען אז ער וויל אויך ארויפקומען. אבער דא האט רחל נישט געפיהלט אזוי גוט און איך האב אפילו זיין נאמען נישט דער־מאהנט פאר איהר...

* * *

ווען מאנילוס איז געקומען האט איהם אקטאוויא אריינגערופען צו זיך אין צימער.

— זאג מיר, מיין ברודער, — האט זי זיך אפגערופען, — דארף איך דיר עס אויך דאנקען וואס איך בין געצוואונגען היינט צו בעזוכען דעם צעזאר...

— אביסעל, — האט מאנילוס געשמייכעלט, — פארגעס נישט, אז דער צעזאר איז מיין בעסטער פריינד, איך ווער זעהר אפט איינגעלאדען צו זיין

פאלאץ... נו, פארשטעהסט זיך, אז ער איז אויך פעראינטערעסירט אין זיין פריינד'ס שוועסטער...

— אבער דו, מיין ברודער, ווייסט ראָך, אז דאס אלעס איז געמאכט געוואָרען געגען מיין ווילען... ווילסטו דען ברייננען אן אומגליק אויף דיין איינציגע שוועסטער...

— כא, כא, כא! — האט זיך מאנילוס פאנאנדערגעלאכט, — דו רופסט עס גאר אַן אומגליק! ניין, מיין שוועסטער, נישט קיין אומגליק, נאר דער גרעסטער גליק איז עס פאר דיר, פאר מיר, און פאר אונזער פאטער... די גאנצע וועלט וועט דאך דיך מקנא זיין... א קלייניגקייט, די הערשערין פון דער גאנצער רוימישער אימפעריע!

—פון וואנען ביזטו עס אזוי זיכער אין מיין גליק? — האט אקטאוויא קאלט געפרעגט.

— פון וואנען איך בין זיכער? — האט מאנילוס אויסגערופען מיט שטאלץ, — איך בין זיכער, ווייל דאָמיציאן האט מיר שוין עטליכע מאל געזאגט, אז ער וועט דיר הייראטען און מאכען די צעזארין פון רוים.

— ווי אזוי וועט ער מיך קענען הייראטען, ווען איך בין שוין א פערהייראטע פרוי!...

— דו, א פערהייראטע פרוי? !... — האט מאנילוס געלאכט, — דו האסט נאָך קיינמאל אזא שעהנעם שפאס נישט געזאגט ווי יעצט...

— איך שפאס שוין גארנישט, מיין ברודער. — האט אקטאוויא געזאגט מיט ערנסט, — שוין באלד צוויי וואכען ווי איך בין פערהייראט...

— פערהייראטה!... — האט מאנילוס אויסגעשריען מיט פערצווייפלונג, — זאָג דאך מיר, מיין שוועסטער, דו מיינסט עס דאך נישט ערנסט?... עס איז דאך געווים נישט ריכטיג!

— צו מיין גליק איז דאס ריכטיג, — האט אקטאוויא געזאגט, — שוין באלד צוויי וואכען ווי איך בין פערהייראט צו אונוס'ן...

— צו אונוס'ן! דעם געפאנגענעם שקלאף!... — האט מאנילוס געשריגען און זיין גאנצער קערפער האט געציטערט, — דו, מיין איינציגע שוועסטער זאל טהאן אזא שרעקליכע און שוידערליכע זאך, דו האסט דאך אונז אלעמען פאראומגליקט... דאס גליק האט אין דיין טיהר געקלאפט און אנשטאט די טיהר צו עפענען און אויפנעהמען עס, האסטו יעצט זי נאָך שטארקער פארשלאסען און דעם גליק פון דיר פאריאגט... צוליעב א אידישען געפאנגענעם!

— ווייסטו דען ווער דער אידישער געפאנגענער איז? — האט אקטאוויא איהם מיט געלאסענהייט געפרעגט.

—אז מיר קימערט גארנישט ווער ער איז, — האט מאנילוס געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען... — אבער דו האסט אויסגעביטען א קעניג אויף א שקלאף!...

— איך וואלט זיין איין האר נישט געביטען אויף צעהן קעניגע, — האט אקטאוויא געענטפערט...

— מיין ארעמער פאטער, — האט מאנילוס ווי צו זיך גערעדט, — דו מוזט שוין יעצט זיין אויף דיין וועג נאָך רוים, מיט דער האפנונג צו זעהן ווי דיין איינציגע טאכטער ווערט די צעזארין פון רוים... און יעצט, יעצט ווע...

ער דארפען צוזעהן מיט זיינע אויגען די גרויסע שאנדע וואס דו האסט אויף אונז אלעמען געבראכט.

— וואס מיינסטו דאמיט? — האט איהם אקטאוויא שנעל געפרעגט, — ווי קומט אונזער פאטער צו זיין יעצט אויפ'ן וועג נאך רוים?...

— איך און מעסעלינא זיינען געווען אזוי זיכער, אז פון דיין זייט וועט קיין אפהאלט נישט זיין צו ווערען דאמיציאן'ס פרוי, און ווען זי האט געשריבען צו סעיאנוס בורוס'ן וועגען דעם, האב איך באשטעטיגט איהרע ווערטער מיט א בריעף צו אונזער פאטער און איהם געבעטען ער זאל אלעס אויספערקויפען און אבפאהרען נאך רוים צוזאמען מיט סעיאנוס'ן, ער זאל האבען בי געלעגענהייט צו זיין אויף דיין חתונה מיט דעם צעזאר... און יעצט וועט ער קומען און אויסגעפינען אז זיין טאכטער איז גאר פערהייראט צו א שקלאף. וועט דען אזא אומגליק איהם פון דער וועלט ניט אוועקשיקען?

— וועגען דעם דארפסטו נישט זארגען, מיין ברודער, — האט אקטאוויא געזאגט, — איך בין זעהר גליקליך אז מיין פאטער קומט אהער, און איך בין זיכער אז ווען ער וועט אויסגעפינען אז מיין מאן איז כלבא שבוע'ס זוהן, רחל'ס ברודער, וועט ער אויך גליקליך זיין...

— וואס?! — האט מאנילוס געשטוינט, — איז אונוס רחל'ס ברודער!!

— יא, מאנילוס, — האט אקטאוויא מיט שטאלץ געזאגט, — אונוס איז כלבא שבוע'ס פארלארענער זוהן דן... דער אידישער העלד וועלכער האט אזוי בראוו און העלדיש געקעמפפט פאר אונזער פאטערלאנד. זיין פאטער און שוועסטער האלטען איהם שוין לאנג פאר טויט. זיי זיינען געווען זיכער אז ער איז געפאלען אין שלאכט מיט די רוימער· אבער טיטוס האט איהם נור געפאנגען, און יעצט איז דער געפאנגענער מיין מאן!..

מאנילוס איז א ווילע געשטאנען א צוטומעלטער און נישט געקענט עפענען זיין מויל... בילדער פון זיין פארגאנגענהייט זיינען פארבייגעשוואומען זיינע אויגען... אט זעהט ער זיין געבורטסשטאדט, זיין פאטער'ס הויז... רחל'ן, די שעהנע רחל... וואס וואלט ער נישט געטהאן זי זאל איהם אויך אזוי ליעב האבען ווי ער איהר... איז דען זיין גאנצער אוועקפאהרען אין רוים נישט געווען צוליעב איהר..· ער האט געדענקט, ער וועט גרויס ווערען און דאן וועט רחל פון איהם מעהר האלטען און אפשר וועט זי איהם אויך ליעב באקומען..·

— ווי אבער איז דאס אלעס פארגעקומען? — האט מאנילוס נאך אלץ געשטוינט.

אקטאוויא האט איהם יעצט אלע איינצעלהייטען דערצעהלט.

— נו, זאג אליין, מאנילוס, — האט זי צוגעגעבען ווען זי האט געענדיגט דערצעהלען, — זיינען נישט די וועגען פון אונזער גאט וואונדערבאר און גרויס... ער האט געוואלט אומקעהרען דעם פארלארענעם זוהן און ברודער צו זיין פאטער און שוועסטער, האט ער געמאכט, אז איך, זיין באשערטע, זאל קומען אהער און יעצט וועלען מיר אלע פעראייניגט ווערען... ווייל דו דארפסט אויך נישט פארגעסען אז אונוס האט געדענקט אז זיין פאטער און שוועסטער זיינען שוין פון לאנג טויט...

— מיין ליעבע שוועסטער, — האט מאנילוס איהר געקושט, — דו האסט מיר יעצט מיינע אויגען געעפענט, און איך בין דיר זעהר דאנקבאר דערפאר...

איך האָב די גאַנצע צייט געבלאָנדזשעט אויף פרעמדע וועגן, איך בין געגאַנגען קלייבן בלומען אין פרעמדע גערטנער, נישט וויסנדיג אַז מיר אַליין פאַרמאָגן די שענסטע און טײַערסטע בלומען... יאָ, מיין שוועסטער, איך גיב צו אַז דו ביזט גערעכט, און יעצט דאַרפען מיר זיין זעהר פאָרזיכטיג, כדי צו פאַרמייַדען אַן אומגליק... קום, פיהר מיך צו אונוס'ן, איך וויל זיך מיט איהם צוקושען און איהם הערצליך באַגריסען צו דער געלעגענהייט פון זיין חתונה מיט דיר, און דערנאָך וועל איך זיך מיט איהם בעראַטהען ווי צו האַנדלען היינט אין אָבענד ביי דאָמיציאַן.

ביידע זיינען אַרונטערגעגאַנגען און אַריין אין אונוס'עס צימער.

אונוס וועלכער איז געזעסען פאַרטיעפט אין זיינע געדאַנקען און האָט אויסגעקוקט שטאַרק בעזאָרגט, איז זיי גלייך אַנטקעגען געגאַנגען.

— מיין ליעבער דן, — האָט זיך אָקטאַוויאַ צו איהם אָפּגערופען, — מיין ברודער מאַנילוס ווייס שוין פון אַלעם און ער איז עס יעצט געקומען דיך צו באַגריסען.

— מיין טהייערער שוואָגער, — האָט איהם מאַנילוס געהאַלזט און געקושט, — דיזער טאָג וועט פאַר מיר פאַררעכענט ווערען דער גליקליכסטער אין מיין לעבען, ווייל היינט האָב איך זיך זעלבסט געפונען...

— און איך האָב אין דעם נאָך קיין מאָל נישט געצווייפעלט, — האָט אָקטאַוויאַ געזאָגט אַ צופרידענע, — איך האָב אימער געוואוסט, אַז דו וועסט ווערען דער מיט וועמען איך וועל שטאָלצירען צו האָבען פאַר אַ ברודער.

— ווער וואָלט עס ווען עס איז געקענט חלומ'ן! — האָט מאַנילוס אויסגערופען, — אַז גלייך ביי אונזער אָנקומען אין רוים וועלען מיר זיך טרעפען מיט רחל'ס ברודער, כלבא שבוע'ס זוהן. יעצט זעה איך אַז דאָס האָט אונזער גאָט, דער גאָט פון ישראל, צוזאַמענגעבראַכט... ווייל אַזוי איז געווען זיין ווילען... יעצט מוזען מיר זיך בעראַטהען ווי אַזוי צו האַנדלען מיט דעם צעזאַר... איך מיין אַז מיר קענען דאָך שוין רעדען אָפען. דאָמיציאַן האָט זיך אין מיין שוועסטער פאַרליעבט נאָך איידער ער איז געוואָרען דער צעזאַר פון רוים, ער האָט געבעטען מיך און מעסעלינאַ'ן איהם אין דעם אַרויסצוהעלפען... נאָכדעם ווי ער האָט מיר פאַרשפּראָכען דאָס ער וועט מיט איהר חתונה'ן, האָב איך איהם צוגעזאָגט אַרויסצוהעלפען... דער היינטיגער אָבענד איז באַשטימט געוואָרען פון דאָמיציאַן פאַר אָקטאַוויאַ'ן צו קומען מיט מיר איהם בעזוכען... איך בין זיכער, אַז אויב ער וועט אויסגעפינען אַז אָקטאַוויאַ איז נאָר וואָס פערהייראַט געוואָרען, וועט ער זוכען נקמה צו נעהמען פון אונז אַלעמען... דאַריבער איז מיין עצה, אַז ווי ווייט מעגליך זאָל ער דערפון נישט וויסען... און ווען עס וועט שוין קיין אַנדער ברירה נישט זיין, ערשט דאַן וועלען מיר איהם ענטדעקען דעם סוד.

— איך גלויב אויך, אַז דאָס איז דערוויל דער איינציגער וועג, — האָט דן צוגעגעבען.

— אין אָבענד וועסטו אָנטהאָן זעהר איינפאַכע קליידער, — האָט מאַנילוס געזאָגט צו זיין שוועסטער, — דו וועסט זיך גאַרנישט וואַשען און שמירען, כדי זאָלסט אויסקוקען וואָס ווייניגער צוציהענד און אפשר וועסטו איהם גאַרנישט געפעלען, דאַן וועט אַלעס רעכט זיין.

— מעסעלינאַ איז דאָך נאָר וואָס ביי מיר געווען, — האָט אָקטאַוויאַ

געענטפערט, — און זי האט מיר אנגעזאגט, אז איידער איך וועל דארפען געהן צו דאמיציאן וועט זי אהער קומען און מיר העלפען זיך אנטהאן...

—דו דארפסט זעהן, מאנילוס, ווי ווייט מעגליך נישט צו דערלאזען אז מעסעלינא זאל קומען און העלפען איהר זיך אויסצופוצען פאר דאמיציאן, — האט דן געזאגט.

— איך וועל טהאן אלעס וואס מעגליך, — האט מאנילוס געזאגט.

— מיר דארפען זיך נאך פריהער אויך בעראטהען מיט קלעמענס'ן, זיין פרוי און יאזעפוס פלאוויוס, — האט אקטאוויא געזאגט, — ווייל ווער ווייס נאך אזוי גוט די לאגע ווי זיי.

אלע דריי זיינען אריין אין זאאל וואו קלעמענס און דאמיציליא האבען זיך געפונען.

דן האט זיי דערצעהלט וועגען דער ענדערונג וואס איז פארגעקומען אין מאנילוס'ן זינט ער האט אויסגעפונען דאס אקטאוויא איז צו איהם פערהייראט...

— מיר האבען דיך פון אימער געהאלטען אלס פרעמדער צווישען אונז, — האט קלעמענס געזאגט, — יעצט בין איך העכסט צופריעדען אז דו ביזט צוריק געווארען אונזער אייגענער פון וועמען מיר וועלען מעהר זיך נישט דארפען בעהאלטען מיט אונזערע סודות...

— וואס זאלען מיר יעצט טהאן וועגען דאמיציאן? — האט מאנילוס געפרעגט, — זאל ער באלד פון אלעס וויסען, אדער עס איז גלייכער אז דערווייל זאל ער פון גארנישט וויסען?

— מיין עצה איז, — האט זיך קלעמענס אנגערופען, — אז מען זאל גלייך דערצעהלען איידער די זאך געהט צו ווייט...

— וואס וועט אבער זיין, ווען ער וועט אין כעס ווערען? — האט דאמיציליא געפרעגט.

— וועט ער זיין אין כעס אזוי לאנג ביז וואנען עס וועט איהם איבערגעהן, — האט קלעמענס געזאגט.

— אבער דו ווייסט דאך, אז נעכטען איז ער אין כעס געווארען אויף צוויי סענאטארען, און וואס האט ער געטהאן?!...

— יא, דער טיראן האט זיי געטויטעט, — האט קלעמענס צוגעגעבען, — צוויי אומשולדיגע סענאטארען, — אבער דאס האט ער געטהאן, ווייל ער האט מורא פאר זיין לעבען... מסתמא האט איהם איינער פון זיינע שפיאנען דערצעהלט אז זיי ווילען מאכען א פארשווערונג געגען איהם... אבער איך גלויב נישט, אז ער זאל זוכען צו בעשטראפען וועמען עס איז צוליעב דעם וואס אקטאוויא איז פערהייראטה... זי איז דאך צו איהם קיינמאל נישט געגאנגען און קיינע פארשפרעכונגען נישט געמאכט...

— פון דעסטוועגען איז בעסער אז ער זאל דערפון גלייך נישט וויסען, — האט דאמיציליא געזאגט, — עס וועט קיינמאל נישט זיין צו שפעט דאס איהם צו דערצעהלען...

— איך גלויב, אז מיר זאלען האנדלען לויט די אומשטענדען, — האט אקטאוויא געזאגט, — אויב זיין באנעהמען זיך צו מיר וועט פאדערען אז מען זאל איהם גלייך דערצעהלען, וועלען מיר עס באלד טהאן... און אויב נישט וועלען מיר נאך ווארטען דערמיט.

### פינף און דרייסיגסטער קאפיטעל

## אויף דעם אינזעל

**מעסעלינא** האט זיך געפיהלט איבערגליקליך וואס איהר איז געלונגען איבערצורעדען אקטאוויא'ן צו געהן צו דאמיציאן. זי האט גאנץ גוט געוואוסט, אז דאמיציאן וועט איהר דערפאר שטהן בעלוינען... זי ווייס אז זי דארף האבען פון דאמיציאנ'ען פיעלע טובות און יעצט איז זי זיכער אז ער וועט איהר קיין זאך נישט ענטזאגען. זי פיהלט זיך זעהר שטאלץ דאמיט וואס זי קומט בעזוכען דעם צעזאר צו יעדער צייט, אלע בעאמטע און חויף-לייט קוקען אויף איהר מיט דרך ארץ... אט איז זי שוין היינט געווען איינמאל ביי דעם צעזאר און יעצט האט ער ווידער געשיקט איהר רופען... מסתמא וויל ער זיך מיט איהר בעראטהען וועגען א וויכטיגען ענין.

מעסעלינא האט אומגעביטען איהרע קליידער און איז באלד אוועק צו דאמיציאן. איהר האט מען גלייך צו איהם צוגעלאזען.

— גוט וואס דו ביזט געקומען, — האט זיך דאמיציאן צו איהר אפגע-רופען, — איך וויל אז דו זאלסט אריבערגעהן צו דאמיציא, דעם גענעראל-גארבולא'ס טאכטער און איהר איינלאדען צו קומען היינט אבענד צו דעם מאלצייט וואס איך מאך לכבוד אקטאוויא'ן. זעה אז זי זאל קומען אליין, אהן איהר מאן... פארשטעהסטו, איך וויל, אז זי זאל זעהן אקטאוויא'ן, און זאל זי ווערען אביסעל אייפערזיכטיג... זי איז געווען די ערשטע וועמען איך האב שטארק געליעבט איידער איך בין געווארען צעזאר, זי האט אבער געהייראט מיט א צווייטען... זאל זי זעהן אז איך האב געפונען א שעהנערע פון איהר...

— ווי קומט דאמיציא צו אקטאוויא'ן, — האט מעסעלינא געשמייכעלט, — איך גלויב אז דער צעזאר האט געמאכט א גוטען אויסבייט, אקטאוויא איז פיעל שעהנער פון גארבולא'ס טאכטער.

— דאריבער וויל איך אז זי זאל עס אליין זעהן, — האט דאמיציאן צוגעגעבען, — דו זעה אז זי זאל היינט אין אבענד קומען. איך ווייס אז איך קען זיך אויף דיר פארלאזען...

— דער צעזאר מעג וועגען דעם זיין רוהיג, — האט מעסעלינא געענט-פערט, — זיין וואונש וועט ערפילט ווערען.

— האסטו צוגעגרייט אלע קליידער פאר אקטאוויא'ן, ווי איך האב פון דיר פארלאנגט? — האט ער איהר געפרעגט.

— די קליידער וואס איך האב אנגעגרייט פאר אקטאוויא'ן פאר היינטיגען אבענד זיינען די שעהנסטע אין רוים, און דערצו האב איך נאך צוגעגעבען איינינגע צופוצונגען. איך גלויב אז די קליידער וועלען צוגעבען צו איהר שעהנקייט נאך משהר חן און צויבער... איך אליין וועל איהר העלפען זיך אנטהאן, און דו קענסט זיכער זיין אז אקטאוויא וועט שיינען ווי דער מארגענשטערען...

* * *

דעם גאנצען טאג איז מעסעלינא געווען שטארק פארנומען. פון דאמיציאן איז זי גלייך אוועק צו דעם גענעראלס טאכטער דאמיציא. איבעריגנס ליעב האט זי איהר נישט געהאט... און יעצט ווען א געלעגענהייט איז צו איהר געקומען און

זי וועט איהר קענען פארשאפען אביסעל עגמת נפש. איז זי געוועזן דערפון גאנץ צופרידען.

— מיין ליעבע דאמיציא, — האט איהר מעסעלינא באגריסט מיט א שמייכעל, — איך ברייננ דיר א גרוס פון דעם צעזאר...

— פון דאמיציאן ! — האט דאמיציא אויסגערופען מיט פערוואונדערונג, — האט ער דען נאך אין מיר נישט פארגעסען ?

— ער דערמאהנט דיך זעהר אפט, — האט זיך מעסעלינא אפגערופען, ווי זי וואלט זיך געוואלט א רייץ טהאן מיט איהר, — דו ווייסט דאך, אז די ערשטע ליעבע קען מען אזוי שנעל נישט פארגעסען.

— יא, — האט דאמיציא טרויעריג געשאקעלט מיט'ן קאפ, — איך בין דאן געוועזן צו יונג, איך האב נישט פאראויסגעזעהען וואס מיר קען ערווארטען... איך האב דאן גאר נישט געקענט זיך פארשטעלען אז דאמיציאן וועט נאך ווערען דער צעזאר פון רוים... ווער וואלט עס געגלויבט אז טיטוס זאל אזוי יונג פון דער וועלט אוועקגעהן און דאמיציאן זאל אויף דעם טראהן ארויפשטייגען.

— מיר אלע מאכען פעהלערן אין אונזער לעבען, — האט מעסעלינא געזאגט, — און דער פעהלער וואס דו האסט געמאכט דארף זעהר שטארק בעדויערט ווערען... נאר איין טרייסט גלויב איך, האסטו, און דאס איז די שטארקע ליעבע צו דיין מאן. און וואס מעתר דער קרבן פאר די ליעבע איז גרעסער, אלץ אנגענעהמער און זיסער איז די ליעבע. און איך קען זיך יעצט פארשטעלען ווי שטארק דו ליעבסט דיין מאן...

— דעם אמת זאגענדיג, — האט דאמיציא א זיפץ געטהאן, — איז מיין גרויסע ליעבע צו מיין מאן אפגעקיהלט געווארען... ווייל ווען איך דערמאהן זיך, אז די ליעבע האט מיר געקאסט א קעניגרייך, זעה איך איין אז דאס האט זיך קיינמאל נישט געלוינט... בפרט נאך יעצט ווען מיין מאן האט מיר אין גאנצען פערשקלאפט און ער איז אייפערזיכטיג אויף יעדען איינעם וועלכער רעדט מיט מיר אוים אווארט... דו ווייסט, מעסעלינא, דיר מעג איך דאך פארטרויען, איך טראג מיך ארום מיט דעם געדאנק זיך צו שיידען פון איהם... עס זיינען פאראנען צייטען וואס איך קען איהם פשוט נישט ליידען... א, איך בין דאך אזוי גליקליך וואס דאמיציאן האט זיך אן מיר דערמאהנט, זאג דאך מיר, ווייסטו פיעלייכט די אורזאכע פאר וואס ער האט זיך אן מיר פלוצלינג דערמאהנט ?...

—דאס צייגט, אז דאמיציאן טראכט נאך זעהר פיעל פון דיר, ווייל צום היינטיגען מאלצייט זיינען נור איינגעלאדען זיינע נאהענטסטע און בעסטע פריינד... וועסטו דאך געוויס זיין היינט אבענד.

— צי איך וועל זיין ? — האט דאמיציא אויסגערופען מיט שמחה, — געוויס וועל איך זיין ! כא, כא, כא... און מיין מאן וועט אפילו מיר נישט קענען אפהאלטען פון צו געהן... איך וועל געהן אליין אהן איהם !... וויל גליקליך איך בין.

ווען מעסעלינא האט איהר פארלאזען, האט זי נאך לאנג צו זיך געלאכט.

— יא, — האט זי זיך געטראכט, — דאמיציא ווייס נישט, אז דער צעזאר האט איהר בכיון איינגעלאדען, כדי זי זאל זעהן די שעהנע אקטאוויא אויף וועמען ער האט איהר פארביטען... זאל זי נאר היינט זיין, און ערשט דאן וועט זי וויסען וואס עס הייסט ליידען...

מאנילוס האט כמעט דעם גאנצען טאג געווארט אויף מעסעלינא'ן אין איהר הויז... ער האט יעצט געהאט נור איין וואונש, און דאס איז צו פארהיטען זיין שוועסטער פון אן אומגליק... ער וועט דארפען אנווענדען אלע מעגליכקייטען צו מאכען אז אקטאוויא זאל דאמיציאן נישט געפעלען ווערען... ווען ער וועט קענען אויספיהרען אז מעסעלינא זאל נישט קומען צו העלפען אקטאוויא'ן זיך אנטהאן, דאן וואלט פיעלייכט דער פלאן דורכגעפיהרט געווארען; אקטאוויא וואלט זיך גאר נישט פארפוצט, נישט פארשמירט, זי וואלט אנגעטהאן זעהר נישט קיין אנציהענדע קליידער און דאן וואלט דער צעזאר זיכער איהר צורוה געלאזען.

— דו ווארטסט שוין לאנג אויף מיר? — האט מעסעלינא איהם באגריסט, ווען זי איז אריין צו זיך אין הויז און דארטען געטראפען מאנילוס'ן, — גוט וואס דו ביזט געקומען, איך וויל דיר ווייזען די שעהנע קלייד וואס איך האב אויסגעקליבען פאר אקטאוויא'ן צו טראגען היינט אבענד... ווען דאמיציאן וועט איהר דערזעהען אין דעם קלייד, וועט זיין ליעבע צו איהר נאך שטארקער זיך צופלאקערען...

מאנילוס איז בלאס געווארען. ער האט קיין ווארט נישט גערעדט, ער האט בעטראכט די קלייד וואס מעסעלינא האט איהם געציייגט.

— געפעלט דען דיר נישט דאס קלייד? — האט מעסעלינא איהם גע-פרעגט פערוואונדערט, — דיינקסטו נישט אז אקטאוויא וועט אין דיזער קלייד זיין נאך מעהר רייצענד?...

— הם... איך מיין אז דו האסט זיך גארנישט געדארפט מטריח זיין, ווייל אקטאוויא האט פיעלע שעהנע קליידער וועלכע פאסען איהר זעהר גוט...

— פארגעס אבער נישט, מאנילוס, — האט מעסעלינא הארציג געלאכט, — אז דיזעס קלייד איז געמאכט נור פאר אזעלכע וועלכע דארף זיך טרעפען מיט איהר קעניגליכען געליעבטען!... און לאמיר דיר זאגען, מאנילוס, אז ווי נאר דאמיציאן וועט דערזעהען דיין שוועסטער אין דיזער קלייד, וועט ער זיך אויף א מינוט נישט קווינקלען און גלייך ערקלעהרען אקטאוויא'ן אלס די צעזארין פון רוים!...

מאנילוס האט נישט ווילענדיג ארויסגעלאזען א שטילען זיפץ.

— איך פארשטעה דיך נישט, מאנילוס, — האט זיך מעסעלינא צו איהם אפגערופען, — ווי איך זעה האסטו זיך יעצט אין גאנצען געענדערט. אין דער צייט ווען דיין גליק און דיין שוועסטערס גליק איז אזוי נאהענט, ביזטו גאר אפגעקיהלט געווארען... זאג דאך מיר, וואס איז די אורזאכע דערפון?...

— הם... איך וועל דיר זאגען דאס אמת, — האט מאנילוס געשטאמעלט, — וואס נעהענטער די צייט קומט אז אקטאוויא זאל קומען צו דאמיציאן, אלץ מעהר שרעקט מיך דאס הארץ, ווייל נאך אלעמען ווי קומט אקטאוויא צו דעם צעזאר פון רוים... זי איז דאך נישט מעהר ווי א אידישע מיידעל און דערצו איז נאך אקטאוויא נישט געוואוינט צו די קעניגליכע מאניערען...

— זייט ווען ביזטו עס געווארען אזוי ווייך און שרעקעדיג, — האט איהם מעסעלינא פארגעווארפען, — דו דארפסט וויסען אז דאמיציאן בעהאנדעלט די פרויען זעהר גוט און איידעל, און אקטאוויא'ן וועט קיין שלעכטס נישט גע-שעהן, אויב זי וועט נאר וויסען ווי זיך צו האלטען אין זיין אנוועזענהייט...

— עס קען דאך אבער זיין אז אקטאוויא וועט דאך נישט וועלען איינשטימען צו דאמיציאן׳ס פארשלאג... און דאן וועט דאך מיין ארימע שוועסטער דארפען ליידען פון דאמיציאנ׳ס כעס.

— וועגען דעם קענסטו זיך בארוהיגען, — האט איהם מעסעלינא געזאגט, — עס איז נאך נישט געבארען געווארען די פרוי אויף דער וועלט, וועלכע זאל זיך ענטזאגען צו ווערען א קעניגין... און ווען זי וועט זעהן אז דאמיציאן איז זעהר ערנסט, וועט זי זיין זעהר גליקליך זיין פארשלאג אנצונעהמען...

— ווי אבער וועט זיין אז צוליעב פערשידענע אורזאכען וועט זי נישט קענען אננעהמען זיין פארשלאג ? — האט מאנילוס געפרעגט בלאס ווערענדיג.

— קיין זאך אין דער וועלט וועט נישט קענען שטעהן אין זייער וועג, — האט מעסעלינא געזאגט מיט בעשלאסעהייט. — יעצט אבער לאמיר געהן, ווייל עס ווערט שוין שפעט, איך דארף דאך העלפען אקטאוויא׳ן מיט די קליידונג און צושמירונג, און פון דארטען וועלען מיר אלע דריי פאהרען אין מיין קארעטע גלייך צו דאמיציאן...

מאנילוס האט זיך ארומגעזעהן אז אפצוריידען מעסעלינא׳ן פון מיטצוגעהן מיט איהם וועט איהם נישט געלינגען... יעצט האט איהם שטארק פארדראָסען פארוואס ער איז גאר געקומען צו איהר... ווען ער זאל האבען דורך וועמען אנצוזאגען אקטאוויא׳ן זי זאל פון הויז ארויסגעהן און זיך נישט צוריקקעהרען ביז עס וועט זעהר שפעט ווערען, כדי מעסעלינא זאל קיין צייט נישט האבען איהר אויסצופוצען...

— וואס ביזטו פערטראכט, מאנילוס ? — האט מעסעלינא צו איהם געזאגט, — קום, די קארעטעווארט דאך אויף אונז... איך האב אלעס צוגעגרייט... ווארט, דו אליין וועסט נישט דערקענען דיין איינציגע שוועסטער, אזוי שעהן וועל איך איהר אויספוצען...

ביידע האבען זיך אריינגעזעצט אין דער קארעטע און זיינען צוגעפאהרען צו קלעמענס׳ס הויז.

ווען אקטאוויא האט דערזעהען איהר ברודער מיט מעסעלינא׳ן, האט איהר הארץ א ציטער געטהאן... האט דען מאנילוס איהר ווידער פערראטהען ?... ער האט דאך אליין געזאגט דאס זי דארף זיך וואס ווינציגער אויספוצען און דא האט ער נאך געבראכט אהער מעסעלינא׳ן...

— איין זאך וועסטו באלד מוזען צוגעבען, — האט מעסעלינא געזאגט צו אקטאוויא׳ן מיט א שמייכעל, — אז דיין ברודער האט זעהר א גוטען געשמאק, זעהסטו די קלייד וואס ער האט פאר דיר אויסגעקליבען פאר׳ן היינטיגען אבענד... דו זעהסט ווי שעהן זי איז, — און זי האט ארויסגענומען די קלייד און איהר געצייגט, — אזא קלייד האט נאך קיין איין פרוי אין רוים נישט געטראגען, מעסט עס נאר אן, און איך האף אז דאס קלייד וועט זיין צו דיר ווי צוגעמאסטען...

אקטאוויא האט געווארפען א בייזען בליק אויף איהר ברודער. איהר חשד האט זיך נאך יעצט פארשטארקט אז איהר ברודער איז ווידער געווארען בעאיינפלוסט פון מעסעלינא׳ן...

— דו מוזט זיך אביסעל צואיילען, אקטאוויא, ווייל עס ווערט שוין שפעט. נעהם, טהו אן די קלייד...

— איך בין דאך נישט געוואוינט צו טראגען אזא קלייד, — האט אקטאוויא

גערזאגט, — און איך וועל זיך אין איהר נעווים נישט פיהלען באקוועם... איך וועל זיך אנטהאן בעסער אין איינע פון מיינע קליידער...

— איך גלויב אויך אז מיין שוועסטער'ס אייגענע קליידער וועלען איהר בעסער פאסען ווי די קלייד, — האט זיך מאנילוס אריינגעמישט.

— צו א קעניגליכען מאלצייט קומט מען נישט אין איינפאכע קליידער, — האט מעסעלינא איהר געזאגט, — און דו, מאנילוס, ווייסט עס גאנץ גוט, אז נישט וואלסטו דאך אליין נישט אויסגעקליבען אזא קלייד פאר דיין שוועסטער

מאנילוס האט ווידער באמערקט די צארענדע בליקען פון זיין שוועסטער. ער האט גענומען וויטקען צו איהר זאל זי זאל איהר נישט גלויבען, אבער אקטאוויא איז געווען אזוי ערשיטערט און צוטומעלט, אז זי האט גארנישט באמערקט.

— יעצט געה ארויס פון צימער, — האט זיך מעסעלינא געווענדעט צו מאנילוס'ן, — און לאז מיר העלפען אקטאוויא'ן אנטהאן איהר נייע קלייד.

מאנילוס האט פארלאזען אקטאוויא'ס צימער, און מעסעלינא האט זיך גענומען אויספוצען אקטאוויא'ן.

אונוס איז געווארען זעהר אויפגערעגט און ערשיטערט ווען ער האט באגעגענט מעסעלינא'ן מיט מאנילוס'ן ארויפגעהענדיג צו אקטאוויא'ן. ער איז ארומגעגאנגען הין און צוריק אין דעם קארידאר. ווען ער האט באגעגענט מאנילוס'ן ארויסגעהענדיג פון אקטאוויא'ס צימער, איז ער גלייך צו איהם צוגעגאנגען און זיך נאכגעפרעגט וואס עס הערט זיך.

מאנילוס האט איהם דערצעהלט ווי אזוי פון אלע זיינע פלענער האט זיך גארנישט אויסגעלאזען, און מעסעלינא איז פארט געקומען אויסצופוצען זיין שוועסטער אקטאוויא.

— יעצט ליגט אונזער איינציגע האפנונג אין אונזער גאט, — האט אונוס געזאגט, — ער וועט אונז בעשיצען פון אל־דאס בייז.

אין א קורצע וויילע ארום איז אקטאוויא ארונטער מיט מעסעלינא'ן.

— איז נישט דיין שוועסטער נאך שעהנער און מעהר בעצויבערנד ווי פריהער, — האט מעסעלינא זיך אפגערופען צו מאנילוס'ן אנצייגענדיג אויף אקטאוויא'ן.

אונוס האט זיך אומבאמערקטערהייד צוריקגעצויגען און איז אריין אין זיין צימער... נאר אקטאוויא אליין האט איהם באמערקט. זי האט זיך ענטשולדיגט פאר מעסעלינא'ן אויף א וויילע און איז גלייך אריין צו אונוס'ן.

— מיין ליעבער טהייערער דו, — האט אקטאוויא איהם געקושט, — לאמיר זיך פארלאזען אויף אונזער גאט, אזוי ווי ער האט אונז אויף אזא וואונדערבארען אופן צוזאמענגעבראכט, אזוי וועט ער אונזער הייליגען בונד קיינמאל נישט צושטערען. איך בין נור בעזארגט וועגען מאנילוס'ן. איך האב מורא, א אונטער מעסעלינא'ס איינפלוס האט ער זיך געלאזט ווידער בויגען.

— וועגען דעם דארפסטו גאר נישט זארגען, מיין ליעבע אסתר, — האט דן געזאגט, — מאנילוס האט מיר אלעס ערקלעהרט; ער האט מיר געזאגט, אז ער האט געטהאן אלעס וואס מעגליך אום צו פארמיידען מעסעלינא'ס יעצטיגע באזוך צו דיר, אבער עס איז איהם נימ געלונגען.

— יעצט פיהל איך זיך א סך רוהיגער. איך זעה איצט אז מען קען זיך

אויף איהם פארלאזען. און איך בין זיכער, אז ער וועט טהאן אלעס מעגליך מיר צו בעשיצען פון דעם צעזאר'ס האנט... זיי געזונד מיין ליעבער מאן, און זיי מתפלל צו דעם אלמעכטיגען ער זאל מיר אומקעהרען צו דיר ריין און אומשולדיג ווי איך געה אוועק.

ביידע האבען זיך ווידער צוקושט. אקטאוויא האט שנעל פארלאזען דאס צימער און איז צוגעגאנגען צו מעסעלינא'ן.

— דיינע שעהנע אויגען קוקען מיר אוים צו זיין עטוואס פארוויינט, — האט מעסעלינא זיך אפגערופען, — ניין, ניין, נישט וויינען דארפסטו מיין קינד, נאר גליקליך און פרעהליך זיין, ווייל איך בין זיכער, אז נאך היינט ביי נאכט וועסטו געקרוינט ווערען אלס די צעזארין פון רוים...

מעסעלינא מיט אקטאוויא'ן און מאנילום'ן האבען זיך אריינגעזעצט אין דער קארעטע.

— צו דעם צעזאר! — האט מעסעלינא באפוילען דעם קוטשער. און די קארעטע איז שנעל אבגעפאהרען.

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

אין דאמיציאנ'ס פאלאץ איז געווען פרעהליך און לוסטיג. די געסט האבען זיך ביסלעכווייז צוזאמענגעקליבען. די מוזיק האט געשפיעלט. אלע האבען מיט גרוים נייגעריגקייט געווארט אויף דער איבערראשונג וואס דאמיציאן האט זיי פארשפראכען אויף דעם אבענד.

אט איז שוין געקומען דאמיציא אויסגעפוצט אין איהרע שעהנסטע קליידער... די שפאנונג איז געווען א זעהר אנגעשטרענגטע. דאמיציאן איז יעדע ווייל צוגעגאנגען צום פענסטער און ארויסגעקוקט... ווען ער האט אויף דער גאס גארניטש באמערקט, האט ער זיך אומגעקעהרט אן ענטטוישטער. פלוצלינג אבער האט ער אויסגעשריען: זי קומט! זי קומט!

אלע געסט האבען אנגעשטרענגט זייערע אויגען און אויערען...

דאס שפיעלען פון דער מוזיק האט זיך פארשטארקט... באלד אבער איז אלעס שטיל געווארען... דעם צעזאר'ס לייב-וועכטער האט געמאלדען וועגען די אנגעקומענע געסט...

די טיהרען פון דעם פאלאץ האבען זיך ברייט געעפענט און אקטאוויא איז גלייך אריינגעפיהרט געווארען אינעווייניג אין דעם גאסט-צימער.

אקטאוויא איז געווען אזוי צויבערנד שעהן, אז איהר אריינקומען איז ליכטיגען זאאל פון די געסט האט געבראכט מעהר ליכט. קיינער האט נישט געקענט ארונטערנעהמען די אויגען פון איהר...

באלד איז אויך אריינגעקומען מעסעלינא און מאנילום.

דאמיציאן האט זיי פארגעשטעלט פאר די געסט, און אלע האבען זיך געזעצט ארום טיש.

מען האט אנגעגאסען וויין און דאמיציאן האט אויפגעהויבען זיין בעכער און אויסגערופען:

— איך טרינק פאר דער שעהנסטער פרוי אין גאנץ רוים!...

אלע האבען געווארפען זייערע בליקען אויף אקטאוויא'ן...

דאמיציא האט אויף איהר אויך א קוק געטהאן און אין איהר הארצען האט זיך אנגעצונדען א פייער פון אייפערזוכט, וואס האט זיך באלד פערוואנדעלט אין א שרעקליכע שנאה צו אקטאוויא'ן... א, ווען זי וואלט נאר געקענט אפראמען איהר פון וועג... ווען נישט די אידישע מיידעל וואלט נאך דאמיציאן איהר יעצט אויך ליעב געהאט... זי האט איהר דורכגעשטאכען מיט איהרע אויגען... איהר מח איז פול געווארען מיט אלערליי פלענער פאר נקמה...

* * *

אונטען אין דרויסען איז געשטאנען אונוס... ער האט נישט געקענט איינזיצען אין דער היים און איז אוועקגעגאנגען צו דאמיציאנס פאלאץ. ביי זיך האט ער געהאט א קורצען שווערדעל... ער האט געשפאצירט הין און צוריק נעבען פאלאץ... יעדע ווייל האט ער אויפגעהויבען זיינע אויגען אין דער הויך צו די פענסטער, ער האט בעמערקט בעוועגענדע פיגורען אין די פענסטער און זיין הארץ האט גענומען קלאפען העפטיגער און שטארקער... זיין טייערע אסתר איז יעצט אין דאמיציאן'ס הויט... באלד וועט דער צעזאר אויסגעפינען אז זי איז פערהייראט צו איהם... וועט דאס איינשטילען זיין חיה'שע געפיהלען... אדער ערשט יעצט וועט דער מעכטיגער טיראן דורשטיג ווערען פאר נקמה... וועט ער איהר, זיין פרוי, צורוה לאזען אדער וועט ער זוכען צו בעאומרייניגען... זיין כעס ווערט אין איהם אנגעצונדען, ער לייגט צו זיין האנט צו דעם שווערדעל אין זיין בוזעם... יע, ער וועט דערפאר מיט זיין לעבען בעצאהלען !... באלד אבער בעטראכט זיך אונוס, אז ער מוז אויפגעבען זיין מארד געדאנק... ווייל אויב ער וועט ערמארדען דאמיציאן, קען ער דאמיט ברייגגען דעם גרעסטען אומגליק אויף אלע אידען... די רוימער וועלען עס געוויס נישט פערשווייגען און וועלען נעהמען נקמה אין זיין פאלק.. ניין ר טאר וועגען דעם אפילו גארנישט טראכטען... אונוס האט ארויסגענומען זיין שווערדעל און עס אוועקגעווארפען ווייט פון זיך... ניין, ער וועט קיין בלוט נישט פארגיסען... זאל נאר גאט זיי קומען צו חילף...

---

דאמיציאן האט אין זיך ארייגגעגאסען איין בעכער וויין נאך דעם צווייטען...

— טרינגט מיינע געסט — האט ער אויסגערופען — האט איהר נאך ווען עס איז געזעהן אזא זעלטענע שעהנהייט ?

די געסט האבען אנגעפילט זייערע בעכער און אויסגעטרונקען...

— פאר דעם געזונט פון דער שעהנער אקטאוויא — האבען פיעלע אויסגערופען...

דאמיציאן איז צוגעגאנגען צו אקטאוויאן און איהר אנגענומען פאר'ן האנד...

— קום מיט מיר דו שעהנסטע פון אלע פרויען — האט ער אויסגערופען — און איך וועל דיר פארשטעלען פאר מיינע געסט אלס די צוקונפטיגע צעזארין פון רוים...

— אה, ניין, מעכטיגער צעזאר ! האט זי אויסגערופען — דאס איז אוממעגליך ! ווייל איך בין א פערהייראטע פרוי !...

— דו א פערהייראטע פרוי ! — האט דאמיציאן אויסגעשריען און פון זיינע אויגען האבען פייער געשפריצט — אה, ניין דאס איז אוממעגליך !...

— יע, עס איז ריכטיג, א גרויסער צעזאר, איך בין שוין פערהייראט באלד צוויי וואכען...

— און דו מעסעלינא — האט דאמיציאן אויסגערופען — האסט געוואוסט אז אקטאוויא איז פערהייראט און דו האסט מיר גאר נישט דערפון געזאגט...

מעסעלינא איז געווארען טויט בלאס:

— א ניין, ווירדיגער צעזאר, — דאס איז צו מיר יעצט אזא איבערראשונג ווי צו דיר!

דאמיציאן'ס כעס איז נאך שטארקער געווארען...

— צו וועמען איז זי פערהייראט? — האט ער זיך אפגערופען צו מאנילוס'ן מיט צארן.

— צו אונוס'ן, קלעמענס'עס אדאפטירטען זוהן... — און דו האסט די גאנצע צייט געוואוסט אז דיין שוועסטער איז פערהייראט — האט ער אויף איהם געשטורעמט — און דו האסט מיר געגארט...

— ניין, מעכטיגער צעזאר — האט זיך אקטאוויא אפגערופען — קיינער האט פון דעם נישט געוואוסט... איך בין אין דעם אליין שולדיג...

— זאל מען גלייך ברייגנען אונוס'ן צו מיר — האט דאמיציאן בעפוילען...

צווישען אלע געסט האט געהערשט א פאניק... אלע זיינען געווען צושראקען און צוטומעלט... יעדער האט יעצט מורא געהאט פאר זיך... ווייל ווער ווייס וואס דער צעזאר קען נאך צו זיי טהאן אין זיין כעס.

— זאל אויך קלעמענס און דאמיציליא קומען אהער — האט דאמיציאן בעפוילען זיינע דינער וועלכע זיינען געווען גרייט צו טהאן זייער האר'ס בעפעהל...

— דער טויט פאר איגוס'ן! — האט דאמיציאן געשטורמט — ברייגנט איהם אהער, דעם ניעדערטרעכטיגען. אקטאוויא איז געפאלען צו זיינע פיס:

— גנעדיגער צעזאר — האט זי זיך גענומען בעטען — ער איז דאך געוויס נישט שולדיג אין דעם — איך בין די איינציגע שולדיגע, טויט מיר! אבער אונוס האט דעם טויט נישט פערדיענט!

— דא האט זיך דאמיציא אויפגעהויבען פון איהר פלאץ און איז צוגעגאנגען צו דאמיציאן:

— זאל זיך דער צעזאר נישט נעמען צום הארצען וואס די פערפלוכטע אידישע מיידעל האט איהם גענארט... דאס האט דיר יופיטער בעשיצט דו זאלסט נישט אריינפאלען אין דעם אידישען נעץ... אויסראטען דארפסטו זיי... זאלען זיי זיך נישט געפינען אין אונזער שטאדט... אזא אידישע מכשפה! — האט זי אריינגעקרימט אקטאוויאן אין פנים.

דאמיציאן איז נאך אמאל צוגעגאנגען צו אקטיוויאן; ער האט אויף איהר געקוקט מיט זיינע תאוה'שע אויגען... קענטיג, אז עס איז איהם געווען שווער זיך צוגעוואוינען צו דעם געדאנק דאס אקטיוויא וועט צו איהם מעהר נישט געהערען...

— באלד וועסטו בעפרייט ווערען פון דיין מאן! — האט דאמיציאן צו איהר געזאגט מיט כעס — טויטען וועל איך איהם, דעם אידישען שקלאף! זאל ער זעהן ווי גרינג עס קומט אן אוועקצונעהמען פון דעם צעזאר א שעהנע פרוי, אין וועלכער ער איז אזוי שטארק פאראינטערעסירט!...

— אבער מעכטיגער צעזאר — האט זיך אקטאוויא געווארפען צו זיינע פיס — דו וועסט דאך נישט טויטען אן אומשולדיגען מענשען!

—האט ער דען נישט געוואוסט, איידער ער האט מיט דיר חתונה גע־האט אז איך בין אין דיר געווען פאראינטערעסירט? — האט דאמיציאן גע־זאגט מיט אן איינגעהאלטענעם כעס.

— ניין, גוטער צעזאר, ער האט פון דעם נישט געוואוסט — האט אקטא־וויא געזאגט.

— דו ווילסט מיר איינריידען אז דו האסט איהם וועגען מיר גאר נישט דערצעהלט — האט דאמיציאן געזאגט מיט צארן — דאס איז א ליגען! איך בין זיכער אז דו האסט דיין געליעבטען יע דערצעהלט וועגען מיר און טראטץ דעם האט ער מיט דיר חתונה געהאט און דערפאר וועט ער טאקע בעצאהלען מיט זיין לעבען...

— גנעדיגער צעזאר — האט אקטאוויא געזאגט מיט טרעהרען אין די אוי־גען — ווי אזוי האב איך איהם געקענט וועגען דעם דערצעהלען, אז איך אליין האב די גאנצע זאך נישט גענומען ערנסט; איך האב געמיינט אז דאס איז בלויז א שפאס פון מיין ברודער און מעסעלינא'ן...

— האסטו דען מיט איהר געשפאסט, ווען דו האסט איהר געזאגט אין מיין נאמען אז איך לאד איהר איין צו מיר? — האט זיך דאמיציאן געווענדעט צו מעסעלינא'ן, וועלכע איז געשטאנען בלאס און בעוועגלאז.

— אה, ניין, גרויסער צעזאר! — האט מעסעלינא געענטפערט — איך האב שוין מיט איהר גאר קיין שפאס נישט געמאכט... איך בין זעהר ערנסט געווען... אמת, עס איז מיר אנגעקומען זעהר שווער איהר איבערצוריידען... אבער ווען זי האט ענדליך שוין יע איינגעשטימט צו געהן, האט זי גאנץ גוט געוואוסט, אז איך טרייב מיט איהר קיין שפאס נישט...

דאמיציא, וועלכע האט יעצט געקראגען א סך מוטה, האט זיך ווידער אויפגעהויבען און ווארפענדיג א פעראכטעטען בליק אויף אקטאוויא'ן האט זי זיך אפגערופען צו דאמיציאן.

— די אומווירדיגע אידען זיינען אימער געגרייט אפצולאכען און אפצו־שפאטען פון אונז רוימער. און דיעזע פערפלוכטע אידישע מיידעל האט גע־מיינט אז זי וועט מאכען אונזער ווירדיגען צעזאר צו שאנד און צו שפאט פאר די אויגען פון גאנץ רוים, און וועט אוועקגעהן אומבעשטראפט... פאר א שקלא־פין זאל זי פערקויפט ווערען!

דאמיציאן האט בעטראכט דאמיציא, דעם גענעראל'ס טאכטער.... זי איז געווען זיין ערשטע געליעבטע, און כמעט די זעלבע זאך האט מיט איהר פאס־סירט מיט פינף יאהר צוריק. זיין פאטער, וועספאסיאנוס, איז נאך דאן געווען דער צעזאר פון רוים... זיין ברודער, טיטוס, האט דאמאלסט נאך געהאט זיין געליעבטע בערעניקא... יע, זי איז געווען אהן צווייפעל זעהר שעהן, אבער דא־מיציא איז געווען פיעל שעהנער פון איהר, אזוי האט ער דאן געגלויבט... ער האט פון זיין ברודער אפגעלאכט פאר ווען חתונה האבען מיט בערעניקא'ן... טיטוס האט עס טאקע זיך גענומען צום הארצען און איהר פון זיך פערטריעבען... צו דער זעלבער צייט האט ער, דאמיציאן, זיך צעווערטעלט מיט זיין געליעבטער דאמיציא... זי איז פון איהם אוועק א ברוגז'ע און נאכהער האט ער דערהערט

אז זי האט תּתונה געהאט מיט אימיצען אנדערש... לאנג איז ער אויף איהר אין כעס געווען... אין זיין הארצען האט ער איהר נאך אלץ ליעב געהאט... ווען ער האט אבער צום ערשטען מאל דערזעהן אקטאוויא'ן, האט ער שוין כמעט ווי אין גאנצען געהאט פארגעסען אן דאמיציא... זיין איינציגער וואונש איז געווען אריינצוקריעגען אקטאוויא'ן צו זיך, און דא, ווען איהם האט זיך געדוכט אז אקטאוויא ווערט זיינע, קומט פלוצלונג אן די גרויסע ענטטוישונג.

דאמיציאן'ס אויפרעגונג און צארן איז פערגרעסערט געווארען ווען ער האט זיך דאס אלעס דערמאהנט און א קלאפּ טהוענדיג מיט זיין פויסט אין טיש האט ער אויסגעשריען:

— אין ווער עס איז געגאנגען ברענגען אונזם'ן אהער?

— יע, מיין הער קעניג — האט זיך איינער פון די לייב וועכטער פאר איהם פארנייגט — צוויי זעלנער זיינען אוועק איהם ברענגען.

מאנילום איז די גאנצע צייט געשטאנען אין א ווינקעל פון צימער און האט געציטערט ווי א בלאט... ווער וויים וואס פון זיי אלעמען וועט יעצט ווערען. דער גרוויזאמער צעזאר וועט יעצט אויסגיסען זיין גאנצען צארן אויף זיי... און דערצו וועט באלד אנקומען זיין פאטער, ערוואַרטענדיג צו האבען נחת פון זיינע קינדער... ער האט זיך אביסעל צו פריה געאיילט מיט זיין בריעף צום פאטער... יעצט האט ער נאך גורם געווען אז זיין ליעבער פאטער זאל אויך רואינירט ווערען.

די איבעריגע געסט זיינען געבליעבען זיצען אויף זייערע פּלעצער... א טויטע שטילקייט האט געהערשט אין צימער וואס איז אונטערגעבראכען געווארען פון צייט צו צייט דורך דאמיציאן'ס אויפרעגענדע געשרייען...

אקטאוויא איז געבליבען זיצען אויף איהרע קניע, אנשפארענדיג איהר קאפּ אויף א שטוהל, וואס איז געשטאנען נעבען איהר.

מעסעלינא איז געשטאנען עטוואס אפּגערוקט פון איהר. זי האט געשוויגען און פון צייט צו צייט האט זי אויף איהר געווארפען פעראכטענדע בליקען...

דאמיציאן האט פון אויפרעגונג נישט געקענט איינשטעהען אויף איין פּלאץ; ער איז ארום געגאנגען פון איין צימער צום צווייטען און פון זיינע אויגען האבען פונקען פייער געשפריצט.... ענדליך איז ער געבליעבען שטעהן אין צימער וואו די געסט האבען זיך פארזאמעלט. א ווײלע האט ער אלעמען דורכגעדרונגען מיט זיינע בליקען און דערנאך באלד אויסגערופען:

—מיר טהוט לייד, מיינע ליעבע געסט, דאס איך האב אייער פרייד און פערגעניגען צעשטערט. יעצט אבער איז יעדער איינער פון אייך פריי צו געהן אהיים...

א קוים באמערקבארער אבער צופריעדענער שמייכעל האט זיך בעוויזען אויף יעדענ'ס פּנים. לאנגזאם האט זיך איינער נאך'ן צווייטען גענומען ריהרען פון פּלאץ און ווי פערשעהמטע פערלאזען דעם פּאלאץ.

געבליבען מיט דאמיציאן זיינען נאר: מעסעלינא, דאמיציא, אקטאוויא און מאנילום...

זיי אלע, א חוץ דאמיציא, זיינען געשטאנען מיט געבויגענע קעפּ און טרויעריגע געמיטהער... מעסעלינא האט יעצט איינפאך געציטערט פאר איהר לעבען... דאמיציאן וועט איהר מסתמא באשולדיגען אז זי האט איהם אליין

איך גענארט... די איינציגע וועלכע איז געווען שטאלץ און געפרואווט שמייכלען צו דאמיציאן איז געווען דאמיציא. מעסעלינא האט עס באמערקט, און געדענקענדיג ווי שטארק דאמיציאן האט אמאל איהר ליעב געהאט, האט זי זיך געפאסט מוטה און אפגערופען צו דאמיציאן:

— איך גלויב, מעכטיגער און גרויסער הערשער פון רוים, אז די ליעבעסווירדיגע דאמיציא איז געווען גערעכט ווען זי האט געזאגט, אז דער צעזאר זאל זיך נישט נעהמען צום הארצען, וויל דאס האט יופיטער דיר באשיצט פון דעם אידישען נעץ... אין מיינע אויגען איז נאך אויך יעצט דאמיציא די שעהנסטע אין רוים... און זאל נאר דער צעזאר אויסדריקען זיין וואונש און דאמיציא וועט נאך אפילו יעצט קענען ווערען זיינע אויף עוויג...

דאמיציא האט א קוק געטאהן אויף מעסעלינא'ן מיט דאנקבארע אויגען... זי האט געשמייכעלט צו דאמיציאן, וואס האט בעדייטעט: מעסעלינא איז גערעכט, איך בין דיינע אויף עוויג!...

דאמיציאן האט זיך אביסעל בערוהיגט און ווען ער האט באמערקט דאמיציא'ס שמייכלענדע אויגען, איז איהם אויף'ן געדאנק ווייטער געקומען זיין ערשטע ליעבע מיט איהר. אין איהם האבען אנגעהויבען ערוואכען די געפיהלען, וועלכע ער האט געהאט צו איהר מיט איינינגע יאהר צוריק... און איבערלאזענדיג מעסעלינא'ן, אקטאוויא'ן און מאנילוס'ן, האט ער אוועקגערופען דאמיציא צו זיך אין זיין אויפנאהמס־צימער...

דאמיציא האט זיך זעהר גליקליך געפיהלט, און צורעכט מאכענדיג איהרע האר איז זי מיט גרויס פרייד און מיט נאך מעהר האפענונג נאכגעגאנגען דעם צעזאר...

דאמיציאן האט זיך געזעצט אויף זיין טראהן און האט איהר געבעטען זיך זעצען נעבען איהם.

דאמיציא האט זיך פארנייגט און מיט א ציטערענדע שטימע געזאגט:

— מעכטיגער און בעליעבטסטער צעזאר! דיין דינסט פיהלט זיך העכסט גליקליך צו זעהן דיין פנים... וויל דיין געשטאלט איז דאך אזוי געטליך און הייליג... איך בין זעהר שטארק דאנקבאר צום צעזאר, וואס ער האט זיך דערמאהנט אז זיין דיענסט און האט איהר איינגעלאדען צו זיין איינע פון זיינע נאחענטסטע געסט, און עס פערשאפט מיר פיעל יסורים צו זעהן ווי דער צעזאר האט געדארפט ליידען בושה צוליעב דער אומווירדיגער אידישער מיידעל...

— האסטו מיר דען אזוי נישט אפגעטאהן מיט פינף יאהר צוריק? — האט דאמיציאן איהר געזאגט — דו האסט דאן מיך פערלאזען און חתונה געהאט מיט א צווייטען...

— מיר האט זיך דאן געדאכט, אז דו האסט מיר מעהר נישט ליעב... געדענקסטו, ווי דו ביזט דאן אויף מיר אין כעס געווארען און מיט א פאר ווערטער מיך בעליידיגט... איך האב דאן געגלויבט, אז דער, וועלכער ליעבט א פרוי אויפריכטיג וועט צו איהר אזוינע ווערטער ניט ריידען... און גראדע האט דאן מיין יעצטיגער מאן גערעדט אזוינע זיסע דבורים צו מיר, און ער האט מיר דאמיט צוגעצויגען און איך האב מיט איהם געהייראט... אבער איהם האב איך קיין מאל נישט געליעבט... וויל... מיין גאנצעס לעבען און ליעבע געהערט נור דיר... איך האב נישט אויפגעהערט צו טראכטען פון דיר זינט דעם טאג, וואס

איך האב דיך פערלאזען... און ווען דו ביזט געווארען דער צעזאר, דאן האבען זיך מיינע שמערצען פארגרעסערט... ווייל דאן האב איך שוין אין גאנצען אויפגעגעבען די האפנונג דאס דו וועסט מיר נאך פיליכט ליעב האבען.

— אבער דיין מאן! — האט דאמיצאן אויסגערופען — וואס וועט דיין מאן ווענגען דעם זאגען?...

— מיין מאן! — האט דאמיציא געענטפערט מיט א שמייכעל — ער איז קיינמאל נישט געווען מיין מאן, ווייל איך האב איהם קיינמאל נישט ליעב געהאט און שוין מעהר ווי דריי יאהר ווי ער איז מיין מאן נאר אין נאמען, אבער אין דער ווירקליכקייט איז ער פרעמד צו מיר...

— אבער דערוויילע ביזטו דאך צו איהם פערהייראט — האט דאמיציאן זיך צו איהר אפגערופען. און אלס א פערהייראטע פרוי ביזטו פערבאטען, לויט די רוימישע געזעצען, זיך צו פערבינדען מיט וועמען עס איז...

— איך וועל פון מיין מאן נאך גאר אין קורצען ארויסבעקומען א גט — האט דאמיציא געזאגט — מיין מאן האט זיך שוין איבערגעצייגט אז מיר זיינען ביידע נישט קיין בעשערטע פאאר און ער האט שוין איינגעשטימט מיר אפצו'גט'ן...

דאמיצאן האט בעטראכט די שעהנע דאמיציא... אין זיינע אויגען איז זי יעצט געווען נאך מעהר רייצענד און צוציהענד... איהר רויטע רונדע באקען זיינען געווען אזוי בע'חנ'ט און איהרע אויגען האבען געשטראהלט... דאמיציאן האט געפיהלט אז ער ווערט צוגעצויגען צו איהר וואס מעהר... זיינע ערשטע ליעבע געפיהלען צו איהר האבען אין איהם ווידער אויפגעלעבט... ער איז ארונטער פון זיין טהראן און איהר ארומגענומען און א הייסען קוש געגעבען...

— איך בין דאך אזוי גליקליך! אזוי גליקליך! — האט דאמיציא געמורמעלט. און איך האב שוין געמיינט אז מיין גליק איז אויף עוויג פערלאהרען! מיר האט זיך געדוכט, אז איך וועל שוין פון אמת'ע הייליגע ליעבע קיינמאהל נישט וויסען...

דאמיציא האט זיך נאך שטארקער צו איהם געטוליעט און אויף זיינע קושען געענטפערט מיט נאך הייסערע און שטארקערע קושען...

— — — — — — — — — — — — — — — —

ווען מעסעלינא איז איבערגעבליבען אליין מיט אקטאוויא'ן און מאנילוס, האט זי צום אנפאנג אויף ביידען נישט געוואלט קוקען. אזוי שטארק איז איהר ענטטוישונג געווען... אבער ווען זי האט בעמערקט אז דאמיציאן פערזאמט זיך מיט דאמיציא, האט זי פערשטאנען אז עפעס וועט פארקומען צווישען איהר מיט דעם צעזאר... און אויב אזוי וועט זי, מעסעלינא, דערפון גארנישט פערלירען, ווייל זי האט דאך עס יעצט אליין פארגעשלאגען דאמיציאן, אז ער זאל צוריקנעהמען זיין ערשטע געליעבטע... זי איז איצט זיכער, אז אפילו דאמיציא וועט איהר זעהר דאנקבאר זיין.

— דו האסט זיך צוויי מאל אפגענארט — האט מעסעלינא זיך געווענדעט צו אקטאוויא'ן — איין מאל וואס דו האסט מיט דיינע אייגענע הענט אויפגעגעבען א קעניגרייך, און דאס צווייטע מאל וואס דו האסט מיר נישט דערצעהלט, אז דו ביזט פארהייראט צו אונוס'ן... דו האסט געקענט פארמיידען פיעלע צרות, פאר דיר, פאר דיין מאן און ברודער... ווען דו זאגסט מיר אז

רד ביזט פערהייראט וואלט איך דאך דאס באלד איבערגעגעבען דעם צעזאר און ער וואלט דיך דאן אפילו נישט געהאט אין זינען... יעצט אבער וועט איהר אלע דארפען ליידען פאר די בעליידיגונג וואס דער צעזאר האט דורך דיר גע־האט היינטיגען אבענד...

— איך בעט דיר, מעסעלינא — האט זיך מאנילוס צו איהר אפגערופען— מיין שוועסטער איז אין דעם גארנישט שולדיג, זי האט אונז טאקע די גאנצע צייט נישט גענומען ערנסט... און דאן האט זי זיך געשראקען אז דאמיציאן וויל טאהן מיט איהר אזוי ווי טיטוס האט געטאהן צו בערעניקא׳ן.

— א, ניין, מיין ליבער ברודער — האט אקטאוויא זיך אפגערופען — ווען איך זאל זיין זיכער אז דאמיציאן מיינט ערנסט מיר צו קרוינען די צעזארין פון רוים, וואלט איך זיך אויך געוויס פון דעם ענטזאגט... ווייל איך בין געבארען א אידישע טאכטער און איך וועל בלייבען א אידין ביז די לעצטע טעג פון מיין לעבען... הונדערטע טויזענדע פון מיינע ברידער האבען מקריב געווען זייערע לעבענס פאר זייער גאט און לאנד... מיין מאן אונוס האט זיך אויך מוסר נפש געווען פאר די הייליגע שטאדט ירושלים, און דאס זעלבע וואלט איך אויך געטאהן פאר מיין גאט און מיין פאלק... דיר, מיין ברודער, זיינען אט די גע־פיהלען געווען גאנץ ווייט, דערפאר וועסטו מיר אפשר נישט פארשטעהן, אבער איך פארזיכער דיר, אז גיכער וואלט איך זיך געלאזען מיין קאפ ארונטערנעה־מען איידער צו ווערען דאמיציאן׳ס פרוי...

— מיר וואונדערט זיך אבער אויף דיר, מאנילוס — האט זיך מעסעלינא אפגערופען — דו האסט דערפון געוואוסט און מיר גאר נישט געלאזט ווי־סען, און נאך מעהר, דו האסט מיר אין פיעלע זאכען ארויסגעהאלפען.

—גלויב מיר, מעסעלינא — האט מאנילוס געענטפערט — איך האב זיך דערפון ערשט די לעצטע טעג דערוואוסט, און דאן איז שוין געווען צו שפעט עפעס צו ענדערען... און דו אליין וועסט צוגעבען אז ווען איך בין היינט בייי־טאג געווען אין דיין הויז, האב איך זיך אין גאנצען געביעטען...

— יעצט אבער קען איך אייך ביידען גאר נישט העלפען — האט מעסע־לינא שטייף געזאגט — דער צעזאר וועט אייך אלעמען שווער בעשטראפען און איהר וועט מוזען ליידען...

— איך בעט דיר, מעסעלינא — האט מאנילוס זיך ווידער ביי איהר געבעטען — צוליעב די פריינדשאפט וואס איז געווען צווישען דיין מאן און אונז, דארפסטו זעהן אונז צו ראטעווען. ווייל נאך אלעמען זיינען מיר דאך אין דעם גאר נישט שולדיג...

— גוט — האט מעסעלינא געזאגט — איך וועל זעהן ווי ווייט עס האלט צווישען דעם גענעראל׳ס טאכטער און דעם צעזאר... אויב ער האט מיין עצה אנגענומען, דאן פיליכט וועל איך עפעס קענען טאהן פאר אייך ביידען, אבער נישט פאר אונוס׳ן. ווייל איך האב מורא, אז אונוס האט שוין זיין לעבען פער־שפיעלט... איהם וועט דאמיציאן קיינמאל נישט מוחל זיין... ווייל די בעליידיגונג איז געווען זעהר גרויס...

— אויב ער וועט מיין מאן׳ס לעבען ניט שאנעווען, דאן זאל ער מיך אויך טויטען ! — האט אקטאוויא געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען.

מעסעלינא האט געשמייכעלט; זי ווייס וואס פאר א ווערדע האט א

מענשענ'ס לעבען ביי דאמיציאן... ער וועט זיך שטארק נישט נעהמען צום הארצען אויב עס וועט אויסקומען איהר אויך צו טויטען...

---

דערזווילע האבען זיך אומגעקעהרט די זעלנער און האבען איבערגעגעבען דאס זיי האבען אונוס'ן נישט געקענט געפינען אין קלעמענ'ס הויז.

דאמיציאן איז אויסער זיך געווארען פאר כעס:

— מען זאל איהם גלייך ברענגען צו מיר — האט ער בעפוילען — זאל מען איהם זוכען אין אלע ווינקעלעך פון רוים, אבער אהער צו מיר מוז ער גע־בראכט ווערען!

קלעמענס און דאמיציליא זיינען דערוויילע אנגעקומען אין דאמיציאנ'ס פאלאץ. מען האט באלד געמאלדען דעם צעזאר וועגען זייער אנקומען.

— זאלען זיי אריינקומען — האט ער א געשריי געטאהן. קלעמענס און זיין פרוי זיינען אריין און פערנייגענדיג זיך האבען זיי איהם בעגריסט.

— וואו איז דאס אונוס, דער אידישער שקלאף, וועמען דו האסט פאר דיין זוהן אדאפטירט? — האט זיך דאמיציאן גלייך געווענדעט צו קלעמענס — איז ער דען ערגעץ וואו בעהאלטען אין אייער הויז?...

— ניין, מיין ליעבער קוזין — האט איהם קלעמענס געענטפערט — אונוס האט מיין הויז פארלאזען מיט א חיבשע ווייל צוריק און ער האט זיך נאך נישט צוריקגעקעהרט.

— קענסטו מיר זאגען וואו אונוס געפינט זיך יעצט? האט דאמיציאן איהם ווידער געפרעגט — ער מוז זאפארט באשטראפט ווערען.

— האט ער דען באגאנגען א פארברעכען געגען דעם צעזאר? — האט קלעמענס איהם געפרעגט.

— ער האט פון מיר אוועקגערויבט אקטאוויא'ן, וועלכע האט געזאלט מיין פרוי זיין.

—איך גלויב קוים אז אונוס האט וועגען דעם געוואוסט — האט דא־מיציליא געזאגט — ווער וואלט עס געגלויבט אז דער צעזאר פון רוים זאל איינווילינגען צו הייראטען מיט א אידישע מיידעל...

— מעסעלינא האט איהר דייטליך וועגען דעם געזאגט, און אקטאוויא האט געווים געוואוסט מיינע פלענער, און אהן צווייפעל האט זי דאס איהם איבערגעגעבען. און ער, דער ניעדערטרעכטיגער, איז געגאנגען און האט מיר דעם וועג פערכאפט... ער וועט מיט זיין לעבען דערפאר באצאהלען... דערווייל זאל מען אקטאוויא'ן און איהר ברודער פערשפארען אין געפענגניס ביז וואנען אונוס וועט זיך געפינען און נאכהער וועל איך בעשטימען די שטראף פאר זיי אלע־מען...

צוויי פון דעם צעזאר'ס לייב וועכטער האבען אפגעפיהרט אקטאוויא'ן און מאנילוס'ן אין דעם געפענגניס וואס האט זיך געפונען נעבען פאלאץ...

אונוס, וועלכער איז די גאנצע צייט געשטאנען הינטער א בוים און אריינ־געקוקט אין די פענסטער פון פאלאץ, האט פריהער בעמערקט ווי צוויי זעלנער זיינען שנעל אוועקגעריטען אויף פערד און באלד צוריק געקעהרט אין פאלאץ מיט ליידיגען. דערנאך האט ער פון זיין בעהעלטעניש בעמערקט ווי קלעמענס און דאמיציליא קומען אן אין פאלאץ, האט ער גלייך פארשטאנען, אז עפעס

האט שוין דארטען געשעהן... ער האט יעצט ביי זיך בעשלאסען גלייך זיך אי
מעלדען צו דאמיציאן... ער איז אריין אין פאלאץ און האט געזאגט די וועכטער
דאס ער וויל זעהן דעם צעזאר.

ווען דעמיציאן האט געהערט אז אונוס איז געקומען, האט ער אויסגערופען:

— זאל ער גלייך ארויפקומען צו מיר. אבער פריהער זעהט ער זאל ביי זיך
קיין געוועהר נישט האבען.

מען האט אונוס׳ן גוט באזוכט און ווען מען האט ביי איהם גארנישט גע־
פונען, האט מען איהם פארגעבראכט פאר דעם צעזאר.

— דו אומפארשעמטער אידישער שקלאף! — האט דאמיציאן אויסגע־
שריען מיט גרוים צארן — דו האסט געגלויבט, אז דו נארסט מיר אפ! יעצט
וועסטו דיין שטראף פון מיר בעקומען. מארגען וועסטו געהן אין דער ארענא
צו קעמפפען מיט די לייבען, און דיין פרוי וועט דארטען אויך זיין און מיט איה־
רע אייגענע אויגען צוזעהן ווי דיין קערפער וועט צוריסען ווערען פון די
לייבען...

— ווירדיגער צעזאר! — האט זיך קלעמענס צו איהם אפגערופען — דו
וועסט דאך נישט בעגעהן אזא אומרעכט געגען מיין אומשולדיגען זוהן... זיי
זיינען בײדע געווען צוויי יונגע אומשולדיגע נשמות... זיי האבען זיך דער־
זעהן און איינע אין דעם צווייטען שטארק פערליעבט... זאל ער דען גלויבען אז
דער צעזאר איז שטארק פעראינטערעסירט אין אקטאוויא׳ן...

— ער האט דערפון גאנץ גוט געוואוסט! — האט דאמיציאן ווידער
אויסגערופען — און דאס איז די אורזאכע וואס ער האט זיך אזוי צוגעאיילט
מיט דער חתונה... ער האט זיין שטראף פערדיענט... פיהרט איהם אווע
אין דעמזעלבען גפעננים, וואו זיין אקטאוויא געפינט זיך, און מארגען וועט ער
אונז אלעבען אמוזירען.

— מיין ליעבער קוזין — האט דאמיציליא זיך געווארפען צו זיינע פיס —
איך בעט דיר, דו זאלסט איהם פארגעבען צוליעב מיין זוהן וועספאסיאנוס, ווע־
מען ער האט פון א זיכערען טויט גערעטעט, איינשטעלענדיג דערביי זיין איי־
גען לעבען אין גרעסטער געפאהר... געדענקסטו דען נישט ווי אלע רוימער האבען
איהם דאן אלס העלד ערקלעהרט.... און יעצעט ווילסטו איהם אוועקנעהמען פון
אונז און איהם טויטען מיט אזא שענדליכען טויט... איך בעט דיר, דאמיציאן
פערגרינגער זיין שטראף און לאז מיין אראפטירטען זוהן לעבען.

דאמיציאן האט איהר גאר נישט געענטפערט; ער איז אריין אין דעם
צימער וואו דאמיציא האט אויף איהם געווארט...

ער האט איהר ווידער ארומגענומען און געקושט...

— מארגען וועט אונוס בעצאהלען מיט זיין לעבען פאר די בעליידיגונג
וואס איך האב היינטיגען אבענד געליעטען צוליעב איהם. ער וועט געהן קעמפ־
פען מיט די לייבען אין דער ארענא.

— גוט — האט דאמיציא אויסגערופען מיט שמחה — און וואס פאר א
שטראף האסטו פאר די בעטריגערין, די אידישע מיידעל?....

— איהר שטראף וועט זיין — האט דאמיציאן געענטפערט — וואס ז
וועט דארפען בייוואהנען און צוזעהען מיט איהרע אויגען ווי איהר מאן ווע
צוריסען ווערען פון די לייבען.

— דאס איז א צו גרינגע שטראף פאר איהר — האט דאמיציא געזאגט — זי אליין דארף אויך מיט איהר לעבען בעצאהלען דערפאר...

— זי איז דאך אבער אזוי שעהן און צארט, אז מיין הארץ דערלאזט מיר נישט איהר אזוי יונג צו פערניכטען... ניין, זי וועט בלייבען לעבען...

דאמיציא איז געבליעבען שטעהן ווי אין פערצווייפלונג... דאס הארץ האט איהר יעצט שטארק געשראקען... אויב אקטאוויא וועט בלייבען לעבען, און דערצו נאך וועט זי זיין אן אלמנה, וואס וועט זיין ווען דער צעזאר וועט זיך בעדענקען און איהר נאכהער צו זיך נעהמען... דאן איז זי דאך א פערלאהרענע... זי זעהט דאך אליין ווי שעהן אקטאוויא איז... ניין, עס וועט זיין פאר איהר זעהר געפעהרליך ווען אקטאוויא וועט בלייבען לעבען.

— וואס ביזטו אזוי פערזארגט, דאמיציא — האט זיך דאמיציאן צו איהר אפגערופען.

— איך זארג וועגען דעם, צו דיין ליעבע צו מיר איז נאך אזוי שטארק ווי עס איז געווען אמאל — האט דאמיציא געווישט איהרע טרעהרען... ווי גליקליך איך וואלט זיך געפיהלט ווען איך בין זיכער מיט דיין ליעבע צו מיר.

— נו, געוויס, מיין טייערע דאמיציא — האט ער זי ווידער געקושט — איך פארזיכער דיר אז איך האב דיר זעהר, זעהר ליעב און ווי נאר דו וועסט אפ׳גט׳ן דיין מאן, וועלען מיר זיך ביידע פערבינדען אויף עוויג...

—און דו וועסט מעהר נישט טראכטען וועגען דער אידישער מיידעל? — האט זי צו איהם געשמייכעלט.

—ניין, דו קענסט וועגען דעם זעהר רוהיג זיין — האט איהר דאמיציאן געזאגט — יעצט קענסטו געהן און מארגען גאנץ פריה זאלסטו אהער ווידער קומען.

דאמיציליא און קלעמענס זיינען ארויס פון פאלאץ דערשלאגענע און טרויעריגע. זיי האבען געזעהן אז זיי וועלען מיט דעם טיראנישען צעזאר גארנישט מאכען. אין דרויסען האבען זיי בעגעגענט מעסעלינא׳ן.

— איך בעט דיר, מעסעלינא — האט זיך דאמיציליא צו איהר אפגערופען — דו זאלסט מיר העלפען ראטעווען אונוס׳ן.

— די איינציגע וואס קען עפעס טאהן פאר איהם, איז דאמיציא. איך האב מיט איהר נאר וואס גערעדט. זי איז געווען דעם צעזאר׳ס ערשטע געליבטע און ער ליבט איהר נאך יעצט אויך.... זי האט מיר דערצעהלט, אז דאמיציאן וויל אקטאוויא׳ן לאזען לעבען און דאס שמעקט איהר נישט... דעריבער איז מיין עצה איהר זאלט גלייך אריבערגעהן צו איהר הויז און זיך מיט איהר דורכריידען, זי זאל ראטהען דעם צעזאר ער זאל בעסער ביידען פערשיקען אויף דעם אינזעל פאנדאטאריא. איך בין זיכער, אז זי וועט דערפון אויך זיין צופרידען, ווייל זי וועט נישט דארפען מורא האבען טאמער וועט דער צעזאר זיך אין אקטאוויא׳ן ווידער פערליעבען, און מארגען גאנץ פריה איידער זי וועט אוועקגעהן צו דאמיציאן, וועל איך ביי איהר זיין און זיך מיט איהר דורכרעדען. יע, זי איז די איינציגע וועלכע וועט יעצט קענען ריהרען דעם צעזאר...

קלעמענס און זיין פרוי זיינען באלד אריבער צו דאמיציא און זיך מיט איהר דורכגערעדט....

— איך גלויב — האט זיך דאמיצא אפגערופען — אז דער פלאן זיי ביי־

דען אוועקצושיקען אויף דעם אינזעל פאנדאטאריא, איז זעהר א גוטער און איך וועל עס איבעררײדען מארגען מיט דעם צעזאר.

אוועקגעהענדיג האט זיך קלעמענס אפגערופען צו זיין פרוי: — עס איז יעצט דא א האפנונג אז אונוס וועט בלייבען לעבען. ווייל מען קען דאך זעהן פון דאמיציא'ס ווערטער אז זי וועט זיין פיעל זיכערער מיט דאמיציאן, אויב אונוס וועט לעבען בלייבען... זאל מען זיי ביידען פערשיקען אויף דעם אינזעל און עס קען זיין אז מיט דער צייט וועט מיר געלינגען זיי פון דארטען צו בע־פרייען...

— געוויס איז דאס בעסער ווי צוריסען צו ווערען פון די לייבען. זאל נאר אונזער גאט איהם אריינגעבען א געדאנק, ער זאל זיך צוהערען צו איהרע רייד און איהר פאלגען — האט דאמיציליא געזאגט — ווייסטו וואס נאך מיר איז א וואונדער וואס ער האט נישט געפרעגט ווער עס האט זיי ביידען חתונה גע־מאכט... ווען ער זאל אויסגעפינען אז יאזעפוס פלאוויוס איז געווען דער מסדר קדושין, וואלט ער דאך דעם אונגליקליכען אלטען זעהר פערפאלגט און ווער וויס צו דער אלטער וואלט מיט זיין לעבען דערפאר נישט בעצאהלט...

— לאמיר האפען אז דער רשע וועט וועגען אלטען אין גאנצען פארגעסען

— האט קלעמענס געזאגט און זיינען ביידע אהיים געגאנגען.

אויף מארגען גאנץ פריה איז מעסעלינא אוועק צו דאמיציא, וועלכע האט זיך מיט איהר זעהר דערפרעהט.

— איך האב נישט קיין ווערטער דיר צו בעדאנקען, מיין טהייערע מע־סעלינא — האט זי איהר געקושט — מיט דיינע קלוגע ווערטער האסטו דאך גע־עפענט דאמיציאן'ס אויגען, און וואס מיר איז געווען אזוי שווער ארויסצורייי־דען, האסטו עס ארויסגערעדט און דאמיט פערווירקליכט אלע מיינע חלומות... יע, ליעבע מעסעלינא, דאמיציאן איז נאך אין מיר שטארק פערליעבט און אין גיכען וועל איך ווערען די הערשערין פון רוים... און דאן וועסטו קענען זיין רו־היג... איך וועל שוין אין דיר נישט פארגעסען...

— איין זאך מוזטו זעהן און דאס איז אז אקטאוויא זאל זיך נישט גע־פינען אין רוים... ווייל כל זמן זי וועט זיך געפינען דא, איז דיין טהראן נישט זיכער.

— וואס זאל איך טאהן, מעסעלינא, דער צעזאר וויל איהר נישט טויטען...

— אויב אזוי טארסטו נישט דערלאזען, אז אונוס זאל געטויטעט ווערען, ווייל כל זמן ער על לעבט, איז נאך אקטאוויא זיין פרוי און דער צעזאר וועט נישט האבען קיין פרייע האנט...

— קלעמענס און דאמיציליא זיינען ביי מיר געווען נעכטען ביינאכט. און זיי האבען מיר געראטהען איך זאל איבעררײדען מיט דעם צעזאר ער זאל אנשטאט צו טויטען אונוס'ן, פערשיקען איהם צוזאמען מיט אקטאוויא'ן אויף דעם אינזעל פאנדאטאריא.

— איך גלויב, אז דאס איז דער איינציגער וועג, האט מעסעלינא געזאגט — ביידע וועלען זיין ווייט אוועק פון רוים און מיט דער צייט וועט דאמיציאן זיך אין גאנצען פארגעסען אז אקטאוויא'ן....

— איך וועל טאקי אזוי טאהן — האט דאמיציא געזאגט, און זי האט זיך גענומען אויספוצען און גרייטען זיך אויפגענומען צו ווערען ביי דעם צעזאר.

ווען דאמיציאן האט איהר אין דער פריה דערזעהן איז זי נאך אין זיינע אויגען געווען פיעל שעהנער ווי לעצטען אווענד... איהרע אויגען האבען גע־שטראהלט און איהר פנים האט געלויכטען...

— מיין ליעבע דאמיציא האט איהר דער צעזאר געדריקט צו זיך — דו ביזט דאך אזוי שעהן ווי די ליכטיגע זוהן... אין מיינע אויגען ביזטו יעצט נאך שעהנער ווי מיט פינף יאהר צוריק...

— ווער וואלט עס געקענט דאן טראכטען ווענען אזא גרוסען גליק וואס וועט מיר אזוי פלוצלונג טרעפען — האט זי געזאגט — מיין גרעסטער חלום האט זיך יעצט פערווירקליכט.

—מיר וועלען הייגט געהן צוזאמען צו דער ארענא זעהן ווי אונוס וועט קעמפפען מיט די לייבען — האט דאמיציאן זיך אפגערופען צו איהר, בערע־קענדיג איהר מיט קושען.

— דו ווייסט, מיין ליעבער צעזאר — האט דאמיציא זיך אפגערופען — איך וואלט זעהר גישט געוואלט, אז דער טאג פון מיין העכסטען גליק, זאל בעפלעקט ווערען מיט מענשליך בלוט...

— אבער דו ווייסט דאך, ליעבע דאמיציא, אז אונוס מוז בעשטראפט ווערען פאר זיין פערברעכען...

— מיין עצה איז, ליעבער דאמיציאן — האט זיך דאמיציא צו איהם גע־טוליעט — אז דו זאלסט זיי ביידען פארשיקען אויף דעם אינזעל פאנדאטא־ריא, וואו אלע פארברעכער ווערען פארשיקט. וועסטו פאלגען מיין עצה? — האט דאמיציא איהם געגלעט זיין פנים.

דאמיציאן האט געשמייכעלט און האט צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ.

---

דעם זעלבען טאג האט דאס ציאן געהייסען ברענגען פאר איהם אקטאוויא'ן, אונוס'ן און מאנילוס.

אלע דריי זיינען געווען טויט בלאס און געשטאנען פאר דעם צעזאר מיט אראפגעלאזטע קעפ.

— איך האב בעשלאסען צו פערשיקען דיר מיט דיין מאן אויף דעם אינזעל פאנדאטאריא — האט דאמיציאן שטרענג געזאגט — און דו מאנילוס ביזט פריי, וויל ווי איך האב אויסגעפונען ביזטו אין דעם אין גאנצען נישט שול־דיג געווען....

* *
*

מיט איינינע טעג שפעטער האבען עטליכע בעוואפענטע זעלנער ארויפגע־זעצט אונוס'ן מיט אקטאוויא'ן אויף א שיף, וואס האט זיי אפגעפיהרט אויף דעם אינזעל פאנדאטאריא.

# פיערטער טייל

## זעקס און דרייסיגסטער קאפיטעל

## רבי עקיבא

יאהרען זיינען אוועק און עקיבא איז געזעסען אין זיין געבורטס־שטאדט לוד און האט פלייסיג געלערנט תורה פון רבי אליעזר הגדול. די ערשטע יאהרען האט זיך קיינער אויף איהם נישט אומגעקוקט, אפילו רבי אליעזר, זיין רבי, האט פון איהם וויניג געהאלטען און נישט איינמאל האט ער איהם פארשעהמט ווייל איהם איז נישט געפעלען געווארען זיינע וועגען וועלכע ער האט אויסגעקליבען אין לערנען די תורה...

רבי אליעזר האט געלערנט די תורה מיט פשטות, אהן קיינע חדושים. עקיבא אבער, וועלכער האט א לאנגע צייט געלערנט ביי ר' נחום איש גמזו, האט אויך אנגענומען זיינע וועגען... ער האט גע'דרשנ'ט יעדען איבריגען ווארט אדער אות וואס עס געפינט זיך אין דער תורה.

רבי אליעזר און פיעלע אנדערע חכמים האבען געזאגט אז "דברה תורה כלשון בני אדם" (די תורה רעדט אפטמאל ווי מענשעןריידען). ד. ה. ווען א מענש וויל בעטאנען א געוויסע זאך וועט ער דיזעלבע זאך דערמאהנען צוויי מאל, אזוי חזר'ט די תורה איבער דעם זעלבען ווארט צוויי מאל כדי צו פערשטארקען די זאך.

איז אבער געקומען עקיבא און געזאגט אז די תורה איז אנדערש פון אלע אנדערע ספרים וועלכע זייען געשריבען געווארען פון מענשען... דער שטייגער פון א מענשען איז אמאל ארויסצוזאגען אן איבריגען ווארט ווען ער וויל א געוויסע זאך פארשטארקען און בעטאנען... אבער די תורה וואס איז געגעבען געווארען פון גאט איז געגעבען געווארען מיט פינקטליכע גאנצקייט, און עס פעהלט דארט גארנישט און קיין זאך איז דארטען נישט איבריג. און ווען מיר געפינען יא אן איבריגען ווארט אדער אות, איז עס א סימן אז די תורה האט אין דעם א בעזונדערע כונה. און אט די כונה פון דער תורה האט עקיבא גע'דרשנ'ט.

זיין נאמען איז באלד בעוואוסט געווארען צווישען חכמים וועלכע פלעגען קומען הערען תורה פון זיין מויל און איהם אויך שטעלען קשיות.

איינמאל איז רבי יהושע בן חנניה געקומען בעזוכען די ישיבה פון רבי אליעזר הגדול. ער האט דארטען באמערקט עקיבא'ן מיט וועמען ער האט אנגעפאנגען צו ריידען אין לערנען. ער האט באלד דערזעהען אז עקיבא וועט זיין א ליכטיגער שטערן אויף דעם אידישען הימעל. איהם האט אבער שטארק פארדראסען וואס רבי אליעזר האלט זעהר וויניג פון איהם און איז איהם אפטמאל מבזה.

— דער עקיבא מיט זיין גרויס התמדה און מיט זיין גאונישען קאפ, וועט גאר אין גיכען זיין איינער פון די גרעסטע תנאים, — האט רבי יהושע בן חנניה געזאגט צו רבי אליעזר'ן.

— ניין, מיין חבר, — האט רבי אליעזר געענטפערט רבי יהושע'ן, —

נישט מיט דעם קרומען וועג וואס ער האט זיך אויסגעקליבען אין לערנען... דאס וועט איהם צו קיין גרויסקייט נישט ברייננגען.

רבי יהושע האט באלד צוגערופען עקיבא'ן און איהם אנגעהויבען שטעלען פערשידענע פראגעס פון דער תורה.

עקיבא האט איהם געגעבען קלוגע און שארפזיניגע ענטפערס, אז ביידע, אי רבי אליעזר און אי רבי יהושע זיינען נשתומם געווארען הערענדיג פון זיין מויל אזעלכע פערלדיגע ווערטער.

נאכהער האט עקיבא גענומען פרעגען קשיות זיין רבי'ן און רבי אליעזר איז געבליבען שטעהן צוטומעלט און נישט געהאט וואס צו ענטפערען.

רבי יהושע האט באמערקט זיין פארלעגענהייט און האט זיך צו איהם אפגערופען: אט איז דער מאן וועמען דו האסט ערנידריגט, יעצט געה און האלט מלחמה מיט איהם!...

רבי אליעזר האט גלייך צוגעגעבען זיין טעות וואס ער האט געמאכט אין עקיבא'ן און ער האט זיך אפגערופען:

— זיי מיר מוחל, עקיבא, פון יעצט אן ביזטו מעהר נישט מיין תלמיד, נאר מיין רבי... זאג מיר, וועסטו מיר מוחל זיין פאר אלע בעליידיגונגען וואס דו האסט פון מיר געליטען?

— מיין גוטער רבי, — האט עקיבא געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען, — איך האב נישט קיין ווערטער דיר צו בעדאנקען פאר אלעם וואס איך האב פון דיר גענאסען די גאנצע צייט... די תורה וואס דו האסט מיך געלערנט וועט אימער בלייבען איינגעקריצט אין מיין הארצען...

— רבי אליעזר האט איהם א קוש געטהאן אין קאפ און האט געזאגט פאר זיינע אלע תלמידים: פון היינט אן וועט רבי עקיבא זיין אייער רבי, ווייל פון הימעל האט מען מיט איהם געלערנט, מיט זיין גאונישען קאפ איז ער דערגאנגען אלע פארבארגענע סודות פון דער תורה.

רבי עקיבא'ס נאמען איז באלד פארשפרייט געווארען איבער גאנץ ארץ ישראל און טויזענדער תלמידים זיינען געקומען אין לוד הערען תורה פון דעם נאר וואס גרויס־געווארענעם תנא, רבי עקיבא...

פיעלע פון זיינע אנהענגער האבען איהם געבראכט מתנות, אבער רבי עקיבא האט זיך ענטזאגט צו נעהמען די מתנות... ער האט יעצט, ווי פריהער, זיך מפרנס געווען דערפון וואס ער פלעגט יעדען פריהמארגען פארקויפען א בינטעל האלץ אין מארק... זיין עסען איז בעשטאנען פון ברויט און וואסער... און ווי נאר ער האט געשטילט זיין הונגער, האט ער זיך גענומען צום לערנען... זיין התמדה איז געווען אזוי גרויס, אז ער האט פיעלע נעכט קיין אויג נישט צוגעמאכט און האט געלערנט ביז'ן גרויסען טאג, און נאכהער פלעגט ער דאווענען און גלייך אוועקגעהן אין וואלד, אנהאקען האלץ און עס פערקויפען און שנעל זיך אומקעהרען אין בית המדרש צום לערנען...

ווען ער האט געזעהן אז ער שטייגט אין לערנען פון טאג צו טאג, האט עס איהם גרויס הנאה געטהאן... ער האט גענומען טראכטען פון זיין ליעבער און געטרייער פרוי, רחל מיט זיין זוהן יהושע, און האט איהם נאך מעהר ער־מוטיגט, און צו זיין התמדה איז קיין גרעניץ נישט געווען...

פון צייט צו צייט פלעגט זיך אבער אריינגנב'ענען א טרויעריגע מחשבה אין

זיין הארצען... ווער ווייס וויפיעל צרות, יסורים און בעליידיגונגען זיין שעהנע און געטרייע רחל שטעהט אוים דארטען אין גמזו... זי האט דאך אזוי פיעל קרבנות צוליעב איהם געבראכט די גאנצע צייט זינט זיי האבען חתונה גע־האט... וואס טהוט זי יעצט און ווי פיהלט זי זיך? וועט זי האבען נאך אזוי פיעל גערולד צו ליידען אזוי פיעל יאהרען...

א שטארקער וואונש האט איהם ארומגענומען צו פארלאזען דעם בית [illegible] לוד פאר א קורצער ווייל און אוועקגעהן נאך גמזו זיך זעהן מיט זיין ליעבער רחל און זיין זוהן און גלייך זיך צוריקקעהרען.. .ער האט זיך אבער דער־מאָנט דאס ער האט צוגעזאגט רחל'ן נישט צוריקצוקעהרען זיך צו איהר ביז וואנען אלע איהרע ערווארטונגען און האפנונגען וועגען איהם וועלען מקוים ווערען . . .

און ווען זיין בענקשאפט האט זיך איהם פארשטארקט, זיין הארץ האט אין איהם אנגעפאנגען נאגען פון איינזאמקייט און בענקשאפט צו זיין רחל'ן, דאן האט ער נאך מיט מעהר פלייס און התמדה זיך גענומען צום לערנען. זיין גרויסע, גרענצלאזע ליעבע צו רחל'ן האט איהר נאך מעהר געשטארקט און געקרעפטיגט. ער האט זיך דאן נאך מעהר פערטיעפט אין לערנען און געהאט גרויס פארגעני־גען צו זעהן ווי ער שטייגט אין לערנען... יעדען טאג לערנען וואס ער האט דורכגעמאכט איז ביי איהם געווען א שריט נעהענטער צו זיין אייביגען גליק... יא, ער קען שוין רוהיג און זיכער זיין, ער וועט זיין ציעל ערדייכען... רחל וועט נאך זיין זעהר שטאלץ מיט איהם... פאר אלע איהרע ליידען און צרות וואס זי האט צוליעב איהם געהאט וועט זי האבען נאך מעהר נחת און פערגעניגען.

גרינג איז איהם געווארען אויף דער נשמה... זיין שטימע האט פעסטער אפגעשקלונגען אין די ווינקעלעך פון בית המדרש...

* * *

און רחל? זי האט שטארק געליטען... זי האט אבער צופרידען אריבערגע־טראגען איהרע יסורים און ליידען... זי האט געוואוסט אז איהר ליעבער טהייערער מאן עקיבא זיצט יעצט אין דער גרויסער ישיבה פון לוד און לערנט תורה... זי איז נאר געווען בעזארגט דאס איהר מאן זאל דארטען חלילה נישט דארפען ליידען קיין הונגער וואס וואלט איהם זעהר שטארק געשטערט צום לערנען...

ווען איהר זוהן יהושע איז פינף יאהר אלט געווען, האט זי איהם שוין אין חדר געפיהרט... זעהר פריה איז זי אויפגעשטאנען, צוגעגרייט פאר איהר זוהן פריהשטיק, איהם ארומגעוואשען און אוועקגעפיהרט אין חדר... דארטען איז דער קליינער יהושע אפגעווען דעם גאנצען טאג. רחל פלעגט דערווייל געהן זוכען ארבייט... קיין זאך איז פאר איהר נישט צו שווער געווען... האט זיך געמאכט אז אימיצער האט געדארפט האבען א וועשעריו, פלעגט זי אהין אוועקגעהן, נעה־מען דעם קארב וועש, עם אוועקטראגען צום טייכעל און עם וואשען, אויסטרי־קענען אויף דער זון און דערנאך עם צוריקברייגגען צום אייגענטימער... פאר די עטליכע פרוטות וואס זי פלעגט דערפאר קריגען, האט זי געקויפט עסען פאר איהר זוהן, און נאכהער געגאנגען אין חדר איהם אהיים גענומען און איהם דאס געגעבען צום עסען... זי אליין האט זיך בענוגענט מיט א שטיקעל טרוקען ברויט און אביסעל וואסער... ביינאכט ווען דאס קינד איז געשלאפען, איז זי געזעסען

ביי איהר שפינראַד און געשפּינט... די עטליכע פּרוטות וואָס זי פלעגט דערפון פערדיענען, האָט זי געקליבען... דאָס האָט זי געהאַלטען פאַר איהר מאַן...

ווען זי האָט געהאַט עטוואָס צייט, פלעגט זי אוועקגעהן צום טויער פון שטאָדט און אָפּשטעלען יעדען דורכפאַהרענדען און איהם פרעגען צי ער קומט פון לוד... ווי גרויס איז איהר פרייד געווען ווען זי האָט געטראָפען אימיצען וואָס איז נאָר וואָס אָנגעקומען פון לוד... זי האָט איהם באַלד גענומען פאַרוואַרפען מיט פראַגען וועגען איהר מאַן... און אז דער מאַן פון לוד האָט איהר געזאָגט, אז ער האָט קיינמאָל נישט געזעהען און אפילו נישט געהערט פון עקיבא'ן, איז רחל שטאַרק טרויעריג געוואָרען... געוויינט האָט זי שטילערהייד...

— ווי עלענד און פערוואָגעלט איהר ליעבער מאַן איז, — האָט זי זיך געטראַכט, — קיינער ווייס גאָר ניט פון איהם, קיינער הערט נישט פון איהם...

ווען אָבער אימיצער האָט איהר אמאָל יאָ אָפּגעגעבען א גרוס פון עקיבא'ן, איז צו איהר שמחה קיין גרענעץ נישט געווען... זי האָט יענעם אזוי גיך נישט אָפּגעלאָזען, זי האָט איהם אויסגעפרעגט אלע איינצעלהייטען און נישט איינמאָל האָט זי איבערגעפרעגט דיזעלבע זאַך... עס וואָלט איהר נישט נמאס געוואָרען אָפּצושטעהן דעם גאַנצען טאָג און הערען טויזענדער מאָל דיזעלבע זאך וועגען איהר מאַן...

ווען זי האָט שוין געהאַט אָנגעקליבען עטליכע שקלים, פלעגט זי ווידער אוועקגעהן צו די טויערען פון שטאָדט און וואַרטען פיעלייכט וועט אימיצער געהן נאָך לוד. זעהר גליקליך איז זי געווען ווען זי האָט געטראָפען אימיצען וועלכער האָט זיך געקליבען געהן נאָך לוד... זי האָט איהם אָפּגעגעבען איהרע עטליכע שווער פערהאָרעוועטע שקלים, און איהם מיט טרעהרען אין די אויגען געבעטען ער זאָל דאָס געלד אָפּגעבען איהר מאַן עקיבא'ן, וועלכער געפינט זיך אין בית המדרש פון לוד...

לאַנג פלעגט רחל שטעהן און מיט איהרע אויגען בעגלייטען דעם מאַן וועלכער איז אוועק נאָך לוד... איהר האַרץ האָט יעצט אזוי שטאַרק געצויגען אהין, וואו עס געפינט זיך דער וועמען זי ליעבט אזוי שטאַרק... זי זאָל נאָר קענען איין בליק טהאָן אויף איהר עקיבא'ן... ניין, זי מוז אָבער איינהאַלטען איהר בענקשאַפט... עס וועט שוין לאַנג נישט נעהמען און איהר גליק וועט קומען און פון זיי זיך קיינמאָל נישט אָפּטהאָן... און ווען דער רייזענדער איז פון איהרע אויגען פערשוואונדען געוואָרען, האָט זיך פון איהר האַרצען א שטילער זיפץ ארויסגעריסען... און באַלד האָט זיך צוגאָסען אַן אנגענעהמע זיסע פרייד איבער אלע איהרע גליעדער; זי האָט יעצט פאַר איהרע אויגען געזעהן איהר עקיבא'ן, זיין גליקליכען שמייכעל, ווען ער האָט ערהאַלטען איהר גרוס און די עטליכע שקלים וואָס זי האָט געשיקט מיט יענעם מאַן.

טאָג און נאַכט האָט רחל געטרוימט פון איהר מאַן. זי האָט איהם געזעהן אין אלע זיינע באַוועגונגען... אין איהרע אויערען האָבען אָפּגעקלונגען די זיסע קלאַנגען פון זיין שטימע לערנענדיג די תורה... און אפילו ווען זי איז געשטאַנען נעבען טייכעל און געוואַשען וועש האָט זי קיינעם און גאָרנישט ארום זיך געזעהן, נאָר די געשטאַלט פון איהר געליעבטען עקיבא'ן...

אין יעדען קלאַפּ וואָס זי האָט געגעבען די וועש און אין יעדען שפּריץ פון די וואַסער האָט זי געהערט די שטימע פון עקיבא'ן ווי ער לערנט די הייליגע

תורה... און אזוי פערטיעפט איז זי געווען מיט איהרע געדאנקען וועגען עקיבא'ן אז זי האט גארנישט בעמערקט תנחום'ן וועלכער איז לעבען איהר געשטאנען א היבשע ווײלע און בעטראכטענדיג ווי שווער זי ארבייט, האט ער געקוועטשט מיט די פלייצעס און געשאקעלט מיט'ן קאפ... און ווען ער האט געזעהן אז רחל באמערקט איהם נישט, איז ער נאך נעהענטער צו איהר צוגעגאנגען און זיך אפגערופען:

— וועה צו די אויגען וועלכע זעהען דאס! רחל, די אײדעלע טאכטער פון דעם רייכסטען מאן אין יהודה, איז גאר געווארען א וועשערין!... דו וואשט יענעמ'ס שמוציגע וועש... און אלץ צוליעב דעם וואס דו האסט דאן מיך נישט געוואלט פאלגען... ווען דו וואלסט אבער מיין עצה אנגענומען און זיך מיט עקיבא'ן גע'גט, וואלסטו דאך יעצט צוריק געווען אין דיין פאטער'ס רייכע פאלאצען, און איך וואלט דאך יעצט נישט געדארפט ארומוואגלען פון פלאץ צו פלאץ און זוכען פרנסה פאר מיין הויז-געזינד... דיין מאן האט דיר פארלאזען, ער וויל אפילו פון דיר גארנישט וויסען... ווייל, פארשטעהסטו מיר, ווען ער האט מיט דיר חתונה געהאט האט ער נאך געהאפט דאס ער וועט אויך קריגען דיין פאטערס עשירות, אבער איצט, אז ער האט זיך ארומגעזעהן אז ער וועט פון דיין פאטער'ס רייכטהום גארנישט האבען, און דו וועסט דיין גאנצען לעבען בלייבען ארים, טא צו וואס דארף ער דיר האבען... אזוי האט ער דיר פערלאזען און יעצט וועסטו בלייבען אן ארימע עגונה דיין גאנצען לעבען... דאס האט דיר גאט געשטראפט ווייל דו האסט זיך נישט געוואלט צוהערען צו דער עצה פון א קלוגען אידען, ווי איך תנחום, בין...

רחל האט איהם ניט געענטפערט. א, ווי שטארק זי האט געהאסט אט דעם תנחום'ן... געמיינט האט זי, אז נאך די גרויסע מפלה וואס ער האט געהאט, איידער איהר עקיבא איז אוועקגעפאהרען נאך לוד, וועט ער איהר מעהר קיינמאל נישט באלעסטיגען, אבער יעצט איז ער ווידער דא... איהר וואונדערט נאר, ווי אזוי ער האט אויסגעפונען וואו זי געפינט זיך... יעצט וועט זי שוין פון איהם ווידער נישט קענען פטור ווערען... יא, ער וועט נישט וואגען צוקומען צו איהר הויז, אבער דא נעבען טייך וועט ער שוין פון יעצט אן קומען יעדען טאג איהר ווידער צו בעלעסטיגען...

— דו שווייגסט! — האט תנחום געזאגט מיט א סארקאסטישען שמייכעל, — דו זעהסט אז דו ביזט אומגערעכט, דו האסט זיך גוט בענארישט... יעצט איז מיין עצה, אז דו זאלסט ארומפאהרען איבער גאנץ יהודה און אויסגעפינען דיין "טהייערען" מאן, דעם אויסוואורף, און איהם צווינגען צו געבען דיר גט... און אויב דו וועסט מיר יעצט אויך נישט פאלגען, וועסטו בלייבען אן אומגליקליכע עגונה און אן ארימע וועשערין דיין גאנצען לעבען... פאלג מיר, זאג איך דיר, ווייל דאס איז דער איינציגער וועג פאר דיר! אויב דו וועסט יעצט איהם נישט אויפזוכען וועט נאך דער נידערטרעכטיגער פאסטוך חתונה האבען מיט א צווייטער און דיר וועט ער אפילו קיין גט נישט וועלען געבען...

רחל איז איצט געווארען שטארק אויפגערעגט. זי האט שוין מעהר נישט געקענט פערטראגען די שרעקליכע בעלײדיגונג פון תנחום'ן און בפרט ווען ער האט איהר עקיבא'ן אנגערופען מיט אזעלכע שענדליכע נעמען... איהר כעס

האט זיך אין איהר צופלאקערט און זי האט מיט דער גאנצער ביטערניש פון איהר הארצען אויסגעשריען:

— אוועק פון מיר, דו תנחום, איך וויל מעהר דיין פנים נישט אנקוקען, אוועק זאג איך דיר!...

תנחום האט זיך פאנאנדערגעלאכט:

— קוק זי נאר אן, די וועשערין, זי האט זיך אזוי צושריגען . . . איצט איז דאך דיין געזונטער פאסטוך נישטא, ער וועט זיך שוין פאר דיר מעהר נישט אננעהמען...

רחל איז יעצט אזוי ארוים פון געדולד אז זי האט גענומען די נאסע טוך וואס זי האט געהאלטען אין וואשען און עס א שליידער געטהאן תנחום'ן אין פנים אריין.

א ציטער איז דורכגעגאנגען תנחום'ס קערפער פון די נאסע קאלטע טוך וואס האט איהם אין גאנצען דורכגענעצט, און פון רחל'ס כעס... ער האט איהר נאך קיינמאל נישט געזעהן אזוי אין כעס... און דא האלט זי נאך אין איהר האנד די שטיק האלץ מיט וואס זי האט געקלאפט די וועש.

תנחום האט זיך גלייך אומגעקעהרט און גענומען שטעלען פיס... ער האט זיך אומגעקוקט צי רחל לויפט איהם נישט נאך... און רחל איז איהם טאקע נאכגעלאפען... אבער נישט מיט דעם שטיק האלץ...

נאכדעם ווי זי האט איהם א שליידער געטהאן דאס נאסע טוך אין פנים, האט איהר אויף דעם שטארק פארדראסען... איהר הארץ האט איהר שטארק געקלאפט פאר דעם וואס זי האט אזוי געהאנדעלט געגען אן עלטערען מענשען... זי איז גלייך איהם נאכגעלאפען צו בעטען ער זאל איהר מוחל זיין... תנחום אבער, ווען ער האט דערזעהען אז רחל לויפט איהם נאך, האט זיך נאך מעהר דערשראקען און האט גענומען נאך שנעלער לויפען...

רחל האט זיך אומגעקעהרט צו איהרע וועש מיט א טיעפען צער און גע־וויסענסביסע... זי האט זיך נישט געקענט מוחל זיין פאר איהר האנדלונג געגע תנחום'ן...

אויף מארגען איז רחל ארומגעגאנגען זוכען תנחום'ן כדי איהם צו בעטען מחילה. און ווען זי האט איהם דערזעהען, איז זי גלייך צו איהם צוגעגאנגען. אבער תנחום האט זיך פאר איהר ווידער דערשראקען און האט שוין געוואלט אנטלויפען. רחל אבער האט איהם אפגעהאלטען און זיך צו איהם אפגערופען:

— זיי מיר מוחל תנחום, איך בין געווען זעהר אויפגערעגט, און איך האב זיך פארלארען...

יעצט האט זיך תנחום געפיהלט ביי זיך נאך תקיף'ער און איהר נאכגע־קרימט:

— מוחל זיין זאל איך דיר, ווילסטו, הא, מוחל זיין!...

רחל האט איהם דערלאנגט די עטליכע שקלים וואס זי האט געהאט אפגע־שפארט פאר איהר מאן, און מיט טרעהרען אין די אויגען זיך ביי איהם געבעטען:

— תנחום, איך בין נעכטען בעגאנגען א גרויסע עולה נעגען דיר, קענסטו מיר פיעלייכט מוחל זיין?...

ווען תנחום האט דערזעהן די זילבערנע שקלים, האבען זיך זיינע אויגען

בריוט פאנאנדערגעעפענט און נעהמענדיג פון איהר די עטליכע מטבעות, האט ער זיך אפגערופען מיט א שמייכעל:

— נו, געווים בין איך דיר מוחל, רחל!... איינס, צוויי, דריי, פיער, פינף!... פינף שקלים!... — האט תנחום צו זיך גערעדט ווען רחל איז פון איהם אוועקגעגאנגען.

— הלואי מאכט זיך מיר אלע טאג אזעלכע גרינגע פארדיענסטלער, וואלט דאך מיין פלונית׳טע אויפגעהערט צו שילטען... און פיעלייכט וואלט זי מיר אמאל אין א נאווינע א גוטען מאלצייט געמאכט...

* * *

דער גליקליכסטער מאן אין גמזו איז יעצט געווען יוליוס ווערנוס. ווער קען זיך דאס צו איהם גלייכען!... זיין אקטאוויא, זיין איין־איינציגע טאכטער וועט ווערען די צעזארין פון דער גאנצער רוימישער אימפעריע.

גלייך ווי סעיאנוס בורוס האט געקראגען די בריעף פון רוים, איז ער אוועק צו יוליוס ווערנוס׳ן.

— א גרויסער גליק איז צו דיר געקומען, מיין טהייערער פריינד, — האט איהם סעיאנוס בורוס געדריקט די האנד, — דיין אקטאוויא האט חתונה מיט דאמיציאן, זי וועט געקרוינט ווערען אלס די צעזארין פון רוים.

יוליוס ווערנוס האט איהם אנגעקוקט מיט ערשטוינונג... איהם האט זיך געדוכט אז סעיאנוס בורוס איז דאס געקומען אפלאכען פון איהם... ווען אבער סעיאנוס האט איהם געוויזען מעסעלינא׳ס בריעף און דעם בייגעלייגטען צושריפט פון מאנילוס׳ן, יוליוס׳ס זוהן, האט ער ערשט דאן פערשטאנען זיין גרויסען גליק וואס עס קומט איהם פאר...

— מיין אקטאוויא, די קעניגין פון רוים! — האט ער אויסגעשריען מיט פרייד און זיך געווארפען קושען סעיאנוס׳ן... איך האב אלע מאל געוואוסט אז פון מיין שעהנער טאכטער האב איך פיעלעס צו ערווארטען, אבער אזא גליק... וועגען דעם האב איך אפילו נישט גע׳חלום׳ט!... איך שטעל זיך פאר ווי גליקליך מיין מאנילוס איז יעצט דארטען...

— דיין מאנילוס איז פון אימער צו געווען א וואוילער יונג, — האט סעיאנוס בורוס געזאגט, — אבער דיין אקטאוויא... זי איז גאר געווען א מלאך! זעלטען ווען מען געפינט אזא שעהנהייט צווישען רוימישע פרויען... דו ווייסט, מיין ליעבער פריינד, יוליוס, עפעס האב איך יעצט מורא צו פאהרען נאך רוים...

— מורא! — האט יוליוס ווערנוס געלאכט, — פארוואס זאלסטו גראדע יעצט מורא האבען צו פאהרען נאך רוים?...

— איך מוז זיך פאר דיר מודה זיין, — האט סעיאנוס געזאגט, — אז איך האב זיך זעהר לעכערליך געמאכט אין אקטאוויא׳ס אויגען פאר איהר אבפאהרען נאך רוים... איך בין דאן געווען שכור... און ווען איך בין געבליבען מיט אקטאוויא׳ן אליין אין צימער פאר א ווייל'ע, האב איך איהר געוואלט א קוש טהאן...

— נו, און מיין טאכטער האט זיך געלאזען? — האט יוליוס איהם געפרעגט מיט א שמייכעל.

— המ... זיך געלאזען!... זי האט מיר אראפגעלאזען צוויי פייערדיגע פעטש אז איך בין באלד צום בארען געפאלען... ערשט דאן האב איך געזעהן

ווי שטארק זי איז... נו, יעצט ווען איך וועל קומען אין רוים און זי וועט זיין די צעזארין, וועט זי זיך מיט מיר ווערען אפרעכענען פאר דעם וואס איך האב איהר אמאל בעליידיגט.

— ווענען דעם דארפסטו זיך גארנישט זארגען, מיין אקטאוויא איז זעהר א גוטע פון דער נאטור און זי האט דיר שוין עם לאנג מוחל געווען און בפרט אז דו פאהרסט יעצט אהין מיט מיר... איך וועל שוין זעהן אז קיין אונאנגענעהמעס זאל דיר נישט געשעהן...

— אבער, — האט סעיאנוס בורוס געזאגט פאנאנדערוויקלענדיג דעם בריעף, — דו זעהסט דאך וואס מעסעלינא שרייבט מיר, אז פון אלע מיינע בריעף גלויבט זי אז איך בין נאך אין איהר שטארק פארליעבט, און מיינע פריינד פון גמזו האבען איהר פארזיכערט דאס איך בין איהר געבליבען געטריי די גאנצע צייט... קען דאך געמאלט זיין אז אקטאוויא זאל דערצעהלען פאר מיין מעסעלינא'ן וועגען די פעטש וואס זי האט מיר געגעבען. און אויב אזוי בין איך א פערפאלענער... מעסעלינא וועט מיר דאס ניט שענקען...

— דו קענסט נאך ניט מיין אקטאוויא'ן, — האט יוליוס מיט שטאלץ געזאגט, — זי וועט אזא זאך פאר קיינעם נישט דערצעהלען, און בפרט נאך פאר דיין אייגען ווייב... און א חוץ דעם שרייבט דאך דיר דיין מעסעלינא אז מיין זוהן און מיין טאכטער האבען איהר פארזיכערט אז דו ביזט איהר געבליבען געטריי, טו ווי אזוי וועט זי קומען יעצט און איהר איבערגעבען אזא זאך?

— גוט, מיין פריינד, — האט סעיאנוס בורוס געזאגט א פרעהליכער, — איך פאהר דאך מיט דיר און דו וועסט שוין מסתמא זעהן אז קיין שלעכטעס זאל מיט מיר נישט פאסירען. מיר וואונדערט אבער ווער עס קען זיין דער מאן וועגען וועמען זי שרייבט צו מיר, דאס ער וועט פארנעהמען מיין פלאץ אין גמזו... א פאסענדער מאן... און ווען איך וועל וועלען וועל איך קענען צוריק בעקומען מיין שטעלע... ווער קען דאס זיין?!...

— דערווייל וועט דאך דיין שטעלע איבערנעהמען דיין געהילף, און יענער מאן וועט דאך אהער נישט פאהרען כל זמן דו וועסט נישט אנקומען אין רוים, וועסטו דאך איהם זעהן, — האט יוליוס געזאגט.

— איך וועל דיר בעטען א טובה, מיין גוטער פריינד, — האט סעיאנוס בורוס צו איהם געזאגט, — דו ווייסט דאך ווי פיין און איידעל איך האב דיר די גאנצע צייט בעהאנדעלט... עס קען זיין אז ווען איך וועל אנקומען אין רוים און זעהן דארטען דעם רייכען לעבען פון פערגעניגען און לוקסוס וועט זיך מיר שוין ניט ווערען צוריקפאהרען אהער אין דער אומעטיגער שטאדט, וואו מען הערט נאר קרעכצען און וועה-געשרייען... און אזוי ווי דיין טאכטער וועט דאך זיין די גאנצע הערשערין פון רוים, זאג דאך מיר צו, אז דו וועסט זיך מיט איהר דורכריידען אז זי זאל פועל'ן ביי דעם צעזאר ער זאל מיר געבען א רעגירונגס-שטעלע אין רוים גופא...

— איך וועל דאס פאר דיר נעווים טהאן, — האט יוליוס ווערנוס געזאגט א צופרידענער, — און זיי זיכער, אז מיין אקטאוויא וועט פאר דיר קריגען די בעסטע שטעלע אין רוים... נו, יעצט לאמיר טרינקען פאר דעם גרויסען גליק וואס מיר האט געטראפען...

זיי האבען אנגעפילט זייערע בעכער מיט וויין און אויסגעטרונקען פאר דעם געזונד פון דער צוקינפטיגער הערשערין אין רוים...

* * *

שנעל ווי א בליץ האט זיך די נייעס פארשפרייט אין גמזו אז יוליוס ווערנוס'עס טאכטער, אקטאוויא, ווערט די הערשערין פון רוים. פיעלע אידען זיינען געווען העכסט צופריעדען פון דעם... א אידישע קעניגין! וועט זי זיך געווים משתדל זיין צו פארגרינגערען די לאגע פון די אידען אין יהודה... אנדערע, ווידער, זיינען אויף איהר געשען אין כעס... און אויף דעם מארק-פלאץ וואו פיעלע אידען פלעגען זיך צונויפקומען יעדען פריהמארגען האט מען וועגען די נייעס זעהר פיעל גערעדט:

— איך זאג אייך, אז דאס איז א כבוד און א גליק פאר אלע אידען, — האט זיך א איד מיט א שווארץ-שפיציג בערדעל אפגערופען, — א קליינינגקייט, א אידישע טאכטער די הערשערין פון אזא מעכטיגער מדינה... איהר'ט נאך זעהן, אז צוליעב איהר וועט דאמיציאן אונז ערלויבען צוריקצובויען דעם בית המקדש...

— און איך זאג אייך, — האט א צווייטער זיך אפגערופען, — אז פון יוליוס ווערנוס'ס טאכטער האבען מיר גארנישט צו ערוואַרטען... זי וועט מן הסתם אין גאנצען פארלייקענען איהר אידישקייט... ותא ראיה, אז איהר פאטער האט שוין פון לאנג ביי זיך אין הויז דעם רוימישען אפגאט, יופיטער... ער זוכט מיט אלע מעגליכקייטען זיך צו אסימילירען מיט די רוימער...

נו, וואס דען? — האט זיך א דריטער אריינגעמישט. — נים אומזיסט האט ער זיי אוועקגעשיקט נאך רוים... ער האט דאך זיי געוואלט מאכען פאר בעסערע רוימער... אן אמת'ע אידישע טאכטער וואלט אזא זאך געווים נישט געטהאן... וואס חייסט געהן חתונה האבען מיט דעם רוימישען צעזאר, וועלכער איז אזא צורר היהודים, א רשע מרושע. וויפיעל אידישע בלוט זיין פאטער און ברודער האבען פערגאסען!... איך פרעג אייך, וואלט רחל כלבא שבוע'ס טאכטער געטהאן אזא זאך... כאטש זי איז א סך שעהנער פון אקטאוויא'ן...

— אט ברענגט ער א ראיה פון רחל'ן! — האט זיך דער איד מיט דער שווארץ שפיציג בערדעל אפגערופען — א גרויסער גליק האט איהר געטראפען — זי האט חתונה געהאט מיט אן ארימען פאסטוך, א גראבען יונג, זי איז פערטריבען געווארען פון איהר היים און יעצט מוז זי ווערען א וועשערין...

— עס איז דאך א סך בעסער און שעהנער ווי חתונה צו האבען מיט א רוימישען צעזאר — האט נאך איינער געזאגט.

— און איך זאג אייך — האט א חוכבער דארער איד זיך אפגערופען — אויב זי וועט נאר קענען טאהן די קלענסטע טובה פאר אידען, איז שוין כדאי פאר איהר זי זאל מיט איהם חתונה האבען... האט דען אסתר המלכה נישט חתונה געהאט מיט דעם פערזישען קעניג, אחשורש... פונדעסטוועגען איז איהר נאמען דערמאנט צום גוטען ביי אלעמען... זי קען נאך ביי איהם פועל'ן ער זאל צוריקבויען די חורבות פון ירושלים און אונז ערלויבען צו בויען דעם בית המקדש. און אפשר וועט איהר אויך געלינגען איבערצורעדען דאמיציאן אפצו-
[illegible] שכל קאפ שטייער וואס צו אונזער גרויסער וועהטאג און שאנדע, מוזען מיר עד היום נאך צאהלען פאר יופיטערן... דאס וואלט זי אויס-
[illegible] זאך פאר אידען...

— חערט איהר — האט זיך אפגערופען אן עלטערער איד — איך האב מורא אז פון אלע גליקען זאל זי אקארשט נישט האבען דעם זעלבען פסק וואס בערעניקא האט געהאט פון טיטוס'ן... עפעס גלויבט זיך מיר נישט אז דער רוימישער צעזאר זאל וועלען חתונה האבען מיט א אידישע מיידעל...

— ווי איז אבער אז איך האב אליין געזעהן דעם בריעף וואס יוליוס ווערנום האט דערהאלטען פון זיין זוהן אין רוים צוזאמען מיט סעיאנוס בורוס'עס בריעף פון זיין ווייב — האט זיך שוין תנחום אריינגעמישט — קומט ער צוגעהן און זאגט אז דאס איז אומעגליך! און איך זאג אייך אידען אז דאס וועט זיין א גליק פאר אלע אידען.. מיר וועלען מיט זיכערהייט קענען שטאלצירען מיט דער אידישער צעזארין.

— כא, כא כא! — האט זיך נאך א איד פאנאנדערגעלאכט — תנחום האט שוין געזעהן דעם בריעף מיט זיינע אויגען!... יוליוס ווערנום האט גאר קיינעם נישט צו צייגען זיינע בריעף ווי צו תנחום'ן!

— זאג דאך מיר, תנחום, ווי אזוי קומט עס טאקע אז יוליוס ווערנום זאל דיר צייגען דעם בריעף, מיט וואס האסטו עס ביי איהם אזוי פערדינט?...

— הם... — האט תנחום מיט שטאלץ געגלעט זיין רויטע בארד — איז דען פארהאן א זאך וואס תנחום זאל נישט וויסען... נישט נאר האט ער מיר געצייגט וואס זיין זוהן שרייבט, נאר אויך דעם בריעף וואס אונזער פערוואל־טער'ס פרוי האט געשריעבען, סעיאנוס'ן וועגען דעם אז אקטאוויא ווערט דיא צעזארין פון רוים.

— ווי אזוי?...

— ווי אזוי, ווילט איהר וויסען? — האט תנחום געזאגט — גאר פשוט, ווי איך האב געהערט די נייעס אז יוליוס טאכטער וועט ווערען די צעזארין פון רוים בין איך גלייך אוועק צו זיין הויז... איך האב זיך ארומגעדרעהט ארום זיין הויז דעם גאנצען פריהמארגען... יוליוס ווערנום האט מיר בעמערקט, און גלייך געשיקט מיר רופען...

— אי תנחום, תנחום! ביז ווי לאנג וועסטו זאגען ליגען?... דו ווילסט אונז אלעמען איינריידען אז יוליוס ווערנום האט שוין קיין חשוב'ערען אידען ווי דו נישט געפונען צו דערצעהלען זיינע סודות.

—און איך זאג אייך — האט זיך דער איד מיט דער שווארץ שפיציגער בערדעל אפגערופען — אז דאס מאל גראדע גלויב איך תנחום'ן ווייל יוליוס האט מסתמא געוואלט אז די נייעס זאל גלייך בעוואוסט ווערען איבערן גאנצען שטאדט און ווער נאך קען אזוי שנעל פערשפרייטען די נייעס ווי תנחום? האט ער איהם מסתמא דערצעהלט און יעצט ווייס שוין די גאנצע שטאדט...

— יוליוס ווערנום האט מיר געוויזען די בריעף, ווייל ער האט געוואלט פון מיר עפעס אויסגעפינען — האט תנחום געזאגט.

— וואס א שטייגער האט יוליוס געוואלט אויסגעפינען? איז א איד נייגעריג געווארען.

תנחום האט זיך אויסגעגלייכט און גלעטענדיג זיין בארד האט ער זיך אפגערופען:

— יוליוס ווערנום האט מיר געפרעגט וואו עס וואהנט רחל, כלבא שבוע'ס טאכטער.

— וואו עס וואהנט רחל?! — האבען אייניגע מיט אמאל אויסגערופען — צו וואס דארף ער וויסען וואו זי וואהנט?...

— נו, זעהט איהר — האט תנחום געשמייכעלט — קיינעם פון אייך וועט גאר נישט איינפאלען פארוואס יוליוס ווערנוס וויל זיך זעהן מיט רחל'ן איידער ער פאהרט אפ נאך רוים... אבער פאר תנחום'ן זיינען ניטא קיין פערבארגענע זאכען...

— אדרבה, דערצעהל אונז פאר וואס יוליוס וויל זיך פלוצלונג זעהן מיט כלבא שבוע'ס טאכטער — האט זיך דער הויכער דארער איד אפגערופען — זאל דאס זיין אז ער וויל פון איהר אויסגעפינען וואו עקיבא געפינט זיך, כדי איהם צו בעשטראפען פאר זיינע אמאליגע זינד, וואס ער האט אפגעבראכען ביי איהם אין הויז יופיטער'ס נאז...

— וואס פאלט דיר איין — האט זיך אן אנדערער אריינגעמישט — פאר וואס זאל ער איהם יעצט וועלען בעשטראפען! עקיבא איז דאך שוין ביי איהם געוועזן אין הויז אן ארעסטירטער און ער האט דאך איהם פריי געלאזען... צו וואס וועט ער ווייטער איהם וועלען בעשטראפען!...

— נו, יעצט אז זיין טאכטער ווערט צעזארין פון רוים, וועט ער וועלען זיי איבערצייגען ווי איבערגעגעבען ער איז צו די רוימער, אז ער בעשטראפט די וועלכע האבען נאך אמאל געזינדיגט געגען רוים...

— אז מען ווייס נישט דארף מען נישט פלאפלען גלאט אין דער וועלט אריין — האט איהם תנחום איבערגעקרימט.

— נו, און דיר האט דאך יוליוס מסתמא באלד דערצעהלט דעם סוד...

— נישט אלעס דארף מען מיר דערצעהלען — האט תנחום געשמייכעלט — וועגען פיעלע זאכען קען איך זיך אליין אנשטויסען. נישקשה תנחום'ס מח איז נאך נישט אויסגעדראט...

— נו, לאמיר שוין הערען — איז נאך איינער פון דער גרופע אונגעדולדיג געווארען.

— לויט מיין שכל, וויל יוליוס ווערנוס געהן צו רחל'ן איידער ער פאהרט אפ נאך רוים, טאקע צוליעב זיין זוהן מאנילוס...

— מאנילוס!? וואס האט מאנילוס צו טהאן מיט רחל'ן?...

כאפ זשע נישט! — האט תנחום א מאך געטהאן מיט זיין האנט — מאנילוס האט שוין יע צו טהאן מיט רחל'ן... אלע אידען פון דער גרופע האבען תנחום'ן אנגעקוקט מיט ערשטוינונג...

— פערשטעהט איהר מיר — האט תנחום פארטגעזעצט — מאנילוס האט זיך זעהר שטארק געליעבט אין רחל'ן... און טאקע צוליעב דעם איז ער אוועקגעפאהרען נאך רוים, דארטען האט ער געהאפט צו ווערען א גרויסער מאן און דאמיט געווינען רחל'ס ליעבע...

— ווייס איך וואס!? — האט דער אידעל מיט דער שווארץ־שפיציגער בערדעל געזאגט—פון וואנען דרינגסטו עס אז מאנילוס האט זיך געליעבט אין רחל'ן? ער האט פאר דיר אודאי אויסגעגאסען זיין הארץ!...

— איך ווייס שוין גאר גוט — האט תנחום געזאגט — נישט איין מאל האב איך איהם געזעהן נעבען כלבא שבוע'ס הויז... א טאג פאר זיין אפפאהרען

האב איך איהם עטליכע מאל בעמערקט שטעהענדיג נעבען דעם הויז... און ארויפ־קוקען צום פענסטער פון רחל'ס צימער...

— דאס איז נאך אלץ נישט קיין ראיה אז ער איז צוליעב דעם געפאהרען נאך רוים... דאס מוז שוין זיין דיין אייגענע בויך סברא. — האט איינער בעמערקט.

— דאס האב איך געהערט פון יורם'ן, יוליוס'עס אמאליגער פאסטוך... ער האט מיר דערצעהלט דאס ער האט געהערט ווי מאנילוס האט זיך בערימט פאר זיין שוועסטער אז ווען ער וועט זיך צוריקקעהרען פון רוים מיט א יוניפארם אלס א רוימישער אפיציער, דאן וועט איהם רחל אויך ליעב האבען... נו, יעצט קען מען אליין פערשטעהן פארוואס יוליוס געהט צו רחל'ן...

— אפשר קענסטו עס פערשטעהן — האט זיך א איד אפגערופען — אבער איך פערשטעה נאך אלץ נישט פארוואס יוליוס זאל וועלען געהן בעזוכען רחל'ן פאר זיין אפפאהרען נאך רוים! רחל איז דאך שוין א פערהייראטע און האט שוין א קינד... אי תנחום, דו זאלסט מיר מוחל זיין, דו ביזט דוכט זיך שוין גאר עובר בטל!...

— מיר וועלען שוין זעהן ווער עס איז גערעכט — האט תנחום צוגעשאָ־קעלט מיט'ן קאפ...

יעדערער פון דער גרופע האט א קוועטש געטהאן מיט די פלייצעס און איז אוועק צו זיינע עסקים...

---

עס איז שוין געווען נאך האלבען טאג, רחל איז פארטיג געווארען מיט דעם וואשען די וועש ביים טייך. און זי האט זיך צוריקגעקעהרט צו די האלב איינגע־פאלענע חורבה וואס איז געווען איהר היים, איהר קינד יהושע איז נאך אין חדר געווען... זי האט צוגעשטעלט קאכען א געקעכץ פאר איהר קינד און אליין האט זי זיך אוועקגעזעצט ביים שפינ־ראד און געארבייט...

פאר איהרע אויגען האט פערבייגעשוועבט יענע גליקליכע צייט ווען זי האט עקיבא'ן נאר וואס דערקענט... זי איז דאן געווען אין דעם רייכען פאלאץ פון איהר פאטער, זי האט געהאט פיעלע דיענסטען און קאמער־מיידלעך... איהר ליעבער טייערער פאטער איז צו איהר געווען אזוי צערטליך, אזוי גוט... זי דערמאהנט זיך ווי זי האט עקיבא'ן בעפרייט פון מאנילוס'עס ברוטאלע בע־האנדלונג... איהר פאטער האט איהר געגעבען די נויטיגע סומע אויסלייז געלט... זי האט געבראכט דעם פערוואונדעטען פאסטוך אין איהר פאטער'ס פאלאץ... זי האט געהאלפען פערבאנדאזשירען זיינע וואונדען איהרע בליקען האבען זיך בעגעגענט מיט זיינע... א לייכטער און אנגענעהמער ציטער האט דורכגעדרונגען איהר גאנצען קערפער און באלד האט עקיבא איהר הארץ געוואונען... יע, זי האט זיך אין דעם בראווען העלדישען פאסטוך גלייך פערליעבט מיט אלע פיבע־רען פון איהר יונגער צארטער נשמה... זי האט אין זיינע פינקעלדיגע אויגען געזעהן א הייליגען פייער, דאס פייער פון אן אמת'ן אידישען העלד... און וואס שטארקער איהר ליעבע צו עקיבא'ן איז געווען אלס גרעסער איז איהר גליק געווען... און אט דערמאהנט זי זיך איהרע שרעקליכע ליידען, ווען איהר האט זיך געדוכט אז נחמה איז עקיבא'ס געליעבטע... אומעטיג און טרויעריג איז איהר

דאן אויפ'ן הארצען געווארען... איהר הימעלשער גליק האט זיך פון איהר אוועק־געגליטשט... און געמיינט האט זי אז זי האט איהם אויף עוויג פערלארען... שנעל אבער האט די זון פאר איהר ווידער אויפגעלויכטען... זי האט באלד איהר מעות אויסגעפונען... און דאן איז איהר העכסטער גליק פון לעבען פערווירקליכט געווארען... און וואס מעהר זי האט געליטען אלץ מעהר איז איהר נשמה געלייטערט געווארען... זי פיהלט אז דורך איהרע אלע יסורים וואס זי האט ערליטען זיינט איהר פאטער האט איהר פון זיין הויז פערטריבען... זיינט ער האט די הארבע שבועה געשווארען... ווערט איהר עקיבא אלץ טייערער און ליעבער... יעצט גלויבט זי איז זי איהם ווערטה... און ווען עקיבא וועט א גרויסער מאן ווערען וועט זי ביי זיך נישט זיין געפאלען...

רחל האט די שפינראד נאך שנעלער געדרעהט... איז זי יעצט אויך גליק־ליך?... געוויס! נאך גליקליכער ווי אימער... די אלע ערנידערונגען און בעליי־דיגונגען וואס איהר קומט אוים אויסצושטעהן זיינט איהר עקיבא איז אוועק נאך לוד, שטארקען און ערמוטהיגען איהר נאך מעהר... זי וויים אז ערשט שפעטער וועט זי איהר גליק ווערטה זיין... איהר עקיבא וועט ווערען א גרויסער געלע־רענטער מאן און פיהרער ביי אידען... ער וועט בעלייכטען די וועגען פון דעם אומגליקליכען פאלק יהודה... זי האט דאך אזוי פיעל צוטרוי אין איהר מאן... און גאט וויים דאך אז אלע קרבנות וואס זי בריינגט און איז גרייט צו בריינגען, איז דאך נישט צוליעב איהר אליין, נאר אויך צוליעב איהר פאלק... זי האט באלד אין עקיבא'ן דערזעהן אז ער בעזיצט אויסערגעוועהנליכע איינגעשאפטען אלס פיהרער און וועגווייזער פאר די אונטערדריקטע אידען... פון זיין ערשטער העלדישקייט וואס ער האט ארויסגעצייגט האט זי אין איהם בעמערקט דעם געט־ליכען פונק וואס זיין נשמה פערמאגט... און זיכער איז זי געוועזן אז ווען עקיבא זאל נאר האבען די געלעגענהייט צו לערנען, וועט ער זיין פאלק פיעל נוצען בריינגען... זי האט דאן געפראוואוט בעטען איהר פאטער ער זאל איהם, עקיבא'ן אונטערשטיצען כדי ער זאל קענען אוועקפאהרען אין א ישיבה צו לערנען... זיא האט אבער איהם נישט געקענט איבערצייגען אז ווען עקיבא זאל נאר האבען די מעגליכקייט צו לערנען תורה וואלט ער געווארען איינער פון די גרעסטע תלמידי חכמים...

רחל האט זיך יעצט דערמאנט אן איהר ליעבען פאטער, און איהר הארץ איז אנגעפילט געווארען מיט אזוי פיעל בענקעניש און ליעבע צו איהם... זי האט איהם נאך זינט ער האט איהר פון זיין הויז פערטריבען, נישט געזעהן... ער האט געמוזט שטארק פארעלטערט ווערען... איהר ליעבער פאטער! ער מוז דאך זיין אזוי עלענד... אזוי פיעל צרות האט ער דורכגעמאכט... פערלארען זיין פרוי, זיין איינאיינציגען זוהן, און יעצט איז זי אויך צו איהם ווי פערלארען... זי פיהלט זיינע יסורים... יע, זי איז אין דעם שולדיג... אבער וואס האט זי געקענט טהאן!... זי האט עקיבא'ן ליעב געהאט נאך מעהר ווי איהר אייגען לעבען... און יעצט איז ער איהר נישט טייערער פאר אלעם אין דער וועלט?... ווען איהר פאטער וואלט איהר דאן פערשטאנען, וואלט דאך דאן אלעס אנדערש געווען... אט קומט פאר איהרע אויגען די געשטאלט פון איהר פאטער אין דער צייט ווען זי האט איהם דערצעהלט אז זי האט מיט עקיבא'ן התונה געהאט... ווי שרעקליך ער האט דאן אויסגעזעהן!... זיין פנים איז געווען בלייך. זיינע ליפען האבען

געציטערט און זיינע אויגען האבען מיט פייער געשפריצט... און ווען ער האט אויפגעהויבען זיין האנט און געשווארען... ניין, זי וועט עס קיינמאל נישט פערגעסען... עפעס איז ער אין די עטליכע מינוטען אזוי שטארק פערענדערט געווארען... די קנייטשען פון זיין פנים זיינען טיעפער געווארען... ער האט איהר דאן געגעבען די ברירה, אדער אויפגעבען עקיבא'ן, זיך מיט איהם גט'ן אדער צו פערלאזען דאס הויז און מעהר קיינמאל נישט צוריקקומען...... ווי שווער עס איז איהר געווען צו פערלאזען איהר עלענדען פאטער, אבער זי האט זיך נישט געקענט העלפען... צו שטארק איז איהר ליעבע צו עקיבא'ן געווען... זי האט אנדערש נישט געקענט האנדלען... און יעצט איז איהר ליעבע צו עקיבא'ן נאך שטארקער געווארען... כאטש זי האט איהם שוין פיעלע יאהרען נישט געזעהן... זי האט אבער געהאט פון איהם גערוסען אז ער שטייגט אין לערנען פון טאג צו טאג... עס וועט שוין לאנג נישט נעמען און איהר עקיבא וועט זיך אומקעהרען צו איהר א גרויסער געלערנטער מאן... דאן וועט איהר פאטער זיך ארומזעהן אז ער האט געמאכט א טעות מיט זיין הארבע שבועה וואס ער האט געשווארען...

איהרע געדאנקען זיינען אונטערבראכען געווארען ווען זי האט געהערט א קלאפ אין טיהר, זי האט גלייך די טיהר געעפענט און יוליוס ווערנוס איז אריין אין הויז...

רחל האט איהם אנגעקוקט מיט ערשטוינונג... וואס דארף יעצט יוליוס ווערנוס צו איהר ?... וויל ער זיך שוין ווידער צוטשעפען צו איהר עקיבא'ן...

— האט דען עפעס פאסירט מיין האר — האט איהם רחל א דערשראקענע געפרעגט.

— א ניין, גארנישט האט פאסירט — האט איהר יוליוס ווערנוס בערוהיגט
— האסטו דען נישט געהערט די נייעס וועגען מיין טאכטער אקטאוויא ?

— וועגען אקטאוויא'ן ? ניין, מיין האר איך האב גארנישט געהערט. האט זי זיך פיעלייכט צוריקגעקעהרט פון רוים ?

— צוריקגעקעהרט פון רוים ? ! — האט יוליוס געשמייכעלט — איך גלויב אז זי וועט שוין דארטען בלייבען איהר גאנצען לעבען... ווייל זי וועט ווערען די הערשערין איבער דער גאנצער רוימישער אימפעריע...
— וואס? — האט זיך רחל אפגערופען — איך פערשטעה נישט...
— גאנץ איינפאך — האט יוליוס מיט שטאלץ געזאגט — מיין טאכטער איז געווארען די כלה פון דעם רוימישען צעזאר, דאמיציאן און אין גיכען וועט זי ווערען די צעזארין פון רוים.
— די צעזארין פון רוים ? — האט רחל איהם געפרעגט מיט פערוואונדערונג — וועט אקטאוויא הייראטען מיט דעם צעזאר פון רוים ?...
— יע, מיין טאכטער אקטאוויא וועט גאר אין גיכען ווערען דאמיציאן'ס פרוי...
רחל האט געשאקעלט מיט'ן קאפ :
— אויף אקטאוויא'ן האב איך זיך דאס גארנישט גערעכט — האט זי געזאגט ווי צו זיך אליין...
— וואס מיינסטו, איז זי נישט גענוג שעהן און צוציהענד !... און אויב די צווייפעלסט נאך אין מיינע ווערטער, וועל איך דיר ציינען די בריעף וואס איך

האב ערהאלטען פון מיין זוהן און פון סעיאנוס בורוס'עס פרוי — האט יוליוס געזאגט און ארויסגענומען פון בוזעם א בריעף און איהר געצייגט.

— איך צווייפעל נישט אין דיינע ווערטער — האט רחל געזאגט — און איך געדענק ווי וואונדערבאר שעהן אקטאוויא האט אויסגעזעהן בעת זי איז געקומען צו מיר זיך געזעגענען איידער זי איז אפגעפאהרען נאך רוים...

— דאן האט זי אפילו נישט געקענט חלום'ען פון אזא גליק... זי האט דאך בשום אופן נישט געוואלט פאהרען נאך רוים... עס האט מיר און מיין זוהן געקאסט זעהר פיעל מיה ביז וואנען מיר האבען איהר דערצו איינגערעדט... און יעצט ווער קען זיך דאס צו איהר גלייכען?... און מיין זוהן מאנילום איז שוין אויך פערזארגט... ער וועט שוין אודאי קריגען א הויכע רעגיערונגס שטעלע און אפשר וועט ער נאך גאר ווערען א גענעראל...

— וועגען דיין זוהן איז מיר גאר קיין וואונדער נישט... אבער דיין טאכטער, אקטאוויא קען איך שוין גארנישט פערשטעהן... זי איז פון אלע מאל געווען איבערגעגעבען צו אידישקייט... זי איז געווען די אמת'ע ריינע אידישע טאכטער וואס וואלט זיך מקריב געווען פאר איהר פאלק און לאנד... זי זאל אוועקגעהן און חתונה האבען מיט דעם רוימישען צעזאר, דאס פערשטעה איך נישט... איך וויים אז עס איז פיעלייכט א גרויסע עהרע צו הייראטען מיט א מעכטיגען צעזאר און דערנאך אליין ווערען צעזארין, דאך וואונדערט מיר אויף איהר, ווייל פון די קורצע צייט וואס איך האב איהר געקענט, וואלט איך אויף איהר קיינמאל נישט געקענט גלויבען...

— וואס מיינסטו אז מיין אקטאוויא איז אזא נאר ווי דו — האט יוליוס ווערנוס געלאכט — ווען זי איז נאך געווען יונג, האט איהר הארץ אפשר געצויגען צום אידישען לעבען... אבער יעצט ווען זי איז עלטער געווארען און זייענדיג אין רוים זעהט זי דעם גרויסען אונטערשיעד צווישען דעם אידיישען לעבען און דעם רוימישען... זי זעהט אז דער אידישער לעבען איז פול מיט וועהטאגען, מיט צער און טרויער... אבער דאס לעבען ביי די רוימער איז אין גאנצען אנאנדערער; דארטען לעבט מען אין פערגעניגען און אין לוקסוס... ביי די רוימער טרויערט מען נישט און מען קלאגט נישט... מען איז דארט אימערצו לעבעדיג און פרעהליך. און פארוואס זאלען זיי זיך נישט פרעהען, זיינען זיי נישט די זיעגרייכסטע פאלק אין דער וועלט... העלפט זיי דען נישט זייער גאט אין אלע זייערע מלחמות? אמת. מיר זיינען אידען, אבער ווען מיר זעהן אז גאט האט זיך פון אונז אפגעקעהרט און ער העלפט די רוימער, איז דען נישט בעסער פאר אונז צו ווערען גלייך ווי די רוימער און לעבען גליקליך?...

— מיר האבען געגען גאט געזינדיגט און דאריבער שטראפט ער אונז — האט רחל געזאגט — אבער אפילו ווען מיר זיינען אונטערדריקט פון אונזערע שונאים זיינען מיר דאך דאס אויסערוועהלטע פאלק פון גאט... און עס וועט קומען א צייט ווען אונזער ליעבער גאט וועט אונז צוריקקעהרען אונזער פרייהייט און דאן וועלען מיר ווידער גליקליך זיין ווי אמאל... כל זמן די הייליגע תורה ווערט גלערענט, וועלען מיר אונזער האפענונג נישט פערליערען אז יהודה וועט זעלבסטשטענדיג ווערען... און יעצט דארפען מיר זעהן, ווי ווייט מעגליך צו זיין צוזאמען און לעבען אין אחדות ביז וואנען דער בעשעפער פון דער וועלט וועט זיך איבער אונז מרחם זיין, און מיר וועלען קריגען א פיהרער און א וועג־ווייזער

ווי משה רבנו, ווער עס וועט בעפרייען די אידען פון שקלאפעריי און וועט זיי אנצייגען דעם ריכטיגען וועג... און דעריבער טוט יעדער מאן אדער יעדע פרוי א גרויסען אומרעכט ווען ער אדער זי גערן אריבער צו דעם לאגער פון אונזער אונטערדריקער.

— וואלט ביי דיר געווען רעכט אז ווען דאמיציאן האט מיין אקטאוויא'ן פארגעשלאגען צו זיין זיין פרוי, אז זי זאל זיך דערפון ענטזאגען — האט יוליוס געזאגט.

— א געטרייע און איבערגעגעבענע אידישע טאכטער דארף קיין מאל ניט הייראטען מיט נישט קיין אידען, אפילו ער זאל זיין דער קעניג אליין... און כאטש איך האב אקטאוויאן געקענט פאר זעהר א קורצע צייט, בין איך דאך געווען אונטער דעם איינדרוק אז זי איז א שטאלצע אידישע טאכטער, און דעריבער וואונדערט מיר זעהר ווי אזוי זי זאל איינשטימען צו ווערען דאמיציאן'ס פרוי...

— צו ווערען די פרוי פון א קעניג, איז דאך אלץ בעסער און שענער ווי צו ווערען די פרוי פון א פאסטוך — האט יוליוס ווערנוס סארקאסטיש געזאגט.

— ניט ווען דער קעניג איז אזוי און דער פאסטוך א איד — האט רחל געענטפערט.

— א סך האסטו פון דעם וואס דיין מאן איז א אידישער פאסטוך, א גרויסער גליק האט דיר געטראפען... דיין אייגענער פאטער האט דיר פון זיין הויז פערטריבען... דיין מאן האט דיר פערלאזען און דו ביזט געווארען א וועשערין און ארבייטסט שווער און ביטער... זאג מיר האסטו דאס גערארפט טהאן?

— מיין מאן זיצט אין דער ישיבה פון לוד און לערענט — האט רחל מיט שטאלץ געענטפערט — און איך בין זיכער אז גאר אין גיכען וועט ער זיין א גרויסער מאן ביי אידען.

—און דו דארפסט דא דערווייל פערשווארצט ווערען און דיין מאן וויל אפילו גארנישט קומען דיר זעהן, אויסגעפינען וואס דו מאכסט און וואס דו טהוסט... דו הערסט, רחל, איך בין צו דיר יעצט געקומען, איידער איך פאהר אפ נאך רוים, ווייל מיין זוהן האט זיך אמאל אין דיר שטארק געליעבט... ער ווייס נאך דארטען נישט אז דו האסט זיך אזוי בענארישט און חתונה געהאט מיט אונזער אמאליגען פאסטוך, עקיבא'ן... איך ווייס אז ווען איך וועל אנקומען אין רוים, וועט מיין זוהן'ס ערשטע פראגע זיין צו איך האב זיך געזעהן מיט כלבא שבוע'ס טאכטער איידער איך האב פערלאזען גמזו... איך ווייס נישט וואס פאר א מיינונג מיין זוהן וועט האבען וועגען דיר ווען ער וועט אויסגעפינען אלעס וואס מיט דיר האט פאסירט דורך דער גאנצער צייט, אבער איך וואלט דיר יעדענפאלס געראטען, דו זאלסט אויפזוכען דיין מאן און זעהן ארויסצוקריגען פון איהם א גט... ווייל דו זעהסט דאך אליין אז ער האט דיר פערלאזען און עס קימערט איהם נישט וועגען דיר... דו זאגסט אז ער איז אין לוד, ווי ווייט איז לוד פון גמזו? פונדעסטוועגען איז ער נאך קיינמאל נישט געקומען דיר זעהן... איז דאך א סימן אז ער האט אן דיר אין גאנצען פערגעסען...

— איך וואלט געווען זעהר נישט צופריעדען ווען מיין מאן וואלט צו מיר געקומען איידער ער האט דערגרייכט זיין ציעל — האט רחל געענטפערט — ווייל עס איז צווישען אונז אפגעמאכט געווארען אז עקיבא זאל פאהרען לערנען, און זיך צוריקקעהרען צו מיר נור דאן ווען ער וועט אנערקענט ווערען פון אלע

אידען אלס גרויסער געלערענטער... און ווען ער וואלט אפילו יעצט געקומען, וואלט איך איהם גלייך געהייסען געהן צוריק אין די ישיבה... שא! — האט רחל אנגעשטעלט איהרע אויערען — מיר דוכט זיך אז אימיצער שטעהט ביים טיהר!...

— ניין, דאס איז דער ווינד — האט יוליוס געענטפערט.

רחל האט דאך די טיהר געעפענט צו זעהן אויב אימיצער געפינט זיך דארטען... זי האט באמערקט דורך די געדיכטע בוימער א פיגור וואס איז מיט שנעלע טריט ארונטער דעם בערגעל און גלייך פערשוואונדען געווארען פון איהרע אויגען...



פיעלע תלמידים האט זיך רבי עקיבא ערווארבען אין לוד.

א סך האבען פערלאזען די גרויסע ישיבה פון יבנה און זיינען געקומען אין לוד צו הערען ורח פון דעם נייעם אידישען שטערען וואס איז נאר וואס ענטדעקט געווארען... די תלמידי חכמים האבען געשלונגען זיינע ווערטער. און ווען אימיצער האט געפרעגט א הארבע קשיה און קיינער פון די חכמים האט נישט געוואוסט וואס צו ענטפערען, האט מען זיך גלייך געווענדעט צו רבי עקיבא'ן און ער האט עס שנעל פערענטפערט...

זיצען אלע אין בית המדרש און מען דרש'נט דעם פסוק כי יקח איש אשה והיה כי לא תמצא חן בעיניו כי מצא בה ערוות דבר וכתב לה ספר כריתות, (ווען א מאן הייראט א פרוי און זי געפעלט איהם נישט, וויל ער געפינט אין איהר א פסול, קען ער איהר געבען גט. זאגען אייניגע חכמים אז א מאן טאר נישט גט'ן זיין פרוי סיידען ער געפינט אויס אז זי פיהרט זיך נישט אויף ריכטיג. שטעלט זיך אויף רבי עקיבא און זאגט: ניין, איהר מאכט א טעות, מיינע פריינד... א מאן מעג אפגט'ן זיין פרוי אפילו ווען ער געפינט א שעהנערע פון איהר.

האבען די תלמידי חכמים זיך אנגעקוקט איינער דעם צווייטען און געקוועטשט מיט די פלייצעס: סטייטש רבי עקיבא זאל זאגען אזא זאך! וואס חייסט אז א מאן געפינט א שעהנערע פרוי פון זיין אייגענע זאל דאס זיין א גענוגענדע אורזאכע איהר אפצו'גט'ן... און אלע האבען זייערע אויגען געווענדעט צו זייער רבי'ן, רבי עקיבא.

רבי עקיבא האט באלד פערשטאנען וואס די תלמידי חכמים מיינען און ער האט זיך אפגערופען:

— זאל אייך נישט וואונדערען מיינע חברים, וואס איך האב אזא מיינונג ווענען הייראט איך וועל אייך דערקלערען וואס איך האב געמיינט.

די חכמים האבען אנגעשטרענגט זייערע אויערען און מיט אונגעדולד געווארט צו הערען ווי רבי עקיבא וועט ערקלערען זיין מיינונג.

— ליעבע — האט רבי עקיבא אנגעפאנגען — איז א הייליגע און געטליכע טייל מיט וואס גאט האט בעשאנקען דעם מענשען און ווען מאן און ווייב האבען זיך ליעב מיט דער אמת'ער ריינער ליעבע, רוהט אין זייער הויז די שכינה... ווען א מאן ליעבט זיין פרוי מיט די אמת'ע הייליגע ליעבע, איז ביי איהם זיין פרוי די שעהנסטע און די בעסטע אין דער וועלט, אפילו ווען זי איז ווייט פון א

שעהנחייט... אין די אויגען פון דעם ליעבענדען מאן אבער איז זי תמיד שעהן און קיין שעהנערע פון איהר עקזיסטירט נישט פאר איהם... ווען, אבער, דער מאן געפינט איינע וועלכע איז שעהנער פאר זיין אייגענער פרוי, איז א סימן אז ער האט איהר אויפגעהערט צו ליעבען, און זיין ליעבע צו איהר איז גאר קיינמאל נישט געווען קיין ריינע און אמת'ע ליעבע... דעריבער זאג איך אז ווען א מאן געפינט אוים אז עס איז פאראן א שעהנערע פרוי פון זיין אייגענע, האט ער זיין אייגענע מעהר נישט ליעב איז שוין גלייכער ער זאל איהר גט'ן... ווייל ווען ער וואלט איהר געליעבט, וואלט ער קיין שעהנערע פאר זיין פרוי נישט געפונען... און איידער לעבען צוזאמען אהן ליעבע איז שוין גלייכער פארביידען זיי זאלען זיך גט'ן...

און די חכמים וועלכע האבען געוואוסט פון רבי עקיבא'ס ליעבע צו רחל'ען, האבען איהם פערשטאנען און מיט איהם איינגעשטימט...

לאנג נאכדעם האט רבי עקיבא געטראכט וועגען זיין הייליגע ליעבע צו רחל'ן... איהר ליעבע צו איהם איז אזוי שטארק און הייליג ווי זיינע צו איהר... זי האט די גרעסטע קרבנות געבראכט אויף דעם מזבח פון זייער ליעבע... אזא ליעבע ווי זייערע איז אן עוויגע... קיין זאך אין דער וועלט וועט נישט אימשטאנד זיין צו פערניכטען זייער ליעבע... ער ווייס אז זיין רחל טראכט יעצט אויך וועגען איהם... זי מוז דאך זיין דארטען אזוי עלענד... איהר פאטער וויל פון איהר נישט וויסען... איהרע פריינד האבען זיך פון איהר אפגעקערט... און דערצו נאך ווערט זי בעליידיגט פון יעדען איינעם... זי ארבייט אזוי שווער און ביטער... זי ליידט הונגער און דאך שפארט זי אפ עטליכע שקלים און שיקט איהם צו, ער זאל זיך קענען לערנען רוהיג... ווען ער זאל איהר נאר קענען זעהן און איהר דער־צעהלען ווי שטארק זיין ליעבע איז צו איהר; ווי גרוים ער איז געווארען אין לערנען... ווען ער זאל איהר נאר קענען בערוהיגען אז ער ליידט נישט קיין נויט, און זי זאל איהם מעהר קיין שטיצע נישט שיקען... זי זאל אזוי שווער נישט ארבייטען...

ליגענדיג אזוי אויף זיין געלעגער און טראכטענדיג דיזע געדאנקען, האט ער זיך פלוצים אויפגעהויבען פון זיין בעט און מיט בעשלאסענהייט געזאגט:

— איך מוז איהר זעהן!... איך קען עס שוין מעהר נישט ווארטען! איך מוז זעהן מיין ליעבע און טרייע רחל'ן... איך וועל בלויז אנקוקען איהר שעהנעם געטליכען פנים און באלד צוריקפאהרען נאך לוד...

שנעל האט זיך רבי עקיבא אנגעטהאן, און ווי דער מארגענשטערען איז אויפגעגאנגען, האט ער מתפלל געווען תפלת שחרית, ער האט מיטגענומען עפעס עסען און זיך געלאזען אין וועג אהין קיין גמזו...

רבי עקיבא איז געגאנגען מיט שנעלע און פעסטע טריט, און וואס נעהענטער ער איז געקומען צו דער שטאדט גמזו אלץ שטארקער זיינען זיינע טריט געווען אט איז ער שוין נישט ווייט פון גמזו... ער דארף בלויז ארויפגעהן דעם קליינעם בערגעל... דארטען שטעהט די האלב איינגעפאלענע הויז וואו עס געפינט זיך זיין רחל און זיין זוהן יהושע... זיין הארץ האט גענומען האסטיג קלאפען... דאס בלוט איז איהם אין פנים געקומען... אט איז די טיהר פון זיין הויז... ער איז צוגעגאנגען צום טיהר... באלד, באלד וועט ער זעהן זיין ליעבענקע רחל באלד, באלד וועט ער קושען איהרע הייליגע ליפען... און אט באלד וועט ער זעהן זיין

זוהן... ער האט ארויפגעלעגט זיין האנט אויף דער קלאמקע און האט שוין גע־וואלט אויפעפענען די טיהר... אבער דא האט עקיבא דערהערט א געשפרעך... יע, עס איז די שטימע פון זיין רחל'ן...

רבי עקיבא האט צוגעבויגט זיין אויער צום טיהר און ער האט געהערט דעם פאלגענדען געשפרעך וואס זיין פרוי האט געהאט מיט אימיצען:

"איך וואלט דיר יעדענפאלס געראטען דו זאלסט אויפזוכען דיין מאן — האט ער געהערט ווי איינער רעדט צו רחל'ן — און זעהן ארויסצוקריגען פון איהם א גט, ווייל דו זעהסט דאך אליין אז ער האט דיר פערלאזען און עס קימערט איהם נישט וועגען דיר... דו זאגסט אז ער איז אין לוד, ווי ווייט איז לוד פון גמזו? פונדעסטוועגען איז ער? קיינמאל נישט געקומען דיר זעהן! איז דאך א סימן אז ער האט אן דיר אין גאנצען פערגעסען...

און אט הערט ער די שטימע פון זיין ליעבע רחל:

"איך וואלט געוועז זעהר נישט צופריעדען ווען מיין מאן וואלט צו מיר געקומען איידער ער האט דערגרייכט זיין ציעל, ווייל עס איז צווישען אונז אפ־געמאכט געווארען אז עקיבא זאל פאהרען לערנען און זיך צוריקקעהרען צו מיר נור דאן ווען ער וועט אנערקענט ווערען פון אלע אידען אלס גרויסער געלע־רענטער, און ווען ער וואלט אפילו יעצט געקומען, וואלט איך איהם גלייך גע־הייסען געהן צוריק אין דער ישיבה...

רבי עקיבא האט גלייך אפגעלאזען זיין האנד פון די קלאמקע און שנעל צוריקגעגאנגען... ער האט נאך געקראגען מעהר מוטה און ענערגיע... זיין ליעבע פרוי פערלאנגט ער זאל נאך ווייטער לערנען... ער וועט איהר פערלאנג טאהן... ער האט געבראכען זיין גרעסטען וואונש צו זעהן זיין רחל'ן, אין דער צייט ווען ער איז געווען אזוי נאהענט צו איהר... ער וואלט נאר געדארפט אן עפען טאהן די טיהר און זיין גרעסטער וואונש פאר די לעצטע עטליכע יאהר וואלט ערפילט געווארען... רבי עקיבא האט זיך צוריקגעקעהרט נאך לוד, נישט זעהענדיג זיך מיט זיין פרוי, און ער האט זיך ווידער גענומען צום לערנען, נאך מיט מעהר התמדה ווי פריהער.

— — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —

— דא איז אימיצער יע געוועז ביים טיהר — האט רחל געזאגט צו יוליוס ווערנוס'ן — און ווי נאר איך האב די טיהר געעפענט איז ער פערשוואונדען געווארען.

— דאס האט געמוזט זיין תנחום — האט יוליוס געענטפערט — ווייל ער האט מיר געצייגט וואו דו וואהנסט איז ער מסתמא צוגעגאנגען זיך צוהערען וועגען וואס מיר רעדען...

רחל האט א שמייכעל געטהאן און יוליוס האט ווייטער גערעדט:

— איך פאהר מארגען אפ מיט סעיאנוס בורוס'ן נאך רוים. און איך וואלט וועלען וויסען וואס צו זאגען מיין זוהן, עס איז דאך מעגליך, אז ער ליעבט דיך נאך אפילו יעצט און ווען דו וואלסט נאר געוואלט נעהמען א גט ביי עקיבא'ן וואלט ער נאך פיעלייכט מיט דיר יעצט חתונה געהאט... נו, וואס זאל איך איהם זאגען?

— זאג איהם — האט רחל געזאגט מיט כעס — ער זאל דארטען ווארטען

יוליוס ווערנוס האט מעהר קיין ווארט נישט גערעדט. ער איז גלייך צוגע־גאנגען צום טיהר און זי געעפענט... ער האט זיך געפיהלט עטוואס פארשעהמט און בעליידיגט.

— זי וועט נאך חרטה האבען — האט ער זיך געטראכט ווען ער האט צו־געמאכט די טהיר פון דרויסען.

## זיעבען אונדרייסיגטער קאפיטעל

# כלבא שבוע און רבי עקיבא

רבי עקיבא האט געגרינדעט א ישיבה אין בני ברק. און טויזענדע תלמידים האבען דארט צו איהם געשטראמט, צו הערען תורה פון דעם גרויסען הייליגען תנא.

פיעלע בעוואוסטע חכמים תנאים פלעגען קומען צו רבי עקיבא'ן פון יבנה צו הערען זיין מיינונג וועגען פערשיעדענע הארבע פראגען.

אין יבנה איז געוועזן דער סנהדרין און דער נשיא איז דאן געווען רבן גמליאל דער צווייטער. אלע הלכות און תקנות זיינען בעשלאסען געווארען דורך דער מעהרהייט פון דעם סנהדרין.

אין דער ישיבה פון יבנה איז ענטשטאנען א ויכוח וועגען די הייליגע ספרים. פיעלע פון די חכמים האבען געצווייפעלט צו מען זאל אריינרעכענען שיר השירים צווישען די הייליגע ספרים.

— ווי קומט — האבען זיי געטענה'ט — א בוך פון ליעבע אריינגענומען צו ווערען אין דער זאמלונג פון תנ"ך.

— שיר השירים איז נישט א ליעבעס געזאנג פון א מיידעל מיט א בחור — האבען אנדערע חכמים געדרונגען — דאס איז די הייליגע ליעבע צווישען כנסת ישראל און די שכינה, כביכול, און דעריבער מוז עס אריינגענומען ווערען צווישען די הייליגע שריפטען.

דער ויכוח האט זיך שטארק צופלאקערט און עס איז ביי ביידע צדדים בע־שלאסען געווארען איבערצוגעבען זייער ספכוך דעם סנהדרין, וואס האט געזאלט בעשליסען צו שיר השירים זאל אריינגערעכענט ווערען צווישען די כתבי הקדש, צו נישט...

אין בית המדרש פון יבנה איז, בעת דעם ויכוח, געזעסען בן עזאי, אן איבער־געגעבענער תלמיד פון רבי עקיבא. נישט איין מאל איז בן עזאי'ן אויסגעקומען צו הערען ווי רבי עקיבא רעדט מיט גרויס בעגייסטערונג וועגען שיר השירים... ווי שעהן, און פאעטיש די הייליגע ליעבע ווערט דארט בעזונגען... און יעדען פרייטאג נאך האלבען טאג ווען רבי עקיבא פלעגט פערענדיגען דעם לערנען מיט זיינע תלמידים, פלעגט ער זיך אוועקזעצען אין א ווינקעל פון בית המדרש און מיט א זיסען ניגון פול מיט בענקשאפט, און ערהאבענקייט אפזאגען דעם גאנצען שיר השירים.

יעצט אז בן עזאי האט זיך דערוואוסט אז דער סנהדרין וועט דארפען בע־שטימען צו מען זאל דעם שיר השירים פערהייליגען אדער אין גאנצען פערניכ־טען, האט ער מורא געהאט פיעלייכט וועלען זיי דעם שיר השירים פסל'ן און דאס וועט גורם זיין רבי עקיבא'ן זעהר פיעל צער.

בן עזאי איז גלייך אוועקגעפאהרען אין בני ברק און אריינלויפענדיג אין בית המדרש וואו רבי עקיבא האט געלערענט, האט ער אויסגערופען:

— מיין הייליגער רבי! א פייער האלט ביים אויסברעכען אין יבנה און אויב דו וועסט נישט קומען אין צייט וועט עם פערניכטען דאס שעהנסטע און בעסטע וואס מיר פערמאגען!...

רבי עקיבא האט באלד פערשטאנען וואס זיין תלמיד מיינט און איז גלייך מיט איהם אוועקגעפאהרען נאך יבנה...

ווען רבי עקיבא איז דארטען אנגעקומען האט זיך דער ויכוח ערשט ריכטיג צעפלאקערט.

— שיר השירים איז פול מיט ליעבע און דברים בטלים — האט איינער פון די חכמים אויסגעשריען — און דעריבער בעלאנגט עס צו די "ספרים חצונים" און עס האט גאר נישט צו טהאן מיט די ספרים הקדושים!...

ווען די חכמים האבען דערזעהן רבי עקיבא'ן זיינען אלע באלד שטיל גע־בליבען און געווארט מיט גרוים אונגעדולד אויף זיין מיינונג וועגען דעם...

רבי עקיבא האט זיך אוועקגעשטעלט אין מיטען בית המדרש און האט אויס־גערופען מיט א פעסטע און זיכערע שטימע:

"אין כל העולם כולו כדאי כיום שניתן בו שיר השירים לישראל, שכל הכתובים קודש ושיר השירים קודש קדשים! (די גאנצע וועלט איז נישט כדאי געווען צו בעשאפען צו ווערען נאר צוליעב דעם טאג וואס דער שיר השירים איז געגעבען געווארען צו אידען; אויב אלע שריפטען פון תנ"ך זיינען הייליג, שיר השירים איז דאס הייליגסטע!)

אלע חכמים האבען אויף רבי עקיבא'ן געקוקט מיט ערשטוינונג.

רבי עקיבא האט נאכהער גערעדט וועגען די ערהאבענהייט פון אמת'ער ריינער ליעבע און האט עס צוגעגליכען צו די ליעבע וואס הערשט צווישען די שכינה און כנסת ישראל.

ער האט גערעדט מיט פיעל בעגייסטערונג און איבערציגונג אז קיינער פון די חכמים האט שוין מעהר נישט געוואגט רעדען ענטקעגען. יעדער האט באלד איינגעשטימט אז דער גרויסער תנא רבי עקיבא איז גערעכט און עס איז איינשטימיג אנגענומען געווארען אריינצונעמען דעם שיר השירים צווישען די כתבי הקודש.

א צופריעדענער האט רבי עקיבא צוריקגעקעהרט צו זיינע תלמידים אין בני ברק.

---

אומגליקליך האט זיך כלבא שבוע די גאנצע צייט געפיהלט... ער האט גאנץ גוט געוואוסט ווי שטארק זיין איין איינציגע טאכטער ליידט... זיין הארץ האט געבלוטיגט ווען ער האט זיך דערוואוסט אז זיין צארטע איידעלע רחל איז גע־ווארען א וועשעריין און וואשט יענעמ'ס וועש...

יעדען פריהמארגען פלעגט כלבא שבוע אריינגעהען אין רחל'ס צימער, בע־טראכטען איהר בעט, וואס איז נישט געריהרט געווארען זינט זי איז פון איהם אוועק... שטונדען פלעגט ער אפשטעהען און קוקען אויף דעם פלאץ וואו זיין שעהנע, קלוגע רחל האט איהר קאפ אנגעשפארט... בילדער פון איהר יוגענד האבען פערבייגעשוועבט זיינע אויגען...

אט איז זי נאך א קליין קינד, שעהן און אומשולדיג ווי א ריינער מלאך׳ל... זי זיצט אויף זיין שויס און ער דערצעהלט איהר די וואונדערגעשיכטע פון ישראל... איהרע שעהנע גרויסע אויגען ווערען ברייטער און גרעסער... זי שלינגט יעדען ווארט, זי לעבט דורך די ליידען און פריידען פון יעדען אידישען העלד... און פלוצלונג האט זיך דערהערט א טומעל אויף׳ן גאס... רחל איז ארונטער פון זיין שויס און איז צום פענסטער צוגעלאפען... זי האט בעמערקט ווי איינינע רוימישע זעלנער שלאגען די אידען...

— פאטער — האט זי דאן אויסגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען — פארוואס שיקט אונז נישט צו אונזער ליעבער גאט א גרויסען העלד ווי שמשון אדער דוד, וועלכער זאל זיך נוקם זיין אן אונזערע שונאים... זעה, ווי די שלעכטע רוימער שלאגען אונזערע ברידער, אויף יעדער גאס אין אונזער הייליגער שטאדט ירושלים געפינט זיך אונזער שונא, וואס מאכט יעדען דורכגעהענדען אידען צו שאנד און צו שפאט...

— מאכטער מיינע — האט ער איהר דאן געענטפערט — דאס שטראפט אונז גאט פאר אונזערע זינד... מיר מוזען ליידען און שווייגען ביז וואנען דער רבונו של עולם וועט זיך אויף אונז מרחם זיין...

— פאטער — האט די קליינע רחל ווידער זיך אפגערופען — מיין ברודער האט מיר געזאגט אז ער וועט זיך אפרעכענען מיט די שלעכטע רוימער — פאר וואס זשע לאזטו איהם נישט אנטהאן זיינע וואפען און ארויסגעהן קעמפפען מיט די רוימער...

— דן איז נאך צו יונג דערצו — האט ער איהר געענטפערט.

— האט דען דוד נישט געטויטעט דעם גרויסען ריעזן גלית הפלשתי, ווען ער איז נאך גאר יונג געווען ? — האט זי געפרעגט — איך ווייס אז דן איז אויך א גרויסער העלד און ווען דו וועסט איהם נאר ערלויבען, וועט ער זיך שוין אפ־רעכענען מיט אונזערע שונאים...

און דאן איז גראדע אנגעקומען זיין זוהן מיט א צעפלאמטען פנים... פון זיינע אויגען האבען פייער פונקען געשפריצט :

— פאטער, די צרות וואס אונזערע ברידער האבען אויסצושטעהען פון דעם רשע, פלארוס, זיינען אונערטרעגליך... פיעלע פון די אידישע העלדען גרייטען זיך שטילערהיידט צום קאמפף מיט די רוימער... ערלויב דאך מיר זיך אנצושלי־סען אין זייערע מחנות, איך וויל זיך נוקם זיין אן אונזער שונא !...

און גלייך איז די קליינע רחל צוגעלאפען צו איהר ברודער, איהם אויף׳ן האלדז געפאלען און איהם שטארק געקושט...

— דן, דו ביזט דער גרויסער אידישער העלד, דו וועסט העלפען אלע אידען, ווי שמשון הגבור האט זיי געהאלפען — האט זי איהם געזאגט.

ער געדענקט ווי רחל׳ס ווערטער וואס זי האט ארויסגערעדט מיט אזוי פיעל הארציגקייט און ערנסטקייט, האט איהם ביז טרעהרען געריהרט...

— ניין, ליעבעס קינד — האט ער איהר איבערן קאפ געגלעט — דיין ברודער איז נאך צו יונג... דיין מוטער איז שוואך אין געזונד און ווען זי וועט זיך דערוויסען אז דן איז אוועק קעמפפען מיט די רוימער, וועט זי זיכער שטאר־בען... ניין, די צייט איז נאך יעצט נישט געקומען די אידען זאלען ארויס אין אפענעם קאמפף געגען די רוימער...

און אט שוועבט פערביי זיינע אויגען דער בלייכער פנים פון זיין טאכטער ווען די נייעס האט צו זיי דערגרייכט דאס דער בית המקדש איז פערברענט געווארען און אז דן איז אין שלאכט געפאלען... אלע האבען דאן שטארק געטרויערט... אבער זיין קליינע טאכטער האט זיך בשום אופן נישט געלאזט טרייסטען, טאג און נאכט האט זי געוויינט... איהרע שעהנע אויגען זיינען פון די טרעהרען רויט געווארען... און ז׳ איז נאך דאן גאר א קינד געווען... און ווען ער האט זיך מיט איהר בעזעצט אין גמזו, פלעגט זי גאנצע טעג נעהען און שטריקען שעהנע פרוכת׳ן און פארהאנגען. זי האט נאך דאן געהאפט, אז גאר אין גיכען וועלען די אידען צוריק אויפבויען דעם בית המקדש און זי וועט בעציערען דיא פענסטער און די טיהרען מיט די אויסגענעהטע פארהאנגען און די געשטריקטע פרוכת׳ן...

עטליכע יאהר זיינען אוועק און רחל האט זיך אביסעל בערוהיגט... זי האט ווידער גענומען אויפבליהען ווי א שעהנע צארטע בלום... אלע האבען איהר שעהנקייט און קלוגשאפט זעהר שטארק בעוואונדערט... אזוי פיעל גרויסע האפענונגען האט ער געהאט פאר זיין טאכטער... ער האט געווארפען אן אויג אויף׳ן נשיא פון דעם סנהדרין אין יבנה, רבן גמליאל, דער צווייטער... ער איז זיכער געווען אז זיין גנראטענע טאכטער וועט חתונה האבען מיט דעם גרויסען געלערענטען נשיא... טאג און נאכט האט ער וועגען דעם געחלומ׳ט... דיזע האפנונג האט איהם אזוי גליקליך געמאכט... זיין איינציגען זוהן האט ער פערלארען... און יעצט ווען רחל וועט חתונה האבען מיט רבן גמליאל, וועט ער פעררעכענט ווערען פאר זיין אייגענעם זוהן... ער האט זיך פארגעשטעלט די נחת און פערגעניגען וואס ער וועט האבען ווען ער וועט הערען ווי זיין איידים דרשנ׳ט פאר אזוי פיעל תלמידי חכמים... ער וועט זעהען דעם גרויסען כבוד וואס מען גיט איהם אפ... ער האט זיך אזוי איינגעלעבט מיט די געדאנקען אז עס איז שוין געווארען ביי איהם כמעט א ווירקליכקייט... און דאן איז געקומען די גרויסע און שרעקליכע ענטוישונג !...

ווער וואלט זיך דאס גאר געקענט ריכטען אויף אזא אומגליק !... זיין שעהנע, געלערענטע און קלוגע טאכטער זאל זיך פערליעבען אין א פאסטוך, אן עם הארץ... זיין רחל זאל אוועקגעהען און אחן זיין וויסען חתונה האבען מיט אזא אומוויסענדען פערגרעבטען מאן !... אפילו יעצט, ווען ער דערמאהנט זיך ווי אזוי רחל האט איהם דערצעהלט אז זי האט חתונה געהאט מיט זיין פאסטוך, געהט א שוידער דורך זיין ליייב... ער קען נאך ער חיום נישט פערשטעהן וואס אזוינס, האט זיין טאכטער געפונען אין דעם ארימען אומוויסענדען פאסטוך...

ווי שטארק איהר ליעבע האט צו איהם געמוזט זיין, אז זי ליידט דורך דעם אזוי פיעל, און דאך גימ זי זיך נישט אונטער... אפילו יעצט, ווען ער האט איהר איבערגעלאזען מיט א קינד און אליין איז ער פערשוואונדען געווארען, איז נאך איהר ליעבע גרויס און שטארק צו איהם... ווי מען גיט איהם איבער, לאזט רחל אויף איהר מאן קיין האר נישט פאלען, כאטש פיעלע יאהרען זיינען פאריבער זינט ער האט איהר פארלאזען....

טרעהרען בעוויזען זיך אין כלבא שבוע׳ס אויגען ווען ער דערמאהנט זיך ווי ער האט זיין טאכטער פון זיין הויז פערטריבען... ער האט אזא הארבע שבועה געשווארען... און יעצט ווי גרויס איז זיין חרטה... ער וואלט זיין לעבען אוועק־

געגעבען אבי נאר ער זאל קענען העלפען זיין אומגליקליכע מאכטער... ער זעהט אבער קיין וועג נישט... ער מוז אויפגעבען זיין געדאנק איהר ארויסצוהעלפען... א שבועה איז זעהר הייליג... קיין מענש טאר נישט פערשוועכען זיין שבועה... אזוי האט איהם דער רב געזאגט מיט יאהרען צוריק ווען ער איז געקומען צו איהם אן עצה פרעגען... ווען ער וואלט נאר געהאט דעם מוטה און אראפגעפאהרען נאך יבנה און זיך בעראטען מיט רבן גמליאל דעם נשיא, וואלט ער פיעלייכט פאר איהם אן אויסוועג געפונען... אבער ניין, דאס קען ער נישט טהאן... דאס וואלט נאך מעהר זיינע וואונדען גערייצט... ער וואלט געווים פון הארצווייטאג און בושה געשטארבען... זינט רחל איז פון איהם אוועק, איז ער נאך די גאנצע צייט אין יבנה נישט געווען... זיין יעהרליכע נדבה פאר דער ישיבה, שיקט ער אפ דורך א שליח... ער אליין אבער וועט זיך שוין דארטען מעהר קיינמאל נישט בעווייזען... צו גרוים איז זיין שאנדע!

זעלטען אז ער געהט אין גאס ארוים פאר א שפאציר... דער איינציגער פלאץ וואוהין ער געהט דריי מאל א טאג איז דעם בית המדרש... און דארטען הערט ער וועגען די טרויעריגע לאגע פון זיין טאכטער, וועלכע לעבט אין גרויס ארימקייט און נויט... פיעלע פון זיינע פריינד האבען איהם דערצעהלט אז זיי זיינען צו רחל'ן געקומען און איהר אנגעבאטען אביסעל געלט, אבער רחל האט זיך ענטזאגט צו נעמען... בשום אופן האבען זיי איהר נישט געקענט צוריידען דערצו... יע, צו שטאלץ איז זיין מאכטער... ער זעהט נישט איין ווי אזוי ער וועט קענען פערגרינגערען איהרע ליידען...

ווי גליקליך ער וואלט זיך געפיהלט, ווען איינער, א גרויסער תלמיד חכם וואלט מבטל געמאכט זיין שבועה.... ער וואלט דאך איהר יעצט מוחל געווען מיט זיין גאנצען הארצען... ער וואלט נאך זיין טאכטער געהאלפען אויפזוכען איהר פערשוואונדענעם מאן... ער וואלט איהם אויך ארייננעמען אין זיין הויז און אפגעגעבען העלפט פון זיין פערמעגען... אבער דאס זיינען נאר פוסטע חלומות... ער ווייס אז אזא הארבע שבועה ווי ער האט געשווארען וועט דער גרעסטער תלמיד חכם נישט קענען מבטל מאכען... זיין גרויסער פערמעגען וועט נאך זיין טויט בלייבען הפקר און זיין איינציגע ליעבע טאכטער וועט מוזען ליידען נויט און דחקות איהר גאנצען לעבען... און זיין אייניקעל, יהושע, וועמען ער האט נאך קיינמאל נישט געזעהען, אבער געהערט האט ער אז ער איז זעהר א געראטען קינד, וועט אויפוואקסען אין ארימקייט ווי איינער וואס קומט פון די נידעריגע שיכטען פון פאלק...

א גאט! ווי האב איך דאס געקענט טהאן אזא זאך צו מיין איין איינציגע און ליעבע טאכטער...

— א, בארעמהערציגער גאט, דער פאטער פון עלענדע, פון יתומים און אלמנות! — האט כלבא שבוע מתפלל געווען — פערלאז דאך נישט מיין טאכ־טער, שטארק איהר אין דער צייט פון איהר נויט! גיעב איהר גענוג כח און מוטה אריבערצוטראגען אזוי פיעל צרות און יסורים... גיעב אריין א געדאנק איהר מאן, ער זאל זיך צו איהר אומקעהרען, און זאל זי נישט בלייבען קיין עגונה. און איהר קינד קיין לעבעדיגער יתום!...

* * *

די גרויסקייט פון רבי עקיבא איז שנעל בעקאנט געווארען אין גאנץ

יהודה... אלע האבען גערעדט וועגען דעם גרויסען תנא רבי עקיבא, וועלכער האט ענטדעקט נייע וועגען אין לערנען די תורה... נישט אלע אבער האבען גע־וואוסט ווער ער איז און פון וואנען ער שטאמט.

טויזענדע תלמידים האט רבי עקיבא געקראגען; אלע האבען איהם נאכ־געפאלגט וואוהין ער איז געגאנגען... זיי האבען מיט גרויס נייגעריגקייט, געווארט אויף זיינע דרשות, זיי האבען געשלונגען יעדען ווארט וואס איז פון זיין הייליג מויל ארויסגעגאנגען.

רבי עקיבא איז ארומגעפאהרען אין פיעלע שטעדט און שטעדטלעך פון יהודה און ער האט מיט זיין פייערדיגע דרשות געלערענט דעם עולם די הייליגע תורה. און ערוואכט אין זיי דעם נאציאנאלען געפיהל. ער האט זיי געווארענט געגען אסימילאציע מיט רוים. און אין יעדען פלאץ וואוהין ער איז נאר געקומען זיינען אלע אידען פון שטאדט איהם ארויס מקבל פנים זיין...

רבי עקיבא איז שטארק בעליעבט געווארען ביי אלע תלמידי חכמים פאר זיין גרויסע עניוות, כאטש ער איז געוועזן דער גרעסטער געלערנטער פון אלע תנאים, האט ער זיך דאך געהאלטען זעהר קליין און געוועזן צוגעלאזען צו יעדען איינעם.

אין יענער צייט האט אויסגעבראכען א גרויסע מחלוקה אין דער ישיבה פון יבנה. רבן גמליאל האט דאן געפונען מען הערשען מיט א שטארקע האנד און ער האט אנגעזאגט דעם שמש פון בית המדרש נישט ארייננצולאזען אהין יעדען איי־נעם, נאר אזעלכע וועלכע זיינען בעוואוסט מיט זייער לערנען און וועלכע וועלען זיך אונטערוואַרפען די בעשלוסען פון דעם סנהדרין. און אפילו אזלכע גרויסע חכמים ווי רבי יהושע בן חנניה און אליעזר בן הורקנוס זיינען אויך נישט אריינ־געלאזען געווארען אין בית המדרש צוליעב זייער מיינונגס־פערשיעדענהייט וועגען די עטליכע דינים.

די איבעריגע חכמים וועלכע האבען בעמערקט די בעליידיגונג וואס זייער נשיא רבן גמליאל האט גורם געווען צו אזעלכע חכמים, האבען זיי זיך שטארק מתרעם געווען אויף איהם און האבען איהם ארונטערגעזעצט פון נשיאות.

זיי האבען יעצט געדארפט אויסקלייבען א נייעם נשיא פון דעם סנהדרין, און אלע פה אחד, האבען איינגעשטימט אז רבי עקיבא זאל ווערען דער נשיא. מען האט גלייך געשיקט שלוחים צו רבי עקיבא איהם אנזאגען אז די תלמידי חכמים האבען איהם אויסגעקליבען פאר דעם נשיא פון דעם סנהדרין. רבי עקיבא אבער האט זיך ענטזאגט אנצונעהמען דעם בכבוד'ען אמט. ווייל ער האט געהאל־טען אז זיין עבודה איז צו לערנען. און ערקלערען תורה דעם פשוט'ען המון, די עמי הארצים, וועלכע האבען פיעלייכט קיין מעגליכקייט צו לערנען די הייליגע תורה.

דער סנהדרין האט דאן אויסגעקליבען דעם תנא רבי אליעזר בן עזריה... רבן גמליאל האט קיין ווידערשטאנד נישט ארויסגעצייגט און איז געבליבען זי־צען אין סנהדרין אלס געוועהנליכער מיטגליעד... באלד אבער האבען די חכמים פערשטאנען אז רבן גמליאל האט זיך בענאנגען צו שטרענג נישט אויס גאווה נאר ווייל ער האט געוואלט פערמיידען קריעגערייען וועגען רעליגיאן, כדי נישט צו ברעכען דעם אחדות וואס האט דאן געהערשט צווישען די חכמים... רבן

גמליאל איז ווידער ערוועהלט געווארען פארזיצענדער פון דעם סנהדרין און רבי אליעזר בן עזריה איז געווארען זיין העלפער.

ווען רבי עקיבא האט דערזעהן דעם גרויסען כבוד וואס די חכמים אין יבנה האבען איהם געוואלט טהאן, ווען זיי האבען איהם שוין געהאט אויסגעקליבען אלס נשיא פון דעם סנהדרין... ווען ער האט בעטראכט די טויזענדע תלמידים וועלכע האבען איהם נאכגעפאלגט וואוהין ער איז נאר געגאנגען, האט ער בע־שלאסען אז יעצט איז ער בערעכטיגט זיך צוריקקעהרען צו זיין געטרייע פרוי, רחל... — יעצט זיינען פערווירקליכט געווארען אלע איהרע חלומות וועגען מיר — האט ער זיך געטראכט — איהר וואונש דאס ער זאל אנערקענט ווערען פון אלע אידען אלס גרויסער געלערענטער איז ערפילט געווארען.

אויף מארגען ווען זיינע תלמידים האבען איהם געפרעגט וואוהין ער האט בדעה צו געהען, האט ער זיי געענטפערט: נאך גמזו.

— איך האף אז דארטען וועל איך פערברייגנען א לענגערע צייט — האט רבי עקיבא צוגעגעבען.

זיינע תלמידים האבען גארנישט געוואוסט, ווער זייער רבי איז געווען אין זיין יוגענד, און אז ער איז דאס כלבא שבוע'ס אמאליגער פאסטוך און רחל'ס מאן.

איידער רבי עקיבא פלעגט דארפען אנקומען אין א שטאדט פלעגען צוויי פון זיינע תלמידים אוועק אהין פריהער און אנזאגען אלע איינוואהנער אז דער גרויסער תנא רבי עקיבא קומט אן, באלד פלעגען זיך צוזאמענקלייבען אלע בעלי בתים פון שטאדט און ארויסגעהן מקבל פנים זיין דעם הייליגען מאן... דאן פלעגט רבי עקיבא דרשנ'ען זיינע דרשות פאר זיי. ער האט זיי אנגעצייגט דעם ריכטיגען וועג אויף וועלכען יעדער איד מוז טרעטען, און פערברייגענדיג דאר־טען א קורצע צייט, פלעגט ער באלד אפרייזען אין א צווייטער שטאדט.

ווען רבי עקיבא איז געווען בלויז איינינע מייל פון גמזו, זיינען באלד צוויי תלמידים געפלויגען פייל אויסען בויגען, אויף זייערע פערד און אנגעקומען אין גמזו מיט איינינע שטונדען פריהער...

בליץ שנעל איז די נייעס פערשפרייט געווארען, אז דיזר גרעסטער תנא און חכם, רבי עקיבא, קומט אן אין גמזו... גלייך האבען זיך אלע אידען צוזאמענגע־קליבען... יעדערער איז געווען נייגעריג אנצוקוקען דעם גרויסען תלמיד חכם, וועמענס נאמען איז בעוואוסט געווען פון איין עק ארץ ישראל ביז דער צווייטער. יעדער האט געוואלט הערען זיינע דרשות, זיינע קלוגע רייד און זיינע חדושים אין דער תורה...

---

אט איז שוין רבי עקיבא מיט זיינע תלמידים אנגעקומען אין די טויערען פון שטאדט... זיין הארץ האט געקלאפט... באלד, באלד וועט ער זעהן זיין גע־טרייע פרוי... ער דערמאנט זיך אז מיט עטליכע יאהר צוריק איז ער אהער אנגע־קומען... דאן אבער איז ער איהר נאך נישט ווערטה געווען... זעהר גוט האט ער געטהאן וואס ער איז גלייך אוועק פון גמזו, נישט האבענדיג געזעהען, די צו ווע־מען זיין הארץ איז אויסגעגאנגען נאך בענקעניש... די, פון וועמען ער האט נישט אויפגעהערט צו טראכטען טאג און נאכט דורך דער גאנצער צייט וואס ער האט איהר נישט געזעהן... זיין רחל, וועלכע האט צוליעב איהר שטארקע און הייליגע

ליעבע צו איהם, אויפגעגעבען אזא רייכטהום, אזא לעבען פון לוקסוס און פערגעניגען, וועט באלד שניידען מיט שמחה דאס וואס זי האט פערזועעט מיט אזוי פיעל טרעהרען... באלד וועט ער דערזעהען זיין ליעבען זוהן, יהושע וועמען ער האט נישט געזעהן זינט ער איז איין יאהר אלט געווען... אין איינ־יגע מאנאטען ארום וועט זיין זוהן ווערען דרייצעהן יאהר, בר מצוה... ווי שטארק זיין הארץ ציהט איהם יעצט צו זיי... ער וואונדערט זיך אויף זיך אליין ווי אזוי ער האט געקענט דעם לעצטען מאל, ווען ער איז געווען נעבען די טיהר פון זיין ליעבע פרוי און זוהן, זיך בעהערשען און נישט עפענען די טיהר צו טהאן כאטש איין קוק אויף זיין רחל'ן... יע, דאס איז דער סוד פון זיין ערפאלג... גאט האט איהם בעשאנקען מיט אזא שטארקען אייזערנעם געדולד מיט אן אויסערגעוועהנליכער קראפט פון זעלבסט־בעהערשונג...

רבי עקיבא איז אנגעקומען אין גמזו... באלד איז ער ארומגערינגעלט געווארען פון די נכבדים פון שטאדט און נאכהער איז אנגעקומען דער המון. קיינער האט איהם נישט דערקענט... קיינעם איז גארנישט איינגעפאלען אז דיעזער גרויסער תלמיד חכם איז דער אמאליגער פאסטוך פון גמזו... זיין געטליך געשטאלט וואס איז בעציערט געווען מיט א לאנגע פאטריארכישע בארד האט יעדען איינעם אינספירירט מיט עהרען־פורכט צו איהם...

ווען כלבא שבוע האט דערהערט אז אזא הייליגער מאן און גרויסער תלמיד־חכם איז אנגעקומען אין גמזו, האט ער בעשלאסען אוועקצוגעהן און מיט איהם זיך בעראטען וואס ער קען טהאן וועגען זיין שבועה... גרויס איז די וואונד אין זיין הארצען... ער קען שוין מעהר נישט צוזעהן ווי זיין איינציגע טאכטער פינסטערט אפ איהרע יונגע בליהענדע יאהרען, ארבייטענדיג אזוי שווער און ביטער פאר א שטיקעל ברויט... עס וועט יעצט מוזען נעהמען אן ענדע דערצו... ער איז זיכער אז אזא מאן ווי רבי עקיבא, וועלכער איז פעררעכענט פאר דעם גרעסטען תנא אין ארץ ישראל, וועט שוין געפינען א וועג... ער וועט פיעלייכט מתיר מאכען זיין שבועה און דאן וועט ער דאך קענען ארייננעמען זיין טאכטער און איידיקעל צו זיך אין הויז... און עס איז דאך מעגליך אז ווען איהר מאן וועט דערהערען דאס די שבועה איז ארונטערגענומען געווארען... און אז רחל איז ווידער רייך געווארען, וועט ער פיעלייכט צוריקקומען צו איהר... און זי וועט נישט דארפען בלייבען אן עגונה איהר גאנצען לעבען...

כלבא שבוע האט געחייסען איינשפאנען זיין קארעטע און איז באלד צוגעפאהרען צו דעם פלאץ וואו רבי עקיבא איז געשטאנען און גערעדט פאר'ן עולם...

ווען דער המון האט דערזעהן דאס די קארעטע פון כלבא שבוע דערנעהענטערט זיך האבען זיך גלייך אלע אפגערוקט און געמאכט פלאץ פאר איהם.

כלבא שבוע האט געשיקט זיין דינער פרעגען אויב רבי עקיבא וועט איהם וועלען אויפנעהמען.

דער דינער איז צוגעגאנגען צו איינעם פון רבי עקיבא'ס נעהענטערע תלמידים און האט איהם עפעס אריינגערוימט אויף'ן אויער.

באלד האט עס רבי עקיבא בעמערקט און א וואונק געטהאן צום תלמיד ער זאל צו איהם צוגעהן.

אין א ווײלע ארום איז שוין כלבא שבוע געווען אין געצעלט וואס איז ספעציעל אויפגעשטעלט געווארען פאר רבי עקיבא'ן.

רבי עקיבא איז גלייך אריין אין געצעלט... ער האט באלד דערקענט זיין שווער, אבער ער האט נישט ארויסגעוויזען אז ער דערקענט איהם.

כלבא שבוע אבער האט איהם נישט דערקענט... ער איז צו איהם צוגעגאנגען מיט א געבויגענעם קאפ און מיט טרעהרען אין די אויגען האט ער זיך צו איהם אפגערופען:

— הייליגער רבי, איך בין אהער געקומען ווענען א וויכטיגען ענין. מיין גאנצער לעבען חענגט יעצט אפ פון דיין עצה וואס דו וועסט מיר געבען... מיין נאמען איז כלבא שבוע. אין דער צייט ווען די רוימער האבען פערברענט אונזער בית המקדש, האב איך פערלארען מיין איינציגען זוהן אין איינעם פון די שלאכ־טען. מיין פרוי איז פון גרוים עגמת נפש געשטארבען. מיר איז נור איבערגע־בליבען מיין איינציגע טאכטער רחל... ווען איך האב זיך אריבערגעצויגען אהער־קיין גמזו, איז מיין טאכטער נאך גאנץ יונג געווען... זי איז געווען זעהר געראטען און שעהן. זי האט אלעמען בעצויבערט מיט איהר חן און גוטסקייט...

כלבא שבוע האט זיך דא אפגעשטעלט... ס האט איהם א דריק געטהאן ביים הארצען... טרעהרען האבען זיך אראפגעקייקעלט אויף זיין שנעע ווייסע בארד... ער האט זיך אבער געשטארקט און פארטגעזעצט:

— יא, מיין טאכטער רחל איז געווען מיין איינציגער טרייסט אין מיין לעבען... ווען איך האב געזעהן ווי שעהן זי איז אויסגעוואקסען, ווי קלוג און געלערענט זי איז, האב איך זיך געטראכט, אז דאס האט מיר אונזער ליעבער גאט בעצאהלט פאר אלעס וואס איך האב געליטען. איך האב אין מיין טאכטער געזעהן א נחמה פאר מיין איין איינציגען זוהן, פאר מיין ליעבע פרוי... איך האב זעהר גרויסע האפנונגען געהאט פאר איהר... ווייל, אונזער פאטער אין הימעל האט מיר געבענשט מיט פיעל רייכקייט... איך האב פון אימערצו געחלום'ט אז מיין טאכטער וועט הייראטען מיט א תלמיד חכם, מיט וועמען איך זאל קענען שטאלצירען... און ווען דער אומגליק וואלט נישט געטראפען וואלט זי זיכער געהייראט דעם גרעסטען תלמיד־חכם פון ארץ ישראל, ווייל א חוץ מיין עשירות, פערמאגען מיר אויך יחוס, איך שטאם פון די הויז פון דוד, און דערצו איז נאך מיין רחל אליין אזא יפת תאר...

—וואס פאר אן אומגליק האט פאסירט? — האט רבי עקיבא מיט א געמאכטע ערנסטקייט געפרעגט.

— דער אומגליק איז געקומען פון דעם, וואס מיין טאכטער איז צו גוט און ווייכהארציג — האט כלבא שבוע געענטפערט — מיט פיעלע יאהרען צוריק, האט דא פאסירט א געשיכטע אז א אידישער פאסטוך האט עפעס פערזינדיגט פאר זיין אידישען האר, און זייענדיג שטארק אסימילירט מיט די רוימער, האט דער האר געוואלט איבערגעבען דעם פאסטוך אין די רוימישע הענט איהם צו בעשטראפען, און ווען מיין טאכטער האט זיך דערפון דערוואוסט האט זיא פארגיטינגט דעם פאסטוד'ס האר און איהם דאמיט גערעטעט... אמת, דער אומ־וויסענדער פאסטוך האט געציינט א חעלדישקייט: זיין האר האט אריינגעבראכט דעם רוימישען אפגאט אין זיין הויז כדי צו צייגען די רוימער ווי געטריי ער איז זיי. דער פאסטוך האט עס מן חסתם נישט געקענט ליידען, און ער האט אפגעבראכען דעם נאז ביי יופיטער'ן, און דאמיט געמאכט זיין האר צו שאנד און צו שפאט אין די אויגען פון די רוימער. מיין טאכטער האט פון דעם גערדונגען

אז דער פאסטוך בעזיצט א נאבעלע נשמה און גרויס חעלדישקייט. זי האט מיר דאן געבעטען איך זאל איהם מאכען פאר'ן פערוואלטער איבער מיין הויז, אבער איך האב אויסגעפונען דאס ער איז א גרויסער עם הארץ; ער האט אפילו דעם אלף בית נישט געקענט, און איך, הייליגער רבי, האס די עמי הארצים, ערגער ווי דעם טויט, האב איך איהם נישט געוואלט אין מיין הויז די גאנצע צייט, און איך האב איהם בעשטימט אלס מיין פאסטוך... ווער האט עס געקענט וויסען, אז דער אומוויסענדער פאסטוך וועט פערדרעהען מיין טאכטער'ס קאפ, ביז וואנען זי האט זיך אין איהם פערליעבט, און אהן מיין וויסען, מיט איהם חתונה געהאט... מיין איינציגע טאכטער האט חתונה געהאט מיט דעם פערגרעבטען פאסטוך, מיט דעם עם הארץ! ווען איך האב זיך דערפון דערוואוסט האב איך זיך אזוי אויפגערעגט... מיין כעס אין מיר האט אזוי שטארק געברענט, אז איך האב זיך אין גאנצען פערלארען און איך האב געשווארען מיט א הארבע שבועה אז מיין טאכטער און איהר מאן, זאלען פון מיין פערמעגען גארנישט געניסען. איך האב איהר נעגעבען די ברירה זי זאל זיך מיט איהם גלייך גט'ן און בלייבען מיט מיר אדער געהן צו איהר מאן און פערלאזען מיין הויז אויף עוויג. מיין טאכטער האט מיר דאן פערלאזען, און איז אוועק וואהנען מיט איהר מאן... דיא גאנצע צייט ליידט זי פיעל נויט, זי איז זעהר ארים, זי ארבייט זעהר שווער כדי זיך מפרנס צו זיין מיט איהר זוהן; איהר מאן האט איהר אין גאנצען פערלאזען... ווייל וואס טויג זי איהם, ווען זי איז ארים... ווען איך האב זיך דערוואוסט פון איהר גרויסען נויט, האב איך שטארק חרטה געהאט אויף מיין שבועה, און איך בין אוועק צו א רב איהם פרעגען אן עצה וואס איך זאל טהאן, אבער ער האט מיר געזאגט אז איך טאר נישט מחלל זיין מיין שבועה, און מיין טאכטער טאר פון מיר גארנישט געניסען... עס בלוטיגט אין מיר מיין הארץ צו זעהן ווי מיין איין און איינציגע טאכטער מאטערט זיך און איז אין נויט און אין אָרימקייט... און א חוץ דעם איז זי נאך געבליבען אן עגונה, אן עלענדע. איך האב איהר שוין פון לאנג מוחל געווען, איך וואלט וועלען איהר האבען צוריק אין מיין חויז מיט איהר זוהן און אפילו מיט איהר מאן... שטעהט אבער די שרעקליכע שבועה אין מיין וועג... יעצט, הייליגער רבי, פיעלייכט וועסטו מיר קענען אן עצה געבען און דאמיט רעטען מיין טאכטער מיט איהר זוהן פון אונטערגאנג...

— וואו געפינט זיך יעצט דיין טאכטער? — האט איהם רבי עקיבא געפרעגט.

— מיין טאכטער מיט איהר זוהן געפינען זיך אין גמזו — האט כלבא שבוע געענטפערט.

— קענסטו פיעלייכט איהר שיקען רופען — איך וויל איהר זעהן און זיך דורכריידען מיט איהר, מעגליך אז דאן וועל איך דיר קענען בעהילפיג זיין.

— אט וועל איך איהר שיקען רופען אין דיין נאמען, ווירדיגער רבי — האט כלבא שבוע געזאגט און איז ארויס פון געצעלט. ער האט געפרעגט איניגע מענשען וועלכע זיינען געשטאנען ארום, אויב זיי ווייסען וואו רחל געפינט זיך. קיינער אבער האט נישט געוואוסט.

— מעגליך אז תנחום וויים — האט איינער געזאגט — איך האב איהם נאר וואס געזעהן ארומדרעהענדיג זיך.

אין א ווײלע ארום איז שוין תנחום געשטאנען פאר כלבא שבוע'ן.

— געה, תנחום, און זוך אויף מיין טאכטער און זאג איהר אז דער הייליגער רבי וויל איהר זעהן און זי זאל גלייך צוקומען אהער.

— איך וועל טהאן ווי מיין האר פערלאנגט — האט זיך תנחום פערנייגט, און איז שנעל פערשוואונדען געווארען.

כלבא שבוע האט זיך צוריקגעקעהרט אין רבי עקיבא'ס געצעלט.

— זי וועט דא באלד זיין — האט ער געזאגט — זאל איך זיך צוריקציהען דערווײלע ?

— דו קענסט פערבלייבען דא — האט איהם רבי עקיבא געזאגט — וויל איך וויל נאך עפעס ריידען מיט דיר, זעץ זיך צו, איך קער זיך באלד אום צוריק.

רבי עקיבא האט געהייסען זיינע תלמידים אנזאגען דעם עולם אז מעהר וועט ער היינט נישט ריידען, וויל ער האט צו ערליידיגען א וויכטיגען ענין.

די תלמידים זיינען ארוים צווישען פאלק און עס מודיע געווען אין נאמען פון זייער רבין.

נישט אלע, אבער פון דעם המון זיינען אהיים געגאנגען. זעהר פיעל זיינען אויף זייערע פלעצער פערבליבען און געווארט אויף דער געלעגענהייט צו זעהן נאך אמאל דעם געטליכען מאן...

— זאג מיר, כלבא שבוע, — האט רבי עקיבא זיך צו איהם אפגערופען נאך א קליינע פויזע — אין וואס איז בעשטאנען דיין גרויסע שנאה צו יענעם פאסטוך, וואס האט דיר אזוי אויפגערעגט און דיך געמאכט צו שווערען אזא הארבע שבועה געגען דיין איינציגע טאכטער ? איז דאס אויך געווען וויל יענער פאסטוך איז געווען זעהר ארים, און האט נישט געשטאמט פון גרויסען יחוס ! אדער נאר צוליעב דעם וואס ער איז אן עם הארץ געווען ?....

— איך האב יענעם פאסטוך פיינט געהאט נאר צוליעב דעם וואס ער איז געווען אזא גרויסער עם הארץ — האט כלבא שבוע געענטפערט — זינט דעם גרויסען אומגליק וואס האט געטראפען אונזער פאלק, קען איך די עמי הארצים נישט מוחל זיין, וויל איך גלויב אז א סך האבען זיי בייגעטראגען צו דעם חורבן פון אונזער פאלק... ווען די רוימער האבען אונזער הייליגע שטאדט בעלאגערט, האב איך אלע מיינע אוצרות פון תבואה אפגעגעבען פאר דער גאנצער שטאדט... זיינען אבער דאן געווען צווישען די קנאים פילע עמי הארצים, וועלכע יאהר, און מיר וואלטען געקענט אויסהאלטען געגען דעם שונא פאר א היבשע צייט, ביז וואנען ער וואלט מיעד געווארען און זיך צוריקגעצויגען פון אונזער שטאדט... זיינען אבער דאן געווען צווישען די קנאים פיעלע מי הארצים, וועלכע האבען נישט געוואוסט פון דעם "לא תשחית" (דו זאלסט נישט פערדארבען) וואס אונזער הייליגע תורה פערזאגט אונז, און זיי זיינען אוועק און פערברענט אלע מיינע שפייכלערען מיט תבואה... געבענדיג אן אויסרייד, אז ווען די איינוואהנער פון ירושלים וועלען זעהן דאס זיי דארפען ליידען הונגער וועלען זיי קעמפען מיט מעהר העלדישקייט און מוטה... צוליעב דער גרויסער זינד, וואס די עמי הארצים זיינען בעגאנגען, האט אונזער גאט אויסגעגאסען זיין צארן אויף אלע אידען... דער הונגער אין ירושלים איז געווען גרויס, און דאס האט גורם געווען אז פיעלע מגפות האבען אויסגעבראכען אין שטאדט... די העלדישע קעמפער זיינען אפגעשוואכט געווארען... און דער גרויזאמער שונא האט זיך

אריינגעבראכען אין ירושלים און איהר חרוב געמאכט, און פערברענט דעם בית המקדש... איך גלויב נאך אפילו יעצט אז אין דעם אלעם זיינען שולדיג נאר די עמי הארצים... דעריבער טראג איך א גרויסע שנאה צו יעדען עם הארץ, און ווען איך האב זיך דערוואוסט אז מיין טאכטער האט חתונה געהאט מיט אזא גרויסען עם הארץ ווי מיין פאסטוך איז געווען, איז מיין ערגערנים און כעס געווען אזוי גרוים אז איך האב געגעבען די הארבע שבועה געגען מיין טאכטער, נישט זעהענדיג די טרויעריגע פאלגען דערפון...

— ווען דיין איידעם וואלט געקענט עטוואס לערנען, וואלסטו דען געגעבען אזא שבועה געגען איהם און דיין טאכטער — האט איהם רבי עקיבא געפרעגט.

— ניין, הייליגער רבי — האט כלבא שבוע געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען — ווען דער פאסטוך וואלט אמווענינגסטען געקענט לעזען וואלט מיר שוין אזוי נישט געארט און איך וואלט געווים נישט געשווארען. מיין אויפרעגונג איז געווען צוליעב דעם וואס דער פאסטוך וועמען מיין טאכטער האט אויסגע־קליבען פאר איהר מאן, האט אפילו דעם אלף בית נישט געקענט.

— אויב אזוי — האט זיך רבי עקיבא אפגערופען — ווערסטו דארפען אויפזוכען דיין איידעם און זעהן, אויב ער איז פארבליבען דערזעלבער עם הארץ דאן טארסטו דיין שבועה נישט ענדערען... אבער ווען דיין איידעם קען שוין יעצט עטוואס לערנען, ווערט דיין שבועה בטל ומבוטל...

— אבער ווער וויים וואו מיין איידים געפינט זיך יעצט! — האט כלבא שבוע געזאגט מיט א טאן פון יאוש און טרויער — עס קען דאך זיין אז ער וועט שוין קיינמאל זיך נישט צוריקקעהרען צו מיין טאכטער און דאן... דאן וועט מיין אומגליקליכע טאכטער נישט נאר בלייבען אן עגונה איהר גאנצען לעבען, נור זי וועט אזוי אפלעבען איהר לעבען אין דחקות און אין ארימקייט און איך וועל אפילו נישט טארען איהר ארויסהעלפען מיט וואס עס איז!... איז דען קיין אנדער מיטעל דערצו נישטא, ווירדיגער רבי?...

— דאס איז דער איינציגער וועג, ווי אזוי דיין שבועה קען בטל ווערען — האט רבי עקיבא געזאגט — אבער עס קען דאך זיין אז דיין זארג און קומער זיינען אומזיסט, ווייל עס איז דאך מעגליך אז דיין טאכטער וויים יע וואו איהר מאן געפינט זיך...

— איך גלויב קוים דאס זי וויים וואו ער געפינט זיך, ווען זי וואלט גע־וואוסט וואלט זי דאך נישט געדארפט אזוי פיעל ליידען... זי וואלט געקענט צו איהם געהן, אדער ער וואלט דאך אהער געקומען און פערגרינגערט איהר לאגע...

— כלבא שבוע'ם טאכטער קומט אן! — האט א תלמיד געמאלדען. אריינ־געהענדיג אין געצעלט.

— איך מוז איהר געהן אנטקעגען — האט רבי עקיבא אויסגערופען.

— רבי, אזא גרויסען כבוד געהסטו אנטהאן מיין טאכטער, האט זי עס דען פערדיענט?...

— דיין טאכטער האט נאך מעהר פערדיענט! — האט רבי עקיבא געזאגט שנעל פארלאזענדיג דעם געצעלט.

כלבא שבוע האט איהם אנגעקוקט ערשטוינט... און איז איהם נאכגעגאנגען...
ווי רבי עקיבא איז ארויסגעגאנגען פון געצעלט, האט ער פון ווייטען בע־

טערקט רחל׳ן וועלכע האט זיך מיט שווערינקייטען דורכגעשטופט צווישען די גרויסע מענגע מענשען. זיין הארץ האט גענומען שטארק קלאפען... אט קומט זיין רחל... זיין ליעב און געטרייע פרוי... יע, ער דערקענט איהר, דאס איז זי דיזעלבע רחל, וועלכע האט אזוי פיעל געליטען דורך איהם אין דיזע פיעלע יאהרען זינט ער איז אוועקגעגאנגען אין דער פרעמד צו לערנען...

---

תנחום האט זיך שנעלער דורכגעשטופט און איז צוגעלאפען צו כלבא שבוע׳ן און קוים כאפענדיג זיין אטעם האט ער אויסגערופען:

— דיין טאכטער קומט אן! איך האב איהר געטראפען ביים טייך וואשענדיג וועש... איך האב איהר געזאגט אז דער גרויסער און הייליגער רבי, וועלכער איז נאר וואס אנגעקומען אין גמזו וויל איהר זעהן...

איך האב נאך נישט געענדיגט מיינע ווערטער, און זי האט שוין פערלאזען איהרע וועש, און שנעל גענומען לויפען... איך בין אבער איהר פערלאפען דעם וועג אום דיר, מיין האר אנצוזאגען די בשורה אז דיין טאכטער קומט...

---

רחל׳ס גאנצער קערפער האט וויברירט פון דער פרעהליכער בשורה וואס תנחום האט איהר יעצט אנגעזאגט... זי האט גאנץ גוט געוואוסט אז דער הייליגער רבי, ווי תנחום האט איהם אנגערופען, איז איהר מאן, איהר ליעבער עקיבא... זי האט גאנץ גוט געוואוסט אז איהרע חלומות און אידעאלען וועגען איהם, וועלען פערווירקליכט ווערען... קיינער דערקענט איהם נישט... ער האט זיך גע־מוזט פיעל ענדערען... א גאט! ווי לאנג עס ציהען זיך די מינוטען... זי געהט נישט, נאר זי לויפט זי שוועבט אין דער לופטען... אט זעהט זי די גרויסע גע־מיינדע אידען וועלכע האבען זיך פערזאמעלט צו זעהן און הערען דעם גרעסטען אידישען תנא!... ווי גליקליך זי איז!... זי שטופט זיך דורך א וועג צו איהר מאן, צו איהר געליעבטען עקיבא׳ן... ער געהט! ער קומט איהר אנטקעגען! די שכינה, זי רוהט אויף איהם... דאס איז ער! א גאט, שטארק מיר, קרעפטיג מיר...

— מיין עקיבא!!... איז רחל איהם אויף׳ן האלדז געפאלען...

— מיין הייליגע רחל!! — האט איהר רבי עקיבא געקושט — אלעס וואס איך האב דערגרייכט איז דאך דיינס! — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

כלבא שבוע איז געשטאנען א צעשראקענער און א דערציטערטער. וואס איז דאס? וואס קומט דא פאר?... איז דאס דען נישט קיין חלום?... וואס זעהט ער? דער גרויסער רבי קושט זיין טאכטער... רחל רופט איהם: ״ליעבער מאן״!... זאל ער דאס זיין דער אמאליגער פאסטוך עקיבא! איז דאס מעגליך?!

כלבא שבוע איז צו זיי נעהענטער צוגעגאנגען... רחל איז נאך געווען אין רבי עקיבא׳ס ארעמס פון איהרע אויגען האבען זיך געקייקעלט טרעהרען פון פרייד, פון העכסטען גליק.

— מיינע קינדער... — האט זיך כלבא שבוע פאנאנדערגעכליפעט — איך ע... איך האב געגען אייך בייזען געזינדיגט... וועט איהר מיר פיעלייכט קענען מוחל זיין.

ווען רחל האט דערזעהן איהר פאטער איז זי גלייך צו איהם צוגעלאפען און איהם אויך געהאלדזט און געקושט:

— מיין ליעבער הארציגער פאטער — איך האב דיר דאך אזוי פיעל ענמת נפש פערשאפט... און יעצט בין איך דאך די גליקליכסטע אין דער וועלט... און דו ביזט דאך אויך גליקליך, טייערער פאטער...

— מיין טאכטער! מיין ליעבענקע רחל! — האט כלבא שבוע איהר גע־דריקט צו זיך... יעצט קען איך שוין רוהיג שטארבען... גאט האט מיר געגעבען דאס העכסטע הימעלשע גליק וואס א שטערבליכער מענש קען וועו עס איז דערגרייכען!

— מיין ליעבער פאטער — איז רבי עקיבא צו איהם צוגעגאנגען און גע־דריקט זיין האנד — דיזער טאג איז דער גליקליכסטער אין מיין לעבען... אונ־זער פאטער אין הימעל האט אונז יעצט אלעמען צוזאמענגעבראכם...

— מיינע ליעבע קינדער! — האט כלבא שבוע ארויסגעלעגט זייגע הענד אויף זייערע קעפ און האט זיי ביידע געבענשט, און געבענשט זאל זיין גאט וואס ער האט אונז געלאזט לעבען און אונז דערהאלטען ביז דיזער העכסט גליקליכער צייט...

— וואו איז מיין זוהן, יהושע? — האט רבי עקיבא גלייך געפרעגט זיין פרוי רחל.

— אונזער יהושע איז שוין אויך א גרויסער למדן — האט רחל געענטפערט מיט א ליעבליכען שמייכעל — ער לערנט שוין אין דעם בית המדרש פון ר׳ נחום איש גמזו.

תנחום האט זיך ארומגערערעהט הין און צוריק... ער האט זיינע אויסגע־גלאצטע אויגען אנגעשטעלט א ווייל אויף רבי עקיבא׳ן, אויף רחל׳ן און א ווייל אויף כלבא שבוע׳ן... ער האט נערוועז געצופט זיין בארד.

— תנחום — האט זיך כלבא שבוע צו איהם אפגערופען — געה אריבער אין בית המדרש פון ר׳ נחום איש גמזו — און זאג אז יהושע׳ן אז זיין פאטער איז דא... און זאל ער גלייך קומען צו מיר אין הויז.

תנחום האט א צופריעדענער צוגעשאקעלט מיט׳ן קאפ און איז באלד פאר־שוואונדען געווארען.

כלבא שבוע, רבי עקיבא און רחל האבען זיך אריינגעזעצט אין די קארעטע און מיט די בעגלייטונג פון שאלען און ״היחד״ געשרייען פון דעם גאנצען המון וועלכער האט ערשט יעצט בעגריפען אז רבי עקיבא איז כלבא שבוע׳ס אמאליגער פאסטוך, זיינען זיי אלע אוועקגעפאהרען צו דעם רייכען פאלאץ פון כלבא שבוע...

## אכט און דרייסיגסטער קאפיטעל

# די גזרה

ווען יוליוס ווערנוס און סעיאנוס בורוס זיינען אנגעקומען אין רוים, נאך א לאנגע און שטורמישע רייזע, איז געווען נאך פינסטערליך; דער מארגען שטע־רען האט זיך ערשט געגומען בעוויזען...

— מיר וועלען פריהער אריבערגעהן צו מיין פריינד, קלעמענס׳ן — האט סעיאנוס זיך אפגערופען צו יוליוס׳ן — פון איהם וועל איך אויסגעפינען וואס מיין פרוי טוט, און וואס פאר אן אויפנאהמע איך קען פון איהר ערוואַרטען, און אז אלעס וועט זיין אין ארדנונג, וועלען מיר פון דארט אוועקגעהן צו מיין מעסע־

לינא׳ן, וואו דו וועסט זיך ארומוואשען און איבערטהאן און דאן וועסטו געהן צו דיין טאכטער, וועלכע איז שוין יעצט געווים די צעזארין פון רוים...

— ניין, סעיאנוס, פיהר מיר גלייך צו צום פאלאץ, — האט יוליוס געזאגט

— איך וועל בעסער דארטען ווארטען, ביז וואנען מיין טאכטער און מיין איידעם וועלען זיך אויפכאפען... און דאן וועל איך קיין איין מינוט נישט פערליערען און גלייך זעהן מיין ליעבע טאכטער, אקטאוויא... דער צעזאר וועט אויף מיר געווים נישט פאריבעל האבען צוליעב דעם... ער וועט פערשטעהן דאס הארץ פון א פאטער וועמענס איינאיינציגע טאכטער איז דערהויבען געווארען צו זיין די הערשערין פון דער גרעסטער און מעכטיגסטער אימפעריע...

— אבער דו וועסט דאך איינשטעלען דיין לעבען אין גרויס סכנה — האט איהם סעיאנוס געווארענט — די וועכטער וועלכע היטען דאמיציאנ׳ס פאלאץ, וויסען דאך נישט ווער דו ביזט, און ווען זיי וועלען דיך דערזעהן ארומדרעהענדיג זיך ארום פאלאץ, וועלען זיי דיר חושד זיין אז דו ביזט געקומען טויטען דעם צעזאר. און איידער דו וועסט צייט האבען צו ערקלערען זיי ווער דו ביזט, וועלען זיי דיר דערשטעכען מיט זייערע שפיזען...

סעיאנוס ווארנונג האט אויף יוליוס׳ן געווירקט און ער האט זיך אפגערופען:

— איך גלויב אז דו ביזט גערעכט, פיהר מיר וואוהין דו ווילסט, און אז איך האב שוין אזוי פיעל געווארט וועל איך שוין קריגען געדולד צו ווארטען נאך עטוואס...

— ווען נישט דער שטורעם אויף׳ן ים וואס האט אונזער שיף פערטריבען אין א צווייטע ריכטונג, וואלטען מיר שוין געווען אין רוים מיט עטליכע מאנאטען פריהער -- האט סעיאנוס געזאגט.

— יע, עס איז מיר נישט בעשערט געווען צו זיין אויף מיין טאכטער׳ס חתונה — האט יוליוס בעדויערט — איך קען זיך פארשטעלען וואס פאר א חתונה דער צעזאר האט געפראוועט מיט מיין טאכטער...

— עס איז מסתמא אזוי געווען יופיטער׳ס ווילען — האט סעיאנוס געזאגט

— מיר זיינען דאך ארויסגעפאהרען באלד ווי איך האב דעם בריעף ערהאלטען פון מיין מעסעלינא. אבער ווען יופיטער וויל נישט, וועט עס נישט געשעהן...

— דערפאר האף איך, וועל איך געווים זיין צו מיין זוהנ׳ס חתונה...

— האט דען נישט דיין מאנילוס געהאט א געליעבטע אין גמזו — האט סעיאנוס איהם געפרעגט.

— ער האט זיך געליעבט אין כלבא שבוע׳ס טאכטער — האט יוליוס געענטפערט — אבער, ווי דיר איז בעוואוסט, האט זי חתונה געהאט מיט אן ארימען פאסטוך... מאנילוס ווייס דערפון נישט, און ווען איך וועל איהם דערצעהלען וועגען דעם, וועט ער זיך שטארק נישט נעמען צום הארצען ער וועט חתונה האבען דא אין רוים מיט א רוימישער פרינצעסין... ער איז דאך יעצט דער קעניגינ׳ס ברודער...

אין מזרח זייט האט דער הימעל געגומען רויט ווערען... גאנץ רוים איז נאך געווען איינגעהילט אין טיעפען שלאף... אלעס ארום איז געווען שטיל... א הונט האט זיך פלוצלונג צעבילט און זיין בילען האט אפגעקלונגען מיט אן עכא... פון א הויף האט זיך א קרעהען פון א האהן דערהערט... און באלד האט א צווייטער און א דריטער האהן זיך אויסגעקרעהט...

סעיאנוס בורוס און יוליוס ווערנוס זיינען געגאנגען מיט זיכערע און פעסטע טריט... אז אנגענעהמע און זיסע פיהלונג האט זיך צעגאסען איבער יוליוס׳עס קערפער... ער איז דאך אזוי גליקליך !... ער פיהלט זיך ווי ער איז דער בעל הבית פון רוים !... באלד, באלד וועלען איהם אלע אפגעבען כבוד... א קלייניגקייט ! דער פאטער פון דער צעזארין...

— אט דא וואהנט מיין קרוב קלעמענס ! — האט זיך סעיאנוס אפגערופען — אנצייגענדיג אויף א פראכטפולע הויז וואס איז געווען ארומגערינגעלט מיט א בעצויבערנדען גארטען. צו איהם זיינען דיינע קינדער פערפאהרען, גלייך ווי זיי זיינען אנגעקומען אין רוים... און איך בין זיכער אז דיין אקטאוויא האט די געלעגענהייט געהאט זיך צו בעקענען מיט דעם צעזאר, נור דורך קלעמענס׳ן, ווייל דאמיציאן איז פון אלע מאל געווען אן אפטער גאסט אין קלעמענס׳ם הויז.

סעיאנוס האט געגעבען א לייכטען קלאפ אין טויער... באלד האט זיך בעוויזען א דינער און געפרעגט וואס זיי פערלאנגען.

— מיר ווילען זעהן דיין הער, קלעמענס׳ן — האט סעיאנוס געזאגט.

— עס איז יעצט זעהר פריה און מיין הער שלאפט נאך — האט דער דיענער געענטפערט מיט א גענעץ.

— געה זאג איהם אז דער פאטער פון דער צעזארין וויל זיך מיט איהם זעהן — האט יוליוס מיט שטאלץ געזאגט.

דער דינער איז בלאס געווארען ; ער האט זיך גלייך פערנייגט פאר זיי און באלד צוריק אריין אין הויז... ער האט אנגעקלאפט אין די טיהר פון קלעמענס׳עס צימער.

— וואס איז געשעהען — האט איהם קלעמענס א דערשראקענער געפרעגט.
— דער פאטער פון דער צעזארין איז געקומען זיך זעהן מיט מיין הער און ערווארט נעבען טויער.

— דער פאטער פון דער צעזארין ! — האט קלעמענס געקוועטשט מיט די פלייצעס — וואס פלוידערסטו ! וואס פאר א פאטער, וואס פאר א צעזארין !..
— אבער מיין הער אזוי האט ער מיר דיר געהייסען זאגען... ער איז געווען מיט נאך איינעם... פיעלייכט זיינען זיי ביידע בערוישט פון וויין... אויב אזוי וועל איך ארויסגעהן זיי פערטרייבען פון דאנען...
— ווארט ! — האט קלעמענס געזאגט — איך טו זיך אן און איך געה מיט דיר גלייך ארויס.

קלעמענס האט גלייך דערקענט סעיאנוס׳ן און האט איהם ווארעמליך און הערצליך בעגריסט.

— און דאס איז מיין פריינד, אקטאוויא׳ס פאטער — האט סעיאנוס איהם פארגעשטעלט — מיר זיינען ביידע יעצט אנגעקומען אין רוים... מיין פריינד, יוליוס האט גלייך געוואלט געהן צו דאמיציאן׳ס פאלאץ, אבער איך האב איהם דערפון אפגעשלאגען און דעריבער זיינען מיר גלייך אוועק צו דיר, מיין גוטער פריינד, מיר האבען דיר געוויס געשטערט פון דיין שלאף ?...
— איהר ביידע זייט מיר העכסט ווילקאמען — האט קלעמענס געזאגט — קומט דאך, מיינע ליעבע געסט אריין אין הויז, און איהר וועט זיך אפרוהען, און עפעס צובייסען.

דער דינער האט פאר זיי ברייט געעפענט די טירען און סעיאנוס, יוליוס און קלעמענס זיינען אריין אין הויז.

— איך וועל דא לאנג נישט קענען פערברייגנען — האט יוליוס ווערנוס אומגעדולדיג געזאגט — ווי נאר עס וועט גוט ליכטיג ווערען וועל איך גלייך געהן צום צעזאר'ס פאלאץ זיך זעהען מיט מיין טאכטער.

— פערשטעהסטו מיר, קלעמענס — האט זיך סעיאנוס אפגערופען — ווי איך האב דערהאלטען דעם בריעף פון מיין מעסעלינא, דאס איך און מיין פריינד יוליוס זאלען פאהרען נאך רוים, כדי מיר זאלען נישט פערשפעטיגען די חתונה, האבען מיר זיך גלייך גענומען גרייטען צו דער רייזע און אין איינינע טעג ארום זיינען מיר שוין געווען אויף דעם שיף. מיר זיינען געווען זיכער, דאס מיר וועלען אנקומען אין רוים, נאך איידער דאמיציאן וועט פראווען די חתונה מיט אקטאוויא'ן... אבער יופיטער האט אונז אנגעשיקט א שטורעם און אונזער שיף איז פערטראגען אין א גאנץ אנדער ריכטונג און מיר האבען געמוזט פערזאמען איבעריגע דריי מאנאטען אויף'ן ים... מיין פריינד איז זעהר צוקלעמט פון דעם און איז דעריבער זעהר שטארק אומגעדולדיג צו זעהן זיין טאכטער...

— הם... ע... איך בין נישט זיכער אויב דו וועסט קענען אריינקומען היינט אין דעם צעזאר'ס פאלאץ — האט קלעמענס געזאגט מיט אן אומעטיגען פנים — דער צעזאר איז ע... נישט מיט אלעמען... און מען וועט קיינעם צו איהם נישט צולאזען...

— איך האף אז די צעזארין'ס פאטער וועט מען יע אריינלאזען אין פאלאץ — האט יוליוס מיט זיכערקייט געזאגט — איך בין דאך נישט קיין פרעמדער — דער צעזאר דאמיציאן איז דאך מיין איידעם !...

א ביטערער שמייכעל האט זיך בעוויזען אויף קלעמענס'עס פנים ; זיין הארץ איז אנגעפילט געווארען מיט רחמנות אויף דעם אונגליקליכען פאטער, וועלכער איז געקומען פון אזוי וויים צו געניסען פון זיין טאכטער'ס גליק... און צום סוף וועט ער זיך באלד דערוויסען פון אלעם וואס האט פאסירט מיט זיין טאכטער... זאל ער עס איהם אליין דערצעהלען ?... עפעס דערלאזט איהם נישט דאס הארץ... אבער ער זעהט דאך ווי יוליוס רייסט זיך נאר צו געהן צום פאלאץ... ער קען נאך פיעלייכט ברייגנען נאך אן אומגליק אויף זיך...

— איך וואלט דיר געראטען נישט צו געהן אהין צום צעזאר'ס פאלאץ — האט ער געלאסען געזאגט.

— וואס האט דען פאסירט — האט זיך יוליוס אויפגעשטעלט — איז פיעלייכט מיין טאכטער, די צעזארין, נישט געזונד ? אדער איז מיין איידעם קראנק...

דער צעזאר און די צעזארין זיינען ביידע געזונד — האט קלעמענס געזאגט — אבער...

—אויב אזוי מוז איך גלייך געהן צו זיי — האט יוליוס איהם געלאזט ענדיגען. און איז שוין געשטאנען ביים טיהר...

— אקטאוויא, דיין טאכטער איז אבער נישט די צעזארין, — האט קלעמענס קוים ארויסגערעדט.

—וו־א־ס ?!... האט יוליוס אויסגעגלאצט די אויגען, — אקטאוויא איז

נישט די צעזארין ?!... זיינען די בריעף געווען פאלשע! און מיין אייגענער זוהן האט מיר אויך גענארט!...

— דיין טאכטער האט געזאלט זיין דעם צעזאר'ס פרוי, אבער פון דעם האט זיך גארנישט אויסגעלאזען... ווייל זי האט געהייראט מיט א צווייטען..

— אזוי גאר! — האט זיך סעיאנוס בורוס פערקרימט — איז אקטאוויא נישט די צעזארין!... נו, אויס יחוס מיט דיר! אבי איך האב געמיינט אז אט, אט, וועט דאמיציאן ארויספאלען אויף איהם האלדזען און קושען, כא, כא, כא! דער צעזאר וועט קושען א אידען פון יהודה!...

יוליוס'עם בלוט איז אין איהם פערגליווערט געווארען... די נייעס אז זיין טאכטער איז נישט די צעזארין פון רוים, האט איהם אזוי ערשיטערט און אויפגערעגט, אז ער איז געבליבען שטעהן ווי געלעהמט... די אויגען האבען איהם אנגעהויבען שווינדלען און זיין קערפער האט געציטערט... ער האט זיך אבער געשטארקט און געפרעגט:

— וואו געפינט זיך מיין טאכטער און וואס האט מיט איהר פאסירט? און וואו איז מיין זוהן מאנילום?

— בערוהיג זיך מיין פריינד — האט איהם קלעמענס געזאגט — דיין זוהן קומט אריין צו מיר יעדען טאג... פון איהם וועסטו זיך אלעס דערוויסען...

— האט עפעס פאסירט מיט מיין טאכטער?... איך בעט דיר, מיין האר, זאג דאך מיר, לעבט זי נאך, איז זי געזונד? — האט יוליוס ווערנום א דערשראקענער געפרעגט.

— דיין טאכטער לעבט און איז געזונד, — האט איהם קלעמענס פערזיכערט.

— מיט וועמען האט זי חתונה געהאט? — האט זיך שוין סעיאנוס בורוס נישט געקענט איינהאלטען.

— זי האט חתונה געהאט מיט איינעם פון איהר פאלק, האט קלעמענס געענטפערט.

— זי האט חתונה געהאט, הייסט דאס מיט א אידען! כא, כא, כא! — האט זיך סעיאנוס בורוס ווידער פאנאנדערגעלאכט — אבי איהר פאטער האט געמיינט אז ער וועט נעמען גאנץ רוים מיט שטורעם... עפעס א קלייניגקייט! די הערשערין פון רוים איז זיין טאכטער... נו, זאג מיר יוליוס — האט ער זיך געווענדעט צו איהם מיט סארקאזם — עס פערדריסט דיר זעהר שטארק וואס דו האסט נישט געקענט זיין צו דער חתונה!...

יוליוס טרויער און אומעט איז נאך שטארקער געווארען... אט שטעהט זיין פריינד פון גמזו און לאכט איהם אין פנים אריין... א ווייל פריהער האט דערזעלבער סעיאנוס גערעדט צו איהם מיט גרויס דרך ארץ... און יעצט שפאט ער אפ פון איהם און פון זיין אידישקייט... זיין גאנצען לעבען האט ער זיך בעמיהט צו זיין א רוימער... ער האט אריינגעבראכט יופיטער'ס סטאטוע אין זיין הויז, ער האט זיינע קינדער ערצויגען אין רוימישען גייסט... און דא קומט זיין בעסטער רוימישער פריינד און ווארפט איהם אויף זיין אידישע אפשטאמונג... דאס הארץ האט איהם פערדריקט און ער איז געבליבען שטעהן מיט אראפגעלאזענעם קאפ, אן ענטוישטער, פול מיט יאוש און צער...

קלעמענס האט שטארק פערדראסען, פאר וואס סעיאנוס מאכט חוזק פון דעם אומגליקליכען אידען, און ער האט זיך צו איהם אפגערופען:

— מיין פריינד, דו בעסער געה גלייך צו דיין מעסעלינא'ן. ווייל זי ערווארט דיר מיט גרויס אונגעדולד...

— מיין מעסעלינא! — האט סעיאנוס בורוס א ציטער געטהאן — האט זי זיך עטוואס געענדערט?

— זי האט זיך א סך געענדערט דורך דיין אבוועזענהייט און זי בייגקט זעהר שטארק נאך דיר... געה טאקע גלייך אהיים!

סעיאנוס האט פערלאזען קלעמענס'עס הויז און איז אוועק צו זיין ווייב...

—יעצט מיין פריינד, קען איך מיט דיר רעדען אפען — האט קלעמענס געזאגט — דו דארפסט זיך פיהלען העכסט גליקליך וואס דיין טאכטער איז נישט דאמיציאנ'ס פרוי... דיין טאכטער איז זעהר שעהן... זי איז אויך אבער זעהר קלוג און פערנינפטיג...

דאמיציאן איז גרויזאם און טיראניש... דיין אקטאוויא'ס אויגען זיינען נישט פערבלענדעט געווארען, פון דער מעגליכקייט צו ווערען די קעניגין פון רוים... איהר אידעאלער לעבען איז ביי איהר העכער פון אלע לוקסוסען, פון אלע פערגעניגען און כבוד. זי האט דאריבער געהאט געגוג מוטה צו הייראטען מיט דעם וועמען זי האט אמת געליעבט, מיט איהר גאנצע כשרה און ריינע נשמה... דו דארפסט זיין זעהר שטאלץ מיט איהר, מיין פריינד, אזא טאכטער ווי דיינע קען זיך געפינען נור ביי דעם אויסדערוועהלטען פאלק, פון וואנען דו שטאמסט... פיעלע פון אונז רוימער זעהן איין די גרויסקייט פון אייער גאט און זיין תורה, און ווערען אידען בשתיקה, דער צעזאר זאל עס נישט אויסגעפינען.

יוליוס ווערנוס איז נאך יעצט מעהר צוטומעלט געווארען... אט הערט ער אזעלכע ווערטער פון א רוימישען סענאטאר... און ער האט דאך פון אלעמאל אנדערש געדענקט... עפעס איז דא אלעם געווארען א רעטעניש... וואס זאל דאס בעדייטען?

— אויב דו האסט זיך שוין בערוהיגט — האט קלעמענס זיך אפגערופען צו איהם — דאן קען איך דיר אלע איינצעלהייטען דערצעהלען, קום מיט מיר אריין אין מיין צימער און איך וועל דיר דערצעהלען אלעס וואס האט פאסירט מיט דיין טאכטער, זינט זי איז אנגעקומען אין רוים.

יוליוס איז מיט איהם אריין אין זיין צימער. ביידע האבען זיך געזעצט און קלעמענס האט איהם גענומען דערצעהלען אלע איינצעלהייטען... ער האט איהם דערצעהלט וועגען אונוס'ן, ווי ער האט איהם אויסגעלייזט פון א זיכערען טויט, ווי אונוס האט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין העלדישקייט און ווי ער האט איהם אדאפטירט פאר זיין זוהן. ער האט איהם אויך דערצעהלט וועגען אקטאוויא'ן און דאמיציא'ן... ווי דער צעזאר האט אנגעשטעלט סעיאנוס ווייב און מאנילוס'ן זיי זאלען איבעררייידען צו זעהן איהם בעזוכען. און אקטאוויא איז בשום אופן ניט געגאנגען... ווי זיין אונוס האט זיך פערליעבט אין איהר, און כאטש זי האט איהם אויך ליעב געהאט, האט זי איהם פריהער ענטזאגט ווייל זי האט געמיינט אז ער איז א רוימער, און ווי גליקליך זי האט געפיהלט, ווען זי האט אויסגעפונען אז אונוס איז א איד און שטאמט פון זעהר א רייכע און פיינע פאמיליע אין ירושלים און ווי זי האט איהם געהייראט, און ווען מען האט איהר געצוואונגען צו קומען צום צעזאר, האט זי פאר אלעמען ערקלערט אז זי איז פערהייראט... און ווי דער טיראנישער צעזאר האט ביידען געוואלט טויטען, אבער מען האט זי געראטעם פון

טויט און דאמיציאן האט זיי בלויז פערשיקט אויף דעם אינזעל פאנדאטאריא...

— נו, יעצט וועל איך שוין מיין טאכטער מעהר קיין מאל נישט זעהן — האט יוליוס געוויינט — דאס שטראפט מיר אונזער גאט וואס איך האב זיין תורה פערלאזען און זיך אויסגעקליבען צו געהן אין אנדערע וועגען...

— זארג נישט, מיין פריינד, נישט אלע מאל וועט אזוי שלעכט זיין — איך האב א בעריכט אז דיין טאכטער און איהר מאן זיינען זעהר גליקליך צוזאמען אויף דעם אינזעל... אמת, אונוס ארבייט זעהר שווער, אבער ער פיהלט זיך גליקליך דאס ער קען זיין צוזאמען מיט זיין ליעבענדע פרוי... לאמיר האפען אז גאר אין גיכען וועט אונז געלינגען זיי צו בעפרייען פון דעם אינזעל...

— דו זאגסט — האט יוליוס געווישט זיינע טרעהרען — אז מיין טאכטער'ס מאן שטאמט פון א פיינע אידישע פאמיליע, ווייסטו פיעלייכט ווי אזוי די פאמיליע רופט זיך אן?

— יע, — האט קלעמענס געזאגט — זיין פאטער און טאכטער געפינען זיך אין גמזו און דיין טאכטער קען זיי זעהר גוט.

— ווער זיינען זיי דאס — איז יוליוס נייגעריג געווארען.

— זיין פאטער הייסט כלבא שבוע און זיין שוועסטער — רחל — האט קלעמענס געזאגט.

— כלבא שבוע! — האט יוליוס אויסגעשריען — ווי איז דאס מעגליך. האט ער דען געהאט א זוהן!...

— יע, ער האט געהאט א זוהן און זיין נאמען איז געווען דו, ער האט העלדיש געקעמפפט געגען די רוימער און פערטהיידיגט ירושלים, אבער די רוימער האבען איהם גענומען געפאנגען... און דא האב איך איהם א נאמען געגעבען אונוס...

— איז כלבא שבוע דאך מיין מחותן — האט ער אויסגערופען מיט פרייד — און איך האב אלע מאל געמיינט אז איך בין נישט ווערט צו זיין כלבא שבוע'ס מחותן... ווייל מיין זוהן האט זיך געליעבט אין כלבא שבוע'ס טאכטער... אבער זי איז אוועק און חתונה געהאט מיט אן אומוויסענדען פאסטוך... איהר פאטער האט איהר צוליעב דעם פון זיין הויז פערטריבען און האט געשווארען אז קיין איינציגע פרוטה זאל זי און איהר מאן, דער פאסטוך נישט קריגען... און יעצט וועט מיין טאכטער און איהר מאן זיין די איינציגע יורשים פון דעם רייכסטען מאן אין גאנץ יהודה... אבער ווער ווייס, — איז יוליוס ווידער אומעטיג געווארען — ווער ווייס צו זיי וועלען ווען עס איז בעפרייט ווערען...

— איך און דיין זוהן — מאנילוס האבען געטהאן אלעס וואס נאר מעגליך זיי צו בעפרייען, אבער דאמיציאן וויל דערפון נישט הערען... און איך זאג דיר אז עס איז פיעל בעסער פאר דיין טאכטער צו זיין דארטען וואו זי איז, ווייל אויב זי וואלט זיך יעצט געפינען אין רוים און דאמיציאן נישט זייענדיג גלייכגילטיג צו איהר... וואלט געווים געקומען צו אן אומגליק... די איינציגע זאך איז דאס מען זאל זיי בעפרייען און זיי זאלען גלייך אפפאהרען אין יהודה...

— וואו געפינט זיך יעצט מיין זוהן? — האט איהם יוליוס א פרעגע געטהאן...

— ביז דא נישט לאנג האט זיך דיין זוהן געפונען ביי מיר אין הויז — האט קלעמענס געזאגט — אבער ווען דאמיציאן האט גענומען פערדעכטיגען

אז איך האב א חאנד אין דעם וואס דיין טאכטער האט חתונה געהאט מיט אונוס'ן און נישט מיט איהם. האב איך בעשלאסען אז עס וועט זיין זיכערער פאר מאנילוס'ן צו וואהנען ערגעץ אנדערש... אבער ער קומט מיר בעזוכען כמעט יעדען טאג... איך וועל שיקען מיין דינער איהם רופען אהער.

דער דינער איז אוועק און עס האט לאנג נישט געדויערט ביז ער איז צו־ריקגעקומען מיט מאנילוס'ן.

— מיין ליעבער זוהן! — האט יוליוס ארומגענומען זיין זוהן.

— מיין געטרייער פאטער! — האט מאנילוס איהם געקושט און געהאלדזט.

— דו האסט זיך אזוי פיעל געענדערט, מיין זוהן — האט יוליוס געזאגט מיט א טרויעריגער שטימע, ווי איך פערשטעה האסטו דא זעהר פיעל געליטען דא אין רוים...

— יע, ליעבער פאטער, איך האב א סך געליטען, אבער אויך א סך געלערנט פון דעם... איך ווייס יעצט ווי צו שעצען מיין רעליגיאן. מיין פאלק און מיין לאנד... יעצט אז דו ווייסט וואס האט פאסירט מיט אקטאוויא'ן און דו ווייסט אויך ווער איהר מאן איז, דערצעהל דאך מיר וואס מאכט כלבא שבוע און ווי פיהלט זיך זיין טאכטער רחל!...

— כלבא שבוע איז געזונד און איז נאך רייכער ווי פריהער, אבער זיין טאכטער רחל, האט זיך שטארק בענארישט... זי איז אוועק און חתונה געהאט אהן איהר פאטער'ס וויסען, מיט עקיבא דעם פאסטוך, וועלכער האט אפגעבראַ־כען יופיטער'ס נאז...

— האט רחל אויך חתונה געהאט?! — איז מאנילוס בלאס געווארען — נו, יעצט האב איך שוין אלעס פערלארען...

— האסטו זיך עס ווען עס איז גאר געקענט פארשטעלען אז די שעהנע, געלערענטע און קלוגע רחל זאל טהאן אזא נארישקייט און חתונה האבען מיט אזא אומוויסענדען פאסטוך... נו, מען קען טאקע נישט בעשולדיגען איהר פאטער פאר וואס ער האט איהר צוליעב דעם פערטריבען פון זיין הויז, און געשוואוירען דאס זי זאל גארנישט קריגען פון זיין פערמעגען...

— ניין, פאטער, דו מאכסט א טעות, רחל בעזיצט א וואונדערבארע שעהנע און ריינע נשמה, און אז ביי איהר איז רעכט צו ליידען נויט און ארימקייט צו־ליעב דעם פאסטוך, מסתמא האט ער עס פערדיענט... יעצט קען איך אונזער אמאליגען פאסטוך זעהר גוט פארשטעהן... ער האט דאן געפיהלט צו די רוימער ווי איך פיהל יעצט צו זיי... און ער האט געהאנדעלט לויט די דיקטירונג פון זיינע געפיהלען.

יוליוס האט א קוק געטהאן אויף זיין זוהן און אויף קלעמענס'ן...

— איך פערשטעה פאטער דו וואונדערסט זיך ווי איך רייד אזוי אפען ווע־גען די רוימער אין דער אנוועזענהייט פון א רוימישען סענאטאר, דו מעגסט אבער וויסען, ליעבער פאטער, אז קלעמענס איז שוין יעצט אויך איינער פון אונז און מיר קענען ריידען אפען וועגען אונזערע געפיהלען צו די רוימער, וועלכע ערני־דעריגען, דריקען אונז... וועלכע טרעטען אונזער חיילינקייט מיט זייערע אומ־ריינע פיס...

דערווייל איז דאמיציליע ארויסגעקומען פון איהר צימער, און קלעמענס

האט איהר גלייך פארגעשטעלט פאר זיין גאסט. זי האט געהייסען גרייטען דעם טיש פאר פריהשטיק, און זיי האבען זיך אלע געזעצט עסען.

פלוצלונג האט זיך די טיהר געעפענט און דער גרייז גראהער יאזעפוס פלאוויוס איז אריינגעקומען א בלאסער... זיינע הענד און פיס האבען געציטערט.

— וואס האט פאסירט, יאזעפוס — האט איהם קלעמענס געפרעגט א דערשראקענער.

— איך בין דיר געקומען זאגען אז מיינע טעג זיינען געצעהלטע — האט יאזעפוס געענטפערט — היינט אין דער פריה קומט צו מיר אריין דעם צעזאר'ס א שליח און זאגט מיר אז דער צעזאר וויל מיר באלד זעהן. מיר האט א ציטער געטהאן ביים הארצען... איך האב באלד פערשטאנען אז דאס ערגסטע האט פאסירט... איך בין גלייך געקומען צו דאמיציאן. ער איז געלעגען אויף זיין בעט... זיין פנים איז געווען פול מיט צארן...

— זאג מיר דעם אמת, האט ער זיך צו מיר אפגערופען — ביזטו אויך געווען מיט איין דעה אפצורעדען אקטאוויא'ן פון מיר...

— גוטער צעזאר — האב איך זיך צו איהם אפגערופען — פאר וואס זאל פלוצלונג אזא געדאנק קומען אויף דעם געדאנק פון דעם צעזאר — דאס האט דאך פאסירט מיט א צייט צוריק.

— איך האב די גאנצע נאכט נישט געקענט שלאפען — האט מיר דאמיציאן געזאגט — איך האב אלס געטראכט ווי אזוי איך האב די שעהנע אקטאוויא דורכגעלאזען פון מיינע הענט און תתונה געהאט מיט דאמיציא, וועלכע איז אין פערגלייך מיט אקטאוויא'ן, העסליך... און ווען איך האב דערפון געטראכט, איז מיר ארויף אויף'ן געדאנק אז דו מוזט אויך האבען א האנט אין דעם... ווייל דו ביזט דאך אויך א איד, און מסתמא האסטו דערצו פיעל מיטגעהאלפען... יעצט מוזטו מיר זאגען דעם אמת ווי אזוי האסטו זיי געהאלפען אין דער זאך, לייקען גארנישט פון מיר!

— מעכטיגער צעזאר — האב איך אויסגערופען — איך בין געווען דער מסדר קדושין פון אקטאוויא'ן און אונוס'ן... אבער איך האב דאן גאר קיין אהנונג נישט געהאט אז זיין מאיעסטעט איז פעראינטערעסירט אין אקטאוויא'ן... ווען איך וואלט עס דאן געוואוסט, וואלט איך עס געוויס נישט געטהאן...

— דו בעטריגער! — האט דאמיציאן אויף מיר א געשריי געטהאן — דו האסט זיך צונויפגערעדט מיט די אידען פון רוים אום מיר צו בעטריגען... איך וועל זיך מיט דיר אפרעכענען, דו אלטער פוקס!... און נקמה וועל איך נעמען פון אלע אידען וועלכע געפינען זיך אין רוים — האט דאמיציאן געשטורעמט... אין צעהן טעג ארום וועסטו געהן צו דיינע ברידער, וועמען מיין ברודער טיטוס האט פערשיקט אויף יענער וועלט...

יעצט מוזטו ארויסגעבען די נעמען וועלכע זיינען געווען פערמישט אין דער קאנספיראציע, דאס איך זאל נישט קענען הייראטען די שעהנע אקטאוויא.

איך האב איהם פערזיכערט אז קיינער איז אין דעם נישט געווען שולדיג. נאר אזוי ווי אקטאוויא האט זיך פערליעבט אין אונוס'ן און אונוס האט איהר אויך געליעבט און זיי האבען ביידע בעשלאסען צו הייראטען, האבען זיי זיך געווענדעט צו מיר איך זאל זיין זייער "מסדר קדושין".

— מיין ענטפער האָט דעם צעזאַר נישט צופריעדען געשטעלט און ער האָט זיך אָפּגערופען נאָך מיט מעהר אויפרעגונג און כעס:

— דו האָסט דיין לעבען פערשפּיעלט!... יעצט געה דיר דיין וועג... דו קענסט איבערגעבען אלע דיינע אידישע פריינד אז זייער סוף איז נאָהענט איך וועל זיי אלעמען אויסראָטען פון מיין לאַנד...

קלעמענס, מאַנילוס און יוליוס ווערנוס זיינען בלייך געוואָרען ווען זיי האָבען דערהערט דעם אלטען יאָזעפוס דערצעהלענדיג די לאַגע. א ציטער האָט זיי אלעמען דורכגענומען.

— מיין גוטער פריינד, קלעמענס — האָט יאָזעפוס געזאָגט מיט א וויינענדיגע שטימע — פאַר מיין לעבען אַרט מיר שוין נישט, איך בין שוין אלט און גראָה... און נאָך א יאָהר צו צוויי יאָהר לעבען מיינט גאָרנישט פאַר מיר... אבער איך בין שטאַרק בעזאָרגט און בעאומרוהיגט וועגען אונזערע ברידער אין רוים... דעריבער בעט איך דיר, ליעבער פריינד, דו זאָלסט זעהן זיך משתדל זיין פאַר זיי, אז קיין וויילע דער גרו זאַמער דאָמיציאַן קען זיי טהאָן פיעל שלעכטעס... בייזעס זאָל זיי נישט טרעפען...

— א וויילע בערוהיג זיך יאָזעפוס — האָט זיך קלעמענס אָפּגערופען — שפּעטער ווען דער כעס וועט איהם אָפּגעהן וועט ער אין גאַנצען פערגעסען אָן דיר און אָן די איבעריגע אידען...

— ניין, גוטער קלעמענס, — האָט יאָזעפוס טרויעריג געזאָגט — דאָמיציאַן האָט שוין פון לאַנג געזוכט אויף מיר חטאים, און ווען איך האָב געענדיגט שרייבען מיינע ביכער וועגען די אידישע מלחמות מיט די רוימער, האָט ער מיר געצוואונגען צו ענדערען פיעלע זאַכען, וואָס האָט געצייגט די רוימער אין זעהר נישט קיין העלע ליכט... איך האָב איהם געמוזט פאָלגען, ווייל אויב נישט, וואָלט איך נישט נאָר פאַרלאָרען מיין לעבען, אבער אויך פון מיין גאַנצען ארבייט, אין וואָס איך האָב אריינגעלעגט אַזוי פיעל מיה און געזונט, וואָלט גאָר נישט געוואָרען, ווייל דער אכזר'ישער צעזאַר וואָלט זיכער פערניכטעט אלע מיינע מאַנוסקריפּטען... איך האָב א סך געענדערט און אין פיעלע שטעלען האָב איך אָנגעצייגט אז די אידען זיינען אליין שולדיג אין זייער גרויסען אומגליק און איך בין זאָגאר געווען געצוואונגען צו מאָלען זיך אליין אלס דער פערטרעטער פון דעם אידישען פאָלק.. יעצט קלעמענס, בעט איך דיר, דאָס נאָך דאָמיציאַן'ס טויט, זאָלסטו צושרייבען צו מיינע שריפטען די בעמערקונג אז איך בין געווען געצוואונגען צו שרייבען פיעלע נישט קיין ריכטיגע זאַכען וועגען די אידען. און אז איך בין געווען און פערבליבען ביז די לעצטע טעג פון מיין לעבען א געטרייער זוהן צו מיין פאָלק יהודה... און אלעס וואָס איך האָב געטהאָן, האָב איך נאָר אין זינען געהאַט מיין אומגליקליכע פאָלק... און וואָס אָנבעלאַנגט מיר, געה איך שטאַרבען מיט א ריינעם און רוהיגען געוויסען אז איך האָב מיין גאָט און פאָלק קיינמאָל נישט פערראַטען... און אויב איך בין בעגאַנגען אומרעכטען געגען מיין פאָלק יהודה, איז דאָס געווען בשוגג... מיין כונה איז אימערצו געווען צום גוטען... איך האָב באַלד פאַראויסגעזעהן אז דער אידישער קאַמפּף געגען די רוימער איז א פערשפּיעלטער, איך האָב געוואוסט אז אויב מיר וועט געלינגען זיך צו בעפריינדען מיט טיטוס'ן, וועל איך דאַמיט קענען ברייננגען פיעלע

נוצען צו מיין פאלק... און ווען רבן יוחנן בן זכאי איז געקומען צו טיטוס'ן ער זאל איהם ערלויבען צו גרינדען די ישיבה אין יבנה, און טיטוס האט מיר געפרעגט וועגען דעם האב איך איהם צוגערעדט דאס ער זאל די ערלויבענים געבען... און ווען ער האט געוואלט ארויסגעבען נייע גזרות אויף אידען, האב איך איהם דערפון אפגערעדט... טיטוס איז געווען זעהר שטארק בעפריינדעט מיט מיר און האט קיין זאך נישט געטהאן איידער ער האט זיך מיט מיר בעראטען וועגען דעם... דאמיציאן אבער איז מיין שונא, און ער האט נור געזוכט א געלעגענהייט מיר אפצוראמען פון וועג, יעצט אז ער האט זיך דערוואוסט אז איך בין געווען אקטיוויא'ס מסדר קדושין, דאס איז שוין פאר איהם א גענוגענדע סיבה מיר צו טויטען...

— איך פיהל אז איך וועל אויך זיין אביסעל שולדיג אין דיין טויט, — האט יוליוס ווערנוס געזאגט מיט טרעהרען — ווען איך וואלט נישט איינגערעדט מיין טאכטער צו פאהרען נאך רוים וואלט דאך צו קיין אומגליק נישט געקומען.

— ביזטו עס אקטיוויא'ס פאטער — האט איהם יאזעפוס געפרעגט.

— יע, איך בין איהר פאטער, דער גאט פון יהודה האט מיר געשטראפט און מיינע קינדער וועלען דארפען ליידען צוליעב מיינע זינד...

— דו דארפסט זיך שעצען גליקליך — האט יאזעפוס איהם געזאגט — וואס דיין איידעלע און נאבעלע טאכטער איז נישט ארייננגעפאלען אין די הענד פון דעם בלוטדורשטיגען צעזאר, דאמיציאן, וועלכער איז נישט נאר גרויזאם צו אונז אידען, אבער ער שעכטעט אומרחמנות'דיג אומשולדיגע רוימישע בירגער... וויפיעל סענאטארען, בעאמטע און רוימישע אדעללייט האבען פערלארען זייער לעבען צוליעב א קאפריז פון דאמיציאן דעם רשע?... דאס גאנצע רוימישע פאלק איז אויפגעבראכט געגען דעם טיראנישען הערשער. און פריהער אדער שפעטער וועט ער בעצאהלען מיט זיין לעבען פאר די פיעלע אומשולדיגע קרבנות... און דאן... דאן וועט די זון ווידער א שיין טהאן פאר אלע אונטערדריקטע און געפלאגטע... דיין טאכטער און אונס וועלען זיכער בעפרייט ווערען פון דעם אינזעל און וועלען גליקליך זיין... מיינע אויגען וועלען דאס נישט זעהן... איך וועל אבער ליגען רוהיג אין מיין קבר, וויסענדיג אז אונזער ליעבער גאט האט זיך אפגערעכענט מיט די רשעים, און טהוט גוטעס צו די עהרליכע און גוטע מענשען... זייט מיר אלע געזונד, איך גלויב אז איך זעה אייך אלעמען צו לעצטען מאל, און איך בעט דיר נאך אמאל קלעמענס, דו זאלסט זעהן גוט מאכען דעם פעהלער וואס איך האב, געצוואונגענערהייד, בעגאנגען אין מיינע שריפטען... שלום!...

א טרויער האט געהערשט אין קלעמענס'עס הויז, ווען יאזעפוס פלאוויוס איז פון דארט אוועק... די שטימונג איז געווען א גדריקטע... א ווײלע זיינען אלע געשטאנען שטיל, מיט געבויגענע קעפ, יעדער האט אויסגעמיטען אז זיינע בליקען זאלען זיך נישט באגעגענען מיט דעם צווייטענס...

— אומגליקליכער יאזעפוס! — האט דאמיציליא אונטערבראכען די שטילקייט — איהם איז אויך בעשערט צו זיין איינער פון די קרבנות פון דאמיציאן'ס שווערד...

— זיין לעבען איז געווען זעהר טראגיש און טרויעריג — האט קלעמענס

צוגעגעבן — און יעצט פערענדיגט ער עס מיט נאך א מעהר טראגישען טויט... זיינע איינענע ברידער פערדאמען איהם און רופען איהם אן פעררעטהער, ווייל זיי װעלען קיינמאל נישט אויסגעפינען די זויבערקייט פון זיין צארטע און אייר־דעלע נשמה... איך ווייס אבער, וויפיעל דיזער אומגליקליכער יאזעפוס האט געליטען... יעדע צרה וואס איז געקומען אויף זיינע ברידער האט געמאכט א טיפען וואונד אין זיין הארץ וואס איז פול מיט ליעבע און װארעמקייט צו יעדען... וויפיעל בלוטיגע טרעהרען ער האט שטילערהייט פארגאסען אויף דעם בראך פון זיין פאלק... קען דען זיין א גרעסערע און שרעקליכערר טראגעדיע פון א מענשען, וועלכער איז אימער געווען גרייט זיך מקריב צו זיין לטובת זיינע ברידער, און בלויז צוליעב דעם אליין געווען געצוואונגען זיך צו מאלען אין א טונקעלער ליכט, דאמיט ארויסצורופען די שנאה פון זיינע ברידער צו איהם, וועלכע שילטען און רופען איהם אן זייער פעררעטער... ווער ווייס צי וועט איטיצען פון אינז געלינגען ווען עס איז ריינצוואשען זיין נאמען...

— ווען איך וועל זיך צוריקקעהרען נאך יהודה — האט מאנילוס זיך אפגערופען — וועל איך נישט רוהען ביז וואנען איך וועל אלעמען איבערציי־גען אין יאזעפוס'עס אומשולד.

— ווער, מיין זוהן, וועט דיר אבער וועלען גלויבען — האט יוליוס טרויעריג געזאגט — אלע אידען ווייסען וואס פאר אן ערציהונג דו האסט געהאט אין מיין הויז, ווי שטארק אסימילירט מיר זיינען געווען מיט די רוימער... און ווען דו וועסט קומען און זיי ערקלעהרען וועגען יאזעפוס'עס טרייהייט צו זיין פאלק, וועלען זיי זיך דען צוהערען צו דיר?...

— אבער ליעבער פאטער — האט מאנילוס געזאגט — אלע וועלען זעהן די גרויסע ענדערונג וואס אין מיר איז פארגעקומען, זינט איך בין אוועק נאך רוים... יע, מיינע ברידער וועלען מיר יעצט געווים פארשטעהן... ווייל איך אליין וועל אגיטירען פאר א רעוואלוציע געגען די רוימער, אויב דער גרויזאמער דא־מיציאן וועט פארטזעצען צו בעהאנדלען די אידען אזוי שלעכט ווי יעצט...

— יע, מיין ליעבער זוהן — האט יוליוס געזאגט — א גרויסע ענדערונג איז פארגעקומען אין אונז אלעמען... יעצט אבער דארף זיין אונזער איינציגער ציעל ווי צו בעפרייען אקטאוויא'ן מיט איהר מאן פון דעם אינזעל, פאנדאטאריא, און ברייגנען זיי צוריק נאך יהודה...

— דאס איז, ביי יעצטיגע אומשטענדען זעהר א ריזיקאלישע אונטער־נעהמונג — האט קלעמענס געזאגט — יעדער פערזוך זיי צו בעפרייען יעצט, קען נאך זייער לאנג פערערגערען... ווען דאמיציאן זאל זיך פון דעם דער־ווייסען, וועט ער נישט נאר טויטען די וועלכע האבען געמאכט דעם פערזוך, ער קען נאך אויסלאזען זיין כעס אויף דיין טאכטער און אונוס'ן און אויף זיי ביידען אפראמען פון דער וועלט... ניין, מיר טארען וועגען דעם יעצט גאר נישט דענקען... מיר דארפען ווארטען אויף א גינסטיגערע צייט...

* * *

יאהרען זיינען פאראיבער און יוליוס מיט זיין זוהן מאנילוס'ן זיינען גע־זעסען אין רוים און געווארט און געהאפט אויף דער צייט ווען זיי וועלען האבער די מעגליכקייט זיך צו זעהן מיט אקטאוויא'ן און איהר מאן און פיעלייכט זיי בעפרייען פון דעם אינזעל...

ווען יוליוס האט פערלאזען גמזו, האט ער מיט זיך נישט מיטגענומען קיין סך געלד, ווייל ער האט געטראכט צו וואס דארף ער מיט זיך נעהמען פיעל געלד, אז זיין טאכטער איז די צעזארין פון רוים... איהם וועט דאך קיין געלד אין רוים נישט פעהלען... יעצט אבער האט יוליוס אנגעפאנגען צו פיהלען א מאנגעל אין געלד... שוין עטליכע יאהר ווי ער מיט זיין זוהן פערברייבגען אין רוים, און די געלד וואס ער האט מיט זיך גענומען איז שוין באלד אויסגעגאנגען... אין יהודה איז ער זעהר רייך, אבער דא אין רוים, וועלען זיי ראד באלד ביידע מוזען אויסגעהן פון הונגער...

סענאטאר קלעמענס האט אבער דערצו נישט דערלאזען; ווען ער האט אויסגעפונען אז זיינע פריינד ליידען פון מאנגעל אין געלד, איז ער געקומען זיי גלייך צו הילף...

זעהר אפט פלעגט זיך קלעמענס מיט זיין טרעפען און פלעגט זיי איבערגעבען אלע פאסירונגען פון דער צייט, וועגען וואס דער סענאט האט פערהאנדעלט, און וויפיעל נייע קרבנות זיינען געפאלען ביי דאמיציאן'ס שווערד...

— ווען וועט שוין נעהמען אן ענדע צו זיין גרויזאמקייט? — האט יוליוס געקוועטשט מיט די פלייצעם.

— לאמיר האפען צו אונזער גאט — האט קלעמענס געענטפערט מיט א זיפץ — אז דאס לעבען פון דעם רשע, וועט אין גיכען אפגעשניטען ווערען, אזוי ווי ער האט אפגעשניטען דעם לעבען פון דעם אומשולדיגען יאזעפוס פלאוויוס...

— ווען דער אומגליקליכער יאזעפוס וואלט אונז עטליכע טעג פאר זיין טויט נישט דערצעהלט, אז דאמיציאן פלאנעוועט איהם צו טויטען, וואלטען מיר אויך געגלויבט אז ער איז געשטארבען מיט א נאטירליכען טויט, ווי פיעלע רוימער גלויבען — האט מאנילוס געזאגט.

— יע, מיט דעם טויט פון יאזעפוס'ן האבען מיר אלע פערלארען א גרויסען, וואונדערבארען מאן — האט קלעמענס געזאגט — אלע געלערנטע רוימער, שרייבער און פאעטען בעדויערען זיין טויט זעהר שטארק... אבער וואס קענען זיי העלפען, אז זייער אייגענער לעבען שטעהט אימער אין סכנה... זאל אימיצער פון זיי עפעס אנשרייבען וואס ער זאל דאמיציאן נישט געפעלען ווערען, פערשפיעלט ער גלייך זיין לעבען...

— עס דוכט זיך מיר — האט זיך מאנילוס אפגערופען — אז די הערשאפט פון דעם טיראן וועט זיך קיינמאל נישט ענדיגען...

— נישט אייביג וועט די שלעכטסקייט געוועלטיגען — האט קלעמענס געזאגט — און נישט אימער וועלען אונזערע ברידער ליידען פון אזעלכע טיראנען ווי דאמיציאן איז...

* * *

איין מאל אין א שעהנעם נאכמיטאג איז די גאנצע רוימישע אריסטאקראטיע אוועק אין דעם אמפיטעאטער; עס איז אין רוים אנגעקומען דער בעוואוסטער אקטיאר און טענצער פאריז, וועלכער האט געזאלט אונטערהאלטען דעם צעזאר, דער צעזארין און די איבעריגע ארעלליים...

דער אמפיטעאטער איז אנגעפילט געווארען פון די פלעבעער... מען האט נור געווארט אויף דעם אנקומען פון דעם צעזאר מיט זיין פרוי... און ווען דא־

מיציאַן און זיין פרוי דאַמיציא זייַנען אריין אין זייער לאַזשע, האָט זיך דער פאַרהאַנג באַלד אויפגעהויבען, און א שלאַנקער, שעהנער יונגער מאַן האָט זיך אויף דער ביהנע בעוויזען...

וויכטיגע אפלאַדיסמענטען האָבען אפגעקלונגען אין דעם אמפיטעאַטער און באַלד האָט זיך דער יונגער פאַריז אוועקגעלאָזט טאַנצען... ער איז געווען אַזוי געפלינק און גראַציעז אַז ער האָט פשוט בעצויבערט די צושויער... ער האָט געשוועבט אין דער לופטען... אַט איז ער צוגעגאַנגען צו דער לאַזשע, וואו דער צעזאר מיט דער צעזארין זייַנען געזעסען. ער האָט זיך געדרעהט ווי א ווירבעל ווינד, זיין גאַנצער קערפער האָט זיך שעהן און ריטמיש בעוועגט... ער האָט זיך, טאַנצענדיג פערנויגט פאַר דעם צעזאר מיט זיין פרוי, מיט אַזוי פיעל חן און צויבער אַז די צעזארין האָט זיך גלייך אין איהם פערליעבט... זי האָט זיך דורכגערעדט מיט איהם מיט איהרע בליקען... און פאַריז האָט באַלד פערשטאַנען וואָס ביי איהר אין הארצען טהוט זיך...

לאַנג נאָך דער פאַרשטעלונג, האָבען די צושויער אפלאַדירט דעם שעהנעם טענצער... ער האָט געפאַנגען אלעמענס הערצער...

— אַזא וואונדערבארען און שעהנעם טאַנצען האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געזעהן — האָט זיך דאַמיציא אפגערופען צו איהר מאַן — לאָד איהם איין, ליבער דאַמיציאַן, און זאָל ער אונז אונטערהאַלטען אין אונזער פּאַלאַץ...

— גוט, — האָט דאַמיציאַן געזאָגט, — און האָט באַלד א וואונק געטהאַן צום טענצער...

שנעל ווי א בליץ איז פאַריז צוגעלאָפען צו דער קעניגליכע לאַזשע און האָט זיך פערנייגט...

— איך און די צעזארין לאַדען דיר איין דו זאָלסט קומען מאָרגען אין מיין פּאַלאַץ אונז צו אונטערהאַלטען — האָט דאַמיציאַן איהם געזאָגט.

— איך וועל קומען, א מעכטיגער הערשער פון רוים — האָט פאַריז געזאָגט און זיך ווידער פערנייגט.

פאַריז האָט געהאַלטען זיין וואָרט און איז אויף מאָרגען געקומען אין פּאַלאַץ... א היבשע ווייַלע האָט ער געטאַנצט און אונטערהאַלטען דעם צעזאר און די צעזארין מיט פערשיעדענע קונצען, ביז וואַנען דאַמיציאַן איז איינגעשלאָפען... דאַמיציא האָט א וואונק געטהאַן צו פאַריז'ן און זיי זייַנען ביידע אריין אין א צווייטען צימער...

— קום מאָרגען גאַנץ פריה אין מיין גאָרטען — האָט זי איהם אריינגערוימט אין אויער און אין דער זעלבער צייט האָט זי איהם א קוש געטהאַן... נאַ דיר דעם שליסעל פון דעם טויער פון מיין גאָרטען.

פאַריז האָט איהר באַלד ארומגענומען און איהר אויך בעדעקט מיט קושען.

— איך וועל זיכער זיין, מאָרגען גאַנץ פריה — האָט ער געזאָגט און נעהמענדיג דעם שליסעל איז ער באַלד אחיים געגאַנגען.

אויף מאָרגען גאַנץ פריה איז פאַריז שוין געשטאַנען נעבען דעם טויער פון גאָרטען... ער האָט שטילערהייט געעפענט דעם טויער און אריין אינווייניג...

דאַמיציא האָט די גאַנצע צייט געקוקט פון איהר פענסטער אין גאָרטען און ווען זי האָט בעמערקט די פיגור פון דעם טענצער, איז זי גלייך צוגעגאַנגען צו דעם צימער פון דעם צעזאר און זיך איינגעהאָרכט...

— דער צעזאר איז פערזונקען אין זיין זיסען פריהמארגען שלאף — האט זי בעשלאסען נאכדעם ווי זי האט געהערט זיין בראפען.... זי איז שטילערהייד ארויס פון איהר צימער און ארונטער אין איהר גארטען... פאריז איז איהר באלד אנטקעגען געלאפען... זיי האבען זיך ביידע געהאלדזט און געקושט און ווען דאמיציא האט זיך מיט איהם געזעגענט, האט זי איהם געבעטען ער זאל מארגען ווידער קומען אין דערזעלבער צייט.

פאריז האט פאר א לאנגע צייט קיין פריהמארגען נישט פערפעהלט צו קומען אין גארטען און פערברייינגען מיט דער צעזארין, ביז איין מאל האט איהם איינער פון דעם צעזאר'ס לייב וועכטער בעמערקט... דער לייבוועכטער האט זיך בעהאלטען צווישען די געדיכטע בוימער פון גארטען און האט נאכגעקוקט וואס דא וועט פאסירען... באלד האט ער דערזעהן ווי די צעזארין קומט אריין אין גארטען און געהט גלייך אין דער ריכטונג וואו פאריז איז געשטאנען... אט באמערקט ער ווי פאריז נעהמט איהר ארום... זיי צוקושען זיך...

* * *

אין דעם זעלבען טאג איז דער לייב וועכטער צוגעגאנגען צום צעזאר און איהם געזאגט אז ער האט זעהר וויכטיגעס איהם צו דערצעהלען...

— איך קען עס נישט דערצעהלען אין דער אנוועזענהייט פון די איבעריגע לייב־וועכטער — האט ער געזאגט — ווייל דאס איז א סוד...

דער צעזאר װעלכער האט יעדען איינעם פאררעכטיגט, אז ער וויל איהם טויטען, האט געהייסען די איבעריגע וועכטער צונעהמען ביי איהם זיין שווערד, און איהם גוט בודק זיין דאס ער האט ביי זיך נישט בעהאלטען קיין וואפען... און ווען די לייב־וועכטער האבען דעם צעזאר פערזיכערט אז ער האט נישט מיט זיך קיין וואפען, האט דער צעזאר זיי אלעמען ארויסגעשיקט פון צימער און ער איז פערבליבען מיט דעם לייב־וועכטער אליין.

— וואס פאר א סוד האסטו מיר צו דערצעהלען — האט דאמיציאן איהם א פרעג געטהאן.

— אלמעכטיגער הערשער — האט זיך דער לייב־וועכטער פערנייגט — מיר איז זעהר נישט אנגענעהם צו ריידען וועגען דער זאך... אבער מיין פפליכט צו מיין צעזאר צווינגט מיר עס צו טהאן... די צעזארין איז דעם צעזאר אונגע־טריי...

— וואס?! — איז דאמיציאן אויפגעשפרונגען פון זיין פלאץ — ווי וואגסטו עס צו ריידען אזוי פון דער צעזארין — דו וועסט דערפאר מיט דיין לעבען בעצאהלען!

— ווירדיגער צעזאר — האט דער לייב־וועכטער זיך ווידער אפגערופען — איך שווער ביי דעם הייליגען יופיטער אז אלעס וואס איך דערצעהל דא פאר דעם צעזאר איז לויטער אמת... איך האב היינט אין דער פריה בעמערקט ווי דער טענצער פאריז, איז אריין אין דעם גארטען פון דער צעזארין.... איך האב זיך בעהאלטען הינטער די בוימער און געוואורט צו זעהן וואס דא וועט פארקו־מען, באלד האב איך באמערקט ווי די צעזארין קומט ארוים... פאריז נעהמט איהר אנטקעגען... זיי קושען זיך, און...

— שווייג! — האט דאמיציאן א געשריי געטהאן — איך וויל מעהר נישט הערען... אויב דו וועסט עס מיר נישט איבערצייגען ביז מארגען, דאן

וועט דיין קאפ ארונטערגענומען ווערן...

— אויב דער צעזאר וועט וועלען אויפשטעהן גאנץ פריה, וועל איך עס געווים קענען איבערצייגען — האט דער לייב־וועכטער געזאגט.

— גוט! — האט דאמיציאן געזאגט — דו קום און וועק מיר אויף גלייך ווי דו וועסט עפעס בעמערקען.

דאמיציאן איז געווען אזוי אויפגערעגט אז ער האט די גאנצע נאכט נישט געשלאפען... און ווען דער לייב־וועכטער האט נאר אנגעריהרט די טיהר, איז ער שוין ארונטער פון בעט... ער האט זיך שנעל אנגעטהאן...

— איז ער שוין געקומען אין גארטען — האט איהם דאמיציאן געפרעגט.

— יע, ווירדיגער צעזאר — האט דער לייב־וועכטער געענטפערט...

— און די צעזארין?...

— איהר האב איך אויך בעמערקט...

— קום, איך וועל זעהן צו דו זאגסט נישט קיין ליגען.

— דער צעזאר מיט זיין לייב־וועכטער זיינען ארונטער אין גארטען... ער האט איהם צוגעפיהרט צום פלאץ פון וואנען ער האט אלעס געקענט בעמערקען...

דער צעזאר האט בעמערקט ווי דאמיציא נעהמט דעם טענצער ארום... ווי זיי צוקושען זיך...

די בלוט האט אין איהם אויפגעקאכט... ער איז ארויסגעשפרונגען פון זיין בעהעלטניש, ווי א טיגער זיך אויף זיי א ווארף געטהאן...

— דו בעטריגערין — האט א געשריי געטהאן...

דער פלינקער פאריז האט גלייך גענומען שטעלען פיס און איידער דער לייב־וועכטער האט בעוויזען איהם צו כאפען, איז ער שוין געווען אויף יענער זייט גארטען...

די צעזארין איז פון גרויס שרעק אין חלשות געפאלען... דער וועכטער האט איהר אויפגעהויבען און אריינגעפיהרט אין פאלאץ...

דאמיציאן האט נישט אויפגעהערט צו שילטען און שרייען. ער איז ווי א פערוואונדעטע חיה אריינגעלאפען אין זיין צימער הין און צוריק...

— געהט זוכט אויף פאריז'ן — האט ער בעפוילען זיין לעגיאן און טויטע איהם אויפ'ן מיטען גאס ווי א הונד.

די לעגיאנערען זיינען באלד אוועק זוכען דעם טענצער, און עס האט לאנג נישט געדויערט און זיי האבען איהם געטויטעט אויפ'ן מיטען גאס, פאר די אויגען פון טויזענדער רוימער. ביי וועמען דער װאונדערבארער טענצער איז געווען אזוי פיעל בעליעבט און געשעצט...

ווען די לעגיאנערען האבען אוועקגעטראגען זיין טויטען קערפער, זיינען צו־געקומען פיעלע פון זיינע פערעהרער און האבען געלייגט בלומען אויף דעם פלאץ וואס איז בעדעקט געווען מיט דעם טענצער'ס בלוט... און ווען דאמיציאן האט זיך דערוואוסט פון דעם, האט ער אלעמען, וועלכע האבען געלייגט די בלומען געהייסען ארעסטירען, און זיי גלייך פער'משפט צום טויט, אזוי גרויס איז געווען זיין אויפרעגונג און כעס...

זיין פרוי האט דאמיציאן באלד פערשיקט אין גלות... און זיין צארן איז נאך אלץ נישט געשטילט געווארען...

איינינע בעאמטע האבען איהם אריינגערוימט א סוד אין אויער אז פאריז, דער טענצער שטאמט פון אידען... דאס האט נאך זיין כעס אין איהם מעהר אנגעצונדען, און ער האט מיט א ווילדע צוקאבטסייט אויסגעשריען:

"איך שווער ביי יופיטער'ן אז איך וועל אויסראטען אלע פערפלוכטע אידען פון מיין אימפעריע אין דער צייט פון איין יאהר"...

די נייעס וועגען דעם צעזאר'ס שבועה איז באלד פערשפרייט געווארען איבער גאנץ רוים... און א טרויער און שרעקליכע מורא איז געפאלען אויף אלע אידען פון רוים...

ווען קלעמענס האט זיך דערוואוסט פון דאמיציאן'ס נייע גזרה אויף אידען, האט ער באלד געשיקט רופען יוליוס ווערנוס'ן און זיין זוהן מאנילוס'ן.

— די לאגע פון די אידען איז יעצט זעהר א טרויעריגע, דאמיציאן'ס גזרה איז נישט נאר אויף די אידען, וועלכע וואחנען אין רוים, אבער אויך אלע אידען פון גאנץ יהודה... אידישע שונאים האבען אויסגעקלעהרט אז דער טענצער פאריז וועמען דער צעזאר האט געהייסען ערמארדען, איז א איד. און כאטש זיין שנאה צו די אידען שטאמט נאך זינט אקטאוויא האט חתונה געהאט מיט אונוס'ן, אבער דאן האט ער צוליעב דעם זיך געשעהמט ארויסצוגעבען אזא שרעקליכע גזרה אויף אלע אידען... יעצט, גלויבט ער האט ער א געניגענדע סיבה פאר דעם... יעצט איז מיין עצה, מיינע פריינד, איהרביידע זאלט גלייך אפפאהרען אין יהודה, און איבערגעבען די חכמים פון יבנה דאמיציאן'ס גזרה אויף אלע אידען. און זאלען איינינע פון די גרעסטע חכמים גלייך אפפאהרען נאך רוים, פיליכט וועלען זיי מיט זייערע קלוגע רייד קענען איבערצייגען דעם רשע, ווי שרעקליך און גרויזאם זיין גזרה איז... איך ווייס, אז די רוימישע צעזארען האבען פון אימערצו געהאט דרך ארץ פאר די אידישע חכמים... פאהרט ביידע גלייך אפ פון דאנען און זאלען די חכמים קומען אחער... זיי וועלען קענען גלייך פערפאהרען צו מיר, און צוזאמען וועלען מיר זיך בעראטען וואס צו טהאן...

— זאל איך מיט מיין זוהן זיך צוריקקעהרען נאך רוים? — האט יוליוס געפרעגט.

— ניין, — האט קלעמענס געענטפערט, אונטער יעצטיגע אומשטענדען וועט זיין גליכער פאר אייך צו בלייבען אין יהודה... ווייל אייער זיין אין רוים, קען אייך טהאן מעהר שאדען ווי גוט, וועגען אקטאוויא'ן און איהר מאן, זאלט איהר זיך נישט זארגען... איך וועל זעהן טהאן אלעס וואס מעגליך זיי צו בעפרייען און אפשיקען נאך יהודה... איך גלויב אז מיט אייער אבוועזענהייט, וועט עס מיר אנקומען גרינגער ווי יעצט... נאט אייך גענוג געלד פאר אייער רייזע און זאל אייך דער גאט פון ישראל מצליח זיין אין אייער וועג... ווען די צייט וועט גינסטיגער ווערען, און מיר וועט געלינגען צו בעפרייען אונוס'ן מיט אקטאוויא'ן, קען נאך זיין אז איך און מיין פאמיליע זאלען צוזאמען מיט זיי אפפאהרען נאך יהודה... ווייל כאטש מיר האבען שוין לאנג אנגענומען דעם אידישען גלויבען, קענען מיר זיך נישט אויפפיהרען, דא אין רוים, ווי אמת'ע אידען, און א חוץ דעם, וואלט איך וועלען זיך מעהר בעקענען מיט דער אידישער תורה, און דאס קען איך ערריכען נור זייענדיג אין יהודה...

יוליוס און מאנילוס האבען גענומען די געלד, און מיט טרעהרען אין די אויגען זיך געזעגענט מיט קלעמענס'ן און זיין פרוי... זיי האבען זיך געזעצט אויף א שיף וואס איז אפגעפאהרען נאך יהודה...

עטליכע וואכען זיינען פאראיבער זינט דאמיציאן האט פערשיקט זיין פרוי דאמיציא, אין גלות... ער האט זיך גענומען לאנגווייליגען... יעצט איז איהם ווידער ארויף אויף די געדאנקען די שעהנע אקטאוויא...

— אזא זאך ווי עס האט פאסירט מיט זיין פרוי, וואלט קיינמאל נישט געטראפען מיט די שעהנע און בעשיידענע אקטאוויא — האט ער געטראכט — יע, אפשר איז נאך יעצט נישט שפעט און ער וועט צוריקרופען אקטאוויא'ן פון דעם אינזעל...

דער געדאנק האט איהם נישט צורוגעלאזען פאר עטליכע טעג, ביז וואנען ער האט בעשלאסען זיך צו בעראטען וועגען דעם מיט מעסעלינא'ן... זי האט דאמאלסט מיט יאהרען צוריק, איהם עהרליך און געטריי געדיענט, און זי ווייס גאנץ גוט אקטאוויא'ס כאראקטער... זי וועט איהם קענען געבען די ריכטיגע עצה..

דאמיציאן האט געשיקט זיין דינער צו רופען מעסעלינא'ן.

ווען מעסעלינא איז אריין צו דאמיציאן אין צימער איז זי געווען בלאס און דערשראקען... זי האט נישט געקענט פערשטעהן פארוואס דאמיציאן האט זיך אן איהר פלוצלונג דערמאנט און איהר געשיקט רופען...

דאמיציאן האט איהר אויפגענומען זעהר פריינדליך און מיט א שמייכעל אויף זיינע ליפען...

דאס האט נאך מעסעלינא'ן מעהר דערשראקען... ווייל זי האט געוואוסט אז ווען דער צעזאר בעשליסט אימיצען אפצוראמען פון וועג, נעהמט ער איהם פריהער אויף זעהר פריינדליך... זי האט אנגעפאנגען צו ציטערען און איהר פנים איז נאך בלאסער געווארען...

— מעכטיגער צעזאר — איז זי געפאלען צו זיינע פיס — אויב איך האב געגען דיר מיט עפעס געזינדיגט, זיי דאך מיר מוחל, ווייל איך האב עס געווים נישט געמיינט... מיין כונה איז אלע מאל געווען צום בעסטען פאר דעם מעכטיגען צעזאר...

— בערוהיג זיך, מעסעלינא, האט דאמיציאן אויסגערופען — קיין בייזעס וועט דיר נישט געשעהן... איך האב דיר געשיקט רופען, ווייל איך וויל זיך מיט דיר בעראטען וועגען א וויכטיגע זאך... איך ווייס ווי געטריי און איבער־געבען דו ביזט מיר, און איך ווייס אויך אז דו ביזט זעהר פערנינפטיג... זעץ זיך דא און הער מיך אויס!

מעסעלינא האט זיך בערוהיגט און זיך געזעצט נעבען צעזאר.

— דו ווייסט דאך ווי מיאוס מיין פרוי האט מיר אפגענארט... — האט דאמיציאן זיך אפגערופען — זאג מיר די ריכטיגקייט, גלויבסטו אז אקטאוויא וואלט אויך געווען פעהיג מיר אפצוטהאן אזא זאך?

— ניין, גנעדיגער צעזאר, אקטאוויא איז פון אלע מאל געווען א בעשיי־דענע מיידעל, און מיר גלויבט זיך קוים, אויב זי וואלט עס ווען עס איז געטהאן.

— דו ווייסט וועגען וואס איך האב יעצט געטראכט? — האט דאמיציאן

געזאגט — איך האב געטאכט אויב עס וואלט געווען ראטזאם פאר מיר צוריקרופען אקטאוויא'ן און איהר קרוינען פאר די צעזארין פון רוים, אנשטאט דאמיציא'ן... וועגען דעם אז זי איז פערהייראט ארט מיר גאר נישט... איז דאמיציא דען נישט געווען פערהייראט צו אימיצען אנדערש בעפאר... נו, האט זי דאך געקראגען א גט פון איהרי מאן... אזוי וועט אויך זיין מיט אקטאוויא'ן... איהר מאן וועט איהר געבען א גט... און אויב ער וועט עס נישט וועלען טהאן מיט זיין גוטען ווילען, וועט מען איהם דערצו צווינגען, הא, מעסעלינא, וואס זאגסטו וועגען דעם, גיב מיר דיין ריכטיגען מיינונג... איך וועל טהאן ווי דו וועסט מיר ראטהען... און דו דארפסט זיך נישט שרעקען אפילו ווען דיין מיי־נונג איז נישט אין איינקלאנג מיט מיינע געדאנקען...

— גוטער און מעכטיגער צעזאר — האט מעסעלינא איהם געזאגט — אין אן אנדער צייט און אונטער אנדערע אומשטענדען, וואלט איך דעם צעזאר געוויס געראטען צו טהאן לויט די דיקטירונג פון זיינע געדאנקען... יעצט וויל איך דעם צעזאר אפרעדען פון אזא שריט... ווייל ווען דער צעזאר זאל יעצט צוריקרופען אקטאוויא'ן און מיט איהר הייראטען, דאן וועלען אלע שונאים פון צעזאר זאגען, אז דאס האט דער צעזאר בכיון אויסגעטראכט א בלבול אויף זיין פרוי, כדי ער זאל קענען חתונה האבען מיט זיין ערשטער אידישער גע־ליעבטער... זיי וועלען זאגען אז פאריז איז געווען אומשולדיג און איז נאר גע־פאלען א קרבן צוליעב דעם צעזאר'ס אינטריגע... און בפרט יעצט ווען דער צעזאר האט געשווארען אויסצוראטען אלע אידען, איז דאך געוויס נישט פאסיג אז דער צעזאר אליין זאל הייראטען מיט א אידישע פרוי... מיין עצה איז, אז דאמיציאן זאל דערווייל צוריקרופען זיין פרוי פון גלות... און זאל מיט איהר וואהנען צוזאמען, און ווען דער צעזאר וועט זיך וועלען מיט איהר אפרעכענען פאר דער גרויסער שאנדע וואס זי האט איהם געטהאן, וועט ער אלע מאל גע־פינען א ריכטיגע סיבה און די פאסענדע צייט דערצו...

— דו ביזט זעהר קלוג און פערנינפטיג — האט דאמיציאן אויסגערופען — דיין עצה איז זעהר א קלוגע... איך וועל טהאן ווי דו האסט מיר געראטען...

דעם זעלבען טאג האט דאמיציאן צוריקגערופען זיין פרוי דאמיציא פון איהר גלות און איהר צוריקגעגעבען איהר טיטול: "צעזארין פון דער רוימישער אימפעריע".

### ניין און דרייסיגסטער קאפיטעל

# כלבא שבוע'ס גרעסטע פרייד

איינע יאהר האט רבי עקיבא צוזאמען מיט זיין פרוי און זוהן פערבראכט אין גמזו ביי זיין שווער כלבא שבוע. דאס זיינען געווען גליקליכע יאהרען פאר אלעמען. רחל, וועלכע האט אזוי געדולדיג געליטען דורך דער גאנצער צייט וואס איהר מאן האט געלערענט אין דער פרעמד, האט יעצט אויפגעלעבט, זי האט געשיינט פון נחת און גליק, ווען זי האט געזעהן די טויזענדע תלמידים וואס פלעגען קומען פון גאנץ יהודה, צו הערען תורה פון איהר מאן... זי האט געזעהן ווי שטאלץ אלע תלמידי חכמים זיינען מיט איהר רבי עקיבא'ן מיט ווען זי האט חתונה געהאט ווען ער איז נאך געווען אן אומוויסענדער פאסטוך... דיא

יעניגע וועלכע האבען פון איהר געלאכט, וועלכע האבען איהר געמאכט צו שאנד און צו שפאט, און וועלכע האבען איהר אזוי בעליידיגט און ערנידעריגט, שטעהן יעצט פאר איהר ליעבענדען מאן, מיט אזא יראת הכבוד, זיי שלינגען זייערע ווערטער, און זיי שעצען זיך העכסט גליקליך, אויב זיי געלינגט פאר א ווייל צו רעדען מיט דעם גרעסטען תנא פון ארץ ישראל...

און ווען פאר רחל'ס אויגען שוועבען פערביי די שרעקליכע יאהרען פון לײדען און נויט, ווען זי דערמאנט זיך אן אלע יסורים און עניים, אן די זידלערייען, זלזולים און בעליידיגונגען וואס זי איז אויסגעשטאנען פון יעדען איינעם וועלכער האט איהר געקענט און וועלכער האט געהאלטען אלס זיין פליכט איהר אויסצו'מוסר'ן און אויסזידלען פאר וואס זי האט זיך אזוי "בענארישט"... ווען אט די אלע פאסירונגען קומען ארויף אויף איהרע געדאנקען, ווערט נאר יעצט איהר גליק גרעסער, איהר שמייכעל ווערט הארציגער און ברייטער...

— מיין ליעבע טאכטער — זאגט איהר כלבא שבוע ווען ער בעמערקט איהר גליקליכען שמייכעל אויף איהרע ליפען — דו ביזט פאלקאמען בערעכטיגט אויף דיין גליק... דו האסט עס פערדיענט... אבער איך... איך בין אזא הימעלשען גליק געווים נישט ווערטה... איך האב שטארק געזינדיגט נעגען אייך ביידען... איך האב דיר, מיין געטרייע טאכטער, גורם געווען אזוי פיעל אומזיסטע שמערצען... איך האב דיר און דיין היילינען מאן פון מיין הויז פערטריבען... איך האב אזא שרעקליכע שבועה נעגען אייך ביידען געשווארען... בין איך דען ווערטה יעצט צו געניסען אזוי פיעל פון דעם בעכער פון גליק?... א, ווי בלינד איך בין דאמאלסט געווען... איך האב מיט מיינע אויגען נישט געקענט זעהן די גרויסקייט וואס איז געלעגען בעהאלטען אין מיין אמאליגען אומוויסענדען פאסטוך... אבער דו, מיין קלוגע, גוטע טאכטער, דו ביזט דאך געווען אזוי ווייטזיכטיג... ווי אן אמת'ע נביאה האסטו נביאות געזאגט וועגען די גרויסקייט און די גלענצענדע צוקונפט פון דיין מאן.... איך בין אבער געווען ענגהערציג און נישט אויסגערעכענט, איך האב זיך פערלארען אין מיין גרויסען כעס און אזא גרויסען אומרעכט געגען אייך בעגאנגען... און יעצט אין דער צייט פון מיין גרעסטען גליק, פיהל איך דאס איך האב עס נישט פערדיענט...

— א ליעבער פאטער — האט איהם רחל געקושט — אזוי איז געווען דער ווילען פון גאט... און איך בין זיכער, אז ווען דו וואלסט דאמאלסט אונז געגעבען דיין הסכמה, און איך און מיין מאן וואלטען פון קיין נויט נישט געוואוסט, דאן וואלט מיין עקיבא נישט געווארען דאס וואס ער איז יעצט... און איך וואלט יעצט נישט ווערט געווען צו האבען אזא מאן... דורך די לײדען איז מיין נשמה געלייטערט געווארען... איך ווייס אז נור צוליעב די גרויסע קרבנות וואס איך האב געבראכט אויף'ן מזבח פון מיין ליעבע צו מיין מאן, האב איך יעצט דערגרייכט דעם העכסטען גליק אין מיין לעבען... און דו, ליעבער פאטער האסט אין דעם א חלק...

— געטרייע טאכטער, מיינע — האט כלבא שבוע געווישט זיינע אויגען — דו ביזט דאך מיין איינ־און־איינציגעס קינד. מיין גאנצען לעבען האב איך נור געטראכט פון דיר, ווי דיר גליקליך צו מאכען. איך האב אין דיר געזעהן מיין איינציגען טרייסט. איך האב אימערצו מתפלל געווען צו גאט, דאס ער זאל מיר מזכה זיין מיט אן איידעם א תלמיד חכם, מיט וועמען איך זאל זיך טרייסטען.

פון מיין גרויסע פערלוסט וואס איך האב געקראגען דורך דעם טויט פון מיין איינציגען זוהן, דן, וועלכער איז אזוי יונג געפאלען ווי א העלד אין קאמפף מיט די רוימער... גאט האט מיין תפלה צוגעהערט און האט מיר מזכה געווען מיט אזא איידים, וואס איז דער גרעסטער תנא און צדיק אין גאנץ ארץ ישראל...

— ווען מיין ברודער וואלט יעצט געלעבט — האט רחל געזאגט מיט א שטילען זיפץ — וואלט ער וואהרשיינליך אויך געווען א גרויסער געלערענטער און פיהרער ביי אידען... און ווי גרויס וואלט אונזער אלעמענס גליק געווען, ווען מיין ברודער און מיין מאן וואלטען צוזאמען די הייליגע תורה געלערענט... איך בין זיכער אז דן וואלט אין דעם אמאליגען בראווען פאסטוך דערזעהן דאס וואס איך האב אין איהם געזעהן, באלד ווי איך האב איהם אויסגעלייזט... זיי וואלטען ביידע ווי ברידער געווען...

— יע, ליעבע טאכטער, עס איז אזוי בעשערט פון הימעל, און לאמיר דאנקען דעם בורא פאר דעם גרויסען חסד וואס ער האט מיט אונז געטהאן... לאמיר מתפלל זיין צו אונזער פאטער אין הימעל דאס ער זאל אויך ווייטער פון אונז זיין חסד נישט אפטהאן, איך זאל זוכה זיין צו זעהן דיין זוהן יהושע און זיין גרויסקייט, ער זאל געהן אין דעם וועג פון זיין פאטער...

— מיין יהושע — האט רחל מיט שטאלץ געזאגט — שטייגט אין לערנען פון טאג צו טאג, און איך האף צו גאט אז ער וועט נישט פערשעהמען זיין פאטער...

כלבא שבוע׳ס הויז איז יעצט געווארען א פלאץ פאר די גרעסטע חכמים, וועלכע פלעגען קומען פון אלע ווינקלען פון לאנד צו הערען תורה פון דעם בעוואוסטען תנא רבי עקיבא. — צווישען די חכמים וועלכע פלעגען בעזוכען רבי עקיבא׳ן זיינען געווען די תנאים: רבי ישמעאל בן אלישע, רבי טרפון, רבי יוסי הגלילי, רבי יהושע בן חנניה, רבי אליעזר בן עזריה און רבי אליעזר בן הורקנוס. יעדער תנא האט געשטעלט רבי עקיבא׳ן פראגעס פון דער תורה וואס איז צו זיי נישט קלאר געווען און רבי עקיבא האט אלעמענס קשיות פארענטפערט.

שעהן און ערהאבען איז געווען דאס בילד ווען אלע חכמים זיינען געזעסען ביי איין טיש אין כלבא שבוע׳ס הויז... די שעהנע רחל האט געהאלפען די דיענער מיט דעם צוגרייטען דעם מאלצייט פאר די חכמים... רבי עקיבא איז געזעסען אויבען אן, נעבען זיין רעכטע האנט האט זיך געזעצט רחל, קעגען איבער איז געזעסען כלבא שבוע.... צווישען איין געריכט ביז דעם צווייטען האט רבי עקיבא געזאגט תורה... אלע האבען אנגעשטרענגט זייערע אויערען און געוואונדערט זייערע אויגען צו רבי עקיבא׳ן... יעדער האט נאכהער געשטעלט רבי עקיבא׳ן א בעזונדערע פראגע... און ווען מען איז פארטיג געווארען מיט׳ן עסען און בענשען, האט זיך רבי עקיבא אוועקגעשטעלט און מיט איין איינציגע דרשה פערענטפערט אלעמענס פראגען... די חכמים האבען זיך נישט געקענט אפוואונדערען פון די שארפקייט און לאגישקייט פון זיין רעדען וואס האט זיך ווי פערעל געשאטען פון זיין מויל...

איינמאל ביי אזא מאלצייט איז אויך געווען אנוועזענד רבן גמליאל, דער נשיא פון דעם סנהדרין אין יבנה וועלכער איז ספעציעל געקומען אין גמזו צו הערען בי עקיבא׳ס מיינונג וועגען א וויכטיגע הלכה...

רבי עקיבא האָט איהם די הלכה גאַנץ קלאָהר געמאַכט און רבן גמליאל האָט מיט גרוים צופריעדענהייט געזאָגט:

— יפה דר'שת! (גוט האָסטו געדרשנ'ט). ווען רבי עקיבא האָט פאַר איהם פאָרגעשטעלט זיין פרוי רחל, האָט רבן גמליאל באַמערקט אז רחל האָט זיך זעהר ווינציג געענדערט זינט זי איז געווען מיט איהר פאָטער אין יבנה מבקר חולה זיין בן יוחנן בן זכאי... דאַן האָט איהם כלבא שבוע מיט א צופריעדענעם שמייכעל דערצעהלט, ווי ער האָט געדענקט צו קריגען איהם, רבן גמליאל'ן דעם דאַמאָלסדיגען יונגען נשיא פון סנהדרין פאַר זיין איידעם... און ווי ענטוישט ער איז געוואָרען ווען ער האָט זיך דערוואוסט אז אנשטאַדט מיט דעם נשיא פון סנהדרין האָט זיין טאָכטער געהייראַטעט מיט זיין פאַסטוך...

אַלע האָבען הארציג געלאַכט. און רחל איז רויט געוואָרען און שמייכלענדיג האָט זי אַרונטערגעלאָזען איהר קאָפּ...

כלבא שבוע האָט אָפּגעגעבען רבי עקיבא'ן א העלפט פון זיין גרויסען פערמעגען... דאָס האָט איהם געמאַכט זעהר רייך, און רבי עקיבא האָט זיך בעזעצט מיט זיין פרוי און זוהן אין בני ברק, וואו ער האָט געגרינדעט א גרויסע ישיבה... באַלד האָבען א שטראָם געטהאָן תלמידים פון איבערן גאַנצען לאַנד איז בני ברק. וועלכע זיינען געקומען הערען תורה פון דעם גרויסען, הייליגען תנא... רבי עקיבא האָט געשטיצט פיעלע אַרימע חכמים; ער האָט פאַר זיי געבויט וואהנונגען און רחל האָט זיי בעזאָרגט מיט שפּייז, כדי זיי זאָלען נישט האָבען קיינע שטערונגען אין לערנען... זעהר אָפט, פלעגט רבי עקיבא קומען קיין יבנה, זיך צו בעטייליגען אין דער בעשליסונג פון פיעלע הלכות און תקנות וואָס דער סנהדרין האָט געמאַכט.

---

איין מאָל, ווען רבי עקיבא האָט געדרשנ'ט פאַר דעם סנהדרין אין יבנה, זיינען אריינגעקומען צוויי אידען און האָבען זיך אוועקגעשטעלט אין א ווינקעל פון בית המדרש.

דער שמש איז באַלד צו זיי צוגעגאַנגען און געפרעגט וואָס זיי פערלאַנגען.

— מיר קומען יעצט פון רוים מיט זעהר א וויכטיגע שליחות — האָבען זיי געענטפערט און מיר דאַרפען זעהן דעם נשיא פון דעם סנהדרין...

— איהר וועט מוזען וואַרטען ביז וואַנען רבי עקיבא וועט ענדיגען זיין דרשה, און דאַן וועט איהר קענען צוקומען צו דעם נשיא.

זיי האָבען א ווייליע געוואַרט. און ווען רבי עקיבא האָט זיין דרשה געענדיגט זיינען זיי צוגעגאַנגען צו רבן גמליאל און זיך פאַר איהם פערנייגט.

— ווער זייט איהר און וואָס איז אייער פערלאַנג? — האָט רבן גמליאל זיי געפרעגט.

— מיין נאָמען איז יונתן בן אבים, און דאָס איז מיין זוהן עמנואל... אין גמזו האָב איך זיך גערופען יוליוס ווערנוס און מיין זוהן האָט געהייסען מאַנילוס.

— אבער איך פערשטעה נאָך אַלץ נישט וואָס איז אייער וואונש — איז רבן גמליאל אומגעדולדיג געוואָרען.

— מיר קומען יעצט פון רוים — האָט עמנואל געזאָגט — און מיר ווילען

פערטרויען א גרויסען סוד צו די חכמים, אבער מיר גלויבען נישט אז דא איז דער פלאץ וועגען דעם צו ריידען.

— אויב אזוי קומט מיט מיר אריין אין א בעזונדער חדר פון בית חמדרש, דארטען וועט אונז קיינער נישט הערען.

יוליוס ווערנוס און מאנילוס, אדער ווי זיי האבען זיך גערופען צוריק מיט זייערע אידישע נעמען, יונתן בן אבים און עמנואל, זיינען אריין מיט רבן גמליאל אין א קליינעם האלב טונקעלען חדר.

— דערצעהלט מיר, וואס האט פאסירט — האט רבן גמליאל זיך צו זיי געווענדעט.

— א שרעקליכע גזרה אויף אלע אידען האט ארויסגעגעבען דער טיראנישער צעזאר דאמיציאן — האט יונתן אויסגעבראכען אין א געוויין — ער האט גע־שווארען צו פערניכטען אלע אידען אין דער צייט פון איין יאהר.

רבן גמליאל איז בלאס געווארען... ער איז געבליבען שטעהן ווי פערגלי־ווערט...

— ווען האט עס פאסירט? — האט דער נשיא מיט שרעק געפרעגט.

מיט אייניגע וואכען צוריק האט יונתן געזאגט... מיר זיינען דאן געווען אין רוים, און גלייך ווי דאמיציאן האט געשווארען זיין טרויעריגע שבועה, האט אונז דער סענאטאר קלעמענס געשיקט רופען און אונז גלייך געהייסען צוריקפאהרען נאך יהודה.

— פאהרט גלייך נאך יבנה — האט קלעמענס אונז געזאגט — און גיט איבער די חכמים פון יבנה דאמיציאנ'ס גזרה אויף אלע אידען... און זאלען איי־ניגע פון די גרעסטע חכמים גלייך אפפאהרען נאך רוים, פיעלייכט וועלען זיי קע־נען ווירקען אויף דעם צעזאר, ער זאל ארונטערנעהמען זיין גזרה.

ווי רבן גמליאל האט דאס דערהערט, האט גלייך געריסען קריעה און האט אויסגעשריען; א גרויסער אומגליק האט פאסירט... א גאט העלף אונז אין דער צייט פון אונזער צרה.

רבן גמליאל האט באלד ארייגערופען נאך אייניגע פון די גרעסטע חכמים צווישען וועמען עס איז אויך געווען רבי עקיבא...

— וואס האט פאסירט! — האבען די חכמים געפרעגט דערשראקענע, ווען זיי האבען בעמערקט רבן גמליאל'ס צעריסענע קליידער...

— א שרעקליכע גזרה אויף אלע אידען! — האט רבן גמליאל געזאגט שאקלענדיג טרויעריג מיט זיין קאפ... אט קומען זיי יעצט פון רוים... דערצעהלט, דערצעהלט פאר די חכמים אלעס וואס האט פאסירט...

— איך בין געקומען צו פאהרען אין רוים — האט יונתן אנגעפאנגען — ווייל מיין זוהן און טאכטער זיינען דארט געווען... איך האב זיי אחין געשיקט... איך ווייס אז איך האב זעהר פיעל געזינדיגט געגען אונזער גאט און מיין פאלק... איך בין נעגאנגען אין די וועגען פון די רוימער און האב געוואלט ערציהען מיינע קינדער אין עכט רוימישען גייסט... געגלויבט אבער איז אונזער גאט וואס ער האט מיינע אויגען געעפענט אין צייט... מיין טאכטער איז אלע מאל געווען געטריי אונזער פאלק, און כאטש איך האב זיך בעמיהט איהר צו אסימילירען מיט די רוימער נעגען איהר ווילען, איז עס מיר נישט געלונגען... יעצט דאנק איך גאט דערפאר!...

— דאס האט דאך אבער גארנישט צו טהאן מיט דעם ענין — האט זיך רבן גמליאל אפגערופען — דו בעסער דערצעהל אונז וואס האט פאסירט אין רוים, אז דאמיציאן זאל גוזר זיין אזא שרעקליכע גזרה אויף די אידען...

— דאס האט זעהר פיעל צו טהאן מיט דעם ענין — האט יונתן בן אבים פארטגעזעצט — ווען מיין זוהן און טאכטער זיינען מיט יאהרען צוריק אוועקגעפאהרען נאך רוים, זיינען זיי אייגגעשטאנען אין די הויז פון דעם סענאטאר קלעמענס, וועלכער האט זיך שטילערהייט מגיר געווען מיט זיין פרוי און קינדער. דאמאלסט האט נאך טיטוס געלעבט. דאמיציאן איז געווען ביי קלעמענס'ן אין הויז, און ווי ער האט דערזעהן מיין טאכטער האט ער זיך אין איהר פערליעבט, און ווען ער איז געווארען צעזאר האט ער געוואלט מיט איהר חתונה האבען... מיין טאכטער אבער האט דערפון נישט געוואלט הערען, ווייל ביי איהר איז אידישקייט געווען טייערער פון אלעס, אפילו פון א קרוין. ביים סענאטאר אין הויז האט זיך אויפגעהאלטען א אידישער געפאנגענער, וועמען קלעמענס האט אויסגעלייזט און נאכהער אדאפטירט פאר זיין זוהן. מיין טאכטער האט חתונה געהאט מיט דעם אידישען געפאנגענעם, און ווען דאמיציאן האט זיך דערפון דערוואוסט, איז ער שטארק אין כעס געווארען און האט פערשיקט מיין טאכטער מיט איהר מאן אויף דעם אינזעל פאנדאטאריא. דער צעזאר האט געהייראטעט מיט א צווייטער. די צעזארין האט זיך פערליעבט אין א טענצער, און ווען דאמיציאן האט עס אויסגעפונען, האט ער איהם געלאזט טוידטען... אידישע שונאים האבען געזאגט דאמיציאן אז דער טענצער שטאמט פון אידען, און טראגענדיג א שנאה צו די אידען פון פריהער צוליעב מיין טאכטער און איהר מאן, איז זיין כעס נאך שטארקער געווארען און ער האט ארויסגעגעבען דיזע טרויעריגע גזרה דאס אין משך פון איין יאהר זאלען אלע אידען פון דער רוימישער אימפעריע פערניכטעט ווערען... דער סענאטאר קלעמענס וועלכער איז אויך א נאהענטער קרוב פון צעזאר, האט זיך וועגען דעם באלד דערוואוסט. ער האט אונז געשיקט רופען און געהייסען גלייך אפפאהרען נאך יהודה צו דערצעהלען וועגען דער גזרה און זעהען אז די חכמים זאלען באלד אפפאהרען נאך רוים, אפשר וועט זיי געלינגען צו פועל'ן ביי דעם צעזאר ער זאל מבטל מאכען זיין גזרה...

ווען די חכמים האבען דאס דערהערט האבען זיי אויך גלייך זייערע קליידער צוריסען און גענומען קלאגען און יאמערען...

— יעצט איז נישט די צייט צו קלאגען און צו וויינען — האט רבי עקיבא זיך אפגערופען — מיר מוזען זעהן גלייך עפעס טהאן! דו זאגסט — האט ער זיך געווענדעט צו יונתן — אז קלעמענס האט זיך מגיר געווען, גלויבסטו אז ער וועט ארויסהעלפען די חכמים, זיי זאלען זיך קענען זעהן מיט דעם צעזאר... אדער פיעלייכט איז בעסער צו ברייגגען פאר דעם צעזאר א מתנה?...

— איך גלויב אז דא וועט קיין מתנות נישט העלפען, קלעמענס איז דער איינציגער וואס וועט עפעס קענען טהאן פאר די אידען, דעריבער איז מיין עצה אז די חכמים, זאלען, ווי זיי וועלען אנקומען אין רוים, אריין צו קלעמענס'ן און מיט איהם זיך בעראטען וואס צו טהאן...

רבי עקיבא האט גלייך דערקענט אז יונתן איז זיין אמאליגער האר יוליוס ווערנוס... עס האט איהם זעהר שטארק געפרעהט צו זעהען אז ער און זיין זוהן

זיינע געווארען בעלי תשובה... ער האט זיי נישט געוואלט זאגען ווער ער איז, כדי זיי נישט מביש צו זיין.

— מיר מוזען גלייך אפּפאהרען נאך רוים — האט זיך רבן גמליאל אפּגערופען צו רבי עקיבא'ן...

— איך וועל פאהרען — האט רבי עקיבא געזאגט — זאלען אבער מיט אונז רבי יהושע און רבי אלעזר בן עזריה מיטפאהרען.

— מיר פאהרען מיט — האבען רבי יהושע און רבי אליעזר געענטפערט.

— איך בעט אייך — האט יונתן זיך געווענדעט צו די חכמים — אז ווען אונזער פאטער אין הימעל וועט בעגליקען אייער וועג און איהר וועט פועל'ן ביי דאמיציאן ער זאל מבטל מאכען די גזרות, זאלט איהר איהם אויך בעטען צו בעפרייען מיין טאכטער און איהר מאן פון דעם אינזעל, כדי זיי זאלען קענען פאהרען אהיים אין גמזו.

— איז דיין טאכטער'ס מאן אויך פון גמזו — האט רבי עקיבא איהם געפרעגט.

— ניין, הייליגער רבי — האט יונתן געזאגט — איהר מאן איז געווען אין ירושלים ווען די רוימער האבען איהם געפאנגען, אבער זיין פאטער און זיין שוועסטער וואהנען אין גמזו, זינט דעם חורבן...

— און ווייסטו די נעמען פון דיין איידים'ס פאטער און שוועסטער? — האט זיך שוין רבי עקיבא פעראינטערעסירט.

— יע, רבי — האט יונתן געענטפערט — מיין איידים'ס פאטער איז דער בעוואוסטער כלבא שבוע און זיין שוועסטער איז רחל.

— וואס?!! — איז רבי עקיבא צוריקגעטראטען — לעבט דען זיין זוהן דן?

— יע, הייליגער רבי, מיין איידעם הייסט דן, אין רוים האט מען איהם גערופען אוגוס... ווי איך האב געהערט איז ער אויך זעהר א געטרייער איד, און איך בין זיכער אז ער האט געהאט א סך צו טהאן מיט דעם וואס קלעמענס האט פערלאזען די רוימישע געטער און האט אנגענומען אונזער רעליגיאן... יעצט פינסטערען זיי ביידע אפּ זייער לעבען אויף אן איינזאמען אינזעל... איך בעט אייך נאך אמאל איהר זאלט זעהן זיי צו ראטעווען... זיי האבען עס זיכער פערדיענט!...

רבי עקיבא איז געבליבען אזוי ערשטוינט אז ער האט אויף א ווייל נישט געקענט ריידען... ער האט גענומען ארומשפּרייזען איבערן צימער און שטילערהייד ווי צו זיך גערעדט: "דן, מיין רחל'ס ברודער לעבט!... ווי גליקליך זי וועט זיך פיהלען, און וואס פאר אן אנגענעהמע איבערראשונג עס וועט זיין פאר מיין שווער"!... נאכהער איז ער ווידער צוגעגאנגען צו יונתן און איהם געפרעגט:

— האסטו איהם אליין, מיט דיינע אויגען געזעהן? ווי קוקט ער אויס?

— ניין, רבי, ווען איך בין אנגעקומען אין רוים, איז ער שוין געווען פערשיקט מיט מיין טאכטער אויף דעם אינזעל, אבער מיין זוהן האט איהם יע געזעהן און מיט איהם איינינגע יאהרען פערבראכט צוזאמען.

עמנואל האט דערצעהלט פאר רבי עקיבא'ן אלע איינצעלהייטען וועגען דן, ווי ער איז בעליעבט געווארען פאר זיין העלדישקייט ביי אלעמען אין רוים און ווי שטארק און שטאלץ ער האט זיך געפיהלט מיט זיין אידישקייט... און נור א דאנק איהם און יאזעפוס פלאוויוס וועלכער איז געווען זיין בעסטער פריינד

אין רוים, האבען פיעלע אריסטאקראטישע רוימער אנגענומען די אידישע רעלי־גיאן... יאזעפוס פלאוויוס איז געווען דער מסדר קדושין צווישען מיין שוועסטער און דן — האט עמנואל פארטגעזעצט — און טאקע צוליעב דעם האט ער זיין לעבען פערלארען... ווייל דאמיציאן איז געווען אין כעס אויף יעדען איינעם וואס האט געהאט עפעס א פערבינדונג מיט זייער חתונה...

— ענטשולדיגט, רבי — האט זיך יונתן אפגערופען — ווי איך זעה, איז דער רבי גוט בעקאנט מיט מיין מחותן כלבא שבוע, קענסטו מיר פיעלייכט זאגען וואס כלבא שבוע מאכט, געפינט ער זיך נאך אלץ אין גמזו ?... און זיין טאכטער, רחל ? איז זי נאך אלץ די זעלבע עגונה, אדער האט זיך איהר מאן דער פאסטוך צו איהר צוריקגעקעהרט ?...

רבי עקיבא האט א שמייכעל געטהאן און זיך אפגערופען : — דערקענסטו מיר גארנישט, יונתן ?... איך בין דאך דיין אמאליגער פאסטוך וואס האט דיר אזוי פיעל עגמת נפש פערשאפט, ווען איך האב אפגעבראכען יופיטער׳ס נאז !...

יונתן און עמנואל זיינען אזוי צוטומעלט געווארען פון גרוים איבערראשונג, אז זיי האבען קיין ווארט נישט געקענט ארויסריידען...

— איך בין זעהר גליקליך — האט רבי עקיבא ווייטער גערעדט — דאס איהרביידע האט תשובה געטהאן מיט׳ן גאנצען הארצען... איהר זייט יעצט געטרייע און איבערגעגעבענע אידען... און איך פערהאף צו גאט אז ער וועט מבטל מאכען דאמיציאנ׳ס גזירה און דאס ער וועט אריינגעבען א געדאנק דעם צעזאר צו בעפרייען דיין טאכטער מיט מיין פרוי׳ס ברודער...

— הייליגער רבי ! — האט יונתן אויסגערופען — איך און מיין זוהן האבען נעגען דיר א סך געזינדיגט — קענסט אונז מוחל זיין...

— דו דארפסט זיך נישט נעהמען צום הארצען — האט איהם רבי עקיבא בערוהיגט — זעהסט דען נישט אז אלעס איז געווען מן השמים, כדי מיר צוזא־מען צו פיהרען מיט מיין ליעבענדע רחל... און ווען דו וואלסט מיר דאמאלסט נישט געזוכט צו בעשטראפען, וואלט דאך רחל מיר נישט געקומען אויסלייזען, און איך וואלט יעצט געווים נישט געווען דאס וואס איך בין יעצט...

די חכמים האבען זיך אויך שטארק געוואונדערט אויף דער גאנצער פאסי־רונג... און זיי האבען אין דעם געזעהן די השגחה פון הימעל...

— מיר טארען קיין צייט נישט פערליערען — האט רבן גמליאל זיך אפגע־רופען צו רבי עקיבא׳ן — לאמיר גלייך אנפאנגען אונזער רייזע...

— איהר פאהרט ביידע אין גמזו און זאגט אז כלבא שבוע די פרעהליכע בשורה אז זיין זוהן, דן לעבט, און איך וועל פערבייפאהרען בני ברק, וואו מיין פרוי געפינט זיך און איך וועל איהר וועגען אלעם דערצעהלען...

רבי עקיבא האט זיך מיט זיי געזעגענט און צוזאמען מיט די איבעריגע חכמים, און אין די בעגלייטונג פון פיעלע תלמידים, אנגעפאנגען די רייזע נאך יפו, די האפען שטאדט, וואו זיי האבען ערווארטעט צו קריגען א שיף וואס וועט אפפאהרען נאך רוים.

ווען די חכמים האבען זיך דערנעהענטערט צו בני ברק, האט רבי עקיבא געשיקט זיינעם א תלמיד חכם פאראויס, געה — האט ער איהם געזאגט — און זאג מיין רחל׳ן אז איך פאהר פערביי בני ברק און זאל זי מיר קומען בעגעגענען ביי די טויערען פון שטאדט.

דער תלמיד איז געפלויגען פייל אויסען בוינען און איז אנגעקומען אין בני ברק א סך פריהער פאר די חכמים; ער איז גלייך אוועק צו רחל'ן און איהר איבערגעגעבען זיין שליחות.

רחל האט געהייסען דעם קוטשער ער זאל שנעל איינשפאנען דעם עקיפאזש. רחל האט זיך ארייגעזעצט אין עקיפאזש און דער קוטשער איז צוגעפאהרען צו די טויערען פון שטאדט. א קורצע ווייל'ע האט רחל געווארט, זי האט געקוקט פון אלע זייטען, ביז וואנען זי האט זיי באמערקט אנקומען.

ווען רבי עקיבא האט איהר בעמערקט, איז ער ארונטער פון זיין אייזעל און איהר גלייך ענטקעגען געגאנגען.

— מיין ליעבע רחל — האט ער איהר געקושט — מיר פאהרען באלד אפ נאך רוים אויף א וויכטיגע שליחות... דאמיציאן האט ארויסגעגעבען א שרעקליכע גזרה אויסצוראטען אלע אידען פון זיין מדינה... בערוהיג זיך און זיי מתפלל צו גאט ער זאל אונז מצליח זיין אין אונזער וועג...

—מיין ליעבער עקיבא — האט רחל געזאגט מיט טרעהרען — פאהר געזונד און גאט זאל געבען אז דו מיט די איבעריגע חכמים זאלען זיך אומקעה־רען אהיים, פרעהליכע און מונטערע...

— נאך א זאך וויל איך דיר זאגען מיין ליעבע רחל — האט זיך רבי עקיבא צו איהר אפגערופען — דאס איז זעהר א פרעהליכע בשורה פאר דיר, און דו דארפסט מיר צוזאגען עס אויפצונעהמען מיט רוהיגקייט.

— וואס איז דאס ? ! איז רחל זעהר אונגעדולדיג געווארען.

— זיי וויסען אז דיין ברודער, דן לעבט און ער געפינט זיך נישט ווייט פון רוים !...

— דן לעבט ! ! — האט רחל אויסגעשריען — א מיין גאט ווי גליקליך איך בין, מיין ליעבער, טייערער ברודער לעבט.

רבי עקיבא האט איהר דערצעהלט אלעס וואס ער האט געהערט פון יונתן און עמנואל, ער האט איהר אויך דערצעהלט ווי יוליוס ווערנוס און מאנילוס האבען זיך געענדערט און יעצט זיינען זיי געווארען געטרייע אידען...

צו רחל'ס שמחה איז נישט געווען קיין גרענעץ.

— איך מוז נאך היינט אוועקפאהרען נאך גמזו און אנזאגען מיין פאטער די גליקליכע בשורה... איך ווייס אז איהם וועט זיך עס גאהנישט ווע'לען גלויבען.

— יונתן און עמנואל וועלען אויך זיין אין גמזו און זיי וועלען דיזע ווערטער בעשטעטיגען — האט רבי עקיבא געזאגט — און דו מיין רחל וועסט טאהן זעהר גוט ווען דו וועסט פארבלייבען אין גמזו, ביי דיין פאטער אין הויז ביז וואנען איך וועל זיך צוריקקעהרען פון רוים... דארטען וועסטו זיך נישט פיהלען אזוי איינזאם...

רבי עקיבא האט זיך נאך אמאל צוקושט מיט רחל'ן און איז אוועקגעריטען צוזאמען מיט די איבריגע חכמים נאך יפו. דארטען האבען זיי פערבראכט א פאר טעג ביז וואנען זיי האבען געקראגען א שיף וואס געהט אפ נאך רוים...

די שיף איז גראדע געווען א קליינע און נישט קיין זיכערע... אבער די חכמים האבען מעהר קיין צייט נישט געוואלט פערליערען, און זיך ארייגעזעצט אין דעם שיפעל, וואס איז געפאהרען נאך רוים...

רחל האט איבערגעלאזען איהר וואהנונג פון בני ברק אויף די דיענסטען און

דינער, וועלכע זיינען איהר געווען זעהר געטריי. און זי מיט איהר זוהן יהושע זיינען אוועקגעפאהרען נאך גמזו.

כלבא שבוע האט זיך זעהר דערפרעהט צו זעהן זיין טאכטער מיט זיין אייניקעל... ווען רחל האט איהם אבער דערצעהלט וועגען דאמיציאנ'ס גזרה איז ער באלד טרויעריג געווארען...

— וואס ווילען די פערפלוכטע רוימער האבען פון אונז — האט ער מיט ביטערקייט געזאגט — האבען זיי דען נישט גענוג אידישעם בלוט פערגאסען... קענען שוין די אידען גאר קיין רוה נישט האבען... א גאט נעהם ראכע פון די אכזרישע צעזארען, וועלכע זוכען זיך צו באדען אין אונזער בלוט...

— זארג נישט ליעבער פאטער — האט איהם רחל געקושט אונזער גאט וועט אונז נישט פערלאזען — האט דען חמן הרשע נישט געוואלט אויסראטען אלע אידען פון זיין לאנד... ער האט געקראגען זיין מפלה און די אידען האט גאט גערעטעט... אזוי וועט גאט טהאן אויך צו דעם רשע דאמיציאן... דו האסט דאך מיר, ליעבער פאטער, תמיד געלערענט אז מען טאר קיינמאל נישט אויפגעבען די האפענונג אין גאט... און אט האסטו שוין לאנג אויפגעגעבען די האפענונג זיך ווען עס איז צו זעהן מיט דיין זוהן דן...

— טייערע קינד מיינס — האט כלבא שבוע געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען — איך האב אויפגעגעבען די האפנונג זיך מיט איהם צו זעהן אויף דער וועלט... איך וועל אבער איהם זעהן אויף יענער וועלט, צווישען די צדיקים און אידישע העלדען... א וואס פאר א טייער קינד דאס איז געווען. וואס פאר א הייליגע, נאבעלע נשמה ער האט געהאט... ווי טייער און הייליג איז ביי איהם געווען זיין פאלק און דאס לאנד... יע, מיין טאכטער זיין פלאץ איז נור צווישען די גרעסטע צדיקים...

— אבער פאטער — האט זיך רחל אפגערופען — איך מיין אז דו דארפסט נישט אויפגעבען די האפענונג זיך מיט איהם צו זעהן אויף דער וועלט...

— וואס רעדסטו, מיין טאכטער — האט כלבא שבוע איהר אנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— האט דען אונזער פאטער יעקב נישט געטרויערט איבער זיין זוהן יוסף... מעהר ווי צוואנציג יאהר האט ער איהם געהאלטען פאר טויט און נאכהער האט ער אויסגעפונען אז זיין זוהן לעבט און דערצו איז ער נאך דער מושל איבערן גאנצען לאנד פון מצרים... קען דאך זיין אז מיין ברודער דן לעבט נאך און מיר וועלען נאך זוכה זיין זיך מיט איהם צו זעהן...

— טאכטער מיינע, וואס רעדסטו, עפעס פערשטעה איך דיר נישט חייכם מיין גוטע רחל...

— מיין טייערער ליעבער פאטער — האט רחל זיך צו איהם דערנעהענטערט — אלעם איז מעגליך ביי גאט... מיין ברודער דן לעבט...

— וואס ?! — האט כלבא שבוע אויסגערופען אננעמענדיג רחל'ן פאר'ן האנד — וואס רעדסטו, מיין טאכטער, ביזטו ביים קלארען זינען...

— פאטער — ווען דו וועסט מיר צוזאגען צו זיין רוהיג וועל איך דיר אלעם דערצעהלען...

— דערצעהל מיר, מיין ליעבע טאכטער, איך בין רוהיג, דערצעהל מיר אלעם וואס דו ווייסט...

— דן איז געפאנגען געווארען פון די רוימער און ער געפינט זיך יעצט נישט ווייט פון רוים — האט רחל אנגעפאנגען צו דערצעהלען.

זי האט איהם איבערגעגעבען אלעס וואס זי האט געהערט פון איהר מאן רבי עקיבא.

כלבא שבוע האט זיך איינגעהערט צו אלעס וואס רחל האט איהם דערצעהלט און טרעהרען האבען זיך בעוויזען אין זיינע אויגען.

— א פאטער אין הימעל — האט ער אויסגעשריען — איז דאס מעגליך אז מיין דן לעבט נאך...

א דיענער האט אנגעקלאפט אין טיהר און געמאלדען אז יונתן בן אבים וויל זעהן כלבא שבוע׳ן.

— ווער איז דאס יונתן בן אבים? — האט כלבא שבוע געפרעגט זיין טאכטער.

— דאס איז דאך יוליוס ווערוס מיט וועמענס טאכטער אונזער דן האט חתונה געהאט — לויט ווי מיין מאן האט מיר איבערגעגעבען זיינען זיי ביידע, אי דער פאטער און אי דער זוהן געווארען בעלי תשובות און זיי רופען זיך צוריק מיט זייערע אידישע נעמען... באלד וועלען מיר פון איהם הערען אלע איינצעל־הייטען וועגען דן. ער קומט דאך יעצט פון רוים...

— חיים איהם גלייך אריינקומען — האט כלבא שבוע געזאגט צום דיענער.

יונתן בן אבים איז אריינגעקומען און זיך פריינדליך בעגריסט מיט רחל׳ן און איהר פאטער.

ער האט זיי אלעס דערצעהלט וואס עס איז פארגעקומען מיט כלבא שבוע׳ס זוהן, דן און זיין טאכטער, אסתר וואס האט פריהער געהייסען אקטאוויא.

— מיין זוהן איז אונטער, — האט יונתן געזאגט — ער האט זיך געשעהמט ארויפצוקומען.

כלבא שבוע האט געשיקט זיין דיענער און עמנואל איז גלייך ארויפגעקו־מען... ער האט זיך פערנייגט פאר רחל׳ן און איהר פאטער...

— איך פיהל זיך זעהר גליקליך דיר צו זעהן די גליקליכסטע פרוי אין ארץ ישראל — האט עמנואל געזאגט דריקענדיג רחל׳ס האנד... נאט האט דיר בע־צאהלט פאר דיין נאבעלקייט און גוטסקייט.

ער האט זיי דערצעהלט מעהרערע איינצעלהייטען פון דן מיט זיין שוועס־טער אסתר.

— איך האף — האט ער צוגעגעבען אז דעם הייליגען רבי, רבי עקיבא, וועט געלינגען זיי ביידע צו בעפרייען פון דעם אינזעל, און זיי ביידען צו ברייגנען אהער, צו אונז.

— אמן! — האט כלבא שבוע געזאגט, און זיין פנים איז געווען בעלויכטען פון פרייד — ערשט דאן וועט אונזער שמחה און גליק זיין פערפולט.

כלבא שבוע האט געמאכט א מאל־צייט לכבוד זיינע געסט, און אלע האבען פרעהלאך פערווײלט ביז שפעט אין דער נאכט.

## פערציגסטער קאפיטעל

# דער סענאטאר קלעמענס און רבי עקיבא

רבי עקיבא און די דריי חכמים זיינען אנגעקומען אין רוים אין מיטען טאג. די רוימער האבען דאן געפייערט א יום טוב לכבוד יופיטערן... זיי האבען געהור־ליעט און געטאנצט אין די גאסען... זיי האבען געזויפט און גע'שכורט... רבן גמליאל האט אומגעקערט זיין פנים און זיך פאנאנדערגעוויינט. רבי אלעזר בן עזריה און רבי יהושע האבען מיטגעוויינט. רבי עקיבא אבער האט געשמייכעלט.

— פארוואס שמייכעלסטו, רבי עקיבא — האט איהם רבן גמליאל געפרעגט.

— און פארוואס וויינט איהר, מיינע חברים—האט רבי עקיבא זיי געפרעגט.

— ווי זאלען מיר נישט וויינען — האט רבן גמליאל געענטפערט — ווען מיר זעהן אז די רשעים, די רוימישע געצענדינער, וועלכע האבען חרוב געמאכט אונזער לאנד, און פערברענט אונזער בית המקדש, די, וועלכע פערגיסען אזוי פיעל אומשולדיגעס בלוט, זיינען אזוי פרעהלעד, אזוי גליקליך... זיי לעבען אויס זייערע יאהרען אין צופריעדענהייט און אין רוהיגקייט... מיר אידען, אבער וועל־כע דיענען צו דעם בעשעפער פון דער וועלט, מיר, וועלכע זוכען גערעכטיגקייט, פרעדיגן שלום און ברידערליכקייט צו דער גאנצער מענשהייט. מיר, וועלכע רירען קיינעם נישט אן וועלכער לאזט אונז נאר צורות. זאלען מיר ליידען אזוי פיעל צרות... מיר האבען פערלארען אונזער לאנד, אונזער אונאבהענגיגקייט... און יעצט זייגען מיר געקומען אחער צו דיזע רשעים, בעטען רחמים פאר אונזערע לעבענס... יע, רבי עקיבא, מיר האבען פיעל, זעהר פיעל צו וויינען און קלאגען אויף אונזער גורל...

— אט צוליעב דעם טאקע בין איך פרעהליך — האט רבי עקיבא געענט־פערט — וויל אויב דער רבונו של עולם טוט אזוי פיעל גוטעס צו די רשעים וועלכע דערצארענען און ווידערשפעניגען איהם, טו וויפיעל שכר, גליק און ברכות האט ער אנגעגרייט פאר אונז אידען, זיינע קנעכט, וועלכע טוען זיין רצון, און וועלכע היטען אפ זיין תורת.

— דו האסט אונז געטרייסט, רבי עקיבא, דו האסט אונז געטרייסט, טרייס־טען זאל דיר אונזער פאטער אין הימעל — האט איהם רבי יהושע געזאגט.

די פיער חכמים זיינען געבליבען שטעהן אן א זייט און בעאבאכטעט דעם פרעהליכען און צובאלעוועטען המון.

— וואס שטעהן מיר דא — האט רבי אלעזר זיך אפגערופען — לאמיר זיך נאך פרעגען וואו דער סענאטאר קלעמענס וואהנט, און גלייך געהן אהין.

— ווער וועט אונז גאר וועלען ענטפערען — האט רבי עקיבא געזאגט — זעהסטו דען נישט ווי אלע, גרויס און קליין, זיינען פערטהאן אין שכרות און תולטייסטווא... קיינער וויל זיך גארנישט אומקוקען אויף אונז.

— דאס קען זיין איז אונזער גליק — האט רבי יהושע געזאגט — ווען די רוימער וואלטען געווען ניכטער און אונז בעמערקט, ווער ווייס צו זיי וואלטען נישט צושטערט אונזער פלאן, און אידער וואס ווען, וואלטען זיי אונז אריינגע־זעצט אין געפענגנים...

— דעריבער לאמיר דאנקען דעם בורא — האט רבי עקיבא זיך אפגערופען,

ווייל אלעס וואס ער טוט איז צום גוטען, האב איך אייך דען נישט דערציילט וואס מיט מיר האט פאסירט מיט עטליכע יאהר צוריק?

— ניין, האט רב אלעזר געענטפערט, — דערצעהל אונז! זיי האבען זיך אוועקגעזעצט אונטער א בוים און רבי עקיבא האט אנגעפאנגען:

— דאס איז געווען אנפאנג פריהלינג מיט א יאהר דריי צוריק, דאן פלעג איך ארומפאהרען איבער די קליינע שטעדטלאך און דערפער צו לערנען מיט די ארעמע, אומוויסענדע אידען די הייליגע תורה. מיינע תלמידים פלעגען מיר אימער צו בעגלייטען אויף אזעלכע רייזעס... פיעלע מאל, אבער פלעג איך אוועקגעהן, אהן דעם וויסען פון מיינע תלמידים אין די נעהענטערע דערפער, וואו איך פלעג צוזאמען רופען די אידען און זיי ערקלעהרען די געזעצען פון דער תורה, און די וועגען אין וועלכע זיי זאלען געהן.

איינמאל, פארנאכט, ווען מיינע תלמידים זיינען זיך צוגאנגען האב איך גענומען א האהן און א ליכט, זיך ארויפגעזעצט אויף מיין עזעל און אוועקגעריטען... עס איז געווארען פינסטערליך און האב פערלארען דעם וועג צו דער דערבייאיגער שטעדטעל... צוריקקעהרען זיך אין שטאדט איז שוין געווען צו שפעט, האב איך פון וויטען בעמערקט א פייער... איך האב פערשטאנען אז נישט וויט איז א דארף. איך האב שנעלער געטריבען מיין עזעל ביז וואנען איך בין אנגעקומען אין דארף. איך בין צוגעקומען צו דעם פלאץ וואו דאס פייער האט געברענט. איך האב אנגעקלאפט אין טיהר... באלד איז ארויסגעקומען אן אלטער שומרוני און מיר געפרעגט וואס איך פערלאנג.

— איך האב פערבלאנדזשעט — האב איך איהם געזאגט — קענסטו מיר פיעלייכט געבען א פלאץ צו נעכטיגען.

— ניין, — האט זיך דער אלטער אפגערופען מיט כעס — איך לאז קיין פרעמדען נישט אריין צו זיך אין הויז.

— וואהנען פיעלייכט אידען אין דיעזען דארף — האב איך איהם געפרעגט.

— אין דעם דארף וואהנען בלויז שומרונים — האט ער מיר געענטפערט, און אויב דו דענקסט אז אימיצער פון אונז וועט דיר לאזען איבערנעכטיגען ביי זיך אין הויז, מאכסטו א טעות, ווייל אונזערע טיהרען זיינען שטענדיג פערשלאסען פאר פרעמדע.

איך האב דעם אלטען נישט געגלויבט און אוועק צו א צווייטע הויז און דארטען אנגעקלאפט. דארטען האט מען מיר אויך נישט געוואלט אריינלאזען... איך האב אזוי אנגעפרעגט אין עטליכע הייזער, און איך האב געקראגען די זעלבע תשובה פון יעדען... איך בין געבליבען שטעהן אין דרויסען און האב נישט געוואוסט וואס צו טהאן... איך האב זיך אבער נישט פארלארען — אלעס וואס דער רבונו של עולם טוט איז צום גוטען — האב איך זיך געטראכט און האב באלד פערלאזען דעם דארף... איך האב צוגעריטען צום וואלד וואס איז געווען נישט וויט פון דארף... מיין עזעל האב איך צוגעבונדען צו א בוים, דעם האהן האב איך אוועקגעשטעלט אויף א צווייג פון דעם זעלבען בוים, און איך האב ארויפגעקלעטערט אויף א צווייטען בוים און געווארט ביז עס וועט אנפאנגען צו טאגען... עס איז געווען זעהר א פינסטערע נאכט. איך האב אנגעצונדען מיין ליכט, כדי צו זעהען ווי אזוי זיך צו זעצען אויף דעם בוים... דא איז אבער אנגע־

קומען א גרויסער ווינט און פערלאשען די ליכט און עס פערטראגען ערגעץ וואו. מיר האט שטארק פערדראסען אויף דעם, ווײלע אחון א ליכט האב איך מורא געהאט זיך א ריהר צו טהאן, איך זאל נישט ארונטערפאלען פון בוים. — מסתמא ווייס גאט וואס ער טהוט — האב איך זיך געטראכט און זיך פעסטער אנגעהאל־טען אין די צווייגען פון מיין בוים... א ווײלע שפעטער האב איך בעמערקט די צווײ פײערדיגע אויגען פון א ווילדע קאץ... דער האחן האט ארויסגעלאזען א געשרעה און א פאטש געטהאן מיט זיינע פליגלען און באלד איז אלעס שטיל געווארען... איך האב פערשטאנען אז די קאץ האט פערצוקט מיין האחן...

— נו, דאנקען גאט — האב איך געזאגט — אבי מיין זעל איז גאנץ, און ווי נאר עס וועט טאג ווערען וועל איך אוועקרייטען צוריק צו דער שטאדט פון וואנען איך בין געקומען... עס האט אבער לאנג נישט געדויערט, און איך האב דערהערט א ברומען פון א לייב, וואס האט זיך דערנעהענטערט צו אונז... א ציטער האט מיר אנגענומען. איך האב איינגעהאלטען מיין אטהעם... דער עזעל האט געגומען הירזשען... ער האט זיך גענומען רייסען און בריקען... א ווײלע שפעטער האב איך געהערט ווי דער לייב גריזשעט די ביינער פון עזעל... — וואס וועל איך יעצט טהאן — האב איך גענומען זארגען — און מיין כעס האט גע־ברענט אויף די דאזיגע רשעים, וועלכע האבען מיר געזשאלעוועט א נאכט־לעגער אין זייער דארף... ווען איך וואלט געהאט וואו איבערצונעכטיגען אין דארף, וואלט איך דאך יעצט נאר קיין היזק נישט געהאט... באלד אבער האב איך זיך בערוהיגט.

— וואס גאט טוט איז צום גוטען — האב איך צו זיך געזאגט — און גע־קוקט אויף'ן הימעל צו זעהן אויב דער מארגענשטערען געהט שוין אויף. עס האט אנגעהויבען טאגען. איך בין נאך אלץ געזעסען אויף'ן בוים און געווארט ביז עס וועט גוט ליכטיג ווערען... מיינע קליידער זיינען געווען פייכט פון דעם טהוי פון דער נאכט... פלוצלונג דערהער איך טריט פון פיעלע מענשען, און א גע־שפרעך...

מיר איז געווארען פרעהליכער אויף'ן הארצען — די מענשען — האב איך געטראכט וועלען מיר באלד אנצייגען דעם ריכטיגען וועג, און פיעלייכט וועלען זיי מיר אפפיהרען אהיים... איך האב שוין געוואלט אראפקלעטערען פון בוים און צוגעהן צו זיי... באלד אבער האב איך דערהערט ווי זיי רעדען. איך האב אנגע־שטרענגט מיינע אויערען און איך האב געהערט ווי איינער האט זיך אפגערופען צו די איבעריגע: "ביזמו זיכער אז קיינער פון זיי איז געבליבען לעבען.

— יע — האב איך געהערט א צווייטען ענטפערענדיג — מיר זיינען געגאנ־גען פון הויז צו הויז און געשאכטען ישרען איינעם און ראבירט זייער האב און גוטס...

— כא, כא, כא, — האב איך געהערט א דריטען לאכענדיג — "זיי האבען אונז גאר אנגענומען פאר אידען... איינער האט זיך צו אונז אפגערופען: איהר זייט דאך אידען, טו פאר וואס זאלט איהר איבער אונז קיין רחמנות נישט הא־בען... מיר, די שומרונים, האבען דאך אויך אנגענומען אייער רעליגיאן, און מיר זיינען דאך אייערע גוטע פריינד".

— פון וואנען דריינגסטו אז מיר זיינען אידען — האב איך איהם געפרעגט, אויפהויבענדיג מיין שווערד.

"ווייל א איד איז פריהער געקומען און געוואלט געבטיגען אין אונזער דארף און מיר האבען איהם נישט געלאזען... יעצט ווי איך פארשטעה האט דער איד געררופען זיינע ברידער, זיך מיט אונז אפצורעכענען...

— דיין קאפ וועסטו באלד אזוי האבען, ווי מיר זיינען אידען. האב איך איהם געזאגט און מיט מיין שווערד איהם געמאכט מיט א קאפ קירצער... זאלען זיי וויסען אז מיר זיינען נישט קיין אידען, נאר אדומים...

ווי איך האב דערהערט אט דעם געשפרעך, האב איך גלייך פערשטאנען אז די רויבער־באנדע ארומים, זייגען דיזעלבע נאכט בעפאלען דעם דארף און אויס־געקוילעט אלע שומרונים... ערשט דאן, האב איך זיך איבערצייגט אז אלעס וואס גאט האט געטהאן איז געוועזען פון מיין טובה וועגען... ווען די שומרונים וואלטען מיר געלאזט איבערנעכטיגען אין דארף, וואלטען דאך די רויבער מיר אויך גע־טוידטעט... און ווען דער ווינד וואלט נישט פערלאשען און פערוואַרפען מיין ליכט, וואלטען דאך די רויבער דעם פייער געזעהן און וואלטען געווים צוגעקומען צו מיר... ווען מיין האהן וואלט נאר א קרעה געטהאן, אדער דער עזעל וואלט א הירזשע געטהאן, דאן וואלטען די רויבער פערשטאנען אז אימיצער געפינט זיך דא אין וואלד, און וואלטען מיר זיכער געפונען און געטוידטעט... יעצט זעהט איהר שוין, מיינע חברים, אז וואס נאר דער רבונו של עולם טוט איז נאר צום גוטען... און ווער וויים צו די שרעקליכע גזרה וואס דער רשע דאמיציאן האט ארויסגעגעבען איז נישט צום גוטען פאר'ן כלל ישראל. דעריבער לאמיר זיך שטארקען און נישט פערליערען אונזער האפענונג אז אלעס וועט זיך אויסלאזען צום גוטען...

— געבענשט זאלסטו זיין, רבי עקיבא, ווייל דו האסט אונז אלעמען ער־מוטיגט און בערוהיגט — האט רבן גמליאל געזאגט קומט, חברים, לאמיר נישט פערליערען קיין צייט, לאמיר געהן צו דעם גר, קלעמענס'ן.

— ווי אבער דערפרעגט מען זיך צו זיין וואהנונג — האט רבי יהושע גע־פרעגט מיט זארג.

— לאמיר זיך שטעלען אויף'ן וועג — פיעלייכט וועט אונז אימיצער פארט ענטפערען — האט רבי עקיבא געזאגט און איז מיט זיי צוגעגאנגען צום ברייטען וועג.

דער רעש און טומעל איז נאך אלץ שטארק געווען. יעדער האט אין זיין האנט געהאלטען א קריגעגל ווייו און דאמיט געמאנצט און געתוליעט.

— אט דארטען געהט א מאן וועלכער נעהמט נאר קיין אנטהייל נישט אין דער שמחה — האט אלעזר אנגעצייגט אויף אימיצען וועלכער איז געגאנגען אן א זייט, מיט דעם קאפ געבויגען... לאמיר איהם פרעגען.

די חכמים זיינען צו איהם צוגעגאנגען און איהם אפגעשטעלט:

— מיר זיינען פרעמדע — האט רבי עקיבא צו איהם געזאגט — מיר קומען פון יהודה...

— איהר קומט פון יהודה! — האט דער פרעמדער זיי אנגעקוקט ערשטוינט — ווי גאט איז אייך ליעב פאהרט גלייך צוריק.

— ווי איך זעה ביזטו א איד — האט זיך רבן גמליאל צו איהם אפגערופען — זאג דאך די אורזאכע פארוואס דו הייסט אונז גלייך פאהרען צוריק...

דער רוימישער איד האט זיך אומגעקוקט און ווען ער האט געזעהן אז

קיינער פון די רוימער בעמערקט איהם נישט, האט ער זיך אפגערופען שטילער־הייד, מיט טרעהרענדע אויגען:

— דער צעזאר, דאמיציאן האט זעהר פיינט די אידען, און ער בעשולדיגט אונז, אז מיר זיינען זיינע שונאים. און ווען עס פאסירט עפעס אונאנגענעהמעס, ווארפט ער גלייך ארויף די שולד אויף אונז אידען... כדי צו בערעכטיגען זיינע שלעכטע גזרות אויף אונז... און ווען דא נישט לאנג האט זיך א טענצער פער־ליעבט אין דער צעזארין, האט דאמיציאן, נאכדעם ווי ער האט געלאזען טויטען דעם טענצער, געזאגט אז דער טענצער איז געווען א איד, און דעריבער האט ער ארויסגעגעבען א שרעקליכע גזרה צו טויד־טען אלע אידען אין זיין מדינה... און יעצט זיינען אלע אידען פון רוים אין גרוים געפאהר מיט זייערע לעבענס... פיעלע אידען וועלכע האבען נאר די מעגליכקייט אנטלויפען פון רוים וואוהין די אויגען טראגען זיי... און איהר קומט גאר יעצט נאך צו פאהרען אהער, צו פערגרעסערען דעם צאהל אידישע קרבנות...

— דו זאגסט דאך אז דאמיציאנ'ס גזרה פאלט אויף אלע אידען פון זיין גאנצער אימפעריע, — האט רבי אלעזר איהם געזאגט — טו וואס וועט זיין אז מיר וועלען פאהרען צוריק, וועט דען דאמיציאנ'ס שווערד אונז דארטען נישט דערגרייכען?

— אין יהודה וועלען די אידען זיין א סך זיכערער מיט זייער לעבען ווי דא אין רוים — האט דער איד געענטפערט. דעריבער איז מיין עצה דאס איהר זאלט זיך גלייך צוריקקעהרען נאך יהודה.

— קענסטו אונז פיעלייכט זאגען וואו דער סענאטאר קלעמענס וואהנט — האט איהם רבי עקיבא געפרעגט.

— ווי אזוי קומט איהר צום סענאטאר קלעמענס! — האט דער איד זיך ווידער געשטוינט...

— מיר דארפען איהם זעהן וועגען א וויכטיגען ענין — האט רבי יהושע געזאגט — צייג דאך אונז וואו זיין וואהנונג געפינט זיך און מיר וועלען דאנקבאר זיין דערפאר.

דער רוימישער איד האט די חכמים צוגעפיהרט צו דעם פראכטפולען וואה־נונג פון דעם סענאטאר קלעמענס.

די חכמים האבען אנגעקלאפט אין טויער. א דינער האט דעם טויער געעפענט און געפרעגט וואס זיי פערלאנגען.

— איז דער סענאטאר אין דער היים — האט רבי עקיבא איהם געפרעגט.

— יע, — האט דער דינער געענטפערט.

— געה זאג דיין האר אז פיער געסט פון יהודה ווינשען איהם צו זעהן.

דער דינער איז אריין אין הויז און וואלד איז ארויסגעקומען דער סענאטאר קלעמענס און האט זיי ווארעם עמפפאנגען:

— ווילקאמען! איהר אלע זייט ווילקאמען אין מיין הויז — האט דער סענאטאר אויסגערופען — און מיט זיי אריין אינווייניג.

— דאס איז דער נשיא פון סנהדרין — האט רבי עקיבא פארגעשטעלט רבן גמליאל'ן פאר דעם סענאטאר.

רבן גמליאל האט גלייך פארגעשטעלט זיינע דריי חברים און דערצעהלט ווער זיי זיינען.

— געבענשט זאל זיין אייער קומען אהער — האט קלעמענס געזאגט — יוליוס ווערנוס און זיין זיהן, האבען אייך מסתמא דערצעהלט פון אלעם... לאמיר האפען צום אלמעכטיגען אז עס איז נאך נישט שפעט...

— איז שוין דעם צעזארס גזרה געווארען א געזעץ? — האט רבן גמליאל איהם געפרעגט.

— דערווייל נאך נישט, עס דארף פריהער אפגעשטימט ווערען ביי דעם סענאט, נאר עס האט נאך נישט פאסירט אז דער סענאט זאל געהן געגען דעם צעזאר׳ס וואונש...

— נו, וואס איז דיין עצה, מיין פריינד, — האט רבי יהושע איהם געפרעגט

— זאלען מיר פיעלייכט געהן צו דעם צעזאר און איהם בעטען ער זאל מבטל מאכען זיין שלעכטע גזרה.

— ווען מיר זאלען טהאן א איבערגעאיילטען שריט — קענען מיר נאך די לאגע ערגער מאכען — האט קלעמענס געזאגט — זיין הויפט כעס אויף די אידען בעשטעהט אין דעם, וואס פיעלע רוימער פון דעם העכערען קלאס האבען אנגענומען די אידישע אמונה... פיעלע פון די גרים, האלטען דאס בסוד, אבער לאנג קען דאך קיין סוד נישט זיין, דאמיציאן האט זיך דערוואוסט פון איינינע רוימער, וועלכע זיינען געווארען אידען, און ער האט זיך צו זיי גענומען מיט דער גרעסטער אכזריות אויסצוהרג׳נען אלע גרים...

— קאנסטו מיר זאגען די אורזאכע, מיין פריינד — האט איהם רבן גמליאל געפרעגט — פארוואס פיעלע רוימער האבען זיך פלוצלונג גענומען בעקעהרען צום יודענטהום?

— אין דעם איז דער זעליגער יאזעפוס פלאוויוס שולדיג — האט קלעמענס געענטפערט — ער האט אנגעשריבען זיין גרויסען בוך אין צוואנציג טהייל, "וועגען דער אלטקייט פון דעם אידישען פאלק" און יעדער איינער וואס לייענט דיעזען בוך, מוז צוגעבען אז די אידישע נאציאן שטעהט העכער פון אלע נאציא־נען אין דער וועלט... אין זיין צווייטען בוך "געגען די גריכען" אדער "געגען אפיאן" — צעקלאפט יאזעפוס אלע טענות פון דעם גריכיש עגיפטישען שונא פון די אידען, אפיאן, וועלכער האט אנגעשריבען א בוך אין וועלכען ער בעליידיגט און ערנידעריגט די אידען. יאזעפוס ווייזט אויף ווי נידערטרעכטיג און פאלש אפיאן איז. אין דעם בוך ערקלערט ער די שעהנקייט און ערהאבענקייט פון דער אידישער רעליגיאן, די אידישע מאראל, געזעצען און מנהגים וועלכע שטעהן העכער פון אלע אנדערע נאציאנען און אפילו פון די גריכישע...

פיעלע רוימער פון די פאטריציער האבען דיזע צוויי ביכער געלעזען און זיי ווערען צוגעצויגען צו דעם אידישען פאלק מיט זייער לייב און לעבען... און דאס קרענקט דעם צעזאר זעהר שטארק... ער קען נישט צוזעהן ווי די רוימער פער־לאזען די רוימישע געטער... יאזעפוס האט אויך זיין לעבען פערלארען צוליעב דעם... דאמיציאן האט איהם דערפאר שטארק גענומען האסען און האט געזוכט און געפונען א סיבה איהם צו טוידטען...

— מערקווירדיג — האט זיך אפגערופען רבן גמליאל — אין יהודה האבען איהם אלע אידען געהאלטען פאר א פעררעטער — יעצט זעהן מיר אז א אידישע נשמה איז טאקע נישט אפצושאצען. און אויב ער איז געוועזן א בעל תשובה מיט זייז גאנצען הארצען וועט ער זיכער פערנעהמען דעם פלאץ צווישען די צדיקים...

— פאר זיין טוידט, האט מיר יאזעפוס געבעטען איך זאל זעהן ריינוואשען זיין נאמען — האט קלעמענס געזאגט — ער האט מיר געזאגט אז ער איז געווען און פערבליבען ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבען א געטרייער זוהן צום פאלק יהודה... און אויב ער איז בעגאנגען אומרעכטען געגען זיין פאלק איז דאס געווען בשוגג... זיין כונה איז אימערצו געווען צום גוטען פון זיין פאלק...

— יע, ער איז געפאלען א קרבן פון זיין גרוים ליעבשאפט און איבערגעבענהייט צו זיין פאלק — האט זיך דאמיציליא אריינגעמישט...

— טראגיש, זעהר טראגיש, איז געווען זיין טויט — האט קלעמענס טרויעריג געזאגט — דער גרויזאמער דאמיציאן זאגט פריהער אן זיינע קרבנות אז זייערע טעג זיינען געצעהלטע... ער לאזט זיי ארומגעהן פריי פאר א קורצע צייט, ווייל ער וויים אז דער קרבן וועט זיך פון זיינע חענד נישט ארויסדרעהען... הונדערטע שפיאנען וועלען שוין איהם היטען...

אנדערע קרבנות וועמען ער בעשטימט צו טוידטען, לאדעט ער פריהער איין צו זיך אויף א שווארצען מאלצייט. מען פיהרט זיי אריין אין א צימער וואס איז בעהאנגען מיט שווארצע גארדינען, די ווענט, דער באלקען און די פאדלאגע זיינען געפארבט אין שווארצען. די טישען און שטוהלען זיינען שווארצע... די געשיער און אפילו דאס עסען זיינען שווארץ. יעדער גאסט איז געצוואונגען אפצועסען דעם גאנצען מאלצייט און ער געהט ארוים פון דעם שווארצען צימער, וויים ער אז דער טוידט שוועבט שוין פאר זיינע אויגען, און ער ריכט זיך אויף איהם יעדען טאג... אזוי אכזריות'דיג פיהרט זיך דער רשע אויף מיט יעדען וועמען ער וויל אפראמען פון וועג... יאזעפוס'ן האט ער געלאזט זיך פריי בעוועגען פאר זיין טוידט... ער האט איהם געזאגט אז אין צעהן טעג ארום וועט ער געהן צו זיינע ברידער וועמען טיטוס האט פערשיקט אויף יענער וועלט. און אזוי איז געווען; אויף'ן צעהנטען טאג איז יאזעפוס געווען טוידט, קיינער וויים נישט ווי אזוי ער איז געשטארבען... אלע גרויסע געלערנטע האבען שטילערהייד גע[illegible] טרויערט איבער זיין טוידט, אבער קיינער האט עס נישט געוואגט ארויסצוזייגע[illegible] אין דער עפענטליכקייט, ווייל ווען דאמיציאן זאל זיך דערפון דערוויסען וואלטע[illegible] זיי אויך שוין פערשפיעלט זייערע לעבענס אויף אן עהנליכען אופן...

א ציטער האט אנגענומען די חכמים, ווען זיי האבען דערהערט וועגען דיז[illegible] רשעות פון דעם רוימישען הערשער.

— אויב דאמיציאן איז אזא רשע, איז דא א גאנץ קליינע האפנונג אז מיר וועלען עפעס פועל'ן ביי איהם — האט זיך רבי אלעזר אפגערופען.

— אונזער האפנונג אין דעם אלמעכטיגען טארען מיר קיינמאל נישט פערליערען — האט רבי עקיבא געזאגט — אלעס וואס ער טוט איז צום גוטען.

— אבער אויף ניסים טארען מיר זיך נישט פערלאזען — האט רבי יהושע אפגערופען — מיר דארפען באלד זעהן עפעס טאהן איידער עס וועט צו שפעט זיין...

— איך וועל אליין פריהער אריבערגעהן צו דאמיציאן און מיט איהם רעדען וועגען דעם... איך בין דאך פארט זיין נאהענטסטער קרוב, און אמאל האבען מיינע ווערטער געהאט אויף איהם גאר א גרויסע ווירקונג... איך וועל איהם ערקלערען וואס פאר א גרויסע אומרעכט ער געהט טאהן צו אלע אידען, וועלכע זיינען איהם געטריי... איך וועל איהם אנדייטען אז די גרעסטע חכמים פון יהודה

זיינען אהער געקומען בעטען דעם צעזאר ער זאל זיין גנעדיג צו די אידען און מבטל זיין די גזרה... און דאן וועל איך זעהען, אויב ער וועט ריידען מיט ווייכקייט איז א סימן אז איהר קענט קומען צו איהם און איהר וועט געווים פועל'ן אלעס וואס איהר ווילט פון איהם פערלאנגען... טאמער, אבער וועט ער בייז ווערען, דאן איז גלייכער פאר אייך איהר זאלט זיך נישט בעווייזען פאר איהם... און אונזער גאט וועט אונז שיקען די ישועה פון ערגעץ אנדערש.

דאמיציליא האט געגרייט צום טיש א מאלצייט פון פרוכט און גריגסען און האט איינגעלאדען די חכמים צו עסען.

— זינט מיר האבען זיך מגייר געווען, קומט אין אונזער הויז נישט אריין קיין פלייש — האט דאמיציליא געזאגט צו די חכמים — מיר האבען פערניכטעט דיא פריהערדיגע, נישט כשר'ע געשיר און געקויפט נייע... יעצט קענט איהר מיט זיכערהייט עסען אין אונזער הויז.

— ווי לאנג איז דאס זינט דו האסט זיך מגייר געווען — האט רבי עקיבא געפרעגט קלעמענס'ן.

— עס איז שוין באלד דאכט זיך זעכצעהן יאהר — האט ער זיך געווענדעט צו דאמיציליא — נישט ריכטיג?

— יע, האט דאמיציליא געענטפערט — עס איז פארגעקומען דעם זעלבען יאהר ווי מיר האבען אדאפטירט אונוס'ן אלס אונזער זוהן און אין צוויי מאנאטען ארום וועט ווערען זעכצעהן יאהר, זינט ער האט אונזער זוהן פון זיכערען טויט גערעטעט...

— אין דעם ברית פון אונזער פאטער אברהם בין איך אריין מיט עטליכע יאהר שפעטער — האט קלעמענס צוגעגעבען און ביז'ן היינטיגען טאג וויים נאך דערפון קיינער נישט א חוץ אונוס און זיין פרוי אקטאוויא.

— ווער זיינען זיי — האט רבן גמליאל געפרעגט זיינען זיי אויך אידען.

קלעמענס האט א שמייכעל געטהאן און נאכהער זיך אפגערופען: איך האב געמיינט אז יוליוס ווערנוס האט אייך וועגען אלעם דערצעהלט...

— איך האב פון אלעם געהערט — האט רבי עקיבא געזאגט — ווילע איך קען יוליוס'ן זעהר גוט און אויך זיין זוהן און טאכטער, אבער מיינע חברים ווייסען נאך גארנישט וועגען וואס דא האנדעלט זיך.

קלעמענס האט יעצט זיי דערצעהלט באריכות, ווי אזוי אונוס קומט צו איהם און ווי אזוי דאמיציאן האט געוואלט הייראטען מיט אקטאוויא'ן יוליוס'עס טאכטער וועלכע זיינען געקומען אלס געסט צו איהם און ווי אזוי דאמיציאן האט זיי פערשיקט אויף אן אינזעל.

— יעצט וועל איך עפעס מוסיף זיין — האט זיך רבי עקיבא אפגערופען — דיין אדאפטירטער זוהן אונוס, אדער ווי ער האט געהייסען אין ירושלים דן, איז מיין שוואגער, ווייל זיין שוועסטער רחל איז מיין פרוי...

קלעמענס און דאמיציליא זיינען איבערראשט געווען דאס צו הערען, זיי זיינען געווען מלא שמחה, וואס "זייער" אונוס'עס שוואגער איז אזא גרויסער אידישער געלערנטער.

— ווען דער ווילען פון גאט וועט זיין און אונז וועט געלינגען מבטל צו מאכען דאמיציאנס גזרה — האט קלעמענס זיך אפגערופען וועלען מיר גלייך אנווענדען אונזערע כוחות צו בעפרייען דן מיט זיין פרוי אסתר'ן פון דעם אינזעל.

און איך האף צו גאט צו פאהרען צוזאמען מיט זיי ביידען נאך יהודה, וואו איך וועל זיך בעזעצען מיט מיין פאמיליע... דארטען וועל איך קאנען דינען אונזער גאט, דער גאט פון ישראל, אונגעשטערט, אין דער עפענטליכקייט...

— יוליוס ווערנוס האט אונז דאך דערצעהלט אז אונוס'עס שוועסטער רחל האט גאר חתונה געהאט מיט אן אומוויסענדען פאסטוך — האט דאמיציליא געזאגט — איז דאס מעגליך אז ער האט געמאכט א טעות...

— ניין, — האט רבי עקיבא געענטפערט — ער האט קיין טעות נישט גע־מאכט. איך בין דאס דער אמאליגער אומוויסענדער פאסטוך מיט וועמען רחל האט געהייראט... אבער מיט דער הילף און ערמוטיגונג פון מיין געטרייער פרוי, האב איך דערגרייכט דאס וואס איך בין יעצט.

— עס איז זעהר אינטערעסאנט צו הערען דיין לעבענס געשיכטע — האט זיך דאמיציליא אפגערופען — דערצעהל דאך אונז, איך בעט דיר.

רבי עקיבא האט פאר זיי דערצעהלט זיין גאנצע לעבענס געשיכטע, זינט ער איז א יונגער אינגעל געווען...

אלע האבען זיך צוגעהערט מיט גרויס אינטערעס און נייגעריגקייט.

— גרויס זיינען די וואונדער פון אונזער גאט — האט זיך קלעמענס אפ־גערופען — ווען רבי עקיבא האט געענדיגט דערצעהלען יעצט [illegible] דער בעשעפער וועט צוריקשטעלען דעם גליק פון דיין פאמיליע, ווען אונז וועט געלינגען צו בעפרייען דן מיט אסתר'ן פון דעם אינזעל פאנדאטאריע.

— און לאמיר האפען אז גליק און שלום וועט הערשען אין גאנץ יהודה — האט עקיבא צוגעגעבען... ווייל דער יחיד קען קיין גליק געפינען, כל זמן דאס גאנצע פאלק ליידעט...

— וועט דען ווען עס איז נעמען אן ענדע צו די ליידען פון אונזער מאר־טירער פאלק — האט זיך רבי יהושע אפגערופען.

— די אידישע גאולה קומט שוין אן — האט רבי עקיבא אויסגערופען — זי קומט לאנגזאם אבער מיט זיכערע טריט... איז דען נישט אונזער פריינד קלעמענס און פיעלע אנדערע רוימער וועלכע האבען געטהאן ווי ער, א בעוויז די נבואה פון אונזער גרויסען נביא ישעיה, ווערט ביסלעכווייז פערווירקליכט.

— וואס איז די נבואה פון ישעיה ? — האט קלעמענס איהם געפרעגט.

— ישעיה הנביא האט געזאגט : "והיה באחרית הימים... והלכו עמים רבים ואמרו לכו ונעלה אל הר ה' אל בית אלקי יעקב כי מציון תצא תורה ודבר ה' מירושלים". (און עס וועט זיין אין די לעצטע טעג... און פיעלע פעלקער וועלען געהן און זאגען : לאמיר ארויפגעהן אויף דעם בארג פון גאט אין די הויז פון גאט פון יעקב, ער וועט אונז לערנען זיינע וועגען און מיר וועלען געהן אין זיינע שטעגען, ווייל פון ציון וועט די תורה ארויסקומען און גאטעסווארט — פון ירושלים...) און יעצט — האט רבי עקיבא פארטגעזעצט זעהען מיר מיט אונזערע אויגען ווי פיעלע מענשען פון אנדערע פעלקער בעקעהרען זיך צו אונזער גאט. און לאמיר האפען אז גאר אין גיכען וועלען גאנצע פעלקער אננעמען אונזער רע־ליגיאן, און אלע מלכים פון דער וועלט וועלען זיך ארומזעהן אז דער גאט פון יהודה איז דער בעשעפער פון דער וועלט... זיי וועלען צוברעכען זייערע געטער

פון גאָלד, זילבער, פון האָלץ און שטיין און וועלען אנערקענען אונזער הייליגע תורה...

— דאַן וועט מען אויפהערען צו פערגיסען אזוי פיעל אומשולדיגע בלוט — האָט דאמיציליא זיך אפגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען.

— אָט דאָס טאקע זאָגט ישעיה אין זיין צווייטען פסוק: "וכתתו חרבותם לאתים וחניתותיהם למזמרות, לא ישא גוי אל גוי חרב ולא ילמדו עוד מלחמה" (און זיי (די פעלקער) וועלען צובּרעכען זייערע שווערדען פאר אקער אייזענס און זייערע שפּיזען — פאר שנייד־מעסערס; איין פאָלק וועט נישט הויבען א שווערד געגען א צווייטען פאָלק, און מען וועט מעהר נישט לערנען מלחמה...

— נישט אין אונזער צייט, און נישט אין דער צייט פון אונזערע קינדער, וועט די זאך פארקומען — האָט זיך אפגערופען רבי אלעזר — די פעלקער פון דער וועלט זיינען, נאך ווייט, גאנץ ווייט פון די אידעאלען פון אונזער גרויסען נביא...

— ווען עס זאָל נאר זיין דער רצון פון אונזער בורא, וועט עס מעגליך זיין אפילו אין אונזער דור — האָט רבי עקיבא געענטפערט.

— לאמיר האָפען אזוי — האָט קלעמענס געזאגט און האָט זיך גענומען גרייטען צו געהן צו דאמיציאן.

— זאָל דיר גאָט מצליח זיין אין דיין וועג! — האָבען איהם די חכמים געבענשט.

קלעמענס איז אוועקגעגאנגען צו דעם צעזאר בעטען רחמים פאר דעם אידישען פאָלק. די חכמים זיינען פערבליעבען אין זיין הויז, וואו זיי האָבען מתפּלל געווען צו גאָט, און דערנאך פערבראכט די איבעריגע צייט אין לערנען.

דאמיציאן האָט צוריקגענומען זיין פרוי, דאמיציא, און כאָטש זי האָט צוריקגעקראָגען איהר טיטול, איז זי דאך נישט געווען פערערעכענט אין דעם צעזאר'ס אויגען די זעלבע ווי פריהער... ער האָט איהר שטארק געהאסט, און נישט איין מאָל האָט ער איהר דאָס געלאזט פיהלען... זיין פריהערדיגע ליעבע צו אקטאוויא'ן האָט אין איהם ווידער ערוואכט... איהם האָט שוין פערדראָסען פארוואס ער האָט נישט געלאזט דאמיציא'ן גלייך טוידטען פאר דעם פערברעכען וואס זי איז בעגאנגען... דאן וואלט ער דאך געווים בערעכטיגט געווען... זיא האָט דאך איהם פערראטען... ווען זי וואלט יעצט געווען טוידט, וואלט ער געווען פריי צו נעמען אקטאוויא'ן... ער איז געווען פערביטערט געגען איהר. ער האָט אבער נישט געוואלט צוקריגען מעהר שונאים, דעריבער האָט ער איהר גארנישט געטהאָן... דאמיציא האָט געהאט איהר זעלבען פּאלאץ, אבער דער צעזאר, האָט מיט איהר מעהר נישט געהאט קיינע פערבינדונגען, און ווען ער פלעגט געהן בעזוכען פערשידענע פערוויילונגס פּלעצער, האָט ער זיין פרוי ניט מיטגענומען...

איינמאָל, ווען דאמיציאן איז געווען אין דעם אמפי טעאטער האָט ער בעמערקט אויף דער ביהנע א יונגען שוישפּיעלער מיט'ן נאמען גאנימיד, וועלכער איז איהם שטארק געפעלען געווארען. נאך דער פארשטעלונג האָט איהם דאמיציאן צוגערופען און איהם איינגעלאדען צו זיין פּאלאץ...

גאנימיד איז געווארען דעם צעזארס בוזים פריינד... און מיט איהם האָט ער זיינע ווילדע ליידענשאפטען געשטילט... אין יענער צייט איז אזעלכע שענד־

ליבע מעשים נישט געווען קיין נאווינע, און פיעלע פון די אריסטאקראטישע רוי־מער. האבען עס פראקטיצירט...

דער צעזאר האט קיינעם פון זיינע דינער נישט געטרויט, און ווען איינער האט געדארפט אריינגעהן צו איהם אין צימער, האבען איהם דעם צעזאר׳ס לייב וועכטער פריהער גוט בודק געווען, צי ער טראגט נישט קיין געוועהר, גאנימיד׳ן, אבער האט ער מיט אלעם געטרויט... קיינער האט דעם צעזאר נישט געמארט שטערען ווען ער איז פערבליבען מיט איהם אליין...

פאר א לאנגע צייט איז איהם גאנימיד געווען געטריי און איבערגעגעבען...

אבער שפעטער האט זיך דאמיציאן גענומען בעגעהן מיט איהם גרויזאם; ער פלעגט איהם קנייפען, בייסען און אנטהאן אנדער שרעקליכע ענויים...

גאנימיד האט גענומען טראגען א שטארקע שנאה אויף דעם צעזאר... ער האט עס נישט ארויסגעוויזען, וויל ער האט מורא געהאט פאר זיין לעבען...

איינמאל ווען דאמיציאן האט איבערגעלאזען גאנימיד׳ן אין זיין שלאף צימער און ער איז א ווייקע ארויסגאנגען, האט גאנימיד בעמערקט א פארמעט אונטער דעם צעזאר׳ס קישען... ער האט דעם פארמעט פאנאנדערגעוויקעלט און עס דורכגעלייענט... דארטען זיינען געווען די נעמען פון די וועלכע זיינע פערצייכענט געווארען צו שטארבען דעם יאהר. די "טוידטען ליסטע" פלעגט דאמיציאן האלטען פארבארגען אונטער זיין קישען, און ווען ער פלעגט פערלאזען זיין צימער, פלעגט ער עס מיטנעמען... דיזען מאל האט ער פערגעסען מיטצו־נעהמען און גאנימיד האט עס געפונען... אויף דער ליסטע געטוידטעט צו ווערען, איז אויך געשטאנען דאמיציא, די צעזארין, מעסעלינא, סעיאנוס בורוס׳עס פרוי און מעסעלינא׳ס ברודער דעם צעזאר׳ס הויפט לייב־וועכטער.

גאנימיד האט גענומען דעם פארמעט, שטילערהייד ארויסגעגאנגען פון צימער דורך די הינטער טיהר און עס געוויזען דער צעזארין.

— דאס האב איך יעצט געפונען אונטער דעם צעזאר׳ס קישען — האט ער איהר געזאגט — און איך האב זיך געאיילט אנצוזאגען דער גנעדיגער צעזארין, כדי זאל וויסען זיך ווי צו היטען...

דאמיציא איז בלאס געווארען א טויט שרעק האט איהר ארומגענומען... זי איז שיעור אין חלשות נישט געפאלען...

— זאל זיך די צעזארין בערוהיגען — האט איהר גאנימיד אונטערגעהאל־טען זי זאל נישט אומפאלען — איך מוז גלייך געהן עס צוריקלעגען אויף דעם זעלבען פלאץ, דער צעזאר זאל נישט פערדעכטיגען אז איך ווייס דערפון... און יופיטער וועט העלפען דער צעזארין.

גאנימיד איז שנעל אריין אין דעם צעזאר׳ס שלאף צימער און צוריקגעלעגט דעם פארמעט אויף דעם זעלבען פלאץ... און ווען דער צעזאר האט זיך צוריק־געקעהרט האט ער איהם אין גארנישט חושד געווען...

קלעמענס איז אנגעקומען אין פאלאץ און געבעטען די לייב־וועכטער צו־מעלדען דעם צעזאר אז זיין קוזין קלעמענס וויל מיט איהם רעדען וועגען זייער וויכטיגען ענין.

— ניין, מיין האר — האט איהם דער הויפט לייב־וועכטער געזאגט — יעצט טארען מיר דעם צעזאר נישט שטערען... וויל ע... גאנימיד געפינט זיך יעצט דארט...

— ווען דו וועסט איהם דערמאנען מיין נאמען און זאגען אז די זאך איז זעהר וויכטיג, וועט דאמיציאן נישט האבען דאגעגען ווען ער וועט אויף אוויילע געשטערט ווערען...

— אבער מיין האר — האט זיך דער לייבוועכטער אפגערופען — דער צעזאר האט אונז שטרענג פערבאטען איהם צו שטערען ווען גאנימיד געפינט זיך אין זיין צימער...

— גוט, איך וועל ווארטען — האט זיך קלעמענס אפגערופען — און זיך אנידערגעזעצט אויף א שטוהל. וואס איז געשטאנען אין פאר־זאל.

אוויילע שפעטער האט דער לייב־וועכטער בעמערקט ווי גאנימיד האט פער־לאזען דעם צעזאר'ס צימער.

— יעצט קען איך מעלדען דעם צעזאר וועגען דיין בעזוך — האט ער זיך אפגערופען צו קלעמענס'ן...

— איך וועל דיר זעהר דאנקבאר זיין ווען דו וועסט עס טהאן — האט קלעמענס איהם געזאגט.

דער לייב־וועכטער האט געמאלדען דעם צעזאר וועגען קלעמענס'עס פערלאנג.

— זאל מען איהם פריהער בעזוכען צי ער טראגט נישט קיין געוועהר מיט זיך, און דערנאך קענסטו איהם אריינלאזען.

די לייב וועכטער האבען קלעמענס'ען גוט בודק געווען, און ווען זיי האבען ביי איהם גארנישט געפונען, האט מען איהם אריינגעלאזען צום צעזאר.

—זאל דער צעזאר לאנג לעבען — האט איהם קלעמענס בעגריסט — האסטו דען מעהר קיין צוטרוי צו דיין אייגענעם קוזין, און דארף מען איהם דען אויך בודק זיין, איידער ער קומט צו צום צעזאר...

— איך האב זעהר פיעל שונאים אין מיין גרויסע אימפעריע... און דעריבער מוז איך זעהר פארזיכטיג זיין...

— אבער אין מיר, מעכטיגער צעזאר, האסטו דאך געוויס נישט קיין שונא, טו ווארום זאלען מיר דיינע דינער אזוי בעהאנדלען ?... איך האב זיך געפיהלט שטארק בעליידיגט פון דעם...

— דו דארפסט זיך נישט געפינען בעליידיגט, קלעמענס, — האט איהם דאמיציאן געזאגט — ווען מיין פאטער און ברודער וואלטען יעצט געלעבט, וואלט איך מיט זיי אויך אנדערש נישט געהאנדעלט ווי איך האנדעל מיט דיר און מיט אנדערע וועלכע קומען מיר בעזוכען... אין דער יעצטיגער צייט, קען קיינער נישט וויסען ווער עס איז זיין גוטער פריינד און ווער עס איז זיין שונא.

— דער צעזאר איז גערעכט — האט זיך קלעמענס אפגערופען מיט א שמייכעל — אט דו אליין נעמסט אן פיעלע פון דיינע איבערגעבענסטע פריינד פאר שונאים... און דו באגעהסט פיעלע אומרעכטען געגען זיי.

— וואס מיינסטו דאמיט ! האט דאמיציאן האסטיג א פרעג געטהאן.

— איך מיין — האט קלעמענס געענטפערט — אז ווען מען האט א גוטען פריינד און מען ווייס דאס נישט, איז א גרויסער שאדען... ווען אבער מען נעמט אן א גוטען פריינד פאר א שונא, דאן איז דאס א גרויסער אומגליק...

— איך פערשטעה נאך אלץ נישט גענוי וואס דו זאגסט עס — האט איהם דאמיציאן שטרענג א זאג געטהאן.

— גנעריגער צעזאר — האט קלעמענס געזאגט מיט א ציטערענדע שטימע — דו האסט געהאט און דו האסט אויך יעצט אין דעם אידישען פאלק גוטע פריינד... אבער צום גרוים בעדויערען בעטראכסטו זיי אלס דיינע שונאים... דוא האסט ארויסגעגעבען אזא שרעקליכע גזרה אויסצוראטען אלע אידען פון דיין אימפעריע...

— די אידען זיינען אונזערע שטארקע שונאים — האט דאמיציא׳ן געזאגט, זיי ווען אונז קיינמאל נישט ווען פערגעבען פארוואס מיר האבען חרוב געמאכט זייער בית המקדש... און ביי יעדער געלעגענהייט ווען זיי זוכען נקמה אן אונז... איז דעריבער גלייכער, דאס יעצט, ווען מיר האבען די אויבערהאנד, זיי אין גאנצען צו פערניכטען...

— אבער מעכטיגער צעזאר, אין דער יעצטיגער צייט זיינען דאך די אידען דיר זעהר געטריי און וואס שפעטער וועט זיין ווייס דאך קיינער נישט, טו פארוואס ווילסטו זיי אלעמען טוידטען?...

— זיי ווידערשפעניגען יופיטער׳ן און די איבעריגע רוימישע געטער — האט דאמיציאן זיך אויסגערופען — און א חוץ דעם פיהרען זיי אראפ פיעלע רוימער פון גלייכען וועג...

— וואס האבען זיי דען געטהאן צו די רוימער... גלויבען אין גאט איז דאך נור אן איבערצייגונג און ווען איינער מיינט אנצונעמען די רעליגיאן פון אן אנאנדער פאלק, טוט ער דאס אויף זיין אייגענער איבערצייגונג.

— איך האב אבער צופיעל געליטען פון דעם אידישען פאלק — האט דאמיציאן אויסגערופען, — פריהער האט מיר די אידישע מיידעל אפגענארט און האט חתונה מיט א צווייטען... און דערנאך איז געקומען פאריז, דער אידישער טענצער, און האט מיין פרוי אראפגעפיהרט פון ריכטיגען וועג.

— די אידישע מיידעל האט דיר נישט אפגענארט, מעכטיגער צעזאר, ווייל זי האט נישט געוואוסט דיינע כונות... זי האט זיך געליעבט אין אונוס׳ן און מיט איהם חתונה געהאט... און וואס אנבעלאנגט דעם טענצער, פאריז, איז נאך ביז יעצט נישט בעוויזען געווארען אז ער האט געשטאמט פון אידען...

— מיינע גוטע פריינד האבען מיר געזאגט אז פאריז קומט פון אידען — האט דאמיציאן געזאגט.

— די וועלכע האבען עס דיר געזאגט זיינען שונאים פון דעם אידישען פאלק — האט קלעמענס געענטפערט — זיי זוכען צו פערניכטען דעם עהרליכען און קלוגען פאלק, ישראל...

— דו ועסט מיר נישט קענען איינרעדען, קלעמענס, די אידען זיינען מיינע גרעסטע שונאים, און זיי אלע פערדינען דעם טוידט!...

— נישט די אידען זיינען דיינע פיינד, נור די וועלכע האבען אויף זיי אנגערעדט, זיינען דיינע פיינד און דו זאלסט זיך בעסער אויסהיטען פון זיי...

— מיט דעם וואס דו פערטהיידיגסט די אידען ביזטו אויך איינער פון מיינע פיינד! — האט דאמיציאן אויסגערופען...

— ניין, גרויסער צעזאר — האט קלעמענס געענטפערט — דו מאכסט א טעות, ווייל איך בין דיין פריינד, ווארען איך דיר ניט צו באגעהן אזא שרעקליכע עולה נעגען דעם אידישען פאלק... דער אידישער גאט איז שטארק און

מעכטיג, און ער וועט זיך אפרעכענען מיט יעדען איינעם וועלכער זוכט די אידען שלעכטעס צו טהאן...

— יופיטער איז שטארקער און מעכטיגער פון דעם אידישען גאט — האט דאמיציאן געלאכט — מיט יופיטער'ס הילף בין איך יעצט דער מעכטיגסטער צעזאר... יופיטער האט געהאלפען מיין ברודער אין דער מלחמה מיט די אידען... דער אידישער גאט איז געווען הילפלאז געגען אונזער מעכטיגען יופיטער, ווען ער האט געלאזען די רוימער צוצ[illegible]ען זיין לאנד און זיין בית המקדש...

— דאס האט זיי גאט בעש[illegible]פט פאר זייערע זינד — האט קלעמענס געענטפערט — און דערפאר האבען די רוימער געגלויבט אז זייער זיעג קומט דורך יופיטער'ס הילף... אבער יעצט־וועט דער גאט פון ישראל נישט דערלאזען אז דו זאלסט פערניכטען די אידען, און איך בין דאס דיר געקומען ווארנען כדי דיר צו פערהיטען פון דער זעלבער מפלה וואס חמן האט געהאט, ווען ער האט געוואלט פערניכטען אלע אידען פון זיין לאנד...

— לויט דיינע רייד, קומט אויס, אז דו גלויבסט אין דעם אידישען גאט מעהר ווי אין יופיטער'ן־ — האט דאמיציאן מיט כעס געזאגט.

— דו האסט רעכט, גנעדיגער צעזאר — האט קלעמענס צוגעשטימט — איך גלויב אין דעם אידישען גאט ווייל ער איז דער בעשעפער פון דער וועלט־... און אין זיין נאמען בעט איך דיר צוריקציהען דיין שרעקליכע גזרה אויף די אידען...

— הייסט עס אז דו האסט אנגענומען דעם אידישען גלויבען־ איז דאמיציאן אויפגעשפרונגען פון זיין פלאץ.

— איך האב אנגענומען דעם אידישען גלויבען און איך בין גליקליך אז ענדליך האט מיין נשמה געפונען א תיקון...

— און דיין פרוי דאמיציליא האט עס דיר דערלאזען ?! — האט דאמיציאן א פרעג געטהאן מיט צארן.

— דאמיציליא און מיינע צוויי זיהן האבען אויך אנגענומען די אידישע רעליגיאן און ווען מיינע צוויי זיהן זיינען געשטארבען, זיינען זיי געווען ריכטיגע אידען!... — האט קלעמענס געענטפערט מיט רוהיגקייט.

— דו פערדיענסט דעם טוידט!! — האט דאמיציאן אויסגעשריען מיט ערשיטערונג — דו האסט געלעסטערט די רוימישע געטער!...

— איך וועל שטארבען מיט א שמייכעל פאר דעם אידישען גאט און זיין פאלק — האט קלעמענס געענטפערט.

— דו מוזט זיין פון זינען געריהרט! — האט דאמיציאן נאך אלץ געשטור־רעמט — דו ווייסט דאך דעם נייעם געזעץ אז יעדער איינער וואס איז זיך מגיר, מוז בעשטראפט ווערען מיט'ן טוידט... טו ווי אזוי טוסטו אזא געפעהרליכען שריט... מיינסטו, ווייל דו ביזט מיין קוזין, אז איך וועל דיר שענקען דעם לעבען... געה צוריק צו דיין רעליגיאן, בעט מחילה ביי יופיטערן, פיעלייכט וועט ער דיר מוחל זיין, דאן וועל איך דיר אויך שענקען דיין לעבען...

— איך האב דעם העכסטען גליק אין מיין לעבען געפינען, זאל איך עס דען אויפגעבען ?... ניין, א, צעזאר, איך וועל שטארבען מיט א שמייכעל אויף מיינע ליפען פאר דעם גאט פון די אידען...

— זעהסטו דען נישט, דו נארישער קלעמענס, אז יופיטער האט דיר בע־

שטראפט, ווייל דו האסט איהם פערלאזען... ער האט דיינע צוויי קינדער, וועלכע איך האב געהאט בעשטימט זיי זאלען ווערען מיינע נאכפאלגער, געטויטעט...

— איידער צו זעהן מיינע קינדער פערדארבען און כאראקטערלאזע ווי דו ביזט, ווען זיי וואלטען בעקומען די מאכט, איז שוין בעסער אז זיי זייען גע־שטארבען יונג און אומשולדיג...

— דריי טעג צייט גיעב איך דיר, קלעמענס — האט דאמיציאן אויסגערו־פען — און אויב דו וועסט ביז דאן נישט חרטה האבען אויף דיינע מעשים, דאן פערשפיעלסטו דיין לעבען... איך האב דיר גליך געזאלט טוידטען פאר אזא פער־ברעכען, אבער אזוי ווי דו ביזט מיין נאהענטסטער קרוב, דעריבער גיעב איך דיר דריי טעג צייט זיך צו בעזינען... די זעלבע זאך זאלסטו אנזאגען דיין פרוי דאמיציליאן. יעצט געה פון מיר איך וויל דיר מעהר נישט אנקוקען!...

— איידער איך געה — האט קלעמענס געזאגט — בעט איך דיר נאך אמאל, דו זאלסט צוריקציהען דיין שלעכטע גזרה געגען די אידען...

— יעצט וועל איך נאך די גזרה שטארקער מאכען און זאל דיר און דיינע פריינד, די אידען, העלפען דער אידישער גאט... פערלאז מיין פאלאץ!

קלעמענס איז ארויס פון פאלאץ מיט א טרויעריגען געמיטה, איהם האט נישט געארט פאר זיין לעבען, אבער ער האט מורא געהאט פאר דעם גורל פון דעם אידישען פאלק.

ווען ער איז געקומען אהיים זיינען איהם די פיער חכמים און דאמיציליא געקומען אנטקעגען:

— נו, וואס האסטו עפעס גע'פועלט ביי איהם? — האט דאמיציליא איהם גלייך געפרעגט.

— ניין, — האט קלעמענס געענטפערט — דער פערדארבענער דאמיציאן איז געבליבען ביי זיין רשעות און פערדארבענהייט... יעצט דארפען אלע אידען מתפלל זיין צו אונזער בעשעפער... און איך בין זיכער אז גאט וועט זיך מרחם זיין איבער זיין פאלק און מבטל מאכען דעם רשע'ס גזרה...

— דאך, וועל איך פרובירען געהן צו איהם, מיין טייערער קלעמענס, אפשר וועט מיר געלינגען איהם איבערצורעדען... ער איז דאך מיין אנקעל, פיעלייכט וועט ער מיר טאהן די געפעלינקייט.

— געה נישט, מיין ליעבע פרוי, דו וועסט שוין בעסער נישט קענען מאכען... איך האב איהם אויסגעזאגט אז מיר זיינען אידען...

— וואס האט ער דערצו געזאגט?! — האט דאמיציליא א בלאסע גע־פרעגט.

— ער האט מיר געגעבען דריי טעג צייט און אויב איך וועל ביז דאן נישט פערלאזען מיין אידישקייט, דאן וועט ער מיר טוידטען...

— א, מיין גאט! — האט דאמיציליא אויסגעשריען און איז געפאלען אין חלשות.

די פיער חכמים האבען געהאלפען קלעמענס'ן אפצומינטערען דאמיציליא'ן... ווען זי איז צו זיך געקומען האט זי זיך אפגערופען:

— וואס דיינקסטו, מיין ליעבער מאן צו טהאן?

— מיין געטריע דאמיציליא — האט זיך קלעמענס אפגערופען — איך בין געוועזען דער גליקליכסטער מענש ווען איך האב ערקענט די גרויסקייט פון

דעם אידישען גאט, און ווען איך האָב אנגענומען די אידישע רעליגיאָן, האָב איך זיך געפיהלט ווי ניי געבוירען... יעצט בין איך גליקליך צו שטארבען פאר מיין גאט און מיין פאָלק, די אידען.

— איך האָב אין דעם נישט געצווייפעלט! — איז דאָמיציליא ארויפגעפאַלען קלעמענס'ן אויף'ן האלז און איהם געקושט — איך וועל שטארבען צוזאמען מיט דיר און זאָל זיך דורך אונזער טויט דער ליעבער גאט מרחם זיין אויף אלע אידען...

ווען די חכמים האָבען געזעהן ווי קלעמענס און זיין פרוי בעשליסען צו שטארבען פאר דער אידישער אמונה, האָבען זיי זיך אומגעקעהרט צום וואנט און זיך פאנאנדערגעוויינט.

רבי עקיבא איז צוגעגאנגען צו קלעמענס'ן און צו דאָמיציליא'ן מיט א פרעהליכען, שמייכעלדיגען פנים.

— רבי עקיבא, וואָס איז מיט דיר אזוי די שמחה? — האָט זיך רבן גמליאל אפגערופען.

— און וואָס איז אזוי גרויס אייער טרויער? — האָט זיי רבי עקיבא געפרעגט.

— ווי זאָלען מיר נישט טרויעריג און ווי זאָלען מיר נישט וויינען — האָבען זיך די חכמים אפגערופען — ווען מיר זעהן ווי אזא נאָבעלער מענש, אזא גוטער און געטרייער איד ווי קלעמענס איז, וועט באלד שטארבען פון די הענד פון דעם גרויזאמען צעזאר.

— מיינע חברים! — האָט זיך רבי עקיבא צו זיי אפגערופען. — איך פרעה זיך, ווייל איך זעה ווי גרויס און הייליג אונזער פריינד קלעמענס איז, און ער בעשעפער האָט איהם געגעבען אזא גרויסע געלעגענהייט צו שטארבען על קדוש השם... קען דען זיין עטוואס גרעסער און נאָבעלער אין דער וועלט, ווי זיך צו אפפערען פאר גאט און זיין פאָלק... קען דען א מענש ארויסצייגען זיין גרויסע ליעבע צו זיין גאט צו זיין פאָלק און צו זיין אידעאל מיט עפּעס העכערעס ווי אפצוגעבען זיין לעבען פאר דעם?... גליקליך ביזטו קלעמענס וואס דער בורא האָט דיר אזא זכיה געגעבען, און גליקליך ביזטו דאָמיציליא וואס דיר האָט אויך גאָט געגעבען א געלעגענהייט צו צייגען ווי געטריי דו ביזט איהם... איך בין מתפלל צו דיר, גאָט פון ישראל, מאך דאָס איך זאָל זיין ווערטה צו האָבען די זכיה זיך מקריב צו זיין פאר דיר, פאר דיין תורה און פאר דיין אויסדערוועהלטען פאָלק ישראל. דאָס איז דער העכסטער גליק וואס א מענש קען דערגרייכען... און דעריבער פרעה איך זיך צו זעהן אז אונזער בעסטער פריינד האָט ביי דערגרייכען דיעזען גליק...

— דו האָסט אונז געטרייסט, רבי עקיבא! דו האָסט אונז געטרייסט! — האָבען די חכמים געענטפערט.

---

די דריי טעג וואָס איז געגעבען געוואָרען צו קלעמענס'ן ער זאָל חרטה האָבען זיינען פאריבער. די חכמים, קלעמענס און זיין פרוי האָבען די גאנצע צייט געפאסט און מתפלל געווען צו גאָט... די לעצטע שטונדע איז געקומען... קלעמענס האָט זיך געזעגענט מיט די חכמים:

— באלד דארפען אנקומען דעם צעזאר'ס שלוחים צו הערען מיין תשובה... איך וועל מיט זיי געהן צו דעם רשע פון וואנען איך וועל קיין לעבעדיגער נישט צוריקקומען... איך גלויב אז דער רשע וועט פיעלייכט שענקען דאמיציליא איהר לעבען, בעט איך אייך, איהר הייליגע פון ישראל, איהר זאלט זעהן איהר צו בעשיצען פון אלדאס בייז, זאל זי מיטפאהרען מיט אייך נאך יהודה און זאל זי דערלעבען צו זעהן די צוריקאויפבויאונג פון ירושלים און דעם בית המקדש... און ווען גאט וועט העלפען און דער רשע וועט בעשטראפט ווערען זאלט איהר זיך אויך דערמאנען אן אונוס'ן און אקטאוויא וועלכע געפינען זיך אויף דעם איינזאמען אינזעל, פאנדאטאריא...

— מיין ליעבער מאן האט דאמיציליא געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען — איך וועל נישט דערלאזען אז דו זאלסט שטארבען און מיין לעבען זאל מיר געשאנקען ווערען... מיר האבען ביידע, אין דערזעלבער צייט אנגענומען דעם אידישען גלויבען, און איך פערלאנג נישט פון דאמיציאן מיר צו שענקען מיין לעבען, אויב ער וועט דיר טוידטען, דאן זאל ער מיר אויך טוידטען...

— יעצט גלויב איך איז די צייט, דאס מיר זאלען געהן צום צעזאר, — האט רבי יהושע געזאגט — מיר וועלען איהם בעטען פאר דיין לעבען און אין דערזעלבער צייט פאר דעם לעבען פון דעם גאנצען אידישען פאלק.

— דו ביזט גערעכט יהושע — האט זיך רבן גמליאל אפגערופען — עס איז טאקע זעהר נאבעל און בראוו צו שטארבען פאר אן אידעאל... אבער דאס אידישע פאלק טאר ביי דער יעצטיגער צייט נישט פארלירען אזא מאן ווי קלעמענס... ווינציג אזעלכע מענשען געפינען זיך יעצט אין רוים...

— מיינע פריינד, — האט זיך קלעמענס אפגערופען — נישט אן אייך ווענדעט עס זיך... דאמיציאן וועט זיין ווארט נישט בייטען... ער ווארט יעצט אויף מיין תשובה און אויב איך וויל נישט אויפגעבען מיין אידישקייט, דאן מוז איך שטארבען... מיין עצה איז אז איהר זאלט זיך בעסער נישט ווייזען פאר דעם רשע... ווײלע אייער קומען יעצט צו איהם, קען נאך די לאגע פערערגערען אנשטאט צו פארבעסערען...

א קלאפ אין טיהר האט זיך געהערט... דאס קומען זיי, דעם צעזארס שלוחים... יע, זיי זיינען עס...

די טוידט בלאסע דאמיציליא האט געעפענט די טיהר...

— אין דעם נאמען פון צעזאר קומען מיר צו ברייגגען קלעמענס'ען בעפאר דאמיציאן...

— וועט דער מערדערליכער צעזאר נישט שאנעווען אפילו זיין אייגענעם קוזין? — האט דאמיציליא אויסגעשריען.

— דאס איז דער וואונש פון דעם צעזאר, — האבען די באוואפענטע שלוחים געזאגט — מיר מוזען פאלגען אלע זיינע בעפעהלע...

— שטארק זיך מיין ליעבע דאמיציליא — האט איהר קלעמענס געקושט — איך געה יעצט אין דעם וועג וואס פיהרט צום עוויגען גליק...

— איך וויל מיטגעהן מיט דיר, מיין ליעבער מאן — האט דאמיציליא געוויינט — מיין לעבען אהן דיר איז גארנישט ווערטה... איך וועל זיין גליקליך ווען איך וועל שטארבען צוזאמען מיט דיר.

— עס טחום אונז לייד, גנעדיגע פרוי, אבער דער צעזאר האט אונז נור בעפוילען צו ברייננגען קלעמענס'ן צו איהם אבער נישט זיין פרוי...

— איך וועל איהם נישט לאזען געהן אליין — האט דאמיציליא געשריען — איך מוז מיט איהם מיטגעהן...

— בעט גאט פאר מיין נשמה — האט קלעמענס זיך אפגערופען צו דיא חכמים — ווען ער איז ארויס אין דער בעגלייטונג פון די שלוחים, — און איך וועל דארטען, אין הימעל זיך משתדל זיין פאר'ן כלל ישראל...

דאמיציליא איז געגאנגען ביי איהר מאנ'ס זייט... און געוויינט...

ווען זיי זיינען צוגעקומען צום פאלאץ האבען די בעאמטע איהר נישט געוואלט אהין אריינלאזען...

— לאזט מיר צו דעם צעזאר! — האט דאמיציליא געבעטען, לאזט מיר צו מיין אנקעל!

— מיר מוזען קריגען דעם צעזאר'ס דערלויבנים דערצו — האבען דעם צעזארס לייב וועכטער געזאגט...

— אהן מיר וועט מיין מאן אויך נישט געהן — האט דאמיציליא אויסגעשריען און צוגעהאלטען קלעמענס'ן פאר'ן האנט.

די בעאמטע און די לייב־וועכטער האבען נישט געוואוסט וואס צו טהאן... זאלען זיי איהר צווינגען אוועקצוגעהן פון דאנען... פיעלייכט וועט דער צעזאר בייז ווערען... זי איז דאך די טאכטער פון זיין שוועסטער... זאלען זיי איהר אריינלאזען צו דאמיציאן צוזאמען מיט קלעמענס'ן, אפשר איז עס געגען וואונש פון דעם צעזאר.

דער הויפט לייב וועכטער איז אריין צום צעזאר און איהם געזאגט וועגען דעם.

— האט מען גוט נאכגעזוכט קלעמענס'ן און געזעהן צו ער האט ביי זיך נישט קיין בעהאלטענע געוועהר — האט דאמיציאן איהם געפרעגט.

— יע, גרויסער צעזאר — האט זיך דער לייב וועכטער פערנייגט.

— דאן זאל ער אריינקומען צו מיר — האט דאמיציאן געזאגט. — און וואס זאלען מיר זאגען דאמיציליא'ן... זי האלט דאך איהם צו און זאגט אז זי וויל אויך אריינקומען...

— דו זעה מען זאל איהר בעזוכען צו זי טראגט נישט קיין פערבארגענע געוועהר ביי זיך און איך וועל ארויסגעהן צו זיי...

דער וועכטער האט גערופען א פאר הויף דאמען, וועלכע האבען בודק געווען דאמיציליא. און ווען מען האט געמאלדען דעם צעזאר אז דאמיציליא טראגט ביי זיך אויך נישט קיין געוועהר, איז ער ארויס צו זיי.

— נו, האסטו זיך בעזינט קלעמענס און אפגעזאגט פון דיין נארישקייט?

— האט דער צעזאר איהם א פרעג געטהאן.

—אין דעם טאג וואס איך האב זיך אפגעזאגט פון די רוימישע געטער. האב איך זיך אפגעזאגט פון מיין נארישקייט — האט קלעמענס געענטפערט.

— דו בעליידינגסט און לעסטערסט נאך אלץ אונזערע געטער, איך זעה אז דו וועסט מוזען שטארבען.

— וועסטו דען טוידטען דיין איינענעם קוזין ?! — האט דאמיציליא זיך אפגעריסען.

— אפילו ווען מיין אייגענער ברודער וואלט אזוי געהאנדעלט ווי קלעמענס, וואלט איך איהם געלאזען טוידטען...

— דו מערדער! — האט דאמיציליא אויסגערופען — פיעל אומזיסטע בלוט האסטו אין דיין לעבען פארגאסען!... און יעצט ווילסט פערגיסען די בלוט פון מיין מאן! טוידט מיר אויך ווייל איך האב צוזאמען מיט מיין מאן פערלאזען די געטער, און אנגענומען דעם גלויבען פון דעם אידישען פאלק... דער בעשעפער פון דער וועלט וועט זיך מיט דיר אפרעכענען פאר אלע דיינע ווילדע מעשים!...

— ארעסטירט די פרוי! — האט דאמיציאן בעפוילען און ווארפט איהר אריין אין געפענגניס, ביז וואנען איך וועל בעשליסען ווי איהר צו בעשטראפען.

דעם צעזאר׳ס לייב וועכטער האבען זיך א ווארף געטהאן ווי ווילדע חיות אויף דאמיציליא און איהר גענומען שלעפען... דאמיציליא האט זיך געהאלטען פעסט אייננעקלאמערט אין קלעמענס׳עס האנט. אבער די שטארקע געזונטע הענד פון די וועכטער האבען זי אפגעריסען פון איהר מאן, און זי אוועקגעפיהרט אין געפענגניס.

— פיהרט ארויס קלעמענס׳ן און טוט מיט איהם ווי ער פערדיענט — האט דאמיציאן א קאמאנדעווע געטהאן — טוידטעט איהם אין מיטען גאס, נעבען מיין פאלאץ... איך וועל ארויסקוקען פון מיין פענסטער און צוזעהן מיט מיינע אויגען ווי דער לעסטערער פון יופיטער קריגט זיין פערדיענטע שטראף.

די הינריכטער האבען קלעמענס׳ן ארויסגעפיהרט אויף דער גאס... א גרויסער, נייגיריגער און בלוט דורשטיגער המון האט זיך פערזאמעלט צו זעהן דעם "אמוזירענדען" ספעקטאקעל... און ווען דער תליון האט זיין שווערד אויפגעהויבען, האט קלעמענס אויסגעשריען: "שמע ישראל ה׳ אלקינו ה׳ אחד!" און אויסגעהויכט זיין כשרה אידישע נשמה.

דער צעווילדעטער המון וואס איז בעת מעשה געווען פאר׳שכור׳ט פון דעם "שפיעל" האט אבער יעצט, ווען קלעמענס איז געלעגען טויט, זיך עטוואס אויסגעניכטערט.

— וואס איז דא פארגעקומען — האבען זיי געטראכט — דער צעזאר האט געלאזען טוידטען דעם גוטהערציגען קלעמענס׳ען זיין אייגענעם קוזין... א טויט שרעק איז אויף זיי אנגעפאלען און מיט טרויעריגע געמיטער זיינען זיי זיך צוגאנגען...

דאמיציאן האט ארויסגעקוקט פון פענסטער פון זיין פאלאץ און ווען דער הינריכטער האט צו איהם א וואונק געטהאן אז עס איז שוין נאבאלעמען, האט זיך בעוויזען א שמייכעל אויף דאמיציא׳ס פנים און ער האט זיך צוריקגעצויגען צו זיין צימער וואו גאנימיד האט אויף איהם געווארט...

---

ווען די חכמים האבען געהערט אז קלעמענס איז טויט האבען זיי צוריסען זייערע קליידער און געשאטען אש אויף זייערע קעפ...

— ביז ווי לאנג, א, גאט, — האט רבן גמליאל מתפלל געווען,—וועסטו לאזען דעם רשע טאהן וואס איהם געפעהלט. ווען וועט שוין נעמען אן ענדע צו אונזערע צרות און ווען וועלען אויפהערען די לײדען פון דעם צדיק.

— דיין ריינעם הייליגעס בלוט האסטו געגעבען, קלעמענס, פאר גאט און

פאר דיין פאלק ישראל, דו ביזט געשטארבען על קדוש השם! — האט רבי יהושע געקלאגט.

— מיינע חברים, קלאגען און וויינען וועלען אונז יעצט גארנישט העלפען — האט רבי עקיבא געזאגט — מיר מוזען געהן זעהן פיעלייכט וועלען מיר עפעס קענען טהאן פאר דער נאבעלער דאמיציליא... ווי איך האב אויסגעפונען געפינט זי זיך יעצט אין געפענגניס, לאמיר אהין אריבערגעהן, אפשר וועט אונז געלינגען מיט איהר צו ריידען.

רבי עקיבא מיט די חכמים זיינען אוועק צו דעם געפענגניס.

— געפינט זיך דא דעם סענאטארס פרוי? — האט רבי עקיבא געפרעגט דעם וועכטער.

— יע — האט דער וועכטער געענטפערט.

— מיר וואלטען וועלען מיט איהר ריידען — האט רבי עקיבא איהם געזאגט און איהם אין האנט אריינגערוקט א מטבע...

— דאס איז אוממעגליך — האט דער וועכטער געזאגט און אריינגעלעגט די מטבע אין זיין קעשענע...

— קענסטו מיר זאגען וואס דער צעזאר וועט טהאן צו דאמיציליא — האט רבי עקיבא ווידער געגעבען א מטבע.

— דאמיציליא וועט נאך היינט פארשיקט ווערען אויף דעם אינזעל פאנדא־טאריא — האט דער וועכטער געענטפערט.

— נו, דאנקען גאט — האט רבי אלעזר אויסגערופען — עס איז נאך פארהאן א האפנונג...

די חכמים האבען געווארט אין דרויסען... זיי האבען געוואלט איהר זעהן און איהר טרייסטען אין גרויסען אומגליק... א ווײלע שפעטער האבען די וועכטער ארויסגעפיהרט דאמיציליא'ן פון געפענגניס. די אומגליקליכע איז געגאנגען מיט א געבויגענעם קאפ איהר פנים איז געווען פערטרויערט. און ווען רבי עקיבא האט געוואלט צוגעהן צו איהר, האט איהם דער וועכטער נישט געלאזען.

מיט די בליקען פון זייערע טרעהרענדע אויגען האבען די חכמים בעגלייט די נאבעלע פרוי דאמיציליא, וועלכע איז געפיהרט געווארען צו דעם אינזעל פאנדאטאריא, צו איהר גלות...

איין און פערציגסטער קאפיטעל

## אז מען גראבט א גרוב...

נאכדעם ווי דאמיציאן האט געטויטעט קלעמענס'ען און פארשיקט דאמי־ציליא'ן אויף דעם אינזעל, האט ער נאך מעהר גענומען טראכטען וועגען אקטא־וויא'ן כל זמן קלעמענס האט געלעבט, האט ער געוואוסט, וועט זיין אוממעגליך פאר איהם צו טוידטען אונוס'ן און צוריקרופען אקטאוויא'ן פון דעם אינזעל, ווייל אונוס איז דאך פארט געווען קלעמענס'עס אדאפטירטער זוהן און ווען ער זאל איהם טוידטען צוליעב זיין ליעבע צו אקטאוויא'ן, וואלט קלעמענס און זיין פרוי געמאכט דערפון א סקאנדאל און דאמיט וואלט ער זיך ערווארבען מעהר שונאים... יעצט אז ער איז פטור געווארען פון ביידען, וועט ער קענען פערווירק־ליכען זיין פלאן... ער וועט נאר דארפען פטור ווערען פון זיין פרוי...

דאמיציאן איז געלעגען אויסגעצויגען אויף זיין בעט און גענומען טראכטען פון פערשיעדענע פלענער ווי אזוי אפצוראמען זיין פרוי פון וועג...

צוזאמען מיט זיין פרוי וועלען מוזען בעצאהלען מיט זייערע לעבענס מעסעלינא און איהר ברודער. זיין הויפט לייב וועכטער — האט דאמיציאן בעשלאסען... מעסעלינא ווייס צופיעל פון זיינע סודות... זי האט איהם דאך געראטען ער זאל פערגעסען אן אקטאוויא'ן און צוריקרופען די צעזארין... זי פארדיענט דעם טוידט דערפאר... און איהר ברודער ?... ער טאר נישט בלייבען לעבען נאכדעם ווי מעסעלינא וועט געטוידטעט ווערען... ווייל ער וועט געוויס וועלען זיך נוקם זיין פאר איהר טוידט... פאר סעיאנוס בורוס'ן האט ער נישט וואס מורא צו האבען... ער איז דאך תמיד שכור, און צווייטענס וועט ער נאך אליין זיין גאנץ צופריעדען פטור צו ווערען פון זיין פרוי... יע, די דריי מוזען שטארבען!... ווי אזוי ? ווי זאל ער עס טהאן און בלייבען גערעכט אין די אויגען פון פאלק... פאר קלעמענס'עס טוידט האט ער געהאט א גוטען תירוץ ; ער האט געלעסטערט יופיטער'ן און דערפאר האט ער פארדיענט דעם טוידט... אבער וואס פאר א תירוץ קען ער אנגעבען פאר זייער טוידט ?...

לאנג האט אבער דאמיציאן נישט געדארפט טראכטען ; ער האט געווארפען זיינע בליקען אויף גאנימיד'ן וועלכער איז געשטאנען נעבען זיין בעט און געווארט... זיין פנים האט פלוצלונג אויפגעלויכטען :

— גאנימיד ! — האט זיך דאמיציאן צו איהם אפגערופען אוועקזעצענדיג זיך אויף'ן בעט — ביזטו מיר איבערגעגעבען און געטריי ווי אימער...

— מעכטיגער צעזאר ! — האט גאנימיד אויסגערופען פאלענדיג אויף זיינע קניה — דיין קנעכט איז איבערגעגעבען צו דיר מיט זיין לייב און זעעלע... איך בין געגרייט מקריב צו זיין מיין לעבען פאר דעם וואהלזיין פון דעם צעזאר...

א שמייכעל האט זיך בעוויזען אויף דימיציאנס ליפען :

— איך האב קיינמאל נישט געצווייפעלט אין דיין טרייהייט צו מיר — האט ער געזאגט — איך ווייס אז אלעס וואס קומט פאר צווישען מיר און דיר וועט בלייבען פערזינעלט אין דיין הארצען, און מיינע סודות וועלען קיינמאל דורך דיר נישט ענטדעקט ווערען... נישט ריכטיג, גאנימיד ? !

גאנימיד האט אנגעקוקט דאמיציאן מיט ערשטוינונג... זיינע זיסע, ווייכע רייד האבען איהם דערשראקען... זאל עס זיין אז דער צעזאר האט איהם אויך פערשריעבען אין דער "טוידטען ליסטע ?"... ער ווייס אז ווען דאמיציאן רעדט צו אימיצען מיט ווייכקייט און צערטליכקייט, איז א סימן אז יענעם'ס טעג זיינען געצעהלטע...

— ווירדיגער צעזאר ! — האט ער געזאגט מיט א ציטערענדע שטימע און זיין פנים איז געווארען טוידט בלאס... — האב איך דען ווען עס איז, עפעס געזינדיגט געגען צעזאר ?...

— זיי רוהיג, גאנימיד — האט דער צעזאר זיך אפגערופען — קיין שלעכטעס וועט דיר נישט געשעהן... ווי באלד אז דו ביזט מיר אזוי געטריי, בין איך זיכער אז איך קען דיר פערטרויען אלע מיינע סודות... איך גלויב אז דו וועסט מיך נישט נאר נישט בעטריגען, נאר דו וועסט מיר אויך ארויסהעלפען אין מיינע פלענער.

— חיילינ ווע‏לען דעם צעזאר'ס ווערטער זיין ביי מיר, אזוי חיילינ ווי יופּיטער אליין !... — האט גאנימיד געזאגט מיט א חניפה.

— יעצט, גאנימיד, זאג מיר, האסטו גוט נאכגעקוקט די אויפפיהרונג פון דער צעזארין ?... האסטו וואס עס איז בעמערקט אויף איהר? זאג מיר דעם ריי־נעם אמת, פערלייקען מיר גאר נישט...

— גנעדיגער צעזאר ! — האט גאנימיד געשטאמעלט — אי... איך האב אויף דער צעזארין גארנישט בעמערקט...

— דו ווייסט דאך מסתמא ווי די צעזארין האט מיך בעטריעגט מיט דעם טענצער פּאריז... פאר דעם האט זי נאך דאן פערדיענט דעם טוידט — האט דאָ־מיציאן געזאגט — אבער איך האב זיך געלאזט איבעררייזדען פון דער ביטרער מעסעלינא און איך האב זי נאך צוריקגערופען... ווי איך פערשטעהע האט דיא צעזארין געווירקט אויף מעסעלינא'ן זי זאל מאכען שלום צווישען אונז... איך גלויב אויך אז מעסעלינא'ס ברודער, מיין הויפּט לייב־וועכטער, האט דער צעזארין אין דעם א סך געהאלפען... איך האב יעצט שטארק חרטה אויף דעם וואס איך האב נישט בעשטראפט די צעזארין ווי זי האט פערדיענט... יעצט וועל איך דיר ענטדעקען מיין סוד... אבער איידער איך גאה עס דיר אנפערטרויען, וויל איך דו זאלסט מיר שווערען ביי דעם הייליגען יופּיטער און די איבעריגע געטער פון רוים פאר קיינעם נישט ארויסגעבען מיין סוד !... שווער מיר !

גאנימיד האט געשווארען...

— גוט, — האט דאמיציאן אויסגערופען — איך נעם אן דיין שבועה, איך זאג דיר אבער אן, אז אויב דו וועסט דיין שבועה נישט האלטען, דאן פער־שפּיעלסטו דיין לעבען... ווען אבער דו וועסט מיר ארויסהעלפען מיט מיינע פּלע־נער, וועל איך דיך זעהר פיעל בעלוינען...

— איך וועל זיך זעהר גליקליך פיהלען, ווען איך וועל קענען דעם גנעדיגען צעזאר צייגען מיין טרייהייט... האט גאנימיד געזאגט.

— אויב אזוי טו הער זיך איין — האט דאמיציאן איהם צוגערופען נאהענט צו זיך — דו דארפסט ארויסלאזען א קלאנג אז דאמיציא, די צעזארין איז זעהר "פריינדליך" מיט סטעפאנוס, מיין הויפּט לייב־וועכטער... ווען איך וועל דיך רופען פאר אן עדות זאלסטו דערצעהלען פאר אלעמען ווי דו האסט מיט דיינע אויגען געזעהן ווי סטעפאנוס האט געקושט די צעזארין... און אז זיין שוועסטער מעסעלינא איז אויך געווען דערביי... דאס וועט אלעמען איבערצייגען אז די ביטרע מעסעלינא האט ערמוטהיגט די צעזארין אין איהר אונטרייהייט צו מיר... דאן וועל איך האבען א גוטע אורזאכע די דריי אפצוראמען פון וועג... פערשטעהסטו מיך, ווען איך וויל זיי טוידטען, קען איך דאס טהאן אהן אן אורזאכע אויך, אבער איך וויל צייגען אלע מיינע בעאמטע און סענאטארען אז איך טהו גערעכטינקייט צו יעדען, און יעדער איינער וועלכער ווערט דורך מיר געטוידטעט, האט ער עס "כשר" פערדיענט... פערשטעהסטו, גאנימיד !

— יע... א... אבער גנעדיגער צעזאר — האט גאנימיד געזאגט א דערשראָ־קענער — ווי אזוי וועל איך קענען עדות זאגען אויף א זאך וואס איך האב נישט געזעהן...

— דו נארישער גאנימיד ! — האט דער צעזאר אויף איהם א געשריי געטהאן — דו טהו ווי איך זאג דיר, דו דארפסט פאר קיינעם נישט קיין מורא

האבען... אזוי ווי איך הייס דיר זאלסטו ערות זאגען... און אויב דו וועסט זיין א פייגלינג דאן וועסטו פערדיענען דעם טוידט... נו, זאגסטו מיר צו עס צו טהאן?!...

— יע, גרויסער צעזאר — האט גאנימיד א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ — איך וועל טהאי אלעס וואס דו האסט מיר געזאגט...

— אט אזוי רעדסטו ווי א בראווער יונג! — האט דאמיציאן זיך אפגערו־פען — אין צוויי וואכען ארום וועט זיין א פערזאמלונג פון די סענאטארען און מיינע בעאמטע... פאר זיי וועל איך דערצעהלען אלעס וואס איז פארגעקומען און איך וועל דיך רופען פאר אן ערות... דו זאלסט דערצעהלען אלעס וואס איך האב דיר אנגעזאגט... דערנאך וועל איך ארויסגעבען מיין פסק אז די דריי זאלען גע־טוידטעט ווערען און קיינער וועט מיר נישט וואגען צו ווידערשפרעכען... דער־לאנג מיר דעם בעכער וויין איך וויל טרינקען פאר דעם גוטען פלאן וואס מיר איז איינגעפאלען...

גאנימיד האט איהם אנגעגאסען א פולען בעכער וויין און דערלאנגט צו דאמיציאן...

דער צעזאר האט דעם בעכער אויסגעליידיגט און פערלאנגט מעהר.

ווען ער האט זיך גוט אנגעטרונקען האט ער זיך אפגערופען צו גאנימיד'ן:

— ווי נאר איך וועל פטור ווערען פון די דריי, וועל איך צוריקרופען אק־טאוויא'ן די שענסטע פרוי אין דער גאנצער וועלט... איך וועל טוידטען איהר מאן און איהר קריינען אלס די צעזארין פון רוים.... עס איז שוין אוועק היבשע יאהרען זינט איך האב צוגעהערט צו דאמיציא, און פערשיקט אקטאוויאן מיט איהר מאן אויף דעם אינזעל פאנדאטאריא... יעצט וועל איך זיי ביידען צוריק־רופען, אונגס'ן וועל איך לאזען טוידטען אויב ער וועט נישט וועלען געבען איהר גט מיט'ן גוטען ווילען און דאן וועט אקטאוויא געהערען צו מיר... צו מיר אויף עוויג... — האט דאמיציאן געזאגט און צוגעדריקט גאנימיד'ן צו זיך מיט זיין גאנצען כח...

גאנימיד האט זיך געדרעהט און געקארטשעט פון יסורים... אבער ער האט נישט געוואגט אפילו א קרעכץ צו טהאן...

---

רבי עקיבא און די איבעריגע חכמים האבען פיעל געטרויערט נאך קלע־מענסן... זיי זיינען יעצט געבליבען אין רוים אחן אן איבערגעגעבענם פריינד און אחן א וועג־ווייזער...

— יעצט אז מיר האבען פערלארען אונזער בעסטען פריינד — האט רבי יהושע געזאגט — איז אונזער זיין אין רוים איבעריג... מיר האבען זיך נישט מיט וועמען צו בעראטען און ווען מיר וועלען זיך ווארפען צופיעל אין די אויגען, קע־נען מיר נאך אויך פערלירען אונזערע לעבענס און ערגער מאכען פאר אונזער פאלק... איך בין שוין אלט און גרוי און קיין סך נוצן קען איך מיין פאלק און לאנד נישט ברייגגען... אבער איהר, מיינע חברים, קענט נאך א סך אויפטהאן פאר דעם כלל ישראל, אייערע לעבענס דארפען זיין זעהר טייער... די צוקונפט פון יהודה ליגט אין אייערע הענד... איהר זייט די מנהיגים און לעהרער פון פאלק... איהר מוזט טהייער האלטען אייערע לעבענס... "ושמרתם לנפשותיכם"...

— ווי וועלען מיר אבער פאהרען צוריק נאך יהודה מיט גארנישט... עס קען

דאך נאך ערגער ווערען... דער אכזר דאמיציאן וועט פיעליייכט דאר אונז וועלען אויסהערען — האט רבן גמליאל געזאגט...

— די איינציגע ישועה פאר אלע אידען איז אין גאט'ס האנד — האט רבי יהושע געזאגט — און ווי מיר זאלען זיך נישט קליגען, וועט אונז גארנישט העלפען...

— גאט וועט נאר העלפען דאן, ווען דאס פאלק וועט זיין געגרייט צום קאמפף פאר פרייהייט — האט זיך רבי עקיבא אפגערופען — דער איינציגער וועג וואס איך זעה איז, אז מיר זאלען זיך צוריקקעהרען אהיים, דערצעהלען אלע אונזערע ברידער וועגען דעם גרויסען אומגליק וואס הייגגט איבער אונז, און צוגרייטען זיי צום קאמפף מיט אונזערע שונאים... דאס אידישע פאלק פערמאגט נאך פיעל, זעהר פיעל גבורים... און ווען מען זאל זיי עטוואס דערוועקען וואלטען זיי אויפגעשטאנען צום קאמפף און פערטריבען דעם שונא פון אונזער לאנד... ווייל כל זמן מיר וועלען בויגען אונזערע קעפ פאר'ן שונא, וועט ער אונז מעחר דריקען און שטיקען...

— ווען מיר זאלען יעצט פערמאגען די מאקאביאישע העלדען — האט רבי אלעזר געזאגט — וואלטען מיר דערפון געקענט טראכטען אבער צום באדויערען זיינען ביי אונז יעצט אזעלכע העלדען ניטא... און אין דיזער צייט ארויסצוגעהן אין אן אפענעם קאמפף געגען די רוימער, וועט שטעלען אין סכנה די עקזיסטענץ פון אונזער פאלק...

— די מאקאבייער בלוט פליסט נאך יעצט אויך אין די אדערען פון יהודה... איך בין זיכער ווען דאס פאלק וועט זיך דערוויסען אז דער שונא זוכט איהם צו פערניכטען, דאן וועט ער זיך זוכען צו פערטהיידיגען און וועט ארויסצייגען די זעלבע גבורה ווי די מאקאבייער... — האט זיך רבי עקיבא אפגערופען.

— רבי עקיבא, מיין פריינד — האט זיך רבן גמליאל אפגערופען — פאר וואס זאלסטו ריידען ווערטער וואס האבען נישט קיין טעם און קיין זין... ווייסטו דען נישט אז אונזער וואונד איז נאך פריש... בלויז זעקס און צוואנציג יאהר זיינען אריבער זינט די רוימער האבען חרוב געמאכט אונזער לאנד, אויסגע־שלאכטעט אונזערע גרעסטע העלדען, פערברענט אונזער הייליגטום... וועלען דען אונזערע ברידער האבען יעצט גענוג כח און מוטה אנצופאנגען ווידער א בלוטיגע שלאכט קעגען די אומבעזיגבארע רוימער... ניין, רבי עקיבא די צייט איז נאך נישט געקומען דערצו... אונזער מאכט ליגט יעצט נישט אין ארמעען און אין געוועהר, אבער אין אונזער תורה...

— און לויט דיין עצה דארפען די אידען אויסשטרעקען זייערע העלדזער צו די שונאים און לאזען זיך שלאכטען ווי שאף?... — האט רבי עקיבא איהם געזאגט — זעהסטו נישט אז דאמיציאנס גזרה איז אויסצוראטען אלע אידען פון זיין אימפעריע און יהודה רעכענט זיך דאך אויך א טייל פון זיין אימפעריע, פאלט דאך זיין גזרה אויף די אידען פון יהודה אויך... טו ווי אזוי קענען מיר שווייגען... מיר וועלען דאך זיך מוזען פארטהיידיגען?...

— דעריבער זאג איך טאקע דאס מיר זאלען נאך פערבלייבען אין רוים, פיעלייכט וועט אונז געלינגען זיך צו זעהן מיט דעם צעזאר און אויסווירקען ביי איהם ער זאל מבטל מאכען זיין גזרה...

— די צייט איז קורץ — האט רבי עקיבא געזאגט — דעריבער וועלען

מיר דא פערזאמען ביז איבער די "ימים נוראים" און ווען מיר וועלען ביז יענער צייט גארנישט האבען גע'פועל'ט ביי דעם צעזאר, דאן וועלען מיר זיך צוריק־קעהרען אין יהודה... לאמיר נאך חיינט פרובירען זיך זעהן מיט דאמיציאן... אפשר וועט גאט העלפען און זיין הארץ וועט ווייכער ווערען...

די חכמים זיינען דעמזעלבען טאג אוועקגעגאנגען צו דעם פאלאץ פון דעם צעזאר און געווארט א היבשע ווייל...

— וואס פערלאנגט איהר? — האט זיי א וועכטער געפרעגט.

— געה מעלד דעם צעזאר אז פיער חכמים, פארשטעהער פון דעם אידישען פאלק יהודה, ווילען האבען אן אודיענץ מיט זיין מאיעסטעט — האט רבן גמליאל איהם געזאגט...

— דער צעזאר נעמט נישט אויף קיינע אידען — האט דער וועכטער געענטפערט מיט פעראכטונג.

ווען רבי עקיבא האט איהם אין האנט א מטבע געגעבען, איז דער וועכטער ווייכער געווארען און געזאגט:

— איך אליין קען צום צעזאר נישט צוקומען, איך וועל עס מעלדען צום הויפט וועכטער. און אויב ער וועט וועלען, וועט ער פארברייגען אייערע רייד צום צעזאר... אבער איהם וועט אזא קליינע מטבע נישט העלפען...

רבי עקיבא האט ארויסגענומען א גרעסערע מטבע און איהם דערלאנגט:

דאס וועסטו געבען צו דעם הויפט וועכטער — האט ער געזאגט.

דער וועכטער האט גענומען די צווייטע מטבע און איז אוועק... אין א ווייל ארום האט ער זיך צוריקגעקעהרט מיט דעם קלאנג פוןביידע מטבעות אין זיין קעשענע... און מיט א שמייכעל אויף זיינע ליפען:

— איך האב איהם איבערגעגעבען אייערע רייד און ער איז גלייך אוועק צו דעם צעזאר.

די חכמים האבען איהם בעדאנקט און געווארט...

דער הויפט לייב וועכטער האט געמאלדען דעם צעזאר אז פיער חכמים פון יהודה ווינשען זיך צו זעהן מיט איהם וועגען א וויכטיגען ענין...

— קיין איינציגער איד זאל מיין שוועל נישט אריבערטרעטען! — האט דאמיציאן אויסגערופען מיט כעס — גענוג האב איך זיך אנגעליטען פון די פער־פלוכטע אידען! איך וויל זיי קיינעם נישט אנקוקען!

דער הויפט לייב־וועכטער האט זיך פערנייגט און איז ארוים פון דעם צע־זאר'ס צימער און צוגעגאנגען צו די חכמים, און זיי איבערגעגעבען דעם צעזאר'ס ווערטער...

די פיער חכמים זיינען געבליבען שטעהן מיט געבויגענע קעפ און טרויעריגע געמיטהער...

— אלעס וואס גאט טוט איז צום גוטען — האט רבי עקיבא אויסגערופען — מארגען איז ראש השנה לאמיר זיך צוגרייטען מתפלל צו זיין מיט אלע אידען פון רוים... און לאמיר האפען אז דער בורא וועט אונז נישט פערלאזען...

מיט ביטערע טרעהרען האבען די אידען פון רוים אויסגעגאסען זייערע תפלות צו גאט יענעם ראש השנה... די יללות און געוויינען פון די פרויען און די קינדער האבען דערגרייכט ביז'ן הימעל.

רבי עקיבא און די איבעריגע חכמים האבען גע'דרש'נט פאר דעם קהל, זיי

האבען זיי געטרייסט און געזאגט אז מען טאר קיינמאל נישט פערליערען דיא האפנונג אין גאט, אפילו דאן ווען דער שווערד ליגט שוין אויף'ן האלדז...

אלע מתפללים האבען געקוקט אויף די חכמים ווי אויף דערלייזער, און זיי האבען זיך עטוואס בערוהיגט...

---

ווען די צעזארין, דאמיציא האט זיך דערוואוסט פון גאנימיד אז זי געפינט זיך אויף דער "טוידטען ליסטע" צוזאמען מיט מעסעלינא'ן און איהר ברודער איז זי דעמזעלבען טאג אוועקגעגאנגען שטילערהייד צו מעסעלינא'ן אין הויז.

מעסעלינא האט זיך שטארק דערפרעהט מיט דער צעזארין.

— ווילקאמען צו מיין הויז, ווירדיגע צעזארין — האט זי זיך פערנייגט און איהר א קוש געטהאן — עס איז ווירקליך א גרויסער כבוד פאר מיר... דיא צעזארין פון דער רוימישער אימפעריע זאל בעזוכען איהר דיענסט.

— געפינט זיך קיינער נישט אין דיין הויז ? האט דאמיציא איהר געפרעגט אין דער שטיל.

— קיינער נישט, גנעדיגע צעזארין, אבער פאר וואס ביזטו אזוי בלאס און דערשראקען... האט עפעס פאסירט ?...

— יע, מעסעלינא, א זעהר שרעקליכע זאך האט פאסירט !... — האט די צעזארין אויסגעבראכען אין א געוויין — מיין נאמען שטעהט אויף דעם צעזאר'ס "טוידטען ליסטע"...

— נו, זארג זיך נישט ווענען דעם, ליעבע צעזארין — האט איהר מעסעלינא בערוהיגט — אט וועל איך אריבערגעהן צום צעזאר און זיך מיט איהם דורכ־ריידען, ער זאל דיין נאמען ארונטערנעהמען פון דער "טוידטען ליסטע"... און איך בין זיכער אז ער וועט מיך פאלגען... פערגעס נישט אז דער צעזאר פאלגט אוים אלע מיינע עצות... איך האב איהם געראטען ער זאל דיך צוריקרופען, און ער האט מיר געפאלגט... און איך וועל דיר יעצט ענטדעקען א סוד, אז דאמיציאן האט דיך געזאלט טוידטען נאך דאן צוזאמען מיט פאריז'ן, אבער איך האב איהם נישט דערלאזען דערצו... איך האב איהם געראטען ער זאל דיר בעסער פערשיקען און מיט א צייט שפעטער, ווען איך האב בעמערקט אז זיין כעס איז ארונטער, האב איך איהם איינגערעדט ער זאל דיך צוריקנעמען...

— אבער יעצט ווערסטו שוין אויך מיר גארנישט קענען העלפען — האט זיך די צעזארין צעכליפעט — ווייל דו אליין ביזט אויך אויף דערזעלבער ליסטע !...

— וואס ? ! — האט מעסעלינא אויסגעגלאצט איהרע אויגען — איך בין אויך אויף דער טוידטען ליסטע !... עס איז אוממעגליך ! עס קען נישט זיין ! !....

— איך וואלט דאס אויך נישט געגלויבט, ווען איך וואלט אליין, מיט מיינע אויגען נישט געזעהן! — האט די צעזארין טרויעריג געזאגט, — איך האב דייטליך געזעהן אויף דער ליסטע מיין נאמען, דיין נאמען און אויף דיין ברודער'ס נא־מען, סטעפאנוס...

— מיר גלויבט זיך דאס אלץ נישט — האט מעסעלינא אויסגערופען — וואס קען ער האבען ארויסצוזעצען קעגען מיר און קעגען מיין ברודער?... פיעלייכט מאכסטו א טעות, ווירדיגע צעזארין ?...

— איך בין נאך נישט ארונטער פון זינען און אויך נישט בערוישט פון ווייז — האט דאמיציא געזאגט — איך זאג דאך דיר אז איך האב מיט מיינע אויגען געזעהן אז מיר אלע דריי שטעהן אויף דער "טוידטען ליסטע".

— ווי קומט צו דיר די "ליסטע" ? — האט מעסעלינא איהר געפרעגט צוויים לענדיג נאך אלץ אין איהרע רייד.

— דו מוזט מיר צוזאגען צו זיין זעהר פארזיכטיג — האט איהר די צעזארין געזאגט און איך וועל דיר אלעס דערצעהלען.

— דערצעהל מיר! דערצעהל מיר! — האט מעסעלינא געזאגט היסטעריש — דערצעהל מיר אלעס וואס דו ווייסט, אפשר וועלען מיר געפינען אן אויסוועג...

— היינט אין דער פריה, ווען איך בין געזעסען פערטראכט אין מיין צימער — האט דאמיציא אנגעפאנגען — דערזעה איך פלוצלונג ווי מיין טיהר עפענט זיך און גאנימיד קומט אריין... איך האב זיך שטארק דערשראקען און געוואלט מאכען א געוואלד, אבער גאנימיד האט צו מיר א ווארנק געטהאן איך זאל שווייגען... איך האב איהם געפאלגט און ער איז צוגעגאנגען נעהענטער צו מיר און ער האט מיר דערלאנגט א פארמעט:

— דאס האב איך יעצט געפונען אונטער דעם צעזאר'ס קישען... ער איז ארויס פאר א ווייל... איך האב עס בעמערקט... לייען עס דורך, שנעלער, ווייל איך מוז עס באלד צוריקלעגען, דער צעזאר זאל גארנישט בעמערקען... איך האב גלייך גענומען עס לעזען און מיר איז פינסטער געווארען אין די אויגען... "דיא פאלגענדע מוזען שטארבען דעם יאהר" האב איך געלעזען פון פארמעט, "דאמיציא, די צעזארין, מעסעלינא און איהר ברודער, סטעפאנוס, מיין הויפט לייב־וועכטער... איך בין שיעור נישט אומגעפאלען פון שרעק און גאנימיד האט מיך אונטערגעהאלטען און מיך בערוהיגט... ער האט מיר פערשפראכען צו געבען מעהרערע אויסקינפטע וועגען דעם, און איז באלד אוועקגעגאנגען צוריקלעגען דעם פארמעט...

ווען מעסעלינא האט עס דערהערט, האט זיך איהר היסטעריקע פערגרעסערט: זי האט גענומען יאמערען שרייען און רייסען די האר פון איהר קאפ...

"וואס פאר א שלעכטעס האב איך איהם געטהאן! פאר וואס זאל ער מיך וועלען אומברייגנען... וואס האט ער צו מיין ברודער!... א הייליגער יופיטער, פארוואס פאר א זינד וויל דאמיציאן פון מיר מיין לעבען אוועקרויבען!?... מיר קען זיך דאס גארנישט גלויבען דאס ער זאל וועלען טוידטען מיך און מיין ברודער...

— אלעס קען מען גלויבען אויף דאמיציאן! וואס האט דער טיראן געהאט צו קלעמענס'ן זיין אייגענעם קוזין! פאר וואס האט ער איהם אומגעבראכט?... פאר וואס האט ער פערשיקט אין גלות זיין שוועסטער'ס טאכטער דאמיציליא... פאר וואס האט ער אויסגעשאכטען אזוי פיעל אומשולדיגע מענשען?... אויף איהם קען מען אזעלכע פראגעס נישט פרעגען... איך זעה אבער אז דאס ווינען וועט אונז ווייניג העלפען... מיר דארפען זעהן וואס צו טהאן..

— מיין ברודער וועט קומען צו מיר אין אבענד פון דעם צעזאר... איך וועל איהם אלעס דערצעהלען און זיך מיט איהם בעראטהען וואס צו טהאן... איך קען אבער אלץ נישט פערשטעהן פארוואס דער צעזאר זאל מיר וועלען טוידטען... סיידען מיין שבור'ער מאן, סעיאנוס בורוס זאל האבען עפעס אנגערעדט אויף

מיר... זינט ער איז געקומען פון גמזו הערט ער נישט אויף צו שכור'ען... איך ווייס אז ער זוכט פטור צו ווערען פון מיר... אבער ניין! ווען איך זאל זיך דער־וויסען אז ער האט עפעס דערמיט צו טהאן, וועט ער שוין קיין לעבעדיגער נישט בלייבען...

— דער איינציגער פון וועמען מיר קענען אלעם אויסגעפינען איז גאנימיד — האט דאמיציא געזאגט — ער האט מיר אויך פערשפראכען צו געבען מעחר אויסקינפטע וועגען דעם... יעדען אבענד ווען דאמיציאן שכור'ט זיך אן און ווערט אנטשלאפען, געהט גאנימיד ארוים אין גארטען... איך וועל איהם דורך מיין פענס־טער ארויפרופען און איהם אויספרעגען.

—ווי וועל איך זיך דערפון דערוויסען ? — האט מעסעלינא איהר געפרעגט.

— אויב דו ווילסט, קענסטו צוקומען צו מיר אין אבענד, און ווען גאנימיד וועט אריין אין מיין צימער, וועסטו זיך בעהאלטען חינטער דעם פארהאנג און זיך צוהערען צו אלעם וואס ער האט צו דערצעהלען...

— גוט, — האט מעסעלינא צוגעשטימט איך וועל צוקומען צו דיר דיזען אבענד און הערען וואס גאנימיד האט צו זאגען...

---

אין דעם זעלבען אבענד איז מעסעלינא געקומען אין פאלאץ צו דער צעזא־רין... דאמיציא האט יעדע וויילע ארויסגעקוקט דורך'ן פענסטער אין גארטען, און מיט גרוים אומגעדולד געווארט אויף גאנימיד'ן...

— ער איז דא! — האט די צעזארין אויסגערופען, און חאט געחייסען מע־סעלינא'ן זיך בעהאלטען הינטערן פארהאנג.

זי חאט אויפגעעפענט איהר פענסטער און ארויסגעבויגען איהר קאפ און מיט א נידעריגע שטימע האט זי גערופען: גאנימיד! גאנימיד!

ווען גאנימיד האט ארויפגעקוקט צו איהר, האט זי א וואונק געטהאן צו איהם ער זאל באלד ארויפקומען...

גאנימיד איז געגאנגען דורך דער הינטער טיהר, קיינער זאל איהם נישט בעמערקען... די צעזארין איז איהם ענטקעגען געגאנגען און אריינגעפיהרט אין איהר צימער.

— חאסטו עפעס נייעס פאר מיר, טרייער גאנימיד — חאט די צעזארין זיך צו איהם אפגערופען.

גאנימיד האט ארונטערגעלאזען דעם קאפ און געשוויגען...

— איך זעה אז דו פערבארגסט עפעס פון מיר האט זי זיך צו איהם דער־נעהענטערט און איהם אנגעומען פאר'ן חאט —איך בעט דיך, איך בעט דיך לייקען גארנישט פון מיר...

— ווען איך זאל דיר דערצעהלען וואס דאמיציאן חאט מיט מיר היינט גערעדט, און ער זאל זיך דערפון דערוויסען, דאן פערליער איך מיין לעבען...

— אבער גוטער גאנימיד! — האט די צעזארין זיך געבעטען ביי איהם — איך שווער ביי דעם הייליגען יופיטער אז דער סוד וועט בלייבען פערזיגעלט אין מיין הארצען און קיינער וועט נישט וויסען וואס דו האסט מיר דערצעהלט...

דער צעזאר האט מיר היינט פערטרויט א סוד — האט גאנימיד אנגעפאנגען דערצעהלען — און ער האט מיר געבעטען אז איך זאל איהם דערצו ארויסהעלפען. ער וויל פטור ווערען פון דיר, פון מעסעלינא'ן און פון איהר ברודער, זיין הויפט־

ליב וועכטער, און דערצו נאך בליבען גערעכט. איז ער געפאלען אויף א פלאן אז איך זאל קומען און עדות זאגן פאר'ן סענאט אז איך האב געזעהן ווי די צעזארין האט פערבראכט זעהר אינטים מיט סטעפאנוס'ן זיין הויפט ליב וועכטער, און אז מעסעלינא איז אויך געווען דערביי... דאס וועט זיין א גוטער תירוץ פאר איהם צו טוידטען אייך דרייען...

— א דער גרויזאמער נידערטרעכטיגער מערדער! — האט דאמיציא אויס־געשריען—ער וועט זיך פאר קיין זאך נישט אפשטעלען אבי אויסצופיהרען זיין טייפלישען פלאן... זאג מיר אבער, האט ער דיר אויך דערצעהלט די סיבה פאר וואס ער וויל פטור ווערען פון מעסעלינא'ן און פון איהר ברודער?

— אז ער האט אויסגעטרונקען עטליכע בעכער וויין, האט ער מיר אלעס ענטדעקט: ער האט ליעב געהאט א מיידעל אקטאוויא און ער האט זיך געלאזט איבעררײדען פון דער צעזארין און פון מעסעלינא'ן און איהר פארשיקט אויף דעם אינזעל... יעצט ווען ער וועט פטור ווערען פון אייך דרייען, וועט ער קענען צוריק רופען אקטאוויאן און קיינער וועט איהם נישט שטערען...

ווען מעסעלינא האט הינטערן פארהאנג דערהערט גאנימיד'ס רייד האט זי פון גרויס שרעק געכ'חלש'ט און אנידערגעפאלען אויף'ן בארען...

— ווער איז דאס? ! — האט גאנימיד אויסגעשריען ווען ער האט געהערט דעם קלאפ...

— זיי רוהיג גאנימיד, דאס איז מעסעלינא... זי האט נישט געוואלט גלויבען אז זי שטהט אויף דער טוידטען ליסטע, האב איך איהר געבראכט אהער, זי זאל אליין הערען פון דיין מויל... יעצט מוזען מיר זיך בעראטען וואס צו טהאן. די צעזארין האט אויפגעהויבען דעם פארהאנג און געפונען מעסעלינא'ן ליגענדיג אויף'ן בארען א גע'חלש'טע... מיט גרויס מיה האבען זיי איהר אפגעמינטערט...

— מיר טארען זיך נישט פערלירען — האט די צעזארין געזאגט — מיר מוזען געפינען א וועג... דער צעזאר מוז ערמארדעט ווערען איידער ער וועט אויספיהרען זיינע פלענער...

— עס איז דיין פליכט עס צו טהאן, דאמיציא — האט זיך מעסעלינא אפ־גערופען — דו געפינסט זיך אימער נאהענט צו איהם...

— דו מאכסט א טעות, מעסעלינא, מאנאטען זיינען אריבער און איך האב איהם אפילו נישט געזעהן... גאנימיד פערנעמט יעצט מיין פלאץ... ער גע־פינט זיך זעהר נאהענט צום צעזאר...

— דו דארפסט וויסען, גאנימיד, אז נאכדעם ווען דער צעזאר וועט פארטיג ווערען מיט אונז וועט ער זיך נעמען צו דיר... פאר איהם וועט זעהר נישט לוינען אז אימיצער זאל וויסען אלע זיינע סודות... — האט מעסעלינא איהם געזאגט...

— דאמיציאן איז זעהר שטארק, און ווען איך זאל נאר פרובירען זיך אנ־פאנגען מיט איהם, וועט ער מיר טוידטען מיט איין קלאפ פון זיין געזונטען פויסט — האט גאנימיד געזאגט — מיין עצה איז אז דיין ברודער סטעפאנוס זאל צו איהם אין צימער אריינקומען, מיט אן אויסרייד און ווען ער וועט זיך נישט ריכטען, זאל ער איהם דערשטעכען מיט א קינזשאל...

— איך וועל באלד זיך דורכריידען מיט מיין ברודער וועגען דעם און מארגען אין דער פריה וועל איך דיר לאזען וויסען וואס מיר האבען באשלאסען צו טהאן— האט מעסעלינא געזאגט צו דער צעזארין.

— דאס וועט מוזען בלייבען א געהיימניס... קיינער א חוץ מיר וועלכע זיינען פערוויקעלט אין דער פערשווערונג — האט גאנימיד צוגעגעבען.

— איך שווער ביי יופיטער׳ן קיינעם פון דעם נישט דערצעהלען א חוץ מיין ברודער סטעפאנוס — האט מעסעלינא געזאגט.

— איך שווער אויך ! — האט די צעזארין אויפגעהויבען איהר האנט... אוף זאל אונז יופיטער העלפען...

---

שפעטער אין אבענד, ווען סטעפאנוס איז געקומען צו זיין שוועסטער, האט זי איהם מיט א ציטערענדע שטימע איבערגעגעבען אלעס וואס זי האט זיך דערוואוסט.

סטעפאנוס׳ בלוט האט אין איהם אויפגעזיחט... ער האט זיך אויפגעשטעלט פון זיין פלאץ און נערוועאיש געגאנגען איבערן צימער הין און צוריק...

— ער האט פערדיענט זיין טוידט, דער רשע — האט ער זיך אפגערופען צו זיין שוועסטער, און ארויסגענומען זיין קינזשאל... ווי א הונט וועל איך איהם דערשטעכען... דעם גרויזאמען צעזאר...

— שא !... האט איהם מעסעלינא געפראווט בערוהיגען — פון גרויס אויפ־רעגונג און איילעניש קענען מיר אלעס פערלירען... לאמיר פריהער בעטראכטען ווי אזוי דאס זאל פארקומען...

— איך האב א גוטען פלאן — האט סטעפאנוס אויסגערופען — איך וועל אנשרייבען א פאקעט אין נאמען פון אקטאוויא. איך וועל אריין געהן צום צעזאר און איהם זאגען אז דער פאקעט קומט פון אקטאוויא׳ן. דאמיציאן וועט זיין זעהר אויפגערעגט און פערטיעפט אין לעזען, דאן וועל איך זיך פלוצלונג א ווארף טהאן אויף איהם און מיט מיין קינזשאל וואס איך וועל האלטען פערבארגען אין מיין ארבעל, וועל איך איהם דערשטעכען...

— גאנימיד וועט דיר אויך ארויסהעלפען — האט מעסעלינא געזאגט — ער וועט דיר זאגען ווען די צייט וועט זיין גינסטיג דערצו... אבער זיי זעהר פאר־זיכטיג, מיין ברודער...

— זארג נישט מיין שוועסטער... דו קענסט זיך אויף מיר פערלאזען....

דאמיציאן איז געווען זעהר צופריעדען פון זיין פלאן... ער וועט פטור ווע־רען פון די דריי וועלכע שטעהען איהם אין וועג און שטערען איהם צו קריגען די שעהנע אקטאוויא, און ער וועט נאך זיין גערעכט אין די אויגען פון דעם רוי־מישען פאלק... ער איז געווען זיכער אז אקטאוויא איז נאך די זעלבע בעצוי־בערענדע שעהנהייט ווי פריהער... ער האט דאך אנגעזאגט די אויפזעהער פון אינזעל צו בעהאנדלען אקטאוויא׳ן זעהר גוט... פון צייט צו צייט קריגט ער בעריכטען פון איהר דורך זיינע טרייע דינער, וועלכע האלטען אן אויג אויף איהר... לויט דעם לעצטען בעריכט וואס ער האט געקראגען ווייס ער אז אקטאוויא זעהט זיך מיט איהר מאן בלויז איין מאל א מאנאט און דאס איז פון ווייטען, און אין די אנוועזענהייט פון זיינע דינער, אזוי, אז אקטאוויא קען זיך מיט איהר מאן אפילו נישט צוגויפרעדען...

די ערלויבניס זיך צו זעהן מיט אונוס׳ן איינמאל א מאנאט, האט דאמיציאן געגעבען אקטאוויא׳ן, צוליעב די בעריכטען, וואס ער האט געהאט פון די וועכ־טערינס וועלכע גיעבען זיך אפ מיט איהר אויף דעם אינזעל... זיי האבען בעריכ־

טעם די ערשטע מאָנאטען אז אקטאוויא קוקט אויס זעהר שלעכט און האָט פער־לאָרען איהר אפעטיט, ווייל זי בענקט זעהר שטארק נאָך איהר מאַן... און אויב זי וועט זיך מיט איהם נישט זעהן, וועט זי זיכער לאנג נישט לעבען... ער האָט די ערלויבניס געגעבען און אנגעזאגט אז זי קען איהם זעהן נאָר פון ווייטען... און דאָס, ווייזט אויס, האָט אויך איהר געווירקט צום גוטען, ווייל, די לעצטע בעריכטען וואס ער האָט ערהאלטען צייגען, אז אקטאוויא איז פיעל פרעהליכער און מונטערער און זי ווערט שעהנער פון טאָג צו טאָג...

יעצט, אז דאמיציאן האָט געפלאנט זי צוריקצורופען, האָט ער נישט געקענט בעשליסען וואָס צו טהאָן מיט אונוס'ן... זאָל ער איהם דארטען לאָזען, וועט ער דאָך נישט קענען חייראטען מיט אקטאוויא'ן, און אויב ער זאָל איהם טוידטען דאַן קען דאָך זיין אז זי וועט נישט איינוויליגען צו היראטהען מיט איהם... זיא וועט איהם נישט וועלען פארגעבען צוליעב דעם טוידט פון איהר מאַן... אמת, ער קען איהר צווינגען דערצו, אבער וואס וועט ער טהאָן, ווען זי וועט זיך פער'עקשנ'ען און זי וועט בעסער שטארבען איידער צו ווערען זיין פרוי... ניין, ער וועט דא דארפען האנדלען זעהר פארזיכטיג... ער וועט ביידען צוריקרופען פון דעם אינזעל... און ער וועט זאגען אקטאוויא'ן אז ער האָט בעשלאָסען צו טוידטען אונוס'ן, נאָר אויב אונוס וועט איינוויליגען צו געבען איהר א גט, דאַן וועט ער איהם לאָזען לעבען, בתנאי אז אקטאוויא זאָל ווערען די צעזארין פון רוים און ער, אונוס זאָל באלד פערלאָזען רוים און צוריקפאהרען נאָך יהודה...

דאמיציאן האָט געשמייכעלט צו זיך אליין, ווען ער האָט זיך דערמאהנט אז די טעג פון אלע אידען אין זיין אימפעריע זיינען געצעהלטע... און ווען אונוס וועט צוריקפאהרען נאָך יהודה, וועט ער דאָך דארטען ממילא געטויטעט ווערען, אבער אקטאוויא וועט דערפון נישט וויסען...

דאמיציאן האָט גלייך געשיקט רופען איינינע בעאמטע און האָט זיך צו זיי אפגערופען:

— איך וויל איהר זאָלט אוועקפאהרען צו דעם אינזעל פאנדאטאריא און צוריקברייננען, קיין רוים, אקטאוויא און אונוס'ן... מיט אקטאוויא'ן זאָלען אויך מיטפאהרען איהרע וועכטערינס.

— ווען זאָלען מיר אפפאהרען, מאיעסטעט? — האָט איינער פון די בעאמ־טע געפרעגט.

— א שיף וועט זיין פאר אייך אנגעגרייט אין דעם האפען, ברונדיסיום — האָט דאמיציאן זיי געענטפערט — און מארגען גאנץ פריה וועט איהר אוועק־פאהרען אהין...

די בעאמטע האָבען זיך פערנייגט און פערלאָזען דעם פאלאץ...

— אין דריי טעג ארום וועסטו געהן זאָגען דיין עדות פאר דעם סענאט — האָט זיך דאמיציאן אפגערופען צו גאַנימיד, מיט א צופריעדענעם שמייכעל נאכדעם ווי די בעאמטע האָבען פארלאָזען זיין צימער — און אין דעם זעלבען טאָג וועל איך זיי אלעמען דריי טוידטען... און ווען אקטאוויא וועט קומען וועלען אלע שטרויכלונגען זיין אפגעראמט פון מיין וועג... נאכהער וועל איך אויך פטור ווערען פון אלע אידען, וועלכע זיינען מיינע שונאים און דאַן וועל איך קענען הערשען רוהיג און גליקליך... אקטאוויא וועט פערנעהמען דאמיציא'ס פלאץ און דיר וועל איך, דערפאר וואס דו האָסט מיר ארויסגעהאָלפען אויסצופיהרען מיינע

פלענער, בעלאהגען זעהר פיעל... דו וועסט ווערען מיין הויפט לייב וועכטער אנשטאט סטעפאנוס'ן... ביזטו צופריעדען?...

— איך בין גליקליך און צופריעדען — האט זיך גאנימיד פערנייגט — איך בין געגרייט צו טהאן אלעס וואס דער מעכטיגער צעזאר וועט פערלאנגען...

— ביזטו זיכער אז דו וועסט זיך נישט צוטומלען ביי'ם עדות זאגען? — האט איהם דאמיציאן געפרעגט — דו האלט זיך פעסט און איבערציינגענד, דער־ צעהל אלעס ווי איך האב דיר אנגעזאגט... און ווען איך וועל זיי זאגען אז איך גלויב אין אלעס וואס דו האסט מיר דערצעהלט, דאן וועט קיינער נישט וואגען צו צווייפלען אין דיינע ווערטער...

— ווען דער גוטער צעזאר איז מיט מיר, דאן פירכטע איך פאר קיינעם נישט! — האט איהם גאנימיד געגעבען א חניפה — איך מוז צוגעבען אז איך האב אזוי פיעל איינגעשטודירט וואס צו זאגען וועגען דער צעזארין, אז איך אליין הויב שוין אן צו גלויבען אין מיינע ווערטער...

— דו ביזט א בראוועד יונג! — האט איהם דאמיציאן א קלאפ געטהאן אין פלייצע — איך וועל דערפאר מיט דיר טהאן זעהר פיעל גוטעס...

אין אבענד איז די צעזארין אוועק צו מעסעלינא'ן אין הויז, וואו זי האט אויך געטראפען דעם צעזאר'ס הויפט לייב וועכטער...

— אין דריי טעג ארום דארף אונזער אורטהייל ארויסגעגעבען ווערען — האט דאמיציא טרויעריג געזאגט — און אויב מיר ווערען זיך נישט אונטעראיי־ לען מיט אונזער פלאן, דאן זיינען מיר פערלארען... דאמיציאן דארף ערמארדעט ווערען וואס שנעלער! ווייל נאכהער קען שוין צו שפעט זיין...

— וואס האט דיר גאנימיד היינט געזאגט? — האט איהר סטעפאנוס געפרעגט.

— גאנימיד האט מיר דערצעהלט — האט די צעזארין געענטפערט — אז דאמיציאן האט איהם צוגעזאגט צו מאכען פאר'ן הויפט לייב וועכטער נאכדעם ווי זיין עדות וועט אנגענומען ווערען און מיר, דריי וועלען חינגעריכטעט ווערען... ער האט מיר אויך דערצעהלט, אז דער צעזאר האט שוין געשיקט שלוחים צוריקצורופען אקטאוויא'ן פון אינזעל... מארגען גאנץ פריה פאהרען די שלוחים אפ אהין מיט'ן שיף.

— מיין הארץ שרעקט מיך זעהר — האט מעסעלינא זיך אפגערופען — וואס וועסטו טהאן אז ער וועט דיר צו זיך מעהר נישט צולאזען?... דאן זיינען מיר דאך אלע פערלארען... נאר דריי טעג צו לעבען! א ווי שרעקליך!

— דאמיציאן איז לעצטענס זעהר צוגעלאזען צו מיר — האט סטעפאנוס געזאגט — און ווען איך וועל איהם זאגען אז מען האט מיר איבערגעגעבען א פאקעט פאר איהם פון אקטאוויאן, וועט ער געוויס ווערען אונגעדולדיג און עס נעמען גלייך לעזען... און דאן...

סטעפאנוס האט ארויסגענומען דעם קינזשאל און האט זיי געציינט ווי אזוי ער וועט אטאקירען דעם צעזאר...

— זאל יופיטער דיר קומען צו חילף! — האט מעסעלינא געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען — איך בין דאך איהם די גאנצע צייט געווען אזוי אי־ בערגעגעבען און געטריי... צום סוף וויל ער מיר גאר אומברייננגען... ווער האט זיך דאס געקענט ריכטען אויף איהם!...

— וואס פאר א ווערדע האט ביי דעם טיראן א מענשענ'ס לעבען — האט דאמיציא געזאגט — וויפיעל אומשולדיגע מענשען האט ער געלאזט ערמארדען ווייל איהם האט זיך אזוי פערוואלט...

— איך האף אז פון מארגען אן וועט ער שוין מעהר נישט טוידטען קיין מענשען... — האט סטעפאנוס געזאגט און געהייסען מעסעלינא'ן שרייבען דעם פאקעט... דיין האנטשריפט וועט ער געווים נישט דערקענען — האט ער איהר געזאגט — וועט ער זיכער גלויבען אז עס קומט פון אקטאוויא'ן.

זי האט גענומען דעם פארמעט, די פעדער און טינט און סטעפאנוס האט איהר דיקטירט:

— "גרויסער און מעכטיגער צעזאר! איך דיין דיענסט, אקטאוויא, פון דעם אינזעל פאנדאטאריא, טו דיר בעטען ענטשולדיגונג פאר מיינע זינד וואס איך האב געגען דיר געזינדיגט... איך האב אונס'ן מעהר נישט ליעב... און ווען דער צעזאר וועט וועלען מיר מוחל זיין און צוריקרופען נאך רוים... דאן בין איך גרייט צו טהאן אלע זיינע פערלאנגען...

דיין דיענסט אקטאוויא".

סטעפאנוס האט בעטראכט דעם פארמעט, דערנאך האט ער עס פערוויקעלט און געזאגט:

אויף מארגען אין דער פריה, ווען גאנימיד האט געהאלפען דאמיציאנען זיך אנצוטהאן האט זיך געהערט א קלאפ אין טיהר פון דעם צעזאר'ס צימער.

— ווער איז דאס דארטען! — האט דאמיציאן אויסגעשריען מיט כעס — איך האב דאך אלע מיינע וועכטער אנגעזאגט מיר נישט צו שטערען, ווען די געפינסט זיך ביי מיר!...

גאנימיד איז צוגעגאנגען צום טיהר און געפרעגט ווער דאס איז.

— דעם צעזאר'ס הויפט לייב וועכטער! — האט א שטימע פון הינטערן טיהר געענטפערט...

גאנימיד האט איבערגעגעבען דעם צעזאר אז זיין הויפט לייב וועכטער וויל אריינקומען...

— איך וויל קיינעם יעבצט נישט זעהן! האט דאמיציאן אויסגערופען — געה זאג איהם דאס.

גאנימיד איז ווידער צוגעגאנגען און האט איהם איבערגעגעבען דעם צעזאר'ס ווערטער.

— איך האב זעהר א וויכטיגען פאקעט פאר דעם צעזאר... פון אקטאוויא'ן...

— האט די שטימע ווידער געזאגט.

— גאנימיד וועלכער האט שוין געוואוסט פון דעם גאנצען אפבאך איז צור געלאפען צום צעזאר מיט א פרעהליכע מינע:

— גנעדיגער צעזאר! סטעפאנוס האט געקראגען א פאקעט פון אקטאוויא'ן, פון דעם אינזעל פאנדאטאריע...

— א פאקעט פון אקטאוויא'ן — האט דאמיציאן געוואונדערט — גוט, גאנימיד, הייס איהם אריינקומען...

גאנימיד האט אויפגעעפענט די טיהר און סטעפאנוס איז אריין.

— ווער האט דיר דעם פאקעט פון אקטאוויא'ן איבערגעגעבען — האט זיך דאמיציאן צו איהם אפגערופען...

**— א שליח פון אקטאוויא, וועלכער קומט יעצט פון דעם אינזעל פאנדאטאריע.**

— שיק איהם אריין, איך וויל הערען פון זיין מויל וואס ער האט מיר צו דערצעהלען פון דער שעהנער אקטאוויא.

סטעפאנוס איז א וויילע געבליבען שטעהן א צוטומעלטער און האט נישט געוואוסט וואס צו טאהן...

— פאר וואס געהסטו נישט! — האט דאמיציאן אויף איהם א געשריי געטהאן.

— דער שליח איז א איך! — האט סטעפאנוס געזאגט — ווי ער וואלט זיך אין עפעס אנגעכאפט זאל איך איהם אריינשיקען צום צעזאר...

— ניין, ניין! קיין איך טאר צו מיר נישט צוגעלאזען ווערען!... — האט דאמיציאן אויסגעשריען — גיב מיר דעם פאקעט, איך וועל איהם דורכלייענען...

סטעפאנוס האט זיך דערנעהנטערט צום צעזאר און איהם דערלאנגט דעם פאקעט...

דאמיציאן האט איהם שנעל פאנאנדערגעוויקעלט און גענומען לעזען...

אומבעמערקטערהייט האט סטעפאנוס ארויסגענומען דעם קינזשאל פון זיין ארבעל און האט זיך ווי א ווילדע חיה א ווארף געטהאן אויף דעם צעזאר...

דאמיציאן האט זיך האסטיג א דרעה געטהאן און דער קינזשאל האט גע־מאכט א טיעפען וואונד בלויז אין זיין האנד.. דער צעזאר האט אנגעכאפט סטע־פאנוס'ן פאר'ן האנד און האט זיך מיט איהם גענומען ראנגלען פאר די בעזיצונג פון דעם געוועהר...

— גאנימיד! גאנימיד! — האט דאמיציאן גענומען שרייען — גאנימיד וואו ביזטו?!... גיכער בריינג מיר מיין שווערד... ער וויל מיך ערמארדען!...

— וואו איז דיין שווערד? — מעכטיגער צעזאר — האט גאנימיד מיט א שמייכעל געפרעגט.

— אה, ער טויטעט מיר! סטעפאנוס ערמארדעט מיר! — האט דער צע־זאר געשריען... און מיט זיין גאנצען כח זיך גענומען ראנגלען מיט איהם...

— דו מערדער, וויפיעל אומשולדיגעם בלוט האסטו פערגאסען אין דיין לעבען!... יעצט איז געקומען דיין טאג — האט סטעפאנוס אויסגעדרעהט דעם קינזשאל נעהענטער צום צעזארס הארצען...

דאס בלוט פון דעם צעזארס האנט האט זיך געגאסען... אבער ער האט זיך אנגעשטרענגט און צוריקגעווארפען יעדען פערזוך פון זיין שונא איהם צו־שטעכען...

עטליכע מינוטען איז אנגעגאנגען דער קאמפף פאר'ן לעבען און טוידט...

— יופיטער, גאנימיד העלפט מיר! — האט דאמיציאן געשריען.

גאנימיד איז צו איהם צוגעגאנגען און ווי ער וואלט זיך מיט איהם א רייע געטהאן — האט ער זיך אפגערופען:

— אט האב איך דעם שווערד, מעכטיגער און גוטער צעזאר...

— ציה עס ארויס פון דער שייד, שנעלער! — האט דאמיציאן געזאגט און א שטופ געטהאן סטעפאנוס'ן פון זיך מיט זיין גאנצען כח...

סטעפאנוס איז אפגעטראטען צוריק מיט זיין קינזשאל אין האנט... און

דער צעזאר האט אויסגעשטרעקט זיין האנט צו גאנימיד'ן, ער זאל איהם דערלאנ־גען דעם שווערד...

— דאס שווערד טויג נישט — האט גאנימיד געזאגט און עס א שליידער געטהאן אויף דעם בארען...

— א דו פערדעטער! — האט דאמיציאן אויסגעשריען און זיך איינגעבוי־גען צו נעמען זיין שווערד...

סטעפאנוס אבער האט געטהאן א שטארקען שפרונג אויף דעם צעזאר... ער האט איהם אנידערגעשליידערט צום בארען און נאך א קורצען ראנגלען זיך האט ער אריינגעיאגט זיין קינזשאל אין דעם צעזאר'ס הארצען...

— יופיטער! — האט דאמיציאן געטהאן זיין לעצטען געשרעה און איז געבליבען ליגען א טוידטער...

— לאמיר שנעל ענטלויפען פון דאנען — האט סטעפאנוס געזאגט — איי־דער דעם צעזאר'ס לייב וועכטער וועלען דא אריינקומען.

— איך האב די טיהר פון דער צעזארין געלאזען אפען, קום צו דער צעזארין און פון דארטען וועט אונז זיין גרינגער צו ענטלויפען...

גאנימיד און סטעפאנוס זיינען אריין אין דעם צימער פון דער צעזארין, און דורך א הינטער טיהר זיינען זיי ארויסגעגאנגען אין דרויסען, פון וואנען זיי זיינען שנעל אוועק צו מעסעלינא'ן אין הויז. דארטען איז אויך געזעסען דיא צעזארין און מיט גרוים אונגעדולד געווארט אויף די נייעס...

דאמיציא און מעסעלינא זיינען אויפגעשפרונגען פון זייערע פלעצער ווען זיי האבען דערזעהן סטעפאנוס'ן און גאנימיד'ן אריינקומענדיג אין הויז...

— נו, וואס?! — האבען זיי ביידע אויסגעשריען דערשראקענע...

— דאמיציאן איז טויט; — האט סטעפאנוס אויסגערופען, מעסעלינא, ברייננ מיר וואסער, איך וועל אפוואשען דעם צעזאר'ס בלוט פון מיינע הענד.

— אה, מיין בראווער, העלדישער ברודער! — האט מעסעלינא איהם ארומגענומען — דו האסט דאך אונזערע לעבענס גערעטעט...

— איך וועל קיינמאל דיין גנאדע נישט פערגעסען, סטעפאנוס, — האט איהם די צעזארין געזאגט. אה ווי גליקליך איך בין! איך קען יעצט ווידער פריי אטעמען...

מעסעלינא האט געבראכט וואסער און אפגעוואשען דאס בלוט פון איהר ברודער'ס האנט...

— איהר מוזט זיך ביידע וואס שנעלער בעהאלטען ביז וואנען די אויפרע־גונג וועט אריבער און א נייער צעזאר וועט אויסגעקליבען ווערען... מען וועט אייך געוויס קומען אהער זוכען... קומט מיט מיר...

זי האט זיי ארונטערגעפיהרט אין א חייחל... און זיי גליייך געבראכט עפעס עסען...

— איך וועל אייך לאזען וויסען פון אלעס וואס דא וועט פארקומען — האט מעסעלינא געזאגט ווען זי האט פערלאזען דעם חייחל...

---

דעם צעזאר'ס לייב וועכטער האבען געהערט דעם טומעל... זיי האבען גע־ווארט אויף א בעפעהל פון דעם צעזאר אריינצוגעהן... ווען אבער עס איז באלד שטיל געווארען... האבען זיי אנגעהויבען חושד זיין אז עפעס האט פאסירט...

אײן לײב װעכטער האָט א קלאַפּ געטהאָן אין טיהר... ניטא קײן ענטפער... מען האָט גענומען קלאַפּען שטארקער אין טיהר... אבער עס איז שטיל...

— אפשר איז דער צעזאר אין גארטען — האָט זיך אײנער אפּגערופען — איך װעל געהן זעהן... באלד איז ער צוריקגעקומען און געזאָגט אז אויך אין גארטען איז קײנער ניטא...

— איך האָב מורא אז אן אומגליק האָט פּאסירט — האָט א צװײטער לײב־װעכטער געזאגט און גענומען נאך שטארקער קלאַפּען אין טיהר...

צװישען רוים געלע געלע 8

— לאָמיר אויפברעכען די טיהר — האָט אן אנדערער פארגעשלאָגען...

די לײב װעכטער האָבען אויפגעבראָכען די טיהר... און װען זײ זײנען ארײן אינװײניג זײנען אלע געבליבען שטעהן דערשראָקען און צוטומעלט : פאר זײערע אויגען איז געלעגען דער צעזאר א טוידטער... אין א טײך בלוט...

— דער צעזאר איז ערמאָרדעט ! דער צעזאר איז ערמאָרדעט ! — האָבען זיך געהערט שטימען...

באלד האָט זיך די נײעס פערשפּרײט איבער גאנץ רוים... און א מענגע פון טויזענדער מענשען האָבען געשטראָמט צום פּאלאַץ...

— װער האָט עס געטהאָן ! — האָבען די לעגיאָנערען געפרעגט מיט כעס— װער האָט ערמאָרדעט אונזער בעליעבטען צעזאר ? !

די לײב װעכטער װעלכע זײנען געשטאנען ארום דעם טוידטען קערפּער, האָבען געשװיגען...

— האָט עס די צעזארין געטהאָן ? — האָט דער הויפּט פון די לעגיאָנערען געפרעגט.

— נײן, די צעזארין איז אװעק גאנץ פריה און זיך נאָך נישט צוריקגע־קעהרט — האָט אײנער פון די װעכטער בעמערקט.

װער איז דען דער מערדער ? ! — האָט זיך דערהויפּט װידער צושריען — ער האָט זיך אײנגעבויגען איבער דעם צעזארס קערפּער און ארויסגעצויגען דעם קינזשאל פון דאָמיציאַן'ס הארצען...

— װעמענס קינזשאל איז עס — האָט ער עס אויפגעהויבען און געצײגט די לײב װעכטער...

יעדער האָט דעם קינזשאל בעטראכט און דערנאָך האָט זיך אײנער אפּ־גערופען :

— איך גלויב דאס איז סטעפאַנוס'עס קינזשאל !

— װאו איז סטעפאַנוס ? !

אלע האָבען זיך ארומגעקוקט...

— יע, איך דערמאָהן זיך — האָט אײן װעכטער געזאגט — סטעפאַנוס איז ארײן צום צעזאר אין צימער...

— זאָל מען גלײך געפינען דעם צעזאר'ס הויפּט לײב װעכטער און ברײנגען איהם אהער — האָט דער הויפּט פון די לעגיאָנערען בעפאָהלען...

אײניגע לעגיאָנערען זײנען אװעק זוכען דעם צעזאר'ס מערדער...

---

די אידען פון רוים זײנען געװען פערזאמעלט אין שוהל. עס איז דאן געװען דער טאג פון יום כפּור...

זעהר פריה, ווי דער מארגענשטערן איז נאר אויפגעגאנגען האבען שוין די אידען אנגעפיעלט די שוהל. רבי עקיבא און די איבעריגע חכמים האבען גענומען מתפלל זיין און דער גאנצער קהל האט נאך געזאגט די תפלות מיט געוויינען און יאמערען. יעדענס הארץ איז געווען אנגעפילט מיט ווייטאג... יעדענס געמיטה איז געווען טרויעריג... דער גרויזאמער דאמיציאן האט בעשלאסען זיי צו טוידטען און אלע זייערע ברידער...

— אונזערע טעג זיינען געצעהלטע!... א, חייליגער גאט פון אונזערע אבות! שיק דיין רחמים אין דעם צעזאר'ס הארץ און זאל ער מבטל מאכען זיין שרעקליכע גזרה — האט רבי אלעזר אויסגערופען — און אלע מתפללים האבען איהם נאכגעזאגט און זיך פערגאנגען אין א געוויין... די לופט איז פול געווען מיט קרעכצען, יאמערען און געשרייען...

— צו וואס פאר א שרעקליכע צייט מיר האבען זיך דערלעבט — האט רבי הושע געזאגט צו זיינע חברים — איך געדענק, ווען דער טאג יום כפור איז געווען דער פרעהליכסטער טאג ביי אונז, איידער די רוימער האבען אונזער לאנד חרוב געמאכט, פלעגען אלע אידישע טעכטער ארויסגעהן געקליידעט אין קלארע, ווייסע קליידער, און טאנצען און זיך פרעהען אין אונזערע וויינגערטנער... יעצט אבער, איז דער פרעהליכער און הייליגער טאג געווארען א טאג פון טרויער און פון געוויין...

— די אידען פון יהודה ווייסען דאך שוין געווים פון דעם גרויסען אומגליק וואס לויערט אויף זיי — האט רבי גמליאל געזאגט מיט א ציטערענדע שטימע — און אויך דארטען מוז דער טרויער און צער זיין אונגעהויער גרוים...

— וואס שוויינגסטו, רבי עקיבא האט זיך רבי יהושע צו איהם אפגערו־פען — גיעב אונז א טרייסט ווארט אין אונזער גרויסען אומגליק!

— אונזער ישועה איז נאהענט, אונזער חילף וועט קומען פון הימעל — האט רבי עקיבא אויסגערופען — אונזער גאט וועט זיין אויסדערוועהלטעס פאלק נישט פערלאזען... וואס גאט טוט איז צום גוטען! לאמיר תשובה טאהן צו אונזער בורא און מתפלל זיין צו איהם מיט אונזער גאנצען הארצען און זעעלע.

— ביז ווי לאנג א גאט וועסטו אונז פערגעסען! ביז ווי לאנג וועסטו דיין פנים פערבארגען פון אונז — האט רבן גמליאל ווידער אנגעפאנגען דיא תפלות און דער קהל האט נאכגעזאגט.

— פארוואס א גאט שטעהסטו פון ווייטען און דו פארבארגסט דיין פנים אין דער צייט פון אונזער אומגליק...

א גרויסער טומעל האט זיך פלוצלונג דערהערט אין גאס... אלע מתפללים זיינען שטיל געבליבען... און מיט אן איינגעהאלטענעם אטעם איז יעדער געבלי־בען שטעהן ווי צוגעשמידט צו זיין פלאץ...

דער טומעל און געשרייען פון דרויסען האבען זיך פארשטארקט... און מיט דעם האט זיך פארשטארקט די שרעק פון יעדען אידען... ווער ווייס צו קומען דאס נישט די רוימער טהאן צו זיי ווי דער צעזאר האט גוזר געווען!...

די שטילקייט אין שוהל האט געהערשט פאר א קורצע ווייל׳ע קיינער האט זיך פון ארט נישט געריהרט... אלעמענס צושראקענע אויגען זיינען געווען אנגעווענדעט אויף רבי עקיבא'ן וועלכער איז ארויף אויף דער בימה...

— קיינע ליעבע ברידער — האט רבי עקיבא אויסגערופען — פערבלייבט

אלע רוהיג אויף אייערע פלעצער... איך וועל ארויסגעהן אויף דער גאס און אויסגעפינען די אורזאכע פון דיזען געלאף און טומעל...

אלע מתפללים זיינען געבליבען שטיל...

מיט די בעגלייטונג פון אלעמענס בליקען איז רבי עקיבא נעגאנגען צום טיהר... און ווען ער איז שוין געווען אין דרויסען איז נאך דער גאנצער קהל גע־שטאנען בעוועגלאז און געווארט...

אין א קורצע ווייל ארום האט זיך רבי עקיבא אומגעקעהרט און מיט די זעלבע זיכערע טריט ווי ער איז פון בימה ארונטער, איז יעצט ווידער ארויף... אלעמענס אויגען זייען געווען אנגעשטרענגט... זייערע הערצער האבען גע־קלאפט...

— ברידער! דער צעזאר איז טויט!...

— געלויבט איז גאט! געלויבט איז גאט! האבען אלע אויסגעשריען און זיך גענומען לאזען צום טיהר.

— ברידער! ניין! — האט רבי עקיבא אויסגעשריען — נישט פערלאזען זאלען מיר יעצט די שוהל... לאמיר פארטזעצען אונזערע תפילות און דאנקען דעם בעשעפער פון דער וועלט פאר זיין גרויסען וואונדער וואס ער האט מיט אונז געטהאן.

— הודו לה' כי טוב כי לעולם חסדו — האט רבן גמליאל אויסגערופען...

דער גאנצער קהל האט יעצט מיט געזאנג און פרייד געדאנקט גאט פאר די ישועה וואס ער האט זיי נאר וואס געבראכט...

## צוויי און פערציגסטער קאפיטעל

# די פרעהליכע בשורה

דער אינזעל פאנדאטאריא, וואוהין די רוימישע צעזארען פלעגען פארשיקען פארברעכער וועלכע זיי האבען נישט געטויטעט, איז געלעגען ערגעץ אין מיטעל־לענדישען ים, א דריי טעג רייזע פון רוים.

טרויעריג איז געווען די לאגע פון די פערשיקטע; שווער און ביטער הא־בען זיי געמוזט ארבייטען. די בעאמטע פון אינזעל, וועלכע זיינען געווען גרוזאמע מענשען מיט געפיהלען פון ווילדע חיות, האבען ביי יעדע געלעגענהייט געלאזט דעם פערשיקטען פיהלען זייער מאכט... האט איינער פון די פערשיקטע מיט עפעס זיך פארזינדיגט, האט ער בעקומען אזא שוידערליכע שטראף, אז ער וועט שוין פארזאגען א צעהנטען דאס מעהר נישט צו טהאן.

די פרויען פון די בעאמטע האבען אכטונג געגעבען אויף די פערשיקטע פרויען... זייער פליכט איז געווען א דאפעלטע: אכטונג צו געבען אויף די פערשיקטע פרויען זיי זאלען טהאן זייער ארבייט ווי געהעריג איז, און אכטונג צו געבען אויף זייערע אייגענע מענער, די בעאמטע, זיי זאלען זיך נישט טשעפען צו די פרויען...

ווען דאמיציאן האט פערשיקט אונוס'ן און אקטאוויא'ן אויף דעם אינזעל, האט ער אנגעזאגט די בעאמטע אז אקטאוויא'ן זאלען זיי בעהאנדלען זעהר גוט.

— ווען איינער וועט וואגען איהר צו בעליידיגען אדער בעלעסטיגען מיט עטוואס, וועט ער זיכער געטויטעט ווערען, — האט דאמיציאן אנגעזאגט. —

אלע איהרע פערלאנגען זאלען זאפארט ערפילט ווערען. מיט אונוס'ן אבער קענט איהר זיך באגעהן ווי איהר ווילט... איט אבער פארזיכטיג איהם נישט צו טויטען.

די בעאמטע האבען שטרענג אויסגעפאלגט דעם צעזאר'ס באפעהל... ווי א קעניגין האבען זיי אקטאוויא'ן בעהאנדעלט; זיי האבען איהר אפגעגעבען א פראכטפאלע הויז און איינינע פרויען וועכטערינס האבען איהר שטענדיג בע־דיענט... זיי האבען געטהאן אלע איהרע פערלאנגען.

דער צעזאר האט פערלאנגט מען זאל איהם יעדען מאנאט צושטעלען בע־ריכטען פון איהר געזונדס־צושטאנד. ער פלעגט זעהר אפט אהין שיקען זיינע געטרייע דיענער, זיי זאלען אויסגעפינען ווי אקטאוויא פיהלט זיך...

מיט אונוס'ן אבער האבען זיך די בעאמטע בעגאנגען גרויזאם. זיי פלעגען איהם אנטהאן אלערליי ענויים... און פאר יעדע קלייניגקייט האט מען איהם שווידערליך בעשטראפט... די ערשטע צייט פלעגט מען אונוס'ן ווען ניט־איז פארבייפיהרען אקטאוויא'ס פענסטער, כדי זי זאל איהם זעהן... אזוי האט אקטאוויא פערלאנגט און מען האט איהר געפאלגט... שפעטער צו, ווען די בע־אמטע האבען אנגעפאנגען אונוס'ן צו פייניגען... זיי פלעגען איהם נישט געבען קיין עסען דריי טעג נאכאנאנד, און פיעלע מאל האבען זיי איהם קיין טרונק וואַ־סער נישט געגעבען. אונוס האט גענומען אויסקוקען זעהר שלעכט. און די בעאמטע האבען מורא געהאט איהם פארבייצופיהרען אקטאוויא'ס הויז, כדי זי זאל זיך נישט בעקלאגען פאר דעם צעזאר'ס דיענער...

ווען איינינע וואכען זיינען פאראיבער און אונוס איז נישט פארבייגעפיהרט געווארען איהר וואהנונג, האט אקטאוויא גענומען פארערען ביי די וועכטערינס זיי זאלען זעהן אז אונוס זאל פארבייגעפיהרט ווערען איהר וואהנונג.

די בעאמטע האבען זיך אבער ענטזאגט עס צו טהאן, שטיצענדיג זיך אויף דעם וואס דער צעזאר האט זיי ערלויבט זיך צו באגעהן מיט אונוס'ן ווי זיי ווילען . . .

אקטאוויא האט אויפגעהערט עסען און איז געווארען בלאס. די וועכטערינס וועלכע זיינען געווען פעראנטווארטליך פאר איהר זיינען געווארען שטארק בע־זארגט. און ווען דעם צעזאר'ס דיענער זיינען געקומען און באמערקט ווי שלעכט אקטאוויא קוקט אויס, האבען די וועכטערינס זיי דערצעהלט אז די אורזאכע איז וואס די בעאמטע ווילען מעהר נישט פארבייפיהרען אונוס'ן פאר איהר הויז און פון גרויס בענקשאפט צו איהר מאן האט זי פארלארען איהר אפעטיט.

ווען די דיענער האבען עס איבערגעגעבען דעם צעזאר, האט ער באפוילען אז אונוס זאל פארבייגעפיהרט ווערען אקטאוויא'ס וואהנונג איינמאל א חודש.

און אז די בעאמטע האבען געמוזט אונוס'ן פארבייפיהרען אקטאוויא'ס וואהנונג, וואו זי איז אויך ערלויבט געווען צו ריידען מיט איהם פון ווייטען, האבען זיי מורא געהאט איהם צו פייניגען, און אזוי האבען די בעאמטע זיך גענומען באגעהן מיט איהם א סך בעסער ווי די ערשטע צייט.

אזוי זיינען אריבער פיעלע יאהרען און אקטאוויא און אונוס, אדער אסתר און דן, ווי זיי האבען זיך גערופען מיט זייערע אידישע נעמען, האבען שוין כמעט ווי אויפגעגעבען די האפנונג ווען עס איז בעפרייט צו ווערען פון דעם איינזעל... אבער ביידע האבען זיך געפיהלט גליקליך דאס זיי קענען זיך זעהן כאטש איינמאל א מאנאט.

ווען מען האָט געבראַכט קלעמענס'עס פרוי, דאָמיציליא אויף דעם אינזעל, און פון איהר האָבען זיי זיך דערוואוסט, וועגען דעם גרויזאַמען טויט פון זייער בעליעבטען און געאַכטעטען קלעמענס'ן, און פון דאָמיציאַנ'ס שרעקליכע גזרה אויף די אידען, האָט א שרעקליכער יאוש און גרויסער טרויער זיי ביידען אַנ־גענומען.

— ווינציג לײדען האָט אונזער פאָלק אריבערגעטראַגען, — האָט אַקטאַוויא געזאָגט וויינענדיג צו דאָמיציליא און דן, וועלכע זיינען צוגעפיהרט געוואָרען צו איהר, אויף איהר פערלאַנג.

— מיין ליעבע אסתר, — האָט דן זיך אָפּגערופען צו איהר אין העברעאיש,

— וואס פאַר א ווערטה האָט אונזער גליק ווען דער גורל פון גאַנצען אידישען פאָלק איז אויפ'ן וואַגשאָל.

— איך בין גרייט צו אָפּפערען מיין עהרע און מיין לעבען פאַר מיין פאָלק, זאָג מיר, געטרייער דן, וואָס איך זאָל טהאָן?

— פיעלייכט וועט זיך דיר איינגעבען צו בעפרייט ווערען פון דיזען אינזעל און זיך איבערבעטען מיט דאָמיציאַן... דאַן קען זיין אז דו וועסט ביי איהם פועל'ן ער זאָל מבטל מאַכען זיין שרעקליכע גזרה אויף אלע אידען.

— ניין, מיינע ליעבע קינדער, — האָט דאָמיציליא געזאָגט א דערשלאָ־גענע, — איהר וועט זיך זעלבסט אומגליקליך מאַכען, אָבער די אידען וועט איהר ווינציג וואס העלפען... נור דער באַשעפער פון דער וועלט וועט אונז קענען העלפען . . .

לאַנג האָבען זיי צוזאַמען נישט געקענט רײדען. מען האָט זיי באַלד פאַ־נאַנדערגעטיילט און דאָמיציליא האָט אפילו קיין געלעגענהייט נישט געהאַט איהר צו דערצעהלען וועגען איהר פאַטער, איהר ברודער, און וועגען רבי עקיבא'ן.

אסתר און דן זיינען געווען שטאַרק פאַרטרויערט און בעזאָרגט וועגען זייערע ברידער אין יהודה...

— אָה, גאָט, ווי אומגליקליך מיין פאַטער און ברודער מוזען זיך יעצט פיהלען

— האָט זי געטראַכט, — דער רשע דאָמיציאַן זוכט צו פערטיליגען אלע אידען. אפשר איז דן גערעכט, מעגליך אז דאָמיציאַן וואָלט זיך דאַך געלאָזט איינריידען פון איהר בטל צו מאַכען זיין גזרה געגען די אידען . . . אמת, זי וועט דאַרפען אויפגעבען איהר לעבען, איהר גליק און עהרע... אָבער דאַמיט וועט זיך דאַך פיעלייכט רעטען דאָס גאַנצע פאָלק פון אונטערגאַנג... איז דען אסתר המלכה נישט געווען גרייט אלעס צו טהאָן פאַר איהר פאָלק?... ווי אַזוי אָבער וועט זי קענען צוקומען צום צעזאַר? זי איז דאָך פערשיקט געוואָרען אויף דעם אינזעל אלס א פאַרברעכערין... לויט די בעהאַנדלונג וואָס זי קריגט דאָ, פאַרשטעהט זי, אז דאָמיציאַן טראַכט נאָך אלץ וועגען איהר... נור וואָס קען וויסען?... דאָמיציליא איז געוויס גערעכט, גאָט איז דער איינציגער וועלכער קען העלפען די אידען...

דן האָט די גאַנצע צייט אויך געטראַכט ווי אַזוי צו העלפען די אידען... ער איז געווען זעהר פאַרביטערט געגען דעם צעזאַר און אלע רוימער... ווען ער וואָלט יעצט געווען אין יהודה, וואָלט ער געוועקט און גערופען זיינע ברידער צום קאַמפף מיט די רוימער... ער איז זיכער אז יהודה פאַרמאָגט נאָך גרויסע העלדען וועלכע וואָלטען איהם נאָכגעפאָלגט... זיי וואָלטען פאַריאָגט די רוימער פון דעם הייליגען לאַנד... אָבער אומזיסט זיינען די חלומות... ער איז דאָ א געפאַנגענער

אויף אן אינזעל, ווייט, זעהר ווייט פון זיינע ברידער און פון זיין פאטערלאנד.

מיט אזעלכע געדאנקען האט זיך דן ארומגעטראגען ווען דאמיציאנ׳ס דיענער זיינען אנגעקומען אויף דעם אינזעל פאנדאטאריא און האבען איבערגעגעבען די בעאמטע אז דער צעזאר וויל צוריקצורופען אקטאוויא׳ן מיט אונוס׳ן פון דעם אינזעל נאך רוים...

ביידענס שמחה איז געווען גרוים; כאטש זיי האבען נישט געוואוסט וואס דער צעזאר וועט מיט זיי טהאן אין רוים, אבער צו זיין ווידער צווישען מענשען, צו זעהן, צו הערען אלעם וואס קומט פאר ארום זיך, דאס אליין האט שוין דערפרעהט זייערע הערצער...

די שיף וואס האט געדארפט צוריקברייננגען דן און אסתר׳ן נאך רוים, איז שוין אפגעשוואומען פון די ברעגען פון אינזעל. מיט אסתר׳ן זיינען מיטגעפאהרען איינינע פון איהרע וועכטערינס, אזוי ווי דאמיציאן האט געוואלט. און דן האט זיך געפיהלט עטוואס פרייער... די וועכטער האבען איהם ערלויבט צו רעדען מיט זיין פרוי ווען ער האט נאר געוואלט. געוויינליך אין זייער אנוועזענהייט און אין דער רוימישער שפראך...

* * *

גאנץ רוים האט זיך געפרעהט מיט דעם טויט פון דעם צעזאר דאמיציאן. דער טיראן איז געווען פערהאסט ביי אלעמען, א חוץ די לעגיאנערען, וועמען ער פלעגט אונטערקויפען, געבענדיג זיי א העכערונג אין שכירות יעדען יאהר...

אלע רוימער, מענער, פרויען, יונג און אלט האבען זיך פערזאמעלט ארום פאלאץ, ווי זיי וואלטען וועלען זיך איבערצייגען אז דער רשע, וועלכער האט אין משך פון זעכצעהן יאהר אנגעווארפען א מורא אויף יעדען רוימישען בירגער, איז טויט . . .

דאמיציאנ׳ס טויטער קערפער איז געלעגען אין פאלאץ... די לעגיאנערען זיינען געווען פארנומען אין זוכען די מערדער פון דעם צעזאר... דאס פאלק איז געווען שטארק צוטומעלט און נישט געוואוסט וואס צו טהאן... פיעלע האבען נאך מורא געהאט ארויסצוצייגען זייער שמחה, טאמער וועלען די לעגיאנערען זוכען זיך נוקם צו זיין פאר דעם טויט פון צעזאר.

דערהוייל האט זיך דער סענאט פארזאמעלט און מען האט אויסגעקליבען אלס צעזאר דעם סענאטאר נערווא, וועלכער איז געווען א גוטער און איבערגעגעבענער פריינד צו קלעמענס׳ן און זיין פאמיליע.

נערווא האט געגעבען א שבועה נישט צו טויטען קיין סענאטאר. די פרייד פון אלע סענאטארען און בעאמטע איז געווען זעהר גרויס. פון יעצט אן וועלען זיי שוין מעהר נישט דארפען ציטערען פאר זייערע לעבענס.

רבי עקיבא און די איבריגע חכמים האבען נערוואן גאנץ גוט געקענט, ווייל זיי פלעגען איהם פיעלע מאל טרעפען אין קלעמענס׳ס הויז. זיי האבען אפגעווארט עטליכע טעג ביז וואנען אלע האבען זיך בערוהיגט, דערנאך זיינען זיי געקומען צו נערווא׳ן.

דער נייער צעזאר האט זיי זעהר פיין אויפגענומען און האט מיט זיי פערבראכט א חיבשע צייט.

— די ערשטע זאך וואס מיר ווינשען איז, אז זיין מאיעסטעט דער צעזאר,

זאל בטל מאכען די גזרה וואס דאמיציאן האט ארויסגעגעבען אויסצו׳הרג׳ענען אלע אידען, — האט רבי עקיבא געזאגט.

— מיינע פריינד, — האט נערווא זיי געזאגט, — די נארישע און גרויזאמע גזרה וועט גלייך צוריקגערופען ווערען, קיינער וועט נישט וואגען צו טהאן שלעכטעס דעם אידישען פאלק !...

— געלויבט איז גאט ! — האבען די חכמים אויסגערופען מיט פרייד, — ער האט אונזערע תפלות אנגענומען.

— הייליגע חכמים ! — האט נערווא זיך צו זיי אפגערופען, — מיין פערשטארבענער פריינד קלעמענס האט מיר זעהר פיעל פון אייך דערצעהלט, ער האט מיר דערצעהלט פון אייער גרויסקייט און קלוגשאפט, פון אייער עהרליכקייט און בעשיידענהייט... גליקליך איז דאס פאלק וואס בעזיצט אזעלכע גרויסע און הייליגע מענשען ווי איהר זייט... איך האף אז פון יעצט אן וועלען מיר לעבען מיט אייך אין פריעדען. יעדער איינער פון מיינע בירגער האט דאס רעכט צו ווערען א איד, אויב עס איז זיין וואונש, און איהר זאגט מיר וואס איהר פערלאנגט פון מיר און איך וועל דאס ערפילען.

די חכמים זיינען ערשטוינט געווארען הערענדיג אזעלכע ווערטער פון דעם מעכטיגען צעזאר.

— ווירדיגער צעזאר, געזאלבטער פון גאט ! — האט רבי עקיבא אויסגערופען, — נאך פון די צייטען פון טיטוס׳ן, מוזען אלע אידען צאהלען א קאפשטייער פון א האלבען שקל צו יופיטער׳ן. דאס איז די גרעסטע בעליידיגונג פאר די אידען, בפרט ווען אלע אנדערע פעלקער האבען נישט אזא קאפ־שטייער.

— גוט, — האט נערווא געזאגט, — מעהר וועלען די אידען נישט דארפען צאהלען דעם קאפ־שטייער.

דער צעזאר האט די חכמים איבערגעגעבען א צושריפט וואס זאגט דייטליך אז פון יעצט אן, זיינען די אידען פטור צו צאהלען וועלכע עס איז שטייערען צו דער רוימישער רעגירונג.

די חכמים האבען בעדאנקט דעם נייעם צעזאר פאר זיין גוטסקייט. זיי האבען איהם נאך אמאל אנגעוואונשען גליק און זיינען ארוים פון פאלאץ.

צו זייער שמחה איז קיין גרעניץ נישט געווען... אט איז געקומען אן ענדע צו אלע זייערע צרות... די אידען וועלען פון יעצט אן ווידער זיין א פרייעס פאלק . . .

— איך הער די טריט פון משיח ! — האט זיך רבי עקיבא אפגערופען. — ער קומט ! ער קומט ! און מיט יעדען לאנגזאמען טריט ברייננגט ער גליק און פרייד פאר די געיאגטע און געפלאגטע.

— איך בין גליקליך אז מיינע אויגען וועלען נאך קענען זעהן די ווידערגעבורט פון אונזער פאלק, — האט רבי יהושע געזאגט.

— א נייע גאולה, א נייע פרייד, א נייער יום טוב פאר אלע אידען, — האט רבן גמליאל אויסגערופען מיט שטראהלענדע אויגען, — א גרויסער נס איז געשעהן ! לאמיר לויבען און בענשען דעם באשעפער פאר זיין חסד וואס ער טהוט מיט זיין פאלק ישראל.

— מיר מוזען גלייך אבפאהרען קיין יהודה, — האט רבי אלעזר געזאגט, — אנזאגען די גליקליכע בשורה צו אלע אידען.

— יא, קיין איינציגע מינוט טארען מיר נישט פארלירען, — האט רבן גמליאל צוגעגעבען, — דאס איז די שמחה פון גאנצען פאלק ישראל, מיר פאהרען גלייך אהיים.

— צוויי פון די בעסטע קינדער פון אונזער פאלק שמאכטען אויף אן אינזעל, מיר טארען אז זיי נישט פארגעסען, — האט רבי עקיבא געזאגט, — איך וועל זיך צוריקקעהרען צום צעזאר און בעטען ביי איהם ערלויבניס זיי צו בעפרייען...

— פארגעס אויך נישט צו בעטען דעם צעזאר ער זאל בעפרייען דאמיציליא, קלעמענס'ס פרוי, פון דעם אינזעל, — האט רבי אלעזר באמערקט.

— געבענשט זאלסטו זיין צו גאט, — האט איהם רבי עקיבא געענטפערט, — פון גרוים פרייד און אויפרעגונג האב איך נאך געקענט פארגעסען אזא וויכ־טיגע זאך ווי די בעפרייאונג פון דער פרוי פון דעם אידישען מארטירער...

— גאט זאל דיר מצליח זיין, — האבען די חכמים געבענשט רבי עקיבא'ן ווען ער איז פון זיי אפגעגאנגען.

* * *

ווען דן און אסתר זיינען געבראכט געווארען אין רוים, האבען זייערע בע־גלייטער באמערקט דעם יובעל און פרייד פון פאלק.

— וואס איז געשעהן? — האט איינער פון דאמיציאן'ס דיענער געפרעגט.

— דאמיציאן איז טויט! — האט מען געענטפערט.

— און ווער איז יעצט דער צעזאר? — האט ער ווידער געפרעגט.

— נערווא! — איז געקומען דער ענטפער.

— דאמיציאן איז טויט! — האט דער דיענער אויסגערופען צו די איבריגע בעגלייטער פון דן און אסתר'ן.

אלע זיינען געבליבען שטעהן צוטומעלט און צושראקען.

— ווער איז יעצט דער צעזאר? — האט דן א גליקליכער א פרעג געטהאן.

— נערווא!

— נערווא! — האבען דן און אסתר אויסגערופען צוזאמען, — נערווא! דער אלטער גוטער נערווא! קלעמענס'ס בעסטער פריינד! א, באשעפער פון דער וועלט! גרוים זיינען דיינע וואונדער.

— וואס זאלען מיר יעצט טהאן מיט אונוס'ן און אקטאוויא'ן, — האט דער דיענער זיי געפרעגט.

—אונזער באפעהל איז זיי צוזושטעלען צום צעזאר, — האט איינער געענטפערט, — לאמיר זיי צושטעלען צו דעם נייעם צעזאר און הערען וואס ער האט צו זאגען וועגען דעם.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צום פאלאץ, האבען זיי געבעטען דעם צעזאר'ס הויפט לייב־וועכטער צו מעלדען דעם צעזאר דאס זיי האבען געבראכט אקטאוויא'ן מיט אונוס'ן פון דעם אינזעל פאנדאטאריא.

ווי נערווא האט דערהערט אז דער אדאפטירטער זוהן פון זיין בעסטען פריינד איז געקומען צוריק פון דעם אינזעל, צוזאמען מיט זיין פרוי אקטאוויא, איז ער ארוים זיי אנטקעגען.

— ווילקאמען צו מיר, ליעבע קינדער, — האט נערווא זיך מיט זיי [illegible]

בעגריסט, — זאגט מיר, האט איהר געזעהן דאמיציליא'ן אויף דעם אינזעל? וואס מאכט זי און פיהלט זי זיך?...

— מיר האבען איהר געזעהן, — האט דן געענטפערט, — מען האט אונז קיין סך ניט ערלויבט מיט איהר צו ריידען, זי קוקט אויס צו זיין זעהר דער־שלאגען און פערטרויערט.

— פאהרט גלייך צוריק צו דעם אינזעל פאנדאטאריא, — האט זיך נערווא אפגערופען צו די דיענער, — און ברייננט גלייך דאמיציאלא צוריק אהער.

די דיענער האבען זיך פארנייגט און באלד צוריקגעפאהרען צו דעם אינזעל מיט דעם באפעהל פון דעם נייעם צעזאר.

נערווא האט צו זיך אריינגערופען דן און אסתר'ן. ער האט זיי אויסגעפרעגט וואס מיט זיי האט פאסירט די גאנצע צייט.

ווען זיי האבען געענדיגט דערצעהלען, האט זיך נערווא צו זיי אפגערופען:

— יעצט מיינע קינדער, וועט נעהמען אן ענדע נישט נאר צו אייערע אייגע־נע ליידען, נאר אויך צו די ליידען און צרות פון גאנצען אידישען פאלק.

טרעהרען פון פרייד און גליק האבען זיך בעוויזען אין די אויגען פון דן און אסתר... עפעס איז זיי דאס אלץ אויסגעקומען ווי א חלום.

דער הויפט לייב־וועכטער איז אריין און געמאלדען דעם צעזאר דאס רבי עקיבא וויל זיך מיט איהם זעהן.

נערווא איז גלייך איהם אנטקעגען געקומען.

— וואס ווינשסטו, ווירדיגער רבי, — האט איהם דער צעזאר געפרעגט.

— דער צעזאר וועט מיר ענטשולדיגען פאר מיין באלעסטיגען איהם, — האט רבי עקיבא געזאגט, — איך האב אבער פארגעסען איינע פון די וויכ־טיגסטע זאכען... און איך האף אז אויך דיזע ביטע וועט דער גנעדיגער צעזאר מיר נישט צוריקווייזען.

— אלעס וואס ליגט נאר אין מיין מאכט וועל איך טהאן, הייליגער רבי, — האט נערווא געענטפערט.

— דער פארשטארבענער צעזאר דאמיציאן האט פערשיקט אויף דעם אינ־זעל פאנדאטאריא אונוס'ן, דעם אדאפטירטען זוהן פון קלעמענס'ן, און זיין פרוי אקטאוויא. און ווי איך האב אויסגעפינען איז ער דער ברודער פון מיין פרוי... אויב דעם צעזאר געפעלט עס, זאל ער זיי צוריקרופען פון דעם אינזעל צוזאמען מיט קלעמענס'ס פרוי, דאמיציליא.

— קומט אריין מיט מיר אין מיין צימער, — האט נערווא געזאגט מיט א שמייכעל.

רבי עקיבא איז איהם נאכגעגאנגען.

— ווייסטו ווער די צוויי יונגע מענשען זיינען? — האט נערווא געפרעגט רבי עקיבא'ן.

— ניין!...

— האט איהר ווען געהערט פון דעם בעוואוסטען חכם רבי עקיבא פון יהודה? — האט זיך נערווא געווענדעט צו דן און אסתר.

זיי האבען איהם אנגעקוקט מיט ערשטוינונג, און דן האט געענטפערט:

— ניין, מעכטיגער צעזאר, — מיר זיינען דאך אזוי פיעל יאהרען געווען

פערשיקט אויף דעם אינזעל, אז מיר ווייסען גארנישט וואס איז פארגעקומען אין יהודה די גאנצע צייט.

— רבי עקיבא זאגט אז ער איז דיין שוואגער, — האט נערווא זיך אפגערופען מיט א שמייכעל.

— מיין שוואגער, רחל׳ס מאן! —האט דן אויסגערופען מיט פערוואונדערונג.

רבי עקיבא האט א קוק געטהאן אויף אסתר׳ן און האט איהר באלד דערקענט.

— אקטאוויא! — האט ער געזאגט מיט ערשטוינונג, — דערקענסטו מיך רען נישט?...

אסתר איז געווען ווי צוטומעלט... זי האט איהם גוט בעטראכט און זיך אפגערופען:

— ניין, הייליגער רבי, איך קען זיך נישט דערמאהנען וואו איך האב דיר געזעהן.

— איז דיין פאטערס נאמען יוליוס ווערנוס? — האט איהר רבי עקיבא געפרעגט.

— יא, — האט אסתר געשאקעלט מיט׳ן קאפ.

— געדענקסטו פיעלייכט אז מיט יאהרען צוריק האט ביי דיין פאטער גע־דיענט א פאסטוך, וועלכער האט אפגעבראכען יופיטער׳ס נאז?...

— אה, יא, עקיבא האט ער געהייסען! — האט אסתר אויסגערופען, — איך געדענק איהם זעהר גוט. ער איז דערנאך געווארען כלבא שבוע׳ס פאסטוך.

— און אביסעל שפעטער איז ער געווארען כלבא שבוע׳ס איידעם!... — האט רבי עקיבא געזאגט שמייכלענדיג.

— א, גרויסער גאט! — האט אסתר אויסגערופען און זיך אנגעהאלטען אן שטוהל, זי זאל נישט אומפאלען.

דן איז די גאנצע צייט געשטאנען ווי פערווירט... ער האט געקוקט אויף רבי עקיבא׳ן... ער איז געווען איבערראשט און צוטומעלט פון דעם גרויסען גליק. אז ער האט אזש קיין ווארט נישט געקענט ארויסריידען.

— און דו ביסט עס דן, מיין רחל׳ס ברודער, — האט רבי עקיבא גענומען דריקען זיין האנט...

דן האט יעצט ערוואכט ווי פון א חלום און האט ארומגענומען רבי עקיבא׳ן און איהם געהאלזט און געקושט.

רבי עקיבא האט זיי דערצעהלט אלעס וואס עס איז פארגעקומען מיט איהם די גאנצע צייט זינט ער איז אוועק פון יוליוס ווערנוס... דן און אסתר האבען געוויינט פון דעם פלוצלינגען גרויסען גליק וואס האט זיי געטראפען און אויך אלע אידען...

דער גוט־הערציגער נערווא האט זיך אפגעקעהרט אן א זייט און אויך גע־ווישט זיינע אויגען...

— וואס פאר אן אויסערגעוועהנליכע גליקליכע איבערראשונג עס וועט זיין פאר דיין פאטער און שוועסטער, — האט רבי עקיבא געזאגט, — ווען מיר וועלען אלע צוזאמען אנקומען אין יהודה.

— און דאמיציליא, מיין אדאפטירטע מוטער? — האט דן געפרעגט.

רבי עקיבא האט א קוק געטהאן אויף דעם צעזאר...

— איך האב שוין וועגען דעם בעזארגט, — האט נערווא זיך אפגערופען צו רבי עקיבא, — אין זעקס טעג ארום וועט דאמיציליא זיין דא צווישען אונז.

— איהר איינציגער וואונש איז געווען זיך צו בעזעצען מיט אונז אין יהודה. — האט דן געזאגט, — און איך וועל זיך שעצען העכסט גליקליך ווען איהר וואונש וועט ערפילט ווערען.

* * *

אין זעקס טעג ארום איז דאמיציליא אנגעקומען אין רוים.

נערווא האט איהר געגעבען א זעהר פיינע אוןווארעמע אויפנאהמע.

פאר זייער אבפאהרען נאך יהודה האט נערווא געמאכט א מאלצייט לכבוד די אידישע חכמים און לכבוד דאמיציליא, דן און אסתר... און ווען אלע זיינען געגאנגען צום שיף, האט נערווא זיי געגעבען א פאראדנע בעגלייטונג.

גליקליכע און צופריעדענע האבען זיי זיך אריינגעזעצט אין שיף וואס האט זיי געדארפט אבפיהרען נאך יהודה...

* * *

גאנץ יהודה איז געווען איינגעהילט אין טרויעד דורך דער צייט ווען רבי עקיבא און זיינע חברים זיינען געווען אין רוים. די נייעס אז דער רוימישער צעזאר דאמיציאן האט ארויסגעגעבען א גזרה אויסצוראטען אלע אידען אין משך פון איין יאהר, האט אויף אלעמען אנגעווארפען א שרעקליכען יאוש...

דער רשע וועט עס זיכער אויספיהרען, — האבען אלע צוגעגעבען. די רוימער זיינען נאך מעכטיג ווי אימער און די אידישע וואונד האט זיך נאך נישט פער־היילט... בלויז עטליכע און צוואנציג יאהר זיינען פאראיבער זינט דער שונא האט חרוב געמאכט די הייליגע לאנד, געטויטעט און גענומען געפאנגענע די אידי־שע העלדען... דאס פאלק איז פארארימט, אפגעשוואכט... די רוימער זיינען זיכער אז קיין ווידערשטאנד וועלען זיי נישט באגעגענען.

דער סנהדרין אין יבנה האט גוזר תענית געווען. יעדען מאנטאג און דאנער־שטאג האבען די אידען געפאסט, זיי האבען זיך פערזאמעלט אין די שוהלען און אויסגעגאסען זייערע ביטערע הערצער פאר דעם רבונו של עולם.

די רוימישע פערוואלטער פון די פערשידענע שטעדט אין יהודה, האבען דערווייל, אויף דעם סמך פון דאמיציאן׳ס גזרה, אנגעהויבען צו דריקען די אידען. זיי האבען זיך גענומען רייצען מיט זיי און אפשפאטען פון זיי...

סעיאנוס בורוס׳ס שטעל־פארטרעטער אין גמזו, האט שוין אנגעפאנגען בעצייטענס צו ראבירען אידישע הייזער... און ווען נישט כלבא שבוע׳ס שתדלנות וואלט געווים געקומען צו בלוט־פארגיסונג...

כלבא שבוע איז געווען יעהר געאכטעט אפילו ביי די רוימער. און ווען דער פערוואלטער האט געשיקט ארויסשיקען די רוימישע זעלנער צו ראבירען און צו שלאגען די אידען, איז כלבא שבוע צו איהם אוועק און האט איהם "איינגע־שטילט" מיט א גרויסע סומע געלד...

רחל האט די גאנצע צייט, זינט רבי עקיבא איז אבגעפאהרען נאך רוים, געוואהנט ביי איהר פאטער. און כאטש זי אליין איז געווען שטארק בעזארגט וועגען איהר מאן, פלעגט זי נאך טרייסטען איהר פאטער און געבען איהם משהר מוטה און האפנונג...

— טרויער נישט, ליעבער פאטער, — האט איהם רחל געטרייסט, —

אונזער ליעבער גאָט וועט אונז נישט פאַרלאָזען... אונזער שמחה וועט נאָך זעהר גרויס זיין...

— יא, יא, ליעבע טאָכטער, — האָט כלבא שבוע געזיפצט, — איך בין אַלט און גראָה, מיינע טעג זיינען געצעהלטע, דאָס גליק האָט אזוי פּלוצלינג פאַר מיר א שיין געטהאָן, באַלד אָבער פאַרדעקט צו ווערען מיט א שוואַרצען געדיכטען וואָלקען... פיעלע יאָהרען האָב איך געטרויערט נאָך מיין איין־איינציגען זוהן... און די לעצטע יאָהרען האָב איך זיך געטרייסט מיט דיר, מיט דיין גליק, מיט מיין איידעם, וועלכער איז דער גרעסטער מאַן אין יהודה... מיט אַמאָל דערהער איך די גליקליכע נייעס אַז מיין זוהן דן לעבט... און געמיינט האָב איך, אַז צו מיין גליק איז קיין גרענעץ ניטאָ... א קוואַל פון נייעם לעבען איז אין מיר אריין... און יעצט ווער ווייס וואָס דאָרטען האָט פּאַסירט... מיר, אין יהודה, זיינען נישט זיכער מיט'ן לעבען... בפרט דאָרטען אין רוים... מיין זוהן איז פער־שיקט אויף אַן אינזעל... מיין איידעם געפינט זיך אין געפאַהר... אַ, גאָט, אַיז שוין נישט געקומען די צייט אַז מיר זאָלען מעהר נישט דאַרפען ליידען...

רחל האָט זיך אָפּגעקעהרט אַן א זייט און געווישט איהרע אויגען... איהר האַרץ האָט איהר אויך שטאַרק געשראָקען... די רייזע אויפ'ן ים איז א געפעהר־ליכע... און די שליחות וואָס איהר מאַן און זיינע חברים וועלען דאַרפען אויס־פיהרען איז אויך אַרומגערינגעלט מיט גרויס סכנה... זיי וועלען דאַרפען געהן צום צעזאַר בעטען פאַר אַלע אידען... ווער ווייס צי דער שלעכטער צעזאַר וועט נישט אין כעס ווערען און זיי טויטען... און ווער ווייס וואָס האָט פּאַסירט מיט איהר געפאַנגענעם ברודער... זי האָט זיך אָבער געשטאַרקט און זיך אָפּגערופען צו איהר פאַטער:

— מיין עקיבא זאָגט אויף יעדע זאַך אַז דאָס וואָס גאָט טהוט איז צום גוטען, און איך ווייס אַז ער איז גערעכט, לאָמיר דעריבער אויך נישט אויפגעבען די האָפנונג אַז אַלעס וועט זיך אויסלאָזען צום גוטען...

— דו ביזט גערעכט מיין טאָכטער, האָפנונג איז די איינציגע טרייסט וואָס איז אונז געבליבען אין לעבען... אָהן האָפנונג אויף גליק אין דער צוקונפט איז דאָס לעבען פּוסט און טרויעריג.

— מעגליך, — האָט רחל געזאָגט, — אַז אויך די גרויסע זאָרגען וואָס דער מענש האָט וועגען דער צוקונפט איז נויטווענדיג, כדי נאָכהער בעסער אָפּצושאַצען די גוטעס...

— כל זמן די פאַרפלוכטע רוימער געפינען זיך אין אונזער הייליגעם לאַנד קענען מיר קיין גוטעס נישט ערוואַרטען, — האָט כלבא שבוע געזאָגט מיט טרויער, — איך האָב אימערצו געגלויבט אַז מיט שלום וועלען מיר בעסער קענען אויסקומען מיט זיי... יעצט אָבער זעה איך מיין טעות... גערעכט זיינען געווען יענע העלדען וועלכע האָבען נישט געוואָלט הערען פון שלום ביז וואַנען דער שונא וועט פאַרטריבען ווערען פון אונזער לאַנד... זעקס־און־צוואַנציג יאָהר זיינען פאַראיבער, די גאַנצע צייט זוכען מיר צו לעבען בשלום מיט אונזערע אונטער־דריקער... מיר צאָהלען זיי אפילו דעם בעליידיגענדען קאָפּ־שטייער, אבי זיי זאָלען אונז צו־רוה לאָזען. אָבער די רשעים זוכען אונז אין גאַנצען צו פערניכטען... זיי ווילען אונז אויסרייסען מיט'ן וואָרצעל פון אונזער לאַנד... א וואו קריגען מיר אונזערע אַמאָליגע העלדען, וועלכע זאָלען ווידער ערמונטערען אונזערע נידער־

געשלאָגענע ברידער צום קאמפף מיט די רוימער... גענוג האָבען מיר זיך שוין געבויגען און געלאָזט טרעטען פון די רשעים...

— דער יונגער דור איז פול מיט מוטה און קאמפף־לוסט... וואָס זיי פעהלט נאָר איז א פיהרער, א וועג־ווייזער... און לאָמיר האָפען אז אזא העלדישער פיהרער וועט זיך שנעל באווייזען צווישען אונז... און דאַן וועלען א.נזערע שונאים פיהלען דעם שטארקען פויסט פון אונזערע העלדען.

פיעלע פון די חכמים, רבי עקיבא׳ס תלמידים, זיינען אוועק אין יפו, וואו זיי האָבען מיט גרויס אונגעדולד געוואַרט אין האַפען אויף יעדער אַנקומענדער שיף... און ווען וואָכען און מאָנאטען זיינען פאַראיבער און פיעלע שיפען זיינען אַנגעקומען פון רוים, און רבי עקיבא מיט זיינע חברים זיינען דאָרט ניט געווען, איז זייער טרויער און יאוש שטארקער געוואָרען. זיי האָבען נאָכגעפרעגט ביי די וועלכע זיינען נאָר וואָס אַנגעקומען פון רוים צי זיי האָבען עפּעס געהערט פון די חכמים אָדער זיי געזעהען, אָבער קיינער האָט גאָרניט געוואוסט וועגען זיי.

א פּאָר וואָכען זיינען אוועק און קיין איינציגע שיף איז נישט אַנגעקומען פון רוים. צוליעב די איבערקעהרעניש האָט קיינער נישט געוואגט צו פארלאָזען רוים... די רוימישע בעאמטע אין יהודה האָבען גאָרניט געוואוסט וועגען דאָמיציאן׳ס טויט, און אז דער נייער צעזאר איז גאָר נערווא...

יעדען פריהמאָרגען זיינען די רוימישע בעאמטע געקומען און אויסגעקוקט אויף א שיף פון רוים... די אידישע חכמים זיינען געשטאַנען בעזונדער אין א גרופּע און מיט טרויעריגע געמיטהער און צובראָכענע הערצער האָבען זיי יעדע ווײַלע אַנגעשטרענגט זייערע אויגען און געקוקט אויפ׳ן ווייטען האָריזאָנט, אפשר וועלען זיי דערזעהן א שיף.

די רוימישע בעאמטע האָבען גענומען פון זיי אָפּלאַכען און אָפּשפּאָטען:

— וואָס זייט איהר אזוי אונגעדולדיג צו זעהן א רוימישע שיף? — האָט א בעאמטער זיך אָפּגערופען צו די חכמים מיט א סארקאסטישען שמייכעל, — אויב ביי אייך איז נאָך פאראַן א צווייפעל צי דער רוימישער סענאט האָט באשטעטיגט דאָמיציאן׳ס גזרה, זיינען מיר אין דעם זיכער... און די ערשטע שיף וואָס וועט אַנקומען וועט אייך איבערצייגען אז מיר זיינען גערעכט...

— מיט יאָהרען צוריק האָט אזוי המן אויך געטראַכט, אָבער דער באשעפער פון דער וועלט טראַכט אָפטמאָל אנדערש, — האָט איהם איינער פון די חכמים געענטפערט, — דיין רעכענונג מאכסטו אָהן דעם בעל הבית... אונזער פאָטער אין הימעל האָט אונז ביז אהער ניט פארלאָזען, און מיר זיינען זיכער, אז ער וועט זיין גנאָדע פון אונז אויף ווייטער ניט אָפּטהאָן...

— דערפאַר וואָס דו רעדסט מיט אזוי פיעל עזות, וועסטו זיין מיין ערשטער קרבן, — האָט דער בעאמטער געזאָגט מיט צאָרן, — ווי מיר וועלען ערהאַלטען די ידיעה אז דער סענאט האָט באשטעטיגט דאָמיציאן׳ס באפעהל צו פערניכטען אַלע אידען, וועל איך מיט מיין שווערד דיין קאָפּ אָפּהאַקען...

א מורא איז אַנגעפאַלען אויף דער גרופּע חכמים. זיי האָבען יעצט דערפיהלט ווי הילפלאָז זיי זיינען אין זייער אייגענעם לאַנד... מיט וואָס פאַר א זיכערקייט און שטאָלץ דער רוימער רעדט עס...

— ווארום האָסטו זיך אַנגעפאַנגען **מיט איהם**? — האָבען די איבריגע חכמים איהם גע׳מוסר׳ט שטילערהייד, — ווייסטו דען ניט אז מיר זיינען ביי דיזע

רשעים אין די הענד, און מיר דארפען זעהן ווי ווייט מעגליך זיי אויסצומיידען, און דו געהסט זיך גאר אויס׳טענה׳ן מיט דעם רשע!

— ווי איך האב איך געקענט צוזעהן ווי דער גראבער, פעט־בייכיגער רוימער שפאט פון אונז, — האט זיך דער חכם פארענטפערט, — ערגער ווי עס איז קען דאך שוין נישט זיין... איך האב זיך פשוט ניט געקענט קאנטראלירען, און אז איך בין געוועז מאכטלאז מיט מיין פויסט, האב איך זיך אמווייניגסטען בענוצט מיט מיין מויל...

— א שיף קומט אן! א שיף קוט אן! — האט איין רוימער ארויסגעשריען פון א טהורעם פון וואנען ער האט ארויסגעקוקט איבער׳ן ים...

באלד האבען אלע רוימער זיך א לאז געטהאן צום ברעג ים און אנגעשטרענגט זייערע בליקען אויפ׳ן ים... די חכמים מיט די איבריגע אידען, וועלכע זיינען געווען פערזאמעלט אין האפען האבען אויפגענומען דעם אויפרוף פון דעם טהורעם־וועכטער מיט א געמישטען געפיהל — פון שרעק און פרייד; זיי האבען זיך געפרעהט פיעלייכט געפינען זיך אויפ׳ן שיף זייער בעליעבטער תנא רבי עקיבא מיט די חכמים... געשראקען האבען זיי זיך טאמער ברייננגט די שיף די ידיעה אז דער סענאט האט בעשטעטיגט דאמיציאן׳ס גזרה...

זיי זיינען געבליבען שטעהן אויף זייער פלאץ ווי פארגליווערט און געווארט און געהאפט...

די שיף האט זיך אנגעהויבען דערנעהנטערען... מען האט איהר שוין גענומען באמעהקען פון האפען. די רוימער האבען געיובעלט, געשאלט און געשריען. זיי האבען געווארפען פעראכטעטע בליקען אויף דער זייט וואו די אידישע גרופע איז געשטאנען... ווי זיי װאלטען זיך מיט זיי געררייצט...

אין א קורצע ווײלע איז שוין די שיף געווען אין האפען און אלע רוימישע בעאמטע זיינען צוגעלאפען און אנגעכאפט די שטריק זי צו באפעסטיגען.

— עס לעבע דער צעזאר דאמיציאן! — האבען זיי געשריען, צושלעפענדיג די שיף מיט די שטריק, — לאנג לעבען זאל דאמיציאן! הוררא!

באלד איז ארויס דער קאפיטאן פון שיף און האט א מאך געטהאן מיט׳ן האנד אז די רוימער זאלען אויפהערען שרייען.

דער המון האט זיך איינגעשטילט און דער קאפיטאן האט אויסגערופען:

—״לאנג לעבען זאל אונזער נייער ליעבער צעזאר, נערוואַ!״

— הורא! — האבען די אידען אויסגעשריען, — געבענשט זאל זיין דער נייער צעזאר, נערוואַ!

די רוימער זיינען געשטאנען צוטומעלטע און האבען ניט געוואוסט וואס צו טהאן... פיעלע פון זיי וועלכע האבען געריטען זיינען ארונטער פון די פערד און געוואַרט מיט גרוים אונגעדולד אויף די נייעס פון די איבריגע מיטפאהרער. מיט אמאל האט זיך דערהערט א שפיעלען פון מוזיק, און אין בעגלייטונג פון פיעלע רוימישע בעאמטע איז ארויס פון שיף רבי עקיבא, רבן גמליאל, רבי יהושע, און רבי אלעזר; הינטער זיי זיינען נאכגעגאנגען דן, אסתר און דאמיציליא. זייערע פנים׳ער האבען געלויכטען פון פרייד, זייערע אויגען האבען געשיינט פון גליק... א פרעהליכער שאלען האט זיך ארויסגעריסען פון די אידישע מיילער... זיי זיינען גלייך צוגעלאפען צו רבי עקיבא׳ן און די איבריגע חכמים און אויסגעשריען:

— ברוכים הבאים בשם ה׳!

— א גרויסען נס האט גאט פאר אונז געטהאן! — האט רבי עקיבא אויסגערופען, — מיר ברייננגען אייך א פרעהליכע בשורה פון רוים!... דאמיציאן איז טויט, און זיין שרעקליכע גזרה איז טויט מיט איהם!...

— געלויבט איז גאט, אונזער פאטער, אונזער קעניג, וועלכער בעשיצט זיין פאלק יהודה פון זיינע שונאים! — האבען די פערזאמעלטע אידען אויסגערופען...

— דער גנעדיגער צעזאר נערווא, האט אויך באוויליגט צו בעפרייען אלע אידען פון צו צאהלען דעם האלבען שקל קאפ־שטייער פאר יופיטער'ן, — האט רבי עקיבא ווידער אויסגערופען.

— לאנג לעבען זאל דער צעזאר, דער געזאלבטער פון גאט! — האבען זיך געהערט שטימען פון המון...

דער קאפיטאן האט ארויסגענומען א גרויסען פארמעט. עס פאנאנדערגעוויקעלט און ער האט פארגעלייענט פאר אלע פערזאמעלטע אין רוימישע בעאמטע:

"רוימער און בירגער! אויף דעם באפעהל פון דעם נייעם צעזאר נערווא, וויל איך אייך אלעמען מודיע זיין, אז אלע גזרות געגען אידען פון דעם פריהערדיגען צעזאר ווערען בטל, און אז דער האלבער שקל קאפ־שטייער וואס די אידען זיינען געווען געצוואונגען צו צאהלען ווערט פון יעצט אן צוריקגעצויגען. דער צעזאר נערווא ווינשט אויך צו לאזען וויסען אז אלע אידען פון דער גאנצער רוימישער אימפעריע ווערען פון היינט אן פול בארעכטיגטע בירגער, און עס איז דעם צעזאר'ס פערלאנג און וואונש אז די רוימישע בירגער זאלען לעבען בשלום מיט די אידישע, און קיינער זאל נישט וואגען צו באלעסטיגען אדער בעליידיגען די אידען וועלכע זיינען דעם צעזאר'ס גוטע פריינד".

די בעאמטע און די איבריגע רוימער זיינען געשטאנען ווי פארשעהמטע, ווי אפגעשמיסענע... פיעלע האבען געביסען מיט די ליפען און געקריצט מיט די ציינער. און דער תלמיד חכם וואס האט זיך געהאט צואווערטעלט מיט דעם רוימישען בעאמטען איז איצט איהם פארבייגעגאנגען און געווארפען שטאלצע בליקען אויף זיין זייט...

דער רוימישער בעאמטער האט אבגעקעהרט זיין קאפ און זיך געמאכט נישט זעהענדיג.

* * *

רבי עקיבא האט צוגערופען איינינע פון זיינע תלמידים, האט זיי בעזארגט מיט פערד און געזאגט:

— לויפט שנעל און זאגט אן אין יעדער שטאדט פון יהודה די פרעהליכע בשורה! און דו, מיין תלמיד — האט ער זיך אפגערופען צו איינעם פון זיי, — נעהם דיזען פערד און לויף אזוי שנעל ווי דו קענסט צו דער שטאדט גמזו, און זאג אן מיין פרוי, מיין שווער און די גאנצע שטאדט, די גליקליכע נייעס, וואס דו האסט דא געהערט... זאג זיי אויך, אז איך קום אין גמזו גלייך נאך דיר.

בליץ שנעל איז די פרעהליכע בשורה פארשפרייט געווארען צווישען אידען אין יהודה. די פרייד איז געווען אונגעהייער גרויס; יעדענס פנים האט געלויכטען און יעדענס הארץ האט געיובעלט פון גליק... אלע האבען אין דעם געזעהן א נס פון הימעל... יונג און אלט, קינד און קייט זיינען ארויס אין די גאסען, האבען געטאנצט און געזונגען פון שמחה.

ווען די נייעס האט דערגרייכט גמזו, איז די גאנצע שטאדט ארויס מקבל

פנים זיין זייער בעליעבטען רבי עקיבא. צו כלבא שבוע'ס און רחל'ס גליק איז קיין גרעניץ ניט געווען. כלבא שבוע האָט געהייסען שפּאַנען זיין קאַרעטע, און ער איז מיט רחל'ן געפאָהרען אנטקעגען רבי עקיבא'ן... יונתן בן אבים מיט זיין זוהן עמנואל, אָדער ווי זיי זיינען געווען בעקאַנט מיט זייערע פריהערדיגע נעמען: יוליוס ווערנוס און מאַנילוס, האָבען זיך אויך שטאַרק געפרעהט מיט דעם גליק וואָס דאָ האָט געטראָפען אלע אידען. זיי האָבען זיך געאיילט צו זעהן מיט רבי עקיבא'ן, פיעלייכט וועט ער זיי ברייננען א גערוס פון אסתר'ן.

אז דן און אסתר זיינען אויך געקומען פון רוים צוזאַמען מיט רבי עקיבא'ן, דאָס האָט נאָך קיינער ניט געוואוסט, ווייל די פרעהליכע נייעס אז דאָמיציאַן'ס גזרה איז בטל, און אז דער קאָפּ שטייער איז אַרונטערגענומען געוואָרען, האָט דעם שליח פון גמזו אזוי בערוישט, אז ער האָט פאַרגעסען צו דערמאָהנען וועגען דן און אסתר'ן אפילו צו כלבא שבוע און רחל'ן...

— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —

גרויס און ערהאַבען איז געווען די באַגעגנים צווישען דעם גרייז־גראָהען כלבא שבוע און זיין איין־איינציגען זוהן דן, וועמען ער האָט שוין אריבער זיבען און צוואַנציג יאָהר ניט געזעהן, וועמען ער האָט די גאַנצע צייט געהאַלטען פאַר טויט . . .

א היבשע ווייל זיינען פאָטער און זוהן געשטאַנען ווי איינגעפלאַכטען איי־נער אין צווייטען און קיין וואָרט ניט געקענט ארויסריידען...

טרעהרען, טרעהרען פון דעם גרעסטען גליק האָבען זיך געגאָסען פון זייערע אויגען און זיך צונויפגעמישט... אלע אידען פון גמזו, וועלכע זיינען געווען דערביי האָבען געוויינט פון פרייד צוקוקענדיג זיך צו דער ריהרענדער סצענע.

רבי עקיבא האָט געהאַלזט און געקושט זיין ליעבע רחל, מיט זיין זוהן יהושע... און דאָ זיינען אויך אָנגעקומען יונתן בן אבים און עמנואל און דערזעהן זייער אסתר'ן... קושען, האַלזען און אומאַרמונג האָט אָנגעפילט די לופט... רחל און דן, כלבא שבוע און רבי עקיבא, אסתר און רחל, עמנואל און דן, יונתן און אסתר... אזוי האָבען זיך די גליקליכע פערזאָנען געביטען מיט די קושען...

און דאָמיציליא? זי איז געשטאַנען עטוואָס פון ווייטען. איהרע אויגען זיינען פול געווען מיט געמישטע טרעהרען... זי איז געווען גליקליך, זעהר גליקליך צו־צוזעהן די גרעסטע שמחה פון די אלע וועלכע האָבען זיך דאָ פאַרזאַמעלט... אבער אין דערזעלבער צייט האָט זי זיך דערמאָהנט אָן איהר פאַרשטאָרבענעם ליעבען מאַן קלעמענס... אָן איהרע פאַרשטאָרבענע צוויי זיהן... ווי גליקליך איהר קלע־מענס וואָלט יעצט געפיהלט ווען ער איז דאָ דערביי און זעהט דאָס אלעס צו מיט זיינע אויגען... ווי ליעב ער האָט געהאַט דן און אסתר'ן... ער האָט אימער געטרוימט צו זיין אין ארץ ישראל, וואו ער וואָלט געקענט זיין א איד אונגע־שטערטערהייד... אבער ער איז געפאַלען א קרבן פון דעם גרויזאַמען דאָמיציאַן...

דאָמיציליא האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט... דן איז צו איהר צוגעלאָפען:

— ליעבע מוטער! — האָט ער זיך אָפּגערופען, — בערוהיג דיך און נעהם אָן אנטהייל אין אונזער גליק.

כלבא שבוע האָט ערשט יעצט באַמערקט דאָמיציליא'ן און זיינע אויגען האָבען געפרעגט, ווער זי איז...

— זי איז דאך דעם סענאטאר קלעמענס פרוי, — האט דן גענומען דער־צעהלען פאר זיין פאטער, — מיין לעבען בעלאנגט צו איהר... זי מיט איהר מאן האבען מיך געראטעוועט פון די צייחנער פון די לייבען... בשעת די רוימער האַ־בען מיך געבראכט אין די ארענא צו קעמפפען מיט די לייבען, האט זי און איהר מאן, אלס סענאטאר, גענומען א רעכט מיך אויסצולייזען און ווען מען האט מיך שוין גענומען פיהרען אינעווייניג צום פירכטערליכען לייב, און געדענקט האב איך, אז מיינע מינוטען זיינען געצעהלטע, אז אט־באלד, באלד וועל איך אויפגעפרעסען ווערען פון די ווילדע חיות פאר די אויגען און פארגעניגען פון אלע רוימישע צושויער, אין דער ארענא, אבער פלוצלינג האט זיך דער סענאטאר אויפגעהויבען פון זיין פלאץ און צוגעגאנגען צו די אויפזעהער און מיך אויסגע־לייזט פון זייערע הענד... זינט דאן בין איך געווארען זייער אדאפטירטער זוהן... און זיי האבען אנגענומען דעם אידישען גלויבען, פארוואס איהר מאן קלעמענס האט בעצאהלט מיט זיין לעבען... און זי, מיין אדאפטירטע מוטער, האט בעשלאָ־סען זיך צו בעזעצען אין יהודה און דיענען דעם אידישען גאט אונגעשטערט.

כלבא שבוע האט איהר געדריקט די האנד און בעדאנקט פאר אלעס וואס זי האט געטהאן צו זיין זוהן... ער האט איהר באלד איינגעלאדען צו זיך אהיים, כדי אלע צוזאמען זאלען פייערען דעם העכסטען הימעלשען גליק וואס עס האט זיי געטראפען.

כלבא שבוע, רחל, רבי עקיבא, דן און דאמיציליא האבען זיך אריינגעזעצט אין איין קארעטע, און אסתר האט זיך אריינגעזעצט אין די קארעטע פון איהר פאטער און ברודער, און אלע זיינען געפאהרען צו די פראכטפאלע הויז פון כלבא שבוע...

די דינסטען און דיענער זיינען געווען שטארק פארנומען צוצוגרייטען צו דעם גרויסען מאלצייט, וועלכע כלבא שבוע האט געהייסען מאכען צו פייערען דעם הייליגען יום טוב, דעם גרויסען גליק וואס האט אלעמען מיט אמאל געטראַ־פען... דורך זיינע ספעציעלע שלוחים האט ער איינגעלאדען אלע חכמים פון דער שטאדט... איידער דער מאלצייט איז פארטיג געווארען זיינען אלע מחותנים פון דער גרויסער שמחה געזעסען אין פראכטפאלען זאאל און דערצעהלט די איינ־צעלהייטען פון די פאסירונגען.

כלבא שבוע'ס פנים האט געלויכטען פון גליק. ער האט געשלונגען יעדען ווארט פון זיין זוהן... און ווען ער האט איהם דערצעהלט וועגען זיין לעבען אין קלעמענס'ס הויז, ווי גליקליך ער האט זיך געפיהלט צו וויסען אז אין זיין גרוים עלענד און איינזאמקייט, האט ער דאך געטראפען אזעלכע איבערגעבענע און געטריירע פריינד ווי קלעמענס און דאמיציליא, וועלכע האבען איהם געהאלטען אזוי טהייער ווי אן אייגענעם קינד... טרעהרען האבען זיך באוויזען אין כלבא שבוע'ס אויגען ווען רבי עקיבא האט איהם פאר דערצעהלט וואס פאר א טראַ־גישען טויט קלעמענס איז געשטארבען צוליעב זיין אידישקייט...

— הייליג איז געווען קלעמענס, — האט רבי עקיבא אויסגערופען, — איי־נער פון אונזערע גרעסטע קדושים, וועלכער האט זיך מקריב געווען פאר דעם אידישען גאט און פאר זיין פאלק.

רחל האט זיך אנידערגעזעצט לעבען אסתר'ן, און אננעהמענדיג איהר האנד, האט זי צו איהר געזאגט :

— גערענקסטו ווען דו ביזט זיך געקומען צו מיר געזעגענען איידער דו האסט אפגערייזט מיט דיין ברודער נאך רוים. איך בין דאן געלעגען צו בעט... איך האב געליטען פון ליעבעס קראנקהייט צו מיין עקיבא'ן... געמיינט האב איך אז דיין ברודער, וועלכער איז דאן געווען ווייט פון אלעם וואס איז אידיש, וועט דיך אויך בעאיינפלוסען און ערווייטערען פון אונזער פאלק... אבער דו האסט מיר דאן פאר־זיכערט אז גיכער וועסטו איהם צוריקקעהרען צו אונז איידער ער דיר צו די רוימער... און מקוים זיינען געווארען דיינע ווערטער.. .איך זעה איצט וואס פאר א געטרייער זוהן צום אידישען פאלק דיין ברודער איז געווארען.. און אויך דיין פאטער האט זיך אין גאנצען געענדערט... זיין הויז איז א עכט אידישע און איז מיט לייב און לעבען איבערגעבען צו אלעם וואס איז אידיש.

— און דו, מיין ליעבע רחל, ווער האט עס דאן געקענט דיינקען, אז דו ליעבסט זיך אין מיין פאטער'ס פאסטוך... ווען דו ביזט איהם געקומען אויס־לייזען פון מיין פאטער, האט גאר קיינער נישט פארדעכטיגט אז דו ביזט אזוי שטארק פאראינטערעסירט אין איהם... דיין גוט־הערציגקייט איז צו אלעמען גע־ווען בעוואוסט און דאס האבען אלע אויך פאררעכענט פאר איינעם פון דיינע נא־בעלע טהאטען... אבער אז דו האסט זיך שוין אין איהם געליעבט, דאס איז גאר קיינעם נישט איינגעפאלען.

רחל האט געשמייכעלט:

— ווייסטו, ליעבע אסתר, אז ווען איך בין געגאנגען איהם אויסלייזען, האב איך איהם דאן צום ערשטען מאל געזעהן... מיין ליעבע צו איהם איז געקומען נאכדעם ווי ער איז שוין געווען ביי אונז אין הויז... פריהער האט זיך גאר אין איהם געליעבט דיין פאטער'ס דיענסט נחמה, און ווען זי האט דערהערט אז מען וויל איהם איבערגעבען אין די רוימישע הענד, איז זי געלאפען אנזאגען מיין קאַ־מער־מיידעל פנינה וועגען דעם כדי זי זאל עס מיר דערצעהלען און איך זאל איהם זעהן אויסצולייזען פון זייערע הענד.

רבי עקיבא איז צו זיי צוגעגאנגען:

— און דו מיין ליעבע רחל, האסט מיר נאך גארנישט דערצעהלט ווי דו האסט פערבראכט די גאנצע צייט ווען מיר זיינען געווען אין רוים! — האט ער איהר א קוש געגעבען אין קאפ.

— איך דערצעהל עס איצטער מיין שוועגערין וואס עס האט פאסירט מיט אונז ביידען, זינט איך האב ניט דערלאזען אז מען זאל דיך איבערגעבען אין די רוימישע הענד, דיך צו בעשטראפען פאר'ן אפברעכען יופיטער'ס נאז...

— יא, מיין טהייערע רחל, — האט רבי עקיבא געלאכט, — גרויס און מעכטיג איז געווען דער נאז פון יופיטער, און ווער ווייס אז אויב נישט צוליעב זיין נאז, וואלט איך יעצט געווען דיין מאן... און דאן וואלט איך דאך געוויס נישט געווען דאס וואס איך בין יעצט... ווייל מיין גאנצע תורה וואס איך האב ערווארבען איז צו מיר געקומען נאר צוליעב דיר...

אלע האבען זיך צוגעהערט צו רבי עקיבא'ס באמערקונג וועגען יופיטער'ס נאז און האבען הארציג געלאכט.

— ווען איך האב זיך צוריקגעקעהרט פון רוים, — האט יונתן בן אבים גע־זאגט מיט א שמייכעל, — האב איך גלייך צושמעטערט די סטאטוע פון יופי־טער'ן, אבער יופיטער'ס נאז, וואס מיין אמאליגער פאסטוך האט אפגעבראכען,

האָב איך ניט פאַרניכטעט, איך האָב איהם בעהאַלטען אלס אן אנדיינקונג. און אָט איז ער !.

יונתן האָט אַרויסגענומען א טיכעל פון זיין קעשענע. ער האָט עס פאַנאַנ־דערגעוויקעלט און ער האָט אַלעמען געצייגט דעם אָפּגעבראָכענעם נאָז...

כלבא שבוע האָט דעם נאָז בעטראַכט און מיט א צופריעדענעם שמייכעל געזאָגט:

— דער רבונו של עולם האָט פיעלע שלוחים צו מזוג זיין זווגים, אָבער אז יופּיטער'ס אָפּגעבראָכענעם נאָז זאָל זיין דער שדכן פון מיין טאָכטער, דאָס וואָלט איך קיינמאָל ניט געגלויבט.

און ווער וואָלט עס געגלויבט אז סעיאַנוס בורוס זאָל זיין דער שדכן פון מיין אסתר'ן און דיין דן, — האָט יונתן געזאָגט צו כלבא שבוע'ן, — פאַר זייער אָבפאָהרען אין רוים, האָט סעיאַנוס זיי געגעבען א בריעף צו דעם סענאַטאָר קלע־מענס און דאָרטען האָט מיין טאָכטער געטראָפען דיין זוהן...

— מערקווירדיג, — האָט זיך דן אָפּגערופען אָננעהמענדיג אסתר'ס האַנד, — ווי איך האָב איהר צום ערשטען מאָל דערזעהן, האָט מיר מיין האַרץ שטאַרק געצויגען צו איהר... איך בין גלייך געוועזען פערליעבט אין איהר, און כאָטש זי האָט מיר נאָכהער מודה געווען אז זי איז אויך נישט געוועזען גלייכגילטיג צו מיר, אָבער זי האָט ניט געוואָלט דערלאָזען איהר געדאַנק וועגען איהר ליעבע צו מיר, ווייל זי האָט געגלויבט אז איך בין א רוימער.

— יאָ, — האָט עמנואל זיך אַריינגעמישט, — מיין שוועסטער האָט זיך כמעט ווי געשוואָרען נאָך איידער זי איז אָנגעקומען אין רוים, אז זי וועט מיט קיין רוימער ניט הייראַטען, מעג ער זיין דער גרעסטער און בעסטער מאַן אין דער וועלט...

— נו, געווים, — האָט יונתן געזאָגט מיט שטאָלץ, — האָט ניט דער צעזאַר דאָמיציאַן געוואָלט מיט איהר הייראַטען, גלייך ווי ער איז אַרויפגעשטיגען אויף דעם טראָהן... ווי מען האָט מיר דערצעהלט איז ער דאָך געוועזען די כפרה פאַר מיין טאָכטער... אָבער טראָץ דעם וואָס זי האָט צוליעב דעם פיעל געליטען, האָט זי זיך ענטזאָגט עס צו טהאָן...

כלבא שבוע'ס הויפּט דיענער איז אַריין און געמאָלדען אז דער טיש איז שוין געגרייט.

די מחותנים און די געסט זיינען אַריין אין גרויסען פּראַכטפאָלען עס־צימער, וואו א קעניגליכער מאָלצייט איז געוועזען געגרייט פאַר אַלעמען. די כלי־זמר האָבען געשפּיעלט. מען האָט אָנגעגאָסען וויין און יעדער איינער האָט עפּעס געזאָגט איידער ער האָט אויסגעטרינקען דעם בעכער וויין.

דן האָט אויפגעהויבען זיין בעכער און האָט געזאָגט: "איך טרינק פאַר א פרייע און אונאָבהענגיגע יהודה, איך טרינק פאַר מיין ליעבען פאָטער און שוועסטער, פאַר מיין ליעבע פרוי און אויך פאַר מיין מוטער דאָמיציליאַ, וועמען איך האָב צו פערדאַנקען פאַר מיין יעצטיגען גליק...

דאָמיציליאַ האָט יעצט פאַר אַלעמען דערצעהלט, ווי טהייער דן איז ביי זיי געווען און בפרט ווען ער האָט אַרויסגעוויזען זיין גרויסע העלדישקייט, ווען ער האָט געראַטעוועט איהר זוהן פון דעם צווילדעוועטען פערד וועלכער האָט גע־לאָפירט באַרג אַראָפּ און האָט נאָך א האָר געקענט צושמעטערען איהר זוהן...

יא, — האָט דאַמיציליא צוגעגעבן, — דן איז דאָן געוואָרען געשעצט און גע־אכטעט ביי אַלע רוימער... זיין העלדישקייט און בראַווקייט האָט ארויסגערופען ענטציקונג ביי אַלעמען וועלכע האָבען עס צוגעזעהן...

כלבא שבוע האָט נאָך אַמאָל בעדאַנקט דאַמיציליא'ן פאַר איהרע טובות וואָס זי האָט געטהאָן מיט זיין זוהן און פאַר די קרבנות וואָס זי און איהר מאַן, דער מאַרטירער, האָבען געבראַכט פאַר דעם אידישען פאָלק.

נאָכדעם ווי דן האָט זיך שטילערהייד דורכגעשמועסט מיט זיין שוועסטער, זיינען זיי ביידע צוגעגאַנגען און אָפּגערופען זייער פאָטער אַן א זייט.

— פאָטער, — האָט זיך דן אָפּגערופען, — דאַמיציליא איז געווען מיין מוטער די גאַנצע צייט וואָס איך בין געווען אין גלות... אפשר איז דאָס געווען אזוי באַשערט פון גאָט אַז זי זאָל מיין מוטער אויך ווייטער אויך פאַרבלייבען...

— יא, יא, מיין ליעבער פאָטער, — האָט רחל צוגעגעבען, איך וואָלט זיך אויך זעהר גליקליך געשעצט ווען איך זאָל קענען רופען דיזע נאָבעלע, איידעלע פרוי, מיין מוטער . . .

כלבא שבוע האָט געשמייכעלט:

— מיינע ליעבע קינדער, איך בין אַלט און גראָה, קען איך דען גאָר טראַכ־טען וועגען דעם . . .

— אָבער ליעבער פאָטער, — האָט רחל זיך אָפּגערופען, — זעה ווי עלענד און איינזאַם די גוטע דאַמיציליא וועט זיין אין יהודה... און מיר אַלע וואָלטען זיך געפיהלט א סך גליקליכער ווען דאַמיציליא וועט ווערען די בעל־הבית'טע פון דיין הויז.

דן און רחל זיינען צוגעגאַנגען צו דאַמיציליא'ן, האָבען איהר עפּעס איינ־געראָימט אין אויער און מיט איהר אַוועק אין א בעזונדערען צימער וואו כלבא שבוע האָט געוואַרט...

אין א ווײַלע אַרום איז כלבא שבוע אַרויס און אָנאָנסירט פאַר אַלע געסט אַז דאַמיציליא וועט פון יעצט אָן הייסען דינה, און אַז זי וועט ווערען זיין פרוי.

אַלע זיינען געווען צופריעדען פון די פרעהליכע נייעס און מען האָט טאַקע באַלד געשטעלט א חופה און דער רב פון גמזו איז געווען דער מסדר קדושין.

די שמחה האָט זיך נאָך יעצט פערשטאַרקט און ביז'ן גרויען טאָג האָבען אַלע פאַרווײַלט און פאַרבראַכט אין פרעהליכקייט.

— מיר זאָלען אַלע דערלעבען צו זעהן אין גיכען די צוריקבויאונג פון ירושלים און פון אונזער בית המקדש, — האָבען זיך די געסט איינע די אַנדערע געוואונשען ווען זיי זיינען זיך צוגאַנגען אהיים.

---

# עפּילאָג

לאַנג האָט די פרייד אין יהודה נישט געדויערט. דער צעזאַר נערווא איז געווען אַן אַלטער מאַן ווען ער איז אַרויפגעשטיגען אויפ'ן טראָהן. ער האָט בלויז געהערשט זעכצעהן מאָנאַטען. נערוואַ האָט קיין קינדער נישט געהאַט, און ווען ער איז קראַנק געוואָרען און האָט געזעהן אַז זיינע טעג זיינען געצעהלטע, האָט ער בעשטימט אַלס זיין נאָכפאָלגער, טראַיאַנוס.

די נייעס אז נערוואַ איז טויט, האָט אַלע אידען שטאַרק ערשיטערט... אַלע האָבען געפיהלט אז די גליקליכע רוהיגע טעג זיינען פאַראיבער, און יעדער האָט זיך געשראָקען פאַר דער צוקונפט.

די רוימישע בעאַמטע אין יהודה האָבען גלייך, ווי זיי האָבען זיך דער־וואוסט אז נערוואַ איז טויט, אָנגעפאַנגען ביסלעכווייז אונטערצודריקען די אידען, איידער עס איז נאָך בעקאַנט געוואָרען טראַיאַנוס'ס בעציהונגען צו די אידען.

א שטאַרקער טרויער האָט געהערשט אין יהודה און אין אַלע לענדער וואו די אידען האָבען זיך געפונען...

רבי עקיבא איז געווען אין יבנה ווען די נייעס אז נערוואַ איז טויט, האָט איהם דערגרייכט. אן אומעט איז בעפאַלען אַלע חכמים און די סנהדרין. אַלע־מענס אויגען זיינען געווען געווענדעט צו דעם גרויסען און הייליגען תנא, רבי עקיבא. זיי האָבען געהאַפט צו הערען טרייסט־ווערטער פון זיין מויל. אָבער רבי עקיבא'ס אויגען זיינען געווען פול מיט טרעהרען. ער האָט זיך אויפגע־שטעלט און מיט א טרויעריגע שטימע געזאָגט:

— וויינט, מיינע ברידער, אויף דעם טויט פון אונזער ליעבען און גוט־הערציגען פריינד, נערוואַ... ער איז געווען ווי א שטראַהל ליכט אויף אונזערע פאַרוואָלקענטע הימלען. און יעצט איז אויך דאָס ליכט פאַרלאָשען געוואָרען. ער איז געווען גנעדיג און גוט צו יעדען אונטערדריקטען, צו יעדען שוואַכען און געפאַלענעם. און יעצט איז ער טויט, ער האָט אויסגעהויכט זיין הייליגע און ריינע נשמה... וואָס בלייבט אונז יעצט צו טהאָן?... יעצט לאָמיר מתפלל זיין צו אונזער בורא, דאָס ער זאָל אריינגעבען א געדאַנק צו דעם נייעם צעזאַר, ער זאָל טהאָן גערעכטיגקייט און גוטעס צו אַלעמען, און דאָס ער זאָל געהן אין די טריט פון זיין פאָרגענגער, נערוואַ.

מיט גרויס אומגעדולד האָבען אַלע אידען געוואַרט און געהאָפט, אז דער וועמען נערוואַ האָט אויסגעקליבען אַלס זיין נאָכפאָלגער, זאָל נישט ענדערען די גוטע געזעצען וואָס דער נאָר וואָס פאַרשטאָרבענער צעזאַר האָט איינגעפיהרט.

באַלד אָבער זיינען אַלע שטאַרק ענטטוישט געוואָרען. טראַיאַנוס האָט זיך גלייך ארויסגעוויזען פאַר גאָר ניט קיין גוטער פריינד פון די אידען. די ערשטע זאַך וואָס ער האָט געטהאָן איז געווען צוריק איינצופיהרען דעם האַלבען שקל קאָפּ־שטייער פאַר יופּיטער'ן. דאָס האָט אַלע אידען זעהר שטאַרק געקרענקט און געערגערט. דאָך אָבער האָבען זיי זיך געטרייסט דאָמיט וואָס ער האָט ניט בעניים דאָמיציאַן'ס גזרה אויסצוראָטען דאָס גאַנצע אידישע פאָלק...

טראַיאַנוס האָט געטרוימט צו פערגרעסערען און פערברייטערען די רוימי־שע אימפּעריע. ער האָט דעריבער פערזאַמעלט גרויסע אַרמעען און איז גע־גאַנגען מלחמה האַלטען מיט די פּאַרטהיער, וועלכע האָבען געלעבט אין די לענדער פון בבל און פערסיען.

פיעל אידען זיינען געווען אין יענע לענדער, זיי האָבען זיך געלעבט רוהיג, זיי האָבען גענאָסען פון אַלע פריייהייטען. ווען די דאָרטיגע אידען האָבען זיך דערוואוסט אז טראַיאַנוס קומט אָן מיט זיינע אַרמעען מלחמה צו האַלטען מיט יענע לענדער, האָבען זיי גלייך גענומען געוועהר אין זייערע הענד און ארויס־געגאַנגען אין אָפענעם קאַמפּף געגען די רוימער... זיי האָבען נישט געוואָלט דער־

לאזען אז די רוימער, וועלכע האבען חרוב געמאכט ארץ ישראל און פערברענט דעם בית המקדש, זאלען יעצט ווערען זייערע הערשער... זיי האבען געוואוסט, אז ווי נאר די רוימער וועלען איינגעהמען אויך דיזע לענדער, וועלען זיי, די אידן, פערלירען אלע פרייהייטען. זיי האבען דעריבער געקעמפפט מיט אזא פערביטערונג און פערצווייפלונג, זיי האבען בעוויזען אזעלכע גבורות, ווי די פערטיידיגער פון ירושלים אין דער צייט פון טיטוס.

די העלדישקייט פון די אידען פון יענע לענדער, איז שטארק בעוואונדערט געווארען פון אלע פעלקער פון בבל און פערסיען. עס האט דאן אויסגעוויזען אז באלד וועלען אלע פטור ווערען פון דעם רוימישען יאך. אומגעפעהר א האלב מיליאן רוימער און גריכען האבען די אידישע העלדען אויסגעשלאכטעט אין יענעם אויפשטאנד. אבער טראיאנוס האט צום סוף געזיעגט, ער האט איינגענומען פיעלע שטעדט פון פארטהיע און זעהר גרויזאם בעשטראפט די דארטיגע אידען. לאנג האט טראיאנוס דארטען נישט געהערשט; די גרויסע מפלות וואס זיינע ארמעען האבען ערליטען דורך די אידישע העלדען, האבען אויף איהם שטארק געווירקט... ער האט ענדליך זיך צוריקגעצויגען פון בבל און פון גרוים ערגערנים איז ער געשטארבען.

טראיאנוס האט בלויז רעגיערט ניינצעהן יאהר און זיין נאכפאלגער איז געווען אדריאנוס.

די גאנצע צייט פון טראיאנוס הערשען איז אין יהודה געווען שטיל, כאטש דער צעזאר האט אהין געשיקט דעם בעוואוסטען רשע קוויעטוס אלס גובערנא־טאר פון ארץ ישראל, וועלכער האט אנגעטהאן די אידען פיעלע צרות. נאר אזוי ווי טראיאנוס איז געווען פערנומען מיט די מלחמות אין בבל, האט ער די אידען צורוה געלאזען.

דאך אבער האבען די אידען זיך גענומען גרייטען צו אן אויפשטאנד, און ווען זיי האבען געהערט פון די מפלות וואס די רוימישע ארמעען האבען ער־ליטען אין פארטהיע, האבען זיי שוין געוואלט ארויסגעהן אין אפענעם קאמפף געגען רוים, נור רבי עקיבא האט די אויפגערעגטע אידען אפגעהאלטען פון אזא שריט.

— יעצט איז נאך נישט געקומען די צייט, מיינע ברידער — האט ער זיי בערוהיגט — מיר מוזען אלעם געדולדיג אריבערטראגען ביז וואנען אונזער פאטער אין הימעל וועט זיך איבער אונז מרחם זיין.

ווען אדריאנוס איז ארויף אויף דעם טהראן, האט ער צום ערשטען זיך גענומען ארויסצייגען אלס א פריינד צו די אידען, ווייל אין יענער צייט האבען פיעלע פעלקער זיך געבונטעוועט געגען רוים און מאנכע פון זיי איז געלונגען אראפצואווארפען פון זיך דעם רוימישען יאך. אדריאנוס האט זיך דעריבער ארומגעזעהן אז עס וועט זיין א סך בעסער ווען ער וועט דערווייל בערוהיגען די אידען.

צוויי פאדערונגען האבען די אידען דאן ארויסגעשטעלט צו איהם: ער זאל צוריקרופען דעם גובערנאטאר פון יהודה, קוויעטוס, וועלכער האט אומ־רחמנות'דיג זיי געדריקט. און די צווייטע פאדערונג איז געווען דאס אדריאנוס זאל ערלויבען די אידען צוריקבויען דעם בית המקדש.

אדריאנוס האט זיי עס פארשפראכען צו טהאן. און צו צייגען די אידען

אז ער האלט ווארט, האט ער גלייך צוריקגערופען קוויעטוס און איהם זאגאר געלאזען טויטען. ער האט עס געטהאן נישט אוים פריינדשאפט צו די אידען, נאר אלס שונא צו קוויעטוס, וועלכער האט געהאט אויסזיכטען צו ווערען דער צעזאר פון רוים... ער האט איהם דעריבער אפגעראמט פון וועג, ווייל ער האט מורא געהאט אז קוויעטוס זאל נישט מאכען קיין פערשווערונג קעגען איהם.

די אידען, אבער האבען געמיינט אז אדריאנוס האט עס געטהאן צוליעב זייער טובה וועגען, און צו זייער שמחה איז קיין גרעניץ נישט געווען... יעצט זיינען זיי געווען זיכער אז ער וועט זיי לאזען צוריק בויען דעם בית המקדש... ווידער האט אין זיי ערוואכט די האפנונג צו זעהן די היילינע שטאדט ירושלים אין פולען גלאנץ און פראכט... צו זעהן די כהנים און די לויים ביי דער עבודה אין בית המקדש...

זעהר דאנקבאר זיינען די אידען געווען צו דעם צעזאר אדריאנוס פאר זיין הבטחה צו לאזען צוריק בויען ירושלים און דעם בית המקדש, אז פיעלע פון זיי זיינען זאגאר געגאנגען איהם העלפען אין זיינע מלחמות מיט די ארומיגע פעלקער.

ווי גרויס איז געווען די ענטוישונג פון די אידען, ווען א היבשע צייט איז פאראיבער, און אדריאנוס האט נישט געהאלטען זיין פארשפרעכען... פריהער האט ער זיי אפגעלייגט פון יאהר צו יאהר... נאכדעם אז די אידען האבען גענומען שטארק פאדערען פון דעם צעזאר ער זאל האלטען ווארט, האט זיך אדריאנוס פון זיי גאר אויסגעלאכט:

— אזא נאר, גלויבט איהר, וועל איך זיין! — האט ער געזאגט צו די אידישע פארשטעהער, וועלכע זיינען געקומען צו איהם בעת ער איז געווען אין מצרים, און האבען איהם דערמאהנט זיין פארשפרעכען — איך האב קיינמאל גארנישט געהאט אין זינען מקים צו זיין מיין הבטחה, ווייל איך בין נישט געווען ערנסט, איך האב בלויז געמאכט שפאס מיט די אידען...

טרויעריגע און פערצווייפעלטע האבען זיך די פארשטעהער צוריקגעקעהרט נאך יהודה...

אין יענער צייט איז געשטארבען דער נשיא פון סנהדרין, רבן גמליאל, און ווידער זיינען די חכמים געקומען צו רבי עקיבא'ן און איהם פארגעשלאגען צו ווערען דער נשיא. רבי עקיבא האט זיך צום צווייטען מאל ענטזאגט אנצונעהמען דעם בכבוד'יגען אמט. ער האט נישט געוואלט זיין צוגעבונדען די גאנצע צייט צו איין שטאדט, יבנה; זיין פליכט, האט ער געפיהלט, איז ארומצופאהרען פון שטאדט צו שטאדט, לערנען מיט די אומוויסענדע די היילינע תורה און אין דער זעלבער צייט ערוועקען אין זיי דעם נאציאנאלען געפיהל. ערמונטערען זיי צום קאמפף מיט די רוימער, ווען די צייט וועט זיין ראוי דערצו...

די חכמים האבען דעריבער אויסגעקליבען פאר דעם נשיא פון דעם סנהדרין דעם בעוואוסטען חכם און תנא רבי יהושע בן חנניה.

אלע אידען פון ארומיגע שטעדט און דערפער זיינען זיך צוזאמענגעקומען אין יבנה צו פייערען די ערוועהלונג פון דעם נייעם נשיא.

אן אונגעהויער גרויסער עולם האט זיך פערזאמעלט אין מיטען שטאדט און רבי יהושע האט פאר זיי געהאלטען א גלענצענדע רעדע. אלעמענס אויגען

זיינען געווען געווענדעט אויף דעם פאטריארכאלישען פנים פון רבי יהושע... יעדער האט געשלונגען זיינע ווערטער, וועלכע האבען זיך געשאטען פון זיין מויל ווי פערל. פלוצלונג האט זיך רבי יהושע אפגעשטעלט אין מיטען זיין דרשה... ער האט פון וויטען בעמערקט די אידישע פארשטעהער, וועלכע האבען זיך נאר וואס צוריקגעקעהרט פון מצרים...

די פארשטעהער זיינען צוגעקומען צו רבי יהושע און מיט טרעהרען אין די אויגען האבען זיי פאר אלעמען איבערגעגעבען אדריאנוס'עס תשובה.

ווען דער פערזאמעלטער המון האט דאס דערהערט, האט א גרויסע מהומה אויסגעבראכען צווישען זיי.

— נידער מיט דעם צעזאר! — האבען פיעלע געשריען.

— צום קאמפף מיט די רוימער — האבען זיך אנדערע געקאכט.

— לאמיר זיך בעוואפענען און מיט געוואלד ארויסיאגען אונזער שונא פון לאנד! — האבען זיך געהערט שטימען.

— גענוג האבען מיר געליטען פון די פערפלוכטע רוימער, אן ענדע מוז נעהמען צו זייער הערשאפט אין יהודה! — האבען אנדערע געשטורעמט.

— אזא בעטרוג! אזוי אפצושפאטען פון א גאנצען פאלק איז נאך נישט געהערט געווארען! אויף דעם סמך פון זיין צוזאג, האבען מיר אדריאנוס'ן ארויסגעהאלפען אין זיינע מלחמות מיט די ארומיגע פעלקער! מיר זיינען איהם געווען געטריי און איבערגעגעבען און יעצט קומט ער, דער רשע, און צאהלט אונז אפ מיט אזא גרויזאמקייט!... ברידער! לאמיר טויטען אונזערע אונדאנק־בארע שונאים! זאל פון זיי קיין גערעכענים נישט בלייבען אין אונזער הייליגען לאנד! — האט דער המון געשריען.

די אידען זיינען געווען גרייט צו געהן אויף די רוימער... יעדענס הארץ איז געווען אנגעפילט מיט נקמה, און קיין זאך וואלט זיי נישט אפגעהאלטען דורכצופיהרען זייערע פלענער.

רבי יהושע בן חנניה האט גלייך איינגעזעהן די גרויסע סכנה וואס לויערט אויף אלע אידען פון יהודה, אויב דער צוהיצטער המון וועט זיך יעצט אנפאנ־גען מיט די רוימער. ער האט געוואוסט אז די רוימישע מעכטיגע ארמעען זיי־נען אימערצו גרייט צו בעפאלען די אידען און זיי אין גאנצען פערניכטען...

מיט גרויס מיה איז איהם געלונגען עטוואס איינצושטילען דעם אויפגע־רעגטען המון. ער האט זיך צוריק געשטעלט אויף זיין פריהערדיגען פלאץ... אלע אידען האבען אנגעשטריינגט זייערע אויערען, זיי האבען געוואלט הערען וואס דער גרויסער תנא האט צו זאגען וועגען דער יעצטיגער שווערער לאגע...

רבי יהושע האט אנגעפאנגען:

— מיינע ליעבע ברידער! מיר אלע זיינען ערביטערט צוליעב די גרויסע אומרעכט וואס דער צעזאר איז בעגאנגען קעגען אונז... אבער פערגעסט נישט, ברידער אז אין דער יעצטיגער צייט זיינען מיר הילפלאז געגען די רוימער... דער נקמה געפיהל איז זעהר שטארק אין אונז, אבער די פראגע איז צו וועלען מיר נישט בעגעהן זעלבסטמארד, זוכענדיג אויסצופיהרען די נקמה אויף אונזערע שונאים... מיר זיינען שטארק ענטוישט, ווייל מיר האבען געגלויבט אלעם וואס אדריאנוס האט אונז צוגעזאגט אין דער צייט וואס ער האט זיך גע־נויטיגט אין אונזער הילף. איך וועל אייך דערצעהלען א משל: א הונגעריגער

ליִיב האָט זיך ארויסגעלאָזען זוכען וואָס צו עסען. פון וויִיטען האָט ער דער־זעהן א יונגע אומשולדיגע שעפּעלע. דער ליִיב איז באַלד אויף איהר ארויפגעפאַלען און איהר פערצוקט... ער האָט זיך קוים צוגעכאַפּט צו דער שעפּעלע... ער האָט געגעסען אזוי שנעל אז א גרויסער ביין האָט זיך איהם געשטעלט אין האַלדז. דער ליִיב האָט זיך גענומען שטיקען מיט'ן ביין... ער האָט געברומט, געקרעכצעט און גערופען פאַר הילף... א שטאָרך איז פערביי געפלויגען. האָט זיך דער ליִיב צו איהם אָפּגערופען: קום אהער ליעבער שטאָרך, דו האָסט א לאַנגען שנאָבעל, דו קענסט מיר העלפען; שטעק אריין דיין שנאָבעל ביז וואַנען דו וועסט דערגרייכען דעם ביין פון מיין האַלדז, און ווען דיר וועט געלינגען ארויסצוציהען דעם ביין פון מיין האַלדז, וועל איך דיך גוט בעלוינען.

דער שטאָרך האָט דעם ליִיב געגלויבט, ער האָט אריינגעשטעקט זיין לאַנגען שנאָבעל אין דעם ליִיב'ס מויל, און האָט שטאַרק געהאָרעוועט ביז וואַנען איהם איז געלונגען ארויסצוציהען דעם ביין פון דעם ליִיב'ס האַלדז און איהם בעפרייען פון דער סכנה דערשטיקט צו ווערען...

דער ליִיב האָט פריי אָפּגעאָטהעמט...

— נו, — האָט זיך דער שטאָרך אָפּגערופען — וואו איז מיין בעלאָהנונג וואָס דו האָסט מיר צוגעזאָגט?

דער ליִיב האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט און געזאָגט:

— דו ווילסט נאָך א בעלאָהנונג! איז דיר ווייניג וואָס דיין קאָפּ איז געווען צווישען מיינע שאַרפע ציינער און דו ביזט ארויס לעבעדיג?...

דאָס זעלבע איז מיט אונז אידען, — האָט רבי יהושע פערענדיגט — עס איז געווען א צייט ווען דאָמיציאַן האָט ארויסגעגעבען א גזרה אונז אלעמען צו פערניכטען... און מיר דאַרפען זיין צופרידען וואָס אדריאַנוס בעניִיט נישט יענע גזרה, און לאָזט אונז צורוה.

דיזער משל האָט געווירקט אויף די פערזאַמעלטע אידען, דאָס אויפגעריגטע פאָלק האָט זיך בערוהיגט און איז זיך שטיל פאַנאַנדערגעגאַנגען...

לאַנג אָבער איז דאָס פאָלק נישט פערבליבען רוהיג... די שנאה און כעס וואָס יעדער איד האָט געטראָגען אין הארצען אויף די רוימער איז געוואַקסען פון טאָג צו טאָג. אדריאַנוס איז געגאַנגען נאָך וויִיטער: אנשטאָט צו לאָזען די אידען צוריקבויען דעם בית המקדש, האָט ער גאָר גענומען אומוואַנדלען ירושלים אין א געצענדינערשע שטאָדט. די בעציהונגען צווישען די אידען און די רומער זיינען געווען אזוי אָנגעצויגען אז א בלוטיגער צוזאַמענשטויס איז געווען כמעט ווי אומפערמיידליך.

רבי יהושע בן חנניה האָט קוים איינגעהאַלטען די אויפגערעגטע אידען.

— דער צעזאַר געפינט זיך יעצט אין מצרים. איך וועל געהן אהין און איהם בעטען, ער זאָל אויפגעבען דעם פּלאַן צו פערוואַנדלען אונזער הייליגע ירושלים אין א געצענדינערשע שטאָדט... מיט גוטען האָף איך וועלען מיר בעסער אויספיהרען...

דער אַלטער רבי יהושע, וועלכער איז געווען דער פיהרער פון דער פרידענס פּאַרטיי, איז אוועק קיין מצרים, און געבעטען אדריאַנוס'ן נישט צו ריהרען

די אידישע הייליגע שטאדט, ווייל דאס קען שטארק פערשארפען די בעציהונגען צווישען די אידען און די רוימער.

אדריאנוס האט זיך פון איהם אויסגעלאכט:

— גערע אהיים האט ער געזאגט — און זאג דיינע ברידער אז איך וועל טהאן ווי איך פערשטעהע... איך פרעג קיינע עצות נישט ביי קיינעם. איך וועל מאכען פון ירושלים דאס וואס מיר געפעלט, און נישט דאס וואס עס געפעלט דארטען דיינע אידען...

רבי יהושע האט זיך אומגעקעהרט אין יהודה, אז ענטוישטער, א געבראכענער און פון הארצוועהטאג איז ער באלד געשטארבען.

נאך רבי יהושע'ס טויט האבען די פיהרער פון דער קריעגס פארטיי גע־קראגען די אויבער האנד... די אויפרעגונג פון די אידען האט געוואקסען... זיי האבען יעצט נאר געווארט אויף א פיהרער, וועלכער זאל זיי אלעמען פער־איינינגען און זיי פיהרען אין קאמפף מיט די רוימער. און אזא פיהרער, האבען זיי טאקע באלד געקראגען.

---

# בר כוכבא

דרייסיג יאהר זיינען פאראיבער, זינט דאן ווען כלבא שבוע האט דער־לעבט דעם גרעסטען נחת און גליק פון זיין לעבען, ווען ער האט צוריקגעפונען זיין פערלארענעם זוהן, דן. פינף יאהר נאכדעם איז ער געשטארבען אין א גוטען און גליקליכען עלטער. דאמיציליא איז געשטארבען מיט א יאהר שפע־טער.

רחל און רבי עקיבא, דן און אסתר, האבען גע'ירש'ענט כלבא שבוע'ס גרויסען פארמעגען און צוזאמען האבען זיי געוואהנט אין דעם פראכטיגען פאלאץ פון כלבא שבוע.

א חוץ יהושע'ן האט רחל געבארען צו רבי עקיבא'ן נאך זיהן און טעכטער.

אסתר און דן האבען געהאט בלויז איין טאכטער, חנה האט זי געהייסען.

חנה איז געווען געראטען אין איהר מוטער: זי האט געהאט אלע איהרע מעלות... זי איז געווען בעשיידען, געבילדעט און א זעלטענע שעהנהייט. זי איז געווען איבערגעגעבען מיט איהר ליב און לעבען צו דער תורה און צו איהר פאלק און לאנד.

רבי עקיבא און דן פלעגען די גאנצע צייט ארומפאהרען פון שטאדט צו שטאדט און פון דארף צו דארף, וואו ביידע האבען ערהויבען דעם אידישען גייסט און אגיטירט צווישען פאלק פאר אן אויפשטאנד געגען די רוימער.

אין דער היים פלעגען זיצען די דריי פרויען און שטריקען, נייהען און צוגרייטען פערשיעדענע זאכען פאר די אידישע העלדען, וועלכע וועלען, אט באלד, ארויסגעהן אין אן אפענעם קאמפף געגען די רוימער.

רחל און אסתר האבען איינגעפלאנצט אין חנה'ן גרויס ליבע צו גאט. זיי פלעגען איהר דערצעהלען וועגען די גבורות פון די אידישע העלדען, וועגען די מכבים און די קנאים...

חנה האט אין זיך אלעם איינגעזאפט ווי א יונגע בלום וואס זאפט איין אין זיך די מארגען טוי... זי האט נאך אלס קינד גע'חלומ'ט פון א העלד,

וועלכער זאל זיין גרוים און בראוו ווי איהר אנקעל רבי עקיבא און איהר פאטער... זי וואלט איהר לעבען געאפפערט צו אזא מאן...

יאהרען זיינען אוועק און די אומרוהיגקייט אין יהודה האט זיך פארגרעסערט... רבי עקיבא און דן זיינען שוין ביידע געווען אלט. אבער דאך זיינען זיי געווען פול מיט קראפט און ענערגיע... ביידע האבען ארומגעוואנדערט און געפריידיגט צווישען די אומוויסענדע אידען. זיי האבען איינגעפלאנצט אין זיי ליעבע צו זייער לאנד און ערמוטהיגט און גערופען זיי צום קאמפף פאר די פריהייט און אונאפהענגיגקייט פון זייער פאטער לאנד.

איינמאל האט זיך רבי עקיבא אפגערופען צו דן:

— אין מיין רייזען מיט דיר, האב איך ערפאהרען אז צווישען די שטאדטישע לייט בין איך מעהר ערפאלגרייך און צווישען די דארפסלייטע, ביזטו ערפאלגרייכער, דעריבער איז מיין עצה אז מיר זאלען זיך פאנאנדערטיילען; דו וועסט געהן אין דארף, אגיטירען צווישען די ערד ארבייטער, און איך וועל געהן אין שטאדט.

דן האט אזוי געטהאן; ער האט זיך אפגעטיילט פון זיין ליעבען שוואגער און איז אוועק איבער די דערפער און בעגייסטערט די בויערען מיט דעם פאטריאטישען געפיהל... ער האט זיי דערצעהלט פון אלע גרויזאמקייטען וואס די רוימער טהוען אן צו די אידען... ער האט זיי ערוועקט און גערופען צום קאמפף... פילע פון די בויערען האבען פערלאזען זייערע אקער אייזענס, זייערע שאף און רינדער און זיינען אוועק אין די שטעדט און שטילערהייד זיך אנגעשלאסען אין די ארמעען...

ווען דן איז איינמאל דורכגעגאנגען א דארף, האט ער פון וויטען בעמערקט ווי א יונגער מאן איז איינגעשפאנט צום אקער און אקערט די ערד, נישט וויט פון יונגען מאן זיינען געשטאנען צוויי אקסען אונטער א יאך און זיך רוהיג געגעסען גראז... דיזע ערשיינונג האט דן זעהר געוואונדערט...

— ווי שטארק און קרעפטיג דיזער מאן איז — האט ער זיך געטראכט — אז ער טהוט די ארבייט פון צוויי אקסען... אבער פארוואס טהוט ער דיזע שווערע ארבייט אליין, אין דער צייט וואס די צוויי אקסען פיטערען זיך פוילע אויף דעם גראז?...

— דן איז צו איהם צוגעגאנגען און זיך מיט איהם בעגריסט:

— געבענשט זיי צו גאט, דו יונגער העלד! זאג מיר, איך בעט דיר, פארוואס טהוסטו אזא שווערע ארבייט, אין דער צייט ווען דיינע אקסען שטעהען נעבען דיר?

— מיין האר, — האט דער יונגער מאן געענטפערט — איך האב מיט די אקסען געאקערט דאס פעלד דעם גאנצען פריהמארגען; יעצט זיינען זיי מיעד, האב איך זיי געלאזט אפרוהען און איך טהו זייער ארבייט...

— ווי איך זעה האט דיר גאט געבענשט מיט אזא אויסערגעוועהנליכע גבורה, עס איז א שאדען אז דו פערוועדעסט דיין כח אויף ערד ארבייט... דאס אידישע פאלק נויטיגט זיך זעהר שטארק אין אזעלכע העלדען ווי דו... ווייסטו דען נישט אז די רוימער דריקען און שטיקען אונז, זיי מאכען אונז צו שאנד און צו שפאט?...

— איך ווייס אלעס, מיין האר... מיין הארץ בלוטיגט אין מיר, ווען איך זעה די צרות און ליידען פון מיין פאָלק... מיינע הענד אָבער זיינען געבונדען און איך קען זיי גאָר נישט העלפען...

— ווייס דען נישט דיין פאָטער אז דו קענסט מיט דיין גרויסער גבורה בריינגען פיעל מעהר נוצען צו דיין פאָלק?

— מיין פאָטער! — האָט דער יונגער מאַן געענטפערט טרויעריג — מיין פאָטער איז שוין לאנג טויט, מיין מוטער געדענק איך אפילו נישט.

— און די בעארבייטסט דאָס פעלד וואָס דיין פאָטער האָט דיר איבערגעלאָזען א ירושה? — האָט איהם דן ווידער געפרעגט.

— ניין, מיין האר, מיין פאָטער האָט מיר קיין ירושה נישט איבערגעלאָזען. ער איז געשטאָרבען זעהר אָרים... מיין מוטער איז געווען זעהר קראַנק, און די גאנצע געלד וואָס ער האָט פערמאָגט האָט ער אויסגעגעבען צו היילען איהר... און אז ער האָט שוין מעהר קיין אייגען געלד נישט געהאט, האָט ער געבאָרגט געלד פון דעם אייגענטהימער פון דיזען פעלד... געגלויבט האָט ער, אז ער וועט איהם קענען אָפּצאָהלען דאָס געלד... אָבער מיין פאָטער אליין איז קראַנק געוואָרען און פאר זיין טויט האָט ער מיך צוגערופען און געזאָגט: "מיין קינד, דעם און דעם מאַן אין דיזען דאָרף בין איך שולדיג זעקס הונדערט שקלים... איך וויל אָבער נאָך מיין טויט קיינעם נישט זיין שולדיג. ווען דו וועסט פערצעהן יאָהר אלט ווערען, זאָלסטו קומען צו דיזען מאַן און זיך שטעלען ביי איהם ארבייטען. זעקס יאָהר זאָלסטו איהם דינען געטריי און טהאָן אלע זיינע ארבייט. דו וועסט דארפען זעהן אז דיין ארבייט זאָל זיין ווערטה לכל הפחות הונדערט שקלים א יאָהר, און ווען דו וועסט ענדיגען די זעקס יאָהר, וועט דיר דיזער מאַן איבערגעבען מיין צוואָה און דאַן וועסטו פריי זיין צו טהאָן וואָס דו ווילסט"... מיין פאָטער איז באלד געשטאָרבען, און ווען איך בין אלט געווארען פערצעהן יאָהר, האָב איך זיך געשטעלט ארבייטען פאר דיזען מאַן. דריי יאָהר ארבייט איך שוין פאר איהם, און נאָך דריי יאָהר וועל איך מוזען ארבייטען פאר איהם, ביז וואנען מיין פאָטער'ס חוב וועט אין גאנצען אָפּגעצאָהלט ווערען... און דאַן וועל איך זיין א פרייער מענש... דאַן וועל איך ווידמען מיין צייט פאר מיין פאָלק און לאנד.

— ווי איז דיין נאָמען, און פון וואנען קומסטו? — האָט איהם דן געפרעגט.

— מיין נאָמען איז שמעון און איך קום פון דער שטאָדט כוזיבא.

— האָסטו ווען עס איז געהערט פון דעם גרויסען תנא, רבי עקיבא? — האָט איהם דן ווידער געפרעגט.

— איך האָב פון איהם זעהר פיעל געהערט — האָט שמעון געענטפערט — און ווען איך האָב זיך דערוואוסט אז רבי עקיבא געפינט זיך אין א שטאָדט נישט ווייט פון דיזען דאָרף, האָב איך פערלאָזען מיין אקער אייזען און איהם געגאַנגען זעהן און הערען. זיין דרשה האָט מיך אזוי בעגייסטערט אז איך האָב די גאנצע נאכט געוויינט אויף דעם וואָס איך בין נישט פריי.... ווי גליקליך וואָלט איך געווען האָב איך זיך געטראַכט — ווען איך זאָל זיך קענען איינשליסען אין די רייהע פון זיינע תלמידים, און האָבען די מעגליכקייט צו זיין נעבען איהם די גאנצע צייט, און הערען זיינע קלוגע און געטליכע רייד...

ווען אבער איך בין אויפגעשטאנען אין דער פריה, האט מיין בעל הבית גענומען אויף מיר שרייען פאר וואס איך האב מבטל געווען מיין צייט און דעם גאנצען טאג נישט געארבייט... דערפאר האט ער מיך בעשטראפט איך זאל ארבייטען בי גאנצע וואך ביז שפעט אין דער נאכט.

— ווילסטו פיליכט מיטפאהרען מיט מיר אין דער שטאדט וואו רבי עקיבא געפינט זיך, וואו דו וועסט פון איהם פיעל קענען לערנען? — האט איהם דן געפרעגט.

— ווי אזוי קען איך פערלאזען מיין יעצטיגען בעל הבית, ווען איך האב איהם בלויז געדינט דריי יאהר וואס דאס צאהלט נור אפ א העלפט פון מיין פאטער׳ס חוב.

— דעם חוב וואס דו קומסט דעם אידישען פאלק און דיין פאטערלאנד, איז פיעל וויכטיגער פאר דיזען חוב צו איין איינציגען פערזאן...

— מיין פאטער׳ס ווערטער זיינען ביי מיר הייליג — האט שמעון געזאגט — ער האט מיר פאר זיין טויט אנגעזאגט איך זאל זעהן אפצאהלען דעם גאנ־צען חוב, און אזוי ווי קיין געלד האב איך נישט וועל איך איהם מוזען דינען נאך דריי יאהר.

— איך וועל פאר דיר דעם חוב בעצאהלען — האט דן איהם געזאגט — ווילסטו מיט מיר געהן?

— ווי אזוי קען איך נעהמען געלד פון דיר, מיין הער? וואו וועל איך נעהמען עס דיר אפצוגעבען, איך וועל בלויז איבערטראגען דעם חוב פון איין פערזאן צו א צווייטען.

— מיין חוב וועסטו אפצאהלען דעם גאנצען אידישען פאלק — האט זיך דן אפגערופען, קום פיהר מיך צו דיין בעל הבית.

— איך מוז פריהער ענדיגען צו אקערען דאס פעלד — האט שמעון גע־זאגט — איך קען דאך נישט לאזען דאס פעלד אין מיטען און אוועקגעהן.

דן האט געווארט ביז וואנען שמעון האט געענדיגט זיין ארבייט. ער האט איהם גוט בעאבאכטעט. ער האט געזעהן מיט וואס פאר אן איבערגעגעבענ־הייט ער טהוט זיין מלאכה. ער האט בעמערקט זיינע געזונטע מוסקולען, בע־וואונדערט זיין שעהנעם העלדישען אויסזעהן... יע, — האט ער געטראכט — ער איז געבארען געווארען צו זיין א פיהרער ביי אידען... ער וועט זיין דער אידישער העלד, וועלכער וועט מיט די הילף פון גאט פערטריבען דעם שונא פון אונזער לאנד...

שמעון האט געענדיגט זיין ארבייט. ער האט גענומען דעם שפאן מיט די אקסען און זיי געטריבען אין שטאהל. דן איז איהם נאכגעגאנגען.

—דא, אין דיזען הויז וואהנט מיין בעל הבית — האט שמעון אנגעצייגט אויף א קליינע האלב איינגעפאלענע הייזעל.

דן האט אנגעקלאפט אין טיהר. אן עלטערער איד האט די טיהר געעפענט און איהם געפרעגט וואס ער פערלאנגט.

— איך בין געקומען רעדען מיט דיר וועגען שמעון׳ען, וועלכער ארבייט פאר דיר.

— נאך דריי יאהר וועט ער ביי מיר מוזען ארבייטען — האט דער אלטער געזאגט מיט עקשנות — אזוי האט איהם זיין פאטער אנגעזאגט, ווייל

ער האָט ביי מיר געליהען זעקס הונדערט שקלים און אלס משכון האָט ער ביי מיר איבערגעלאָזען א צוואה פאר זיין זוהן. און ווען שמעון וועט נישט ענדיגען די דריי יאָהר ארבייטען, וועל איך נישט איבערגעבען זיין פאָטער׳ס צוואה.

— וויפיעל געלד קומט דיר נאָך ארוים פון שמעון׳ס פאָטער — האָט איהם דן געפרעגט.

— דריי הונדערט שקלים!

— איך וועל דיר די דריי הונדערט שקלים בעצאָהלען, און לאָז איהם פריי.

דער אלטער האָט א ווײלע א טראכט געטהאָן און האָט געענטפערט:

— ניין, איך וועל אזא גוטען ארבייטער ווי שמעון איז, נישט קריגען פאר די דריי הונדערט שקלים, וועלכער זאָל פאר מיר ארבייטען דריי יאָהר. ניין, איך וועל איהם נישט לאָזען געהן.

אויב אזוי וועל איך דיר בעצאָהלען די גאנצע זעקס הונדערט שקלים — האָט זיך דן אָפּגערופען — נאָר לאָז איהם געהן, ווייל זיין פּלאַץ איז נישט דאָ, ער האָט א וויכטיגערע שליחות צו ערפילען, ווי צו בעארבייטען דיין ערד.

דער אלטער האָט אויסגעגלאָצט די אויגען. ער האָט זיך גאָר נישט געקענט פארשטעלען אזא גליק; ער וועט צוריק קריגען דעם גאנצען חוב. און די דריי יאָהר וואָס שמעון האָט פאר איהם געארבייט וועט איהם גארנישט קאָסטען.

— גוט, — האָט דער אלטער געזאָגט — גיב מיר די זעקס הונדערט שקלים און איך וועל לאָזען שמעון׳ען געהן מיט דיר.

— איך וועל דיר די געלד ברײנגען אין איינציגע טעג ארום — האָט דן געזאָגט און זיך געשיידט פון אלטען און פון שמעון׳ען.

אין דריי טעג ארום האָט זיך דן צוריקגעקעהרט און אָפּגעצאָהלט דעם אלטען זעקס הונדערט שקלים. דער אלטער האָט גענומען דאָס געלד און האָט איבערגעגעבען שמעון׳ען א פערזיגעלטען אלטען פּאַרמעט.

— נא, דאָ האָסטו די צוואה פון דיין טאטען — האָט ער געזאָגט.

מיט ציטערנדע הענד האָט שמעון גענומען די צוואה, איהר אויפגעעפענט און גענומען לעזען:

„מיין איינציגער און ליעבער זוהן, שמעון. איך דיין פאָטער לאָז דיר נישט איבער קיין ירושה פון פעלדער, גערטנער, פון שאָף און רינדער, פון גאָלד און זילבער, אָבער איך לאָז דיר איבער א ירושה וואָס דארף דיר זיין טייערער פון אלעס אין דער וועלט... די ירושה וואָס איך לאָז דיר איבער איז מיין יחוס... זיי וויסען מיין זוהן אז איך שטאם פון א פאמיליע וואָס קומט ארוים פון מלכות בית דוד. און דו מיין זוהן, ביזט דאריבער, אן אָפּשטאמער פון מלכות בית דוד. זיי שטאָלץ מיר דיזען יחוס... האָף און גלויב אז גאָט וועט זיך נאָך מרחם זיין אויף יהודה און וועט צוריקשטעלען די מלכות בית דוד, זאָל דער גייסט פון דוד המלך רוהען אויף דיר מיין זוהן!

דיין פאָטער, ישראל.

דן האָט באמערקט ווי אין שמעון׳ס אויגען האָט זיך א פייער אנגעצונדען.

נאכדעם ווי ער האט געענדיגט לייענען זיין פאטער'ס צוואה. זיין פנים האט גענור־מען לייכטען . . . ער האט א ווײלע געווארט, האט ער זיך צו איהם אפגערופען:

— ווי עס שיינט האסטו אזא צוואה פון דיין פאטער נישט ערווארטעט? האט דיר דיין פאטער איבערגעלאזען א גרויסע ירושה?

שמעון האט א שמייכעל געטאן און האט איבערגעגעבען דעם פארמעט צו דן'ען.

ווען דן האט איבערגעלייענט די צוואה האט ער מיט גרויס שמחה אויס־גערופען:

— דו שטאמסט פון מלכות בית דוד! . . . א גרויסער גאט! מיינע אויגען האבען מיר נישט גענארט . . . איך האב אין דיר גלייך געזעהן עפעס אויסער־געוועהנליכעס . . . קום מיט מיר שמעון, איך וועל דיר פיהרען צו דעם גרויסען, הייליגען תנא, רבי עקיבא . . . ער וועט זיך געוויס מיט דיר דערפרעהען, ווייל אין דיר ווערט פארקערפערט אלע אייגענשאפטען פון דעם אידישען העלד, וועלכער וועט דארפען בעפרייען זיינע ברידער פון דעם שווערען, אונערטרעגלי־כען יאך פון אונזערע שונאים, די רוימער . . .

שמעון האט נישט געענטפערט. ער האט יעצט געפיהלט, אז ער איז פריי, גאט האט איהם צוגעשיקט דיזען וואונדערבארען מאן, וועלכער האט איהם פריי געמאכט. יעצט געהערט ער צו זיין פאלק, צו זיינע אומגליקליכע ברידער . . .

ווען זיי זיינען ביידע געווען אויפ'ן וועג נאך גמזו האט זיך שמעון אפגע־רופען:

— איך וויים נישט פארוואס דו טוסט מיט מיר דיזע גרויסע גנאדע . . . איך בין עס נישט ווערט . . . און ווער וויים צי דער הייליגער תנא רבי עקיבא וועט זיך גאר וועלען אומקוקען אויף מיר . . .

— וועגען דעם דארפסטו נישט זארגען, מיין זוהן — האט זיך דן צו איהם אפגערופען — רבי עקיבא וועט זיך מיט דיר דערפרעהען: בפרט נאך יעצט, ווען דו שטאמסט פון מלכות בית דוד.

— ביזטו, מיין האר, איינער פון רבי עקיבא'ס תלמידים — האט איהם שמעון געפרעגט.

— איך בין איינער פון זיינע תלמידים — האט דן געענטפערט — און דערצו בין איך נאך זיין שוואגער!

— רבי עקיבא'ס שוואגער! — האט שמעון אויסגערופען — ביזטו דען רחל'ס ברודער?

— יע, מיין קינד, איך בין רחל'ס ברודער און כלבא שבוע'ס זוהן. מיר וואהנען צוזאמען אין דער זעלבער הויז. איך גלויב, אז רבי עקיבא האט זיך שוין צוריק געקעהרט פון זיין רייזע איבער די ארומיגע שטעדט, און מיר וועלען איהר טרעפען אין דער היים.

זיי זיינען דורכגעגאנגען א קליינעם וועלדעל און פון דער ווייטען האט זיך צו זיי דערטראגען א געזאנג . . .

— לאמיר זיך נעהמען אויף אן אנדער וועג — האט דן געזאגט — ווייל דער געזאנג שיינט צו קומען פון רוימישע זעלנער, און אזוי ווי מיר זיינען דא אליין, וועלען זיי זיך נעהמען טשעפען צו אונז.

ניין, האט שמעון געזאגט — מיר דארפען נישט אפטרעטען פאר זיי דעם

וועג . . . זאָלען זיי נאָר פּרובירען זיך אָנפאַנגען מיט אונז און איך וועל זיי צייגען . . .

— אָבער פאַרגעס נישט שמעון, אַז מיר זיינען נאָר צוויי, און זיי קומען וואַרשיינליך אין אַ גרויסער גרופּע.

— גערעכטיגקייט איז שטאַרקער פון צאָהל — האָט שמעון געענטפערט און צוזאַמען געדריקט זיין פויסט — און אויב זיי וועלען זיך צו אונז טשעפּען, דאַן וועט זייער בלוט פאַלען אויף זייערע קעפּ . . .

— מיר דאַרפען זעהן ווי ווייט מעגליך אויסצומיידען, אין דער יעצטיגער צייט, וועלכען עס איז צוזאַמענשטויס מיט אונזערע שונאים, ווייל מיר זיינען נאָך נישט גרייט אַרויסצוגעהן אין אַן עפענטליכען קאַמף מיט די רוימער, די צושטערער פון אונזער לאַנד . . .

— אָבער, וואָס מעהר מיר וועלען פון אונזערע שונאים אַנטלויפען, אַלץ מעהר מוט וועלען זיי קריגען אונז צו פייניגען און דריקען . . . ניין, מיר מוזען זיי אַנטקעגען געהן . . . מיר טאָרען אונזער שטאָלץ נישט פאַרלירען . . . מיר דאַרפען זיי נישט צייגען, אַז מיר בעהאַלטען זיך פון זיי.

דן האָט באַוואונדערט די מוטה און די פעסטקייט פון שמעון׳ען. ער האָט באַמערקט דעם הייליגען פונק, וואָס האָט זיך צעגליהט אין זיין פּנים . . . ער האָט זיך געפיהלט גליקליך . . . זיין האָפענונג האָט זיך אין איהם פאַרשטאַרקט.

דער געזאַנג האָט זיך אַלץ דערנעהענטערט און אָט האָבען זיי באַמערקט פון וויימען זעקס רוימישע זעלנער קומען זיי אַן אַנטקעגען . . .

שמעון און דן זיינען געגאַנגען מיט זיכערע טריט און גאָר זיך נישט אומגעקוקט אויף די האַלב שיכור׳ע רוימער.

— וואוהין געהט איהר, פאַרפלוכטע יודעער! — האָט זיך איינער פון די רוימישע זעלנער אָפּגערופען.

שמעון און דן האָבען איהם נישט געענטפערט און פאָרטגעזעצט זייער וועג.

דער רוימער איז זיי פאַרלאָפען דעם וועג און האָט אויסגערופען מיט כעס:

— ווי וואַגט איהר דאָס, נידעריגע שקלאַפען, צו גריגנשעצען אַ רוימער!... ווייסט איהר נישט, אַז אייער גאַנצע לאַנד ליגט אין אונזערע הענד און מיר קענען טאָן אַלעס, וואָס אונז געפעלט מיט אייך! . . .

שמעון האָט געברענט פאַר כעס, ער האָט זיך אָבער איינגעהאַלטען און געוואָלט ווייטער געהן.

דאָס האָט שוין דעם רוימער פאַרדראָסען, ער איז צוגעגאַנגען צו שמעון׳ען און איהם אַראָפּגעלאָזען אַ פּאַטש. שמעון האָט לאַנג נישט געטראַכט, ער האָט מיט זיין פויסט אַ זעץ געטאָן דעם רוימער אין פּנים, אַז ער איז באַלד אומגעפאַלען אַ צובלוטיגטער אויפ׳ן באָדען.

ווי די איבעריגע פינף זעלנער האָבען דאָס דערזעהן, זיינען זיי באַלד צוגעלאָפען צו העלפען צו זייער חבר.

זיי האָבען אַרומגערינגעלט שמעון׳ען פון אַלע זייטען און געוואָלט איהם דערשטעכען מיט זייערע שווערדען.

שמעון האָט זיך אָבער נישט פאַרלאָרען, ער האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ צווייטען רוימער, וועלכער איז צוגעגאַנגען גאַנץ נאָהענט צו איהם, האָט איהר אַ הויב געטאָן, און איידער די איבעריגע רוימער האָבען זיך צו איהם דערנעהענטערט,

האט ער איהם א שליידער געטאן מיט אזא שטארקייט, אז ער איז געפאלען א טויטער מיט פופציג איילען ווייטער. דערווייל האט דן ארויסגעצויגען דעם שווערד פון דעם טויטען זעלנער און עס א ווארף געטאן צו שמעון'ען . . . פלינק האט שמעון א שפרונג געטאן און אנגעכאפט דעם שווערד אין דער לופטען. יעצט איז ער שוין אויך געווען בעוואפענט. ער האט אפגעשליידערט יעדע אטאקע פון די איבעריגע פיער זעלנער. א היבשע ווילע האט שמעון מיט זיי געקעמפט . . . פלוצלונג האט ער באמערקט ווי דער ערשטער זעלנער, וועמען ער האט פריהער א צובלוטיגטען צום באדען געווארפען, האט זיך אויפגעהויבען און פון הינטען איז ער ארויפגעפאלען אויף דן'ען און איהם שיער ערשטאכען... שמעון האט גלייך א שפרונג געטאן אויף יענעם זעלנער און האט איהם באלד אויף אן ארט געטויטעט. . .

די איבעריגע רוימער האבען זיך א לאז געטאן צו איהם מיט מעהר אימפעט . . . זיי האבען איהם געשאלטען און געזידעלט . . . זיי האבען געשווארען אין יופיטער'ס נאמען, אז זיי וועלען זיך אפרעכענען מיט אלע אידען . . . אבער שמעון האט נישט אויפגעהערט זיך מיט זיי צו פעכטען ביז וואנען ער האט נאך דריי פון זיי צום טויט געשלאגען . . . ווען דער לעצטער איבערגעבליבענער רוימישער זעלנער האט דערזעהן, אז אלע זיינע חברים ליגען טויט אויף דער ערד, האט ער גענומען אנטלויפען . . .

— ער טאר פון דאנען קיין לעבעדיגער נישט אנטלויפען — האט זיך דן צו איהם אפגערופען — אויב איהם וועט געלינגען צו אנטלויפען וועט ער דערצעהלען דעם רוימישען גענעראל אלעס, וואס האט פאסירט, און זיי וועלען דאס געוויס נישט פארשווייגען . . . זיי וועלען זיך אפרעכענען מיט אלע אידען.

דער אומווירדיגער רוימער וועט זיך שוין פון מיינע הענד נישט ארויסדרעהען — האט שמעון געזאגט, און זיך גענומען יאגען נאך דעם רוימער. ווען דער רוימער האט געשפיערט, אז מען יאגט איהם, האט ער אויפגעהויבען עטליכע שווערע שטיינער און געווארפען אויף זיין נאכיאגער. שמון האט זיך א נייג געטאן אן א זייט און דער שטיין איז פארבייגעפלויגען און איהם ניט געטראפען.

מיט די געשווינדקייט פון א הירש איז שמעון נאכגעלאפען דעם רוימישען זעלנער, ביז ער האט איהם דערגרייכט און איהם צום טויט געשלאגען.

ער האט אויפגעהויבען דעם טויטען זעלנער און איהם צוגעפיהרט צום פלאץ וואו די איבעריגע רוימער זיינען געלעגען.

דן איז געשטאנען די גאנצע צייט ווי פארווירט. ער האט זיך נישט געקענט אפוואונדערען פון שמעון'ס גרויסע גבורה . . . ער געדענקט, דאס אין זיין יוגענד איז ער אויך געווען העלדיש און בראוו, אבער צו באזיצען אזא אויסערגעוועהנליכען כח, דאס איז שוין איבער מענשליך . . . יעצט איז ער איבערצייגט, אז שמעון באזיצט א געטליכע קראפט, און אז ער וועט אויסלייזען די אידען פון זייערע צרות . . .

— דו ביזט א געטליכער מאן — האט איהם דן געזאגט, ווען ער האט איהם דערזעהן טראגענדיג דעם טויטען רוימער . . . זאלען אזוי פאלען אלע אונזערע פיינד מיט דער מאכט פון דיין האנד.

— גאָט איז אונזער עדות — האָט זיך שמעון אָפּגערופען — אז זיי האָבען פּאַרדיענט דעם טויט. מיר האָבען זיך מיט זיי נישט אָנגעפאַנגען.

— געבענטשט זאָלען זיין דיינע הענד! דו האָסט באַוויזען וואונדער! . . . יעצט איז מיין האָפענונג נאָך שטאַרקער געוואָרען, אז מיר האָט גאָט געפיהרט צו דיר, איך זאָל דיר ענטדעקען, כדי דו זאָלסט דער פיהרער פון די אידען ווע־רען . . .

— וואָס זאָלען מיר טאָן מיט די טויטע רוימער? — האָט שמעון געפרעגט דן'ען.

— מיר מוזען אָפּווישען יעדען שפּור פון דאַנען — האָט דן געזאָגט — די רוימער וועלען וואַרשיינליך זיך לאָזען זוכען די פאַרשוואונדענע זעלנער, און זיי וועלען זיי געפינען טויטע, וועט דער חשד גלייך פאַלען אויף די אידען . . . און כל זמן מיר זיינען נאָך נישט גרייט ארויסצוגעהן אָן אָפענעם קאַמף מיט די רוימער, דאַרפען מיר זעהן צו פאַרמיידען אומזיסטע בלוט פאַרגיסונג. לאָמיר אָפּגעהן א קליינע שטרעקע פון דעם וועג און אויסגראָבען א גרויסע גרוב און זיי דאָרט באַגראָבען.

דן און שמעון האָבען מיט די הילף פון די שווערדען פון די רוימער, אויס־געגראָבען א טיעפע גרוב, אהין האָבען זיי אריינגעלעגט די זעקס רוימישע פגרים צוזאַמען מיט זייערע זאַכען און וואָפען. די גרוב האָבען זיי באַדעקט מיט ערד און באַשאָטען מיט גראָז ביז וואַנען עס איז גאָר נישט קאַנטיג געבליבען. ווען זיי זיינען פאַרטיג געוואָרען זיינען זיי אוועק אויף דעם וועג קיין גמזו.

פאַרנאַכט זיינען ביידע אָנגעקומען אין גמזו. דן האָט געבראַכט שמעון'ען צו זיך אהיים, און ער האָט איהם פאָרגעשטעלט פאַר זיין פרוי, שוועסטער און טאָכטער. רבי עקיבא האָט זיך נאָך נישט געהאַט אומגעקעהרט פון זיין רייזע.

דן האָט פאַר אַלעמען דערצעהלט, וואָס עס האָט פּאַסירט און די דריי פרויען האָבען יעצט אויף שמעון'ען געקוקט ווי אויף א משיח'ן.

חנה, דן'ס טאָכטער, האָט אין שמעון'ען דערזעהן דעם, וועגען וועמען זי האָט אימערצו גע'חלומ'ט. ער איז דער העלד, וועלכער וועט העלפען בע־פרייען די אידען פון די שלעכטע רוימער . . . און ווען זי האָט איהרע בעשיידענע צערטליכע בליקען געווענדעט אויף דעם יונגען העלד, האָבען זיך שמעון'ס בליקען באַגעגענט מיט איהרע. די ליעבענסווירדיגע חנה האָט איהם בעצויבערט מיט איהר חן און וואונדערליכער שעהנקייט. זייערע בליקען האָבען גערעדט און זייערע הערצער האָבען זיך פאַרשטאַנען.

ווען רבי עקיבא האָט זיך צוריק געקעהרט פון זיין רייזע, האָט איהם דן פאָרגעשטעלט שמעון'ען און איהם דערצעהלט פון זיין איבער מענשליכער גבורה.

רבי עקיבא האָט בעטראַכט דעם יונגען שמעון, זיין הויכער און שטאַרקער געבוי, זיינע פייערדיגע אויגען און זיין שטאָלצע קעניגליכע האַלטונג האָט אויף איהם געמאַכט אן אונגעהויער גרויסען איינדרוק.

א גליקליכע פרייד האָט ארומגענומען רבי עקיבא'ן. ער האָט אין איהם געפונען דעם טרייסט פאַר די אידישע ליידען . . .

— מיין זוהן, — האָט רבי עקיבא זיך צו איהם אָפּגערופען — גאָט האָט

דיר צו אונז געשיקט, דו זאלסט העלפען באפרייען די אידען און ארץ ישראל פון אונזערע שונאים.

באלד האט זיך דער קלאנג וועגען שמעון'ען פארשפרייט צווישען רבי עקיבא'ס תלמידים און טויזענדער פון זיי זיינען געקומען איהם אנקוקען, אוועק־געהענדיג מיט גרוים בעגייסטערונג פון איהם.

שמעון האט זיך גענומען איבען פאר מלחמה געגען די רוימער. ער האט אר־גאניזירט אן ארמיי פון אידישע העלדען, און האט מיט זיי בעהאלטענערהייט גע־לערענט "תכסיסי מלחמה".

רבי עקיבא האט גלייך גענומען גלויבען, אז דער יונגער שמעון, וועלכער האט זיך אויך גערופען שמעון בר כוזיבא, (ווייל ער איז געקומען פון שטאדט כוזיב) איז דער משיח. ער האט איינגעלאדען פיעלע חכמים זיי זאלען קומען אנ־קוקען שמעון'ען, וועלכער האט באוויזען איבערנאטירליכע גבורות: ער פלעגט פאהרען רייטענדיג אויף א פערד, און פארביילויפענדיג, פלעגט ער אויפ'ן וועג אויסרייסען א בוים מיט די ווארצלען פון דער ערד.

אלע חכמים האבען שטארק בעוואונדערט שמועו'ס איבערנאטירליכע קראפט.

רבי עקיבא האט צוגערופען שמעון'ען און אין דער אנוועזענהייט פון די חכמים און זיינע תלמידים, האט ער זיך צו איהם אפגערופען:

— דיין נאמען זאל מעהר נישט הייסען שמעון בר כוזיבא, אבער פון יעצט אן זאלסטו הייסען שמעון בר כוכבא, דער זוהן פון א שטערען, ווייל אויף דיר זאגט די תורה: "דרך כוכב מיעקב" (א שטערן געהט אויף פון יעקב'ס שטאם), דו ביזט דער געזאלבטער פון גאט. דו ביזט צו אונז געקומען אין דער צייט פון אונזער גרויסען נויטה און דו וועסט העלפען דיין פאלק ישראל.

— לאנג לעבען זאל בר כוכבא, דער מלך המשיח! — האבען די תלמידים אויסגערופען.

— א שטערען האט אויפגעשיינט אויף דעם פארוואלקענדען אידישען הי־מעל — האבען אייניגע חכמים אויסגעשריען. לאמיר געהן צו איהם, ער וועט זיין אונזער פיהרער און אונזער וועג ווייזער.

— געלויבט איז גאט, דער באשעפער פון דער וועלט, וואס ער האט אונז געלאזט לעבען ביז דיזער וואונדערליכער צייט — האט רבי עקיבא אויסגערופען — די צייט פון אונזער פרייהייט איז געקומען. די טעג פון אונזער שונא'ס הערשאפט אין יהודה, זיינען געצעהלטע. ווער עס וויל זיך אנשליסען אין בר כוכבא'ס ארמיי, זאל עס טאן באלד! . . .

צעהנדליגער טויזענדער יונגע העלדען האבען זיך אנגעשלאסען אין בר כוכבא'ס ארמייען.

רבי עקיבא איז יעצט ארומגעפאהרען צווישען פאלק און אלעמען אנגע־זאגט די פרעהליכע בשורה, אז דער אידישער משיח איז דא.

פיעל חכמים אבער האבען מיט רבי עקיבא'ן נישט איינגעשטימט.

— ווי אזוי קענען מיר זיך געגענשטעלען די רוימער — האט רבי יוסי בן קסמא זיך אפגערופען צו רבי עקיבא'ן — זעהסט דען נישט, אז גאט איז מיט די רוימער! זיי האבען חרוב געמאכט אונזער לאנד, פארברענט דעם בית המקדש, זיי טוען אונז אן אלערליי גזירות און צרות, און דאך זיינען זיי שטארק און מעכ־

טיג! איז דאס נישט א סימן, אז גאט וויל דאס אזוי און דאס ער איז מיט זיי, טו ווי אזוי קענען מיר גאר קלעהרען וועגען אן אויפשטאנד געגען די רוימער.

— בר כוכבא איז דאך אבער דער געזאלבטער פון גאט, ער איז דער משיח בן דוד! — האט רבי עקיבא איהם געזאגט.

— "גראז וועט פריהער וואקסען אויף דיינע באקען" און בן דוד וועט נאך נישט קומען!" — האט צו איהם געזאגט רבי יוחנן בן תורתא.

בר כוכבא'ס געגנער זיינען אבער געווען זעהר ווייניג, אלע האבען אין איהם דערזעהן דעם אויסלייזער פון די אידען. און הונדערטער טויזענדער אידישע קעמפער האבען גענומען שטראמען צו דער פאהן פון דעם נייעם פיהרער. רבי עקיבא און דן האבען געהאלפען ערמוטהיגען די יונגע העלדען און אנגעצונדען אין זיי דעם הייליגען פייער פון קאמף פאר זייער פאלק און לאנד.

אין אנפאנג האט בר כוכבא זיך גענומען צוגרייטען פאר מלחמה, פארבארגענערהייט. פארשידענע געוועהר האט ער אנגעגרייט פאר זיינע סאלדאטען, און זיי בעהאלטען אין פארבארגענע פלעצער. באלד אבער איז שוין מעהר קיין סוד דערפון נישט געווען. דער קאמף האט זיך צעפלאקערט אין דער עפענטליכקייט.

טיניוס רופוס, דער דאמאלסדיגער רוימישער גובערנאטאר פון יהודה, וועלכער האט אזוי אכזריות'דיג געדריקט די אידען, האט זיך דערוואוסט פון דעם אויפשטאנד. ער האט באלד צוזאמענגערופען אלע רוימישע לעגיאנען, וועלכע זיינען געווען צעווארפען איבער יהודה און איז געגאנגען אונטערדריקען דעם אויפשטאנד.

בר כוכבא איז איהם אנטקעגען געגאנגען מיט זיין העלדישער ארמיי און האט צושלאגען טיניוס רופוס'עס לעגיאנען אין א שלאכט, וואס האט געדויערט דריי טעג. די רוימישע איינוואוינער פון יהודה, האבען זיך אזוי דערשראקען פאר דער פלוצלונגער וואקסענדער מאכט פון בר כוכבא, דאס זיי האבען פארלאזען אלע זייערע גיטער און אנטלאפען פון יהודה.

טיניוס רופוס מיט די איבערגעבליבענע פון זיין צושלאגענע לעגיאנען, האבען צוריק געטראטען און זיך באפעסטיגט אין איינע פון די שטארקע פעסטונגען פון יהודה. בר כוכבא האט באלד גענומען שטורמען די פעסטונג און זי איינגענומען. דער שונא איז אנטלאפען אלץ ווייטער. און די ארמייען פון בר כוכבא האבען זיי נאכגעיאגט אלץ ווייטער און ווייטער.

אין משך פון איניגע וואכען זיינען אריינגעפאלען אין בר כוכבא'ס הענט פופציג פעסטונגען און הונדערטע קלענערע שטעדט און שטעדטלאך. טויזענדע רוימישע לעגיאנען האבען זיך געוואלגערט אין די גאסען פון יהודה.

דערזעהענדיג די גרויסע און וואונדערבארע נצחונות פון בר כוכבא, האבען זיך נאך מעהר אידען פון אלע רוימישע פראווינצען א לאז געטאן זיך אנצושליסען אין די רייהען פון די אידישע קעמפענדע העלדען. בר כוכבא האט אנגעווארפען אזא שרעק אויף אלע רוימער, אז ווער עס האט נאר געהאט די מעגליכקייט איז אנטלאפען געווארען איידער בר כוכבא'ס חיילות האבען זיי דערגרייכט. און אזוי איז גאנץ ארץ ישראל אויסגערייניגט געווארען פון די פארהאסטע רוימער.

בר כוכבא האט אין יעדער איינגענומענער שטאדט באשטימט א אידישען פארוואלטער און איהם איבערגעגעבען געגוג סאלדאטען זיי זאלען האבען די מעגליכקייט צו פארטיידיגען די שטאדט אין פאל די רוימער וועלען זיי אטאקירען.

געקרוינט מיט ערפאלג פון זיינע גלענצענדע נצחונות, וואס ער האט געהאט איבער די רוימער, האט זיך בר כוכבא אומגעקעהרט נאך גמזו, צו זיינע איבערגעגעבענע פריינד, וועמען ער האט געהאט אלעם צו פארדאנקען.

רבי עקיבא, רחל און זייערע קינדער צוזאמען מיט דן, אסתר און חנה, זיינען איהם אנטקעגען געגאנגען. טויזענדער תלמידים און הונדערטער טויזענדער אנדערע אידען זייען זיי נאכגעגאנגען.

— געבענשט זיי דו גאט, דו מלך המשיח — האט רבי עקיבא איהם געזאגט, און איהם א קוש געטאן אויפ'ן שטערען — דו האסט באזיעגט אונזער שונא, איהם פון אונזער לאנד פארטריבען, געקרוינט זאלסטו זיין אלס דער אידישער קעניג, דער מלך המשיח.

— הוררא פאר דעם נייעם אידישען קעניג! הוררא פאר משיח בן דוד!... האבען טויזענדער שטימען געדונערט.

בר כוכבא איז געזעסען רייטענדיג אויף זיין פערד. פון זיינע אויגען האבען פייער־פונקען געשפריצט. זיין פנים האט געלויכטען ווי זיבען זונען. ער האט בעטראכט דעם ריזיגען המון. ער האט בעמערקט זייער איבערגעבענהייט און צוטרויען צו איהם. ער האט געזעהן ווי דאס פייער פון פאטריאטיזם פלאקערט אין די הערצער פון אלע זיינע ברידער. און א פרייד פון שטאלץ האט אנגעפילט זיין הארץ. און ווען דער שאלען און הורראה געשרייען האט אויפגעהערט, האט זיך בר כוכבא אויפגעשטעלט אויף זיין פערד און א מאך געטהאן מיט זיין האנד.

באלד זיינען אלע שטיל געווארען, אלעמענס אויגען זיינען געווענדעט געווען אויף דעם שעהנעם העלדישען בר כוכבא, וועלכער שטעהענדיג אויף זיין הויכען מעכטיגען פערד, האט געגעבען דעם איינדרוק פון א מלאך... יעדער האט זיין אטהעם צוריקגעהאלטען און מיט גרויס נייגעריגקייט און אונגעדולד געווארט צו הערען וואס דער מלך המשיח האט צו זאגען צום פאלק.

— מיינע ברידער! — האט בר כוכבא אנגעפאנגען, — היינט איז דער טאג פון אונזער גרעסטער שמחה און מיט דער הילף פון אונזער פאטער אין הימעל, איז אונז געלונגען צו פאריאגען אונזערע גרעסטע שונאים פון אונזער הייליגען לאנד. מיר האבען ארונטערגעווארפען דעם יאך פון די פארפלוכטע און גרויזאמע רוימער, און מיר קענען יעצט פריי אטעמען. איהר האט אלע געקעמפט ווי העלדען ווי עס פאסט פאר די קינדער פון די מכבים, און איהר האט געזיגט... אבער איהר דארפט וויסען זיין, מיינע ברידער, אז מיר זיינען נאך מיט די רוימער נישט פארטיג... דער צעזאר אדריאנוס וועט געוויס ניט וועלען ארונטערשלינגען אזא מפלה... ער וועט זיכער שיקען זיינע פעהיגסטע גענעראלען און די מעכטיגסטע פון זיינע סאלדאטען זיי זאלען צוריקגעווינען דאס וואס זיי האבען פאר־ לארען... זיי וועלען קעמפען מיט דער גרעסטער פארביטערונג און פארצוו[illegible] לונג... און דאריבער מוזען מיר יעצט זיין געגרייט נאך מעהר ווי פריהער פ[illegible] דעם גרעסטען קאמף אין אונזער היסטאריע. יעדער איינער פון אונז מוז זיי[illegible] געגרייט זיך מקריב צו זיין פאר אונזער גאט און זיין תורה, פאר אונזער פאלק

און פאטערלאנד. מיר וועלען מוזען קעמפען נאך מיט מעהר מוטה און קראפט, ביז וואנען די רוימער וועלען זיך איבערצייגען אז יהודה איז ניט גלייך צו אנדערע לענדער וועלכע זיי קענען איינגעהמען און ערנידריגען... ניין! מיר זיינען דאס אייביגע פאלק... דעם שונא וועט קיינמאל נישט געלינגען אונז אין גאנצען צו פערניכטען.. אפילו אין די צייטען ווען אונזערע פיינד האבען אונז פערוואונדעט קערפערליך, איז אבער אונזער גייסט געבליבען גאנץ, אומבאשעדיגט... זיי האבען געקענט פארניכטען אונזערע שטעדט, זיי האבען פארברענט אונזער בית המקדש, זיי האבען אונז אנגעטהאן זעהר פיעל צרות, און מיר האבען אלעס געדולדיג אריבערגעטראגען... אבער יעצט איז געקומען א סוף צו אונזערע צרות! אונזער גייסט וואס איז קיינמאל ניט אפגעשוואכט געווארען, האט יעצט אויך אויסגעהיילט אונזערע פערוואונדעטע קערפערס... יעצט וועלען מיר אלע געהן נאך ירושלים און צוריק בויען אונזער וואונדערליכע שטאדט און דעם פראכטפאלען בית המקדש, און ווען דער שונא וועט ווידער אנקומען מיט זיינע מעכטיגע ארמייען, וועלען מיר, אזוי ווי די מכבים, וויסען ווי איהם אויפצונעהמען... מיר וועלען בעפעסטיגען ירושלים מיט שטארקערע פעסטונגען ווי פריהער, און מיר וועלען צוריק געבען דער שטאדט איהר פריהערדיגע פראכט און גלאנץ... עס לעבע דאס אידישע פאלק!... עס לעבע די אידישע פרייהייט!...

— עס לעבע דער אידישער קעניג! עס לעבע דער מלך חמשיח... — האבען זיך געהערט דונערנדע שטימען פון פאלק.

— נידער מיט די רוימער! — האבען פיעלע געשריען.

— נאך ירושלים! נאך ירושלים! — האבען אנדערע געשריען, — לאמיר געהן צוריקבויען אונזער הייליגע שטאדט!

— בר כוכבא! — האט רבי עקיבא זיך צו איהם אפגערופען, — קום אריין אין הויז און מיר וועלען אלע עסען אונזער מאלצייט. דו ביזט דאך געוויס מיעד, וועסטו זיך אויך אויסרוהען דערווייל און נאכהער וועלען מיר אלע אבפאהרען נאך ירושלים.

— דאס פאלק איז זעהר אומגעדולדיג, — האט איהם בר כוכבא געזאגט, — אלע ווילען וואס שנעלער געהן נאך ירושלים.

— מיין האר, קעניג! — איז חנה צוגעגאנגען צו בר כוכבא'ן, — דיין געזונד און וואהלזיין איז ביי אונז אלעמען טהייערער ווי אלעס אין דער וועלט... לויט ווי איך האב געהערט, האסטו זייט איניגע טעג נישט גערוהט... זאג או דיינע גענעראלען אז זיי זאלען פיהרען דאס פאלק נאך ירושלים און דו וועסט אנקומען אהין עטוואס שפעטער.

— דו ביזט גערעכט, דו שעהנע טאכטער פון ציון, — האט בר כוכבא צו איהר געזאגט אראפשטייגענדיג פון זיין פערד, און צורופענדיג איניגע גענעראלען, האט ער זיי אנגעזאגט צו געהן מיט'ן פאלק נאך ירושלים...

— איך, רבי עקיבא און זיין פאמיליע, וועלען אהין אנקומען עטוואס שפעטער, — האט ער צוגעגעבען.

די גענעראלען און דער חמון האט אוועקגעמארשירט נאך ירושלים און בר כוכבא איז אריין צו רבי עקיבא'ן אין הויז, עטוואס צוצובייסען און זיך אפרוהען. חנה האט געגרייט צום טיש, און זי האט דערלאנגט דאס עסען.

רחל און אסתר האָבען דערוויל צוגעגרייט די זאכען פאר בר כוכבא'ן.

נאָך'ן עסען האָט זיך חנה אָפּגערופען צו בר כוכבא'ן:

— יעצט זאָל זיך דער ווירדיגער קעניג אויסרוהען אין איינעם פון די צימערען... די בעט איז געמאכט.

— איך בין נישט מיעד, ליעבע חנה, איך וויל נישט פארשלאָפען די קורצע ווײלע וואָס גיט מיר די מעגליכקייט אָנצוקוקען דיין שעהנעם, געטליכען פּנים...

חנה איז רויט געוואָרען און אַרונטערגעלאָזען איהרע אויגען...

— דיין פאטער און דיין אָנקעל האָב איך צו פערדאנקען פאר דעם גרויסען כבוד וואָס גאַנץ יהודה גיט מיר אָפּ, — האָט בר כוכבא פאָרטגעזעצט, — אָבער דיר, טהייערע ליעבע חנה, האָב איך צו פערדאנקען פאר אַלע נצחונות וואָס איך האָב אָבגעהאַלטען געגען אונזערע פיינד, די רוימער, ווייל דיין שעהנע, הערליכע געשטאַלט איז מיר אימער געשטאַנען פאר די אויגען ווען איך האָב געקעמפט מיט די רוימער, דיינע וואונדער־שעהנע אויגען האָבען מיר געגעבען פיעל מוטה ענערגיע און קראַפט צו צושלאָגען די שונאים פון אונזער לאַנד און זיי פאַריאָגען פון אונזערע גרעניצען.

— אָבער מיין האר, — האָט חנה געזאָגט נאָך מעהר רויט ווערענדיג, — דעם אַלער העכסטען דאנק קומט דאָך גאָט, אונזער פאטער אין הימעל, וועלכער האָט דיר געגעבען דעם כח צו פאַרטיליגען אונזערע שונאים און צו בעפרייען זיינע קינדער פון דעם רוימישען יאָך. בלויז איהם דארפען מיר לויבען און דאנקען.

— יא, איך דאנק און לויב גאָט, — האָט בר כוכבא זיך אָפּגערופען אָננעה־מענדיג חנה'ס האנד. איך דאנק דעם באַשעפער פון דער וועלט, וועלכער האָט בעשאַפען אַזא געטליכע שעהנהייט ווי דו ביזט, און איך לויב איהם פאר דעם וואָס ער האָט מיר די געלעגענהייט געגעבען דיך צו זעהן, דאמיט צו פארגרע־סערען און פערשטאַרקען מיין גבורה געגען אונזער שונא.

טרעהרען האָבען זיך באַוויזען אין חנה'ס אויגען, וואָס האָבען זיך אָפּגע־שפּיגעלט ווי פּערל... אָט איז ער, דער גרעסטער אידישער העלד, דער נייער קעניג פון יהודה, דער העלד פון איהרע פאַנטאַזיעס און חלומות... ווי זיס און ליעב זיינע ווערטער קלינגען אין איהרע אויערען... איז דאָס מעגליך אז ער ליעבט איהר אַזוי שטארק ווי זי ליעבט איהם?

בר כוכבא האָט באַמערקט די טרעהרען אין איהרע אויגען. ער האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין פּלאַץ און צו איהר זיך אָפּגערופען:

— מיין ליעבע חנה, איך זעה ווי אין דיינע שעהנע אויגען שפּיגעלט זיך אָפּ דער צער פון אונזער פאָלק... אָבער נישט לאַנג וועט אונזער פאָלק ליידען... די זון פון יהודה געהט אויף און מיט איהרע ליכטיגע שטראַהלען וועט זי געבען יעדען זיין גליק, און דו מיין ליעבע חנה וועסט זיין מיין גליק... דו וועסט זיין די קעניגין פון יהודה, ווייל א העלפט פון מיין ערפאָלג בעלאַנגט צו דיר.

— איז דאָס נישט אַלעס א שעהנער טרוים? — האָט חנה שטילערהייט ווי צו זיך גערעדט... — איז עס מעגליך אז דאָס אידישע פאָלק איז אויסגעלייזט געוואָרען פון זיינע ליידען?... יא! עס איז וואהר! עס איז נישט קיין חלום.

און דו, געזאַלבטער פון גאָט, דו האָסט עס באַוויזען מיט דיין געטליכע גבורה! און ווער בין איך, דיין דיענסט, דאָס איך זאָל גאָר זועגען זיין צו הערען אַזעלכע רייד פון דעם קעניג פון יהודה ?! . . .

— דו ביזט דער קוואַל פון וואַנען איך האָב געשעפּט מיין כח, — האָט בר כוכבא צו איהר געזאָגט, — איך האָב זיך אָנגעגורט מיט דעם גייסט פון גבורה, נאָכדעם ווי דו האָסט מיר בעשאָנקען מיט דעם וואַרימען, ליעבליכען בליק פון דיינע וואונדער־שעהנע אויגען וואָס איז צו מיר געווען אַזוי ערפרישענד ווי דער טהוי פון הימעל... איך האָב דאַן געפיהלט אַז קיין זאַך אין דער וועלט וועט נישט שווער זיין פאַר מיר צו טהאָן... און אין יעדען שווערען קאַמפּף האָב איך געפיהלט די שטראַהלען פון דיינע בליקען, וועלכע האָבען מיך געקרעפטיגט און ערמוטיגט...

חנה איז געבליבען שטעהן פאַרווירט און צוטומעלט. זי האָט געקוקט אויף בר כוכבא'ן מיט ערשטוינונג און האָט קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסריידען.

— חנה, דיין בליק מאַכט מיך דאָך אַזוי שטאָלץ, אַזוי גליקליך, — האָט בר כוכבא געזאָגט, — עס שטעהט נאָך פאַר אונז פאַר איינער פון די שווערסטע קעמפּפע... די רוימער וועלען אין גיכען ווידער נעהמען פאַרפלייצען אונזער לאַנד מיט זייערע אַרמייען... איך האָף צו גאָט אַז ער וועט מיר געבען גענוג כח אַנצוצונדען מיט דעם קאַ[...]ף ביז וואַנען עס וועט אונז געלינגען אין גאַנצען צו פאַרטיליגען יהודה'ס [...]רעסטען שונא. און דו, מיין ליעבע חנה, וועסט זיין די אויסערוועהלטע קעניגין פון יהודה... גיב מיר דיין צאַרטע האַנד, איך וועל זי צוטראָגען צו מיינע ליפּען און דאַמיט פאַרזיגלען אונזער הייליגע ליעבע וואָס וועט דויערען אונזער גאַנצען לעבען.

חנה האָט איהם איהר האַנד דערלאַנגט און בר כוכבא האָט די ווייכע צאַרטע האַנד אין זיינער געהאַלטען און נאָכהער זי באַדעקט מיט קושען.

— זיי מתפּלל צו גאָט, — האָט ער איהר געזאָגט, — ער זאָל מצליח זיין מיין וועג, און ווען איך וועל זיך אומקעהרען זיעגרייך פון שלאַכטפעלד, וועלען מיר פייערען אונזער האָכציים צוזאַמען מיט דער פייערונג פון יהודה'ס פרייהייט.

— זאָל דיר גאָט באַגליקען אין אַלע דיינע וועגען, — האָט איהם חנה צוגעוואונשען דריקענדיג זיין האַנד, — דו געהסט קעמפּפען פאַר גאָט'ס אויסערוועהלטען פאָלק. געה, מיין ליעבער בר כוכבא, און העלף אונזער פאָלק יהודה.

בר כוכבא און רבי עקיבא און די איבריגע זיינען שוין געווען גרייט צו געהן נאָך ירושלים.

רחל איז צוגעגאַנגען צו איהר מאַן און איהם אַריינגערוימט אין אויער:

"די גאָלדענע קרוין וואָס איך האָב בעשטעלט מאַכען ביים גאָלדשמיד איז שוין פאַרטיג. ער האָט אין איהר אַריינגעפּאַסט אַלע בריליאַנטען און קאָסטבאַרע שטיינער וואָס איך, אסתר און חנה האָבען איהם געגעבען. זאָל איך די קרוין מיטנעהמען מיט אונז נאָך ירושלים?"

— יאָ, מיין ליעבע רחל, — האָט רבי עקיבא געזאָגט, — דאָרטען אין ירושלים וואו אַלע אידען וועלען זיך פערזאַמלען בעת בר כוכבא וועט לייגען דעם גרונדשטיין פאַר'ן בית המקדש וועל איך בר כוכבא'ן קרוינען אַלס דעם קעניג פון יהודה...

— געה מיין קינד, — האט זיך רחל אפגערופען צו חנה'ן, — און ברייננ די גאלדענע קרוין, וויל מיר ווילען זי מיטנעהמען מיט אונז קיין ירושלים.

חנה איז געבליבען שטעהן א ווייל און א בעשיידענע רויטקייט האט בארעקט איהר פנים.

אסתר האט עס באמערקט און זיך אפגערופען צו איהר טאכטער מיט א גליקליכען שמייכעל:

— דיין מוהמע רחל וויל דיך מזכה זיין מיט די מצוה ארויסצוטראגען די קרוין פון הויז...

חנה האט די קרוין ארויסגעטראגען, איינגעוויקעלט אין סאמעט, און זי איבערגעגעבען צו רבי עקיבא.

בר כוכבא האט זיך געזעצט רייטענדיג אויף זיין פערד, און אין די בע־גלייטונג פון זיינע העלדען איז ער אפגעריטען נאך ירושלים.

אין א קארעטע געשפאנט צו זעקס פערד, איז געזעסען רבי עקיבא, רחל, דן, אסתר און זייערע קינדער, וועלכע זיינען נאכגעפאהרען בר כוכבא'ן.

מיט עטליכע שטונדען שפעטער האבען זיי זיך באגעגענט מיט דער גאנצער געמיינדע ביי די טויערען פון ירושלים.

גרוים איז געווען די פרייד פון די אידען וועלכע האבען ארייננעמארשירט מיט יובעל און חורראה געשרייען אין זייער הייליגער שטאדט. די שמחה פון פיעלע איז געווען געמישט מיט טרעהרען, ווען זיי האבען באמערקט די חרוב'ע שטאדט ירושלים, וואוהין אדריאנוס האט זיי געהאט פארבאטען אריינצוקומען. זיי האבען געזעהן ווי דער פלאץ וואו דער בית המקדש איז געשטאנען איז גע־ווען צוגעקערט מיט אקער־אייזענס. מעהר נישט ווי די איין־איינציגע וואנד, דער כותל מערבי איז שטעהן געבליבען ווי אן עדות אויף דעם גרויסען חורבן.

ווען אלע אידען האבען זיך פערזאמעלט ארום דעם הר הבית, איז רבי עקיבא צוגעגאנגען צו בר כוכבא'ן מיט דער גאלדענער קרוין אין זיינע הענד. א הייליגע שטילקייט האט געהערשט ארום.

רבי עקיבא האט זיך אויפגעשטעלט און האט אנגעפאנגען:

—"הייליגע געמיינדע פון יהודה! היינט איז דער יום טוב וואס גאט האט אונז געגעבען זיך צו פרעהען און גליקליך זיין! זעכציג יאהר ווערט היינט זינט די רוימער האבען פארברענט אונזער בית המקדש. און יעצט האט אונז גאט געשיקט דעם מלך המשיח, וועלכער האט זיך אפגערעכענט מיט אונזערע פיינד, זיי פארטריבען פון אונזער לאנד. בר כוכבא וועט באלד לייגען דעם גרונדשטיין פאר דעם בית המקדש און איידער ער וועט עס טהאן, וועל איך איהם פאר אייך אלעמען קריינען אלס אונזער קעניג פון יהודה! זאל גאט, וועלכער האט געמאכט קעניגען זיין קנעכט דוד, איהם שטארקען און געבען די מאכט אונטערטהעניג צו מאכען די פעלקער וועלכע זוכען אונז שלעכטס צו טהאן. בר כוכבא שטאמט פון מלכות בית דוד, און יעצט וועט מקוים ווערען די נבואה פון נתן הנביא, אז דער טראהן פון דוד וועט זיך פארפעסטיגען אויף עוויג. לאנג לעבען זאל דער מלך המשיח!"

— לאנג לעבען זאל בר כוכבא! לאנג לעבען זאל דער מלך המשיח! — האבען די שטימען געדונערט אזש דאס לאנד האט געציטערט פון די הילכיגע געשרייען.

רבי עקיבא האט ארויפגעטהאן די קרוין אויף בר כוכבא׳ס קאפ און האט איהם געבענשט.

יעצט האט זיך אנגעהויבען די צערעמאניע פון לייגען דעם גרונדשטיין פאר דעם נייעם בית המקדש.

צוועלף כהנים האבען מיט גרויס מיה צוגעטראגען דעם גרונדשטיין צו בר כוכבא׳ן. רבי עקיבא און דן האבען געגראבען דעם פונדאמענט. ווען זייער ארבייט איז געענדיגט געווארען, האט בר כוכבא א נעהם געטהאן דעם שווערען שטיין, האט איהם אליין אויפגעהויבען און אוועקגעלייגט אויף דעם בעשטימטען פלאץ. דער המון איז געווען אויסער זיך פון דער גרויסער גבורה וואס בר כוכבא האט דא יעצט אלעמען געוויזען; צוועלף מענשען האבען קוים געקענט אנױפ־הויבען דעם גרונדשטיין און דא קומט בר כוכבא און הויבט איהם אויף אליין. יעצט זיינען אלע איבערצייגט אז בר כוכבא בעזיצט א געטליכע קראפט. ווידער האבען זיך געהערט שטימען, שאלען און הוררא געשרייען.

—״מיינע ליעבע ברידער, — האט בר כוכבא זיך אפגערופען צו די פער־זאמעלטע אידען, נאכדעם ווי ער האט געלעגט דעם גרונדשטיין, — מיר הויבען יעצט אן צוריקצובויען דעם בית המקדש! אונזערע עלטערען האבען אונז דער־צעהלט, אז דער צווייטער בית המקדש איז געווען שעהנער פאר דעם ערשטען. און יעצט ווילען מיר זעהן צו מאכען דעם דריטען בית המקדש נאך שעהנער ווי דעם צווייטען. מיר ווילען נים זשאלעווען קיין מיה און קיין געלד צו בע־שיינען און בעציערען דעם נייעם בית המקדש.

״נישט אבער מיט רוימישע געלד ווילען מיר אנגעהן מיט אונזער הייליגע ארבייט, נאר מיט אונזער אייגענע געלד. מיר ווילען ארויסלאזען אונזער אייגענע געלד, און יעדער איינער פון אייך וואס האט רוימישע מטבעות וועט עס קענען אומבייטען אויף אידישע״.

בר כוכבא האט אויסגעגאסען אידישע מטבעות און אלע אידען וועלכע האבען געהאט רוימישע געלד האבען עס גלייך אומגעביטען.

רבי עקיבא האט ארויסגעלאזען אן אויפרוף צום פאלק אז יעדער זאל ברייננ־גען פאר דעם בית המקדש זיינע ציערונג, גאלד און זילבער, וויפיעל ער קען בעהויפטען.

באלד האט דאס פאלק אנגעהויבען צו ברייננגען פאר דעם בית המקדש אלעם וואס זיי האבען פארמאגט.

בר כוכבא האט עס באמערקט און ער האט זיך אפגערופען צו רבי עקיבא׳ן:

— מיט אזעלכע איבערגעבענע און געטרייע אידען וואס מיר פארמאגען אין אונזער דור, ווילען מיר דעם גרעסטען שלאכט נישט פארלירען. נישט נאר איז יעדער פון יהודה גרייט אפצוגעבען זיין גאנצעם רייכטהום פאר דעם הייליגען אידישען צוועק, אבער אויך יעדער פון מיינע העלדען איז גרייט אויפצואפפערען זיין לעבען פאר די טובה פאר זיין פאלק. ניין, מיר ווילען קיינמאל נישט בע־זיעגט ווערען...

בר כוכבא האט צוזאמענגערופען די אלע וועלכע האבען געהאט א ידיעה אין בויען און האט פאר זיי פארגעלייגט זיינע פלענער, ווי אזוי דער דריטער בית המקדש זאל געבויט ווערען.

יעדער ארכיטעקט האט געגעבען זיינע פלענער און בר כוכבא האט זיך

בעראטהען מיט רבי עקיבא'ן ווענדען פלענער אנצונעהמען. זיי האבען גערופען נאך איינינע חכמים און אלע האבען אפגעשטימט ווי אזוי דער בית המקדש זאל געבויט ווערען.

די ארבייט פאר'ן בית המקדש האט זיך אנגעפאנגען.

יעדער האט געטהאן וואס נאר ער האט געקענט. איינינע האבען געשניטען צעדער־בוימער פון די וועלדער, איינינע האבען געמאכט ציגעל, אנדערע האבען געשמאלצען די גאלד און די זילבער.

בר כוכבא האט דערווייל געאיבט זיינע סאלדאטען. ער האט זיי געלערנט ווי אזוי צו קעמפען געגען די רוימער; ער האט זיי געגרייט צו דער גרויסער שלאכט וואס ער האט ערווארטעט.

רבי עקיבא האט געגרינדעט א צייטווייליגען סנהדרין וואס פלעגט זיך בעראטהען מיט דעם קעניג בר כוכבא וועגען וויכטיגע ענינים.

בר כוכבא איז געזעסען אויף זיין טראָהן, ארום איהם די חכמים פון דעם סנהדרין און רבי עקיבא איז געווען דער פארזיצענדער פון דעם סנהדרין.

נעבען די גרענעצען פון יהודה האט בר כוכבא אוועקגעשטעלט וועכטער וועלכע זיינען געשטאנען אויף די הויכע בערג און געהיט צי דעם שונא'ס ארמייען קומען נישט אַן אין יהודה.

יעדען פריהמארגען פלעגען שלוחים פון די שומרים קומען אין סנהדרין און אפגעבען א בעריכט.

— אלעס ארום איז שטיל, — האט געלויטעט זייער בעריכט, — נישטא קיין שפור פון דעם שונא.

א שמייכעל האט זיך באוויזען אויף בר כוכבא'ס פנים, וואס האט בע־דייטעט: די רוימער ווייסען וואס איז גוט פאר זיי... און עס וועט לאנג דויערען ביז וואנען זיי וועלען וואגען ווידער צו באטרעטען אונזער הייליג לאנד...

איין טאג ווען דער סנהדרין האט זיך געהאלטען אין בעראטהען מיט בר כוכבא'ן ווי צו באפעסטיגען ירושלים, איז געקומען א שליח און געמאלדען בר כוכבא'ן אז דער הויפט פון די שומרונים איז געקומען וועגען א וויכטיגען ענין.

בר כוכבא האט אויפגענומען דעם שומרוני אין זיין צימער.

— וואס איז דיין פערלאנג? — האט איהם בר כוכבא געפרעגט.

דער שומרוני האט זיך פארנייגט און אפגערופען:

— ווירדיגער קעניג פון יהודה! אונזער פאלק, די שומרונים, זיינען אייערע שכנים זייט הונדערטע יאהרען, ווען דער קעניג פון אשור האט אונז באזעצט אין דעם לאנד פון די עשרת השבטים, האבען אונזערע עלטערען גלייך אנגענומען אייער תורה, די תורה פון משה רבינו... מיר היטען אפּ אלע אידישע מנהגים און דינים; אונזער איינציגער וואונש פון אימערצו איז געווען זיך צונויפמישען מיט די אידען כדי מיר זאלען זיין איין פאלק. און אין דער צייט ווען אייערע עלטערען האבען גענומען בויען דעם צווייטען בית המקדש, זיינען אונזערע על־טערען צו זיי געקומען און פארגעשלאגען אונזער הילף... קיינע בייזע כוונות האבען אונזערע עלטערען דערביי נישט געהאט... מיר האבען געוואלט מיטהעלפען בויען דעם בית המקדש, כדי מיר זאלען נאכהער אויך קענען קומען דארטען און מתפלל זיין צו גאָט און מקריב זיין פאר איהם אונזערע קרבנות. מיר האבען געוואלט זיין איין פאלק מיט די איבריגע אידען. אבער זרובבל בן שאלתיאל

האט צוריקגעווארפען אונזער פארשלאג און ענטזאגט אונזער ביטע. עס פארשטעהט זיך, אז דאס האט אונזערע עלטערען שטארק פארדראסען און זיי האבען געזוכט זיך נוקם צו זיין אן אייערע עלטערען... איך ווייס נישט ווי ריכטיג אונזערע עלטערען האבען געהאנדעלט געגען די אידען, אבער אויב זיי האבען געטהאן אן אומרעכט האבען דאך אויך אייערע עלטערען נישט געהאנדעלט ריכטיג געגען זיי. איין ירושה אבער האבען אונזערע און אייערע עלטערען איבערגעלאזען, און דאס איז די שנאה וואס הערשט זינט דאן צווישעןביידע פעלקער. אנשטאט צו זיין פריינד און העלפען איינער דעם צווייטען געגען דעם אלגעמיינעם שונא, זיינען מיר שונאים און מיר זוכען אלע מעגליכקייטען צו טהאן שלעכטעס איינער דעם צווייטען... ווען מיר האבען דערהערט די גרויסע נצחונות פון דעם נייעם אידישען קעניג איבער די רוימער, האבען מיר געמאכט א גרויסע פערזאמלונג אין אונזער הויפט שטאדט שומרון, און מיר האבען אנגענומען א בעשלוס זיך נאך אמאל זיך ווענדען צו אייך פאר שלום. מיר וועלען אייך העלפען קעמפען געגען די רוימער וועלכע זיינען אויך אונזערע שונאים, מיר ווילען אייך העלפען צוריק בויען דעם בית המקדש. מיר ווילען דיענען גאט צוזאמען מיט אייך און מיר ווילען אויך ווערען איין נאציאן מיט אייך. אייערע טעכטער זאלען קענען הייראטען מיט אונזערע זיהן, און אונזערע טעכטער זאלען קענען נעהמען אייערע זיהן. זאל צווישען די צוויי שכנים־פעלקער וועלכע דיענען צו איין גאט און האבען איין תורה, הערשען דער אייביגער פריעדען.

בר כוכבא האט דעם שומרוני אויסגעהערט און ווען ער האט געענדיגט רידען האט ער זיך צו איהם אפגערופען:

— דו זאגסט מיר, אז דיין פאלק היט אפ די אידישע תורה. זיענען דען נישט פיעלע פון דיינע ברידער אויך צו אנדערע געטער?

— אמת, — האט דער שומרוני צוגעגעבען, — אז פיעלע פון אונז האבען אנגענומען דיענען צו אנדערע געטער, אבער דאס איז געווען נאכדעם ווי די אידען האבען זיך ענטזאגט אונז צו אנערקענען אלס זייערע ברידער.. און א תירוץ דעם האבען דען ניט פיעלע פון די אידען זעלבסט געדיענט צו פערשידענע געטער, פון דעסטוועגען וואלט מען דאך נישט בעשולדיגט דעם גאנצען פאלק אלס געצענדיענער, בפרט אז אין דער יעצטיגער צייט דיענען אלע אונזרע ברידער נאר צו איין גאט אין הימעל, צו דעם גאט פון ישראל.

— וואס זיינען אייערע בעדינגונגען פאר שלום מיט אונז? — האט איהם בר כוכבא געפרעגט, — און איך וועל עס פארלייגען פאר דעם סנהדרין.

— אויב מיר וועלען פון אייך אנערקענט ווערען אלס אייערע ברידער, דאן וועלען מיר אלע קעמפפען האנד אין האנד מיט אייך געגען די רוימער. מיר וועלען אפגעבען אונזער געלד און ציערונג און העלפען צוריק בויען די הייליגע שטאדט ירושלים און דעם בית המקדש, מיר וועלען אריינפיהרען אין יהודה פיעלע אוצרות פון אונזער תבואה, אין פאל ווען די רוימער וועלען אונז בעלאגערען וועלען מיר אויסהאלטען די בעלאגערונג א לאנגע צייט ביז וואנען דער שונא וועט געצוואונגען זיין אפצוטרעטען פון דער בעלאגערטער שטאדט.

— מארגען וועל איך דיר געבען מיין תשובה, — האט איהם בר כוכבא געזאגט.

— מעכטיגער קעניג, — האט דער שומרוני אויסגערופען, — איך געפין

זיך איינער אליין אין ירושלים, און ווען איך זאָל נישט האָבען דיין בעשיצונג, דאַן איז מיין לעבען אין גרויס געפאַהר, ווייל די אידען וועלען מיך פאַררעכענען פאַר א שונא.

— האָב נישט קיין מורא, קיין שלעכטס וועט מיט דיר נישט געשעהן, — האָט בר כוכבא געזאָגט און איהם מיטגעשיקט צווי דיענער וועלכע זאָלען איהם בעשיצען.

אויף מאָרגען האָט בר כוכבא איבערגעגעבען די סנהדרין זיין געשפּרעך מיט דעם שומרוני.

— איך גלויב, — האָט ער צוגעגעבען, — אז דאָס איז גראַדע נישט קיין קרומע זאַך, די שומרונים זיינען אונזערע שכנים פאַר הונדערטע יאָהרען. זיי האָבען אָנגענומען אונזער רעליגיאָן, זיי זיינען מל זייערע קינדער, ווען מיר זאָלען מאַכען מיט זיי שלום, וואָלטען זיי זיך אין גאַנצען צונויפגעמישט מיט אונז, זיי וואָלטען זיך געלערנט אונזער שפּראַך און אזוי וואָלט אונזער פאָלק שטאַרק זיך פאַרגרעסערט.

אלע חכמים פון דעם סנהדרין זיינען געבליבען שטיל, נאָכדעם ווי בר כוכבא האָט געענדיגט ריידען. זיי האָבען זייערע בליקען געווענדעט אויף רבי עקיבא'ן, זייער פאָרזיצענדער.

— ווירדיגער קעניג, — האָט רבי עקיבא זיך אָפּגערופען, — די שומרונים זיינען געווען אונזערע שונאים זינט זיי האָבען זיך בעזעצט אין אונזער לאַנד. ביי יעדער געלעגענהייט האָבען זיי אונז אָנגעטהאָן צרות. ווען מיר זאָלען זיי ערלויבען זיך צונויפמישען מיט אונז, דאַן וועט די אידישע נאַציאָן קיין קיום ניט האָבען. מיר זיינען אן עווּיגעס פאָלק, קיין שונא, ווי מעכטיג ער זאָל נישט זיין וועט נישט געלונגען אונז אין גאַנצען צו פערניכטען, ווייל אין אונזער בלוט פליסט דאָס בלוט פון אונזערע אבות, דאָס בלוט פון דוד המלך און פון די מכבים... כל זמן אין אונזער בלוט וועט זיך נישט אריינמישען קיין פרעמדעס, וועט אונזער עקזיסטענץ זיין געזיכערט... אָבער ווי נאָר מיר מישען זיך צונויף מיט אנדערע פעלקער, דאַן זיינען מיר פאַרלאָרענע! ניין, מיין עצה איז, מיר זאָלען קיין בונד פון שלום נישט מאַכען מיט די שומרונים.

— מיר זיינען איינשטימיג מיט רבי עקיבא'ס ווערטער, — האָבען איינינע חכמים אונטערגעשטיצט רבי עקיבא'ן.

— מיר דאַרפען נאָכטהאָן דעם ביישפּיעל פון אונזערע אור־עלטערען זרובבל און יהושע, — האָט רבי חנינא בן תרדיון געזאָגט, — מיר מוזען צוריקווייזען זייער שלום־אָנבאָט.

— ווי אזוי קענען מיר דאָס אזוי זיכער זיין אז זיי האָבען געהאַנדעלט ריכטיג! — האָט בר כוכבא אויסגערופען, — עס איז דאָך מעגליך אז ווען זרובבל וואָלט דאַן יא געמאַכט שלום מיט די שומרונים, וואָלטען מיר פאַרמידען פיעלע צרות און אומגליקען וואָס האָט געטראָפען די אידען זינט דאַן. פיעלייכט מיט די פעראייניגטע כחות וואָלט דער צווייטער בית המקדש נישט חרוב געוואָרען און די רוימער וואָלטען נישט געוואַגט צו פאַרנעהמען אונזער לאַנד און אונז צו אונטערדריקען. איך זאָג אז א שלום מיט די שומרונים איז זעהר וויגשענסווערטה ביי דער יעצטיגער צייט, זייערע העלדען וועלען קעמפפען אין די

זעלבע רייהען מיט אונזערע און צוזאמען וועלען מיר די רוימער אין גאנצען פאריאגען פון אונזער לאנד אז זיי וועלען זיך שוין מעהר נישט אומקעהרען.

— בר כוכבא, — האט זיך רבי עקיבא אפגערופען, — גאט האט דיר בע־שאנקען מיט גענוג קראפט זיך געגענצושטעלען די רוימער, דו האסט זיי פון אונזער הייליג לאנד פאריאגט און ווען זיי וועלען ווידער קומען צו אונז, דארפען מיר האפען צו גאט אז דיר וועט ווידער געלינגען זיי צו בעזיעגען, ווי דו האסט עס פריהער געטהאן, און זאלען די שומרונים נישט זאגען, אז דער נצחון איז געקומען צוליעב זיי.

— בעהיטע אונז גאט פון אזעלכע פריינד ווי די שומרונים, — האט רבי אליעזר המודעי געזאגט, — זיי זיינען פאלש און ביי דער ערשטער געלעג־נענהייט וועלען זיי אונז בעטריגען.

—זיי זיינען גרייט אונז צו העלפען מיט זייער גאנץ פארמעגען, מיט זייערע סאלדאטען, — האט בר כוכבא געזאגט, — איך זעה נישט איין פארוואס מיר זאלען אין דיזער צייט צוריקווייזען א פאלק וואס וויל נישט נאר לעבען בשלום מיט אונז, נאר וויל אויך אונז העלפען אין קאמפף געגען אונזער אלגעמיי־נעם שונא.

— דער קעניג איז גערעכט, — האבען איינינע חכמים אויסגעשריען, — מיר מוזען לעבען בשלום מיט אונזערע שכנים!

— יא, — האט בר כוכבא געזאגט, — מיר האבען אלעם צו געווינען און גארנישט צו פארלירען מיט דיזען פריעדענס־בונט... די שומרונים מוזען ווערען אונזערע פריינד, מיר נויטיגען זיך זעהר אין אזעלכע פריינד, וועלכע זאלען אונז העלפען מיט אלעם. מיר טארען זיך אויף נסים נישט פארלאזען. מיר קענען נישט בעהויפטען צו האבען מעהר שונאים... שטעלט זיך פאר, אויב מיר זאלען די שומרונים יעצט ווידער ענטזאגען, וועלען זיי זיך גלייך אנשליסען אין דעם לאגער פון אונזערע פיינד... זיי ווייסען גוט אלע בעהעלטענישען, אלע בערג און טהאלען פון אונזער לאנד... זיי וועלען זיין א גרויסע הילף צו די רוימער און דאן וועט אונזער אויסזיכט צו בעזיעגען דעם שונא זיין זעהר קליין.

— א פעראייניגונג מיט די שומרונים קען ברייננען אויף די אידען א גרע־סערען אומגליק ווי די רוימער מיט זייערע ארמייען, — האט רבי עקיבא גע־זאגט, — בארעכען זיך פריהער וואס דו געהסט טהאן, בר כוכבא. געדענק אז ווען אונזערע עלטערען האבען אנגעפאנגען בויען דעם צווייטען בית המקדש, הא־בען זיי מיט איין האנד געטהאן די ארבייט און מיט דער צווייטער האנד גע־האלטען א שווערד, כדי צו בעשיצען זיך פון זייערע שונאים, די שומרונים, וועל־כע האבען געזוכט מיט אלע מעגליכקייטען צוצושטערען די הייליגע ארבייט... און יעצט האבען מיר נאר וואס געלעגט דעם פונדאמענט פאר דעם דריטען בית המקדש און די שומרונים זיינען ווידער דא... זיי ווילען כלומרשט ווערען אונזערע שותפים אין בויען דעם בית המקדש, אבער אין דער אמת'ן וועלען זיי זוכען צוצושטערען די ארבייט...

— דאס וואס די שומרונים האבען געשטערט די ארבייט פון דעם צוויי־טען בית המקדש, — האט בר כוכבא געענטפערט, — איז עטוואס אויך די שולד פון אונזערע עלטערען וועלכע האבען פערנאכלעסיגט א גלענצענדע גע־לעגענהייט און זיך ענטזאגט צו שליסען פריעדען מיט זיי. יעצט אבער ווען

מיר וועלען שליסען א פריעדענס בונד מיט זיי, וועלען אונז די שומרונים נישט נאר נישט שטערען, נאר זיי וועלען אונז העלפען מיט וואס זיי וועלען קענען.

— אונזער איינציגע הילף איז אין גאט'ס הענט! — האט רבי עקיבא געזאגט, — און אויב גאט וועט אונז נישט וועלען העלפען, דאן וועט זיין אומזיסט אונזער מיה און די מיה פון אונזערע פריינד... אבער ווען גאט וועט אונז וועלען העלפען, דאן דארפען מיר נישט האבען קיינע פארבינדעטע.

— זאל נאר גאט נישט העלפען אונזערע שונאים, — האט בר כוכבא אויסגערופען, — מיינע ארמייען זיינען גענוג שטארק און מעכטיג צוצושמעטערען דעם גרעסטען שונא אהן קיינעם'ס הילף...

רבי עקיבא איז בלאס געווארען... ער האט מעחר קיין ווארט נישט גערעדט. ער האט פארלאזען זיין פלאץ און איז באלד געגאנגען צו זיין צייטווייליגער היים. די איבריגע חכמים פון דעם סנהדרין זיינען אויך אוועק מיט א געדריקטע שטימונג...

א טרויער האט בארעקט רבי עקיבא'ס פנים... יא, ער איז געווארען שטארק ענטטוישט אין בר כוכבא'ן. געמיינט האט ער אז גאט האט געשיקט משיח בן דוד צו העלפען די אידען... יעצט זעהט ער אז בר כוכבא איז א פשוט'ער מענש. אמת, ער בעזיצט אן אויסערגעוועהנליכע קראפט, אבער עס איז נישט קיין געטליכע קראפט... ער איז געשטרויכעלט געווארען מיט זיין צונג וואס ער האט איהם פאר אלעמען אלס משיח ערקלעהרט... דער המון גלויבט אין איהם... ער טאר נישט צוריקציהען זיינע ווערטער... די רעוואלוציע האט זיך אנגעפאנגען... די רוימער וועלען קומען בעשטראפען די אידען... אחדות מוז יעצט הערשען צווישען אונז... אויב נישט קען מען אלעס פארלירען... א, ווען ער זאל איהם נאר פאלגען און נישט שליסען קיין בונד מיט די שומרונים... דאן וואלט פיעלייכט אלעס גוט געווען.. אבער בר כוכבא האט זיך פער'עקשן'ט... מארגען וועט ער דעם בונד שליסען און דאן וועט אלעס זיין פארפאלען...

אט די געדאנקען האבען בענומען רבי עקיבא'ן ווען ער איז געווען אויפ'ן וועג אהיים.

ווען ער איז אין הויז אריין, איז איהם רחל אנטקעגען געקומען.

— וואס איז מיט דיר, מיין ליעבער מאן, — האט איהם רחל געפרעגט, ווען זי האט זיין בלאסען טרויעריגען פנים דערזעהן, — ביזטו דען ניט געזונד?

— וועה איז מיר, — האט רבי עקיבא אויסגערופען, — איך האב זיך גענארט און גענארט אונזער גאנץ פאלק!... בר כוכבא איז נישט דער משיח... ער האט מחלל געווען גאט'ס נאמען, ער וויל נישט פאלגען די עצה פון די סנהדרין מעהרהייט, נישט צו שליסען קיין בונד מיט די שומרונים... אומזיסט האבען מיר אונזערע ווערטער פארדארבען... ער האט זיך איינגע'עקשן'ט און וועט טהאן וואס ער וויל... און זאל ער, חלילה, טאקע שליסען א בונד מיט די שומרונים דאן וועט ער אריינשלעפען אלע אידען אין א גרויסע צרה...

— ווען געהט ער דעם פריעדענס-אפמאך שליסען מיט די שומרונים? — האט רחל איהם געפרעגט.

— מארגען גאנץ פריה, — האט רבי עקיבא געענטפערט, אויב עס וועט קיינעם נישט געלינגען איהם אפצוהאלטען פון דעם געפעהרליכען שריט, דאן זיינען מיר פארלארען.

— איך וועל אליין צו איהם אריבערגעהן, — האט רחל געזאגט, — און וועל פּרובירען רעדען מיט איהם פיעלייכט וועל איך זיין ערפאלגרייך.

— ניין, געטרייע רחל, — האט רבי עקיבא געזאגט, — דיין מיה וועט זיין אומזיסט, ער האט זיך נישט געוואלט צוהערען צו די עצות פון די חכמים, טו ווי אזוי וועט ער זיך צוהערען צו דיר?

— איך האב אן עצה, — האט רחל מיט א שטראהלענדען פּנים געזאגט, — מיר וועלען שיקען חנה'ן, זיין כלה, צו איהם, און אז זי וועט איהם בעטען דאס נישט צו טהאן, וועט ער איהר געווים פאלגען, ווייל ער האט איהר זעהר ליעב.

— דאס פאלק טאר זיך אבער פון מיין ענטשוישונג נישט דערוויסען, — האט רבי עקיבא געזאגט, — דערווייל מוז עס בלייבען א סוד פאר אונז ביידען, ווייל ווי נאר דאס פאלק וועט זיך דערוויסען אז בר כוכבא איז נישט דער משיח, וועלען זיי ענטמוטיגט ווערען און וועלען נישט קעמפּפען מיט גבורה געגען די רוימער... און דאן זיינען מיר געווים פארלארען... דער קאמפּף האט זיך אנגע־פאנגען און מיר מוזען איהם פארטזעצען מיט אלע אונזערע קרעפטען... ווייל ווען די רוימער, די אכזרים, וועלען זיעגען, דאן וועלען זיי פארטיליגען אונזער גאנץ פאלק.

— קיינער וועט טאקע דערפון נישט וויסען, — האט רחל געזאגט, — חנה'ן דארפסטו אויך נישט דערצעהלען פון דיין ענטטוישונג. דו וועסט איהר ערקלעהרען ווי שעדליך עס וועט זיין פאר גאנץ יהודה אויב בר כוכבא וועט שליסען אן אפּמאך מיט די שומרונים און וועסט איהר בעטען זי זאל אויסנוצען איהר איינפלוס אויף בר כוכבא'ן און זעהן איהם אפּצוהאלטען פון דעם שריט.

רחל האט אריינגערופען חנה'ן און רבי עקיבא האט איהר דערצעהלט אלעס וועגען די שומרונים און איהר געבעטען זי זאל זעהן ווירקען אויף בר כוכבא'ן ער זאל זיך ניט פעראייניגען מיט די שומרונים, וועלכע וועלען זיכער פעררראטהען די אידען ביי דער ערשטער געלעגענהייט.

— איך געה שוין אריבער צו איהם, ליעבער אנקעל, — האט חנה געזאגט, — איך האף דאס ער וועט זיך צוהערען צו מיינע רייד...

— מיין קינד, — האט רבי עקיבא געזאגט, — אויב ער ליעבט דיך מיט זיין גאנצען הארצען וועט ער טהאן אלעס וואס דו פערלאנגסט פון איהם, ווייל אמת'ע ליעבע איז שטארקער פון אלעס אין דער וועלט, אבער דו דארפסט זעהן ער זאל דיר נישט בעאיינפלוסען ווען ער וועט דיר וועלען איבערצייגען אז ער איז גערעכט...

— אה, ניין, — האט חנה געזאגט, — ווי איך פארשטעה פון דיינע ווער־טער, לויערט אויף די אידען א גרויס געפאהר, ווען בר כוכבא זאל שליסען א בונד מיט די שומרונים, אויב אזוי וועל איך טהאן אלעס אין מיין מאכט איהם אפּצוריידען דערפון.

— געה מיין טאכטער, — האט רבי עקיבא געזאגט, — און זאל דער עווי־גער מצליח זיין דיין וועג.

— איך וועל דיך בעגלייטען, חנה, — האט רחל געזאגט, — עס איז יעצט פינסטער און דער וועג איז פול מיט סכנות.

— אבער ליעבע טאנטע, — האט חנה זיך אפּגערופען, — פיעלייכט וועט

געשרויערען זעהר לאנג ביז וואנען מיר וועט געלינגען איהם איינצורעדען און דו וועסט דארפען ווארטען איינע אליין אין דרויסען אין אזא פינסטערע נאכט.

— די בעסטע זאך, מיין טאכטער, וועט זיין, — ווען דו וועסט אויפשטעהן מארגען גאנץ פריה און אוועקגעהן צו בר כוכבא'ן איידער ער וועט צייט האבען צוזאמענצוקומען מיט דעם שומרוני.

— יא, מארגען אין דער פריה וועלען מיר ביידע געהן, — האט רחל געזאגט.

— מיר וואונדערט שטארק אויף בר כוכבא'ן ער זאל זיך נישט וועלען צו־הערען צו דעם אנקעל'ס עצה, — האט חנה געזאגט צו רחל'ן בעת זיי האבען פארלאזען רבי עקיבא'ס צימער.

— ווען אימיצער קריגט פלוצלינג א גרויסע מאכט, ווערט ביי איהם די עקשנות אויך שטארקער, — האט רחל געזאגט האלב אין ערנסט און האלב אין שפאס... — נאר מארגען פריה וועט אלעס קלאהר ווערען.

---

בר כוכבא האט פארלאזען דעם סנהדרין זעהר אויפגערעגט. ער האט נישט געקענט פארשטעהן ווי אזוי די חכמים האבען איהם נישט געוואלט נאכגעבען... קענען זיי דען נישט זעהן אז אין א פעראייניגונג מיט די שומרונים ליגט די רעטונג פון די אידען און פון זייער פאטערלאנד... רוים איז גענוג שטארק און ווען אפילו עס זאל איהם געלינגען נאך אמאל צו פערטרייבען די רוימער פון יהודה, וועלען זיי דען נישט קומען א דריטען מאל און א פיערטען מאל... די רוי־מישע אימפעריע וועט אזא שאנדע אזוי גיך נישט ארונטערשלינגען און וועט קומען ווידער אמאל נאך יהודה מיט גרעסערע ארמייען... יהודה איז פאראריממט, אין דער צייט פון מלחמה וועט מען זיך נויטיגען אין יעדער שטיצונג וואס מען קען קריגען... די שומרונים זיינען יעצט א גרוים פאלק... זיי האבען קיינע מלחמות נישט געפיהרט אין דער לעצטער צייט. זיי פארמאגען גרויסע רייכ־טימער, וואס קענען צוניץ קומען אין דער צייט פון מלחמה. און דאך ווילען די חכמים נישט וויסען דערפון. זיי פארשטעהען נישט די לאגע... פיעל מאל האט ער אליין געהערט פון די חכמים אין בית המדרש וועלכע האבען געזאגט: ״אין סומכין על הנס״ (מען טאר זיך נישט פארלאזען אויף א נס), און יעצט ווילען זיי זיך פארלאזען אויף נסים... איהם וואונדערט שטארק אויף רבי עקיבא'ן פארוואס ער זאל נעהמען אזא שטעלונג געגען איהם... וואו איז דאס זיין פער־שטאנד?... אבער ניין, די חכמים קענען זיין גרוים אין לערנען, אבער ווען ס'קומט אזא פראגע וואו עס האנדעלט זיך וועגען א טובה פון לאנד, פון ארמייען, דאן פארלירען זיי זייער פארשטאנד... אבער ניין, דיזען מאל וועט ער זיי נישט נאכגעבען... ער וועט טהאן ווי ער פארשטעהט איז בעסער... ווער ווייס, ווען די חכמים וואלטען זיך נישט געמישט מיט עטליכע און זעכציג יאהר צוריק וואלט אפשר נישט געקומען דער גרויסער חורבן.

די געדאנקען האבען בר כוכבא'ן די גאנצע נאכט ניט געלאזען איינשלאפען. עס האט שוין אנגעהויבען טאגען. בר כוכבא איז ארוים פון זיין בעט מיט דעם פעסטען בעשלוס נישט זיך צוהערען צו רבי עקיבא'ן און צו די איבריגע חכמים און טאקע באלד שליסען דעם אפמאך מיט די שומרונים.

א דיענער איז אריין און געמאלדען בר כוכבא'ן אז א פרוי וויל זיך מיט איהם זעהן.

— אזוי פריה ?! — האט זיך בר כוכבא געוואונדערט, — אבער גוט, זאל זי אריינקומען.

דער דיענער איז ארויס און חנה איז אריין אין בר כוכבא'ס צימער.

— א, מיין ליעבע חנה, — האט איהר בר כוכבא באגריסט מיט א קוש, — אזוי פריה ?... האט עפעס פאסירט !...

— מיין ליעבער בר כוכבא, — האט חנה איהם געזאגט, — איך בין געקומען דיך בעטען דו זאלסט נישט שליסען קיין בונד מיט די שומרונים, ווייל דאס קען בריינגען א גרויס אומגליק אויף אלע אידען און אונזער פאטערלאנד.

— געטרייע חנה, — האט זיך בר כוכבא אפגערופען, — איך זעה אז די ווערטער פון רבי עקיבא רעדען דורך דיר, — האט דיר דיין אנקעל צו מיר געשיקט ?

— אמת, — האט חנה געזאגט, — רבי עקיבא האט מיר געשיקט אהער, ווייל ער גלויבט אז דאס איז דער איינציגער מיטעל וואס וועט פיעלייכט ווירקען דיך אפצוהאלטען פון אזא געפעהרליכען שריט וואס דו געהסט טהאן...

— ביזטו, מיין ליעבע חנה, אויך איבערצייגט אין דעם, אז איך זאל דעם שלום אנבאט פון די שומרונים צוריקווייזען ?

— יא, איך בין אין דעם איבערצייגט.

— ביזטו אין דעם איבערצייגט, ווייל דאס איז די מיינונג פון רבי עקיבא ?

— יא, ערשטענס ווייל אזוי גלויבט רבי עקיבא, דער גרויסער חכם און הייליגער מאן, און צווייטענס, ווייל איך אליין קען זעהן וואס פאר אן אומגליק עס וועט קומען אויף דעם אידישען פאלק ווען די שומרונים וועלען ערלויבט ווערען זיך צונויפמישען מיט אונז.

— אבער ליעבענקע חנה, — האט בר כוכבא אנגענומען איהר צארטע האנד, — די שומרונים האבען דאך שוין פון לאנג אנגענומען די אידישע רעליגיאן, זיי היטען אפ אונזער תורה און זוכען צו ווערען גלייך מיט אונז.

— אונזער אידישעס פאלק קען שטאלצירען מיט דעם וואס אין אונזער בלוט געפינט זיך נישט קיין איין טראפען פון וועלכען עס איז אנדער פאלק... און יעצט ווען מיר זאלען זיך צונויפמישען מיט די שומרונים, דאן פארלירען מיר אונזער ריינקייט און אונזער שטאלץ. די שומרונים אפילו ווען זיי האבען אנגענומען אונזער תורה, אבער דאך איז ביי זיי פארבליבען אלע זייערע שלעכטע מידות, מנהגים און זיטען, און דאס וועט אריבערגעהן צום אידישען פאלק.

— דאס אידישע פאלק אבער, ליעבע חנה, געפינט זיך יעצט אין א גרויסער סכנה. די רוימער וועלען גאר אין גיכען ווידער קומען און פארפלייצען אונזער לאנד מיט זייערע ארמייען... קענען מיר דען בעהויפטען אין אזא צייט צוצוקריגען נאך שונאים.

— איך גלויב, — האט חנה געזאגט, — אז עס איז בעסער פאר אונז צו וויסען וועלכע עס זיינען אונזערע שונאים כדי מיר זאלען זיך קענען אפהיטען פון זיי, איידער צו האבען אזעלכע פריינד וועלכע קענען ווערען אונזערע גרעסטע שונאים און מיר וועלען זיך נישט וויסען ווי צו היטען פון זיי, ווייל מיר וועלען גלויבען דאס זיי זיינען נאך אלץ אונזערע פריינד. ניין, מיר טארען זיי נישט

געטרויען. זיי זיינען פון אימערצו געווען אונזערע שונאים און אין זייערע הער־צער וועלען זיי פארבלייבען דיזעלבע שונאים. איך בעט דיך, מיין ליעבער בר כוכבא, שלים מיט זיי קיין בונד, טהו דאס צוליעב מיר, צוליעב אונזער גרויסע הייליגע ליעבע.

— מיין טהייערע ליעבע חנה, — האט זיך בר כוכבא אפגערופען, — דו ווייסט דאך ווי שטארק איך ליעב דיך, דו ביזט מיר טהייערער פון מיין אייגענעם לעבען, און וואלסטו געקומען צו מיר און געבעטען איך זאל מקריב זיין מיין אייגען לעבען צוליעב דיר, וואלט איך עס געווים געטהאן... אבער מקריב זיין דאס לעבען פון אונזער פאלק, דאס וועל איך פאר קיינעם אין דער וועלט נישט טהאן! איך גלויב, אז ווען איך זאל יעצט ענטזאגען די שומרונים, וועט עס זיין דאס גרעסטע אומגליק פאר גאנץ יהודה... און אויב אזוי בין איך געצוואונגען נישט צו פאלגען די, ווענען איך ליעב אזוי פיעל, און וועלכע איז מיר אזוי טהייער און הייליג...

א דיענער איז אריין און געמאלדען בר כוכבא'ן אז דער שומרוני ווארט אין דרויסען.

— געה, שיק איהם אריין, — האט בר כוכבא געזאגט, — און דו, חנה, געה יעצט, און זיי זיכער אז איך געה טהאן דאס בעסטע פאר אונזער פאלק און לאנד.

— מיין הארץ שרעקט מיך אזוי! — האט חנה געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען, — א, ווארט נאך א פאר טעג פיעלייכט וועסטו זיך ארומזעהן אז רבי עקיבא איז גערעכט.

— א, ניין, עס איז אונמעגליך, — האט בר כוכבא צו איהר געזאגט. — אבער וואס עס זאל נישט פאסירען, מיין ליעבע חנה, זאלסטו וויסען, אז מיין ליעבע צו דיר איז אזוי שטארק ווי פריהער...

— און איך וועל מתפלל זיין צו גאט פאר דיר, — האט חנה געענטפערט, און איז ארויסגעגאנגען.

זי האט באגעגענט דעם שומרוני אויף די טרעפ, און עפעס איז איהר אפ־געפאלען אין הארצען... זיין בליק און זיין שמייכעלע האבען איהר ווי מיט שפיזען געשטאכען דעם גאנצען וועג וואס זי איז אהיים געגאנגען.

רבי עקיבא האט איהר ביים טהיר באגעגענט און האט גלייך דערקענט אז איהר פנים אז זי איז נישט געווען ערפאלגרייך.

— זארג נישט מיין טאכטער, לאמיר האפען אז אלעס וועט זיין צום גוטען.

ווען רחל האט דערהערט אז בר כוכבא האט חנה'ן אויך נישט געפאלגט, איז זי פאר גרוים עגמת נפש געפאלען אין חלשות... מיט גרוים מיה האט אסתר, חנה און רבי עקיבא איהר אפגעמינטערט. רחל אבער איז שוין פארבליבען אין בעט... זי האט געזעהן אז אלע האפנונגען זיינען פארלארען... בר כוכבא איז נישט דער משיח, און יעצ'ט ברייננגט ער מיט זיין עקשנות און לייכטזיניגקייט א גרוים אומגליק אויף אלע אידען.

רבי עקיבא איז נישט אפגעטראטען פון איהר בעט. ער האט פרובירט איהר בערוהיגען און טרייסטען, אבער רחל האט געקענט זעהן דעם גרויסען צער וואס עס שפיגעלט זיך אפ אין רבי עקיבא'ס אויגען.

— וואס וועט יעצט זיין? — האט זי געפרעגט מיט א שוואכע שטימע. —

איז דען גאר קיין האפנונג ניטא פאר אונזער אומגליקליכען פאלק?...

— מיר האבען א גוטען און מעכטיגען גאט, וועלכער וועט אונז היטען מיר זאלען אין גאנצען נישט פארניכטעט ווערען, — האט רבי עקיבא איהר געזאגט. — אבער די צייט איז נישט געקומען אז גאט זאל שיקען זיין משיח אויסצולייזען אלע אידען פון זייערע צרות.. .איך זעה אז ניט אין אונזערע יאהרען און ניט אין אונזערע קינדערס יאהרען וועט עס געשעהן. דער דור איז ניט ראוי דערצו.

---

ווען דער שומרוני איז אריין אין הויז, האט איהם בר כוכבא פיין אויפגענומען.

— מעכטיגער קעניג פון יהודה, — האט זיך דער שומרוני פערנייגט, — איז דיין תשובה א גינסטיגע און אן ערפרעהענדע?

— יא, — האט בר כוכבא געענטפערט, — איך האב בעשלאסען צו שליסען א בונד מיט די שומרונים.

א ברייטער שמייכעל האט זיך באוויזען אויף דעם שומרוני'ס פנים, און ער האט מיט אונגעדולד געפרעגט:

— ווען וועט עס געשעהן?

— באלד, — האט בר כוכבא געענטפערט, — איך וועל ברייגנען עדות און מיר וועלען ביידע חתמ'ענען און אונטערשרייבען דעם פריעדענס־אפמאך צווישען יהודה און שומרון.

מען האט געבראכט פאפיערען. דער שומרוני האט געבראכט צוויי שומרונים פאר עדות פון זיין זייט, און בר כוכבא האט געבראכט זיינע צוויי עדות, און זיי האבען אונטערגעשריבען דעם פרידענס־אפמאך און דעם בונד אז שומרון און יהודה וועלען ווערען איין פאלק.

בר כוכבא האט אנגעפילט צוויי בעכער ווייז און האט אויסגערופען: לאמיר טרינקען פאר דעם גליק פון ביידע פעלקער וועלכע וועלען מיט דער צייט ווערען איין פאלק.

דער שומרוני און בר כוכבא האבען געטרונקען פון דעם וויין, און דער בונד איז געשלאסען געווארען.

דעם זעלבען טאג האבען זיך אלע דערוואוסט וועגען דעם אפמאך פון בר כוכבא'ן מיט דעם שומרוני. און כאטש עס זיינען געוועזן פיעלע חכמים וועלכע האבען איינגעזעהן די געפעהרליכקייט פון דעם בונד פאר די אידען, האבען זיי דאך נישט געוואלט ענטמוטיגען דעם בעגייסטערטען המון וועלכער האט געהאלטען בר כוכבא'ן פאר זייער משיח... זיי זיינען געקומען צום הר הבית וואו אלע פארבערייטונגען זיינען געמאכט געווארען צוריקצובויען דעם בית המקדש. רבי עקיבא אבער איז נישט געקומען, און ווען עטליכע טעג זיינען פאראיבער און ער האט זיך דארטען ביי דער ארבייט נישט באוויזען, ווי ער איז געוואהנט געוועזען צו טהאן פריהער, האט עס אלעמען געוואונדערט...

— פאר וואס קומט נישט מעהר רבי עקיבא, — האבען זיי געפרעגט איינער דעם צווייטען.

— ווייל זיין ליעבע געטרייע פרוי, רחל, איז זעהר קראנק, — איז געוועזען דער ענטפער.

איינינע חכמים זיינען געקומען צו רבי עקיבא'ן אין הויז מבקר חולה זיין

רחל׳ן. זיי האָבן באמערקט דעם טרויעריגען פּנים פון זייער גרויסן תנא, רבי עקיבא, און האָבן איהם געזאָגט:

— רבי, מיר האָבן דעם גאַנצען טאָג מתפּלל געווען פאַר דעם געזונד פון דיין הייליגער פרוי, זאָג דאָך אונז, וואָס מאַכט זי און ווי פיהלט זי זיך?

— געלויבט איז השם יתברך, — האָט רבי עקיבא געענטפערט, — זי פיהלט זיך א סך בעסער, זי וועט נאָך חיינט אַרונטער פון בעט.

— אָבער, רבי, פאַרוואָס ביזטו אַזוי טרויעריג? און פאַרוואָס קומסטו ניט צום הר הבית צו ערמוטיגען די בויער אין זייער הייליגער אַרבייט?...

— עס איז שוין צו שפּעט! — האָט רבי עקיבא טרויעריג געענטפערט, — מיר דאַרפען יעצט מתפּלל זיין צו אונזער פאָטער אין הימעל דאָס ער זאָל אונז געבען גענוג כח און מוטה צו ענדיגען דאָס וואָס מיר האָבן אָנגעפאַנגען. דער קאַמפּף מיט די רוימער וועט מוזען פאָרטגעזעצט ווערען. דאָס פאָלק דאַרף יעצט גאָרנישט וויסען ווי ווייט געפעהרליך איז בר כוכבא׳ס שריט... אָבער איך... איך קען זיך מעהר ניט באַטייליגען אין דעם אַלעם ווי פריהער... פאַר מיר איז דער שטערן אויסגעלאָשען געוואָרען... איך האָף נאָר צו גאָט אַז אַלעם וועט זיך אויסלאָזען צום גוטען...

— דערווייל ווערט אָבער אָבגעשוואַכט די הענד פון די בויער פון דעם בית המקדש, — האָט איינער פון די חכמים געזאָגט.

— ניין, — האָט רבי עקיבא אויסגעשריען, — מיר האָבען אַלע געמאַכט א טעות... די צייט איז נאָך נישט געקומען פאַר א דריטען בית המקדש... און אפשר מאַך איך יעצט א טעות. איהר, מיינע חברים, געהט און ערמוטיגט די אַרבייטער... איך וועל דערווייל מוזען בלייבען אָפּגעזונדערט.

מיט טרויעריגע געמיטהער זיינען די חכמים אוועק פון רבי עקיבא׳ן. זיי האָבען פאַרשטאַנען פון זיינע ווערטער אַז ער האָט פאַרלאָרען זיין גאַנצע האָפ־נונג אין בר כוכבא׳ן... בר כוכבא איז נישט דער משיח... וואָס בלייבט יעצט צו טהאָן?...

— מיר דאַרפען אַרויסגעבען א תקנה אַז קיין איד זאָל זיך נישט טאָרען מתחתן זיין מיט די שומרונים, — האָט דער גרייז גראָהער רבי אליעזר געזאָגט.

— ווי איך פאַרשטעהע אָבער, איז דאָך דאָס איינע פון די הויפּט בעדינגונ־גען פון בונד מיט די שומרונים, און ווען דער סנהדרין וועט אַזאַ תקנה אַרויס־געבען, וועט דאָך אויסקומען אַז מיר געהן געגען דעם ווילען פון אונזער קעניג, — האָט א צווייטער חכם געזאָגט.

— עס איז בעסער צו געהן געגען דעם ווילען פון א מלך בשר ודם, איידער געגען דעם ווילען פון דעם מלך מלכי המלכים, — האָט רבי אליעזר געזאָגט, — אונזער הייליגע תורה זאָגט אונז: והייתם לי קדושים... ואבדיל אתכם מן העמים (איהר זאָלט זיין הייליג צו מיר... איך וועל אייך אָפּטיילען פון אַלע פעלקער), און בר כוכבא וויל, מיר זאָלען זיך צונויפמישען מיט זיי...

— מיר טאָרען אַזאַ גזרה יעצט נישט גוזר זיין, — האָט רבי יוחנן בן תורתא געזאָגט, — אין דער יעצטיגער צייט מוזען אַלע זיין פעראייניגט... מיר טאָרען נישט דערלאָזען די ווידערהאָלונג פון די מחלוקת וואָס האָט גורם געווען דעם גרויסען חורבן פון אונזער הייליג לאַנד מיט זעכציג יאָהר צוריק.

— דו ביזט געווען גערעכט, יוחנן, ווען דו האָסט גלייך געזאָגט אַז בר כוכבא

איז נישט דער משיח, און דו ביזט אויך יעצט גערעכט... מיר מוזען אויפהאלטען דעם אחדות צווישען אידען... אבער וואס בלייבט אונז צו טהאן? מיר מוזען מתפלל זיין צום בורא ער זאל זעהן אונז היטען מיר זאלען נישט געשטרויכעלט ווערען און זיך ניט מתחתן זיין מיט די שומרונים, ביז וואנען שלום וועט הערשען אין לאנד, און ערשט דאן וועלען מיר קענען ארויסלאזען אזא פארבאט... דאן וועט זיך מסתמא בר כוכבא אליין ארומזעהן ווי שעדליך אזא פעראייניגונג איז פאר די אידען.

* * *

בר כוכבא איז געווען העכסט צופרידען וואס ער האט ניט געטראפען קיין גרויסען ווידערשטאנד צווישען די חכמים... ער האט געמיינט אז ער וועט דארפען זיך צוקריגען מיט דעם סנהדרין צוליעב דעם... ווארשיינליך האבען זיי זיך ארומגעזעהן אז ער איז געווען גערעכט, — האט ער געטראכט, — ער וויים אז רבי עקיבא איז נאך אלץ אין כעס אויף איהם, אבער עס וועט לאנג נישט נעהמען און אויך ער וועט זיך ארומזעהן אז דאס איז געווען די איינציגע זאך צו טהאן.

בר כוכבא'ס ארמיי איז פון טאג צו טאג גרעסער געווארען. ער האט אלע יונגע, געזונטע לייט געגעבען געוועהר און מיט זיי געאיבט פאר מלחמה.

ירושלים איז פול געווארען מיט אידישע זעלנער. די וועלכע האבען נישט געקענט אנגענומען ווערען אין דער ארמיי, האט בר כוכבא בעשטימט אויף צו העלפען בויען דעם בית המקדש און אויף צו בעפעסטיגען ירושלים.

מען האט געשניטען האלץ, געבראכט שטיינער און גענומען מאכען ציגעל... יעדער האט געארבייט מיט איבערגעבענהייט און שמחה. אלטע אידען און קליינע קינדער האבען געהאלפען אין דער היילינער ארבייט... די אויגען האבען געשטראהלט, די פנים'ער האבען געלויכטען און די הענד און פים האבען אהן אויפהער זיך באוועגט...

לאנג אבער האט עס נישט געדויערט... דער פונדאמענט איז נאך אינגאנצען נישט געלעגט געווארען, איז אין ירושלים אנגעקומען א שליח מיט א טרויריגע בשורה אז די וועכטער וועלכע געפינען זיך אין די טורעמס ביים האפען, האבען בעמערקט פיעלע רוימישע שיפען קומען אן אין דער ריכטונג פון ירושלים...

בר כוכבא האט באלד צוזאמענגערופען אלע זיינע גענעראלען און האט זיך מיט זיי בעראטען וואס צו טהאן.

— אונזער ארמיי איז גענוג גרוים און שטארק, — האט בר כוכבא געזאגט — אבער אונזערע סאלדאטען זיינען נאך נישט גוט איינגעאיבט און מיר טארען נאך יעצט נישט ארויסגעהן אין אן אפענעם קאמפף מיט די רוימער. מיר מוזען צוריקטרעטען צו א באפעסטיגטע שטאדט. און די איינציגע שטארק באפעסטיגטע שטאדט איז ביתר.

די גענעראלען האבען דערצו איינגעשטימט און בר כוכבא האט ארויסגעגעבען א באפעהל אז די גאנצע ארבייט אין ירושלים זאל אפגעשטעלט ווערען.

א טרויער און געוויין האט אויסגעבראכען צווישען די וועלכע האבען זיך באשעפטיגט אין בויען דעם בית המקדש... ליעב און הייליג איז ביי זיי געווען די ארבייט... גרוים איז ביי זיי געווען די האפנונג צוריקצובויען דעם בית המקדש און יעצט, אין אנפאנג פון זייער ארבייט מוזען זיי אלעם פארלאזען... וועלען זיי נאך זוכה זיין צו זעהן דעם בית המקדש אין זיין גלאנץ און פראכט?... באנעצט

מיט טרעהרען פון די בויער זיינען געוועזען די ציגעל מיט די צעדער האלץ, — די איינציגע שטומע עדות פון די גרויסע אידישע ענטטוישונג... וועט נאך גאט רחמנות האבען ?... וועט מען זיך נאך מיט זיי בעגוצען פאר דעם היילינגען צוועק צו וואס מען האט זיי באשטימט, אדער זיי וועלען פערברויכט ווערען אויף עפעס אנדערש...

די אידען האבען גענומען אויסליידיגען ירושלים... מען האט ארויסגענומען פון דארט אלע ווערטהפאלע זאכען און עס איבערגעפיהרט קיין ביתר.

בר כוכבא האט גלייך געשיקט שלוחים צו דעם הויפט פון די שומרונים, ער זאל באלד קומען מיט אן ארמיי, און מיט שפייז קיין ביתר, און אליין האט ער גענומען נאך שטארקער צו באפעסטיגען די שטאדט און איינצוטיילען די שפייז פאר דער באפעלקערונג און פאר דער ארמיי.

אויפ'ן צווייטען טאג איז אנגעקומען דער הויפט פון די שומרונים מיט א גרויסע מחנה סאלדאטען וועלכע האבען געפיהרט זעהר פיעל שפייז, בהמות און געוועהר.

בר כוכבא האט זיי ווארעם באגריסט און האט בעשטימט דעם הויפט, מיט וועמען ער האט געשלאסען דעם בונד, פאר דעם קאמאנדיר פון די שומרונים ארמיי.

די רוימער זיינען אנגעקומען אין די צעהנדליגע טויזענדער, אונטער דער פיהרערשאפט פון דעם מעכטיגסטען גענעראל יוליוס סעווערוס, און ווי היישעריקען זיינען זיי בעפאלען יעדע שטאדט דורך וואנען זיי האבען דורכגעמארשירט. די איינוואהנער האבען זיי אויסגעשלאכטעט און די שטאדט פארברענט. ווען זיי זיינען אנגעקומען אין ירושלים, האבען זיי גלייך באמערקט דעם פונדאמענט פון בית המקדש וואס די אידען האבען געלעגט... זיי האבען עס גלייך רואינירט און צום צווייטען מאל האבען זיי אויף דעם פלאץ פון בית המקדש איבערגעאנגען מיט אן אקער אייזען... זיי האבען פערניכטעט די ציגעל, פארברענט די געהילץ, און האבען גענומען מארשירען ווייטער.

בר כוכבא האט געהאט א האלב מיליאן סאלדאטען. ער האט די שטאדט ביתר און איהרע פעסטונגען איבערגעגעבען אין די הענד פון דעם שומרוני צו פערוואסטען און אליין מיט זיין גרויסער ארמיי איז ער ארויס באגעגענען די רוימער.

אין דעם טהאל פון בית רמון האט זיך אנגעפאנגען איינער פון די פירכטערליכסטע און פארביטערסטע קעמפפע. בר כוכבא האט פשוט געוויזען וואונדער אויף דעם שלאכטפעלד. זיינע סאלדאטען האבען געקעמפפט ווי לייבען. די שלאכט האט אנגעהאלטען דריי נעכט און דריי טעג און כאטש די אידען האבען אויך געהאט גרויסע פערלוסטען, אבער די רוימער האבען פארלארען צוויי מאל אזוי פיעל. הונדערט טויזענד רוימער זיינען געפאלען אין יענער שלאכט.

אדריאנוס, דער רוימישער צעזאר, האט פערשטאנען פון די מפלה פון זיין ערשטען גענעראל, טיניוס רופוס, אז בר כוכבא'ס ארמיי מוז זיין שטארק און גרויס, ער האט דאריבער נישט אויפגעהערט צו שיקען שיפען נאך שיפען מיט סאלדאטען און עסענווארג. די האפענס זיינען געלעגען אין די רוימישע הענד, האבען זיי גאר קיין שוועריגקייטען נישט געהאט צו לאנדען אין ארץ ישראל.

נאך זיין ערשטע מפלה האט יוליוס סעווערוס גענומען לאנגזאם צוריק־

טרעטען און בר כוכבא מיט זיין ארמיי איז אלץ געגאנגען פאראויס און פער־אורזאכט דעם שונא ווייטערע פערלוסטען... אבער פלוצלינג האט סעווערוס גע־קראגען פארשטארקונג און בר כוכבא האט איינגעזעהן אז צו האבען א צווייטען אפענעם קאמפף מיט נאך א גרעסערע רוימישע ארמיי, איז צו געפעהרליך. ווייל זיינע סאלדאטען זיינען געווען מיעד, און דאריבער האט ער צוריקגעטראטען און האט זיך בעפעסטיגט אין ביתר.

די רוימער זיינען צוגעקומען מיט זייערע טאראנען (מאשינען צו ברעכען ווענט) און האבען געוואלט נעהמען שטורמען די פעסטונגען. אבער דאס איז זיי נישט געלונגען, ווייל די אידישע העלדען האבען זיי גיט דערלאזען צוצוקומען גאנץ נאהענט צום שטאדט. און דאריבער האבען זיך די רוימער באנוגענט מיט דעם וואס זיי האבען בלויז בעלאגערט די שטאדט.

אין ביתר זיינען געווען פארבארגענע אונטעראירדישע וועגען וואס האבען זיך געצויגען מיילען לאנג. און דורך די געהיימניספאלע טונעלען האט בר כוכבא געקראגען גענוג שפייז פאר זיינע סאלדאטען און פאר די איינוואהנער פון שטאדט.

אין ביתר זיינען אויך געווען פיעל בתי מדרשים וואו די חכמים פלעגען לערנען און דאווענען. דארטען איז אויך געווען דער אלטער תנא רבי אליעזר המודעי. ער האט געפאסט כמעט יעדען טאג און האט מתפלל געווען צו גאט, דאס ער זאל בעשיצען די שטאדט ביתר און אז די אידען זאלען אויסגעלייזט ווערען פון זייערע פיינד, די רוימער, און פון זייערע כלומרשטע "פריינד", די שומרונים. דער הויפט פון די שומרונים האט גאנץ גוט געוואוסט פון רבי אליעזר'ס שנאה צו די שומרונים, און ער האט דאריבער גאנץ אפט איהם פער־מסור'ט פאר בר כוכבא'ן, אז דער אלטער רבי אליעזר איז גענויגט פאר שלום מיט די רוימער.

בר כוכבא האט אבער דעם אלטען תנא שטארק געעהרט און האט דאריבער איהם צו רוה געלאזען... דאס האט נאך מעהר פארגרעסערט די שנאה פון דעם שומרוני צו דעם אלטען און ער האט געזוכט אלערליי מיטלען ווי אזוי פטור צו ווערען פון איהם...

* * *

כאטש רבי עקיבא האט פארלאזען בר כוכבא'ן און האט נישט געוואלט מיטפאהרען אין ביתר, האט ער דאך געבעטען זיין שוואגער דן, ער זאל זעהן צו טהאן אלעס מעגליכעס און נישט צו ענטמוטיגען בר כוכבא'ן אין קאמפף געגען די רוימער.

— איך בין שוין אלט און שוואך, — האט ער געזאגט, — און א חוץ דעם, ווייסטו דאך מיין שטעלונג צו די שומרונים... איך פיהל אז ווען איך זאל זיך יעצט געפינען אין ביתר, וואלט נאר די לאגע א סך ערגער געווארען... איך און רחל וועלען דאריבער צוריקציהען נאך לוד, און זאל גאט געבען אז בר כוכבא'ס ארמייען זאלען זיעגען און פארניכטען דעם שונא.

דן האט געפאלגט רבי עקיבא'ן און צוזאמען מיט זיין פרוי און טאכטער מיטגעגאנגען מיט אלעמען נאך ביתר.

חנה האט זיך זעהר פיעל געערגערט וואס בר כוכבא האט איהר נישט גע־פאלגט און זיך נישט צוגעהערט צו רבי עקיבא'ס עצה.. צו שטארק אבער איז

געווען איהר ליעבע צו איהם, זי האט אלעם מוחל געווען, זי פלעגט קומען יעדען טאג זיך מיט איהם זעהן און ערמוטיגען איהם אין זיין קאמפף.

— מיין ליעבע חנה, — האט זיך בר כוכבא צו איהר אפגערופען, — דו ביזט צו מיר ווי א מלאך פון הימעל און מיט דיין קומען ברייננגסטו מיר הילף, כח און האפנונג... עס וועט לאנג נישט נעהמען און די רוימער וועלען מיט חרפה מוזען צוריקטרעטען פון ביתר, און מיינע מעכטיגע ארמייען וועלען זיי אין גאנצען פאריאגען פון אונזער הייליג לאנד... און נישט וואגען וועט דער שונא מעהר צו קומען אהער אונז צו בעלעסטיגען און אונטערדריקען... און דאן... מיין הייליגע חנה׳ וועט מיין טראַחן בעפעסטיגט ווערען אין יהודה און דו וועסט זיצען ביי מיין זייט און זיך טיילען מיט מיר דעם כבוד און גדולה... און גליקליך וועלען מירביידע זיין צו וויסען אז נישט מעהר איז אונזער פאלק פערשקלאפט... נישט מעהר וועט ער בויגען זיין רוקען און ערנידריגט ווערען פאר דעם שונא... פריי... א פרייעם פאלק וועלען מיר זיין!... שלום וועט הערשען אין אונזער הייליגען לאנד, גליק און צופרידענהייט אין אלע ווינקעלעך פון יהודה... יא, גאט וועט אונז מוזען העלפען, וויל מיר געהען מיט גערעכטיגקייט... מיר זוכען נישט קיינע ערָאבערונגען, מיר ווילען נישט קיינע מלחמות, קיין בלוט פארגיסונג... דער שונא האט עס אויף אונז ארויפגעצוואונגען און דאריבער וועלען מיר קעמפפען ביז די ענדע... ביז וואנען אונז וועט געלינגען צו פערטרייבען די גרויזאמע רוימער פון יהודה...

— ווי איך האב געהערט, — האט זיך חנה אפגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען, — זיינען די רוימער ווידער דורכגעגאנגען ירושלים און האבען אלעם פערניכטעט און געמאכט א בארג אש פון דער הייליגער שטאדט...

— זארג נישט, מיין ליעבע חנה, — האט איהר בר כוכבא געקושט, — די רוימער האבען נאר געקענט פערניכטען דעם פונדאמענט פון בית המקדש, די געביידעס און הייזער, אבער דער גרעסטער און שטארקסטער שונא וועט נישט קענען פערניכטען דעם שטח פון שטאדט. אויב אזוי, וועלען מיר מיט גאטעס הילף, ווען מיר וועלען זיך בעפרייען פון די רוימער, ווידער זיך נעהמען צו אונזער הייליגער שטאדט און זי צוריק בויען צוזאמען מיט דעם בית המקדש...

— וועלען מיר דאס נאך זוכה זיין צו זעהן מיט אונזערע אויגען? — האט חנה געזאגט מיט פערצווייפלונג.

— איך פיהל אז אין דער נאהענטער צוקונפט וועלען די חימלען פון יהודה ווערען קלאהר און לויטער און די גליקליכע יאהרען פון אמאל וועלען זיך צו אונז צוריקקעהרען.

* * *

צוויי יאהר האבען די רוימער בעלאגערט די שטאדט ביתר און זיך אפילו קיינמאל נישט געקענט דערנעהנטערען צו איהר...

בר כוכבא און זיינע חיילות זיינען געווען געגוג שטארק, פריש און מונטער. פון זייער התלהבות איז גארנישט געמינערט געווארען און צו יעדער מינוט זיינען זיי געווען גרייט צו בעפאלען דעם שונא און איהם פארטרייבען ווייט פון שטאדט.

אנדערש האבען אבער געפיחלט די שומרונים; זיי איז דערעסען געווארען די לאנגע בעלאגערונג און זיי האבען זעהר גערן געוואלט שליסען שלום מיט די רוימער. פיעלע פון די שומרונים סאלדאטען האבען זיך גענומען שרכ׳ענען צו די

אידישע טעכטער. אָבער קיינע פון די אידישע מיידלעך האָט איינגעשטימט צו הייראַטן אַ שומרוני. זיי האָבן זיי אָנגעגעבן תירוצים אַז כל זמן די בעלאַגערונג גייט אָן טאָר קיינער נישט טראַכטן וועגן הייראַטן. אַ ראיה האָבן זיי געבראַכט פון זייער קעניג בר כוכבאַ׳ן, כאָטש חנה איז שוין זיין כלה פאַר די לעצטע פינף יאָהר, פון דעסטוועגן הייראַט בר כוכבא נאָך נישט מיט איהר... ער וואַרט ביז וואַנען די מלחמה וועט זיין צו ענדע...

פיעלע פון די שומרונים האָבן פערשטאַנען אַז דאָס זיינען בלויז תירוצים, און זיי זיינען נאָך מעהר אונגעדולדיג געוואָרען...

דער הויפּט פון די שומרונים, וועלכער האָט געשלאָסען דעם בונד מיט בר כוכבאַ׳ן איז יעצט שטאַרק ענטטוישט געוואָרען אין איהם... ער האָט געגלויבט, אַז דער וואונדערבאַרער העלד בר כ בבא וועט יעצט אויך מאַכען אַ תל פון די רוימער, ווי צום ערשטען מאָל... ער האָט געשלאָסען מיט איהם שלום, ווייל ער האָט מורא געהאַט דאָס בר כוכבא זאָל זיך נישט נעהמען צו די שומרונים, נאָכדעם ווי ער וועט פאַרטיג ווערען מיט די רוימער... יעצט אָבער זעהט ער, אַז זיין מורא איז געווען אַן אומזיסטע; די רוימער זיינען אַ סך שטאַרקער ווי בר כוכבא און זיינע חיילות און פריהער אָדער שפּעטער וועלען די אומבעזיגבאַרע רוימער זיגען... יעצט האָט איהם אין גאַנצען פאַרדראָסען וואָס ער איז געקומען מיט זיין אַרמיי אין ביתר צו העלפען בר כוכבאַ׳ן. ער וואָלט זיך שוין וועלען צוריקציהען, ווייס ער אָבער אַז ווען בר כוכבא זאָל זיך נאָר דערפון דערוויסען, דאַן וועט ער פאַרלירען זיין לעבען... ער וועט דאַריבער מוזען זיין זעהר פאָרזיכטיג איידער ער גייט עפּעס טהאָן.

דער הויפּט פון די שומרונים האָט אַהן בר כוכבאַ׳ס וויסען צוזאַמענגערופען איינינגע פון זיינע נאָהענטסטע פריינד און אָפיצירען פון זיין אַרמיי פאַר אַ בעראַטונג.

— איידער איך געה אָנפערטרויען מיין סוד צו אייך, מוזט איהר מיר שווערען ביי דעם גאָט פון שומרון אַז איהר וועט מיר בלייבען געטריי און פאַר קיינעם נישט דערצעהלען וואָס מיר וועלען דאָ אָפּמאַכען, — האָט פּפּוס, דער הויפּט פון די שומרונים זיי געזאָגט.

זיינע פריינד און אָפיצירען האָבען געשוואָרען.

— יעצט, מיינע ברידער, — האָט דער הויפּט אָנגעפאַנגען, — קען איך אייך זאָגען אַז איך האָב שטאַרק חרטה אויף דעם בונד וואָס איך האָב געשלאָסען מיט בר כוכבאַ׳ן. איך האָב דאָס בלויז געטהאָן פאַר דער טובה פון אונזער לאַנד, ווייל ווען איך האָב געהערט אַז בר כוכבא האָט די רוימער פאַריאָגט פון יהודה, האָב איך מורא געהאַט אַז יעצט וועט ער זיך נעהמען צו אונז... איך האָב געגלויבט אַז די רוימער וועלען מעהר נישט וואַגען צו קעמפּפען געגען בר כוכבאַ׳ן... איך האָב אָבער געמאַכט אַ גרויסען טעות. דאָס רוימישע חיל איז נאָך שטאַרקער און גרעסער ווי פריהער. יעדען טאָג קומט צו צו זיי פרישע חיל. שוין איבער צוויי יאָהר אַז מיר זיינען איינגעשפּאַרט אין דיזער שטאָדט. איך בין זיכער אַז ווען די רוימער וועלען זיעגען, דאַן וועלען זיי זיך אָפּרעכענען מיט אונז, זיי וועלען פאַרניכטען אונזער לאַנד... די איינציגע זאַך מיט וואָס מיר קענען פאַרריכטען אונזער טעות איז, אַז מיר זאָלען שליסען מיט די רוימער אַ בעזונדערען שלום און זיי העלפען בעזיעגען בר כוכבאַ׳ן...

דאן וועלען זיי אונז מוחל זיין און מיר וועלען פערהיטען אונזער לאנד פון אן אומגליק.

— ווי אזוי אבער וועלען מיר קענען צוקומען צו זיי? — האט איינער פון זיינע אפיצירען געפרעגט.

— דאס האב איך שוין בעזארגט, — האט דער הויפט געענטפערט, — איינער פון אייך וועט מוזען דורכגעהן דעם געהיימניספאלען טונעל, וואס פיהרט אריין אין א געדיכטען וואלד, און פון דארטען וועט איהם שוין זיין גרינג צוצוקומען צו דעם רוימישען לאגער.

— וועט דען בר כוכבא דורכלאזען א שומרוני אליין אהן די בעגלייטונג פון א אידען? — האט א צווייטער אפיציער געפרעגט.

— איך וועל בר כוכבא'ן זאגען אז אין שומרון האב איך אן אוצר מיט גאלד וואס ליגט בעהאלטען אונטער מיין הויז און אין גרוים איילעניש האב איך עס פארגעסען מיטצונעהמען, און אזוי ווי די גאלד וועט אונז דא יעצט שטארק צוניץ קומען, דאריבער וויל איך שיקען איינעם פון מיינע געטרייע פריינד מיר צו ברייננען דעם אוצר... און טאמער וועט ער וועלען אז א איד זאל איהם בעגלייטען, דאן וועט מיין שליח וויסען וואס צו טהאן מיט דעם אידען ווען ער וועט זיין מיט איהם אליין אין וואלד...

— וועלען דען די רוימער איינוויליגען צו שליסען א בונד מיט אונז? — האט אן אפיציער געפרעגט.

— די רוימער האבען קיינע אויסזיכטען איינצונעהמען די שטאדט ביתר. די פעסטונגען זיינען זעהר שטארק און די אידישע סאלדאטען זיינען גרייט צו פערטיידיגען די שטאדט מיט זייערע לעבענס. און ווען איינער פון אונז וועט צוקומען צו זייער לאגער און זיי פארזיכערען, אז מיר, די שומרונים, קענען איבערגעבען די שטאדט אין זייערע הענד אין משך פון עטליכע טעג, וועלען זיי זיין העכסט צופרידען מיט אונז צו שליסען שלום.

— ווי אזוי וועלען מיר אבער קענען איבערגעבען די שטאדט אין זייערע הענד, ווען בר כוכבא טויטעט יעדען פערדעכטיגען פאררעטהער?

— איך האב צוויי פלענער, — האט דער הויפט פון די שומרונים גע־זאגט, — מיין ערשטער פלאן איז צו צייגען די רוימער דעם פארבארגענעם אונטעראירדישען טונעל פון וואנען זיי וועלען זיך קענען אריינרייסען מיט זייער חיל אין שטאדט... און מיין צווייטער פלאן איז אנצומאכען א טומעל אין שטאדט גופא... בר כוכבא וועט זיין פערמישט אין דעם טומעל און ער וועט אפילו נישט באמערקען ווי מיר וועלען עפענען די טויערען פון ביתר און אריינ־לאזען די רוימער... און ווען זיי וועלען קומען פון פארענט און פון הינטען, דאן וועט שוין בר כוכבא גארנישט קענען טהאן. און די רוימער וועלען האבען איהם בעזיעגט אין גאנצען... יעצט ווער פון אייך וויל ווערען מיין שליח צו די רוימער?

אלע האבען געשוויגען... די מורא פאר בר כוכבא'ן האט יעדען אבגעהאל־טען זיך פרייוויליג אנצובאטען.

— אויב אזוי וועל איך ווארפען גורל, — האט דער הויפט זיך אפגער־פען, — און איך האף אז דער, אויף וועמען דער גורל וועט פאלען, וועט זיך

נישט ענטזאגען צו ערפילען די הייליגע פליכט וואָס איך וועל אויף איהם ארויפלייגען.

מען האָט גורל געוואָרפען, און עס איז געפאלען אויף דעם אַפּיציער אלחנן.

— איך וועל דיר געבען א בריעף צו דעם רוימישען גענעראל יוליוס סעווערים, און ווי ער וועט אונטערשרייבען דעם אָפּמאַך מיט דיר, דאַן זאָלסטו איהם צופיהרען און צייגען דעם געהיימען אונטעראירדישען אריינגאנג.

דער הויפּט פון די שומרונים האָט אָנגעשריבען דעם פאָלגענדען בריעף צו יוליוס סעווערוס:

„צו דעם קאָמאַנדיר פון דער רוימישער ארמיי, פריעדען!

„מיר, די שומרונים, זיינען געצוואונגען געווען צו מאכען שלום מיט בר כוכבא'ן, און אונטער דעם דרוק און צוואַנג פון זיין ארמיי, האָבען מיר געמוזט קומען אין דער שטאָדט ביתר און געגען אונזער ווילען קעמפּפען מיט זיי האנד אין האנד. מיר זיינען פון אימער אָן געווען פריינד פון דער רוימישער אימפּעריע און יעצט, ביי דער ערשטער געלעגענהייט, ווילען מיר ארויסווייזען אונזער פריינדשאַפט צו די רוימער. די אורזאכע פאַרוואָס בר כוכבא'ס ארמיי האַלט זיך אַזוי לאַנג אין דער פון אייך בעלאַגערטער שטאָדט איז, ווייל אין ביתר איז פאַראַן א געהיימער אונטעראירדישער טונעל, דורך וואַנען בר כוכבא קריגט שפּייז און וואַסער פאַר דער שטאָדט. ווען איהר וועט מיט אונז שלום מאַכען, וועט אונזער שליח אייך ענטדעקען דעם אריינגאנג... און מיט די הילף פון אונזער ארמיי וואָס געפינט זיך אין ביתר, וועלען די רוימער איינ־נעהמען די שטאָדט אין משך פון עטליכע טעג...

„איך פערהאָף אַז מיר וועלען פארבלייבען אייערע פריינד און איבערגעבענע אונטערטהאַנען.

„אין נאַמען פון אונזער פאָלק, אייערע געטרייע קנעכט,

„פּפּוס, דער הויפּט און גענעראל פון די שומרונים".

ער האָט דעם בריעף פערזיגעלט און עס איבערגעגעבען אלחנן.

— איך וועל זעהן קריגען פאַר דיר די ערלויבנים פון בר כוכבא'ן צו פערלאָזען די שטאָדט, — האָט ער איהם געזאָגט, — און אין דיינע הענט ליגט יעצט דער גורל פון אונזער פאָלק, זיי מוטיג און בראוו און טהו דיין שליחות פאַרזיכטיג, וועסטו זיכער באַגליקען.

א ווײַלע שפּעטער איז פּפּוס, דער הויפּט פון די שומרונים שוין געשטאַנען נעבען בר כוכבא'ן און פאַרנייגענדיג זיך פאַר איהם, האָט ער געזאָגט:

—מיין האַר, קעניג! איך מוז זיך מודה זיין, אַז כאָטש איך האָב די גאַנצע צייט געדיענט דעם קעניג פון יהודה מיט טרייהייט און איבערגעבענהייט, בין איך דאָך בעגאַנגען אַן אומרעכט געגען דיר און דיין פאָלק!

— וואָס ?! — האָט בר כוכבא איהם אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— איך בין געווען אין שומרון זעהר רייך, — האָט פּפּוס געזאָגט, — און איידער איך האָב מיין שטאָדט פאַרלאָזען, האָב איך דאָרט בעהאַלטען מיין גאַנצען פארמעגען וואָס באַשטעהט פון פיעל גאָלד און קאָסטבאַרע שטיינער... איך ווייס אַז איך האָב שטאַרק געזינדיגט געגען דיר, מעכטיגער קעניג, געגען דיין פאָלק און מיין פאָלק, וואָס אין דער צייט פון דיזער פירכטערליכער מלחמה, האָב איך נישט געבראַכט מיין גאָלד צוזאַמען מיט מיינע סאָלדאַטען... איך

ווייס ווי נויטוועגדיג עס איז צו האבען וואס מעחר גאלד, כדי אנצופיהרען דעם קאמפף געגען אונזערע שונאים ביז א זיעגרייכע ענדע... איך האף אז דו וועסט מיר מוחל זיין, מיין קעניג, און דו וועסט מיר ערלויבען צו פעררירכטען מיין טעות... ווייל כל זמן איך וועל מיין גאלד נישט אריינברייגען אין דיין קעניגליכען אוצר, וועט מיר מיין געוויסען פלאגען...

— איך האב קיינמאל נישט געצווייפעלט אין דיין אויפריכטיגקייט און דיין געטרייהייט צו אונזער הייליגען צוועק, — האט בר כוכבא געזאגט, — יעצט האט זיך נאך מיין צוטרוי צו דיר פארשטארקט. אבער זאג מיר, ווי אזוי וועסטו קענען פעררירכטען דיין טעות?

— דעם פלאץ וואו מיין גאלד געפינט זיך, ווייס א חוץ מיר בלויז איינער פון מיינע אפיצירען, וועלכער איז זעחר עהרליך און איז מיין איבערגעבענער דיענער... איך וויל איהם אנפעטררויען ער זאל די גאלד אהער ברייגגען, איך וואלט דיך אויך בעטען, מיין האר, קעניג, דו זאלסט אויך אויסקלייבען איינעם פון דיינע עהרליכע און געטרייע דיענער, וועלכער זאל בעגלייטען מיין אפיציר און העלפען איהם ברייגגען דעם בעהאלטענעם אוצר אהער צו מיר.

— ביזטו זיכער אז מען קען זיך פערלאזען אויף דיין דיענער? — האט בר כוכבא געפרעגט, — וועט ער דען נישט ארויסגעבען צו דעם שונא די עפענונג פון די געהיימע טונעלען, ווען זיי זאלען איהם פאנגען און איהם צווינגען דערצו?

— א, ניין, גנעדיגער קעניג! — האט דער שומרוני געזאגט, — ווען די רוימער זאלען אפילו שניידען זיין פלייש, וועט ער אונזער סוד נישט ארויסגעבען.

— בר כוכבא האט אויסגעקליבען אלס אלחנן'ס בעגלייטער זרח'ן, איינעם פון זיינע אפיצירען, און האט זיי ביידען געגעבען א שבועה צו בלייבען געטריי יהודה, און ווען אפילו זיי וועלען געפאנגען ווערען און דער שונא וועט זיי פייניגען ביז'ן טויט זאלען זיי נישט פערראטהען דאס פאלק... נאכהער האט ער אונטערגעשריבען אן ערלויבנים און עס איבערגעגעבען דעם הויפט פון די שומרונים.

ווען פפוס האט געהאלטען ביים אוועקגעהן, איז חנה אנגעקומען.

בר כוכבא האט איהר חערצליך בעגריסט... דער שומרוני האט זיך אויך פארנייגט פאר איהר און איז ארויס, ווארפענדיג דאביי א בליק מיט א פאלשען שמייכעל, אז חנה האט געפיהלט ווי שפיזען וואלטען איהר לייב געשטאכען... זי האט זיך אפגעקעהרט פון איהם און א שוידער איז דורך איהר לייב.

בר כוכבא האט עס באמערקט און זיך אפגערופען:

— מיין ליעבע חנה, פארוואס זאלסטו טראגען אן אומזיסטע שנאה אויף איינעם פון מיינע איבערגעבענסטע פריינד?... זעהסטו דען נישט אז ער האט נעבראכט אהער זיין גרויסע ארמיי אונז צו העלפען קעמפפען געגען די רוימער, און יעצט וויל ער אונז אויך ארויסהעלפען מיט זיינע אוצרות גאלד וואס ער האט בעהאלטען אין שומרון...

— איך ווייס נישט, מיין טהייערער, — האט חנה געענטפערט, — אבער איך זעה אין זיינע אויגען בלויז פאלשקייט און בעטרוג... און פון דעם ערשטען

מאָל ווען איך האָב איהם דערזעהן האָב איך דערפיהלט אזא שנאה צו איהם וואָס איך האָב נאָך ביז אהער צו קיינעם אזוי נישט געפיהלט.

— דו ביזט דאָן געווען אונטער דעם איינפלוס פון דיין אָנקעל, רבי עקיבא, דאריבער האָסטו דיזען איינדרוק געהאַט ווען דו האָסט איהם צום ערשטען מאָל דערזעהן, — האָט בר כוכבא געזאָגט מיט א שמייכעל, — און ווי עס ווייזט אויס, קענסטו זיך נאָך יעצט פון דעם נישט באפרייען... אָבער איך קען דיר פארזיכערען, מיין ליעבע חנה, אז איך האָב שוין געהאַט פיעל נוצען פון די שומרונים... און זיי זיינען אלע געטריי און איבערגעגעבען צו אונזער הייליגען צוועק.

— פון דעסטוועגען וואָלט איך זיך אויף זיי צופיעל נישט פארלאָזען.

— האָט חנה געזאָגט, — מיין פאָטער האָט מיר דערצעהלט, אז ער האָט געהערט זאָגענדיג דעם אלטען רבי אליעזר המודעי אין בית המדרש, אז די כותים (שומרונים) וועלען לאנג נישט אויסהאַלטען די בעלאגערונג פון שטאָדט, און זיי וועלען זוכען א וועג ווי זיך צו בעפרייען פון זייערע פליכטען.

— לויט ווי איך האָב געהערט, פרעדיגט רבי אליעזר המודעי דאָך שוין גאָר שלום מיט די רוימער, — האָט בר כוכבא געזאָגט, — ער טהוט ווי אמאָליגע חכמים האָבען געטהאָן בעת דעם חורבן פון צווייטען בית המקדש, ווען רבן יוחנן בן זכאי האָט זיך איבערגעגעבען צו די רוימער און דערפאַר האָבען זיי געשאָנעוועט די שטאָדט יבנה... די חכמים גלויבען אז בלויז מיט'ן לערנען וועלען זיי קענען אויפהאַלטען דאָס לאנד. אָבער זיי מאַכען א טעות, טהייערע חנה, צו דער תורה מוזען מיר אויך האָבען דעם שווערד... עס וועט שוין לאנג נישט געדויערען און די רוימער וועלען צוריקציהען זייערע ארמייען פון ביתר, ווייל זיי זיינען שוין אויסגעמאַטערט און זיי זיינען שוין איבערצייגט אז זיי וועלען די שטאָדט נישט איינגעהמען, כל זמן מיינע העלדישע סאָלדאַטען פערטיידיגען זי...

* * *

ווען פפוס האָט געבראַכט די ערלויבנים פאר אלחנן און זרח'ן צו פערלאָזען די שטאָדט דורכ'ן געהיימען טונעל, האָט ער אָפּגערופען אלחנן אָן א זייט און צו איהם געזאָגט:

— נאַ דיר דעם קורצען שווערדעל, בעהאַלט עס אין דיין בוזעם און ווען איהר וועט ביידע זיין אין וואַלד, זאָלסטו איהם פלוצים בעפאַלען און איהם טויטען און נאָכהער זאָלסטו גלייך געהן צום רוימישען לאַגער.

אלחנן האָט בעהאַלטען דעם שווערדעל און איז צוגעגאַנגען צו זרח'ן און געזאָגט:

— יעצט בין איך שוין פאַרטיג. לאָמיר געהן.

— וואָס האָסטו זיך עפּעס גע'סוד'עט דאָרטען מיט דיין גענעראַל? — האָט איהם זרח א פרעג געטהאָן, ווען זיי זיינען שוין געווען אין טונעל.

— דו ווילסט וויסען? הא? — האָט אלחנן געזאָגט מיט א געמאַכטען שמייכעל, — אָבער ניין, מיין ברודער, קיינער א חוץ איך און מיין גענעראַל טאָר נישט וויסען וואו דאָס גאָלד געפינט זיך... דער יצר הרע פון גאָלד איז זעהר שטאַרק און מען קען נישט אנפערטרויען יעדען איינעם דעם פלאַץ וואו ער געפינט זיך.

דער טונעל איז געווען זעהר לאנג און עס האט זיי גענומען עטליכע שטונ־דען ביז זיי זיינען ארויסגעקומען פון דארטען.

דער ארויסגאנג פון טונעל איז געווען אין א געדיכטען וואלד, און ווען זיי האבען בעדעקט די טהיר מיט גראז האט זיך אלחנן אפגערופען:

— לאמיר זיך דא אפּרוהען, איך בין זעהר מיעד. און נאכדעם וועלען מיר געהן אין דער ריכטונג פון שומרון...

— ניין, מיר טארען קיין מינוט נישט פארלירען, — האט זרח געזאגט, — דער שונא קען אונז נאך טרעפען, און דאן זיינען מיר פארלארען...

זיי זיינען אפּגעגאנגען נאך א היבשע שטרעקע. אלחנן האט די גאנצע צייט נישט ארונטערגענומען זיינע אויגען פון זרח'ן. ער האט געזוכט א געלע־גענהייט איהם צו דערשטעכען...

זרח האט באמערקט זיינע בליקען... ער האט איהם אנגעהויבען חושד צו זיין. עפּעס איז איהם נישט געפעלען דעם שומרוני'ס גאנצען באנעהמען זיך... און אפשר מאכט ער א טעות?... אבער דאך האט ער בעשלאסען צו היטען אלע זיינע באוועגונגען.

אלחנן האט איהם אויך געהיט און געווארט אויף א געלעגענהייט, און ווען זרח האט זיך איינגעבויגען צו פערשנורעווען זיין שוך, האט זיך אלחנן גע־שטעלט הינטער איהם, ארויסגעצויגען זיין שווערדעל פון בוזים און איהם גע־וואלט דערשטעכען... זרח האט אבער עס בעמערקט אין צייט. ער האט אפּגע־שפּרונגען אן א זייט און אלחנן האט איהם נישט געטראפען... זרח האט איהם באלד אנגעכאפּט פאר'ן האנד און א פערצווייפעלטער קאמפף איז צווישען זיי ביידען ענטשטאנען... אלחנן האט געריסען פון איהם די האנד מיט'ן שווערדעל, ער האט איהם געבריקעט און געביסען, אבער זרח איז געווען שטארקער פאר איהם. ער האט אזוי אויסגעדרעהט דעם שומרוני'ס האנט אז ער האט זיך גע־קארטשעט פאר יסורים און האט דעם שווערדעל אפּגעלאזען, און עס איז ארונטערגעפאלען.

זרח האט פלינק אויפגעהויבען דאס שווערדעל, אבער אלחנן האט גענו־מען לויפען... זרח האט איהם גענומען נאכיאגען.

— דו בעטריגער, פייגלינג! — האט ער איהם נאכגעשריען.

אבער אין די געדיכטעניס פון וואלד איז אלחנן פארשוואונדען געווארען... זרח האט איהם נאך לאנג געזוכט און נישט געקענט געפינען. ער האט זיך שוין געוואלט אומקעהרען צו דעם פארבארגענעם טונעל, אבער פּלוצים האט ער באמערקט אויף דעם גראז א בריעף וואס אלחנן האט פארלארען אנטלויפענדיג פון איהם. ער האט עס גלייך אויפגעהויבען, געעפענט און גענומען לייענען.

— אוי, די נידערטרעכטיגע פעררעטהער, די שומרונים, — האט זרח אויס־געשריען, — איך מוז איהם געפינען און צום טויט שלאגען, איידער ער וועט צוקומען צו דעם רוימישען לאגער און ענטדעקען פאר זיי דעם געהיימען אריינ־גאנג פון שטאדט.

דעם גאנצען טאג האט זרח ארומגעזוכט אלחנן דעם שומרוני אין וואלד, אבער ער האט איהם נישט געפונען.

— דער פאררעטהער מוז שוין געווים זיין אין דעם רוימישען לאגער, —

האט ער זיך געטראכט, — יעצט דארף מען שנעל צוריקגעהן אין ביתר און אנזאגען בר כוכבא'ן וועגען דעם פערראטה פון די שומרונים...

עס איז געווארען טונקעל, און זרח האט גענומען זוכען דעם וועג צום טונעל, אבער ער האט איהם נישט געקענט געפינען צוליעב דער פינסטערניס.

* * *

אין בית המדרש פון ביתר וואו עס האבען געדאווענט און געלערנט די אידישע חכמים, פלעגען אויך אריינקומען מאנכע שומרונים מתפלל צו זיין. און ווען אלע זיינען שוין אהיים געגאנגען עפעס איבערבייסען, איז נאך רבי אליעזר המודעי לאנג פארבליבען אין בית המדרש און מתפלל געווען פאר דער זיכערקייט פון שטאדט... מיט פערמאכטע אויגען און מיט גרויס הכנעה האט ער אויסגעגאסען זיין הארץ פאר דעם רבונו של עולם און איהם געבעטען ער זאל העלפען די אידען געגען די רוימער.

אין בית המדרש איז שוין קיינער ניט געווען א חוץ דעם שמש. וועלכער האט אין ארדנונג געשטעלט די בענק. און רבי אליעזר המודעי וועלכער האט נאך מיט מעהר דבקות געדאווענט. ער האט זיך געשאקעלט און זיינע ליפען האבען געשעפטשעט...

פלוצלינג האט זיך די טהיר פון בית המדרש געעפענט און א שומרוני איז אריינגעקומען און האט זיך געשטעלט נעבען רבי אילעזר המודעי... א ווײלע איז ער געשטאנען און זיך געמאכט דאווענדיג, נאכהער איז ער צוגע־גאנגען גאנץ נאהענט צו רבי אליעזר'ן און האט גענומען צו איהם ריידען אין דער שטיל...

רבי אליעזר איז געווען אזוי פערטיעפט אין זיין תפילה, אז ניט ער האט באמערקט דעם שומרוני און ניט ער האט געהערט וואס ער האט געזאגט צו איהם...

דער שמש אבער האט יא באמערקט דעם שומרוני ריידענדיג צו רבי אליעזר'ן און האט זיך שטארק געוואונדערט וואס רבי אליעזר האט צו טהאן מיט איהם, ווייל ער האט געוואוסט ווי שטארק רבי אליעזר המודעי פערהאסט די שומרונים...

א ווײלע שפעטער איז דער שומרוני ארויס פון בית המדרש און זיך געטראפען מיט פפוס'ן.

— נו, — האט איהם פפוס געפרעגט, — האסטו דורכגעפיהרט מיין שליחות?

— יא, מיין האר, — האט איהם דער שומרוני געענטפערט, — איך בין אריין אין בית המדרש און גלייך צוגעגאנגען צו רבי אליעזר'ן. ער האט מתפלל געווען מיט פערמאכטע אויגען און ער האט מיך נישט געזעהן. ווי איך האב באמערקט אז דער שמש קוקט מיר נאך, האב איך זיך געמאכט ווי איך סוד'ע זיך מיט רבי אליעזר'ן.

— זעהר גוט! — האט פפוס איהם געזאגט, — יעצט קום מיט מיר צו בר כוכבא'ן. דו זאלסט איהם דערצעהלען אז ווען דו ביזט אריינגעקומען דאווגען איז צו דיר צוגעגאנגען דער אלטער רבי אליעזר און צו דיר אנגעהויבען צו ריידען... דו זאלסט פאר איהם דערצעהלען מיט אלע איינצעלהייטען ווי אזוי רבי אליעזר האט דיך אנגערעדט דו זאלסט זיך פון שטאדט ארויס'גנב'ענען

און בעטען די רוימער אין זיין נאמען צו שליסען פריעדען... און ווי אזוי ער האט דיר געהייסען ארויסגעבען צו דעם רוימישען גענעראל אלע געהיימע וועגען פון ביתר.

— זארג נישט מיין האר, — האט דער שומרוני געזאגט מיט צופרידענהייט, — איך וועל שוין וויסען ווי צו בעגראבען דעם אלטען... איך גלויב אז דאס וואס איך וועל דערצעהלען בר כוכבא׳ן וועט ארויסרופען א גרויסען שטורעם און מהומה, און דאן וועלען מיר זיך קענען בענוצען מיט דער געלעגענהייט און עפענען פאר די רוימער די טויערען פון ביתר...

— איך האף אז אלחנן איז שוין ביי דער צייט פטור געווארען פון זיין אידישען בעגלייטער, — האט פפוס געזאגט, — און וועט גלייך פיהרען די רוימער דורך די געהיימע טונעלען. ווען דאס זאל פאסירען אין דערזעלבער צייט וועט זיין זעהר גרינג צו צוטומלען די אידישע ארמיי און טויטען זייער קעניג בר כוכבא׳ן...

פפוס איז אוועק מיט דעם שומרוני צו בר כוכבא׳ן.

— איך בעט דיך מיין האר, גיב מיך נישט איבער אין דעם קעניג׳ס הענט! איך בין אין דעם גאר נישט שולדיג! — האט זיך דער שומרוני כלומרשט גענומען בעטען ביי פפוס׳ן, ווען בר כוכבא איז זיי אנטקעגען געקומען.

— ניין, דו מוזט געבען א גענויע ערקלעהרונג צו אונזער האר, דעם קעניג פון יהודה, וועגען די אונטערהאנדלונגען וואס דו האסט געפיהרט מיט דעם אלטען, — האט פפוס איהם א נעהם געטהאן מיט א געמאכטען "כעס".

— וואס האט פאסירט? ! — האט בר כוכבא שטרענג א פרעג געטהאן.

— מיין האר קעניג! — האט זיך פפוס אפגערופען, — צופעליג בין איך פארבייגעגאנגען דעם בית המדרש. די טהיר איז דארטען געווען אפען, און איך האב באמערקט ווי אט דער שומרוני רעדט מיט רבי אליעזר׳ן... מיר איז עס עפעס אויסגעקומען פארדעכטיג... איך האב אפגעווארט ביז וואנען ער וועט פארטיג ווערען, און ווען ער איז ארויסגעגאנגען, האב איך איהם געפרעגט, וואס ער האט גערעדט מיט דעם אלטען, האט ער מיר נים געוואלט דערצעהלען, אבער ווען איך האב געצווינגען מיין שווערד און איהם געדראהט צו דערשטעכען, האט ער זיך מודה געווען אז רבי אליעזר המודעי האט איהם געדונגען צו פערראטהען די שטאדט ביתר...

בר כוכבא איז אויפגעשפרונגען פון זיין פלאץ און זיך אפגערופען מיט גרוים אויפרעגונג און כעס:

— וואס! ? דו ווילסט אונז פערראטהען צו די רוימער! דו האסט פערדיענט דעם טויט, דו נידערטרעכטיגער שקלאף!

— א, גנעדיגער קעניג! דיין קנעכט איז אין דעם נישט שולדיג! דער אלטער האט מיר אנגערעדט: ער האט מיר אויך געגעבען געלד... איך האב בלויז גענומען פון איהם דאס געלד, אבער איך האב גארנישט געהאט בדעה איהם צו פאלגען!... זאל זיך דער קעניג ערבארעמען איבער מיר, און מיך לאזען לעבען, ווייל איך בין אומשולדיג.

— אויב דו וועסט דערצעהלען דעם ריינעם אמת, וועט דיר אונזער קעניג שענקען דיין לעבען, — האט זיך פפוס אפגערופען, — דערצעהל, אבער לייקען פון אונז גארנישט.

דער שומרוני האט געשוויגען א ווײלע. ער האט געווארפען זײנע בליקען אויף בר כוכבא׳ן און געווארט ביז ער וועט איהם פארזיכערען דאס ער וועט איהם נישט טויטען . . .

— דערצעהל ! — האט בר כוכבא בעפוילען, — דערצעהל אלעס וואס דו ווייסט, און דו וועסט רעטען דײן לעבען !

— ״מיט אײניגע טעג צוריק, — האט דער שומרוני אנגעפאנגען, — האט מיך באגעגענט דער אלטער רבי אליעזר. ער האט מיך אפגעשטעלט און גענומען צו מיר רײדען.

— ״דו ווייסט ? — האט ער מיר געזאגט, — אז אונזער שטאדט ביתר וועט לאנג נישט קענען אויסהאלטען די בעלאגערונג פון די רוימער... און ווען די רוימער וועלען די שטאדט אײננעהמען, דאן וועלען זיי אהן רחמנות אויסשלאכטען אלעמען, יונגע, אלטע, פרויען, אידען און שומרונים... זיי וועלען קיין לעבעדיגען נפש נישט איבערלאזען... ווען אבער אונז וואלט געלינגען צו מאכען מיט זיי שלום איידער די שטאדט וועט פאלען, דאן וואלטען מיר געקענט פארהיטען צו פארגיסען אומזיסטע בלוט.

— ״אבער אונזער קעניג, בר כוכבא, — האב איך איהם געענטפערט, — וועט בשום אופן מיט די רוימער נישט וועלען שליסען קיין שלום.

— ״ווייסטו וואס ? — האט מיר דער אלטער רבי אליעזר אריינגערוימט אין אויער — עס איז מעגליך אז מען זאל מיט זיי פערהאנדלען אהן בר כוכבא׳ס וויסען. אזוי ווי דיר קומט אוים אפטמאל ארײנצופיהרען שפייז אין שטאדט דורך דעם געהיימען טונעל, קענסטו, ווען דו וועסט זיין אויף יענער זייט שטאדט, זיך אפ׳גנב׳ענען פון דײנע בעגלייטער און אוועקגעהן צו דעם רוימישען לאגער, און זיי איבערגעבען אז די אײנוואהנער פון שטאדט ווילען מאכען מיט זיי שלום, נאר בר כוכבא דערלאזט נישט. און אויב זיי וועלען דיר צוזאגען צו שאנעווען די שטאדט מיט די אײנוואהנער, זאלסטו אנצייגען דעם געהיימען אריינגאנג פון אונזער שטאדט, דאן בין איך זיכער אז בר כוכבא וועט זיך מוזען אונטערגעבען און פיעלע לעבענס וועלען דאדורך געראטעוועט ווערען...

— ״ניין, — האב איך געזאגט, — איך וועל דאס נישט טהאן... איך וועל מײן לעבען אין געפאהר נישט שטעלען... ווייל ווען דער קעניג וועט זיך דערפון דערוויסען, וועט ער מיך גלייך אויף אן ארט טויטען.

— ״דער קעניג וועט דיר דאן גארנישט קענען טהאן, — האט מיר רבי אליעזר געזאגט, — ווייל די רוימער וועלען שוין זיין אין שטאדט... קום צו מיר מארגען אין בית המדרש, איך וועל דיר בעלוינען פאר דײן ארבייט...

— ״נו, און ביזט עס היינט צו איהם געגאנגען ? — האט איהם פפוס אונטערבראכען.

— ״יא, — האט דער שומרוני געזאגט מיט א ציטערנדע שטימע — ער האט מיר היינט אין בית המדרש נאך אמאל אנגעזאגט וואס צו טהאן און ער האט מיר אויך געגעבען דאס געלד... איך האב פון איהם דאס געלד גענומען, אבער איך שווער ביי אונזער הייליגטום, אז איך האב גארנישט געהאט בדעה איהם צו פאלגען...

בר כוכבא׳ס פנים האט זיך געביטען קאלירען :

— עס איז א ליגען ! עס איז אונמעגליך ! רבי אליעזר המודעי וועט נישט

געהן פעררעטהען זיינע ברידער און זיין קעניג, — האט ער א געשריי געטהאן.

— מיין האר, קעניג! — האט זיך פּפּוס אפּגערופען, — מיר גלויבט זיך דאס אויך נישט, אז דער אלטער תנא זאל זיין אזוי נידעריג און וועלען איבער־געבען די שטאדט אין די הענד פון אונזערע שונאים... אבער דאך פארשטעה איך נישט וואס פאר א סודות ער האט געקענט האבען מיט דעם שומרוני... איך האב באמערקט ווי זיי האבען ביידע גערעדט א היבשע ווייל... דאריבער איז מיין עצה אז דער האר קעניג זאל שיקען רופען דעם אלטען און הערען וואס ער האט צו זאגען וועגען דעם.

— גוט, — האט בר כוכבא געזאגט, — איך וועל שיקען רופען רבי אליעזר המודעי, און אויב עס וועט זיך ארויסציייגען אז דער שומרוני האט געזאגט ליגען, דאן וועט ער קיין לעבעדיגער פון דאנען נישט אוועקגעהן.

בר כוכבא האט געשיקט רופען רבי אליעזר'ן, און ווען ער איז געקומען, האט ער זיך צו איהם אפּגערופען:

— איז עס ריכטיג, רבי אליעזר, דאס דו האסט געזוכט איבערצוגעבען די שטאט [illegible]?...

רבי אליעזר האט איהם אנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— מיין קעניג, — האט ער געזאגט, — איך פארשטעה ניט וואס דא קומט פאר... ווי קום איך פון אזא זאך גאר אפילו צו טראכטען...

— נו, און דעם מאן קענסטו? — האט איהם בר כוכבא א פרעג געטהאן, אנצייגענדיג אויף דעם שומרוני.

— ניין, איך האב איהם קיינמאל נישט געזעהן, — האט רבי אליעזר גע־ענטפערט.

— האסטו היינט מיט דיזען מאן נישט גערעדט? — האט איהם שוין פּפּוס א פרעג געטהאן.

— איך האב דאך שוין געזאגט אז איך האב איהם קיינמאל נישט געזעהן!

— האט רבי אליעזר געענטפערט. — צווייפעלסטו דען אין מיינע ווערטער?

— איך מוז צוגעבען אז איך צווייפעל יא אין דיינע ווערטער, — האט איהם פּפּוס נאכגעקרימט, — ווייל איך האב אליין געזעהן מיט מיינע אויגען ווי דו האסט מיט איהם געס'סוד'עט זיך היינט אין בית המדרש. נו, וועסטו עס מיר אפשר אפּלייקענען?!

— אדער דו מאכסט א טעות, אדער דו זוכסט אויף מיר א בלבול צו מאכען, — האט רבי אליעזר געזאגט, און אנגעווענדעט זיינע אויגען אויף בר כוכבא'ן, ערוואַרטענדיג פון איהם דאס ער זאל נישט דערלאזען פּפּוס'ן איהם צו בעליידיגען.

— און דו זאגסט מיר, אז ער האט מיט דיר היינט גערעדט! — האט זיך בר כוכבא אפּגערופען צו דעם שומרוני.

— יא, גנעדיגער קעניג, ער האט מיט מיר היינט גערעדט און מיר געהייסען טהאן אלעס ווי איך האב שוין דערצעהלט. ער האט געמיינט אז קיינער זעהט אונז נישט, אבער מיר דוכט זיך, אז א חוץ דעם קעניג'ס געטרייער גענעראל פּפּוס האט אונז אויך געזעהן דער שמש פון בית המדרש.

— זאל מען ברייגנען אהער דעם שמש! — האט בר כוכבא בעפוילען.

צוויי פון בר כוכבא'ס דיענער זיינען אוועקגעגאנגען רופען דעם שמש, און האבען איהם געבראכט בעפאר זייער קעניג.

דער שמש איז געווען טויט בלאס און צושראקען. עס האט איהם געקלאפט א צאהן אן א צאהן, ווען ער האט דערזעהן דעם מעכטיגען בר כוכבא'ן...

— קענסטו רבי אליעזר חמודעי'ן ? — האט איהם בר כוכבא א פרעג געטהאן.

— ווער קען דאס נישט דעם הייליגען תנא, רבי אליעזר המודעי, — האט דער שמש געענטפערט מיט הכנעה, — צוליעב דעם זכות פון דיזען הייליגען צדיק בעשיצט אונז גאט פון אונזערע שונאים. איך וויים אז ער פאסט יעדען טאג און הערט נישט אויף מתפלל צו זיין צו גאט, אז אונזער שטאדט ביתר זאל נישט אריינפאלען צו די רוימער.

—נו, און איהם קענסטו? — האט בר כוכבא אנגעצייגט אויף דעם שומרוני.

— איהם ? — האט דער שמש געזאגט פערוואונדערט, — איך האב איהם ערשט היינט געזעהן דעם ערשטען מאל אין מיין לעבען.

— דערצעהל מיר ווי אזוי און ווען דו האסט איהם געזעהן ? — האט בר כוכבא געזאגט.

— היינט נאכ'ן דאווענען, ווען אלע מתפללים האבען שוין דעם בית המדרש פארלאזען, און בלויז רבי אליעזר ווי זיין שטייגער, איז געבליבען און האט אויסגעגאסען זיינע תפלות צו גאט, איז דער שומרוני אריין אין בית המדרש און גלייך צוגעגאנגען צו רבי אליעזר'ן און זיך גענומען מיט איהם סוד'ן וועגען עפעס. איך מוז מודה זיין, מיין הארר קעניג, אז עפעס איז מיר די גאנצע זאך קשה געווען ; איך וויים אז רבי אליעזר האט די שומרונים נישט איבריגס ליעב און דא פארטרויט מען זיך סודות איינער מיט'ן צווייטען... אבער עס איז נישט מיין עסק און איך האב אפילו רבי אליעזר'ן נישט געפרעגט וועגען דעם.

— א, גאט ! — האט רבי אליעזר אויסגעשריען, — וואס קומט דא פאר ? ! איך האב דיזען אומווירדיגען שומרוני קיינמאל נישט געזעהן און קיינמאל נישט גערעדט צו איהם...

— נו, אפשר וועסטו זאגען אז דער שמש זאגט אויך ליגען ? — האט פפוס געזאגט מיט א גיפטיגען שמייכעלע.

בר כוכבא'ס פנים האט געברענט פון כעס... יעצט זעהט ער דאך אז דאס וואס דער שומרוני האט איהם געזאגט איז אמת... ער לייקענט דאס ער האט מיט דעם שומרוני גערעדט און דא קומט דער שמש און באשטעטיגט פפוס'עס ווערטער...

— דו פאררעטהער ! דו באטריגער ! !... דו האסט געוואלט איבערגעבען די שטאדט אין די רוימישע הענד, כדי דו זאלסט נאכהער קענען רעטען דיין אייגען לעבען, — האט בר כוכבא אויף איהם געשטורעמט, — און דו וואגסט נאך צו זאגען אז דו האסט מיט איהם נישט גערעדט... אוועק פון מיינע אויגען, דו פארעטהער ! ! — האט איהם בר כוכבא מיט כעס א שטויס געטהאן.

דער אלטער און פון תעניתים אפגעשוואכטער, רבי אליעזר חמודעי, איז פון בר כוכבא'ס שטארקען שטויס צום באדען געפאלען.

באלד האט בר כוכבא'ן פאהדראסען פאר דעם שטויס וואס ער האט איהם געגעבען... ער איז צו איהם צוגעגאנגען און פרובירט אויפהויבען... אבער רבי אליעזר איז שוין געווען טויט.

— א, גאט ! פארגיב מיר, — האט בר כוכבא אויסגעשריען.

* * *

די נייעס אז בר כוכבא האָט געטויטעט דעם אלטען הייליגען תנא, רבי אליעזר המודעי, איז בליץ שנעל פארשפרייט געוואָרען איבער דער גאנצער שטאָדט... א שרעקליכער טרויער האָט ארומגענומען אלע אידען... זעהר ליעב און טהייער איז ביי זיי געווען דער צדיק, רבי אליעזר... און שרעקליך איז געוואָרען זייער ענטטוישונג אין בר כוכבא'ן... ניין, ניין! ער איז נישט דער משיח... מיט רבי אליעזר'ס טויט איז אויך אָפּגעשטאָרבען ביי אלעמען דער מוטה און ענערגיע...

אין דעם לאַגער פון די שומרונים האָט אָבער געהערשט שמחה... באלד, באלד, וועלען די רוימער אריינגעהן אין שטאָדט... אויס'הרג'ענען אלע אידען... זיי, די שומרונים, וועט מען לאָזען לעבען, ווייל פפוס, זייער קלוגער גענעראל, האָט אין צייט געשלאָסען שלום מיט זיי... און יעצט האָט זיך איהם אויך איינגעגעבן צוצוטומלען בר כוכבא'ן און זיין ארמיי...

א ברייטער גליקליכער שמייכעל האָט זיך באוויזען ביי פפוס'ן, דעם שומרוני אויף דעם פנים, ווען ער איז געקומען בעגריסען זיינע אָפיצירען און חברים מיט זיין ערפאָלג אָנצואוואָרפען א מהומה און שרעק אין דעם אידישען לאַגער.

— יעצט קענען מיר זיך ריכטען יעדע רגע, דאָס די רוימער וועלען אריין אין שטאָדט דורך דעם געהיימען טונעל, דורך וואנען אונזער געטרייער דיענער, אלחנן, וועט זיי פיהרען. און ווען בר כוכבא וועט גלייך לויפען מיט זיין ארמיי צו דער צווייטער זייט פון שאָטדט, וועלען מיר דערווייל עפענען די טויערען פון שטאָדט און אריינלאָזען אונזערע נייע פריינד... בר כוכבא מיט זיין ארמיי וועלען ארומגערינגעלט ווערען פון אלע זייטען... און איהר מעגט אלע זיכער זיין, אז עס וועט פון דער אידישער ארמיי קיין שריד ופליט נישט בלייבען... איהר האלט גרייט די סאָלדאטען און ווען די רוימער וועלען זיין אין שטאָדט, זאָלען זיי זעהן אז מיר העלפען, און אז נאָר מיט אונזער הילף איז זיי געלונגען אריינצודרינגען אין שטאָדט...

* * *

ווען חנה, בר כוכבא'ס כלה, האָט דערהערט אז דער אלטער רבי אליעזר, וועלכער איז געווען אויך א קרוב צו איהר משפחה, איז געטויטעט געוואָרען דורך בר כוכבא'ן, האָט זי אויסגעשריען מיט א ביטערען געוויין: "גאָט, צושטערט איז דאָס גליק פון מיין פאָלק צוזאמען מיט מיין גליק!"...

זי איז גלייך אוועק צו בר כוכבא'ן וואו זי האָט נאָך געפונען דעם גרייזגראָהען תנא ליגענדיג טויט... בר כוכבא איז געשטאנען מיט א געבויגענעם קאָפּ און מיט א געבראָכענעם געמיטה... טרעהרען האָבען זיך באוויזען אין זיינע אויגען...!

— וואָס האָסטו געטהאָן, בר כוכבא! — האָט חנה אויסגעשריען און איז באלד אין חלשות געפאלען...

מען האָט איהם קוים דערמינטערט... בר כוכבא האָט איהר גענומען טרייסטען:

— איך האָב נישט געמיינט איהם צו טויטען.... איך בין שטארק אין כעס געוואָרען... ווייל ער האָט קאָנספּירירט מיט א שומרוני איבערצוגעבען די שטאָדט אין די רוימישע הענט...

— אַ ניין, דאָס איז אַ בלבול! דאָס איז אונמעגליך! — האָט חנה געוויינט.. דער איידעלער, צאַרטער און גרויסער צדיק, רבי אליעזר, וואָלט אזא זאַך קיינמאָל נישט געטהאָן... ער איז געוועזן אומשולדיג!.. זאָל דיר זיין כשרה, הייליגע נשמה מוחל זיין פאַר דער גרויסער זינד וואָס דו ביזט בעגאַנגען געגען איהם!.. דו האָסט געמערדערט! דו האָסט פערגאָסען אומשולדיגעם בלוט... און יעצט וועסטו דען קענען פיהרען אונזערע אַרמייען צום זיעג?

אַ דיענער איז אַריין און געזאָגט, אַז זרח איז נאָר וואָס געקומען צו לויפען און האָט זעהר וויכטיגעס צו ריידען מיט דעם קעניג.

— שיק איהם שנעל אַריין — האָט בר כוכבא געזאָגט.

אַ פערסאָפּעטער, אַן אויפגערעגטער, מיט צושויבערטע האָר און מיט צושראָקענע אויגען איז זרח אַריינגעקומען צו בר כוכבא'ן און גלייך אויסגעשריען:

— אָ, מיין האַר קעניג, פעררעטער! פעררעטער! די שומרונים פעררעטען אונז צו די רוימער... זיי זיינען פאַלש, זיי זיינען בעטריגער!.. איך בין ארוים פון טונעל מיט אלחנן דעם שומרוני... ער איז מיר פּלוצלינג בעפאַלען און געוואָלט דערשטעכען מיט זיין שווערד, וואָס ער האָט געטראָגען פערבאָרגען אין זיין בוזים... איך האָב עס אין צייט בעמערקט און זיך גענומען מיט איהם ראַנגלען ביז דאָס שווערדעל איז אַרויסגעפאַלען פון זיינע הענט.. איך האָב זיך איינגעבויגען און אויפגעהויבען דעם שווערדעל אָבער אלחנן האָט גענומען לויפען און איז באַלד פערשוואונדען געוואָרען אין דער געדיכטעניש פון וואַלד.. איך האָב איהם נאָכגעיאָגט אָבער אומזיסט.. איך האָב בעמערקט, אַז לויפענדיג האָט ער פערלאָרען אַ בריעף... איך האָב עס אויפגעהויבען און גענומען לעזען איז מיר באַלד פינסטער געוואָרען אין די אויגען... אָט איז דער בריעף.

בר־כוכבא האָט שנעל דורכגעלעזען דעם בריעף און האָט אַ געשריי געטהאָן:

— אַ טויט צו די שומרונים, די פעררעטער! אָ, דו פאַלשער פּפּוס, דו פייגלינג און בעטריגער! מיט אַ שענדליכען טויט מוזטו באַלד שטאַרבען!.. מיין ליעבע חנה — האָט דער מעכטיגער אידישער העלד געזאָגט מיט טרעהערן אין די אויגען — דו און דיין אָנקעל רבי עקיבא זיינען געווען גערעכט, ווען זיי האָבען מיר געוואָרענט געגען די נידערטרעכטיגע פאַלשע כותים... יע, איך האָב געגען אייך בוידען געזינדיגט... אָ, גאָט! איך האָף, אַז עס איז נאָך נישט צו שפּעט... ער האָט איהר געדריקט צו זיך און חנה האָט זיך צוואַויינט אין זיינע אָרעמס...

— איך מוז זיין יעצט געגרייט מיט מיין אַרמיי, — האָט בר־כוכבא אויסגערופען — געה חנה, טייערע, געה אַהיים, ווייל אַ פירכטליכע שלאַכט וועט דאָ באַלד פּאָרקומען...

— ניין, מיין ליעבער בר כוכבא, איך וועל דיר יעצט נישט פערלאָזען, איך וועל מיט דיר מיטגעהן אין שלאַכט און ערמוטהיגען, ווי פריהער, צו קעמפּען פאַר אונזער לאַנד און אונזער בעפרייאונג...

בר־כוכבא האָט בעפוילען זיינע סאָלדאַטען צו זיין געגרייט פאַר אַ שלאַכט און צו היטען דעם אַריינגאַנג פון דעם טונעל. און אַליין איז ער אַוועק מיט זיינע העלדען, איז ער אַוועק צו דער הויפּט קוואַרטיר פון דעם גענעראַל פון דער שומרונישער אַרמיי, פּפּוס.

— איהר רינגעלט ארום דעם גאנצען פלאץ — האט ער געזאגט זיינע סאלדאטען — און זאל קיינער פון דאנען נישט אנטרונען ווערען א לעבעדיגער.

בר־כוכבא מיט נאך עטליכע העלדען האבען זיך ארייגעבראכען אין פפוס'עס הויז און איהם איבערראשט צוזאמען מיט זיינע שומרונישע אפיציערען און פריינד...

— דו אומווירדיגער, כלב! דו פעררעטער! דו פאלשער בעטריגער!! — האט בר־כוכבא זיין שווערד ארויסגעצויגען און פון זיינע אויגען האבען פייער־פונקען געשפריצט... — שטארבען וועסטו מיט א שענדליכען טויט פון א פייג־לינג און פערדארבענער פעררעטער! ער האט דורכגעלעכערט פפוס'עס הארץ מיט זיין שארפען שווערד, און דער גענעראל פון די שומרונים האט א געשריי געטהאן: אוי! ער האט מיר דערשטאכען! און איז געפאלען טויט אויף אן ארט...

— און איהר, פערפלוכטע כותים! האט בר כוכבא זיך געווענדעט צו די שומרונישע אפיצירען און די איבריגע פערזאמעלטע, — איהר האט געפלאנע־וועט צו פערראטען די גאנצע שטאדט, און צו רעטען אייערע אייגענע לעבענס... ניין! אלע וועט איהר שטארבען ווי אייער אומווירדיגער הויפט.

— טויט מיר נישט, א מיין האר קעניג! איז דער שומרוני, וועלכער האט גורם געווען רבי אליעזר'ס טויט, געפאלען אויף זיינע קניע — האב רחמנות אויף מיר, פפוס איז געווען שולדיג אין דעם אלטען'ס טויט, ניט איך...

— וואס? דערצעהל מיר אלעס, שנעל! — האט בר־כוכבא אויף איהם א געשריי געטהאן. דערצעהל! אויב נישט וועסטו זיך באלד קייקלען אין דיין בלוט ווי דער דאזיגער כלב.

— א, בארעמהערציגער קעניג! איך וועל אלעס דערצעהלען, נאר לאז מיר לעבען... פפוס האט מיר דערצו געצוואונגען.. ער האט מיר געזאגט איך זאל צו־געהן צו רבי אליעזר'ן, ווען ער איז פערטיעפט אין זיינע תפלות, און איך זאל זיך מאכען ווי איך סוד'ע זיך מיט איהם... איך האב איהם געמוזט פאלגען... רבי אליעזר איז געווען אזוי פערטהאן אין זיינע תפלות... זיינע אויגען זיינען געווען פערמאכט... ער האט מיר נישט געזעהן און נישט געהערט... דעם שמש האט זיך גערוכט, אז דער אלטער רעדט צו מיר... דאס אלץ איז געווען פפוס'עס פלאן, כדי ארויסצורופען א מהומה אין שטאדט. ער זאל האבען די מעגליכקייט צו עפענען די טויערען פון שטאדט פאר דעם שונא...

— א, דו הייליגער צדיק רבי אליעזר — האט בר־כוכבא אויסגערופען — דו ביזט געפאלען אן אומשולדיגער קרבן פון די פערהאסטע כותים! — זיין בלוט אויף דיין קאפ, דו אומפערשעהמטער קנעכט! — האט ער אויסגעשריען און מיט זיין שווערד איהם געטויטעט.

אלע פערזאמעלטע אין פפוס'עס הויז זיינען נאכהער געטויטעט געווארען אויף בר־כוכבא'ס בעפעהל.

דערווייל האט אין שטאדט אויסגעבראכען א געפעכט צווישען די שומרוני־שע ארמיי און די אידישע.

— א טויט צו אלע שומרונים! — האט בר־כוכבא אויסגערופען — און די שלאכט האט זיך אנגעפאנגען... די פעררעטערישע שומרונים זיינען געפאלען ווי פליגען פון בר־כוכבא'ס שווערד...

— צו די טויערען פון שטאדט ! — האט בר־כובא א קאמאנדעווע געטהאן און רייטענדיג פאראויס, מיט זיין בלויזען שווערד אין האנט, איז ער שנעל, פייל אויסען בויגען געלאפען צו די טויערען פון ביתר... אבער עס איז שוין געווען צו שפעט... אין דער גרויסער מהומה און בהלה האבען עטליכע שומרונים אויפגעעפענט די טויערען פון שטאדט ביתר... די רוימער האבען גלייך גענומען אריינשטראמען אין שטאדט.. אין די גאסען פון ביתר איז פארגעקומען איינע פון די שרעקליכסטע און גרויזאמסטע שלאכטען אין דער וועלט־געשיכטע. אידישע פרויען, קינדער און אלטע לייט האבען געטראגען געוועהר און זיך געשלאגען האנד אין האנד מיט די איבריגע אידישע סאלדאטען... דריי טעג און דריי נעכט האט דער שלאכט געדויערט.. בר־כוכבא האט געוויזען וואונדער; ער האט די גאנצע צייט דעם שווערד פון זיין האנט נישט ארויסגעלאזען און האט אנגעמאכט א חורבן און א תל פון עטליכע רוימישע לעגיאנען... די גאסען זיינען פערפלייצט געווארען מיט טייכען בלוט. צעהנדליגע טויזענדע רוימער זיינען געפאלען אין שלאכט.. אן אימה איז אויף אלע רוימער געפאלען און זיי האבען זיך שוין געוואלט צוריקציהען פון שטאדט.. אבער פלוצלונג איז אנגעקומען א צווייטע רוימישע ארמיי פון דער צווייטער זייט שטאדט. ווען אלחנן, דער שומרוני, האט דורכגעפיהרט דורך דעם פערבארגענעם טונעל...

זרח האט פון ווייטען דערזעהן ווי אלחנן פיהרט אריין די רוימישע ארמיי אין שטאדט.. ער איז שנעל צוגעלאפען און איהם דערשטאכען מיט זיין שווערד.. אלחנן איז געפאלען א טויטער... אבער די רוימער האבען דורכגעלעכערט זרח'ס קערפער מיט זייערע שפיזען און זיי האבען פארטגעזעצט זייער מארש... די אידישע ארמיי איז ארומגערינגעלט געווארען פון אלע זייטען פון די רוימער...

די אידען האבען נישט אויפגעהערט צו קעמפען... בערג מיט הרוגים פון ביידע קעמפענדע צדדים האבען אנגעפילט די גאסען... בר־כוכבא'ס שווערד איז געווען ווי צוגעוואקסען צו זיין האנט... ער האט געשניטען אויף רעכטס און אויף לינקס.. די אידישע העלדען האבען געקעמפט מיט פערצווייפלונג און פערביטערונג... זיי זיינען אבער געווען ארומגערינגעלט פון די שונאים.. מען האט פאר די קעמפענדע אידישע העלדען, נישט געקענט צופיהרען קיין שפייז און וואסער... זיי זיינען געווארען אויסגעהונגערט און אפגעשוואכט... די רוימער האבען צוגעקראגען פרישע קרעפטען ביז וואנען זיי האבען געזיעגט...

ווען בר־כוכבא האט געזעהן, אז אלעס איז פערלוירען, האט ער מיט זיין איינענער שווערד זיך דערשטאכען... זיינע לעצטע ווערטער זיינען געווען : "רבי עקיבא, מיין ליעבע חנה!"

---

געפאלען איז דער גרויסער אידישער העלד און צוזאמען מיט איהם די איבעריגע אידישע העלדען... חרוב האבען די רוימער געמאכט די לעצטע אידישע פעסטונג... זיי האבען פערניכטעט די שטאדט ביתר און אויסגעשלאכטעט אומרחמנות'דיג אלע איהרע איינוואוינער... אויסגעלאשען האט זיך דער לעצטער פונק פון דער אידישער האפענונג...

---

אדריאנוס'עם דורשט פאר נקמה האט זיך נאך אבער דערמיט נישט געשטילט... ער האט מיט די גרעסטע אכזריות גענומען פערפאלגען די אידען,

וועלכע זיינען געבליבען אין ארץ ישראל. ער האט געוואוסט, אז כל זמן די אידען וועלען לערנען די תורה און אפהיטען איהרע מצוות, וועט דאס אידישע פאלק עקזיסטירען, און די רוימער וועלען נישט זיין געזיכערט געגען נאך אן אויפשטאנד... ער האט דעריבער גוזר געווען א גזרה, אז אידען זאלען נישט טארען לערנען זייער תורה און נישט אפהיטען איהרע מצוות. ער האט גוזר געווען דאס די פערבליבענע חכמים זאלען נישט טארען געבען קיין סמיכה צו די אנדערע אידישע געלערנטע... און אזוי ווי אהן סמיכה וועלען די חכמים נישט טארען פסק'ענען קיין שאלות און דינים און זיי וועלען נישט קענען זיין קיין הויפט לעהרער אין די ישיבות, וועלען די אידען במילא שוין נישט אפהיטען די מצוות און די תורה וועט פערגעסען ווערען...

ווען דער גרייז גראהער רבי עקיבא האט דערהערט פון אדריאנוס'עס שרעקליכע גזרות, האט ער צוזאמענגערופען זיינע חברים, די תנאים, ווענען דאס רוימישע שווערד האט נאך נישט פערניכטעט, און האט זיך צו זיי אפגערופען:

"מיינע ברידער, די רוימער האבען ווידער חרוב געמאכט אונזער לאנד, זיי האבען אויסגעשלאכטעט אונזערע העלדען... זיי בענוגענען זיך נאך נישט... יעצט ווילען זיי אפווישען דעם גאנצען אידישען פאלק פון דער ערד, עס זאל פון איהם קיין געדעכעניש נישט בלייבען. די איינציגע זאך וואס וועט פערזיכערען דעם אידישען קיום — איז אונזער תורה... כל זמן די אידען וועלען לערנען די הייליגע תורה און אפהיטען איהרע מצוות, וועט קיין מאכט אין דער וועלט זיי נישט בייקומען און אין גאנצען פערניכטען... אדריאנוס, דער רשע, ווייסט דאס, און דעריבער האט ער ארויסגעגעבען אזעלכע גזרות, וואס וועלען אונטערגראבען דעם אידישען שטאחקסטען פונדאמענט... אויב מיר וועלען נישט לערנען מיט אונזערע תלמידים און זיי נישט געבען קיין סמיכה, ווי אזוי וועלען זיי קענען פארטזעצען אונזער הייליגע ארבייט... די תורה וועט פארגעסען ווערען ביי אידען... ניין, מיר טארען עס נישט דערלאזען! מיר מוזען איינשטעלען אונזערע לעבענס און געבען סמיכה צו די יונגע חכמים, און לערנען די תורה מיט'ן פאלק".

— מיר זיינען געגרייט זיך מקריב צו זיין פאר אונזער תורה און אונזער פאלק — האבען די חכמים געזאגט רבי עקיבא'ן.

רבי עקיבא האט געלערענט מיט זיינע תלמידים און די וועלכע זיינען געווען ראוי צו סמיכה, האט ער סומך געווען. דאס זעלבע האבען געטהאן די איבעריגע ניין חכמים: רבי שמעון בן גמליאל, רבי ישמעאל כהן גדול, רבי חנינא בן תרדיון, רבי יהודה בן בבא, רבי יהודה בן דמה, רבי חוצפית המתורגמן, רבי חנינא בן חכינאי, רבי ישבב הסופר און רבי אליעזר בן שמוע.

די רוימישע רעגירונג האט אבער געהאט שפיאנען איבער גאנץ יהודה, און באלד האט דער גובערנאטאר פון יהודה, טיניוס רופוס, געכאפט [illegible] רבי עקיבא'ן און די איבעריגע תנאים.

טיניוס רופוס האט גלייך אלעמען פער'משפט צום טויט. איידער די רוימער האבען געטויטעט די צעהן חכמים־מארטירער, וועלכע זיינען ביי אונז בעוואוסט אלס די "עשרה הרוגי מלכות", האבען זיי אלעמען געפייניגט מיט די שרעקליכסטע ענויים. איבערהויפט האט טיניוס רופוס אויסגעלאזען זיין צארן אויף רבי עקיבא'ן... ווייל ער האט גאנץ גוט געוואוסט, אז רבי עקיבא איז געווען דער

"רוקענביין" פון דער גאנצער בר־כוכבא רעוואלוציע... ער האט בעפוילען דעם הענקער צו רייסען שטיקער פון רבי עקיבא'ס לייב, מיט אייזערנע קאמען און צוואנגען...

ווען דער הענקער האט אויסגעפיהרט דעם רשע'ס בעפעהל און גענומען צופען שטיקער פלייש פון איהם, האט רבי עקיבא אויסגעהויכט זיין כשרה, צארטע און הייליגע נשמה מיט דעם פסוק: שמע ישראל ד' אלקינו ד' אחד...

---

אזוי איז געשטארבען דער גרעסטער אידישער תנא און חכם, דער גייסטיגער ריעז וועמעס גייסט שוועבט איבער אלע צוקינפטיגע דורות עד היום.

די געטליכע גייסטליכע ירושה וואס די גרויסע און ערהאבענע פערזענליכ־קייט פון רבי עקיבא האט איבערגעלאזען דעם אידישען פאלק איז געבליבען אונשטערבליך ווי דאס אייביגע פאלק, — דאס פאלק ישראל.

**ע נ ד ע.**